שלום אַש

# דער מאַן פֿון נצרת

צווייטע אויפֿלאַגע



א. לאַוב פֿאַרלאַג קאָ., ניו־יאָרק
ELIAS LAUB PUBLISHING CO., NEW YORK

# ערשטער טייל

# 1

## דער אַרכעאָלאָג

נישט דאָס געדענקען, נאָר דווקא דאָס פֿאַרגעסן איז אַ תּנאַי פֿאַר אונדזער עקסיסטירן. אויב די לערע וועגן גלגולים איז וואָר, מוזן אונדזערע נשמות, איידער זיי טוישן די גופֿים, אַדורכגיין דעם ים פֿון פֿאַרגעסן. עס טרעפֿט אָבער טייל מאָל, אַז דער שׂר של שכחה פֿאַרגעסט אויסצומעקן דאָס געדעכעניש פֿון דער אַנדערער וועלט אויס אונדזערע חושים, דעמאָלט שוועבן אַרום רעשטן זכרונות פֿון אַ פֿאַרגאַנגענעם לעבן ווי אָפּגעריסענע וואָלקנס איבער די בערגלעך און טאָלן פֿון אונדזער געהירן און וועבן זיך אײַן אין די געשעענישן פֿון אונדזערע הײַנטיקע טעג. זיי שטייען אויף אין זייער רעאַלקייט אין דער פֿאָרעם פֿון קאָשמאַרע חלומות בײַ נאָכט אויף אונדזערע געלעגערס. עס איז פּונקט אַזוי ווי עס טרעפֿט אָפּט מאָל, ווען מיר הערן זיך צו צו אַ קאָנצערט דורכן ראַדיאָ און עס רײַסט זיך פּלוצלינג אַרײַן אין דעם געזאַנג אַ פֿרעמדער מאָטיוו, וואָס אַ ווײַטע ראַדיאָ־כוואַליע האָט פֿון דער לופֿט אַהערגעבראַכט צו שווימען פֿון אַן אַנדער לאַנד...

איך בין געשטאַנען פֿאַר דער טיר, אויף וועלכער עס האָבן זיך אַפֿילו אין דער האַלב־טונקלקייט, וואָס האָט געהערשט אין קאָרידאָר, קלאָר אַרויסגעהויבן די מיט קרײַד אָנגעשריבענע דרײַ בוכשטאַבן .I.H.S וואָס דאָס האָט נישט פֿאַרפֿעלט צו מאַכן אויף מיר דעם געהעריקן אײַנדרוק און האָט קיין ספֿק נישט איבערגעלאָזט, אַז דאָ וואוינט אַ קריסט — אַ קאַטאָליק. מיר האָט געעפֿנט די טיר ער אַליין.

עס האָט מיר אַנטקעגנגעשלאָגן אַ געדיכטע לופֿט, אָנגעזאָפּט מיט שימל פֿון פֿאַרלעגענע אַלטע זאַכן און פֿוילנדיקע פּאַפּירן. אין דער טונקלקייט, וואָס האָט געהערשט אינעם פֿאָדערצימער, אין פֿאַרוואָלקנטן, נאָסן האַרבסט־פֿאַרנאַכט, האָב איך מער דערפֿילט ווי געזען די דינאַמישע געשטאַלט, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר מיר. זי איז נישט געווען גרויס און מעכטיק, פֿאַרקערט — זי איז געווען אײַנגעשרומפּן און שמאָל. דאָך האָט מען געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אין דעם קליינעם פֿאַרווישטן פֿלעק קאָנצענטרירט זיך אַן אָנגעלאָדענער עלעקטרישער שטראָם פֿון גרויסער קראַפֿט, וואָס קאָן יעדן אויגנבליק עקספּלאָדירן. איך בין טאַקע געווען זייער פֿאַרזיכטיק, און מיט דרך־ארצדיקן, באַשיידענעם טאָן, וואָס כ'האָב נאָר געקאָנט פֿון מיר אַרויסברענגען, האָב איך אים דערקלערט אויף זײַן דערשטוינטקייט די אורזאַך פֿון מײַן קומען.

—אָ... — אין זײַן מוראדיק ביינערדיקער, איידל דין געשניצטער אָדלער־נאָז — דער איינציקער סימן פֿון פֿאָרעם, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון דעם פֿאַר־

ווישטן טונקעלן פֿלעק, פֿון וועלכן עס איז באַשטאַנען זײַן פּנים — האָט אַ טיפֿן אָטעם געגעבן. איך האָב דערהערט דעם לופֿט־וועקסל אין זײַנע לונגען אָפּהילכן. אָן אַ וואָרט צו רעדן, אָן אַפֿילו מיך רעכט אָנצוקוקן, האָט ער מיט אַ מאַך מיט דער האַנט מיר צעגעוואונקען, איך זאָל אים נאָכגיין.

מיר זײַנען אַדורכגעגאַנגען דעם לאַנגן, שמאָלן פֿאָדערצימער, וואָס איז פֿון ביידע זײַטן געווען באַשטעלט מיט פּאָליצעס ביכער. די ביכער זײַנען נישט געשטאַנען אין רייען, נאָר זיי זײַנען געלעגן אין פּעקלעך, ווי אײַנגעפּאַקט צום אַוועקטראָגן. דאָס שטודיאָ־צימער איז אויך געווען פֿול מיט ביכער־פּאָליצעס, און פּונקט ווי אין פֿאָדערצימער זײַנען אויך דאָ די פּאָליצעס פֿול געווען מיט אײַנגעשנירטע פּעקלעך. איך האָב גענוג צײַט געהאַט אים צו באַטראַכטן אין זײַן גאַנצער אומגעבונג, וואָרעם דער מאַן האָט דערנאָך, ווי ער האָט מיך אַרײַנגעבראַכט אין זײַן צימער, גאַנץ איינפֿאַך פֿאַרגעסן אָן מיר און האָט זיך ווידער רואיק צוריק געזעצט צו זײַן אַרבעטס־טיש, פֿון וואַנען איך האָב אים מיט מײַן קלינג געהאַט אַוועקגעריסן. ער האָט מיר נישט נאָר נישט געהייסן זיך זעצן, נאָר איבערהויפּט, ווי איך וואָלט זיך גאָר אין צימער נישט געפֿונען, מיך איגנאָרירט. איך האָב בײַ מיר אָפּגעמאַכט איידער איך בין צו דעם מאַן געגאַנגען, נישט צו רעאַגירן אויף קיין באַליידיקונג, נישט צו לאָזן זיך פֿון געדולד אַרויסצוברענגען דורך זײַנע באַמערקונגען. עס איז מיר גוט באַקאַנט געווען זײַן איינשטעלונג צו דער נאַציע און רעליגיע, צו וועלכער איך געהער זיך אָן, אָבער איך האָב געהאַט באַשלאָסן אויף גאָרנישט צו קוקן, נאָר צו פֿאַרפֿאָלגן דעם איינציקן ציל, וואָס איך האָב מיר געשטעלט: מיט דעם דאָזיקן מאַן נעענטער זיך צו באַקענען. דעריבער האָב איך מיר גאָרנישט געמאַכט דערויס, נאָר אויסגענוצט מײַן צײַט פֿון מײַן ווינקל אַרויס דעם מאַן צו באַטראַכטן. זײַן אַרבעטס־טיש איז געשטאַנען נעבן דעם איינציקן פֿענצטער, וואָס האָט געמוזט אַרויסגיין אויף אַן ענגן הויף, וואָרעם דאָס ליכט, וואָס האָט אַרײַנגעשײַנט דורך די מיט וואַטע פֿאַרשטאָפּטע טאָפּל־פֿענצטער, איז געווען זייער געדעמפּט; זיי האָבן אַדורכגעלאָזט דאָס טאָג־ליכט ווי דורך אַ זיפּ. אָבער ווי דער דיקער בין־השמשות האָט נישט געהערשט אַרום אונדז, איז די פּאַרמעט־געלע הויט פֿון זיין פּנים באַלויכטן געווען. דער קאָפּ, פֿאַרטרונקען אין דער פֿאַרווישטער, פֿאַרבלאָזער אַטמאָספֿערע, וואָס האָט געהערשט אין שטוב, האָט אויסגעזען ווי דער קאָפּ פֿון אַ צעזאַר אויף אַן אַלטער אָפּגעריבענער מטבע. די שוין דערמאָנטע ביינערדיקע דינע נאָז, איז ווי אַן איידעלער אינסטרומענט באַשטאַנען פֿון צוויי אויסגעשליפֿענע נאָבעלע ביינער זײַטלעך; איר אָדלער־אַרטיקער שאַרפֿער, שפּיציקער עק האָט זיך איצט געבויגן איבערן פּאַפּיר, — זי האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ גרויסן שנאָבל. די נאָז האָט באַהערשט דאָס גאַנצע פּנים און האָט אָן אַ זײַט פֿאַררוקט אַלע אַנדערע טיילן. דער גרויסער קאָפּ, געבויגן איבערן פּאַפּיר, איז געווען נאַקעט, בלויז אַ ראַנד פֿון געלבלעך־ווײַסע האָר האָט ווי אַ קראַנץ אַרומגענומען דאָס ברייטע פֿעלד פֿון דער ליסינע. ער האָט מיט אַזאַ ענערגיע געפֿירט זײַן נערוועזע ציטערנדיקע האַנט איבערן פּאַפּיר, אַז מען האָט געהערט דעם פּראָטעסט פֿון דער פֿעדער אינעם ראַצן אויפֿן שטײַפֿן פּאַפּיר. איך ווייס אָבער נישט, ווי אַזוי ער האָט גענוג פּלאַץ געהאַט אויף זײַן טיש פֿאַר די אַלע זאַכן, וואָרעם עס האָט גאָר קיין ענדע

נישט געקומען צו די שטויסן פֿון ווערטערביכער, ענציקלאָפּעדיעס און סתם האַנטביכער, וואָס האָבן זיך אָנגעטורעמט אויף זײַן טיש; און נישט בלויז ביכער, פּאַפּירן, שריפֿטן און צײַטונגען, וואָס באַלאַנגען צום שרײַבער־פֿאַך, נאָר אויך חפֿצים, וואָס האָבן מיט שרײַבן גאָרנישט קיין שײַכות. עס איז דאָרט געווען אַ רוימישער העלם, אַ שווערד און אַן אַ שיעור בראָנדזענע און ערדענע קריגלעך, אויך אַנדערע אַרכעאָלאָגישע זאַכן: נאָגלען, שנאַלן, רעשטן שאַרבנס פֿון אַלטע טעפּ, שטיקלעך מאַרמאָר־און בראָנדז־אבֿרים פֿון גריכישע אָדער רוימישע פֿיגורן; אַחוץ דעם אַן אַ שיעור שטיינדלעך מיט פֿאַרשיידענע אויפֿשריפֿטן.

ענדלעך האָט ער זיך אָן מיר דערמאָנט און זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט. מיט אים צוזאַמען האָט זיך אויפֿגעהויבן אַן איינאיינציקע פֿליג, מיט וועלכער ער האָט שוין געקעמפֿט דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס ער איז געווען באַשעפֿטיקט מיט זײַן שרײַבן, איצט האָט זי געקרײַזט איבער זײַן קאָפּ און אים פֿאַרפֿאָלגט. ער האָט די פֿליג מיט אַ טיכל פֿון זיך אָפּגעיאָגט, און מיט ענערגישע שריט צוגעטראָטן צו מיר אין ווינקל, וואו איך בין אַלץ געשטאַנען אויף איין אָרט און געוואַרט ער זאָל מיך באַמערקן. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר, אַזוי ווי ער וואָלט מיך שוין פֿון יאָרן געקענט און ווי מיר וואָלטן נאָר וואָס דאָס געשפּרעך געהאַט איבערגעריסן:

— אַ פּלאָג זײַנען דאָס די פֿליגן! איר ווייסט מיט וועמען דער היסטאָריקער טאַציטוס האָט זיי פֿאַרגליכן? — מיט דעם טומלענדיקן פֿאָלק, מיט די ייִדן! כער... כער... רר... — זײַן לאַכן האָט אַרויסגעבראַכט אַ זייער שאַרפֿן און לאַנג שנײַדנדיקן „ר“. — און ווייסט איר, מיט וואָס דער קייסער דאָמיניקוס האָט זיך באַשעפֿטיקט גאַנצע טעג? — ער האָט געכאַפּט פֿליגן און אָפּגעריסן בײַ זיי די פֿליגעלעך, אַז זיי זאָלן נישט קאָנען פֿליִען, כער... כער... כררר... — אַ שיינע באַשעפֿטיקונג פֿאַר אַ צעזאַר! נאָר עס איז סימבאָליש, יונגער־מאַן, עס איז סימבאָליש. ער האָט טאַקע צו עפּעס אַנדערש נישט געטויגט, זײַן מלחמה־קאַמפּאַניע קעגן די גערמאַנער איז געווען אַ בלאָף, ווײַטער גאָרנישט. ער איז נישט אַריבערגעגאַנגען דעם רהיין אַפֿילו, כאָטש ער איז געווען איינער פֿון די וועספּאַזיאַנס, וועלכע האָבן באַפֿרײַט די וועלט פֿון דער ייִדישער פּלאָג און די נעסט פֿון די פּרושים — דאָס בית־מקדש פֿאַרברענגט, כי... כר... כר...

— מײַן הער, איך בין געקומען לויט דער רעקאָמענדאַציע פֿון מאַדאַם ב., איך בין אײַך גרייט צו דינען מיטן אונטערריכט פֿון דער העברעאישער שפּראַך — ענטפֿער איך אָפּ געלאַסן.

— כאַ, כאַ, איך האָב מער מורא פֿאַר גײַסטיקע...

ער קוקט מיך אָן פֿאַרוואונדערט, גייט אָפּ אַ טריט פֿון מיר, ווי ער וואָלט מיך בעסער געוואָלט באַטראַכטן, דערנאָך קומט ער צוריק און זאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן:

— אויב איך האָב באַליידיקט אײַערע זעלאָטישע געפֿילן, בעט איך אײַך איבער, איר אייניקל פֿון די מאַקאַבעער און שמעון בר גיורא! און מען זאָגט נאָך, אַז דאָס לעמעלע יעזוס קומט אַרויס פֿון דעם לייבן־גרוב פֿון יהודה. מיט דעם פֿילאָסאָף ניטשע — גיב איך אײַך אָוועק דעם גאַנצן נײַעם טעסטאַמענט פֿאַר איין בלעטל פֿון אַלטן. דאָרט האָט מען צו טון מיט מענער, און דאָ מיט נקבות; דאָרט מיט אַ גאָט פֿון נקמה און האַס, און דאָ מיט ווײַבערישער סליחה...

געזען, אַז ער פֿאַרפֿאַרט ווײַטער קיין בויבעריק, האָב איך ווידער געוואָגט אים איבערצורײַסן:

— אויף די עמפּפֿעלונגען פֿון מאַדאַם ב. האָב איך דעם כּבֿוד...

— יאָ, יאָ, מאַדאַם ב. האָט גערעדט מיט מיר, אַז איר ווילט מיר פֿאַרטרויען די געהיימנישן פֿון אײַער הייליקן לשון, וואָס איז מיר נייטיק צוליב זייער אַ וויכ־טיקן ענין. איך דאַנק אײַך פֿאַר אײַער אַנבאָט און איך מוז מודה זײַן, אַז איך באַ־וואונדער אײַער מוט, יונגער־מאַן. צי מעג איך וויסן די מאָטיוון, וואָס האָבן אײַך באַוואויגן דעם שׂונא פֿונעם אויסדערוויילטן פֿאָלק אַריינצופֿירן אין אײַער קאָנספּי־ראַטיווער וועלט? אפֿשר וועט דער פּרײַז, וואָס איר פֿאַרלאַנגט דערפֿאַר, זײַן צו הויך און איך וועל אים נישט קאָנען צאָלן?

— דעם פּרײַז? — וואונדער איך זיך — איך האָף, אַז מאַדאַם ב. האָט אײַך אינפֿאָרמירט, אַז מאַטעריעלע פֿאַרגעלטונגען זײַנען אויסגעשלאָסן.

— כאָ, כאָ, איך האָב מער מורא פֿאַר גײַסטיקע...

— מײַן הער, די איינציקע באַצאָלונג, וואָס איך דערוואַרט פֿון אײַך, איז צו נאַשן פֿון אײַער רײַכן וויסן און קענטעניש פֿון דער קלאַסישער ליטעראַטור. אײַער רוהם אַלס פֿאָרשער און געלערנטער פֿון דער רוימישער צײַט האָט מיך צוגעצויגן צו אײַך. איך מוז מודה זײַן, אַז אויך איך האָב אַ נייגונג צו יענער עפּאָכע, מיט וועלכער איר אינטערעסירט זיך אַזוי זייער און פֿאַר וועלכן די וועלט האָט אײַך אַזוי פֿיל צו פֿאַרדאַנקען צוליב אײַערע חידושים. און גלויבט מיר, אַז איך האָב שוין לאַנג געזוכט די געלעגנהייט צו געפֿינען זיך אין אײַער נאָענט.

באַזאַנפֿט פֿון די גוטע ווערטער, וואָס איך האָב אים געזאָגט, אַזוי ווי אַ לייב פֿון זיסער מוזיק, איז ער שטיל געוואָרן, פֿאַרדעכטיק שטיל, דאַן האָט ער ווידער גע־געבן אַ שפּרונג אָפּ פֿון מיר און פֿאַרשנדיק מיך אָנגעקוקט. ער האָט פֿאַרזשמור־רעט די אויגן, זײַן בולטע נאָז פֿאַרויסגעשיקט פֿון פּנים אַרויס, און מיך באַטראַכט מער מיט זײַן חוש הריח איידער מיט זײַנע אויגן. און ווי ער וואָלט מסכּים געווען אויף מיר, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט הינטער זײַן טיש, אָנגעצונדן דעם עלעק־טרישן לאָמפּ, וואָס איז איבער אים געהאַנגען, — וואָס דאָס איז זייער נייטיק געווען, ווײַל אין שטוב האָט שוין געהערשט אַ דיקע פֿינצטערניש. אויב אַפֿילו די איינציקע עלעקטרישע באַרנע, פֿאַרשירעמט מיט אַ פֿאַרברענט שטיק פּאַפּיר, האָט נישט גענוג ליכט פֿאַרשפּרייט, איז אָבער דער טיש און זײַן קאָפּ, מער נאָך אָבער זײַן פּנים גענוג באַלויכטן געווען. ער האָט מיר מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף אַן אַלטן שטול, וואָס איז געשטאַנען בײַם טיש קעגנאיבער אים. דאָס אַוועק־זעצן זיך אויף אים איז נישט פֿאַרגעקומען אָן אַ קליינער, אומאָנגענעמער איבער־ראַשונג: איך האָב געפֿונען דאָס אָרט אויף דעם שטול באַזעצט דורך אַן אַלטן קאָטער, וועלכער איז אויפֿגעוועקט געוואָרן פֿון זײַן שלאָף דורך דער לאַסט פֿון מײַן קערפּער. ער האָט אָבער אָן יעדן ווידערשטאַנד זיך אונטערגעגעבן און אי־בערגעטוישט דעם פּלאַץ אויף אַן אַנדערן טונקעלן ווינקל פֿון שטוב, וואָס איז פֿאַרשלונגען געוואָרן פֿון דער חיה — פֿינצטערניש.

— „מײַנע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער אומפּאַרטייאישער וויסנשאַפֿט וואָלטן געקאָנט זײַן גרעסערע און וויכטיקערע, ווען איך וואָלט נישט געהאַט צו קעמפֿן מיט גע־וויסע כּוחות, אין וועמענס אינטערעסן עס ליגט, אַז דער אמת זאָל נישט אַרויס־

קומען אויף דער ליכטיקער שײַן", — האָט ער געזאָגט, זיך גלײַך מאַכנדיק דערבײַ די קורץ געשוירענע געל־גרויע וואָנצעס מיט זײַנע פֿינגער. — „כּדי אײַך נישט נערוועז צו מאַכן, וועל איך פֿאַרשווײַגן דעם נאָמען, אָבער איר ווייסט שוין וועמען איך מיין . . . נאָר איצט האָט זיך מיר געטראָפֿן אַ געלעגנהייט אין מײַן לעבן: עס איז אין מײַנע הענט אַרײַנגעפֿאַלן אַ דאָקומענט, וועלכער איז געווען פֿאַרהוילן פֿאַר די אויגן פֿון דער וועלט זינט נײַנצן הונדערט יאָר. דער דאָזיקער דאָקומענט אַנטהאַלט דעם גאַנצן אמת וועגן יענער גרויסער וועלט־טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין ירושלים און איז געוואָרן, לײדער, דער וויכטיקסטער פֿאַקטאָר אין אונדזער געשיכטע זינט די לעצטע קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר. דער דאָקומענט, וואָס געפֿינט זיך אין מײַנע הענט, וועט מאַכן אַ רעוואָלוציע אין אונדזער אײַנשטעלונג צו די אָנגענומענע אמתן. זײַנע פֿאָלגן איז גאָרנישט אויסצורעכענען. און כּדי גרינטלעך און אומפּאַרטייאיש אויסצופֿאָרשן די שריפֿט, באַדאַרף איך אײַער הילף, יונגער־מאַן. וואָרעם איר מוזט וויסן, אַז דער מאַנוסקריפּט, וואָס געפֿינט זיך בײַ מיר, איז נישט ווי די אַנדערע — פֿאַר די גוים, אין גריכישן לשון געשריבן, נאָר אין דעם אייגענעם לשון — אין העבּרעאיש, ווי די באַדערפֿעניש פֿאַר דער משפּחה פֿאַרלאַנגט עס. איך פֿאָדער פֿון אײַך און איך דערוואַרט פֿון אײַך יונגער־מאַן, אַז נישט געקוקט אויף אײַערע התחייבֿותן פֿאַר דעם ייִדישן קהל, צו וועלכן איר זענט פֿאַרפֿליכטעט מיט געהיימע שבֿועות און חרמות, זאָלט איר דאָך שטעלן די ריינע וויסנשאַפֿט העכער פֿון די אינטערעסן פֿון אײַער אייגענער סעקטע און מיר אומפּאַרטייאיש העלפֿן צו אַנטציפֿערן דעם וויכטיקן, עפּאָכע־מאַכנדיקן מקור, וואָס דאָס גליק האָט געבראַכט אין מיינע הענט אַריין".

איך האָב דאָך שוין געהאַט געהערט פֿון זײַנע איבערטרײַבונגען, פֿון זײַן וויכטיק מאַכן זיך, נאָר דאָס מאָל האָט אויף מיר זײַן ערנצטקייט און די אויפֿריכטיקייט פֿון זײַנע ווערטער געמאַכט אַן אײַנדרוק. איך האָב מיט אַן אמת געמיינט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן עפּעס זייער וויכטיקס און אומבאַקאַנטס. עס האָט אין דעם נידעריקן טאָן פֿון זײַן שטים און אין דער ערנצטקייט, וואָס איז געלעגן אויף זײַן מערקווירדיק געל־פּאַרמעט־פּנים, געפֿעלט יעדער בײַגעשמאַק פֿון קאַטאָוועס אָדער שפּיצל, מיט וועלכן ער איז געוואוינט געווען צו באַציִען זיך צו זײַנע אַנטדעקונגען. איך בין געווען איבערגעצײַגט, אַז דאָס מאָל האַנדלט עס זיך וועגן אַ וויכטיקן ענין. איך האָב אים דערויף געענטפֿערט אויך מיטן גאַנצן ערנצט:

— איך פֿאַרזיכער אײַך, פּראָפֿעסאָר, אַז איך בין צו אײַך געקומען בלויז געטריבן פֿון דאָרשט נאָך וויסן. איך שטעל דעם אַבסאָלוטן אמת אין דער וויסנשאַפֿט העכער פֿון אַלע אַנדערע מאָמענטן. — און איך האָב אים האַרציק און וואַרעם געדאַנקט פֿאַר דעם צוטרוי, וואָס ער שענקט מיר, כאָטש ער קאָן מיך נאָר אַזוי קורץ און ער ווייסט אַזוי ווייניק וועגן מיר.

— יאָ, איך האָב צו אײַך צוטרוי, איך ווייס נישט מיט וואָס איר האָט עס געוואונען בײַ מיר. איך גלייב, אַז איר האָט צו די זאַכן אַ גאַנץ אַנדערע באַציִאונג ווי דאָס רובֿ פֿון אייערע גלויבנס־גענאָסן. דאָס ביסעלע אייגנטלעך, וואָס מיר וויסן וועגן דעם לעבן און טוען פֿון יענער פּערזענלעכקייט, וועגן וועלכער עס האַנדלט זיך דאָ און וועלכע האָט ליידער געפֿורעמט דאָס געזיכט פֿון אונדזער געשיכטע אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, האָבן מיר דאָך אויך נאָר צו פֿאַרדאַנ־

קען אַ פּאָר פֿון אײַערע „לאַנדסלײַט", איך מיין — אײַערע גלויבנס־גענאָסן, וועלכע האָבן געשריבן וועגן דער טעטיקייט און לעבן פֿון דער פּערזענלעכקייט. זיי זײַנען נישט געווען פֿרײַ פֿון ליידנשאַפֿטלעכן קאַמף פֿאַר זייערע סעקטאַנטישע אינטע־רעסן. די טענדענצן פֿון די באַטרעפֿנדע סעקטעס אויף ביידע זײַטן האָבן געשאַפֿן די געשטאַלט פֿון יענער פּערזענלעכקייט. זי, די טענדענץ, האָט אים געבוירן און געפֿורעמט. איר וועט דאָך וואויל וויסן — ווײַזט ער אָן מיטן פֿינגער אויף מיר — אַז בײַם באַגין, איידער דער גריכיש־רוימישער געניוס האָט אַרײַנגע־בראַכט אַ ביסל אָרדענונג אין דעם כאַאָטישן לאַבירינט פֿון דעם פֿאַריזעאישן דענקונגס־אַרט, וואָס האָט געהערשט פֿון אָנהויב אין דער קריסטלעכער סעקטע, איז דאָך דער גאַנצער ענין פֿון נײַעם גלויבן געווען אַ ייִדישע זאַך. אי די אָנ־הענגער פֿון דעם דאָזיקן גלויבן און אי זײַנע קעגנער זײַנען געווען געשניטן אויס דעם זעלבן מאַטעריאַל, פֿון וועלכן גאָט האָט געשאַפֿן זײַן אויסדערוויילט פֿאָלק.

וויפֿיל איך האָב נישט געהאַט אָפּגעמאַכט בײַ מיר נישט צו רעאַגירן אויף קיין שום וואָרט פֿון זײַנע באַמערקונגען, האָב איך אײַנגעזען, אַז זײַן טעאָלאָגישע פֿור־נאַנדעראַנטוויקלונג קאָן פֿירן צו אַן אָפּברוך פֿון אונדזערע באַציאונגען נאָך באַלד בײַם אָנהויב, וואָרעם ער האָט געהאַלטן אין איין פּראָוואָצירן. איך האָב זיך דע־ריבער אָנגערופֿן אין דעם ווייכסטן און אָנגענעמסטן טאָן, וואָס איך בין נאָר בכוח געווען פֿון מיר אַרויסצוברענגען:

— פּראָפֿעסאָר, איך גלייב, אַז עס וועט גוט זײַן פֿאַר אונדז ביידע אויסצומײַדן טעאָלאָגישע געשפּרעכן, וועלכע קאָנען דערפֿירן צו אומאָנגענעמלעכקייטן. עס איז בעסער, אַז מיר זאָלן זיך באַגרענעצן בלויז אויף דעם העברעאישן אונטערריכט און אויף דעם פּראַקטישן מאַטעריאַל.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פֿאַרוואונדערט און בייז, ווי ער וואָלט דערשטוינט געוואָרן איבער דער חוצפּה, מיט וועלכער איך וואָג זײַנע אויספֿירונגען צו אונ־טערברעכן. ער האָט געקריצט מיט די ציין עפּעס אומפֿאַרשטענדלעכס, דאַן איז ער שטיל געוואָרן, נאָר פֿאַרשנדיק געהאַלטן מיך אין איין דורכשפּיזן מיט זײַנע אויגן, ווי ער וואָלט נישט געווען געוואוסט וואָס מיט מיר אָנצוהויבן, צי מיך אַרויסוואַרפֿן הינטער דער טיר בלויז, צי מיך פֿריִער אָנדורסן. צום סוף האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַר דער וויסנשאַפֿט וועל איך אַלץ איבערטראָגן, אַפֿילו די חוצפּה פֿון אַ ייִדישן בחורוק...

אין די ליטעראַרישע קרײַזן פֿון אונדזער פּראָווינץ־שטאָט האָט זיך געפֿונען אַ מאַן, וועלכן די נאָענטע האָבן געקרוינט מיטן נאָמען: „דער טעאָלאָג" אָדער „דער פּראָפֿעסאָר". אַליין איז ער קיין פּראָפֿעסיאָנעלער שריפֿטשטעלער נישט געווען, ער איז נאָר געווען אַ פֿרײַנד און אַ ראַטגעבער פֿון שרײַבער, אַ שיין־גײַסט, אַ פֿילאָלאָג פֿון קלאַסישע שפּראַכן. דאָך האָט ער זיך פֿון צײַט צו צײַט באַנוצט מיט זײַן אומגעוויינלעכער ערודיציע און וויסן, און פֿאַרעפֿנטלעכט באַמערקונגען, קליינע אויפֿזאַצן אין די צײַטשריפֿטן, וואָס האָבן צו טון מיט רוימיש־גריכישער געשיכטע און ליטעראַטור. אויב עס האָט, למשל, ווער געמאַכט אַ פֿעלער אין אַ נאָמען פֿון אַ רוימישן קריגס־פֿירער, אַ דיכטער אָדער פֿילאָסאָף, צי אַ שלעכטן

דאַטום אָנגעגעבן אָדער פֿאַרדרייט אַ נאָמען פֿון אַ סענאַטאָר, אַ טריבון, מיט איין וואָרט — עס איז ווער דעם קלענסטן חטא באַגאַנגען קעגן די קלאַסישע העלדן, האָט זיך באַלד באַוויזן אין די צײַטונגען אַ בריוול מיט די געהעריקע אויסבעסערונגען. אין די מערסטע פֿאַלן האָבן די רעדאַקציעס אַליין געמוזט איבערשרײַבן די בריוולעך אָדער זיי אין גאַנצן פֿאַרוואָרפֿן צוליב זייער אויסטערלישן סטיל. קודם־כּל איז זײַן סטיל געווען אַ „ריין קלאַסישער”, דאָס הייסט — ער האָט באַנוצט אַזוי פֿיל גריכישע און לאַטײַנישע ווערטער, אַז עס איז שווערלעך געווען צו פֿאַרשטיין פֿאַר אַ הײַנטיקן מענטשן, וואָס ער וויל. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן אויפֿצוגראָבן פֿון אונטער דער ערד נעמען פֿון קלאַסישע העלדן, פֿון וועלכע קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט. טייל האָבן געזאָגט, אַז פֿיל פֿון די נעמען, וואָס ער דערמאָנט אין זײַנע באַמערקונגען, זײַנען אויסגעטראַכטע, אַנדערע ווידער האָבן געפּרוּווט נאָכצוקאָנטראָלירן. זיי האָבן גענישטערט אין די פֿאַרשיידנסטע פּרעמדווערטער־ביכער, ענציקלאָפּעדיעס — עפּעס האָט עס יאָ געשטימט מיטן אמת, עפּעס נישט. עס האָט אויסגעזען, ווי דער דאָזיקער מאָן וואָלט באַזעסן אַן אייגענעם סקלאַד פֿון גריכישע פֿילאָסאָפֿן און רוימישע שטאַטסמענער, וועלכע זײַנען נאָר אים אַליין באַקאַנט. באַהאַלטן האָט ער זיך שטענדיק אונטער דער מאַסקע פֿון אַ פּסעוודאָנים, קיין מאָל נישט דעם זעלבן, נאָר יעדע באַמערקונג האָט ער אונטערגעשריבן מיט אַן אַנדערן נאָמען, מיט די אויסטערלישסטע וואָס מען קאָן זיך נאָר פֿאָרשטעלן. דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדן, אָבער דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער פֿלעגט אין זײַנע ריין וויסנשאַפֿטלעכע נאָטיצן אַרײַנברענגען אַ פּאָלעמיק מיט הײַנטוועלטיקע מענטשן און מיט הײַנטיקע ענינים. ער פֿלעגט זיך אין די נאָטיצן אָפּרעכענען מיט אַלע זײַנע שונאים. דער עיקר האָט ער אָבער אויסגעגאָסן זײַן צאָרן אין יעדן בריוול אויף זײַן ביטערסטן שונא — אויף די ייִדן. ער פֿלעגט אויסנוצן די קלענסטע געלעגנהייט, וואָס אַ נאָטיץ אין אַ צײַטונג האָט אים געגעבן, אויסצורעכענען אַלע זייערע חטאים. „שוין דער אַלטער ציצעראָ האָט זיי אָנגערופֿן: אַ טומלדיק פֿאָלק” — האָט ער נישט פֿאַרגעסן יעדעס מאָל צו דערמאָנען בײַם אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון רוימישן אַדוואָקאַט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דורכדעם זײַנען זײַנע שרײַבעכצן נישט געווען קיין געוואונטשענער מאַטעריאַל אויף די טישן פֿון די רעדאַקציעס.

דערפֿאַר אָבער קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט געהאַט דורשטיקע צוהערער בײַ זײַן טישל אין קאַפֿעהויז. ווי עס פּאַסט פֿאַר די אַלטע קלאַסישע פֿילאָסאָפֿן, האָט ער זײַן תּורה נישט פֿאַרשפּרייט דורך דעם געשריבענעם, נאָר דורך דעם גערעדטן וואָרט. ווי אַמאָל אין אַלטן אַטען, פֿלעגט ער זיך אַוועקזעצן אין אַ קרײַז פֿון יונגע מענטשן, וועלכע זײַנען מיט זייערע דורשטיקע אויערן אָנגעהאָנגען געווען אויף זײַן פּערל־שיטנדיקן מויל. איך ווייס נישט, ווי עס האָט אויסגעזען אַ רעדל שילער אַרום סאָקראַטעס אָדער אַ פּלאַטאָ, אָבער אַרום אים האָט מען געקאָנט זען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט פֿאַרלוירן זייער ערשטע יוגנט, אַפֿילו פּליכן שוין געהאַט אויף די קעפּ. מיט אַ פּאָר־טעגיקער אָנגעוואַקסענער באָרד, רויכערנדיק געבאָרגטע ציגאַרעטלעך, איז ער געזעסן צווישן זײַנע צוהערער, אײַנגעדעקט אין וואָלקנס רויך, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון די האַלב אָפּגעגריזשעטע פּייקעס. איבערהויפּט האָט געצויגן צו אים טאַלאַנטלאָזיקייט און מיסדערפֿאָלג. מען קאָן אַן גוזמא

זאָגן, אַז אַלץ וואָס האָט געליטן אַ דורכפֿאַל אין דער ליטעראַרישער אָדער פּראָפֿעסיאָנעלער וועלט, האָט זיך געקליבן אַרום זײַן טיש אין דעם באַקאַנטן ליטעראַרישן קאַפֿעהויז, וואו דאָס אינטעלעקטועלע לעבן פֿון דער פּראָווינץ־שטאָט האָט זיך אָפּגעשפּילט.

אין דער פּוילישער שפּראַך איז פֿאַראַן אַ וואָרט „קאַוואַל" (אַ שטיקל). פֿאַר אַט אָפּצוטאָן אַזאַ „קאַוואַל" וואָלט ער זײַן אייגענע פֿאָטער און מוטער פֿאַרקויפֿט, די וועלט אומגעבראַכט. ווען עס איז אים אַזעלכעס געלונגען, איז ער געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, טרערן פֿון פֿרייד האָבן זיך אים פֿון די אויגן געגאָסן.

איבער אַזאַ „קאַוואַל" איז אַנומלט זײַן נאָמען אַדורכגעגאַנגען איבער דער וועלט־פּרעסע. דאָס איז געשען אין פֿאַרבינדונג מיט אַן עטיאָפּישן מאַנוסקריפּט פֿון נײַעם טעסטאַמענט, וואָס ער זאָל האָבן אַנטדעקט אין אַ קלויסטער אויפֿן באַרג סיני צוזאַמען, ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, מיט אַ באַרימטן דאָקומענטן־פֿעלשער. יעדנפֿאַלס, ווי עס האָט זיך נישט אויסגעלאָזט זײַן גרויסע, עפּאָכע־מאַכנדיקע אַנטדעקונג, — עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ וועלט־סקאַנדאַל, — האָט עס אים אָבער געגעבן לאָקאַלע באַרימטקייט. פֿון דענסטמאָל אָן האָלט ער די געלערנטע וועלט אין איין איבערראַשן מיט נײַע, נישט באַקאַנטע דאָקומענטן, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון זײַנע לאַנגע שטודיר־רײַזעס אין אָריענט. ווי רואינירט זײַן רעפּוטאַציע אַלס געלערנטער איז נישט צוליב די פֿיל פֿאַליסיפֿיקאַטן, מיט וועלכע ער איבערראַשט די וועלט, — באַציט מען זיך צו אים, ווען אַפֿילו מיט חשד, אָבער דאָך מיט אַ געוויסן אינטערעס. וואָרעם זײַנע פֿאַלסיפֿיקאַטן טראָגן אַזעלכע מיסטישע, אומפֿאַרשטענדלעכע שפּורן פֿון עכטקייט, אַז זיי שפּאַלטן שטענדיק די מיינונג פֿון די געלערנטע. עס נעמט אַ לאַנגע צײַט, ביז די פֿאָרשער איבערצײַגן זיך אין זייער פֿאַלשקייט. און דאָך לאָזן זיי נאָך שטענדיק איבער אַ צווייפֿל. איינצלנע וויכטיקע מיינונגען האַלטן די אַנטדעקונגען פֿאַר וואָרשײַנלעך אמתע, יעדנפֿאַלס — פֿאַר מיסטעריעזע. טאָמער כאַפּט מען אים שוין בײַ דער האַנט, פֿאַרענטפֿערט ער זיך, אַז ער האָט געוואָלט אָפּטון אַ „קאַוואַל" די געלערנטע און אויפֿווײַזן, ווי ווייניק מען קאָן זיך פֿאַרלאָזן אויף די פֿאָרשער.

דאָ נישט לאַנג איז אים געלונגען טאַקע אָפּצוטון אַזאַ שטיקל, מיט וועלכן די צײַטונגען האָבן געקלונגען. אים אַליין האָט עס שיר נישט געקאָסט מיט תּפֿיסה, און זײַן רעפּוטאַציע אַלס געלערנטער איז רואינירט געוואָרן אויף אַלע צײַטן. אין איין שיינעם פֿרימאָרגן האָט ער דערקלערט דורך די צײַטונגען, אַז ער האָט אַנטדעקט אין אַן אַלטן קלויסטער אַן אומבאַקאַנטן מאַנוסקריפּט פֿון יאָזעפֿוס אין אַלטן סלאַווישן לשון, וואָס האָט זיך גליקלעכערווײַז אויסבאַהאַלטן פֿון דער קירכלעכער צענזור און וואָס שטאַמט נאָך פֿון צענטן יאָרהונדערט. דאָרט זאָל ער האָבן געפֿונען אַ ביז איצט אומבאַקאַנטע שטעלע, וואָס באַציט זיך אויף דער פּערזאָן פֿון יעזוס קריסטוס, באַלויכטן אין אַ ספּעציעלן ליכט, וואָס באַרעכטיקט די באַהויפּטונג פֿון געוויסע אַנטיסעמיטישע געלערנטע, וועלכע ווילן אויס יעזוס קריסטוס מאַכן אַן אַריער. מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן דעם רושם, וואָס די ידיעה האָט געמאַכט אין די געלערנטע און אין די קירכלעכע קרײַזן. פֿאַרשטענדלעך, אַז מען האָט באַלד אויסגעפֿונען, אַז נישט נאָר עס געפֿינט זיך גאָרנישט

אַזאַ שטעלע, נאָר די גאַנצע געשיכטע מיט דעם געפֿונענעם מאַנוסקריפּט האָט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן אַ פּאָר בלעטלעך פֿון אַ סלאַווישער כראָניק, וואָס מען האָט נישט געקאָנט אין גאַנצן פֿעסטשטעלן, צי זיי זײַנען עכט אָדער געפֿעלשט. — יעדנפֿאַלס האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ מיסטעריום. די קירכלעכע פֿאַרשטייער האָבן אים צוגעצויגן צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר גאָט־לעסטערונג. דער פּראָצעס האָט אים אָפּגעקאָסט פֿיל צרות און מאַטערניש, נאָר ער האָט זיך גאָרנישט גע־מאַכט דערויס. טאַקע אויף דעם פּראָצעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן בײַ אים סימנים פֿון אַ מאָדנער קראַנקהייט: ער האָט פּלוצלינג איבערראַשט די ריכטער מיט אַ ודוי, אַז ער איז אַ צײַט־גענאָסע פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס, דעם פּראָקוראַטאָר פֿון יהודה, און ער קען די געשעענישן, וועלכע האָבן זיך דענסט־מאָל אָפּגעשפּילט אין ירושלים, פֿון דעם אייגענעם אָנטייל אין זיי.

פֿאַרשטענדלעך, איז די דאָזיקע קראַנקהייט געהאַלטן געוואָרן בסוד־סודות. דאָס געריכט האָט אײַנגעזען, אַז מען האָט דאָ צו טון מיט אַ משוגענעם, און נישט געוואָלט געבן קיין פּירסום צו אַזאַ דראַסטישער זאַך, וואָס באַליידיקט די אמונה. דעריבער האָט מען דעם פּראָצעס קעגן אים אָפּגעשטעלט. נאָר קוים האָט עס זיך באַרואיקט און מען האָט אָן דעם „קאַוואַל" פֿאַרגעסן, האָט ער אַרויסגערופֿן באַלד אַ נײַע סענסאַציע: ער האָט, נעמלעך, געזאָלט האָבן געפֿונען אויף דער אַלטשטאָט אין וואַרשע בײַ אַ ייִדישן אַנטיקן הענדלער אַ פּאַפּירוס, וואָס נאָך אַ גענויעם שטודירן אים האָט ער אַנטדעקט, אַז עס האַנדלט זיך נישט מער און נישט ווייניקער, ווי וועגן אַ נײַעם, אומבאַקאַנטן, נישט קאַנאָניזירטן נוסח פֿון עוואַנגעליום, וואָס אַנטהאַלט נײַע אומבאַקאַנטע ווערטער און שפּרוכן פֿון ישוע הנוצרי, ווי אויך אַ גאַנץ נײַעם נוסח וועגן דער קרײַציקונג. פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָך דער געשיכטע מיט דעם יאָזעפֿוס אין קלויסטער, האָט דער נײַער עוואַנגעליום נישט געקאָנט מער מאַכן דעם געהעריקן אײַנדרוק. אַ פּאָר סענסאַציע־צײַטונגען האָבן בלויז די ידיעה געבראַכט, די געבילדעטע וועלט האָט דערויף קיין אַכט נישט געלייגט. ער האָט עס צוגעשריבן צו דעם, וואָס די געבילדעטע וועלט איז אייפֿערזיכטיק אויף אים און די ייִדן מיט זייער וועלט־הערשאַפֿט דערלאָזן נישט דערצו, אַז זיין אַנטדעקונג זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן, כּדי מען זאָל זיך נישט דערוויסן פֿון דער אמתער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דענסטמאָל אָפּגעשפּילט אין ירושלים. און קיין אַנדערער קאָן דאָך נישט אַזוי פֿיל וויסן ווי ער... נאָר איבער פֿאַרשיידענע טעמים, וואָס ער קאָן נאָך נישט אַנטדעקן, האַלט ער עס אין געהיים אין פֿאַרבאָרגן.

צו יענער צײַט, ווען מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אים, האָט שוין זײַן שטערן געהאַלטן זיך אין פֿאַרלעשן. ער איז שוין נישט מער געווען אַזוי וויציק, נישט אַזוי רײַך מיט אײַנפֿאַלן. אויך האָט זיך געהאָט אויסגעשעפּט זײַן ערפֿינדערישער ברונעם פֿון נײַע אומבאַקאַנטע קוואַלן. ער איז אַלט געוואָרן. מען האָט אים שוין ווייניקער געזען אין קאַפֿעהויז און, ווי מען דערציילט, באַפֿאַלט אים אָפֿט אַ מרה־שחורה. ער זיצט אײַנגעשלאָסן אין זײַן צימער אָדער ער ווערט פֿאַרפֿאַלן אויף וואָכן־לאַנג אין דער גרויסער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק, וואו ער גראָבט זיך אין ביכער און אין מאַנוסקריפּטן.

איך קאָן נישט דערקלערן די סיבה, וואָס מיך האָט אַזוי געצויגן צו באַקענען זיך מיט דעם דאָזיקן מענטש, צו געווינען זײַן צוטרוי און צו הערן אים רעדן וועגן יענער צײַט. איך בין זיך מודה, אַז אויך מיך ציט פֿון תּמיד אָן צו יענער עפּאָכע. איך האָב זיך באַמיט און באַקומען אַ רעקאָמענדאַציע צו אים. ער האָט, נעמלעך, צוליב אַ געוויסן צוועק געזוכט אַ מאַן, וואָס קאָן העברעאיש. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל נישט לעקן בײַ אים קיין האָניק, ער וועט מיך באַליידיקן אויף שריט און טריט. איך האָב אָבער באַשטימט דאָס צו טון. צום ערשט האָט זיך טאַקע גאָרנישט געקלעפּט אונדזער צוזאַמענזײַן, אָבער איך האָב אַלץ אַראָפּגעשלונגען. דער פֿאַל אַליין, אַז איך האָב פֿאַר מיר אַ צײַט־גענאָסע פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס, אַ מענטש, וועלכער האָט געלעבט אין ירושלים, אַ מענטש, וועלכער האָט זיך פּערזענלעך באַטייליקט אין אונטערדריקן די ייִדישע אויפֿשטאַנדן, וועלכער איז געווען אַן עדות פֿון די עפּאָכע־מאַכנדיקע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין יענער צײַט, — כאָטש אין אײַנרעדעניש פֿון זײַן קראַנקן מוח — איז גענוג געווען, אַז איך זאָל אַלץ אויסשטיין פֿון אים און האַלטן זיך לעבן אים. עס האָט מיך צו אים געצויגן. אפֿשר, ווער ווייסט, טאָמער איז ער טאַקע אַ גלגול, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט אין אונדזער צײַט...

# 2

## ווי אַזוי פֿאָן וויאַדאָמסקי ווערט פֿאַרוואַנדלט אין הגמון קאָרנעליוס

עס איז נישט פֿאַראַן קיין נעענטערס ווי אַ מענטש מיט אַ מענטש, ווען זיי לאָזן פֿאַלן אַלע אָנגעוואָקסענע שאָלן פֿון קעגנזײַטיקע באַקענטענישן און איבער־צײַגונגען, און זיי באַרירן זיך בלויז דורך זייערע מענטשלעכע שוואַכקייטן און גוטן. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער פֿורכטבאַרער „טעאָלאָג״, אָדער ווי מיר וועלן אים רופֿן בײַ זײַן ריכטיקן נאָמען, פֿאָן וויאַדאָמסקי, איז מיט זײַן גאַנצער ריטערלעכער און שטאָלצער האַלטונג און מיט זײַן רוימיש־זעלנערישן כאַראַקטער נאָר געווען אַ שוואַכער, קראַנקער מענטש פֿון הײַנט. אַ קינד פֿון נישט קיין רײַכע עלטערן, (דער פֿאָטער איז געווען אַן אָרעמער פּראָווינץ־דאָקטאָר), האָט ער פֿון זײַן פֿריִעסטער יוגנט אָן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו קלאַסישע שפּראַכן. צוליב אַן אומבאַקאַנטער סיבה האָט ער זײַן שטודיום ניט פֿאַרענדיקט, געוואָרן אַ פּריוואַט־געלערנטער, און ער האָט אָנגעהויבן צו רײַזן איבער דער וועלט. ווען זײַן רעפּוּ־טאַציע איז רואינירט געוואָרן דורך די פֿאַלסיפֿיקאַטן, וואָס ער האָט פֿאַבריצירט, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַשעפֿטיקן מיט אַרויסהעלפֿן רײַכע שילער אין זייערע שטודיען, אין די קלאַסישע דיסציפּלינען. ער האָט אָבער צוליב זײַן אומאָפּהענ־גיקן כאַראַקטער און שטאָלץ האַלטן זיך קיין גרויס מזל־ברכה אין זײַן פֿאַך נישט געהאַט. פֿון אייניקע הייף, וואו ער האָט מיט זײַנע רײַכע שילער פֿאַרבראַכט די פֿעריען־צײַט, כּדי זיי פֿאַרצובריײַטן אין זייערע פֿאַרנאַכלעסיקטע אַרבעטן, איז ער צוליב זײַן אַראָגאַנץ אַרויסגעשיקט געוואָרן אין מיטן זמן. ער האָט געהאַט

אַוואַנטורעס מיט די עלטערן פֿון זײַנע שילער, אַרומגעשלאָגן זיך מיט זיי אין די געריכטן, און מען האָט אים דערפֿאַר אויסגעמיטן. הײַנט לעבט ער דערפֿון, וואָס ער פֿאַרקויפֿט אויס די לעצטע רעשטן פֿון זײַן גרויסער ביבליאָטעק, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט, און פֿון די מיטגעבראַכטע צווייפֿלהאַפֿטע „דאָקומענטן" אויס זײַנע ווײַטע רײַזעס. אָבער דאָס אַלץ איז נישט גענוג אויף צו דעקן זײַנע באַשיידענע באַדערפֿענישן, — הונגערט ער טאָקע צו. אַ דירה האָט ער פֿון נאָך פֿאַר דער מלחמה. מ'האָט אים פֿון איר צוליב דעם לאָקאַטאָרן־שוץ נישט געקאָנט אַרויסוואַרפֿן, כאָטש ער האָט שוין יאָרן־לאַנג קיין דירה־געלט נישט געצאָלט. זיצט ער בײַ זײַן יידישן הויזווירט, וועלכער וואַגט אים נישט אָנצורירן. דאָ און דאָרט מאַכט זיך אים נאָך אַ לעקציע, וואָס אייניקע פֿון די אַלטע קאָלעגן, גימ־נאַזיע־לערערס, שאַנצן אים צו. טייל מאָל געלינגט אים אויך אין אַ צײַטונג איינע פֿון זײַנע נאָטיצן איבער סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונגען, מיט וועלכע ער פֿאַרשיט אַלע רעדאַקציעס, אָפּצודרוקן. די אַלטע הויז־וועכטערין רוימט בײַ אים אויף צוויי מאָל אין דער וואָך, מער פֿאַר מצווה־וועגן און פֿון גוטן האַרץ ווי פֿאַר לוין. ער קאָכט זיך אַליין אויף אַ פּרימוס־מאַשינקע, וואָס ער האָט שטיין אין דער קיך, וועלכע איז, פּונקט ווי זײַן אַרבעטס־צימער, באַלייגט מיט פּעקלעך ביכער, צײַ־טונגען, פּאַפּירן, שריפֿטן. עס איז אַ גרויסע סכּנה, אַז עס זאָל טאָקע דורך דער מאַשינקע צווישן די אַלטע צײַטונגען ניט אַמאָל אַרויסקומען אַ שרעקלעכע שׂרפֿה. נאָר ווער וועט וואָגן אים דערויף אויפֿמערקזאַם צו מאַכן?... יענער וואָלט שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן...

ער איז אַן אײַנזאַמער מענטש, און בײַ זײַן גאַנצער ביטערקייט — ווי איך האָב זיך דערנאָך איבערגעצײַגט — נישט קיין שלעכטער מענטש. ווי ער האָט נישט געהאַסט דעם „פּעבל", — וואָס ער האָט עס נישט פֿאַרפֿעלט אַרויסצוווײַזן בײַ יעדער געלעגנהייט, פֿאַררופֿנדיק זיך דערבײַ אויף די מיינונגען פֿון די קלאַסישע שריפֿטשטעלער אין זייערע אָריגינעלע לשונות, — קאָן מען דאָך נישט זאָגן, אַז ער האָט געהאַט גרויסע סימפּאַטיעס פֿאַר די רײַכע. פֿאַרקערט, ער האָט די רײַכע און די מעכטיקע נאָך מער פֿײַנט געהאַט, דערמאָנענדיק שטענדיק די שטעלן פֿון נײַעם טעסטאַמענט, וואו עס רעדט זיך וועגן זיי אין גריכישן אָריגינאַל: „דאָס זײַנען דאָך די רײַכע, וואָס דריקן אײַך, דאָס טוען זיי דאָך אײַך שלעפּן צו די בית־דינס". ער האָט איבערהויפּט פֿאַראַכטעט דאָס הײַנטיקע לעבן און די הײַנ־טיקע צײַט. קיין שום שיכט פֿון דער באַפֿעלקערונג, קיין סיסטעם פֿון אונדזער צײַט־אַלטער איז אים נישט געפֿעלן. דאָס לעבן פֿון הײַנט האָט אים נישט גע־וואָלט אַרײַננעמען, — האָט ער זיך געפֿילט ווי אַ דרויסן־שטייענדיקער. ער האָט זיך, קאָן מען זאָגן, גערעטעט פֿון אונדזער צײַט אין דער וועלט, וואוהין ער באַלאַנגט, צווישן מענטשן וואָס ער האָט געקענט, צו מעשׂים און געשעענישן, וועלכע זײַנען אים באַקאַנט געווען און האָבן אים אינטערעסירט.

ער האָט געהאַט אַ ברייטע ידיעה אין די געשיכטלעכע געשעענישן פֿון די רוימישע צײַטן, — און דאָס האָט געמוזט שטאַמען אויס קוועלן, וואָס זײַנען נאָר אים באַקאַנט געווען. ער האָט יעדן געשיכטלעכן עפּיזאָד, וואָס איז באַגרענעצט דורך די פֿאַראַנענע קוועלן, באַרײַכערט מיט אַ מענגע דעטאַלן, וועלכע ער האָט געשעפּט פֿון זײַן רײַכער פֿאַנטאַזיע, אָבער אַזוי געהאַלטן אין כאַראַקטער פֿון דער

פּערזאָן און צײַט, וואָס ער האָט געשילדערט, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן ווי האַלב וואָר. ער האָט באַגלויביק געמאַכט זײַנע דערציילונגען, אַזוי ווי די געשעעענישן וואָלטן זיך ניט געווען אָפּגעשפּילט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, נאָר ווי עס וואָלט געווען אַ מעשׂה פֿון נעכטן, בײַ וועלכער ער איז געווען דערבײַ. אַזוי האָט ער, למשל, אייניקע מאָל עפּעס אַרײַנגעפּלאָכטן אין זײַן פֿאַרציילן וועגן „גערמאַ־ניקוס" — „און מיר פֿון דער סעקונדאַ איטאַליקאַ"...

— וואָס הייסט „מיר" — פֿרעג איך אים איבער דערשטויגט.

— אָ, איך מיין דעם צווייטן לעגיאָן, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון לויטער רוימער, — פֿלעגט ער זאָגן, און אַ לײַכטע רויטקייט האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זײַנע אײַנגעפֿאַלענע באַקן.

מיר האָבן נישט מער גערעדט דערפֿון.

ווי יעדער אַנטיסעמיט האָט זיך זײַן יידן, פֿאַר וועלכן ער איז גרייט צו מאַכן אַן אויסנאַם, אַזוי בין איך געוואָרן פֿאַן וויאַדאָמסקיס פּערזענלעכער „ייד". איך האָב געקריגן בײַ אים אַ נײַעם נאָמען — „יאָזעפֿוס", און דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אָנערקענונג, ווײַל פֿאַר יאָזעפֿוסן וואָלט פֿאַן וויאַדאָמסקי קיין זאַך באַרשטש נישט געגומען. ער האָט פּשוט ניט געקאָנט מער לעבן אָן מיר. קוים בין איך איין אָוונט נישט געקומען, האָב איך פֿון אים שוין אויפֿן צווייטן טאָג געקריגן בריוולעך. איך מוז מודה זײַן, אַז איך בין אויך געוואָרן צוגעבונדן צו אים. קודם־כּל האָב איך זייער גערן געהאַט צוצוהערן זיך צו זײַנע דערציילונגען. ער האָט באַזעסן אַ גרויסע בילדונג און איך האָב פֿון אים זייער פֿיל געלערנט. ער האָט אויך פֿאַרמאָגט אַ רײַכע ביבליאָטעק פֿון קלאַסישער ליטעראַטור, אין אָריגינאַל און אין איבערזעצונגען, פֿון וועלכער ער האָט מיר גערן געלאָזט גע־ניסן און אָנגעוויזן מיר די נייטיקע שטעלן, וועלכע איך האָב באַדאַרפֿט האָבן. דער געמיינזאַמער אינטערעס צו די אַלטערטימלעכקייטן און ספּעציעל צו יענער צײַט פֿון צווייטן בית־מקדש, ווי פֿאַרשיידן אונדזערע מיינונגען און באַציאונגען זײַנען נישט געווען צו די געשעענישן, האָבן אונדז ביידע צוזאַמענגעוועבט מיט בשותּפֿותדיקע פֿעדעם. אַחוץ דעם האָט זײַן פֿאַרביסענער, אײַנגעעקשנטער כאַ־ראַקטער — איך וואָלט עס אָנגערופֿן: זײַן דאָן־קישאָטישע קאָמפּראָמיסלאָזיקייט — וועלכע האָט אים געמאַכט שׂונאים און פֿאַראיינזאַמט, געשאַפֿן בײַ מיר, וויפֿיל עס זאָל מיר נישט ווײי טון, אַ געוויסע אַכטונג צו אים. זײַנע „סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונגען", וועלכע האָבן אים אַזאַ שלעכטן שם געמאַכט — האָב איך זיך אי־בערגעצײַגט — שטאַמען נישט פֿון אַ בייזוויליקן, פֿאַרדאַרבענעם אינטערעסן־לוסט (וואָס האָט ער נעבעך געהאַט, מישטיינס געזאָגט, פֿון זײַנע אַנטדעקונגען), נאָר פֿון אַ נאַיִוון, פֿאַנאַטישן עטוזיאַזם פֿאַר דעם ענין, מיט וועלכן ער האָט זיך אינטערעסירט. עס האָט מיך אויך גערירט זײַן אָרעמקייט. פּונקט ווי יעדער גוי, אַפֿילו אַן אַנטיסעמיט, האָט ער געהאַט אַ גרויסע לוסט צו ייִדישע מאכלים, ווי צו אַ פֿאַרבאָטענער פֿרוכט. איך פֿלעג אים ברענגען פֿון די ייִדישע גאַסן, וואו איך האָב געוואוינט, קליינע מתּנות, וואָס זײַנען באַשטאַנען פֿון ייִדישער חלה, קאָרן־ברויט, אַמאָל אַ הערינג, אַמאָל אַן אײַנגעזויערטע אוגערקע. אָפֿט מאָל אויך אַ שטיקל ייִדישן וואורשט, וואָס מיר פֿלעגן ביידע פֿאַרצערן מיט טיי אין די לאַנגע

אוונטן, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען. ער האָט מיר נישט פֿאַרפֿעלט אויס־צודריקן זײַן דאַנקבאַרקייט, נישט מיט קיין ווערטער (אַ גוט וואָרט האָט נישט געקאָנט פֿאַרלאָזן זײַנע ליפּן, ווי זיי וואָלטן פֿאַרזיגלט געווען מיט אַ קללה), נאָר דורך גוטע בליקן און מיט שמייכלען, וואָס זײַנען געווען אַזעלכע זעלטענע געסט אויף זײַן פּנים.

אַמאָל איז ער קראַנק געוואָרן, צוגעקילט זיך און גרויס היץ געהאַט. איך האָב אים געפֿלעגט עטלעכע טעג, געבראַכט אַ באַקאַנטן ייִדישן דאָקטאָר, וועלכער האָט אים אויך פֿאַרזאָרגט מיט רעצעפּטן. איך בין געווען בײַ אים אַ פּאָר נעכט. ער איז אַזוי גערירט געווען דערפֿון, אַז ער האָט מיר דערנאָך מודה געווען: ער האָט זיך נישט געריכט דערויף, אַז אַ ייִד זאָל פּעאיק זײַן צו שפּילן די ראָל פֿון אַ גוטן סאַמאַריטאַנער.

אָט אַזוי האָבן זיך אָן אונדזער ווילן, און אפֿשר גאָר קעגן אונדזער ווילן אָנ־געהויבן צו שאַפֿן צווישן אונדז וואָס אַמאָל פֿרײַנדלעכערע באַציאונגען. מיר זײַנען זיך ביידע פֿאַרגעקומען ווי צוויי לאַנדסלײַט, וועלכע האָבן זיך אין דער היים אַרומגעקריגט און מיט אַ מאָל געפֿינען זיי זיך פֿאַרוואָרפֿן אויף אַ פֿרעמדן אינדזל, צווישן ווילדע מענטשן אויף אַן אַנדערן עק פֿון דער וועלט. פּונקט ווי יעדער אייַנזאַמער קלאַמערט זיך צום ערשטן בעסטן מענטש, וועלכער ווײַזט אים אַרויס ווילִיקייט; פּונקט ווי יעדער קראַנקער נוצט אויס די אויסגעשטרעקטע האַנט פֿון הילף, כּדי דעם גאַנצן קערפּער פֿון זײַן רעטער צו פֿאַרשקלאַפֿן צו זיך, —אַזוי האָט פּאַן וויאַדאָמסקי אַנגעכאַפּט זיך אָן מיר מיט זײַנע קראַמפּהאַפֿטע פֿינגער און מיך מער נישט אָפּגעלאָזט.

איך ווייס נישט, וואָס עס איז געשען מיט מיר — קוים האָב איך געהערט, אַז ער פֿילט זיך נישט גוט און ער קאָן נישט אַרויסגיין פֿון בעט, בין איך אומרואיק געוואָרן און געמוזט אײַלן צו אים. און אַזוי האָב איך זיך פּלוצלינג אַרומגעזען, אַז אויף מײַנע הענט ליגט אַן אַלטער, צעבראָכענער מענטש און איך בין דאָס אייִנ־ציקע שטיקל אָנהאַלט, וואָס ער האָט אין זײַן לעבן. איך האָב געפֿילט, ווי כ׳וואָלט מיט אים פֿאַרקנופּט געוואָרן און נישט געקאָנט זיך מער באַפֿרײַען פֿון אים. ס׳ערגסטע איז אָבער געווען אין די שפּעטע אָוונטן, ווען עס איז מיר אויסגעקומען אים צו פֿאַרלאָזן און אַהיימגיין צו זיך. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַליין צו זײַן מיט זיך דורך די שלאָפֿלאָזע נעכט, און ער פֿלעגט מיך פֿאַרהאַלטן ביז אין די שפּעטע שעהן אַרײַן. ווי שטאַלץ ער איז נישט געווען, ווי שווער עס איז אים נישט אָנגעקומען צו ברענגען איבער זיך דאָס אַרויסווײַזן זײַן אָפּהענגיקייט פֿון אַן אַנדערן מענטש, — האָט ער דאָס דאָך געטון. ווען עס איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל אים פֿאַרלאָזן, האָט ער זיך כּמעט געבעטן בײַ מיר ווי אַ קליין קינד, אַז איך זאָל נאָך איבערבלײַבן.

ער האָט זיך אָנגעהויבן נענטער מיט מיר צו פֿאַראינטערעסירן, מיט מײַן לעבן, מיט מײַנע שטודיען, געוואָלט מיך אַפֿילו נעמען אויפֿסנײַ דערציִען. קודם־כּל האָט ער פֿאַרלאַנגט פֿון מיר רוימישע דיסציפּלין, — דערבײַ, פֿאַרשטייט זיך, נישט פֿאַרפֿעלט מיך צו דערמאָנען, אַז מיר, ייִדן, זײַנען שולדיק אין דעם, וואָס פֿון דער וועלט איז פֿאַרשוואונדן דער רוימישער כאַראַקטער, וועלכן דאָס יודאַאיזירנ־דיקע קריסטנטום האָט אונטערגעבראַכט. און אין מיר, דעם אָרעמען מענטש, האָט

ער געוואָלט אויפֿסנײַ קולטיווירן דאָס רוימערטום. איך האָב אַלע זײַנע רייד צו־גענומען, ווארעם איך האָב דערפֿילט די וואַרעמע שטראַלן פֿון פֿרײַנדלעכקייט, פֿון ליבע אַפֿילו (אויף ווי ווײַט מען האָט געקאָנט צו אים דעם דאָזיקן באַגריף אָנווענדן), וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן אַדורכצוגליִען דורך די קאַלטע, אײַזיקע ווענט, אין וועלכע זײַן נשמה איז אײַנגעמויערט געווען.

דעם באַרימטן מאַנוסקריפּט, פֿון וועלכן ער האָט אַזוי פֿיל גערעדט אין אָנהייב פֿון אונדזער באַקאַנטשאַפֿט, האָב איך נאָך אַלץ נישט באַקומען צו זען פֿאַר מײַנע אויגן, ער האָט איבערהויפּט מער נישט דערמאָנט וועגן אים. האָב איך אויך גע־שוויגן, ביז ער וועט אַליין קומען דערויף. אָבער ער האָט מיך איצט אָפֿט מאָל אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן וועגן יידישע ענינים, וואָס האָבן צו טון מיטן לעבן פֿון די יידן אין דער צײַט פֿון צווייטן בית־מקדש. איך האָב אָבער באַמערקט צו מײַן פֿאַרוואונדערונג, אַז ער האָט אַן אויפֿפֿאַלנד גרויסע ידיעה וועגן די אַלע זאַכן. ער האָט, פֿאַרשטייט זיך, געוואוסט דאָס וואָס מיר אַלע וויסן פֿון די יידישע מקו־רים, אָבער ער האָט שטענדיק צוגעגעבן צו די ענינים אַן אייגענע קאָליר, באַ־רײַכערט זיי מיט אומבאַקאַנטע דעטײַלן: געוואוסט די מנהגים פֿון ברענגען די ערשטע פֿרוכטן אין בית־מקדש אַרײַן, פֿון די צערעמאָניעס אין יום־כּפּור, פֿון שׂמחת בית השואבה. איך האָב זיך אָפֿטמאָל געמוזט וואונדערן, פֿון וואַנען עס קומט צו אים אַזאַ וויסן, פֿון וואַנען שעפּט ער דאָס, וואָס עס איז אומבאַוואוסט? איין מאָל האָט ער מיך אַפֿילו געפֿרעגט וועגן די באַציאונגען צו די כּהנים גדולים און ער האָט גערעדט וועגן דעם אַלטן כּהן גדול חנן, וועלכער האָט געהאַט פֿינף זין און איין איידעם, אַלע כּהנים גדולים. אין דער צײַט פֿון דער הערשאַפֿט פֿון זײַן איידעם, יוסף קייפֿא, איז ישוע פֿון נצרת פֿאַרמשפּט געוואָרן, און „דער אַלטער איז גאַרנישט אַזוי אומשולדיק געווען דערין"... — האָט ער צוגעלייגט מיט אַ שמייכל.

אַן אַנדערש מאָל, ווען מיר זײַנען געזעסן אין אַ ווינטער־נאַכט בײַ אים אין שטוב און מיר האָבן זיך געוואַרעמט בײַ אַ גלעזל טיי מיט חלה, וואָס איך האָב געבראַכט פֿון דעם יידישן קוואַרטאַל, פֿרעגט ער מיך פּלוצלינג, צי עס געפֿינט זיך נישט ערגעץ־וואו פֿאַרשריבן אין די יידישע קוועלן די נעמען פֿון די„כּיליאַרכן" (גובערנאַטאָרן), וואָס האָבן געהערשט אין ירושלים אויף דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ. „כּיליאַרכן"? — האָב איך איבערגעפֿרעגט. „יאָ, די אויפֿזעער איבערן בית־מקדש אין ירושלים!" — „איך האָב נישט געהערט דערפֿון, מיר קענען נאָר די נעמען פֿון די כּהנים גדולים, וואָס יאָזעפֿוס האָט באַשריבן. מיר קענען אויך די נעמען פֿון די פּראָקוראַטאָרן, אָבער כּיליאַרכן? — „שטייט נישט בײַ אײַך ערגעץ־וואו פֿאַרשריבן אין די קוועלן, צי ווערט נישט ערגעץ־וואו דערמאָנט דער נאָמען פֿון אַ 'כּיליאַרך' קאָרנעליוס?" — איז ער נײַגעריק צו וויסן. — „ניין, איך האָב קיין מאָל פֿון דעם נאָמען נישט געהערט, אַחוץ פֿון דעם הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום, וועלכער ווערט דערמאָנט אין נײַעם טעסטאַמענט" — ענטפֿער איך אים אָפּ. — „ניין, נישט דעם הויפּטמאַן פֿון כּפֿר נחום, דעם האָב איך פֿערזענלעך גוט געקענט, איך בין זיך מיט אים אָפֿט מאָל צוזאַמענגעקומען, נאָר איך מיין דעם כּיליאַרך קאָרנעליוס, וואָס איז געווען געזעצט איבער דער פֿעסטונג „אַנטאָניאַ" און האָט גע־האַט דאָס אויפֿזען איבערן בית־מקדש אין ירושלים אין דער צײַט פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס!"

איך האָב אָנגעקוקט דעם פּאַן וויאַדאָמסקי, און ער איז מיר פֿאָרגעקומען זייער פֿאַרענדערט און פֿאַרדעכטיק. זײַנע געציילטע האָר אויפֿן קאָפּ זײַנען געווען צעשויבערט, זײַנע אויגן האָבן עפּעס מאָדנע געגלאַנצט, זיי האָבן אַרויסגעפֿינקלט פֿון די טיפֿע שוואַרצע ראַנדן, אין וועלכע זיי זײַנען געזעסן טיף אײַנגעבויערט מיט אַ פֿיבערדיק אָנגעצונדן פֿײַער. איך האָב געמיינט, אַז ער איז קראַנק און האָט היץ, און האָב אים געוואָלט באַרואיקן, אײַנשטילן אים, אָפּהאַלטן פֿון זײַן ענערגישן אַרומלויפֿן איבער דער שטוב מיט אַ ווילדן טעמפּאָ. איך האָב אים געזאָגט, אַז עס איז גלײַכער, מיר זאָלן איצט נישט דיסקוטירן איבער די דאָזיקע פֿראַגן און ער זאָל זיך לייגן שלאָפֿן. איך אַליין האָב זיך אויך פֿאַרנומען צו פֿאַרלאָזן זײַן שטוב, עס איז שפּעט געווען. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען ער האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט מיט זײַנע קנאָכיקע אויסגעדאַרטע פֿינגער — איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, ווי אַ האַנט פֿון אַ בר־מנן וואָלט מיך אָנגערירט, — און ער האָט מיר באַפֿוילן מיט אַ הערשנדיקער שטימע: „דאָ בלײַבן!”. און ער האָט מיך טאַקע געצוואונגען צוריקצוגיין אויף מײַן אָרט, אַוועקגעזעצט, זיך קעגנאיבער מיר אויף זײַן געוויינלעכן פּלאַץ הינטערן טיש, און האָט מיך דורשטיק און פֿאָרשנדיק אָנגעקוקט. איך האָב אים נאָך קיין מאָל אַזעלכן נישט געזען. זײַן פּנים איז אויסערגעוויינלעך בלייך געווען, זײַנע גרויסע קנאָכן־באַקן האָבן זיך מיט אַ מוראַדיקער שקעלעט־שאַרפֿקייט אַרויסגעשניטן פֿון זײַן דינער אַראָפּהענגענדיקער הויט; באַהערשט האָבן זיין טויט פּנים די קראַנקע גלאַנצנדיקע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגעשטראַלט פֿון דער געפֿאַנגענשאַפֿט אויס די טיפֿע שוואַרצע גריבער־ראַנדן. ער האָט מיך לאַנג און פֿאָרשנדיק אַדורכגעדרונגען מיט זיי, און ענדלעך זיך צו מיר אָנגערופֿן אין אַ רואיקן, אָבער אַ גאַנץ געענדערטן טאָן, וועלכן איך האָב נאָך בײַ אים נישט געקענט, אַ טאָן פֿון איינעם, וואָס האָט מאַכט צו באַפֿעלן און אויסצופֿירן שטראָפֿן:

— דו דערקענסט מיך נישט, ייִד — פֿרעגט ער מיך — קוק מיך גוט אָן, האָסט מיך קיין מאָל נישט געזען אין דער שפּיץ פֿון מײַן קאָהאָרטע אַרײַנטרעטן אין דעם אינערלעכן הויף פֿון בית־מקדש, כּדי אָרדענונג צו מאַכן צווישן אײַך?

איך האָב געשוויגן.

— איך בין דאָך קאָרנעליוס, דער כיליאַרך פֿון דער קאָהאָרטע אַשקאַלאָנאַ, וועלכע סטאַנציאָנירט אויף דער אַנטאָניאַ, דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס אין ירושלים! זאָג, דו דערקענסט מיך, ייִד? האָסטו מיך געזען אין היידן־הויף פֿון בית־מקדש, ווען איר זענט אַלע אויס דעם וועג געלאָפֿן?

אַ מאָדנע געפֿיל האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב פֿאַר אים קיין מורא נישט געהאַט, פֿאַרשטייט זיך, און ער האָט מיך אויך נישט געשראָקן, נאָר ס'איז געווען אַ געפֿיל פֿון מיטלייד און אַן אומבאַקוועמלעכקייט צוליב דעם, וואָס ער דעקט אויף פֿאַר מיר זײַן סוד. די נײַגעריקייט אָבער, וואָס האָט מיך געטריבן אויסצוגעפֿינען ווער ער איז אַזעלכער, האָט מיך געהאַלטן צוגעשפּאַנט צו מײַן אָרט, און נישט געקוקט אויף דער געפֿאַר פֿון אַוואַנטורע, אין וועלכער די שפּיל קאָן מיך אַרײַנטרײַבן, האָב איך מיט אַ האַלב מויל צוגעבאָמבלט און מיטגעהאָלפֿן אים אַרײַנשטופּן אין דער ראָלע, אין וועלכער זײַן קראַנקע פֿאַנטאַזיע פֿאַרפֿירט אים.

— יאָ — האָב איך געענטפערט — איך דערקען אײַך, קאָרנעליוס פֿון דער פֿעסטונג אַנטאָניאָ.

— אַזוי טיטולירסטו מיך, ייִד? די ייִדן אין ירושלים טיטולירן מיך: הגמון קאָרנעליוס!

— יאָ, הגמון קאָרנעליוס?

ער האָט זיך װײַטער אײַנגעקוקט אין מײַן פּנים.

— האָב איך דיך שוין נישט אמאָל געזען? די געקרײַזלטע שװאַרצע האָר, דאָס יונגע שפּראָצנדיקע בערדל און דאָס בלייכע פּנים איז מיר נישט אומבאַ־קאַנט — האָט ער מיך דורגעקבערט מיט זײַנע אויגן. — ביסטו נישט געװען צװישן די אַנפּירערס, װעלכע האָבן געװאָגט צו מאַכן אויסרופֿן קעגן כּהן גדול, קעגן פּילאַטוסן, קעגן רוים אַפֿילו, װען מיר האָבן געשלעפּט דעם ישוע פֿון נצרת מיט דער דערנער־קרוין צום קרײַץ אויף דער גאָלגאָטע? ביסטו נישט געװען פֿון די, װעלכע האָבן זיך געפּרוּװוּט דורכרײַסן דורך אונדזערע לעגיאָנערן־קייטן, כּדי דעם אויפֿשטענדלער אײַערן אָפּצושלאָגן? האָבן אונדזערע בראַװע לעגיאָ־נערן נישט באַדאַרפֿט באַנוצן זייערע קורצע שװערדן, כּדי אײַך אָפּצוהאַלטן? יאָ, איך האָב דיך דערקענט! יאָ, דו ביסט דערנאָך פֿאַר מיר געשטעלט געװאָרן. װי האָט מען דיך גערופֿן? — יוחנן! יאָ, יוחנן. יאָ, דאָס זעלבע פּנים, איך געדענק עס נאָך ביז הײַנט...

די שפּיל איז אָװעקגעגאַנגען אַביסל צו װײַט, און װי מײַן נײַגעריקייט האָט נישט װי אַ דורשט געברענט אין מיר װײַטער אים צו הערן, האָב איך זיך גע־שטאַרקט נישט אויסצונוצן זײַן קראַנקייט און געװאָר צו װערן זײַן סוד; איך האָב אים דעריבער אָנגעהויבן צו װעקן:

— פּאַן װיאַדאָמסקי, פּאַן װיאַדאָמסקי, װאָס רעדט איר? װאַכט אויף, איר חלומט...

איך האָב דערפֿילט, אַז אויף מיר הענגען אַ פּאָר אָפֿענע, דערװאַכטע און דער־שראָקענע אויגן. צום ערשט זײַנען נאָך די אויגן געװען פֿאַרשלומערט, פֿאַרנעפּלט, נאָר װאָס אַמאָל מער האָבן די אַפּלען, װעלכע זײַנען געשטאַנען אין מיטן די אויגן־װײַסלען אָן שום באַװעגונג און איבער װעלכע עס איז געהאָנגען אַ פֿאַרשלייער־טער שלומער, זיך אָנגעהויבן צו באַלעבן; װאָס אַמאָל זײַנען זיי מער אַרויס פֿון די אומבאַקאַנטע נאַכט־רעגיאָנען, אין װעלכע זיי האָבן געבלאָנדזשעט, און זיי זײַנען אַרײַן אין דער ממשותדיקער רעאַליטעט, זיי זײַנען ליכטיקער געװאָרן. נאָר װאָס מער לעבן זיי האָבן אָנגענומען, אַלץ גרעסער, אַלץ דערשראָקענער, אַלץ פֿײַכטער זײַנען זיי געװאָרן. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, װי דער פּאַן װיאַ־דאָמסקי װאָלט געװוינט אין דער שטיל מיט נישט־געזעענע טרערן, אינעװייניק אין זיך. זײַן בלייך פּנים איז געװאָרן װאָס אַמאָל אויסגעצויגענער, אַן אומדער־גרינטלעכער טרויער האָט זיך פֿאַרבאָרגן אין די שאָטנדיקע באַהעלטענישן פֿון זײַנע טיפֿע שטערן־קנייטשן, נאָך מער אין די אָן אַ צאָל שװאַרצע פֿלעקן־קישע־לעך און טרערן־טאָרבעלעך, װאָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַרום די אויגן־ראַנדן. זײַנע לענגלעך געשניטענע באַקן זײַנען געװאָרן מער אײַנגעפֿאַלן, זײַן גאָמבע לענגער, זײַנע שטײַפֿע װאָנצעס זײַנען װי אונטערגעשאָסענע פֿליגל געפֿאַלן איבער די אַראָפּהענגענדיקע ליפּן. ער האָט מיך אָנגעקוקט און ערשט איצט מיך

דערזען. ער האָט אויפגעעפנט דאָס מויל צו רעדן, און עס איז געבליבן אָפן. דער קאָסטן אַרײַנגעמאַכטע ציין, פון וועלכע פיל האָבן געפעלט, איז געפאַלן אויף זײַנע יאָסלעס. ער האָט נישט נאָר קיין ווערטער נישט געפונען, נאָר לופט צו אָטעמען האָט אים אויך אויסגעפעלט. איך האָב באַמערקט, ווי ער באַמיט זיך, ווי אַ דאָרשטיקער, לופט אַנצושעפן דורך זײַנע גרויסע נאָזדרעס. איך האָב געזען, ווי דער לופט־שטראָם גייט דורך דעם דאַרן אַרויסגעשטאַרצטן קנאָפּ אין זײַן הויט־שלאַבריקן דינעם האַלדז. ער האָט זײַנע קראַמפּהאַפטע פינגער אויסגעצויגן צו מיר און זיי צוריקגענומען. ענדלעך האָט ער געפונען לופט און, שטאַמלענדיק פאַר אויפרעגונג, כעס און אויפציטערן, האָט ער מיך געפרעגט:

— דו ביסט דאָ?

— יאָ.

— און דו האָסט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט?

— געוויס.

ער האָט אַ מינוט שטילגעשוויגן, מיך דורכגעלעכערט מיט זײַן בליק, וואָס איז וואָס אַמאָל שאַרפער געוואָרן.

— דו קאָנסט נישט מער פון דאַנען אַרויסגיין!

— וואָס מיינט איר? — פרעג איך אים.

— דו האָסט געהערט מײַן סוד, דו קענסט נישט מער דאָס צימער פאַרלאָזן!

— וואָס פאַר אַ סוד? איר האָט מיר גאָרנישט פאַרטרויט.

ער האָט ענדלעך געפונען גענוג כוחות אין זיך, און מיט קראַמפּהאַפטע פינגער, מיט נערוועזער ענערגישקייט האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זײַן שטול.

— איך פאַרזיכער אײַך, אַז אײַער סוד בלײַבט בײַ מיר פאַרשלאָסן ווי אין אַ קבֿר, קיין לעבעדיקער מענטש וועט נישט געוואָר ווערן דערפון.

— דער סוד קאָן נאָר פאַרחתמעט ווערן דורך דעם טויט! — דעקלאַמירט ער, ווי עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אין אַ געמאַכטן, פאַלשן טאָן, וועלכער האָט אַכזריותדיק אויפגעריסן די קאָמעדיע, וואָס ער האָט אָפּגעשפּילט. דאָס ערגסטע איז, וואָס ער גייט צו צו דער טיר.

— וואָס טוט איר?

— דאָ בלײַבסטו, בײַ מיר!

— וואָס פאַלט אײַך אײַן? רוף איך אויס, און איך אײַל אים פלינק נאָך צו דער טיר און וויל אים שטערן זי צו פאַרשליסן.

קראַמפּהאַפטע פינגער האָבן זיך מיט פײַערדיקע נעגל אין מײַן פלייש אײַנגעקנעטן.

— איך האָב דאָך געזאָגט, אַז דאָ בלײַבסטו מיט מיר!

— אָבער וואָס פאַלט אײַך אײַן? — איך האָב זיך מיט אַן ענערגישער באַוועגונג באַפרײַט פון אים, אים אַ גוטן שטויס אָפּ געגעבן, וואָס נאָר דער אימפעט פון מײַן כעס האָט פון מיר אַרויסגעבראַכט.

ער האָט זיך געוואָקלט אויף די פיס ווי אַ שכורער, און איז שיר נישט אומגעפאַלן, ווען איך וואָלט אים נישט אונטערגעכאַפּט.

— איך האָב אײַך נישט געבעטן, אַז איר זאָלט מיר פאַרציילן אײַערע סודות, איר האָט אים מיר אַליין פאַרטרויט. שלאָפט אײַך אויס, וועט איר זיך באַרואיקן.

— שטיי, שטיי, וואוהין גייסטו?

— איך וויל נישט מער זײַן מיט אײַך. איר זענט נישט געזונט — זאָג איך אים שוין שטייענדיק בײַ דער טיר.

— דער ייִד האָט מיך באַגנבעט! דער ייִד האָט מיך באַגנבעט! — האָט פּאַן וויאַדאָמסקי אָנגעהויבן צו שרײַען.

איך האָב צוריק פֿאַרמאַכט די טיר, כּדי שכנים זאָלן נישט דערהערן זײַנע גוואַלדן. כ'האָב אים אָנגענומען בײַ דער האַנט, אַוועקגעפֿירט פֿון דער טיר און אים אַוועקגעזעצט אויף דער שטול. ער איז געווען שוואַך ווי אַ קינד און געלאָזט מיט זיך אַלץ טון.

— פּאַן וויאַדאָמסקי, איר זענט קראַנק, איר מוזט זיך באַרואיקן. איך פֿאַר־זיכער אײַך מיט אַלע הייליקייטן, אַז איך וועל פֿאַר קיינעם אײַער סוד נישט פֿאַרטרויען, באַרואיקט אײַך.

דער פּאַן האָט זײַן פּנים אין די הענט אײַנגעגראָבן, און אַזוי איז ער געבליבן זיצן אויף זײַן שטול.

איך האָב אָפּגעוואַרט אַ פּאָר מינוט און פֿאַרלאָזט די שטוב. אין קאָרידאָר האָב איך זיך געשטעלט הינטער דער טיר און זיך אײַנגעהאָרכט, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. איך האָב דערהערט אַ שטיל געוויין.

איך בין אַרײַנגעגאַנגען צוריק אין שטוב אַרײַן און געזומען אים אויף מײַנע הענט, — וואָרעם ער איז געווען שוואַך און האָט קוים מיט די פֿיס באַוואויגן, — אַוועקגעלייגט אים אויף זײַן בעט און אים צוגעדעקט.

דער פּאַן וויאַדאָמסקי האָט, ווי אַ קליין קינד, געלאָזט מיט זיך אַלץ טון.

ענדלעך בין איך אין דרויסן אויף דער פֿרײַער לופֿט. איך האָב זיך פּלינק געאײַלט אַהיים, און בײַ זיך באַשטימט, אַז צווישן אונדז איז אַלץ אויס, מער זע איך אים נישט.

# 3

## פּאַן וויאַדאָמסקיס סוד

ווי פֿאַרוואונדערט בין איך געוואָרן, ווען אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך באַ־קומען פֿון דעם פּאַן וויאַדאָמסקי אַ בריוו צוגעשיקט, וועלכער איז געווען גע־האַלטן אין אַ שטײַפֿן, קאַלטן טאָן: „אַז כאָטש איך האָב זיך באַנומען קעגן אים, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן פֿון אַ מיטגליד פֿון מײַן ראַסע, — איך האָב פֿון אים אַרויסגעגנבעט זײַן סוד, — דאָך איז ער גרייט צו האַנדלען קעגן מיר קריסטלעך און מיר מוחל זײַן, און ער פֿאָדערט מיך אויף, איך זאָל קומען צו אים אין דער וואוינונג, ער באַדאַרף מיך צו עפּעס זייער נייטיקס האָבן".

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים נישט אָפּגעענטפֿערט.

אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָב איך ווידער פֿון אים געהערט. דאָס מאָל איז אי דער אינהאַלט און אי דער טאָן פֿון בריוו געווען גאַנץ אַנדערש, ווי דאָס פֿריִערדיקע מאָל. ווען קיין גנבֿה רעדט זיך שוין נישט און אויך נישט וועגן

קריסטלעכער מחילה. ער פֿאַרשווײַגט איבערהויפּט דעם גאַנצן אינצידענט. דערפֿאַר אָבער איז דער פּאַן געוואָרן זייער סענטימענטאַל, און ער האָט מיך גלײַכצײַטיק אי פֿאַרוואונדערט און אי גערירט. אין בריוו שרײַבט ער מיר: „אַזוי ווי ער האָט זיך צוגעוואוינט צו מיר און די צוזאַמענקונפֿטן מיט מיר זײַנען געוואָרן פֿאַר אים נייטיק, סײַ פֿון פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט און סײַ צוליב די גרויסע נוצן פֿאַר דער וויסנשאַפֿט; דער אויסטויש פֿון געדאַנקען מיט מיר איז פֿאַר אים זייער נוצלעך, ווײַל זיי האָבן אויפֿגעפֿרישט זײַן זכרון, — דורכדעם בעט ער מיך, איך זאָל באַנײַען מײַנע צוזאַמענקונפֿטן מיט אים...” צום סוף פֿון בריוו מאַכט ער מיר אַ קאָמפּלימענט, אַז ער האָט זיך איבערגעצײַגט, ווי אמת עס איז דאָס שפּריכוואָרט: עס איז נישטאָ קיין כּלל אָן אויסנאַם, פֿאַרקערט, דער אויסנאַם באַווײַזט אויף דעם כּלל. דאָס האָט ער אַמבעסטן די געלעגנהייט געהאַט זיך צו איבערצײַגן דורך מײַן באַקאַנטשאַפֿט, אַז וואָס נידעריקער אַ געמיינדע שטייט, אַלץ אײדעלער און פֿײַנער זײַנען אירע אויסנאַמען — די יחידים.

דאָס האָט געזאָלט זײַן אַ קאָמפּלימענט פֿאַר מיר...

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אויך דאָס מאָל אים געלאָזט אָן אַן ענטפֿער.

ווי איבערראַשט און דערשראָקן בין איך אָבער געוואָרן, ווען אין אַ פֿרימאָרגן, בעת מײַן שטוב איז נאָך געלעגן פֿאַרשלונגען פֿון פֿאַרנעפּלטן פֿאַרטאָגס (דער שניי, וואָס איז בײַנאַכט אָנגעפֿאַלן, האָט פֿאַרדעקט מײַנע דאַך־פֿענצטערלעך), האָב איך דערהערט אויף די שמאָלע טרעפּ, וואָס פֿירן אַרויף צו מײַן בוידעם־שטיבל, ווי עמיצער שלעפּט זיך מיט שווערע, שטרויכלענדיקע טריט, הוסט אונטער מיט אַ שווינדזוכטיק הוסטעלע. די טרעפּ האָבן צו קיין אַנדער וואוינונג נישט געפֿירט, ווי נאָר צו מײַן אײַנצלנעם בוידעם־צימער, וואָס איך האָב פֿאַרנומען אין אַן אַלט האַלצערן הויז, טיף אין די ייִדישע גאַסן. איך האָב קיינעמען נישט דערוואַרט בײַ מיר אַזוי פֿרי. אין דעם שטולפּערן מיט די פֿיס און אין דעם הוסטן האָב איך נישט דערקענט, אַז דאָס זאָל זײַן אַ באַזוך פֿון מײַנס אַ באַקאַנטן. איך בין געלעגן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם אויף מײַן געלעגער, וואָרעם אין מײַן צימער, וואו פֿון אַלע זײַטן האָט דער ווינט אַרײַנגעבלאָזן דורך די האָלצערנע ווענט, איז געווען צו קאַלט אויפֿצושטיין. איך האָב געוואַרט און שפּעקולירט אין מײַן געדאַנק און געפּרוווט טרעפֿן, ווער דאָס קאָן זײַן. ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין מײַן טיר. אויף מײַן פֿראַגע, ווער דאָס איז, האָב איך דערקענט אין דער שטימע, אַז דער פּאַן וויאַדאָמסקי שטייט הינטער מײַן טיר.

איך האָב אים געבעטן צוצווואַרטן, ביז איך וועל אַביסל די שטוב אין אָרדענונג ברענגען, וואָס איך האָב עס טאַקע אין אײַלעניש געטון, און ווען איך האָב אויפֿגעעפֿנט די טיר, איז געפֿאַלן אין מײַנע אָרעמס אַ געפֿרוירענער, אַלטער מאַן.

איך האָב אים אַוועקגעזעצט אויף דער אײנציקער שטול, וואָס איך האָב פֿאַרמאָגט, בײַם אויוונדל, אין וועלכן איך האָב פֿלינק פֿון פּאַפּירן און שטיקלעך האָלץ פֿײַער געמאַכט, כּדי אים צו דערוואַרעמען. צאַפּנס אײַז זײַנען אים געהאַנגען אויף די פֿײַכטע וואָנצעס. אין אַן אויסגעקראַכענעם פֿוקסענעם פעלצל, וואָס האָט גע־מוזט געדענקען בעסערע צײַטן, איז געזעסן פֿאַר מיר אַן אַלטער, צעבראָכענער מאַן. זײַנע אויגן זײַנען געווען רויט אָנגעשוואָלן, ווי ער וואָלט שוין נישט געהאַט געשלאָפֿן עטלעכע נעכט. זײַנע בלוי־רויטלעכע, קנאָכיק־קראַמפּהאַפֿטע פֿינגער

האָבן געציטערט, ווען ער האָט זיי מיטן טיכל געהאַלטן איבער זײַן מויל, צו פֿאַר־האַלטן דעם הוסט, וועלכן מען האָט נאָר אָנגעזען אין זײַנע הוילע אײַנגעפֿאַלענע לענגלעכע באַקן.

— וואָס איז אײַך, פּאַן וויאַדאָמסקי? — פֿרעג איך פֿאַרוואונדערט, וואָרעם זײַן אָנבליק האָט מיך באַאומרואיקט — איר זענט אַרויסגעגאַנגען אין אַזאַ וועטער!

— איך בין אַרויסגעגאַנגען אין אַזאַ וועטער, ווײַל דו האָסט נישט געוואָלט קומען צו מיר, און מיר מוזן זיך זען, איך מוז דיך זען — האָט ער זיך פֿאַרריכט — איך האָב מיט דיר עפּעס זייער נייטיקס צו רעדן.

— פּאַן וויאַדאָמסקי, זעצט אײַך דאָ בײַם אויוונדל, איר ציטערט אין גאַנצן, איר זענט קראַנק.

— איך בין נישט קראַנק און איך בין געקומען איבעררעדן מיט דיר וועגן יענער זאַך...

— מיר וועלן שפּעטער רעדן, באַרואיקט אײַך, איך וועל נאָר צושטעלן אַ טשײַניקל מיט וואַסער, איר ווערט דאָך געפֿרוירן — צווינג איך אים, ער זאָל צוגיין צום בענקל בײַם אויוון און איך נעם זיך געשווינד צוצושטעלן אַ גלעזל טיי.

— איך בין נישט געקומען טרינקען טיי מיט דיר. איך בין געקומען רעדן מיט דיר וועגן עפּעס זייער נייטיקס און וויכטיקס פֿאַר אונדז ביידע.

— אויב איר ווילט רעדן מיט מיר וועגן יענעם ענין, ווײַל איך אײַך גלײַך בײַם אָנהייב נאָך אַמאָל פֿאַרזיכערן, אַז דאָס וואָס איר האָט מיר געזאָגט יענעם אָוונט, האָב איך שוין לאַנג פֿאַרגעסן. איך ווייס, אַז באַגאַבטע מענטשן מיט רײַכער פֿאַר־שטעלונגס־קראַפֿט האָבן אַמאָל וויזיעס, אַמאָל אין חלום, אַמאָל וואַכעדיקערהייט.

— אָבער דאָס האָט גאָרנישט צו טון מיט אײַער פּערזאָן. איך בעט אײַך, אַז איר זאָלט זיך פֿון קאָפּ אַרויסשלאָגן די אײַנרעדעניש, אַז איך בין דער היטער פֿון אײַער סוד. עס איז גאָר קיין סוד נישט, עס איז אַ דורכגעלאָפֿענע כימערע, וואָס איך האָב עס שוין פֿון לאַנג פֿאַרגעסן, — באַרואיק איך אים מיט מײַן גאַנצער רעדנס־קראַפֿט, צוגרייטנדיק דערווײַל פֿאַר אים אַ טעצל טיי.

ער האָט אָבער דאָס צודערלאַנגטע טעצל טיי מיט פֿאַרדרוס אָפּגעשטופּט פֿון זיך.

— איך בין נישט קיין קראַנקער אײַנגערעדטער נאַר, און דו ביסט נישט קיין דאָקטאָר, צו וועלכן איך בין געקומען פֿרעגן אַן עצה. די זאַך איז פֿיל ערנצטער ווי דו מיינסט. דאָס וואָס איך האָב דיר פֿאַרציילט יענעם אָוונט, איז נישט קיין פֿאַנטאַזיע פֿון אַ קרענקלעכער פֿאַרשטעלונג. ווייסטו, ווער איך בין? ווייסטו, ווער עס זיצט דאָ פֿאַר דיר? איך בין דער מאַן, וועלכער האָט אויסגעפֿירט די עקזע־קוציע איבער יענער אומפֿאַרשטענדלעכער, ביזן הײַנטיקן טאָג נאָך נישט אויפֿ־געקלערטער פּערזענלעכקייט אין ירושלים אויפֿן באַפֿעל פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס, מײַן באַפֿעלגעבער, לויטן משפּט פֿון כהן גדול!

— וואָס רעדט איר? וואָס מיינט איר מיט דעם אויסדרוק „יענע פּערזענלעכ־קייט״? — בין איך איצט דערשראָקן געוואָרן און מײַנע הענט האָבן געמוזט אַוודאי ציטערן, וואָרעם איך האָב געפֿילט דאָס הייסע וואַסער פֿון דעם טעצל גיסט זיך איבער זיי.

— ווען דו ווילסט דורכאויס וויסן דעם נאָמען, וועל איך דיר אים זאָגן. דאָס איז ישוע פון נצרת, וועלכן מען רופט היינט „יעזוס קריסטוס״!

— אום גאָטעס ווילן, וואָס רעדט איר, פאַן וויאַדאָמסקי?

— רוף מיך נישט צוריק אין דער מיזעראַבלער וועלט, לאָז מיך דאָרט, וואוהין איך באַלאַנג.

— אָבער אום גאָטעס ווילן, וואָס רעדט איר?

— און נישט נאָר איך האָב אויסגעפירט די עקזעקוציע איבער אים, נאָר איך האָב אים געפייניקט און באַליידיקט פאַר זיין טויט. איך בין דער מאַן, וועלכער האָט נאָכשפּיאָנירט זיין טעטיקייט, איך מער פאַר אַלע בין שולדיק אין זיין טויט, איך, איך און נישט קיין אַנדערער!...

— פאַן וויאַדאָמסקי, איר זענט קראַנק, קומט, איך וועל אייך לייגן אויפן בעט, איר באַדאַרפט זיך באַרואיקן!

— איך האָב אים געטייט, און אַזוי טייט איך אים יעדן טאָג, דורך נעכט לאַנגע אויף מיין געלעגער טייט איך אים, דורך מיין גאַנץ לאַנג לעבן...

איך בין אָפּהענטיק געבליבן. נאָך אַ ווייל איז פאַן וויאַדאָמסקי צו זיך געקומען. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער שטיין וואָלט אַראָפּ פון זיין האַרץ. ער האָט אַ טיפן זיפץ־אָפּ געגעבן.

אַ לאַנגע ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן.

נאָכדעם ווי פאַן וויאַדאָמסקי האָט זיך געהאַט באַרואיקט, איז אַן אינערלעכע דערלייכטערונג געקומען איבער אים, מען האָט עס אויך אָנגעזען אויף זיין פּנים. ער האָט זיך לאַנג אויסגעהוסט און געאָטעמט און געזאָגט אַביסל מיט אַ הייזעריקייט פון אַ פאַרגאַנגענער אויפרעגונג, אָבער אין אַ פיל רואיקערן טאָן:

— אייגנטלעך קאָן איך שוין גייך, איך האָב מיין סוד פאַרטרויט מיין פריינד. איך האָב מיך אין דיינע הענט איבערגעגעבן, קאָנסט מאַכן מיט מיר וואָס דו ווילסט. איך האָב שוין גאָרנישט וואָס צו טון, דאַנקען גאָט, — און זיך פרום געצלמט דריי מאָל.

איך בין געבליבן צעטרייסלט און האָב נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ער איז געזעסן איינגעהויקערט און איינגעקורטשעט, ווי טויזנטער שטורעמווינטן וואָלטן אַדורכגעגאַנגען זיין לייב און וואָלטן אים אויף טויזנטער שטיקלעך צעבראָכן. מיין האַרץ האָט געבלוטיקט פאַר רחמנות צו אים. איך האָב נישט געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. איך האָב נישט געקענט דעם נאָמען פון זיין קראַנקהייט, נאָר זיינע ווערטער האָבן אויפגעדעקט פאַר מיר דאָס גאַנצע גליענדיקע פייער פון גיהנום, אין וועלכן ער ברענט זיך אין די איינזאַמע נעכט אויף זיין געלעגער, די יסורים וואָס ער לעבט אַדורך, די שלאַנגען, וואָס דריקן און מאַכן ענג זיין נשמה! איך האָב אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר מיינע ווערטער זיינען פאַרשטומט געוואָרן, מיין מויל פאַרקנופּט און פאַרשלאָסן. איך האָב געשוויגן אין מיין צער.

געהאָלפן האָט ער אָבער מיר אַליין. ער האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט אין זיין קלאַמערנדיקער פויסט אַריין און געזאָגט:

— מיר האָבן היינט ביידע אַ בונד געשלאָסן. מיר זיינען פאַרבונדן צוזאַמען דורך דעם בשותּפותדיקן סוד, וואָס איך האָב דיר פאַרטרויט. מיר קאָנען זיך שוין

נישט שיידן. מיר בײדע געהערן זיך אָן צוזאַמען. דו ביסט דער אײנציקער, פֿאַר וועמען איך האָב געהאַלטן פֿאַר נײטיק צו עפֿענען מײַן דריקנדיקע נשמה.

— פֿאַן וויאַדאָמסקי, באַרואיקט אײַך, דאָס איז דאָך אַן אײַנרעדעניש. ווען איר וועט זיך אויפֿוועקן, וועט איר חרטה האָבן, וואָס איר האָט פֿאַרטרויט פֿאַר אַ פֿרעמדן אײַערע אויסגעטראַכטע פֿאַנטאַזיעס, שטילט אײַך אײַן! איר האָט פֿיבער, איך קאָן עס פֿילן דורך מײַן האַנט. קומט, איך וועל אײַך אין מײַן בעט אַרײַנלייגן. איך וועל אײַך גוט צודעקן — קוק איך זיך אַרום פֿאַרלעגן, מיט וואָס איך קאָן אים צודעקן — נאָט, איך וועל אײַך אַ גלעזל טיי אָנגיסן, איר וועט זיך דערוואַרעמען און וועט אין אַלעם פֿאַרגעסן.

אָבער פֿאַן וויאַדאָמסקי האָט געהאַלטן מײַן האַנט אין זײַנער.

— אין וואָס וועל איך פֿאַרגעסן? דאָס וואָס איך בין? דאָס וואָס איז די אויפֿגאַבע פֿון מײַן לעבן? אין דעם, צו וועלכן איך בין פֿון גורל באַשטימט? וואָס מיינסטו, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דיר פֿאַרציילט, איז פֿון פֿינגער אויסגעזויגן? אַ „קראַנקע פֿאַנטאַזיע", זאָגסטו? זעסטו דען נישט, אַז דאָס איז מײַן אמתדיק לעבן? איך קלער דערפֿון יעדע מינוט פֿון טאָג. מײַן לעבן פֿון הײַנט איז פֿאַלש, אַ מאַסקע, וואָס איך טראָג; דאָס אַנדערע לעבן, וואָס איך האָב געפֿירט דאָרטן אַמאָל — דאָס איז עכט און אייביק. איך לעב עס אַדורך יעדע מינוט, ווען איך בין מיט דיר אַליין, איך הער די שטימען פֿון יענער צײַט רופֿן אין מיר. בײַנאַכט אויף מײַן געלעגער, דורך דעם לאַנגן שלאָפֿלאָזן נאַכט־גיהנום, ווער איך מגולגל אין יענער פּערזענלעכקייט, וואָס איך בין, און איך לעב נאָך אַמאָל איבער דאָס לעבן פֿון אַמאָל. איך געפֿין זיך אין יענע שטעט, אויף יענע גאַסן, צווישן יענע מענטשן. וואָס זאָל איך פֿאַרגעסן? — מײַן גאַנץ שטודירן, מײַנע פּאַפּירן, וואָס איך האָב געשריבן, אַלע מײַנע שטודיר־רײַזעס, וואָס איך האָב געמאַכט, אַלע מײַנע געפֿאַרן, אין וועלכע איך האָב זיך געפֿונען, אַלע אַנטדעקונגען פֿון נײַע קוועלן, וואָס איך האָב אַנטפּלעקט, דאָס גריבלען זיך אין אַלטע ביכער? פֿאַרוואָס זיץ איך גאַנצע טעג אין די ביבליאָטעקן? פֿאַרוואָס שליס איך אָפּ פֿון מיר דאָס ליכט פֿון טאָג און איך וויל קיין אַנדער לעבן, קיין אַנדערע מענטשן נישט זען? און פֿאַרוואָס האָב איך דיך מיטאַרײַנגעצויגן אין מײַן טיפֿן סוד, כּדי איך זאָל פֿאַרגעסן? דו ביסט דאָך אַ טייל פֿון דעם סוד, דו ביסט דאָך מיטגעווען מיט מיר אין יענער צײַט! ווען איך קוק אויף דײַן פּנים, דערמאָן איך זיך אין אַלעם. דו ביסט דאָך, פּונקט ווי איך, דער אייביק דויערנדער צווישן די אַלע מינוט־מענטשן, וואָס קריכן אַרום ווי ווערעם איבער דער גאַס; הײַנט זײַנען זיי דאָ און מאָרגן ווערן זיי אָפּגעווישט. ווער וועט עס וויסן פֿון זיי אין פֿופֿציק יאָר, אין פֿינף און צוואַנציק יאָר אַרום? אָבער דו און איך זײַנען אייביק, אייביק צווישן דעם דורכפֿליענדיקן שטויב, ווײַל מיר זײַנען געווען דענסטמאָל אין יענע צײַטן און מיר לעבן אין אַלע צײַטן, אין אַלע אייביקייטן...

איך האָב אים געלאָזט אויסרעדן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט זיך באַדאַרפֿט אויסרעדן, אַרויסגעבן פֿון זיך אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט דורך די פּאָר טעג, אָדער אפֿשר גאָר דורך זײַן גאַנץ לעבן, אַלץ וואָס ער האָט אויסגעווייטאָגט אין די שלאָפֿלאָזע נעכט, דורך וועלכע ער איז אַדורכגעגאַנגען. איך האָב געשוויגן.

— דו שווייגסט, יוחנן? — האָט ער מיך אָנגעקוקט.

— וואָס זאָל איך אייך ענטפערן, פאַן וויאַדאָמסקי?

— פאַרוואָס רופסטו מיך ביי מיין פאַלשן נאָמען? פאַר דיר בין איך קאָר־נעליוס, דער כיליאַרך פון דער אַנטאָניאַ אין ירושלים.

— גוט, קאָרנעליוס. אָבער איר וועט דערגאָך חרטה האָבן.

— וואָס וועל איך חרטה האָבן? פאַר דיר האָב איך נישט וואָס חרטה צו האָבן, ווייל דו און איך לעבן נישט דאָס לעבן פון היינט, נאָר דאָס לעבן פון אַמאָל. דענסטמאָל זיינען נאָך נישט געשאַפן געוואָרן די באַדינגונגען און די אומשטענדן פון היינט, פאַר וועלכע מיר באַדאַרפן זיך שעמען, פאַרלייקענען אָדער צו אָנער־קענען און דערפאַר חרטה צו האָבן. דו ביסט מיין צייט־גענאָסע, נאָך מער — דו ביסט מיין משפחה, נאָך מער ווי משפחה, דו ביסט מיין איינציקער מיט־מענטש. פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע טראָג איך אַ מאַסקע, פאַר דיר בין איך — איך אַליין, פאַר דיר האָב איך גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטן, דו און איך זיינען די איינציקע, וואָס געדענקען אין דעם ים פון פאַרגעסן. דעריבער האָב איך דיך געזוכט מיין גאַנץ לעבן, און ווען איך האָב דיך באַגעגנט, האָב איך דיר אָנפאַר־טרויט אַלץ און איך וועל דיר פאַרציילן אַלץ, וואָס איז דאָ טיף באַהאַלטן אין מיר און וואָס איך וועל קיין מאָל נישט פאַר קיינעם פאַרן מויל ברענגען. איך וועל דיר דערציילן, אַז דו זאָלסט פאַרשרייבן יעדעס וואָרט, יעדן דעטייל, ווייל ערשט דורך דיר ווער איך — איך. ערשט ווען איך קום זיך צוזאַמען מיט דיר, ווער איך צייטלאָז און אייביק און דערפאַר ציט מיך אַזוי צו דיר, דערפאַר קאָן איך זיך נישט אָפּטשעפּען פון דיר. איך מוז שטענדיק האָבן מיט דיר צו טון. און קאָן איך דיך נישט ליבן, מוז איך דיך האַסן, ווייל אַן דיר בין איך שטויב, אַן דיר בין איך דער אָרעמער היינטיקער פאַן וויאַדאָמסקי, וועלכער טראָגט אַ שווערע זינד אויף זיך. מיט קאָרנעליוס שעם איך זיך, ער שמייסט מיך מיט ביטערע חרטה־ריטער, ער דריקט מיין האַרץ ווי אַ מילשטיין. ערשט דורך דיר קריג איך אַ זינען, פאַרשטיי איך די מעשים פון דענסטמאָל און איך ווער זיכער ביי זיך, אַז דאָס וואָס איך האָב געטון, האָב איך באַדאַרפט טון, דאָס האָט מיין פליכט פון מיר פאַרלאַנגט. דורך דיר ווער איך שטאָלץ צו זיין וואָס איך בין — דער ריכ־טיקער קאָרנעליוס! זאָג, ווער בין איך? ווער שטייט פאַר דיר? דערקענסט מיך?

— געוויס דערקען איך אייך — קאָרנעליוס! הגמון קאָרנעליוס, דער קאָמענ־דאַנט פון דער פעסטונג אַנטאָניאַ, פאַר וועלכן גאַנץ ירושלים ציטערט ווי אַ בלאַט. ווען ער גייט אַדורך אין דער שפּיץ פון זיין קאָהאָרטע דורך דעם היידן־הויף פון בית־מקדש, באַהאַלטן זיך אַלע פאַר אים אויס מורא.

דאָס, זעט זיך אויס, האָט אים מער באַרואיקט ווי אַלע אַנדערע מיינע מיטלען. עס האָט געווירקט אויף אים, ווי מען שפּריצט איין אַפּיום אַ ניקאָטין־דורשטיקן. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף דעם בענקל ביים איוון אַן אויסגעמוטשעטער, אָבער דערפאַר אַן אויסגעשפּאַנטער און אַ דערלייכטערטער.

— אָבער איצט קומט, וועל איך אייך לייגן אויפן בעטל, איך וועל אייך מאַכן אַ גלאָז טיי, אָדער אפשר זאָל איך גאָר אַראָפּלויפן אַרויפברענגען אַ ייִדישע חלה, וואָס איר האָט אַזוי ליב?

— נישט פֿריִער, נאָר ביז דו וועסט מיר צושווערן בײַ די הייליקע קליידער פֿון כּהן גדול, ווי די ייִדן האָבן עס געטון אין ירושלים.

— וואָס זאָל איך אײַך צושווערן בײַ די הייליקע קליידער פֿון כּהן גדול?

— אַז דו וועסט קומען צו מיר יעדן אָוונט און דו וועסט אויפֿנעמען די שריפֿט; איך וועל דיר זאָגן און דו וועסט פֿאַרשרײַבן אות בײַ אות וועגן די אַלע זאַכן, וואָס זײַנען דענסטמאָל געשען, אין קיין אַנדער ליכט נישט באַלויכטן, נישט פֿון קיין שום צײַט און נישט פֿון קיין שום צוגעהעריקייט, וואָס די מענטשן האָבן די מעשׂים צוגעגעבן. עס זײַנען פֿאַראַן פֿיל אמתן און אַלע אמתן זײַנען וואָר. דער אמת ווערט אַרײַנגעשמיסן אין האַרץ דורך טויזנטער מיטלען, דורך שווערד און וואָרט, דורך טראַדיציע און גלויבן. נאָר יענער אמת איז דער ריכטיקער, וועלכער איז פֿאַראַנקערט אין זײַן צײַט, אין דעם מאָמענטאַלן געדײַען פֿון זײַן זײַן. מיר ביידע מוזן זיך צוריק־נורטעווען דורך די אַלע אָנגענומענע אמתן, וועלכע ווילן אונדז אַראָפּשווענקען מיט זייערע שטראָמען, און אונדז אויפֿהאַלטן בײַ זייער צײַט־גערעכטיקייט. מיר מוזן דערגרייכן דעם ערשטן אָנהויב, וואָס דו און איך זײַנען געווען עדות פֿון אים. אויך דו — איך דערקען דיך, יוחנן, איך האָב דיך אָנגעכאַפּט, יוחנן, דאָס מאָל וועסטו פֿון מײַן האַנט נישט אַנטרינען, — און ווי דענסטמאָל האָט ער אויסגעצויגן צו מיר זײַן פֿאַרשטײַפֿטע פֿויסט, — און מיר וועלן באַריכטן פֿון די מענטשן און מעשׂים, אַזוי ווי זיי זײַנען אויף אייביק אײַנגעקריצט געוואָרן אין אונדזער אויפֿפּאַסונגס־חוש. אָ, זיי קומען צוריק צו מיר אין די נעכט, יעדער איינער פֿון זיי — מײַנע אַלטע פֿרײַנד, מײַנע אַלטע שׂונאים. ניין, נישט אַלטע, נאָר הײַנטיקע, אייביקע, אמתע, אומגעענדערטע. זאָגסט עס מיר צו, יוחנן? — כאַפּט ער אָן מײַן האַנט און לאָזט מיך שוין נישט אָפּ פֿון זיך.

— יאָ, הגמון, איך זאָג אײַך צו און איך שווער עס אײַך בײַ די קליידער פֿון כּהן גדול.

פֿאָן וויאַדאָמסקי האָט אָפּגעעטעמט און אַ לאַנגן זיפֿץ געגעבן.

— אָבער איצט, גלויב איך, וועט זײַן דאָס בעסטע, אַז איך וועל אײַך אַהיימפֿירן, איר באַדאַרפֿט האָבן רו, און מאָרגן וועל איך קומען צו אײַך.

— ניין, נישט מאָרגן, נאָר הײַנט שוין, הײַנט אין אָוונט דערוואַרט איך דיך, וואָרעם „די צײַט איז קורץ און די אַרבעט איז פֿיל" — האָט מען בײַ אײַך אין ירושלים אַ ווערטל געזאָגט.

— גוט, הגמון, דײַן ווילן זאָל געשען!

# 4

## ווער איז געווען פּאָנטיוס פּילאַטוס?

מיר האָבן פֿאַרבראַכט די לאַנגע אָוונטן פֿון דעם ווינטער דערמיט, וואָס ער האָט מיר פֿאַרציילט פֿון זײַן אויסגעטראַכטן אָדער אמתדיקן לעבן, שוין נישט מער אין אַ היפּנאָטישן, נאָר אין אַ גאַנץ נאַטירלעכן צושטאַנד, ווי ער וואָלט פֿאַרציילט פּאַסירונגען, וואָס זײַנען ערשט נעכטן געשען. ער האָט אַפֿילו צוריקגעפֿונען זײַן הומאָר און זײַן האָפֿערדיקייט. צווישן אונדז איז אײַנגעשטעלט גע־

וואָרן אַזעלכעס, וואָס מיר קאָנען אָנרופֿן — אַ טאָפּלט לעבן: ווען ער האָט מיר פֿאַרציילט פֿון זײַנע אַמאָליקע איבערלעבענישן, איז ער געווען דער הגמון קאָרנעליוס מיט אַלע זײַנע אַטריבוטן... אין אַנדערע צײַטן פֿון טאָג, ווען מיר האָבן געהאַט צו טון מיט די קליינע אינטערעסן פֿון לעבן, איז ער געווען דער פּאַן וויאַדאָמסקי.

מערקווירדיק, ווי מען קאָן זיך צו אַלעם צוגעוואוינען! מיך האָט שוין אויך נישט מער געוואונדערט, וואָס בשעת ער האָט געהאַלטן אין פֿאַרציילן, פֿלעגט ער פֿון צײַט צו צײַט נאָכקוקן אין זײַנע פֿיל נאָטיץ־ביכלעך; עס איז מיר פֿאַרגעקומען גאַנץ נאַטירלעך, פּונקט ווי אַ מענטש, וועלכער האָט געמאַכט אַ לאַנגע רײַזע און וויל אָפּפֿרישן זײַנע רײַזע־אײַנדריקן, באַנוצט ער זיך מיט זײַנע געמאַכטע נאָטיצן.

וואָרעם בשעת פּאַן וויאַדאָמסקי האָט געמאָלן פֿאַר מיר זײַנע אַמאָליקע איבערלעבענישן, איז נישט נאָר ער, נאָר אויך איך בין אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַן אַנדערער וועלט. ער האָט מיך פּשוט היפּנאָטיזירט; איך האָב פֿאַרלוירן יעדע באַציאונג צום הײַנטיקן לעבן, צו דער רעאַליטעט, וואָס רינגלט מיך אַרום.

דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויף מיר זײַן פּנים, זײַן גאַנץ וועזן. דער מענטש, וואָס איז געזעסן פֿאַר מיר אויף דער צווייטער זײַט טיש, באַלויכטן מיט דעם ליכט, וואָס איז געפֿאַלן אויף אים פֿון דעם אַראָפּהענגענדיקן לאָמפּ, איז גאָרנישט געווען קיין מענטש פֿון הײַנט. אַרום אונדז האָט די נאַכט פֿאַרשלונגען אַלץ, וואָס האָט זיך אין שטוב געפֿונען; מיר זײַנען געשוואומען אין אַ באָדנלאָזן חלל פֿון שאָטנס. איך האָב נאָר געהאַט פֿאַר מיר דאָס אויסערגעוויינלעך בלייכע פּאַרמעט־געזיכט, וואָס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט פֿאַרלוירן דעם לבוש פֿון אַ הײַנטיקן לעבעדיקן קערפּער, נאָר עס געהער צו אַ שד — אַ דיבוק. די פֿאַרגאַנגענהייט און די קעגנוואַרט האָבן זיך אין זײַן מוח צוזאַמענגעמישט. דאָס האָט זיך אויך אין זײַן לשון אָפּגעשפּיגלט. אין זײַן פֿאַרציילן האָט ער זיך אַמאָל באַנוצט מיט דער פֿאַרגאַנגענהייט, אַן אַנדערש מאָל האָט ער פֿאַרציילט אַזוי ווי די אַלע מעשׂים וואָלטן איצט געשען.

ווי ער האָט גערעדט, אַזוי האָב איך פֿאַרשריבן:

איך בין דער קאָמענדאַנט פֿון דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ, מײַן אָפֿיציעלער טיטול איז „כיליאַרך", די ייִדן רופֿן מיך „הגמון". צוליב דער וויכטיקער און דעליקאַטער אויפֿגאַבע, וואָס מײַן מיסיע האָט אַרויפֿגעלייגט אויף מיר — צו האַלטן אין צוים אַזאַ פֿרעמד און רעוואָלטירנדיק פֿאָלק ווי ייִדן זײַנען — האָט מען אויסגעזוכט פֿאַר איר אַלס עלטסטן אַזאַ איינעם, וועלכער באַזיצט אַחוץ זײַנע מיליטערישע אויך אַדמיניסטראַטיווע פֿעאיקייטן. איך האָב אויך דערפֿילט די פֿליכט פֿון אַ פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר און בין געווען צוגעטיילט אָפֿיציעל צו דער פּאָליטישער אָפּטיילונג בײַ פּראָקוראַטאָר פּאָנטיוס פּילאַטוס, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען אין דעם ווילדן לאַנד געקומען. איך פֿלעג אויך אין מײַנע אַמטלעכע אויפֿגאַבן אַרומפֿאָרן צווישן ירושלים און צעזאַריע, צווישן צעזאַריע און אַנטיאָכיע צום לעגאַט וויטעליוס, וועלכער איז געווען אונדזער געביטער און הויפּט־באַפֿעלער. אין כאַראַקטער פֿון מײַן דינסט פֿלעגט מיר אויסקומען אויך צו באַזוכן די שכנותדיקע טעטראַרכן פֿיליפּוס און הורדוס אַנטיפּאַס. איך בין געווען אין צעזאַרעאַ־פֿיליפּי, אַן אַנדערש

מאָל אין טבֿריה, אויך איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אין נאַבלוס (שכם), פֿאַר־שטייט זיך. איך בין אַפֿילו איין מאָל פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צום טעטראַרך פֿון גליל, הורדוס אַנטיפּאַס, אין זײַן פֿעסטונג „מכוור", וואָס ער האָט געהאַט אויף יענער זײַט ים־המלח אויף אַ שטיינערנעם באַרג, אין אַ ים פֿון זאַמד און ווילדעניש. איך האָב אָנומעלט דאָרט בײַגעוואוינט אַ סצענע, וואָס פּאַסט זיך אַרײַן אין דער אַטמאָספֿערע פֿון די היץ־ און מדבר־ווינטן, צווישן וועלכע דאָס אָרט געפֿינט זיך. נאָר וועגן דעם וועט מיר אויסקומען אַן אַנדערש מאָל צו פֿאַרציילן, ווען איך וועל צוקומען דערצו...

מיט פּאָנטיוס פּילאַטוס בין איך נאָך באַקאַנט פֿון יענער צײַט אָן, ווען מיר האָבן זיך ביידע געפֿונען אין די לעגיאָנען אונטער דער קאָמאַנדע פֿון גער־מאַניקוס אין זײַן מלחמה־צוג קעגן די גערמאַנען. פּילאַטוס האָט נישט באַזעסן קיין פֿיל גרעסערן טיטול פֿון מיר. ער איז בסך הכל מיט איין שטופּע העכער געווען. מיר זײַנען ביידע געווען „צענטוריאָנס" (עלטסטער איבער הונדערט), אָבער מיט דער גרעסטער אויסזיכט אויף אַ העכערן ראַנג. איך האָב אַדורכגעמאַכט מיט גערמאַניקוס אַלע געפֿערלעכע מלחמה־אָפּעראַציעס אין דעם ווילדן לאַנד פֿון די גערמאַנישע באַרבאַרן, אַדורכגעשלאָגן זיך דורך די דיקסטע, פֿאַרשאָטנסטע, מיט סטאַוון פֿאַרפֿלייצטע וועלדער. נישט איין וואונד פֿון אַ שפּיז אָדער פֿײַל, גע־צילט פֿון אַ באַהאַלטן אָרט הינטער אַ בוים אָדער פֿון דער געדיכטעניש פֿון אַ קזשאַק פֿון אַ באַרבאַרס האַנט, טראָגט מײַן לײַב פֿאַר דער גלאָריע פֿון רוים, פֿאַר דעם כּבוד פֿון קייסער. געווען מיט גערמאַניקוס אויף דער שיף איבער דעם אומ־באַקאַנטן טײַך, ווען די וואַסערן עס זײַנען אַזוי טונקל ווי די וועלדער פֿון דעם לאַנד; געווען מיט אים, ווען דער שטורעם האָט געטראָגן צו אומבאַקאַנטע ברעגן, אויף וועלכע אַ ווילדער אומברחמנותדיקער פֿײַנד וואַרט אויף דיר זיכער. צײַטן זײַנען דאָס געווען, ווען דער קריגספֿירער האָט אונדז דורך די שוואַרצע פֿײַכטע וועלדער פֿון דעם קריגערישן לאַנד אַדורכגעפֿירט, און דו האָסט נישט געוואוסט, פֿון וועלכן ווינקל עס לויערט אויף דיר דער טויט: צי אַ פֿאַרהוילענער זומפּ, פֿאַרשטעלט מיט מאָך און בלעטער, וועט זיך עפֿענען פֿאַר דײַנע פֿיס ווי אַ תּהום און דיך אײַנשלינגען, צי אַ קלאַפּ פֿון אַ האַק פֿון אַ באַרבאַרס האַנט פֿון הינטער אַ פֿינצטערער צווײַג וועט מיט נאַכט דײַנע אויגן אויף תּמיד שליסן. און דאָך זײַנען מיר געגאַנגען אין דער פֿינצטערער אומבאַוואוסטקייט. און ווען נישט דער אייפֿערזיכטיקער, כיטרער קייסער טיבעריוס, וועלכער האָט נישט פֿאַרגינען אונדזער חייל־פֿירער זײַנע זיגן, וואָלטן מיר רוימס אַדלערס געווען אַדורכגעטראָגן דורך די שוואַרצע וועלדער צו יענע פֿעלקער פֿון מזרח, וועלכע האָבן נאָר איין אויג אין שטערן און הערנער אויפֿן קאָפּ.

ווען מיר זײַנען צוריקגעקומען קיין רוים מיט גערמאַניקוס חייל, זײַנען מיר אַלע דענסטמאָל געשטאַנען אין שאָטן פֿון אומגנאָד, וואָס איז געפֿאַלן אויף אונ־דזער קריגספֿירער, פֿאַרנאַכלעסיקט און פֿאַרלאָזט. אָבער פּילאַטוס האָט שוין דע־מאָלט געהאַט גרויסע אַמביציעס. ער האָט נעמלעך געהערט, אַז עס איז פֿרײַ געוואָרן די שטעלע פֿון פּראָקוראַטאָר איבער יהודה, און ער האָט זיך אָנגעהויבן באַמיען זי צו באַקומען. אמת, די פּראָווינץ פֿון יהודה איז אַ קליינע, אַ לאַנגווײַ־ליקע און די באַפֿעלקערונג אַן אומרואיקע און קריגערישע. יעדע פֿאַר וואָכן

קומען דאָרט פֿאַר אויפֿשטאַנדן. ער האָט אָבער געהערט, אַז די פּראָקוראַטאָרן ווערן דאָרט, אין יהודה, זייער שנעל רײַך. גראַטוס, דער אַראָפּגעזעצטער פּראָקו־ראַטאָר, וועלכער איז געוואָרן צוריקגערופֿן קיין רוים, איז דאָרט, אין יהודה, דורך אַ קליינער צײַט נתעשר געוואָרן. די ייִדעלעך האָבן, נעמלעך, אַ געוואוינ־הייט צו קאָנקורירן צווישן זיך וועגן דער שטעלע פֿון כּהן גדול. דאָס איז שוין איין מאָל אַ שטעלע! דאָס גאָלד פֿון אַלע ייִדן אין דער וועלט קאָנצענטרירט זיך אין דעם אוצר פֿון בית־מקדש. פֿיר פֿאַמיליעס זײַנען זיי געווען, וועלכע זײַנען באַרעכטיקט צו באַקליידן דעם הויכן אַמט. גייט אָן אַ גײַאָגעניש צווישן די פֿאַ־מיליעס צוליב דער פֿעטער שטעלע פֿון כּהן גדול. ברודער האָט אויסגעדונגען בײַ ברודער, איידעם בײַ שווער. גראַטוס האָט יעדעס יאָר געשטעלט דעם פּאָסטן פֿון כּהן גדול אויף ליציטאַציע צווישן די פֿיר רײַכע כּהנישע משפּחות. ווי די לויף־פֿערדלעך האָט ער זיי געלאָזט יאָגן זיך פֿאַר דעם פֿעטן ביסן פֿון דעם אַמט. פּילאַטוס האָט געהערט, אַז יהודה איז אַ שמאַלץ־גרוב, אַזאַ קו, וואָס גיט אַזוי פֿיל מילך, האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ און באַשלאָסן וועלטן אַדורכצוזעצן, אָבי די דאָזיקע שטעלע צו באַקומען.

ווי אַזוי דערגרייכט ער דאָס? געשטאַמט האָט ער פֿון קליינעם יחוס. אַ שפּאַ־ניער איז ער געווען. זײַן פֿאָטער איז ערשט געאָדלט געוואָרן פֿאַר פֿאַרראַטן זײַנע לאַנדסלײַט: פּילאַטוסעס פֿאָטער איז איינער פֿון די ערשטע פֿון זײַנע לאַנדס־לײַט איבערגעגאַנגען צו די רוימער. לויט זײַן ראַנג האָט פּילאַטוס נישט געקאָנט פֿאַרנעמען קיין פּלאַץ אין סענאַט און דורך דעם נישט געקאָנט ווערן קיין שטאַט־האַלטער. אמת, אַז דער פּראָקוראַטאָר פֿון יהודה האָט נישט באַדאַרפֿט זײַן פֿון סענאַטאָרישן ראַנג, אָבער באַקליידן אַ שטעלע אַלס פּראָקוראַטאָר פֿון אַ פּראָווינץ — האָט מען שוין געמוזט ווער זײַן!

ער האָט באַלד אײַנגעזען, אַז דאָס זײַניקע צו דערגרייכן קאָן ער אין רוים נאָר דורך צוויי מיטלען: דורך חניפֿה און דורך פֿאַרראַט.

בײַם קייסער טיבעריוס האָט זיך אויפֿגעהאַלטן זײַן פֿופֿצן־יאָריקע שטיפֿ־טאָכטער אויף „דערציאונג"... קלאַודיאַ איז געווען די טאָכטער פֿון זײַן אייגן ווײַב יוליאַנאַ. די יוליאַנאַ, נאָך דעם ווי זי האָט צום דריטן מאָל חתונה געהאַט מיט טיבעריוס, האָט אַזעלכע אָרגיעס געפּראַוועט אין קייסערלעכן הויף מיט שקלאַפֿן, אַז איר פֿאָטער, דער דעמאָלסדיקער קייסער אויגוסטוס, האָט מורא געהאַט פֿאַר אַן אָפֿענעם סקאַנדאַל און ער האָט זי פֿאַרשיקט פֿון רוים. דאָרט, אויף דער פֿאַרשיקונג, האָט זי געבוירן אַן אומגעזעצלעך קינד פֿון עפּעס אַ רוי־מישן ריטער. דאָס איז געווען דאָס קליינע מיידעלע קלאַודיאַ. ווען דאָס מיידעלע איז אַלט געוואָרן דרײַצן יאָר, האָט עס די מוטער אָוועקגעשיקט אויף „דערצי־אונג" צו איר מאַן טיבעריוס, וועלכער איז נאָך אויגוסטעסעס טויט דערגאַנגען צו דעם רוימישן טרוין. נו, ווייסן דאָך אַלע, וואָס די „דערציאונג" בײַם קייסער טיבעריוס האָט באַדײַט? דער אויסגעלאַסענער, פֿאַלשער פֿוקס, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין פֿאַרגלאָצן די אויגן, געמאַכט זיך פֿאַר אַ פֿרומען צדיק, און ווען דער סענאַט האָט אים אָנגעבאָטן דעם טיטול צו רופֿן זיך „פֿאָטער פֿון פֿאָטער־לאַנד", האָט ער עס מיט אַ פֿרומקייט אָפּגעוואָרפֿן, געמאַכט דעם אָנשטעל אַפֿילו, אַז קעגן זײַן ווילן נעמט ער אויף זיך די שווערע לאַסט פֿון דער רוימישער אימ־

פּעריע; דער שקלאַף פֿון רוימס פּעבל, וועלכער האָט קיין מאָל דעם מוט נישט געהאַט קעגן דעם פּעבל אַרויסצוטרעטן, — נאָר קעגן דער אַריסטאָקראַטיע, — דער דאָזיקער קייסער טיבעריוס איז געווען אַן אויסגעלאַסענער בעל־עבירהניק. די קרענקלעכע תאווה ליגט אים אַפילו אויפֿן פּנים אויסגעגאָסן. זײַן קליינער שטערן, די אַראָפּהענגענדיקע אונטערשטע ליפּ, די שמאָלע אָפּגעהאַקטע גאָמבע, דאָס דאָזיקע פֿויגל־פּנים — דריקט אויס באַהאַלטענע כיטרעקייט און זינדיקע ליידנשאַפֿט. קיינער האָט קיין מאָל נישט געוואוסט אין רוים, וואָס דער קייסער קלערט, אַפילו זײַנע נאָענטסטע האָבן נישט געוואוסט ווי זיי האַלטן מיט אים, צי ער וועט זיי נישט אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן אַ פֿיסל אונטערשטעלן, ווי ער האָט עס געטון מיטן איידעלן גערמאַניקוס אָדער אויך מיט זײַן ליבלינג, דעם פֿרײַנד פֿון זײַן אייגענעם געשטאָרבענעם זון, מיט דעם ייִדישן פּרינץ אַגריפּאַ. אַזוי באַ־האַלטן איז ער געווען אין זיך. אָט דער טיבעריוס האָט געהאַט די געהיימע ליידנ־שאַפֿט צו האַלטן בײַ זיך אין הויף אַ „שולע" פֿון קליינע מיידלעך, וועלכע ער אַליין האָט „דערצויגן"... זײַנע „פֿישלעך" — האָט ער גערופֿן די קליינע מיידלעך, כאַ, כאַ... ווען ער האָט אַ באָד גענומען, האָט ער זיי געלאָזט שפּילן צווישן זײַנע פֿיס... קאָן מען זיך שוין פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ צדיקת די קלאַודיאַ האָט געקאָנט בײַ אים אויסגעוואַקסן. איר מוטער, די אויסגעלאַסענע יוליאַנאַ, האָט פֿאַרשטענדלעך מיט אַ כיוון צו אים געשיקט די קליינע, געוואָלט זיך דורך דעם געשענק אונטערחנפֿענען בײַם קייסער, איר מאַן. פֿאַרשטייט זיך, אַז גאַנץ רוים האָט דערפֿון געוואוסט. מען האָט גערעדט וועגן דעם אין אַלע גאַזעלשאַפֿטן. די בכבודיקע סענאַטאָרן האָבן אויף די זיצונגען אײַנגערוימט זיך אין די אויערן די איינצלהייטן פֿון טיבעריוסעס „דערציאונגס־מעטאָדן", און האָבן זיך אַמוזירט בשעת די לאַנגווײַליקע רעדעס אין סענאַט. אַך, איז דאָס געווען אַ מאַטעריאַל פֿאַר די רוימישע מאַטראָנעס צו מוטלען און רכילות צו טרײַבן! ווען זיי זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אין די זײַלן־האַליעס פֿון זייערע הײַזער אָדער אין די קיל־גערטנער, האָבן זיי אָוועקגעשיקט זייערע שקלאַפֿן, נישט דערפֿאַר, ווײַל זיי האָבן זיך געשעמט אין זייער קעגנוואַרט פֿון אַזעלכע זאַכן צו רעדן, נאָר דערפֿאַר, ווײַל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די שקלאַפֿן זאָלן זיי נישט פֿאַרמסרן, אַז זיי רעדן אויס רכילות אויפֿן קייסער.

פֿאַרשטייט זיך, וועלכער רעספּעקטפֿולער רוימישער אַדלמאַן וועט זיך גיין אַראָפּלאָזן און אויסלעקן דעם טעלער, וואָס דער אַלטער טיבעריוס האָט איבער־געלאָזט!... אויף אַלעמען האָט געציטערט די הויט, אַז דער קייסער זאָל אַמאָל נישט באַפֿעלן עמיצן פֿון די רוימישע ריטער חתונה צו האָבן מיט דער קליינער קלאַודיאַ, כּדי פֿאַר לײַטן צו רעהאַביליטירן איר רעפּוטאַציע. אָבער דאָ האָט זיך געפֿונען אַ בעלן, און דאָס איז געווען אונדזער פּאָנטיוס פּילאַטוס.

קודם־כּל האָט פּילאַטוס אָנגעהויבן אַרויסצווײַזן גרירטע פֿאַרערונג צו דער קליינער קלאַודיאַ. ער האָט געקאָנט אָפּשטיין שעהן לאַנג צווישן די זײַלן פֿון קייסערס פּאַלאַץ אויבן אויפֿן פּאַלאַטין־באַרג אָדער קעגנאיבער דעם טעאַטער „מאַקסימוס" און אָפּוואַרטן, ביז די שקלאַפֿן וועלן אַרויסטראָגן די קליינע אין איר טראָג־שטול אויף שפּאַציר אָדער צום טעמפּל. ער האָט זי געלאָזט מיט רויזן באַ־וואַרפֿן, ער האָט באַשטעלט בײַ די רוימישע גאָלדשמידן די ראַפֿינירטעסטע

רינגען — נישט בלויז די הענט פֿון דער קליינער קלאַודיאַ, נאָר אויך דעם האַלדז פֿון איר קליינעם פּאַפּוגײַ אַפֿילו צו באַצירן. ער האָט אָנגעשטעלט וואָרזאָגערינס, כאַלדעאישע כשופֿמאַכערינס, וואָס עס האָט נישט געפֿעלט אין רוים, אַלעקסאַנדריער שלאַנגען־באַשווערערס, אַז זיי זאָלן שטיין גרייט בײַם קייסערס פּאַלאַץ און ווען די קליינע קלאַודיאַ, אָדער ווער עס איז פֿון איר משפּחה וועט זיך ווײַזן, זאָלן זיי איר נביאות זאָגן, אַז אַ רוימישער ריטער פֿון שפּאַנישן אָפּשטאַם איז איר ריכטיקער באַשערטער.

אָבער פֿיל האָבן אים מיטגעהאָלפֿן זײַנע אַמביציעס צו דערגרייכן און דאָס האַרץ פֿון דער קליינער קלאַודיאַ צו געווינען — טאַקע די ייִדעלעך אַליין...

אין רוים האָט זיך געפֿונען פֿון לאַנגע צײַטן אָן אַן אָנגעזעענע ייִדישע געמיינדע. פֿון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען קיין רוים? דאָס פֿרעגט מען נישט. ווען און וואו זײַנען זיי דען נישט געווען? מען זאָגט, אַז פּאָמפּעאוס האָט אַ גרויסע צאָל ייִדישע געפֿאַנגענע געבראַכט קיין רוים. זיי האָבן דורך דער ייִדישער אחדות, וואָס האָט פֿון תּמיד אָן בײַ זיי געהערשט, מיט קהלישע מיטלען זיך אויסגעלייזט פֿון שקלאַפֿערײַ און זײַנען געוואָרן פֿרײַע מענטשן. אין דער צײַט פֿון צעזאַר האָבן זיי אַפֿילו געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע. ווי אַלע גרויסע מענער, האָט צעזאַר געהאַט זײַנע קאַפּריזן, און איינע פֿון זײַנע קאַפּריזן זײַנען געווען די ייִדן. ער האָט זיי זייער צעלאָזן, — שוין דער גרויסער ציצעראָ האָט געקלאָגט דערויף. אויך בײַ אויגוסטוס קייסער האָבן זיי זיך זייער געמערט אין רוים, און אין אונדזער צײַט איז שוין רוים פֿול געווען מיט זיי. אַנומלט האָט זיי אַפֿילו דער קייסער טיבעריוס אַרויסגעטריבן צוליב אַ מעשׂה, וואָס זיי האָבן אָפּגעטון מיט אַ רוימישער מאַטראָנע, פֿון וועלכער זיי האָבן געלט אויסגענאַרט פֿאַר זייער טעמפּל, אָבער באַלד האָבן זיי זיך צוריק געפֿונען אין רוים. זיי זײַנען גאַרנישט געווען אַזוי פֿיל, וויפֿיל מען האָט זיי אָנגעזען. אויף יעדער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיי אָנגעפֿילט דעם פֿאָרום. האָט גערעדט זייערס אַ פֿאַוואָריט, האָבן זיי אַנטוויקלט אַזאַ הילכיקע אַגיטאַציע, אַז זיי האָבן מיט זייער ענטוזיאַזם מיטגעצויגן דאָס פּעבל פֿון רוים. אַקעגן אָבער, האָט גערעדט זייערס אַ שׂונא — נו, נו, האָבן זיי אַזוי געליאַרעמט, געגאַסן, געהוסט, געסווישטשעט און איבערגעריסן, אַז דער רעדנער האָט געצייטערט זיי עפּנטלעך אָנצוגרייפֿן. אַפֿילו דער גרויסער ציצעראָ האָט מורא געהאַט פֿאַר זיי, און ווען ער האָט געוואָלט עפּעס שלעכטס רעדן וועגן זיי, האָט ער עס אין דער שטיל אין אויער אײַנגערוימט... מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען, ווען זייערס אַ פֿאַוואָריט האָט אַרײַנמאַרשירט אין אַ טריאומף־צוג דורך די טויערן פֿון רוים אויף קאַפּיטאָל אַרויף, צי ווען איינער פֿון זייערע אָנהענגער איז געשטאָרבן, וואָס פֿאַר אַ קלאָג־מוזיק זיי האָבן דאָס אָפּגעריכט! אַנומלט האָב איך זיי געזען אַנטגעגנקומען זייערס אַ דעפּוטאַציע, צי גאָר אַ פֿירשט איז געקומען קיין רוים, האָב איך געמיינט, אַז רוים איז באַפֿעלקערט פֿון לויטער ייִדן. זיי האָבן די גאַסן אָנגעפֿילט מיט זייערע קאָלירטע קליידער, וואָס זיי האָבן צו דעם צוועק אָנגעטון און אַרויסגעפֿירט זייערע פּאַרמעט־ראָלן, וואָס זיי רופֿן אָן „הייליקע ביכער", און מיט געזאַנג און יובל־געשרייען האָבן זיי פֿאַרהילכט די גאַסן. איך האָב זיך נאָר געוואונדערט, וואָס די מאַכט לאָזט דאָס צו, נאָר דאָס איז דאָך געווען אין די צײַטן פֿון אויגוסטוס. אויגוסטוס האָט אָפּגעהיטן די טראַדיציעס פֿון צע־

זאָר, און אין דעם — אויך די פּריווילעגיעס פֿון די ייִדן, און רוים האָט געהערט דענסטמאָל צו זיי.

נאָך מער פֿון זיי האָבן אויף רוים אויסגעאיבט אַ שעדלעכע השפּעה די ייִדישע ווײַבער. די ייִדישע ווײַבער האָבן זיך, נעמלעך, אַרײַנגעקריגן אין דער העכסטער געזעלשאַפֿט און האָבן פֿאַרקויפֿט די מאַטראָנעס פֿון די אַריסטאָקראַטישסטע פֿאַמיליעס ליבעס־טראַנקען, וואָס זיי האָבן דורך סודותדיקע רעצעפּטן צוזאַמענגעשטעלט, אַמולעטן, אויסדערווײלטע איילן, און זיי זײַנען דורך זייערע גלאַטיקע צונגען געוואָרן די ראַטגעבערינס פֿון דער רוימישער הויכער געזעלשאַפֿט. גלײַכצײַטיק מיט די ליבעס־טראַנקען האָבן זיי אַרײַנגעשמוגלט אין די רוימישע פּאַלאַצן זייער פֿרעמדן גלויבן, געמאַכט אַגיטאַציע פֿאַר זייער גאָט, געריכט דעם ירושלימער בית־מקדש און אײַנגערעדט די רוימישע מאַטראָנעס, אַז ווער עס שיקט אַ קרבן אין בית־מקדש, ווערן זײַנע וואונטשן דערפֿילט. ווײַבער זײַנען פֿון שטענדיק אָן די פֿאַרשפּרייטער פֿון פֿרעמדע קולטן און אמונות אין דער געזעלשאַפֿט. זיי לאָזן זיך זייער לײַכט כאַפּן אין די נעצן וואָס פֿרעמדאַרטיקע קולטן שפּרייטן אויס פֿאַר זיי — דורך ווײַרויך, דורך נסים און אַנדערע מיטלען, מיט וועלכע רעליגיעס באַדינען זיך. אָ, די ווײַבער האָבן נישט איין קרבן פֿון די רוימישע מאַטראָנעס אויף זייער געוויסן, ווידערשפּעניק זיי געמאַכט צו די היימישע געטער און געוואונען זיי פֿאַר יהוה׳ן. יאָ, מיר האָבן מיט די ייִדישע ווײַבער אין רוים געהאַט אונדזער פּלאָג!

צווישן די ייִדישע ווײַבער, וועלכע האָבן ליבעס־טראַנקען, פֿאַרפֿומען און אַגיטאַציע פֿאַר דער ייִדישער רעליגיע צוגעשטעלט צו די מאַטראָנעס פֿון רוים, האָט זיך געפֿונען איינע, וועלכע איז באַלד זייער פּאָפּולער געוואָרן. מען האָט זי גערופֿן „די טונקעלע חנה״ דערפֿאַר, ווײַל זי האָט זיך שטענדיק געהילט אין טונקעלע מיסטישע שלייערן ווי אַ ווײַסטאַלין. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט זי גענומען אויף זיך אַ נדר: אַזוי לאַנג ווי זי וועט זײַן פֿון דער ווײַטנס פֿון זייער גאָטס טעמפּל, וועט זי נישט טראָגן קיין קאָלירטע קליידער און שאַלן. זי האָט זיך אונטערשיידט פֿון די אַנדערע ייִדישע ווײַבער מיט איר גרויסער אינטעליגענץ, קלוגשאַפֿט און אויך מיט איר שיינקייט. זי האָט דורך אירע שלייערן געלאָזט אַדורכשימערן דעם טונקל־אַליוון קאָליר פֿון איר הויט, און אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן, אַרײַנגעזעצט אין לענגלעך געשניטענע אויגן־לעכער, האָבן דיך שטענדיק איבערראַשט פֿון איר פֿאַרהילט פּנים אַרויס. זי איז באַלד געוואָרן דער ליבלינג פֿון די דאַמען אין דער רוימישער הויכער געזעלשאַפֿט. מען האָט געזאָגט אויף איר, אַז זי באַזיצט אומדערשעפּלעכע רעצעפּטן ווי אַזוי צוזאַמענצושטעלן ליבעס־טראַנקען, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פֿון איר סודותדיק לאַנד. אָבער מער פֿון די רעצעפּטן, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט, האָט זי געווירקט מיט איר אינטעליגענץ און שׂכל. קלוג איז זי געווען ווי דער טאָג, נישט נאָר דאַמען, נאָר אויך מענער האָבן זיך מיט איר באַראַטן. עס איז מיר אויך אויסגעקומען איניקע מאָל מיט איר זיך צו באַגעגענען, שפּעטער שוין, ווען איך בין געווען אין ירושלים און אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדן.

די טונקעלע חנה האָט געשפּילט אין רוים ניט קיין קליינע ראָלע דורך דעם, וואָס די רוימישע מאַטראָנעס האָבן זיך מיט איר מיישב געווען וועגן אַלע זייערע

ליבעס־צרות. זי האָט זיי געגעבן עצות, ווי אַזוי זיך אויפֿצופֿירן אין פֿאַרשיידענע סיטואַציעס. זי איז געווען אַ רואיקע, ווייניק גערעדט און פֿיל אויסגעהערט, בלויז אַ קליינע באַמערקונג געמאַכט, געוואָרפֿן אַ געדאַנק און אַזוי קלוג געוואוסט דער דאַמע איינצורעדן, אַז די אידעע קומט נישט פֿון איר נאָר די באַטרעפֿנדע מאַט־ראָנע אַליין איז געפֿאַלן דערויף... דורך דעם פֿאַרקערן אין די סענאַטאָרן־הייזער איז זי געווען אויסגעקאָכט אין דער פּאָליטיק פֿון רוים. מען האָט געקאָנט ביי איר דערגיין זאַכן, וועגן וועלכע סענאַטאָרן האָבן נאָך נישט געוואוסט. זי איז געווען גוט אינפֿאָרמירט. מענטשן וואָס האָבן געקאָנט די לאַגע האָבן געוואוסט צו פֿאַרציילן, אַז זי איז געווען אַן אַגענטין פֿון דעם ייִדישן פּרינץ אַגריפּאַ, וועל־כער האָט זי אַהערגעשיקט קיין רוים, כּדי זי זאָל מאַכן אַגיטאַציע פֿאַר אים אין הויף און אין די סענאַטאָרישע הייזער. זי האָט געהאַט אויך פֿיל חן, עס איז נישט געווען אומאינטערעסאַנט צו פֿאַרברענגען מיט איר.

אָט די טונקעלע חנה האָט געוואוינט דעם צוטרוי פֿון דער קליינער קלאַודיאַ, וועלכער זי האָט פֿאַרקויפֿט פּאַרפֿומען, איילן און ליבעס־טראַנקן. מען זאָגט, אַז זי האָט געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף איר, וואָרעם זי האָט קלאַודיאַן פֿון קליינערהייט אָנגעהויבן צו פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט דעם מיסטיציזם פֿון איר רעליגיע: אַז גאָט וועט אַראָפּשיקן אַ דערלייזער, אַ מין משיח, וועלכער וועט אויפֿ־שטיין צום ייִדישן פֿאָלק. זי האָט אויך געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף אַנדערע רוימישע מאַטראָנעס, באַזונדערס אויף איינער אַ באַרימטער שיינהייט אין רוים, נאָך וועלכער אַלע סענאַטאָרן און חייל־פֿירער האָבן זיך נאָכגעיאָגט, אַ געוויסע פּאָפּעיאַ, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן אַ רוימישע קייסערין און איז איבערגע־גאַנגען אין געהיים צום ייִדישן גלויבן.

זי האָט דאָס פּאָנטיוס פּילאַטוסן געהאָלפֿן.

מען זאָגט, אַז ער האָט איר דערפֿאַר צוגעזאָגט: אויב זי וועט אַדורכזעצן דעם שידוך צווישן אים און דער קליינער קלאַודיאַ און ער וועט ווערן דער פּראָקוראַ־טאָר פֿון יהודה, וועט ער דערפֿאַר איר פֿאָלק אין באַזונדערן חסד נעמען. ער וועט די קליידער פֿון כּהן גדול, וועלכע ווערן אויפֿגעהאַלטן אין אַנטאָניאַ, צוריק אַרויס־געבן די ייִדן צו היטן. און נאָך אַנדערע טובֿות וועט ער פֿאַר זיי טון. נאָר דער עיקר — די קליידער פֿון כּהן גדול: פֿאַר די קליידער פֿון כּהן גדול וועלן די ייִדן אַלץ טון. אָט איר, דער טונקעלער חנה, האָט פּילאַטוס צו פֿאַרדאַנקען געהאַט, אַז די קליינע קלאַודיאַ האָט געווענדט איר האַרץ צו אים.

אָבער צו באַקומען די שטעלע פֿון פּראָקוראַטאָר איבער יהודה איז נאָך דאָס ווייניק געווען. דער כיטרער קייסער טיבעריוס האָט פֿיינט געהאַט חניפֿה. מיט חניפֿה אַליין האָט מען אים נישט געקאָנט נעמען. דער קייסער האָט פֿאַרלאַנגט מעשׂים, פֿאַר אַזאַ שטעלע האָט ער זיך געלאָזט גוט באַדינען.

באַלד האָט זיך אויך געפֿונען אַ געלעגנהייט, וואו פּילאַטוס האָט געקאָנט אַרויס־ווייזן דעם קייסער זיין געטריישאַפֿט און געווינען זיינע חסדים: דער אָפּגעדאַנקטער פֿעלד־פֿירער גערמאַניקוס איז אַוועק קיין סיריע. מיר האָבן אים אָנגערעדט דערצו. פּילאַטוס האָט געהאַלטן אין איינטענהן מיט אים, אַז ער זאָל אויסרעהאַלב פֿון רוים, אין דער גרויסער אַלעקסאַנדריע, זוכן די אַקטיוויטעט, וואָס טיבעריוס האָט

פֿון אים צוגענומען. איך האָב אים אויך צוגערעדט דערצו אויף דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון פּילאַטוס. יאָ, מיר האָבן געהאַלטן אין איינטענהן מיט אים: „נוץ אויס דײַן פּאָפּולאַריטעט אין דער אימפּעריע, דײַן גליק ליגט אויסערהאַלב פֿון רוים". ער האָט זיך געוואָרט: „אַלעקסאַנדריע איז די פּולאַפּקע פֿאַר רוימס גרויסע..." — האָט ער געזאָגט — „יאָ, געדענקט, פּאָמפּעאוס און אַנטאָניוס, אויך צעזאַר איז שיר נישט דאָרט שטעקן געבליבן, ווען נישט הורדוס..."

מיר האָבן אים אויסגערעדט, און ער האָט זיך געלאָזט כאַפּן אין דער נעץ, וואָס דער כיטרער טיבעריוס האָט פֿאַר אים אויסגעשפּרייט — אַלעקסאַנדריע. דאָרט, ווי דו ווייסט, האָט אים דער שטאַטהאַלטער פֿון סיריע אויפֿן באַפֿעל פֿון טיבעריוס פֿאַרגיפֿטעט. ווען די ידיעה פֿון זײַן טויט איז אָנגעקומען קיין רוים, איז דאָס פּעבל פֿון דער גאַנצער שטאָט אַרויס אויף די גאַסן און געפֿאָדערט פֿון קייסער און סענאַט, אַז מען זאָל זיי צוריקגעבן גערמאַניקוס. דער קייסער, ווי יעדער פֿאַרעטער, פֿון דער נאַטור אַ פּחדן, האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן פּעבל. ער האָט נישט גערעכנט, אַז דער טויט פֿון גערמאַניקוס וועט אַזאַ איינדרוק מאַכן, האָט ער געוואָלט אָפּוואַשן דאָס בלוט פֿון זײַנע הענט מיט אַ גרויסער לוויה, וואָס ער האָט איינגעאָרדנט פֿאַר זײַן קרבן. מער פֿון אַלע האָט דער מערדער אַליין, טי־בעריוס, געוויינט אויף גערמאַניקוס טויט. אָבער שוין דענסטמאָל, ווען די ערד האָט נאָך נישט געהאַט צוגעדעקט דעם העלד, איז פּילאַטוס אַרומגעגאַנגען צווישן די סענאַטאָרן און דעם פּעבל, און פֿאַרציילט יעדן, ווער עס האָט נאָר געוואָלט הערן, אַז גערמאַניקוס האָט געוואָלט אָוועקרײַסן מיט געוואַלד די אימפּעריע פֿון קייסער. צו דעם צוועק איז ער אַוועק קיין אַלעקסאַנדריע און האָט ווערבירט אַן אַרמיי אין אַזיע, כּדי צו גיין אויף רוים. זײַן לעבן האָט פּילאַטוס איינגעשטעלט מיט אַזעלכע דערקלערונגען, דענסטמאָל ווען דער איינדרוק פֿון דעם העלדס טויט איז נאָך געווען פֿריש; אָבער פּילאַטוס האָט אויף גאָרנישט געקוקט. ער האָט צוגעשטעלט פֿאַלשע דאָקומענטן, אַז גערמאַניקוס האָט אויך אים ווערבירט, און אויך מיך האָט ער אַרײַנגעצויגן אין דעם פֿאַרראַט. פֿאַרן קייסער האָט ער מיך געבראַכט, איך זאָל עדות זאָגן, אַז גערמאַניקוס האָט מיך באַשטעלט צו קומען קיין אַזיע, כּדי אַרײַנצוטרעטן אין זײַנע אַזיאַטישע לעגיאָנען. ער האָט דעם קייסער ריינגעוואַשן, און דעם העלד, זײַן אַרמיי־פֿירער, זײַן פֿאַרגעזעצטן, וועלכער האָט אים איבער די פֿינצטערע וועלדער פֿון גערמאַניע געפֿירט פֿאַר דער אייביקער גלאָריע פֿון רוים, האָט ער באַשמוצט, צעטרעטן, פֿאַראומרייניקט מיט פֿאַרראַט.

דער לוין האָט נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. אייניקע חדשים נאָך גער־מאַניקוס' טויט, ווען דאָס פּעבל האָט זײַן כּעס צוליב דעם מאָרד געשטילט מיט דעם בלוט פֿון די גלאַדיאַטאָרן און געפֿאַנגענע, וואָס די חיות האָבן אין טעאַטער „מאַק־סימוס" פֿאַרציקט — דער קייסער האָט דאָס ספּעציעל פֿאַרן פּעבל איינגעאָרדנט, — האָט מען געפּײַערט אין דיאַנאַ־טעמפּל פּילאַטוסעס חתונה מיט דעם קייסערס שטיפֿטאָכטער קלאַודיאַ.

נאָך דער חתונה, ווען דער חתן האָט געוואָלט אַרײַן צו דער יונגער כּלה אין איר טראָג־שטול, האָט ער געפֿונען דעם וועג פֿאַרשטעלט דורך דער פּערזאָן פֿון קייסער... דער אַלטער טיבעריוס האָט אים אַנשטאָט די כּלה — אַ פּערגאַמענט

אין דער האַנט אַרײַנגעשטעקט ; עס איז געווען דער באַפֿעל פֿאַר פּילאַטוסן אײַנצו־שיפֿן זיך קיין צעזאַריע און פֿון דאָרט צו גיין קיין ירושלים צו באַזעצן די שטעלע פֿון אַ פּראָקוראַטאָר איבער יהודה.

— און מײַן ווײַב ? — האָט דער חתן געפֿאָדערט.

— דײַן ווײַב וועסטו פֿאַרלויפֿיק דאָ לאָזן אין קייסערס הויף. דו ווייסט דאָך, עס איז קעגן מנהג, אַז פּראָקוראַטאָרן אָדער אַרמיי־פֿירער זאָלן מיטנעמען זייערע ווײַבער אין די פּראָווינצן. שפּעטער, קאָן מעגלעך זײַן, אַז איך וועל זי דיר שיקן, — האָט דער אַלטער כיטראַק געזאָגט און אַ שאָטן פֿון אַ שאָדן־שמייכל איז פֿאַר־בײַגעגאַנגען זײַן תּאַוווהדיקע אונטערשטע ליפּ.

— פּילאַטוס — האָט ער געזאָגט צו אים — האָסט אַוודאי געהערט, אַז איך האָב נישט גערן צו טוישן מײַנע באַאַמטע. ווייסטו פֿאַרוואָס ? — באַאַמטע אין אַ לאַנד זײַנען ווי פֿליגן אויף אַ קערפּער, — ווען די פֿליגן האָבן זיך שוין אָנגעזע־טיקט מיט בלוט, באַהאַלטן זיי זיך רואיק. זע, אַז איך זאָל נישט באַדאַרפֿן אויף מײַן פּראָווינץ יהודה אַזוי שנעל אַרויפֿלאָזן אַ פֿרישע דאָרשטיקע פֿליג ! . . .

ווען פּילאַטוס האָט אָפּגעצויגן קיין יהודה, האָט ער מיך צוליב דער אַלטער פֿרײַנדשאַפֿט מיטגענומען. איך בין באַשטימט געוואָרן פֿאַר קאָנסיליוס פֿון דער פּראָקוראַטור, פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר, און געזעצט געוואָרן אַלס אויפֿזעער איבער דער אַנטאָניאַ־פֿעסטונג אויף דעם בית־מקדש אין ירושלים.

# 5

## אונדזער אײַנצוג אין ירושלים

אַזוי ווי דער קייסער האָט באַפֿוילן, האָבן מיר זיך אײַנגעשיפֿט קיין צעזאַריע, אָבער מיר האָבן זיך דאָרט נישט לאַנג אויפֿגעהאַלטן, מיר האָבן געאײַלט קיין ירושלים. כּדי צו מאַכן אונדזער אײַנצוג אין שטאָט אַרײַן אימפּאָזאַנט, האָבן מיר צוגעצויגן פֿון יריחוער גאַרניזאָן אַ קאָהאָרטע ; פֿון דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ איז אונדז אַנטקעגנגעקומען די קאָהאָרטע, וואָס איז דאָרט געווען אײַנקוואַרטירט צו־זאַמען מיט די דײַטשע רײַטערס ; מיט פּאָנטיוס פּילאַטוס אין זײַן ליג־שטול אָן דער שפּיץ, האָבן מיר אַרײַנמאַרשירט קיין ירושלים. צוליב די פּריווילעגיעס פֿון די ייִדן (וואָס זיי האָבן פֿאַרשטאַנען אין אַלע צײַטן און בײַ אַלע אומשטענדן פֿאַר זיך אַרויסצובאַקומען) האָט פּילאַטוס באַפֿוילן די אַדלערס און די אַנדערע אָפּצייי־כענונגען פֿון די קאָהאָרטעס : די בינטלעך פֿײַלן, דעם קייסערס בילדער, די שילדן — צו באַהאַלטן אין זייערע שיידן און צו פֿאַרהוילן זיי. מיר זײַנען דער־שטוינט געוואָרן אויף דער דאָזיקער קייסער־לעסטערונג : מען שעמט זיך מיט רוימס אָפּצייכענונגען, די סימבאָלן פֿון אונדזער גלאָריע און טריאומפֿן באַהאַלט מען פֿאַר די ייִדעלעך ? איבער דער גאַנצער וועלט האָבן די סימבאָלן פֿון די רוי־

מישע לעגיאָנען אַדורכמאַרשירט אין טריאומף און אַלע פֿעלקער האָבן זיי מיט פֿרייד אָקעגנגעיובלט, אַלע טויערן פֿון דער וועלט האָבן זיך פֿאַר זיי געעפֿנט, — און דאָ, פֿאַר די טויערן פֿון ירושלים זאָלן זיי פֿאַרשווינדן?

וואָס האָבן מיר געקאָנט טון, באַפֿעל איז באַפֿעל. די ייִדישע אמונה איז דורך רוים אָנערקענט געוואָרן. די טאַקטיק פֿון רוים האָט פֿאַרלאַנגט, אַז אויף דעם פּונקט פֿון רעליגיע זאָל מען די באַרבאַרן אַלע פֿרײַהייטן געבן. אויגוסטוס דער הייליקער האָט די פּריווילעגיע פֿון די ייִדן, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט פֿון צעזאַרס צײַטן, באַשטעטיקט, און טיבעריוס קייסער האָט מיט גרויס פּינקטלעכקייט אָפּגעהיטן אַלע מנהגים און געזעצן, וואָס זײַן פֿאָרגענגער האָט אײַנגעפֿירט. פֿאַרפֿאַלן! אָבער וואו זײַנען די דעפּוטאַציעס פֿון דער שטאָט, פֿון דעם לאַנד, פֿון דער רעליגיעזער און ציווילער מאַכט, פֿון די געלערנטע און געזעץ־געבער, פֿון די כּהנים, כּדי רוימס פֿאָרשטייער, דעם פֿאַרטרעטער פֿון קייסער, דעם פּראָקוראַטאָר פֿון יהודה צו באַגריסן? בחינם וואַרטן מיר בײַ דעם חברון־טויער אויף די דעפּוטאַציעס. איך זע, פּילאַטוסעס פּנים ווערט געל ווי וואַקס פֿון צאָרן. ענדלעך קומען צו לויפֿן אין אײַלעניש אַ פּאָר ייִדלעך אין ווײַסע כאַלאַטן אײַנגעהילט, טייל האָבן געהאַט באַדעקט די קעפּ מיט טיכער, טייל אַפֿילו מיט הויכער פּריזור, אין סירישן סטיל, אַנדערע אין פֿעניצישן סטיל — מיט געלאָקטע בערד. דער אָנפֿירער פֿון זיי איז געווען אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, צעטיילט אין צוויי לאַנגע שפּיצן. דאָס איז געווען חנן, דער שווער פֿון כּהן גדול, אַליין אויך אַמאָל געווען אַ כּהן גדול. דער אַלטער האָט זיך אויסגעגעבן אַלס פֿרײַנד פֿון רוים און בײַ אַלע אָפֿיציעלע פֿײַערלעכקייטן האָט ער, אַזוי צו זאָגן, פֿאַרטראָטן דעם כּהן גדול. עס וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן וועגן דעם אַלטן, וועלכער האָט נישט נאָר געוואוסט ווי אַזוי מיט די ייִדן צו רעגירן און זיך לאַנג צו האַלטן בײַ דער ממשלה, נאָר ער האָט אויך מיט זײַן קלוגן מאַנעווורירן געהאַלטן אונטער זײַן אײַנפֿלוס אַפֿילו דעם פּראָקוראַטאָר. דערווײַל וועט גענוג זײַן צו וויסן, אַז צווישן די איינציקע נאָטאַבלען פֿון ירושלים האָט בלויז ער אַליין אונדז באַגריסט בײַ דעם טויער פֿון דער שטאָט, די אַלע איבעריקע זײַנע געווען אָנגעשטעלטע „פֿאַרשטייער", דאָס הייסט, באַצאָלטע פֿאַר דער דערנידעריקונג, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען צו באַגריסן רוים. אַחוץ זייערע שיינע געוויקסיקע געשטאַלטן און לאַנגע געלאָקטע בערד, וואָס צוליב דעם האָט מען זיי צו דער דאָזיקער באַשעפֿטיקונג אויסגעקליבן, האָבן זיי קיינעמען נישט רעפּרעזענטירט. קיין איין אָנגעזעענער געזעץ־אויסטײַטשער איז נישט געווען צווישן זיי. עפּעס אַ פּאָר נאָטאַבלען, מיטגלידער פֿון סנהדרין, זײַנען יאָ געווען, אָבער ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, זײַנען דאָס אַלץ געווען אייגענע מענטשן פֿון די צדוקים. דער אַלטער חנן האָט שטענדיק געהאַט שוועריקייטן צוזאַמענצושטעלן אַ ריכטיקע רעפּרעזענטאַטיווע דעפּוטאַציע פֿאַר די אָפֿיציעלע רוימישע פֿײַערלעכקייטן; האָט ער, דער אַלטער כיטראַק, צו דעם צוועק געהאַט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אַלטע לײַט מיט שיינעם אויסזען און באַצאָלט זיי דערפֿאַר, ווי די ייִדן באַצאָלן דעם יעניקן, וואָס נעמט אויף זיך דעם צווייפֿלהאַפֿטן כּבוד אויפֿצוגיין צו דער תּורה בעת דער תּוכחה...

דאָס זײַנען מיר אַלץ שפּעטער געוואָר געוואָרן, דערווײַל האָבן מיר געמיינט, אַז די נאָטאַבלען פֿון ירושלים, די חכמים און די געלערנטע זײַנען אָהער־

געקומען אונדז ענטוזיאַסטיש צו באַגריסן אין נאָמען פֿון דער ירושלימער באַ־פֿעלקערונג. מיר האָבן זיך אָבער באַלד איבערגעצײַגט אין אונדזער טעות, ווען מיר האָבן אַרײַנמאַרשירט אין די גאַסן פֿון ירושלים.

די גאַסן זײַנען געווען לער, אויסגעשטאָרבן. ערשט פֿאַר אַ פּאָר מינוט האָט נאָך דאָ געמוזט ווימלען מיט לעבן. מען האָט נאָך אָנגעזען אויף דעם שטויב פֿון די שטיינער די טריט פֿון אַ באַוועגלעכער באַפֿעלקערונג, די שטימען פֿון רעש און אויפֿגעברויזטן המון זײַנען נאָך נישט געהאַט אויסגעגאַנגען אין דער לופֿט. מיט אַמאָל, ווי אַ האַנט וואָלט דאָס אַלץ אָפּגעווישט, ווי מיר וואָלטן געווען דער מלאך המות אַליין — אַלע זײַנען אונדז אויס דעם וועג געלאָפֿן. די זײַלן־גאַלעריעס פֿאַר די הײַזער פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס זײַנען תּמיד פֿול געווען מיט מענטשן, וועלכע שיצן זיך אין שאָטן פֿאַר דער זון, זײַנען געשטאַנען לער און פּוסט, ווי אין אַן אויסגעשטאָרבענער שטאָט. די געוועלבער האָבן אויפֿגעהויבן די קראָם־לאָדנס, אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט זייערע סחורות אויסגעלייגט; די קריגן מיט אייל, האָניק און ווײַן זײַנען נאָך געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פֿאַר די קראָמען וואָס זיי האָבן צוליב דער שוועריקייט פֿון די אָנגעפּילטע כּלים נישט געקאָנט אַרײַננעמען אין די אינעווייניקסטע רוימען, אָבער קיין מענטש איז נישט געווען לעבן זיי. אין אַן אַנדער אָרט האָט אַפֿילו אַ טעפּער־הענדלער איבערגע־לאָזט אַלע זײַנע טעפּ, טעלער און געשיר אויף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון דער גאַס, און אַליין איז ער אַנטלאָפֿן. אונדזערע לעגיאָנען האָבן אַרײַנמאַרשירט אין זיי און צע־טראָטן די שאַרבנס מיט די פֿיס. אין אַן אַנדערער גאַס האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף אייזלען באַלאָדענע מיט לאָגלען ווײַן און קריגן אייל, נאָר קיינער איז נישט געווען לעבן זיי. אין בשׂמים־געסל זײַנען די בשׂמים־מילן געשטאַנען אומעטיק, די בשׂמים־קרײַטעכצער זײַנען געלעגן אויסגעשפּרייט און לעבן זיי איז קיין מענטש נישט געווען. אַזוי אויך אין וועבער־געסל — בונט געפֿאַרבטע וואָלענע און פֿלאַק־סענע פֿעדעם אויף די וועבשטולן אָן אַ מענטש דערבײַ... אַזוי האָבן מיר דורכ־געמאַרשירט איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסן ווי אין אַ פֿאַרלאָזטער שטאָט, נאָר פֿון הינטער די צוימען אַרום די הייף, פֿון הינטער די זײַלן, פֿון הינטער די פֿאָרהאַנגען איבער די גאַניקעס, פֿון הינטער טיר און טויער פֿון די געוועלבער און הײַזער איז דערגאַנגען צו אונדז דאָס שלעכט־אַנזאָגנדיקע מורמלען פֿון אַן אויפֿגעברויזטן המון, ווי דאָס שטילע כוואַליעס־שלאָגן פֿון אַ בייזערדיקן ים פֿאַר אַ שטורעם... אויך אויף די פֿלאַכע דעכער פֿון די הײַזער, פֿאַרשטעלט מיט די הויכע צוים־געזימסן, האָבן מיר געזען פֿיל מענטשן זײַנען פֿאַרזאַמלט געווען און באַאָבאַכט אונדזער מאַרש מיט פֿײַנדלעכע בליקן. אַזוי האָט דער פֿײַנד אַרויס־געקוקט צו אונדז מיט טויזנטער אויגן דורך די פֿאַרמאַכטע טירן און טויערן. קוים זײַנען מיר נאָר אָפּגעטרעטן, האָבן פֿון שפּאַלטן־לעכער, פֿון הינטער מאַרמאָר־זײַלן קעפּ זיך אונטערגעהויבן און בליקן פֿון פֿײַערדיקע אויגן אונדז נאָכגעשיקט.

מיר האָבן באַלד דערפֿילט וואָס מיר האָבן צו דערוואַרטן פֿון דער דאָזיקער באַפֿעלקערונג. די שאַלנדיקע רופֿן פֿון אונדזערע טראָמפּייטערס האָבן ווי אַן עכאָ פֿון טויט אָפּגעקלונגען אין די ליידיקע אויסגעשטאָרבענע גאַסן און פֿאַריאָגט די באַפֿעלקערונג הינטער שלאָס און ריגל פֿאַר אונדז. אַזוי זײַנען מיר געגאַנגען צווישן שטומע ווענט, הינטער וועלכע אַ שׂונא האָט זיך באַהאַלטן, ביז מיר האָבן

דערגרייכט דעם איבערשטן טייל פֿון דער שטאָט. דאָ איז די באַפֿעלקערונג צו אונדז מער פֿרײַנדלעך געווען. מען האָט שוין געזען לאַכנדיקע פּנימער פֿון די אויסקוק־גאַניקלעך אַראָפּ. פֿריילעכע געזעלשאַפֿט אין די זײַלן־גאַלעריעס האָט אונדז אַפֿילו פֿרײַנדלעך באַגריסט, — ביז מיר זײַנען אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ, וועלכן מיר קאָנען פֿאַרגלײַכן צו דעם פּאַלאַטין־באַרג פֿון רוים.

דאָ האָבן געמוזט וואוינען זייערע קעניגן, פֿירשטן, כּהנים גדולים און אַנדערע אַדל־לײַט. עס האָט אונדז איבערראַשט אַן אַלט־מאָדישער טורעם־שלאָס מיט זײַן פֿרעמדער אַרכיטעקטור. דאָס איז נישט געווען קיין פּאַלאַץ, נאָר אַ פֿעסטונג מיט הויכע אומהיימלעכע, מוראדיקע ווענט, צוזאַמענגעשטעלט אויס זעלטן גרויסע שטיקער שטיינער־בלאָקן, וועלכע זײַנען געווען אײַנגעפּאַסט איינער אין דעם אַנ־דערן דורך אַפּגעזוימטע ראַנדן, און זיי האָבן געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן נישט דורך אַ מענטשנס האַנט אויסגעהאַמערט און אויפֿגעבויט געוואָרן, נאָר ווי זיי וואָלטן פֿון דער ערד אויסגעוואַקסן. יאַנישע קאָלאָנען, אײַנגעמויערט אין די ווענט, האָבן ווי טויטע שומרים וואַך געהאַלטן איבער דער אומהיימלעכער גע־בײַדע. קיין שום געזימסן, קיין שום פֿענצטער, נישט קיין ווינקל־אויסקוקער אָדער באַלקאָן האָט נישט געשטערט זײַן ערנצטן אָנבליק. בלויז אויבן אין דער הייך, איבער דער געוועלבונג, האָט אַ געזימס מיט טורעם־אויסקוקערס אַרומ־גענומען זײַנע גלײַכע מויערן ווי אַ קרוין, און פֿון זיי האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ הויכער רונדיקער קאָנוס־טורעם, וואָס האָט ארויפֿגעשאָסן אין דער הייך. דאָס איז געווען איינס פֿון די העכסטע געבײַדעס אין ירושלים. ווי מיר זײַנען שפּעטער געוואָר געוואָרן, איז דאָס געווען זייער אַן אַלטער קעניגלעכער שלאָס פֿון די חשמונאימס צײַטן, און הײַנט נאָך, ווען איינער פֿון די טעטראַרכן אָדער פֿון די הורדוס־פֿירשטן קומען קיין ירושלים עולה־רגל זײַן, שטייט ער אײַן אין דעם דינאַסטיע־פּאַלאַץ. אַרום דעם חשמונאים־טורעם איז פֿון דער ערד אַרויסגעשפּרונ־גען איין פּאַלאַץ נאָך דעם אַנדערן, באַוואַקסן אין שאָטנס פֿון אַרויפֿשיסנדיקע ציפּרעס־ביימער און אַרומגערינגלט מיט שטאַרקע מויערן. דער גרעסטער און העכסטער פֿון זיי איז געווען דער פּאַלאַץ פֿון דעם רעגירנדיקן כּהן גדול, אָדער ווי זיי האָבן עס אָנגערופֿן: „דער שלאָס פֿון הויז חנן". עס איז מיר שפּעטער אויסגעקומען זיך אויפֿצוהאַלטן אין זײַנע אָנגענעמע גערטענער און צו באָדן זיך אין זײַנע וואַסער־באַסיינען, פֿיל אָנגענעמע שעהן פֿון מײַן לאַנגווײַליקן אויפֿהאַלטן זיך אין ירושלים האָב איך דאָ פֿאַרבראַכט. וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען נישט איין מאָל צו פֿאַרציילן.

דאַן האָט זיך געצויגן אַ ריי אַנדערע אימפּאָזאַנטע געביידעס, ווי דאָס ראַטהויז פֿון ירושלים, וואו דער אַרכיוו האָט זיך געפֿונען. דאָס הויז איז האַלב אָנגעלענט געווען אויף דער בריק, וואָס האָט געפֿירט פֿון דעם אייבערשטן טייל שטאָט צום בית־מקדש־פּלאַץ. פֿונדערווײַטנס האָט אויך צו אונדז פֿרײַנדלעך אַהערגעוואונקען דער היימישער אָנבליק פֿון די גרויסע טעאַטערן, וואָס הורדוס האָט געלאָזט אויפֿ־בויען אין דער פֿאָרעם פֿון „טעאַטער מאַקסימוס". דאָס האָט אונדז דערמאָנט אין רוים און האָט אַרויסגערופֿן היימאַט־בענקשאַפֿט. אוי האָבן די ייִדעלעך פֿײַנט גע־האַט די פּראַכטפֿולע טעאַטער־געביידע, וועלכע האָט זיך אַזוי אימפּאָזאַנט אויפֿגע־

הויבן מיט איר רונדיקער טעמפּל־אַרטיקער אַרכיטעקטור; יעדעס מאָל, ווען עס איז איינעם פֿון זיי אויסגעקומען פֿאַרבײַצוגיין די געבײַדע, האָט ער אַ ברכה גע־מאַכט און געדאַנקט גאָט, וואָס אים איז נישט באַשערט געווען צו זיצן אין די דאָ־זיקע געבעט־הײַזער און נישט אין דעם טעמפּל פֿון די אָלימפּישע שפּילן. — אַזאַ איגנאָראַנץ! נאָר וועגן דער ייִדישער אומטאָלעראַנץ וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו פֿאַרציילן.

אָפּגעשלאָסן דעם אייבערשטן טייל פֿון שטאָט האָט אַ וואַנט פֿון טורעם־שלעסער. דאָס זײַנען געווען די דרײַ טורעם־שלעסער, וואָס דער גרויסער קעניג הורדוס האָט אויפֿגעשטעלט פֿאַר זײַנע דריי נאָענטסטע אָלס מצבות נאָך זייער טויט — נאָך זײַן פֿאָטער, נאָך זײַן ברודער פֿייזאַל און נאָך זײַן ווייב מרים. דאָס זײַנען נישט סתּם קיין טורעמס, נאָר ריזיקע געבײַדעס מיט פֿיל אונטערערדישע הײַלן, תּפֿיסות, גאַרניזאָן־אָפֿיצינעס, שקלאַפֿן־ און דינער־קוואַרטירן און פֿיל אומגע־הויערע צימערן, אין וועלכע גאַנצע גאַרניזאָנען האָבן זיך געקאָנט אויפֿהאַלטן. דער שענסטער און אינטערעסאַנטסטער איז געווען דער מיטלסטער, וועלכן מען האָט גערופֿן „מרים־טורעם", אויפֿן נאָמען פֿון דעם קעניגס געליבטער פֿרוי, וועלכע הורדוס האָט געלאָזט טויטן אויס אייפֿערזוכט. ווי ער וואָלט געוואָלט איר ווייב־לעכקייט צוריקרופֿן אין לעבן אַרײַן, האָט ער פֿאַר איר אַ מצבה אויפֿגעשטעלט אין דער פֿאָרם פֿון אַ פּאַלאַץ, וואָס האָט דערמאָנט מיט זײַנע אידעלע גראַציעזע ליניעס אָן אַ פֿרויען־געשטאַלט. דער מרים־טורעם איז געבויט געוואָרן, ווי די אַנדערע געבײַדעס, אויס דעם ירושלימער פֿעלזנשטיין, אָבער הורדוס האָט זײַן גאַנצע בענקשאַפֿט נאָך דער פֿרוי אין די שטיינער אויסגעגאָסן. דער גאַנצער מאַ־סיווער פֿאַסאַד פֿון דער געבײַדע איז בלויז באַשטאַנען אויס אַ הויכער מעכטיקער פּלאַטפֿאָרם, פֿון וועלכער אַ קאָנוס־טורעם, מאָדעלירט ווי אַ ווייבלעכע ברוסט, האָט זיך אויפֿגעהויבן אין הימל אַרײַן. האַרט לעבן דעם מרים־טורעם האָט זיך ווי אַ הערקולעס אויסגעשפּרייט דער מעכטיקער הורדוס־פּאַלאַץ, וועלכער האָט ווי אַ וואַנט אָפּגעשלאָסן, די קייט פֿון די טורעם־פּאַלאַצן. דאָס איז נישט געווען איין פּאַלאַץ, נאָר אַ קאַסקאַדע פֿון שטיינערנע געבײַדעס, מאַרמאָרנע זײַלן, אָן אַ שיעור ווינקל־שטיגן, אויסקוק־לעכער האָבן זיך אַראָפּגעגאָסן איבער דער מערב־זײַט און זיך אָנגעשלאָסן אין דער שטאַרקער מויער, וואָס האָט אַרומגערינגלט די שטאָט. מיר האָבן געוואוסט, אַז דער הורדוס־פּאַלאַץ איז די גרעסטע און שענסטע געבײַדע פֿון שטאָט, אַרומגערינגלט מיט האַליעס, קאָרינטישע זײַלן, אַזוי אַז דער פּאַלאַץ האָט זיך געקאָנט געפֿינען אין האַרץ פֿון רוים און אויפֿנעמען קאָנקורענץ מיט דעם מעכטיקן פֿאָרום פֿון אויגוסטוס. אין דעם הורדוס־פּאַלאַץ איז איצט געווען דאָס אָפֿיציעלע זיץ־אָרט פֿון פּראָקוראַטאָר, ווען ער האָט זיך געפֿונען אין ירושלים. באַוואַכט פֿון קאָהאָרטעס זעלנער, איז עס געווען דער וויכטיקסטער שטיץ־פּונקט פֿאַר אונזער ירושלימער מאַכט.

פּילאַטוס האָט פֿון זײַן טראָג־שטול געגעבן די קאָמאַנדע, אַז מיר זאָלן ווײַטער גיין, אַריבערשפּאַנען די בריק, וועלכע האָט פֿאַרבונדן דעם אויבערשטן טייל פֿון שטאָט מיט דעם בית־מקדש פּלאַץ.

איידער אָבער עס איז אונדז נאָך אויסגעקומען אַרײַנצוטרעטן דורך דעם טויער, וואָס ברענגט אונדז אַרײַן אין דעם מיסטעריום פֿון בית־מקדש, פֿון וועמענס רײַכ־

טום און הייליקייט מיר האָבן זיך אַזוי פֿיל אָנגעהערט, איז אונדז נאָך אויסגע־קומען פֿאַרבייצוגיין אַן אויסערגעוויינלעכע גרויסע געבײדע, וועלכע איז געווען איינגעמויערט אין דער וואַנט, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם גרויסן בית־מקדש־פּלאַץ. פֿון איר דאַך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ דאָם־געוועלבטער טורעם — ווי אַ דיאַנאַ־טעמפּל האָט עס אויסגעקוקט, נאָר אָן זיילן. דער פּאַלאַץ איז באַשטאַנען אויס גרויסע בלאָק־שטיינער, אײַנגעשלאָסן איינער אין דעם אַנדערן. דאָס איז געווען זייער גרויס געריכט־הויז, אָדער ווי זיי האָבן עס גערופֿן: דאָס סנהדרין. ווי מיר זיינען שפּעטער געוואויר געוואָרן, איז דאָס געווען זייער סענאַט. אָבער באַלד זײַנען מיר פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ רײַכטום און אַ פּראַכט, וואָס מיר האָבן נאָך קיין מאָל נישט געזען.

אונדזער צוג איז אַריינגעקומען איצט אין דעם פֿאָדערשטן הויף פֿון בית־מקדש, אָדער ווי זיי האָבן דאָס גערופֿן „דער הויף פֿון די היידן“, ווייל אין דעם הויף האָבן זיך אומבאַשניטענע נאָך געמעגט געפֿינען. אויב דעם פּלאַץ פֿון די טורעמס האָט מען געקאָנט פֿאַרגלײַכן צום פּאַלאַטין־באַרג פֿון רוים, האָט מען געקאָנט דעם הויף פֿון די היידן אָנרופֿן „פֿאָרום־ירושלים“, ער האָט באַדיינט פֿאַר ירושלים דאָס, וואָס דער פֿאָרום־ראָמאַנוס פֿאַר רוים.

איך האָב מיר גאַרנישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז הינטער די שווערע מויערן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם אויסערלעכן הויף פֿון זייער בית־מקדש, זאָלן מיר אָנטרעפֿן אויף אַזאַ לעבן און באַוועגונג. דאָס אמתע לעבן פֿון ירושלים האָט זיך דאָ אָפּגעשפּיגלט. מיר האָבן זיך געפֿונען אָפּגעשלאָסן צווישן צוויי ווענט. ניין, נישט קיין ווענט זײַנען דאָס געווען, נאָר גאַלעריעס פֿון זײַלן־גענג. פֿון דער זײַט, וואָס האָט געפֿירט צו דער אויסערלעכער מויער, האָבן פֿיר רייען מאַרמאָר־זײַלן אין קאָרינטישן סטיל געבילדעט אַ פּאַסאַזש, באַדעקט מיט אַ צודעק פֿון צעדער־האָלץ; דער באָדן איז געווען באַצירט מיט אַ מאָזאַיִק. עס האָבן זיך דאָרט געפֿונען אָן אַ שיעור געוועלבער, שטענדערס, אויפֿגעשלאָגענע וועקסל־טישן, צווישן וועלכע אַ גרויסער און פֿאַרשיידנאַרטיקער המון האָט געווימלט. אויף די זײַלן־רייען, וועלכע האָבן זיך געצויגן לענגאויס דער וואַנט, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם אינער־לעכן בית־מקדש־הויף, זײַנען געהאַנגען אָן אַ שיעור גאַניקעס, אַ לאַבירינט פֿון געבײדעס, אין וועלכע פֿיל מענטשן האָבן זיך געמוזט אויפֿהאַלטן, וואָרעם דורך די אָפֿענע לעכער פֿון די גאַניקעס האָבן צו אונדז אַראָפּגעקוקט מענטשן און פּנימער מיט בייזלעכע בליקן. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין צײַט אויף זיי זיך אומ־צוקוקן, אונדזערע אויגן זײַנען געווען געווענדט און אונדזער גאַנג האָט זיך גע־ריכט צו די פֿערצן שטופֿנדיקע מאַרמאָרנע טרעפּ, וועלכע האָבן אונדז פֿאַרשטעלט דעם וועג און האָבן אַרויפֿגעפֿירט צו דעם אינערלעכן גאַנג פֿון בית־מקדש.

דאָס טויער איז געווען אָפֿן, נאָר באַהאַנגען מיט אַ גאָלדענער קייט, אויף וועל־כער מען האָט נאָך געקאָנט אָנזען שפּורן פֿון אָפּגעבראָכענעם אָדלער. אַמאָל האָט דאָ אויף דער קייט געקרוינט דער סימבאָל פֿון רוים, וועלכן דער גרויסער הורדוס האָט אויפֿגעשטעלט לכבוד דעם קייסער. די פֿאַנאַטישע ייִדן האָבן אים אָבער אַראָפּ־געריסן. אַ שחיטה האָט דענסטמאָל דער קעניג הורדוס אָפּגעהאַלטן אויף זײַנע ייִדעלעך דערפֿאַר, אָבער נאָך זײַן טויט האָבן זיי דעם אָדלער באַזײַטיקט. אונדזער

דאַרץ האָט געבלוטיקט צוליב דער דאָזיקער קייסער־לעסטערונג, און מיט דעם דאָזיקן געפּיל זײַנען מיר צוגעגאַנגען צו די פֿערצן טרעפּן, וואו בײַם אַרויפֿשטײַגן האָט אונדז דערוואַרט די דעפּוטאַציע מיט דעם כּהן גדול אין דער שפּיץ.

דער כּהן גדול איז נישט געווען אין זײַנע אָפּיציעלע קליידער אָנגעטון, נאָר אַרומגעהילט מיט אַ בלישטשנדיקן, פֿון זילבער־פֿעדעם געוועבטן מאַנטל — דער סימבאָל נישט פֿון זײַן רעליגיעזער, נאָר פֿון זײַן ציווילער מאַכט. ער איז געווען זייער אַ הויכער, פּונקט ווי זײַן שווער. זײַן גלעלע באָרד איז אויך ווי דעם שווערס געווען צעטיילט אין צוויי לאַנגע שפּיצן, נאָר זיי זײַנען געווען מער געלאָקט. אויף זײַן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַזאַ קרוינאַרטיקע טיאַרע מיט אַ דיאַדעם, וואָס האָט געשײַנט אויף זײַן שטערן. נאָר אָממערסטן אויפֿפֿאַלנד זײַנען געווען די לאָקן פֿון זײַנע האָר, וואָס האָבן אַפּערגעקוקט פֿון אונטער דער טיאַרע. זיי זײַנען געווען אַזוי קינסטלעך געקניפּט, ווי אַן איידל־געוועב, אײן האָר אין דער אַנדערער פֿאַרפֿלאָכטן, און האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ קאָמפּליצירטע שפּיצן־געוועבטע האָר־פֿריזור. זײַן סוויטע איז נישט געווען צו גרויס. מען האָט וויניק־וואָס כּהנים געזען. מען האָט זיי אויפֿן ערשטן אויגנבליק גלײַך דערקענט, ווארעם זיי האָבן זיך אונטערגעשיידט פֿון דער אַנדערער באַפֿעלקערונג דורך זייער ווײַס־העלער קליידונג, דורך זייערע הויזן און טוניקעס, קאָלירטע גאַרטלען און טורעם־אַרטיקע הוטן. בלויז אַ פּאָר פֿון זיי זײַנען געשטאַנען הינטער אים. ווי מיר זײַנען שפּעטער געוואָר געוואָרן, זײַנען דאָס געווען זײַנע שוואָגערס און בית־מקדש־פֿונקציאָנאַרן פֿון פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען, ווי גזברים, גבאים, אויפֿזעער איבער פֿאַרשיידענע אַמטן.

ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, דער כּהן גדול, פֿאַר פּילאַטוסן, פֿאַרוואָס זײַן סוויטע איז נישט געווען גרויס, ווי עס וואָלט געפּאַסט פֿאַר דעם עמפּפֿאַנג פֿון רוימישן פּראָקוראַטאָר. די כּהנים, האָט ער געזאָגט, האָבן הײַנט פֿיל צו טון אין בית־מקדש. די ייִדן פֿון בבֿל, ווי אויך פֿון פּערסיע און צפֿון־אַפֿריקע, האָבן אַרײַנגעשיקט אַ גרויסע צאָל רינדער צו ברענגען אַלס קרבנות אויפֿן מזבח, זײַנען צוליב דעם די כּהנים באַשעפֿטיקט בײַ זייער עבֿודה. דערפֿאַר אָבער, זאָגט ער, געפֿינט זיך אין זײַן סוויטע דער סגן, אַ געוועזענער כּהן גדול און אויך אַלע אַנדערע העכערע באַאַמטע פֿון בית־מקדש. דאָס זײַנען אַלע געווען די זין פֿון חנן, זײַנע שוואָגערס, וועלכע רעפּרעזענטירן מיט אים נישט נאָר בלויז דאָס בית־מקדש און די כּהונה, נאָר אויך דאָס העכסטע געריכט — די סנהדרין. נאָך אַ צוויי־דרײַ אַלטע לײַט האָט ער פֿאָרגעשטעלט אַלס וויכטיקע אויסטײַטשער פֿון געזעץ, געלערנטע, אַזוי צו זאָגן. זיי זײַנען אַלע פֿרײַנד פֿון די רוימער, האָט ער געזאָגט, וואָרעם זיי געהערן צו דער אויפֿגעקלערטער פּאַרטיי, וואָס וויל שלום מיט די רוימער, צו די צדוקים.

פּאָנטיוס פּילאַטוס האָט זײַן פֿליישיקע נאָז אַראָפּגעלאָזט. מיט אַ באַהאַלטענעם פֿאַרשטעלטן בליק, וואָס איז אַפּערגעקומען פֿון אונטער זײַנע שווער־אַראָפּהענגענדיקע ברעמען, האָט ער אַ לאַקאָנישן ענטפֿער געגעבן:

— דאָס וועט זיך אַרויסווײַזן. עס הענגט אָפּ פֿון גוטן ווילן.

— פֿון אײן זײַט איז דער גוטער ווילן שטענדיק גרייט! — האָט דער כּהן גדול אָפּגעענטפֿערט.

— דאָס וועט זיך לאָזן באַווײַזן דורך מעשׂים — זאָגט דער פּראָקוראַטאָר און גיט אַ ווינק צו די פֿאַרויסגייענדיקע טראָמפּייטערס ווײַטער צו גיין. זיי האָבן זיך

גענומען גיין אַרויף אויף די טרעפּן צום טויער, וואָס פירט אין דעם אינערלעכן הויף אַרײַן פון בית־מקדש.

דער כהן גדול איז בלייך געוואָרן אונטער זײַן טיאַרע, ווען ער האָט געזען, ווי אונדזערע אויסרוף־טראָמפּייטערס שטײַגן אַרויף אויף די טרעפּן צום טויער וואָס פירט אַרײַן אין אינערלעכן בית־מקדש־פּלאַץ.

— די וואוינונג פון פּראָקוראַטאָר געפינט זיך אין דער שטאָט — ווײַזט אָן דערשראָקן דער כהן גדול — אין הורדוס־פּאַלאַץ.

— דאָס ווייס איך. אָבער איך וויל די נאַכט פאַרברענגען מיט מײַנע טרופּן אין זייער קוואַרטיר אויף דער אַנטאָניאַ־פעסטונג — זאָגט פּילאַטוס און ווינקט צו זײַנע שטול־טרעגערס ווײַטער צו גיין.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ווילד שאַלן פון שופרות פון די וואַכן, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויף די גאַניקעס פון טויער, און די שווערע גאָלד־באַדעקטע טויערן האָבן זיך פלינק פאַרמאַכט פון אינעווייניק פאַר אונדזער נאָז.

דער כהן גדול, בלייך, מיט חלף־גלאַנצנדיקע אויגן, שטעלט זיך אַוועק מיט זײַן פיגור אין טויער און פאַרשטעלט אונדז דעם וועג. אָן אַ וואָרט צו זאָגן ווײַזט ער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אויף די בראָנדזענע טאָוולען, וואָס זײַנען געהאָנגען פאַרן טויער אויף יעדע זײַטן פון אַרײַנגאַנג, אויף וועלכע עס זײַנען אין גריכיש און לאַטײַניש געווען אָנגעשריבן די ווערטער: „פון דאַנען אָן און ווײַטער טאָר קיין אומבאַשניטענער נישט אַריבערטרעטן, אויף דער געפאַר פון זײַן לעבן".

— אַ, יאָ... — זאָגט פּילאַטוס, און איך זע, ווי זײַן אונטערשטע ליפּ ציטערט און זײַן פּנים ווערט רויט פון כעס. — איך האָב שיר נישט געהאַט פאַרגעסן — זאָגט ער, — אָבער דאַכט זיך, אַז רוימער האָבן שוין דאָס טויער איבערגעטרעטן. איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי פּאָמפּעאוס האָט דאָס בית־מקדש אײַנגענומען, זיך נישט אָפּשרעקנדיק פאַר די דאָזיקע אויפשריפטן דאָ?

— ער האָט אויסגענוצט די שבת־טעג, ווען יידן מעגן זיך נאָר פאַרטיידיקן, אָבער נישט אָנפאַלן, פּראָקוראַטאָר. הײַנט זײַנען מיר אַ שריט ווײַטער געגאַנגען. איבעריקנס, האָט אים טאַקע גאָט געשטראָפט דערפאַר. דער גרויסער צעזאַר האָט נקמה גענומען אָן אים פאַר אונדז.

— זעט אויס, אַבער גאָט איז זייער מעכטיק, אַז ער האָט אַזעלכע שטאַרקע פאַרבינדעטע.

— אַלע גרעסטע מענער פון רוים מיטן גרויסן צעזאַר אָן דער שפּיץ! און מיר דערוואַרטן, אַז אויך דער נײַער פּראָקוראַטאָר פון יהודה וועט זײַן איינער פון זיי.
— האָט דער כהן גדול אים אַנטוואָפּנט מיט אַ שמייכל.

— דאָס וועט אָפּהענגען אין דעם האַלטן זיך פון זײַנע גלויביקע! הויפּטמאַן, פיר אָפּ די קאָהאָרטעס צו דער פּראָקוראַטאָריע!

פּילאַטוס אַליין האָט זיך אין דער שפּיץ פון אַ קליינער מיליטערישער אָפּטיילונג אַוועקגעלאָזט צו דער אַנטאָניאַ דורך דעם הויף פון די יידן.

מיר זײַנען געגאַנגען פאַרבײַ אַ גרויסע באַזיליקע — ווי מיר זײַנען שפּעטער געוואָר געוואָרן, האָט מען די באַזיליקע גערופן אויפן נאָמען פון גרויסן הורדוס, —

אין אירע נישעס האָבן זיך געפֿונען די געוועלבער, אין וועלכע עס האָבן זיך פֿאַר־קויפֿט די קלענערע קרבנות פֿאַרן בית־מקדש. דאָ האָבן די טויבן־הענדלער גע־בראַכט ספּעציעלע טירקלטויבן אויף קרבנות צו ברענגען. דאָ זײַנען אויך געווען געוועלבער מיט בשׂמים, שמעקעדיקע רויכער־צווײַגלעך, פֿײַן ווייס מעל און כּלערליי אײלן, געבראַכט צו די כּהנים בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, כּדי צו לײַטערן און צו רייניקן זיך פֿאַר באַגאַנגענע זינד און פֿאַר אַנדערע שטײַערן, וואָס דער גאָט יהוה האָט געלייגט אויף זײַן אויסדערוויילט פֿאָלק. שוין אָפּגערעדט פֿון די אומצייליקע חלפֿנים מיט די געלט־טישלעך, וועלכן האָבן די ייִדן פֿון אַלערליי לענדער אויסגעטוישט דאָס געלט. און וואָס פֿאַר אַ מענטשן און וואָס פֿאַר אַ טראַכטן האָט מען דאָ אַלץ נישט געזען אין דעם דורכגאַנג צווישן די רייען זײַלן־מויערן! עס זײַנען געווען ייִדן פֿון אַביסיניע אין ווײַסע טיכער געהילט און מיט באָרוועסע פֿיס; ייִדן פֿון אַלעקסאַנדריע אָדער פֿון די איידעלע אינדזלען פֿון גריכנלאַנד אין וואָלענע און אין פֿילצענע טיכער אַרומגעהילט, מיט סאַנדאַלן, מיט פֿאַלמען און גאָלדענע קראַנצן איבער די פֿריזירטע קעפּ; ייִדן פֿון דער מדבר אין קעמל־פֿעל אָנגעטון, אַנדערע גאָר אין לייבן־פֿעל אַרומגענומען; מענטשן פֿון גליל אין איינפֿאַכע טראַכטן, וואָס זײַנען באַשטאַנען אויס זאַק־מאַטעריאַלן, זייער נאַקעטקייט אַרומגעהילט, געהאַרטעוועטע פּנימער ווי אויס קיזל־שטיין אויסגע־האַקט פֿון זון און אַרבעט; אָרעמע, וועלכע האָבן קוים געהאַט מיט וואָס זייער נאַ־קעטקייט צו באַדעקן און רײַכע מיט גאָלדענע רינגען און מיט גאָלדענע פֿאַסקעס איבער זייערע איידעלע לײַוונטענע סדינס, געוועבט און געפֿאַרבט אין צידון. עס זײַנען אויך געווען ייִדן פֿון ווײַטן בבל, וואו רוימס לעגיאָנען האָבן נאָך קיין מאָל נישט דערגרייכט, און ייִדן פֿון קאַלטן מערב, וואו רוימס לעגיאָנען האָבן יאָ דער־גרייכט — בײַ די ברעגן פֿון רהיין, מיט שווערע קאָפּ־באַדעקעכץ פֿון חיות־פֿעל. איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז די ייִדן זײַנען אַזוי ווײַט און טיף אין דער רוימישער אימפּעריע אַרײַנגעדרונגען און אויסערהאַלב אירע גרענעצן דער־גאַנגען, ביז איך האָב דאָס פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿאָלק געזען אין דעם היידן־הויף. איך האָב זיך איבערגעצײַגט, ווי גערעכט ציצעראָ איז, ווען ער האָט אונדז גע־וואָרנט פֿאַר דעם שעדלעכן אײַנפֿלוס פֿון דעם דאָזיקן פֿאָלק, וועלכעס באַפֿעל־קערט אַלע האַנדלס־מערק פֿון מזרח ביז מערב און האָט זײַן פֿוס געטרעטן אין אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע לענדער. איך מוז מודה זײַן — ווען איך האָב געזען דעם פֿילפֿאַרביקן עולם, דעם שלל פֿון טראַכטן, די פֿאַרשידנפֿאַרביקע מענטשן, וואָס זײַנען געקומען פֿון די נאָענטע און ווײַטסטע לענדער צו די טויערן פֿון יהוה׳ס בית־מקדש, האָב איך פֿאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט די קלוגשאַפֿט פֿון די רוימישע הערשער, וועלכע האָבן זיך געמיט אײַנצוהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט די ייִדן און באַשאַנקען זיי מיט פּריווילעגיעס, און צו אַכטן די געזעצן פֿון זייער רעליגיעזן קולט... ווען מען איז אַזוי פֿאַרשפּרייט צווישן די פֿעלקער פֿון דער וועלט און מען האָט זיך געוואוסט אומעטום אײַנפֿלוס צו פֿאַרשאַפֿן, מוז מען זיך מיט דעם רעכענען.

איך האָב מיך גוט צוגעקוקט צו די מענטשן, צו דעם האַנדל אַרום דעם בית־מקדש. איך האָב געוואוסט, אַז עס וועט מיר אויסקומען מיט זיי צו האָבן צו טון. איך האָב געמוזט באַוואונדערן מיט וואָס פֿאַר אַ רעליגיעזן עקסטאַז די מענטשן האָבן זיך באַנומען שוין דאָ אין דרויסן מחוץ דער וואַנט פֿון טעמפּל בײַם אײַנקויפֿן זייערע קליינע קרבנות. ווי זיי האָבן דאָס אַכטונג געגעבן, אַז די טויבן זאָלן זײַן שיין געפֿלעגט, רײַך אין פֿעדערן, אָן דעם מינדסטן מום. ווי זיי האָבן זיך דאָס געפֿרייט זייער גוט גאָלד אַרויסצוּוואַרפֿן אויף די פֿאָרטרעפֿלעכע איילן, אויס די אויסטערלישסטע בשׂמים־בלעטלעך געטריבן, אויף די פֿײַנע מעלן, ווי עס וואָלט זיך געוועזן געהאַנדלט וועגן מתּנות צו ברענגען צו אַ געליבטן, פֿאַר אַ לעבעדיקן מעכטיקן קעניג, בײַ וועלכן מען וויל חן און לײַטזעליקייט געפֿינען; ווי עס וואָלט זיך געוועזן געהאַנדלט וועגן מתּנות צו ברענגען פֿאַר אַ נאָענטן אייגענעם הערשער, נישט פֿאַר אַן אויסגעטראַכטן גאָט, וועלכן קיינער האָט נאָך נישט געזען און קיין קינסטלער האָט נאָך זײַן געזיכט אין אַ סטאַטוע פֿון שטיין אָדער בראָנדז נישט פֿאַראייביקט. עס האָט אויסגעזען, אַז זייער גאָטעסדינסט האָט זיך אָנגעהויבן שוין דאָ בײַם אײַנקויפֿן זייערע קרבנות. זיי האָבן זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף אונדזערע לעגיאָנען, וואָס גייען לעבן זיי פֿאַרבײַ. זיי האָבן אונדז קיין בליק נישט געשאָנקען, נישט אומגעקוקט זיך אויף דעם נײַעם פּראָקוראַטאָר, וועלכער ווערט געטראָגן אין זײַן ליג־שטול דאָ פֿאַר זײַנע לעגיאָנען. זיי זײַנען געוועזן אַזוי פֿאַרנומען מיט די קליינע געשאַנקען, וואָס זיי האָבן אײַנגעקויפֿט פֿאַר זייער גאָט, אַז זיי האָבן קיינעם נישט געזען. איך האָב באַמערקט אַן אָרעמע פֿרוי, — זי איז געגאַנגען אַרומגעהאָנגען מיט אַ זאַק, פֿון וועלכן איר נאַקעט לײַב האָט אַרויסגעקוקט, — ווי זי האָט די טויבן געדריקט צו איר ברוסט, געקושט זיי, געצערטלט זיי; און מיט וואָס פֿאַר אַן אינערלעכער פֿרומקייט זי האָט אין זיי אַרײַנגערעדט, ווי זי וואָלט דורך די טויבן איר בקשה צו איר גאָט געוואָלט איבערשיקן. איך האָב געזען אַ שטאַרקן און קרעפֿטיקן מאַן, וואָס האָט מיט דער גאַנצער ליבע און צערטלעכקייט געהאַלטן אַ שמעקעדיק בשׂמים־צווײַגל, ער האָט מורא געהאַט זיך צוצורירן דערצו און געקוקט דערויף מיט בעטנדיקע אויגן, ווי דאָס צווײַגל וואָלט די מאַגישע קראַפֿט פֿאַרמאָגט פֿון אים אַראָפּצונעמען אַ גרויסע זינד, וואָס איז שווער געלעגן אויף זײַנע פּלייצעס. איך האָב געזען קינדער מיט פֿאַנען מעל, מיט קריגלעך בוימאייל דורכלויפֿן, אַלץ איז געוועזן פֿאַרנומען און אַרײַנגעטאָן אין אַן אַנטציקנדער פֿרייד, און קיינער האָט קיין בליק נישט געשאָנקען דעם מאַן, וואָס האָט צו זאָגן איבער זייער לעבן און טויט, וועלכער קומט אין זייער שטאָט אַרײַן איבערצונעמען די הערשאַפֿט פֿון לאַנד און פֿון דעם בית־מקדש. מיר האָבן אויסגעקוקט — באַרויבט פֿון אונדזערע לעגיאָנישע אָפּצייכענונגען, פֿון אונדזערע אָדלערס און שילדן — נישט ווי אַ רוימישער לעגיאָן וואָלט אַדורכגעצויגן אין אַ שטאָט, וואָס איז אונטערטעניק צו רוים, נישט ווי אַ פּראָקוראַטאָר איבער אַ רוימישער אונטערטעניקער פּראָווינץ ווערט דאָ דורכגעפֿירט, נאָר ווי אַן אומבאַדײַטנדיקע וואַגאַבונדישע זעלנער־באַנדע, געפֿאַנגענע אין אַ פֿרעמדן־לאַגער. איך האָב אַרײַנגעקוקט צו פּילאַטוסן אין זײַן ליג־שטול, איך האָב געזען, ווי זײַן פֿעט פּנים און שטאַרקער קאַרק זײַנען אָנגעלאָפֿן מיט בלוט, ווי די אָדערן שטייען בײַ אים אָנגעשטרענגט אין זײַנע שלייפֿן. עס האַמערט זײַן ווילן און

ער טראַכט וועגן נקמה. אָבער זײַן געצוואונגענער געדולד קאָסט אים אַזוי פֿיל אָנגעשטרענגטקייט, אַז איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל קיין אַפּאָפּלעקסיע נישט באַקומען.

איין מאָל האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף אַ גרויסע מענגע מענטשן, וועלכע האָט אַרומגערינגלט אַ רעדנער, צי אַ געזעץ־אויסטײַטשער, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעלענט אויף אַ זײַל אונטער דעם האַלצערנעם דאַך אין איינעם פֿון די גע־וועלבער און האָט גערעדט צו די מענטשן. דער עולם איז געווען אַזוי פֿאַרנומען מיט די רייד פֿון דעם רעדנער, אַז זיי האָבן נישט געהערט אונדזערע טראָמפּיי־טערס, וועלכע האָבן פֿאַר אונדז אויפֿגעשאַלט אונדזער אָנקומען. זיי האָבן אונ־דזער צוג נישט באַמערקט אָדער געמאַכט זיך נישט באַמערקן, און אונדז דעם וועג נישט פֿרײַ געמאַכט. נאָך גוט, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט מיט זיך אונדזערע גערמאַנישע רײַטער! אַ פּאָר פֿון אונדזערע לעגיאָנערן זײַנען אונטערגעשפּרונגען און האָבן מיט זייערע קורצע מעסערס געמוזט די ייִדן געבן אָנצוגעהערן אויף דעם דורכצוג פֿון קייסערס שטעל־פֿאַרטרעטער. זיי האָבן פּשוט צעיאָגט די מאַסע און אַדורכגעמאַכט זיך צווישן זיי אַ וועג. איך האָב אַרײַנגעקוקט אין פּילאַטוסעס טראָג־שטול און האָב געזען, ווי זײַן דיק און פֿעט פּנים איז נישט רויט נאָר אַזש בלוי געווען פֿאַר כּעס. אָבער באַלד האָט דעם פֿלאַם פֿון זײַן כּעס געלאָשן דער האָפֿענונגספֿולער אָנבליק פֿון גאָלד...

מיר זײַנען געגאַנגען בײַ דער מזרח־זײַט פֿון היידן־הויף און מיר זײַנען פּלוצ־לינג אָנגעקומען צו אַ טויער, וואָס האָט אונדזערע אויגן אויפֿגעריסן פֿאַר דער־שטוינונג. מיר האָבן דאָך שוין געהאַט געהערט פֿון דעם נישט אויסגעשעפּטן רײַכטום פֿון בית־מקדש, נאָר אַ גאַנץ טויער זאָל זײַן געגאָסן אויס קאָרינטישן בראָנז, אויף דעם האָבן מיר זיך נישט געריכט אָנצוטרעפֿן. דאָס איז געווען דער אַרײַנגאַנג צום הויף פֿון די פֿרויען, וועלכער איז געווען זייער באַלעבט, ווײַל אין דעם הויף האָבן זיך געקאָנט אויך ניט־ייִדישע פֿרויען אויפֿהאַלטן. זיי האָבן פֿאַרגעסן געהאַט צו שליסן דאָס טויער, און אונדזער צוג האָט דורך דעם מאָ־מענט געקאָנט באַוואונדערן דעם טײַערן קאָרינטישן בראָנז. אָבער פּונקט קעגנ־איבער דעם קאָרינטישן טויער האָט פֿון אינעווייניק פֿאַר אונדזערע אויגן אַ בלישטש געגעבן פֿון אַ גאָלדענעם שײַן, און מיר האָבן דערזען אויף יענער זײַט נישט קיין טויער, נאָר מען קאָן עס אָנרופֿן — אַ גרויסן הויכן טורעם אויס לויטער גאָלד, וואָס האָט אַרײַנגעפֿירט פֿון ווײַבער־הויף צום אינערלעכן טייל פֿון בית־מקדש. ווי מיר זײַנען שפּעטער געוואָר געוואָרן, איז דאָס טאַקע געווען דאָס „שיינע טויער", וועגן וועלכן מיר האָבן נאָך אין רוים געהערט, דאָס זאָל איין איינציקער רײַכער מאַן פֿון ירושלים האָבן געשענקט. איבער דעם טויער איז אַראָפּגעהאַנגען אַ גרויסער גאָלדענער הענגל ווײַנטרויבן — דער סימבאָל פֿון די ייִדן. אָבער דאָס וואָס מיר האָבן מיט דעם שפּאַלט פֿון אַ בליק דערזען, וואָס עס טוט זיך דאָרט ווײַטער, האָט איבערגעשטיגן אונדזער פֿאַנטאַזיע. דער טעמפּל איז געווען געבויט ווי אַ פּיראַמידע, פֿון איין האַליע האָבן הויכע טרעפּן אַרויפֿגעפֿירט צו דער אַנדערער, און דער אינערלעכער טעמפּל איז געשטאַנען ווי אַ באַרג גאָלד אויף הויכע מאַרמאָרנע פּלאַטפֿאָרמען. מיר האָבן נאָר געזען גאָלד און גאָלד, וואָס האָט געפֿלאַקערט אין דער אונטערגייענדיקער זון, אונדזערע

אויגן זײַנען איבערגעלאָפֿן פֿאַר נײַגעריקייט. נאָר באַלד האָבן זיך דערהערט די אַליאַרם־סיגנאַלן, געבלאָזן פֿון גרויסע שופֿרות, פֿון די טורעם־אויסקוקער, און די גרויסע גאָלדענע און בראָנזענע פֿליגלען האָבן זיך געשלאָסן איינער נאָכן אַנדערן פֿאַר אונדזערע אויגן. מיר האָבן נאָר דערזען דעם בלישטשענדיקן שײַן פֿון די איידעלע מאַטעריאַלן, וואָס קיין שום באַפּוצונגען און קיין שום פֿאַרשענע־רונגען זײַנען נישט געווען אויף זיי, ווי דער גאָט יהוה וואָלט אייפֿערזיכטיק געווען אויף דער מענטשלעכער פֿאַנטאַזיע, האָט ער נישט דערלויבט אין זײַן טעמפּל קיין פֿאַרשענערונג, נאָר ער האָט פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים דינען נאָר מיט דעם, וואָס ער האָט געשאַפֿן — מיט דעם אָנבליק פֿון די מאַטעריאַלן אַליין. און ווירקלעך האָבן די טויערן, פּונקט ווי דער גאַנצער טעמפּל, געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי עס וואָלטן זיך צונויפֿגעקומען די עלעמענטן און האָבן זיך פֿאַראייניקט אין אַ בנין — עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זײַנען אַזוי נאַטירלעך פֿון דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

איך האָב דענסטמאָל געקוקט אין פּנים אַרײַן פּילאַטוסן, וועלכער האָט מיט דערשטוינונג אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פֿון דער טראָג־שטול.

— פּראָקוראַטאָר, — האָב איך געזאָגט אין שפּאַס — דאָס ערשטע וואָס דו וועסט באַדאַרפֿן צו טון, ווען מיר וועלן קומען אויף דער אַנטאָניאַ, איז שיקן נאָכן „שלעגער” און זיך לאָזן אָדער־שלאָגן, כּדי דאָס שלעכטע בלוט אָפּצוצי:ען פֿון דײַן קערפּער.

— איך קלער וועגן אַן אַנדער מיטל, ווי אַזוי פֿון מײַן שלעכט בלוט פּטור צו ווערן.

— איך ווייס עס, פּראָקוראַטאָר — דורך בלוט אָפּצאַפּן פֿון די ייִדן...

ער האָט זיך באַמיט צו לאַכן.

# 6

## פּילאַטוסעס ערשטער שריט אין ירושלים

די פֿעסטונג אַנטאָניאַ איז געשטאַנען אויף צפֿון־זײַט פֿון בית־מקדש־הויף, געבויט אויף אַ הויכן פֿעלדז, און האָט דאָמינירט איבערן גאַנצן פּלאַץ פֿון בית־מקדש, וועלכן זי האָט מיט איר הויך פֿאַרשטעלט. די פֿעסטונג האָט פֿאַרמאָגט פֿיל געבײַדעס, אין וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען אונדזערע מיליטערישע קוואַרטירן; זיי האָבן אַרומגערינגלט אַ גרויסן הויף, גענוג געראָמיק פֿאַר אונדזערע איבונגס־פּלעצער, גימנאַזיומס, מיליטער־וואַרטעס, שווים־בעדער, און אין דער מיט — די ציטאַדעל פֿון אירע פֿיר טורעמס, געבויט אויף דעם שפּיץ פֿון דעם פֿעלדזן אויף אַ הויכן פּיראַמיד־אַרטיקן פֿונדאַמענט. פֿון די גאַלעריעס אויף דער ציטאַדעל האָט מען געקאָנט אַראָפּקוקן אויף דעם בית־מקדש־פּלאַץ און געקאָנט זען אַלצ־דינג, וואָס עס טוט זיך דאָרט. אוי, האָבן די ייִדעלעך זיך געבונטעוועט קעגן דעם!

יעדעס מאָל, ווען אונדזערע וואַכן האָבן זיך באַוויזן אין די עפֿענונגען פֿון די פֿעס־טונגס־לעכער, האָבן זיך אויסגעשטרעקטע פֿויסטן געהויבן צו אונדז, ווײַסע טיכער האָבן געפֿאָכעט, זיי האָבן געשריגן און געליאַרעמט: „אַוועק! אַוועק!" פֿאַרשטייט זיך, אַז אונדזערע וואַכן האָבן זיך ווינציק־וואָס געמאַכט אויס דעם כּעס פֿון די ייִדעלעך און אַמוזירט זיך מיט דער דאָזיקער סצענע. אַחוץ דעם האָבן צוויי טרעפּן געפֿירט דירעקט פֿון דער פֿעסטונג אויפֿן בית־מקדש־הויף. זיי זײַנען געווען אָפּ־געצוימט דורך אַ געמויערטן וואַל; אָבער ווען מיר האָבן געוואָלט, האָבן מיר דעם וואַל געקאָנט צונעמען און דאָרט אַראָפּקומען. אויך האָט אַ געהיימער גאַנג, וואָס דער קעניג הורדוס האָט געבויט, געפֿירט דירעקט פֿון דער פֿעסטונג, נישט נאָר אויפֿן הויף אַרויס, נאָר אין סאַמע טעמפּל אַרײַן.

מיר האָבן איבערגענומען די קאָמאַנדע פֿון דער שטייענדיקער קאָהאָרטע, אויס־געשטעלט די וואַכן, און מיר האָבן זיך געוואַשן אין די רוימישע בעדער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין דער פֿעסטונג. פּילאַטוס האָט געהייסן דאָס מאַלצײַט סער־ווירן אויף דער ציטאַדעל־גאַלעריע, פֿון וואַנען ער האָט בײַם עסן אויף זײַן אַבלען־שטול געקאָנט צום ערשטן מאָל באַטראַכטן זײַנע נײַע אומרואיקע אונטערטאַנען אין זייער אייגענעם בית־מקדש־הויף. באַשאָטנט דורך פּאַראַסאָל־איבערדעקערס, זײַנען מיר לעבן אים געווען אויסגעזעצט בײַם מאַלצײַט, און פֿון אונדזערע זיץ־אָדער ליג־שטולן האָבן מיר געקאָנט אַראָפּקוקן אויפֿן בית־מקדש־הויף, אויף ירושלים, אויף דער גאַנצער בערגיקער אומגעבונג אַרום. עס איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג, די זון האָט זיך געזעצט און געדאַכט האָט זיך, אַז זי ווערט צעשמאָלצן אין די זאַמדיקע הייסע ווענט פֿון מואַבס בערג, וואָס זעען זיך פֿון יענער זײַט ים־המלח. צוליב דער קלאָרער לופֿט האָט מען פֿון אונדזער הייך זיי גוט געקאָנט זען. די רעפֿלעקסן פֿון דער זון האָבן אָפּגעשלאָגן אין די אומצייליקע גאָלדענע שוועלן, גאָלדענע לײַסטן, מיט גאָלדענע פּלאַטן באַדעקטע טירן פֿון דער בית־מקדש־געבײַדע, אַז עס האָט זיך געדאַכט — דער גאַנצער טעמפּל איז נישט גע־בויט פֿון שטיין און מעטאַלן, נאָר ער איז איין פֿלאַמענדיקער, צעגאָסענער גאָלד־שטראָם. אין די גאָלדענע פֿלאַמען האָבן געפֿאָכעט פּורפּורנע און בלויע פֿאַרהאַנגען. טויזנטער שטראַלן אין אַלע פֿאַרבן האָבן געגאָסן פֿון דער פֿאַנטאַסטישער גע־בײַדע, וואָס איז געווען מאַסיוו דורך איר שטרענגער און איינפֿאַכער קאָנסטרוקציע, דאָך לײַכט און שוועבנדיק ווי אַ שפּיצן־געוועב דורך אירע באַוועגלעכע ווענט, וועלכע זײַנען באַשטאַנען אויס קאָלירטע פּרוכתן, אין רויט־פּורפּורנע און אין בלויע תּכלת־פֿאַרבן. ווי מען האָט אונדז שפּעטער דערקלערט, האָבן די פֿאַרבן אויף די פּרוכתן געזאָלט סימבאָליזירן די פֿיר עלעמענטן, פֿון וועלכע די וועלט איז באַשאַפֿן: פֿײַער, לופֿט, ערד, און וואַסער. די גאַנצע פֿאַנטאַסטישע געבײַדע, אין איר לענגלעכער גראַדער ליניע, איז געשטאַנען אויף ווײַסע מאַרמאָרנע פֿונדאַ־מענטן, אַרומגערינגלט ווי אַ געצערטלט קינד מיט אומצייליקע הויפֿן, אָפּגעצוימט און אָפּגעזונדערט דורך פֿאַנטאַסטישע הויכע און מאַסיווע טויערן, דורך רייען מיט זײַלן, דורך אומצייליקע אויסגעוועלבטע נישעס, וועלכע זײַנען, ווי דאָס הויז אַליין, אָפּגעזונדערט געווען שטרענג איינע פֿון די אַנדערע מיט זײַלן און צוימען. נאָר וואָס עס האָט אונדז אַממערסטן אַמוזירט איז געווען דאָס לעבן, די באַוועגונג אויף דעם טעמפּל־פּלאַץ אַרום דעם בית־מקדש. ווי עס האָט זיך אונדז נישט

אויסגעדאַכט, אַז די ווײַס־געקליידטע מאַסע כּהנים, וועלכע טרעטן מיט שטרענג־ גער פֿרומקייט באָרוועס איבער דעם מיט מאַרמאָר און געשליפֿענעם גראַניט אויסגעלייגטן הויף און עס מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן געטרעטן אויף די כוואַליעס פֿון אַ טײַך — ווי עס האָט זיך נישט אויסגעדאַכט, אַז די דאָזיקע מאַסע איז איינע, איז זי אָבער אין שטרענגער דיסציפּלין — מען קען זאָגן: מיט מיליטערישער דיסציפּלין — געווען אָפּגעזונדערט, אָפּגעטיילט איינע פֿון די אַנדערע. מען האָט געקאָנט קלאָר אָפּשיידן דעם הויף, אין וועלכן די ווײַבער זײַנען געשטאַנען, דעם הויף פֿון די מענער, די טרעפּן אויף וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען די מוזיקאַנטן; באַזונדער איז אויך געווען דער אויסערלעכער הויף פֿון היכל, וואו די פּריסטער אויסער דער דינסט האָבן זיך געפֿונען, און דער אינערלעכער הויף, וואו די דינענדיקע פּריסטער זײַנען בײַ דער עבודה באַשעפֿטיקט געווען. און דאָס אַלץ איז געווען אין אַזאַ שטרענגער פֿאָרעם אײַנגעטיילט, ווי עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט נישט אין אַ פֿאָלק פֿון גלויביקע, וואָס באַטרעטן אַ טעמפּל, נאָר אין אַ מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אויף אַ מושטיר, אַזוי האָט דאָ יעדער באַזונדער געהאַט זײַן באַשטימטן אָרט. שפּעטער האָבן מיר אויסגעפֿונען, אַז די כּהנים און לוויִם און די אַלע אַנדערע טעמפּל־דינער זײַנען ווירקלעך געווען דיסציפּלינירט ווי אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע. די טויערן־היטער, די נאַכט־וועכטער וועלכע זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט שטורקאַצן אין די הענט נאָכצוקוקן די טויערן־היטער, די וועקער, די טראָמפּייטן־בלאָזער, די ערשטע פּריסטער־קאָמאַנדע, די צווייטע און די דריטע, די דינסט־האַלטנדיקע פּריסטער און די אויסערן דינסט שטייענדיקע פּריסטער, די אויפֿזעער, די ליכט־צינדער, די כּלים־רייניקער, די קליידער־אויפֿזעער, די וועבער־פֿרויען, די אויפֿזעער איבער די קרבנות, וואָס האָבן געמוזט פֿאַרזען ווערן מיט פּריסטער־סטעמפּלען, די אומצייליקע צערעמאָניעס־אָפּריכטער — מיט איין וואָרט, די גאַנצע פֿאַרצווײַגטע טעטיקייט פֿון בית־מקדש־דינסט איז געווען אַ שטרענגע דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע, אונטערגעוואָרפֿן אונטער דער קאָמאַנדע פֿון כּהן גדול מיט זײַנע אומצייליקע בײַגעזעצטע, וועלכע זײַנען באַשטאַנען פֿון זײַן נאָענטסטער אומגעבונג.

מיר זײַנען געווען אויסגעלייגט אויף דער גאַלעריע פֿון דער ציטאַדעל אין שאָטן פֿון די אָריענטאַלישע פֿעכערס, געטרונקען ציפּרוס־ווײַן און געגעסן פֿײַגן פֿון יריחו, און מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אויף דעם בית־מקדש פֿון יִדישן גאָט, וועלכער איז אייפֿערזיכטיק געווען, אַז קיין שטערבלעכער זאָל זײַן פּנים נישט זען. דאָס בית־מקדש מיט אַלע זײַנע אומצייליקע אוצרות פֿון גאָלד, מיט אַלע זײַנע גאָלדענע כּלים, זײַנע כּהנים, לוויִם און געלערנטע, און דאָס גאַנצע פֿאָלק — איז געלעגן אונטן צו אונדזערע פֿיס. מיר האָבן זיי באַטראַכט מיט אינטערעס, ווי מען באַטראַכט קאַרליקעס — אַזוי האָבן זיי אויסגעזען פֿון אונדזער הייך. זיי אַלע האָבן זיך געפֿונען מיט זייער מעכטיקן גאָט אין אונדזערע הענט, ווי רויב אין דעם מויל פֿון אַ לייב. מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, פֿון וואַנען עס נעמט זיך זייער שטאָלצקייט און זייער זיכערקייט. אָט באַדאַרפֿן מיר נאָר איין באַפֿעל געבן, און עס איז גענוג איין קאָהאָרטע פֿון אונדזערע בראַווע אַשקאַלאָנער מיט אונדזערע גערמאַנישע רײַטער זאָלן אַרונטערגיין און מאַכן אַ תּל פֿון גאַנצן געטער־שפּיל, אַרײַנוואַרפֿן זיך אין זייער קדשי־קדשים און צונעמען זייערע גאָלדענע כּלים,

אויסרויבן אַלע אוצרות און פֿאַרטרײַבן די כּהנים, — זיי האָבן דאָס געוואוסט. וואָס פֿאַר אַ בייזע בליקן עס האָבן זיך אַדורכגעשטאָכן צו אונדז פֿון אַ ווײַס־געקליידטן כּהן, פֿון אַ באַבאָרדעטן געלערנטן! זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי זײַנען בײַ אונדז אין די הענט ווי קינדער־שפּילעכלעך. און מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען זייער שטאָלץ און זייער נאַריש אײַנרעדעניש אויף זייער גאָט.

מאַרקוס פּעטראָניוס, דער אַלטער צענטוריאָן פֿון דער אַנטאָניער ציטאַדעל, וועלכער האָט נאָך געדינט אונטער די ערשטע פּראָקוראַטאָרן און האָט זיך גע־פֿונען אין לאַנד שוין זיבעציק יאָרן און געוואוסט אַלע זיטן און פּירונגען פֿון די ייִדן, האָט אונדז אויפֿגעקלערט וועגן די רעליגיעזע צערעמאָניעס פֿון די ייִדן. ער האָט אונדז דערציילט וועגן דער דיסציפּלין, וואָס הערשט אין דעם טעמפּל־דינסט, וועגן די קוריאָזע וואָך־אָפּלייזונגען פֿון די כּהנים און די לוויים, די טויער־היטער און די נאַכטוועכטער, ווי זיי גייען מיט די שטורקאַצן אין מיליטערישער אָרדענונג אַרום די וואַכן און פֿרעגן זיך נאָך: „אַלץ איז אין אָרדענונג?!‟ בײַ די ערשטע זון־שטראַלן רופֿן די שופֿרות; אַ שרענגע כּהנים גייען מיט אַ מיליטערישער אָר־דענונג צו זייער דינסט. ער האָט אונדז דערקלערט וועגן די קליידער פֿון כּהן גדול, וועלכע די ייִדן האַלטן פֿאַר אַזוי הייליק, אַז זיי שווערן איבער זיי. די קליידער געפֿינען זיך אין טורעם פֿון דער ציטאַדעל, און דאָס לעמפּל, וואָס ברענט אויבן, באַווײַזט אַז זיי זײַנען אומבאַרירט, זיי זײַנען באַזיגלט מיט דעם זיגל פֿון פּראָ־קוראַטאָר און פֿון כּהן גדול. פּרוווט נאָר דאָס לעמפּל אויסלעשן, וועט איר זען וואָס' דאָ וועט זיך אָפּטון! ער האָט אונדז אויך דערציילט וועגן דעם קדשי־קדשים, וואָס קיין שטערבלעכער טאָר נישט באַטרעטן, אַחוץ דעם כּהן גדול אין די היי־ליקע קליידער, און דאָס נאָר איין מאָל אין יאָר. און וואָס פֿאַר אַ יום־טוב זיי מאַכן דאָס, ווען דער כּהן גדול קומט אַרויס נישט געניזוקט פֿון זייער הייליקטום!

פּילאַטוס, וועלכער האָט זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעהערט צו די דערציי־לונגען וועגן די עקזאָטישע מנהגים פֿון די ייִדן, האָט געפֿרעגט בײַ מאַרקוס פּעט־ראָניוס, צי ער דענקט, אַז עס געפֿינט זיך אין דעם מיסטישן הייליקטום עפּעס אַזוינס, וואָס אַ שטערבלעכער טאָר נישט באַטרעטן און עס איז אַ געפֿאַר פֿאַרן לעבן; צי איז אמת, אַז אַן אייזל־קאָפּ געפֿינט זיך דאָרט און צוליב דעם אייזל־קאָפּ אַליין, וועגן וועלכן אונדזערע לעגיאָניסטן דערציילן צווישן זיך, זאָלן די ייִדן אַזעלכע צערעמאָניעס פּראַווען.

— אַן אייזל־קאָפּ? פּאָמפּעאוס, וועלכער איז דאָרט געווען, האָט קיין אייזל־קאָפּ נישט געפֿונען. אינעווייניק בין איך נישט געווען, איך ווייס נישט וואָס עס איז דאָרט דאָ, אָבער אין די אויסערלעכע האַליעס, וואו זיי ברענגען זייערע קרבנות, האָב איך זיך יאָ אַמאָל געפֿונען. מיר זײַנען דאָרט אַמאָל אַרײַן אין אַ יום־טוב אָרדענונג מאַכן, האָב איך דאָרט געזען זייער פֿיל גאָלד, גאָלדענע טישן, אַן אומ־דערהערט גרויסן און ברייטן גאָלדענעם מזבח, אויף וועלכן עס האָט געפֿלאַקערט אַ מעכטיק פֿײַער, אַ גאָלדענע מנורה, אומצייליקע גאָלדענע קריגן און פֿײַער־צוואַנגען און אַנדערע כּלים, וואָס זיי באַנוצן צו זייער דינסט, און אַזעלכע אומ־היימלעכע מיסטישע פֿייגל, וועלכע באַדעקן זיך מיט פֿליגל. אַלץ בלישטשעט און גלאַנצט פֿון גאָלד.

— זעט זיך אויס, אַז די ייִדן זשאַלעווען נישט זייער גאָט קיין גאָלד. איך וואָלט געוואָלט וויסן, פֿון וואַנען זיי נעמען דאָס?

— פֿון וואַנען זיי נעמען דאָס? — אַלע ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט צאָלן צום טעמפּל מס ווי צו אַ קייסער. גאָט, זאָגן זיי, איז זייער קייסער. מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד זיי טוען דאָס! קיין איינער באַהאַלט זיך נישט אויס און קיין איינער פֿאַר־שפּעטיקט נישט זײַן טעמפּל־מס אָפּצוצאָלן, מעג ער זײַן פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן ווײַטסטן אינדזל. און הײַנט די מתנות, וואָס זיי שיקן אין בית־מקדש אַרײַן! איר זעט דאָרט דאָס גרויסע טויער, וואָס שטײַגט איבער מיט זײַן טורעם־גאַלעריע אַלע אַנדערע מויערן, בײַם אַרײַנגאַנג אין אינערלעכן הויף? דאָס דאָזיקע טויער איז ווערט אַ קעניגרײַך. פֿון איין זײַט זײַנען זײַנע טירן באַדעקט מיט זילבערנע און פֿון דער אַנדערער זײַט מיט גאָלדענע פּלאַטן, און דאָס טויער האָט בלויז איין אייג־ציקער מענטש געשאַנקען. ער האָט עס געלאָזט פֿאַר זײַן אייגן געלט אויפֿשטעלן. און אַזוי ווי ער, זײַנען פֿאַראַן אַ סך. איר באַדאַרפֿט זען וואָס פֿאַר אַ מענטשן עס באַווײַזן זיך דאָ אין דעם טעמפּל פֿון די ווײַטסטע ערטער. אָפֿט מאָל גלייבט מען גאָרנישט, אַז זיי זײַנען ייִדן, און אָפֿט מאָל טרעפֿט מען דאָ אָן אויך מענטשן פֿון ציוויליזירטן שטאַנד. איך צווייפֿל אָבער, צי דאָס זײַנען ייִדן! זיי ווערן צוגעצויגן פֿון אַ מיסטישער קראַפֿט, וואָס דער גאָט שטראַלט אַרויס פֿון זיך און זיי ברענגען אים זייערע געבעטן, זייערע קרבנות, זייערע מתנות. דאָס גאָלד, וואָס איר זעט דאָ אויפֿן בית־מקדש, אויף די טויערן — דאָס איז גאָרנישט. זיי האָבן דאָ אוצרות, אין וועלכע עס איז אָנגעזאַמלט דאָס גאָלד פֿון אַלטע דורות, און נישט געקוקט, וואָס מען צאַפּט עס אָפּ יעדעס מאָל פֿון זיי, קומט עס שטענדיק אָן צו פֿליסן ווי אַ נישט אויסגעשעפּטער טײַך.

— די ייִדן זײַנען נישט אָן אײַנפֿלוס אין קייסערס הויף — זאָגט פּילאַטוס.

— מען ווייס נישט ווי ווײַט זייער אײַנפֿלוס דערגרייכט, אין וואָס פֿאַר אַ ספֿערן זיי דרינגען אַלץ נישט אַרײַן און מען ווייסט אויך נישט אויף וועמען מען טרעט אָן, אויב מען טוט זיי שלעכטס. אָפֿט מאָל שיקן דאָ אָהער זייערע קרבנות די העכסטע פּערזענלעכקייטן פֿון רוים אָפֿן אָדער באַהאַלטענערהייט, אָדער נאָך ערגער — מען זאָגט, אַז די ייִדן האָבן געוואונען סימפּאַטיע פֿאַר זייער אומפֿאַר־שטענדלעכן גאָט בײַ די דאַמען פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט אין רוים.

— יאָ, איך ווייס עס. איך ווייס אויך, ווי זיי טרײַבן זייער אַגיטאַציע.

פּילאַטוסעס פּנים האָט געצוקט, ער האָט מיט דער האַנט אַ ציִ געגעבן איבער זיך די טאָגע, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

— ווײַבער זײַנען שטענדיק עלול זיך צו לאָזן פֿאַרנאַרן פֿון אומפֿאַרשטענד־לעכע מיסטעריעס — האָט ווער אַ באַמערקונג געמאַכט.

אָבער איידער פּילאַטוס האָט פֿאַרלאָזט ירושלים, כּדי צו גיין אין זײַן הויפּט־שטאָט, קיין צעזאַריע, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— פֿון מאַרקוס פּעטראָניוס זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די ייִדן אין זייער אייגענעם טעמפּל באַנוצן זיך יאָ מיט געזיכטער פֿון מיסטישע פֿייגל, זייער קעג־נערשאַפֿט צו דעם רוימישן אָדלער שטאַמט אַלזאָ נישט פֿון רעליגיעזע סיבות נאָר אויס ריין פּאָליטישע. נישט די רעליגיע פֿאַרווערט זיי דעם אָנבליק פֿון דעם

רוימישן מאַכט־סימבאָל, — נאָר זייער פֿײַנדשאַפֿט צו רוים. דער רוימישער אָד־לער איז דער סימבאָל פֿון רוימס הערשאַפֿט, און אומעטום, וואו רוים שפּרייט אויס זײַן שוץ און מאַכט, באַדאַרף דער סימבאָל נישט פֿעלן.

— איז עס אַ באַפֿעל? — האָב איך אים געפֿרעגט.

— ווי דו פֿאַרשטייט עס! דער באַפֿעל באַדאַרף ווערן דורכגעפֿירט אָן בלוט־פֿאַרגיסונג. איך וויל נישט, אַז מען זאָל אין רוים זאָגן: פּילאַטוס האָט אײַנגעווייט זײַן הערשאַפֿט אין ירושלים מיט בלוט.

— און אַז זיי וועלן זיך אַקעגנשטעלן?

— האָסט געענוג מאַכט זיך צו פֿאַרטיידיקן. איבריקנס, אויב זיי זײַנען נישט אַרויסגעקומען מקבל־פּנים זײַן דעם פֿאַרשטייער פֿון קייסער אין ירושלים, באַדאַרפֿן זיי דאָס טון אין צעזאַריע. שיק זיי צו מיר!

נאָך פּילאַטוסעס פֿאַרלאָזן ירושלים האָב איך איבערגענומען די מאַכט פֿון דער ציטאַדעל. פֿון איין זײַט פֿון דער אַנטאָניאַ, בײַ דעם נײַעם טייל פֿון דער שטאָט, האָט זיך געפֿונען אַ גרויסער גרובן. איך האָב גענומען מײַנע גערמאַנישע רײַטערס, וועלכע די ייִדן האָבן אַזוי פֿײַנט, און אויסגעשטעלט זיי לענגאויס דעם גרובן. פֿון דער זײַט פֿון בית־מקדש־פּלאַץ האָב איך באַפֿוילן, אַז מען זאָל דעם גאַנצן משופּעדיקן פֿעלדז, אויף וועלכן די פֿעסטונג האָט זיך געפֿונען און וועלכער איז געווען אויסגעלייגט מיט מאַרמאָרנע פּלאַטן, אויסשמירן מיט פֿעטס און אייל, אַז עס זאָל גלאַטיק זײַן צום גליטשן זיך. נאָך דעם, ווי די באַפֿעלן זײַנען אויסגעפֿירט געוואָרן, האָב איך בײַ נאַכט אַרויסגעגעבן אַ פֿאַראָרדענונג אַרויסצונעמען די סימבאָלישע שילדן פֿון אונדזער קאַהאָרטע מיטן קייסערס בילדער און אַרויס־הענגען איבער דער גאַלעריע פֿון דער ציטאַדעל. אויפֿן טורעם פֿון דער ציטאַדעל, אין וועלכן עס זײַנען געווען פֿאַרשלאָסן דעם כּהן גדולס הייליקע קליידער, האָב איך באַפֿוילן דאָס לעמפּל אויסצולעשן און אַרויסצוהענגען אַ גרויסן רוימישן אָדלער, דעם סימבאָל פֿון רוימס מאַכט.

צומאָרגנס אין דער פֿרי, איידער די זון איז נאָך אויפֿגעגאַנגען, האָב איך זיך מיט מײַן לײַב־וואַך באַהאַלטן אויף דער גאַלעריע פֿון דער ציטאַדעל און באַאָבאַכט, ווי די ייִדן וועלן די דאָזיקע נײַעס אויפֿנעמען. בײַ די ערשטע שטראַלן פֿון דער זון, וועלכע איז אַרויסגעקומען פֿון הינטער די בערג, האָב איך דערהערט דאָס בלאָזן פֿון זייערע שופֿרות. דאָס האָט זיך באַוויזן די קאָמאַנדע פֿון די כּהנים, וועלכע זײַנען אָנגעקומען פֿון וואַשן, כּדי איבערצוטון זיך אין די הייליקע קליי־דער, און געגאַנגען אין געאָרדנטע רייען צו דער עבֿודה אין בית־מקדש. פּלוצלינג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. די אויפֿגייענדיקע שטראַלן האָבן זיך פּלוצלינג אָפּגע־שלאָגן אין די בלישטשנדיקע מעטאַלן פֿון אונדזערע אָדלער און שילדן. מען האָט באַדאַרפֿט זען די פּנימער, מען האָט באַדאַרפֿט הערן דאָס געשריי! ווי אַ דונער וואָלט פֿון הימל אַראָפּגעקומען און אין זייער טעמפּל אַרײַנגעשלאָגן. מיט אַ מאָל האָבן הונדערטער שופֿרות און טראָמפּייטן געבלאָזן אויף אַליאַרם. פֿון אַלע זײַטן, פֿון די אומצײליקע האַליעס און בית־מקדש־געביידעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו לאָזן כּהנים, לוויים, זיי זײַנען נאָך געווען האַלב פֿאַרשלאָפֿן, האַלב אָנגעטון אין זייערע דינסט־קליידער. איך האָב מיר נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז זייער צאָל איז

אַזוי גרויס. ווי די פֿייגל זײַנען זיי גאַנצע מחנות געקומען אַנצולויפֿן: אַלטע לײַט מיט געקרײַזלטע בערד, יונגע שטאַרקע מענטשן און אַן אַ שיעור יוגנט, קינדער נאָך, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אין זייערע כּהנים־שולן. די לויים האָבן געהאַלטן אין איין בלאָזן אין זייערע שופֿרות אויף אַליאַרם, און די מענגע כּהנים איז וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער געוואָרן. זיי האָבן געפּרוווט צו דערנענטערן זיך צו דער ציטאַדעל. אַ וואַלד געבײַלטע פֿויסטן האָט זיך אויסגעשטרעקט צו אונדז און אונדז געדראָעט. עס האָבן זיך געהערט קולות, געשרייען אוןווילדע אויסרופֿן. באַלד האָבן אָבער די אַליאַרם־טראָמפּייטן אויפֿגעוועקט די שטאָט, און דער גאַנצער בית־המקדש־הויף איז איבערגעפֿולט געוואָרן מיט מענטשן. ווײַבער, וועלכע האָבן נישט געוואַגט מחוץ זייער ווײַבער־הויף איבערצוטרעטן, האָבן געיאָמערט, געקלאָגט און געוויינט, גלײַך אַ שונא וואָלט זייערע קינדער אויסגעשאָכטן, און האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך כאָרכלדיקע קולות. די מענער האָבן שווײַגנדיק, מיט שטומען כּעסדיקן געברום אין געפּאַקטע מענגען געפּרעסט זיך נענטער, צוגערוקט זיך צו דער ציטאַדעל ווי אַ מעכטיקע וואַנט. פֿון דער זײַט פֿון גרובן האָבן זיי צו אונדז נישט געקאָנט דערגיין: די גערמאַנישע רײַטער, געשיצט דורך דער וואַנט פֿון גרובן, האָבן פֿון זייערע פֿײַל־און־בויגנס זיי באַוואָרפֿן מיט אַ רעגן פֿון שפּיזן. די מענגע האָט זיך געדריקט צו דער זײַט פֿון בית־המקדש־הויף. צום ערשטן זײַנען געגאַנגען די כּהנים, וועלכע האָבן געמעגט דעם טייל הויף באַטרעטן. דאָס פֿאָלק איז געווען הינטער זיי. די כּהנים האָבן געפּרוווט אַרויפֿצוקריכן אויף דער מויער פֿון אַנטאָניאַ, קריכנדיק אויף די רוקנס, שטייענדיק אויף די פּלייצעס פֿון די אַנדערע, כּדי צו דערגרייכן צו דער ציטאַדעל דורך אַרויפֿקלעטערן אויפֿן פֿעלדזן. אָבער די אויסגעשמירטע און גליטשיקע פֿעלדזן־וואַנט האָט קיין שפּאַרע נישט געהאַט, וואו זיי זאָלן די נעגל פֿון זייערע הענט און פֿיס אַן אָנהאַלט געבן. אונדזערע בראַווע אַשקעלאָנער, געמישט מיט סאַמאַריטאַנער, וואָס מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט פֿון דעם יריחו־גאַרניזאָן — באַשיצט דורך די טורעמס פֿון דער ציטאַדעל — האָבן מיט פֿרייד געפֿונען איצט די געלעגנהייט נוקם צו זײַן זיך אין די פֿרעכע ייִדן. זיי האָבן זיי אַראָפּגעשאָסן ווי די פֿייגל, איין ייִד נאָכן אַנדערן, וועלכע האָבן געפּרוווט אַרויפֿצושטײַגן אויף דעם פֿעלדזן. מיר האָבן געזען, ווי די ייִדעלעך קאַלערן זיך אַראָפּ איבער דעם גליטשיקן פֿעלדזן און צעשמעטערן זייערע קעפּ אין דעם שטיינערדיקן פּלאַטפֿאָרם. אַנדערע האָבן מיר אַפֿילו געלאָזט אַרויפֿדראַפּען זיך אויף דער הויך פֿון דעם שפּיציקן פֿעלדזן, וואָס זיי האָבן דאָס דורכגעפֿירט מיט גרויס אָנשטרענגונג. מיר האָבן געוואַרט, ביז אַזאַ איינער האָט דערגרייכט די פֿעלזיקע וואַנט, ביז ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט אָן דעם געזימס פֿון דער גאַלעריע, דענסטמאָל האָט אַ בראַוווער אַשקעלאָנער מיט זײַן קורצן שווערד אים געגעבן איבער די הענט. די הענט האָט ער איבערגעלאָזט בײַ אונדז, און דער קערפּער האָט זיך ווי אַן אַרבעס אַראָפּגעקאָלערט איבער דעם פֿעלדז. אַן אַנדערן האָבן מיר נישט געלאָזט זיך לאַנג מוטשען, מיר האָבן אים מיט דער שווערד גלײַך איבערן קאָפּ געגעבן. איידער די זון איז נאָך ריכטיק פֿון הינטער די בערג אַרויסגעקומען, איז דער פֿעלדז און די מויערן פֿון אונדזער פֿעסטונג באַשפּריצט געווען מיט יהודהס בלוט, נישט ווינציקער ווי זייער מזבח מיט דעם בלוט פֿון די קרבנות, און צופֿיסנס דעם פֿעלדזן איז געלעגן אַ באַרג מיט ייִדישע פּגרים...

באַלד האָבן מיר געזען אָנקומען דעם כּהן גדול מיט זײַנע אומצייליקע באַגלייטער. איך האָב אים דערקענט אין זײַן הייך און אין דעם כּבֿוד, וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן אַפֿילו אין דעם גערודער און רעש, וואָס עס איז געווען. עס האָבן זיך געקליבן אַרום אים די כּהנים, די אַלטע און די געלערנטע. מען האָט זיי דערקענט דורך דעם רעספּעקט, וואָס דאָס פֿאָלק האָט זיי אָפּגעגעבן אַפֿילו אין דער סאַמאַטאַכע. זיי האָבן אָנגעהויבן צוריקצוהאַלטן די היץ־קעפּ, צוריקצורופֿן די פֿעסטונג־שטורמערס. נאָר דער פֿירער זייערער, זעט זיך אויס, איז געווען איינער אַ מאַן נאָך אַ יונגער, אַ הויכער און אַ שטאַרקער, אים האָבן זיי אַמײַסטן כּבֿוד אָפּגעגעבן, נישט געוואָגט אין זײַן נאָענטקייט צו קומען. אַרומגערינגלט צווישן זײַנע תּלמידים, האָט ער גערעדט צום פֿאָלק, און אים האָבן זיי געהאָרכט. ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, איז דאָס געווען איינער פֿון זייערע גײַסטיקע פֿירער, יוחנן בן זכאי האָט אײַנגעהאַלטן די היץ־קעפּ, און דער אַלטער חנן, דער שווער געלערנטן און גײַסטיקן פֿירער, וועלכער איז געשטאָרבן זייער אַלט. אָט דער יוחנן בן זכאי האָט אײַנגעהאַלטן די היץ־קעפּ, און דער אַלטער חנן, דער שווער פֿון כּהן גדול, דער אַלטער וואָס האָט אונדז עמפּפֿאַנגען בײַ די טויערן פֿון ירושלים, האָט אים געהאָלפֿן, — ער איז געווען, אַזוי צו זאָגן, דער פֿאַרבינדונגס־מענטש צווישן די ייִדן און אונדז. ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר דעם פֿרײַנד פֿון רוים, און אים האָבן זיי טאָקע געשיקט צו אונדז, ער זאָל מיט אונדז רעדן. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער וואַנט פֿון דער ציטאַדעל, אַרומגערינגלט מיט זײַנע פֿינף זין. ער האָט געמאַכט צייכנס, אַז ער וויל מיט אונדז רעדן. איך האָב אַרויסגעשיקט צו אים אַ קאָמיסאַר און געפֿרעגט וואָס ער וויל. ער בעט אַן אוידיענץ. איך האָב אים אָבער אויף אַן אוידיענץ נישט געוואָלט אָננעמען. איך האָב נישט געהאַט די מאַכט דערצו. איך האָב זיך אָנגעשטעלט אויף דער גאַלעריע, כאָטש עס איז געווען אַ געפֿאַר, אַז איך זאָל באַקומען מיט אַ שטיין אין קאָפּ אָדער אַ געהיימע פֿײַל אין מײַן לײַב, און געפֿרעגט אים, וואָס ער וויל. לאַטײַניש האָט ער שווער גערעדט, נאָר גריכיש — גוט. ער האָט געענטפֿערט אין אַ געבראָכענעם לאַטײַניש מיט פֿיל גריכישע ווערטער אַרײַנגעמישט וועגן די אַרויסגעהאַנגענע שילדן און פֿאַרופֿן זיך, ווי געווייגלעך עס טוען דאָס שטענדיק די ייִדן, אויף אַלטע פּריווילעגיעס: אַז דער גרויסער צעזאַר, דער קייסער אויגוסטוס און דער קייסער טיבעריוס האָבן אָנערקענט די ייִדישע אמונה און קיין מאָל נישט עובֿר געווען אויף דעם געזעץ.

איך האָב זיך נישט געוואָלט מיט אים אַרײַנלאָזן אין לאַנגע וויכּוחים. איך האָב אים געענטפֿערט אין גריכיש, אַז מיר האָבן דאָ קיין מאַכט נישט איבערצואַנדערשן די באַפֿעלן פֿון פּראָקוראַטאָר; אויב זיי האָבן עפּעס צו זאָגן, זאָלן זיי זיך ווענדן צום פּראָקוראַטאָר קיין צעזאַריע...

אַ גרויסע צאָל כּהנים, לויים, מיט דעם אַלטן געוועזענעם כּהן גדול חנן, באַגלייט פֿון האַלב ירושלים, מאַן, ווײַב און קינד, — האָבן זיך געלאָזט קיין צעזאַריע. ירושלים איז געבליבן ליידיק. אין בית־מקדש זײַנען בלויז געווען די כּהנים און די לויים, וואָס מען האָט באַדאַרפֿט פֿאַר דער עבֿודה פֿון בית־מקדש. אויסגעמיטן די פֿײַנדלעכע שטאָט שכם, וואו זייערע שׂונאים — די שומרונים — זײַנען גע־

זעסן, האָבן זיי געצויגן איבער בערג און איבער פעלדער, נישט דורך דעם הויפּט־וועג, נאָר דורך הינטערוועגן, און זײַנען אָנגעקומען קיין צעזאַריע.

דאָרט, אין צעזאַריע, האָט זיך צו זיי אויך באַהאַפטן די אָרטיקע ייִדישע באַפעל־קערונג און געפרוווט אָפּשלאָגן די טירן פון פּראָקוראַטאָר. פינף טעג און פינף נעכט האָט זיי פּילאַטוס געלאָזט אַרומוואַלגערן איבער די ווײַסע מאַרמאָרנע גאַסן פון צעזאַריע, וואָס זייער קעניג האָט אויפגעבויט, און נישט געוואָלט זייערע פּירער אויפנעמען אויף אַן אוידיענץ. זיי האָבן געמוזט זען, ווי פרעמדע היידן וואוינען אין די מאַרמאָרנע הײַזער, וואָס דער קעניג הורדוס האָט פאַר זייער געלט אויפ־געבויט צום כּבוד פון צעזאַר. זיי האָבן געמוזט זען דעם רײַכן האַפן, די גימ־נאַזיומס, די טעאַטערן, די קאָלאָסעאומס, די רײַטער־שולן און הײַנט די טעמפּלען מיט דעם גרויסן אויגוסטוס־טעמפּל אויף דעם פּאַלמען־פּלאַץ, וואָס זייער קעניג האָט פאַר דעם מס, וואָס ער האָט פון זיי אַרויסגעקוועטשט, אויפגעבויט פאַר זייערע פײַנד. די ייִנגלעך פון צעזאַריע האָבן זיי נאָכגעוואָרפן שטיינער אין די גאַסן. זיי האָבן אָבער פאַר זייער גאָט אַלע בושות און אַלע צרות איבערגעטראָגן מיט ליבע. בײַטאָג האָבן זיי זיך פאַרשמאַכטע אַרומגעוואַלגערט איבער די גאַסן, בײַנאַכט האָבן זיי אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די פּאַרקן, איבער די אַלייען בײַם ברעג פון ים, געגנעכטיקט אין האַפן, אויף די האַרטע מאַרמאָר־טרעפּן געלעגן אויס־געלייגט, — און פּילאַטוס האָט נישט געוואָלט זיי אויפנעמען. זיי האָבן געמוזט אויסטרינקען דעם גאַנצן בעכער פון ביטערקייט, וואָס אַ פײַנדלעכע באַפעלקע־רונג האָט זיי געגעבן צו פאַרזוכן אין אַ שטאָט, וואָס ליגט אין דער מיט פון זייער אייגענעם לאַנד און איז אויפגעבויט פאַר זייער אייגן געלט. אויפן פינפטן טאָג האָט פּילאַטוס זיי געלאָזט צוזאַמענטרײַבן ווי די שאָף אין דער גרויסער רײַטער־שול, אַרומגערינגלט די רײַטער־שול מיט גערמאַנישע סאָלדאַטן, אַרײַנגעלאָזט צו זיי אַשקעלאָנער און סאַמאַריטאַנער, אָנגעפירט פון זייערע פײַנד, די גריכן, מיטן אָנזאָג, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט באַרואיקן און נישט צוריקגיין אין זייער שטאָט אַרײַן און נישט ערן דעם קייסערס שילדן און דעם רוימישן אָדלער, וועט ער זיי לאָזן פון די גערמאַנישע פערד צעטרעטן ווי די ווערעם. וואָס מיינט איר, האָבן זיי געטון? זיי האָבן אַלע ווי איין מאַן, מיט זייער גײַסטיקן פּירער אין שפּיץ, מיט זייערע כּהנים און לויים, מיט זייערע ווײַבער און קינדער, געוואָרפן זיך אויף דער ערד פון דער רײַטער־שול און געזאָגט: „נישט נאָר די ווילדע בריטן און די גערמאַנישע רײַטער, נאָר אַפילו די ווילדסטע חיות קאָנסטו אויף אונדז אַרויפלאָזן און אונדז פאַרציקן. מיר ווינשן זיך אַלע ליבערשט טויזנט מאָל בעסער דעם טויט איידער פאַראומרייניקן אונדזער הייליקטום מיט פרעמדע סימבאָלן!"

„פאַראומרייניקן אונדזער הייליקטום!", פאַראומרייניקן מיטן קייסערס בילד, מיט רוימס טריאומפירנדיקן אָדלער! — אַזאַ ייִדישע חוצפּה!... וואָלט איך גע־ווען פּילאַטוס, וואָלט איך טאַקע דאָס אויסגעפירט, וואָס זיי האָבן געבעטן. פּי־לאַטוס האָט אָבער עפּעס אַנדערש געהאַט אין זינען ווי דעם כּבוד פון קייסערס בילד, פון רוימס אָדלער... עס האָט זיך צו אים אַרײַנגעקריגן דער כיטרעטש־קער אַלטער, דער געוועזענער כּהן גדול חנן. ער איז דאָרט געווען אײַנגעשלאָסן מיט דעם פּראָקוראַטאָר צוויי שעה צײַט. וואָס זיי האָבן גערעדט, וואָס זיי האָבן

אָפּגעמאַכט צווישן זיך, ווייס איך נישט, נאָר מיר האָבן דעם באַפעל געקריגן צוריק אָראָפּצונעמען די רוימישע אָדלערס, די שילדן און דעם קייסערס בילדער פון דער ציטאַדעל. „רוים ערט די געזעצן!“ — האָט ער אונדז געשריבן. און די ייִדן האָבן טריאומפירט.

איך האָב געהערט, אַז נאָך דער זעאונג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן דעם פּראָקוראַטאָר מיט דעם שווער פון כהן גדול, האָט פּילאַטוס זיך געקויפט זײַן ערשט גוט אין סיציליע און אויפגעבויט אַ ווילע בײַם ברעג פון ים אין פּאָמפּעיאַ, וואָס ער האָט עס אָוועקגעשאָנקען זײַן ווײַב קלאַודיאַ, וועלכע האָט זיך נאָך אַלץ געפונען בײַם קייסער טיבעריוס.

אין רוים האָט מען געשמועסט, אַז אין יהודה רעגנט זעלטן־ווען, נאָר אויב עס רעגנט דאָרט אַמאָל, רעגנט אַנשטאָט וואַסער — גאָלד...

# 7

## איך ווער אײַנגעלאַדן אין הויז פון כהן גדול

פּילאַטוס איז געזעסן אין צעזאַריע, און מיך האָט ער איבערגעלאָזט אויף דער אַנטאָניאַ אין ירושלים. ער דאָרט, אין צעזאַריע, וואו דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ גריכישע, האָט געהאַט אַטלעטישע גימנאַזיומס, שווים־באַסיינען, פאָרשטעלונגען, טעאַטער־אויפפירונגען, אָלימפּיאַדע־שפּילן, גלאַדיאַ־טאָרן־קאַמפן, דיסקוסיע־באַנקעטן, געווען אַרומגערינגלט מיט רוימישע אָדעל־לײַט, גריכישע פילאָסאָפן, לוסט־ייִנגלעך און מאַטראָנעס, אַלעקסאַנדרישע קאָכ־מײַסטערס, סירישע האָר־פלעכטערס און עגיפּטישע פלייטן־שפּילער. שיפן זײַנען געקומען פון איטאַליע און האָבן געבראַכט די לעצטע נײַעס פון הויף און פון סענאַט. און וואָס האָב איך געהאַט אין דעם טרויעריקן, ערנצטן און לאַנגווײַליקן ירושלים? אונדזערע טעג האָבן זיך אין דער פון יופּיטער פאַרלאָזענער שטאָט געשלעפּט צווישן די האַרטע קיזלשטיינער, ווי זיי וואָלטן זיך געווען געמאָלן אין אַ מיל פון לאַנגווײַליקייט. איך בין אַ גאַנצן טאָג געזעסן אויף דער אַנטאָניאַ און אַראָפּגעקוקט אויפן בית־מקדש־הויף, מיך געוואָרן פון אָנזען זיך מיט די ווײַס־געקליידטע כהנים, ווי זיי האַלטן אין איין אַרײַנשלעפּן אָקסן, שעפּסן, ציגן, קליינע לעמעלעך אין זייער שעכטהויז, וואָס זיי האָבן אין בית־מקדש, און דערנאָך אַרויספירן אויף שלעפּ־וועגענער דאָס פלייש און די פעל, פיסלעך, קעפּלעך און נירן, די חלקים וואָס געהערן צו די כהנים. עס האָט קיין ענדע נישט גענומען צו די קרבנות, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַלטן זייער גאָט אין איין פיטערן. איך פלעג זיך אויך צוהערן צום האַרפן־שפּיל און צום געזאַנג פון די לוויים, וואָס איז געקומען אַהערצושווימען צו דער אַנטאָניאַ־פעסטונג, זיי האָבן באַגלייט מיט מוזיק און געזאַנג דאָס פאַרברענען די ווײַרויכן אויפן מזבח. געוויס איז עס געווען אויף אַ ווײַל אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן דעם פאַנאַטישן און רעליגיעזן עקסטאַז פון

די באַרבאַרישע ייִדן, וועלכע זײַנען שױן לאַנג געלעגן מיט זייערע פּנימער צו דער ערד, אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו אַן אומגעזעענעם גאָט, וואָס קיינער ווייסט נישט וואָס ער שטעלט מיט זיך פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט פֿון דער נאַטור ער פֿאַרקערפּערט אָדער איבער וואָס פֿאַר אַ רעגיאָנען ער פֿאַרשפּרייט זיין ממשלה.

טייל מאָל בײַנאַכט, ווען איך האָב נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן, בין איך אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַלעריע פֿון דער אַנטאָניאַ און אַראָפּגעקוקט דורך די צייןטורעמלעך אויף דעם בית־מקדש־פּלאַץ. אין דער שטילער נאַכט איז דאָס פֿרעמדע הויז באַרעגנט געווען פֿון שטערן־ליכט, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין זײַנע גאָלד־שוועלן, לײַסטן, טויערן און פּלאַטן. דער בית־מקדש־פּלאַץ, וועלכער האָט בײַטאָג געווימלט און גערוישט פֿון מחנות מענטשן, איז איצט שטיל געווען. מען האָט קיינעמען נישט געהערט, קיינעמען נישט געזען, נאָר אין די ליכטער פֿון די שטורקאַצן האָט מען דערקענט די דראָענדע שומרים, וועלכע האָבן אַרומגעקרײַזט די מויערן פֿון בית־מקדש. איך האָב זיך, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, נישט געשראָקן פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן גאָט, וועלכער האָט פֿון אַלע ערטער אויף דער וועלט אויסגעזוכט זיך דאָ זײַן אָרט אויף דער ערד, אויף אַ פֿעלדז, אונטער אַ צודעק פֿון גאָלד און פּרוכתן און אַרומגערינגלט מיט דעם אייביקן פֿײַער פֿון זײַן מזבח. אָבער באַאומרואיקט האָט ער מיך. דאָס אומבאַוואוסטע אין אים, דאָס נישט געזעענע האָט געוועקט מײַן נײַגעריקייט. איך האָב געהאַט גרויס חשק זיך אַראָפּצולאָזן דורך דעם געהיימען וועג פֿון דער אַנטאָניאַ אין דעם היכל אַרײַן, אַרײַנגנבענען זיך אין דער שטיל דורך די פֿאָרהאַנגען אין זײַן איינזאַמען וואוינאָרט, אין זײַן קדשי־קדשים, וועלכעס קיינער באַטרעט נישט, און אים צו איבערראַשן, אויסצוגעפֿינען — ווער איז דאָרטן דאָ, ווער עס רוט דאָרט צווישן די פֿליגל פֿון די מיסטישע פֿייגל, צו זען דאָס אומגעזעענע, קענען צו לערנען דאָס אומבאַוואוסטע. אָבער איך מוז מודה זײַן — עס האָט מיר אויסגעפֿעלט מוט. ווען איך האָב אַראָפּגעקוקט אויף דעם דאַך פֿון קדשי־קדשים, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט אין הימל אַרײַן העכער פֿון אַלע אַנדערע געביידעם און ווען איך האָב געטראַכט, אַז אונטער דעם דאַך באַהאַלט זיך דאָס אומבאַקאַנטע, וואָס רעגירט מיט די מזלות פֿון דער וועלט, ווי די ייִדן רעדן זיך אײַן, איז מיר אַביסל אומהיימלעך געוואָרן. איך בין זיכער געווען, אַז אונדזערע געטער זײַנען שטאַרקער פֿון אים, למשל — יופּיטער מיט זײַנע דונערן. והא ראיה, וואָס האָט ער געמאַכט אויס זײַנע גלויביקע? נאָר דאָס אומבאַקאַנטע אין ייִדישן גאָט האָט מיך באַאומרואיקט. אַ גאָט, וואָס שטעלט נישט פֿאָר קיין איין לײדנשאַפֿט, אַ גאָט, וואָס איז כּולל אַלץ און דאָך קאָן זיך קיינער אים נישט פֿאָרשטעלן. ער פֿאַרקערפּערט אין זיך נישט איין מעלה פֿון מענטשלעכן מין, נאָר פֿילט אָן דעם גאַנצן אוניווערז מיט זיך און דאָך שטייט ער איבער אים און פֿאַרשקלאַפֿט אַ פֿאָלק צו זיך, וועלכעס צאָלט אים דעם העכסטן מס מיט לויטער איבערגעגעבנקייט און ליבע. ווער איז ער, דער ייִדישער גאָט?

אָבער עס איז מיר באַלד מיאוס געוואָרן פֿאַר די ייִדעלעך. קודם־כּל האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין אַרומקריגן, אַפֿילו אויפֿן בית־מקדש־הויף, די כּהנים מיט די געזעץ־געבער. זייערע וויכּוחים, זייערע געוואַלדן זײַנען אויפֿגעגאַנגען ביז צום הימל. איין מאָל איז אַפֿילו געקומען צו אַ געשלעג, מיר האָבן מורא געקריגן פֿאַר אַן אויפֿשטאַנד און איך האָב געמוזט אַראָפּשיקן אויפֿן בית־מקדש־הויף

אונדזערע אַשקעלאָנער, אַז זיי זאָלן אי די כּהנים, אי די געזעץ־געבער באַרואיקן. איך האָב געמיינט — ווער ווייס, איבער וואָס פֿאַר אַ פֿילאָסאָפֿישער שיטה, איבער וואָס פֿאַר אַ רעליגיעזע אַנשויאונגען זיי קריגן זיך אַרום. עס האָט זיך געהאַנדלט איבער אַ קלייניקייט, — וועגן די קלענסטע דעטײַלן פֿון זייער רעליגיעזן קולט. איין מאָל איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג — אפֿשר ווייסט איר איבער וואָס? איבער דעם, צי דער וואָס ברענגט דעם קרבן באַדאַרף אָנלענען זײַנע הענט אויפֿן קאָפּ פֿון שעפּסל און זיך מתוודה זײַן פֿאַר זײַנע זינד, אָדער ער דאַרף זיך מתוודה זײַן אָן אַרויפֿלייגן זײַנע הענט אויפֿן קאָפּ פֿון שעפּסל. איך האָב עס בשום אופֿן נישט געקאָנט פֿאַרשטיין. איך ווייס נאָר, אַז איך בין פֿאַרפֿײַניקט געוואָרן אויף דער אַנטאָניאַ פֿון לאַנגווײַליקייט.

אין איין שיינעם טאָג לאָזט זיך בײַ מיר אויף דער אַנטאָניאַ־פֿעסטונג מעלדן אַ יונגער מענטש מיט אַ גאַנץ אָנשטענדיקן אויסזען, אין דער בעסטער רוימישער טאָגע; ווען נישט זײַן אַלעקסאַנדרינישער אַקצענט, וואָלט ער געמאַכט דעם אײַנ־דרוק פֿון אַ פּערפֿעקטן רוימישן אַדלמאַן, אַזוי גוט האָט ער זיך מיט אונדזער שפּראַך באַנוצט. ער איז געווען אַטלעטיש געבויט, אָבער נישט מוסקולירט, אַ הער־לעכע פֿיגור, מיט פֿײַנע מאַנירן. ער האָט זיך געווענדט צו מיר מיט פֿאָלגענדע רייד:

— אַזוי לאַנג, הגמון (דאָס איז געווען מײַן אָפֿיציעלער טיטול בײַ די ייִדן), ווי ס'וועט אײַך אויסקומען צו פֿאַרברענגען אין אונדזער באַשיידענעם ירו־שלים, וואָס ליידער צוליב אונדזערע שטרענגע רעליגיעזע געזעצן באַזיצט עס נישט די גריכיש־רוימישע אַנשטאַלטן, צו וועלכע איר זענט צוגעוווינט, — האָט מיך מײַן פֿאָטער, דער עלטסטער כּהן גדול, באַערט מיט דעם אויפֿטראַג פֿאַר אײַך צו דערשײַנען און אין זײַן נאָמען אײַך אָנצובאָטן אונדזער הויז, מיט אַלעם וואָס עס פֿאַרמאָגט. און כּדי צו באַקרעפֿטיקן זײַנע רייד, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ לאָרבערקראַנץ אויסגעהאַמערט פֿון דעם איידלסטן גאָלד — דאָס איז אונדזער אײַנלאַדונג צום מאָלצײַט, וואָס מײַן פֿאָטער, דער עלטסטער כּהן גדול, וועט געבן מאָרגן פֿאַר אײַער כּבֿוד וועגן. מײַן פֿאָטער, דער עלטסטער פֿון די כּהנים גדולים, אויך מײַן ברודער אליעזר, דער געוועזענער כּהן גדול, און מיר אַלע זײַנע ברידער וועלן זיך באַמיִען צו פֿאַרגיטיקן אַביסל אײַער שווערע מי פֿאַר דעם פֿרידן פֿון אונדזער שטאָט.

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז דער יונגער מאַן האָט געמאַכט אויף מיר אַן אויסגע־צייכנטן אײַנדרוק. איך האָב זיך נישט געריכט, אַז איך וועל אין דעם וויסטן ירושלים אָנטרעפֿן אויף אַזעלכע געבילדעטע יונגע מענטשן. נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת האָב איך די אײַנלאַדונג אָנגענומען.

דער כּהן גדול האָט פֿאַרמאָגט צוויי הײַזער, איינס לעבן בית־מקדש, דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, זײַן אָפֿיציעלע היים, וואו ער פֿלעגט זיך אויפֿהאַלטן בשעת מען האָט געטון די עבֿודה אין בית־מקדש. געוואוינט האָט ער אָבער אין זײַן שלאָס, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם אייבערשטן טייל פֿון שטאָט. דאָס איז נישט געווען קיין הויז, נאָר אַ גאַנצער שלאָס. פֿון דרויסן, ווי בײַ אַלע ירושלימער שלעסער, האָט מען גאָרנישט אָנגעזען, מען האָט עס געקאָנט אָננעמען פֿאַר אַ מויער. דאָס הויז איז געווען געמאַכט פֿון די ירושלימער שטיינער־בלאָקן, מיט אויסקוק־טורעמלעך, וואָס זײַנען באַוואַכט געווען דורך וועכטער. אינעווייניק איז

געווען אַ גן־עדן. צום ערשט איז מען אַרײַנגעקומען אין דעם אַזוי גערופֿענעם אויסערלעכן הויף. דער אויסערלעכער הויף איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט ווײַסן מאַרמאָר און איז באַשטאַנען פֿון געביידעס, וואָס עס האָבן פֿאַרנומען די אומצייליקע קאַנצעלאַריעס פֿון כּהן גדול, וועלכע זיי האָבן גערופֿן „געוועלבער”. עס האָבן אויך דאָרט געוואוינט זײַנע שטײַער־אויפֿמאָנערס, די פֿאַרוואַלטונג פֿון די כּהנים. אויך אַ געריכטס־געביידע האָט זיך דאָרט געפֿונען, וואו דער כּהן גדול האָט צו יעדער צײַט געקאָנט צוזאַמענעמען די מיטגלידער פֿון קליינעם, ענגן סנהדרין, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פֿון זײַנע משפּחה־מיטגלידער אָדער פֿון נאָענטע מענטשן. פֿון דאָרט איז מען ערשט דערגאַנגען צום אינערלעכן הויף, וואו עס האָבן זיך געפֿונען די גערטענער פֿון כּהן גדול און וואו עס איז געשטאַנען זײַן הויז און די הײַזער פֿון זײַנע מקורבֿים. אָבער צום ערשט האָט מען געמוזט אַדורכגיין אַ קליינעם הויף, בעסער געזאָגט — אַן ענגן קאָרידאָר, אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען די קוואַרטירן פֿון זײַן וואַך.

באַלד האָט אונדז אַקעגנגעשמעקט דער פֿאַרשיכּורנדיקער ריח פֿון אומצייליקע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטעביימער און פֿלאַנצונגען. מיר זײַנען אַרײַן אין אַ פּראַכטפֿולן פּאַרק, וואו עס זײַנען געווען אייניקע באָד־באַסיינען, באַהאַלטן אין שאָטן פֿון ציפּרעסן, אָלעאַנדערן און אַן אַ צאָל אתרוגים־ביימער. די רויז, זעט זיך אויס, איז געווען די באַליבטסטע בלום פֿון דער ירושלימער אַריסטאָקראַטיע, וואָרעם דער פּאַרק האָט זיך געבאָדן אין רויזן פֿון אַלערליי קאָלירן. אין דרויסן, אין דער שטאָט, האָט זיך דאָס פֿאָלק געשטיקט פֿאַר דורשט, אויסגעגאַנגען פֿאַר אַ טרונק וואַסער. די ציסטערנעס זײַנען איצט, אין הויך־זומער, געווען באַלד אויסגעטריקנט, און ווען דער ווינט האָט געברענגט צו טראָגן די זאַמדיקע היץ פֿון דער מדבר און אָנגעפֿילט די לונגען מיט אַ פֿאַרשׂרפֿהטער לופֿט, האָט דאָס פֿאָלק ווי דורשטיק פּי זיך פֿאַרזאַמלט אַרום די וואַסער־קאַרגע קאָרעטעס פֿון די פֿאַרטרונקענע ירושלימער ריטשקעלעך, וועלכע רינען אין די טאָלן בײַם טײַכל „שלוח”. זיי האָבן אויסגעכאַפּט די לעדערנע לאָגלען וואַסער, וואָס די וואַסערטרעגער האָבן געבראַכט פֿון די קוואַלן אַרום דער שטאָט, פֿון שלמה המלכס וואַסערלײַטונג. דאָ אָבער, אין הויף פֿון כּהן גדל, האָט זיך וואַסער געגאָסן פֿון די פֿיל פֿאָנטאַנען, וואָס זײַנען אין דער פֿאָרם פֿון בראָנזענע לייבן געשטאַנען בײַ די שווים־בעדער. ספּעציעלע רערן האָבן אָפּגעפֿירט דאָס וואַסער פֿון דעם קוואַל, וואָס האָט זיך געפֿונען אין בית־המקדש, צום כּהן גדולס גאָרטן, פּונקט ווי ספּעציעלע רערן האָבן איבערגעפֿירט דאָס אויסגעגאָסענע בלוט פֿון די קרבנות דורך די קאַלוזשעס אין אייבערשטן טייל שטאָט צו באַפּעטיקן די גערטנער פֿון כּהן גדול, ווי אויך פֿון די אַנדערע אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליעס. דורך דעם איז דער פּאַרק פֿון כּהן גדול געווען גוט געפּלעגט און פֿול מיט אָריענטאַלישע פֿלאַנצונגען און בלומען־בייטן. דאָס וואַסער האָט אָנגעטרונקען די ביימער, די ציפּריס־אַלייען און איבערגעגאָסן די באַסיינען אין די שווים־בעדער. איבער די באַסיינען זײַנען אַרומגעפֿלויגן ווײַס־געציכטעטע טירקלטויבן. דאָס איז געווען אַ נײַעס, וואָס מיר האָבן אין ערגעץ נישט געזען. טויבן־ציכטונג איז געוואָרן אײַנגעפֿירט אין ירושלים דורך הורדוסן, און וויפֿל די געזעץ־געבער האָבן נישט מלחמה געהאַלטן קעגן דעם מנהג, האָט זיך דער טויבן־צוכט דאָך אָנגענומען.

װי אַלע געבײדעס אין ירושלים, איז דאָס הויז אין װעלכן דער כּהן גדול האָט געװאױנט, באַשטאַנען אויס שטײנערנע בלאָקן: קײן שום באַפּוצונג פֿון דרויסן, נאָר די שטרענגקייט פֿון געהאַמערטע שטײנער, דרײַקאַנטיקע פֿענצטער־לעכער, אײַנגעפּאַסט מיט טײַערן פֿעניצישן שימערירנדיקן גלאָז, האָבן קאַרג ליכט אין די אינעװײניקסטע רוימען פֿון דער געבײדע אַרײַנגעלאָזט. צו דרום־זײַט, מיטן פּנים צום בית־מקדש אַרויס, האָט אַ הויכע פּאָפּצן־שטיגנדיקע טרעפּ אויס װײַסן מאַרמאָר אַרויפֿגעפֿירט צו דער זײַלן־האַליע. די זײַלן־האַליע איז — בײַ אַלע דרײַ זײַטן — באַשטאַנען אויס דרײַ רײען הויכע, רויטע, געשליפֿענע קאָרינטער־זײַלן, אויף די קעפּ האָבן זײ געהאַלטן דעם מעכטיקן געװעלבטן באַלקן אויס צעדער־האָלץ, אין מאָזאַיִק אויסגעזעצט און מיט אַנדערע העלצן באַדעקט. אַזוי װי דער באַלקן, איז אויך געװען דער דיל פֿון דער זײַלן־האַליע אויס פֿאַרשײדענע קאָלירטע שטײנער אין מאָזאַיִק אויסגעזעצט, װעלכע האָבן פֿאַרגעשטעלט ייִדישע מאָטיװן פֿון פֿאַרשײדענע חיות און רעליגיעזע סימבאָלן. איבער דעם קאָפּ פֿון דער זײַלן־האַליע, בײַם טרעפּן־אויפֿשטײַג, האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ פּיראַמידע, װאָס האָט פֿאַרענדיקט די פֿאַסאַדע פֿון הויז.

בײַם אַרײַנגאַנג אין הויז האָט מיך אויפֿגענומען דער הויז־אויפֿזעער, אַרומגע־רינגלט מיט אַ סוויטע קנעכט און באַדינער. ער האָט מיך געפֿירט צום אַרײַנגאַנג פֿון אינערלעכן הויף. דאָ האָט מיך אויפֿגענומען דער זעלבער יונגערמאַן, דעם אַלטן כּהן גדולס זון, װאָס האָט מיר געבראַכט די אײַנלאַדונג, אין אַ זילבער־פֿעדעם געװעבטן כאַלאַט אָנגעטון, צװישן אַ סוויטע באַדינטע, און אַ לאָרבער־קראַנץ איז געזעסן איבער זײַן קינסטלעך געלאָקטן קאָפּ. בײַ דער זײַלן־האַליע האָבן מיך אויפֿגענומען זײַנע ברידער — אַלע אין אַזעלכע ענלעכע זילבער־בלישטשנדיקע כאַלאַטן אָנגעטון, מיט לאָרבערקרענץ איבער די געלאָקטע קעפּ. אַלע זײַנען געװען זײער הויך, מענלעך, טײל האָבן שוין געהאַט בערד, פֿאַרקעמט און געקניפּט אין כאַלדעאישן סטיל. זײ האָבן מיך באַגלײט איבער די פּאָפּצן מאַרמאָרנע טרעפּ אַרויף צו דער זײַלן־האַליע. באַדינער אין לײַכטע, דורכזיכטיקע טוניקעס זײַנען מיט אָנגעצונדענע מנורות אַנטקעגנגעקומען, כאָטש עס איז נאָך געװען אין מיטן טאָג. דאָס איז געטון געװאָרן צוליב מײַן כּבֿוד װעגן. און מיט די אָנגעצונדענע מנורות האָבן זײ מיך באַגלײט אין דעם רעפּרעזענטאַנץ־זאַל, װאו עס האָבן אויף זײערע טרון־שטולן געװאַרט אויף אונדז דער כּהן גדול מיט צװײ בײַזיצערס, צװײ געװעזענע כּהנים גדולים — זײַן שװער חנן מיט זײַן שװאָגער אליעזר.

דעם אמת מוז איך זאָגן, אַז די גאַנצע צערעמאָניע פֿון עמפּפֿאַנג האָט מיך אַ ביסל שאָקירט. די ייִדעלעך האָבן זיך טאַקע זײער ערנצט געהאַלטן. איך האָב געװאוסט, אַז אַ געװעזענער כּהן גדול באַזיצט אַלע רעכט פֿון אַ הערשנדיקן כּהן גדול, און די רעכט זײַנען כּמעט קעניגלעכע. ער האָט רעכט צו טראָגן אַ טיאַרע און מען מוז אים אָפּגעבן כּבֿוד װי אַ קעניג. אָבער דאָ זײַנען געװען נישט אײן קעניג, נאָר דרײַ אויף אַמאָל — דאָס איז שוין פֿאַר מיר געװען אַ ביסל צו פֿיל. קודם־כּל האָט דער רעפּרעזענטאַנץ־זאַל, אין װעלכן זײ האָבן מיך אויפֿגענומען, געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַ ריכטיקן טרון־זאַל. דאָס איז געװען אַ געשלאָסענער רוים, זײער לאַנג און עטװאָס שמאָל, מיט דרײַקאַנטיקע אויסגעהאַקטע פֿענצטער־

לעכער, וואָס זײַנען אויך געווען פֿאַרשטעלט מיט טײַערן פֿעניציִשן גלאָז און וועלכע האָבן איצט אין דער הערלעכער זון געשפּילט דורכן אויסשטראַלן אַ שלל פֿון רײַכע פֿאַרבן. דער זאַל איז באַשטאַנען אויס רויען מאַסיוון גראַניט, אויף וועלכן די דעקאָראַטיווע מאַטיוון האָבן נאָר געהאָלפֿן אַרויסברענגען די ערנסט־קייט און די בכּבֿודיקייט פֿון דער מאַטעריע. די מאַטיוון פֿון דער דעקאָראַציע האָבן, ווי אומעטום, בײַ ייִדן, פֿאַרגעשטעלט ווײַן־בלעטער, הענגל ווײַנטרויבן, מילגרוימען, געפֿלאָכטענע לולבֿן, אתרוגים, אויך שופֿרות און אַראַבעסקן, וואָס האָבן דערמאָנט אין אויסגעשפּרייטע פֿליגל פֿון מיסטישע פֿייגל. דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעקוקט פֿון אַן אַראַבעסקן־געוועב אַ פֿויגל אָדער אַ טויב. קיין אַנדערע געזיכטער פֿון לעבעדיקע באַשעפֿענישן האָט מען נישט געזען. די זעלבע מאַטיוון זײַנען אויך געווען אויסגעזעצט מיט מאָזאַיק אין דער בלישטשנדיקער פּאָדלאָגע. אַ זײַלן־דורכגאַנג אויס רויטן מאַרמאָר האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן רוים, און זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע קעפּ לײַכט־בעקנס מיט אייל אָנגעפֿילט. אין דעם רוים האָט געהערשט אַ טונקלקייט, כאָטש אין דרויסן איז נאָך גרויסער טאָג געווען און אַלץ איז געווען באַלויכטן נישט בלויז דורך די לײַכט־בעקנס איבער די זײַלן, נאָר אויך פֿון מנורות, וואָס זײַנען געווען אויפֿגעשטעלט אויף אײדעלע, דינע אַלבאַסטער־זײַלן צווישן די מאַסיווע קאָרינטיש־ע בלאָקן און האָבן פֿאַרשפּרייט אַ דיסקרעטע ליכט. דאָס איינציקע מעבל פֿון דעם דאָזיקן רוים איז באַשטאַנען אויס שווי־קאַסטנס, באַשלאָגן מיט זילבער און העלפֿאַנטביין, אין וועלכע עס זײַנען געווען אויסגעהאַנגען די קליידער פֿון די כּהנים גדולים. דאָס זײַנען נישט געווען די הייליקע לײַוונטענע קליידער, באַזוימט מיט גאָלדענע גראַנאַטן און קלימפּער־לעך, וואָס דער כּהן גדול האָט נאָר געטראָגן איין מאָל אין יאָר, ווען ער האָט באַטראָטן דעם קדשי־קדשים, און וואָס ייִדן האָבן געגלויבט, אַז זייער געזעץ־געבער משה האָט זיי פֿון הימל אַראָפּגעבראַכט, און צוליב דעם האָבן זיי זיי גע־האַלטן פֿאַר אַזוי הייליק. ניין, יענע קליידער זײַנען געווען פֿאַלקס־אייגנטום, שטאָטלעך, און אַלס אַזעלכע האָבן מיר, רוימער, דאָס רעכט געהאַט איבער זיי צו וואַכן. זיי זײַנען געווען, ווי געזאָגט, בײַ אונדז אויף דער אַנטאָניאַ אין דעם טורעם אײַנגעשלאָסן. דאָ אין די שענק זײַנען נאָר געווען אויסגעהאַנגען די גאָל־דענע קליידער פֿון יעדן כּהן גדול, אין וועלכע ער האָט די עבֿודה אָפּגעריכט אין די שבתים און ימים־טובֿים און ווען עס האָט זיך אים געוואָלט. דאָס איז געווען זײַן פּריוואַט אייגנטום. דרײַ אַזעלכע שענק זײַנען געשטאַנען, פֿאַר די דרײַ מיט־גלידער פֿון דער פֿאַמיליע, וועלכע האָבן באַקליידט דעם דאָזיקן הויכן אַמט. אַזוי צווישן די זײַלן מיט די אָנגעצונדענע מנורות האָט מען מיך אַרויפֿגעפֿירט צו די קעניגלעכע ליג־שטולן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי טרוינען, אין וועלכע עס זײַנען געווען אויסגעזעצט אין זילבערנע כאַלאַטן, מיט גאָלדענע טיאַרעס אויף די פֿריזירטע האָר, לויטן סירישן סטיל, מיט געקניפּטע בערד — דער כּהן גדול אין מיטן, פֿון זײַן רעכטער האַנט דער אַלטער כּהן גדול חנן, פֿון זײַן לינקער האַנט דער עלטסטער זון אליעזר, אויך אַ געוועזענער כּהן גדול, און דערפֿאַר האָט ער אַלע טיטולן און אַלע רעכט באַזעסן.

דער כּהן גדול האָט מיך באַגריסט מיט אַ העברעאיִשן אָדער אַראַמעאיִשן שפּרוך. דער דריטער זון פֿון אַלטן כּהן גדול, טעאָפֿילוס, האָט עס איבערגעזעצט

פֿאַר מיר אין גריכיש. איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט אין גריכיש אויף דער באַ־גריסונג. די דינער האָבן מיר אַרײַנגעבראַכט אַ ליג־שטול, און דער כּהן גדול האָט מיך אויסגעפֿרעגט, ווי איך פֿיל זיך אין ירושלים. ער האָט אויסגעדריקט די האָפֿענונג, אַז ווען אַפֿילו צוליב די ייִדישע רעליגיעזע מנהגים בין איך באַ־רויבט אין ירושלים פֿון די אַנשטאַלטן, צו וועלכע איך בין געוואוינט פֿון מײַן היימאַט, וועל איך נאָך געפֿינען אין שטאָט גענוג אינטערעסאַנטעס און אויך גענוג געבילדעטע געזעלשאַפֿט, וואָס וועלן מאַכן מײַן אויפֿהאַלט אין ירושלים אָנגענעם. איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט, אַז מיר, רוימער, זיצן נישט אין די פּראָווינצן פֿון רוימס אימפּעריע, ווײַט פֿון אונדזער היימאַט, כּדי זיך צו אַמוזירן אָדער צוליב פֿאַרגעניגן, נאָר צוליב אונדזער פֿליכט צום קייסער פֿון רוים. די אוידיענץ האָט גאָט צו דאַנקען, געדויערט אַ קורצע ווײַלע. דער כּהן גדול האָט זיך אַנטשולדיקט, צוליב זײַנע פֿליכטן מוז ער גיין אין בית־מקדש, וואו עס ווערט אין די פֿאַרנאַכטן געבראַכט דער אָוונט־קרבן. ער האָט מיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון זײַן מש־פּחה, פֿון זײַן שווער מיט זײַנע שוואָגערס, — און איך בין אים דערפֿאַר דאַנקבאַר געוועזן.

דאָס עסן איז געוואָרן סערווירט, לויט דעם אָריענטאַלישן מנהג, אין דרויסן אין דער זײַלן־האַליע. די דינער האָבן פֿאַר אונדז אויסגעשטעלט ליג־שטולן, באַ־לייגט מיט צידונער געפֿאַרבטער לײַוונט. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די ליג־שטולן צום מאָלצײַט און אויך צו באַטראַכטן ירושלים.

די זײַלן־האַליע איז אַרויסגעגאַנגען אויף דרײַ זײַטן פֿון דער שטאָט. ווען מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די ליג־שטולן, האָט זיך פֿאַר אונדז אויפֿגעעפֿנט די שטאָט ירושלים מיט איר גאַנצער אומגעבונג. קעגנאיבער אונדז איז געלעגן די בריק, וואָס האָט געפֿירט פֿון דעם אייבערשטן טייל שטאָט דורך דער לשכת הגזית צום בית־מקדש־פּלאַץ. מיר האָבן געזען דאָס באַוועגלעכע רעשדיקע לעבן אויף דער בריק. דאָס אָרט, אויף וועלכן מיר האָבן זיך געפֿונען, איז אַזוי הויך געלעגן, אַז מען האָט פֿון אים אויך געקאָנט אַראָפּקוקן און באַאָבאַכטן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אויפֿן היידן־הויף; ווײַטער האָבן שוין די הויכע גאָלדענע טורעם־טויערן, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף פֿערצן טרעפּן, ווי די אָרומיקע גאַניקעס אין דער אינערלעכער מויער, אַלץ פֿאַר אונדז פֿאַרשטעלט. אויף דער זײַלן־האַליע איז אָנ־גענעם געוועזן צו זיצן: פֿון די רײַך־קאָלירטע פּרוכתן, וואָס זײַנען געהאַנגען אַרום די זײַלן, כּדי אונדז צו באַשאָטענען פֿון דעם גלײַענדיקן זון־אונטערגאַנג האָט אַן אָנגענעמער רויזן־געשמאַק, מיט וועלכן די פֿאַרהאַנגען זײַנען פֿײַכטלעך דורכ־געזאָפּט געוועזן, געקילט די לופֿט. באַדינער אין לײַכטע דורכזיכטיקע טוניקעס, האָבן אונדז דערלאַנגט גאָלדענע בעקנס מיט רויזן־וואַסער און אונדז מיט טײַערע צידון־האַנטוכער געטריקנט. איך האָב אַראָפּגעקוקט אויף ירושלים. די גאַנצע שטאָט איז געלעגן ווי איין גרויסער באַק־אויוון און האָט געגליט אין דער זון. פֿון דעם אונטערשטן טייל פֿון שטאָט, וואו עס האָט געוואוינט די אָרעמקייט, האָבן די ליימענע הײַזלעך ווי אַ לאַווע פֿון שטיינער זיך אַראָפּגעגאָסן ביז צו דער מויער און ווײַטער פֿון דער מויער טיף אַרײַן אין נחל קדרון, און האָבן אָנגעהויבן אַרויפֿ־צוקלעטערן אויפֿן הר־הזתים. ווי ירושלים איז נישט געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ראַנד פֿון נאַקעטע זאַמדיקע בערג, וועלכע זײַנען איצט אין דער אונטערגייענ־

דיקער זון באַלעקט געוואָרן מיט פֿײַערדיקע צונגען, — איז אָבער פֿון הר־הזתים און פֿון הר־הצופֿים די שטאָט געווען אײַנגעבעט מיט דערפֿרישנדיקן גרינס. ציפּריסן־וועלדער, איילבירטן־ און ווײַנגערטנער, פעלדער מיט סעדער האָבן ווי אַ רייף אַרומגערינגלט די שטאָט מיט אַן אָאַזיס פֿון גרינס. ערשט פֿון דאָנען, פֿון כּהן גדולס טעראַסע אַראָפּ, האָב איך געזען, ווי ירושלים איז צוואָרפֿן אויף די שפּיץ בערג. די שטאָט איז געגליכן, ווי אַ הירש וואָלט געשפּרונגען פֿון איין באַרג איבערן אַנדערן. די בערגלעך זײַנען באַלייגט געווען מיט צוזאַמענגעבאַקענע טעראַסן־דעכער. אויף פֿילע פֿון זיי האָט מען געזען גערטענער פֿון אָנגעשטעלטע בלומען־טעפּ אוןביימער, אַנדערע דעכער זײַנען געווען באַשטעלט מיט ציסטערנעס, די אָנגעמויערטע דעכער האָבן זיך געשטיצט איינס אויפֿן אַנדערן און געגאָסן זיך אין די טאָלן אַראָפּ. איך האָב מיר קיין מאָל נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז ירושלים איז אַזוי ברייט און גרויס. די שטאָט האָט זיך ווי אַן איבערגעפֿלאָסענער טײַך אַרויסגעגאָסן פֿון איר קאָרעטע אויסער די מויערן, פֿאַרכאַפּט די גאַנצע פֿלאַך פֿון הר־הצופֿים צו דער זײַט, וואו עס האָט זיך אויסגעשפּרייט דער נײַער קוואַרטאַל, אַזש נאָך דער אַנטאָניאַ, אויף יענער זײַט שעפּסן־טויער; שוין אָפּגערעדט פֿון מזרח־זײַט, וואו די שטאָט האָט זיך אַרויפֿגעגאָסן אויפֿן הר־הזתים, און אַזוי אויך צו דרום צו נאָך דעם גי־הנום, וואו די אַרעמקייט האָט געוואוינט.

אַלע דעכער, צווישן די צוימען, גאַניקעס אָדער געמויערטע געזימסן, וואָס האָבן זיי אַרמגערינגלט, זײַנען געווען באַלייגט מיט מענטשן. די באַפֿעלקערונג פֿון ירושלים האָט אויף די דעכער פֿון די הײַזער געזוכט לופֿט און דערפֿרישונג פֿאַר דער היץ, וואָס האָט געשלאָגן פֿון די צוזאַמענגעבאַקענע קאַלך־טעראַסן. אָפֿט מאָל האָט געוואָשן דאָס אויג אַ גרין ציפּריסן־וועלדל אין מיטן פֿון די קאַלך־הײַזלעך אַרויס: דאָרט, האָט מען געוואוסט, באַהאַלט זיך אין שאָטן פֿון זײַן גאָרטן איינער פֿון די אַריסטאָקראַטן פֿון ירושלים. אָבער די ציפּריסן־ און איילבירטן־וועלדער און די ווײַנגערטענער זײַנען וואָס אַמאָל געדיכטער געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעגאָסן פֿון די מויערן־ווענט, וועלכע האָבן מיט שטאַרקע אָרעמס אַרומגעהאַלטן די שטאָט.

אונדזער מאָלצײַט איז אָנגעגאַנגען אין אַ רואיקן, פֿאַרנעמען טאָן. מען האָט ווייניק גערעדט בײַם עסן. דאָס עסן איז באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ תּפֿילה אַפּריכטן. לעבן דעם פֿאָטער, צו זײַן רעכטער האַנט, איז אויסגעלייגט געווען אויף זײַן ליג־שטול דער עלטסטער פֿון זײַנע זין, אליעזר, צו וועלכן די באַדינער און די אַלע אַרומיקע און אויך זײַנע יינגערע ברידער האָבן זיך באַצויגן מיט רעספּעקט, כּמעט ווי צו זייער פֿאָטער. לינקס פֿון אַלטן האָט מען מײַן ליג־שטול אויסגעשטעלט. קעגנאיבער אונדז זײַנען די איבעריקע פֿיר זין געווען אויסגעלייגט. צווישן אונדז זײַנען אויף מיט טישטיכער באַדעקטע קליינע טישלעך סערווירט געוואָרן די שפּײַזן אונטער דער שטילער באַגלייט־מוזיק פֿון אַ האַרפֿע און אַ פֿײַפֿל, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון הינטער אַ פֿאָרהאַנג. קיין פֿרויען האָט מען נישט געזען, די סעודה־אָנטיילנעמער, ווי אויך די באַדינער זײַנען געווען פֿון מענלעכן געשלעכט.

דאָס עסן, אַזוי אויך די כּלים, זײַנען געווען איינפֿאַך, אָבער מיט פֿיל געשמאַק צוגעריכט. אַזוי ווי אַלץ אין דעם הויז, זײַנען די כּלים אויך געווען געהאַמערט

אויס דעם רויען מאַטעריאַל לויט דער פֿאָרעם, וואָס די כּלי באַדאַרף האָבן, אָן שום באַפּוצונג, ווי זיי זייער וואָלטן, ווי זייער גאָט, נאָר געוואָלט זיך באַדינען מיט דער מאַטעריע אַליין. דער אַלטער כּהן גדול האָט נאָכן הענט־וואַשן געבענטשט דאָס ברויט, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט אויף אַ גאָלדענער טאַץ. אַזוי האָט אויך געטון זײַן עלטסטער זון, דער צווייטער כּהן גדול. די דינער האָבן דאָס געבענטשטע ברויט אַרומדערלאַנגט צו די סעודה־אָנטיילנעמער. אַחוץ חזיר, וואָס דאָס געזעץ דערלויבט זיי נישט, האָט דאָ גאָרנישט געפֿעלט. עס האָט נישט געפֿעלט קיין עגיפּטישער פֿיש, פֿיש פֿון טײַך כּנרת, פֿיש פֿון דער שטאָט עכו, צוגעריכט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים, מיט זיסן טייג פֿאַרקנעטן, אי אויך אײַנגעפּעקלט, דערבײַ האָט אויך נישט געפֿעלט דער באַזונדערער ייִדישער רייץ פֿון קנאָבל און ציבעלעס. נאָך יעדן געריכט האָט מען אונדז דערלאַנגט ווײַן צו טרינקען. מערקווירדיק, ווי די ייִדעלעך האָבן געוואוסט דעם פּאַסנדיקן ווײַן צו יעדן געריכט צו דערלאַנגען. אַזוי האָט מען אונדז דאָס אַפּשטייעכץ פֿון ווײַסע טרויבן־קערנדלעך, וואָס איז זייער שאַרף און שטאַרק געווען, דערלאַנגט נאָך אַ פֿעטן פֿיש. אומצייליק זײַנען געווען די פֿאַרשיידענע פֿליישן, וואָס מען האָט אונדז סערווירט, מערסטנטיילס פֿון עופֿות: פֿון טויבן, פֿון הינער, פֿון געגנדז אָדער אויך פֿון ווילדע עופֿות — פֿאַזאַנען, אָבער נישט סערווירט ווי בײַ אונדז אָדער ווי בײַ די אַלעקסאַנדרייִשע קוכערס, וועלכע זײַנען געווען אַזעלכע בריות צו סערווירן דאָס געקאַכטע עוף אָדער דאָס חזירל, אַז עס האָט אויסגעזען ווי לעבעדיק. דאָ איז עס געווען איינפֿאַך צעשניטן, אַ ביסל צו טרוקן. זיי האָבן פֿון עוף יעדן טראָפּן בלוט צום ערשט אויסגעזאַלצן. אָבער וואָס עס האָט מיר אַמבעסטן געשמעקט, איז געווען אַזאַ מין פֿעט שעפּסן־פֿלייש, געדעמפּט און אין פֿאַרקלעפּטן אויוון געהאַלטן איבער נאַכט, אַזוי אַז דאָס פֿלייש האָט גאָרנישט געהאַט פֿאַרלוירן פֿון זײַנע זאַפֿטן דורך דעם צופֿיל קאָכן, עס איז געווען צוגעקנאָבלט, פֿאַרבראָקט מיט ציבעלעס. דער טעם ליגט מיר נאָך ביז הײַנט אין מויל. נאָך יעדער שפּײַז האָבן די דינער די גאָלדענע וואַש־קריגן אַרומגעטיילט. אויך האָט מען סערווירט פֿיל גרינס מיט סאַלאַטן, געקאָכטע און רויע. צווישן די סאַלאַטן זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס מען קען גאָרנישט בײַ אונדז, זיי זײַנען באַשטאַנען אויס שמעקעדיקע רויע געווירץ־פֿלאַנצן, וועלכע זאָלן העלפֿן דאָס עסן פֿאַרדײַען, דאָס מויל אויסרייניקן.

נאָכן עסן האָבן אונדז די דינער ווידער דערלאַנגט רויזן־וואַסער אין גאָלדענע שאָלן, און פֿײַן־געוועבטע לײַוונטענע האַנטוכער אונדזערע הענט צו וואַשן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געמיטלעכער טייל פֿון אָוונט. די שטײַפֿע האַלטונג בײַם עסן, דאָס קאָנצענטרירטע באַנעמען זיך בײַם טיש, וואָס איז געווען אַ פֿאַרזעצונג פֿון אָפֿיציעלן עמפֿאַנג, האָט נאָכגעלאָזן. די דינער האָבן די אייל־בעקנס אויף די קאָרינטישע זײַלן אָנגעצונדן, וואָרעם נאָכט־שאָטנס האָבן אָנגעהויבן אײַנצוּוויקלען ירושלים. אויף אונדז האָט אָנגעהויבן אַראָפּצורעגענען דאָס ליכט פֿון די גרויסע שטערן, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן איבער דעם ירושלימער הימל, און זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם דיסקרעטן ליכט פֿון די אייל־בעקנס און מנורות. אַזוי זײַנען מיר געווען אויסגעלייגט אין די ליג־בעטלעך און צוגעהערט זיך צום לײַכטן האַרפֿן־שפּיל פֿון די שפּילערס. נאָך דעם ווי דינערשאַפֿט האָט אָפּגערוימט די רעשטן פֿון עסן און אַוועקגעשטעלט רויכערנדיקע בשׂמים־פֿאַנען צווישן די

זײַלן, כּדי די לופֿט אויסצורייניקן, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט נעענטער זיך צו באַקענען מיט מײַנע טיש־אָנטיילנעמער.

די פֿינף זין פֿון כּהן גדול זײַנען אַלע געווען העכסט געבילדעטע מענטשן. אַזוי אויך זייערע פֿרויען, מיט וועלכע איך האָב שפּעטער געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען. אַחוץ דער פֿאַרבאַרייטונג פֿאַר זייער אַמט, וואָס זיי האָבן דורכ־געמאַכט אין בית־מקדש בײַ אַלטע געניטע כּהנים, זײַנען זיי אין דער היים פֿון גריכישע לערער — שקלאַפֿן, וועלכע מ׳האָט געקויפֿט פֿאַר דעם צוועק — דער־צויגן און אויסגעבילדעט געוואָרן אין אַלע וויסנשאַפֿטן: אין גריכישער געשיכטע, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און רעטאָריק. זיי האָבן פּערפֿעקט גערעדט גריכיש, לאַטײַניש און געקענט זייערע ליטעראַטורן. און נישט געקוקט אויף זייער ייִדישן זשעסטיקולירן מיט די הענט בשעתן רעדן, ווי אויך אויף זייער אַלעקסאַנדריניִשן אַקצענט, וואָלט מען זיי געקאָנט שווער אָנגענומען פֿאַר ייִדן, מען וואָלט זיי גיכער געקאָנט האַלטן פֿאַר אַשקעלאָנער, פֿאַר גריכן.

דער אַלטער כּהן גדול האָט זײַנע קינדער, אויף צו פֿאַרענדיקן זייער בילדונג, געשיקט קיין אַלעקסאַנדריע, וואו זיי האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע ספּאָרטן. זיי האָבן פֿאַרמאָגט גוטע אַטלעטישע קערפּער, געווען זייער הויך, אָבער נישט צופֿיל מוסקולירט. דער ייִנגסטער חנן איז געווען דער ליבלינג פֿון פֿאָטער. ער האָט אים גערופֿן מיט זײַן אייגענעם נאָמען. ער איז אויך ענלעך געווען צום אַלטן מער פֿון די אַנדערע ברידער: די זעלבע ענערגישע ליפּן און גאָמבע; אין זײַנע געקרײַזלטע שוואַרצע לאָקן, צעוואָרפֿן איבער זײַן קאָפּ, האָט ער, פּונקט ווי זײַן פֿאָטער, אויסגעזען ווי אַ לייב.

ער האָט מיך אויסגעפֿרעגט איבער די לעצטע פּאָליטישע נײַעסן פֿון רוים, אין וועלכע — עס זעט זיך אויס — ער איז זייער פֿאַראינטערעסירט געווען; גע־וואָלט וויסן וועגן קייסער, וועלכער געפֿינט זיך אין איינזאַמקייט אויף קאַפּרי און צי מען ווייסט שוין, ווער עס וועט זײַן זײַן נאָכפֿאָלגער; צי סעיאַנוס, טיבעריוסעס בעל־יועץ, האָט נאָך אַן אײַנפֿלוס אויפֿן קייסער. די אַנדערע ברידער זײַנען מער פֿאַראינטערעסירט געווען אין ספּאָרט. זיי האָבן דווקא געוואָלט וויסן וועגן די לעצטע ספּאָרט־נײַעסן אין רוים, ווי עס הייסט דער פּאָפּולערער גלאַדיאַטאָר און צי איך האָב אים געזען קעמפֿן; זיי האָבן געוואָלט וויסן ווען דער קייסער וועט ווידער אײַנאָרדענען שפּילן פֿאַרן פֿאָלק.

דער אַלטער כּהן גדול האָט געלאָזט צורוקן מײַן ליג־בעטל צו זײַנעם און זיך אונטערגעהאַלטן מיט מיר וועגן דער לאַגע אין לאַנד, וועגן די צרות, וואָס עס פֿאַר־שאַפֿן אים די אומרואיקע גלילער. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז עס האַנדלט זיך ווידער וועגן איינעם פֿון יענע פֿאַנאַטיקער אָדער באַזעסענע, וועלכע רעדן זיך אײַן, אַז זיי זײַנען באַאויפֿטראַגט פֿון דער געטלעכקייט מיט אַ נביאות, צו ברענגען גאָטס וואָרט צו די מענטשן. דאָס מאָל האָבן זיי צו טון געהאַט מיט זייער אַ גע־פֿערלעכן פּערסאָנאַזש, ווײַל ער האָט געוואונען גרויס אָנזען אין פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט, אַז ער איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון גרויסן נביא זייערן, וועלכער איז אַמאָל געווען בײַ זיי מיט דורות צוריק און גרויסע וואונדער באַוויזן און איז איצט צוריקגעקומען אין לעבן אַרײַן און טראָגט די בשורה פֿון גאָט פֿאַר זייער אויסלייז.

די קינדער אָבער, ליגנדיק אין זייערע ליג־בעטלעך אין דער זײַלן־האַליע, האָבן איצט גערעדט וועגן עפּעס אַ יוחנן, וועלכן זיי האָבן גערופן „דער המטביל", ווײַל ער האָט אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק טובל צו זײַן זיך און צו רייניקן זיך פאַר דעם אָנקומען פון זייער משיח. איך אַליין האָב זיך נישט באַטייליקט אין דעם געשפרעך. זיי האָבן עפּעס צוליב אַ טעם וואָס איז מיר אומבאַקאַנט, די גאַנצע מעשׂה וועגן דעם יוחנן המטביל געוואָלט פאַרשווײַגן פאַר מיר, אויסבאַהאַלטן פאַר דעם גוי... די קינדער פון כהן גדול האָבן גערעדט מיט מיר וועגן ספּאָרט, וועגן גלאַדיאַטאָרן, אָלימפּן־שפּילן. איך האָב אַ חשד, אַז זיי האָבן מיך אַרײַנגעצויגן אין דעם געשפּרעך, כּדי איך זאָל זיך נישט צוהערן צום פּליסטערן, וואָס עס פירט צווישן זיך דער אַלטער חנן מיט זײַן זון, דעם געוועזענעם כהן גדול. איך האָב געפּלוידערט מיט די יונגעלײַט וועגן ספּאָרט, אָבער איינצײַטיק וואָך געהאַלטן מײַן אויער אויפן פּליסטערן וועגן דעם געשעעניש, פון וועלכן עס רעדן די עלטערע.

— פון וואַנען קומט ער, זאָגסטו? — פרעגט דער אַלטער כהן גדול זײַן עלטסטן זון אויף אַראַמעאיש, אין וועלכער שפּראַך זיי האָבן געפירט דאָס שטילע געשפּרעך, כּדי איך זאָל נישט פאַרשטיין, אָבער איך האָב שוין דענסטמאָל אָנגעהויבן אַ ביסל צו פאַרשטיין זייער זשאַרגאָן.

— פון גליל.

— פון גליל? — לאַכט דער אַלטער כהן גדול און זײַן געקניפּטע אַראַמעאישע באָרד שאָקלט זיך — „קאָן דען עפּעס גוטס אַרויסקומען פון גליל?" — זאָגט דאָס שפּריכוואָרט.

די ייִדעלעך האָבן געמיינט, אַז איך הער זיך נישט אײַן. אָבער גערעדט האָב איך מיט טעאָפילוס און פאַרציילט האָב איך דעם ייִנגערן, חננען, פון דעם לעצטן הויף־סקאַנדאַל, און מיט איין אויער האָב איך זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך פון די עלטערע און איך האָב זיך אָנגערופן:

—איז עפּעס פאָרגעקומען באַאומרואיקענדעס אין דער פּראָווינץ פון טעטראַרך?

— באַאומרואיקענדעס? אויף קיין פאַל נישט. איבריקנס, געהער דאָס נישט צו אונדז, און מיר האָפן, אַז דער טעטראַרך הורדוס אַנטיפּאַס וועט זיך אַליין קאָנען אַן עצה געבן קעגן די אויפרודערנדיקע עלעמענטן, וואָס ער האָט שוין נישט איין מאָל באַוויזן — האָט דער עלטסטער פון די כּהנים מיר אָפּגעענטפערט. — מיר רעדן וועגן גליל און וועגן די אומרואיקע געמיטער פון די גלילער. אַלדאָס בייז קומט פון דאָרט. זיי מאַכן אונדז אַן צרות און אומזיכער דאָס לעבן: דאָ רויבער־באַנדעס, אַן אַנדערש מאָל משיח... אַך, די פאַנאַטישע לײַכטגלייביקע, וועלכע לאָזן זיך פאַרפירן פון אַלע אַוואַנטוריסטן; נישט נאָר די קנאים, נאָר אויך די איבערגעטריבענע נאַרישע חסידים — די עסייער, וועלכע האַלטן זיך אין איין טובלען, קומען אַרויס פון גליל. זיי טובלען אַלץ — זייערע לייבער, זייערע כּלים, באַלד וועלן זיי די זון און די לבנה אויסטובלען אין וואַסער — לאַכט דער עלטסטער כהן גדול צו דער פרייד פון זײַנע קינדער.

— אַ, איר מיינט די, וועלכע באַקליידן זיך מיט דער פעל פון חיות, וועלכע איך זע אָפט מאָל אין בית־מקדש־הויף, די אויסגעדאַרטע, מיט ברענענדיקע אויגן! דערקלערט מיר, ווער זײַנען זיי דאָס אַזעלכע, אין וואָס גלייבן זיי?

— זיי שרײַבן צו דער אומשטערבלעכער געטלעכקייט מענטשלעכע קליינלעכע שוואַכקייטן; זיי נידערן אַראָפּ די געטלעכקייט צו די אינטערעסן פֿון די מענטשן —דערקלערט מיר דער עלטסטער פֿון די כהנים. — אַזוי גלייבן זיי, למשל, אַז דער אַלמעכטיקער גאָט, וואָס האָט געמאַכט זײַן וואוינונג אין אונדזער הייליקן בית־מקדש, האָט מער גאָרנישט וואָס צו טון נאָר צו אינטערעסירן זיך מיט פּרי־וואַטע אַנגעלעגנהייטן פֿון יעדן יחיד. אַנשטאָט צו לענקן די גאַנצע וועלט, צו אַנטשיידן די מזלות פֿון אַלע פֿעלקער און אַכטונג צו געבן אויף זײַן באַליבט פֿאָלק ישׂראל, באַשעפֿטיקט ער זיך גאָר מיט דעם מזל פֿון יעדן יחיד!... ער אינטערעסירט זיך מיט אים נישט נאָר אויף דער וועלט, נאָר ער זעצט אים נאָך אַרײַן אין אַ גן־עדן פֿאַר זײַנע גוטע מעשׂים אָדער ער שיקט אים אין אַ קעסל־גרוב, וואָס הייסט גיהנום, פֿאַר זײַנע שלעכטע מעשׂים. און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטן, וואָס מיר געפֿינען גאָרנישט אין דער הייליקער תּורה. און אויב דאָס איז נאָך ווייניק, גיבן זיי צו דער געטלעכקייט אַ גאַנצן שטאָב פֿון גוטע און שלעכטע רוחות, וועלכע פֿירן אויס גאָטס געבאָטן. זיי גייען אַזוי ווײַט, אַז זיי טראָגן איבער די השגחה פֿון גאָט — פֿון גאַנצן כּלל ישׂראל, וואָס איז דער יורש פֿון אַברהם, יצחק און יעקב, אויף זייערע אייגענע קליינלעכע פּריוואַטע אינטערעסן, — פֿאַרענדיקט מיר דער אַלטער כּהן גדול אין זײַן אַסירישן גריכיש.

— אָבער דאָס איז דאָך גאָט־לעסטערונג! פֿאַרוואָס לאָזט איר דאָס צו? פֿאַרוואָס פֿאַרפֿאָלגט איר זיי נישט פֿאַר אַזעלכע אַטעאיסטישע אידעען? — רוף איך זיך אָן.

— גאָט־לעסטערונג קאָן מען דאָס נישט אָנרופֿן, און פֿאַרפֿאָלגן זיי צוליב דעם קאָנען מיר אויך נישט. לײדער זײַנען זיי נישט די איינציקע, וואָס גלייבן אין אַזעלכע נאַרישקייטן, אַז דער מענטש לעבט נאָך אַ צווייט לעבן אויף אָן אַנדערער אויסגעטראַכטער וועלט און זײַן נשמה ווערט אין די הימלען געריינעקט. לײדער געפֿינט זיך בײַ אונדז אַ גאַנצע סעקטע, און דאָס זייער אַנגעזעענע מענטשן, וועלכע האָבן אַ גרויסן און שעדלעכן אײַנפֿלוס אויפֿן פֿאָלק, זיי גלייבן אויך אין אַזעלכע שטותים — פֿאַרציילט מיר ווײַטער דער אַלטער כּהן גדול, — דאָס זײַנען די שריפֿט־פֿאַרשער, די פּ ר ו ש י ם , וועלכע טײַטשן אויס די ווערטער פֿון דער תּורה נישט לויט דעם פּשוטן פּשט, נאָר לייגן אַרײַן אין זיי זייערע אייגענע געדאַנקען, וועלכע זײַנען אויסדריקלעך קעגן משהס לערע. לײדער קאָנען מיר גאָרנישט קעגן דעם אויפֿטון. דאָס אומוויסנדיקע פֿאָלק איז אויף דער זײַט פֿון די געזעץ־אויסטײַטשער, און ווען מיר וואָלטן זיי פֿאַרפֿאָלגט — ווי עס איז טאַקע אָפֿט פֿאַרגעקומען אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט — איז דאָ אַ געפֿאַר פֿון שפּאַלטן די נאַציע, און דאָס ווילן מיר אויסמײַדן.

מיר, די צ ד ו ק י ם , זעען נישט קיין סתירה צווישן אונדזער לערע און דער רוימישער מאַכט איבער אונדז. מיר טיילן שטרענג אָפּ רעליגיע פֿון ציווילער מאַכט. מיר גלייבן, אַז גאָט מישט זיך נישט אַרײַן אין די מענטשלעכע געשעענישן, ער לאָזט פֿרײַ איבער דעם מענטש זײַן אייגן לעבן אײַנצואָרדענען ווי ער וויל. גאָט גייט נאָר אָן זײַן עבֿודה אין בית־מקדש, דאָס איבעריקע גיט ער איבער דעם מענטשן אײַנצואָרדענען, ווי ער געפֿינט פֿאַר נייטיק. אָבער די אַנדערע — אָך, וואָס פֿאַר אַ פֿאַנטאַסטישע האָפֿענונגען זיי פֿאַרבינדן אַלץ נישט מיט דעם קומען פֿון זייער משיח! און אויף וואָסערע געפֿערלעכע וועגן דאָס קאָן פֿירן, וועגן דעם וויל איך שווײַגן.

— דאָס הייסט, אויפֿשטאַנד קעגן רוים ? — פֿרעג איך.

— אויפֿשטאַנד קעגן רוים וויל איך דאָס נישט אָנרופֿן, נאָר זייער פֿאַנטאַזיע גייט אַ ביסל צו ווײַט. מען באַדאַרף ווידער אַזוי ערנסט נישט נעמען די שטותים זייערע. איר האָט שוין געהערט : זייער משיח וועט די טויטע פֿון קבר אויפֿוועקן!...

— פֿאַרוואָס קאָנען זיי זיך נישט באַרואיקן ? — פֿרעגט דער יינגסטער זון חנן בן חנן מיט אַ חלף־גלאַנץ אין זײַנע בלישטשענדיקע אויגן, וואָס האָבן באַאומרו־איקט און עדות געזאָגט אויף זײַן כאַראַקטער — וואָס ווילן זיי ?

דער פֿאָטער האָט געקוקט אויף זײַן יינגסטן זון מיט רירנדיקער צערטלעכקייט.

— תינוק, עס זײַנען דאָ שלעכטע מענטשן אויף דער וועלט, וואָס ווילן זיך נישט באַגנוגענען מיט דעם וואָס זיי האָבן און ווילן שטענדיק מער אָדער אַנדערש זײַן, ווי דאָס מזל און די באַשערטקייט האָט פֿאַר זיי באַשטימט. עס איז זיי ווייניק די וועלט, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן, ווילן זיי נאָך האָבן אַ צווייטע וועלט!...

— און פֿאַרוואָס לאָזט עס דער כּהן גדול צו ? אָך, וואָלט איך געווען דער כּהן גדול, וואָלט איך שוין געוואוסט וואָס איך האָב צו טון! —

— דו וועסט זײַן, מײַן קינד, מיט גאָטס הילף אַ כּהן גדול און וועסט אויך נישט אַנדערש האַנדלען ווי דײַן געליבטער שוואָגער. מיר זײַנען געבונדן מיט דעם היכן אָמט, וואָס די געטלעכקייט האָט פֿאַר אונדז באַשטימט, און דאָן — אונדזערע משפּטים! אָך, אונדזערע קעגנער, די סנהדרישע מיטגלידער פֿון די פּרושים, פֿאַר־שווערן אַזוי די פּראָצעדור פֿון יעדן קרימינעלן משפּט, און איבערהויפּט אַ משפּט, וואָס האָט צו טון מיט אַ פֿאַרברעכן, פֿאַר וועלכן עס דראָט דער טויט, מאַכן זיי אַלע מניעות בײַם עדות אויסזאָגן, באַשטייען אויף אַזעלכע דעטײַלן און ווייסן אַזוי אויסצוטײַטשן דאָס געזעץ, אַז זיי לאָזן שטענדיק אָפֿן אַ לאָך, דורך וועלכן דער פֿאַרברעכער קאָן אַנטרינען. דאָס פֿאַרשווערט אונדזער קאַמף מיט די געפֿערלעכע עלעמענטן און פֿאַרניכטעט אונדזער גאַנצן אַפּוער־סיסטעם קעגן פֿאַרברעכער און לעסטערער, וואָס אונדזער הייליק געזעץ און טראַדיציע גיט אונדז אין אונ־דזערע הענט.

— נו, — רוף איך זיך אָן, — אויב דאָס יידישע געזעץ איז נישט אימשטאַנד די רו אין ירושלים אײַנצוהאַלטן, וועלן מיר עס באַדאַרפֿן טון!

נאָר קוים האָב איך די ווערטער אויסגערעדט, האָב איך געזען, ווי דער אַל־טער כּהן גדול איז בלייך געוואָרן, די זין זײַנען געוואָרן אומרואיק און זיך אָנגע־קוקט איינער דעם אַנדערן...

פֿון דער גאַס האָט זיך דערטראָגן צו דער אָפֿענער זײַלן־האַליע אַ געבררום ענלעך צו אַ געשריי. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פֿון די ווערטער. זיי זײַנען געווען אין אַראַמעאיש, ווי אויך צוליב דער ווײַטקייט, פֿון וואַנען דאָס געשריי איז געקומען, האָב איך נישט גוט געהערט די ווערטער. נאָר אין די פּנימער און אין די מינעס פֿון דעם אַלטן און זײַנע זין האָב איך פֿאַרשטאַנען אַז עס איז געווענדט קעגן זיי. די דינער זײַנען באַלד אָנגעקומען צו לויפֿן און פֿאַר־רוקט די פּאַרהאַנגען צווישן די זײַלן, כּדי נישט צו הערן דעם שלעכט־אָנזאָגנדיקן צאַרן פֿון דער גאַס אַרויס.

אַ מינוט איז דער עולם געזעסן אין אַ געדריקטער שטילקייט, אָבער דער אַלטער האָט געפֿונען דעם טאָן :

— דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל איך האָב אײַך אײַנגעלאַדן צו עסן מיט מיר בײַ איין טיש.

— מעג איך וויסן דעם אינהאַלט פֿון זייערע ווערטער?

די קינדער האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אָנגעקוקט אומבאַקוועם און געשוויגן.

— ער מעג עס וויסן, פֿאַרוואָס נישט? — זאָגט דער אַלטער — דאָס איז אַ שפּאָט־ליד קעגן די כּהנים גדולים, אַזוי ווי ס'ווערן מיר שוין געפֿאַלן אין ירו־שלים! טעאָפּילוס, זאָג דעם באַאַמטן פֿון רוים דעם אינהאַלט פֿון שפּאָט־ליד, וואָס מען זינגט אין ירושלים אויף דער העכסטער מאַכט, איך מיין, פֿאַרשטייט זיך, אויף דער העכסטער מאַכט פֿון די ייִדן — פֿאַרענטפֿערט זיך באַלד דער אַלטער — אויפֿן כּהן גדול!...

טעאָפּילוס האָט מיר דעם אינהאַלט פֿון דעם ליד איבערגעזעצט אויף לאַטײַ־ניש. עס האָט מער אָדער ווייניקער געקלונגען אַזוי:

וויי איז מיר פֿאַר דעם הויז פֿון ביתוס,
וויי איז מיר פֿאַר זייערע בלײַערנע קאַנטשוקעס.
וויי איז מיר פֿאַר דעם הויז פֿון חננס,
וויי איז מיר פֿאַר זייערע מסירות.
זיי אַליין זײַנען כּהנים גדולים,
זייערע זין האָבן זיי געמאַכט פֿאַר קאַסירערס,
זייערע איידעמס — פֿאַר גבאָים
און זייערע קנעכט שלאָגן אונדז מיט שלעגלען און בלײַ־בינטלעך.

— דאָס מיינען זיי אונדז, די כּהנים גדולים, און דאָס איז אַ באַצאָלונג פֿאַר דער געטרײַשאַפֿט, מיט וואָס מײַן הויז דינט דאָס פֿאָלק!

— מען וועט באַדאַרפֿן אין ירושלים אָרדענונג מאַכן! — האָב איך דעם אַלטן כּהן גדול פֿאַרזיכערט.

דער אַלטער האָט מיטן קאָפּ ערנסט צוגעשאָקלט, די קינדער פֿון כּהן גדול האָבן מיך געגלעט מיט זייערע וואַרעמע, דאַנקבאַרע בליקן.

# 8

## קאָרנעליוס באַקענט זיך מיט דער לאַגע אין ירושלים

איך האָב ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צו באַקענען זיך מיט דעם פֿאָלק, צווישן וועלכן איך בין פֿאַרשיקט געוואָרן. איך האָב אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען אין זייער לעבן, געוואָר ווערן וועגן זייער אַרט דענקען, פֿונאַנדערקלײַבן זיך אין דעם לאַבי־רינט פֿון זייערע פּאַרטייען און אײַנגעוואוינען זיך צו זייערע מנהגים און אויפֿפֿירונ־גען. אַזוי לײַכט איז עס מיר נישט אָנגעקומען, זיי זײַנען פֿאַר אַ פֿרעמדן פֿאַר־שלאָסן אויף זיבן שלעסער, בפֿרט נאָך פֿאַר אַ רוימישן פֿונקציאָנאַר. עס האָט אָפּגעדויערט חדשים, אַפֿילו יאָרן, איידער איך האָב געקאָנט צושטעלן מײַן ראַ־פּאָרט פּילאַטוסן. עס איז געווען גענוג געווען, אַז זיי זאָלן פֿון דער ווײַטנס דערזען דעם

אָפּבליאַסק פֿון מײַן פּאַנצער בעתן דינסט אָדער מײַן טאָגע אין געװײנלעכע טעג, אַז זײ זאָלן מיר פֿון װעג אָפּטרעטן און אַנטלױפֿן װאו דער פֿעפֿער װאַקסט. דאָך איז מיר געלונגען אײנציקװײַז זיך צו באַקענען מיט זײ און זײ צוגעװױנען צו מיר. איך װײס נישט פֿאַרװאָס, נאָר װיפֿל דאָס פֿאָלק איז מיר פֿרעמד און אָפּשטױסנדיק געװען, האָט עס מיך שטענדיק דאָך געצױגן צו זײ. זײ האָבן מיך אינטערעסירט פֿון ערשטן אױגנבליק אָן, װאָס איך האָב זיך באַקענט מיט זײ. איך האָב געהאַט פֿיל צו טון מיט די העכערע באַאַמטע פֿון בית־מקדש און איך האָב אױך פֿאַרקערט אין אײניקע הײַזער פֿון דער העכערער אַריסטאָקראַטיע אין דעם אײבערשטן טײל פֿון שטאָט. איך האָב מיר אױך געװאונען איבערגעגעבענע פֿרײַנד צװישן די אײבערשטע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. די צװײ ייִנגסטע זין פֿון אַלטן כּהן גדול חנן זײַנען מיר, איבריקנס, זײער באַהילפֿיק געװען אין מײַן אָריענטירן זיך צװישן דער פֿרעמדער, פֿײַנדלעכער באַפֿעלקערונג. איך האָב באַקומען פֿון זײ אַ סך אינפֿאָרמאַציעס, װאָס זײַנען מיר אין מײַן דינסט זײער צונוץ געקומען.

אױסערדעם האָב איך זײער גערן געהאַט אַרומצולױפֿן איבער דער שטאָט און זיך באַקענען מיט איר לעבן. איך האָב זיך געפֿונען אי צװישן די פּאַלאַצן פֿון דער אַריסטאָקראַטיע און אי צװישן די פֿאַרװאָרפֿנסטע און אָרעמסטע װינקעלעך אין דעם אונטערשטן טײל שטאָט, װאו מען האָט זיך געקאָנט באַקענען מיטן לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן. אין דעם דאָזיקן קװאַרטאַל איז געװען דער מאַרק־פּלאַץ פֿון ירושלים. דאָ האָט מען געקאָנט הערן דעם אָטעם פֿון דער שטאָט. דאָס איז אײגנטלעך נישט געװען קײן פּלאַץ, נאָר אַ ברײטע, לאַנגע גאַס, װאָס האָט זיך געצױגן לענגאױס דעם גאַנצן אַלטן טײל פֿון שטאָט. מערסטע טײל געװעלבער זײַנען דאָרט געװען. דאָ אַהער האָבן די פֿישער פֿון כּנרת ביז די פֿישער פֿון עכּו געבראַכט זײערע פֿרישע און געזאַלצענע סחורות, אױף װעלכע די ירושלימער זײַנען געװען אַזעלכע בעלנים. דאָ האָבן די פּאַרמערס פֿון שרון אַהערגעבראַכט זײערע אָן אַ שיעור גרינװאַרג צו פֿאַרקױפֿן. מען האָט געזען די פֿאַרשידנאַרטיקסטע מינים און פֿאָרמען פֿון פֿרוכטן און גרינסן, װאָס מען זעט אין ערגעץ נישט. דאָ האָבן די גערטנער פֿון אַרום ירושלים אַרױסגעטראָגן זײערע מיט האָניק טריפֿנדיקע פֿײַגן; װעלכע זײַנען געװען װי פֿעטע אײטערס. די גערטנער פֿון אַרום ירושלים זײַנען אָנגעטרונקען געװאָרן מיטן בלוט פֿון די קרבנות, מיט װעלכע די ערד איז רײַכלעך געזעטיקט געװען. דורך דעם זײַנען די פּירות אַרום ירושלים געװען רײַך מיט זאַפֿט און האָניק. אַזעלכע גרױסע הענגל װײַנטרױבן, װי מען האָט דאָ אָנגעטראָפֿן, האָט מען אין ערגעץ נישט געפֿונען. דאָ אױפֿן מאַרק, אין דרױסן אױף די טראָטואַרן, אונטער באַדעקעכץ פֿון טרוקענע פּאַלמען־צװײַגן אָדער אין בײַדלעך מיט זעק באַהאָנגען אָדער אונטער אַרקאַדן־זײַלן זײַנען געװען אױסגעזעצט די בעלי־מלאָכות און געטון זײער אַרבעט עפֿנטלעך: די פֿאַרבערס, די אײל־קװעטשערס, די װעבערס (ביטערע יונגען זײַנען דאָס געװען די װעבער־יונגען, מיר האָבן פֿון זײ גרױסע צרות געהאַט), די שנײַדערס, די סאַנדאַלן־מאַכערס, װעלכע האָבן אױפֿן אָרט די מאָס גענומען פֿון די פֿיס פֿון די דאַמען, דערבײַ נישט צו קוקן אױף די פֿרױען (די מערסטע סאַנדאַלן־מאַכער זײַנען געװען פֿרומע לײַט). דאָ האָבן זיך אױך געפֿונען די זאָטל־מאַכערס, די געצעלטן־מאַכערס; הײַנט די פּערפֿום־פֿאַרקױפֿער, װעלכע זײַנען בײַ די ייִדן פֿאַררעכנט געװען פֿאַר זינדיקע לײַדאַקעס דערפֿאַר,

ווײַל זיי האָבן צו טון מיט ווײַבער און זײַנען שטענדיק אין דער געפֿאַר פֿאַרפֿירט צו ווערן; אַחוץ דעם אָן אַ שיעור אייל־הענדלער, איצט וויפֿיל האַניק־קריגן און ווײַנען. פֿון די ווײַנען פֿון דער פּראָווינץ שרון ביז צו די טײַערע ווײַנען פֿון ציפּ־ריס, די באַרימטע ווייצן פֿון אפֿרים, וועלכע זײַנען רײַך אין מעל, קערנדיק, שווער אין דער וואָג, און די באַרימטע טייטלען פֿון יריחו.

די בעלי־מלאָכות, אַפֿילו ווען זיי האָבן נישט געאַרבעט, האָט מען דערקענט אויף זיי זייערע פּראָפֿעסיעס. די פֿאַרבערס זײַנען אַרומגעלאָפֿן מיט קאָלירטע פֿעדעם, אַדורכגעצויגן דורך די לעפֿלעך פֿוון זייערע אויערן; די שנײַדערס האָבן געטראָגן די נאָדלען אין זייערע קליידער. און הײַנט די שרײַבערס! אויף יעדן עק פֿון דער גאַס האָט מען זיי געזען זיצן מיט די גענדזענע פֿעדערס הינטער זייערע אויערן אויף קליינע בענקלעך און האָבן פֿאַרקויפֿט אויף פּאַרמעט געשריבענע שטיקער פֿון די הייליקע שריפֿטן, די „שמע׳ס“, וואָס די ייִדן האָבן געטראָגן אין לעדערנע קעסטלעך אויף זייערע הענט און קעפּ, אָדער פּסוקים און שפּרוכן פֿון זייער גענזעגעבונג, — וואָס זיי האָבן געלערנט זייערע קינדער פֿון אויסנווייניק. וואָרעם אין יעדער גאַס האָבן זיי געהאַט אין ירושלים זייערע שולן און בתּי־מדרשים, וואוהין זיי האָבן געבראַכט זייערע קינדער צו לערנען. איז אַ מוטער אַרויסגעגאַנגען קויפֿן ברען־אייל פֿאַר דעם נאַכט־לאָמפּ (די ווײַבער האָבן געמוזט פֿון זייערע אייגענע פֿאַרדינסטן אָפּשפּאָרן אויף צו קויפֿן אייל צו באַלײַכטן זייערע נאַכט־לאָמפּן), אַזוי האָט זי שוין אײַנצײַטיק אײַנגעהאַנדלט אַ „שמע“ אָדער אַ הייליקן פּסוק אויף פּאַרמעט געשריבן פֿאַר אירע יונגע קינדער. אָפֿט מאָל האָבן געלערנטע מענער פֿאַרפֿירט גאַנצע דיסקוסיעס מיט די שרײַבערס בײַ זייערע שרײַב־שטענדערס, אין דעם גערויש פֿון מאַרק, איבער דעם אויסלייגעכץ פֿון זייער שריפֿט. און הײַנט די געלט־טוישערס! מען האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פֿון זיי אָפּיאָגן. אומעטום האָט מען זיי אָנגעטראָפֿן מיט דינרס אין די אויערן אַרײַנגע־שטעקט, און געקלימפּערט מיט זייערע זעקלעך געלד. און אויפֿמאָנערס, די מוכסים מיט זייערע שילדלעך אויף די ברוסטן און מיט זעקלעך געלט, וואָס זיי האָבן אויפֿ־געמאָנט פֿון די אָפּצאָלונגען, די כּוהנישע שוטרים אָדער שמשים מיט די לעדערנע פּאַסקעס אין די הענט, וואָס האָבן אויפֿגעמאָנט די תּרומות און מעשׂרות פֿאַרן כּהן. און קוים האָבן זיי אויסגעפֿונען, אַז דער באַטרעפֿנדער פּויער אָדער גערטנער האָט נישט אָפּגעגעבן דעם כּהן דאָס זײַניקע, האָבן זיי דערקלערט די סחורה פֿאַר טרפֿה, פֿאַר פּסול און קיינער האָט שוין נישט געוואַגט זיך צוצורירן צו זיי.

פֿאַר יעדער מלאָכה איז געווען אַ באַזונדער געסל. אין פֿאַרבער־געסל האָט מען געקאָנט אָנטרעפֿן אויף טײַערע געפֿאַרבטע פּורפּור־שטאָפֿן פֿון צור און צידון אָדער אויף ווײַסע שעפּסענע וואָלן פֿון סיריע און לבנון־באַרג, אויף די הערלעכ־סטע זײַדן־שטאָפֿן, וואָס מען האָט געבראַכט פֿון פּערסיע. אין בשׂמים־געסל האָט מען געקאָנט אײַנעטעמען די גערוכן פֿון די איילן, און אָן אַ שיעור זײַנען געווען די סאָרטן איילן, וואָס זיי האָבן באַנוצט: פֿון אויסצושמירן זייערע סאַנדאַלן, פֿון צו ברענען אין זייערע לאָמפּן ביז די פֿײַנסטע פּערפֿומען פֿאַר די כּלות און די מתים צו באַזאַלבן; צענדליגער נעמען האָבן זיי פֿאַרמאָגט פֿאַר די איילן. אין גאָלדשמיד־געסל האָט מען טייל מאָל געקאָנט אָנטרעפֿן אויף אַ מײַסטערשטיק פֿון פֿײַנער קינסטלערישער אויסאַרבעטונג פֿון מעסאָפּאָטאַמיע, אַלעקסאַנדריע,

אַנטיאָכוע אָדער גאָר פֿון אַ גריכישן אינדזל. מען האָט אַפֿילו געקאָנט אָנטרעפֿן אויף שטיין־ און שטאָפֿן־כלים און געווער, אויף פֿוטערס און פֿעל, וואָס שטאַמען אָפּ פֿון די ווײַטסטע פּראָווינצן, פֿון גאַליע, פֿון בריטאַניע און שפּאַניע.

ירושלים איז געווען אַ וועלט־שטאָט. דאָס בית־מקדש האָט צוגעצויגן צו זיך עולי־רגלניקעס פֿון די ווײַטסטע טיילן פֿון דער אימפּעריע און אויסער איר. די עולי־רגלניקעס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די מאַטעריאַלן פֿון זייערע לענדער און האָבן זיי איבערגעלאָזט אין שטאָט. אָ, עס איז געווען אַמוזאַנט אַרומצודרייען זיך צווישן דעם שלל פֿון פֿאַרבן און קאָלירן, וואָס שטאַמען אָפּ פֿון אַלע טיילן פֿון דער וועלט, ווען נישט דער אומרואיקער גײַסט, וואָס האָט די מענטשן באַוואוינט און וואָס האָט זיי קיין מנוחה נישט געגעבן...

דאָס הויפּט־לעבן פֿון די פֿרעמדע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם היידן־הויף, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס בית־מקדש. עס איז מיר זייער אָפּט אויסגעקומען פֿאַרבײַצוגיין דעם אויסערלעכן הויף, וואו דאָס גײַסטיקע לעבן פֿון די ייִדן און דער צופֿלוס פֿון די פֿרעמדע האָט זיך צום מײַסטן קאָנצענטרירט. אײַנקוואַרטירט בין איך געווען אויף דער אַנטאָניאַ, אונדזערע ביוראָס אָבער, אונדזערע שטײַער־אַמטן, מיליטער־פֿאַרוואַלטונג, פּראָוויאַנט־מאַגאַזינען, זיכערהייט־אַגענטן — אַלץ האָבן מיר געהאַט אין די אומהיימלעכע גרויסע געביידעס, וואָס האָבן זיך געפֿונען אַרום דעם אַלטן הורדוס־פּאַלאַץ, אין וועלכן אונדזער פּראָקוראַטאָר האָט געוואוינט, ווען ער איז געקומען יום־טובֿ־צײַט קיין ירושלים. איך האָב אַפֿילו געהאַט אַ נענטערן וועג צו דערגרייכן פֿון דער אַנטאָניאַ צום הורדוס־פּאַלאַץ דורך דעם נײַעם שטאָט־טייל (צוליב זיכערקייט האָבן מיר געמאַכט אַ סטראַטעגישע פֿאַרבינדונג צווישן דער אַנטאָניאַ־פֿעסטונג פֿון אונדזערע קוואַרטירן און דעם הורדוס־פּאַלאַץ), אָבער איך האָב ליב געהאַט אַדורכצוגיין פֿון דער אַנטאָניאַ צו אונדזערע קוואַרטירן אין דער שטאָט — דורך דעם בית־מקדש־הויף, כּדי צוצוקוקן זיך צום לעבן, וואָס שפּילט זיך דאָרטן אָפּ. בעת אין דרויסן פֿון דער שטאָט האָט מען געקאָנט איבערראַשט ווערן פֿון אַ קאַראַוואַן פֿון קעמלען, וואָס קומען אָנצוציִען פֿון אַ ווײַטער פּראָווינץ מיט טײַערע מתּנות אָנגעלאָדנט, פֿירנדיק אויף זייערע שטאָלצע הויקערדיקע רוקנס אַ באַצירטן עקזאָטישן מאַן, וואָס קומט קיין ירושלים עולה־רגל זײַן, — האָבן מיר דאָ אין דעם הײדן־געסל אָנגעטראָפֿן אויפֿן גאַנצן קאָכעדיקן און גײַסטיקן לעבן פֿון די ייִדן. אַחוץ דעם האַנדל מיט די קליינע קרבנות, מיט טויבן, מעל און וואויל־שמעקנדיקע בשׂמים, אַחוץ די געלט־טוישערס, האָבן זיך אויך דאָ צווישן די זײַלן־שאָטנס אין די זומער־טעג, — אונטער די באַדעקטע האַלץ־געזימסן אין די רעגן־טעג, אויפֿגעהאַלטן די געזעץ־אויסטײַטשער, די געלערנטע, וויזיאָנערן, משיח־פּרעדיקער, וועלכע האָבן צוגעצויגן פֿיל פֿאָלק, סײַ אָרעם, סײַ רײַך, היימישע בעלי־מלאָכות אין זאַק־קליידער, צוגעוואַנדערטע עולה־רגלניקעס אין רײַך־געפֿאַרבטע לײַוונטן, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו זייערע רייד מיט אַ הילכיקער שטילקייט.

מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען אין זייער שבת: דאָס איז געווען יעדער זיבעטער טאָג, אין וועלכן זיי האָבן גערוט.

איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט פֿאַרשטיין די אידעע פֿון זייער שבת. שטעל דיר פֿאָר, אַ גאַנץ פֿאָלק נעמט יעדן זיבעטן גוטן טאָג פֿון לעבן און מאַכט דערויס

אַ רו־טאָג: שטעלן אָפּ דאָס גאַנצע לעבן פֿון לאַנד, יעדע באַוועגונג, יעדע מ׳אָכה, יעדע מינדסטע אַרבעט, און רוען. זיי, זייערע ווײַבער, קינדער, אַפֿילו זייערע בהמות — לאָזן זיי צורו דעם טאָג, טוען נישט קיין אַרבעט מיט זיי, נאָר וחגס — זיי פֿירן זיי צו ברונעמער אָנטרינקען, אָדער וואַרפֿן זיי צו אַ ביסל שפּײַז אין זייערע קאָרעטעס. צוערשט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער רו־טאָג, אָדער דער שבת וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט — וועלכעס איז נישט באַקאַנט סײַ אין אונדזער ציווי־ליזירטער וועלט און סײַ בײַ די באַרבאַרן — איז נישט מער נאָר פֿוילקייט, אַן אויסרייד פֿאַר באַלעמוטשען פֿון אַרבעט. אָבער איך האָב זיך באַלד איבערגעצײַגט, אַז דאָס איז נישט דער פֿאַל. ערשטנס, אין וואָס מען האָט נישט געקענט באַשול־דיקן דאָס פֿרעמדאַרטיקע פֿאָלק, אָבער אין איין זאַך האָט מען זיי נישט געקאָנט באַשולדיקן — אין לײַדיק־גיין. פֿאַרקערט, זיי זײַנען צו טעטיק. הלוואַי וואָלטן זיי זיך אַ ביסל געוועזן געפֿוילט — גענומען דאָס לעבן און זיך און זייער גאָט און זייער בית־מקדש אַ ביסל לײַכטער, הלוואַי וואָלטן זיי נישט געווען געמאַכט אויס יעדער מינדסטער זאַך אַזאַ ערנסטקייט, — וואָלט וואוילער געוועזן פֿאַר זיי און פֿאַר דער וועלט. זיי זײַנען איבריקנס געווען זייער אַן אַרבעטזאַם פֿאָלק. דער טרוקענער ביסן וואָס איז זיי צוגעפֿאַלן — די קאַרגע ערד זייערע — האָט זיי געגעבן אַ גוטע לעקציע. זיי האָבן געמוזט פֿון די שטיינער אַרויסקריגן זייער ברויט. ניין, דער טייל וועלט, וואָס זייער גאָט האָט זיי צוגעטיילט, האָט זיי נישט צעבאַלעוועט. דאַן האָט מען זיך באַלד איבערגעצײַגט, אַז זיי היטן אָפּ זייער שבת מיט אַ סקרופּולער פּאַרזיכטיקייט, מיט אַזאַ ערנצט און אימה, אַז מען קען גיכער זייער שבת צורעכענען צו אַ חוב, צו אַ שווערער לאַסט, איידער צו אַ רו־טאָג. זיי האָבן מורא געהאַט פֿון זייערע פֿיר איילן זיך צו באַוועגן, אַז זיי זאָלן דעם שבת נישט צעשטערן. — ניין, עס איז נישט געווען קיין רו־טאָג. זייער שבת איז גיכער געווען אַ הייליקער דינסט, אַן אָפּפֿער פֿאַר זייער גאָט. מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען אין יענעם טאָג — זייערע ווײַבער און זייערע קינדער. זיי זײַנען געווען מענטשן גאָרנישט פֿון דער וועלט. ווי זיי וואָלטן פֿאַרטראָגן געוואָרן אין אַן אַנדער לעבן, האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אויף דער ערד — מיט זייערע קעפּ, אויגן און האַרץ ערגעץ וואו פֿאַרטראָגן אין די הימלען. זיי האָבן אין דעם טאָג אויסשליס־לעך באַלאַנגט צו זייער גאָט. עס איז געווען זייער גאָטס טאָג.

הינטער אונדזער פֿעסטונג אַנטאָניאַ האָט זיך אָפּגעשלאָסן די מויער פֿון דער שטאָט. דער נײַער שטאָט־טייל, וואָס האָט זיך געצויגן משופּעדיק באַרג אַראָפּ און האָט ערשט געהאַלטן אין בויען זיך, איז געלעגן אָפֿן און איז נאָך נישט געוואָרן אַרײַנגענומען אין דער שטאָט־מויער. אָן אַ זײַט פֿון אונדזער פֿעסטונג האָט זיך געפֿונען דאָס שעפּסן־טויער, וואָס האָט אַרויסגעפֿירט צום שעפּסן־מאַרק. די פּאַס־טוכער האָבן צונויפֿגעבראַכט זייערע שאָף פֿון גאַנצן לאַנד, כּדי צו פֿאַרקויפֿן זיי אין ירושלים אויף קרבנות. אַ גאַנצן טאָג איז דאָרט אָנגעגאַנגען אַ האַנדל און אַ דינגען זיך צווישן די קרבנות־ברענגער און די שעפּסן־סוחרים איבער די פּרײַזן. כּהנים — מבֿינים האָבן יעדער שאָף באַקוקט, אונטערזוכט און מבֿינות געזאָגט, צי דער קרבן האָט נישט קיין מום, צי ער איז גוט דערנערט, צי ער האָט פֿעטס אויף זיך, צי די וואָל איז געוואַשן, צי ער זעט אויס שיין און ער וועט באַוויליקט זײַן אין זייער גאָטס אויגן. פֿאַרשטייט זיך, אַז לויט דער צוגעפּאַסטקייט פֿון שעפּסל

זײַנען געווען די פּרײַזן. איך פֿלעג אָפֿט מאָל אַרויסגיין צו דעם שעפּסן־מאַרק און צוקוקן זיך צום האַנדל, צום דינגען זיך, צום געלט־טוישן. אַ שלל פֿון פֿרעמדע זײַנען דאָרט שטענדיק געווען, טראַכטן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער האָט מען גע־זען, דאָס זײַנען אַלץ געווען עולי־רגלניקעס, וועלכע האָבן געזוכט אַ קרבן פֿאַר זייער גאָט. אַ דינגען זיך, אַ מעקען זיך, אַ מעקען פֿון די שעפּסן, אַ געלט־קלימפּערן פֿון די טוישערס, אַן אויסרופֿן פֿון די שפּײַז־פֿאַרקויפֿער, וועלכע האָבן געלויבט זייערע מצות — פּלעצלעך געבאַקן אויס דעם ווייץ פֿון אפֿרים, זייערע פֿעטע פֿײַגן און אַנדערע פּירות, וואָס זיי האָבן פֿאַרקויפֿט. דאָס אַלץ איז געווען פֿאַרהוילן אין אַ וואָלקן פֿון שטויב, וואָס די שעפּסן האָבן אויפֿגעהויבן מיט זייערע פֿיס.

אַנומעלט האָב איך זיך פֿאַרקירעוועט אין אַ זײַט צום באַרג אַראָפּ צו און איך בין דערשטוינט און דערשראָקן געוואָרן פֿון דעם, וואָס מײַנע אויגן האָבן דאָרט געזען. צום ערשט האָב איך געהערט אַ קלימפּערן פֿון גלעקלעך, ווי שאָף און רינדער וואָלטן זיך געפּאַשעט אין די בערג. אָבער באַלד האָב איך באַמערקט, אַז דאָס גייען מענטשן און קלימפּערן מיט גלעקלעך, קלאַפּן אין בלעכן און רופֿן אויס מיט מוראדיקע, אָפּשרעקנדיקע קולות: „טמא!... טמא!...” איך בין געוואָרן צוגעצויגן דורך דעם פֿרעמדן רופֿן און איך האָב געוואָלט צוגיין, בין איך אָבער באַלד אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מײַן וועג דורך די אויסרופֿער. איך האָב געפֿרעגט, וואָס עס איז געשען. נאָר איידער איך האָב נאָך געקריגן אַן ענטפֿער, האָב איך דערזען, ווי מחנות קאַליקעס, לאָמע און בלינדע, קריכן אויף אַלע פֿיר מיט פֿאַ־נישער שרעק און געוואַלדן און פּרואוון צו אַנטלויפֿן פֿאַר עפּעס ווי פֿאַר אַ מגפֿה. טייל פֿון זיי זײַנען געווען געליימטע, אַנדערע געבראָכענע, זיי האָבן זיך מיט די הענט אונטערגעהאַלטן זייערע צעבראָכענע אברים, פֿיל פֿון זיי זײַנען געשלעפּט געוואָרן דורך זייערע קרובים אויף די פּלייצעס, אַנדערע אויף טראָג־בעטלעך. די בלינדע האָבן געטאַפּט מיט זייערע שטעקנס, געשריגן מיט בעטנדיקע קולות, אַז מען זאָל זיי העלפֿן דערווײַטערן זיך. זיי האָבן זיך אין זייער בלינדקייט געדרייט אַרום זיך ווי אין אַ ראָד, קיינער האָט נישט געהאַט קיין צײַט מיט זיי זיך אָפּצו־געבן, ווײַל אַלץ וואָס האָט זיך נאָר געקאָנט באַוועגן, איז אַנטלאָפֿן אין אַ פּאַניק. קוים איך האָב אײַנגעהאַלטן איינעם פֿון די אויסרופֿער, און מיט גרויס מי האָב איך זיך געקאָנט מיט אים פֿאַרשטענדיקן און געוואָר ווערן, וואָס עס איז געשען.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם שפּרודלנדיקן קוועלעכל, וואָס איז אַרויסגע־פֿלאָסן פֿון אַ שטיין בײַם אָפּנויג פֿון באַרג. דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט, אַז פֿון צײַט צו צײַט קומט אַ מלאך און שלאָגט דאָס וואַסער, און ווער עס קאָן זיך אַרײַנוואַרפֿן אין דעם קוועלעכל, בשעת עס געפֿינט זיך אין אויפֿברויזנדיקער באַוועגונג, דער ווערט געהיילט פֿון זײַן קרענק. מיט דעם הייל־קוועלעכל האָבן זיך ביז איצט באַ־נוצט די קאַליקעס און די קראַנקע פֿון שטאָט, אָבער איצט האָבן די קרעציקע און אויסזעציקע, וועלכע ווערן געהאַלטן מחוץ די מויערן אונטן בײַם נחל קדרון, זיך דורכגעריסן דורך זייערע שטרענגע שומרים־קייטן און זײַנען אַרויף אויפֿן באַרג און באַזעצט דאָס קוועלעכל. פֿאַר זיי אַנטלויפֿן דאָס די קאַליקעס און קראַנקע אין ווילדן געיעג.

איך האָב זיך געפּרוּווט דערנענטערן צו זיי, מיט גרויס געפֿאַר נישט אָנגע־שטעקט צו ווערן, און מײַנע אויגן האָבן דערזען אין אַ פֿאַרדרעפּטשעטער געדיכ־

טער בלאָטע זיך אַרומוואַלגערן דאָס אָפּפֿאַלעכץ פֿון מענטשן, אויף וועמענס סקעלעטן־ביינער עס האָבן געפֿוילט זייערע לײַבער, ווי צעריסענע קליידער אויף שנאָרערס און אָרעמעלײַט. מענער, פֿרויען, קינדער און דערוואַקסענע זײַנען דאָרט געווען, און איינער האָט פֿון אַנדערן מיט די איבערגעבליבענע אברים אויסגע־קעמפֿט אַ שטיקל בלאָטע פֿון קוועלעכל, מיט וועלכן ער האָט באַדעקט די וואונדן פֿון זײַן קערפּער. איך בין אַנטלאָפֿן, כ׳האָב מער נישט געוואָלט זען... די לופֿט איז געווען פֿאַרסמט מיט דעם געשטאַנק פֿון פֿוילענדיק מענטשן־פֿלייש.

יאָ, פֿון אויבנאויף האָט ירושלים געפֿינקלט מיט זײַן גאָלדענעם בית־מקדש, מיט זײַנע כּהנים גדולים און זײַנע אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליעס, מיט די טורעם־שלעסער אין דעם אייבערשטן טייל שטאָט, אָבער אינעווייניק האָט ירושלים גע־פֿוילט פֿון אָרעמקייט און צעפֿאַלנקייט. אומעטום, וואו מען האָט זיך געקערט און געווענדט, האָט מען אָנגעטראָפֿן אויף די גאַסן שנאָרערס, בעטלערס, קאַליקעס, אַרומשלעפּערס, וועלכע זײַנען געקומען פֿון אַלע טיילן פֿון לאַנד. מען האָט נאָר באַדאַרפֿט געבן אַ קוק אַראָפּ אין דעם אונטערשטן טייל פֿון דער שטאָט און זיי זען אין די קרומע, ענגע און שמוציקע געסלעך אַרום דער מויער, אין טאָל פֿון גיהנום, אַרום דעם טײַכל שלוח, מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען צופֿיסנס פֿון הר־הזתים בײַם נחל קדרון, אין די רינשטאָקן, וואו די קנעכט פֿון כּהן גדול האָבן געוואָשן די פֿעל פֿון די קרבנות. מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען אויף די מיסטהויפֿנס, וואו זיי האָבן אויפֿגעקליבן די אַרויסגעוואָרפֿענע אָפּפֿאַלן בײַם מיסט־טויער. און גלײַכצײַטיק צו באַטראַכטן, ווי עס האָבן געלעבט די רײַכע פּאַדריאַטשעקעס, וואָס האָבן געהאַלטן אין אַרענדע די אָפּצאָלונגען, ווי עס האָבן געלעבט די יחוסדיקע משפּחות, די כּהנים־אַריסטאָקראַטיע אין זייערע פּאַלאַצן פֿון דעם אייבערשטן טייל שטאָט, אין זייערע לוסט־גערטנער, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפֿן הר־הזתים, אָדער אין קוואַרטאַל פֿון דעם נײַעם שטאָט־טייל. ניין, אין קיין שום לאַנד האָב איך נישט געפֿונען אַזאַ אונטערשייד אין שטאַנדן צווישן גרויס־רײַכטום און פֿאַרפֿאַ־לענער אָרעמקייט, ווי דווקא צווישן דעם גאָט־אויסדערוויילטן פֿאָלק.

אַחוץ דעם האָט אין ירושלים געווימלט פֿון די מס־אויפֿמאָנער און מס־אַרענ־דאַטאָרן מיט זייערע אָן אַ שיעור צוהעלפֿער. עס האָט קיין סוף נישט גענומען צו די מסים און אָפּצאָלונגען, וואָס די אָרעמע מענטשן האָבן געמוזט אָפּגעבן. דאָס אויסדערוויילטע פֿאָלק איז אין זײַן אייגן לאַנד געגליכן געווען צו אַן אייזל, וואָס סײַ די אייגענע און סײַ די פֿרעמדע בעלי־בתּים וואַרפֿן אָן אויף אים זייערע לאַסטן און ער טראָגט געדולדיג. קודם־כּל די צאָלונגען, וואָס מיר, די רוימישע מאַכט, האָבן אויפֿגעמאָנט אין פֿאָלק. מיר האָבן דעם שטײַער־סיסטעם איבערגענומען מיט דער הערשאַפֿט איבער דער פּראָווינץ פֿון די ייִדישע קעניגן און טעטראַרכן, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אורזאַך זיך אָפּצוזאָגן אָדער צו פֿאַרקלע־נערן די אָפּצאָלונגען, וואָס זיי, די ייִדישע קעניגן, האָבן פֿון זייער אייגן פֿאָלק אויפֿגעמאָנט. מיר האָבן אויפֿגעמאָנט פֿון דער באַפֿעלקערונג קאָפּ־שטײַערן, וואַ־סער־שטײַער, אָפּצאָלונגען פֿון לעבנסמיטל, פֿון פֿלייש, פֿון זאַלץ, פֿון ברויט, וועג־שטײַערן; אַחוץ דעם האָבן די שטעט אַליין יעדע באַזונדער אירע אייגענע אָפּצאָ־לונגען אײַנגעפֿירט. איצט זײַנען געקומען די מאַרק־שטײַערן: אַ פֿאַרמער פֿון גליל, אַ פּויער פֿון עמק אָדער אַ ווײַנגערטנער פֿון שרון, איידער ער האָט געבראַכט זײַן

ביסל גרינס, אויבסט, ווייץ, פֿײַגן אָדער אייל אויפֿן מאַרק אַרויס, האָבן די שטײַער־אויפֿמאָנער אויפֿגעפֿרעסן זײַן ביסל פּראָדוקטן מיט די אָפּצאָלונגען. אויף די וועגן, אויף יעדער סטאַציע, בײַ יעדן קרײַצוועג, בײַ יעדן טײַך־איבערפֿאָר זײַנען געווען בײַדלעך פֿון מוכסים. איצט, פֿאַרשטייט זיך, זײַנען צוגעקומען מסים אויף אויס־צוהאַלטן די רעליגיעזע באַדערפֿענישן, די שטײַערן פֿאַרן בית־מקדש, דער מעשׂר פֿאַר די כּהנים, די אָפּצאָלונגען פֿאַר די קרבנות, פֿאַר די בכּורים, וכדומה. אַט די אַלע אָפּצאָלונגען זײַנען פֿאַרדינגען געוואָרן צו ספּעציעלע אַרענדאַטאָרן, וועל־כע האָבן געהאַלטן גאַנצע שטאַבן מיט אויפֿמאָנער, מוכסים, וועלכע פֿלעגן מיט שטעקנס און געקניפּלטע שטריק און מיט בלײַ־זעקלעך אויסקוועטשן די צאָלונגען פֿון פֿאָלק. און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפֿן, האָט מען פֿון דעם פֿאַרמער זײַן קו, זײַן אייזל, זײַן ווײַנגאָרטן, זײַנע פֿאַר אַקער לאַנד צוגענומען, אָפֿט מאָל האָט מען אויך אים אַליין אין תּפֿיסה געוואָרפֿן. פֿאַר שקלאַפֿן איז זיי שווער געווען צו פֿאַר־קויפֿן. קיינער פֿון די ייִדן האָט נישט געוואָלט קויפֿן קיין ייִדישע קנעכט צוליב די אויסטערלישע געזעצן זייערע. אַ ייִדישער קנעכט האָט בײַ זיי געהאַט אַלע רעכט פֿון אַ פֿרײַען מענטש. קודם־כּל האָט מען אים צום זיבעטן יאָר געמוזט פֿרײַלאָזן, צי ער האָט זיך פֿאַרקויפֿט אויפֿן גאַנצן לעבן אָדער נישט. אַחוץ דעם האָט מען געקאָנט נאָר קויפֿן דעם שקלאַפֿס אַרבעט, נישט זײַן פּערזענלעכקייט. ער איז ענלעך געווען צו אַ טאָג־לוינער. איז ווער האָט זיך געוואָלט קויפֿן בײַ די באַדינגונגען אַ ייִדישן קנעכט? עס איז אַפֿילו וועגן דעם בײַ זיי אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „ווער עס קויפֿט אַ ייִדישן קנעכט, קויפֿט אַ האַר איבער זיך". דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, נאָר באַשווערט דאָס פּראָבלעם פֿון דער אָרעמקייט. פֿון איין זײַט האָבן די שטײַער־אויפֿמאָנער אָנגעזאַמלט אומגעהײַערע פֿאַרמעגנס און לענ־דערײַען און גיטער, און פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען אומצייליקע מאַסן אַרויסגע־וואָרפֿן געוואָרן אויף דער גאַס, מען האָט בײַ זיי צוגענומען אַלץ ביז צוםביין און זיי געלאָזט אָן יעדער מעגלעכקייט אײַנצושאַפֿן פֿאַר זיך די חיונה, — אַפֿילו נישט דורך שקלאַפֿערײַ.

דאָס האָט אונדז גרויסע זאָרגן פֿאַרשאַפֿט. אַ טייל פֿון די אומרוען, וואָס האָבן שטענדיק געפּלאָגט דאָס לאַנד, איז צו פֿאַרדאַנקען געווען דער אָרעמקייט און דעם שטײַער־סיסטעם. פֿון די אָרעמע, וואָס זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייערע נחלות, האָבן זיך געבילדעט פּאַטריאָטישע באַנדעס, וועלכע האָבן געוואָלט מיט געוואַלד אַראָפּטרײַבן די לעגאַלע מאַכט, און זיי האָבן זיך באַנוצט מיט כּלערליי מיטלען. מען האָט זיי גערופֿן קנאים אָדער זעלאָטן, אין דער אמתן אָבער זײַנען דאָס געווען באַנדעס רויבער, וועלכע זײַנען באַפֿאַלן די רײַזנדע, אָפֿט מאָל אויך גאַנצע שטעט און דערפֿער. די פֿיל היילן, וואָס געפֿינען זיך אין דעם בערגיקן לאַנד פֿון ארץ־ישׂראל, האָבן דערצו געגעבן אַ גוטע געלעגנהייט. קעגן די באַנדעס אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן צוגענומען דאָס פֿאַרמעגן בײַ די רײַכע און צעטיילט צווישן די אָרעמע, האָט שוין הורדוס געקעמפֿט. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך מוטיקע פֿירער, זיי האָבן זיך געפּרוווט אַקעגנשטעלן קעגן דער רוימישער מאַכט, קעגן כּהן גדול. צו זיי זײַנען אָפֿט מאָל צוגעשטאַנען מחנות אָרעמע כּהנים, וועלכע האָבן מיט זייער פּאַטריאָטיזם אויפֿגערודערט דאָס פֿאָלק, צוגעשריבן אַלדאָס שלעכטס דער הערשאַפֿט פֿון די פֿרעמדע און האָבן זיך פֿאַרמאָסטן קעגן רוים.

אָבער מיר האָבן זיך מיט זיי אַן עצה געגעבן. מיר האָבן זייערע פֿירער געקרײַציקט, די באַנדעס אויסגעשאָכטן און פֿונאַנדערגעשיקט אויף די פֿרעמדע שקלאַפֿן־מערק, קיין רוים, פֿאַרשיקט זיי פֿאַר די חיות־שפּילן אין די צירקן.

מיט זיי וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדן, אָבער אַ טייל פֿון די אָרעמעלײַט האָבן געזוכט זייער רעטונג אין זייער רעליגיעזן עקסטאַז. זיי זײַנען געגאַנגען אין דער וויסטע, געשאַפֿן אַ סעקטע, וועלכע האָט די אָרעמקייט באַטראַכט נישט ווי אַן אומ־גליק, ווי אַ בייז שלימזל, נאָר פֿאַר אַ טוגנט, צו וועלכער מען מוז שטרעבן. זייערע געלערנטע און געזעץ־אויסטײַטשער האָבן אויסגעטראַכט פֿאַר זיי אַ לעבן נאָכן טויט, אַן איבערבלײַבעניש פֿון דער נשמה. דאָס באַשטראָפֿן אָדער פֿאַרגעלטיקן פֿאַר שלעכטס און גוטס קומט נישט פֿאַר אויף ד ע ר וועלט, נאָר אויף אַ צווייטער, אויסגעטראַכטער וועלט. פֿאַרשטייט זיך, אַז די פֿאַרנונפֿטיקע ייִדן, ווי למשל, דער כּהן גדול מיט זײַן גאַנצער פּאַרטיי, האָבן אין די שטותים נישט געגלויבט. דאָס פֿאָלק אָבער האָט די לעגענדע פֿון אַ צווייט לעבן נאָכן טויט אַזוי ערנצט גע־נומען, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ רעאַלע, פֿעסטגעשטעלטע זאַך; און דאָס גאַנצע לעבן דאָ אויף דער וועלט האָט נאָר געדינט דערצו, כּדי פֿאַרצוברייטן זיך פֿאַר י ע נ ע ר וועלט, אָדער ווי זיי האָבן עס אָנגערופֿן: „אַ פֿאָדערצימער צו דער גרויסער וואוינונג". צו דעם צוועק האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין רייניקן, אין איין אָפּהיטן זיך פֿון צו טון שלעכטס, זיי האָבן קיין ווײַן נישט געטרונקען, קיין פֿלייש נישט געגעסן, פֿיל פֿון זיי האָבן נאָר געלעבט אויף פֿײַגן און ווילדן האָניק, וואָס זיי האָבן אין די וויסטעס געפֿונען און האָבן זיך געטיילט צווישן זיך מיטן לעצטן ביסן, מיט דעם אייגענעם העמד. זיי האָבן געהאַט צווישן זיך געהיימע פֿאַרבאַנדן, זיי האָבן נאָר געגעסן אין בשותּפֿותדיקע סעודות, און מיט יעדן עסן אַ רעליגיעזע צערעמאָניע געפּראַוועט. זיי האָבן געמוזט אָװעקגעבן זייער פּריוואַט אייגנטום איידער זיי זײַנען אויפֿגענומען געוואָרן אין דער חברותא. זיי האָבן נישט געטאָרט גאָרנישט באַנוצן, נאָר אַלץ האָט געהערט צו אַלעמען. ווען איינער פֿון זיי איז אין אַ שטאָט געקומען, האָט ער אויפֿגעזוכט זײַן ברודער און בײַ יענעם האָט ער געוואוינט, זיי זײַנען געווען אַלע מיטאַנאַנדער ווי איין משפּחה. מיר האָבן געוואוסט, אַז פֿון זיי רעקרוטירן זיך די סאַמע געפֿערלעכסטע עלעמענטן, וועלכע פֿאַרשאַפֿן אונדז גרויסע זאָרגן און מיר האָבן זיי אַלס אַזעלכע באַהאַנדלט.

פֿון אויבנאויף האָבן זיי אויסגעקוקט ווי די לעמעלעך, און עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז זיי זײַנען גאָרנישט געפֿערלעך פֿאַר דעם שטאָט און פֿאַר דער הערשאַפֿט פֿון רוים, וואָרעם זיי האָבן געהאַט אַ טעאָריע: „מען טאָר זיך נישט אַנטקעגנשטעלן קעגן גאָטס ווילן, יעדע רעגירונג איז פֿון גאָט באַשטימט, דורך דעם טאָר מען זיך נישט אַנטקעגנשטעלן קעגן קיין שום רעגירונג". דאָך זײַנען זיי פֿיל געפֿערלעכער געווען פֿאַרן שטאָט און פֿאַר רוים איידער די בונטאָווניקעס, די וועג־רויבערס. וואָרעם אַט יענע וועג־רויבערס זײַנען געווען אָפֿענע שׂונאים פֿון כּהן גדול און פֿון רוים, זיי האָבן דערקלערט, אַז די איינציקע רעטונג איז — אַראָפּצוואַרפֿן די פֿרעמדע הערשאַפֿט, און זייער גאָט יהוה וועט זיי דערין צוהעלפֿן. מיר האָבן גע־וואוסט מיט וועמען מיר האָבן צו טון.

אָבער די דאָ — דאָס איז געווען אַ כיטרע ייִדישער דריידל: פֿון איין זײַט האָבן זיי זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דער מאַכט, פֿון דער צווייטער זײַט

האָבן זיי געוואָרט אויף זייער משיח. מיר, די רוימער, האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין די ריכטיקע מיינונג פון דעם וואָרט „משיח". וואָס איז „משיח"? נישט נאָר אַ יידישער קעניג, וואָס וועט באַפרייען יהודה פון רוים און הערשן איבער איר, נאָר אויך אַ וועלט־באַפרייער? ער וועט אָפּשאַפן דאָס שלעכטס און וועט איינפירן סאַמע גוטס, אָדער ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט לויט דער אילוזיע פון זייערס אַ דיכטער: „ער וועט מאַכן אַ לייב מיט אַ לעמעלע זאָלן זיך פיטערן צוזאַמען און דער לייב זאָל דאָס לעמעלע נישט אויפעסן", אָדער „ער וועט פאַרוואַנדלען אַלע שווערדן אין אַקעראייזנס". צי לויט דער אילוזיע פון אַן אַנדערן זייערס אַ דיכטער, וועט ער די וועלט נישט איינעמען מיט דער שווערד, ווי די רוימער, נאָר מיטן גייסט פון גאָט! אָנגענומען, אַז זייער דערלייזער אָדער זייער משיח, ווי זיי רופן אים, נעמט איין רוים, די גאַנצע רוימישע אימפעריע נישט מיט דער שווערד, נאָר מיטן גייסט, דאָס הייסט, דורכן יידישן איינפלוס. וואָס איז מיר דער חילוק, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער נעמט איין רוים? איך האָב שטענדיק דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט פילאַטוסן, אויך דער כהן גדול איז געווען מיט מיר איינפאַרשטאַנען, אַז אָט די פרומע יידעלעך, וועלכע מאַכן פנימלעך און ווילן נישט מלחמה האַלטן מיט רוים, נאָר וואַרטן אויף זייער משיחן און דערנענטערן זיין קומען, זיינען טויזנט מאָל געפערלעכער פאַר אונדז ווי די אָפענע בונטאָווניקעס. די בונטאָווניקעס ווילן אונדז נאָר פון יהודה פאַרטרייבן, זיי אָבער ווילן די גאַנצע וועלט אין איין יהודה פאַרוואַנדלען און אַלע היידן לאָזן אַלס יידן באַשניידן! ווי ווייט די יידישע חוצפה דערגייט!

די יידעלעך האָב איך פון ערשטן טאָג אַן פיינד געהאַט. איך האָב זיי באַטראַכט פאַר די גרעסטע צעשטערער פון דער הערשנדיקער אָרדענונג, פאַר די אונטער־גראָבער פון רוימס זיכערקייט. ווען איך האָב דערזען איינעם אָדער אַן אַנדערן פון זיי אויפן בית־מקדש־הויף פון דער אַנטאָניאַ אַראָפּ, האָט מיין בלוט אין מיר אויפגעקאָכט — ווילדע מענטשן, באַקעטע כמעט, זייערע לייבער בלויז איבערגע־צויגן מיט אַ פעל פון אַ לעמפערט אָדער אַ שעפּס, באַרוועסע פיס, מיט לאַנגע באַ־וואַקסענע האָר, שוואַרץ־פאַרברענטע פנימער פון דער זון, דאַר און אויסגעמאַ־גערט, אויסגעצערט, מיט פאַנאַטישע ברענענדיקע אויגן, וואָס לייכטן אַרויס מיט אַן אויסטערליש שרעקנדיק ליכט, און מיט זייערע דאַרע הענט אויסגעשטרעקט אין עקסטאַז צום הימל, ווי זיי וואָלטן געוועזן די גייסטער פון זייער טעמפּל אַרויס־גערופן. און זיי זאָלן דאָס מיט זייער מיסטישער קראַפט באַזיגן דעם קייסער און אויסראָטן די רוימישע הערשאַפט פון דער וועלט, כדי צו מאַכן אָרט פאַר זייער משיח.

ווען איך האָב זיי דערזען, זיינען זיי מיר פאַרגעקומען ווי מענטשן, וואָס באַ־לאַנגען גאָרנישט צו דער וועלט, פרעמד, אומפאַרשטענדלעך און אָפשרעקנדיק איז געווען זייער פאַנאַטיזם. אַן אַנדער פאָלק, ווען עס וואָלט אים אויסגעקומען אַזוי פיל דערנידעריקונגען אויסצושטיין צוליב זיין אמונה, וואָלט עס שוין לאַנג זיינע געטער פאַרלאָזט און אויסגעטוישט זיי אויף מעכטיקערע און שטאַרקערע. וואָס זעען זיי דאָס אין זייער גאָט? — האָב איך מיר שטענדיק געטראַכט — ווען און וואו האָט ער זיי געהאָלפן? אַ קליינטשיק אָרעם פאָלק אויף אַ פאַרוואָרפן, האַלב וויסט לאַנד, מיט שטיינערנע בערג, מיט זאַמדיקע מדבריות אַדורכגעזייט, אונטער־

טעניק צו דער רוימישער מאַכט, מיר קאָנען זיי צעטרעטן ווען מיר ווילן, און זיי פירן אַ פלאַגעדיק, געמוטשעט לעבן. אַ לעבן איז עס ? . . . איך וואָלט מײַן ערגסטן שקלאַף נישט געוועז פאַרמשפּט אויף אַזאַ שטרענגן ריטואַל, ווי זייער גאָט פאַר־לאַנגט פון זיי. קיין פרייד, קיין ליבע, קיין שיינקייט, אַלץ האָט ער פון זיי צוגע־רויבט, און דאָך — גיט אַ קוק די איבערגעגעבנקייט, דעם אומפאַרשטענדלעכן גלויבן, וואָס זיי שענקען אים, די עקזאַלטירטע ליבע, וואָס זיי ווײַזן אים אַרויס, די פרײַוויליקע פאַרשקלאַפונג, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך ! וואו איז די באַ־לוינונג ? אָפט מאָל האָט מען געהאַט דאָס געפיל, אַז צווישן זיי און זייער גאָט הערשן נישט קיין באַציאונגען, ווי צווישן גלייביקע און געטלעכקייט בײַ אַנדערע נאַציעס, וועלכע שטיצן זיך אויך אויף קעגנזײַטיקע פאַרפליכטונגען, נאָר זייער ליבע צו גאָט איז אָן יעדן תּנאַי, און פאַר אים זײַנען זיי באַרייט אויף אַלעם, אַפילו אין פײַער לעבעדיקערהייט זיך צו וואַרפן, אַפילו רוימס מאַכט אַנצוגרייפן. דאַ איז געלעגן די געפאַר.

ירושלים איז שטענדיק געווען פול מיט זיי. אָפט מאָל, אַז אַ פּויער פון גליל איז געקומען עולה־רגל זײַן קיין ירושלים, איז ער שוין איבערגעבליבן איבער דעם צווייטן יום־טוב. אין דער הינזיכט איז די ירושלימער באַפעלקערונג געווען זייער גאַסטפרײַנדלעך צו זייערע פרעמדע לאַנדסלײַט, איבערהויפּט די אָרעמע־לײַט צו די אָרעמע. די בעלי־מלאָכות צווישן די עולי־רגלניקעס האָבן דורך דער צײַט פון זייער אויפנטהאַלט אין ירושלים געקריגן אַרבעט בײַ זייער פאַך. אויפן בית־מקדש־פּלאַץ, אויף דעם אָרט, וואו עס איז געווען רעזערווירט פאַרן פאָלק, האָט יעדער מלאָכה־צעך געהאַט זײַן באַשטימט אָרט. אַזוי אַז ווען אַ בעל־מלאָכה איז געקומען קיין ירושלים, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין בית־מקדש־הויף אויף דעם אָרט, וואו עס איז געווען באַשטימט פאַר זײַן פאַך: די וועבער צווישן די וועבער, די גאָלדשמידן צווישן די גאָלדשמידן, די געצעלטן־מאַכערס צווישן די זייעריקע, און אַזוי אַלע מלאָכות. דאָרט האָט ער באַקאַנטשאַפט געשלאָסן מיט זײַנע פאַכלײַט און אַזוי אַרום באַקומען אַרבעט. אַחוץ זיי איז נאָך פאַר די פאַרמערס און אָרעמע ערד־אַרבעטער מיט זייערע משפּחות באַשטימט געווען דאָס אָרט הינטער דעם בית־מקדש־פּלאַץ, צווישן די זײַלן, אויף וועלכע די בית־מקדש־פּלאַטפאָרמע רוט. עס זײַנען טאָקע דורך דעם צוזאַמענדראַנג פון דעם גרויסן עולם איבער דער צײַט פון די ימים טובים צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, אַנטשטאַנען פאַרשידענע קראַנקהייטן, מיט וועלכע זיי האָבן איינס דאָס אַנדערע אָנגעשטעקט.

אָבער מיט דעם שטראָם פון פּילגרימען פלעגן זיך אויך מיטכאַפּן נישט בלויז אָרעמע־לײַט, בעטלער, ליידיקגייערס, פּויערים אַרויסגעוואָרפענע פון זייער באַזיץ, נאָר אויך אַ גרויסע צאָל פון די גלילער אויפרודערער, רעוואָלוציאָנערן, עקזאַל־טירטע פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן אין די אָרעמע פּילגרימען געפונען אַ פּאַסנדיקן עלעמענט פאַר זייער שעדלעכער טעטיקייט. די אַרויסגעשטויסענע פון זייערע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע פּאָזיציעס דורך דעם גרויסן מס, אָדער גלאַט אַזוי אָרעמע־לײַט זײַנען געווען דער געהעריקער מאַטעריאַל פאַר זייערע שעדלעכע אַגיטאַ־ציעס. איך האָב אָפט וועגן דעם ענין געהאַט צוזאַמענשטויסן מיטן כּהן גדול. איך האָב געהאַלטן, אַז מען באַדאַרף די פרעמדע אָרעמע־לײַט אַרויסשיקן פון ירושלים, און דעם פּילגרים־שטראָם באַגרענעצן בלויז אויף די ימים טובים. דער כּהן

גדול, וועלכער איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין דער אײַננאַמע פֿון דער בית־מקדש־קאַסע, האָט נישט געוואָלט דערויף אײַנגיין. פֿאַרשטייט זיך, זײַן אינטערעס האָט פֿאַרלאַנגט אַ וואָס גרעסערן צושטראָם פֿון דער פֿרעמדער באַפֿעלקערונג אין בית־מקדש אַ גאַנץ יאָר. דאָס איז געווען אַן אינערלעכע רעליגיעזע אָנגעלעגנהייט פֿון די יִדן, און לײַדער זײַנען מיר געווען באַגרענעצט אין אונדזער מאַכט אין דער הינזיכט.

מיר האָבן שטענדיק געמוזט זײַן אויף דער וואַך. אַזוי ווי די מײַסטן זאָרגן האָבן אונדז פֿאַרשאַפֿט די אומרואיקע קאָמפּלוסטיקע גלילער, האָבן מיר באַשטימט זיי אַנצולערנען און זיי צו געבן אַ לעקציע, אַז זיי זאָלן וויסן: אונטער וועלכן פּראָקוראַטאָר זיי האָבן זיך אונטערגעשטעלט צו מאַכן אומרוען, האָבן זיי עס געקאַנט טון, אָבער אונטער אונדזער אַדמיניסטראַציע מוזן זיי זיך האַלטן רואיק.

איך האָב נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט — וואָס זאָל מיר געבן די מעגלעכקייט זיך מיט זיי אָפּצורעכענען.

# 9

## ירושלים און דאָס בית־המקדש

און דאָך זײַנען זיי גאַרנישט געווען אַזעלכע לעבנס־פֿרעמדע און לעבנס־פֿאַרניינער, די יִדן, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן. בײַ זייער גאַנצער ערנסטקייט האָבן זיי זיך אויך געקענט פֿרייען. קודם־כּל האָבן זיי זיך געהאַט זייערע ימים־טובים. אין יום־טוב האָבן זיי געהאַט, ווען זיי האָבן געבראַכט זייערע ערשטע רייף־געוואָרענע פֿרוכטן אין בית־מקדש אַרײַן. עס איז געווען אַמוזאַנט צו זען פֿון דער אַנטאָניאַ־פֿעסטונג אַראָפּ, ווי די פֿאַרקריפּלטע פּויערים פֿון שרון, פֿון גליל און אַנדערע פּראָווינצן, מיט אויסגעקרימטע רוקנס פֿון שטענדיקן אַראָפּבייגן זיך איבער דער ערד, ברענגען די ערשטע פּראָדוקטן זייערע אין בית־מקדש אַרײַן. מען זאָגט, אַז זיי קלייבן אויס די פּראָדוקטן: די טייטלען, די מילגרוימען, די ווײַנטרויבן, ווען זיי זײַנען נאָך אויף די ביימער. זיי גייען אין פֿעלד אַרויס און קוקן נאָך, וועלכע פֿרוכט עס וועט די ערשטע רייף און זיי וויקלען זי אַרום מיט אַ צווײַגל, זיי מאַכן אַ סימן, און די דאָזיקע פֿרוכט ברענגען זיי אין קערבּ אויף יום־טוב אין בית־מקדש אַרײַן. מיט וואָס פֿאַר אַ פּיִעטעט, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַנאַטישן גלויבן זיי האָבן זייער גאָט די פֿרוכטן געבראַכט! יעדע לאַנדסמאַנשאַפֿט פֿון יעדער געגנט איז אַרײַנגעקומען אין דער שטאָט מיט אירע מתּנות באַזונדער, רײַך און אָרעם צוזאַמען פֿון איין אָרט. צום ערשט האָבן זיי געפֿירט אַן אָקס מיט אַ גאָלדענער קרוין איבער זײַנע הערנער. דעם דאָזיקן אָקס האָבן זיי באַשטימט פֿאַר אַ קרבן, באַגלייט מיט מוזיק, אַ פּײַקל האָט אויסגעקלאַפּט צום טאַקט, און אַזוי זײַנען זיי אַרײַנגעקומען אין דער שטאָט. די רײַכע גוטבאַזיצער, אַפֿילו די אַריסטאָקראַטיע, האָבן אַליין געטראָגן די ערשטע פּראָדוקטן פֿון זייערע גיטער אין גאָלדענע און אין זילבערנע קערבּ אויף די פּלייצעס, די אָרעמע — אין שטרויענע און

אין צווייגענע קערבלעך. די בית־מקדש־באַאַמטע מיט אַלע גרויסע לײַט זײַנען זיי אַנטקעגנגעקומען, און די גאַנצע ירושלימער באַפעלקערונג, אַלע בעלי־מלאָכות פֿון ירושלים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין די גאַסן און האָבן די עולי־רגלניקעס אַרײַנגעבעטן צו זיך אין די שטובן.

אין זייערע ימים־טובים האָבן זיי געקאָנט אַפילו ווילד ווערן פֿאַר פֿרייד. מען האָט זיי באַדאַרפֿט, למשל, זען אין דעם אויסגאַנג פֿון זייער ערנצטן יום־טוב יום־כּפור, ווען דער כּהן גדול איז אַרויסגעקומען בשלום פֿון געהיימניספֿולן קדשי־קדשים און ער איז נישט דאָרט פֿון זייער גאָט געניזוקט געוואָרן!...

דאָס גאַנצע ביטערניש אין משך פֿון יאָר, וואָס זיי האָבן געפֿילט צום כּהן גדול און צו אַלע זײַנע מיטהעלפֿער, איז אין דעם טאָג פֿאַרגעסן און פֿאַרגעבן גע־וואָרן. זיי האָבן אײַנגעאָרדנט אַ פּראַצעסיע פֿאַר אים ווי פֿאַר אַן אימפּעראַטאָר, וועלכער קומט צוריק פֿון אַ גרויסן זיג קיין רוים. זיי האָבן דעם כּהן גדול אָפּגע־פֿירט אַהיים מיט געזאַנג און טאַנץ, די לויים האָבן אים באַגלייט מיט זייערע האַר־פֿעס און פֿלייטן, די פּרחי־כּהונה האָבן פֿאַר אים געטאַנצט צום באַגלייט פֿון דער לויים־מוזיק. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַ פּראָצעסיע פֿון די אַריסטאָקראַטישע כּהנים־פֿאַמיליעס, די אַלטע לײַט, די געזעץ־אויסטײַטשער, געלערנטע, די בעלי־מלאָכות פֿון ירושלים, דער גאַנצער פּעבל, די אײַנגעזעסענע אײַנוואוינער פֿון דער שטאָט האָבן זיך אויסגעמישט מיט די עולי־רגלניקעס: אין פֿאַרשידנאַרטיקע קאָליר־רײַכע פֿאַרבן, מיט פֿאַקעלן אין די הענט, מיט אינסטרומענטן, מיט באַלעם־שפּילן, מיט געזאַנג און יובל האָבן זיי אים אַהיים באַגלייט.

אָדער מען האָט זיי באַדאַרפֿט זען אין דעם יום־טוב, וועלכן זיי האָבן גערופֿן „דער יום־טוב פֿון וואַסער־שעפּן". זיי האָבן אין דעם טאָג געבראַכט דאָס פּשוטע וואַסער אַלס קרבן צו זייער גאָט. דאָס איז געווען אַ יום־טוב, וועלכן מען קאָן נאָר אַנטקעגנשטעלן אונדזער באַקכוס־פֿײַערונג. קודם־כּל האָבן זיי אילומינירט ירושלים, אַז מען האָט געמיינט, די שטאָט איז אײַנגעהילט אין פֿלאַמען פֿײַער. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די דעכער מיט די ווײַבער און קינדער און גע־צויגן קנויטן פֿון אַלטע אָפּגעטראָגענע קליידער, געטונקען זיי אין אייל און אונ־טערגעצונדן. נאָר דער ריכטיקער יום־טוב איז פֿאָרגעקומען אויפֿן בית־מקדש־הויף: דאָרט האָט זיך פֿאַרזאַמלט דאָס פֿאָלק, וואָס איז געקומען אויף יום־טוב עולה־רגל זײַן; און די כּהנים זײַנען געשטאַנען אויף דער בית־מקדש־מויער, אויף די טורעמס פֿון די טויערן און האָבן זייערע אָפּגענוצטע הייליקע קליידער, וועלכע זיי האָבן נישט געטאָרט פֿאַר קיין אַנדערן צוועק באַנוצן, באַגאָסן מיט אייל און אונטערגעצונדן. אונטער די פֿאַרברענטע קליידער האָבן זיך געפֿונען די טײַ־ערסטע האַנט־געוועבטע שטאָפֿן אויס גאָלד און זילבער, אויס פּורפּור און תּכלת־וואָל, וועלכע זײַנען געוועבט געוואָרן פֿאַר הייליקע צוועקן, אָדער איידעלע פֿרויען האָבן עס געבראַכט אַלס געשאַנק אין בית־מקדש; די ספּעציעלע וועבשטולן, וועלכע מען האָט צו דעם צוועק אין בית־מקדש געהאַלטן, האָבן עס אויסגעאַרבעט פֿאַר זיי. פֿון דער אַנטאָניאַ אַראָפּ האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו די פֿייער־פֿלאַמען, וועלכע האָבן זיך געהויבן פֿון דער בית־מקדש־מויער און אָפּגעענטפֿערט געוואָרן פֿון די דעכער פֿון ירושלים. מיר האָבן געמיינט, אַז די שטאָט ווערט פֿאַרברענט, די פֿלאַמען זײַנען פֿאַרטרונקען געוואָרן אין געזאַנגען און אויסגעשרייען פֿון פֿרייד,

אין ווילדע און ענטוזיאַסטישע טענץ, וועלכע האָבן זיך געטראָגן איבער דעם בית־מקדש־פּלאַץ און אין די געסלעך צווישן די מויערן. מען האָט באַדאַרפֿט זען די יונגע כּהנים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופֿן, די פּרחי־כּהונה! אין אַ טײַך פֿון ליכט און פֿלאַמען האָבן אַרויסגעשײַנט זייערע ווײַסע קליידער און ווײַסע מיצן, מיט נאַקעטע פֿיס האָבן זיי באַוואויגן זייערע יונגע לײַבער אין אַ ריטמישן טאַנץ צום באַגלייט פֿון די האַרפֿעס, טראָמפּייטן און צימבאַלן פֿון די לוויים אויף די מאַרמאָרנע ווײַסע טרעפּן. דאָס פֿאָלק האָט אויפֿגעלייזט אַלע באַנדן און עס האָט זיך דערנסטמאָל געדאַכט, אין דער נאַכט פֿון פֿײַער און וואַסער, אַז זייער שטרענגער גאָט יהוה איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זײַן אָפּגעשלאָסענער איינזאַמקייט, אין וועלכער זיי האָבן אים אָפּגעשיידט, און האָט זיך אויסגעמישט מיט זײַן פֿאָלק. ער האָט זיי אָנגעשיכּורט מיט זײַן אומגעזעענעם גײַסט, און אָט באַלד וועט ער זיי נעמען אויף אַ פֿלאַמענדיקן וואָלקן און וועט זיך טראָגן מיט זיי אין זײַנע פֿאַרבאָרגענע הימלען ... די פֿריילעכקייט איז געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז אַפֿילו די שטענדיק ערנצטע און פֿאַרטועגע געזעץ־געלערנטע האָבן זיך נישט נאָר בלויז באַטייליקט אין זיי, נאָר זיי זײַנען אויך געווען די הויפּט־אָנפֿירער פֿון דער פֿריילעכקייט. די אַלטע האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין שפּילנדיקע קינדער. מיר האָבן צוגעזען, ווי אַלטע בכּבודיקע געלערנטע וואַרפֿן פֿלאַמען פֿײַערן, ווי זשאָנגלערן מיט באַלעמס. איבערהויפּט איז דאָרט געווען איינער אַ געלערנטער, וועלכער האָט זיך זייער אויסגעצייכנט אין דעם קונצן־שפּיל. יונגע־לײַט האָבן צווישן שווערדן געטאַנצט, מיידלעך — צווישן פֿלאַם־פֿײַערן. אַנדערע האָבן כּישוף באַוויזן, וואָרעם כּישוף טרײַבן האָבן זיי אַלע געקאָנט. געגוג, גאַנץ ירושלים און דער תּמיד ערנצטער, טרויעריקער בית־מקדש־פּלאַץ איז אין דעם טאָג, בעסער געזאָגט, אין דעם אָוונט (וואָרעם די הויפּט־פֿײַערונג איז פֿאָרגעקומען אין אָוונט) פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן מזבח, אויף וועלכן עס האָבן זיך פֿײַערן געברענט און וואַסער גע־גאָסן, ווי זיי וואָלטן די צוויי קעגנזעצלעכע עלעמענטן געוואָלט צוזאַמענברענגען אין איין קרבן פֿאַר גאָט.

זייערע גײַסטיקע פֿירער זײַנען מערקווירדיק נישט געווען די כּהנים גדולים, נאָר די געזעץ־אויסטײַטשער, אָדער ווי זיי האָבן זיי גערופֿן — רבּיס. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן אײַנפֿלוס אויף די ברייטע מאַסן, דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט אין זיי בלינדערהייט. פֿון אויבנאויף האָבן זיי גאָרנישט געהאַט קעגן אונדז, דאָס הייסט, קעגן דער רוימישער מאַכט, אַבי מען זאָל זיך נאָר נישט אַרײַנמישן אין זייער אינערלעך לעבן. אַזוי ווי זייער אינערלעך לעבן איז נאָר באַשטאַנען פֿון זייער רעליגיעזן דינסט און אין פֿאָרשן די לערע, האָבן מיר נישט געהאַט קיין סיבה און קיין חשק זיי אין דעם צו שטערן. אָבער מיר האָבן קיין מאָל נישט געקאָנט ווּיסן, וואָס זיי מיינען, וואָס זיי פּלאַנעווען צווישן זיך. ווען איך האָב זיי געזען אַזוי זיצן אין זייערע „געוועלבלעך” צווישן די זײַלן־האַליעס אין בית־מקדש־הויף, ווי זייערע רבּיס מיט די נאָכשלעפּנדיקע ציצית פֿון זייערע קליידער, אָפּט מאָל מיט די לעדערנע רימענס פֿאַרבונדן די קעפּ און די הענט, מיט לאַנגע פּאות, האַלטן אין איין דיסקוטירן איבער זייער געזעצגעבונג, — האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען גאָרנישט אַזעלכע אומשולדיקע לעמעלעך, ווי זיי מאַכן זיך. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָרט בײַ די דיסקוסיעס ווערן אויסגעשמידט פּלענער

קעגן אונדז. די מעשׂיות, וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין פֿאַרציילן פֿון אײ־בערגעטריבענע, אומנאַטירלעכע געשעענישן, זײַנען גאָרנישט געווען קיין אומ־שולדיקע לעגענדעס (ווי חנן און זײַנע קינדער האָבן מיך שפּעטער אויפֿגעקלערט, האָבן די מעשׂיות אַנטהאַלטן אין זיך אַלעגאָריעס און אויסטײַטשונגען קעגן אונדז, ביטערע קללות און זידלערײַען אויפֿן קייסער, אויף רוים און אויפֿן רוימישן פֿאָלק: ווער וועט עס אונדז באַקעמפֿן, ווען אונדזער סוף וועט קומען און מיט וואָס מיר וועלן באַשטראָפֿט ווערן אויף יענער וועלט). מיר האָבן זיך געמאַכט נישט פֿאַרשטיין, נאָר געהאַלטן זיי אויפֿן אויג. דאָס איינציקע גוטע איז געווען, — און דאָס האָט זיי אומשעדלעך געמאַכט פֿאַר אונדז, — וואָס וויפֿיל זיי האָבן אונדז, די פֿרעמדע מאַכט, נישט פֿײַנט געהאַט, האָבן זיי אָבער נאָך מער פֿײַנט געהאַט און נאָך מער פֿאַראַכטעט און מער זיך געשראָקן פֿאַר דער מאַכט פֿון זייערע איי־גענע. זיי האָבן טויזנט מאָל ליבער געוואָלט האָבן, אַז רוים זאָל איבער זיי הערשן, ווי דאָס הויז הורדוס, וועלכעס זיי האָבן פֿאַראַכטעט.

מיט וואָס פֿאַר אַ כּבֿוד אָבער, מיט וואָס פֿאַר אַ ליבע, מיט וואָס פֿאַר אַן אינער־לעכער איבערגעגעבנקייט זיי האָבן באַשאָנקען די רבּיס זייערע — די „יאָ״־ און „ניין״־זאָגערס! די רבּיס זײַנען שטענדיק געגאַנגען אַרומגערינגלט מיט זייערע אומצייליקע תּלמידים, ווי קעניגן אָדער גרויסע חייל־פֿירער. די תּלמידים האָבן זיי געהאַלטן אין איין קוקן אויף די ליפּן, אויפֿכאַפּן יעדעס וואָרט פֿון זיי, ווי זיי טײַטשן אויס דאָס געזעץ. אָפֿט מאָל זײַנען רבּיס געווען פֿון גאַנץ געמיינעם פֿאָלק. איך האָב געזען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן געוואוינט אין די אָרעמסטע געגנטן, אין שאָטן פֿון אַ בײַדל, וואָס איז באַשטאַנען אויס צוזאַמענגעפֿלאַכטענע צווײַגן. אַרום דעם בײַדל האָבן זיך צענדלינגער און הונדערטער תּלמידים צוזאַ־מענגעקליבן און געוואָרט אויף זייער רבּין, ווען ער וועט פֿאַרענדיקן זײַן אַרבעט און ער וועט אַרויסגיין צו זיי און אויסטײַטשן דאָס געזעץ. אַנדערע ווידער זײַנען געווען טאָג־לוינער, פֿעלד־אַרבעטער, גרויסע אָרעמע־לײַט, וועלכע האָבן צומאָל נישט געהאַט קיין ריכטיק מלבוש אויף זיך, די תּלמידים האָבן זייער נאַקעטקייט פֿאַרשטעלט. אַנדערע זײַנען געווען אויסגעדאַרט און אויסגעמאָגערט. איינעם האָב איך געזען, איז ער געווען אַזוי אויסגעמאָגערט, אַז מען האָט אָנגעזען דורך דער הויט פֿון זײַן האַלדז, ווי ער שלינגט אַראָפּ דאָס עסן. מען זאָגט, אַז ער האָט איבער עפּעס אַ שלעכטער פֿאַראויסזעונג גענומען אויף זיך צו פֿאַסטן. אַנדערע האָבן פּשוט נישט געהאַט וואָס צו עסן. פֿאַר זייער לערנען האָבן זיי קיין באַלוי־נונג נישט גענומען, האָבן די תּלמידים געמעגט זײַן ווי רײַך. — אָפֿט מאָל האָב איך געזען, ווי אַ מענגע לײַט, פֿיל אויף אויסגעפּוצטע אייזעלעך, אין איידעלע געוועבטע קליידער, גייען נאָך אַן אָרעמען מאַן, אַ טאָג־לוינער אָדער אַ בעל־מלאָכה, נישט צומאָל גענוג אַלט. אָפֿט מאָל זײַנען די רבּיס געווען יונגע מענטשן, און אַלטע לײַט זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען און צוגעהערט זיך מיט יראת הכּבֿוד צו זייערע ווערטער. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, אין וואָס עס באַ־שטייט זייער קראַפֿט, וואָס זיי האָבן איבער דעם פֿאָלק. דאָס פֿאָלק, נישט נאָר זייערע תּלמידים, איז בערייט געווען פֿאַר זייערטווועגן אין אַלע געפֿאַרן זיך צו וואַרפֿן, אַלץ צו טון וואָס זיי וועלן הייסן. מיר האָבן זיך געשראָקן פֿאַר דער מאַכט, וואָס עס באַזיצן די שריפֿט־געלערנטע אויפֿן פֿאָלק, און מיר האָבן גע־האַלטן אַן אויג אויף זיי.

איינער פֿון זיי איז געווען, לויט זײַן שטעלונג, נאָך יונג אין יאָרן. ער האָט געקאָנט זײַן אין די פֿערציקער. אַ הויכער איז ער געווען, שוואַרצע, דורכדרינג־געגדיקע אויגן האָבן אים אַרויסגעקוקט פֿון דעם קראַנץ פֿון זײַן שוואַרצער באָרד. נישט געקוקט אויף זײַן יונגקייט, זײַנען אָבער צאָלרײַך געווען זײַנע תּלמידים. ער האָט באַזעסן אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבערן פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט אים כּמעט ווי פֿאַרגעטערט. איך ווייס נישט, אין וואָס עס איז באַשטאַנען זײַן לערע, נאָר ווען ער האָט אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל אין הויף פֿון בית־מקדש און אָנגעהויבן אויסצוטײַטשן דאָס געזעץ, האָבן זיך געשאַרט צו אים די מאַסן, פֿון דער שטאָט איז מען געקומען צו אים צו לויפֿן, בעלי־מלאָכות האָבן זייער אַרבעט אַוועקגעוואָרפֿן, דער קרעמער זײַן קראָם, מען האָט איבערגעלאָזט האַנדל און וואַנדל און מען איז געקומען אין בית־מקדש־געסל, אין זײַן געוועלבל, וואו ער איז געזעסן. מ׳האָט באַלאַגערט די גאַנצע גאַס און צוגעהערט זיך צו זײַנע ווערטער. ער איז געווען אַ תּלמיד פֿון איינעם אַ גרויסן געלערנטן, וועלכער איז געשטאָרבן זייער אַלט און האָט געלעבט אין הורדוסעס צײַטן און איז זייער פֿאַרהייליקט געווען בײַם פֿאָלק. דאָס פֿאָלק האָט אַריבערגעטראָגן די פֿאַרערונג פֿון דעם אַלטן רבין אויף זײַן יונגן תּלמיד און אָנערקענט דעם יונגען־מאַן פֿאַר אַ גרויסן אויטאָריטעט אין זייער געזעצגעבונג. נישט דער כּהן גדול יוסף קייפֿאַ, נישט זײַן שווער חנן און נישט די אַלע חשובֿע לײַט אַרום בית־מקדש האָבן געגאָסן יענע פֿאַרערונג, וואָס דער רבי, וועלכער האָט אייגנטלעך קיין אָפֿיציעלע שטעלונג אין טעמפּל נישט געהאַט. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון גרויסן סנהדרין, אָבער זיי האָבן אים נישט תּמיד גערופֿן.

איך מוז זאָגן, אַז איך האָב אים נישט איבעריק ליב געהאַט אָט דעם געזעץ־געלערנטן זייערן. ניין, איך האָב אים נישט גערן געהאַט דעם געלערנטן זייערן. ווי האָט מען אים דאָס גערופֿן... יאָ, יוחנן, דאַכט זיך, יוחנן דער זון פֿון זכּאי. ער האָט זיך מכּלומרשט געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן עניו. אַז ער פֿלעגט מיך דערזען אין בית־מקדש־געסל צווישן די צוויי מויערן, גייענדיק פֿון דער אַנטאָניאָ אין שטאָט אַרײַן, האָט ער נישט ווי די אַנדערע אויסגעמיטן מײַן בליק, פֿאַרקערט — ער האָט געמעגט זײַן אַרומגערינגלט מיט דער מחנה פֿון זײַנע תּלמידים, — האָט ער דעם תּפֿילין־באַקליידטן קאָפּ אַרויסגעשטעקט פֿון די מאַסן און מיך דער ערשטער באַגריסט. און נישט נאָר מיך אַליין, אַפֿילו איינעם פֿון אונדזערע זעלנער, אַ געוויינלעכן מאַן פֿון דער קאָהאָרטע, האָט ער דער ערשטער געגריסט. אין דעם האָט ער נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן ייִד און הייד. אָבער בײַ זײַן גאַנצער עניוות, וואָס ער האָט געשפּילט, האָט מען אָנגעזען אין אים, אַז ער וואָלט נישט געווען אויסגעטוישט זײַן שטעלונג מיט דעם קייסער פֿון דער רוימישער אימפּעריע, ער וואָלט נישט אויסגעטוישט די הערשאַפֿט פֿון רוים איבער דער גאַנצער וועלט פֿאַר איינע פֿון זײַנע געזעץ־אויסטײַטשונגען. ער האָט גע־האַלטן פֿאַר פֿיל וויכטיקער זײַן לערע, ווי די גאַנצע וועלטלעכע הערשאַפֿט פֿון דעם רוימישן סענאַט. און האָט ער אונדז געמעגט גריסן דער ערשטער און אונדז מיט זײַן האַלטונג קיין אורזאַך נישט געבן אומצופֿרידן צו זײַן מיט אים (פֿאַר־קערט, ער האָט זיך שטענדיק געמיט בעת די ימים טובֿים דאָס פֿאָלק צוריקצו־האַלטן פֿון אויפֿרודערונג), — האָט ער אָבער אין זײַן האַרץ אונדז פֿאַראַכטעט,

און ווי יעדער פֿון זיי, ווי די אַלע רבּים, געוואַרט מיט בענקשאַפֿט אויף זייער אויסגעטראַכטן משיח, וועלכער זאָל קומען אַראָפּצוריַיטן אויף אַ וואָלקן פֿון הימל מיט זיַינע פֿיַיערדיקע חיילות און אונדז פֿאַרטריַיבן פֿון לאַנד, און נישט נאָר פֿון לאַנד, נאָר אויך באַזיגן די רוימישע לעגיאָנען, צו פֿאַריאָגן דעם קייסער און דעם סענאַט, צו מאַכן אַ תּל פֿון רוימס הערשאַפֿט איבער דער וועלט און איַינצו־פֿירן זייער אייגענע הערשאַפֿט, אָדער ווי זיי האָבן דאָס אָנגערופֿן: די הערשאַפֿט פֿון הימל אויף דער ערד. דער גלויבן, וואָס האָט אָנגענומען ביַי זיי גאַנץ רעאַלע פֿאָרמען, איז אים געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיַין קלוג אַסקעטיש פּנים, האָט אַרויס־געקוקט פֿון זיַינע ברענענדיקע אויגן, פּונקט ווי עס האָט אַרויסגעשריגן פֿון די פֿאַנאַטישע פּנימער, פֿון די ווילדע העוויות פֿון אַלע זיַינע באַגלייטער און פֿון גאַנצן ייִדישן פּעבל.

מיר האָבן געוואוסט דערפֿון. פֿאַרשטייט זיך אָבער, אַז אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געשפּילט די ראָלע פֿון לאָיאַליטעט צו דער רוימישער מאַכט, האָבן מיר זיי צורו געלאָזט. עס וואָלט אויך געווען נישט קלוג צו פֿאַרפֿאָלגן די אָנפֿירער זייערע, וועלכע זיַינען געווען זייער באַרימט נישט נאָר ביַי די ייִדן אין יהודה, נאָר אויך צווישן דעם ייִדנטום פֿון דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע.

איך האָב באַלד איַינגעזען, אַז אונדזערע נאַטירלעכע פֿאַרבינדעטע אין דער דאָזיקער פֿיַינטלעכער אַטמאָספֿערע זיַינען די לײַט פֿון דער הויך־אַריסטאָקראַטיע, מיט די כּהנים גדולים אין דער שפּיץ. זיי האָבן, איבריקנס, געהערט צו אַ פּאַרטיי, וואָס האָט שוין פּסיכאָלאָגיש זיי דערנענטערט צו אונדזער אַרט דענקען. איך וועל זיך דאָ נישט אַריַינלאָזן צו גיין דערקלערן די פֿאַרשידנקייטן פֿון זייערע פּאַרטייען, וואָס דאָס וואָלט אפֿשר וויכטיק געווען, מען קאָן אָבער דערפֿון אַ גרויסן קאָפּ־ווייטאָג באַקומען. איך ווייס נישט, צי זיי האָבן אונדז, רוימער, טאַקע אַזוי ליב געהאַט ווי די אַריסטאָקראַטן האָבן אונדז פֿאַרזיכערט, נאָר איך ווייס, אַז זייער אייגענע לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפֿונען, האָט זיי ווי אַ רייפֿע פֿרוכט צוגעטראָגן אין אונדזערע מײַלער אַרײַן. זיי וואָלטן נישט געקאָנט קיין איין טאָג עקסיסטירן אָן אונדזער הילף. מער ווי מיר זיי, האָבן זיי אונדז באַ־דאַרפֿט האָבן.

וואָרעם מען קאָן נישט זאָגן, אַז זיי זיַינען זייער באַליבט געווען, די אַלע כּהנים גדולים, מיט אַלע זייערע משרתים, חזנים, סגנים, מיטהעלפֿער און טעלער־לעקער, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום זיי. זיי זיַינען געווען אַ היפּשע מלוכה, די כּהנים גדולים, און זיי האָבן זיך אויך זייער ערנצט געהאַלטן. איך וועל דיר וועגן דעם אַן אַנדערש מאָל דערציילן. איך וויל דיר נאָר זאָגן, אַז איר, ייִדעלעך, האָט גאָרנישט וואָס שטאָלץ צו זיַין אויף איַיערע קעניגן, כּהנים און אַנדערע רעדל־פֿירער. און ווען נישט מיר, רוימער, וואָלטן זיי נישט געקאָנט קיין איין טאָג אין זייערע רעזידענצן זיצן און רעגירן. אונטערגעשטיצט דורך אונדזער מאַכט, האָבן זייערע שמשים געקאָנט אויסשמיַיסן מיט זייערע קאַנטשוקעס די ממשלה אין פֿאָלק. נאָר וועגן דעם — אַן אַנדערש מאָל...

דאָס פֿאָלק האָט די כּהנים גדולים פֿיַינט געהאַט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט טון קעגן זיי. די כּהנים זיַינען געווען די, וועלכע האָבן באַוואַכט דאָס בית־מקדש, און דאָס הייסט — דאָס צענטראַלע רעליגיעזע לעבן ביַי די ייִדן,

וואָס דאָס איז געווען דער נערוו פֿון זייער גאַנצער גײַסטיקער און פֿיזישער עק־סיסטענץ. זיי האָבן נאָר געלעבט פֿאַר זייער רעליגיע. איך בין דאָך שוין אויס־געווען אַ וועלט, איך בין געווען מיט גערמאַניקוס פֿיר יאָר אין גערמאַניע, איך האָב קענענגעלערנט די מנהגים פֿון די באַרבאַרן פֿון יענער זײַט רהיין, איך בין געווען אין גאַליע, אין שפּאַניע, אין אַפֿריקע, איך האָב קענענגעלערנט די פּריסטער פֿון עגיפּטן מיט זייערע מיסטישע באַשווערונגען, כּשופֿמאַכערס פֿון כאַלדעיע, די שלאַנגען־באַשווערער פֿון אַביסיניע, — איך האָב אָבער נאָך קיין מאָל נישט געזען קיין פֿאָלק, וואָס זײַן אינטערעס אין לעבן זאָל נישט זײַן גע־ווידמעט צו באַקעמפֿן די פֿײַנדלעכע שכנים אָדער צו געניסן פּערזענלעכע פֿאַר־געניגנס, אַרויסצווײַזן גבורה, חכמה, צו האָבן עשירות אָדער דערפֿילן די דורשטן פֿון זײַן תּאווה. די ייִדן האָבן זייער איינציקן אינטערעס, זייער גאַנץ לעבן, זייער טראַכטן, זייער ליבע, זייער גבורה, זייער תּאווה אָװעקגעשאַנקען נאָר פֿאַר איין־איינציקער ליידנשאַפֿט — פֿאַר גאָט, אויסצופֿירן זײַנע געבאָטן אין די קלענסטע און אויסטערלישסטע דעטײַלן.

און אַזוי ווי דאָס בית־מקדש איז געווען דער צענטער פֿון זייער רעליגיעזן לעבן, איז עס ממילא געוואָרן דער מיטלפּונקט פֿון זייער גאַנצער אַקטיוויטעט, פֿון אַלע זייערע טראַכטונגען, טאָטן און וואונשן, ווײַל קיין אַנדער לעבן האָבן זיי נישט געהאַט. איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך דער כּהן גדול געוואָרן דער הויפּט־אָנפֿירער נישט נאָר פֿון די רעליגיעזע פֿונקציעס, נאָר אויך דער פּראַקטישער הערשער איבערן פֿאָלק. דער כּהן גדול איז נישט נאָר געווען דער העכסטער פֿונקציאָנאַר פֿון רעליגיעזן לעבן, נאָר אויך דער אומגעקרוינטער קעניג. ער האָט געקאָנט אַרויסשיקן שליחים מיט באַפֿעלן צו אַרעסטירן ייִדן אַפֿילו אויסער די גרענעצן פֿון יהודה. זיי האָבן פֿון פֿאָלק אויסגענאָגט ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט, אָפּגע־שונדן פֿון אים יעדע שיכט פֿעטס און איבערגעלאָזט אים דאַר און מאָגער. די כּהנים גדולים זײַנען געווען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און רײַכטום, וואָרעם אַחוץ דאָס ערשט־געבוירענע און אַנדערע מעשׂר, וואָס דאָס פֿאָלק האָט זיי גע־מוזט אָפּגעבן אין נאַטור, האָבן זיי אַרויפֿגעלייגט אויפֿן פֿאָלק פֿאַרשיידענע מסים און אָפּצאָלונגען. פֿאַר יעדער קרבן, וואָס מען האָט געבראַכט, האָט מען געמוזט סטעמפּל־געלט געבן. די אָרעמסטע פֿון די אָרעמע האָבן געמוזט פֿאַר יעדער טויב, פֿאַר יעדן שטיקל שמעק־בלעטל, פֿאַר יעדער קוואָרט אייל, פֿאַר ווײַן, פֿאַר האָלץ און אַפֿילו פֿאַר וואַסער, וואָס זיי האָבן געבראַכט אויפֿן מזבח פֿאַר גאָט, זייערע אָפּצאָלונגען פֿאַר די כּהנים געבן. הײַנט דאָס פֿלייש פֿון די קרבנות! זייער גאָט האָבן זיי נאָר אָפּגעגעבן פֿון קרבן אַ ביסל בלוט, אַ שטיקל פֿעטס, אַמאָל אויך אַ שטיקל פֿלייש, דאָס איבעריקע האָבן די כּהנים גדולים גענומען פֿאַר זיך. די אַלע מעשׂרות זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון אַ פּאָר משפּחות, וועלכע האָבן צווישן זיך אײַנגעטיילט די הויכע שטעלעס, וואָס דאָס בית־מקדש האָט געהאַט צו געבן. די געוויינלעכע כּהנים פֿון נידעריקע משפּחות זײַנען געהאַלטן געוואָרן אין אָרעמקייט, זיי האָט מען אויסגענוצט צו דער אַרבעט אין בית־מקדש. דאָס זײַנען געווען אַ מין טעמפּל־שקלאַפֿן, וואָס האָבן געטון די שוואַרצע אַרבעט. איבריקנס, זײַנען געווען צווישן די אָרעמע כּהנים פֿיל אויפֿרודערערס, זיי זײַנען אָפֿט מאָל געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון בונט. מיר האָבן געהאַט אונדזער פּלאָג אין ירושלים מיט די אָרעמע־לײַט. די אָרעמקייט איז געווען די סיבה פֿון אַלע בונטן, און וועגן דעם וויל איך דיר איצט דערציילן.

# 10

## חנן בן חנן

איך בין געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז מער פֿון אַלע מקורבֿים פֿון כּהן גדול האָט דער יינגסטער שוואָגער זײַנער, חנן, דעם גרעסטן אײַנפֿלוס אויף די געשעפֿטן און פֿירונגען פֿון בית־מקדש. מען קאָן זאָגן, אַז ער איז געווען די אמתע מאַכט הינטער דעם טרוין. אָט דער חנן בן חנן איז נישט נאָר געווען דער קלִיגס־טער, נאָר אויך דער, וואָס האָט פֿאַרמאָגט מער כאַראַקטער פֿון אַלע זײַנע ברידער. אַזוי יונג ווי ער איז געווען (ער האָט דענסטמאָל געקאָנט אַלט זײַן אַ יאָר איי־ניקע־צוואַנציק, נישט מער), האָט ער געוואוסט, וואָס ער וויל און ער איז גע־גאַנגען צו זײַן ציל מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע עלנבויגנס. איך זע אים ווי לע־בעדיק פֿאַר מיר: אַ הויכער, מיט שטאַרקע מוסקולירטע אבֿרים; זײַן האַרט אויסגעקנעטן לײַב, וואָס איז דערצויגן אין שטרענגער אַטלעטישער דיסציפּלין, איז באַדעקט מיט ווערלדער שוואַרצע האָר; זײַן קורץ שפּראָצנדיקע שוואַרץ גע־דיכטע באָרד, שיין געפֿלעגט און געפּלאָכטן פֿון אַ געניטן כאַלדעאישן פֿריזירער, האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זײַנע שווערע, שוואַרצע לאָקן און אַרומגענומען זײַן לענגלעכן פּנים ווי מיט אַ שטעכעדיקן וואַלד. פֿון דעם באַבערדיקטן קראַנץ האָט אַרויסגעקוקט אַ מעכטיקע שופֿרדיקע לאַנגע נאָז, וואָס האָט מיט איר עק פֿאַר־שאָטנט זײַנע קליינע ליפּן. זײַן גלאַנציקער הויכער שטערן האָט זיך טיף אײַנ־געשניטן אין זײַן געדיכטן קאָפּ האָר. זײַנע אויגן, זיכער באַשיצט אונטער שטרענגע ברעמען, ווי בײַ זײַן פֿאָטער, האָבן מיט אַרויספֿאָדערנדיקער חוצפּה געקוקט און אויסגעבויערט מיט זייער שוואַרצן בליק אַ וועג פֿאַר זיך... ער איז געווען אין גאַנצן איין שטיק קאָנדענסירטע ענערגיע, אַלץ האָט געשריגן אין אים נאָך טעטיקייט; זײַנע הענט זײַנען שטענדיק געווען געפּויסט, ווי זיי וואָלטן זיך גע־האַלטן אין איין אָפּווערן, זײַן מויל — צום אָפּשרײַען, זײַן יעדער גליד איז געווען געהאַלטן אין מאָביליזירטער גרייטקייט. עס איז גענוג געווען אים אָנצורירן דורך אַ בלויזער לייכטער באַרירונג פֿון אַ וואָרט אָדער אַ בליק, אַז אַלע זײַנע גלידער, יעדע האָר פֿון זײַן גערדיכט באַוואַקסענעם ברוסטקאַסטן זאָלן זיך אויפֿשטעלן ווי שפּיזן און אַדורכשטעכן דורך זײַנע קליידער, גרייט צום קאַמף.

און צו קעמפֿן איז געווען אַ סך און מיט פֿיל. עס איז נישט לײַכט אין ירו־שלים אײַנצוהאַלטן די מאַכט סײַ בײַ אונדז, סײַ בײַם כּהן גדול, און דאָס יינגל איז געווען מאַכט־דורשטיק — דאָס האָט מען אויף אים אָנגעזען, דאָס האָט אַרויס־געשריגן פֿון זײַן גאַנצער פּערזאָן, פּונקט ווי בײַ זײַן פֿאָטער. אָבער ווען דער אַלטער האָט געקאָנט זײַן מאַכט־דורשט אויסוואָרטן מיט כיטרער געדולדיקייט, וואָס זײַנע לאַנגע דערפֿאַרונגען האָבן אים געלערנט, — ער האָט זיך פֿאַר דער אויסערלעכער שײַן געלאָזט באַגנוגענען מיט דער ציווילער פֿאַרוואַלטונג, וואָס זײַן איידעם האָט אים איבערגעלאָזט, — איז דער זון געווען צו יונג און צו אומ־דערפֿאַרן צו קענען אויסבאַהאַלטן זײַן אײַפֿערזוכט אויפֿן שוואָגער, דעם רעגירנ־דיקן כּהן גדול.

ער האָט געוואוסט, אַז עס וועט נאָך פיל וואַסער, אַפילו אין דעם קאַרגן טײַכל „השלח״, אָפּפליסן, ביז ער וועט דערגרייכן צו דער מאַכט. עס האָבן נאָך פאַר אים געוואַרט דרײַ עלטערע ברידער, וועמענס אַמביציע צו ווערן כהנים גדולים איז נישט געווען קלענער ווי זײַנע. אויך דער טאַטע האָט געוואָלט דערלעבן אַלע זײַנע פינף זין, פון וועלכע דער עלטסטער, אליעזר, האָט שוין געהאַט באַקליידט דעם הויכן אַמט, — צו זען אַנגעטון אין די הייליקע קליידער פון כהן גדול. נו, האַלט אָבער אָן זײַן איידעם די שטעלע צו לאַנג און עס זעט גאָרנישט אויס, אַז ער זאָל קלערן וועגן אָפּטרעטן זי צו זײַנע וואַרטנדיקע שוואָ־גערס. די שטעלע איז געווען צו מעכטיק און איר רייץ צו גרויס, אַז ער זאָל זי מיטן גוטן ווילן אָפּרוימען אַפילו פאַר וואַרטנדיקער משפּחה. איז דעריבער צווישן שווער, דעם אַלטן כיטרען חנן און דעם איידעם זײַנעם, דעם רעגירנדיקן כהן גדול יוסף קייפאַ, אַנגעגאַנגען באַהאַלטענערהייט אַ קאַמף צו געווינען די חסדים פון פּילאַטוסן. פון אויבן אויף האָט עס געהייסן, אַז די כהונה איז אײַנגעהאַלטן אין דער משפּחה, די געשעפטן גערעגלט, די אײַנקונפטן זײַנען געפלאָסן אין איין קאַסע און אַלע האָבן געגעסן פון איין טאָפּ. אָבער הינטן אַרום האָט מען זיך אויסגעקאָנקורירט די שטעלע דורך דעם געיעג פון מתּנות און שוחד־געלט, וואָס מען האָט געשיקט צום פּראָקוראַטאָר, צום שטאַטהאַלטער וויטעליוס קיין אַנ־טיאָכע און צו דער לאַנגער קייט קרובֿי־למלכות, וועלכע קאָנען זאָגן אַ גוט וואָרט. נאָר עס איז געווען פאַרפאַלן, דער שטילער יוסף קייפאַ, ווי שטיל און רואיק ער האָט זיך נישט באַנומען און געלאָזט זײַן שווער פירן פאַר אים די ציווילע געשעפטן, איז ער אָבער נאָך כיטרער געווען פון אַלטן חנן, זײַנע מתּנות זײַנען געווען פעטער, די געוויכט פון גאָלד, וואָס איז געגאַנגען קיין צעזאַריע — שווערער. און ער האָט באַוויזן דאָס, וואָס קיין אַנדערער כהן גדול האָט נישט גע־קאָנט באַווײַזן: אַנצוהאַלטן די שטעלע דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס פּילאַטוס איז געווען בײַ דער מאַכט. פאַרלויפיק איז גאָרנישט געווען צו מאַכן. דעם קאַמף קעגן דעם אייגענעם שוואָגער האָט חנן נישט געקאָנט אויפנעמען, האָט ער גע־פירט דעם קאַמף פאַר אײַנהאַלטן די מאַכט פאַר זײַן סעקטע, פאַר זײַן קלאַס, פאַר זײַן משפּחה...

דער יונגער חנן, וועלכער האָט מער פון זײַנע ברידער געירשנט פון זײַן פאָטער דעם חוש פאַר רעגירן, האָט באַלד אײַנגעזען, אַז אין ירושלים ווי אין יעדער אַנדערער שטאָט, קאָן מען דעם אַמט פון כהן גדול נאָר אָנהאַלטן דורך רײַכטום; און ער האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן אויף אַ ריין סוחרישן אופן די אײַנקונפטן פון כהן־גדול. דאָס „צענטל״ פון תּבֿואה און פון אַלע אַנדערע פּראָ־דוקטן, וואָס דאָס געזעץ הייסט אָפּגעבן דעם כהן, געהערט אויסשליסלעך צום רעגירנדיקן כהן גדול און צו זײַן משפּחה, אַלע אַנדערע כהנים מוזן זיך באַגנוגן לאָזן מיט די רעשטן, וואָס עס בלײַבט זיי איבער פון די קרבנות. אַלע אײַנקונפטן פון די כהנים געהערן דעם כהן גדול און ער קאָן טון מיט זיי וואָס ער וויל. דאָס „צענטל״ איז נישט מער קיין הייליק ברויט, דאָס איז דעם כהן גדולס פּריוואַט־אייגנטום. געוועלבער ווערן געעפנט אויף דעם באַזיץ פון כהן גדול, אויפן הר־הזתים. מען רופט זיי „חניות דבית חנן״ — די געוועלבער פון דעם הויז חנן. דאָרט אַהין ווערט טראַנספּאָרטירט דאָס „צענטל״, דער מעשׂר פון אַלע פּראָדוקטן, וואָס

מען ברענגט אין בית־מקדש און עס ווערט פֿאַרקויפֿט דעם הונגעריקן פֿאָלק, דעם וואָס באַצאָלט אַ העכערן פּריַיז, אָדער עס ווערט גאָר טראַנספּאָרטירט צו די האַפֿנס פֿון צור און צידון, כּדי צו ברענגען די תּבֿואות אויפֿן וועלט־מאַרק. בחינם שריַיען זיך אויס די העלדזער פֿון די פּרושים, אַז דאָס „צענטל" איז הייליק ברויט און עס קאָן נאָר דורך די כּהנים, אונטער געוויסע ריטועלע צערעמאָניעס, פֿאַרצערט ווערן. דאָס הונגעריקע פֿאָלק קומט און קויפֿט עס, עס איז כּהן גדול־אייגנטום. די פּראָדוקטן, אין וועלכע דאָס בית־מקדש נייטיקט זיך, ווי מעל פֿאַרן הייליקן ברויט, קריַיטעכצער צו דעם רייניקונגס־קרבן; די איידלסטע בשׂמים, פֿון וועלכע מען שטויסט אויס די איילן; די אויסגעזוכטסטע עגיפּטישע פֿלאַקסן, געפֿאַרבטע פּורפּור־וואָלן פֿון צור פֿאַר די וועבשטולן פֿון די פּרויען, וועלכע וועבן אויס די קליידער פֿאַר די כּהנים, די פּרוכתן פֿאַרן בית־מקדש — דאָס זיַינען אַלץ הייליקע פּראָדוקטן און קאָנען נאָר צוגעשטעלט ווערן דורך דעם כּהן גדול. איצט די טויבן, וואָס יעדע פֿרוי באַדאַרף ברענגען אַלס קרבן נאָך דעם געבורט פֿון אַ קינד, דאָס זיַינען נישט קיין הפֿקר־טויבן, וואָס יעדער איינער קאָן זיי כאַפּן ווי דעם פֿריַיען פֿויגל און ברענגען אין שטאָט אַריַין צו פֿאַרקויפֿן. די טויבן מוזן זיַין ריין, גוט געפֿלעגט, אָפּגעהיטן, אַז עס זאָל קיין מום נישט זיַין אין זיי, זיי זאָלן קיין טרפֿהנע זאַך נישט עסן, זיי מוזן געהאָדעוועט ווערן צו דעם צוועק. און פֿון כּהן גדול ווערן פֿאַרלייגט ציכט־היַיזער פֿאַר טויבן. די טויבן ווערן יעדן טאָג געבראַכט אין די געוועלבער פֿון הויז חנן, און נאָר די טויבן קאָנען אָנגענומען ווערן דורכן כּהן אַלס קרבן פֿון רייניקונג פֿאַר די פֿרויען, קיין אַנדערע נישט, און מען קאָן נעמען פֿאַר זיי דעם פּריַיז, וואָס מען שטעלט נאָר אויס. און וועלכע פֿרוי וועט נישט געבן דעם פּריַיז פֿאַרן רייניקונגס־קרבן, אַז זי זאָל צוריק פֿעיִק ווערן איר וויַיבלעכע מיסיע אויסצופֿירן... מיט דער ציַיט קאָן מען אויך דעם געזעץ פֿאַרברייטערן, דער באַדאַרף פֿון טויבן ווערט זייער גרויס, און מיט דעם באַדאַרף שטיַיגט דער פּריַיז, און זיי פֿלִיען אַרויף פֿון אַ זילבערנעם ביז אַ גאָלדענעם דינר פֿאַר אַ פּאָר אָן מומים ריינע טויבן.

היבן הייבט מען אָן מיט טויבן, מען וועט זען שפּעטער, וואָס עס לאָזט זיך מאַכן פֿון שעפּסן און אָקסן. דערוויַיל גייט אָן אַ גרויסער האַנדל מיט די פֿעל פֿון די קרבנות, וועלכע דער כּהן גדול נעמט צו פֿאַר זיך.

דער עיקר געשעפֿט לאָזט זיך אָבער מאַכן מיט געלט־טוישן. אין קיין שטאָט ווערט נישט אַזוי פֿיל געהאַנדלט מיט געלט ווי אין ירושלים. די ייִדן, וועלכע זיַינען עולה רגל פֿון די אַלטע רוימישע פּראָווינצן און פֿון בבֿל, ברענגען מיט מיט זיך כּלערליי געלטער, וואָס ווערן געפּרעגט אין זייערע שטעט. ירושלים, אָקעגן, ווי גאַנץ יהודה, האָט נישט קיין אייגן געלט: צוליב דעם אָבערגלויבן נישט צו דולדן קיין אָפּבילדונג פֿון מענטש אָדער חיה, איז דאָ נישט דערלויבט צו פּרעגן קיין זילבערנע מטבעות, ווי אין די פֿעניצישע שטעט אין ארץ־ישׂראל — צור און צידון; די ייִדן מוזן זיך באַגנוגענען לאָזן מיט קופּערנע און בראָנדזענע פּרוטות, וואָס די פּראָקוראַטאָרן געבן אַרויס, און כּדי נאָכצוקומען דעם ריטועלן געברויך טראָגן זיי נאָר אויף זיך אָרנאַמענטן פֿון פּרוכטן אָדער ייִדישע רעליגיעזע סימבאָלן. די אָפּצאָלונגען פֿאַרן בית־מקדש, וואָס יעדער ייִד איז מחויבֿ איַינצוצאָלן פֿון 10טן ביזן 15טן אָדר, ווערן אין קיין אַנדער געלט נישט אָנגענומען, ווי נאָר

אין דראַכמעס, וואָס עס פרעגט די פֿעניציִשע שטאָט טירה, נישט געקוקט וואָס די דראַכמע טראָגט אויף זיך די צורה פֿון גאָט מעלקאַרט. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס די דראַכמע האָט די זעלבע וואָג זילבער וואָס דער ייִדישער שקל. ביז איצט האָבן די ייִדן געקאָנט אײַנטוישן זייער געלט בײַ פּריוואַטע וועקסל־לײַט, אָבער חנן פֿירט אײַן, אַז די טירה׳שע דראַכמע, וואָס איז נייטיק פֿאַר דעם אָפּצאָל פֿון בית־מקדש, קאָן מען נאָר אײַנטוישן בײַ זײַנע וועקסל־טישלעך, וואָס ער האָט געלאָזט אויפֿשטעלן פֿון זײַנע מענטשן אין דעם פֿאָדערשטן הויף פֿון בית־מקדש. און באַלד איז דער גאַנצער בית־מקדש־פּלאַץ אָנגעפֿילט געוואָרן מיט טומל פֿון די טויבן־הענדלער און די געלט־טוישער און האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אָריענטאַלישן באַזאַר.

די פּרושים נעמען זיך אָן פֿאַרן באַעוולהטן פֿאָלק, טייל פֿון זיי פֿאַרגלײַכן דאָס מזבח צום מויל פֿון אַ חיה, וועלכע האַלט אין איין שרײַען: „הבֿ! הבֿ!״ — גיב! גיב!... און פֿאַראַרעמט דאָס פֿאָלק. אָבער אין גאַטס הויז רעגירט דער כּהן גדול, ניין — עס רעגירן דער שווער און דער שוואָגער, די ביידע חננס...

און באַלד ווערט דאָס הויז חנן די רײַכסטע און מעכטיקסטע משפּחה אין לאַנד. לעגענדעס גייען אַרום איבער זייער רײַכטום, שיפֿן אונטער דער פֿאָן פֿון כּהן גדול פֿירן איבער די ימים די פֿעל פֿון די קרבנות, רויע און געוואַלקטע, תּבֿואות, איילן און ווײַנען צו אַנדערע האַפֿנס. גאַנצע שטעט פֿאַרמאָגט דאָס הויז חנן, אָפּגערעדט שוין — פֿון פֿיל רײַכע אונטערנעמונגען, ווי די געוועלבער אויפֿן הר־הזתים; זיי האָבן אויך זייערע אייגענע אייל־מילן, אין וועלכע זיי שטויסן אויס אייל פֿון זייערע אייגענע איילבירטן פֿאַר דעם געברויך פֿון בית־מקדש. באַלד וואַקסט אויס דאָס הויז חנן צו דער גרויסער ממשלה פֿון לאַנד מיט אַן אָ שיעור פּקידים, אויספֿירער פֿון געזעץ, קאַסירער, אויפֿמאָנער פֿון מסים, אויפֿזעער אי־בער די קרבנות און שטײַער־אָפּצאָלונגען פֿאַרן בית־מקדש, שפּיאָנען וואָס באַ־וואַכן די טריט פֿון יעדן בירגער, אָבער נאָך מער שמשים, וועלכע שלאָגן דאָס פֿאָלק מיט ריטער, בײַטשן און קאַנטשוקעס אָנגעבונדן מיט בלײַ, אַזוי אַז דאָס פֿאָלק קרעכצט אונטער זייער יאָך און בחדרי חדרים גיט עס זיך צו מוט און זינגט שפּאָט־לידער.

איך האָב באַלד אײַנגעזען, אַז מיט דעם יונגען־מאַן לאָזט זיך מער צוזאַמענ־אַרבעטן ווי מיט די אַנדערע מיטגלידער פֿון זײַן משפּחה. דורך זײַן ענערגיע און דורך זײַן אײַנפֿלוס אויפֿן פֿאָטער, ווי אויך צוליב זײַן פּראַקטישן חוש איז ער — און נישט דער כּהן גדול — דער אמתער אָנפֿירער פֿון בית־מקדש. און ווען מען וויל עפּעס דורכפֿירן אין ירושלים, קאָן מען עס נאָר טון דורך דעם יונגן־מאַן, ווארעם אַחוץ זײַן מאַכט, האָט ער געהאַט מער מוט און מער קוראַזש פֿון אַלע זײַנע משפּחה־מיטגלידער.

שוין זײַן רעליגיע־אויפֿפֿאַסונג האָט אים געמאַכט נאָענט צו אונדז. ווי זײַן גאַנצע אומגעבונג האָט ער געהערט צו דער אויפֿגעקלערטער פּאַרטיי, צו די צדוקים. איך האָב מיט דעם יונגן־מאַן אָפֿט מאָל געפֿירט געשפּרעכן איבער דער דאָזיקער טעמע, איבער דעם חילוק צווישן זיי און די פּרושים, וואָס דאָס האָט מיך זייער אינטערעסירט. אויף באַנקעטן און אין פּריוואַט־געשפּרעכן האָט ער, ווי איבעריקנס זײַן גאַנצע סבֿיבֿה, אַרויסגעבראַכט געדאַנקען, וועלכע זײַנען געווען

אין אײַנקלאַנג מיט אונדזער אייגענער אויפֿפּאַסונג וועגן לעבן. אַנומלט האָט ער מיר געזאָגט: — גאָט האָט נישט ליב, אַז מען מישט זיך אַרײַן אין זײַנע געשעפֿטן און מען גייט אויסקאָריגירן זײַנע טעותים. ער האָט יעדן איינעם געגעבן פֿרײַען ווילן צו ווערן בעסער ווי ער האָט אים באַשאַפֿן. אויב דו ביסט עס נישט גע־וואָרן, הייסט עס, אַז דו געפֿינסט זיך אויף דעם ריכטיקן אָרט, און מיט מענטש־לעכער הילף וועסטו גאָרנישט איבערמאַכן, דו וועסט נאָר באַלעמוטשען דעם אַנ־דערן פֿון צו טון די אַרבעט, וואָס איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט. דורך דעם זײַנען מיר קעגן אַלע פֿאַרגרינגערונגען פֿון געזעץ, וואָס אונדזער קעגנערישע פּאַרטיי, די פּרושים, פֿירן אײַן. משה רבינו וואָלט געקאָנט געבוירן ווערן אַ שקלאַף ווי אַלע אַנדערע ייִדן אין מצרים אָדער געקאָנט דערטרינקען ווערן מיט אַלע אַנדערע ייִדישע קינדער, וואָס די ייִדישע מוטערס האָבן אויף פּרעהס באַפֿעל דערטרונקען; גאָט האָט אים אָבער אַליין אויסגעזוכט, אַז ער זאָל געראָטעוועט ווערן דורך פּרעהס טאָכטער און זאָל זיך דערצײַען אין קעניגלעכן הויף. ער אַליין פֿון אַלע ייִדן האָט גענאָסן פֿון די פֿרײַהייטן, כּדי צו וויסן וואָס פֿאַרשקלאַפֿונג איז. ער אַליין איז נאָר אויסגעקליבן געוואָרן — גאָט אויפֿן באַרג סיני צו באַגלייטן, און נישט קיין אַנדערער. טאָ וואו איז דאָ אַן אויסגלײַך צווישן מענטש און מענטש?

— ווער וויל דען דאָס בײַ אײַך אײַנפֿירן?

— עס זײַנען דאָ בײַ אונדז אַזעלכע פֿאַנאַטיקער, לײַדער שטאַרקט זיך די קעג־נערישע פּאַרטיי וואָס אַ טאָג אַלץ מער. די פֿירער פֿון די פּרושים, אַזוי די לעבע־דיקע און נאָך מער די געשטאָרבענע, ווערן וואָס אַמאָל מער פֿאַרהייליקט בײַם פֿאָלק; איבער איינעם פֿון זיי שאַפֿן זיך שוין לעגענדעס. די געזעץ־געבער פֿון די פּרושים ווערן וואָס אַמאָל מער פּאָפּולער בײַ די פֿאָלקס־מאַסן אויפֿן חשבון פֿון כּהן גדול, און אונדזערע זעען דאָס און שווײַגן. עס איז קיינער נישטאָ בײַ אונדז, וואָס זאָל האָבן דעם מוט אַנטקעגנצושטעלן זיך די געלערנטע פּרושים. פֿאַרלויפֿיק איז נאָך אַלץ די מאַכט פֿון בית־מקדש און פֿון די סנהדרין, גאָט צו דאַנקען, אין אונדזערע הענט. אָבער זיי באַקומען וואָס אַמאָל מער חוצפּה. זיי וואַגן אין נאָמען פֿון ריינעם געזעץ אָדער אין נאָמען פֿון באַעוולהטן פֿאָלק זיך אַרײַנצומישן אין זאַכן, וואָס באַלאַנגען אויסשליסלעך צו דער העכערער קאַסטע פֿון די כּהנים לויט אַ טראַדיציע פֿון דורות.

— און איר לאָזט עס צו? איר קוקט אַזוי צו, ווי עס וואַקסט אײַך אַ מאַכט אי־בערן קאָפּ? — דערוועק איך די אַמביציע פֿון יונגן־מאַן — נאָך אַ ווײַל, און זיי וועלן אײַך איז גאַנצן אַרויסשטופּן פֿון דער מאַכט.

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען! — זאָגט דער יונגער־מאַן אין אַ זיכערן טאָן — מיט מײַן פֿאָטערס הילף וועל איך די זאַכן נעמען אין מײַן האַנט אַרײַן, שוין צײַט צו באַווײַזן זיי, ווער שטאַרקער עס איז.

ער האָט זיך אויך אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער, דער חנן בן חנן. איך האָב אַנומלט גערעדט מיט אים אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך וועגן שקלאַפֿן. ער האָט באַדויערט, וואָס צוליב די שטרענגע געזעצן פֿון די ייִדן קאָן זיך אין יהודה נישט אַנטוויקלען אַ שקלאַפֿן־צוכט, ווי מען איז געוואוינט צו זען אין די שכניש׳ע לענדער.

— דורך דעם — זאָגט ער — זײַנען מיר אין אונדזער גאַנצןווירטשאַפֿטלעכן לעבן צוריקגעשטאַנען לגבי אונדזערע שכנים. די פֿעניציער זײַנען נאָר דורך דעם אַזוי גרויס אין זייער ווירטשאַפֿט, ווײַל זיי אַרבעטן אין זייערע פֿאַרבערײַען, מילן, וועבשטולן, אין זייערע גרובנס — מיט שקלאַפֿן, זיי באַאַרבעטן זייערע פֿעלדער, גערטענער, און זייערע שיפֿן ווערן געטריבן דורך שקלאַפֿן־כּוחות. אָבער בײַ אונדז, וואָס קאָנען מיר אויפֿטון מיט אייגענע כּוחות? אונדזער פֿאָלק איז צו פֿאַנטאַסטיש, עס זוכט זײַן גליק נישט אין דעם דאָיִקן לעבן, נאָר אין דעם אויסגעטראַכטן צווייטן לעבן, וואָס די רבנים האָבן זיי אײַנגערעדט, און דורך דעם זאָגן זיי זיך אָפּ פֿון די רײַכטימער פֿון דער וועלט. מיר מיט אונדזערע הענט קאָנען ווייניק־וואָס אויפֿטון, מיר מוזן האָבן שקלאַפֿן.

— פֿאַרוואָס האַלט איר זיי נישט? צי פֿאַרווערט אײַך דאָס אײַער געזעץ?

— ליידער באַפֿעלט אונדז אונדזער געזעץ־געבונג אַזוי זיך צו באַגיין מיט יִדישע קנעכט, אַז זיי ווערן גאָר האַרן איבער אונדז. מיט שקלאַפֿן פֿון אַן אַנדער באַפֿעלקערונג וואָלט מען יאָ געקאָנט אַרבעטן, לגבי זיי איז דאָס געזעץ נישט אַזוי שטרענג, — האָבן אָבער אונדזערע רבנים, דאָס הייסט די פֿאַנאַטישע פּרושים, באַשאַפֿן אין פֿאָלק אַן אָפּשוי צו האַלטן שקלאַפֿן, כּדי דאָס פֿאָלק זאָל זיך נישט אָפּלערנען פֿון זיי עבֿודה־זרות צו דינען און זייערע שלעכטע מידות איבערנעמען. אָבער איך טראָג זיך אַרום מיט דער אידעע אונדזער גאַנצן שטראָף־סיסטעם צו ענדערן אין דער באַציאונג. מיר האָבן צו פֿיל גאַט־לעסטערער, טעמפּל־שענדער און אַנדערע אויפֿשטענדלער און רעליגיע־פֿאַרשווערער, — זעט זיך אויס, אַז אונדזערע שטראָפֿן זײַנען צו לײַכטע און שרעקן זיי נישט אָפּ. איך וויל דעם שטראָף־קאָדעקס (ווען עס וועט מיר געלינגען מיט אונדזערע געלערנטע דאָס אַדורכצוזעצן) אַזוי רעפֿאָרמירן, אַז פֿאַרברעכער זאָל מען פֿאַרשיקן אויף אַרבעט אין אונדזערע אונטערנעמונגען. מיר האָבן בײַם כּהן גדול אַ פֿאַרצווײַגט פֿעלד פֿון ווירטשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן, און מיר באַדאַרפֿן האָבן פֿיל אַרבעטער־הענט, מיט געדונגענע לאָזט זיך דאָס נישט מאַכן.

— אַ גוטער אײַנפֿאַל! וואָס וועלן אָבער אײַערע געלערנטע זאָגן דערצו?

— אונדזערע אייגענע געלערנטע פֿון אונדזער צד האָבן שוין אַן אויסטײַטשונג דערויף געפֿונען: דאָס געזעץ דערלויבט אַ שולדיקן פֿון אַ געלט־חובֿ אָדער פֿאַר אַ היזק, צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ קנעכט. אויב פֿאַר פּריוואַטע שולדן קאָן מען יאָ פֿאַרקויפֿן, פֿאַרוואָס זאָל מען נישט קאָנען פֿאַרקויפֿן אַ שולדיקן פֿון אַן עפֿנטלעכן חובֿ פֿאַר אַ קנעכט? יעדער ייִד מוז זײַן שטײַער פֿאַרן בית־מקדש צאָלן, איז וועלן מיר אָנהייבן מיט די, וועלכע האָבן צוליב עפּעס אַ סיבה פֿאַרנאַכלעסיקט די צאָלונגען פֿאַרן בית־מקדש, און ווען מען וועט אַזאַ פֿאַרברעכער כאַפּן, האָב איך בדעה אים צו פֿאַרשיקן אין אונדזערע מילן. אונדזער שטראָף־קאָדעקס זעט פֿאַר פֿאַר קליינע פֿאַרברעכנס מלקות, פֿאַר גרעסערע — טויט, איז וואָס האָב איך דערפֿון, אַז איך באַשטראָף אָדער איך פֿאַרניכט דעם פֿאַרברעכער? דער פֿאַרשולדיקטער איז דאָס אייגנטום פֿון שטאַט און דער שטאַט האָט אַ רעכט פֿון אים אַרויסצוציִען נוצן. צו וואָס פֿאַרניכטן דעם פֿאַרברעכער דורך טויט, אַז מען קאָן אים פֿאַרניכטן דורך אַרבעט, ווי איר טוט עס בײַ אײַך, למשל, מיט קריג־געפֿאַנ־

גענע, וועלכע איר פֿאַרשיקט אויף די גאַלערן, אַז זיי זאָלן די שיפֿן טרײַבן. איך וויל אַלע אונדזערע פֿאַרמשפּטע אויסנוצן פֿאַר די אונטערנעמונגען פֿון כּהן גדל.

איך בין דורך די יונגע־לײַט, די זין פֿון כּהן גדול, אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין אַ זייער אינטערעסאַנטן קרײַז, מען קאָן דעם קרײַז אָנרופֿן „די גאָלדענע יוגנט פֿון ירושלים". איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ירושלים איז גאָרנישט אַזאַ טרויע־ריקע, פֿאַרשאָלטענע שטאָט, ווי עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן. איך האָב זיך אי־בערגעצײַגט, אַז הינטער דעם שאָטן פֿון זייער שטרענגן גאָט, וועלכער איז אַזוי אייפֿערזיכטיק אויף זײַנע גלויביקע, אַמוזירט זיך די אַריסטאָקראַטישע יוגנט אויף אַ העכסט קולטורעלן אופֿן, נישט ווינציקער ווי אין אַנדערע היידנישע שטעט, און ווייס צו געניסן פֿון דער פֿרייד פֿון לעבן, — וואָס וואָלט כּבֿוד אָנ־געטון נישט איין גריכישער מעטראָפּאָליע.

די יוגנט פֿון דער ירושלימער אַריסטאָקראַטיע האָט געהערט צו אַ קרײַז, וואָס די אַנדערע האָבן מיט שפּאָט פֿאַרשריגן אַלס „מינים", זיי האָבן זיי באַ־טראַכט אַלס אַפּטריניקע פֿון גאָט. אָבער די דאָזיקע יוגנט האָט נאָר אויסגעפֿירט די קאָנסעקווענצן פֿון דעם סיסטעם, צו וועלכן עס האָבן זיך באַקענט זייערע על־טערן — די צדוקים. זיי האָבן זיך געזאָגט פֿאָלגענדעס: „אַז ווי דער טויט דעקט צו די אייביגן פֿון מענטש, האָט ער אַזוי פֿיל צו דערוואַרטן אין צווייטן לעבן, פּונקט ווי דאָס געפֿאַלענע קעמל אין דער מדבר אָדער דער אַראָפּגעשאָסענער פֿויגל פֿון דער לופֿט, — טאָ וואָס איז די פּעולה און דער תּכלית אײַנצוהאַלטן דעם נאַ־טירלעכן דראַנג פֿון מענטש נאָך דער פֿרייד פֿון לעבן? פֿאַרוואָס נישט אויסנוצן די שטעלונגען, אין וועלכע דײַן מזל האָט דיך אַרײַנגעשטעלט, פֿאַר דײַן אייגע־נעם נוצן? פֿאַרקערט, אויב גאָט האָט דיך געמאַכט פֿאַר דעם מושל איבער דײַנע ברידער — וויל ער, אַז דו זאָלסט שטרענג די לייצעס צ־ען איבערן מויל פֿון דײַן חבֿר און באַשווערן דעם יאָך איבער דעם נאַקן פֿון אַנדערע!". זיי האָבן געהאַט אַ ווערטל, אַ פּערז פֿון זייערס אַ דיכטער: „וואָס איז דער מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען?" — דאָס האָבן זיי גענומען אַלס מאָטאָ פֿון זייער לעבנסשטייגער. אויפֿן סמך פֿון אַן אַנדערן זאָץ פֿון זייערס אַ נבֿיא: „הײַנט לאָמיר עסן, הײַנט לאָמיר טרינקען, וואָרעם מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן"! — האָבן זיי געגרינדעט חבֿרות פֿון יונגע מענטשן, וועלכע זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען, אין אַנהויב אין געהיים, דערנאָך האָבן זיי אַפֿילו געוואַגט אין דער עפֿנטלעכקייט אויפֿצוטרעטן, און דאָרט אין די דאָזיקע חבֿרות האָבן זיי אויפֿגעלייזט אַלע באַנדן, אין וועלכע דאָס שטרענגע געזעץ פֿון זייער רעליגיע האָט זיי געהאַלטן געפּענטעט. זיי האָבן באַלד אויסגעפֿונען דעם גאַנצן שלל פֿון שיינקייט, אַלע גאָמען פֿון פֿרייד און געניס, פֿון וועלכן זייער האַרט געזעץ האָט זיי אַזוי אַכזריותדיק באַרויבט. זיי האָבן זיך איבערגעגעבן מיט דעם גאַנצן ברען פֿון זייערע אויסגעהונגערטע לײַ־בער צום געניס פֿון אונדזערע פֿריידן. און איך מוז צוגעבן, אַז זיי האָבן תּיכּף דער־לערנט אַלע אַרטן פֿון געניס, וואָס אונדזערע לאַנגע דערפֿאַרונגען און אַלטע טראַ־דיציאָנעלע אײַנריכטונגען פֿון אונדזערע אינסטיטוציעס האָבן אונדז געשאָנקען. רײַך זײַנען זיי געווען, און זיי האָבן עס זיך געקאָנט פֿאַרגינען. און באַלד האָבן זייערע נאַכט־באַנקעטן, אונטער רויזן־באַדעקטע פּלאַטפֿאָרמען, אַריבערגעיאָגט

אונדזערע פֿאַרוויילונגען. עס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן יונגע מענער און יונגע פֿרויען, וועלכע וואָלטן מיט זייערע וואונדערבאַר געפֿלעגטע קערפּערס, מיט זייער חכמה און בילדונג, מיט זייער געזאַנג און וויץ געקאָנט באַשטײַערן צו יע־דער אָנשטענדיקער געזעלשאַפֿט אין אַנטיאָכיע, אַלעקסאַנדריע אָדער אַפֿילו אין רוים. און מען מוז צוגעבן, אַז זיי האָבן אַפֿילו דאָ אַרײַנגעבראַכט אַן אייגענע נאָטע. עס איז נישט געווען דאָס פֿרײַ צעלאָזענע, אַן יעדער קאָנטראָלע פֿאַר אָנ־שטענדיקן באַנעמען זיך, דאָס וואָקכאַנאַליש־עראָטישע, וואָס די אַלעקסאַנדריער האָבן אַרײַנגעטראָגן אין אונדזער העלעניזם. זיי, די יידן, האָבן אין דעם העלע־ניזם אַרײַנגעבראַכט אַ צנועהדיקן ריטם, וועלכער האָט איינצײַטיק דערמאָנט צו אָנשטענדיקייט און דערבײַ געהאַט עפּעס ראַפֿינירטס, וועקנדיקס, ווי זייערע בשׂמים און פּערפֿומען. זייערע ווײַבער האָבן זיך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן און אַפֿילו בשעת דער העכסטער אויפֿרעגונג נישט באַוויזן זיך נאַקעט, נאָר באַדעקט אין זייערע לאַנגע האָר. דאָס איז געווען אַ פֿאַרהילטקייט, וואָס האָט מער גע־רייצט, וואָס איז מער נאַקעט געווען ווי די נאַקעטקייט. אויף זייערע באַנקעטן האָט שטענדיק געהערשט אַ חרטה־אַרטיקע — איך וואָלט עס אָנגערופֿן — אַן עלע־גישע פֿילאָסאָפֿישע שטימונג. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אין גאַנצן פֿאַרגעסן, נאָר שטענדיק אין זייער פֿרייד דערמאָנט אין דעם טויט:

ווי דער דורכציִענדיקער שאָטן — איז אונדזער לעבן,
עס איז נישטאָ קיין צוריקקער אין אונדזער ענד.
לאָזט אונדז די פֿאַראַנענע גיטער געניסן
אײַליק, ווען מיר זײַנען נאָך יונג.

# 11

## מרים מאַגדאַלענא

אין דעם קרײַז פֿון דער ירושלימער אַריסטאָקראַטישער יוגנט, צו וועלכן איך האָב געהאַט דעם כּבֿוד צוגעלאָזט צו ווערן, האָט זיך געפֿונען אַ פֿרוי, וועלכע מען האָט גערופֿן מרים; און דערפֿאַר, וואָס זי איז געקומען פֿון דער שטאָט מגדל, בײַם ברעג פֿון כּנרת, האָט מען זי גערופֿן מרים פֿון מגדל. די פֿרוי האָט זיך נישט געהאַט צו באַרימען מיט קיין גוטער רעפּוטאַציע. נו, דאָס הענגט אָפּ — אין וואָס פֿאַר אַ קרײַז! אין אונדזער קרײַז, למשל, האָט מען זי פֿאַרערט. זי איז שוין דענסטמאָל, ווען איך האָב זי באַגעגנט, נישט געווען אין איר ערשטער יוגנט, נאָר אין דעם עלטער, אין דער רײַפֿקייט, אין וועלכער די גרויסע גריכישע מײַס־טער האָבן גערן געהאַט צו פֿאַרקערפּערן די געטין פֿון ליבע. זי איז געווען די דערפֿאַרענע פֿרוי־מוטער, מיט ברייטע היפּטן און גוט־אַנטוויקלטע ברוסטן, וועל־כע האָבן אַרויסגעקוקט ווי צנועהדיקע טויבן פֿון צווישן די רויטע שטראָמען פֿון אירע האָר־לאָקן. יאָ, זי איז געווען די פֿרוי־מוטער, און האָט ווײַבלעך און מוטערלעך באַהאַנדלט די אַלע וואָס זי האָט באַוויליקט פֿון איר חסד צו לאָזן געניסן. און גענאָסן פֿון איר חסד האָבן דווקא די בויט־באַדערפֿטיקע. אין דער

הינזיכט איז זי געווען קאַפּריזנע, פֿול מיט איבעראַשונגען און אײַנפֿאַלן, ווי אַן אמתע טאָכטער פֿון איר פֿאָלק. ליבהאָבער, וועלכע האָבן זיך געלאָזט קאָסטן אויף איר פֿאַרמעגנס, וועלכע זײַנען בערייט געווען פֿאַר דעם הויך פֿון איר מויל, מיט פֿרייד אַלע אירע קאַפּריזן צו דערפֿילן, האָט זי געלאָזט פֿאַרדאַרן, אויסגיין אין זייער דורשט נאָך איר. און דווקא אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט געריכט, וועלכע האָבן גאָרנישט געוואַגט וועגן דעם צו דענקען, אומבאַדײַטנדיקע, אָרעמע, פֿאַרלאָזענע, האָט זי איר ליבע געגעבן; יאָ, זי פֿלעגט אירע חסדים אַוועקשענקען, אַזוי ווי מען שענקט אַוועק צדקה אָרעמע־לײַט, אָן יעדער האָפֿענונג אויף אָפּצאָלונג אָדער פֿאַרגיטיקונג.

זי איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פֿרוי. עס לוינט זיך אויף איר לענגער אָפּצושטעלן און פֿאַרציילן מיט אַלע איינצלהייטן מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט איר. איך האָב שוין געהאַט פֿיל געהערט וועגן איר נאָך איידער איך האָב זיך מיט איר באַגעגנט. ווער האָט דען נישט וועגן איר געהערט? גאַנץ ירושלים האָט גערעדט וועגן דער פֿרוי, מען האָט זיך אײַנגערוימט אין די אויערן, אַז זי האָט דעם גרעסטן אײַנפֿלוס אויף די זין פֿון עלטסטן כהן גדול, וועלכע זײַנען געווען, פֿאַרשטייט זיך, די טאָן־געבערס פֿון דער ירושלימער געזעלשאַפֿט. זי איז דורך דעם זייער פּאָפּולער געוואָרן בײַ דער ירושלימער גאָלדענער יוגנט, וואָרעם ווער עס האָט נאָר מיט זיך עפּעס וואָס פֿאָרגעשטעלט אין דער ירושלימער געזעלשאַפֿט, האָט געפּרוּווט די כהן־גדולשע קינדער נאָכצוטון. די פֿרוי מרים פֿון מגדל האָט דורך דעם געהאַט פֿיל פֿאַרערער. זי האָט אָבער געוואוסט זיך אַזוי אײַנצוריכטן, אַז זי האָט געקאָנט אירע חסדים פֿאַרשפּרייטן ווי אַ רעגן איבער פֿיל פֿעלדער...די ליבהאָבערס אירע האָבן זיך באַגעגנט איינער מיטן אַנדערן, געוואוסט איינער פֿון אַנדערן, און אַ מאָדנע זאַך — מען איז נישט אייפֿערזיכטיק געווען אויף איר. אַנשטאָט צו פֿאַרפֿײַנדן, האָט זי באַוועסן די קונסט צו באַפֿרײַנדן, צוזאַמענצובינדן אירע פֿאַרערער דורך איר ליבע. איך אַליין, מוז איך זיך מודה זײַן, בין אויך אַ ביסל אַרונטערגעפֿאַלן אונטער איר אײַנפֿלוס.

שוין מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט איר האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אַן אומפֿאַרגעסלעכן אײַנדרוק, — דאָס איז געווען טאַקע אין כהן גדולס פּאַלאַץ, אין דעם זון חננס פּריוואַטן אַפּאַרטמענט. מיר זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אויף אַ באַנקעט צום יינגסטן כהן גדולס זון. עס איז געווען אַ הערלעכע לבֿנה־נאַכט און גאַנץ ירושלים איז פֿאַרוועבט געווען ווי אין אַ פּערל־גלאַנצנדיקן שלייער; צו אונדזער צופֿיסנס איז געלעגן די אין שאָטן פֿאַרוועבטע פֿאַרחלומטע שטאָט. מיר זײַנען אײַנגעשיכּורט געוואָרן מיט די זיסע ריחות פֿון די פֿיל בלומען און בליעכצן, וואָס זײַנען אין די הייסע חדשים רײַכלעך געזעטיקט געוואָרן מיט וואַסער. דער יאַשמין, די איריסן מיט זייער איידעלן הויך און די רויזן מיט די לאַוועגדלס האָבן באַאומרויִקט די לופֿט מיט זייערע וועקנדיקע געשמאַקן. מיר זײַנען געווען אויסגעלייגט אויף די ליג־שטולן אין דער זײַלן־האַליע פֿון חננס הויז. אויף מײַן ברוסט האָט גערוט דער דופֿטנדיקער קאָפּ פֿון מײַן פֿרײַנד טעאָפֿילוס, און מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו דער טאַנצנדיקער אַבֿישלג, דאָס באַליבטסטע מיידל פֿון ירושלים, וועלכע האָט בײַם דיסקרעטן ליכט פֿון די פּאָר אַראָפּהענגענדיקע אייל־לאָמפּן, בײַ דער באַגלייט־מוזיק פֿון האַרפֿע־שפּילערס געטאַנצט פֿאַר אונדז. זי האָט דורך

אַ כוואַליע פֿון ריטמישע באַוועגונגען מאַניפֿעסטירט אירע שלימותדיקע גלידער. זי איז נאָך געווען אַ יונג מיידל, די אַבֿישלג, אין צווייטן צענדליק פֿון איר עלטער, איר קערפּער איז געווען צונויפֿגעזאַמלט ווי אַ געשלאָסענער קנאָספּן־בעכער. דער אַלבאַסטער פֿון איר הויט האָט אַדורכגעשײַנט דאָרט, וואו דער אײדעלער געוועב פֿון דעם געפֿאַרבטן צידון־לײַלעך, מיט וועלכן אירע היפֿטן זײַנען געווען פֿאַרדעקט, איז געווען דין און דורכזיכטיק. דאָס פֿולע מיידלשע מאַנדל־לײַב, געקנעטן אויס לויטער בלוט און מילך, איז געפֿאָרעמט געווען אין אַ געשלאָסענער האַרמאָניע און געהאַלטן אין שטרענג דיסציפּלינירטע ליניעס די באַוועגעכץ, אומרואיקע גלידער אירע. דער אויסגעבלעטערטער בויך, וואָס האָט געציטערט אין געווירבל פֿון באַוועגונג, האָט ווי אַן אויפֿגעציטערטער און איבערגעפֿולטער טײַך זיך ספּאַזמיש געוואָרפֿן. איר קנאָספּן־געשלאָסענע ברוסט האָט אין טעמפּאָ פֿון אירע באַוועגונגען אַרויסגעזונגען פֿון זיך דאָס געזאַנג פֿון רײַפֿקייט. נאָר וואָס עס האָט אונדז צום מערסטן אַנטציקט, איז געווען דער גאַמעשפּיל פֿון איר רוקן. אירע קאַסקאַדן־אַראָפּפֿאַלנדיקע פּלייצעס האָבן זיך אין האַרמאָנישער גאַנצקייט אַרײַנגעגאָסן אין די פֿולע, ווייכע, אויסגעלייגטע רוקנבעקנס, בשעת דער רוקנביין האָט ווי אַ שלאַנג אויפֿגעציטערט נערוועז און געשלענגלט זיך אין אַ גאַמע פֿון באַוועגונגען.

און ווי אונדזערע אויגן טרינקען אַזוי מיט דורשט די קוואַלנדיקע האַרמאָניע פֿון איר טאַנץ־געטראַנק, אַז מיר פֿאַרגעסן אַזש צו געניסן פֿון די מיט האָניק טריפֿנדיקע ווײַנטרויבן און די האָניק־שמעקעדיקע גראַנאַט־עפּל און ווי אייטלמילך מיט זיסקייטן אָנגעשוואָלענע פֿײַגן, וואָס די יונגע פֿעניצישע שקלאַפֿן טראָגן אונדז אונטער אין גאָלד־געפֿלאָכטענע קערבלעך, דערהערט זיך פּלוצלינג פֿון אַ ווינקל פֿון דער וועראַנדע אַ שטימע, ווײַבלעך־אײַננעמענדיק און מיט שרעק באַאומרואיקנדיק אײנצײַטיק, וועלכע דעקלאַמירט פֿאַר זיך פּערזן:

„ווער קאָן אײַנהאַלטן דעם הויך פֿון יוגנטלעכקייט אויף אונדזער לײַב, וואָס איז ווי דער טוי פֿון דער נאַכט אויף דער רויז? ווער קאָן פֿאַרריגלען די געשלאָסנקייט פֿון אונדזערע גלידער, אַז זיי זאָלן זיך נישט צעפֿאַלן ווי אַ חורבֿה פֿון שטורעם פֿון דער צײַט? ווער קאָן אײַנהאַלטן אויף איין אויגנבליק אונדזער גאַנג צו פֿאַרניכטונג? ווער ווייסט נאָך אַזוי אונדזער שפֿלדיקייט ווי מיר אַליין? עדות האָט ער אונדז געמאַכט פֿון אונדזער אייגענעם אונטערגאַנג. אונדזער לײַב פֿאַרוואַנדלט ער אין אַ נעסט ווערעם, וועלכע מיר בריִען אויס פֿאַר אונדזער אייגענער פֿאַרניכטונג. וואָס איז שיינקייט, וואָס פֿאַרגייט ווי אַ הויך? דער ווינט כאַפּט עס אויף און טראָגט עס אַוועק. אויף וואָס זאָלן מיר זיך פֿרייען — אויף דעם, וואָס איז געווען און נישטאָ שוין מער? זײַנען דען אונדזערע טעג נישט קיין געדונגענע אויף דער ערד? ווי אַ קנעכט, וואָס שמאַכט נאָכן שאָטן פֿון דער נאַכט, אַזוי שמאַכטן מיר נאָך דעם טויט...“

דאָס מיידל האָט אויפֿגעהערט צו טאַנצן, און מיר אַלע זײַנען שטיל געוואָרן. מײַן פֿרײַנד טעאָפֿילוס האָט אויפֿגעציטערט אויף מײַן ברוסט. חנן האָט אַ וואונק געגעבן דער דינערשאַפֿט, אַז זי זאָל זיך דערווײַטערן. די גאַנצע געזעלשאַפֿט האָט זיך געפֿילט נידערגעשלאָגן און פֿאַרשעמט. אַ פּײַנלעך שטילשווײַגן האָט אונדזערע הערצער באַשווערט. דאָס מיידל אַבֿישלג, וואָס איז באַרימט איבערן גאַנצן

לאַנד צוליב איר שיינעם קערפּער, האָט זיך היסטעריש צעוויינט. דענסטמאָל האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען פון איר פאַרשאָטנטן ווינקל די פרוי, וועלכע האָט די גאַנצע חתונה מיט איר קלאָג־ליד געשטערט — מרים פון מגדל. זי איז צוגעגאַנגען צו דער קליינער אַבישלג און אַרײַנגענומען דאָס מיידל אונטער איר שלייער, מיט וועלכן זי איז געווען אײַנגעהילט, און האָט אָפּגעווישט מיט איר שוויס־טוך די פולע טרערן פון דער קליינער און זי מוטערלעך אָפּגעפירט אין איר ווינקל אַרײַן.

שפּעטער האָב איך זיך מיט מרים פון מגדל נעענטער באַקענט. זי האָט, איבּ־ריקנס, אונדז אַלע געהאַלטן ווי הינטלעך אויף שטריקלעך אָנגעבונדן, אַ צאָל צוגעלאָזט, און אַנדערע אויף אַ מײַל אַוועקגעיאָגט. זי האָט געהאַט פיל פאַרערער, נאָר אַז זי האָט געוואָלט, אַז עס איז איר אײַנגעפאַלן, האָט זי קיינעמען נישט דערקענט, נישט אַרויפגעלאָזט אויף איר שוועל. זי איז פול געווען מיט קאַפּריזן און איבערראַשונגען, אַז מען האָט קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן ווי מען האַלט מיט איר. דער יינגסטער זון פון כהן גדול, חנן בן חנן, איז געווען, ווי מען האָט געשמועסט, איינער פון אירע „אָפיציעלע פאַרערער". ער האָט זיך געלאָזט קאָסטן אויף איר אַ מטמון מיט געלט. אויך זײַן ברודער טעאָפילוס מיט זײַן פרוי זײַנען געקומען אָפּט צו די פאַרווײַלונגען אין איר הויז. מען האָט אין איר הויז איבער־געלעבט די וואונדערבאַרסטע אָוונטן. פון אַזאַ אָוונט וועל איך שפּעטער פאַר־ציילן. אויך אַן אַשקאַלאָנער עלטסטער פון אונדזער גאַרניזאָן איז געווען אין מרים פון מגדל שטערבלעך פאַרליבט. אַ זון פון אַ ירושלימער מיליאָנער, — קלמן בן קלמן האָט מען אים גערופן, — וועמען דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט אַ פאַרמעגנס פון גיטער און איילבירטן־וועלדער, איז אויך נישט גלײַכגילטיק געווען צו איר, ער האָט זי באַשאָטן מיט טײַערע געשאַנקען. איר נאָענטסטער פאַרערער איז אָבער געווען אַ באַבילאָניש פּרינצל, וועלכער איז אַפילו צוליב איר איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן. ער איז אָפּט געקומען קיין ירושלים עולה־רגל זײַן, און האָט מיט אַ רײַכער האַנט קרבנות אין בית־מקדש געשפּענדט. ער האָט פאַר איר געלאָזט אַ הויז אויפבויען אין בבלישן סטיל אין דעם אונ־טערשטן טייל שטאָט. אַחוץ די אַלע האָבן אירע פאַרערער געציילט לעגיאָנען גאַנצע צווישן די רײַכע יידישע סוחרים פון אַלעקסאַנדריע, אַנטיאָכיע און צעז־זאַריע, וועלכע האָבן אָפּט ירושלים באַזוכט.

איר הויז איז געשטאַנען אין דעם אָרעמסטן טייל פון דער שטאָט. צוליב עפּעס אַ קאַפּריז האָט זי נישט געוואָלט האָבן איר הויז אין דעם אויבערשטן טייל, וואו די אַריסטאָקראַטיע האָט געוואוינט אָדער אין דעם נײַעם שטאָט־פערטל, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו באַבויען נאָך דעם שעפּסן־טויער, אויף יענער זײַט מויער צום הר־הצופים אַרויף, וואָס איז גיך אַרײַן אין דער מאָדע בײַ די ירו־שלימער רײַכע לײַט, ווײַל דאָרט איז נאָך געווען פיל פּלאַץ פאַר גערטענער צו פאַרלייגן. זי האָט דווקא געוואָלט האָבן איר הויז האָרט בײַ דער מויער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן די שטאָט בײַם נחל קדרון.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז עס איז געווען אַן אָנגענעם אָרט צו וואוינען. עס איז נישט געווען אַזוי שלעכט ווי דער אַנדערער טייל פון טאָל, נאָך דעם מיסט־

טויער ,וואָס מען האָט גערופֿן דער טאָל פֿון הנום, אין וועלכן עס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן די קרעציקע און קראַנקע, — דאָרט אין דעם רינשטאָק, וואָס האָט אָפּגעצויגן דאָס וואַסער פֿון השלח. אָבער אויך דער נחל קדרון איז געווען גענוג שלעכט און, יעדנפֿאַלס, נישט קיין אָרט פֿאַר אַזאַ דאַמע צו מאַכן דאָרט איר קוואַרטיר. דער געשטאַנק פֿון די קראַנקע, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום דעם קאַרגן וואַסערל, איז נישט געווען צו דערטראָגן, און די פּלאָג פֿון פֿליגן און אינזעקטן, וואָס האָבן זיך געראָיעט אין דעם טאָל, האָט ממש פֿאַרמאַטערט. ווארעם אויף יענער זײַט טאָל, צופֿיסנס פֿון הר־הזתים, האָט דער כּהן גדול אָדער, בעסער געזאָגט, דאָס הויז פֿון חנן, געהאַט זײַנע שטעלער און שפּײַכלער, וואו זיי האָבן אויפֿבעוואָרט די פֿעל פֿון די קרבנות. אין דעם שמוציקן טײַכל פֿון נחל קדרון האָבן דעם כּהן גדולס מענטשן געוואַשן און געוואַלקערט די פֿעל פֿון די קרבנות, וועלכע זיי האָבן דערנאָך אַרויסגעשיקט אויף די מערק פֿאַרן האַנדל. מען קאָן זיך גאָר נישט פֿאָרשטעלן די שמוציקייט, וואָס עס האָט דאָרט געהערשט! גאַנץ ירושלים האָט אַרויסגעטראָגן דאָס מיסט און אָפּפֿאַלעכץ דורך דעם מיסט־טויער צום נחל קדרון. אָרעמע־לײַט, בעטלער און קראַנקע האָבן זיך שטענדיק געראָיעט דאָרט אויף די בערג מיסט, כּדי אויסצוזוכן אָפּפֿאַלעכץ פֿון עסן, וואָס די רײַכע האָבן אַרויסגעוואָרפֿן, אָדער פֿאַרפֿוילטע קליידער צו האָבן מיט וואָס זייער שאַנד צו באַדעקן. נישט בחינם האָבן די ייִדן דאָס אָרט גערופֿן „גי־הנום” און געמאַכט עס פֿאַרן סימבאָל פֿון אַ שטראָף־וועלט, אין וועלכער די רשעים פֿאַלן אַרײַן נאָך זייער טויט. ווארעם צוזאַמען מיט די קרעציקע און אָנגעשטעקטע, וועלכע די ייִדן האָבן געהאַלטן איזאָלירט, האָט דער גאַנצער נידעריקער טייל פֿון ירושלים פֿאַרגעשטעלט איין גרויסן אויפֿגעריסענעם בלאָטער פֿון וועלכן בלוט און אייטער איז גערונען דורך טויזנטער רינעס פֿון דער הייליקער שטאָט, וועלכע ייִדן האָבן אַזוי פֿאַרגעטערט...

און דווקא דאָרט האָט די דאָזיקע מרים זיך געלאָזט אויפֿשטעלן איר הויז; אין דעם האַרץ פֿון אָרעמקייט, צווישן די ענגע שמוציקע געסלעך האָבן זיך באַהאַלטן צווישן ציפּריסן און אייל־בירטן־ביימער די הויכע מויערן פֿון איר הויף. דורך דעם טאַקע איז איר הויז אַרומגערינגלט געווען פֿון מחנות אָרעמע־לײַט. גאַנצע חמרים פֿון אומגליקלעכע, בלינדע און קראַנקע האָבן שטענדיק באַלאַגערט די טויערן פֿון איר הויז, וואוהין אירע דינער האָבן געהאַלטן אין איין אַרויסטראָגן עסן און געלט. זיי האָבן געהאַט דעם שטרענגסטן באַפֿעל פֿון זייער האַרינטע נישט צו פֿאַרטרײַבן די אומגליקלעכע, נאָר צו באַזאָרגן זיי מיט אַלעם נייטיקן.

ווי לעבנסלוסטיק די פֿרוי איז נישט געווען, ווי זי האָט נישט אויסגעטרונקען די בעכערס פֿון פֿרייד ביז צו דער דנאָ, האָבן זיך דאָך אויפֿן ראַנד פֿון די בעכערס אויפֿבעוואָרט טראָפּנס פֿון גיפֿט, פֿון אומרואיקייט און חרטה, מיט וועלכע איר רעליגיעזע משוגעת האָט איר לעבנס־לוסט פֿאַרסמט. אירע דינער זײַנען אַרומגעלאָפֿן מיט באַציציתדיקטע סדינס, אין איר הויז האָט זיך נישט געפֿונען קיין אָנבליק פֿון אַ חיה אָדער אַ מענטש, איר מעבל איז באַשטאַנען פֿון רײַכע מאַטעריאַלן, אָבער אָן יעדער באַפּוצונג, קיין איין שפּור נישט פֿון אונדזער קונסט און זיטן, אַלץ שטרענג ריטואַל לויטן ייִדישן געזעץ. ווארעם זי האָט דענסטמאָל געהאַט רעליגיעזע אַנפֿאַלן, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן אָריענטאַלישן

מענטש. זי האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ כאַליאַסטרע געזעץ־אויסטײַטשער, געלערנטע און שרײַבער, נישט די ריכטיקע, וועלכע האָבן געפּרעדיקט אָדער געלערנט אין בית־מקדש־הויף, נײַן — יענע ריכטיקע געלערנטע האָבן נישט געוואָלט הערן פֿון איר צוליב איר שלעכטן שם; און ווען זי האָט אַרײַנגעשיקט אַ נדבֿה אין בית־מקדש אָדער אַ געשאַנק, האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין אַרומשלאָגן און אין איין דיספּוטירן, צי יאָ אָננעמען פֿון איר דאָס געשאַנק אָדער נישט, ווײַל זיי האָבן געהאַלטן איר געלט פֿאַר טרפֿה. עס האָבן זיך אָבער געפֿונען אין ירושלים געצוג „לינקע" געלערנטע, וועלכע האָבן זיך ווייניקער סקרופּולן געמאַכט אויס איר פּראָפֿעסיע; זיי האָבן זי געהאַלטן אין איין אָפּשרעקן מיט גיהנום און טייוואָלים, און האָבן איר אויך פֿאַרזיכערט אין אַ צווייט לעבן. דערפֿאַר האָבן זיי פֿון איר אַרויסבאַקומען דאָס געלט, וואָס די פֿאַרערער האָבן איר רײַכלעך צוגעשטעלט, פֿאַר כלערליי וואוילטעטיקע צוועקן, דער עיקר אָבער אויף צו שטיצן געלערנטע. און הײַנט די אָרעמע־לײַט! זיי האָבן פּשוט איר הויז פֿאַרוואַנדלט אין אַ הקדש פֿאַר שנאָרערס, אין אַ בית־חולים פֿאַר קראַנקע. אַלע אָרעמע־לײַט פֿון ירושלים האָבן געוואוסט, אַז בײַ מרים פֿון מגדל באַקומט מען אַ גוטן מאָלצײַט אָפּצועסן, אַ בעט אויף איבערצונעכטיקן און אַ פֿעטע נדבֿה צוגעלייגט. ווען אירע דינער האָבן זי אויף איר טראָג־בעטל אַרויסגעפֿירט, זײַנען צוויי פֿון זיי געגאַנגען פֿאָראויס פֿאַר איר מיט זעקלעך דינרס און פֿונאַנדערגעטיילט צווישן דער כאַליאַסטרע שנאָרערס, וואָס האָבן זיך געשלעפּט נאָך איר ווי די קראָען. ווער שמועסט נאָך, אַז זי איז אויפֿגעגאַנגען אין בית־מקדש אַרײַן אַ קרבן צו ברענגען, דענסטמאָל זײַנען די ענגע גאַסן פֿון דער אונטער־שטאָט שוואַרץ געווען פֿאַר געדראַנג פֿון נויטבאַדערפֿטיקע, צווישן וועלכע אירע דינער האָבן צדקה אויסגעטיילט. אַחוץ דעם איז איר האַנט אָפֿן געווען פֿאַר פֿאַרשיידענע וואוילטעטיקע צוועקן, וואָס די אײדעלע פֿרויען פֿון ירושלים האָבן געגרינדעט. איר צדקה איז געווען אין לשער, פֿון העלפֿן אָרעמע קימפּעטאָרינס ביז אויסצולייזן געפֿאַנגענע. איך באַדאַרף דיר נישט זאָגן, אַז מרים פֿון מגדל איז נישט געוואָרן צוגעלאָזט צו דער חבֿרה פֿון די נשים צדקניות אין ירושלים, מען האָט זיך אַפֿילו געקווענקלט אָנצונעמען איר צדקה צוליב אתנת זונה, נאָר די חכמים האָבן געפֿונען אַן אויסוועג — האָבן געפֿונען אַ היתר, אַזוי אַז דאָס געזעץ איז געבליבן גאַנץ, און איר צדקה האָט מען דאָך אָנגענומען, און זי, די שטאָלצע שיינע פֿרוי, האָט זיך נישט באַליידיקט: פֿאַרקערט, זי איז פֿול געווען מיט פֿרייד, וואָס מען האָט אָנגענומען אירע דינרן, וועלכע זי האָט באַקומען פֿון אירע רײַכע פֿאַרערער.

# 12

## מרים מאַגדאַלענאַס בשמים־גאָרטן

און דווקא אָט אין דעם רינשטאָק, אין דער פֿאַרפּעסטעטער אַטמאָספֿערע פֿון שמוץ און געשטאַנק, האָט מרים פֿון מגדל פֿאַרלייגט איר באַרימטע פּערפֿום־זאַמלונג, וואָס זי האָט לויט אירע רעצעפּטן געצויגן פֿון איר אייגענעם בלומען־גאָרטן, וואָס זי האָט זיך פֿאַרלייגט אויפֿן הר־הזתים. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געוואָלט גיין אין געיעג קעגן דעם געשטאַנק — מיט אירע אויסדערוויילטע שמעקעדיקע איילן. און נישט איין מאָנאַרך איז וועגן דער זאַמלונג פֿון אירע פּערפֿומען אייפֿערזיכטיק געווען.

די ייִדן האָבן געהאַט אַ שוואַכקייט צו איילן און געווירצן. אין איינער פֿון די פֿיל קאַמערן פֿון בית־מקדש האָבן זיי געהאַט אַ ספּעציעלע לאַבאָראַטאָריע אײַנ־געאָרדנט אויסצוקוועטשן איילן פֿון די זעלטנסטע געוויקסן און געווירצן פֿאַר דעם הייליקן לאָמפּ, ווי אויך פֿאַר די אַנדערע ריטועלע צוועקן, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט זייער רעליגיעזן קולט. זיי האָבן אַפֿילו געהאַט אַ באַזונדערן אוצר פֿון איילן און פּערפֿומען, וועלכן זיי האָבן טײַערער געשעצט ווי דעם אוצר פֿון גאָלד. עס זײַנען אַרומגעגאַנגען אין פֿאָלק פֿאַרשיידענע לעגענדעס איבער דעם איילן־אוצר. עס האָבן זיך דאָרט געזאָלט געפֿינען די אויסטערלישסטע און זעלטנ־סטע מינים, וואָס די פֿאַרערער פֿון דעם קולט אין די פֿאַרשפּרייטסטע ווינקלען פֿון דער וועלט וואָלטן געזאָלט צושיקן פֿאַרן בית־מקדש אַלס געשאַנק. אויך זייערע אַלטע זאַלבונג־איילן, וואָס די ייִדן האָבן באַטראַכט פֿאַר הייליק, האָבן זיך גע־פֿונען דאָ. איבער אייניקע פֿון זיי איז פֿאַרציילט געוואָרן, אַז זיי שטאַמען נאָך פֿון דער צײַט, ווען די ייִדן זײַנען געווען אין דער מדבר: פֿון דער געטלעכקייט זײַנען די איילן איבערגעגעבן געוואָרן צו זאַלבן זייער דערוואַרטעטן משיח. אויף אַנדערע איז פֿאַרציילט געוואָרן, אַז זיי זײַנען פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין דער צײַט, ווען אַ פֿרעמדער האָט באַטרעטן דעם אוצר, כּדי זיי זאָלן נישט אומרײַן ווערן, און דערנאָך האָבן זיי די כּהנים ווידער אַנטדעקט. די ייִדן האָבן געטריבן אַן אומפֿאַרשטענדלעכן קולט מיט איילן, בשׂמים, געווירצן, וועלכע זיי האָבן באַנוצט צו אַלע זייערע ימים־טובֿים־פֿײַערונגען אָדער ווען זיי האָבן געבראַכט זייערע רייניקונגס־קרבנות. זיי האָבן באַנוצט איילן צו פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן: איילן, מיט וועלכע זיי האָבן די חתנים געזאַלבט, די כּלות צו זייערע חתונות, די טויטע בעת זייער באַגראָבניש. שוין אָפּגערעדט פֿון די רײַכע, וועלכע האָבן זיך גע־זאַלבט מיט פּערפֿומען צו יעדן פֿעסטלעכן מאָלצײַט; נאָר דאָס פּשוטע פֿאָלק, דער אָרעמער פֿון די אָרעמסטע, האָט זיך אויך בײַ געוויסע געלעגנהייטן געשמירט דאָס לײַב מיט איילן. זיי האָבן געהאַט איילן, מיט וועלכע זיי האָבן געהיילט קרענק, מכּות, אויסשלאָגן; זיי האָבן געהאַט איילן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געשמירט, כּדי צוצוציִען די הערצער פֿון זייערע באַגערטע; בשׂמים, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָפּגעראַכערט פֿון כּישוף, פֿאַרהיטן זיך פֿון אַ שלעכט אויג; אַחוץ די בשׂמים, וואָס

זיי האָבן באַנוצט פֿאַר רייניקונגס־צוועקן. די שטאָט איז פֿול געוועזן מיט אייל־מילעכלעך און זי איז פֿאַרשמעקט געוואָרן פֿון די אויסטערלישסטע ריחות, וואָס די אַלע אינלענדישע און אויסלענדישע געווירצן און פּערפֿומען האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך. וואָרעם פֿון אַלע קרײַטעכצער, פֿלאַנצונגען און בליִעכצן האָבן די ייִדן געקאָנט אַרויסשלאָגן אייל. אין זייער לשון האָבן זיי פֿאַרמאָגט אָן אַ שיעור נעמען פֿאַר די פֿאַרשיידנסטע סאָרטן אייל, לויט די געווירצן און געוויקסן, פֿון וועלכע זיי שטאַמען אָפּ און לויט די צוועקן, צו וועלכע זיי האָבן געדינט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז יעדע אַריסטאָקראַטישע פֿרוי אין ירושלים האָט געהאַט אירע אייגענע, אירע אינדיווידועלע פּערפֿומען־זאַלבן און קאָסמעטיקעס, אויסגעקוועטשט פֿון אירע אייגענע אויסגעזוכטע פֿלאַנצונגען. מרים מאַגדאַלענאַ האָט מיט אירע אײלן אַרויסגערופֿן די קנאה צו זיך נישט פֿון איין אָריענטאַלישער פּרינצעסין.

מרים האָט געפֿירט אַ טאָפּלט לעבן: אין איר הויז בײַם נחל קדרון איין אָרט לעבן, און אויבן, אין דער הייך אויפֿן הר־הזתים, וואו זי האָט געהאַט איר בשׂמים־גאָרטן, גאָר אַן אַנדער אָרט לעבן. אונטן אין טאָל איז זי געווען די וועלט־דאַמע, צו וועלכער עס האָט געצויגן די רײַכסטע און געבילדעטסטע יוגנט פֿון ירושלים, וואו זי האָט אויפֿגענומען אירע רײַכע אָנהענגער און וואו זי האָט זיך באַוויזן נאַקעט, אײַנגעהילט אין אירע געדיכטע פֿלאַמענדיקע האָר־קאַסקאַדן, וועלכע זי האָט געקאָנט מיט דער הילף פֿון אירע דינסטן אַזוי קינסטלעך צוזאַמענפֿלעכטן אַרום זיך, אַז עס האָבן זיך נאָר געוויזן שפּאַלטן פֿון איר שטראַלנדיקן קערפּער. אויבן אָבער, אויפֿן הר־הזתים, האָט זי געהאַט אַ גאָרטן און אַ הויז אין דאָרף בית־היני, אין וועלכן עס האָבן געוואוינט איר שוועסטער מרתא מיט איר ברודער אליעזר. דעם גאָרטן האָט מען גערופֿן „גת־שמנים" — „אייל־טרעטער", ווײַל מען האָט אין אים די אײלן אויסגעטרעטן פֿאַר איר געברויך. דער גאָרטן האָט געשמט אין גאַנץ ירושלים און ער איז טאַקע געווען אַ וואונדער. זי האָט אין אים פֿאַרפֿלאַנצט די אויסטערלישסטע בלומען, די פּרעמדאַרטיקסטע געווירצן, קרײַטעכצער, וועלכע זי האָט געלאָזט ברענגען פֿון די ווײַטסטע לענדער. וואו זי האָט געהערט פֿון אַ זעלטענער פֿלאַנצונג, אַ בלום אָדער אַ קאַקטוס־דאָרן פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ אין דער מדבר און וואָס גיט אַרויס פֿון זיך אַן איידעלן געשמאַק, האָט זי געשיקט מענטשן און געלאָזט איבערטראָגן די פֿלאַנצונג אין איר גאָרטן אַרײַן. זי האָט צו דעם צוועק געהאַט אייגענע אייל־טרעטערס, בײַ וועלכע דער חוש הריח איז געווען זייער אַנטוויקלט און זיי האָבן באַזעסן געהיימע רעצעפּטן, איבערגענומען בירושה, ווי אַזוי פֿון דעם בליִעכץ די פּערפֿומען אַרויסצוציִען, ווי אַזוי די געשמאַקן צו מישן, אַז עס זאָל אַן אייגנאַרטיקער פּערפֿום אַרויסקומען. איבער איר גאָרטן זײַנען אין ירושלים אַרומגעגאַנגען לעגענדעס גאַנצע: עס האָט זיך אין אים געזאָלט געפֿינען דער לעגענדאַרישער „מר־דרור", וואָס די ייִדן האָבן מיט זיך פֿון דער מדבר געבראַכט, פֿון אים האָט מען אויסגעקוועטשט דעם אָריגינעלן פּערפֿום־אייל, וואָס זייער גאָט איז וואוילגעפֿעלן מיט אים זײַן מזבח אויסצורייכערן. דער „מר־דרור" איז אָבער מיט דער צײַט פֿאַרלוירן געוואָרן. מען האָט פֿאַרציילט אין ירושלים, אַז די געלערנטע האָבן געשיקט צו מרים נאָכפֿאָרשן, צי אין איר בשׂמים־גאָרטן געפֿינט זיך טאַקע דער זעלטענער „מר־

דרור״. און עס האָט זיך צעפּלאָקערט אַ גאַנצער וויכּוח צווישן די געלערנטע, צי מען מעג זיך באַנוצן מיט אירע געווירצן פֿאַרן בית־מקדש אָדער נישט. דאָן האָט זי אויך מיט דער פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון אירע פּלאַנצן אָנגעמאַכט אַ סך זאָרגן אירע רעליגיעזע בעלי־יועצים — די געלערנטע: צי די פֿאַרשיידענע מינים פֿון אירע פּלאַנצונגען זײַנען געפּלאַנצט לויטן דין נאָך, יעדער מיט זײַן מין, צי חלילה נישט צוזאַמען אויסגעמישט מיט פֿאַרשיידענע מינים, וואָס לויט די ייִדישע געזעצן איז דאָס שטרענג פֿאַרבאָטן.

איר גאָרטן איז ווירקלעך געווען אַ גרויסע זעלטנהייט. ער האָט מיט זיך פֿאַר־געשטעלט אַ זאַמלונג פֿון די אויסגעזוכטסטע געווירץ־פּלאַנצונגען פֿון די ווײַט־סטע ערטער, פֿון דער מדבר, פֿון די אָאַזן, עס זײַנען דאָ געווען בערג־ און טאָל־פּלאַנצונגען. ווען וועד פֿון די רוימישע אָדער גריכישע געלערנטע האָט זיך גע־פֿונען אין ירושלים, האָבן מיר זיך געווענדט צו מרים מאַגדאַלענאַ, אַז זי זאָל זיי דערלויבן צו שטודירן די פּלאַנצונגען, זי האָט אָבער זייער זעלטן ווען אין איר בשׂמים־גאָרטן אײַנגעלאָדן. דאָס דאָזיקע אָרט האָט זי אויסבאַהאַלטן בלויז פֿאַר זיך. ווען זי איז מיד געוואָרן פֿון דעם רוישיקן לעבן, וואָס זי האָט געפֿירט אין ירושלים, איז זי פֿאַרשוואונדן געוואָרן פֿון דער שטאָט און האָט זיך אָפּגע־שלאָסן אין איר בשׂמים־גאָרטן, און גאַנצע טעג און אָוונטן פֿלעגט זי פֿאַרברענ־גען און נאָכקלערן און טראַכטן, מאַכן חשבונות מיט זיך אַליין. וואָרעם עס האָבן זי שטענדיק באַאומרואיקט פֿראַגן פֿון אייביקייט, וועגן דעם תּכלית פֿון מענטש, וועגן דעם ציל פֿון לעבן; זי האָט זיך נישט געקאָנט לאָזן באַגנוגענען ווי אונ־דזער איינער מיט די טאָג־טעגלעכע פֿריידן, וואָס דאָס לעבן ברענגט צו, ווי די פֿרוכטן פֿון אַ בוים. קיין שום זאַך האָט זי נישט גערייצט. אירע גאַלאַנטע באַנ־קעטן, וואָס זי האָט געגעבן אין איר הויז, זײַנען מער געווען אַ פֿאַרגעסן־זיך, אַן אָנשיכּורן זיך איידער אַ געְנוס־באַדערפֿעניש. קוים האָט זי ווי אַ ליכט אויסגע־ברענט אירע פֿאַרלאַנגען אין אַזאַ וואַרעמער נאַכט אונטער דעם שטערן־הימל פֿון איר טעראַסע, איז זי באַלד אויפֿן צווייטן טאָג פֿאַרשוואונדן געוואָרן אויף וואָכן־לאַנג, געפֿאַסט, געריינִיקט זיך, חרטה געהאַט, און בײַ די בערדיקע, שוואַרץ־געהילטע רבנים נאָכגעפֿאָרשט, מיט וואָס זי קאָן אירע זינד אָפּוואַשן.

און איר גאָרטן איז טאַקע געווען דאָס צוגעפּאַסטע אָרט אויף צו קאָנצענטרירן זיך און צו מאַכן אַ חשבון הנפֿש. מיר זײַנען אַלע געווען זייער נײַגעריק צו זען דאָס אָרט, וואו זי קאָן זיך אַזוי לאַנג באַהאַלטן און וועגן וועלכן מיר האָבן אַזוי פֿיל געהערט, און אַנומלט איז מיר געלונגען זי דאָרט צו באַזוכן.

מיר האָבן זיך אַמאָל אָוועקגעלאָזט, אַ פּאָר אונדזערע פֿרײַנד, אויף דעם הר־הזתים. מיר זײַנען דאָרט אַרויפֿגעריטן. און ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין דער הייך, האָט זיך פֿאַר אונדז אויפֿגעעפֿנט פֿון באַרג אַראָפּ דאָס וויסטע טרויעריקע לאַנדשאַפֿט פֿון דער מדבר יהודה, מיט דעם ים־המלח אײַנגעפּאַסט אין איר. ער האָט אויסגעזען פֿון דער הייך, ווי אַן אָפֿן מויל פֿון אַ חיה...

אונדז איז געשען אַ גליק: מיר האָבן זי נישט געטראָפֿן אין דער היים. זי איז גאָר געווען אין בית־מקדש־הויף, ווי עס פֿלעגט זיך מיט איר אָפֿט מאַכן, אַז זי איז דאָרט אָפּגעזעסן גאַנצע טעג און זיך צוגעהערט צו די דיסקוסיעס פֿון די געלערנטע. אונדז האָט אויפֿגענומען אַ יונגער־מאַן, ווי מיר זײַנען שפּעטער גע־

וואָר געוואָרן — איר ברודער. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך הויכער
מענטש, איך האָב נאָך אין מײַן לעבן נישט געזען אַזאַ פּנים מיט אַזעלכע
לאַנגע, אויסגעצויגענע באַקן. ער האָט מאָדנע גוט געשמייכלט, איך וואָלט גע־
זאָגט: אידיאָטיש געשמייכלט. צי איז דאָס געווען נאַיִוויטעט אָדער גוטסקייט?
צום ערשט האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער איז נישט אין גאַנצן גײַסטיק
אַנטוויקלט, וואָרעם בשעת ער האָט גערעדט, האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו
שמייכלען און איז ווילִיג געווען פֿאַר אונדז, פֿרעמדע מענטשן, אַלדינג צו טון.
שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז פּשוט פֿון נאַיִוויטעט, ווי מען
האָט עס אָפֿט אָנגעטראָפֿן צווישן דעם לאַנד־פֿאָלק אין יהודה, אָבער נאָך מער אין
גליל. ער האָט אונדז גאָרנישט געפֿרעגט ווער מיר זײַנען און וואָס מיר ווילן, ער
איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט אַ הכנעהדיק בוקן און אונדז אַרײַנגעבעטן אין
שטוב; ער האָט אונדז פֿריִער אַרויסגעטראָגן בעקנס וואַסער מיט האַנטוכער אונ־
דזערע פֿיס צו וואַשן, כאָטש אונדזערע פֿיס זײַנען געווען גוט באַסאַנדלט. ער האָט
אונדזערע הענט געוואַשן, און ווי דער מנהג איז בײַ זיי געווען אויפֿצונעמען אור־
חים, געוואָרפֿן זיך אויף אונדז קושן. אין שטוב איז פּעדאַנטיש ריין געווען און
איינפֿאַך. עס האָט מיט גאָרנישט דערמאָנט מרימס גרויס הויז אין ירושלים. עס
איז דאָ געווען נאָר דאָס נייטיקסטע: אַ פּאָר מאַטראַצן געפֿלאָכטן אויס געטרוקנטע
גראָזן אויף דער ערד־האַרטער פּאָדלאָגע, אַ פּאָר קישנס און דעקעס, פֿונאַנדער־
געלייגט אין די ווינקלען, פֿאַרשטעלט מיט שוץ־ווענטלעך אויס באַמבוס־האָלץ, אַ
נידעריקער טיש, אַ פּאָר מאַטראַצלעך לעבן אים; אַחוץ דעם אַ פּאָר ליימענע,
ערדענע אָדער פֿלאַנצן־כּלים, קירבעס־פֿלאַשן, אַ פּאָר גרויסע קריגן, האָלצערנע
ברעטלעך, אַלץ היימישע מלאָכה, — אין וועלכע עס איז געווען אויפֿבעוואָרט
דאָס טעגלעכע ברויט און קעז. קריגן מיט זויערמילך זײַנען געשטאַנען אַרום דעם
שטיינערנעם אויוון, פֿון וועלכן דאָ, ווי אין יעדן אָרעמען הויז, איז דער רויך
נישט אַרויסגעגאַנגען דורך אַן עפֿענונג, נאָר דורך דער אָפֿענער טיר. די טיר און
פֿענצטער זײַנען געווען פֿאַרהאָנגען פֿאַר דער זון מיט פֿאַרהאַנגען אויסגעוועבטע
פֿון שטרוי. דער יונגער־מאַן האָט אונדז געבעטן זיצן. אָבער איך האָב זיך נישט
געקאָנט באַפֿרײַען פֿון דעם אײַנדרוק, וואָס דער יונגער מענטש האָט געמאַכט
אויף מיר. זײַן לאַנגזאַמקייט האָט אין זײַן רעדן אָפֿט מאָל אַרײַנגעבראַכט אַ הפֿסקה,
אַזוי ווי זײַנע גלידער און זײַנע חושים וואָלטן שווער אין אים געאַרבעט, דערבײַ
אָבער האָט ער מיט זײַן גוטמוטיקן שמייכל און מיט זײַן הכנעהדיקער גרייטקייט
געוואָלט פֿאַרגיטיקן זײַן פֿעלער, געוואָלט איבערבעטן דערפֿאַר, וואָס זײַנע באַווע־
גונגען זײַנען נישט קיין גענוג פֿלינקע. שפּעטער אָבער האָב איך אײַנגעזען, אַז
זײַן פֿלעגמאַטישע טעמפּקייט איז נישט געקומען פֿון זײַן גײַסטיקער צוריקגע־
שטאַנענקייט, ניין, דאָס איז געקומען פֿון אַן אינערלעכער מנוחה־שטימונג, וואָרעם
שפּעטער, בשעת ער האָט באַוויזן דעם בשׂמים־גאָרטן מיט זײַנע קאָמפּליצירטע
געוויקסן, האָט ער אַרויסגעוויזן אינטעליגענץ און וויסן. זײַן אומבאַרירטער גלויבן
האָט אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי דער יונגער־מאַן וואָלט באַזעסן אַ פֿעלער
פֿון אומפֿעִיק זײַן די זאַכן און געשעענישן צו אַנאַליזירן, און ער האָט געווירקט
אויף מיר אומהיימלעך און פֿרעמד, ווי איך וואָלט נישט געהאַט פֿאַר מיר אַ מענטש
מיט נערוון און ווילן, נאָר עפּעס אַן אומבאַקאַנטע חיה. די זעלבע אומהיימלעכ־

קייט, — איך וואָלט געוועז געזאָגט: טויט־באַרירנדיקע — האָט געטראָגן די גאַנצע שלווהדיקע שטימונג אין הויז. מען האָט געהאַט דאָס געפיל, צוליב דער מנוחה, וואָס הערשט דאָ און צוליב דער שטרענגער פּעדאַנטישער זויבערקייט און אָרדע־נונג פון די זאַכן, וואָס זײַנען דאָ געשטאַנען, אַז אין דעם הויז וואוינען נישט קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר טויטע, — אַ זאַך וואָס מען האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט צושרײַבן זײַן שוועסטער מרים אָדער אפילו דעם מיידל, וואָס ער האָט אַרײַנגערופן, מרתא. ווארעם בײַ איר גאַנצער נערוואַזיטעט, באַאומרואיקונג און באַזאָרגטקייט צוליב אונדזער אומדערוואַרטעטן באַזוך, האָט זי אונדז געוואָלט געפעלן (איך האָב באַמערקט, ווי זי האָט אַ שנעלן וואָרף געגעבן איר פּנים אין דעם גרויסן קריג מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער טיר, כּדי צו זען איר געזיכט) און האָט זיך געמיט אונדז אײַנצונעמען. אַקעגן, איר ברודער איז געוועזן אַזוי ווײַט פון אונדז, ווי ער וואָלט באַלאַנגט צו אַן אַנדער וועלט.

די זעלבע וועלט־פרעמדקייט האָב איך אויך געפילט אין אים, בשעת ער האָט אונדז אין גאָרטן אַרײַנגעפירט און באַוויזן אונדז די אויסטערלישסטע פלאַנצונגען. ער איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס ער האָט אונדז געוויזן, און דאָך נישט געווען פאַראינטערעסירט. מען האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז אָט שטייט ער מיט אונדז, רעדט מיט אונדז וועגן זאַכן, וואָס רינגלען אים אַרום, וואָס ער זעט מיט די אויגן, רירט אָן מיט די הענט, און דאָך איז ער נישטאָ, ער איז ערגעץ אַנ־דערש־וואו, אַזוי ווי מען וואָלט אים געוועזן אויפגעוועקט פון אַ חלום אַרויס, אין וועלכן ער פירט זײַן רעאַל לעבן.

און פּונקט אַזוי ווי ער, אַזוי איז אויך געוועזן די גאַנצע אומגעבונג. איך האָב נאָך אַזעלכעס אין מײַן לעבן נישט געזען, איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז עס זײַנען בנימצא אַזעלכע מינים געוויקסן, פון קרײַטעכצער און געבליטן. עס איז נישט געווען קיין געוויינלעכער גאָרטן פון בלומען, נאָר אַ בית־עולם, אין וועלכן עס זײַנען אין פלאַנצונגען פאַרשטיינערט געוואָרן געוואָרן מינעראַלן, ווערעם און חיות, אבֿרים פון אומבאַקאַנטע ברואים, אַלץ איז דאָ מגולגל געוואָרן אין געוויקסן און אײַנגעפלאַנצט געוואָרן אין דער ערד צו אַ נײַ לעבן. מען איז געוואוינט אין דעם לאַנד אָנצוטרעפן אויף גרינסן און געוויקסן, וואָס מען באַגעגנט נישט אין קיין אַנדערע לענדער. די ייִדן זײַנען אין זייער נאָרונג צום מערסטן אָנגעוויזן (צו־ליב ריטועלע פאַרשריפטן, וואָס קאָמפּליצירן דאָס עסן פון פלייש) אויף גרינ־וואַרג. זיי האָבן צוליב דעם אַנטוויקלט די וואַריאַנטן פון גרינס מער ווי אין יעדן לאַנד. מען טרעפט דאָ אָן אויף מעלאָנען אָדער אַרטישאָקן, וואָס טראָגן אַזעלכע אומהיימלעכע פאָרמען, וואָס מען זעט עס נישט אין ערגעץ. זיי האָבן דאָ אַן אַרט עפּל־מעלאָן, וואָס זיי רופן מיט דעם נאָמען „קסוס״, זעט עס אויס ווי אַ קלעטערנ־דיקע חיה, וואָס דראַפּעט זיך איבער די בלעטער. עס פאַרשפּרייט פון זיך אַזעלכע האַרטע שוואַרצע בלעטער ווי לעדער און שטעקט אַרויס פון די בלעטער ווילדע צונגען. די פרוכט איז אַ געמיש פון האַלב בלום און האַלב פרוכט, עס פאַרשפּרייט פון זיך אַ שטאַרקן ריח פון מיענטע, אַז עס בריט זיך אַזש די צונג דערפון. פאַראַן דאָ אויך אַן אומהיימלעכער אַרטישאָק, וואָס זיי רופן „קינרס״; דאָס איז נישט קיין גרינס, נאָר אַ קאַקטוס, ער האָט נעגל ווי אַ ווילדע קאַץ און אונטער די נעגל אַ כּשופדיקן שטויב, וואָס ציט צו צו זיך אינזעקטן, נאָגט אויס פון זיי זייער חיות.

מען טרעפֿט אויך אָן אויף אַ מין גרינס, וואָס זײַנען באמת חיהדיקע געוויקסן, וואָס מען זעט אין קיין לאַנד נישט. דאָס אָבער וואָס איך האָב אָנגעטראָפֿן אין דעם בשׂמים־גאָרטן פֿון מרים מאַגדאַלענאַ, קאָן מען צו גאָרנישט פֿאַרגלײַכן.

אײַנגעבעט אין טיפֿן שאָטן פֿון דיקע באַוואַכנדיקע ציפּריסן, האָבן זיך אויס־געשפּרייט אויף אַ משופּעדיק שטיק אַראָפּהענגענדיק פֿעלד — שפּאַלירן פֿון פֿלאַנ־צונגען. שוין בײַם אַרײַנגאַנג פֿון גאָרטן־מויער האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט פֿאַר אונדז פֿיר בייטן פֿון בלומען, וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט אַ שפּאַליר פֿון רויט־פֿלאַקער־דיקע מאָן־קעפּלעך, וואָס מען טרעפֿט נאָר אין פֿרילינג־צײַט אין ארץ־ישׂראל, און וועלכע דערמאָנען מיט זייערע פֿלאַמענדיקע קליידלעך אָן פֿײַער. דאָן איז גע־גאַנגען אַ סימפֿאָניע פֿון בלויע אויסגעזוכטע היאַצינטן, וועלכע לאָזן זייערע גלעק־לעך אַראָפּהענגען און טוליען זיך איינס אין אַנדערן; אַ שפּאַליר פֿון ציטערדיקע, טוי־באַצוואָגענע מאַי־גלעקלעך; דערויף איז געקומען אַ שפּאַליר פֿון אויסגעזוכטע פֿיאָלעט־איריסן. די פֿיר קאָלירן — ווי עס האָט אונדז דער ברודער פֿון מרים, אליעזר, דערקלערט — זאָלן סימבאָליזירן די פֿיר עלעמענטן, פֿון וואָס די וועלט איז געשאַפֿן: דאָס פֿײַער, די לופֿט, די ערד און דער ים. און ווי עס האָט אונדז שפּעטער אויפֿגעקלערט דער זון פֿון כּהן גדול, האָט דאָס דערמאָנט אין גאַנצן אין דעם זעלטענעם בבֿלישן פֿאָרהאַנג, וואָס הענגט פֿאַרן אַרײַנגאַנג פֿון אוהל אין זייער טעמפּל, וואָס איז צוזאַמענגעוועבט אויס די פֿיר פֿאַרבן, פֿון היאַצינט, ביס־סוס, שאַרלאַך און פּורפּור. דאָן זײַנען מיר דערגאַנגען צו דעם אייגנטלעכן בשׂמים־גאָרטן. דאָס איז נישט געווען קיין בשׂמים־גאָרטן, נאָר ווי איך האָב שוין געזאָגט — אַ פֿאַרכּישופֿטער בית־עולם פֿון פֿאַרשיידענע ברואים. עס האָבן זיך אויפֿגעהויבן צו אונדז אויסטערלישע פּנימער און פֿיגורן: אַ פֿעלד פֿון אַכזריותדיקע א ר א ם, וועלכע האָבן פֿון זייערע קנאָספּן־מײַלער אַרויסגעשטעקט באַהאָרטע און באַגאַ־ווערטע צונגען, און פֿון זייערע קעל־בעכער האָבן אַרויסגעשטאַרצט שווערדן — אַ געמיש פֿון זאַטע אָפּגעשלאָסענע פֿאַרבן, פֿון טיפֿסטן פֿיאָלעט ביז צום פֿלאַ־מענדיקסטן רויט; אַ פֿעלד פֿון דראַגאָנען־בלימלעך, וואָס האָבן דערמאָנט אָן לע־בעדיקע ווערעם; אַ פֿעלד פֿון איריסן, וואָס האָבן אין זייערע שקאַרמיצלעך גע־האַלטן געפֿאַנגען בלומען, וואָס זײַנען געווען געגליכן צו פֿליִענדיקע זומער־פֿיי־געלעך; בייטן מיט צניעותדיקע נעלקן, אײַנגעשלאָפֿן נאָך אין טיפֿן שלומער אין זייערע קנאָספּן־בעכערס; בייטן פֿון נאַרציזן, קימעל־פֿלאַנצונגען און שטעכע־דיקער פֿעפֿערמינץ, קזשאַקעס פֿון מילדן בלוילעכן לאַווענד ביז צו דעם פֿאַר־שכּורנדיקן שאַרפֿן און פֿעפֿערדיקן אינגבער, מוסקאַרט־קזשאַקעס און צווײַגלעך שאַפֿראַן, צימרינג־געוויקס — אַ פֿלאַנצונג פֿון שמאָלע צונגען אויס דיסטעל־געוויקס. שוין אָפּגערעדט פֿון פֿעלד־בלומען, וואָס האָבן אָנגעפֿילט דעם גאָרטן. עס איז געווען נישט נאָר אַ סימפֿאָניע פֿון פֿאַרבן, נאָר די לופֿט איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אומגעזעענע רויך־וואָלקנס פֿון ריחות.

נאָר די אַלע בלומען זײַנען געווען היימישע, באַקאַנטע, וואָס מיר טרעפֿן אָן אין אַלע גערטנער. מיר זײַנען מיט אַמאָל אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ פֿעלד פֿון אויסטער־לישע ברואים, וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט צו אונדז מוסקולירטע וואָרצלען־אָבֿרים און אָנגעכאַפּט אונדז בײַ די קליידער מיט זייערע שטעכיקע צונגען־נעגל און אונדז נישט געלאָזט ווײַטער גיין. דאָס זײַנען געווען די עקזאָטישע געוויקסן,

פֿרעמדאַרטיקע, פֿון די ווײַטסטע ערטער, פֿון דער מדבר געבראַכט, ווי למשל, דער שאַרף־ריחדיקער חלבנה און לבֿונה, וועלכן מען האָט באַנוצט אין בית־מקדש, — די דאָזיקע פֿלאַנץ האָט מען איבערטראַנספּאָרטירט פֿון סיריע און מען האָט עס באַנוצט אַלס ווײַרויך. איצט האָב איך געוואוסט, פֿון וואַנען עס שטאַמען די פֿיל רויכער־געווירצן, וואָס מרים מאַגדאַלענאַ האָט אין די פֿאַרשיידענע מעטאַלענע און ערדענע כּלים אויסגערויכערט און אין אירע צימערן אויפֿגעשטעלט. מיר האָבן געזען אין איר גאָרטן פֿלאַנצונגען, וועלכע האָבן מיט זייערע פֿאָרמען און קאָלירן דערמאָנט אין איינצלנע אבֿרים פֿון מענטשן און חיות — אַ רויט־ברענענדיקער קאָם פֿון אַ האָן, אַן אויפֿגעשטעלט אויער פֿון אַן אייזל, אָדער לאַנגע, שנאָפּלדיקע, ציטערנדיקע און עמפּינדלעכע נעזער, דורך וועלכע זיי האָבן לופֿט און אינזעקטן אויפֿגעשנאַפּט. דאַן זײַנען געקומען די פֿאַרקריפּלטע ברואים, — די האָבן שוין גאָרנישט פֿון זיך קיין בלום אַרויסגעבראַכט, נאָר נאַקעטע, פֿאַרקרומטע וואָרצלען, פֿון וועלכע זיי האָבן אַרויסגעשטעקט הענט, פֿיסטן, איינצלנע פֿינגער. טייל זײַנען געשלאָפֿן, אַנדערע זײַנען וואַך געווען און האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן זייערע פֿאַרקריפּלטע הענט אויסגעשטרעקט צום הימל נאָך געבעט. מען האָט געהערט אַ געוויין פֿון זיי, ווי פֿאַרשאָלטענע מגולגל־געוואָרענע מתים וואָלטן דאָ אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿאָרעם פֿון געוויקסן, און בעטן און רופֿן צו עמיצן נאָך הילף. אָט די אַלע געוויקסן, פֿלאַנצונגען, בלומען, דערנער, קאַקטוסן, באַ־קאַנטע און אומבאַקאַנטע, פֿון היימישן פֿעלד־בלימל ביז צו דעם פֿאַרוואָרפֿנסטן צווײַגל פֿון דער ווײַטער וויסטע, האָבן געמוזט אָפּגעבן זייערע פֿאַרבאָרגענע זאַפֿטן, אַז זיי זאָלן צוזאַמענשטעלן די איילן און פּערפֿומען פֿאַר מרים פֿון מגדל.

# 13

## מרים מאַגדאַלענאַס איילן

נישט אַלע מאָל איז זי געווען געפֿאַנגען פֿון אירע רעליגיעזע משוגעתן, די מרים פֿון מגדל. ווען זי האָט זיך באַפֿרײַט פֿון זיי, האָט מען דערנסטמאָל אין איר הויז פֿאַרבראַכט די אינטערעסאַנטסטע אָוונטן פֿון ירושלים. אַלץ וואָס האָט נאָר אַ נאָמען געהאַט אין שטאָט, האָט זיך באַגעגנט אין איר הויז.

דאָ האָבן מיר, רוימער, זיך צוזאַמענגעטראָפֿן מיט די אויפֿגעקלערטע ייִדן און מיר האָבן געקאָנט פֿרײַ אונדזערע מיינונגען אויסטוישן. אונדז האָט אַלע פֿאַראיי־ניקט די וואונדערבאַרע פֿרוי; מיר זײַנען אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דעם כּשוף פֿון איר ברוין־קאָלירטער הויט, וואָס האָט ווי פּערלמוטער־שײַן אַרויסגעלויכטן פֿון צווישן די שפּאַלטן פֿון אירע שלייערן. איר שטרענג געשלאָסענער קערפּער האָט באַזעסן אַלע געהיימנישן פֿון דער ליבע, מיט וועלכער ער איז געווען געזעטיקט... איר שטאָלצער הויכער האַלדז, אירע גרויסע שוואַרצע אויגן — אָ, ווי זי האָט אונדז אַלעמען, סײַ ייִד סײַ הייד, געפֿאַנגען געהאַלטן אין דעם כּשוף, וואָס די ברכות פֿון איר לײַב האָבן צוזאַמען מיט די ראַפֿינירטע פּערפֿומען פֿון זיך אַרויס־געגעבן. צו יעדער איר שטימונג האָט זי באַנוצט אַן אַנדער מין שמעקעדיק אייל,

וואָס האָט געהאָלפֿן שאַפֿן די נייטיקע אַטמאָספֿערע, אין וועלכער זי האָט זיך גע־וואונטשן צו געפֿינען. זי האָט געקאָנט שפּילן מיט אירע פּערפֿומען ווי אַ שלאַנג מיט די קאָלירן פֿון זײַנע שיפּן. ווען זי איז טרויעריק און ערנצט געווען, ווען זי איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער איר רעליגיעזער מעלאַנכאָליע, האָט איר לײַב גע־הויכט מיט אַ טיפֿן שמעקעדיקן אָטעם, אַ געמיש פֿון העליאָטראָפּ מיט איריסן, וואָס האָט באַוועבט דײַן געמיט מיט נאַכט־שאָטנס, דיך אַרײַנגעטריבן אין טיפֿסטן טרויער. ווען זי האָט דיך געוואָלט אַרײַנברענגען אין אַ צניעותדיקער איידעלער שטימונג, האָט זי נאָר באַדאַרפֿט באַנוצן אָן אייל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַ דופֿט פֿון אומשולדיקן, דערפֿרישנדיקן פֿײַלכן, מיט מאַי־גלעקלעך געמישט. עס האָט דיך דערמאָנט אין פֿרילינגס־רעגן. און ווען זי האָט דיך געוואָלט פֿאַר־כּשופֿן און אַרײַנאָטעמען אין דיר אָן עטער פֿון תּאוותדיקע פֿאַרלאַנגען, וועלכע זאָלן דורכדרינגען די צעלן פֿון דײַן הויט און פֿאַרשלעפֿערן דײַן ווילנס־חוש און אים אונטערטעניק מאַכן צו אירע געביטערישע פֿאַרלאַנגען, האָט פֿון אירע שלייערן, פֿון אירע געדיכטע האָר־פֿלעכטן אַרויסגעאָטעמט אַ רייפֿער, זיסער רויזן־געשמאַק, מיט אַ שאַרפֿן באַאומרואיקנדיקן ריח, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט ווי אים אָנצורופֿן. זי האָט דעם דאָזיקן געשמאַק אַרויסבאַקומען פֿון אַ געהיימניספֿולן קאַקטוס־וואָרצל, וועלכן זי האָט פֿון אַראַבישן מדבר איבערגע־פֿלאַנצט; אַ געוויקס, וואָס האָט דיך פֿאַרשכּורט — מיט צימרינג און נעגעלעך — ווי אַ שטאַרקער געטראַנק.

זי האָט צו דעם צוועק געהאַט אין איינעם פֿון אירע צימערן אַ גאַנצע זאַמלונג פֿון פּערפֿומען, אויפֿבאַוואָרט אין די אויסטערלישסטע פֿלעשלעך און פֿלאַקאָנען פֿון פּערלמוטערדיקע קאָלירן, פֿון איידעלן פֿעניציש, מיט רעגנבויגנדיקע שטראַלן פֿינקלדיקן גלאָז, באַצירט מיט קריגלעך, מנורות און הענגל ווײַנטרויבן; אַנדערע ווידער זײַנען באַשטאַנען פֿון טרערן־גלעזלעך מיט גרויסע דינע העלדזלעך, וועל־כע האָבן נאָר צו איין טראָפּן אַדורכגעלאָזט. די טײַערסטע פּערפֿומען־איילן האָט זי געהאַלטן אויפֿבאַוואָרט אין געווײַנלעכע ערדענע און ליימענע קריגלעך, ווײַל דער איידעלער מאַטעריאַל מאַכט אויסוועפּן און ווירקט שלעכט אויף דעם אָריגי־נעלן גערוך פֿון די איילן. דאָן האָט זי פֿאַרמאָגט אַ גאַנצע זאַמלונג פֿון פֿלאַקאָנען, אויסגעהוילן פֿון איידלשטיינער, טורקוסן, שמאַראַגדן, וועלכע זי האָט אויף גאָל־דענע שנורן געטראָגן אויף איר האַלדז. אין חסדיקע מינוטן האָט זי איר אויס־דערוויילטן באַזאַלבט מיט דעם טײַערן אינהאַלט, וואָס די קאָסטבאַרע פֿלאַקאָנען האָבן אין זיך אַנטהאַלטן.

עס איז אויך בײַ זיי, בײַ די ייִדן, אַנטוויקלט געווען דער חוש פֿון גערוך, זיי האָבן געקאָנט דערפֿילן זייערע באַליבטע דופֿטן דורך פֿאַרשלאָסענע ווענט און טויערן. יעדע משפּחה האָט פֿאַרמאָגט אירע אייגענע איילן, לויט וועלכע זיי האָבן זיך דערקענט, און וואָס איז איבערגעגאַנגען פֿון טאַטע צו זון ווי דער טײַערסטער ירושה־אוצר. זיי האָבן געהאַט ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן געוואוסט ווי אַזוי צו שטויסן די בשׂמים, ווי אַזוי צו מישן זיי; נישט נאָר פֿאַר דעם דינסט פֿון בית־מקדש האָבן זיי די קונסט אַנטוויקלט, נאָר אויך פֿאַר דעם אייגענעם געברויך. „דיך־שטויסערס" — ווי זיי האָבן אָנגערופֿן די אייל־מילנערס, דאָס איז געווען בײַ זיי איינע פֿון די איידלסטע און טײַער באַצאָלטע פּראָפֿעסיעס. וועגן דעם שטויסן די

איילן איז בײַ זיי אַרומגעגאַנגען אַפילו אַ ווערטל: „איילן האָבן ליב דאָס קול פֿון מערזשל". טעג און וואָכן־לאַנג פֿלעגן זיי זיך דערמיט באַשעפֿטיקן. איך האָב פֿערזענלעך געקענט אַזעלכע אייל־מישערס. מיט איינעם פֿון זיי האָבן מיר אַפֿילו געהאַט אַ זייער אינטערעסאַנטע באַגעגעניש, און טאַקע אין דעם הויז פֿון מרים מאַגדאַלענאַ. וועגן דעם וויל איך דיר דערציילן.

מיר זײַנען איין מאָל געווען אויסגעזעצט אויף אַ באַנקעט אין דער פּערפֿומען־האַליע בײַ מרים מאַגדאַלענאַ. עס איז געווען אַ גרעסערע געזעלשאַפֿט. זי האָט דעם באַנקעט געגעבן לכּבוד איר רײַכן באַבילאָנישן פֿאַרערער, אַ מיטגליד פֿון אַ גרויסער יִחוסדיקער משפּחה, אַ פּרינץ, וועלכער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט קומען קיין ירושלים ברענגען אַ קרבן פֿאַרן יִדישן גאָט. עס איז זיי, די ירושלימער, געגאַנגען דערין, דעם יִחוסדיקן און רײַכן פּרינץ גוט אויפֿצונעמען, איז פֿאַר זײַן כּבֿוד וועגן האָבן זיך דאָס פֿאַרזאַמלט בײַ מרים פֿון מגדל אַלע אירע פֿאַרערער. עס זײַנען געווען חנבס ביידע זין, די שוואָגערס פֿון כּהן גדול; עס איז אויך געווען דער אַשקאַלאָנישער אויבערשט און עס זײַנען נאָך געווען אַ פּאָר רײַכע יונגע מענטשן פֿון ירושלים, צווישן זיי אויך דער זון פֿון רײַכן נקדימון, אויך אַ פֿאַר־ליבטער אין מרים מאַגדאַלענאַ. פֿרויען זײַנען געווען ווינציק, מרים מאַג־דאַלענאַ האָט נישט ליב געהאַט קיין פֿרויען־געזעלשאַפֿט, אַחוץ דער קליינער שיינער אַבֿישגֿ, וועלכע איז געוואָרן מרימס בוזעם־פֿרײַנדין, און נאָך אַ פּאָר יונגע מיידלעך. זי האָט ליב געהאַט צו זען אַרום זיך יוגנט, און צוליב דעם האָט זי איר הויז נישט אָנגעפֿילט מיט קיין גריכישע און עגיפּטישע מוזיקער, ווי עס איז געווען די מאָדע צו האַלטן אין יעדן אָנשטענדיקן הויז אין ירושלים. וואָרעם די גריכישע מוזיקער און זינגער און די עגיפּטישע פֿלייטן־שפּילער, וועלכע זײַנען געקומען פֿרײַוויליק קיין ירושלים זייער ברויט צו פֿאַרדינען, אָדער וועלכע מען האָט געקויפֿט אויף די שקלאַפֿן־מערק אין טירה און אַשקלון, האָבן שוין געהאַט פֿאַרלוירן זייער ערשטע יוגנט און פֿאַרמאָגט שײַנענדיקע, ברייט־לבֿנהדיקע פּליכן אויף די קעפּ אָנשטאָט יונגע גלוסטנדיקע קערפּערס, אַזוי אַז דער רייץ פֿון זיי איז שוין געהאַט אויסגעוועפּט געוואָרן אין די פֿריִערדיקע יאָרן... זי האָט פֿאַר איר הויז־מוזיק געהאַלטן יונגע לוויִם־שפּילער פֿון אָרעמע הײַזער, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט אין בית־מקדש־דינסט אויפֿגענומען צו ווערן און האָבן געהאַט אַדורכגעמאַכט די פֿלייטן־מוזיק־שולע, וואָס איז געווען אײַנגעאָרדנט פֿאַר די לוויִם־קינדער בײַ זייער טעמפּל. זיי האָבן געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע דער־ציאונג און אַ שטרענגע שולע און זיי זײַנען נישט געווען צום געברויכן פֿאַר אַנ־דערע צוועקן, ווי נאָר פֿאַר זייער מוזיק. אָבער פֿאַר אירע אייגענע טענץ האָט איר שטענדיק געמוזט באַגלייטן די קליינע פּיהאַ, איר באַליבטע עגיפּטישע פֿלייטן־שפּילערין.

די געסט זײַנען געקומען אין זייער רײַכע קליידער לכּבֿוד דעם פּרינץ, איינער האָט דעם אַנדערן געוואָלט איבערשטײַגן מיט זײַנע יוועלן, פּערל און אַנדערע איידלשטיינער, וועלכע זיי האָבן געלאָזט אַרויספֿינקלען דיסקרעט פֿון די פֿאַלדן פֿון זייערע זײַדן־געוועבטע כּתונתן, וואָס זיי האָבן געטראָגן צום באַנקעט. דער באַבילאָנישער פּרינץ איז געקומען אין זײַן רײַכן צירונג, אין אַ הויב־אַרטיקן דיאַדעם, וועלכער האָט געפֿינקלט מיט טײַערע שטיינער. אָבער אונדזערע אויגן

האָט פֿאַרכאַפּט דאָס באַבילאָנישע אײדל־געװעבטע כּתונת, װאָס ער האָט געטראָגן פֿאַרקנעפּלט ביז צום האַלדז, מיט פֿראַנזן אין פּערל אויסגעזעצט װי מיט קנעפּ. די כּהנישע קינדער זײַנען נישט אָפּגעשטאַנען, זײ האָבן איבער זײערע כּתונת פּסים געטראָגן זילבער־געװעבטע הענג־מאַנטלען. דער זון פֿון רײַכן גבֿיר, װאָס זײַן געװײנלעכער ראַנג אַלס ישׂראל האָט אים נישט דערלויבט צו טראָגן קײן מאַנטל געװעבט אויס זילבער־פֿעדעם (דאָס איז געװען אַ טראַכט נאָר פֿאַר אײנעם פֿון אַ הערשנדיקן הויז, װאָרעם די זילבער־שײַן האָט באַדײַט די שײַן פֿון אַ מלאך פֿון גאָט), האָט אַלעמען געװאָלט איבערשטײַגן מיט זײַנע אויסערגעװײנלעך זעלטענע רינגען, װאָס ער האָט געטראָגן אויף זײַנע לאַנגע פֿינגער; די אײַנגעפֿאַסטע שטײנער זײַנען געװען שװאַרץ װי די נאַכט, בלוי װי דער הימל, און געפֿינקלט װי די גרויסע פּראַכט־קײט, װאָס ער האָט געטראָגן אויפֿן האַלדז. ער האָט מיט זײַנע קאָלירן באַהערשט דאָס הויז, און מיר אַלע האָבן עס באַטראַכט פֿאַר אַ שלעכטן געשמאַק, װאָס דער אויפֿגעקומענער גבֿיר װיל אונדז איבעראַשן מיט זײַן רײַכטום. מיר, די רוימער, זײַנען געקומען אין אונדזערע צענטוריאָנישע מיט מעדאַלן באַקלײדטע פּאַנצערס, װעלכע מיר האָבן אָנגעהאַלטן בײַם אָפֿיציעלן טײל פֿון באַנקעט. שפּעטער, װען מרים מאַגדאַלענאַ האָט געטאַנצט פֿאַר אונדז און די געזעלשאַפֿט האָט פֿאַרלוירן איר שטײַפֿקײט און אָנגעצױגנקײט און דער פּרינץ האָט אַראָפּגענומען דעם דיאַדעם פֿון זײַן קאָפּ, די כּהנישע קינדער — זײערע זילבערנע מאַנטלען, — האָבן מיר אויך זיך געלאָזט פֿון די דינער אויפֿעפֿענען אונדזערע פּאַנצערס, דערװײַטערן די טאָגעס און מיר זײַנען געבליבן אין אונדזערע טוניקעס. װאָרעם עס איז הײס געװען אין דעם הויז פֿון מרים מאַגדאַלענאַ פֿון דעם װאַרעמען אָנגעגליטן גערוך, װאָס די רויכער־פֿאַנען האָבן אָנגעפֿילט דעם רוים.

צו איר טאַנץ האָט איר, װי געװײנלעך, די קלײנע פֿיהאַ באַגלײט. פֿיהאַ האָט געהאַט אַ װאונדערבאַר מויל, װי אַן אָנגעשװאָלענע מאַנדל, װאָס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון איר רונדיק פּנים װי אַ רײפֿע װײַנטרויב; דורך אַן אָפּעראַציע־שניט זײַנען פֿאַרלענגערט געװאָרן אירע אויגן־ראַמען; אירע פּעך־שװאַרצע האָר זײַנען אין צענדלינגער קלײנע געפֿלאָכטענע לאָקעלעך אַראָפּגעהאָנגען איבער אירע רונדיק אַראָפּפֿאַלנדיקע אַקסלען. צװישן אירע לאָקן האָבן געבלישטשעט פֿאַרשײדענע אָרנאַמענטן, אויך אַ ברײטער װײַסער קאַם אויס עלפֿנבײן האָט געשטעקט אין אירע האָר; אַ פֿרישע לאָטאָס־בלום איז געװען איבער איר שײטל־שרינט און איז מיט איר אַנטװיקלטן קעלך אַראָפּגעהאָנגען איבער איר שטערן. איר האַלדז איז הויך אַנטװיקלט געװען ביז צום ברוסט־בײן אַראָפּ; אירע פּראָפּאָרציאָנעל צו לאַנגע אָרעמס, װי אירע נאַקעטע פֿיס, זײַנען געװען באַהאָנגען מיט פֿיל אָרנאַמענטן־רינגען. אַ לײַכטער שװאַרצער, מיט לאָטאָס־בלומען באַצירטער, טיולענער שלײער האָט אײַנגעהילט איר גוט אַנטװיקלטן קערפּער, ער האָט װי דורך אַ זיפּ אַדורכגעלאָזט די קאָנטורן פֿון אירע גוט־געפֿאָרעמטע היפֿטן, װי אויך אירע אַנטװיקלטע ברוסטן. קנײַענדיק אויף אײן פֿוס, האָט זי אויף איר לאַנג אויסגעצױגענער האַנט־האַרפֿע מיט אירע געל־לאַקירט־באַנעגלטע פֿינגער אויסגעשפּילט אַ פֿרעמדאַרטיקן מאָטיװ. און בײַ די צנועהדיקע טענער, װאָס די האַרפֿע גיט אַרויס פֿון זיך, איז מרים מאַגדאַלענאַ אַרויסגעקומען פֿאַר אונדז אײַנגעהילט אין אַ װאָלקן פֿון רויכערנדיקע געװירצן, װאָס יונגע לװיים האָבן אויף רויכער־פֿאַנען געטראָגן

פֿאַראויס פֿאַר איר. צום ערשט האָט מען גאָרנישט געזען. שפּעטער, ווען דער געווירץ־וואָלקן איז צערונען, האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז איר געשטאַלט. אָבער וואָס פֿאַר אַ געשטאַלט! איר גאַנצער קערפּער איז געווען פֿאַרהוילן, ווי אין אַ שלייער, אין אירע לאַנגע רויט־פֿלאַמענדיקע האָר, וועלכע זײַנען געווען אַזוי קינסטלעך צוזאַמענגעוועבט, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט באַקליידט געווען מיט אַ פֿײַער־לויכטנדיקן רויטן טוניק. דאָס אײדעלע געוועב פֿון אירע האָר האָט געלאָזט אַדורכלײַכטן דעם טונקל־שײַן פֿון איר לײַב. דאָ האָט זי אויף אַ מינוט אַנטפּלעקט דעם געוויכט פֿון איר שפּראָצנדיקער ברוסט, אַן אַנדערש מאָל דעם אויסגעפּילטן רוקן, דעם שטאַרקן נאַקן, דעם ציטערדיקן, געפּילפּולן רוקנביין, און באַלד פֿאַרהוילן. אויף איר הויכן טורעם־האַלדז איז געהאָנגען, ווי תּמיד, אויף אַ גאָלדענער קייט אַן עגיפּטישער פֿלאַקאָן אויס עדלשטיין, וועלכער האָט אַרויסגעאָטעמט פֿון זיך זײַן דופּטיקן געשמאַק. איר געקרײַזלטער קאָפּ האָר איז געווען אַרומגענומען פֿון אַ קראַנץ פֿון פֿרישע אָליוון־בלעטער, צווישן וועלכע עס האָט געגלאַנצט אַ טונקעלער שײַן פֿון אַן אומבאַקאַנטן אײדלשטיין. אירע אויגן זײַנען געווען שוואַרץ געפֿאַרבט און קינסטלעך פֿאַרלענגערט דורך קאָסמעטיק און דורך דער קונסט פֿון איר סירישן פֿריזירער. און אַזוי האָט זי מיט אירע מיט רינגען באַצירטע באָרוועסע פֿיס אויסגעטאַנצט אַ לײדנשאַפֿטלעכן עקזאָטישן טאַנץ צום מאָטיוו פֿון דער האַרפֿן־שפּילערין און אויך פֿון די יונגע לוויים — די געווירצן־רויכערער, וועלכע האָבן קנ:ענדיק צוגעזונגען צו דער האַרפֿע.

ווי מען האָט מיר שפּעטער דערקלערט, איז עס געווען די ייִדנס אַ נאַציאָנאַלער טאַנץ, דורך וועלכן די פֿרויען דריקן אויס זייער ליבע־דורשט נאָך דעם אויסגעבענקטן מאַן. דער טאַנץ האָט פֿאַרקערפּערט זייערס אַ פֿאָלקס־ליבע־ליד, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער און מען האָט עס געהערט זינגען פֿון אַלע גערטענער און סעדער אַראָפּ. דאָס איז זייער אַן אַלט ליד, מען שרײַבט עס צו צו זייער גרויסן קעניג שלמה. דאָ האָט זי אירע הענט אויסגעשטרעקט צו איר געליבטן מיט דורשטיקע, בענקענדיקע אויגן, דאָ האָט זי זיך אין זיך אַליין באַהאַלטן, ווי אַ טויב אונטער אירע פֿליגל, צווישן אירע אָרעמס, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פֿון וועמען באַשיצן. איר גאַנצער קערפּער האָט געפֿיבערט, זי האָט זיך געבויגן אין ווייטאָגדיקן עקסטאַז, ווי זי וואָלט אַליין פֿאַרשכּורט געוואָרן פֿון דעם ריטם פֿון מאָטיוו, וואָס די האַרפֿעס און די זינגערס האָבן אויסגעשפּילט. אין אירע אייגענע ריטמישע באַוועגונגען האָט זי פֿאַרגעסן גאָר אין גאַנצן אין אונדזער עקסיסטענץ. עס איז איר אַלץ איינס געווען, צי מיר זײַנען דערבײַ. זי האָט אַנטפּלעקט איר ברוסט, איר רוקן, אירע אַקסלען אין דעם שטורמישן געווירבל־געשריי. איר מויל איז געוואָרן ווי אַ שוואָם, וואָס גלוסט צו פֿאַרשלינגען זיך אין קושן. זי האָט זיך אַליין געהאַלדזט, אַליין מיט איר לײַב ליביקייטן געשפּילט. ווען זי האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן צוצוברומען צו זיך די ווערטער פֿון דעם פֿאָלקסליד און דורך מימיק און באַוועגונג געשטײַגערט דעם עקסטאַז אין זיך אין דעם וואָלקן פֿון פֿאַרשכּורנדיקע דופּטן און ריחות, וואָס אירע האָר האָבן אַרויסגעהויכט, זײַנען מיר אַלע מיטגעריסן געוואָרן און מיר זײַנען אַלע פֿאַראייניקט געוואָרן אין איין דורשטיקן באַגער, גלײַך אירע פּערפֿומען און אירע באַוועגונגען וואָלטן אונדזער בלוט צוזאַמענגעשמעלצט. איך האָב געקוקט אויף מײַן שכן, וואָס איז געלעגן לעבן מיר

אויפֿן ליג־בעטל, איך האָב געזען דעם כּהן גדולס זון חנן, ווי זײַנע ליפּן ציטערן, זײַן לאַנגע שפּיציקע נאָז איז בלײַך געוואָרן און זײַנע אויגן האָבן זיך האַלב גע־שלאָסן. איך האָב געקוקט אויף דעם באַבילאָנישן פּרינץ און געזען, ווי ער ווערט פֿאַרצערט ווי אין בראַנד דורך זײַן הייסן טעמפּעראַמענט, זײַן דין טונקל געזיכט איז נאָך דינער געוואָרן. ער האָט די אויגן פֿאַרשלאָסן, זײַנע הענט האָבן זיך קראַמפּהאַפֿט געפּויסט, ער האָט אַ רויז געדריקט צו זײַן שטערן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט קילן מיט איר. איך האָב געקוקט אויף דעם אַשקאַלאָנער עלטסטן, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעלענט בײַ אַ זײַל פֿון דעם טונקל־געהאַלטענעם רוים, ער איז בלייך געווען ווי די אַנדערע, נאָר זײַנע אויגן זײַנען גרויס געווען און פֿײַערדיק און פֿײַכט ,ווי זיי וואָלטן זיך אין זייערע אייגענע טרערן געבאָדן. איך האָב געקוקט אויף די אַנדערע, אויף דעם זון פֿון דעם רײַכן ירושלימער, ווי ער האָט זיך קאָנצענטרירט און פֿאַרקוקט זיך אויף אַ שוואַרצן שטיין פֿון זײַנע רינגען, ווי ער וואָלט זיך אין זײַן ליכט געוואָלט פֿאַרגעסן.

מיט אַמאָל איז עפּעס געשען, און מיר זײַנען אַלע פֿון אונדזער פֿאַרזונקענעם לעטאַרגיע־שלאָף אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן: דורך דער אָפֿענער האַליע, דורך דער קייט פֿון דער דינערשאַפֿט האָט זיך אַ מענטש אַדורכגעריסן. פֿון זײַן טאַפּנדיקער באַוועגונג האָט מען גלײַך דערזען, אַז ער איז בלינד; דין און בלייך ווי אַ פֿאַר־טריקנטער געוויקס, אַזוי איז ער אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַן צעריסענעם זאַק־העמד, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך. זײַן טויט בלינד פּנים האָט אָבער געשטראַלט מיט אַ פֿײַערדיקן פֿלאַם, זײַנע דינע ביינער זײַנען געווען ווי געשליפֿן, און מיט זײַנע שאַרפֿע אָרעמס רײַסט ער זיך פֿון דעם בינטל דינערשאַפֿט, וואָס האַלט אים געפֿאַנגען. ער שטרעקט אויס פֿון דעם געראַנגל זײַן פֿויגל־אַרטיק פּנים מיט די שטיקער טראַלדן פֿון זײַן שוואַרצער באָרד און שרײַט אָדער זינגט — מיט זײַנע אויסגעשטרעקטע אָרעמס צו מרים, — פֿערזן פֿון דעם פֿאָלקס־ליד, וואָס האָט זיך באַצויגן אויף אירע איילן:

„לריח שמניך הטובים...” — נאָך דעם געשמאַק פֿון דײַנע גוטע איילן.

מיר זײַנען אַלע דערשטוינט געוואָרן, מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט. מרים האָט אויפֿגעהערט צו טאַנצן, אַ וואונק געגעבן צו איר הויז־האַלטער, וועלכער האָט איר עפּעס דערקלערט.

און שטעל דיר פֿאָר, אַנשטאָט דעם בלינדן אָפּגעריסענעם בעטלער צו הייסן אַרויסוואַרפֿן אָדער אויפֿשרײַען פֿון כּעס, וואָס זי איז געשטערט געוואָרן אין איר טאַנץ, איז זי אַרויס אין אַ גרויס פֿריידיק לאַכן, וואָס האָט געגרענעצט מיט ספּאַז־מען, און זי האָט באַפֿוילן אירע דינער דעם בלינדן בעטלער אָפּצופֿירן, אים צו וואַשן און צו איילן, אין אַ לײַלעך אויס דעם פֿײַנסטן פֿעניציע־לײַוונט אײַנצוויק־לען און אים אַרײַנברענגען אין באַנקעט־זאַל.

און צו אונדז האָט זי זיך געווענדט אין איר ספּאַזמען־געלעכטער און דערקלערט, אַז דאָס איז בר־תּלמי, אַ בלינדער אייל־מישער, דער בעסטער אין גאַנץ ירושלים. „ער האָט דערפֿילט דורך די מויערן מײַנע פּערפֿומען, און עס האָט אים ווילד געמאַכט. ער ווערט שטענדיק ווילד, ווען דער גערוך פֿון דעם אייל דערגייט צו אים, און ער רײַסט זיך אַרײַן אין הויז. איר ווערט דאָך נישט האָבן דאַקעגן, אַז

דער אומגליקלעכער זאָל נעמען אַ פּלאַץ צווישן אונדז! גאָט האָט פֿאַרשלאָסן די שײַן פֿון זײַנע אויגן, דערפֿאַר געעפֿנט זײַן חוש פֿאַר געשמאַקן".

און שטעל דיר פֿאָר, זי האָט אים נאָכן וואַשן און זאַלבן אַרײַנגעפֿירט צווישן אונדז און אָוועקגעלייגט אים אויף אַ ליג־שטול, וואָס זי האָט געהייסן ברענגען פֿאַר אים, אַוועקגעשטעלט פֿאַר אים די גלוסטנדיקסטע פֿרוכטן און אויסגעזוכטסטע געטראַנקען. אָבער ער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען, ער האָט זײַן גרויס פּנים אין זײַנע הענט באַהאַלטן, געאָטעמט שטאַרק און געהאַלטן אין איין רעדן צו זיך מיט די פֿערזן פֿון באַליבטן פֿאַלקסליד.

און נישט דאָס בלויז, זי האָט פֿאַר דעם בלינדן נאָכאַמאָל אויסגעפֿירט איר טאַנץ, און ווען אַפֿילו ער האָט נישט געקאָנט זען אירע בויגזאַמע באַוועגונגען, האָט זי אָבער דערפֿאַר פֿאַר אים יעדעס מאָל אַן אַנדערן געשמאַק פֿון פּערפֿומען געלאָזט פֿאַרבײַפֿירן, וואָס אירע האָר און שלייערן האָבן אַרויסגעאָטעמט פֿון זיך. אומצייליקע זײַנען זיי געווען און שאַרפֿע, ווי זאַטע קאָלירן. מען האָט באַשײַמפּער־לעך געזען פֿון יעדן גערוך דעם קאָליר פֿון דער בלום אָדער וואָרצל, פֿון וועלכן ער איז אַרויסגעצויגן געוואָרן. און יעדעס מאָל, ווען אירע שלייערן האָבן פֿון זיך אַן אַנדערן גערוך אַרויסגעגעבן, האָט דער בלינדער אויסגעשריגן מיט ענטוזיאַס־טישע פֿרייד־געשרייען. ער האָט געקושט די לופֿט, ער האָט מיט זײַנע הענט אויפֿ־געפֿאַנגען די ריחות, ווי זיי וואָלטן געווען באַלזאַמען און געגלעט מיט זיי זײַן לײַב, זײַן גרויס פּנים, זײַנע פֿאַרמאַכטע אויגן און גערעדט צו זיך פֿערזן פֿונעם ליד: „ווער האָט מיך אַזוי געטרייסט אַזוי ווי דו, מײַן צנועה, דו אויסדערוויילטע פֿון מײַן האַרץ; דײַנע איילן לענען אונטער מײַן האַרץ ווי גוטער עפּל־געשמאַק, זיי היילן מײַנע וואונדן ווי גוטער באַלזאַם, זיי לעשן אויס די עוולה פֿון באַליי־דיקטן און טרייסטן דעם געפּײַניקטן. זע, זיי שטרעקן אויס צו מיר דײַנע ווייכע גלוסטיקע הענט און גלעטן מיך, ווי אַ מוטער איר איינציק קינד! זינג צו מיר, מײַן געליבטע, זינג צו מיר דורך דײַנע געשמאַקן. איצט ברענגען זיי מיך צוריק אין מײַן מוטערס גאָרטן אַרײַן, ווען איך בין נאָך אַ קליין קינד געווען און מײַנע אויגן האָבן זיך נאָך געפֿרייט מיט דעם אָנבליק פֿון דער ליכטיקער זון. איצט דערפֿיל איך דעם פֿרישן קראָקאָס, וואָס האָט אין אונדזער גאָרטן געבליט און איצט זע איך די צניעותדיקע בלויע יאַשמין־בלימלעך — אַזוי צניעותדיק און אַזוי אויפֿרייצנד זענט איר, אַזוי קליין און אַזעלכע ריחות גיט איר אַרויס פֿון זיך. איצט קילט מיך דער ווינט פֿון פֿעלד און וואַלד אין דעם הייסן טאָג, דער געשמאַק פֿון די מאַי־גלעקלעך וואַשט מיך מיט דעם קילן טוי וואָס פֿאַלט אויף דער מאָרגן־רויז; עס טריפֿט דורך מײַן הויט אַרײַן דער האָניק פֿון די רויזן. אוי, באַטריב מיך נישט מיטן שטורעם פֿון אַכזריותדיקן איריס, שרעק מיך נישט מיט דער נאַכט פֿון דער שוואַרצער רויז, באַזאַנפֿט מיך מיט דעם פֿײַלכן־געשמאַק, לען אונטער מײַן האַרץ דורך דעם טריפֿנדיקן האָניק פֿון מור. אַ זינג צו מיר, שיינע כלה מײַנע, מיט דעם געזאַנג פֿון דײַנע איילן..." — און ער האָט אָנגעהויבן מיט ווילדן ענטוזיאַזם צו רעדן צו זיך פּסוקים, וואָס מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען...

און זי, מרים פֿון מגדל, האָט געהאַלטן אין איין אָפּגעבן זיך מיט אים; עס זעט אויס, אַז זי האָט אין גאַנצן פֿאַרגעסן אין אונדז, זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף אונדז, צי מיר זײַנען יאָ דאָ אין דער באַנקעט־האַליע אָדער נישט. זי האָט

זיך פֿאַר דעם בלינדן געדרייט אין אַ ווילדןווירבל, און פֿון אירע באַהאַלטענע האָר אויסגעשאָטן אויף אים איין פּערפֿום נאָכן אַנדערן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעמט פֿון איר. און יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערפֿילט דעם געשמאַק פֿון אַן אייל, האָט עס אויסגעזען, ווי זײַנע אויגן וואָלטן צוריקגעקריגן דאָס ליכט און דערזען דעם שײַנענדיקן טאָג, דאָס ליכט אין דער פֿינצטערניש. עס האָט זיך דערהערט זײַן עקסטאַטישער אויסרוף, זײַן באַגאַוועדט מויל האָט געטרונקען איר לופֿט און גלײַכצײַטיק גערופֿן פֿריידיקע אויסגעשרייען, אַזוי אַז אונדז איז איבערדריסיק געוואָרן דאָס דאָזיקע שפּיל.

איך האָב געזען, ווי דער יִחוסדיקער באַבילאָנישער פּרינץ וואַרפֿט זיך ווי אין קאָנוואולסיעס אויף זײַן ליג־שטול, הויבט זיך אויף און זעצט זיך צוריק. בײַם יונגן חנן איז די נאָז בלייכער און שפּיציקער געוואָרן און זי האָט איצט אין גאַנצן צוגעדעקט ווי אַ שאַרפֿער שנאָבל זײַנע ליפּן. אַזוי זײַנען אויך שפּיציק און פֿלאַמענדיק געוואָרן זײַנע אויגן. מען האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער וועט זיך יעדן אויגנבליק אויפֿרײַסן פֿון זײַן געלעגער און צוגיין צום פֿרעמדן, פֿרעכן בלינדן בעטלער און אים צעדורסן מיט זײַנע שאַרפֿע נעגל. און אַזוי איז אויך געווען מיט דעם זון פֿון רײַכן מאַן און אַזוי אויך מיטן אַשקאַלאָנער עלטסטן, מען האָט געקאָנט הערן דאָס הויכע קלאַפּן פֿון זײַן האַרץ פֿאַר קנאה און כּעס; און אַזוי איז געווען מיט אונדז אַלע. אָבער זי האָט געשיצט דעם בלינדן מיט איר טאַנצנדיקן קערפּער. מיר האָבן פֿאַר כּעס אונדזערע ליפּן געביסן און מיר האָבן איינער נאָכן אַנדערן פֿאַרלאָזט דעם באַנקעט־זאַל. צום ערשט איז עס געווען דער באַבילאָנישער פּרינץ, וועלכער האָט ווילד געכאַפּט זײַן אַראָפּפֿאַלנדיקן דיאַדעם און זײַן מאַנטל, און הויך אומגעדולדיק גערופֿן זײַן דינער. מרים האָט זיך אָבער גאָרנישט אומגעקוקט אויף אים. אַזוי אויך די כּהנישע קינדער, און אַזוי אויך די אַנדערע. זי האָט אונדז פּשוט געבעטן צו פֿאַרלאָזן דעם זאַל דורך אירע אומגעדולדיקע באַוועגונגען און איר אויפֿגערודערטן, שרײַענדיקן ווילדן טאַנץ. מיר האָבן זי איבערגעלאָזט אַליין מיט דעם בלינדן, ענטוזיאַסטישן, זינגענדיק־שרײַענדיקן מאַן.

צומאָרגנס, ווען עס איז מיר אויסגעקומען פֿאַרבײַצוגיין דעם הויף פֿון די היידן, האָב איך זי אָנגעטראָפֿן, באַגלייט פֿון אַ דינערין, לעבן אַ געוועלב, וואו מען האָט פֿאַרקויפֿט קרבנות־טויבן. זי איז געווען אין גאַנצן באַדעקט אין שלייערן און אין טיכער ווי אַ וועסטאַלין. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן, ביז זי וועט פֿאַרטיק ווערן מיט איר אײַנקויף, וואָס האָט בײַ איר לאַנג געדויערט, ביז זי האָט זיך אויסגעזוכט די פּאַסנדיקע פּאָר טויבן. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי מיט איר שלייער צוגעדעקט די גרוי־בלוילעכע פֿינקלדיקע טויבן־קעפּלעך, וועלכע זי האָט געהאַלטן און מיט גרויס ליבשאַפֿט געהאַלדזט אין איר בוזעם, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז איך זאָל איר קרבן ניט פֿאַראומרייניקן מיט מײַן אָנבליק. איך האָב זיך צו איר דערנענטערט און צו איר עפּעס געזאָגט וועגן דעם נעכטיקן פֿאַרפֿאַל. אָבער זי האָט מיך נישט געלאָזט אויסרעדן, געגעבן מיר אַ צייכן מיט דער האַנט, און זי האָט זיך פֿון מיר דערווײַטערט. מײַן טריט און אויג האָבן זי נאָך באַגלייט ביז צום אַרײַנגאַנג פֿון ווײַבער־הויף. בײַ דעם אַרײַנגאַנג פֿון קאָרינטישן בראָנדזענעם טויער צום ווײַבער־הויף האָט זי זיך געלאָזט פֿון איר באַדינטן

איבערטוישן איר אויבערשטן שלייער, זי האָט וואַרשײַנלעך מורא געהאַט, אַז איך האָב איר שלייער פֿאַראומריייניקט מיט די רייד פֿון מײַן מויל. זי האָט אײַנגעהילט טיפֿער איר פּנים אין שלייער, מיט וועלכן זי האָט אויך פֿאַרדעקט די קעפּלעך פֿון די טויבן. מיט אַ שמעקעדיקער בשׂמים־צווײַג אין האַנט איז זי פֿאַרשוואונדן מיט קליינע זינגענדיקע טריט הינטער דעם מויער פֿון דעם פּרויען־הויף...

# 14

## דער בלינדער אייל־מישער

און מיט אַמאָל איז דאָס אַלץ פֿאַרשוואונדן, ווי מיט דער האַנט אָפּגעווישט. אַזוי זײַנען זיי, די אָריענטאַלישע מענטשן. דו ווייסט קיין מאָל נישט, וואָס מאָרגן וועט מיט זיי געשען.

מרים האָט דעם בלינדן אַרײַנגענומען צו זיך אין הויז. ער האָט געהאַט אויף איר אַ פֿאַרניכטנדיקן אײַנפֿלוס און סוף כּל סוף אַרויסגעשלײַדערט זי פֿון לעבן, ווי מען רײַסט אויס אַ פּרעכטיקע פֿלאַנץ אין מיטן פֿון איר בליאונג. ער איז געווען איינער פֿון די, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז די טויטע וועלן אויפֿשטיין פֿון זייערע קבֿרים, ווען זייער משיח וועט קומען, און ער האָט אויך מיט דער דאָזיקער לערע סוף כּל סוף אָנגעשטעקט זײַן האַרינטע.

דער בלינדער אייל־מישער איז געווען אַ געלערנטער און האָט זיך אויסגעקענט אין דער שריפֿט. מרים מאַגדאַלענאַ פֿלעגט אים שוין איצט האַלטן לעבן זיך בײַ אַלע אירע עמפֿאַנגען און באַנקעטן. אַן אָפּגעוואַשענער, אַ געזאַלבטער, די באָרד און די האָר אויסגעקעמט, איבערגעצויגן מיט אַ ציציתדיקן סדין — פֿלעגט ער זיצן אין אַ ווינקל און פּלאַפּלען צו זיך אַליין פּסוקים פֿון די שריפֿטן. ער האָט אונדז אָבער שוין אַלע פֿאַרווײַלונגען פֿאַרדאַרבן, אונדזערע באַנקעטן זײַנען דורך דעם בלינדן פֿאַנאַטיקער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן פֿון אַמוזירנדיקע פֿאַרגעניגן־אָוונטן אין לאַנגווײַליקע האַר־שפּאַלטנדיקע און קאָפּווייטאָגדיקע דיסקוסיעס.

איין מאָל בין איך אָנוועזנד געווען בײַ אַזאַ דיסקוסיע. איך האָב געוואָלט וויסן וועגן וואָס אייגנטלעך עס האַנדלט זיך, און איך האָב מיר די מי געגעבן דאָס גע־שפּרעך פֿון דער דיסקוסיע נאָכצופֿאָלגן. דאָס איז מיר טאַקע געלונגען, אָבער דערפֿאַר בין איך אַרויסגעגאַנגען פֿון באַנקעט נישט מיט אַ געשוואָלענעם בויך פֿון טרינקען, נאָר מיט אַ געשוואָלענעם קאָפּ. דער צד פֿון כּהן גדול האָט אויך געהאַט זײַנע געלערנטע, געזעץ־אויסטײַטשער און האַרטקעפּיקע פֿאַנאַטיקער; האָט שוין מײַן פֿרײַנד חנן יעדעס מאָל, ווען די מרים מאַגדאַלענאַ האָט איר בלינדן אייל־מישער געבראַכט, מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ געלערנטן פֿון זײַן צד, און די צוויי האָבן זיך בײַ די נעזער געריסן. מיר, די פֿרעמדע, האָבן זיך אַמוזירט דערבײַ, ווי די געלערנטע פֿון ביידע צדדים האָבן זיך אַרומגעוואָרפֿן מיט פּסוקים און אויסטײַטשונגען פֿון זייער שריפֿט ווי זשאָנגלערן מיט באַלעם־וואַרפֿן. זיי האָבן מיך דערמאָנט מיט זייער זשעסטיקולירן, מיט די פֿינגער־שפּיציקע באַוועגונגען,

מיטן שאָקלען זיך, אַטאַקירן און אָפּוווערן זיך — אין אַ קאַמף פֿון צוויי הענער. דער בלינדער האָט דעם אַנדערן שיר נישט די אויגן אַרויסגענומען מיט זײַנע פֿינגער־שפּיצן. דאָס געשפּרעך האָט זיך אַלץ געהאַנדלט, ווי געוויינלעך, אַרום דעם תּחית המתים־פּראָבלעם. דער געלערנטער פֿון כּהן גדולס צד האָט געטענהט, אַז דער מענטש ווערט נאָכן טויט שטויב און — ווי אַזוי קאָן שטויב צוריק לע־בעדיק ווערן און פֿון קבֿר אויפֿשטיין? דאָס איז לויט אונדזער אויפֿפֿאַסונג געווען זייער ריכטיק. און ער האָט געבראַכט, ווי געוויינלעך, אַ ראיה צו זײַנע רייד אַ פּסוק פֿון זייערע שריפֿטן. דער בלינדער אייל־מישער האָט אָבער געצויגן אַ גאַנצן קל־וחומר און ער האָט אַרויסגעדרונגען אויף אַזאַ אופֿן: „מאַי־דאָך אַ קערנדל פֿון אַ גערשטל, וואָס האָט נישט קיין קליידער און ווען מען לייגט עס אַרײַן אין דער ערד, וואַקסט דערפֿון אַרויס אַ גאַנצע זאַנג, מיט שטרוי און אומצייליקע גערשטנדלעך, מיט פּלעווועס און הערעלעך, — מכּל־שכּן דער מענטש, וועלכן מען באַגראָבט אין זײַנע תּכריכים־קליידער, וועט ער דאָך אַוודאי צוריק פֿון דער ערד אויסוואַקסן...״

— אָבער די קליידער פֿון מענטש, אין וועלכע מען באַגראָבט אים, ווערן דאָך אין דער ערד פֿאַרפֿוילט? — האָט דער צווייטער צד געטענהט.

— ווער רעדט דאָ פֿון געוויינלעכע קליידער, וואָס דער מענטש באַקליידט? די קליידער, אין וועלכע מען באַגראָבט דעם מענטש, דאָס זײַנען מעשׂים־טובֿים, וואָס ער האָט געטון אויף דער ערד, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „גאָט איז באַ־קליידט מיט גערעכטיקייט״. הייסט עס, אַז גערעכטיקייט, ווי אַלע אַנדערע מעשׂים־טובֿים, זײַנען די אמתע קליידער פֿון מענטש, וואָס ער נעמט מיט זיך מיט אויף יענער וועלט, און לויט די מעשׂים־טובֿים, וואָס ער האָט געטון אויף דער וועלט, אַזוי רײַך וועלן זײַן די קליידער, אין וועלכע ער וועט זײַן אָנגעקליידט, בעת ער וועט זיך פֿון קבֿר אויפֿהייבן בײַ תּחית־המתים!

— און די, וועלכע האָבן גאָר קיין מעשׂים־טובֿים נישט אין זייערע הענט, — האָט דער צווייטער צד געוואָלט וויסן — וועלן זיך נישט אויפֿהייבן?

— יאָ, זיי וועלן זיך אויך אויפֿהייבן, נאָר נאַקעט און בלויז, כּדי געמשפּט צו ווערן.

און ער האָט אַנטוויקלט אַ גאַנצן עקאָנאָמישן טראַקטאַט: אין דעם קערנדל פֿון מאַרך־ביין האַלט זיך אויף דאָס גאַנצע חיות פֿון צוקונפֿטיקן מענטש, פֿון דעם קערנדל זאָל זיך אין קבֿר צוריק אַנטוויקלען דער גאַנצער פֿיזישער קערפּער פֿון מענטש, ער זאָל צוריקקריגן נישט נאָר זײַנע אָדערן און אבֿרים, נאָר אַפֿילו זײַן אייגנאַרטיקע געשטאַלט, זײַן ליניע און אויסזען; וואָרעם דאָס אויסזען פֿון יעדן מענטש איז אַ טייל פֿון דעם אויסזען פֿון דער געטלעכקייט, ווי עס שטייט גע־שריבן: „לאָמיר באַשאַפֿן אַ מענטש אין אונדזער געשטאַלט!״ הייסט עס, אַז די געשטאַלט פֿון יעדן יחיד באַזונדער איז אַ טייל פֿון דער געשטאַלט פֿון דער געט־לעכקייט. דורך דעם איז דאָס אויסערלעכע אויסזען פֿון מענטש אַזוי וויכטיק, הײ־ליק און אייביק ווי דער מענטש אַליין, און עס וועט מיט דעם מענטש צוזאַמען אויפֿשטיין צוריק פֿון קבֿר.

אָט אין אַזעלכע לאַנגווײַליקע געשפּרעכן האָבן מיר שוין פֿון דענסטמאָל אָן פֿאַרבראַכט אונדזערע אָוונטן, און מיר, היידן, האָבן דאָס געמוזט אויסהערן.

אָבער מען האָט זי באַדאַרפֿט זען, די מרים מאַגדאַלענאַ, בשעת דער בלינדער אייל־מישער האָט אַנטוויקלט די לערע פֿון תּחית־המתים לויט די געזעץ־אויסטײַטשער. מען האָט באַדאַרפֿט באַטראַכטן אירע אויגן, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿריידיק, האָפֿענונגספֿול און גליקלעך ליכט זיי זײַנען באַשײַנט געוואָרן! פֿון דענסטמאָל אָן האָט זי זיך געענדערט, זי האָט פֿאַרלוירן אין גאַנצן אירע מעלאַנכאָלישע איבערפֿאַלן, זי איז שטענדיק געווען גליקלעך און פֿריילעך, אַזוי ווי עס וואָלט זי פּערזענלעך דאָס גרעסטע גליק באַגעגנט.

עס איז געוואָרן מיט איר וואָס אַמאָל ערגער, זי איז שוין אין גאַנצן אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דעם בלינדנס אײַנפֿלוס. דער בלינדער איז דערנאָך געוואָרן איינער פֿון די אָנהענגער פֿון דעם יוחנן המטביל, וועלכער ווערט געהאַלטן געפֿאַנגען פֿון טעטראַרך הורדוס אַנטיפּאַס פֿאַר מאַיעסטעט־באַליידיקונג — וועגן וואָס דער אַלטער כּהן גדול חנן האָט מיר פֿאַרציילט. נאָך דעם ווי מען איז געוואָר געוואָרן, אַז דער יוחנן המטביל ווערט געהאַלטן אין געפֿאַנגענשאַפֿט פֿאַר זײַן דרייסטער אַרויסטרעטונג קעגן טעטראַרך, האָט ער באַקומען פֿיל אָנהענגער. דאָס פֿאָלק האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז ער איז זייערס אַן אַלטער נבֿיא, וועלכער איז צוריקגעקומען אין לעבן אַרײַן. אויך דער בלינדער אייל־מישער איז געוואָרן זײַנס אַ תּלמיד, און האָט אויך די מרים מאַגדאַלענאַ מיטגעשלעפּט מיט זיך. זיי האָבן דערוואַרט, אַז עפּעס־וואָס וועט איצט געשען, אַז דער דערלייזער וועט איצט קומען, ווי דער יוחנן האָט נבֿיאות געזאָגט, און זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין פֿאַרברייטן צו זײַן קומען. די מרים פֿון מגדל האָט אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון דעם בלינדן אַוועקגעוואָרפֿן אין גאַנצן דאָס אָרט לעבן, וואָס זי האָט געפֿירט, פֿאַרגעסן אין אירע פֿרײַנד און איז מיט אַמאָל גאָר אין גאַנצן פֿאַרשוואונדן געוואָרן פֿון שטאָט. צום ערשט האָבן מיר געמיינט, אַז זי האַלט זיך אויף אין בית־מקדש־הויף און זי וועט אין אַ צײַט אַרום נאָך צוריק קומען אין לעבן אַרײַן, ווי זי פֿלעגט עס שוין אָפֿט מאָל טון ווען עס איז זי באַפֿאַלן דער רעליגיעזער משוגעת. דאָס מאָל איז זי אָבער פֿאַרשוואונדן אויף אַ לאַנגע צײַט. מיר האָבן נישט געוואוסט, וואו זי איז אַהינגעקומען, געמיינט, אַז זי האָט אין גאַנצן פֿאַרלאָזן די שטאָט. שפּעטער זײַנען מיר אָבער געוואָר געוואָרן, אַז זי האָט זיך פֿאַרקליבן מיט דעם בלינדן אין איר בשׂמים־גאָרטן, וואָס זי האָט געהאַט אויפֿן הר־הזתים. דאָרט האָבן זיי געזאָלט זאַמלען אַרום זיך נאָך אייניקע פֿון זייערע אָנהענגער, צווישן וועלכע — מען זאָגט — עס זײַנען געווען אַפֿילו קרעציקע און קראַנקע. זיי האָבן פֿאַרוואַנדלט איר פּרעכטיקן גאָרטן אין אַן אײַנפּאַכע בשׂמים־פֿאַבריק; זיי מאָלן פֿון די בשׂמים איילן און פֿאַרקויפֿן זיי אין דער שטאָט און אויך אין בית־מקדש־הויף. דערפֿון דערנערן זיי זיך אַלע צוזאַמען, און דאָס וואָס עס בלײַבט זיי איבער, צעטיילן זיי צווישן די אָרעמע־לײַט.

אין אַ צײַט אַרום, אַז זי האָט נישט געלאָזט הערן פֿון זיך, זײַנען מיר אַלע נײַגעריק געוואָרן צו וויסן, וואָס עס איז געשען מיט איר. דער יונגער חנן, וועלכער איז געווען זייער פֿאַרליבט אין איר, האָט איר שוין פֿון לאַנג געהאַט אַרומגעזוכט. ווען מיר זײַנען געוואָר געוואָרן, אַז זי איז אויבן בײַ זיך, האָבן מיר אַנומלט גענומען צוויי פֿערד און אַרויפֿגעריטן אויפֿן הר־הזתים זי צו באַזוכן. עס איז געווען אַ היפּש שטיק וועג ביז צו איר גאָרטן. מיר האָבן דאָס אָרט נישט

דערקענט: אָנשטאָט דעם באַרימטן הערלעכן בשמים־גאָרטן מיט די אויסגעזוכט־סטע קרײַטעכצער און בלומען פֿון אַלע עקן וועלט, האָבן מיר איצט אָנגעטראָפֿן אויף אַן אייל־מיל. אַ גאַנצע כאַליאַסטרע אָרעמע־לײַט האָבן זיך דאָרט געהאַט פֿאַרזאַמלט, יונגע און עלטערע, וועלכע האָבן מיט איר צוזאַמען באַארבעט דעם בשמים־גאָרטן. אַלע זײַנען זיי געווען פֿאַרנומען בײַם רייניקן די פֿלאַנצונגען, בײַם שטויסן די בשמים — טייל מיט האַנט־מילעכלעך און טייל מיט מערזשלס. צווישן זיי זײַנען געווען פֿיל פֿאַרדעכטיקע אין קראַנקהייטן, וואָרעם, ווי עס זעט אויס, האָט זי מיטגעשלעפּט מיט זיך דאָס אָפּפֿאַלעכץ, בעטלער און אָרעמע־לײַט, וועלכע האָבן שטענדיק באַלאַגערט געהאַט איר הויז אין שטאָט. איינער איז דאָרט געווען אַן אַלטער, וועלכן זיי האָבן גערופֿן „פֿאָטער“, שמעון האָט ער געהייסן, האָבן מיר זיך מורא געהאַט צו אים צוצורירן. איך בין זיכער געווען, אַז דער מאַן איז אָנגעשטעקט געווען מיט צרעת. מיר זײַנען נישט אַמאָל זיכער געווען, צי זיי זײַנען אַלע פֿרײַע מענטשן, פֿיל אַנטלאָפֿענע קנעכט האָבן זיך געמוזט געפֿינען צווישן זיי. און אַט צווישן דעם דאָזיקן אָפּפֿאַלעכץ פֿון מענטשן האָט זיך אַרומגעדרייט מרים מאַגדאַלענאַ מיט איר אײדעלער פֿיגור, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם אָנבליק פֿון דורכזיכטיקן אַלבאַסטער אומעטום, וואו די הויט פֿון איר לײַב האָט זיך באַוויזן. דאָס האַרץ האָט שיר נישט געפּלאַצט פֿון צוזען, אַז דער דעליקאַטער קערפּער, וועלכער איז געוואוינט געווען צו זײַן געפּלעגט אין די איידלסטע איילן, צו פֿילן זיך אײַנגעבעט אין נאָבעלע זײַדענע שטאָפֿן, אין פֿײַנסטן פּורפּור־וואָל פֿון צידון, — איז אײַנגעוויקלט אין גראָבן זאַק, מיט רויען פֿילץ איבערן אויבערשטן האַלבן קערפּער. וואָרעם עס איז געווען האַרבסט־צײַט, די רעגן־פֿײַכטקייט איז געשטאַנען אין דער לופֿט, אין ירושלים איז שוין קאַלט געווען, און זי האָט געציטערט אויפֿן גאַנצן לײַב. אירע הענט זײַנען שוין גראָב געווען פֿון אַרבעט, און איר פּנים, וואָס איז געפּלעגט געווען מיט די אויסגעזוכטסטע קאָסמעטיקס, איז שוין פֿאַרהאַרטעוועט געווען, פֿול מיט קנייטשן און שפּרענקעלעך פֿון דער ברענענדיקער זון. דאָס איינציקע איבערבלײַבעכץ פֿון איר שיינקייט, וואָס זי האָט אַרויסגעראַטעוועט פֿון די נעגל פֿון רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם, אין וועלכן זי איז אַרײַנגעפֿאַלן, זײַנען געווען אירע רויטע האָר, וועלכע זײַנען נאָך אַלץ געווען אַראָפּגעלאָזט ווי פֿײַער־צונגען איבער אירע געטאָקטע פּלייצעס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז זי האָט אונדז באַלד באַמערקט און האָט אונדז אויפֿגענומען אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט מיט איר געשען אויסטערלישס. מיר האָבן זיך אויך געמאַכט נישט באַמערקן די ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט איר. זי האָט אונדז פֿאַרבעטן אָוועקצוזעצן זיך לעבן דעם בלינדן, אַרום וועלכן די אַרבעטער זײַנען געווען קאָנצענטרירט. זיי האָבן אַלע צוגעטראָגן געטריקנטע בלומען און בשמים־בלעטלעך צום בלינדן, וועלכן זיי האָבן גערופֿן בר־תּלמי. ער האָט געהאַט פֿאַר זיך שטויסן פֿאַרטריקנטע יאַשמין־בלימלעך, בשמים־בלעטלעך און שקאַרמיצלעך פֿון דראַגאַן־בלימלעך, מיט וואָרצלען פֿון בשמים. ער האָט די בלעטלעך אַדורכגעפֿירט פֿאַר זײַן נאָז און יעדעס געוואָרפֿן אין אַן אַנדער מילעכל פֿון די, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים. פֿאַרשידן זײַנען געווען די מילעכלעך, מערסטנס זײַנען דאָס געווען האַנט־מילעכלעך פֿון האַרטע שטיינער אָדער אויס מאַרמאָר; אַנדערע בשמים האָט מען געשטויסן אין מעטאַלענע מערזשלס, לויט

די פֿאַרשיידענע סאָרטן אײלן און בשׂמים־געווירצן, וועלכע דער מערזשל האָט באַדאַרפֿט אויסהאַמערן. דאָס אַלץ האָט בר־תּלמי געטון בלינדערהייט. זײַנע אויגן וועלכע זײַנען געוועזן אָפֿן, נאָר איבערגעצויגן מיט גלאַנצנדיקע, טויטע, ווײַס־באַטריבטע הײַטלעך, זײַנען בלינד — האָט זיך געדאַכט — פֿאַר אַלץ און אַלעם, — נאָר די בשׂמים־ריחות זעען זיי ווי העלע קאָלירן, וואָס עס וואַרפֿן פֿון זיך די געווירצן און בלומען. טוענדיק אָבער זײַן אַרבעט, האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו פֿאַרציילן עפּעס, צו וואָס די אַרומיקע האָבן זיך צוגעהערט מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם. זיי האָבן אַלע אײַנגעהאַלטן דאָס שאַרפֿע קלאַפּן מיט די שטייסלען, כּדי זיי זאָלן זיך קאָנען צוהערן צו זײַן קול. און גערעדט האָט ער, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס מיט זײַנע בלינדע אויגן געזען צושוועבן פֿון דער ווײַטער פֿאַרנעפּלטקייט. אַפֿילו מײַן באַגלייטער, דער יונגער חנן, איז פֿאַראינטערעסירט געוואָרן צו הערן וואָס ער זאָגט. מען האָט אָנגעזען אין זײַן לאַנגער נאָז, וועלכע איז בלייך געוואָרן פֿאַר אויפֿרעגונג און אין זײַנע שפּיציקע אויגן, וועלכע האָבן זייער חלף־גלאַנץ באַקומען, אַז ער איז אויפֿגעבראַכט, דאָך אינטערעסירט עס אים וואָס דער בלינדער פֿאַרציילט. שוין אָפּגערעדט פֿון מרים מאַגדאַלענאַ, — מען האָט באַדאַרפֿט זען איר פּנים, אירע אויגן, די גליקלעכקייט און די דערלייזונג, וואָס האָט געשײַנט אויף איר. אין דער קלאָרקייט פֿון אירע אויגן האָט מען דערפֿילט איר געמיט. ווי עס איז געוועזן צו דערוואַרטן, האָט דער בלינדער גערעדט וועגן דעם זעלבן, וואָס מען האָט אומעטום איצט גערעדט צווישן די ייִדן אין ירושלים, אין גאַנץ יהודה און אין גליל. וואו מען איז געקומען, וואו מען איז געשטאַנען, האָט מען נאָר געהערט רעדן צווישן זיי וועגן זייער משיח, וועלכן זיי האָבן דערוואַרט יעדן טאָג, אַז ער זאָל קומען, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ רעאַלער זאַך, וואָס דאַרף אָט שוין געשען; אָט ווי וועגן זייערס אַ קעניג, וועלכער איז געגאַנגען אין קריג אַרײַן, האָט אַ גרויסע שלאַכט געוואונען און מען דערוואַרט יעדן טאָג, אַז ער זאָל אין זײַן טריאומף אין דער שטאָט אײַנציִען; די שליחים, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט, זײַנען שוין אָנגעקומען מיט דער בשׂורה, אָט שטייט ער שוין הינטערן טויער... — אַזוי האָבן זיי אַלע דעם משיח דערוואַרט און דאָס אין אַלע קלאַסן, אין אַלע שיכטן, סײַ אָרעם, סײַ רײַך...

עס איז אויסגעבראָכן דאָרט צווישן די אַרומיקע און דעם זון פֿון כּהן גדול, חנן, — ווי געוויינלעך אומעטום, ווען ייִדן קומען זיך צונויף — אַ שטורעמדיקער וויכּוח איבער דעם משיח. דער קלוגער, אויסגערעכנטער חנן האָט דאָס מאָל נישט געקענט מײַסטערן זײַן מיט פֿאַרדאַכט באַאַבאַכטנדיקן שטילן שמייכל, וואָס פֿלעגט שפּילן אויף זײַנע ליפּן, ווען ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפֿן מיט דעם אומצוטרייעבדיקן פּעבל. ער האָט זיך געלאָזט מיטרײַסן פֿון זײַן הייסן טעמפּעראַמענט, ער האָט פֿאַרגעסן אין זײַן ראַנג און שטעלונג און איז געוואָרן איינער פֿון זיי. איך האָב שוין דענסטמאָל אָנגעהויבן פֿאַרשטיין דאָס אומגייענדיקע לשון פֿון דעם ייִדישן המון, אין זייער אַראַמישן דיאַלעקט האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט פֿיל גריכישע ווערטער, וואָס זיי האָבן באַנוצט אין דער שפּראַך פֿון זייער טעגלעכן אומגאַנג. איבריקנס, האָט מיר שפּעטער אויף מײַן פֿאַרלאַנג דעם כּהן גדולס זון געני דאָס געשפּרעך איבערגעגעבן. פֿיל האָב איך זיך אויך געקענט משער זײַן פֿון זייערע לעבהאַפּטע, טעמפּעראַמענטפֿולע באַוועגונגען און זשעסטיקולירן, וואָס האָבן באַגלייט זייערע

דיסקוסיעס. איך ווייס נישט, צי זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן פֿאַר זיך דעם אַלמעכטיקן חנן בן חנן. אָבער דער בלינדער האָט עס יאָ געמוזט וויסן, — ער האָט אים דערקענט אין זײַן שטימע, און צוליב דעם, זעט זיך אויס, האָט ער אים פּראָוואָצירט און אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד.

זיי האָבן גערעדט וועגן דעם, וויפֿיל ברויט און אייל, האָניק און ווײַן זייערע פֿעלדער און ווײַנגערטנער, בינשטאָקן און טייטלביימער וועלן אַרויסגעבן, ווען זייער משיח וועט קומען; ווי זיי וועלן זיך באָדן אין וואוילטאָג און רײַכטום, און וויפֿיל מדינות ער וועט פֿאַר זיי אײַננעמען; ווער עס וועט אַלץ נישט זײַן צו זיי אונ־טערטעניק און וואָס פֿאַר אַ ניסים עס וועלן אַלץ נישט געשען אין יענע טעג, ווען דער הימל וועט זיך שפּאַלטן און די ערד וועט ציטערן.

— אָבער ווער וועט דאָס זײַן דער משיח, וועלכער שטייט שוין הינטער אײַער טיר און הערט זיך צו צו אײַער געוויין? — אַ מעכטיקער קעניג אַזעלכער, וואָס וועט אַלע אײַערע שפּײַכלערס אָנפֿילן מיט תּבֿואות, אַלע אײַערע קריגן מיט אייל און האָניק און וועט יעדן איינעם פֿון אײַך גערטענער און פֿעלדער מיט וועלדער פֿאַרטיילן? יעדע נאַקעטקייט וועט ער באַדעקן, איבער יעדן קאָפּ וועט ער אַ דאַך אויסשפּרייטן? ווער איז דאָס דער, וואָס איר לייגט אַזוי פֿיל האָפֿענונגען אויף אים? פֿון וואַנען וועט ער דאָס אַלץ נעמען, כּדי אַזוי פֿיל חלומות וואָר צו מאַכן? ער וועט דאָס אַזוי פֿיל לענדער אײַננעמען? מיט וואָס פֿאַר אַ חיל? ווער וועלן זײַנע פֿאַרבינדעטע זײַן, כּדי אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט אונטער זײַנע פֿיס צו ברענגען? אַ קעניג אַזעלכער אַ גרויסער וועט ער זײַן?... — האָט זיי געפֿרעגט דעם כּהן גדולס זון מיט שפּאָט און פֿאַראַכטונג.

אַ געלעכטער מיט אַ געשפּריץ פֿון שפּײַעכץ פֿון אַנצייניקע מײַלער האָט זיך געהערט אַרום.

— אַנישט באַדאַרף ער דען לענדער אײַננעמען? די פֿעלקער וועלן אַליין ווערן צו אים אונטערטעניק!

— אַז גאָטס אויסדערווײלטער וועט קומען, וועט פֿון אײן ווײַנטרויב אַזוי פֿיל ווײַן זיך גיסן, אַז איך וועל מיר קאָנען פֿון אים אָנצאַפּן גאַנצע קריגן און טרינקען, טרינקען, טרינקען אָן אויפֿהער! — האָט אַ מאַן מיט פֿאַרקלעפּטע אויגן פֿון ראָפּע מיט אַ שטום־לאַכנדיקער צורה און מיט אַן אַנצייַנערדיקן מויל אַרויסגע־שפּריצט פֿון זיך.

— און איך... איך... — האָט אַ שטאַמלער מיט אַ פֿאַרקאַלטעוואַטער באָרד פֿון מיסט און שמוץ אַרויסגעקרעקט — איך וועל מיר אין פֿעלד אַרויסגיין, איין זאַנג וועל איך מיר אָפּשנײַדן, און עס וועלן זיך פֿון איר גאַנצע זעק מיט קערנער שיטן און איך וועל האָבן ברויט צו עסן אויף וואָכן, חדשים־לאַנג צום ערשטן מאָל צו דער זעט.

— נאַר איינער, אַנישט ווילסטו דען באַדאַרפֿן דיר די קערנער אַליין אויס־שלאָגן? דער ווינט וועט שוין פֿאַר דיר דעם ווייץ דרעשן, דו וועסט נישט ברויכן אָפּילו די תּבֿואה אין דער מיל אַרײַנצוברענגען, אַזוי ווי עס וואַקסט — וועט עס האָבן דעם טעם פֿון ברויט! האָט אַן אַנדערער פֿאַנטאַזירט.

— און איך וועל מיר ליגן אַ גאַנצן טאָג אונטער אַ טייטלבוים, און דער האָניק וועט טריפֿן מיר פֿון די טייטלען גלײַך אין מויל אַרײַן — האָט נאָך עמיצער גע־

שטשירעט מיט פרייד, אַרויסשטעקנדיק די צונג פון זײַן ברייט־אויפגעשניטן מויל, ווי ער וואָלט שוין איצט געלעקט דעם האָניק.

עס איז דאָרט געזעסן אײַנגעקאָרטשעט אונטער זיך אַ הויקערדיקע פרוי. זי האָט מיט איר הויקערדיקן קערפּער פאַרשטעלט די קרומע פיס אונטער זיך און האָט אויסגעקוקט ווי אַ פירעקיק קלעצל, איר ביינערדיקער שאַרפער קאָפּ האָט אַרויסגעשטאַרצט צווישן די שאַרפן פון איר הויקערדיקער ברוסט. זי האָט אויסגעצויגן אַ קורצן האַלדז און מיט אַ שנאָפּלדיקער שטימע געפּאָנפעט:

— און איך וועל מיר יעדן טאָג... יעדן טאָג... יעדן טאָג...

וואָס ווּעסטו דיר יעדן טאָג? — פרעגן די אַנדערע מיט נײַגעריקייט.

און מיט אַ קוים־אײַנגעהאַלטענער, פון פרייד איבערגעכליפּעטער שטימע, ווי זי וואָלט זיך מיט אַ זיסן געטראַנק געקרעקט, האָט זי אַרויסגעלאָכט:

— איך וועל יעדן טאָג אַ זון געבוירן!...

אָבער דער בלינדער בר־תלמי האָט זיי אַלעמען אײַנגעשטילט. שוין אַ לענגערע צײַט האָט ער זיי מיט זײַנע שאַרנדיקע הענט געוואָלט אָנכאַפּן בײַ די גאָרגלען און זיי אײַנשטילן. זיי האָבן נישט באַמערקט, נישט געוואָלט זען די רויטע לעכער פון זײַנע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעדאָכט זיך, אַז זיי שרײַען; זיי האָבן נישט געוואָלט זען זײַן צום געוויין אויסגעקרומט פּנים, הערן זײַן פון אויפרעגונג פאַרהוסטנדיק קול, אַזוי זײַנען זיי געווען פאַרנומען מיט דער פרייד פון זייער שפע, אין וועלכער זיי וועלן זיך באָדן, ווען משיח וועט קומען. ענדלעך האָט דער בלינדער איבערגעשריגן זיי:

— ניין, נישט דאָס, נישט דאָס, נישט בלויז עסן און טרינקען און וואוינען און קינדער האָבן! ניין, נישט דאָס, נישט דאָס! לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוח ה׳ — דער הייליקער גײַסט, ווי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט. אַ צײַט פון בלויז גערעכטיקייט, פון לויטער אמת, אַ צײַט פון הערשאַפט פון גאָט!...

אָבער איצט איז חנן אומגעדולדיק געוואָרן:

— ווער וועט דאָס זײַן דער מאַן, וואָס וועט דאָס וואונדער באַשאַפן, דאָס וואונדער, פון וועלכן איר חלומט אַזוי, וואָס וועט די אַלע בויטן זעטיקן? אַ מאַן, אַ נײַער שלמה המלך, אַ מלך פון דודס הויז אָדער גאָט אַליין וועט אויף דער ערד אַראָפּקומען דעם וואונדער באַווײַזן? אַז שלמה המלך מיט זײַן גרויסער חכמה האָט דעם וואונדער נישט באַוויזן, ווי אַזוי וועט עס דער נײַער שלמה באַווײַזן?

— אַ נײַער שלמה? — ציט דער בלינדער פאַנאַטיקער אין זײַן געדאַנק — אַוודאי וועט ער זײַן פון דודס הויז ווי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט! אָבער קיין מלך וועט ער נישט זײַן, ניין, אויף קיין נײַעם שלמה וואַרטן מיר נישט, נישט אויף קיין מלכים וואַרטן מיר! וואָס האָבן מיר, מישטיינס געזאָגט, געהאַט פון אונדזערע מלכים? זײַנען דען נישט מקוים געוואָרן דעם נבֿיא שמואלס רייד, וואָס ער האָט פאַראויסגעזאָגט — וואָס די ייִדישע מלכים וועלן טון מיט אונדז: „אײַערע קינדער וועט ער נעמען צו שפּאַנען זײַנע רײַטוועגן און אויס אײַערע טעכטער וועט ער קעכינס און דינערינס מאַכן!"... עס איז נאָך ערגער געוואָרן! ווי לאַנג האָט דען געדויערט דוד המלכס מלוכה איבער אונדז? שוין זײַן זון שלמה האָט אונדז אין קנעכט פאַרוואַנדלט, ווי זײַן שווער פּרעה האָט געטון מיט זײַן פאָלק, וועמענס טאָכטער ער האָט זיך פאַר אַ ווײַב גענומען. וואָס האָבן מיר גע־

האָט דערפֿון, וואָס ער האָט אַ רײַכן בית־מקדש פֿאַר גאָט אויפֿגעשטעלט? פֿון זײַן גאָלדענעם מזבח האָבן אַנגעסטן פֿון דעם געפּײַניקטן פֿאָלק אַרויסגעטריפֿט. אַזוי גרויס ווי ס׳איז געווען דער קופּערנער ים, וואָס די קינדער פֿון צידון האָבן פֿאַרן בית־מקדש געגאָסן, אַזוי פֿול איז ער געווען מיט די טרערן פֿון זײַן פֿאָלק, וואָס ער האָט אין קנעכטשאַפֿט געהאַלטן. ניין, נישט קיין מזבח פֿון גאָלד און נישט קיין ים פֿון קופּער פֿאַרלאַנגט גאָט, נאָר אַ האַרץ פֿון אַ גערעכטן מענטש און ריינע הענט, וואָס זאָלן נישט אונטערדריקן קיין אַלמנות, נישט באַוועלהן קיין יתומים. און האָט ער דען נישט, שלמה, דער גרויסער ייִדישער קעניג, פֿיל פֿרעמדע ווײַבער זיך גענומען, במות פֿאַר די אומווירדיקע און עקלדיקע געצן פֿון מואבֿ אויפֿגעשטעלט, וואָס צוליב אים האָט גאָט דאָס פֿאָלק פֿון ישׂראל צעשפּאָלטן און צעבראָכן אויף שטיקלעך? זײַנען זײַנע קינדער אין בעסערע וועגן געגאַנגען? האָט דען נישט געזאָגט רחבֿעם, זײַן זון: „מײַן פֿאָטער האָט אײַך געשלאָגן מיט ריטער און איך וועל אײַך שלאָגן מיט שטעכיקע דערנער!“ און האָבן אונדז דען נישט אַלע זייערע קינדער געשלאָגן מיט שטעכיקע דערנער, צו אָפּגעטער געדינט, געטון דאָס שלעכטס אין גאָטס אויגן, ביז גאָט האָט אונדז פֿאַראומווירדיקט, אַוועקגעוואָרפֿן, ווי מען וואַרפֿט אַוועק אַן איידעלן דרור־פֿלאַנץ, וואָס איז ווילד געוואָרן און אַנשטאָט שמעקעדיקע בלומען ברענגט עס פֿון זיך שטעכעכץ אַרויס (וואַרפֿט ער מיט פֿאַראַכטונג אַ ביטער קרויט פֿון זײַן האַנט אַרויס), ביז גאָט האָט זײַן הויז חרובֿ געמאַכט און אונדז מיט שאַנד און פּײַן אין גלות פֿאַרטריבן! און זײַנען זיי דען שפּעטער בעסער געווען? איין דור האָט קוים געדויערט דאָס געשלעכט פֿון די חשמונאים, אָדער דאָס אויך נישט, און באַלד האָבן זיי אַליין אַוועקגעשטעלט דאָס אומריינע חזיר אין בית־מקדש, קעגן וועלכן זייער זיידע האָט מיט אַזאַ העלדנמוט געקעמפֿט. קוקט זיך צו, וואָס עס איז געוואָרן אויס דעם צווייטן אָדער דריטן דור פֿון די חשמונאים־קעניגן! זיי האָבן מיט זייערע שטענדיקע מחלוקת, נישט־פֿאַרגינערײַ אדומען געבראַכט אין לאַנד אַרײַן און אַ פֿרעמדן רשע איבער אונדז אַלס קעניג געזעצט! דאָס זײַנען געווען די ייִדישע קעניגן, וועלכע מיר אַליין האָבן איבער זיך געזעצט, ביז מיר האָבן געמוזט בעטן, אַז שוין גלײַכער אַ פֿרעמדע מאַכט זאָל איבער אונדז הערשן. אָדער צי איז די הערשאַפֿט פֿון די כּהנים גדולים בעסער? קוקט זיך צו, וואָס זיי טוען מיט אונדז (איך האָב מיט נײַגעריקייט באַאָבאַכט דעם חלף־גלאַנץ אין חננס אויגן; דער בלינדער האָט, זעט זיך אויס, לאַנג געוואַרט אויף דער געלעגנהייט, ער זאָל אים דאָס אין פּנים זאָגן.)! זײַנען די הײַנטיקע בני־חנן בעסער ווי די בני־עלי? שלעפּן זיי דען נישט מיט די גאָפּלען פֿון גאָטס טאָפּ אַרויס? האָט זיך דען נישט געהערט אַ שטימע די טעג פֿון בית־מקדש רופֿן: „בני־עלי לא ידעו את ה׳“...

חנן איז בלייך געוואָרן:

— וואָס האָט זיך געהערט?

— אַ בת־קול האָט אויסגערופֿן אין בית־מקדש, די כּהנים בײַ דער עבֿודה האָבן עס געהערט און פֿאַרציילט צווישן פֿאָלק: „בני־עלי לא ידעו את ה׳“ — דאָס מיינט מען די בני חנן — האָט איינער פֿון זיי זיך אָנגערופֿן.

און אַן אַנדערער האָט זיך אַרײַנגעמישט:

— איך האָב געהערט אין בית־מקדש־הויף פֿון אַ רבי אויסטײַטשן אויף די בני־עלי דעם פּסוק: „שנות רשעים תקצרנו!"...

און אַ דריטער האָט צוגעגעבן:

— ניין, נישט אויף קיין נײַעם שלמה, נישט אויף קיין בני־עלי וואַרטן מיר, נאָר אויף דעם מלך המשיח, ווי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט.

אָבער דער יונגער חנן האָט עס מער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט מיך אָנ־געכאַפּט בײַ דער האַנט און געזאָגט:

— קומט, הגמון, מיר זײַנען צווישן רעבעלן!...

ווען מיר זײַנען צוריק אַהיימגעריטן, האָט ער פֿון גרויס אויפֿרעגונג געשוויגן אַ לאַנגע צײַט. מיר זײַנען זיכער געווען, אַז זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, וועמען זיי האָבן פֿאַר זיך. דער סגי־נהור האָט דאָך דעם כּהן גדולס זון אַוודאי געמוזט דערקענען לויט זײַן שטימע, ער האָט דאָך מיט אים אָפּט דיסקוטירט. חנן האָט געקאָכט אין זיך און אין זיך געדריקט. כּדי אים לײַכטער צו מאַכן, האָב איך פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך מיט אים:

— וואָס וועסטו אים טון דערפֿאַר? די צונג אויסשנײַדן?

— לײַדער האָבן מיר נישט אַזעלכע שטראָפֿן — האָט ער געזאָגט מיט באַ־דויערן. — צום בעסטן וואָלט איך געלאָזט אַ לעפֿל מיט צעלאָזענעם בלײַ אין זײַן קעל אַרײַנגיסן. דאָס איז אייגנטלעך די געזעצלעכע שטראָף פֿאַר אים. מיר קאָנען אָבער נישט אַליין קיין טויט־אורטייל אַרויסגעבן. איר האָט פֿון אונדז די רעכט אָפּגענומען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ קרעכץ — אייגנטלעך וואָלט איר אים באַדאַרפֿט לויט אײַער מנהג אויף אַ האַלץ קרײַציקן.

— ווען ער וואָלט עס געווען געזאָגט אויפֿן קייסער אָדער אויף אונדזער רוי־מישער הערשאַפֿט, מעגסטו זיכער זײַן, וואָלטן מיר זיך שוין מיט אים אַן עצה געגעבן. ער האָט באַליידיקט אײַער רעליגיע און אײַערע קעניגן, עס איז די שענ־דונג פֿון אײַער רעליגיע און טעמפּל, — מוז אײַער סנהדרין דעם פּסק־דין אַרויסגעבן.

— דאָס איז די צרה מיט אונדז, אין אונדזער סנהדרין האָבן זיך לײַדער אַרײַנ־געכאַפּט אַ סך פֿון די פּרושים. וואָס מיינסטו וועלן זיי אים טון דערפֿאַר, וואָס ער האָט דאָס אָנדענקען פֿון אונדזערע קעניגן און אונדזערע כּהנים באַליידיקט? זיי וועלן אים נײַן און דרײַסיק מלקות געבן. איז' אַ וואונדער, וואָס עס מערן זיך בײַ אונדז רעבעלן און אויפֿשטענדלער?

— איז טאַקע שלעכט! איך האָב לעצטנס דעם פּראָקוראַטאָר באַריכטעט וועגן דער לײַכטקייט פֿון אײַער שטראָף.

— אַך, לאָז מיך נאָר איין מאָל קומען צו דער מאַכט — קרעכצט דער יונגער־מאַן — וועל איך שוין וויסן, וואָס מיט אַזעלכע צו טון!

דערויף זײַנען מיר אָנגעקומען צו רײַטן צום טויער פֿון דער שטאָט. אין שטאָט־טויער האָבן מיר צוזאַמען מיט די אַנדערע שטײַער־אויפֿמאַנערס מיט די היטערס אויך אָנגעטראָפֿן אויף די שמשים פֿון כּהן גדול. מיר האָבן זיי דערקענט אין דעם, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט די בלײַ־באַשווערטע קאַנטשוקעס. זיי זײַנען געגאַנגען אָנגעטון אין הויכע ווײַסע מיצן מיט טעוועלעך אויף די

ברוסטן — די אָפּצייכענונג פֿון כּהן גדול. זיי זײַנען דעם באַליבטן זון פֿון כּהן גדול אַנטקעגנגעלאָפֿן און געבויגן זיך פֿאַר אים אין ערפֿורכט.

— גייט אַרויף אין דאָרף הינָי, אין דעם בשׂמים־גאָרטן פֿון מרים מאַגדאַלענאַ, דאָרט געפֿינט זיך אַ סגי־נהור, וועלכן מען רופֿט בר־תּלמי, בינדט אים און ברענגט אים פֿאַרן משפּט פֿון כּהן גדול, ער איז איינער פֿון די געפֿערלעכסטע טעמפּל־לעסטערער.

די שמשים זײַנען שוין געווען אויף זייער וועג.

עס זעט אויס, אַז חנן האָט בײַם משפּט נישט געקאָנט אַדורכזעצן צו פֿאַרשיקן דעם בלינדן אַלס שקלאַף אין זײַנע אייל־מילן, ווי עס האָט זיך אים געוואָלט. חנן בן חנן האָט מיך גערופֿן בײַצוווינען די עקזעקוציע איבער דעם בלינדן.

— וואָס האָב איך אײַך געזאָגט, מער ווי אויף נײַן און דרײַסיק מלקות וועלן זיי אים נישט פֿאַרמשפּטן. איז אַ וואונדער, וואָס עס מערן זיך בײַ אונדז פֿאַר־ברעכער — האָט ער זיך צו מיר געווענדט, און מיך צוגעפֿירט צו דעם קליינעם בית־דין, וואָס איז געווען בײַם אַרײַנגאַנג פֿון דעם אינערלעכן הויף פֿון בית־מקדש. די שמשים האָבן נאָר־וואָס אַרויסגעטראָגן דעם בלינדן אייל־מישער און אַוועקגעלייגט אים אויף דער מאַרמאָרנער פּלאַטע, כּדי די עקזעקוציע פֿון נײַן און דרײַסיק מלקות איבער אים אויסצופֿירן. מיט טאָפּל־געניטע רימענס אויס אייזל־און אָקסן־פֿעל האָבן זיי אים אויפֿן נאַקעטן רוקן אַראָפּגעלאָזט די שמיץ. זיי האָבן געקאָנט שמײַסן, די ווײַסע הויך־באַמיצטע כּהן גדולס שמשים מיט די שפּיציקע בערד. און דערבײַ איז איינער פֿון זיי געשטאַנען און פֿרום געציילט די שמיץ: „איינס, איינס און איינס, איינס און צוויי...״

פֿון אונטער די שמיץ האָט זיך קיין זיפֿץ נישט געהערט פֿון בלינדן, ער האָט זיך נאָר געקלאַפּט אין האַרץ אַרײַן און זיך מתוודה געווען.

באַלד דערויף איז ער מיט מרים מאַגדאַלענאַ אין גאַנצן פֿאַרשוואונדן פֿון דער שטאָט. ווי מיר האָבן געהערט, זײַנען זיי אַוועק קיין גליל, דאָרט האָט גע־זאָלט אַ נײַער וויזיאָנער אויפֿשטיין.

וואָס עס איז דענסטמאָל געוואָרן מיט דעם בלינדן אייל־מישער, ווייס איך נישט. איך האָב געמוזט פֿאַרלאָזן יהודה אויף אַ געוויסער צײַט און בין אַוועק קיין גליל אין אַ וויכטיקער שליחות צום טעטראַרך הורדוס אַנטיפּאַס. אָבער שפּעטער האָב איך זיך נאָך אַמאָל באַגעגנט מיט אים, — מיט אים און מיט מרים פֿון מגדל, נאָר אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדן שוין...

# 15

## בײַם טעטראַרך פֿון גליל

באַלד האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיטן טעטראַרך הורדוס אַנטיפּאַס אין זײַן נײַער הויפּטשטאָט, וואָס ער האָט אויסגעבויט בײַם ברעג פֿון כּנרת, נישט ווײַט פֿון די וואַרעמע קוואַלן. איך האָב זיך געפֿונען בײַ הורדוסן אין אַן אָפֿיציעלער שליחות. צווישן דעם פּראָקוראַטאָר פּאָנטיוס פּילאַטוס און דעם טעטראַרך האָט נישט געהערשט קיין שלום־בית פֿון ערשטן טאָג אָן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן עטיקעט־פֿראַגע: ווער עס האָט וועמען פֿריִער אַ וויזיט אָפּצושטאַטן. דער טעטראַרך האָט זיך באַטראַכט אַלס פּערזענלעכער פֿרײַנד פֿון קייסער טיבעריוס, פֿאַר וועמענס כּבֿוד וועגן ער האָט זײַן הויפּטשטאָט אויפֿגעבויט (אַלע האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר פֿרײַנד פֿון קייסער און וועגן דעם אַפֿילו אויף די מטבעות געלאָזט אויסקריצן), אַחוץ דעם — אַ הערשער איבער אַ מדינה, כּמעט אַ קעניג, און אויפֿן פּראָקוראַטאָר האָט ער אַראָפּגעקוקט ווי אויף אַ רוימישן פֿונקציאָנער. פּאָנטיוס פּילאַטוס ווידער האָט אים איינפֿאַך איגנאָרירט. איבעריקנס איז הורדוס אַנטיפּאַס גאָרנישט געווען קיין באַליבטער מענטש, אויך דער פּראָקאָנסול פֿון סיריע, וויטעליוס, האָט אים נישט זייער גערן געהאַט, און וואָס אָנבאַטרעפֿט זײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיטן קייסער, איז נאָך אויך געווען אַ גרויסע פֿראַגע; גיכער איז ער געווען אַ גאַנצער מחותּן מיט סעיאַנוס, דעם קייסערס מעכטיקן בעל־יועץ, וועלכן אַלע האָבן געהאַלטן אין איין באַשיטן מיט מתּנות און פֿון וועלכן אַלע האָבן דערוואַרט טובֿות. דער טעטראַרך איז געווען אַ כיטרער און אַ דורכגעטריבענער אַזיאַט. פֿון אויבן אויף איז קוים געווען צו דערקענען, אַז ער איז אַ ייִד. קיין איין שפּור ייִדישקייט איז נישט געווען אין אים אָנצוזען: דאָס הורדוסישע כאַראַקטעריסטיש ענערגישע געזיכט; דער שטאַרקער שעדל־ביין אונטער זײַן הויט ווי אויס האַרטן שטאָל געגאָסן; קיין סימן פֿון קיין באָרד נישט; פֿון זײַן מיט ענערגיע שפּראָצנדיקן פּנים האָט אַרויסגעקוקט אַ דורכדרינגלעכער, אומצוטרוילעכער בליק, וואָס איז געקומען פֿון זײַנע שומרונישע שטאָל־בליצנדיקע גרויע אויגן, — אַזוי האָט מען געמיינט, מען האָט פֿאַר זיך אַ רוימישן חייל־פֿירער (אַלע האָבן זיי געוואָלט אויסזען ווי עכטע רוימער). זײַנע אָרעמס זײַנען געווען שטאַרק מוסקולירט, ער איז געווען אַ גוטער בויגן־ציִער און אַ גלענצנדער שפּיזן־וואַרפֿער, אין געיעג האָט ער זיך וואונדערבאַר אויסגעצייכנט; ער האָט זיך אויך אײַנגעשאַפֿט גוטע מאַנירן, אַפֿילו גערעדט נישט קיין שלעכטן לאַטײַן און גריכיש. נאָר דאָס אַלץ איז בלויז געווען אויבנאויף. זײַן העלעניסטישע קולטור איז אויף אים געהאָנגען, ווי אַ רוימישע טאָגע אויף אַ ווילדן גערמאַנישן פֿירשטלינג.

אַזוי ווי ער איז נישט באַשטימט געווען צו ירשנען די קרוין נאָכן פֿאָטער, האָט אים הורדוס נישט געשיקט שטודירן קיין רוים, ווי ער האָט דאָס געטון מיט די קינדער פֿון זײַן ווײַב מרים. אָבער נאָך דעם ווי דער פֿאָטער האָט געטויט

מרימס קינדער פֿאַר פֿאַראַט, ווי אויך דעם דריטן זון זײַנעם, וועלכן ער האָט גע־האָט באַשטימט פֿאַרן טרוינפֿאָלגער — וואָס דאָס האָט געבראַכט דעם קייסער אויגוסטוס צו זאָגן דאָס שיינע וואָרט: — „איך וואָלט ליבער געוואָלט זײַן אַ חזיר, איידער אַ זון פֿון הורדוס", — איז אַנטיפּאַס, וועלכער איז געווען אַ זון פֿון אַ שומרונית, באַשטימט געוואָרן אין הורדוסעס צוואה אַלס קעניג פֿון גליל און פּערעאַ. אָבער קייסער אויגוסטוס האָט אים נאָר געגעבן דעם טיטול פֿון טעטראַרך.

דער גאַנג פֿון טעטראַרך אַנטיפּאַס איז געווען, ווי בײַ אַלע זײַנע ברידער, זײַן פֿאָטער, דער גרויסער הורדוס, און ער האָט אים געפּרוווט אין אַלעם נאָכטון. פּונקט ווי הורדוס האָט ער זיך געהאַלטן פֿאַר אַ פֿרײַנד פֿון קייסער און סענאַט, און פֿאַרשאַפֿן דעם קייזערלעכן הויף און אַלע אײַנפֿלוסרײַכע סענאַטאָרן מיט טײַ־ערע מתּנות, וואָס ער האָט אַרויסגעפּרעסט פֿון זײַן פֿאָלק. מיר האָבן אָבער זײַן לאָיאַליטעט־פֿאַרזיכערונג נישט ערנסט גענומען. מיר האָבן אים גוט נאָכשפּיאָ־נירט און געוואוסט פֿון די געהיימע פֿאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן בײַ אים אָפּגע־האַלטן מיט די אַרומיקע טעטראַרכן און פּרינצן. מיר האָבן די פֿאַרזאַמלונגען אָדער „געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרווײַלונגען", ווי ער האָט דאָס אָנגערופֿן, איינפֿאַך פֿאַרבאָטן. און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז אונדזער פֿאַרדאַכט אויפֿן טעטראַרך געווען נישט אומבאַגרינדעט. אַ גאַנצן אַרסענאַל פֿון פּאַנצערס האָט מען בײַ אים געפֿונען. נאָר דאָס איז אַ מעשׂה אויף שפּעטער. איצט האָבן מיר נאָר דאָס איינע געוואוסט: ער קאָן קיין איין טאָג זײַן הערשאַפֿט אין גליל נישט אָנהאַלטן אָן דער שטיצע פֿון אונדזערע קאָהאָרטעס.

אַזוי ווי זײַן פֿאָטער, האָט ער אויך געהאַט אַ מאַניע פֿון בויען. ער האָט אָבער דאָס בוי־משוגעת נישט געקאָנט אַזוי אויסברייטערן ווי זײַן פֿאָטער, ווײַל ער האָט נישט געהאַט די מיטלען דערצו. ער האָט פֿון זײַן פֿאָלק, די גלילער, אויסגענאָגט יעדן לויט פֿעטס ביז דעם לעצטן ביין דורך פֿאַרשידענע שטײַערן, קאָנטריבוציעס און קאָנפֿיסקאַציעס, וואָס ער האָט אַרויפֿגעלייגט אויף זיי, כּדי צו זײַן ביכולת זײַן בוי־משוגעת צו זעטיקן. דאָך איז אַ וואונדער, ווי אַזוי ער האָט פֿון דעם קליינעם לאַנד גליל, וועלכעס איז אַפֿילו רײַך געווען אין פֿרוכטבאַרער ערד און האָט צו־געשטעלט שפּײַז און פֿרוכטן פֿאַר דעם האַלב־וויסטן יהודה, אָבער דאָך קליין אין אומפֿאַנג, דאָס זעלבע אויך פֿון דער זאַמדיקער פּערעאַ — געקאָנט אַרויס־פּאַמפּען אַזוי פֿיל גאָלד, כּדי צו קאָנען אויפֿבויען כאַטש אַזאַ שטאָט, ווי עס איז געווען זײַן נײַע רעזידענץ טיבעריאַס. דער טעטראַרך האָט מיט עכטער באַרבאַרי־שער דורכגעטריבענער כיטרעקייט געשפּילט אַ טאָפּל־שפּיל: פֿאַר די ייִדן האָט ער זיך אויסגעגעבן, אַז ער איז אַ געטרײַער אָנהענגער פֿון דער ייִדישער טראַ־דיציע און אַן אייפֿעריקער אויספֿירער פֿון ייִדישן געזעץ. ער האָט, צום בײַשפּיל, נישט געלאָזט אויספּרעגן אויף זײַנע מטבעות קיין געשטאַלט פֿון אַ מענטש אָדער אַ חיה, נאָר ווי זײַן פֿאָטער הורדוס האָט ער זײַנע מטבעות בלויז באַצירט מיט צייכענונגען, וואָס סימבאָליזירן די פֿרוכטבאַרקייט פֿון זײַן לאַנד, ווי קאָרן־זאַנגען און איילבירטן־ביימער, כּדי צו געפֿעלן ווערן אין די אויגן פֿון די ייִדישע געזעץ־געבער. ער פֿלעגט אויך אויף די ימים־טובֿים אָפֿט באַזוכן ירושלים לויט דעם ייִדישן מנהג, געווען אַן אָפֿטער גאַסט אין בית־מקדש און געזעטיקט דעם מזבח מיט די פֿעטסטע שעפּסן און רינדער. אויך אין געזעץ האָט ער געהאַלטן נישט

מיט די אויפֿגעקלערטע און ציוויליזירטע צדוקים, נאָר מיט די רעאַקציאָנערע פֿאַנאַטיקער און געזעץ־אויסטײַטשער. דערפֿאַר אָבער האָט ער בײַ זיך אין דער היים, אין זײַן נײַער הויפּטשטאָט, געפֿירט אַ לעבן פֿון אַן עכטן הייד. קודם־כּל, כּדי צו האַלטן די יידעלעך ווײַט פֿון זיך, אַז זיי זאָלן זיך אים נישט אַרײַנמישן אין זײַן פּריוואַטן לעבן, האָט ער געלאָזט אויפֿבויען זײַן נײַע הויפּטשטאָט אויף אַן אַלטן בית־הקבֿרות, כּדי די ייִדן זאָלן לויט זייערע געזעצן דערקלערן דאָס אָרט פֿאַר אומריין און זאָלן זיך נישט ווועלן באַזעצן אין דער דאָזיקער שטאָט. ער האָט באַצויגן אָרעמע גריכן, אַשקאַלאָנער, פֿעניציער פֿון טירה און עכו, מען זאָגט אַפֿילו, אַז ער האָט בעטלערס און אַנטלאָפֿענע שקלאַפֿן צונויפֿגעשלעפּט אין זײַן הויפּטשטאָט דערפֿאַר, ווײַל זײַנע ייִדישע אונטערטאַנען האָבן נישט געוואָלט דאָס אָרט באַטרעטן. ער האָט אַפֿילו געברענגט קאָלאָניסטן פֿון ציפּערן און סיריע און האָט זיי באַשאַנקען מיט בוי־פּלעצער און אַליין אויפֿגעבויט פֿאַר זיי הײַזער, שווים־בעדער, גימנאַזיומס, טעאַטערן, פֿאַר וועלכע ער האָט אַראָפּגעבראַכט שוי־שפּילער און גלאַדיאַטאָרן פֿון אַנטיאָכיע. ער האָט אַפֿילו אָלימפּישע שפּילן אײַנ־געאָרדנט, פֿאַר וועלכע ער האָט הויכע פּרײַזן אויסגעשטעלט, כּדי עס זאָל זיך לוינען די וועט־לויפֿער צו קומען צו אים אַזש פֿון אַלעקסאַנדריע, פֿון אַטען און פֿון אַנדערע גריכישע שטעט, — אַזוי ווי זײַן פֿאָטער, דער גרויסער הורדוס, האָט זיך געפֿירט. שוין אָפּגערעדט פֿון דעם באַרימטן טעמפּל אויס ווײַסן מאַרמאָר און מיט רײַכע קאָלומנעס, וואָס ער האָט מיט אַזאַ פּראַכט לכּבֿוד דעם קייסער אויפֿ־געשטעלט אין זײַן נײַער הויפּטשטאָט. אויף אַלץ האָבן די אָרעמע ייִדעלעך גע־מוזט זייער געלט געבן!

איך האָב אויך, פֿאַרשטייט זיך, די ערע געהאַט צו באַקענען זיך מיט דער דאַמע פֿון הויז, הורודיה. דאָס איז געווען אַ העכסט געבילדעטע און גוט דערצוי־גענע מטרונותא. הורדוס אַנטיפּאַס האָט זי צוגענומען פֿון זײַן ברודער, בײַ וועלכן ער האָט זי באַגעגנט אויף זײַן וועג קיין רוים. די דאַמע איז געווען אַמביציעז, גע־האַט גרויסע באַקאַנטשאַפֿט אין רוים און האָט פֿאַרן טעטראַרך געשטרעבט אַרויס־צובאַקומען דעם קעניג־טיטול און צו פֿאַרגרעסערן זײַן טעריטאָריע אויפֿן חשבון פֿון זײַנע ברידער.

זי האָט זיך מיט איר ברודער אַגריפּאַ דערצויגן אין הויף בײַם קייסער אויגוס־טוס, און דערפֿאַר איז זי געווען אויסגעקאָכט אין אַלע אינטריגעס פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט אין רוים, פֿאַרמאָגט פֿרײַנד אין די העכסטע ספֿערן. זי איז געשטאַ־נען אין שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט די אײַנפֿלוסרײַכסטע פּערזענלעכקייטן פֿון דער הויפּטשטאָט, מיט דער קייסערין, ווי אויך מיט דער טאָכטער פֿון גער־מאַניקוס, אַגריפּינאַ, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַ גרויסע ראָלע צו שפּילן אין די רעגי־רונגס־קרײַזן. זי האָט דאָס אײַנגעפֿירט אין דעם הויף פֿון טעטראַרך די העלע־ניסטישע קולטור, אַרומגערינגלט זיך מיט גריכישע פֿילאָסאָפֿן, מיט רוימישע שוישפּילער, טענצערינס, מיט דעם גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ, וואָס עס געהער צו אַ גרויסן קעניגלעכן הויף. זי האָט אַראָפּגעבראַכט אין טעטראַרכס הויף אַרײַן דעם ברודער פֿון ניקאָלאַוס פֿון דמשק, פּטאָלאָמעאוס, וועלכער האָט געפֿירט פֿאַרן טעטראַרך די מלוכה־געשעפֿטן, געשריבן פֿאַר אים די רעדעס, וואָס אים איז אויס־געקומען צו האַלטן בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן. ער האָט געפֿירט אויך פֿאַר

אים די קאָרעספּאָנדענץ מיט רוים. דורך דעם טעטראַרכס געביט זײַנען אַפּט אַדורכגעגאַנגען רוימישע חיל־פירער, הויכע באַאַמטע זײַנען געקומען אויפמאַנען די שטײַערן, — זײַנען זיי אַלע אין טעטראַרכס הויף אויפגענומען געוואָרן מיט די פרײַנדלעכסטע פּנימער און מיט אָפענע אָרעמס. מען האָט געגעבן פאָרווײַלונגען אין די טעאַטערן, אין די צירקן פאַר זייער כּבֿוד וועגן און מ'האָט געבראַכט קרבנות אין די טעמפּלען לכּבֿוד דעם קייסער. די רוימישע אַרמיי־פירער אָדער די באַאַמטע פון שטאַטהאַלטער האָבן געקאָנט צו וויסן געבן אין רוים און יעדן איינעם וועמען מ'האָט באַדאַרפט — וועגן דעם גריכיש־רוימישן קולטור־ווינקל, וואָס דער טעטראַרך האָט געשאַפן ווי אַן אינדזל אין דער וויסטעניש פון ייִדישער באַרבאַרײַ, וועגן דער רוימישער פרײַנדשאַפט און ליבע, וואָס מען פילט אין דעם ים פון פײַנדשאַפט און פרעמדקייט אויף דער אומרואיקער ייִדישער, גלילער ערד.

אויך מיך האָט מען בײַם טעטראַרך אַלס פאָרטרעטער פון פראָקוראַטאָר פון יהודה אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס. די טעטראַרכין האָט מיר איר הויז היימיש געמאַכט פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס איך האָב באַטרעטן די שוועל פון איר הערלעכער זײַלן־האַליע. זי האָט מיך אונטערן אָרעם גענומען און געפירט מיר ווײַזן די פּראַכטפולע גערטענער, וועלכע האָבן זיך אַרײַנגעשוואָנקען אין דעם ראַנד פון דער רואיקער, ווי גלאָז געשליפענער כּנרת־אָזערע, די שיינע וואַסער־רעזערוואָרן אַרײַנגעזעצט ווי יוועלן צווישן עקזאָטישע בלומען און פלאַנצן, צווישן וועלכע אויסטערלישע פייגל זײַנען אַרומגעפלויגן. אַנומלט, ווען איך האָב מיט איר שפּאַצירט אין דער פּראַכטפולער אַלייע פון יריחו־פאַלמען, וואָס האָט באַוואַכט דעם ברעג פון דער אָזערע אין איר גאָרטן, האָט זי מיר געזאָגט אין בעסטן רוימישן לאַטײַן:

— לײדער זײַנען מיר צו ווײַט פון רוים, צו ווײַט פון זײַנע קולטור־אוצרות. אָבער מיר טוען אַלץ, כּדי אויפצוהאַלטן בײַם ראַנד פון דער מדבר דעם גײַסט פון רוימישן געניוס, וועלכער איז דער איינציקער ליכט־ און פרייד־ברענגער פאַר די מענטשן.

זי האָט מיר אויך פאָרגעשטעלט איר טעכטערל שלומית, אַ קינד פון איר ערשטן מאַן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אין הויף פון טעטראַרך. דאָס פרײַלין האָט דעמאָלט געקאָנט אַלט זײַן נישט מער ווי אַ נײַן־צען יאָר. איר שפּילערישע געקרײַזלטע לאָקן־כוואַליע האָט זיך ווילד געגאָסן איבער אירע באַוועגלעכע, ציטערדיקע יונגע נאַקן און פּלייצעס. צווישן די האָר־שפּאַלטן האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר אומרואיק שוואַרץ־גלאַנציקע קירשן־אויגן. איר קערפּער איז געווען ווי אַ שלאַנגען־גוף בויגזאַם, באַוועגלעך און עלאַסטיש, און זי האָט מער אויסגעזען ווי אַ גוט געפלעגטער ייִנגלינג. איר קערפּער איז געווען ווי אַ סטרונע אָנגעצויגן פון אַ שטאַרקן אָרעם אויף פײַלנבויגן. מיט איין וואָרט — אַ כאַראַקטעריסטישע אָריענטאַלישע שיינקייט, לײדער אַ ביסל ייִדיש, צו ייִדיש עקזאַלטירט, מיט נערוועזישער אויפציטערדיקייט. זי האָט געהאַלטן אין איין קלינגען מיט אירע אומצייליקע אָרנאַמענטן, וואָס האָבן לויטן אַראַבישן אָרט אירע האָר־פלעכטן אַראָפּגעשווערט; אויך זײַנען פיל אָרנאַמענטן אויף אירע הענט, האַלדז און פיס געהאַנגען.

— זי איז נאָך אַ ביסל ווילד — האָט די מטרונותא פאַר מיר פאַרענטפערט די נישט־געשליפנקייט פון איר טאָכטער — ביז היינט האָט זי נאָך אייגנטלעך קיין אָנשטענדיקע דערציאונג נישט געגאָסן. מיר האָבן געוואוינט ביי איר פאָטער אין דער מיט פון דער וויסטע, איז זי מיר געוואַקסן ווילד ווי אַ יונג סאַרנעלע — האָט זי די טאָכטער געגלעט איבער איר געקרייזלטן קאָפ און געשפילט זיך מיט אירע לאָקן. — אָבער איצט וועט אַנדערש ווערן — האָט זיך די מוטער געטרייסט — איצט האָבן מיר פאַר איר געקויפט אַ גריכישן דערציער אויפן אַשקאַלאָנער שקלאַפן־מאַרק, אַ העכסט אויסגעבילדעטן מענטש אין אַלע וויסנשאַפטן, מיט די בעסטע גריכישע מאַנירן. איר דערציונג וועט שטיין אונטער דער אויפזיכט פון אונדזער פריינד פטאָלאָמעאוס. דער כיליאַרך האָט זיך דאָך אַוודאי באַגעגנט מיט אונדזער שטאַט־סעקרעטאַר — זאָגט זי מיט שטאָלץ — ער איז אַ ברודער פון דעם באַרימטן ניקאָלאַוס פון דמשק, וואָס האָט אַזוי אָפט פאַרטרעטן אונדזער גרויסן הורדוס פאַרן קייסער אויגוסטוס. אונטער זיין געניט אויג וועט מיין טעכטערל זיך אָננעמען מיט גריכישער קולטור, וואָרעם דאָס פריילין וועט באַלד באַדאַרפן אַריינ־גיין אין דער געזעלשאַפט און שפילן אַ ראָלע אין מלוכהשן לעבן. די קליינע וועט באַלד ווערן אַ הערשערין, איר פעטער פיליפוס, נעמלעך, דער טעטראַרך, שדכנט זיך צו איר. מיין מאַן און איך גייען גערן איין אויפן שידוך, און אַלס צוקונפטיקע טעטראַרכין באַדאַרפסטו, מיין קינד, וויסן, ווי מיט מענטשן זיך אומצוגיין. — האָט זי פאַרענדיקט, ווענדנדיק זיך צום טעכטערל...

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך דאָרט אין הויף פון אַנטיפּאַס שוין נישט גע־צערעמאָניעט מיט די ייִדישע געזעצן: וואָס מען מעג יאָ און וואָס מען טאָר נישט עסן. אַן ערשטקלאַסיקער אַלעקסאַנדרישער קוכער איז דאָרט געווען. און ערשט די פאַרוויילונגען ביים עסן, די שקלאַפן־טענצער און טענצערינס, די מוזיקער! — מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מען געפינט זיך נישט ביי קיין ייִדישן קעניג אין הויף, אין אַ פאַרוואָרפענער פראָווינץ צווישן באַרבאַרן, נאָר אין דער בעסטער רוימי־שער געזעלשאַפט. דערצו נאָך האָט פטאָלאָמעאוס פון דמשק פאַרשענערט דאָס מאָלצייט מיט זיינע פילאָסאָפישע געשפרעכן און מיט זיינע סאָפיסטישע אויספּי־רונגען. איך וועל נישט פיל דערפון דערציילן, ווייל נאָך אַלעם זיינען די אַלע פילאָסאָפישע געשפרעכן צווישן שקלאַפן־טענץ און ווייַן־זויפן לאַנגווייליק. דאָרט האָב איך אויך געהאַט די געלעגנהייט נאָך אַמאָל זיך צו באַגעגענען מיט דעם שפּעטערדיקן ייִדישן קעניג און איצטיקן חובות־מאַכער און ווערפל־שפּילער, אַגריפּאַ. ער איז געווען צו גאַסט ביי זיין פעטער און שוואָגער הורדוס אַנטיפּאַס, ביי וועמען ער האָט פאַרנומען אַ גוטע שטעלע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט גרויסע איינקונפטן. ער איז געווען אַן אויפזעער איבער די מערק. אָבער וויפיל דער ייִדישער אַריסטאָקראַט אַגריפּאַ האָט נישט אויסגעפּרעסט פון די אָרעמע גלילער פאַרמערס און גערטנער, איז אים אַלץ געווען ווינציק (איבריקנס, וויפיל פלייש האָט געקאָנט זיצן אויף דעם ביין, פון וועלכן עס האָבן שוין געגריזשעט די גרוי־סע, רוים און דער טעטראַרך?). דער ייִדישער פרינץ אַגריפּאַ האָט שוין דענסטמאָל געהאַט אַרום זיך אַ גרויסן שטאַב און געלעבט נישט ווי אַ צוקונפטיקער, נאָר ווי אַ איצטיקער הערשער. געוואוינט צו דעם העכסטן לוקסוס פון זיין דערציאונג אין קייסער אויגוסטוס הויף, האָט ער תמיד זיך געגוויטיקט אין געלט. און וויפיל ער

האָט נישט קיין חובות געמאַכט, בײַ װעמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט — פֿון זײַנע פֿרומע לאַנדסלײַט אָן, ביז צו די העכסטע פּערזענלעכקייטן פֿון דער רוימישער אימפּעריע, װעלכע זײַנען אַלע געװען זײַנע פֿרײַנד, — איז אים אַלץ װיניציק געװען. ער פֿלעגט אָפֿט קומען צו זײַן שװאָגער און פּעטער, דעם טעטראַרך, פֿון אים געלט באַרגן (אויף װאָס אַלץ די גלילער פּויערים האָבן געמוזט אַרבעטן!).

מיר האָבן זיך אייגנטלעך גוט געקענט. איך האָב זיך שוין געהאַט מיט אַגריפּאַ אייניקע מאָל באַגעגנט בײַ אָפֿיציעלע פֿײַערלעכקייטן אין צעזאַריע, אויך אין אַנטיאָכיע. ער האָט מיך אָבער קיין מאָל נישט דערקענט, איך בין געװען, װײַזט אויס צו קליין, אַז דער ייִדישער פּרינץ זאָל מיך באַמערקן. אין נעאַפּאָלוס (אין שומרון), בײַ די פֿערד־געיעגן אויף דער רוימישער אַרענע, האָב איך געהאַט אַנומלט מיט אים אַ קליינעם צוזאַמענשטויס. דער פּרינץ אַגריפּאַ איז געװען אַ ליידנשאַפֿטלעכער שפּילער, און יעדעס מאָל װען דער פּראָקוראַטאָר האָט אײַנגעאָרדנט אַ פֿערד־געיעג, איז דער פּרינץ געװען פֿון די ערשטע אײַנשטעלער. די הערלעכע אַרענע אויף דעם קאַפּעל פֿון די שומרונישע בערג איז געװען צו קאָסט־באַר, אַז דער פּראָקוראַטאָר זאָל זי קאָנען אויסהאַלטן מיט אירע פֿיל פּאַלאַצן, זײַלן־אַלייען און טעמפּלען. ליידער האָט מען שוין בײַ אונדזער אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבן צו פֿאַרנאַכלעסיקן די געביידעס, אָבער פֿון צײַט צו צײַט, װען דער פּראָקוראַטאָר האָט געהאַט בכּבֿודיקע געסט פֿון רוים אָדער פֿון אַנטיאָכיע, האָט ער דאָרט אײַנגעאָרדנט לכּבֿוד זייער באַזוך אַטלעטישע שפּילן, פֿערד־געיעגן און גלאַדיאַטאָרן־קאַמפֿן. דער פּרינץ אַגריפּאַ, װעלכער האָט זיך געלאַנגװײַלט אין הויף פֿון זײַן שװאָגער אין טבֿריה און געפּלאָגט זיך מיט זײַן קעניגלעכן אַמט, װאָס ער האָט פֿאַרנומען בײַ אים, האָט געזוכט יעדע געלעגנהייט װאָס האָט זיך נאָר געמאַכט, כּדי זיך צונויפֿצוקומען מיט די רוימער.

צװישן די רײַטװאָגן־טרײַבער, װעלכע האָבן זיך געלאָזט יאָגן אויף דער אַרענע, האָבן זיך אויך געפֿונען די קינדער פֿון עלטסטן כּהן גדול, מײַן פֿרײַנד טעאָפֿילוס, װעלכער איז געװען אַ געשולטער װאָגן־לענקער, און זײַן ברודער מתּתיהו. איך האָב געשטעלט אויף מײַן פֿרײַנד טעאָפֿילוס, און דער פּרינץ אַגריפּאַ — אויף זײַן ברודער מתּתיהו, װעלכן ער האָט פֿאַװאָריזירט און איז געװען מיט אים אין פֿרײַנדלעכע באַציאונגען. מיר זײַנען ביידע געשטאַנען בײַ אונדזערע פֿאַװאָריטן, באַטראַכט די אומגעדולדיקע ראַסיקע פֿערד און צוגעגעבן מוט די װאָגן־לענקערס אין אייפֿער פֿון געװעט. כּדי מער קוראַזש צו װעקן בײַ זײַן פֿרײַנד, האָט דער ייִדישער פּרינץ אַרויפֿגעיאָגט דאָס געװעט אויף אַ הויכע גאָלד־סומע. איך, װאָס כ'בין זיכער געװען אין זיג פֿון מײַן פֿרײַנד טעאָפֿילוס, װעמענס מוסקול־שטאַרקייט איך האָב גוט געקענט, אָבער כ'בין גאָרנישט זיכער געװען אין דער גרויסער סומע, װאָס דער ייִדישער פּרינץ האָט אַזוי פֿאַרשװענדעריש אַרײַנגעװאָרפֿן אין דעם געװעט, האָב פֿאַרלאַנגט, אַנשטאָט אַ װאָרט, באַרעס געלט. דער פּרינץ האָט זיך באַליידיקט. איך האָב געװאָוסט, אַז איך האָב אָנגערירט אין אַ שװאַכן פּונקט. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ פֿאַראַכטנדיקן בליק, װאָס האָט געזאָלט זאָגן: „װער איז דאָס דער, װאָס װאָגט צו צװייפֿלען אין מײַן װאָרט?" און ער האָט געמאַכט אַ באַמערקונג צו אַ נעבנשטייענדיקן פֿרײַנד:

— מען ווייסט שוין נישט מער הײַנט, מיט וועמען מען קומט זיך צונויף אין דער העכערער געזעלשאַפֿט; אַמאָל איז עס אַנדערש געווען, מען האָט יעדן איי־נעם, וואָס האָט געהאַט אַ צוטריט צו דער געזעלשאַפֿט, געקענט!

איך בין אים, פֿאַרשטייט זיך, נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפֿער און איך האָב אים צוריק געזאָגט:

— אַמאָל האָבן די פּרינצן פֿון הויז הורדוס גערעגנט מיט גאָלד, הײַנט רעגענען זיי מיט נישט קוראַנטע וועקסלען!...

עס איז געוואָרן צווישן אונדז אַ געשפּאַנטע שטימונג. דער פּרינץ האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון געוועט. פֿון דענסטמאָל אָן האָט ער געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף מיר.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך האָט ער מיך דאָסמאָל, אין טיבעריאַס, גאַרנישט דער־קענט. „גאַרנישט געוואוסט, אַז עס געפֿינט זיך אַ כּיליאַרך אין ירושלים!" — האָט ער אָפּגעענטפֿערט זײַן שוועסטער, דער טעטראַרכין, ווען זי האָט מיך פֿאַר אים פֿאַרגעשטעלט, און ער האָט געמאַכט אַ דערשטוינט פֿאַרלאַנגווײַלינגט געזיכט, אַרויסגענומען זײַן שמאַראַגד, צוגעלייגט צום אויג און מיך באַטראַכט. איך האָב אים דערויף אָפּגעענטפֿערט: „איך האָב שוין געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן אײַך צו קענען־לערנען אויפֿן פֿערד־געיעג אויף דער אַרענע פֿון נעאַפּאָלוס". ער האָט זיך קוים דערמאָנט. די שוועסטער אָבער, וועלכע איז געווען אַ וואויל־דערצויגענע דאַמע און געוואוסט צו מאַנעווורירן אין דער געזעלשאַפֿט, האָט אויך דאָס מאָל פֿאַרגלעט די זאַך:

— אַגריפּאַ, דאָס איז דער הויפּטמאַן קאָרנעליוס, דער פֿאַרטרויאונגס־מאַן פֿון פּאָנטיוס־פּילאַטוס!

איבריקנס, האָט מען אים נישט גערן געהאַט, דעם פּרינץ. ער האָט דעם טעט־ראַרך באַהאַנדלט נישט ווי אַ קעניגלעכע פּערזאָן, נאָר ווי ער וואָלט געווען עפּעס מינדערוועטיקס. דער אייינציקער עלטערער מענלעכער יורש פֿון דער גרויסער יחסנישער חשמונאים־משפּחה פֿון וועלכער ער האָט געשטאַמט פֿון זײַן באָבעס צד, דער טראַגיש־אומגעקומענער מרים; דער יוגנט־פֿרײַנד פֿון קייסער טי־בעריוסעס אייינציקן זון, וועלכער איז יונג געשטאָרבן, און דער פֿרײַנד פֿון זײַנע פּעטערס, גערמאַניקוס' קינדער, קאַליגולאַ און קלאַודיוס — האָט ער פֿאַרשטענד־לעך, געהאַלטן פֿון זיך זייער פֿיל און אַראָפּגעקוקט אויפֿן טעטראַרך מיט פֿאַר־אַכטונג. יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערמאָנט רוים, האָט ער נישט פֿאַרגעסן צוצו־לייגן: „מײַן פֿרײַנד קאַליגולאַ", „מײַן פֿרײַנד קלאַודיוס" און מער נאָך ווי קלאָר געגעבן אָנצוהערן — מיט אַ מינע, פֿאַרשטייט זיך — אַז דער קייסער טיבעריוס לעבט צו לאַנג, אַז עס איז צײַט, די רוימישע הערשאַפֿט זאָל צופֿאַלן איינעם פֿון זײַנע פֿרײַנד, דענסטמאָל וועלן זיך פֿאַר אים אויך אָנהייבן אַנדערע צײַטן.

איך האָב אים פֿײַנד געהאַט דעם ייִדישן אַריסטאָקראַט, וועלכער רימט זיך מיט זײַנע באַקאַנטשאַפֿטן אין דער העכסטער רוימישער געזעלשאַפֿט און וועל־כער איז געווען אויסגעקאָכט אין דער רוימישער פּאָליטיק און געהאַלטן אין איין אינטריגירן מיט די הויפֿלײַט. ער האָט געהאַלטן אין איין פֿאַרזעצן זײַן פֿרײַנד־שאַפֿט מיט צוקונפֿטיקע קסרים און זײַן אויסזיכט צו ווערן קעניג פֿון יהודה און אפֿשר גאָר איבער גאַנץ ארץ־ישׂראל. אויסגעזען האָט ער שוין אין גאַנצן ווי אַ רוימער, קיין סימן פֿון אַ באָרד נישט געטראָגן, געגאָלט די וואָנסעס, מיט אַ רונ־

דיק פֿליישיק פּנים איז ער געזעסן, דער יִדישער אַדלמאַן און געשפּילט זיך, לויט דעם פֿאַסאָן פֿון די רוימישע אַריסטאָקראַטן, מיט אַ געשליפֿענעם שמאַראַגד, וועלכן ער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט צוטראָגן צו איינעם פֿון זײַנע אויגן און באַטראַכטן זײַן אומגעבונג מיט פֿאַרלאַנגווײַלטער, גלײַכגילטיקער מינע. מיר האָט ער צומאָל קיין בליק נישט געשאָנקען, ווי איך וואָלט גאָרנישט פֿאַר אים עקסיסטירט, דאָס זעלבע אויך מיט די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט. ער האָט זיך געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס פֿון אַלע, פֿאַרלאָזט דאָס מאַלצײַט אינמיטן דערינען און אַוועקגעגאַנגען פֿון באַנקעט. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך גוט היטערן אויער פֿאַרשריבן זײַנע באַמערקונגען וועגן קייסערס לאַנג לעבן און לאַנגער הערשאַפֿט, און געלאָזט וויסן שפּעטער ווען מען באַדאַרף. ניין, איך האָב אים נישט ליב געהאַט, אײַער יִדישן קעניג אַגריפּאַ דעם ערשטן. דערפֿאַר זײַן שוועסטער הורודיה — אַלע מײַנע ערן! וואָס פֿאַר אַן אינטעליגענטע רייצנדיקע פּערזאָן! זי האָט געהאַלטן מיך אין איין אמוזירן, אין איין איבערבעטן פֿאַר איר ברודערס האַלטונג. „איר ווייסט דאָך — געוואוינט צו רוימס לוקסוס, וואָס קאָן ער דאָ טון בײַ אונדז אין דער פֿאַרוואָרפֿענער פּראָווינץ? איז ער פֿאַרלאַנגווײַליקט און איריטירט" — האָט זי געהאַלטן אין איין פֿאַרענטפֿערן און פֿאַרגלעטן די טאַקטישע פֿעלערן פֿון איר ברודער.

איבריקנס האָב איך געהאַט דעם כּבֿוד אײַנגעלאַדן צו ווערן צו פֿאַרברענגען מיטן טעטראַרך און זײַן פֿאַמיליע אויף זײַן פֿעסטונג־שלאָס מכוור, וואָס ער האָט געהאַט אויף יענער זײַט ים המלח, אין זײַן פּראָווינץ פּערעאַ. ער האָט זיך געקליבן דאָ צו פֿײַערן דעם יום־טובֿ פֿון זײַן געבורטס־טאָג אין דעם ענגן קרײַז פֿון זײַנע פֿאַמיליע־מיטגלידער און נאָענטע פֿרײַנד, צו וועלכע איך האָב געהאַט די ערע געציילט צו ווערן.

מכוור איז געלעגן אויף אַ הויכן באַרג און האָט מיט איר מעכטיקער הייך אַראָפּגעקוקט אויף דער ווײַטער וויסטע, וואָס האָט מיט אירע זאַמד־כוואַליעס זיך אָנגעשלאָגן אין די מויערן פֿון דער פֿעסטונג. מכוור איז געשטאַנען האַרט בײַ דער גרענעץ פֿון אַראַביע, וואו עס איז געלעגן די טעריטאָריע פֿון טעטראַרכס פֿרײַערדיקן שווער און איצטיקן שׂונא, דער אַראַבישער קעניג. אַ שׂונא איז ער אים געוואָרן צוליב דעם, וואָס ער האָט זײַן ערשטע פֿרוי, די טאָכטער פֿון אַראַבישן קעניג, אויסגעטוישט אויף דער הורודיה. עס איז געווען שווער ארויפֿצוקומען צו דער פֿעסטונג, מיר האָבן זיך אויף אונדזער רײַך־באַפּוצטן, מיטן גאַנצן קאָמפֿאָרט און באַקוועמלעכקייט אויסגעשטאַטעטן קאַראַוואַן פֿון קעמלען, אייזלען און מולען, געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג אויף דעם שווער־באַשטײַגנדיקן באַרג, וואָס איז באַשטאַנען נישט אויס זאַמד, נאָר אויס צוזאַמענגעברענטע שטיינער. ווי אַ לאַווע פֿון אַ פֿײַער־שפּײַענדיקן באַרג וואָלט אַדורכגעגאַנגען די גאַנצע געגנט און אָפּגעלעקט יעדעס גרעזל און יעדע שפּראָצונג, נאָר וואו נישט וואו האָט אַן אָרעמער קאַקטוס זײַן שטעכעדיק לעבן געפֿירט צווישן די שטיינער. דאָס אָרט האָבן טאַקע די יִדן גערופֿן סדום, און לויט זייער טראַדיציע איז עס אַמאָל געווען אַ פֿרוכטבאַרע געגנט, נאָר גאָט האָט פֿאַרשאָלטן דאָס לאַנד איבער די זינד פֿון אירע אײַנוואוינער און פֿאַרוואַנדלט עס אין פֿאַרברענטע שטיינער און אין אַשיק זאַמד. אויף אָט דעם שפּיץ באַרג איז געשטאַנען די פֿעסטונג אויס געהאַקטן שטיין און

באַהערשט די גאַנצע מדבר אַרום. פֿון דער ווײַטנס האָט מען געזען דעם שטרייף פֿון דערפֿרישנדיקן גרינס פֿון די פֿעטע טייטל־ביימער, איילבירטן און ווײַנגער־טענער פֿון יריחו, וועלכע האָבן אַרומגענומען איין זײַט פֿון ים המלח און פֿאַר־לוירן זיך מיט דער לענג פֿון ירדן אין דעם ירדן־טאָל אַרײַן. אָבער דער גאַנצער ים המלח איז געזעסן אײַנגעגראָבן, ווי אַ פֿינקלדיק אויג אין אַ וויסט פּנים פֿאַר־זעצט, אין דעם ראַנד פֿון דעם מדבר אַרום. דאָרט אויבן אויף דער פֿעסטונג האָט דער ייִדישער טעטראַרך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם אַרויפֿגעצוואונגענעם מאַנטל פֿון רוימישער קולטור, מיט וועלכן זײַן ווײַב האָט אים געהאַלטן אײַנגעצוימט אין זײַן הויפּטשטאָט, אין טבריה. דאָ האָט ער זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַן אמתער אַזיאַ־טישער טיראַן אין זײַן גאַנצער אומגעצוימטער נאַטור. ער האָט דאָ געהאַט זײַן אַראַבישן האַרעם מיט אַן אַ שיעור קעבס־ווײַבער, מיט אומצייליקע שקלאַפֿן און שקלאַפֿינס, וואָס זײַן אַראַביש ווײַב, די טאָכטער פֿון אַראַבישן קעניג, האָט אים באַשאַנקען צו זייער חתונה. ער האָט דאָ געפֿירט אַן עכט ווילד לעבן און נישט זשענירט זיך פֿאַר זײַן קולטורעל ווײַב און פֿאַר זײַנע געסט. „ער באַדאַרף זיך אויסלעבן...״ — האָט די קלוגע הורודיה מיט איר וועלט־פֿאַרשטענדעניש אויפֿ־געקלערט און אַ גוט־האַרציקן שמייכל געטון. „ווען ער איז אַ פֿאַר חדשים דאָרט אונטן אין פּאַלאַץ צווישן ציוויליזירטע מענטשן, אין אַ קולטורעלער אַטמאָספֿערע, ווערט אים ענג און ער מוז אַרויפֿקומען אויף אַ פּאָר טעג אין זײַן באַרבאַרישן שלאָס אַלע שטריק אויפֿצולאָזן. דאָ קאָן ער האָבן אַזוי פֿיל קעבס־ווײַבער, וויפֿיל ער וויל נאָר, דאַן ווערט ער ווידער געלאַסן, אײַנגעשטילט און פֿעאיק צווישן מענטשן זיך צו געפֿינען״.

אין דעם געפֿענגניש־קעלער פֿון דער פֿעסטונג האָט מען דענסטמאָל געהאַלטן אַ פּאָליטישן געפֿאַנגענעם. אייגנטלעך האָט מען אים דאָרט געהאַלטן פֿאַר מאַיעס־טעט־באַליידיקונג, אָבער די נאַטור פֿון זײַן פֿאַרברעכן איז געווען אַ פֿיל שווע־רערע און געפֿערלעכער ווי אַ געוויינלעכע מאַיעסטעט־באַליידיקונג, וואָרעם דער מאַן האָט געהאַט אַ גרויסע אַנהענגערשאַפֿט און איז געווען זייער באַליבט בײַ די נאַיווע און אומוויסנדע מאַסן, וועלכע האָבן אים באַטראַכט פֿאַר אַ נביא. דאָס איז געווען דער אָנפֿירער פֿון יענע משוגענע און פֿאַנאַטישע עסייער, ווי האָט ער דאָס געהייסן? יאָ, יוחנן המטביל האָבן זיי אים גערופֿן. דאָס איז טאַקע געווען אָט דער פֿאַנאַטישער וויסטלינג, וועלכער האָט געוואָגט צו קומען פֿאַרן טעטראַרך און אים זידלען און שעלטן דערפֿאַר, ווײַל ער האָט צוגענומען בײַ זײַן ברודער די פֿרוי; די ערנווירדיגע דאַמע האָט ער אָנגערופֿן מיט אָרדינערע נעמען און פֿאַרגליכן זי מיט אַן אויסגעלאַסענער קעניגין, וואָס די ייִדן האָבן אַמאָל געהאַט און אויף וועלכער זייערס אַ נביא האָט אַ שלעכטן סוף אָנגעזאָגט, און עס האָט טאַקע געזאָלט מקוים ווערן. אויפֿן באַפֿעל פֿון טעטראַרך האָט מען אים געפֿאַנגען גענומען אין דער וויסטע, לעבן יריחו, וואו דער ירדן גיסט זיך אין ים המלח אַרײַן. דאָרט האָט ער זײַן קוואַרטיר געהאַט און דאָרט האָט ער דאָס פֿאָלק גערופֿן צו זיך. מען האָט אים אין קייטן געשמידט און געבראַכט אויף דער פֿעסטונג, וואו מען האָט אים געהאַלטן אין דעם פֿעסטונגס־קעלער. ווי יעדער טיראַן, איז אויך דער טעטראַרך געווען אַבערגלויביש, ער האָט מורא געהאַט זיך צו באַגיין שלעכט קעגן דעם מאַן, וועלכן דאָס פֿאָלק האָט צוגעשריבן אַ נביאישע קראַפֿט.

כדי אים אומשעדלעך צו מאַכן, האָט ער אים געהאַלטן געפֿאַנגען אין דער ווײַטער, וויסט־ליגנדיקער פֿעסטונג און נישט געאײַלט זיך אויסצופֿירן איבער אים די עקזעקוציע. ער האָט אַפֿילו צוגעלאָזט צו אים אין דער פֿעסטונג זײַנע תּלמידים, מיט וועלכע יוחנן האָט ווײַטער געלערנט זײַן פֿאַנאַטישע לערע. און ווי איך בין געוואָר געוואָרן, האָט יוחנן אַפֿילו פֿון דער תּפֿיסה אַרויס אַרויסגעשיקט שלוחים צו פּרעדיקן זײַן געפֿערלעכע לערע. ער האָט געהאַט אין דער תּפֿיסה אַלע פֿרײַהייטן, ווײַל דער טעטראַרך האָט מורא געהאַט פֿאַר דעם פֿאַנאַטיקער, וועלכן ער האָט געהאַלטן פֿאַר אַ נביא.

די טעטראַרכין האָט, אין דער האַנדלונג פֿון איר מאַן געזען גרינגשעצונג צו איר פּערזאָן, אַ דערנידעריקונג פֿון איר כּבֿוד, און פֿון שטאַנדפּונקט פֿון רעגירונגס־אינטערעס באַטראַכט דעם טעטראַרכס שוואַכקייט פֿאַר זייער געפֿערלעך, וואָרעם די לאַנג־אָפּגעצויגענע שטראָף פֿון דעם מאַיעסטעט־לעסטערער קאָן אַרויסרופֿן בײַם פֿאָלק נאָכמאַכערס, און וואָס נאָך ערגער — אַ גרינגשעצונג פֿאַר די רעגירנדיקע פּערזענלעכקייטן און פֿאַרן גאַנצן הערשער־סיסטעם, אַ מאָטיוו, צו וועלכן איך האָב אין גאַנצן צוגעשטימט. איך האָב דאָס שפּעטער קלאָר פֿאָרגעלייגט פֿאַר דעם טעטראַרך, אים אויך קלאָר געמאַכט דעם שטאַנדפּונקט פֿון רוים אין דעם ענין. איך האָב צו אים געזאָגט: „ווען אַפֿילו דער ענין איז אַ ריין לאָקאַלער און ליגט אין דער יוריסדיקציע פֿון טעטראַרך, מוזן מיר אָבער פֿון רוימישן שטאַנדפּונקט עס באַטראַכטן פֿאַר אַ געפֿאַר פֿאַר דער עקסיסטירנדיקער אָרדענונג, אויב פֿאַרברעכער בלײַבן אומבאַשטראָפֿט, מעג עס זײַן צוליב וואָסער ס'איז נישט מאָטיוו". און איך האָב פֿאַרלאַנגט פֿון טעטראַרך אַ שנעלע אויספֿירונג פֿון דער עקזעקוציע פֿון אַזאַ געפֿערלעכן פֿאַרברעכער, ווי דער יוחנן המטביל איז געווען. רוים קאָן נישט צולאָזן קיין פֿאַרנאַכלעסיקונג אין די געזעצן, — האָב איך דעם ייִדישן פֿירשט קלאָר געמאַכט — דאָס קאָן עלול זײַן צו שטערן די עפֿנטלעכע רו.

די טעטראַרכין האָט מיר האַרציק געדאַנקט, אויך פּטאָלאָמעאוס, וועלכער איז געווען דער ראָטגעבער פֿון טעטראַרך, איז מיט מיר געווען אײַנפֿאַרשטאַנדן. אונדזערע ווערטער זײַנען אָבער געפֿאַלן אויף טויבע אויערן, דער טעטראַרך האָט זיך דווקא דאָ, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ פֿאַרברעך קעגן זײַן געקרוינטער פּערזאָן, אַקעגנגעשטעלט ווי אַן אײַנגעשפּאַרט אייזל. ער האָט אָנגעגעבן אויסטערלישע מאָטיוון: כּדי אויסצומײַדן די אויפֿרעגונג אין פֿאָלק, מוז ער די עקזעקוציע אָפּלייגן אויף אַ געוויסע צײַט, ווען די פּאָפּולאַריטעט פֿון דעם מאַן וועט דורך זײַן לאַנג שווײַגן ווערן אויסגעלאָשן. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז דאָס איז נאָר אַ תּירוץ, אַז אינערלעך אין האַרץ האָט ער מורא פֿאַר דעם מאַן, וועלכן זײַן אָבערגלויבישע נאַטור שרײַבט צו געטלעכע מאַכט. וואָרעם אין דער אמתן איז דער טעטראַרך אין זײַן נאַטור געווען דער זעלבער באַרבאַר ווי זײַן פֿאָלק.

איך בין זייער נײַגעריק געווען צו זען דעם מאַן, פֿאַר וועלכן דער טעטראַרך האָט אַזוי מורא. איך האָב געבעטן דעם סעקרעטאַר פֿון טעטראַרך, פּטאָלאָמעאוס, וועלכער האָט צוליב זײַן לאַנגן ווײַלן אין הויף פֿון גרויסן הורדוס געקאָנט דאָס לשון פֿון דער באַפֿעלקערונג, אַז ער זאָל מיר ווײַזן דעם דאָזיקן מאַן. ער איז געווען אַזוי ליב אַליין מיך אַראָפּצובאַגלייטן אין די קעלערן פֿון דער פֿעסטונג־גע־

פּענגניש און צו געבן מיר די גייטיקע אויפֿקלערונגען און אַפילו פֿאַר מיר צו פֿאַרטײַטשן אין לאַטײַניש די ווערטער פֿון דעם פֿאַנאַטיקער.

מיר האָבן אים געפֿונען אַ צוגעקייטלטן מיט איין האַנט צו דער וואַנט; דורך דעם אָפֿענעם לאָך, וואָס איז געווען אויסגעהאַקט אין זײַן קעלער־תּפֿיסה, האָט ער אַרויסגערעדט צו אַ המון פֿון זײַנע אָנהענגער, וועלכע האָבן געהאַט באַלאַגערט דאָס תּפֿיסה־לאָך. ער האָט געהאַלטן אין איין זשעסטיקולירן מיט דער אײנער פֿרײַער האַנט און אין זיי עפּעס אַרײַנגערעדט מיט גרויס ענטוזיאַזם. ער האָט אונדז אַפילו קיין בליק נישט געשאָנקען. ער איז געווען אַזוי פֿאַרנומען מיט די לײַט אין דרויסן, אַז ער האָט אַפילו נישט באַמערקט אונדזער אַרײַנקומען.

איך בין דערשטוינט געוואָרן, ווי אַזוי מען האַלט אַ פּאָליטישן געפֿאַנגענעם, און מ׳לאָזט צו צו אים זײַנע אָנהענגער. איך האָב אָבער פֿאַרלויפֿיק געשוויגן. מיך האָט אינטערעסירט דער געפֿאַנגענער פֿאַנאַטיקער.

אַזוי ווי איך האָב מיר אים פֿאַרגעשטעלט, אַזוי האָט ער טאַקע אויסגעזען: פּונקט ווי אײנער פֿון די, וועלכע איך האָב אַזוי אָפֿט געזען אין בית־מקדש־הויף... צוגעשמידט צו דער וואַנט פֿון דער קעלער־תּפֿיסה, איז געשטאַנען אַ הויכער מאַן, דין, אויסגעמאָגערט, די ביינער האָבן אים אַרויסגעשטאַרט פֿון דער זון־ און מדבר־אָפּגעברענטער הויט. נאָר ווי דין ער איז נישט געווען, זײַנען זײַנע מוסקולן שטאַרק און ביינערדיק געווען ווי פֿון אַ ריז. אויפֿן באַוואַקסענעם קאָפּ האָר האָט ער געטראָגן אַ קעסטעלע פֿון לעדער, פֿאַרבונדן מיט אַ רצועה, ווי איך האָב אָפֿט געזען טראָגן די געזעץ־געלערנטע אויף די קעפּ און אויף די הענט, — ווי מען האָט עס מיר דערקלערט, אַנטהאַלט זיך אין דעם לעדערנעם קעסטעלע די דער־קלערונג פֿון ליבע און באַקענטעניש צו גאָט. ער האָט מיט דער אײנער פֿרײַער האַנט אַכטונג געגעבן, אַז דאָס לעדערנע קעסטעלע, אָדער ווי זיי האָבן דאָס אָנ־גערופֿן „תּפֿילין“, זאָל אים נאָר נישט חלילה פֿון קאָפּ אַראָפּפֿאַלן. זײַן קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט אַ קאַסקאַדע פֿון ברענענדיקע שוואַרצע לאָקן, דורך דעם איז דער לעדערנער באַנד פֿון די תּפֿילין צו ענג געווען אויף זײַן קאָפּ. אויף זײַן זאַק־קלייד, וואָס ער האָט געטראָגן, האָט ער, ווי אַלע אַנדערע ייִדן, געהאַט צו־געבונדן אַזעלכע פֿראַנזלען, „ציצית“ האָבן זיי דאָס גערופֿן. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים געווענדט צו דעם איינציקן שטראַל ליכט, וואָס האָט אַדורכגעדרונגען דורך דער קליינער שמאָלער עפֿענונג אין דעם פֿעסטונג־קעלער. ער האָט געקוקט מיט זײַנע מדברדיקע פֿײַערדיקע אויגן פֿון זײַן אויסגעבלייכטן ביינערדיקן פּנים אַרויס, און מיט פֿאַנאַטישן פֿײַער גערעדט צו די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט אַרום דעם קעלער־לאָך. ער האָט זיך געווענדט צו זיי מיט יענעם עקזאַלטירטן ערנסט, אויף וואָס פֿאַנאַטיקער זײַנען נאָר פֿעאיק. ער האָט דעקלאַמירט צו זיי פֿון זייערע שריפֿטן אַ נבֿיאות וועגן דעם דערלייזער, וואָס זיי דערוואַרטן, אין דעם לשון פֿון זייער שריפֿט, אין העברעאיש:

ער איז געוואָרן אויסגעקליבן און באַהאַלטן מיט גאָט
איידער די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן
און וועט זײַן מיט אים אויף אַלע אייביקייטן.
ער וועט משפּטן די באַהאַלטענע מעשׂים פֿון מענטש,
קיינער וועט נישט קאָנען פֿאַרלייקענען זיי פֿאַר אים
נאָך זײַן אייגענעם ווילן.

— ער איז נישט קיין שלעכטער רעטאָריקער — רוף איך זיך אָן צו פּטאָלאָ־מעאוסן — ווען ער וואָלט נישט געווען אַזוי געפּערלעך, וואָלט מען זײַן טאַלענט געקאָנט אויסנוצן פֿאַר אונדזערע טעאַטערן. וואָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ ווערטער, וואָס ער דעקלאַמירט?

— דאָס זײַנען פּסוקים פֿון דעם ספֿר „חנוך”, — אַ וויזיאָנער, וואָס האָט גע־לעבט נאָך אין דער צײַט פֿון די חשמונאים־קעניגן און נבֿיאות געזאָגט איבער זייער משיח, וואָס באַדאַרף קומען און זיי אויסלייזן. דאָס ספֿר „חנוך” האָט זיי דעם קאָפּ פֿאַרדרייט, און זיי פֿאַנטאַזירן וועגן אַ משיח. הערט זיך צו, וואָס ער זאָגט!

יוחנן האָט זיך אויף אונדז גאָרנישט אומגעקוקט, ווי מיר וואָלטן גאָרנישט געווען. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן צו די ייִדן, וועלכע האָבן באַלאַגערט זײַן תּפֿיסה־לאָך:

אין יענעם טאָג זע איך דעם ברונעם פֿון גערעכטיקייט,
אַלע דורשטיקע טרינקען פֿון אים.
איידער די זון און די הימל־צייכן זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן,
איידער די שטערן פֿון הימל זײַנען געמאַכט געוואָרן,
איז זײַן נאָמען פֿון דעם האַר אויסגערופֿן געוואָרן,
ער וועט זײַן אַן אָנלען־שטעקן פֿאַר אַלע גערעכטע,
אַז זיי זאָלן זיך אויף אים שטיצן און נישט פֿאַלן.

דער מענטשן־זון, דעם וואָס דו זעסט,
מאַכט די קעניגן און די מאַכטהאָבערס פֿון זייערע געלעגערס,
און די שטאַרקע פֿון זייערע טרוינען אויפֿהייבן.
ער פֿאַרשטויסט די מלכים פֿון זייערע טרוינען
און פֿון זייערע מדינות.
פֿינצטער וועט זײַן זייער וואוינונג
און מיט ווערעם זייערע כּלה־בעטן.

— אָבער דאָס איז דאָך מאַיעסטעט־באַליידיקונג אין העכסטן גראַד, די ווער־טער זײַנען דאָך קעגן דעם קייסער געריכטעט, קעגן סענאַט, קעגן דער רוימישער וועלט־הערשאַפֿט, און דאָס לאָזט איר עפֿנטלעך פּרעדיקן! — זאָג איך אָן עמפּערטער.

— דערפֿאַר טאַקע האָט מען אים דאָ אַרײַנגעזעצט!

— אָבער אַזוי האַלט איר אײַערע פּאָליטישע געפֿאַנגענע! איר לאָזט צו צו אים זײַנע אָנהענגער, כּדי ער זאָל צווישן זיי זײַן געפֿערלעכע אַגיטאַציע טרײַבן! זעט נאָר, ווי ער רעדט זיך דורך מיט זיי. ער קאָן דאָך אויך דערהאַלטן פֿון זיי ידיעות פֿון דער דרויסנדיקער וועלט!

— יאָ, ליידער איז עס אַזוי, נישט נאָר ער דערהאַלט ידיעות, נאָר ער שיקט אַרויס זײַנע שלוחים צו די תּלמידים זײַנע, ער פֿירט ווײַטער אָן זײַן אַגיטאַציע אַזוי ווי ווען ער איז געווען אויף דער פֿרײַ.

— אָבער אום גאָטס ווילן, וואָס טוט זיך דאָ בײַ אײַך?

— מיר קאָנען גאָרנישט טון קעגן אים, כּיליאַרך — האָט מיר פּטאָלאָמעאוס אײַנגערוימט אין אויער אַרײַן — דער טעטראַרך האָט מורא פֿאַר אים. ווען ער

הערט זײַן שטימע פֿון קעלער אַרויס, ציטערט ער ווי אַ קינד. ער גלויבט, אַז דער מאַן באַזיצט אַ געהיימע קראַפֿט, איז פֿון גאָט געשיקט, און ער ציטערט פֿאַר אים. רעדט איר מיטן טעטראַרך, אפֿשר וועט איר מיט אײַער אויטאָריטעט בײַ אים עפּעס פּועלן!

— יאָ, ווען עס וועט נישט אַנדערש גיין, וועט זיך דער פּראָקאָנסול פֿון אַנ־טיאָכיע מוזן אַרײַנמישן. עס טוט אונדז לייד אַרײַנצוטרעדן אין די אינערלעכע אַנ־געלעגנהייטן פֿון טעטראַרכס ממשלה, אָבער ווען איר האָט נישט דעם מוט אָנ־צונעמען די נייטיקע שריט פֿאַר דער רו אין לאַנד, וועט ער עס מוזן אויף זיך נעמען!... האָב איך געזאָגט דעם שטאַט־סעקרעטאַר.

# 16

## קאָרנעליוס ביי סאַלאָמעאָס טאַנץ

אָבער דאָס וואָס מיר, דיפּלאָמאַטן, שטאַטסמענער, האָבן נישט געקאָנט בײַם טעטראַרך פּועלן און אויספֿירן, האָט עס געפּועלט און אויסגעפֿירט אַ צען־יאָריק מיידל.

שפּעטער, אין אָוונט, איז לכּבֿוד דעם טעטראַרכס געבורטסטאָג געגעבן געוואָרן אויף דער זײַלן־טעראַסע פֿון דער פֿעסטונג דער אָפֿיציעלער באַנקעט אין עכטן אָריענטאַלישן סטיל. די פֿײַער־שטורקאַצן האָבן באַלויכטן די ווילדע געגנט אַרום, און בײַ דעם רעגנדיקן שטערן־שימער האָט מען געזען דעם שפּיגל פֿון ים־המלח, ווי ער האָט אויף זײַן פֿינקלדיקער אויבערפֿלאַך געפֿאַנגען געהאַלטן די ליכטער פֿון הימל. דער טעטראַרך איז געווען אין בעסטן הומאָר, אויפֿגערוימט פֿון דעם שטאַרקן ציפּריס־ווײַן, וועלכער איז געמישט געווען מיט האָניק, וואָס די טרינק־דינער האָבן אים געהאַלטן אין איין אָנגיסן אויף די דרינגענדיקע ווינקן און צו־רעדן פֿון דער טעטראַרכין. ער האָט מיט וואוילזײַן צוגעקוקט צו די טענץ־קאַראַ־האָדן פֿון זײַנע מיט פֿיל אָרנאַמענטן באַהאָנגענע, האַלב־נאַקעטע אַראַבישע און בעגרישע טאַנץ־שקלאַפֿינען, וואָס זײַן אַראַביש ווײַב האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך. אָבער די טענץ פֿון די איבערגעשטאַנענע, פֿאַרעלטערטע אַראַבישע טענצערינס זײַנען אים באַלד איבערדריסיק געוואָרן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט רויטע פֿאַרלאָפֿענע אויגן און מיט אַן אויפֿגעבלאָזן פּנים אויף די באַנקעט־אָנטיילנעמער, און זײַן בליק איז געפֿאַלן אויף דער קליינער שלומית, וועלכע איז געזעסן מיט איר מוטער בײַם באַנקעט־טיש. אירע איבערן דינעם האַלדז אַראָפּפֿאַלנדיקע שוואַרצע לאָקן, האָבן יעדעס מאָל ווען זי האָט באַוואויגן מיטן קאָפּ געהאַלטן אין איין קלינ־גען מיט אירע אָרנאַמענטן, מיט וועלכע די האָר זײַנען געווען באַשווערט. דער טעטראַרך האָט געקוקט אויף דער קליינער מיט וואוילגלוסטיקע אויגן, וואָרעם זי איז געווען גוט אָנצוקוקן. מיט איר דינער פֿיגור און שיינער טונקעלער הויט איז זי ווירדיק געווען צו פֿאַרנעמען אַן אָרט נישט נאָר בײַם טעטראַרך פֿון יהודה, נאָר אויך בײַם קייסער טיבעריוס. כּדי גלײַך צו זײַן אין אַלעם צו דעם קייסער, האָבן אַלע אונדזערע באַרבאַרישע הערשער געמיינט, אַז זיי מוזן אים אַלץ נאָכטון, זיי

זײַנען געוואָרן מיט אַמאָל גרויסע מפֿונקים און געזוכט זייער ליבע־דורשט צו שטילן אויף דעם איידעלן און נאָבעלן העלענישן שטייגער... אין אַלע הייף פֿון אונדזערע באַרבאַרישע הערשער האָט מען דענסטמאָל געקאָנט געפֿינען די שענסטע לוסט־יינגלעך און מיידלעך, ווי בײַם קייסער אין רוים. איך ווייס נישט, צי דער טעט־ראַרך פֿון גליל און פּערעאָ האָט ווירקלעך געהאַט אַזאַ ראַפֿינירטן און איידעלן געשמאַק אין דער ליבע אָדער עס איז בײַ אים נאָר געווען בלויז אַן אַמביציע נאָכצוטון דעם קייסער; דער טעטראַרך האָט געענדערט זײַן געשמאַק, און אַנשטאָט אַראַבישע טענצערינס און עגיפּטישע שקלאַפֿינען זײַנען אים געפֿעלן געוואָרן יונגע מיידלעך...

ער האָט געקוקט אויף דער יונגער שלומית, און אויף זײַן פּנים האָט זיך אויס־געגאָסן אַ ליידנשאַפֿטלעכע פֿרייד, וואָס ער האָט נישט געקאָנט — אָדער דער ווײַן, וואָס ער האָט געטרונקען, האָט נישט געלאָזט — אונטערדריקן אַפֿילו אין אונדזער אַנוועזנהייט.

— און איצט וועט די קליינע שלומית טאַנצן פֿאַר מיר! — האָט דער טעט־ראַרך פּלוצים זיך אָנגערופֿן.

אָבער די קליינע שלומית איז געווען די איינציקע, וועלכע האָט געוואַגט דעם טעטראַרכס ווילן זיך אַנטקעגנצושטעלן. מיט קינדערישער קאַפּריזנעקייט האָט זי געגעבן אַ שאָקל מיט אירע שוואַרצע, אָרנאַמענטן־באַצירטע לאָקן אויף „ניין" און געענטפֿערט:

— די קליינע שלומית וועט נישט טאַנצן! — און זי האָט גענומען איר מו־טערס אָרעם און באַהאַלטן דעם קאָפּ אין דער מוטערס שווייסטוך, ווי זי וואָלט געוואָלט זיך שיצן.

דער טעטראַרך איז אין ערשטן אויגנבליק ערנסט און פֿאַרשטומט געוואָרן פֿון דעם אָפּזאָגנדיקן ענטפֿער, ווי ער וואָלט זיך געוואָקלט אויסצוברעכן אין כּעס, ער האָט זיך אָבער געשעמט פֿאַר אונדז און געענדערט דעם טאָן. און ווי ער וואָלט זיך געשפּילט מיט דער קליינער שלומית, האָט ער זי גערייצט:

— די קליינע שלומית וועט יאָ טאַנצן פֿאַרן טעטראַרך!

— ניין, זי וועט נישט טאַנצן! — האָט די קליינע שלומית געהאַלטן אין איין שאָקלען מיטן קאָפּ.

— און ווען דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאָ וועט זי בעטן זײַן ווילן צו טון? — האָט דער טעטראַרך געפֿרעגט.

— וועט זי נישט געהאָרכן! — האָט די קליינע אָפּגעענטפֿערט.

נישט די קליינע, נאָר דער טעטראַרך איז אַרײַנגעיאָגט געוואָרן אין אַמביציע דורך דער דאָזיקער שפּיל.

— און אַז דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאָ וועט דער קליינער שלומית צוזאָגן אַ פּאַלאַץ אין טבֿריה מיט אַ גאָרטן, אין וועלכן יונגע אינדן וועלן אַרומגיין שפּאַצירן, מיט שיינע פּאַוועס און שיינע פּאַפּוגײַען? — האָט ער זיך אָנגערופֿן אין אַן ערנסטן טאָן, וואָס האָט אונדז אַלעמען שוין פֿאַרוואונדערט.

— וועט זי אויך נישט טאַנצן! — האָט די קליינע אָפּגעענטפֿערט אין אַ קינ־דערישן טאָן.

און מיר אַלע האָבן זיך צעלאַכט. מיר האָבן זיך אַלע אַמוזירט מיט דער שפּיל, וואָס גייט אָן צווישן דעם טעטראַרך און דעם קליינעם מיידל. מען האָט מער נישט געוואוסט, ווער עס איז דאָס קינד און ווער עס איז דער טעטראַרך, וואָרעם אויב ביז איצט איז עס געווען שפּיל, איז די שפּיל אָבער ערנסט געוואָרן. די אויגן פֿון טעטראַרך האָבן געשאָטן מיט פֿונקען פֿון כּעס. מען האָט אָנגעזען, אַז עס גייט אים אין לעבן, ער איז אויף אַלעם פֿעאיק, אַבי צו צוימען דאָס קאַפּריזנע קינד און דורכאויס ברעכן די עקשנות פֿון איר, מיט גוטן אָדער מיט בייזן זי צו צווינגען צו טון זײַן ווילן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער איז בערייט אַפֿילו אָנצוווענדן געוואַלד איבער דער קליינער, עס האָט אים נאָר נישט געפּאַסט פֿאַר אונדז, די רוימישע געסט, וואָס זײַנען געווען בײַ דער דאָזיקער סצענע. און אפֿשר איז אים געגאַנגען דווקא דעריין, כּדי צו ברעכן איר ווילן מיט גוטן, אַז זי זאָל פֿון איר אייגענעם רצון פֿאַר אים טאַנצן. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער פֿרוי זײַנער, פֿאַר־קערט — עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זי געוואָלט דערמיט קרענקען. עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט אָנגעגאַנגען אַ געיעג נישט צווישן אים מיטן קינד, נאָר צווישן אים מיט דער איידעלער דאַמע, פֿאַר וועלכער ער האָט נישט באַהאַלטן, ווי פֿאַר אונדז אַלע, דעם וואויללוסט־בײַגעשמאַק, וואָס האָט באַגלייט זײַן עקשנות־דיק באַשטיין דערויף, אַז די קליינע זאָל טאַנצן.

— און ווען דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ וועט צוזאָגן דער קליינער שלומית, אַז אויב זי וועט טאַנצן פֿאַר אים, וועט ער יעדן וואונטש אירן דערפֿילן, און מעג עס אַפֿילו זײַן די העלפֿט פֿון מײַן קעניגרײַך? — האָט ער געזאָגט שוין אין ערנסט און האָט געקוקט מיט זײַן שאַרפֿן בליק גלײַך דער פֿרוי אין די אויגן אַרײַן.

— „וועט זי אויך נישט...“ — האָט די קליינע סאַלאָמעאַ שוין געהאַלטן אין אָפּענטפֿערן, אָבער דאָ האָט זיך די מוטער אַראָפּגעבויגן און, ווי וועלנדיק די טאָכ־טער צורעדן צו דערפֿילן דעם טעטראַרכס וואונטש, האָט זי איר עפּעס אין אויער אַרײַנגעשעפּטשעט. די קליינע שלומית האָט געענדערט איר טאָן און אָי־בערגעפֿרעגט דעם טעטראַרך:

— וועט דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ דערפֿילן יעדן וואונטש, וואָס די קליינע שלומית וועט נאָר בעטן בײַ אים, ווען זי וועט פֿאַר אים טאַנצן?

דער טעטראַרך האָט זיך געשאָקלט אויף זײַן גלעזגער פֿאַר פֿרייד און נחת. דער קינדערישער טאָן פֿון דער קליינער האָט אים אַמוזירט, דער שווייס איז אים גערונען איבער זײַן גרויסן קאָפּ. ער האָט איר אָפּגעענטפֿערט, נאָכמאַכנדיק איר טאָן:

— דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ זאָגט צו דער קליינער שלומית צו דערפֿילן יעדן וואונטש אירן, ווען זי וועט טון זײַן רצון און טאַנצן פֿאַר אים.

דענסטמאָל האָט זיך אָן אַ וואָרט אויסצורעדן אויפֿגעהויבן די קליינע שלומית און געשטעלט זיך אויף דער טעראַסע פֿאַר דעם טעטראַרך, נאָענט צו זײַן גע־לעגער. און אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אָן יעדער פֿאָרבאַרייטונג, האָט זי זיך אָנ־געהויבן צו באַוועגן שטייענדיק אויף איין אָרט צו דער באַגלייט־מוזיק פֿון איינ־איינציקן פֿײַקל, וואָס אַ קנעכט האָט אויסגעקלאַפּט פֿאַר איר. נאַיִוו, מיט קינ־דערישער אומדערשראָקנקייט און אומשולדיקייט האָט זי אין דער באַוועגונג

אראָפּגעוואָרפן פון איר איבערשטן האַלבן קערפּער דעם לײַכטן טוניק, וואָס זי האָט געטראָגן, און אַנטבלויזט איר קינדערישן בויך ביזן נאָפּל. אירע פּיס האָבן זיך קוים באַוואויגן, ווי זי וואָלט געווען צוגעשמידט צו איר אָרט, האָט זי די טאַנץ־באַוועגונגען אויסגעפֿירט מיט איר דינעם, טונקל־הויטיקן קינדערישן בויך. יעדער מוסקול פֿון איר גוט־געפֿאָרעמטן קערפּער האָט געציטערט. די מוסקול־שפּיל פֿון איר בויך־טאַנץ — דערפֿאַר טאַקע, וואָס עס איז געוואָרן פֿון אַ קינד אויסגעפֿירט — האָט אויפֿגעקאָכט די געבליטן נישט נאָר בײַם טעטראַרך, נאָר אויך בײַ אונדז אַלע, וואָס מיר זײַנען דאָרט געווען. אָבער זי האָט די לײַדנשאַפֿט־לעכע באַוועגונגען אויסגעפֿירט מיט אַזאַ אומשולדיקער מינע, אַז מיר האָבן געצווייפֿלט, צי דאָס יונגע מיידל ווייסט, וואָס זי טוט אָדער נישט. וואָרעם אירע באַוועגונגען האָבן וואָס אַמאָל מער אָנגענומען אַרויספֿאָדערנדיקע אויסגעלאַסנקייט. איצט האָט זי געווענדט צו אונדז איר נאַקעטן רוקן. עס איז געווען אַ געזאַנג פֿון קינדערשע מוסקולן אונטער אַ טונקל־דורכזיכטיקער הויט, וועלכע האָט שימערירט מיט פּערל־שײַן, געגאָסן אין דער איידלסטער פֿאָרעם. נישט ווילנדיק האָב איך געטראַכט וועגן קייסער טיבעריוס: אַך, וואָלט זי געווען אַ שיינע מתּנה פֿאַר דעם אַלטן זינדער, און אַפֿילו ווען ער געפֿינט זיך איצט אויף דער אינדזל קאַפּרי אין פֿילאָסאָפֿישער נאָכדענקונג איבער זײַן פֿאַרגאַנגענעם לעבן, וואָלט ער פֿאַר דעם רוקן און דעם בויך אַלע יחידותדיקע געדאַנקען פֿון וועלט־תּכלית אָפּגעגעבן. איך האָב אין האַלבן שפּאַס וועגן דעם מיטגעטיילט אַ פֿרײַנד מײַנעם, אַ רוימישן אַרמיי־פֿירער, וועלכער איז געווען מײַן שכן. די טעטראַרכין, וועלכע האָט זיך נישט געפֿונען ווײַט פֿון אונדז, האָט געהערט מײַן פֿליסטערן אין אויער פֿון דעם רוימישן אָפֿיציר וועגן איר טאָכטער. אָבער זי איז געווען צו קלוג זי זאָל זיך מודה זײַן, האָבן מיר דעריבער נאָר באַמערקט אַ געוויסע געמאַכטע אָדער נאַטירלעכע שעמעוודיקע רויטקייט איבער איר פּנים. זי האָט זיך צוגעבויגן צו אונדז און געזאָגט:

— איך ווייס נישט, פֿונוואַנען דאָס קומט צום קינד, דאָס האָבן די אַראַבישע שקלאַפֿינען זי אויסגעלערנט, זי אַליין ווייסט נישט וואָס זי טוט!

— יעדנפֿאַלס קאָן איך דער טעטראַרכין פֿאַרזיכערן, אַז ווען דער קייסער טיבעריוס זעט דאָס קינד, זײַנען די שאַנסן פֿון טעטראַרך צו באַקומען דעם קעניג־טיטול און צו פֿאַרגרעסערן זײַן טעריטאָריע פֿיל העכער.

די טעטראַרכין האָט דעם וויץ אויפֿגענומען גוטמוטיק, ווי ער איז געגעבן געוואָרן (אָ, זי איז געווען אַ וועלט־דאַמע!) און זי האָט מיר געדראָט מיט איר שוויס־טוך:

— איר זענט אַ ציניקער, אויבערשט קאָרנעליוס! פֿון אַזאַ ערנסטן מענטש ווי איר האָב איך דאָס נישט דערוואַרט...

דערווײַל איז די קליינע פֿאַר מידקייט און עקזאַלטירטקייט געפֿאַלן אויף די דינע פּיסלעך. די מוטער האָט זיך דערשראָקן און געוואָלט זיך אויפֿהויבן פֿון איר אָרט, אָבער דער טעטראַרך, ווי שווער ער איז נישט געלעגן אויף זײַן געלעגער, איז פֿריִער געווען פֿאַר איר און די קליינע אויפֿגעהויבן אויף זײַנע הענט און געטראָגן זי צו זיך אויף זײַן געלעגער און זי אָוועקגעזעצט אויף זײַנע קניִען.

— נו, איצט, קליינע שלומית, קאָנסטו דיר אויסביטן פֿון טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ, וואָס דײַן קליין הערצל גלוסט, — און ווי דער גרויסער אחשורוש האָט געזאָגט צו דער שיינער אסתּר, ווען זי האָט געפֿונען חן אין זײַנע אויגן: „ביז צו דער העלפֿט פֿון מײַן קעניגרײַך״...

אָבער די קליינע שלומית האָט אָפּגעענטפֿערט:

— און איצט וועט מיר דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ לאָזן דורך זײַנע געטרײַע גערמאַנער, אויף אַ זילבערנער טאַץ ברענגען דעם קאָפּ פֿון יוחנן!

מיר האָבן צום ערשט נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס די קליינע וויל, כאָטש מיר האָבן זיך אַלע צוגעהערט צו איר וואונטש, אויף וועלכן מיר אַלע זײַנען געווען געשפּאַנט, און כאָטש מיר אַלע זײַנען געוואָרן מיטאַרײַנגעצויגן אין דער שפּיל צווישן טעטראַרך און דעם קינד. אויך דער טעטראַרך האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אַזוי איבערראַשט איז ער געווען פֿון דעם מאָדנעם וואונטש פֿון דער קליינער, און ער האָט איבערגעפֿרעגט:

— וועמענס קאָפּ זאָלן דיר מײַנע געטרײַע גערמאַנער ברענגען אויף אַ זילבערנער טאַץ?

— פֿון יוחנן המטביל, דעם נביא, וואָס דו האַלטסט דאָ געפֿאַנגען אונטן — האָט זי געוויזן אויף דעם קעלער־געפֿענגניש.

— פֿון דעם משוגענעם נביא? — האָט דער טעטראַרך איבערגעפֿרעגט און איז בלײַך געוואָרן — וואָס פֿאַר אַן אײַנפֿאַל? וואָס טויג דיר אַ קאָפּ פֿון אַ מענטש?

מיר זײַנען אַלע געבליבן זיצן דערשטוינט, נאָר די טעטראַרכין האָט זיך אָנגערופֿן:

— איך ווייס נישט, פֿונוואַנען עס קומען צום קינד אַזעלכע אויסטערלישע אײַנפֿאַלן, נישט אַנדערש נאָר די דערציאונג אירע איז אין דעם שולדיק, אויפֿגעוואַקסן אין אַ מדבר!

— וואָס, דו האָסט מורא פֿאַר אים, דערפֿאַר ווײַל ער איז אַ נביא, טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ? — האָט די קליינע שלומית געפֿרעגט מיט אַ נאַיִווער מינע, ויצנדיק אויף זײַן קני און שפּילנדיק זיך ווײַטער מיט דעם טעטראַרכס פּנים.

דער טעטראַרך האָט אַ דונערנדיקן בליק, ווי אַ דערצערנטער צעאוס, געוואָרפֿן אויף איר מוטער, דערנאָך אויף זײַן שטאָטס־פֿירער פּטאָלאָמעאוס, וועלכער האָט בשעת מעשה פֿרום דעם קאָפּ געבויגן, דאַן האָט ער מיר געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן און אָפּגעענטפֿערט מיט אַ זיכערן שטאָלצן טאָן. דער ענטפֿער האָט געגאָלטן פֿאַר אונדז אַלעמען:

— דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ האָט פֿאַר קיינעם נישט קיין מורא, פֿאַר קיינעם נישט, אַפֿילו... — דאָ האָט ער געוואָלט עפּעס שרעקלעכעס זאָגן, וואָס מען האָט אָנגעזען אין זײַן פֿאַרבלייכטער אויפֿגערעגטקייט, נאָר זעט זיך אויס, אין לעצטן אויגנבליק האָט ער זיך באַזיגט און אויסגעדרייט דעם דישל: — ... אַפֿילו נישט פֿאַר דעם קעניג פֿון אַראַביע, וועלכער שרעקט אים מיט מלחמה דערפֿאַר, וואָס ער האָט זײַן טאָכטער אויסגעטוישט אויף זײַן ברודערס ווײַב, — האָט ער דאָס ווײַב דורכגעלעכערט מיט זײַן בליק.

— אָבער דאָך האָסטו מורא פֿאַר אים! — האָט די קליינע אָנגעוויזן מיטן הענטל אויפֿן קעלער.

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב פֿאַר קיינעם נישט קיין מורא, אַחוץ — פֿאַרשטייט זיך — פֿאַרן קייסער פֿון רוים, וועלכער איז מײַן לעבנסלענגלעכער פֿרײַנד, — האָט ער געקוקט אויף מיר , ווי ער וואָלט מיר געוואָלט דראָען מיט עפּעס.

— און פֿאַר וואָס ווידער ווילסטו מיר נישט געבן זײַן קאָפּ?

— ווייל אַ קאָפּ פֿון אַ מענטש איז נישט קיין שפּילעכל פֿאַר אַ קליין מיידל! — האָט דער טעטראַרך אָנגעקוקט זײַן ווײַב און געגעבן איר אָנצוזעהערן, אַז ער ווייסט, ווער עס האָט די קליינע צו דעם צוגערעדט.

— דו האָסט מיר צוגעזאָגט, פֿאַר אַלע מענטשן דאָ געזאָגט, צו דערפֿילן מײַן יעדן וואונטש, און איצט ווילסטו נישט האַלטן דײַן וואָרט, טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ?

דער טעטראַרך האָט זיך אויף אונדז אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט פֿון אונדז דערוואַרט הילף. מיר אַלע האָבן אָבער זײַנע בליקן אויסגעמיטן. ער האָט דאָס פֿאַרשטאַנען.

— יאָ דו האָסט רעכט, קליינע שלומית, דער טעטראַרך פֿון גליל און פּערעאַ איז אַ קנעכט צו זײַן וואָרט, ווי יעדער מאָנאַרך, ווי יעדער קייסער פֿון רוים! גייט און טוט איר ווילן! — האָט ער זיך געווענדט מיט זײַן בליק צו די גערמאַנישע זעלנער.

פּטאָלאָמעאוס פֿון דמשק האָט אַ וואונק געגעבן צו דער גערמאַנישער וואָך, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם טויער, און זיי האָבן זיך דערווײַטערט.

געשפּאַנטע שטילקייט האָט געהערשט דורך דער צײַט, קיינער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. דער טעטראַרך האָט די קליינע סאַלאָמעאַ אַראָפּגעזעצט פֿון זײַנע קני׳ען, דערלאַנגט זײַן בעכער דעם אָנגיסער, דערנאָך אויפֿגעהויבן זײַן האַנט מיטן בעכער אין דער הויך און אויסגערופֿן:

— פֿאַרן פֿרידן פֿון רוים און פֿאַרן קייסער!

מיר האָבן דעם טאָאַסט איבערגעחזרט.

און דער טעטראַרך איז רואיק געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט פֿון זײַן אינערלעכער אַנגסט אַנטלאָפֿן צום קייסער, כּדי צו זוכן שוץ בײַ אים.

נאָך אַ ווײַל האָבן צוויי גערמאַנישע זעלנער אַרײַנגעבראַכט אויף אַ זילבערנער טאַץ אַ מענטשן־קאָפּ. עס איז געווען דאָס זעלבע מוסקולירטע און האַרטע פּנים, די הויט איבערגעצויגן איצט מיט אַ בלוי־אַשיקן קאָליר פֿון טויט, אויף זײַנע פֿאַרלאָזענע לאָקן האָבן זיי אים אַרויפֿגעזעצט דאָס לעדערנע קעסטעלע — די תּפֿילין, אַזוי ווי ער האָט זיי געטראָגן בײַם לעבן; די אויגן זײַנען געווען געעפֿנט, אַזוי אויך זײַנע ליפּן — מיר האָט זיך געדאַכט צו פֿאַרנעמען זײַן שטים.

נאָר איידער זיי האָבן דערלאַנגט די טאַץ מיטן מענטשן־קאָפּ צו דער קליינער סאַלאָמעאַ, וועלכע האָט אויסגעשטרעקט די הענט, זײַנען די תּפֿילין אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ און אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם בלוט, מיט וועלכן די טאַץ איז געווען אָנגעפֿילט. די אויגן פֿון טויטן קאָפּ האָבן זיך פֿאַרמאַכט, אַזוי אויך זײַנע ליפּן.

אָבער באַלד האָט זיך דערהערט אַן אומהיימלעך יאָמערן, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען צו אונדז אויף דער זײַלן־האַליע פֿון דעם הויף פֿון שלאָס, דאָס יאָמערן

איז געווען אויסגעמישט מיט שילטן און געשרייען. איך האָב זיך געוואונדערט, וואָס מען לאָזט צו בײַם טעטראַרך אין הויף פֿרעמדע מענטשן. מיר האָבן זיך געמאַכט נישט הערן און געפּרוווט ווײַטער אָנהאַלטן דאָס געשפּרעך בײַם טיש מיט דער דאַמע פֿון הויז, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען. אָבער איך האָב געקוקט אויפֿן פּנים פֿון טעטראַרך און איך האָב געזען, ווי עס איז טונקל געוואָרן ווי אַש פֿאַר לויטער שרעק. ער איז שוין אין גאַנצן אויסגעניכטערט געוואָרן, און אַ שרעקלעכע אומ־רואיקייט איז אים באַפֿאַלן. ער האָט געפּרוווט מיט אַלע מיטלען צו פֿאַרשטעלן זײַן שרעק פֿאַר אונדז; ער האָט ווײַטער געשפּאַסט, אָבער שוין נישט מער מיט דער קליינער שלומית. די קליינע האָט ער פֿון זיך אָפּגעשטופּט מיט פֿאַראַכטונג, ווי מען רוקט אָוועק עפּעס עקלדיקס. ער האָט אויך באַפֿוילן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן צונעמען פֿון איר די זילבערנע טאַץ מיטן בלוטיקן מענטשן־קאָפּ. די קליינע האָט פּראָטעסטירט, וואָס מען נעמט צו איר אייגנטום... דער טעטראַרך האָט אַ דראָענדיקן בליק געוואָרפֿן אויף דער טעטראַרכין, זי האָט אים פֿאַרשטאַנען, און די קליינע צוגענומען צו זיך און זיך באַמיט זי אײַנצושטילן. צו אונדז האָט זיך די דאַמע געווענדט מיט אַ מחילהדיק שמייכעלע, זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר איר טאָכטער:

— איך ווייס נישט פֿון וואַנען עס קומען צו איר אַזעלכע אומאָנגענעמע אײַנ־פֿאַלן, זי האָט דאָס אין דעם ווילדן הויף בײַ איר פֿאָטער געלערנט, — און זי באַרואיקט די קליינע — אַ מענטשן־קאָפּ? ווער האָט דאָס געהערט, אַז אַ קינד זאָל זיך שפּילן מיט אַ מענטשן־קאָפּ?

דער טעטראַרך האָט זיך געמיט ווײַטער אָנצוהאַלטן דעם באַנקעט, באַפֿוילן די ווײַן־אָנגיסער, אַז זיי זאָלן אַרומטראָגן די קריגן און ער האָט געהאַלטן אין איין טרינקען פֿאַרן פֿרידן פֿון רוים, פֿאַר זײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיטן קייסער און פֿאַר אַלע גרויסע לײַט פֿון דער אימפּעריע!... אָבער דער ווײַן האָט נישט גע־קאָנט פֿאַרשכורן זײַן אומרואיקייט און שרעק. דאָס קלאָגן און יאָמערן האָט אַלץ נישט אויפֿגעהערט אַרײַנצודרינגען צו אונדז פֿון דעם הויף.

— דאָס זײַנען זײַנע נאָכפֿאָלגער, די תּלמידים פֿון דעם יוחנן, זיי באַוויינען אים איצט אין הויף — רוימט מיר אײַן פּטאָלאָמעאוס אין אויער.

— פֿאַרוואָס טרײַבט איר זיי נישט אַרויס פֿון הויף?

— ער לאָזט נישט — ווינקט ער צו מיר אויפֿן טעטראַרך.

באַלד האָט זיך אין דרויסן דאָס קלאָגן אײַנגעשטילט. עס איז געוואָרן פֿאַר־דעכטיק שטיל. און מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אין איינציקע שטימע, וואָס האָט געשאַלט, ווי עס וואָלט געווען געבלאָזן מיט דעם אומהיימלעכן קול פֿון זייערע שופֿרות. מען האָט עס קלאָר און דײַטלעך געהערט, ווי עס וואָלט מיט אַ שאַר־פֿער שווערד די ווענט דורכגעשניטן און אַרײַנגעדרונגען צו אונדז אויף דער ליג־האַליע. דאָס קול האָט דעקלאַמירט אַ העברעאישן פּערז פֿון זייערע נבֿיאים, וועלכן זיי האָבן צוגעפּאַסט אויף דעם נאַר־וואָס געקעפּטן אויפֿרודערער. איך האָב מיר פֿאַרשריבן דעם זאַץ, וואָס דאָס קול האָט אויסגערופֿן, ווײַל עס האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן אײַנדרוק נישט נאָר אויפֿן טעטראַרך, נאָר דאָס מאָל אויך אויף דער אייביק רואיקער און גוט דערצויגענער טעטראַרכין. זי האָט אויפֿגעציטערט.

— „אַ שטימע רופֿט אין דער מדבר: מאַכט אַ וועג פֿאַר גאָט!"...

— פֿאַריאָג זיי פֿון הויף! — האָט די טעטראַרכין זיך געווענדט צום טעט־ראַרך — זיי שטערן דעם באַנקעט!

— וועמען זאָל איך פֿאַריאָגן? עס איז דאָך די שטימע, וואָס רופֿט פֿון דער מדבר, איך קאָן די שטימע נישט אײַנשטילן!

דאָס האָט דער טעטראַרך געזאָגט, פּלוצלינג האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און נישט געקוקט אויף די רוימישע געסט, וואָס ער האָט געהאַט בײַם טיש, האָט ער פֿאַרלאָזט דעם באַנקעט.

מיר זײַנען געבליבן זיצן דערשטוינט איבער דער האַנדלונג פֿון טעטראַרך.

די טעטראַרכין האָט באַלד צוריקגעפֿונען איר רואיקייט, און כּדי אָפּצווישן דעם שלעכטן אײַנדרוק, וואָס איר מאַן האָט געמאַכט אויף אונדז, האָט זי זיך אָנ־גערופֿן צו מיר:

— וואָס איז דער חילוק? דער פֿאַרברעכער האָט זײַן שטראָף באַקומען, דאָס געזעץ איז באַפֿרידיקט — און רוים קאָן רואיק זײַן.

— איך וועל עס דעם פּראָקאָנסול מיטטיילן. אייער קליינע טאָכטער האָט זיך פֿאַר רוים פֿאַרדינט געמאַכט.

# 17

## קאָרנעליוס אין כּפֿר־נחום

נאָך דעם טויט פֿון יוחנן המטביל האָט דאָס וואַרטן אויף משיחן בײַ די ייִדישע מאַסן נישט אויפֿגעהערט, אַדרבה — עס איז נאָך מער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן. זיי האָבן אויסגעטײַטשט, אַז וואָס ערגער די צײַט ווערט, אַלץ נעענטער רוקן זיך צו די טעג פֿון זײַן קומען. זיי האָבן דאָס אָנגערופֿן „משיחס צײַטן". און באַלד האָט זיך דערהערט, אַז אין גליל — ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן — איז אויפֿגע־שטאַנען אַן אַנדערער, וועלכער רופֿט צו תּשובֿה און פֿאַרצובערייטן זיך צום מלכות שמים, וואָס דערנענטערט זיך. צום ערשט האָבן זיי אים געהאַלטן פֿאַר אַ תּלמיד פֿון דעם געטייטעטן יוחנן המטביל. שפּעטער האָבן זיי געזאָגט, אַז ער איז יוחנן המטביל אַליין, וועלכער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טויט צוריק אין לעבן אַרײַן. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, אַז ער איז דער נבֿיא אליהו, וועלכער האָט געלעבט מיט יאָרן־יאָרן צוריק און האָט בײַ זײַן לעבן גרויסע וואונדער באַוויזן. וואָרעם אויך דער, וועלכער האָט זיך באַוויזן אין גליל, בײַם ברעג פֿון ים כּנרת, טוט גרויסע וואונדער: ער היילט קראַנקע, ער רייניקט קרעציקע, טרײַבט אַרויס שלעכטע רוחות. און אַזוי ווי דער נבֿיא אליהו איז זייער באַליבט און געערט געווען, דעריבער האָבן זיי אים געהאַלטן פֿאַר דעם צוריקגעקומענעם אליהו, וועלכער וועט זיי פֿון זייער נויט אַרויסהעלפֿן.

איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט זײַן נאָמען אָנרופֿן בײַם אַלטן כּהן גדול חנן. איין מאָל אין אַ פֿרילינגס־נאָכמיטאָג בין איך אַרומגעגאַנגען אין גאָרטן פֿון כּהן גדול, צווישן די שווים־בעדער, וואו איך האָב זיך צוגעקוקט צו די גימ־

נאַסטישע און שווימערישע קונצן, וואָס די יוגנט — די קינדער פֿון עלטסטן כּהן גדול מיט זייערע פֿריינד האָבן אויסגעפֿירט. טרעפֿט מיך דער אַלטער חנן און זאָגט צו מיר, קוים איינגעהאַלטן פֿון געלעכטער:

— איר הערט, עס האָט זיך שוין ווידער אויסגעפֿונען אַ נבֿיא ביי זיי, וועל־כער פּרעדיקט דאָס מלכות־שמים פֿאַר די גראָבע יונגען אין גליל. דאָס מאָל קומט דער נבֿיא פֿון נצרת, כאַ, כאַ, כאַ, — פֿון נצרת! — און דער אַלטער חנן קאָן נישט איינהאַלטן זיין לאַך־קראַמף, אַזש טרערן שפּריצן פֿון זיינע אויגן און פֿאַלן אין דער שטייפֿער געקניפּטער באָרד, וועלכע שפּרינגט אונטער איבער זיין באַוועגלעכער ברוסט — איר פֿאַרשטייט: פֿון דער שטאָט נצרת!

— וואָס איז נצרת? — פֿרעג איך אים.

— „קאָן עפּעס גוטס אַרויסקומען פֿון נצרת?", זאָגט דאָס שפּריכוואָרט, פֿון דער שטאָט פֿון עמי־האָרצים, פֿון פֿעלד־אַרבעטער און טישלערס, וועלכע קאָנען נישט דאָס געזעץ און וויסן זיך נישט אָפּצוהיטן פֿון אומריינקייט.

זיי האָבן, נעמלעך, געהאַט צוויי פֿאַרשיידענע באַציאונגען צו זייערע לאַנדס־לייט: די געבילדעטע, וואָס האָבן זיך אויסגעקאָנט אין דער שריפֿט, האָבן זיך גערופֿן צווישן זיך „חבֿר", דאָס הייסט קאָלעגע, אַ מענטש פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַ גלייכבאַ־רעכטיקטער טיש־גענאָסע, מיט וועלכן מען האָט געקאָנט צוזאַמען ברויט ברעכן, ווייל ער האָט געוואוסט די געזעצן פֿון ריינקייט און אומריינקייט. די אומגעביל־דעטע, די אומוויסנדיקע, האָבן זיי גערופֿן „עמי האָרצים", דאָס הייסט: מענטשן פֿון לאַנד, וועלכע זיינען אומפֿעאיק, אַז מען זאָל מיט זיי פֿאַרקערן.

אין נצרת, ווי איבריקנס אין גאַנץ גליל, איז אַ גרויסער טייל פֿון דער לאַנד־באַפֿעלקערונג, ווי אויך פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג באַשטאַנען פֿון די עמי־האָרצים. איז דערפֿאַר גליל ביי די ייִדן אָנגערופֿן געוואָרן: „אַן אויסמישעכץ פֿון פֿעלקער".

איז דעריבער אַ וואונדער געווען, אַז פֿון דעם שטעטל, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פֿון אַנדערע שטעטלעך, וועלכע זיינען געלעגן אויפֿן וועג פֿון צפּאָריע קיין דמשק, זאָל אַרויסקומען אַ געלערנטער, וועלכן זיי האָבן גע־קרוינט אַלס נבֿיא. וואָרעם אין דעם שטעטל, ווי אין דער גאַנצער געגנט, זיינען געווען קנאַפּ געלערנטע לייט.

ווען איך בין געגאַנגען קיין צפּורן אָדער קיין טבֿריה צום טעטראַרך, איז מיר אויסגעקומען פֿאַרבייצוגיין נצרת. דורך דעם שטעטל האָט געפֿירט אַ קאַראַוואַנען־וועג פֿון דעם גרויסן ים, דורך דעם רייכן טאָל פֿון עמק־יזרעאל, קיין דמשק. דאָס שטעטל ליגט באַהאַלטן צווישן די בערג, אָבער מיטן פּנים קוקט עס אַראָפּ אין דעם רייכן טאָל עמק־יזרעאל. קוים איז מען נאָר אַ פּאָר טריט אַרויס דערפֿון, האָבן זיך שוין ווי אַ פֿליסנדיקער טייך אויסגעגאָסן די כוואַליעס באַאַרבעטע פֿעלדער־בייטן, וואָס זיינען געלעגן ווי איינגעפּאַסט אין אַ ראַם צווישן די בערג תּבֿור און גלבוע. דאָס שטעטל אַליין איז איינגעבעט געווען אין גאָלדענע וויינ־גערטענער, אין טונקעלע ציפּריסן־וועלדלעך, אין פֿעטע און אין האָניק־טריפֿנ־דיקע פֿאַלמען־ און פֿייגן־ביימער, אָבער דאָס פּנים פֿון דער לאַנדשאַפֿט איז דער גרוי־זילבערדיקער איילבירטן־בוים. די גרינס־פֿעלדער, די גערטענער און די וועלדלעך זיינען גוט באַאַרבעט געווען. אַ פֿלייסיק אַרבעטזאַם פֿאָלק פֿון אָרעמע

פֿאַרמערס האָט זיך צווישן זײַנע גערטענער און פֿעלדער אויפֿגעהאַלטן. דאָס שטעטל איז געווען אַן אָרעמס, לויטער פּויערים און בעלי־מלאָכות, די הײַזלעך זײַנען באַשטאַנען אויס געטריקנטער ערד, מיט אויס פּאַלמען־בלעטער געפּלאָכטענע דעכער און צוימען. דאָ און דאָרט האָט מען צווישן זיי געזען זיצן אַ בעל־מלאָכה — אַ זאָטל־מאַכער, אַ געצעלט־פֿלעכטער, אַ שפּינער, אַ טעפּער, אַ סנדלר (שוסטער), נאָר וואָס מ׳האָט צום מייסטן געזען, זײַנען עס געווען טישלערס. דאָס שטעטל איז געלעגן אויפֿן וועג און האָט פֿאַרמאָגט אַ פּאָר טרינק־ברונעמער פֿאַר די בהמות, אַ פּאָר שאָטן־בײַדלעך פֿאַר די דורכוואַנדערער אויף אָפּצורוען זיך. די וועגענער־מאַכערס האָבן דורכדעם געהאַט אַ סך צו טון, אָפֿט מאָל האָט זיך אַ ראָד צעבראָכן פֿון אַ דורכצײַענדיקן וואָגן; מערסטנס האָבן זיי אָבער געאַרבעט פֿאַר די אָרטיקע פּויערים, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין האָלצערנע אַקערס, אין גראַבליעס, אין האָקעס, מיט וועלכע זיי האָבן די פּרוכטן פֿון די ביימער אַראָפּגענומען, און אויך אין אַנדערע האָלצערנע כּלים, וואָס די סטאָליאַרעס האָבן אויסגעאַרבעט.

שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט דעם נבֿיא, וועגן וועלכן דער אַלטער כּהן גדול האָט מיר פֿאַרציילט אין ירושלים. ניין, עס איז שוין גאָרנישט געווען אַזאַ שפּאַס, ווי דער אַלטער חנן האָט דעראויס געמאַכט, עס איז ליידער געווען אַ זייער ערנסטער ענין.

יאָ, עס איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אים, אָבער נישט אין נצרת, נײַערט אין דער שטאָט כּפֿר־נחום.

כּפֿר־נחום איז געלעגן בײַם ברעג פֿון ים כּנרת אָדער, ווי די ייִדן האָבן אים גערופֿן: „ים גנוסר”, וואָס דאָס האָט געזאָלט הייסן — „דער גאָרטן פֿון די פֿירשטן”, ווײַל דער ים כּנרת ליגט אויסגעבעט אין אַ טאָל, וואָס איז איין בלײַענדיקער גאָרטן פֿון תּבֿואות און רײַכע פּרוכטן. דאָס כּפֿר־נחום איז געווען אַ גרעסערע פּראָווינץ־שטאָט, וואוהין די אַרומיקע פּויערים האָבן זייערע פּראָדוקטן געבראַכט צו פֿאַרקויפֿן. כּפֿר־נחום האָט געהאַט אַ פֿישער־האַפֿן און אַ צאָל־אַמט, דאָרט האָט מען בערלינקעס מיט תּבֿואות און פּרוכטן פֿון דער רײַכער אומגעבונג אָנגעלאָדנט און אָפּגעפֿירט צום פֿאַרקויפֿן צום ברעג פֿון יענער זייט ים כּנרת, וואו עס האָבן זיך שוין געפֿונען די מדינות פֿון טעטראַרך פֿיליפּוס, יטור, טרכונא און די אַנדערע. אָבער געלעבט האָט דאָס שטעטל פֿון צוויי הויפּט־קוואַלן: פֿון די רײַכע פּרוכט־סעדער, וואָס האָבן עס אַרומגערינגלט, און אויך פֿון די פֿיש, וואָס מ׳האָט אַרויסגעצויגן פֿון ים כּנרת. עס איז געווען אַ הערלעך בילד צו זען אין לבֿנה־אָוונטן, ווען די פֿישער פֿון כּפֿר־נחום האָבן זיך איבער דעם בלויען, קריסטאַל־געשליפֿענעם ים כּנרת, וואָס האָט געפֿאַנגען געהאַלטן אין זײַנע כוואַליעס די לבֿנה מיט די שטערן, אַרויסגעלאָזט מיט אומציילקע שיפֿלעך, וועלכע האָבן פֿאַרוואָרפֿן זייערע נעצן. פֿון דעם כּנרת האָבן זיך געהערט געזאַנגען, אָפֿט מאָל ליבעס־לידער פֿון באַרימטן „שיר־השירים” אָדער פֿרומע געזאַנגען פֿון תּהילים. דער קליינער פֿישער־האַפֿן איז בײַ טאָג פֿול געווען מיט זעגלען, ווײַבער האָבן פֿישער־נעצן אויסגעלייגט צום טריקענען אָדער צו פֿאַרריכטן. די פֿישער ווי די פֿיש־טריקענערס זײַנען מערסטנטייל געווען אָנגעשטעלט בײַ רײַכע אונטערנעמערס, וועלכע האָבן די געטרוקנטע פֿיש פֿון ים כּנרת פֿאַרשפּרייט צום

פֿאַרקויפֿן איבער דער פּראָווינץ יהודה און גליל. וואָרעם די פֿישער־באַפֿעלקע־
רונג איז געווען זייער אָרעם. אַליין האָבן זיי אַזאַ אונטערנעמונג, צוליב די צאָל־
אָפּצאָלונגען, נישט געקאָנט אויספֿירן, האָבן זיי זיך דעריבער פֿאַרדונגען צו
גרעסערע אונטערנעמונגען. אַרבעטס־הענט זײַנען אין גליל זייער ביליק געווען.
די פֿיש־טריקענער האָבן זיך געלאָזט באַגנוגענען מיט אַ פּאָר פֿײַגן אָדער טייט־
לען אָדער מיט מצות־פּלעצלעך געבאַקענע אויפֿן פֿײַער. ווען נישט די גרויסע
שטײַערן, וואָס מען האָט געריסן פֿון די פֿישערס און טריקענערס, וואָלט דאָס
שטעטל געקאָנט גוט לעבן: נאָר ווי געזאָגט, זײַנען בײַם ברעג פֿון ים געווען אַ
פּאָר צאָל־סטאַנציעס אָדער צאָל־בײַדלעך... קודם־כּל האָט דאָרט געהאַט, פֿאַר־
שטייט זיך, זײַנע צאָל־באַאַמטע דער טעטראַרך פֿון גליל, אונטער וועמענס רע־
גירונג כּפֿר־נחום איז אַרונטערגעפֿאַלן. דער פֿיש־פֿאַנג איז געווען פֿאַר דער
שאַץ־קאַמער פֿון טעטראַרך פֿון גרויסער וויכטיקייט. און אַחוץ דעם האָבן אויך
מיר געהאַט אונדזערע שטײַער־פֿאַכטערס, אונדזערע שטײַער־אויפֿמאָנערס. דאָס
שטעטל האָט געווימלט פֿון פֿישערס, טריקענערס, פֿרוכט־הענדלער און שטײַער־
אויפֿמאָנערס. ווי דאָס שטעטל האָט נישט שווער געאַרבעט, האָט עס זיך נישט
געקאָנט אַרויפֿאַרבעטן צו קאָנען בויען אַן אייגענע שול, און אונדזערס אַן עלטס־
טער איבער הונדערט, וועלכער האָט דאָרט געוואוינט, האָט זיי געמוזט אַרויס־
העלפֿן אין דעם. וואָרעם וואָס די מוכסים האָבן נישט צוגענומען פֿון זיי פֿאַר
פֿאַרשיידענע אָפּצאָלונגען, האָבן די שלוחים פֿון כּהן גדול אויפֿגעמאָנט פֿאַר
בית־מקדש־אָפּצאָלן.
איך האָב אָפֿט מאָל דאָס שטעטל באַזוכט. ווען איך האָב מיך געפֿונען צו גאַסט
בײַם טעטראַרך אין טבֿריה, האָב איך קיין מאָל נישט פֿאַרפֿעלט, בײַ אַ רואיקן
וועטער אָדער אַ שיינער לבֿנה־נאַכט צו נעמען אַ שיף־שפּאַציר איבער דעם ים
כּנרת קיין כּפֿר־נחום, כּדי אײַנצוקויפֿן פֿאַר זיך פֿריש געפֿאַנגענע פֿיש, וועלכע
זײַנען בײַ דעם ברעג געווען באַרימט. אויך האָט מיך אָפֿט מאָל דער וועג קיין
סיריע צום לעגאַטוס אין אַנטיאָכיע געפֿירט איבער כּפֿר־נחום. טייל מאָל פֿלעג
איך אויך קיין דמשק גיין, מיט שטאַטלעכע ענינים צום טעטראַרך פֿיליפּוס, —
איך בין שטענדיק גערן געווען זיך אָפּצושטעלן אין דעם שטעטל.
מיר האָבן אין דעם שטעטל געהאַט סטאַציאָנירן אַן עלטסטן איבער הונדערט
מיט זײַן קאָהאָרטע; אָפֿיציעל איז ער געשטאַנען אין דינסט בײַם טעטראַרך,
אָבער אין דער אמתן איז ער געווען, פֿאַרשטייט זיך, מיט זײַן קאָהאָרטע אונטער
דער קאָמאַנדע פֿון דעם פּראָקאָנסול אין אַנטיאָכיע. דאָס אָרט איז געווען אַ וויכ־
טיקער סטראַטעגישער פּונקט ווײַל איז געלעגן אויף דער גרענעץ פֿון צוויי טעט־
ראַרכיעס; עס איז אויך געווען אַן אײַנקונפֿט־פּלאַץ פֿאַר אונדזער מלוכה־
אוצר. דער עלטסטער האָט גוט געלעבט מיט די אָרטיקע ייִדן און גערן געהאַט
מיט זיי צו פֿאַרברענגען. יעדעס מאָל, ווען מיר איז אויסגעקומען פֿאַרבײַצופֿאָרן
דאָס שטעטל, האָב איך, פֿאַרשטענדלעך, לאָזשירט בײַ מײַן פֿרײַנד, דעם עלטסטן.
איין מאָל אין פֿרילינגס־צײַט — די שענסטע צײַט פֿון לאַנד און די הערלעכסטע
פֿאַר דער כּנרת־געגנט, ווען די נאַטור איז אין איר פֿולער בליאונג, — ווען איך
בין געקומען צו מײַן פֿרײַנד, האָט ער מיר פֿאַרציילט וועגן אַ וואונדערבאַרן אויס־
טערלישן מענטש, וועלכער האָט זיך באַוויזן צווישן די ייִדן אין שטעטל. ער באַ־

זיצט די קראַפֿט צו היילן קראַנקע און אַרויסצוטרײַבן בייזע רוחות פֿון באַזעסענע, און נאָך אַנדערע וואונדער טוט ער אין שטעטל.

מיט וויזיאָנערן, כּשופֿמאַכערס, באַפֿרײַערס פֿון שלעכטע גײַסטער האָב איך זיך געגנוג אָנגעזען אין ירושלים, דאָ האָט געווימלט מיט זיי. כּשוף טרײַבן האָבן זיי אַלע געקאָנט. די זיצערס אין סנהדרין אָדער זייערע שופֿטים האָבן געמוזט קענען כּשוף, כּדי זיך נישט צו לאָזן אָפּנאַרן פֿון כּשופֿמאַכערס, און דאָך זײַנען זיי נישט געווען אַזעלכע כּשוף־מאַכערס ווי די כּאַלדעער. פֿונדעסטוועגן ווען מײַן פֿרײַנד האָט מיר פֿאַרציילט, אַז יענער האָט מיט אים אַליין אַ וואונדער געטאָן, האָט עס מיך פֿאַראינטערעסירט. ער זאָל, נעמלעך, האָבן זײַן אייגענעם דינער, אַ ליב גריכיש ייִנגל פֿון אינדזל ראָדאָס, וועלכן איך האָב גוט געקענט און וואָס איז פּלוצלינג געליימט געוואָרן אויף אַלע אבֿרים — אויסגעהיילט מיט איין איינציק וואָרט. דער אויבערשט, וועלכער איז, איבעריקנס, געווען נישט קיין קליינער ענטוזיאַסט, אַ פֿרײַנד פֿון די ייִדן און, ווי איך בין אים חושד, האָט ער געהאַט אַ געהיימע נייגונג צו זייער אמונה, האָט מיר פֿאַרציילט מיט אַלע אײנצלהייטן, ווי אַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען:

„דאָס ייִנגל אַנדרוס, וועלכן מיר האָבן אַלע גערן און דו ווייסט דאָך, אַז ער איז בײַ מיר ווי אַן אייגענער זון, איז פּלוצלינג אַוועקגעפֿאַלן. איך ווייס נישט, וואָס עס איז געשען מיט אים, נאָר ער קאָן נישט מיט קיין אבֿר רירן. איך האָב זיך זייער דערשראָקן, דער גורל פֿון ייִנגל איז מיר שטאַרק אָנגעגאַנגען, און אין מײַן פֿאַרצווייפֿלונג האָב איך נישט געוואוסט צו וועמען זיך צו ווענדן. מיר האָבן דאָ נישט קיין דאָקטוירים און די באַפֿעלקערונג ווענדט זיך דאָ אין אַזעלכע פֿאַלן צו נאַטור־היילער, וועלכע מיר האָבן זייער פֿיל, וועלכע היילן די קראַנקע מיט וואונדער־קרײַטעכצער, אָפּשפּרעכונגען, אַמולעטן און דאָס גלײַכן. דאָ הער איך מיט אַ מאָל וועגן אַ וואונדערלעכן מענטש, וועלכער האָט דאָ נישט לאַנג אויסגעהיילט אַ קרעציקן, וואָס מיר אַלע האָבן געקענט און זיך געהיטן פֿאַר אים. אין דער שול האָבן זיי אים געהאַלטן פֿון דרויסן, בײַם פּאָליש, מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך צו זיי נישט צורירן. אָט דער קרעציקער האָט אַנומלט אַליין אָנגעטראָפֿן דעם וואונדערלעכן מענטש און ער האָט זיך געבעטן בײַ אים: „אַז דו ווילסט, קאָנסטו מיך היילן!” האָט זיך דער וואונדערלעכער מענטש אָנגערופֿן: „איך וויל, אַז דו זאָלסט געהיילט ווערן!”. אין דעם זעלבן אויגנבליק איז דער קרעציקער געוואָרן ריין, ווי מיט אַ נײַער הויט איבערגעצויגן זײַן לײַב. דער מאַן האָט אים געהייסן גיין צום כּהן און ברענגען זײַן קרבן, און אים אָנגעזאָגט קיינעם נישט צו דערציילן וועגן דעם. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויפֿן צווייטן טאָג האָט דאָס גאַנצע שטעטל דערפֿון געוואוסט און אויך איך. גענוג, ווען איך זע, מײַן אַנדרוס וואַרפֿט זיך אין קראַמפֿן — צי האָט ער געגעסן עפּעס אַזעלכעס, אָדער אַ בייזע גיפֿטיקע מוק האָט אים אַ שטאָך געטון, מײַן האַרץ האָט מיר אויף אים זייער וויי געטון. בין איך אַוועק צו די ייִדן און זיי געזאָגט: „איך בין שטענדיק גוט געווען צו אײַך, איך האָב אײַך אַפֿילו געהאָלפֿן אַ שול בויען, איצט מוזט איר מיר העלפֿן, גייט צו אײַער וואונדערלעכן מאַן, און זאָל ער געזונט מאַכן מײַן ייִנגל”. זיי זײַנען אַוועק צו אים. איך האָב נישט געוואַרט אויף זייער שליחות און איך בין זיי נאָכגעגאַנגען און האָב אָנגעטראָפֿן דעם מאַן. שוין זײַן אויסערלעכער

אויסזען האָט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק געמאַכט. איך האָב זיך געווענדט צו אים מיט דער בקשה, אַז ער זאָל מײַן יינגל היילן, ווײַל איך קאָן נישט צוקוקן זײַן צער. דער מאַן האָט געקוקט אין מײַן פּנים אַרײַן און געזען, אַז איך מיין עס ערנסט, איך גלויב טאַקע, אַז ער קאָן העלפֿן דעם יינגל, האָט ער זיך אָנגערופֿן: „איך וועל גיין צו דיר אַהיים און וועל אים היילן". איך בין גערירט געוואָרן פֿון זײַן גוטסקייט, וואָס מיך, אַ פֿרעמדן, זאָל ער וועלן באַזוכן, נישט געקוקט דערויף, וואָס לויט דעם דין טאָרן זיי זיך נישט געפֿינען בײַ אַ הייד אין שטוב. האָב איך זיך אָנגערופֿן צו אים: „דו באַדאַרפֿסט זיך נישט מטריח זײַן אין מײַן הויז צו קומען, דו קאָנסט באַפֿעלן די גײַסטער מיט דײַנע ווערטער, ווי איך מײַנע זעלנער, איך ווייס דאָס". ער איז גערירט געוואָרן פֿון מײַנע רייד און אָנגערופֿן זיך צו די, וואָס האָבן אים באַגלייט: „צווישן די ייִדן האָב איך נישט געפֿונען אַזאַ גלויבן, ווי דער פֿרעמדער האָט". און ער האָט געזאָגט צו מיר: „גיי אַהיים און אַזוי ווי עס איז דײַן גלויבן, אַזוי וועט געשען!", און איך מוז זאָגן — האָט מיר דער עלטסטער פֿאַרזיכערט — אַז ווען איך האָב אָנגעקוקט דעם מענטש, האָב איך געמוזט גלויבן אין אים, אַז ער קאָמאַנדירט איבער גײַס־טער, ווי מיר איבער זעלנער! און שטעל דיר פֿאָר, איך בין אַהיימגעקומען און האָב געפֿונען מײַן אַנדרוס גיין און ריידן און באַוועגן זיך ווי דו און איך!".

געהערט פֿון דעם עלטסטן וועגן דעם דאָזיקן וואונדער, בין איך נײַגעריק געווען דעם מאַן צו זען, און איך האָב געפֿרעגט:

— צענטוריאָן, קאָן איך דײַן וואונדער־טוער זען?

— געוויס, ער איז יעדן טאָג בײַם האָפֿן, ער האַלט זיך דאָרט אויף צווישן די פֿישערס און די פֿיש־טריקענער. אויב דו ווילסט, קום מיט מיר, וועסטו אים טרעפֿן.

איך בין אַוועק מיט מײַן פֿרײַנד צום פֿישער־האָפֿן. דאָס איז געווען אַן אָרעמער האָפֿן, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין לאַנד און איז געווען אָפּגעצוימט פֿון דער אָזערע דורך אַ דאַמבע פֿון שטיינער־בלאָקן, וואָרעם דער רואיקער שטי־לער כּנרת קאָן זיך אַמאָל צעבייזערן, אַז די כוואַליעס שלאָגן אָן אויף די פֿונדאַ־מענטן פֿון די הײַזער. פֿישער־מענער זײַנען געזעסן אין זייערע שיפֿלעך, און אויפֿן ברעג פֿאַרן האָפֿן האָבן מיר געזען אַ רעדל מענטשן. ווײַבער האָבן איבער דעם לאַנגן זאַמדיקן ברעג אויסגעצויגן די נעצן פֿון זייערע מענער און זיי פֿאַרראַכטן. די מענער — אין די האַלבע לײַבער אַרײַן אויפֿגעפּראַלט, וואָרעם עס איז שוין געווען דענסטמאָל געגנוג הייס אין דעם וואָרעמען ים־כּנרת קלימאַט — האָבן געטאָן זייער אַרבעט, געשלעפּט קערב, עמערס מיט פֿיש פֿון די בערלינקעס אויפֿן ברעג אַרויס, אײַנגעלייגט זיי אויף די טישן, אויף די שטיינערנע פּלאַטן, וואָס זײַנען דאָרט געווען, באַזאַלצן זיי און אויסגעשפּרייט צו טריקענען איבער דעם הייסן ברעג, וואָס איז געווען באַלייגט מיט פּאַלמען־בלעטער. ווידער אַנדערע האַלב־נאַקעטע טרעגער און שלעפּער האָבן אויף זייערע פֿון דער זון אָפּגעברענטע גלאַנ־ציק־מעכטיקע רוקנס געטראָגן זעק מיט תּבֿואות, פֿולע קערב מיט פֿרוכטן, בינט־לעך פֿאַרשיידענע גרינסן, וואָס די פּאַרמערס פֿון עמק האָבן געבראַכט אויף זייערע אייזעלעך צו פֿירן צום ברעג, און אָנגעלאָדנט עס אויף די בערלינקעס און זעגל־שיפֿן, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין האָפֿן. מס־אויפֿמאָנער האָבן אויפֿגעמאָנט די אָפּצאָלונגען, די אויפֿקויפֿער פֿון תּבֿואות האָבן זיך געדונגען מיט די פּאַרמערס, די

אויפֿזעער האָבן אונטערגעיאָגט די פֿיש־טריקענערס צו דער אַרבעט. אָבער נישט געקוקט אויף זייער באַשעפֿטיקונג, זעען מיר, ווי פֿון צײַט צו צײַט לויפֿט ווער אַוועק פֿון דער אַרבעט און שטעלט זיך אַוועק אין אַ רעדל מענטשן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט אַ געזונט־אויסטײַטשער, וואָס פרעדיקט פֿאַר זיי. אָן אַנדערער לויפֿט אָפּ פֿון רעדל און קומט צו צו די פֿישערס אָדער צו די טריקענערס אָדער צו די אויפֿלאָדנדיקע טרעגערס, זשעסטיקולירט מיט די הענט אין גרויס ענטוזיאַזם און דערציילט זיי, וואָס עס קומט דאָרט פֿאָר אין דעם רעדל. מיר זײַנען נײַגיריק געוואָרן צוצוגיין צום רעדל מענטשן, אָבער מײַן פֿרײַנד האָט מיך אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז מיר מוזן זײַן פֿאָרזיכטיק, וואָרעם ווען זיי וועלן אונדז דערזען, כאָטש מיר זײַנען אײַנגעהילט אין אונדזערע רוימישע טאָגעס, וועלן זיי זיך דערשרעקן און וועלן זיך פֿונאַנדערלויפֿן מייַנענדיק, אַז מיר ווילן זיי איבערפֿאַלן.

מיר האָבן זיך ביידע אומבאַמערקטערהייט צוגעגנבֿעט צום רעדל מענטשן, אָפּגעשטעלט זיך הינטער אַ פֿײַגנבוים און באַאָבאַכטעט, וואָס עס קומט דאָרטן פֿאָר.

בײַם ברעג, אַביסל אָפּגערוקט פֿון האַפֿן, זײַנען געשטאַנען אַ פּאָר פֿאַרלאָזטע פֿײַגנביימער. עס האָט דאָרט געמוזט אַמאָל זײַן אַ וועלדל פֿון פֿײַגנביימער אָדער אָן אַלעע אין אַ גאָרטן, וואָס די כוואַליעס פֿון דער אָזערע האָבן מיט דער צײַט אָפּגעשווענקט. איצט זײַנען נאָר איבערגעבליבן אַ דרײַ־פֿיר פֿײַגנביימער, וואָס האָבן פֿאַרבלאָנדזשעט אויפֿן ברעג. אין דעם הויכן פֿרילינג, ווען די נאַטור אַרום האָט געבליט פֿון אונטער אַ שטיין און זאַמד אַפּער, זײַנען די פֿײַגנבוימער געווען נאַקעט און לער, בלויז אַ פּאָר איינצלנע צווײַגן האָבן זיך באַוויזן הויך איבער זייערע קעפּ. די ווײַבער האָבן אָן זיי זייערע נעצן אָנגעבונדן צום פֿאַרריכטן, זיי האָבן אויף די צווײַגן זייערע פֿישער־קערב אויסגעהאָנגען צום טריקענען. פֿישערס — קונים, וועלכע זײַנען געקומען מיט ליידיקע קערב, אָנגעלאָדן אויף אייזעלעך, צום האַפֿן פֿיש צו קויפֿן, האָבן זייערע אייזעלעך בײַ די ביימער אָנגעבונדן. די אייזעלעך האָבן די קאָרע געגריזשעט, און די פֿײַגנבלעטער זײַנען געווען מער באַדעקט מיט פֿיש־שיפֿן און זאַלץ־פֿײַכטקייט ווי מיט בלעטער און פֿײַגן. עס איז נישטאָ קיין מער טראַגישער אָנבליק, ווי אַ נאַקעטער פֿײַגנבוים, ווען ער שפּרייט אויס זײַנע גרויסע פֿאַרקריפּלטע צווײַגן ווי הענט פֿון אַ געקרייציקטן, וואָס פֿאַלן אַראָפּ פֿון האַלץ. אונטער אַזאַ נאַקעטן בוים מיט אויסגעשטרעקטע הילפֿלאָזע צווײַגן האָט איך געזען שטיין אַ יונגענמאַן, אַרומגערינגלט פֿון אַ קרייז מיט פֿישערס, טריקענערס, האַפֿן־טרעגערס, אויך פּויערים, וועלכע האָבן אויף זייערע אייזעלעך צוגעבראַכט זייערע פּראָדוקטן צו פֿאַרקויפֿן בײַם האַפֿן פֿון כּפֿר־נחום. מען האָט באַדאַרפֿט זען די איינפֿאַכע מענטשן, מיט די כּלים פֿון זייער מלאָכה אין די הענט. די פֿישערס מיט די האַקן, די טרעגערס מיט די קערב, די פּויערים מיט די אייזלען־שטעקנס, ווי זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם מאַן. מיט וואָס פֿאַראַ פֿרייד און דאַנקבאַרקייט זיי האָבן זיך צוגעהערט צו זײַנע ווערטער, צוגעשאָקלט מיט זייערע קעפּ. פֿאַר נחת איז פֿון זייערע שטערנס שווייס גערונען, וועלכע זיי האָבן געווישט מיט די אַרבל פֿון זייערע קליידער. פֿאַר נחת האָבן זיי זיך מיט די שטעקנס, מיט וועלכע זיי האָבן אָנגעטריבן זייערע בהמות, און מיט די האַקן געקראַצט די פֿאַרשוויצטע רוקנס. איינער האָט צו דעם אַנדערן צוגעוואונקען מיט די גלאַנצנדיקע שוואַרצע אויגן פֿון זייערע פֿאַרהאַרטעוועטע, פֿון זון און ווינט געשמיסענע

פּנימער, און צוגעטאָקעוועט אים מיט זייערע געדיכטע בערד. אַממייסטנס האָט מיך געוואונדערט, וואָס אויך די שטײַער־אויפֿמאָנער זײַנען געשטאַנען אַרום אים, די מוכסים האָט מען דערקענט אין די בלײַערנע בײַטשן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט; די טאָרבעלעך געלט אָנגעבונדן בײַ זייערע גאַרטלען, מיט די בלעכן אויף זייער ברוסט — דעם סימן פֿון זייער אַמט. די שטײַער־אויפֿמאָנער זײַנען געווען פֿאַררעכנט בײַ די יידן פֿאַר זינדיקע מענטשן, און מען איז זיך נישט גערן מיט זיי צונויפֿגעקומען. דאָ זײַנען זיי געשטאַנען אַלע אין איין גרופּע און אַרומגערינגלט דעם יונגען מענטש ווי אַ קראַנץ פֿון ברידער. וואָס אַמאָל איז דער קראַנץ אַרום אים מער געוואַקסן, אַנדערע אַרבעטער, וועלכע זײַנען נאָך באַשעפֿטיקט געווען בײַ זייער אַרבעט, האָבן זיך אָוועקגעגנבעט, אויסבאַהאַלטן זיך פֿון די אויפֿזעערס און געקומען צוצולויפֿן צו דעם רעדל אַ וואָרט אויפֿצוכאַפּן, ווי אַ דורשטיקער, וועלכער רײַסט זיך צו אויף אַ מינוט צו אַ פֿרישן קוואַל אַ שלוק וואַסער צו נעמען. בײַם ברעג טײַך האָט מען געזען אייניקע פֿישער־שיפֿלעך, אין וועלכע פֿישערס מיט אָפּגעבריענטע פּנימער און אויפֿגעפּראַלטע העלדזער, האַלב־באָרוועסע זײַנען געשטאַנען און האָבן זיך אויך צוגעהערט, וואָס דער מאַן זאָגט. אַנדערע פֿישערס זײַנען געזעסן פֿאַרטראַכט אין זייערע שיפֿלעך, אויף די דלאָניעס אָנגעלענט זייערע שוואַרץ־בערדיקע פּנימער. זיי אַלע זײַנען אַזוי פֿאַרכאַפּט געווען פֿון דעם מאַנס ווערטער, אַז זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי מיר, מײַן פֿרײַנד און איך, האָבן זיך אין דער שטיל דערנענטערט צו זיי און אויך זיך אָוועקגעשטעלט מיט זיי צוזאַמען צוצוהערן זיך, וואָס דער מאַן האָט צו זאָגן.

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז דער ערשטער אָנבליק פֿון דעם מאַן האָט אויף מיר געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן אײַנדרוק, אַן אײַנדרוק, ווי איך וואָלט געזען עפּעס רעאַלעס און דאָך נישט רעאַלעס. קודם־כּל, שוין זײַן פֿיגור אַליין און די פּאָזע, ווי ער איז געשטאַנען מיט די הענט אויסגעשפּרייט אונטער דעם נאַקעטן פֿײַגנבוים מיט די נאַקעטע צווײַגן!

ער האָט געקאָנט אַלט זײַן אַ יאָר דרײַסיק, אויסערגעוויינלעך דין און אויסגעמאָגערט, אָבער נישט מוסקולירט ווי דער יוחנן, וועלכן איך האָב געזען אין תּפֿיסה־קעלער בײַם טעטראַרך און נישט אַזוי מענלעך ברייט. נײן, דער דאָזיקער יונגערמאַן דאָ האָט געהאַט אַ פֿיגור פֿון אַ שוואַך קינד, און דאָך איז ער געווען העכער פֿון אַלע. זײַן קאָפּ איז געזעסן אויף אַ הויכן דינעם האַלדז, און דורך דער איידעלער הויט האָט מען אַרויסגעזען די אָדערן פֿון זײַנע שלייפֿן. ער האָט אַרויסגעשטאַרצט פֿון דעם גאַנצן רעדל האַלב־נאַקעטע מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געווען געשטאַנען אויף דער ערד, נאָר אויף אומגעזעענע טרעפּן. זײַן פּנים איז געווען אויסערגעוויינלעך בלייך, אָבער דאָך באַלעבט, יונג, און געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי די בלייכקייט וואָלט געווען די נאַטירלעכע קאָליר פֿון זײַן הויט. אַ יונגע שוואַרצע באָרד, וועלכע האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זײַנע לאַנגע פּאות, וואָס ער האָט לויט דעם יידישן אַרט געטראָגן, האָט אַרומגענומען זײַן לענגלעכדיק פּנים און נאָך מער בולט אַרויסגעבראַכט די ווײַסקייט פֿון זײַן געזיכט. זײַן קלייד, וואָס האָט אים פֿאַרדעקט — לויט דעם אַרט ווי די געלערנטע לײַט האָבן געטראָגן — פֿון דער עפֿענונג בײַם האַלדז ביז איבער די פֿיס, איז געווען טונקל. איבער דעם קלייד האָט ער, נאָכן יידישן מנהג, געטראָגן אַ

מין טוניק אָן אַרבל מיט בלוי־ווײַסע שטרייפֿן, אין וועלכע עס זײַנען געווען אָנ־געבונדן פֿיר לאַנגע טראָלדן, „ציצית״, און זיי האָבן אים דערגרייכט ביז צו די פֿיס. אַזוי איז ער געשטאַנען אונטער דעם נאַקעטן פֿײַגנבוים און ער האָט זיי עפּעס אויפֿגעקלערט אויף זייער אַראַמעאישן זשאַרגאָן.

איך האָב נישט גוט פֿאַרשטאַנען אַלצדינג, נאָר איך האָב שוין דענסטמאָל אויף אַזוי פֿיל געקאָנט די לאַנדס־שפּראַך, אַז איך האָב געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ווען ער וואָלט נישט מיט אַזוי פֿיל פּסוקים פֿון דער שריפֿט זיך באַנוצט, וואָס ער האָט זיי געזאָגט אין דעם אַלטן העברעאיש, וואָלט איך אים נאָך בעסער געווען פֿאַרשטאַנען. דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען געווענדט צו די אָרעמע מענטשן, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט, צו די פֿיש־זאַלצער און פֿיש־טרעגער, וועלכע זײַנען געווען זײַנע צוהערער. ער האָט זיי געמוזט זאָגן טרייסט־ווערטער אי־בער זייער שווער לעבן, וואָרעם מען האָט דערקענט אין זייערע באַגליקטע פּנימער, אין זייערע אָפֿענע מײַלער, אין זייערע פֿריידיקע אויגן, אַז ער זאָגט זיי עפּעס גוטס. ווי איך האָב פֿאַרשטאַנען און ווי עס האָט מיר דערנאָך מײַן פֿרײַנד דערקלערט, האָט ער זײַנע אָרעמע צוהערער געטרייסט, זאָגנדיק זיי, אַז זיי זײַנען דאָס זאַלץ פֿון דער ערד און פֿון זיי און דורך זיי וועט די הילף קומען. „וואויל איז צו די, וואָס האַלטן זיך קליין, וואָרעם זיי וועלן האָבן דאָס הימלרײַך, וואויל איז צו די אָרעמע, וואָרעם זיי וועלן ירשנען דאָס לאַנד!״ און דאַן האָט ער עפּעס ציטירט פֿון דער שריפֿט: „דאָס פֿאָלק, וואָס גייט אין דער פֿינצטער, האָט דערזען אַ גרויסע ליכט, און די וואָס זיצן אין דעם לאַנד פֿון טויט איז אַ ליכט געפֿאַלן איבער זיי...״

פּלוצלינג האָב איך באַמערקט אויף די פּנימער פֿון די צוהערערס אַן אויפֿ־שטראַלנדיקע גליקזעליקייט. ער האָט זיי געמוזט עפּעס זייער קלוגס זאָגן, וואָ־רעם זיי האָבן אים געקוקט אין אָפֿענעם מויל אַרײַן און געשלונגען זײַנע ווערטער. „דאָס דערקלערט ער זיי מיט אַ משל, וואָס זיי האָבן אַזוי ליב״ — האָט מיר דער עלטסטער צו פֿאַרשטיין געגעבן.

מיט אַמאָל האָבן מיר דערהערט אַ גרויס גערודער, אַ געשריי און אַ געבייזער, און אַ רעגן פֿון קאַנטשוקעס האָט אָנגעהויבן צו פֿאַלן איבער די קעפּ פֿון די צו־הערערס. עס איז געוואָרן אַ געלויף. מיר האָבן זיך אומגעקוקט און געזען, ווי די אויפֿזעערס איבער דער אַרבעט פֿון די פֿיש־טריקענער, וואָס די אונטערנעמער האָבן אָנגעשטעלט, האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן איבער די קעפּ פֿון די טאָג־לוינער, וועלכע זײַנען געשטאַנען מיט זייערע כּלים אין די הענט — אַרום דעם יונגענמאַן און זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד מיט דורשט. נאָך בליט די פֿרייד אויף זייערע פּנימער פֿון זײַנע רייד, וואָס איז פֿאַר זייערע אויערן זיס געווען צו הערן, און דאָ מיט אַמאָל דערפֿילן זיי די קלעפּ פֿון די אויפֿזעערס אויף זייערע קעפּ. פֿיל פֿון די טאָג־לוינער האָבן געכאַפּט זייערע כּלים, די קאָרבן, די האַקעס, די זאַלץ־שאָפֿלען און זײַנען פֿלינק אַוועקגעלאָפֿן צו זייער אַרבעט. אַנדערע זײַנען אָבער אַזוי צוגע־צויגן געוואָרן פֿון זײַנע רייד, אַז זיי האָבן זיך ווײַטער אָפּגעשטעלט הערן, נאָר די אויפֿזעערס זײַנען איצט אַרויס מיט אַ געוואַלד און אַ געשריי אויף דעם פּרעדיקער.

— וואָס איז ער געקומען אַהער צו שטערן די אַרבעטער, ווייסט ער דען נישט, אַז זיי זײַנען טאָג־לוינער?

— דער טאָג פֿון טאָג־לוינער געהער צו זײַן האַר! — האָט דער עלטסטער פֿון די אויפֿזועערס געשריגן אויף דעם פּרעדיקער.

— יאָ, דו האָסט רעכט — האָט ער אָפּגעענטפֿערט דעם אויפֿזועער מיט אַ שמייכל אויף זײַן בלייך פּנים — דער טאָג פֿון טאָג־לוינער געהער צו זײַן האַר, אָבער קיינער קאָן קיין האַר נישט אָנגערופֿן ווערן, נאָר דער האַר פֿון דער וועלט און צו אים געהערן אונדזערע טעג. צו וואָס איז די זאַך געגליכן?

און ער האָט זיי געוואָלט דערציילן עפּעס, אָבער די אויפֿזועער האָבן אים אײַבערגעשריגן:

— ער וועט זײַנע שיינע דרשות האַלטן שבת אין דער שול און נישט דאָ בײַ דער אַרבעט!

— עס איז קעגן דעם געזעץ צו באַלעמוטשען דעם טאָג־לוינער אין זײַן אַרבעט אַפֿילו דורך תּורה פּרעדיקן — האָבן די אויפֿזועערס איצט באַקומען אַ שטאַרקונג פֿון אַן ערנסטן, טונקל־געקליידטן מאַן, וועלכער איז צוגעקומען צו דער פֿאַרזאַמלונג. איך האָב אים שוין פֿון לאַנג געהאַט באַמערקט, ער איז געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס און זייער פֿאַראינטערעסירט זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע; דאָס איז געווען דער סגן פֿון דער שול, אין וועלכער דער יונגער פּרעדיקער האָט געהאַט לעצטן שבת אין זײַן דרשה אַ וויכוח וועגן זייער געזעץ־אויסטײַטשונג.

דערמוטיקט דורך די ווערטער פֿון דעם ווירדיקן סינאַגאָגע־פֿונקציאָנאַר, האָבן די אויפֿזועער מער חוצפּה באַקומען קעגן דעם פּרעדיקער.

— מיר וועלן אים פֿון דאַנען פֿאַרטרײַבן, דעם געזעץ־צעשטערער, מיר וועלן אים צו בית־דין לאָדן, ער זאָל אונדז געבן שאָדן־ערזאַץ!

ווער ווייסט מיט וואָס די סצענע וואָלט זיך געענדיקט, ווען עס וואָלטן זיך פּלוצלינג נישט באַוויזן עטלעכע מענער און אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך דעם פּרעדיקער. איינעם פֿון זיי האָב איך שוין פֿריִער געהאַט באַמערקט, ער איז געזעסן בײַם ברעג פֿון דער אָזערע אין זײַן שיפֿל. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ־בערדיקער ייִד, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ נידעריקער איז ער געווען, נאָר אַ פֿעסטער, ווי איין גרויסער וואָרצל, ער האָט זײַנע אָדערדיקע מוסקולירטע הענט אויסגעשטרעקט, ווי ער וואָלט דעם יונגן־מאַן געוואָלט באַשיצן אין זײַנע אָרעמס. נאָך אַ צוויי־דרײַ מענער, אויך פֿישער־ייִדן, מיט אויפֿגעפּראַלטע האַריקע ברוסטן, צעפּלאָשעטע בערד, פּאות און האַר, האָבן געלאָזט בײַם ברעג ליגן זייערע פֿישער־נעצן, מיט וועלכע זיי זײַנען באַשעפֿטיקט געווען, און אַרומגעשטעלט זיך אַרום דעם פּרעדיקער צו באַשיצן אים קעגן די אָנגרייפֿנדיקע אויפֿזועער, וואָס האָבן שוין זייערע קאַנטשוקעס געלאָזט פּאַכען אין דער לופֿטן.

— דער האַפֿן איז אַ רשות־הרבים און געהער צו אַלעמען, נישט נאָר צו אײַערע פּאַדריאַטשיקעס! — האָט דער ערשטער פֿישער געשריגן — ווער עס וויל דאָ רעדן, קאָן רעדן!

אָבער דער מאַן, וועלכער איז געשטאַנען אין מיטן דעם טומל פֿון די אויפֿזועערס, ווי ער וואָלט נישט געווען דערבײַ און נישט געזען, וואָס עס טוט זיך, האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף די רייד און דעם געשריי אַרום אים. ער האָט זײַן גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט איצט אויף דעם פֿישער־ייִד, וואָס איז אים געקומען צו הילף. איך האָב עס באַמערקט, ווי ער האָט זײַנע גרויסע

שוואַרצע אויגן אַריינגעגעבערט אין דעם נאַזוון, פראַסטן פּנים פֿון דעם פֿישער־ייִד, וועלכער איז דערשראָקן געוואָרן פֿאַר זײַן בליק. און די ביידע מענער האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט אין די אויגן און געשוויגן. דאַן האָט דער פֿישער גענומען דעם פּרעדיקער בײַ דער האַנט, ווי אַ פֿאָטער אַ קינד, און האָט אים אַרויסגעפֿירט פֿון דעם טומלדיקן עולם.

אַ לאַנגע ווײַלע האָבן נאָך די פֿישער־זאַלצער זיי ביידע נאָכגעקוקט, ווי זיי האָבן זיך דערווײַטערט אין שאָטן פֿון דער גאַס. דאַן האָב איך געהערט, ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך:

— דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל ער חברט זיך מיט אונדז, אָרעמע מענטשן, דעריבער האָבן אים די אַנדערע פֿײַנט.

— ער איז אונדזער טרייסטער. ווער האָט נאָך צו אונדז גערעדט אַזעלכע רייד — האָט אַן אַנדערער אים נאָכגעקוקט.

— ער איז יוחנן אַליין, וועלכער איז פֿון קבר אויפֿגעשטאַנען צו טרייסטן אונדז.

— ער איז אליהו הנביא, ווי אליהו הנביא היילט ער די קראַנקע.

— נו, נו, איר וועט אַלץ אין שול שפּעטער דערציילן. איצט צו דער אַרבעט צוריק! — האָבן די אויפֿזעערס אָנגעטריבן די פֿאַרחלומטע אַרבעטער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין נאָכקוקן די אַפּגייענדיקע מיט פֿאַרבענקטע אויגן.

— אייגנטלעך האָבן זיי רעכט! — רוף איך זיך אָן צו מײַן פֿרײַנד, דעם צענטוריאָן, וועלכער שטייט פֿאַרחלומט ווי די אַנדערע.

— ווער? — פֿרעגט ער מיך.

— די אויפֿזעערס. דאָס זײַנען טאָג־לוינערס, זייער אונטערנעמער צאָלט זיי פֿאַר דער צײַט, און ער רײַסט זיי אָפּ פֿון דער אַרבעט! אייגנטלעך, איז ער אַ גענזעך־שטערער!

דער צענטוריאָן האָט מיך אָנגעקוקט מיט ווייטאָג, און אַ טרויעריקייט איז געלעגן אין זײַן בליק.

— יאָ ער איז אַן אַרבעט־שטערער, ווי די זון און ווי דער פֿרילינג־רעגן, אויך זיי באַלעמוטשען די מענטשן מיט פֿרייד און נחמה...

איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען מײַן פֿרײַנד. יעדנפֿאַלס, איז געווען די העכסטע צײַט זיך צו דערווײַטערן, וואָרעם די אַרבעטער האָבן אונדז אָנגעהויבן צו באַ־מערקן. זיי האָבן זיך דערשראָקן אויף אונדזער דערשײַנונג, און זיי האָבן זיך שוין געוואָלט פֿונאַנדערלויפֿן. ווען זיי האָבן אָבער מיך געזען לעבן זייער עלטסטן, וועלכער איז געווען מיט די ייִדן פֿון דער שטאָט אין גוטע באַציאונגען, האָבן זיי זיך באַרואיקט.

— קום, לאָמיר גיין — זאָג איך צו דעם צענטוריאָן — די ייִדן וועלן מיינען, אַז מיר ווילן זיך באַקערן צו זייער גלויבן; ווען מיר וועלן בלײַבן, וועלן זיי לויט דעם ייִדישן שטייגער באַלד מיט אונדז צופֿיל נאָענט ווערן...

# 18

## דער רבי פּירט טיש

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז דער מאַן האָט פון ערשטן אויגנבליק אָן, ווען איך האָב אים געזען אַרומגערינגלט מיט די ייִדן — זײַנע אָנהענגער, וועלכע האָבן זיך מיט אַזאַ דורשט צוגעהערט צו זײַנע רייד אונטער דעם פּאַרטריקנטן פײַגנבוים, מיך נישט רוען געלאָזט. שוין זײַן אויסערלעך אויסזען אַליין, זײַן האַנדלונג, זײַן אומגיין זיך מיט מענטשן רופט אַרויס אַ טיפן גלויבן און אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי צו זיך. און איך מוז זיך מודה זײַן, אַז עס האָט געפעלט אַ האָר, וואָלט ער מיך אויך געוווען מיט־אַרײַנגעצויגן אין זײַן צויבערקרײַז, וואָס ער האָט געשאַפן אַרום זיך. בלויז אַ דאַנק מײַן מענלעכן כאַראַקטער, אַ דאַנק מײַן דיסציפּלינירטער דערציאונג האָב איך אויסגעמיטן פון אַראָפּגליטשן זיך און פאַרפירט צו ווערן פון זײַן אַזיאַ־טיש־מאַגנעטישער קראַפט, ווי ער האָט עס ליידער מיט אַנדערע רוימער געטאָן. ווי למשל, מיט מײַן פרײַנד, דעם הויפּטמאַן פון כּפר־נחום. אין דער אמתן אָבער בין איך געוווען נאָענט דערצו און אַ געוויסע צײַט האָב איך מיך נישט געקאָנט באַפרײַען פון אים.

און עס איז קיין וואונדער נישט. אָט בין איך אַנומלט אַליין געוווען אַן עדות דערפון, ווי ווײַט עס קאָן דערגיין דער כּוח פון גלויבן. מיר ווייסן עס גאַרנישט. מיר, וועלכע שטייען אין דרויסן, קאָנען עס גאַרנישט באַגרייפן, ווי ווײַט זיי, די ייִדן, זײַנען פאַרנאַרט פון דעם גלויבן. מען האָט זיי נאָר באַדאַרפט זען אין בית־מקדש־הויף, ווי זיי זײַנען געשטאַנען אין אַ יום־טוב אײַנגעפּרעסט ווי די הערינג איינס לעבן דעם אַנדערן, אַז קיין פינגער האָט מען נישט געקאָנט אַרײַנ־שטעקן צווישן איין לײַב און דעם אַנדערן, און דאָך האָבן זיי זיך אײַנגערעדט, אַז ווען זיי וואַרפן זיך אויף דער ערד צום מתוודה זײַן זיך, געשעט אַ נס און עס איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַלע, אַז איינער זאָל דעם אַנדערנס ווידוי נישט הערן. און עס איז טאַקע אַזוי געוווען. נאָר צי דער פּלאַץ האָט זיך טאַקע אויסגערוקט פאַר זיי, צי זיי האָבן זיך אײַנגעקוועטשט און אײַנגעשרענקט, אַז איינער זאָל דעם אַנדערן נישט אָנרירן, דאָס קאָן מען נישט וויסן. זיי האָבן למשל, געגלויבט, אַז אין גאַנצן בית־מקדש־הויף, וואו זיי האָבן טאָג־איין, טאָג־אויס געהאַלטן אין איין שעכטן קרבנות, האָט זיך קיין איין פליג נישט באַוויזן. אמת, דער גלויבן איז דערצו דאָ, וואָרהאַפטיק צו מאַכן אומוואָרהאַפטיקע זאַכן — אויך אונדזערע געטער קענען אין דער הינזיכט עפּעס אויפטאָן. — צעאוס קאָן זיך פאַרוואַנדלען, ווען ער באַדאַרף, אין אַ שוואַן אָדער אַ גאָלדענעם וואָלקן; אָבער דעם כּוח, וואָס די ייִדעלעך האָבן זייער גאָט צוגעשריבן, דעם גלויבן, וואָס זיי האָבן אים געשאָנקען — ניין, אין דער קונסט האָט זיי קיינער נישט געקאָנט איבעריאָגן.

דער מאַן איז שוין דענסטמאָל אין כּפר־נחום זייער באַליבט און באַרימט גע־ווען, ער איז געוווען איינער פון די אָנגעזעענסטע רבּיס נישט נאָר בלויז בײַ די פישער־ייִדן פון קליינעם פאָרט, נאָר אַפילו בײַ די געבילדעטע און געלערנטע

פון דער גאַנצער אומגעגנט: נאָך דעם ווי ער האָט דערקלערט פייערלעך אַנומלט שבת אין דער שול, אַז „ער איז נישט געקומען צו צעשטערן די תורה און די רייד פון די נביאים, נאָר זיי צו דערפילן", האָבן זיי מיט אים שלום געמאַכט. ער האָט אַפילו געזאָלט אין דער שול עפנטלעך דערקלערן, אַז „גיכער וועלן הימל און ערד אונטערגיין איידער אַ 'קוצו של יוד' פון זייער תורה", צי עפּעס אַזעלכעס ענלעכס. אַזאַ איינגערעדטע, חוצפהדיקע וויכטיקייט האָבן די ייִדן צוגעשריבן צו זייערע הייליקע ביכער. אין דעם גרויסהאַלטן זיך מיט זייער לערע האָט זיך דער רבי — ווי זײַנע מיינונגען זײַנען זיך נישט פונאַנדערגעגאַנגען מיט די אָפיציעלע רבים — נישט אָפּגעשיידט פון די אַנדערע. אַלע זײַנען זיי געווען איבערצײַגט, אַז זייער שריפט באַזיצט אַ געטלעכע מאַכט, אַז זי איז געגעבן געוואָרן צו זיי פון הימל. יעדנפאַלס, נאָך דער דאָזיקער שאָוויניסטישער דערקלערונג, וואָס ער האָט אָפּ־געגעבן אין זייער שול, האָבן די שריפט־געלערנטע און די שרײַבערס זיך מיט אים אויסגעגלײַכט. זײַן וואונדער־טון האָט בײַ זיי קיין פאַרדרוס נישט אַרויס־גערופן, פאַרקערט — עס איז געווען גאַנץ אין אָרדענונג, אַז געלערנטע און פרומע מענטשן זאָלן העלפן קראַנקע דורך תפילות און ניסים. איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אַז וואונדער־טון האָבן זיי אַלע געקאָנט. אויך אַנדערע רבים האָבן געהיילט אויף אַזאַ אופן.

ער האָט שוין זײַנע אייגענע תלמידים געהאַט, אמת טאַקע, נישט פון געלערנטן קלאַס, נאָר פון אָרעמען פאָלק — אַ פּאָר פישער־ייִדן, וועלכע האָבן געוואָרפן די פּרנסה און זײַנען אים נאָכגעגאַנגען. און בײַ איינעם פון זיי, בײַ דעם טאַקע, וועלכער האָט אים פון די אויפזועערס אָפּגעראַטעוועט, האָט ער געוואוינט. ער איז געווען זײַן ערשטער תלמיד. איך האָב זיך דערנאָך מיט דעם דאָזיקן פישער־ייִד באַקענט, שמעון האָט מען אים נאָך דענסטמאָל גערופן. דאָס איז געווען אַן איינ־פאַכער פישער, מיט אַ געדיכטער שוואַרצער קאַלטענעוואַטער באָרד. זײַן שקע־לעטן־ביין איז געווען ווי אויס שטאָל געגאָסן און האָט זיך אַרויסגעשניטן פון אונ־טער זײַן אָפּגעברענטער טונקעלער הויט. זײַנע הענט — אײַזן־שטאַנגען, ער האָט געקאָנט מיט זיי אַ בוים מיטן וואָרצל אויסרײַסן; זײַן פּנים, וואָס איז גע־שמיסן געווען פון טאָג־שטורמען און נאַכט־ווינטן, בעת ער האָט אויף זײַן שיפל פאַרבראַכט, איז געווען ווי אויס קיזלשטיין געהעמערט. דער דאָזיקער מעכטיקער מאַן האָט פאַרמאָגט אַן אויסטערלישע ליבע און איבערגעגעבנהייט צו זײַן רבין. ווען דאָס פאָלק האָט געדרענגט צו זײַן רבין, אַרומגערינגלט אים מיט מויערן פון קראַנקע און אָרעמע און געבעטן בײַ אים הילף, האָט דער פישער־מאַן גענומען דעם שוואַכן גוף פון זײַן רבין אויף די הענט, ווי אַ טאַטע נעמט זײַן קליין קראַנק קינד, און אים אַוועקגעטראָגן מיט זיך. דער דאָזיקער שמעון האָט נאָר געלעבט פאַר זײַן האַר. עס איז געווען רירנדיק צו זען, ווי דער שטאַרקער און מעכטיקער מאַן איז געשטאַנען הינטער דעם שוואַכן דינעם ייִד, בשעת יענער האָט גערעדט אין אַ קרײַז פון זײַנע אָנהענגער, צו די פישערס בײַם פּאָרט אָדער צו די דאַוונערס אין דער שול, און געקוקט אים אין מויל אַרײַן מיט ציטערנדיקער פרייד. זײַן טונקל באַהאָריקט פּנים האָט געלויכטן אין גאַנצן פאַר נחת. ער האָט תמעוואָטע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יעדן וואָרט, וואָס זײַן רבי האָט געזאָגט, און די גרויסע הענט געהאַלטן גרייט זײַן רבין צו באַשיצן פון יעדן איינעם.

וואָס קומט נאָענט צו צו אים. אין זײַנע אויגן האָבן געציטערט טרערן פֿון באַ־גײַסטערונג, אַזוי האָט ער געהויכט איבער אים. זײַן רבי האָט שוין דענסטמאָל פֿאַרמאָגט נאָך אַנדערע תּלמידים, טאַקע אַ ברודער פֿון דעם זעלבן שמעון, וועל־כער האָט אויך ווי דער שמעון אַוועקגעוואָרפֿן די אַרבעט בײַ דעם פֿיש פֿאַנגען און איז אים נאָכגעגאַנגען. געווען אַזאַ מנהג בײַ ייִדן, אַז זייער רבין האָבן זיי טײַערער געהאַלטן אַפֿילו פֿון זייער אייגענער משפּחה. אָפֿט מאָל האָט זיך גע־טראָפֿן בײַ זיי, אַז זיי האָבן פֿאַרלאָזט זייער הויז און פֿעלד, זייער ווײַב און קינדער, געוואָרפֿן זייער באַשעפֿטיקונג און זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך אַ לערער, וועלכער האָט זיי צוגעצויגן מיט זײַן לערע. אַחוץ די צוויי ברידער זײַנען דעם מאַן נאָכ־געגאַנגען נאָך אַנדערע תּלמידים, אויך צוויי אַנדערע ברידער, יעקבֿ און יוחנן. זיי זײַנען אַוועק פֿון זייער רײַכער מוטער פֿון בית־צידה, אַ קליין שטעטל נישט ווײַט פֿון כּפֿר־נחום. איבעריקנס, זײַנען דאָס געווען ביטערע יונגען, עכטע מאַ־קאַבעער! ער האָט זיי גערופֿן „קינדער פֿון שטורעם", זיי זײַנען גרייט געווען יעדן איינעם צו דורסן, צו צעשנײַדן, אויב עס האָט ווער עפּעס שלעכטס גערעדט אויף זייער רבין אָדער נישט געגלויבט אין אים. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין אַרומ־קריגן מיט די אַנדערע ייִדן, אַזוי אַז זייער רבי האָט זיי שטענדיק געמוזט האַלטן אין צוים, זיי זאָלן קיין גערודער נישט אַרויסרופֿן. נאָר דער באַליבטסטער און איבערגעגעבנסטער תּלמיד פֿון זיי איז בײַ אים געווען אָט דער שמעון, און בײַ דעם דאָזיקן שמעון, ווי געזאָגט, האָט ער זיך אויך אויפֿגעהאַלטן, — נישט בײַ אים אייגנטלעך, נאָר בײַ זײַן שוויגער.

איך בין נײַגעריק געווען צו זען זײַן קוואַרטיר, בין אַנומלט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אים נאָכגעגאַנגען אַהיים. ווען ער האָט זיך באַוויזן בײַם פּאַרט אָדער אין דער שול, האָבן אים שטענדיק מענטשן אַרומגערינגלט, אַרעמע און קראַנקע, און זיי פֿלעגן אים צובאַגלייטן אַהיים, בעטנדיק זיך בײַ אים, אַז ער זאָל זיי היילן. איך בין אַלזאָ מיט אַ חבֿרה נאָכשלעפּער נאָכגעגאַנגען נאָך אים ביז צו דעם הויף, וואו עס האָט געוואוינט שמעונס שוויגער. פֿאַרן טויער פֿון הויף האָט זיך דער פֿישער־ייִד שמעון אַוועקגעשטעלט מיט זײַן ברייטער פֿיגור, פֿאַרשטעלט דעם אַרײַנגאַנג און נישט געלאָזט קיינעם אַרײַנגיין.

— לאָזט אים אָפּרוען אַ ווײַלע, איר זעט דאָך, אַז ער איז שוואַך! — האָט ער זיך געבעטן בײַם צודרינגלעכן עולם.

ווען ער האָט מיך דערזען — ער האָט מיך שוין דענסטמאָל געקענט, איך האָב זיך מיט מײַן פֿרײַנד, דעם הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום, אָפֿט געוויזן אין זײַנע קרײַז־לעך, — האָט ער צוליב דרך־ארץ פֿאַר אַ רוימישן אָפֿיציר מיך אַרײַנגעלאָזט.

עס איז געווען אַן אַרעמער הויף, אַרומגערינגלט מיט אַ צוים פֿון צווײַגן און אַרומגעפֿלאָכטן מיט פּאַלמען־בלעטער. אין הויף זײַנען געשטאַנען אַ פּאָר דאַרע, האַלב פֿאַרשטויבטע פֿײַגנביימער און עטלעכע פּאַלמען, וואָס מען האָט געפֿונען אין יעדן אַרעמען ייִדישן הויף (אַן פּאַלמען־ביימער האָבן זיי זיך נישט געקאָנט רירן און זיי האָבן נוצן געצויגן פֿון די דאָזיקע ביימער פֿאַר אַלע זייערע באַדער־פֿענישן — זומער צו פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר דער היץ און ווינטער צו באַדעקן מיט זיי דעם דאַך פֿאַרן רעגן). די קאָרע פֿון די פּאַלמען און פֿון די פּאָר פֿײַגנביימער איז אויפֿגעפֿרעסן געוואָרן פֿון די פֿיש־שיפֿן, וואָס די אויפֿגעהאָנגענע נעצן צום

טריקענען האָבן אויף זיי איבערגעלאָזט. פֿאַרן הויז האָט זיך געפֿונען אַ גוט באַארבעטער גרינס־גאָרטן, אָן וועלכן קיין ייִדישע שטוב האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין. דער גרינס־גאָרטן איז געווען זייער שפּײַזער. אין מיטן הויף איז געשטאַנען, אָנגעלענט אויף צוויי אַלטע איילבירטן־ביימער, אַ קליין הײַזל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון געטריקנטער ערד און אַרומגעלייגט מיט ביימער־שטאַמען, אַרומגעפֿלאָכטן מיט פּאַלמען־צווײַגן. אויפֿן דאַך, צו וועלכן מען האָט דערגרייכט אויף אַ לייטערל, איז געווען אויפֿגעשטעלט אַ בײַדל, אויך געפֿלאָכטן אויס איילבירטן־צווײַגן. דאָס בײַדל אויפֿן דאַך האָבן זיי אויפֿגעשטעלט פֿאַר זייער רבין. אַרבעס־בלימלעך, וואָס זײַנען געווען פֿאַרפֿלאַנצט בײַ דער זײַט פֿון הויז, האָבן זיך איצט, אין פֿרילינג, אַרויפֿגעקריגן אויפֿן דאַך און געצויגן זייערע קראַנצן פֿון בלוי־ראָזע איידעלע בלימלעך איבער דעם בײַדל. אין הויף בײַם ערדענעם באַק־אויוון איז געשטאַנען אַן עלטערע פֿרוי אין אַ זאַק־קלייד, זי האָט אויף אַ פֿײַערל פֿון געטריקנטע צווײַגן געבאַקן פּלעצלעך. די דאָזיקע פֿרוי זאָל האָבן מיט אַ פּאָר טעג פֿריִער פּלוצלינג קראַנק געוואָרן, די גאַנצע שטאָט האָט געוווּסט, אַז זי האַלט בײַם שטאַרבן, און דער רבי האָט זי געהיילט. אַלע האָבן געוווּסט פֿון דעם וואונדער, וואָס דער רבי האָט געטון דער אַלטער פֿרוי, שמעונס שוויגער, און מען איז זי געקומען אָנקוקן. אויף דער צוים אַרום הויף האָבן זיך געטריקנט אַ פּאָר פֿישער־נעצן, וואָס מען האָט זיי שוין זינט אַ געוויסער צײַט נישט געברויכט, וואָרעם די פֿישער־ברידער האָבן זייער מלאכה געוואָרפֿן און זײַנען געווען פֿאַרנומען מיטן רבין. אין הויף האָבן זיך אַרומגעדרייט אייניקע מענטשן — אַ פּאָר יונגע מענער און פֿרויען, וועלכע האָבן די עלטערע ווײַבער צוגעהאָלפֿן בײַם צוגרייטן דאָס אָונטברויט.

ווי איך בין געוואָר געוואָרן, האָט זיך בײַם אָונטברויט געזאָלט צוזאַמענקומען אַ גרעסערע גרופּע גלויביקע צו דער אַלגעמיינער סעודה מיט זייער רבין, און די הויף־מענטשן האָבן מיט שטילן ערנסט צוגעגרייט צו דער סעודה. די ווײַבער האָבן געבאַקן מצה־פּלעצלעך אין די אויוונס, די מענער האָבן די פֿישער־ברעטער צוזאַמענגעלייגט פֿאַר טישן, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ פֿרוי און האָט אין אַ קריג געוואַשן דאָס קלייד פֿון זייער רבין, אָבער דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען זייער שטיל. זיי האָבן אָנשטאָט צו רעדן איבערגעוואונקען זיך מיט די אויגן און מיט די הענט, וואָרעם זיי האָבן נישט געוואָלט שטערן זייער רבין, וועלכער האָט זיך איצט געפֿונען אַליין אויף זיין דאַך־שטיבל פֿאַרטיפֿט אין געבעט.

איך האָב דערזען, אַז איך האָב די מענטשן אַרײַנגעבראַכט אין שרעק מיט מײַן פּלוצימדיקן דערשײַנען, און איך האָב זיך דערווײַטערט. אָבער אין אָוונט האָט מיך מײַן פֿרײַנד באַגלייט אין הויף פֿון שמעון דעם פֿישער. מיר האָבן איבער אונדזערע רוימישע קליידער אַריבערגעוואָרפֿן אַזעלכע זאַק־צודעקן, ווי די אַנדערע. ווען מיר זײַנען אָנגעקומען צום הויף, איז שוין געווען אַ גרויס געשטיי פֿון מענטשן אַרום דער צוים און בײַ דעם אַרײַנגאַנג פֿון טויער. מען האָט אונדז צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרײַנגעלאָזט. אינעווייניק, אין הויף פֿון שמעון, אין אַ גענוג גערוימיקער שטוב, פֿון וועלכער מען האָט אַלץ אַרויסגענומען, נאָר איבערגעלאָזט בלויז מאַטראַצן געפֿלאָכטן אויס גראָז, וואָס זײַנען געווען אויסגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע, זײַנען אַרום אַ לאַנגן טיש, צונויפֿגעקלאַפּט אויס

פֿישער־ברעטער, אַרומגעזעסן אַן ערך פֿופֿצן־צוואַנציק מענער, אַנדערע זײַנען געשטאַנען אַרום דעם טיש. דער טיש איז געווען באַלויכטן מיט אַ פּאָר ערדענע אייל־לעמפּלעך, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען פֿון די צווײַגן און בעלקעס איבער די טישן. איבעריקנס, איז אויך די נאַכט געווען אַ ליכטיקע, אַ פֿרילינגס־נאַכט בײַ דער כּנרת־אָזערע, און די גרויסע שטערן האָבן זיך אַרײַנגעגנבֿעט און באַרעגנט די שטוב מיט ציטערדיקן הימל־ליכט.

אויבנאָן, האַלב געלעגן און האַלב געזעסן, האָט דער רבי פֿון דעם קראַנץ שוואַרץ־באַבערדיקטע און שוואַרץ־באַהאָרטע מענער אַרויסגעשײַנט מיט דער ליכטיקער ווײַסקייט פֿון זײַן קלייד און מיט דער בלייכקייט פֿון זײַן פּנים. דער מערסטער טייל לײַט, וואָס האָט אָנגעפֿילט די שטוב, זײַנען געווען פֿישער־פֿאָלק און פּויערים פֿון טאָל, וועלכע האָבן געבראַכט זייערע באַרימטע ווייצן אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן. זיי האָבן געהערט פֿון דעם מערקווירדיקן מאַן, זײַנען זיי געקומען צו שמעונען אין הויף אַרײַן זען אים, הערן אים און אפֿשר דורך אים געהאָלפֿן ווערן. די ווײַבער האָבן געבראַכט דאָס געקעכץ, וואָס זיי האָבן געקאָכט אין דער קיך אויפֿן הויף, מצות־פּלעצלעך און געבראַטענע קליינע פֿישלעך, געוויקלט אין טייג, וואָס מען האָט צוגעגרייט פֿאַרן רבינס כּבֿוד וועגן, און אויך פֿיל גרינוואַרג אין ערדענע טעלער פֿונאַנדערגעשטעלט אויפֿן טיש. אַנדערע ווײַבער האָבן פֿון זייערע שטובן מיטגעבראַכט די מתּנות און אַוועקגעשטעלט פֿאַרן רבין — איינע אַ קריג ווײַן, אַן אַנדערע אַ טעפּל האָניק, אויך פֿיל פֿרוכטן, געטריקנטע פֿײַגן און טייטלען.

אויך פֿיל קינדער זײַנען דאָרט מיט זיי מיטגעווען, די פֿאָרמערס האָבן די קינדער אין די טליתים געבראַכט און דערלאַנגט זייערע קעפּלעך אונטער דעם רבינס הענט, כּדי ער זאָל זיי בענטשן. ער האָט אָבער גענומען די קינדער און אַרומגעזעצט זיי אַרום זיך ווי אַ קראַנץ.

די ווײַבער האָבן פֿאַר אים די פּלעצלעך אויסגעלייגט, און איידער ער האָט זיי געבראָכן, האָט ער זיך אָנגערופֿן צום עולם:

— לאָמיר בעטן צו אונדזער פֿאָטער אין הימל!

האָט איינער פֿון זיי געזאָגט:

— רבי, מיר זײַנען אומוויסנדע לײַט, מ'האָט אונדז נישט געלערנט ווי אַזוי צו בעטן.

האָט ער געזאָגט צו זיי:

— שטייט דען נישט געשריבן: „תּמימים זאָלט איר זײַן צו אײַער גאָט”. איר זענט מער חשובֿים בײַ גאָט ווי די געלערנטע לײַט, וואָרעם ער שטייט געשריבן: „די תּמימות פֿון די גערעכטע וועלן מיך טרייסטן”.

האָט אַן אַנדערער געזאָגט פֿון אַ ווינקל אַרויס:

— מיר זײַנען זינדיקע, רבי!

דערויף האָט ער אָפּגעענטפֿערט מיט אַ משל:

— צוויי מענטשן גייען אויף אין בית־מקדש, איינער איז אַ זינדיקער און דער צווייטער איז אַ צדיק. דער זינדיקער שטייט מיט אַ צעבראָכן האַרץ פֿאַר דעם היילִיקטום און ער וואָגט נישט די אויגן אויפֿצוהייבן, ער לאָזט זײַן בליק זינקען צו דער ערד און זאָגט בײַ זיך אין האַרץ: „טאַטע אין הימל, דו ווייסט דאָך,

אַז איך בין אַ זינדיקער מענטש, זײַ מיר מוחל און האָב רחמנות אויף מיר!" דער צוויטער, דער צדיק, שטייט און זאָגט בײַ זיך אין האַרץ: „טאַטע אין הימל, דו ווייסט דאָך און קענסט מיך, איך בין נישט ווי דער זינדיקער מענטש, וואָס שטייט דאָ לעבן מיר, נאָר איך גיי אין דײַנע וועגן און טו דײַן געבאָט". איך זאָג אײַך, אַז דער זינדיקער גייט צוריק נײַ געבוירן, אומשולדיק ווי אַ קליין קינד, און דער צדיק איז באַשווערט מיט זינד!

ווען דער עולם האָט זיך באַרואיקט פֿון דער התלהבות, וואָס דאָס משל האָט אַרויסגערופֿן בײַ זיי, — האָט זיך איינער פֿון זיי אָנגערופֿן, אויסשטרעקנדיק די הענט צו אים:

— לערן דו אונדז, רבי, ווי אַזוי מיר זאָלן בעטן צו גאָט!

האָט ער זיי אָפּגעענטפֿערט:

— מיינט נישט, אַז אײַער פֿאָטער אין הימל ווייסט נישט אײַערע באַדערפֿענישן נאָך איידער איר בעט צו אים. דעריבער זאָלט איר אַזוי בעטן: זאָגט מיר נאָך וואָרט בײַ וואָרט.

און דער רבי האָט פֿאַרדעקט דאָס ברויט מיט זײַנע הענט, פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן און געזאָגט וואָרט בײַ וואָרט, און די גאַנצע עדה האָט אים נאָכגעזאָגט:

„אונדזער פֿאָטער אין הימל, דײַן נאָמען זאָל געהייליקט ווערן, זאָל אויפֿשטיין דײַן מלכות, און דײַן ווילן זאָל געשען ווי אין הימל אַזוי אויך אויף דער ערד. אונדזער טעגלעך ברויט גיב אונדז הײַנט, זײַ מוחל אונדזערע זינד, ווי מיר זײַנען מחויב אַנדערע מוחל צו זײַן. ברענג אונדז נישט צו קיין נסיון, נאָר באַשירעם אונדז פֿון שלעכטס, צו דיר געהערט דאָס קעניגרײַך, די גבֿורה און די שיינקייט אויף אַלע אייביקייטן"...

דערנאָך האָט ער גענומען די פּלעצלעך ברויט, געבראָכן זיי אין שטיקלעך און אַרומגעטיילט צווישן דעם עולם, אַפֿילו די ווײַבער און קינדער, יעדן האָט ער אַ שטיקל פּלעצל געגעבן. דאַן האָט ער גענומען זײַן ברויט, אײַנגעטונקען עס אין זאַלץ, פֿאַרמאַכט די אויגן און עפּעס געזאָגט. אָבער ווי נאָר דער רבי האָט געוואָלט דאָס ברויט צו זײַן מויל נעמען, האָט זיך אַ שטימע דערהערט פֿון אַ ווינקל פֿון טיש:

— רבי, מיר האָבן פֿאַרגעסן צו וואַשן אונדזערע הענט פֿאַרן עסן.

דער רבי האָט אים אָנגעקוקט און אָפּגעענטפֿערט אים:

— פֿאַר ריינע איז אַלץ ריין!

און ער האָט גענומען זײַן ברויט אין מויל אַרײַן, און אַזוי האָבן אויך געטון די אַנדערע.

איך האָב זיך אומגעקוקט, ווער עס האָט געוואָגט זײַן רבין צו שטערן. און פּלוצלינג איז מיר פֿון אַ ווינקל פֿון טיש, אין דער באַלויכטונג פֿון די אייל־לאָמפּן, אויפֿגעגאַנגען אַ האַלב געזיכט פֿון אַ מאַן, וואָס איז געזעסן פֿאַרבאָרגן הינטער אַן אַנדערנס רוקן און וואָס איך בין זיכער געווען, אַז איך האָב עס ערגעץ־וואו געזען. איך האָב זיך אָבער נישט געקאָנט דערמאָנען ווען און וואו. ווען איך האָב זיך אָבער גוט צוגעקוקט צו דעם געזיכט, געזען די שטיקער טראָלדן געלע באָרד, וואָס זײַנען געזעסן ווי אָנגעקלעפּט צו זײַנע לאַנגע באַקן, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז די באָרד פֿון דעם דאָזיקן מענטש איז מיר שטענדיק געווען אויפֿפֿאַלנד. איצט

האָב איך געוואוסט ווער ער איז. יעדעס מאָל, ווען עס איז מיר אויסגעקומען פֿאַרבײַצוגיין דעם קליינעם אינערלעכן הויף, וואָס האָט זיך געפֿונען בײַם אַרײַנגאַנג פֿון טויער צום כּהן גדולס גערטענער, איז דאָרט געזעסן אויף אַ טרעפּלעבן דער וואַך אַ מאַן מיט אַן אויסגערווײנלעכער באָרד. זײַן באָרד איז באַשטאַנען אויס שטיקער גלעט טראָלדן, וואָס זײַנען געזעסן אָפּגערוקט איינס פֿון אַנדערן אויף זײַנען אומצייליקע בראָדעוועקס, ווי וועלדלעך פֿאַרקליבן אויף באַרגשפּיצלעך. די באָרד זײַנע האָט געצויגן אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט, אָבער נאָך מער — זײַנע אויגן. זײַנע אויגן זײַנען געווען ווי אויס דעם בלויעסטן קרישטאָל געשליפֿן, קאַלט און טרוקן, ווי זיי וואָלטן זיך קיין מאָל נישט אין טרערן געבאָדן, ווי זיי וואָלטן נישט אויס נערוון און מוסקעלן, אויס פֿלייש און אָדערן געוועבט געווען, נאָר אויס אַ געשליפֿענעם שטיין. דערבײַ האָבן זיי פֿאַרמאָגט אַזאַ טיפֿן דורכדרינגלעכן בליק, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ווי שטאָכן פֿון געשאַרפֿטע שפּיזן וואָלטן זיך אין שטראַלן פֿאַרוואַנדלט און נעמען דיך דורך. דו האָסט געפֿילט זײַנע בליקן אויף דיר, אויף דײַן קאַרק, אויף דײַן רוקן, ווי עס וואָלטן זיך נאָגנדיקע פּיאַווקעס אין דײַן לײַב אײַנגעזויגן. יעדעס מאָל, ווען עס איז מיר אויסגעקומען פֿאַרבײַצוגיין דעם קאָרידאָר פֿון אינערלעכן הויף, וואו דער דאָזיקער מאַן פֿלעגט זיך אויפֿהאַלטן — צי ער איז יאָ אַנוועזנד געווען, צי נישט — האָב איך שטענדיק געהאַט דאָס געפֿיל, אַז איך גיי אַדורך אַ געזעענער, אַ באַאָבאַכטעטער, אַז פֿון ערגעץ הינטער אַ וואַנט, אַ טיר, אַ שפּאַלט באַטראַכט מיך עמיצער. איך האָב אָבער באַין אופֿן נישט געקאָנט זיכער זײַן, צי איז דאָס דער זעלבער מאַן, וועלכן איך האָב אַזוי אָפֿט געזען בײַם כּהן גדול אין הויףקאָרידאָר, צי איז דאָס אַן אַנדערער. ווי ער וואָלט זיך נישט געקאָנט באַפֿרײַען פֿון זײַן נאַטור, זיצט ער דאָ בײַם טיש פֿון זײַן רבי, ווי אין הויף־קאָרידאָר בײַם כּהן גדול, נישט מיטן פּנים צו די מענטשן, נאָר אָן אַ זײַט, באַהאַלטן הינטער יענעמס רוקן, און איבער די פּלייצעס פֿון אַן אַנדערן לאָזט ער מיט זײַנע קאַלטע שטראַלן־בליקן אַדורכנעמען אַלץ, וואָס זיצט אַרום אים. אָבער דאָך איז דאָס פּנים זײַנס מיר גאַנץ נײַ, ווי איך וואָלט עס צום ערשטן מאָל געזען. עס איז מיר אויפֿגעגאַנגען אין מײַן זכּרון דאָס געשפּרעך מיטן אַלטן חנן בײַ אים אין דער היים, ווען ער האָט מיר פֿאַרציילט צום ערשטן מאָל וועגן דעם רבין פֿון גליל. זאָל ע ר האָבן ווען פֿון זײַנע לײַט דאָ אָהערגעשיקט, אַז ער זאָל דעם מאַן נאָכפֿאָרשן?

— אָ, דו אַלטער כיטרער פֿוקס, אומעטום האָסטו דײַנע אויגן און דײַנע אויערן!... — האָב איך מיר געטראַכט.

דערווײַל איז די סעודה בײַם רבינס טיש ווײַטער אָנגעגאַנגען. די, וואָס זײַנען דאָ געזעסן, זײַנען געווען אָרעמע־לײַט, און דאָס עסן איז געווען אַן אָרעמס, ווי בײַ פּויערים און פֿישערס: פֿלעצלעך און אָליוון, געשטאָנענע מילך, וואָס זיי האָבן פֿון אַ גרויסער ערדענער כּלי אַרויסגענומען שטיקלעכווײַז מיט די הענט. זיי האָבן אויך געטונקען זייער ברויט אין שיסלען מיט האָניק. דער רבי האָט גענומען אַ פֿישל אויס דער שיסל און געגעסן און דערנאָך די כּלי איבערגעגעבן צו די אַנדערע. אַזוי האָבן זיי איינער נאָכן אַנדערן אַ פֿישל מיט זייערע פֿינגער גענומען און געגעסן. אויך פֿון דעם באַרג געטרוקנטע טייטלען האָט ער אַרויסגענומען איינעם און געגעסן, דערנאָך די אַנדערע איבערגעגעבן. צווישן איין עסן און דעם

אַנדערן האָבן זיי קאַפּיטלעך תהילים געזונגען, וואָס איינער פֿון זיי האָט געקענט פֿון אויסנווייניק. נאָכן עסן האָט זיך דער רבי די הענט געוואַשן אין אַ כּלי, וואָס דער פֿישער־ייִד האָט אים דערלאַנגט, און די אַנדערע האָבן אים נאָכגעטון. אַלץ איז שטיל געוואָרן, זייערע פּנימער און זייערע אָפֿענע מײַלער געבויגן צום ווײַסן פֿלעק, וואָס איז געזעסן אויבנאָן בײַם טיש, אויך די ווײַבער האָבן זיך אַרומגע־שטעלט אַרום אים און אויך די קינדער. אַלע האָבן זיך אײַנגעמויערט איינער אין דעם אַנדערן און זײַנען געוואָרן ווי איין קערפּער, און אין דעם קערפּער איז געווען איין נשמה — זייער רבי. דער רבי האָט זיי געמוזט עפּעס שיינס און עפּעס גוטס זאָגן, ער האָט דאָס פֿאַרקליידט דורך אַ משל. אויף וויפֿיל איך האָב געקאָנט אַרויסנעמען פֿון זײַנע רייד און פֿון זייער פֿרייד, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז זײַנע ווערטער מוזן אויפֿעפֿענען פֿאַר זיי אַ טיר, וואָס זיי האָבן געמיינט, אַז זי איז פֿאַר זיי אויף אייביק פֿאַרשלאָסן. מען האָט באַדאַרפֿט זען די פֿרייד אויף זייערע פּנימער, וואָס זײַנע ווערטער האָבן בײַ זיי אַרויסגערופֿן!

און ווי זיי שטייען אַזוי מיט התפּעלות אַרום און הערן זיך צו צו זײַנע רייד, דערהערן מיר אַ גערויש פֿון דער הויך, ווי עס וואָלט עפּעס זיך אײַנגעבראָכן און געקנאַקט. איך קוק זיך אַרום, און וואָס זע איך? פֿון באַלקן, וואָס באַשטייט אויס פּאַלמען־צווײַגן, לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטריק אַנגעבונדן אַ בעט מיט אַ קראַנקן, ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן. צוויי פּאָר מעכטיקע הענט לאָזן פֿון דעם דאַך אַראָפּ דאָס בעט און שטעלן עס אַנידער פֿאַרן רבין. און וואָס עס האָט מיך אָממערסטן פֿאַרוואונדערט איז, וואָס די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין שטוב געפֿונען, זײַנען גאָרנישט איבערראַשט געוואָרן פֿון דער דאָזיקער סצענע. זיי האָבן עס אַנגענומען פֿאַר אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך. זיי האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זײַט און פּלאַץ געמאַכט פֿאַרן בעט מיטן קראַנקן. אַ מענטש אַ סקעלעט באַמיט זיך אויפֿצוזעצן אין בעט און שטרעקט אויס זײַנע טויטע ביינערדיקע הענט צום רבין. דאָס פּנים פֿון קראַנקן איז געווען נאַקעט פֿון האָר, דער קאָפּ איז געווען אויסגע־קראָכן, ער איז מער ענלעך געווען צו אַ שעדל פֿון אַ טויטן ווי צו אַ לעבעדיקן מענטש, בלויז וואָס זײַנע אויגן זײַנען געזעסן אין דעם אויסגעטריקנטן ביין, און מיט די אויגן און מיט די ביינערדיקע הענט האָט ער זיך אַנגעלענט אין זײַן רבין. זײַנע ווײַסע ליפּן האָבן זיך באַוואויגן און ער האָט געשטאַמלט:

— העלף מיר, העלף מיר, געטלעכער מאַן!

די מענגע האָט די הענט אויסגעשטרעקט צום רבין, און מיט זייערע ציטער־דיקע בערד האָבן זיי צוגעשאָקלט:

— רבי, העלף אים!...

דער רבי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט — איך זע אים ווי איצטער — ער גייט צו מיט זײַנע נאַקעטע פֿיס, וואָס שטאַרצן אַרויס פֿון זײַן ווײַסן קלייד, צו דעם בעט פֿון קראַנקן, בויגט צו זײַן פּנים נאָענט צום פּנים פֿון קראַנקן, זייערע אויגן טרעפֿן זיך און באַהעפֿטן זיך איינס צום אַנדערן. אַזוי שטייט ער אַ לאַנגע ווײַלע און קוקט דעם קראַנקן אין די אויגן אַרײַן. דאָס פּנים פֿון רבין איז בלייך, אַנגעשטרענגט, אַזוי אַז מען האָט געזען, ווי די בלויע אָדערן שיסן אַדורך די הויט פֿון זײַנע שלייפֿן און זיי באַוועגן זיך ווי קופּקעלעך קריכנדיקע שלאַנגען — אַט וועלן זיי אַדורכזעצן דורך דער אַנגעצויגענער הויט, אַנגעהעקלט אין דעם קראַנקנס

אויגן, שטייט דער רבי מיט זײַנע הענט אויפֿן קראַנקנס לײַב און פֿרעגט אים מיט אַ הויך קול:

— מרדכי בן יוסף, גלויבסטו באמונה שלמה, אַז איך באַזיץ דעם כּוח און דעם רשות פֿון אונדזער פֿאָטער אין הימל דיר צו העלפֿן?

און דער קראַנקער האָט אים נאָכגעשטאַמלט וואָרט אין וואָרט:

— איך, מרדכי בן יוסף, גלויב באמונה שלמה, אַז דו, אונדזער רבי, ישוע בן יוסף באַזיצסט דעם כּוח און דעם רשות פֿון אונדזער פֿאָטער אין הימל מיר צו העלפֿן.

האָט דער רבי זיך אויסגעגלײַכט. ווען ער האָט זיך אויסגעגלײַכט, האָב איך געמיינט, אַז זײַן הויכער קאָפּ איבער זײַן הויכן האַלדז שטײַגט צו די שטערן, אַזוי איז ער געשטאַנען שטײַף און גלײַך און אַלץ געהאַלטן זײַנע אויגן אין די אויגן פֿון קראַנקן, און מיט אַ באַפֿעלנדיקער שטימע זיך אָנגערופֿן, ווײַזנדיק מיטן אויסגעשטרעקטן פֿינגער צום קראַנקן אין בעט:

— מרדכי בן יוסף, איך באַפֿעל דיר מיטן כּוח פֿון דער אמונה — הויב דיך אויף פֿון דײַן געלעגער!

דער קראַנקער האָט אים אָנגעקוקט אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט צו אים. אָבער דער רבי האָט נישט אָפּגעטון זײַן בליק פֿון אים.

פּלוצלינג האָט דער קראַנקער גענומען זײַנע הענט, אונטערגעשטיצט זיך, געפּרוּווט זיך אויפֿצוהייבן. צום ערשטן מאָל איז ער צוריקגעפֿאַלן, האָט ער גע־פּרוּווט אַ צווייט מאָל דאָס טון אונטער די שמײַכלענדיקע בליקן פֿון זײַן רבין. מיט מורא אין פּנים האָט דער קראַנקער אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל. דאָס צווייטע מאָל האָט ער זיך אונטערגעהויבן, דעם קאָפּ געלאָזט פֿאַלן. אָבער דער רבי האָט אים געהאַלטן כּסדר צוגעשמידט צו זײַן בליק, און מיט אַ ווייטאָגדיקן גרימאַס האָט דער קראַנקער אַרויסגעשטעלט אין דאָרן סקעלעטישן פֿוס נאָכן אַנדערן אויף דער פּאָדלאָגע. די פֿיס האָבן געציטערט אונטער אים, עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ברעכן זיך, אַט פֿאַלן זיי. אָבער אונטער דעם רבינס אָנטרײַבנדיקן בליק האָט ער די פֿיס אויסגעגלײַכט, אויפֿגעשטעלט זיך און געמאַכט צוויי־דרײַ האַלצערנע טריט און געפֿאַלן אויף זײַן רבינס ברוסט.

— הושענה! — איז דאָס פֿאָלק ווילד געוואָרן פֿאַר פֿרייד, גענומען דעם קראַנקן מרדכי, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זײַן סקעלעטיש לײַב אַ זאַק, וואָרעם ער איז געווען אין גאַנצן נאַקעט, און אַוועקגעלייגט אים לעבן טיש.

מען האָט געהאַלטן אין איין קומען אַהער. מען האָט געהערט אין שטאָט, אַז דער וואונדערלעכער רבי האַלט זיך אויף בײַ שמעון פֿישער אין הויז, איז באַלד דער גאַנצער הויף אָנגעפֿילט געוואָרן מיט קראַנקע; גרויסע שטאַרקע מענער האָבן אַרײַנגעפֿירט אין שטריק געפּענטעטע ווײַבער, וועלכע זײַנען געווען באַזעסן פֿון שלעכטע גײַסטער. די גײַסטער האָבן אַרויסגעשריגן פֿון די לײַבער פֿון די באַזעסענע אין אַלערליי לשונות, נאָכגעמאַכט קולות פֿון שטוב־חיות. אַנדערע קראַנקע — האָבן זייערע אָנגעהעריקע געשלעפּט אויף די פּלייצעס; עס איז נישט געווען מער אויסצוהאַלטן פֿון די קולות, געבעט־אויסרופֿן, אַנגסטיקע געשרייען, הילף־רופֿן, אויסגעמישט מיט די שטימען פֿון שטוב־חיות, פֿון בהמות, מיט אַ קלאָגן און מיאַוקען, אַז מען האָט געקאָנט פֿאַרטויבט ווערן. כ׳האָב געמיינט, אַז

איך בין פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אויף אַן אינדזל פֿון מכשפֿות, אַז איך טרינק זיך אין אַ קאַליוזשע פֿון מענטשלעכן אָפּפֿאַל, קראַנקהייט און באַזעסנקייט. דאָס גע־שטאַנק פֿון פֿוילנדיקע לײַבער, פֿון פֿאַרלעגענע קראַנקע גופֿים איז נישט געווען איבערצוטראָגן. איך האָב מער נישט געוואוסט, צי איך בין משוגע אָדער זיי. און דאָס געשריי „הושענה! הושענה!" האָט פֿאַרהילכט די נאַכט.

איך האָב געוואָלט אַוועקלויפֿן פֿון דעם דאָזיקן כּישוף־קעסל און גערופֿן מײַן פֿרײַנד, נאָר מיר האָבן זיך נישט געקאָנט אַרויסקריגן פֿון דעם שרײַענדיקן גע־דראַנג פֿון מענטשן, צווישן וועלכע מיר האָבן זיך געטרונקען. אָבער פֿון דעם אַלעם איז זייער רבי געוואָרן אַזוי אויסגעבלייכט און מיד, אַז מען האָט געמיינט, אָט פֿאַלט ער אַוועק און ער ווערט אַ טייל פֿון דעם באַרג מענטשלעכע גופֿים, צווישן וועלכע ער איז געשטאַנען אײַנגעטונקען ביז איבערן האַלבן לײַב. ער האָט געוואָלט אַוועק, אָבער דער ים פֿון קראַנקע האָט מיט זײַנע כוואַליעס אים אַרומ־גערינגלט ווי אַן ענגע מויער. זיי זײַנען געלעגן בײַ זײַנע פֿיס, האָבן געקושט זײַן קלייד, אויסגעשטרעקט די הענט צו אים מיט וויינענדיקע יללות:

—הושענה! הושענה!

ביז שמעון האָט זיך מיט אַמאָל געפֿעדערט, האָט זיך דורכגעשניטן אַ וועג מיט זײַנע שטאַלערנע הענט צווישן די קראַנקע און באַזעסענע, און געכאַפּט דעם רבין אויף זײַנע מעכטיקע אָרעמס, באַדעקט אים מיט זײַן ווײַסן מאַנטל, און טרעטנ־דיק איבער גופֿים און איבער קעפּ, האָט ער דעם רבין אַרויסגעטראָגן פֿון דעם שטורעמדיקן ים פֿון צרות און פּײַן, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, ווי אַ פֿישער ראַטעוועט אַ טרינקענדיקן. ער איז אַרויס פֿון הויף און איז אַוועק מיט אים ווײַט אין פֿעלד אַרײַן. בײַם טויער, ווען איך האָב געוואָלט אַריבערטרעטן די שוועל, האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף דעם מאַן מיט דער געלער טראָלדן־באָרד און טרויעריקן פּנים. איך האָב אים אײַנגעהאַלטן.

— יהודה, מאַן פֿון קריות!

ער האָט זיך אומגעקוקט פֿאַרוואונדערט.

— ווער פֿרעגט אויף מיר?

מיר האָבן זיך בײדע אין די פּנימער אַרײַנגעקוקט.

— דו דערקענסט מיך נישט?

— ווער ביסטו דען אַזעלכער?

— יהודה, דו דערקענסט נישט דײַן הגמון?

ער האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן, און זײַן בליק האָט מײַן הויט אַדורכגעעג־בערט ביז צו מײַן אינערלעכן.

— הגמון? ווי קום איך, אָרעמער מענטש, צו קענען דעם הגמון?

— האָב איך דיך נישט געזען אין כּהן גדולס הויף, יהודה?

— אין כּהן גדולס הויף? געוויס, איך בין אונטערטעניק דעם כּהן גדול, ווי יעדער ערלעכער ייִד.

— וואָס טוסטו דאָ, יהודה איש קריות?

איך בין געקומען אָפּגעבן כּבֿוד אַ גרויסן רבין, ווי דער דין איז, און צו זיצן בײַ זײַנע פֿיס און צוהערן זיך צו גאָטס וואָרט. אָבער וואָס טוט דאָ אַ הגמון צווישן ייִדן? — פֿאָרשט ער מיך.

איך מוז מודה זײַן, אַז איך האָב געמוזט בויגן מײַן בליק פֿאַר אים.

און איך האָב ווידער נישט געקאָנט אָפּמאַכן בײַ זיך, צי איז עס דער יהודה, דער זעלבער מאַן, וועלכן איך האָב געזען בײַם כּהן גדול אין הויף, צי איז זײַן ענלעכקייט מיט יענעם בלויז אַ צופֿאַל?...

# 19

## די באַרג־פּרעדיקט

איך האָב זיך דעם פֿרילינג אויפֿגעהאַלטן אין כּפֿר־נחום לענגער, ווי איך האָב פֿריִער בדעה געהאַט. איך מוז מודה זײַן, אַז דער מאַן האָט מיך נישט געלאָזט רוען. נאָר וואָס זאָל איך באַהאַלטן? עס איז געווען אַ נאַרישקייט, איך האָב צוליב דעם פֿאַרנאַכלעסיקט מײַנע אַמטלעכע ענינים, אָפּגעלייגט מײַן רײַזע צום לעגאַטוס קיין אַנטיאָכיע אויף דעם וועג, אויף וועלכן איך האָב זיך געפֿונען, אויף וואָכן לאַנג אונטער דעם אויסרייד, אַז איך בין נישט געזונט, אַז דער שווערער קלימאַט אין ירושלים דורך דעם ווינטער האָט מיך אָנגעשטרענגט און איך באַדאַרף מײַן געזונט צו פֿאַרבעסערן און אויפֿהאַלטן זיך צוליב דעם אינעם וואַרעמען טאָל אויף אַ געוויסע צײַט. איך קאָן עס מיר נאָך ביז הײַנט נישט דערקלערן, וואָס אַזעלכעס עס איז געווען אין דעם מענטש, וועלכער גוטער אָדער שלעכטער רוח האָט געווירקט אין אים, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ קראַפֿט איבער מענטשן — נישט בלויז איבער אייגענע, דאָס איז צו פֿאַרשטיין — נאָר אויך איבער מיר, למשל. איך בין דענסטמאָל געווען אַזוי פֿאַרנאַרט אין אים, אַז איך בין אים, פּונקט ווי דער ייִדישער המון, נאָכגעגאַנגען נאָך יעדן שריט. איך מוז אַפֿילו צוגעבן, אַז דאָס האָט אויך די ווירדע פֿון מײַן אַמט אָנגערירט, איך בין דורך דעם אין די אויגן פֿון די ייִדן אַראָפּגעפֿאַלן. עס איז אָפּגעמעקט געוואָרן יעדע דיסטאַנץ צווישן מיר און זיי און, ווי זייער שטייגער איז, האָבן זיי מיך באַלד אָנגענומען אין גאַנצן פֿאַר אַ זייעריקן, ווי דעם הויפּטמאַן פֿון דעם דאָזיקן אָרט. מיט די ייִדן מוז מען וויסן ווי זיך אומצוגיין, צו האַלטן זיי פֿון זיך אַ מײַל פֿון דער ווײַטנס. איך האָב זיך אָפּט מאָל דערפֿאַר אַליין פֿאַרוואורפֿן געמאַכט און באַשטימט אָפּצוהאַקן, צו פֿאַרלאָזן כּפֿר־נחום. אָבער ווער עס האָט דעם מאַן נאָר איין מאָל געהערט און געזען, האָט שוין פֿאַרלוירן זײַן אייגענעם ווילן צוליב אים. יאָ, איך בין אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דעם משוגעת, ווי אַלע זײַנע נאָכלויפֿער.

און נאָכלויפֿער האָט ער געהאַט זייער פֿיל, ער איז דענסטמאָל געשטאַנען אויף דער הויך פֿון זײַן רום. נישט נאָר דאָס אָרעמע פֿאָלק און די אומוויסנדע מאַסע איז אים געקומען הערן און זען זײַנע וואונדער, נאָר אויך די געלערנטע, די

שריפֿט־אויסטײַטשער, די שרײַבער און אויך פֿיל געבילדעטע מענטשן פֿון אונדזערע לײַט. פֿון טבריה זײַנען יעדן טאָג אַפֿילו געבילדעטע גריכן אַראָפּגעקומען. פֿון טעטראַרך פֿיליפּוסעס מלוכה פֿון יענער זײַט כּנרת איז מען אַריבערגעקומען מיט קראַנקע, לאָמע און באַזעסענע, און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן קיין שום מום נישט געהאַט, נאָר זײַנען געקומען בלויז אים הערן. וואָרעם איינס מוז מען צוגעבן, אַז ריידן האָט ער געקאָנט. איך ווייס נישט פֿון וואַנען דאָס האָט זיך צו אים גענומען, צו דעם איינפֿאַכן סטאָליאַר־יִנגל פֿון נצרת. ער האָט צומאָל נישט פֿאַרמאָגט קיין גריכישע בילדונג, קיין רעטאָריק אויף אויסצודריקן זיך אין אַ פּרעציזן אופֿן פֿון געבילדעטע מענטשן דורך קנאַפּע פּאַסנדיקע ווערטער, מיט געטאָקטע אויסגעפֿורעמטע זאַצן, וועלכע צילן דירעקט צום ענין און ווערן ווי פּערל געצויגן אויף אַ שנור. זײַן סטיל איז געווען אַ ריין יִדישער, אַ שלאַבריקער, אַ לויזער און אַ צעוואָרפֿענער, דערפֿאַר האָט ער געהאַט אַ באַגאַבונג צו באַקליידן זײַנע געדאַנקען מיט רײַכע משלים, וועלכע האָבן ווי האַמערס געשלאָגן אין די מוחות פֿון זײַנע פּראָסטע צוהערער און זײַנען ווי לעבעדיקע בילדער געשטאַנען פֿאַר זייערע אויגן און וועלכע זיי האָבן שוין נישט געקאָנט פֿאַרגעסן. דאָס באַהאַלטן די געדאַנקען אונטער קליידער פֿון משלים, איז איבעריקס געווען אַ ריין יִדישע רייד־אַרט פֿון די געבילדעטע. צוליב דער שטענדיקער פֿײַנדלעכער מאַכט, אונטער וועלכער זיי האָבן זיך געפֿונען, האָבן זיי נישט געהאַט די מעגלעכקייט פֿון דעם פֿרײַען מאַן אויסצודריקן זיך אָפֿן אָן מורא, ווי מיר, רוימער, למשל. זייערע געלערנטע האָבן מיט ריין יִדישער כיטרעקייט באַהאַלטן זייערע געדאַנקען אונטער אַלעגאָרישע איבערגעטריבענע משלים. מער פֿון אַלע אַנדערע האָט דער יִדישער געלערנטער געהאַט די באַגאַבונג אויסצודריקן די טיפֿסטע פֿילאָזאָפֿישע אידעען אין אַ משלים־שפּראַך, וועלכע איז פֿאַרשטענדלעך געוואָרן נישט דורך ווערטער, נאָר דורך דעם בילד, וואָס ער האָט געשילדערט.

איבעריקנס, איז גאָרנישט אַזוי שלעכט געווען צו פֿאַרברענגען דעם פֿרילינג בײַם ברעג פֿון דער כּנרת־אָזערע. עס איז מיר טאַקע שווער געווען זיך אָפּצורײַסן פֿון דער הערלעכער לאַנדשאַפֿט און פֿון דעם וואַרעמען קלימאַט. עס איז געווען די שענסטע צײַט פֿון יאָר אין לאַנד און אויף דעם שענסטן פּונקט פֿון דער מדינה. נאָך דעם אומעטיקן אָנבליק פֿון די בערג פֿון יהודה, וועלכע טריקענען אויס דײַן בליק און דײַן מוח מיט זייער טראַגישן אויסזען און האַלטן דײַן געדאַנק און דײַן געפֿיל שטענדיק אין מאָנענדיקער, דענקענדיקער שפּאַנונג — איז ווירקלעך געווען אַן אָפּרו צו באָדן דאָס אויג, דאָס געפֿיל, דײַן געדאַנק און דײַנע נערוון אין דער אידילישער מנוחה, וואָס די זעטיקע גרינקייט פֿון ירדן־טאָל שפּרייט אויס אַרום זיך אין פֿרילינג — אין אָנבליק פֿון די אומצייליקע ציפּריסן, פּאַלמען, אָליוון־וועלדלעך, פֿײַגנבוימער, ווײַנגערטנער און די לאַנגע זעטיקע בייטן מיט תּבֿואות, וואָס זײַנען אַזוי באַרימט איבערן לאַנד. אויסגעבעט אין אַ טאָל, וואָס ליגט נידעריקער פֿון ים־פֿלאַך, ווערט דאָ אַלץ פֿריער צײַטיק ווי אין די אַנדערע פּראָווינצן. די פֿלאָרע איז רײַך, אַ מענגע בלומען און פֿלאַנצונגען באַדעקן די גאַנצע אויבערפֿלאַך פֿון לאַנד. דו האָסט דאָ נישט קיין איין שטיקל באָדן, קיין איין שטיין, קיין איין הויז, קיין בײַדל, וואָס זאָל נישט אַרומגערינגלט ווערן אין פֿרילינג מיט די הערלעכסטע פֿעלד־בלומען און פֿלאַנצונגען, וואָס שיסן

אַרויס פֿון אונטער דער ערד און שלענגלען זייערע וויאָלעטענע בלומען איבער די ווענט און מויערן, פֿלעכטן זיך אַרײַן אין די ריטער און אין די פֿאַרטריקנטע פּאַלמען־צווײַגן. יעדעס פֿעלד־בײַדל, יעדעס ווײַנגאָרטן־שטיבל איז באַדעקט מיט בליענדיקע בליטן, רויטע מאָן־קעפּלעך שיטן זיך אויס איבער די פֿעלדער, קריכן דורך די צוימען אין די אויסגעטרעטענע הייף אַרײַן. אַלע וועגן, אַלע וואַסער־קאַרעטעס זײַנען באַוואַקסן מיט בליִענדיקע אָלעאַנדרעס, צי מען פֿלאַנצט זיי יאָ, צי מען פֿלאַנצט זיי נישט — זיי שפּרינגען פֿון דער ערד אַרויס פֿון זיך אַליין. און הײַנט דער בלויער געשליפֿענער כּנרת, אויסגעבעטט אין דעם גרינעם באַ־בלימטן טעפּיך, אַרומגערינגלט מיט בערג, פֿון וועלכע דער העכסטער און ווײַטס־טער פֿון זיי קוקט אַרויס איבער זייערע רוקנס מיט זײַן אייביקן שניי־קאַפּל, וואָס ער טראָגט אויף זיך. בײַנאַכט, ווען די לבֿנה שפּילט איבער די כוואַליעס פֿון כּנרת און די ליכטער פֿון זיינע פֿישער־שיפֿלעך, מיט וועלכע ער איז פֿאַרפֿולט, טובֿלען זייערע פֿײַערדיקע פֿלאַמען אין די טיפֿסטע וואַסערן, הערט זיך דאָס רופֿן פֿון די פֿישערס, דער רויש פֿון זייערע וויאָסלעס, וואָס שלאָגט אָפּ אין וואַסער. אָפּט מאָל דערהערט זיך פֿון דער אָזערע אַ געזאַנג אָדער אַ פֿרום געבעט פֿון אַ פֿישער־שיפֿל. ניין, עס איז גאָרנישט געווען אַזוי שווער צו פֿאַרברענגען דעם פֿרילינג אין כּפֿר־נחום.

אין איינעם אַזאַ פֿרילינג־טאָג האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו הערן דעם מאָן פּרעדיקן אין דרויסן הינטער דער שטאָט. איך בין געוואָר געוואָרן דורך מײַן פֿרײַנד דעם הויפּטמאַן, אַז אין אַ געוויסן טאָג נאָך מיטאָג — עס איז געווען זייערס אַ יום־טובֿ, דאַכט זיך, ווען זיי בעטן פֿאַר די בוימער, עס איז בײַ זיי דעמאָלט אַ האַלבער יום־טובֿ — וועט דער מאָן הינטער דער שטאָט אויף אַ בערגל פּרעדיקן. כּדי נישט אויפֿפֿאַלנד צו זײַן מיט אונדזער לעגיאָנערישער קליידונג, האָבן מיר איבער די פּאַנצערס רוימישע טאָגעס פֿאַרוואָרפֿן און מיר זײַנען מיטן עולם אַרויסגעקומען הינטער דער שטאָט.

די בערגלעך אין ארץ־ישׂראל זײַנען אַזוי געבויט ווי פּלאַטפֿאָרמעס. דאָס דאָזיקע בערגל האָט געקאָנט זײַן נישט מער ווי אַ צוואָנציק־דרײַסיק מעטער הויך, אָבער עס איז געלעגן זייער משופּעדיק אויסגעצויגן. מיר זײַנען געווען סך־הכּל אַ פּאָר הונדערט מאָן, מערסטנס פֿון אָרעמען פֿאָלק, זײַנע שטענדיקע באַגלייטער — פֿישער, פֿיש־טריקענער, קליינע פּויערים, שטאָטישע בעלי־מלאָכות, אָבער עס איז אויך געווען אַ גרויסע צאָל פֿון דעם געלערנטן קלאַס. די שריפֿט־אויסטײַטשערס און די סופֿרים אין זייערע בכּבֿודיקע שוואַרצע קליידער, מיט קעפּ־באַדעקעכץ — וואָס איז געווען דער סימן פֿון זייער געלערנטקייט — זיינען געשטאַנען אין אַ גרופּע באַזונדער. טייל פֿון זיי האָבן אויף פּאַרמעט־ראָלן, אַנדערע אויף פּאַפּירוסן געהאַט מיט זיך ביכער פֿון די הייליקע שריפֿטן, אין וועלכע זיי האָבן נאָכגעקוקט און זייער ערנסט צווישן זיך דיסקוטירט. איך האָב נישט גע־וואוסט, אַז אונדז וועט אויסקומען בײַצוּוואוינען אַ זייער וויכטיקע געשעעניש, וואָרעם אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג האָט ער, אַזוי צו זאָגן, צום ערשטן מאָל פֿעסטגעלייגט זײַן לערע. ווײַזט אויס, אַז די געלערנטע האָבן געוואוסט דערפֿון און אפֿשר איז עס געווען באַשטימט פֿאַר זיי, און זיי זיינען געקומען נישט נאָר פֿון כּפֿר־נחום, נאָר אויך פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, אַזש פֿון נעים. עס זײַנען

געקומען סגנים פֿון די שולן, די חזנים און די יושבי־ראש, וועלכע האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט די אַרטיקע בתי־דינים. די געלערנטע רבנים, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו שטיין צוזאַמען מיטן פּראָסטן פֿאָלק, אַז זיי זאָלן נישט אומריין ווערן, האָבן זיך גרופּירט באַזונדער. אין דער גרופּע פֿון די געלערנטע זײַנען געווען די אַלע, וועלכע האָבן זיך טיטולירט „חבֿר". דאָס געמיינע פֿאָלק איז געשטאַנען אָפּגערוקט פֿון זיי אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ, נישט געוואַגט אָדער נישט געוואָלט קומען אין זייער נאָענטקייט. אָבער הײַנט האָט זיך דאָס געוויינלעכע פֿאָלק געפֿילט צו זײַן דער מורינו...

דער באַרג איז געווען באַשאָטן, ווי דאָס גאַנצע פֿעלד אַרום, מיט קעפּלעך רויטן מאָן, וועלכע האָבן מיט זייערע רויטע לײַכט־שוועבנדיקע קלײדלעך גע־ציטערט און געפֿלאַטערט איבער דער טיפֿער גרינקייט פֿון גראָז. אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג האָבן זיך פֿאַרקליבן אַ פּאָר ציפּרוסן־בוימער, איינער פֿון זיי איז געווען העכער פֿון די איבעריקע מיט צוויי קעפּ און אַרויסגעשטאַרצט מיט זײַן טונקל־גרינער קרוין פֿון די אַנדערע. עס האָבן זיך צווישן זײַנע געדיכטע צווײַגן געמוזט געפֿינען נעסטן פֿון שוואַלבן, וואָרעם שוואַלבן־מוטערס האָבן געהאַלטן אין איין צוויטשערן און צוברענגען שפּײַז אין זייערע שנאָבלען צו די קליינע, וואָס זיי האָבן געהאַט אין די נעסטן. ווען דער עולם איז שוין געווען פֿאַרזאַמלט, האָבן מיר געזען אים אָנקומען פֿון ברעג טײַך — וואָוהין זײַנע תּלמידים האָבן אים מיט אַ שיפֿל פֿון כּפֿר־נחום צוגעפֿירט. זײַן ווײַסער באַציציתדיקטער סדין האָט, ווי תּמיד, אַרויסגעשײַנט פֿון דעם פֿרישן גרינעם גראָז, אויף וועלכן ער האָט גע־טראָטן מיט זײַנע באַסאַנדלטע פֿיס, פּונקט ווי די שריפֿט־געלערנטע איז ער אויך געווען ערנסט, דאָס מאָל באַוואָרפֿן מיט אַ שוואַרצער קאַפּע, אַ מין פֿילץ, וואָס האָט מיט אַ באַשליק פֿאַרדעקט זײַן קאָפּ. מיט געציילטע, פּאַמעלעכע טריט איז ער צוגעקומען צום באַרג, באַגריסט זיך מיטן עולם און מיט די שריפֿט־געלערנטע מיט זייער געוויינלעכער באַגריסונג: „שלום־עליכם", אויף וואָס די אַנדערע האָבן אים געענטפֿערט: „עליכם שלום". איינער פֿון די תּלמידים האָט אים דערלאַנגט אַ טלית, ער האָט דעם טלית אָנגעטאָן אויף זײַן קאָפּ און אַ ברכה געמאַכט. דערנאָך האָט ער זיך מיטן טלית אַרומגעהילט, אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן בערגל, אַוועקגע־שטעלט זיך אונטער אַ ציפּרוס־בוים און האָט אויפֿגעהויבן זײַנע הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט מיט זיי באַדעקן דאָס גאַנצע פֿאָלק, און ער האָט אָנגעהויבן צו פּרעדיקן.

לאַנג און ערנסט האָט ער גערעדט, טייל ווערטער האָט ער געציילט, ווי ער וואָלט זיי אונטערגעשטראָכן, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס וואָרט נישט אויף דער הוי־לער לופֿט אַרויסגעשיקט און עס וואָלט נישט באַשטאַנען אויס קלאַנגען, וואָס ווערן פֿאַרלאָשן אין דעם חלל פֿון דער לופֿט און זײַנען שוין מער נישטאָ, נאָר ער האָט אַרויסגעשאָלט יעדעס וואָרט, ווי ער וואָלט עס געווען אײַנגעקריצט מיט אַ נישט־אויסלעשבאַרער שריפֿט אין דעם זכּרון אַרײַן. און מיט וואָס פֿאַר אַ כּוח ער האָט גערעדט! דער שוואַכער, ווי אויס דינע ביינדלעך געבויטער קערפּער, איז אויסגעוואַקסן אויפֿן באַרג ווי אַ מעכטיקער מענטשלעכער פּיראַמיד. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער און דער באַרג זײַנען צוזאַמענגעוואַקסן, ער האָט אַזוי הויך און ברייט אויסגעזען, ווי דער באַרג וואָלט נאָר געווען פֿאַר אים אַ פֿונדאַמענט.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי די שמאָלע פֿיגור האָט אָנגענומען אַזאַ ברייטן פֿאַרנעם אין שטח, צי איז דאָס נאָר געווען אַן אָפּגענאַר פֿון אויג צוליב דעם פֿאַרנאַכטלעך־רויטן פֿײַער־ליכט, וואָס האָט געגאָסן אויף אים? און אַזוי ווי זײַן פֿיגור, אַזוי איז אויך געווען זײַן שטימע, וועלכע האָט אָנגעפֿילט דעם הוילן חלל...

מען האָט באַדאַרפֿט זען די פֿאַרוואונדערטע פּנימער פֿון די געלערנטע און שרײַבערס, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין זייער אָפּגעזונדערטער גרופּע, זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אָנגעקוקט מיט דערשטוינען און אויפֿגעצויגענע אָרעמס, באַזונדערס, ווען ער האָט באַטאָנט געוויסע שטעלן פֿון זײַן פּרעדיקט מיט אַן אַקצענטירונג, ווי דעריבער איז נישטאָ מער קיין צווייפֿל און קיין אָפּפֿרעג. אַנדערש האָבן אויפֿגעפּאַסט זײַנע ווערטער די אומוויסנדיקע מאַסן, זיי האָבן נאָך פֿון פֿריִער מסכּים געווען צו יעדן אויספֿיר זײַנעם און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. זיי האָבן זיך אײַנגעבויגן, ווי זיי וואָלטן זייערע רוקנס אַרונטערברענגען אונטער דעם יאָך פֿון זײַנע געזעצן, וואָס ער האָט אויסגעקריצט פֿאַר זיי. מיט געלײַטזעליקטע פּנימער, מיט דערלייזטע אויגן האָבן זיי פֿאַרחלשטע געשלונגען די ווערטער און צוגעשטימט. אָבער די געלערנטע, קאָנצענטרירט אין זיך, אַזוי אַז זייערע אָדערן האָבן ווי אָנגעשוואָלענע מוסקולן אַרויסגעשלאָגן אויף זייערע גרויסע שטערנס, פּנימער און העלדזער, ווי זייער בלוט וואָלט געהאַרטעוועט געוואָרן אין זיי — זײַנען שווײַגנדיקע געשטאַנען און צוגעהערט זיך צו די ווערטער, געקנייטשט די שטערנס און פֿאַרביסן די ליפּן. טייל מאָל האָבן זיי, נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת מיט זיך, צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. למשל, ווען ער האָט געזאָגט: „ווען דו ווילסט מקריב זײַן דײַן קרבן אויפֿן מזבח און דו וועסט זיך דאָרטן דערמאָנען, אַז דײַן ברודער האָט עפּעס קעגן דיר, אַזוי לאָז איבער דײַן קרבן פֿאַר דעם מזבח און גיי איבערבעט דיך צום ערשט מיט דײַן ברודער און דערנאָך זאָלסטו קומען מקריבֿ זײַן דײַן קרבן!" — ווען ער האָט דעם דאָזיקן זאַץ אַרויסגעזאָגט, האָט ער אַ סעקונדע ווי אַ הפֿסקה געמאַכט, ווי ער וואָלט געוואָלט הערן דעם עכאָ בײַ די געלערנטע. זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע שטאַרק אָנגעקוקט, ווי זיי וואָלטן געוועזן שטילערהייט אַנאַליזירט דעם געבאָט, דערנאָך האָבן זיי מיט צופֿרידנהייט מסכּים געווען. אַן אַנדערש מאָל האָבן זיי, אַן צו אַנאַליזירן מיט שטאַרקע זשעסטן פֿון זייערע בערד און זייערע הענט באַטאָנט זייער איינשטימיקייט. למשל, ווען ער האָט געזאָגט: „ווען דו גיסט צדקה, זאָל דײַן לינקע האַנט נישט וויסן וואָס די רעכטע האַנט טוט!" און בײַ נאָך אַזעלכע שפּרוכן, וועלכע זענען זיך אויס אין אײַנקלאַנג צו זײַן מיט דער לערע — האָבן זיי מיט פֿרייד און מיט גרויס יראת הכּבֿוד מיטגעשאָקלט מיט די בערד. אַן אַנדערש מאָל האָט זיך באַוויזן אויף זייערע פּנימער ווי אַן אומצופֿרידענע מינע. ווען ער האָט, למשל, זייער מחמיר געווען און באַשווערט די געזעצן, האָבן זיך זייערע שטערנס מיט טרויעריקייט געקנייטשט און זיי האָבן געברומט איינער דעם אַנדערן אין אויער אַרײַן: „ער האַלט מיט דעם הויז פֿון שמאַי". אַן אַנדערש מאָל האָבן זיי געזאָגט: „ער האַלט מיט דעם הויז פֿון הלל". דאָס זײַנען געווען שולן פֿון זייער לערע, אין וועלכע זיי האָבן געוואָלט זײַנע געזעצן אַרײַנפּאַסן. בשעת ער האָט געזאָגט: „האָט ליב אײַערע פֿײַנד; בענטשט די וואָס שילטן אײַך; טוט גוטס יענע וואָס האַסן אײַך; בעט פֿאַר די, וואָס באַליידיקן און רודפֿן אײַך" — האָבן זיי איינער

צום אַנדערן אויסגעשטרעקט די הענט אין פֿאַרצווייפֿלונג, ווי זיי וואָלטן שוין באַדאַרפֿט מאָרגן נעמען און אויספֿירן דעם געבאָט. מיט שרעק האָבן זיי זיך געקוקט אין די אויגן אַרײַן און געזאָגט איינער צום אַנדערן, ווײַזנדיק מיט פֿאַר־צווייפֿלטע האַנט־זשעסטן: „אַוודאי וואָלט עס באַדאַרפֿט אַזוי זײַן! אָבער ווער קאָן דאָס אויספֿירן? — אַ מלאך פֿון הימל, נישט קיין פּראָסטער בשׂר־ודם!"...

אַזוי האָבן זיי אויך אין שרעק אויפֿגעציטערט, ווען ער האָט זיי געזאָגט: „אָבער איך זאָג אײַך, איר זאָלט אײַך נישט ווידערשטעלן דעם בייזן, נײַערט ווען איינער וועט דיך שלאָגן אויף דער רעכטער באַק, אַזוי שטעל אים אונטער די אַנדערע באַק" — ווי זיי וואָלטן עס שוין מאָרגן באַדאַרפֿט גיין אויספֿירן, אַזוי האָבן זיי זיך דערשראָקן פֿאַר די ווערטער. אָבער אָפֿט מאָל זײַנען זייערע פּנימער אָנגעלאָדנט געוואָרן מיט פֿינצטערע וואָלקנס, זייערע לאַנגע ברעמען האָבן זיך אויפֿגעשטעלט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערמאָנט דאָס וואָרט: „אָבער איך זאָג אײַך..." האָבן זיי פֿאַרקרומט זייערע פּנימער און בערד, מיט שאַקירטער דער־שטוינונג געהויבן די אַקסלען, און מיט די הענט פֿאַרוואונדערט געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן. אָבער די גרעסטע דערשטוינונג האָט אַרויסגערופֿן די פֿאָלגנדיקע שטעלע: „עס איז אײַך געזאָגט, אַז ווער עס וויל זיך פֿון זײַן ווײַב שיידן, זאָל ער איר געבן אַ גט. אָבער איך זאָג אײַך, אַז ווער עס וועט זיך פֿון זײַן ווײַב שיידן, אַחוץ ווען עס האַנדלט זיך וועגן זנות, אַזוי מאַכט ער זי פֿאַר אַ זונה. און ווער עס נעמט אַ גרושה, דער איז אַ נואף!"...

— פֿון וואַנען דרינגט ער דאָס אַרויס? — האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ פֿון פֿאַרוואונדערונג — דאָס איז דאָך קעגן תּורת משה. משה האָט דאָך דערלויבט דעם גט, און ער גייט פֿאַרביטן, איז ער דען גרעסער פֿון משהן?

— אויך אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „ווער עס גט אָפּ זײַן ערשטע פֿרוי, אויף דעם פֿאַרגיסט דאָס מזבח טרערן" — האָט אַן אַנדערער געפּרואווט אים פֿאַרענטפֿערן.

— יאָ, געוויס איז עס שלעכט, פֿערציק טעג אײדער דאָס קינד ווערט געבוירן, ווערט אין הימל אויסגערופֿן: בת־פּלוני לפּלוני. דער רבונו־של־עולם איז מזווג זיווגים, און דו קומסט צעשטערן זיי! אָבער דאָס וואָס ער פּרעדיקט דאָ איז דאָך פֿאַרט קעגן תּורת משה!...

אַ גוטע לאַנגע ווײַלע האָט געדויערט די הפסקה. זײַן אויספֿירונג וועגן גט האָט אויפֿגערודערט די געמיטער פֿון די געלערנטע, און עס האָט אַ ווײַל גענומען ביז דער עולם איז געקומען צו זיך. עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַקעדיק געריש פֿון אויפֿפּראַלן די ראָלן פֿון זייערע שריפֿטן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט, און איינער האָט דעם אַנדערן געוויזן אויף דער שטעלע אין דער שריפֿט, וואו משה האָט מתּיר געווען גטין, און מיט דערשטוינען האָבן זיי אויסגעשפּרייט די הענט, און מיט שאָקלען פֿון די קעפּ און בערד אויף „ניין", האָבן זיי באַקרעפֿ־טיקט מיט גרימאַסעדיקע אויסדרוקן אויף זייערע פּנימער דעם ווידערשטאַנד זייערן. דערפֿאַר אָבער האָבן זיי אָפּגעעטעמט פֿון דער שפּאַנונג, ווען ער האָט זיי דערמאָנט, אַז זיי באַדאַרפֿן האָבן בטחון אין זייער גאָט און נישט זאָרגן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג. ער האָט זיי געהייסן פֿאַרקוקן זיך אויף די פֿייגל פֿון הימל, וועלכע זייען נישט און שנײַדן נישט און זאַמלען נישט אָן אין קיין שפּײַכלערס

אַרײַן, און זייער פֿאָטער אין הימל שפּײַזט זיי — „זענט איר דען נישט בעסער פֿון זיי?"

„און פֿאַרוואָס זאָרגט איר פֿאַר קליידונג? קוקט אָן די רויזן אין פֿעלד, ווי זיי וואַקסן, זיי אַרבעטן נישט און שפּינען נישט! און איך זאָג אײַך, אַז שלמה אין זײַן גאַנצער שיינקייט איז נישט געקליידט געווען ווי איינע פֿון זיי" — האָט ער זיי געוויזן אויף די מאָן־קעפּלעך, וואָס זײַנען געוואַקסן צו זײַנע פֿיס. — „אויב גאָט באַדעקט אַזוי דאָס גראָז פֿון פֿעלד, וואָס הײַנט איז עס דאָ און מאָרגן ווערט עס אין פֿײַער אַרײַנגעוואָרפֿן, וועט ער דען אײַך נישט פֿיל מער קליידן? אוי, איר קליין־גלויביקע!"

— אַ שיינע אַגדה! — האָט זיך געהערט אַ נחתדיקע צושטימונג, און מען האָט באַדאַרפֿט זען די פֿרייד אויף די פּנימער, דאָס גליק, וואָס האָט אַרויסגעשײַנט פֿון די ענטוזיאַסטישע אויגן צוליב דעם, וואָס זיי באַדאַרפֿן נישט צו אַרבעטן, נישט זייען און נישט שנײַדן און נישט קלערן וועגן דעם רעגן און ווינטער, נאָר פֿאַרלאָזן זיך אויף זייער גאָט, אַז ער וועט זיי זעטיקן ווי די פֿייגל און באַקליידן ווי די בלומען.

טייל פֿון די געלערנטע און שריפֿט־אויסטײַטשערס האָבן אויך בײַ דעם ווערטער פֿאַרצויגן זייערע שטערנס אין אַ געוועב פֿון קנייטשן, אָבער בײַ די אַנדערע האָט עס אַ שמייכל אַרויסגערופֿן, איך גלויב, אַז מער צוליב די שיינע מליצהדיקע פֿאַרגלײַכונגען, איידער איבער דער קלוגשאַפֿט, וואָס איז געלעגן אין דעם שיינעם לבוש פֿון זײַן משל.

נאָך דעם ווי ער האָט זײַן פּרעדיקט פֿאַרענדיקט, איז ער אַראָפּגעגאַנגען פֿון באַרג. זײַן פּנים איז בלייך געווען פֿון אָנגעשטרענגטקייט, אָבער זײַנע אויגן, וועלכע זײַנען אויסערגעוויינלעך גרויס געווען, האָבן זײַן פּנים באַלויכטן מיט אַ דערלייזנדיקן ליכט. ער איז פֿאַר גליק טרויעריק געוואָרן און ער איז זייער שיין געווען, מיט אַ מאָדנער שיינקייט, וואָס איך האָב עס נאָך ביז איצט נישט געקענט, אָן אויסגעלײַטערטע רואיקייט האָט געהערשט איבער אים. און צום ערשטן מאָל איז מיר עפּעס געשען, וואָס איך קאָן עס נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג נישט דערקלערן: ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון באַרג, איז ער באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון די שוואַרץ־באַקליידטע רבּיס, וועלכע האָבן פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט אים מכּוח זײַן דרשה. די רבּיס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שפּאַרן מיט אים מכּוח זײַן לערע. טייל האָבן אויפֿגעראָלט זייערע פּאַרמעטענע מגילות און באַוויזן אים די שטעלן אין זייערע שריפֿטן, וואָס זײַנען געווען אין סתירה מיט זײַן לערע, אַנדערע האָבן געפּרוּווט פֿאַרענטפֿערן, נאָר איינער איז דאָרט געווען אַ גרויסער געלערנטער פֿון דער שטאָט נעים, וועלכער האָט זיך אָממײַסטן געשפּאַרט מיט זייער רבּין און זיך געאַמפּערט מיט אים.

כּל־זמן די געלערנטע האָבן געהאַט אַרומגערינגלט זייער רבּין, איז דער פּראָסטער המון, צווישן וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען מערסטנטיילס זײַנע אָנהענגערס, געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס און מיט יראת הכּבוד געקוקט אויף די געלערנטע און נישט געוואָגט זיך צו דערנענטערן און צו שטערן די רבּי׳ס אין זייער הייליקן וויכּוח. אָבער זעט זיך אויס, אַז שמעון האָט מורא געהאַט עס זאָל צווישן זײַן רבּין און די אַנדערע רבּיס נישט אויסברעכן קיין מחלוקה, האָט ער זײַן רבּין

אָפּגעפֿירט און געבעטן זיך בײַ אים, אַז ער זאָל זיך אָפּרוען אַ ביסל אויפֿן גראָז, וואָרעם ער האָט מיט אַן אמת בלייך אויסגעזען און קוים זיך געהאַלטן אויף די פֿיס נאָך דער אָנגעשטרענגטער דרשה. קוים אָבער האָט דער שטאַרקער פֿישער־ייִד מיט מוטערלעכער זאָרג אָפּגעפֿירט אים פֿון די רבים, אַזוי האָט זיך דאָס פֿאָלק באַלד געוואָרפֿן אויף אים און אַרומגערינגלט אים ווי מיט אַן אײַזערנער מויער. עס איז נישט געווען קיין ענדע צו די ענטוזיאַסטישע אויסגעשרייען, צו דער ליבע און אַנטציקונג, וואָס זיי האָבן אים אַרויסגעוויזן, ווי צו אַ העלד זייערן, וועלכער וואָלט צוריקגעקומען פֿון שלאַכט־פֿעלד, אויף וועלכן ער האָט פֿאַר זיי אַ וועלט אײַנגענומען. טייל האָבן אים דאָס קלייד געקושט, אַנדערע האָבן זיך געשאַרט אַרום אים, אַז ער זאָל זיי נאָר באַרירן מיט זײַן קלייד. מיט אַמאָל האָבן זיך אויך קינדער באַוויזן, וואָס די עלטערן, די פֿאָטערס און מוטערס, האָבן צו אים די קעפּלעך אונטער די הענט געררוקט, אַז ער זאָל זיי באַרירן און בענטשן. און מיט אַמאָל זײַנען ווי פֿון דער הוילער הויט אויסגעוואַקסן קראַנקע, וועלכע האָבן זיך געוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס און פֿאַרשטעלט אים דעם וועג. בחינם האָבן די תּלמידים, ספּעציעל די קינדער פֿון דער מוטער זבדי, אויסגעקעמפּט אַ וועג מיט זייערע אָרעמס צווישן דער ברויזנדיקער מאַסע, דער רבי האָט נישט געקאָנט קיין איין שריט מאַכן, ביז דער שטאַרקער שמעון האָט אים נישט געכאַפּט אויף זײַנע אָרעמס ווי אויף אײַזערנע שטאַנגען און אים אַוועקגעטראָגן. דאָס פֿאָלק האָט זיך אָבער, ווי אַן אַרויסגעזעצטער טײַך דורך אַ פֿאַרצוימטער דאַמבע, נאָכגעיאָגט נאָך אים.

און צו מײַן שאַנד מוז איך צוגעבן, אַז אויך מיר, דער הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום און איך, דער כיליאַרך פֿון ירושלים, האָבן פֿאַרגעסן אונדזער ווירדע און ווער מיר זײַנען. אָנגעשטעקט פֿון דעם אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם ווי פֿון אַ קרענק, האָבן מיר זיך אויסגעמישט מיט די ייִדן און אים נאָכגעלאָפֿן, אים אויך אַרומגערינגלט, אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען אַ טייל פֿון זיי, און די פֿרעמדע לערע, וואָס ער האָט דאָ געפּרעדיקט — ווי ווײַט איך האָב זי געקאָנט נאָכפֿאָלגן — איז אויך פֿאַר אונדז געגעבן. אַזוי האָבן מיר זיך געהאַט פֿאַרגעסן. אויף דעם הויפּטמאַן איז קיין וואונדער נישט געווען, ער איז שוין פֿון לאַנג געהאַט אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דעם ייִדישן אײַנפֿלוס, אָבער איך? איך, דער כיליאַרך פֿון ירושלים, קאָמענדאַנט פֿון דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ אונטער דער פּראָקוראַטור פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס?! יאָ, יאָ, איך מוז מודה זײַן, אַז דענסטמאָל נאָך דער באַרג־פּרעדיקט בין איך זייער נאָענט געווען אַרונטערצופֿאַלן אונטער זײַן צויבער־קראַפֿט. און עס איז געשען דאָס אוממעגלעכע: פֿאַרכּישופֿט פֿון דער אָנגעלאָדענער אַטמאָספֿערע, וואָס ער האָט געשאַפֿן אַרום זיך, בין איך צוגעגאַנגען צו אים און האָב זיך צום ערשטן מאָל פֿאַרבויגן פֿאַר אַ ייִד. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַ ווייטאָגדיקן רחמנות געקוקט מיר אין די אויגן אַרײַן. איך קאָן מיר נישט דערקלערן ביז הײַנט, וואָס ער האָט געזען אין מיר. פֿון זײַן בליק איז אַרויסגעגאַנגען אַ טראַגישער ווייטאָג און אַ רחמנות, וואָס האָט מיך צעבראָכן. צום ערשטן מאָל האָב איך נישט אויסגעהאַלטן דעם בליק פֿון אַ ייִדישן מאַן און האָב געמוזט אַראָפּבויגן מײַן קאָפּ צו דער ערד. דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס איך האָב זיך דענסטמאָל גאָרנישט געשעמט אונטערטעניק צו

ווערן אונטער אים. זײַן בלייך אויסגעשטראַלט פּנים, זײַנע ציטערדיקע ליפּן, דער עיקר — זײַנע מיט אומענדלעכן רחמנות און ליבע אויסדריקנדיקע אויגן, האָבן מיך אַזוי געריִרט, אַז איך האָב זיך מיט אַמאָל נאָענט געפֿילט צו אים. זײַן אויס־געבלייכט פּנים פֿון דעם שוואַרצן ראַנד אַרויס, זײַן יינגלשע שוואַכע פֿיגור, זײַן דינער האַלדז, בכלל זײַן גאַנצער קערפּער האָט אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי איבער דעם מאַן וואָלט געשוועבט עפּעס אומפֿאַרשטענלעכעס. און צום ערשטן מאָל האָט מיך אַ שרעק אַרומגענומען פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן, נישט נאָר אַ שרעק, נאָר אויך אַ רעספּעקט פֿאַר דעם אומבאַוואוסטן, וואָס שטייט פֿאַר מיר. ביז איך האָב זיך צוזאַמענגענומען און מיט כּעס זיך פֿאַרגעוואָרפֿן דעריבער, וואָס איך גיב זיך איבער די געפֿילן, און איך האָב גערופֿן צו מײַן פֿרײַנד:

— קום, לאָמיר גיין פֿון דאַנען!

און איך האָב זיך טאַקע באַלד דערוואַכטערט, וואָרעם איך האָב צום ערשטן מאָל מורא געקריגן, אַז עס זאָל נישט עפּעס מיט מיר געשען...

# 20

## דער הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום

איך האָב שוין פֿון לאַנג באַמערקט דעם שעדלעכן אײַנפֿלוס, וואָס דער ייִדישער רבי האָט אויסגעווירקט אויף מײַן פֿרײַנד, דעם צענטוריאָן פֿון כּפֿר־נחום. די געטער קומט אַ דאַנק, וואָס איך האָב זיך באַצײַטנס געכאַפּט, איך קאָן זאָגן, אין דער לעצטער מינוט, איידער עס איז צו שפּעט געווען. איך בין שוין באַלד באַרייט געווען, ווי מײַן פֿרײַנד, אויפֿצוגעבן די אַזוי שווער דערוואָרבענע רוימישע אייגנ־שאַפֿטן, וואָס האָבן זיך בײַ אונדז אויסגעאַרבעט דורך אַ שטרענגער דיסציפּלין, וועלכע פֿורעמט אונדזער מענלעכן כאַראַקטער, און ווי מײַן פֿרײַנד אַרונטערצו־פֿאַלן אונטער דעם אַזיאַטישן אײַנפֿלוס. ער איז געווען אַ וואָרנונג פֿאַר מיר.

דער הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום איז צו לאַנג דערוואַכטערט געווען פֿון אַ ריכטיקן רוימישן לאַגער, ער האָט זיך צו לאַנג געפֿונען אין אַ ייִדישער סביבה. יאָ, מען קאָן צו אַלע אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע משוגעתן דערגיין, ווען אַזאַ איינער פֿון אונדז ווערט פֿאַרוואָרפֿן אויף יאָרן ווײַט פֿון דער רוימישער ציוויליזאַציע, אין אַ באַרבאַרישער קאָלאָניע. עס טרעפֿן זיך בײַ אונדז זייער אָפֿט פֿאַלן אַזעלכע. די בעסטע מענטשן אונדזערע, העלדן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט פֿאַר דעם רום פֿון רוים און פֿאַרן קיסרס כּבוד מיט גרויסע גבורות אויף די שלאַכט־פֿעלדער קעגן די באַרבאַרן — איז קוים ווערן זיי אַלס פֿאַרוואַלטער אַרײַנגעזעצט אין די אײַנגענומענע שטעט, ווערן זיי אָנגעשטעקט מיט די ווילדע מנהגים פֿון די באַרבאַרן און מישן זיך אויס מיט זיי. מען מוז האָבן כאַראַקטער, כּדי אויסצו־האַלטן אין אַ פֿרעמדער סביבה, אין דער איינזאַמקייט, און נישט צו פֿאַרלירן זיך. ליידער האָט דער הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום אַזאַ כאַראַקטער נישט געהאַט. נאָך איידער דער וואונדערלעכער ייִדישער רבי האָט זיך באַוויזן אין כּפֿר־נחום, האָט

דער הויפּטמאַן שוין געהאַט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע נייגונג צום ייִדנטום. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט דאָס קולטיווירן אין לאַנד אונדזערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז ער האָט נישט געזאָרגט וועגן די טעאַטערן און גימנאַזיומס, וואָס דאָס איז געווען זײַן פליכט. ער האָט זיך וויניק־וואָס באַוויזן אין די טעמפּלען פון אונדזערע געטער; אַפילו אין טעמפּל פון קיסר, וואָס דער טעטראַרך האָט אויפגעשטעלט אין דער נײַער רעזידענץ, איז ער זעלטן געקומען, אַחוץ צו די אָפיציעלע פײַערלעכקייטן. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ גאַנצער אײַנגייער אין די ייִדישע סינאַגאָגעס. ער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון זייערע מיסטישע דינסטן צו זייער אומגעזעענעם גאָט, ער האָט זיך געלאָזט פון די געלערנטע זייערע אויפקלערן איבער די געזעצן פון זייער רעליגיע. ער האָט פאַרגליכן די ייִדישע פילאָזאָפישע לערע צו אונדזער אייגענער, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָך אייניקע יאָר איז ער אַזוי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אמונה פון דעם אומפאַרשטענדלעכן גאָט פון די ייִדן, אַז אַנשטאָט אַ טעמפּל פאַר יופּיטער, האָט ער פאַר די ייִדן פון כּפר־נחום אויסגעבויט אַ סינאַגאָגע. איך האָב זי געזען, ער האָט זי מיר מיט שטאָלץ געוויזן, זי איז געווען אין שענסטן גריכיש־־אַלעקסאַנדרישן סטיל געהאַלטן, מיט אַ מאַרמאָר־פּאָסאַדע, מיט הערלעכע זײַלן אויס גראַניט, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויסגעהאַקט ייִדישע אָרנאַמענטן, און עס האָט נישט געפעלט אין איר קיין מאָזאַיִק־דיל, אויסגעזעצט מיט די ייִדישע רעליגיעזע סימבאָלן. די ייִדן, פאַרשטייט זיך, זײַנען אים געווען דאַנקבאַר, און אונדזערע סאָלדאַטן האָבן אין דער שטיל געמורמלט.

ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט ייִדישע געלערנטע, זיי זײַנען געווען זײַנע בעסטע פרײַנד. אמת טאַקע, צו אים אין הויז אַרײַן זײַנען זיי נישט געקומען, ווײַל די ייִדן קומען נישט צו אַ פרעמד־גלויביקן אין שטוב אַרײַן — צוליב זייערע געזעצן וועגן ריינלעכקייט. דערפאַר אָבער האָט ער זיך באַגעגנט מיט זיי אויף דער גאַס און אָפט מאָל אויך אין זייערע סינאַגאָגעס און לערנהײַזער, וואו זיי האָבן אים געלערנט און אויסגעטײַטשט די שריפט פון זייערע הייליקע ביכער. פון די ייִדן איז ער אויך געוואָר געוואָרן וועגן דעם וואונדערלעכן מאַן, וואָס האָט זיך באַוויזן אין זייער שטאָט.

און דאַן איז געקומען דער וואונדער מיט דעם ייִנגל אַנדרוס. דאָס איז געווען אַן אַלעקסאַנדריש־גריכישער שקלאַף, וואָס מײַן פרײַנד האָט געקויפט אויפן שקלאַפן־מאַרק. איך האָב אים גוט געקענט, דאָס ייִנגל, ער האָט אונדז נישט איין מאָל באַדינט, ווען איך בין געזעסן מיט מײַן פרײַנד דעם הויפּטמאַן אין זײַן ווילע, וואָס ער האָט געהאַט הינטער דער שטאָט אויפן וועג קיין טבריה, אין דער זײַלן־האַליע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער אָזערע כּנרת. איך גלויב, אַז ער האָט אַנדרוסן געקויפט פאַר לוסט־צוועקן, וואָרעם דאָס ייִנגל איז אויסערגעוויינלעך שיין געווען, דין געבויט, מיט אַ פיגור, וואָס מען געפינט זי נאָר אויסגעשניצט אויף די דענקמעלער פון די פּרעהס אין מצרים. שפּעטער אָבער, פאַרשטייט זיך, אַז אונטער דעם פאַרדאַרבענעם אײַנפלוס פון דער ייִדישער לערע, וועלכע פאַראַכטעט אַזאַ אַרט ליבע, פונקט ווי יעדע פרייד אין לעבן — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיקן גענוס, און זײַנע געפילן צום ייִנגל פאַרוואַנדלט אין אַ פאָטערלעכער צערטלעכקייט. ער האָט דאָס ייִנגל באַפרײַט און אַדאָפּטירט אים אַלס

זון, זײַן ליבע צום יינגל האָט זיך איבערגעטראָגן דערנאָך אויך אויפֿן ייִדישן רבין, װעלכער האָט אויף אַזאַ װאונדערלעכן אופֿן זײַן אַדאָפּטירטן זון געהיילט. שפּעטער אָבער, װען ער האָט זיך נעענטער באַקענט מיט דעם ייִדישן רבין, מיט זײַנע װאונדערלעכע מעשׂים, האָט זײַן פֿאַרערונג פֿאַר דעם מאַן אויפֿגעצערט זײַן גאַנצע ליבע און צוניגונג פֿאַר דעם יינגל.

ער איז געװען אַ מאָדנער מענטש, דער הויפּטמאַן. ער האָט שטענדיק געמוזט װעמען פֿאַרערן, זײַן נשמה איז דורשטיק געװען און זי האָט שטענדיק געזוכט נאָרונג. עס איז געװען טאָקע אַ בושה, אָבער גלײַכצײַטיק אויך אינטערעסאַנט צוצוזען, װי דער מעכטיקער מאַן מיט זײַן אויסערגעװיינלעך שטאַרקן קערפּער־בוי, מיט דער ברוסט, װאָס איז געװען אויסגעשטעלט צו די פֿײַלן פֿון מלחמה־מזל אויף די שלאַכטפֿעלדער, מיט די מעכטיקע קניִען, װאָס האָבן געטרעטן טיף אין די בלאָטעס, אין די אומבאַקאַנטע זומפּן פֿון די דײַטשע װעלדער, — אַט די ברוסט, װאָס איז באַקליידט געװען מיט אַ זילבערנעם מלחמה־פּאַנצער, באַצירט מיט געגלייזטע מעדאַל־קנעפּלעך — די סימבאָלן פֿון זײַנע פֿאַרדינסטן און נצחו־נות אויף דעם מאַרס־פֿעלד — אַט די ברוסט האָט ער פֿאַרבאָרגן אין אַ ייִדישן „סדין" מיט ציצית־טראָלדן, כּדי מען זאָל אים נישט דערקענען, און געשטעלט זיך בײַ די טויערן פֿון די ייִדישע סינאַגאָגעס אָדער פֿון זייערע לערנהײַזער, אָדער גאָר אײַנגעהילט אין זאַק־קליידער, װי די אָרטיקע אָרעמע באַפּעלקערונג, איז גע־שטאַנען צװישן דעם אָרעמען אַרבעטער־פֿאָלק, כּדי צוצוהערן זיך צו דער לערע פֿון דעם ייִדישן רבי. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט די רעליגיעזע ענינים פֿון אַ פֿרעמד אונטערטעניק פֿאָלק, איבער װעלכן ער איז געזעצט געװאָרן צו הערשן און רעגירן. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט מיט דרך־ארץ פֿאַר זייערע אַלטע לײַט, געשיקט קרבנות און מתּנות פֿאַר זייער טעמפּל אין ירושלים. זינט אָבער ער האָט באַגעגנט דעם װאונדערלעכן רבי, איז ער שוין נישט מער אָפּגעטרעטן פֿון אים. ער האָט זיך געפֿונען אויף אַלע פֿאַרזאַמלונגען, װאו דער מאַן האָט גערעדט, שבת איז ער געשטאַנען בײַ דער טיר פֿון דער שול, כּדי צוצוהערן זיך צו זײַן פּרעדיקט, געקראָכן אין דעם אָרעמען הויף פֿון שמעון דעם פֿישער, כּדי בײַצוזײַן בײַ די מאָלצײַטן, װאָס דער רבי האָט געפּראַװעט מיט די אָרעמע פֿישער און שטײַער־אויפֿמאָנער.

זינט יענעם מערקװירדיקן נאָכמיטאָג, װען דער מאַן האָט געהאַלטן זײַן פּרע־דיקט אויפֿן באַרג, האָט דער הויפּטמאַן פֿון כּפֿר־נחום מער נישט געפֿונען קיין רו. ער איז אָפֿט אַליין געזעסן אין זײַן געשלאָסענעם הויף־גאָרטן בײַ די סטאַטועז פֿון די געטער אָדער אין איינזאַמקייט אַרומגעגאַנגען בײַם ברעג פֿון כּנרת פֿאַר־זונקען אין געדאַנקען און נאָכגעטראַכט אין די װערטער פֿון דעם ייִדישן רבי. ער האָט זיך געלאָזט מאַכן אַ קאָפּיע פֿון דער רעדע אויף פּאַפּירוס געשריבן, װאָס איינער פֿון די תּלמידים פֿון דעם רבין האָט זי געהאַט פֿאַרצייכנט, און ער האָט זי געהאַלטן אין איין שטודירן. ער האָט געקאָנט יעדן זאַץ אויסנװייניק, און װען ער איז געזעסן אַליין, פֿלעגט ער איבערחזרן די װערטער, אָפֿט מאָל האָט ער אויך מיך געװאָלט געװינען פֿאַר זײַן רבינס לערע, און פֿלעגט מיט מיר אײַנחזרן איינצלנע שטעלן פֿון זײַנע רייד.

איין מאָל זײַנען מיר געזעסן אין דער זײַלן־האַליע פֿון זײַן הויז, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער אָזערע. אָוונט איז עס געווען, און מיר האָבן זיך צוגע־קוקט צום שפּיל פֿון די לבֿנה־שטראַלן מיט די כוואַליעס. די לבֿנה איז ווי אַ בלו־טיקער באַלעם דורכגעשוואומען די הימל־וואָלקנס, צעריסן זיי, און אירע שטראַלן האָבן באַאומרואיקט די וועלן פֿון דער וויגנדיקער אָזערע. צווישן זײַנע קניען האָט מײַן פֿרײַנד געהאַלטן דאָס ייִנגל אַנדרוס, וועלכן ער האָט געגלעט מיט דער האַנט איבער די געלאָקטע האָר און, אָנלענענדיק זײַן קאָפּ אויף דער האַנט, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין פֿראַזן אין דער פֿרעמדער אַרט־שפּראַך.

— וואָס איז דאָס, וואָס דו זאָגסט? — האָב איך געפֿרעגט.

— איך חזר איבער די ווערטער פֿון דעם וואונדערלעכן מאַן, וועלכן מיר האָבן געהערט פֿון באַרג אַראָפּ פּרעדיקן: „בעט און עס וועט אײַך געגעבן ווערן, זוכט און איר וועט געפֿינען, קלאַפּט אָן און מ׳וועט אײַך אויפֿמאַכן“.

— איך זע נישט אין דעם קיין באַזונדערע פֿילאָסאָפֿיע, וועלכע זאָל באַגליקן אָדער באַרײַכערן דעם דענקענדיקן מענטש. דער זאַץ רוט נישט אויפֿן פּיעדעסטאַל פֿון דערוואָרבענע דערפֿאַרונגען פֿון דער ווירקלעכקייט אָדער פֿון דעראַבערטן וויסן — דאָס איז אַ געמיט־צושטאַנד פֿון דעם אומדיסציפּלינירטן ייִדיש־טרוי־מערישן גײַסט, וואָס הייסט זוכן די גליקזעליקייט אין דעם ים פֿון גאַרנישט.

— דאָס איז דער אָנהייב פֿון אַלע אמתן — ענטפֿערט מיר אָפּ דער הויפּטמאַן מיט בענקשאַפֿט פֿון אַ באַרבאַר, — אונדזערע דעראָבערונגען באַדאַרפֿן זיך נישט אָנשלאָגן אין דער ענגער מעטע פֿון אונדזער באַוואוסטזײַן; אונדזער וועלט ענ־דיקט זיך נישט מיט דער כימערע פֿון הימל, שטערן און לבֿנה, וואָס עס דאַכט זיך אונדז אויס צו דערגרייכן מיט דער האַנט, אָדער בײַ יענעם מילך־וואָלקן, וואָס הילט אײַן די בערג פֿון יענער זײַט כּנרת; אונדזער לעבן ענדיקט זיך נישט בײַם ראַנד פֿון אונדזער קבֿר, — איבער די וואָלקן און איבער די הימלען זײַנען נאָך דאָ אַנדערע וועלטן, ווי עס איז דאָ אַ צווייט לעבן נאָך אונדזער טויט. דאָס איז דאָס אייביקע זײַן, דאָס אומענדלעכע באַוואוסטע אומבאַוואוסטזײַן, דאָס אייביקע זוכן און געפֿינען. און זינט איך האָב געהערט די ווערטער און איך טראַכט מיך אַרײַן אין זיי, פֿאַרנעם איך די שטים פֿון יענער זײַט, נישט נאָר פֿון אונדזער צײַט און רוים, נאָר אויך פֿון דער אומענדלעכקייט, די וואָס וואוינט אין מײַן אייגן האַרץ. איך פֿיל ווי אַן אָנהייב פֿון אַ גלויבן, אַז עס זײַנען דאָ טירן, אין וועלכע מען קען אָנקלאַפּן און אַז הינטער די טירן איז דאָ ווער — וואָס קאָן עפֿענען. זינט איך האָב געהערט די ווערטער, פֿיל איך, אַז איך בין אָנגעקומען צו אַן אייביקן קוואַל, וואָס שעפּט זיך קיין מאָל נישט אויס. איך הויב אָן צו פֿאַרשטיין דעם גלויבן.

איך האָב אים אָנגעקוקט פֿאַרוואונדערט. איך האָב זײַנע ווערטער נישט פֿאַרשטאַנען.

— אָבער דאָס זײַנען דאָך אַלץ פֿאַנטאַזיעס, וועלכע קאָנען נישט אויפֿגעפֿאַסט ווערן פֿון אונדזער שׂכל הישר, וועלכער שטיצט זיך אויפֿן חוש פֿון דער ווירק־לעכקייט. אַזעלכע געמיט־שטימונגען פּאַסן זיך פֿאַר דעם פֿאַטאַליסטישן מענטש, וועלכער האָט נישט די מעגלעכקייט און דעם כּוח צו פֿאַרעמען זײַן אייגענעם

מזל. ער האָט קיין מאָל נישט פֿאַרזוכט די ברכות און קיין מאָל נישט געפֿילט די אייגנשאַפֿטן, וואָס זײַנען באַשערט פֿאַר דעם רוימישן מאַן, עס איז אים פֿרעמד גבֿורה, ער ווייסט נישט פֿון קיין מלחמה־גליק, ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו געניסן פֿון דעם בעכער פֿון זיג, וואָס עס הייסט צו באַהערשן די ערד מיט דעם שלאָג פֿון זײַן שווערד. ער האָט קיין מאָל נישט געגאָסן פֿון אמתן גליק, זײַן כאַראַקטער איז נישט דיסציפּלינירט. ער קען נישט דעם אמתן ווילנס־דראַנג נאָך ליבע, נאָך הערשאַפֿט, נאָך נקמה, נאָך קאַמף. וואָס ווייסן זיי פֿון לעבן און וועלט, אַז אַזאַ איינער פֿון זיי זאָל דעריבער משפּטן? זיי האָבן זיך באַגניגענען געלאָזט מיט זאַמדן און שטיינער־בערג פֿון זייער קליינטשיק לאַנד. די ערד איז געווען צו זיי קאַרג, איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס זיי האָבן זייערע אויגן צו די הימלען אויפֿגעהויבן און געחלומט פֿון אַ לעבן איבער די וואָלקנס. דאָס פֿאַנטאַסטישע לעבן, אַרויסגעדרונגען פֿון דער געמיט־שטימונג, איז צוגעפּאַסט פֿאַר די באַרבאַרן, וואָס האָבן עפּעס אַנדערס נישט. אָבער וואָס האָבן מיר, רוימער, דערמיט צו טון? מיר האָבן די וועלט אײַנצונעמען? זײַנען דען דיר נישט גענוג אונדזערע העלדן? ווילסטו אפֿשר אויסטוישן דעם גרויסן מאַריוס, סולאַ, צעזאַר, דעם גאָט אויגוסט, אונדזער אייגענעם פֿעלד־פֿירער גערמאַניקוס, וועלכע האָבן די וועלט פֿאַר רוים דעראָבערט, אויף די פּאַטריאַרכן פֿון די ייִדן, כּדי דו זאָלסט קאָנען זיצן מיט זיי אין קעניגרײַך פֿון הימל? — פֿרעג איך אים אין שפּאָס.

אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען ער האָט מיר מיט דעם גאַנצן ערנסט אָפּגעענטפֿערט:

— די גבֿורות פֿון אונדזערע העלדן? יאָ, ווער קאָן זיי דען איבערציילן? זיי האָבן רוימס שווערד געטראָגן איבער די פֿעלקער און איר ממשלה אויסגעשפּרייט איבער פֿיל לענדער. ווער קאָן דאָס לייקענען? אָבער צי האָבן זיי געקאָנט באַפֿעלן איבער די גײַסטער, ווי מיר איבער אונדזערע סאָלדאַטן? האָבן זיי געקאָנט זייערע אייגענע מזלות איבעראַנדערשן, באַשטימען פֿאַר זיך זייער באַשערטקייט? האָבן זיי געקאָנט פֿאַר זיך אַ נעץ אויסשפּינען, וואָס זאָל זיי אויפֿפֿאַנגען, ווען זיי זײַנען געפֿאַלן אין דעם באַדנלאָזן אָפּגרונט פֿון טויט? האָבן זיי מיט אַלע זייערע חיילות און כּחות געקאָנט שטומפּיק מאַכן די אומגעזעענע ציין פֿון דעם וואָרעם, וואָס הייסט „צײַט" — וועלכער פֿרעסט אַזוי פֿרעך דאָס לײַב סײַ פֿון גרויסן און סײַ פֿון קליינעם? צי האָבן זיי געקאָנט, מיט אַלע זייערע וואונדערבאַרע קאַמפֿן און גבֿורות, אויסקעמפֿן איין איינציקן טאָג, איין מינוט פֿון דער לענג פֿון זייער צײַט, אָדער אַלס מלחמה־מס אויפֿמאָנען איין איבעריקן אָטעם פֿון דער צאָל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר זייער קיום? צי האָבן זיי מיט אַלע זייערע נצחונות געוואונען פֿאַר זיך איין סעקונדע פֿון פֿרייד, וועלכע זאָל נישט זײַן אָנגעשטעקט מיט דער קרענק פֿון סוף? וואָס איז זייער עשירות, אויב עס באַשטייט פֿון רעאַליטעטן, וואָס ווערן געמאָסטן מיט דער מאָס פֿון פֿאַרניכטונג? וואָס זײַנען זייערע זיגן, אַז דער זיגער און באַזיגטע טיילן איין גורל, ווערן געוואָרפֿן אין דעם זעלבן גרוב פֿון אייביקער נאַכט? וואָס זײַנען זייערע מעשׂים, אַז זיי ווערן געמאָלן דורך די מילשטיינער פֿון פֿאַרניכטונג און ווערן צעבלאָזן פֿון ווינט פֿון פֿאַרגאַנגענהייט און אויסגעבלאָזן אין דער נישטיקייט פֿון אונדזער באַגרענעצטן זײַן? זיג איז

דאָס, וואָס עס שאַפֿט אייביקע ווערטן, וואָס קיין צײַט און קיין סם האָט נישט קיין שליטה איבער זיי. זיג איז דאָס, וואָס עס שאַפֿט די אייביקע פֿרייד פֿון אומפֿאַר־גענגלעכן באַזיץ. גבֿורה איז דאָס, וואָס באַקעמפֿט מאָמענטאַלע לײַדנשאַפֿטן און וואונטשן, וועלכע זעטיקן זיך אין זייער דערפֿילונג. דער זיג איבער דיר אַליין מאַכט דיך פֿעיִק אויפֿצונעמען די גרויסע ברכה פֿון גלויבן אין אַן אומפֿאַרגענג־לעכער, איינציקער און אייביקער מאַכט, וועלכע האָט דיך מיט איר חסד אָרונ־טערגענומען אונטער איר השגחה און וואַכט איבער דיר אין אַלע וועלטן, אין אַלע צײַטן, אין אַלע פֿאָרמען און אין אַלע עקסיסטענצן, וואו דו געפֿינסט זיך.

— אָ, דעגסטמאַל קאָנען שוין מײַנע ביינער צעריבן ווערן, קאָן זיך שוין מײַן בלוט גיסן איבער אַלע שלאַכטפֿעלדער פֿון לעבן — גאָט וועט זאַמלען מײַנע ביינער און אויפֿשעפֿן מײַן פֿאַרגאָסן בלוט און צוזאַמענוועבן עס צוריק אין איין גאַנצקייט.

— וועלכע פֿײַערן קאָנען מיך פֿאַרניכטן? וועלכע מלחמות קאָנען מיך בײַשטיין? איך בין די אייביקייט אין אים. די מאַכט און דער זיג קענען מיר געבן נאָר איין איינציקע גבֿורה: אויפֿגענומען צו ווערן אין דעם בונד, וואָס די איינציקע אייביקע געטלעכקייט האָט געשלאָסן מיט דעם מענטש. די צוגעהעריקייט צו דעם דאָזיקן בונד פֿאַרזיכערט מיר קיינער נישט, נאָר דער גלויבן פֿון די באַרבאַרן איבער וועלכע מיר הערשן — די ייִדן! דאָס איז עס וואָס איך זוך בײַ זיי.

איך בין דערשטוינט געוואָרן פֿון זײַנע רייד. כ׳האָב אים אָנגענומען בײַ דער האַנט און געפֿרעגט:

— הויפּטמאַן, וואָס איז מיט דיר? וואוהין גאַערסטו?

— קאָרנעליוס, דו וועסט מיך נישט פֿאַרשטיין, דו ביסט בלינד און דו זעסט נישט. איך פֿיל, אַז עס ווערט עפּעס אין מיר געבוירן, אַ טיר עפֿנט זיך פֿאַר מיר, דו קאָנסט דורך איר נישט אַרײַנגיין. איר נאָמען איז — דער גלויבן.

איך האָב אים מער נישט אָפּגעענטפֿערט, איך האָב געזען, אַז דער מאַן איז פֿאַרפֿאַלן...

# 21

## קאָרנעליוס דערשמעקט די געפֿאַר

די נאַכט בין איך נישט געשלאָפֿן. איך האָב מיר געלאָזט געבן פֿון מײַן פֿרײַנד, דעם הויפּטמאַן, די פּרעדיקט, וואָס דער מאַן האָט געהאַלטן אויפֿן באַרג. דער הויפּטמאַן האָט זי איבערגעזעצט פֿאַר אייגענעם נוצן פֿון אַראַמעיִש אויף גריכיש. בשעת איך האָב זי געהערט, האָב איך זי טיילווײַז נישט פֿאַרשטאַנען אין דער אָריגינאַל־שפּראַך, פֿיל האָב איך פֿאַרהערט, ווײַל בשעת ער האָט גערעדט, האָט מיך מער אַמוזירט צו באַאָבאַכטן די ווירקונג פֿון זײַנע רייד אויף די צוהערער, ווי די עצם קלוגשאַפֿט זײַנע. איצט אָבער, האָבנדיק פֿאַר מיר די פּרעדיקט אין אַ מענטשלעכער שפּראַך, האָב איך זי אַנאַליזירט פּונקט נאָך פּונקט און איך בין געקומען צו דער מסקנה, אַז די טעטיקייט פֿון דעם מאַן, אונטער וואָס פֿאַר אַן אומשולדיקער פֿאָרעם ער זאָל זי נישט באַהאַלטן (אַז ער מיינט בלויז די מענטשן

צו ברענגען אויפֿן דרך הישר), קאָן אָבער אונדז מיט דער צײַט פֿיל אומאָנגעג־
געמלעכקייטן פֿאַרשאַפֿן. איבריקנס, איז ער גאָרנישט אַזאַ נעבעכל, ווי ער מאַכט
זיך, זײַן לערע קאָן זייער געפֿערלעך ווערן פֿאַרן ייִדישן רעליגיעזן רעזשים (וואָס
מיר זײַנען פֿאַראינטערעסירט, אַז די איצטיקע מאַכטהאָבער זאָלן בלײַבן הערשן
איבער אים), און אויך פֿאַר אונדזער אייגענער הערשאַפֿט. די גאַנצע לאַטײַנישע
ציוויליזאַציע אין מזרח קאָן אפֿשר דורכדעם געשטעלט ווערן אין געפֿאַר. אין
אָריענט פֿאַרשפּרייטן זיך אַזעלכע אידעען צווישן די אומוויסנדיקע מאַסן, ווי
פֿײַער־צונגען אין אַן אויסגעטריקנטן וואַלד, דערצו נאָך אויף דעם פֿאַנטאַסטיש
פֿאַנאַטישן באָדן, וואָס עס שטעלט מיט זיך פֿאַר דער ייִדישער עלעמענט. צום
ערשט הויבן זיך אָן אַזעלכע זאַכן אומשולדיק, בלויז מיט אינערלעכע רעליגיעזע
ענינים, און ענדיקן זיך שטענדיק מיט רעוואָלט, אויפֿשטאַנד און בונטן קעגן דעם
הערשנדיקן רעזשים און קעגן רוים. אָ, מיר קענען דאָס פֿון דערפֿאַרונגען! וואָרעם
ווי זיי באַהאַלטן זיך נישט אויס אונטער דער מאַסקע פֿון זייער רעליגיע, אין
וועלכער מיר מישן זיך נישט, באַצוועקן זיי אַלע אָבער איינס און דאָס זעלבע:
אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די פֿרעמדע הערשאַפֿט און מאַכט.
צו טײַער האָבן אונדז די אויפֿשטאַנדן פֿון די ייִדן געקאָסט, אַז מיר זאָלן זײַן
גלײַכגילטיק צו זיי. מיר מוזן אַכטונג געבן און שטענדיק זײַן אויף דער וואַך.
וואָרעם קוים נעמט זיך אָן בײַ זיי אַ לערע, האַלטן זיי זיך דערבײַ ביז אין טויט
אַרײַן. איידער מיר זײַנען געקומען אין לאַנד אַרײַן, נאָך בײַ דעם ערשטן פּראָקור־
ראַטאָר קאָפּאָניוס, איז אויפֿגעשטאַנען בײַ זיי אַ מאַן, וועלכער האָט ענלעכס גע־
פּרעדיקט. יהודה דער גלילער — האָט ער זיך גערופֿן. ער האָט אָנגעהויבן, דאַכט
זיך, ווי דער רבי, מיט אַ ריין רעליגיעזן ענין זייערן, עס האָט גאָרנישט געהאַט
מיט אונדז צו טון. ער האָט אין די גלילער אַרײַנגעוואָרפֿן אַ לאָזונג, אין זייער
שפּראַך הייסט עס: „צו גאָט אַליין געהערט די הערשאַפֿט”. דאָס האָט זיך באַלד
אָנגעצונדן ווי אַ פֿלאַקער־פֿײַער, וואָרעם וויבאַלד צו זייער גאָט אַליין געהערט די
הערשאַפֿט, מוז מען זיך דאָך קעגנשטעלן יעדער פֿרעמדער מאַכט! און באַלד
האָבן זיי אויפֿגעהערט צו צאָלן מס דעם קייסער, זיי האָבן פֿאַרשמיסן און אַרויס־
געיאָגט די באַאַמטע פֿון די קליינע ערטער, עס האָבן זיך אויפֿגעהויבן בונטן, מען
האָט זיך באַהאַלטן אין די היילן, איבערגעפֿאַלן רייזנדע אויף די וועגן און געקליבן
זיך צו פֿאַרטרײַבן אונדזערע לעגיאָנען. פֿאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך פֿלינק
מיט זיי אַן עצה געגעבן. דער פּראָקוראַטאָר האָט זיך ענערגיש גענומען צו זיי,
פֿיל פֿון זיי האָט מען צום האַלץ צוגענעגלט, אַ סך אויף די שקלאַפֿן־מערק פֿאַר־
קויפֿט, פֿאַר דעם חיות־גראַנגל קיין רוים און אין אַנדערע ערטער צעשיקט,
מערערע פֿון זיי האָט מען אויף די גאַלערעס אײַנגעשפּאַנט. נאָך יאָרן און יאָרן
איז מיר אויסגעקומען אויף אַ רעגירונגס־שיף, וואָס האָט מיך געפֿירט פֿון אַלעק־
סאַנדריע קיין צעזאַריע, אָנצוטרעפֿן אויף איינעם פֿון די אָנטיילנעמער, וואָס איז
נאָך געבליבן בײַם לעבן פֿון דעם אויפֿשטאַנד. דער קאַפּיטאַן האָט מיר פֿאַרציילט,
אַז ער האָט צווישן די שיף־שקלאַפֿן איינעם אַ פֿענאָמען, וואָס נאָך צוועלף יאָר
האַלט ער נאָך אויס דאָס שקלאַפֿן־דינסט אויף דער שיף. איך בין פֿאַראינטערעסירט
געוואָרן אים צו זען און האָב זיך אַרונטערגעלאָזט אונטן אין דעם שקלאַפֿן־קערקער
פֿון דער שיף, וואו די פֿאַרברעכער זײַנען צוגעשמידט צו די רודערס. דאָרט האָב

איך אַנגעטראָפֿן אויף אַ מעכטיקן מאַן. ער איז געווען אַ נאַקעטער צוגעשמידט מיט זײַנע ביידע פֿיס צו די קלעצער פֿון דער שיף, זײַנע הענט מיט רינגען צו־געפֿעסטיקט צו די רודערס. ער האָט נישט געקאָנט קיין באַוועגונג מאַכן מיט זײַנע הענט, אַז ער זאָל נישט מיטשלעפּן מיט זיך די שווערע רודערס. זײַנע אויגן זײַנען געווען אויסגעברענט — צוויי רויטע פֿליישיקע וואונדן, פֿון וועלכע עס האָט געטריפֿט בלוט און אייטער. ער איז געווען פֿאַרדעקט מיט די לאַנגע גרויע פּאַסן קאַלטענעס האָר, וועלכע זײַנען פֿון שמוץ צוזעמענגעקלעפּט געוואָרן. לויט דער קאָמאַנדע פֿון שטײַערמאַן בײַ דעם לענקער פֿון דער שיף האָט ער מיט דער מאַכט פֿון זײַן שטאַרקן ברוסטקאַסטן און אײַזערנע אָרעמס באַוואויגן די רודערס. קוים האָט ער נישט אַנגעהאַלטן דעם טעמפּאָ מיט די אַנדערע רודערערס, זײַנען גע־פֿאַלן אויף זײַן לײַב די בלײַערנע שמיץ פֿון דעם אויפֿזעערס קאַנטשוק. עס איז נישט געווען איבערצוטראָגן דעם געשטאַנק, וואָרעם די צוגעשמידטע שיף־שקלאַפֿן זײַנען באַשטאַנען אויס די ערגסטע מערדערס, אויפֿרודערערס, — האָבן מיר זיי געלאָזט דאָרט פֿאַרפֿוילט ווערן אין זייער נאַטירלעכן אָפּפֿאַלעכץ, וואָס זיי האָבן ווי די חיות אָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך. צו עסן האָט מען זיי געגעבן נאָר אויף אַזוי פֿיל, כּדי זיי צו דערהאַלטן בײַם לעבן און אויסנוצן זייערע כּוחות צו טרײַבן די שיף. מיר האָבן זיך נישט געגוויטיקט אין שקלאַפֿן, כּדי מיר זאָלן באַדאַרפֿן זאָרגן פֿאַר זייער לעבן, מיר האָבן נישט געוואוסט וואו אַהינצוטון די אָן אַ שיעור קריגסגעפֿאַנגענע, בונטאָווניקעס, פֿאַרברעכער, וואָס אונדזערע קאָלאָניעס האָבן אונדז צוגעשטעלט (קייסער טיבעריוס איז נישט קיין פֿאַרשווענדער, אין זײַן קאַרגשאַפֿט מאַכט ער נישט קאַליע די פּראָווינצן און דאָס פעבל פֿון רוים מיט צופֿיל צירק־שפּילן, וואָ־רעם נישט אין קיין מענטשן איז געגאַנגען, מענטשן פֿאַר די חיות צו וואַרפֿן האָבן מיר געהאַט גענוג, נאָר די חיות קאָסטן צו טײַער), — האָבן מיר די מענטשן באַנוצט צו די גאַלערעס. „קיינער פֿון זיי — האָט מיר דער אויפֿזעער איבער די געפֿאַנגענע מיטגעטיילט — האַלט נישט אויס דאָ אין די גאַלערעס מער פֿון זעקס־אַכט חדשים. און דער בלינדער דאָרטן — האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף דעם בלינדן מאַקאַבעער — איז דער איינציקער, וואָס זיצט שוין דאָ איבער צוועלף יאָר. מיר פֿאַרשטייען נישט דעם סוד פֿון זײַן גבֿורה, וואָס דערהאַלט אים בײַם לעבן". ווען איך בין נענטער צוגעקומען צו אים, האָב איך געהערט, ווי ער מורמלט עפּעס מיט זײַנע ליפּן אין אַן אומפֿאַרשטענדלעכן לשון. „דאָס איז דער מלחמה־געשריי פֿון זייער בונד! — האָט מיר דערקלערט דער אויפֿזעער — וואָס ער האַלט אין איין איבערחזרן אין זין".

— און וואָס באַדײַט דאָס? — פֿרעג איך.

— אַז „צו זייער גאָט אַליין געהערט די הערשאַפֿט!"... האָט מען מיר גע־ענטפֿערט.

און אַט אַזוי זיצט ער אַ האַלב פֿאַרפֿוילטער בלינדער אין דעם מיסטקאַסטן פֿון זײַן אָפּפֿאַלעכץ, צוגעקייטלט צו די שיף־קלעצער און מורמלט נאָך אַלץ פֿאַר זיך זייער מלחמה־געשריי: „צו גאָט אַליין געהערט די הערשאַפֿט!". דאָס וועט זײַן זײַן לעצטער אָטעם־הויך. אַזוי זײַנען זיי די ייִדן, קוים נעמען זיי זיך עפּעס אין קאָפּ אַרײַן, וועסטו עס שוין מיט שמיץ נישט קאָנען פֿון זיי אַרויסשמײַסן. אויך דער רבי, וועמענס פּרעדיקט איך האַלט איצט אין דער האַנט, איז פֿון דעם

סאָרט מענטשן, אויך ער שטעלט די געטלעכקייט אַלס דעם איינציקן הערשער און לאָזט נישט צו קיין אַנדערע מאַכט לעבן איר. „איין מענטש קאָן נישט צווייִ האַרן דינען!“ — זאָגט ער. נאָך מער, ער גייט אין זײַן פֿאַנאַטישן גלויבן אַזוי ווײַט, אַז ער הייסט זײַנע אָנהענגער אָוועקוואַרפֿן יעדן שׂכלדיקן אײַנשאַף פֿון ברויט און קליידער דורך אַרבעט און פּראַצע: „זאָרגט נישט פֿאַר אײַער לעבן, וואָס איר זאָלט עסן און וואָס איר זאָלט טרינקען, אויך נישט פֿאַר אײַער לײַב וואָס איר זאָלט אָנטון“...

אָבער דאָס הייסט דאָך דאָס פֿאָלק באַלעמוטשען מיטן אײַנריידן, אַז זיי זאָלן נישט אַרבעטן, אַז זיי זאָלן נישט זייען און נישט שנײַדן, נאָר פֿאַרלאָזן זיך, אַז גאָט וועט זיי אַלץ פֿון הימל אַראָפּשיקן.

„זאַמלט אײַך נישט אָן קיין אוצרות אויף דער ערד, וואו די מילב און דער ראָסט פֿאַרדאַרבט אַלץ און וואו גנבֿים קאָנען זיך אײַנברעכן און באַגנבֿענען, זאַמלט אײַך אָן אוצרות אין הימל, וואו די מילב און דער ראָסט פֿאַרדאַרבן נישט...“

דאָס הייסט דאָך אָבער בפּירוש אויפֿרודערונג, דאָס איז דאָך בונט! דאָס איז דאָך אַן אַטענטאַט אויף דער גאַנצער עקסיסטירנדיקער הערשאַפֿט, דאָס איז דאָך פֿיל ערגער פֿון דעם, וואָס דער בונטאָוושטשיק יהודה פֿון גליל האָט געפּרעדיקט. דאָס הייסט דאָך, גאָרנישט אַרבעטן, צעשטערן אַלע פֿאָרמען פֿון דעם עקסיס־טירנדיקן סיסטעם, נאָר צו זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט און אויסצוואַרטן, ווי זייער אומגעזעענער גאָט וועט זיי אַ ברויט פֿון הימל אַראָפּוואַרפֿן. ווען זײַנע רייד זאָלן זיך חלילה אײַנעמען בײַם פֿאָלק, גייט דאָס לאַנד צו גרונד. פֿון וועמען וועלן מיר דאַן אונדזער מס אויפֿמאַנען, פֿון וואָס וועלן מיר אונדזערע סאָלדאַטן אויס־האַלטן? דער דאָזיקער מאַן הייסט פֿאַרניכטן דאָס לעבן, כּדי אונדז צו פֿאַרניכטן. פֿאַרוואָס לאָזט מען אַזאַ איינעם אויף דער פֿרײַ און מען דערלויבט אים צו טון אומבאַשטראָפֿט זײַן שעדלעכע טעטיקייט?

ער בענטשט די, וואָס ווערן גערודפֿט פֿון דער גערעכטיקייט. ער פֿאַרניכטעט דאָס געריכט: „ווען איינער וועט זיך וועלן מיט דיר קריגן בײַם געריכט, כּדי דײַן קלייד אָוועקצונעמען, אַזוי לאָז אויך איבער דײַן מאַנטל“. ניט לאָדענען זיך אין געריכט — הייסט דאָך דערמוטיקן אומגערעכטיקייט! נישט שווערן אַפֿילו הייסט ער: „ווײַל דו קאָנסט נישט איין איינציקע האָר ווײַס אָדער שוואַרץ מאַכן“. אָבער דאָס איז דאָך אַן אַטענטאַט אויף אַלע געריכט־אַנשטאַלטן, אויף אַלע פֿאָרמען פֿון לעבן! ער מעקט אויס אַלע קאָדעקסן, צעשטערט אַלע געזעצן, ער הייסט נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטן, ווי דאָס געזעץ איז: „אָבער איך זאָג אײַך, איר זאָלט זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם בייזן, נײַערט ווען איינער וועט דיך שלאָגן אויף דער רעכטער באַק, אַזוי שטעל אים אויך די אַנדערע באַק אונטער!“

—וואוהין צילט דער דאָזיקער מענטש? — האָב איך זיך געפֿרעגט.

דאָס וואָס ער פּרעדיקט איז אַ פֿאַרניכטונג פֿון אַלדינג, וואָס עס איז דער־וואָרבן געוואָרן דורכן מענטש פֿון זײַנע דערפֿאַרונגען, אויסגעפֿײַנערט אין קאַמף פֿאַר הערשאַפֿט און העכערקייט, אײַנגעפֿונדעוועט דורך טראַדיציע, גערעגלט און פֿעסטגעזעצט געוואָרן דורך מנהגים, מצוות און געזעצן, קאָנטראָלירט און קול־טיווירט דורך אינסטיטוציעס, מאַכטהאָבער און גײַסטיקע פֿירער, — און דאָ הייסט דער מאַן באַשאַפֿן אַ גאַנץ נײַע וועלט, אויף אַ גאַנץ נײַעם סדר־עולם, באַ־

גרינדעט אויף גאַנץ אַנדערע, קעגנגעזעצטע פּרינציפּן. אַלץ וואָס איז בײַ אונדז פֿאַררעכנט פֿאַר מעלות, פֿאַר די העכסטע דערגרייכונגען פֿון דער מענטשלעכער אויסדערוויילטקייט, ווערט בײַ אים פֿאַררעכנט פֿאַר חסרונות, וואָס מען באַדאַרף אויסמײַדן, און פֿאַרקערט — חסרונות און פֿעלערן ווערן דורך אים אַרויסגעשטעלט אַלס די העכסטע מאָראַלישע געבאָטן, וואָס זײַנען דאָס איינציקע ווירקלעכע גוטס פֿון מענטש, וואָס האָט די וועלט און חיה צו זײַנע פֿיס געלייגט. נישט די מענטשלעכע ווירדע און שטאָלץ, וואָס האָבן אויסגעהאַמערט דעם מענטשלעכן כאַראַקטער, נאָר שוואַכקייט און נאָכגעביקייט, נידעריקער געמיט, עניוות און זאַנפּטקייט — די דאָזיקע מידות וועלן די ערד ירשנען, און דאָס קעניגרײַך פֿון הימל וועט זײַן זייערס. נישט רײַכטום, געזאַמלט דורך פֿלײַס און דעראָבערונגען, נאָר אָרעמקייט, וואָס קומט פֿון אָפּגעלאָזנקייט און נאָכגעביקייט — דאָס איז דער אידעאַל פֿון מענטש. נישט בייז זײַן און נישט פֿײַנט האָבן, וואָס דאָס איז די מוטער פֿון קאַמף און די פֿאָטערס פֿון זיג, נאָר נאָכגעבן, ליבן דעם פֿײַנד, אַנטלויפֿן פֿון שלאַכטפֿעלד, איידער מען טרעט נאָך אויף אים אַרויף, פֿאַרגעבן יענעמס פֿעלער, כּדי דער פֿאָטער אין הימל זאָל פֿאַרגעבן דײַנע פֿעלער. נישט געניסן דאָס לעבן און דעם גאַנצן שלל פֿון רײַכטימער, נישט פּרײַלאָזן דײַנע נאַטירלעכע לײַדנשאַפֿטן, אַז זיי זאָלן זיך אויסלעבן מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון זייערע אַנגעזעטיקטע זאַפֿטן, נאָר אונטערדריקן זיי און האַלטן אין דער צוים, אויסברענען די געפֿילן. ווען דײַן רעכט אויג שטרויכלט דיך, אַזוי שטעך עס אויס און וואַרף עס אַוועק פֿון דיר; ווען דײַן רעכטע האַנט שטרויכלט דיך, אַזוי האַק זי אָפּ. טראָג דעם אייביקן טרויער אין דײַן האַרץ, און אויף דײַן פּנים זאָל מען עס נישט אָנזען. ווען דו טוסט פֿאַסטן, אַזוי זאַלב דײַן קאָפּ און וואַש דיר דײַן פּנים...

איך בין געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז גאָר אַנדערש ווי די בייז־איצטיקע ייִדישע לערער, געזעץ־אויסטײַטשער איז דער דאָזיקער. די לערע פֿון יענע האָט געטראָגן אירע געבאָטן בלויז פֿאַר די אויסדערוויילטע פֿון זייער פֿאָלק, און דאָס איז געווען צוגעפּאַסט פֿאַר זייער כאַראַקטער און געמיט־צושטאַנד, מיט אַנדערע האָבן זיי זיך נישט געוואָלט מישן. דער רבי אָבער — אין זײַן לערע געפֿינען זיך געגנוג האַטשיקעס אויפֿצוכאַפּן נאַיִווע גלויביקע פֿון די פֿרעמדע פֿעלקער, פֿון די היידן. קודם־כּל באַגרענעצט ער זיך נישט אויף דעם ענגן גאַטעסדינסט פֿון זייער טעמפּל און זייערע רעליגיעזע מנהגים, ווי דער כּהן גדול און זײַן קלאַס. ער וואַרפֿט געדאַנקען, ווי ער וואָלט אויסגעשפּרייט נעצן פֿאַר אַנדערע.

איך קען מײַנע רוימער, מיר זײַנען לײַכט אַנצוגעמען זיך מיט דעם מיסטיציזם און ווילדקייטן פֿון אונדזערע באַזיגטע פֿײַנד, מיר זײַנען אָפּט מאָל געצוווּנגען די קעפּ צו בייגן פֿאַר די געטער און קרבנות צו ברענגען אין די טעמפּלען פֿון די באַזיגטע באַרבאַרן, שוין אָפּגערעדט פֿון די לויזיקע דורכגעטריבענע גריכן, וואָס האַלטן זיך העכער פֿון אונדז מיט זייער קולטור, קונסט און פֿילאָסאָפֿיע, באַטראַכטן אונדז פֿאַר נײַ־אויפֿגעקומענע, פֿאַר מאַלפּעדיקע נאָכמאַכער. נישט מיר איבער זיי, נאָר זיי איבער אונדז רעגירן, וואַרפֿן אונדז אַן זייער געשמאַק, זייערע פֿילאָסאָפֿישע שולן דורך די פֿיל לערער און דערציִער, וואָס מיר קויפֿן אויף די שקלאַפֿן־מערק.

אויך די עגיפּטישע און כאַלדעיִשע פּריסטער וואַרפֿן אונדז אַן זייער כּישוף, זייער פֿײַער־שלינגען און שלאַנגען־באַשווערן דורך זייערע ווײַבער. אַז אין רוים

אין דער העכסטער געזעלשאַפֿט האָט מען שטענדיק גערן געהאַט אַ ביסל זיך צו "ייִדלען", דאָס איז דאָך פֿאַר קיינעם קיין סוד נישט! אָבער צו וואָס דער שעדלע־כער אײַנפֿלוס פֿון דער ייִדישער אמונה קאָן דערפֿירן, האָב איך ערשט דאָ אין כּפֿר־נחום געזען: אָנגעשטעקט פֿון כּישוף, וואָס אַ ייִדישער רבי פֿאַרשפּרייט, קאָן אַ רוימישער הויפּטמאַן פֿאַרלייקענען זײַן רוימישן כאַראַקטער און פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַן אַזיאַטישן, ווייכן און סענטימענטאַלן טרוימער און וויזיאָנער!

און נישט איינער איז געווען אַזעלכער. אין דער גרופּע מענטשן, וואָס גייען נאָך דעם ייִדישן רבי, האָב איך אָפֿט מאָל באַגעגנט צווישן די צעזאָרעער און אַש־קעלאָנער נישט איין הויפּטמאַן. נאָך זיי וועלן אַנדערע קומען און זיך אָנשטעקן מיט זײַן לערע.

איך האָב דערזען אין דעם רבין זייערן אַלע געפֿאַרן, אַלע אויפֿשטאַנדן, דאָס גאַנצע ציין־קריצעניש און העגט־אויפֿהייבן, דעם גאַנצן אָנמעכטיקן כּעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די ייִדישע הערצער אויף אונדז. איך האָב געזען די גאַנצע פֿאַרניכטונג, וואָס זיי ווילן ברענגען אויף אונדז. ער איז פֿאַר אונדז פֿיל געפֿער־לעכער פֿאַר קאַרטהאַגאָ, פֿיל געפֿערלעכער פֿאַר אַלע שונאים פֿון רוים.

דאָס איז דער קאַמף, וואָס יהודה גייט פֿירן קעגן רוים, אַ קאַמף נישט מיט דער שווערד, נאָר ווי רופֿן זיי עס — מיטן גײַסט פֿון גאָט. עס ווערט צו שפּעט, מען וועט זיך קעגן דעם באַצײַטנס מוזן ווערן.

# 22

## קאָרנעליוס נעמט דעם ענין אין זײַנע העגט אַרײַן

איך האָב אײַנגעזען, אַז מען קאָן צו דעם מאַן, צו זײַן לערע און צו זײַן גאַנצער טעטיקייט באַין אופֿן נישט זײַן גלײַכגילטיק. אָדער מען מוז זי אָנערקענען, און דענסטמאָל הייסט עס: אַרונטערפֿאַלן אונטער דעם מאַנס גײַסטיקער ממשלה, אַזוי ווי דער הויפּטמאַן; אָדער אָנערקען איך זי נישט, מוז איך אים באַקעמפֿן מיט אַלע מיטלען, וואָרעם זײַן עקסיסטענץ איז די געפֿאַר פֿאַר רוים. איך האָב דערי־בער באַשטימט צו נעמען די זאַך אין מײַנע אייגענע העגט אַרײַן.

קודם־כּל האָב איך געפּרוווט אויסגעפֿינען, צי דער יהודה איש קריות איז דעם כּהן גדולס מענטש, דורך וועלכן דער אַלטער חנן האַלט אַן אויג אויף אים. איך האָב געפּרוווט צו קומען אין פֿאַרבינדונג מיט יהודה איש קריות. איך האָב גע־ווּוסט, אַז אַזוי לײַכט וועט עס מיר נישט אָנקומען. די ייִדן, לויט זייער שטייגער, אַפֿילו מיט די אָפּגעפֿאַלנסטע צווישן זיי, האַלטן זיך מיטאַנאַנדער, אָבער פֿאַר אַ פֿרעמד אויג פֿאַרשטעלן זיי די זאַכן, וואָס קומען פֿאָר צווישן זיי. אָבער אַז עס וועט מיר אָנקומען אַזוי שווער, האָב איך נישט גערעכנט. קודם־כּל האָב איך דעם יהודה נישט געקאָנט געפֿינען, ער איז דעמאָלס נאָך דער פּרעדיקט אויפֿן באַרג פֿאַרשוואונדן מיט זײַן רבין אין די שכנותדיקע שטעטלעך, און עס האָט גע־נומען אַ געוויסע צײַט, ביז זיי זײַנען ווידער צוריקגעקומען קיין כּפֿר־נחום.

איין מאָל בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דער רבי ישוע איז ווידער צוריקגעקו־מען קיין כּפר־נחום. אויב אַזוי, מוז דאָך זײַן תּלמיד, דער יהודה איש קריות, אויך זײַן — האָב איך געטראַכט. איך האָב געשיקט צו אים אַ מס־אויפֿמאַנער, אונדזערס אַ באַגלויבטן מענטש, אַז ער זאָל מיר גיין אויפֿזוכן דעם יהודה איש קריות. פֿאַר־שטייט זיך, אַז איך האָב אים נישט פֿאַרטרויט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואָס איך באַצווועק מיט דעם דאָזיקן צוזאַמענטרעפֿן, ווארעם אויף די מענטשן האָט מען זיך אויך נישט געקאָנט פֿאַרלאָזן; דער רבי ישוע האָט געהאַט אויף די מוכסים און אָנגעשטעלטע אַ גרויסן אײַנפֿלוס, צוליב דעם וואָס ער האָט פֿאַר זיי אויפֿגע־עפֿנט אַ טיר און זיי מקרבֿ געווען, און מ׳האָט נישט געקאָנט מער וויסן, ווי זיי שטייען לגבי אונדז. יאָ, די לערע פֿון דעם מאַן איז זייער געפֿערלעך פֿאַר רוים, ער האָט אונדז די בעסטע מענטשן ווידערשפּעניק און פֿאַרדעכטיק געמאַכט. איך האָב געשפּילט די ראָלע פֿון אַ פֿרומען און איך האָב געזאָגט דעם מוכס, אַז איך בין פֿאַראינטערעסירט אין דער לערע און אין די וואונדערטאַטן פֿון דעם רבין און כ׳וויל דורך זײַן תּלמיד יהודה, וועלכן איך קען נאָך פֿון ירושלים, זיך נענ־טער באַקענען מיט אים.

ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען דער מס־אויפֿמאַנער האָט צוריקגע־בראַכט דעם ענטפֿער פֿון יהודהן, אַז — ווער איז ער דאָס, וואָס ער זאָל קענען דעם הגמון פֿון ירושלים ?.... נישט אַנדערש, נאָר עס איז אַ טעות, אַז דער הגמון האָט אַוודאי נישט געמיינט אים.

איך האָב אײַנגעזען, אַז לגבי דעם אַדורכגעטריבענעם מאַן פֿון כּהן גדול מוז מען אַנווענדן גאַנץ אַנדערע מעטאָדן. איך האָב אים אַפּילו געקאָנט ברענגען צו שלעפּן צו מיר דורך צוויי אַשקעלאָנער אָדער דורך אונדזערע בראַווע סאַמאַרי־טאַנער, איך האָב אָבער נישט געוואָלט אַנווענדן קיין געוואַלד. עס איז מיר גע־גאַנגען דעריך, אַז איך זאָל געווינען דעם צוטרוי בײַ דעם דאָזיקן מאַן און ער זאָל דינען אונדזער זאַך. ווארעם ווי דער כּהן גדול האָט זיך אונדז נישט אויסגע־וויזן צו זײַן אונדזערס אַ מענטש, אויף וועלכן מען קאָן זיך פֿאַרלאָזן, איז אָבער דאָך גוט, אַז זײַן באַגלויבונגס־מאַן זאָל אויך זײַן אונדזערער און ער זאָל דינען דער בשותּפֿותדיקער זאַך, כּדי מיר זאָלן האָבן ידיעות דירעקט פֿון דער ערשטער קוועלע, נישט צו זײַן בלויז אָפּהענגיק פֿון דעם אַלטן כיטרע חנן אַליין. איך האָב באַשלאָסן נישט צו קוקן אויף מײַן ראַנג און שטעלונג, איך מוז זיך זען מיט דעם מאַן און אַדורכרעדן זיך מיט אים, כּדי צו געווינען זײַן צוטרוי און אָנשטעלן אים אין דינסט. איך בין געוואָר געוואָרן, וואו דער יהודה האַלט זיך אויף. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט דאָ אין כּפר נחום אַ פֿרײַנד אַ טעפּער, אויך אַ באַ־רימטער געזעץ־פֿאַרשער, צו וועלכן ער קומט אָפּט אַרויס און ער אַרבעט בײַ אים אין דער טעפּערײַ, וואָס יענער האָט הינטער דער שטאָט. ער העלפֿט זײַן פֿרײַנד בײַם ליים מישן, דעם אויוון אונטערצוהייצן, די טעפּ טריקענען און דערבײַ מיט אים איבער די ענינים פֿון זייער רעליגיע, איבער דער אויסטײַטשונג פֿון זייערע שריפֿטן און געזעצן זיך אַדורכרעדן. דער טעפּער איז געווען אַ געלערנטער מאַן, ר׳ חנניה דער טעפּער האָט מען אים גערופֿן. ווי איך פֿאַרשטיי, האָט זיך דער יהודה מיט דעם ר׳ חנניה אונטערגעהאַלטן וועגן זײַן רבין און זײַן רבינס לערע, בשעת ער האָט אים געהאָלפֿן אין דער אַרבעט בײַ זײַנע טעפּ. איך האָב זיך אײַנ־

געהילט אין אַ סדין איבער מײַן רוימישן פּאַנצער און בין אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט אויפֿן וועג פֿון דער שטאָט נעים, וואו ר׳ חנניה האָט געהאַט זײַן טעפּערײַ. איך האָב זיי טאַקע בײדע באַלד אָנגעטראָפֿן, ווי זיי זײַנען געזעסן בײַם ברעט מיט שוואַרצן ליים, פֿון וועלכן זיי האָבן די טעפּ געפֿורעמט און דערבײַ עפּעס שטיל אײַנגעטענהט.

איך האָב זיך אַנידערגעשטעלט קעגנאיבער דעם יהודה און אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן און געזאָגט צו אים:

— קום מיט מיר, יהודה, איך האָב עפּעס מיט דיר צו רעדן.

אָבער דער יהודה איש קריות האָט נישט אויפֿגעהויבן זײַן בליק פֿון דעם טאָפּ, בײַ וועלכן ער האָט געאַרבעט. ער האָט מיך גאָרנישט אָנגעקוקט, נאָר אָפּ־געענטפֿערט, ווי ער וואָלט גערעדט צום טאָפּ, בײַ וועלכן ער איז געווען באַשעפֿ־טיקט און נישט צו מיר:

— איך האָב נישט קיין סודות פֿאַר דעם דאָזיקן מאַן. וואָס דו האָסט מיר צו זאָגן, זאָג מיר דאָ.

אָבער איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט:

— דאָס וואָס איך האָב מיט דיר צו רעדן, איז זייער וויכטיק און איז פֿון אַזאַ נאַטור, וואָס קיין דריטער מענטש קאָן נישט זײַן דערבײַ, די זאַך גייט אָן נאָר דיך און מיך.

אָבער דער יהודה האָט מיר ווידער נישט געשאָנקען זײַן אויפֿמערקזאַמקייט, ער האָט זיך נישט געלאָזט שטערן פֿון זײַן אַרבעט און ווידער מיר געענטפֿערט:

— איך בין אַ פֿאַרדונגענער אויפֿן טאָג און איך קאָן נישט פֿאַרלאָזן די אַרבעט. אויב דו האָסט עפּעס צו רעדן מיט מיר, רעד דאָ, אַנישט וואַרט צו ביז אָוונט, ווען איך וועל פֿרײַ ווערן.

איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה. דער יהודה האָט געשפּילט לגבי מיר דעם פֿרומען און באַשיידענעם, און איך האָב עס געמוזט מיטמאַכן. איך האָב אים אָפּגעוואַרט פֿאַרנאַכט, ווען ער האָט די טעפּערײַ פֿאַרלאָזט, און בין צוגע־גאַנגען צו אים און האָב אים אין אויער אײַנגערוימט:

— יהודה איש קריות, צי דערקענסטו מיך נישט? איך בין דאָך דער הגמון פֿון ירושלים, וועלכן דו האָסט אָנגעטראָפֿן אין הויז פֿון שמעון דעם פֿישער, ווען דײַן רבי האָט דאָרט וואונדער באַוויזן און זײַן תּורה געלערנט.

— ווער בין איך דען, וואָס איך זאָל קענען דעם הגמון פֿון ירושלים? איך בין אַ געמיינער מאַן פֿון פֿאָלק און מיט געמיינע לײַט גיי איך אַרום.

— יהודה, איך פֿאָר די טעג קיין ירושלים און וועל זען דײַן האַר חנן דעם עלטסטן כּהן גדול, האָסטו גאָרנישט מיטצובאַפֿעלן צו דײַן האַר חנן? — פֿרעג איך אים און באַמי זיך צו קוקן אין זײַן פּנים אַרײַן.

אָבער ער נידערט אַראָפּ זײַן בליק צו דער ערד און ענטפֿערט מיר:

— ווער בין איך דען, וואָס איך זאָל האָבן דעם כּבֿוד צו קענען דעם האַר חנן, דעם עלטסטן כּהן גדול? איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך בין אַ געמיינער מאַן, און דער האַר נעמט מיך פֿאַר עמיצן אַנדערש. נישט אַנדערש, נאָר דער האַר איז זיך טועה, איך בין נישט דער, וועלכן ער זוכט.

— דו ביסט דער, יהודה, דער דינער פֿון כּהן גדול חנן. ער האָט דיך אַהער־געשיקט, כּדי דו זאָלסט האַלטן דײַן אויג אויפֿן רבי ישוע פֿון נצרת, און דו זאָלסט אים אַלץ צו וויסן געבן, וואָס דײַן רבי טוט און זאָגט.

— דער כּהן גדול איז מײַן האַר און איך בין זײַן דינער, ווי יעדער ייִד איז עס, דאָס איבעריקע ווייס איך נישט, וואָס דער האַר זאָגט.

איך בין געווען בײַם ראַנד פֿון מײַן געדולד. איך האָב זיך אָנגערופֿן צו אים:

— יהודה, איך בין דער פֿרײַנד פֿון דײַן האַר, דײַן האַר און איך זײַנען ביידע פֿאַראינטערעסירט אין דער לערע און אין דעם טועכץ פֿון דײַן רבי ישוע פֿון נצרת. איך וויל רעדן מיט דיר וועגן דעם, באַהאַלט דיך נישט מער פֿאַר מיר.

אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן פּנים און זײַנע אויגן, וועלכע האָבן תּמיד געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי זיי זעען און דאָך זעען זיי נישט, אָבער איצט זײַנען זיי לעבעדיק געוואָרן, ייִדיש ווילד געוואָרן, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אַדורכשנײַדן מיט זיי, און מיט דער גאַנצער ייִדישער חוצפּה זיך אָנגערופֿן:

— דער האַר וויל רעדן מיט מיר וועגן דעם טועכץ און די רייד פֿון מײַן רבי ר' ישוע פֿון נצרת? צי איז דער האַר אַ ייִד? צי איז ער אויפֿגענומען געוואָרן אין בונד פֿון אַבֿרהם? צי דינט ער צו דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט פֿון ישׂראל?

— איך בין אַ רוימער און איך דין צו מײַנע היימישע געטער.

— אויב אַזוי, ווי קומט דער האַר דערצו צו רעדן מיט מיר וועגן די רייד און דאָס טועכץ פֿון מײַן רבי? די רייד און דאָס טועכץ פֿון מײַן רבי ר' ישוע פֿון נצרת זײַנען געווענדט און געריכט צו די קינדער פֿון ישׂראל, נישט צו קיין פֿרעמדע.

— איך בין דער הגמון פֿון ירושלים און איך בין פֿאַראינטערעסירט אין אַלעם, וואָס עס קומט פֿאַר אין לאַנד!

— דער הגמון פֿון ירושלים איז געזעצט איבער דעם מס, וואָס מיר האָבן צו צאָלן דעם קייסער. ווי קומט דער הגמון פֿון ירושלים זיך אַרײַנצומישן אין די ענינים, וואָס זײַנען נוגע אונדזער אמונה אין דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט פֿון ישׂראל און זײַן לערע?

— יהודה, דו גיסט נישט אָפּ דײַן הגמון דעם רעספּעקט, וואָס דו ביסט מחויבֿ, איך וועל דיך פֿאַרקלאָגן פֿאַר דײַן האַר, דעם עלטסטן כּהן גדול, מײַן פֿרײַנד חנן.

— דעם הגמון פֿון ירושלים וועל איך באַצאָלן דעם מס, וואָס איך בין שולדיק דעם קייסער; מיט מײַן האַר, דעם כּהן גדול פֿון ירושלים, וועל איך רעדן וועגן די ענינים, וואָס זײַנען נוגע אונדזער אמונה!

מיט די ווערטער האָט ער מיך געלאָזט שטיין, און איז זיך אַוועקגעגאַנגען זײַן וועג.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז מײַן מי איז בחינם. איך וועל פֿון דעם יהודה איש קריות גאָרנישט אַרויסקריגן. איך האָב זיך דעריבער געווענדט דירעקט צו דער העכסטער אויטאָריטעט פֿון לאַנד. די נאָענטסטע טעג נאָך איז מיר אויסגעקומען אויף מײַן וועג קיין ירושלים צו זײַן אין טבֿריה, און איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיטן טעטראַרך.

איך האָב זיך צום ערשט געווענדט צו דער טעטראַרכין הורודיה. איך האָב געוואוסט, אַז אַלס וועלט־דאַמע וועט זי מיך בעסער פאַרשטיין און וועט אויסנוצן איר איינפלוס אויף איר מאַן.

— טעטראַרכין — האָב איך צו איר געזאָגט, נאָך דעם ווי איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זי צו באַגריסן — אין די גאַלערעס, וואָס שווימען איבער דעם מיט־לענדישן ים, האַלטן מיר נישט איינעם פון אייערע אונטערטאַנען צוגעשמידט צו דעם רודער, און אין די צירקן, אין די טעאַטערן זיינען נישט איינצלנע, נאָר צענדליגגער און הונדערטער פון אייערע אונטערטאַנען אַרייַנגעלאָזן געוואָרן צו די חיות. אייער טעטראַרכיע שטעלט אונדז צו אויפשטענדלער, בונטאָווניקעס, רעליגיעזע אויפרודערער און פירער פון רויבער־באַנדעס מער ווי די גאַנצע פּראָווינץ פון סיריע; אייערע אונטערטאַנען מאַכן אונדז אַן מער זאָרגן ווי גאַנץ עגיפּטן מיט דעם גרויסן צענטרום פון אַלעקסאַנדריע; יעדע פאָר טעג הערט מען פון אַן אַנדערן אויפרודערער אין גליל. ביים פּראָקאָנסול אין אַנטיאָכיע איז נישט איין מאָל גערעדט געוואָרן וועגן דעם, און אויך — אויפן הויף פון קייסער. איך פאַרזיכער אייך אַלס פריינד, טעטראַרכין, אַז די אָפטע איבערחזרונגען פון אומ־רוען אין אייער לאַנד טוען דעם טעטראַרך נישט קיין טובֿה ביים קייסער, נאָך דערצו זינט אייער ברודער, דער איינציקער פּרעטענדענט אויף דער קרוין פון יהודה, דער פריינד פון די פירשטן־קינדער, דער איינפלוסרייכער אַגריפּאַ גע־פינט זיך גאַנץ נאָענט פון קייסער אויף דער אינדזל קאַפּרי און אינטריגירט קעגן אייך. איך קאָן אייך נאָר פאַרזיכערן, אַז דער קרעדיט פון פּרעטענדענט אַגריפּאַ איז אין דער לעצטער צייט פיל בעסער געוואָרן, און ווי גרויס זיינע אַפּעטיטן זיינען נישט, זיינען שטענדיק גרייט נייע מלווים זיך צו געפינען פאַר אים און אויך די אַלטע זיינען צו אים פיל געדולדיגער געוואָרן. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די אויסזיכטן ער זאָל ווערן קעניג איבער אַ פאַראייניקט פּאַלעסטינע זאָלן זיך רעאַליזירן, אַפילו נאָך ביים לעבן פון קייסער טיבעריוס. איך דערלויב מיר אייך אויפמערקזאַם צו מאַכן, טעטראַרכין, אַז עס איז די העכסטע צייט, איר זאָלט באַווייזן דעם קייסער אין רוים און דעם פּראָ־קאָנסול אין אַנטיאָכיע, אַז איר זענט גענוג שטאַרק און וויליג אונטערצודריקן יעדן אויפשטאַנד פון אַנהויב אָן און אויסצורייסן מיטן וואָרצל יעדן פאַרזוך פון אומרוען און אויפרודער, וואָס פּרוּווט ווידער אויפהייבן דעם קאָפּ אויף אייער טעריטאָריע.

זי האָט מיך אַנגענומען פאַרן האַנט און גלייך אָוועקגעפירט צום טעטראַרך און אים געזאָגט:

— הער, וואָס דער הגמון האָט צו זאָגן!

— אָבער, הגמון, וואָס איז געשען? — פרעגט מיך דער טעטראַרך באַאומ־רואיקט און זיין פּנים ווערט בלייך.

— איך קום איצט פון כּפר־נחום, טעטראַרך, — ענטפער איך אים — וואו איך האָב פאַרווייַלט אַ געוויסע צייט אַלס גאַסט פון הויפּטמאַן, וועלכן אייער טעט־ראַרכישע מאַכט האָט דאָרט סטאַציאָנירט. עס איז שוין געוויס דערגאַנגען צו די אויערן פון דער טעטראַרכישער מאַכט, אַז דאָרט האָט זיך באַוויזן אַן אויסטער־לישער מענטש, וועלכער האָט געוואונען גרויס אָנהענגערשאַפט אין פאָלק דורך

זײַנע וואונדער. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דער טע־טיקייט פֿון דעם דאָזיקן מאַן בײַ די ברעגן פֿון כּנרת, צוצוהערן זיך צו זײַן לערע, וואָס ער לערנט אין פֿאָלק און איך בין געקומען צו דער פֿולער איבערצײַגונג, אַז דער מאַן איז געפֿערלעך פֿאַר דער מלוכה און פֿאַר דער הערשנדיקער אָרדענונג. און וואָס שנעלער אײַער טעטראַרכישע מאַכט וועט אַ סוף מאַכן צו דער שעדלע־כער טעטיקייט פֿון דעם דאָזיקן מענטש, אַלץ בעסער וועט זײַן פֿאַר אײַך. ווי איך פֿאַרשטיי, איז זײַן לערע וואָס ער פֿאַרשפּרייט אויך געווענדט קעגן די אָנגענו־מענע געזעצן, מנהגים און טראַדיציעס פֿון אײַער אמונה. ער האָט, ווי איך פֿאַרשטיי, מיט זײַנע אויטאָריטעטע אויספֿירונגען אַרויסגערופֿן די קעגנערשאַפֿט און די פֿאַרביטערטקייט פֿון אײַערע געלערנטע און אויסטײַטשער פֿון געזעץ. איך וואָלט אײַך ערנסט געראָטן, טעטראַרך, אַז איר זאָלט מאַכן אַ סוף צו דער שעדלעכער טעטיקייט פֿון דעם דאָזיקן העכסט געפֿערלעכן מענטש, וואָרעם ער רעדט אָפּ דאָס פֿאָלק פֿון אַרבעט און געהאָרכזאַמקייט, ער באַלעמוטשעט זיי דורך פֿאַרשפּרעכונ־גען פֿון אַ קעניגרײַך אין הימל. און ווי איך האָב זיך איבערצײַגט, איז זײַן מאַכט נישט נאָר גרויס בײַם אומגעבילדעטן פֿאָלק, נאָר לײדער הויבט ער אויך אָן אויס־צווירקן אַן אײַנפֿלוס אויף געוויסע הויכגעשטעלטע מענער, וועלכע זײַנען גע־נויגט לויט זייערע נאַטורן צו אײַנבילדונגען און חלומות. און עס קאָן אַמאָל ווערן צו שפּעט.

דער טעטראַרך איז נאָך בלייכער געוואָרן. ער האָט זיך געמוזט אָוועקזעצן אויף אַ ליג־שטול, וואָס די קנעכט האָבן אַרויסגעברענגט פֿאַר אים אין גאָרטן אַרײַן, וואו דאָס געשפּרעך איז צווישן אונדז פֿאָרגעקומען. ער האָט דעם קאָפּ אַרײַנגענומען צווישן זײַנע הענט און געטראַכט אַ לענגערע ווײַל, דערנאָך האָט ער אים אויפֿגעהויבן, געקוקט אויף מיר מיט זײַנע שוואַרצע אויגן און זיך אָנגערופֿן:

— איבער דעם מאַן האָב איך קיין ממשלה נישט און קײנער פֿון אונדז האָט איבער אים קיין ממשלה נישט, הגמון.

— ווי אַזוי מיינט דאָס זײַן טעטראַרכישע מאַכט? — פֿרעג איך דערשטוינט.

— איך האָב דאָך אים שוין געקעפּט, און דאָך איז ער צוריקגעקומען אין לעבן אַרײַן — האָט ער זיך אָנגערופֿן, און מ׳האָט אָנגעזען, ווי אַלע זײַנע גלידער ציטערן פֿאַר אימה.

— איך פֿאַרשטיי נישט זײַן טעטראַרכישע מאַכט! — האָב איך זיך אָנגערופֿן און געקוקט מיט דערשטוינען אויף דער טעטראַרכין, וועלכע איז בײַ די ווערטער פֿון טעטראַרך אויך זייער בלייך געוואָרן. וואָרעם דער טעטראַרך האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי ער וואָלט נישט געווען בײַם קלאָרן שׂכל, ער האָט געקוקט אין דעם ווײַטן לערן חלל פֿאַר זיך, און זײַן מעכטיקער קערפּער האָט געציטערט פֿאַר פּחד און זײַן פּנים איז בלאַס געוואָרן.

— איר זענט דאָך געווען דערבײַ, הגמון, ווי די גערמאַנער האָבן פֿון קעלער־געפֿענגעניש אַרויפֿגעבראַכט זײַן געקעפּטן קאָפּ אויף אַ זילבערנער שיסל און דערלאַנגט דער קליינער שלומית — דערמאָנט ער און קוקט אויף דער טעטראַרכין.

— איר מיינט דעם יוחנן, וואָס די ייִדן רופֿן „המטביל״?

— יאָ, דאָס איז דאָך יוחנן המטביל, וואָס איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טויט און טראָגט זײַן וואָרט פֿון תּשובֿה און פֿון מלכות שמים צווישן פֿאָלק. איך האָב זײַן

מויל שטום געמאַכט, און עס איז צוריק רעדעוודיק געוואָרן. איך האָב נישט קיין ממשלה איבער אים, הגמון! איך קאָן דאָך נישט קעפּן קיין געקעפּטן מענטש.

— אָבער, טעטראַרך, דאָס זײַנען דאָך פּוסטע אײַנרעדענישן, פֿאַנטאַסטישע חלומות, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אויסגעטראַכט, ווי אַזוי קאָנט איר דערין גלויבן?

— אונדזער פֿאָלק פֿאַרמאָגט נישט מער ווי נאָר חלומות און אײַנרעדענישן. דאָס איבעריקע האָט מען אים צוגענומען. וואָס קאָנען אײַך שוין שאַדענען אין אײַער רעאַלער הערשאַפֿט די פֿאַנטאַזיעס און חלומות, וואָס דער מאַן פֿאַרטיילט צווישן די אָרעמע? און איך זע נישט אײַן, וואָס עס קאָן שאַדן צו רוימס גלאָריע און הערשאַפֿט אַ קעניגרײַך, וואָס הערשט אין הימל? אויף רײַכטימער אין הימל איז רוים נישט אייפֿערזיכטיק! — האָט ער מיר אָפּגעענטפֿערט און מיך פֿאַרלאָזט.

— לאָזט עס איבער פֿאַר מיר, הגמון! — האָט מיך די טעטראַרכין באַרואיקט — מיר וועלן שוין די זאַך אין אָרדענונג ברענגען. דער טעטראַרך איז אַביסל אָפּגעשראָקן דורך די מעשׂיות, וואָס גייען אַרום אין פֿאָלק וועגן דעם מאַן, עס שטערט אים דעם שלאָף בײַ נאַכט. ער וועט זיך באַרואיקן, וועלן מיר דעם ענין דערלייזן צו אונדזער אַלעמענס צופֿרידנהייט.

אַן אויער פֿאַר מײַנע רייד האָב איך ערשט געפֿונען אין ירושלים בײַם עלטסטן כּהן גדול חנן, — וועלכער האָט מיך פֿולשטענדיק באַרואיקט.

אויף דער זײַלן־האַליע אין זײַן פּרעכטיקן הויז מיט דער שטאָט ירושלים צו אונדזער צופֿוסנס, בײַם געשמאַקן ווײַן, אויסגעקוועטשט פֿון יריחוער טייטלען, וואָס מען האָט נאָר בײַם כּהן גדול אין ירושלים געקאָנט באַקומען, — האָב איך אים דערציילט וועגן מײַנע באַגעגענישן מיט דעם אויסטערלישן מענטש אין כּפֿר־נחום, וועגן די וואונדער וואָס ער טוט דאָרט, צוליב וועלכע ער באַקומט אַ מאַכט איבערן פֿאָלק, וועגן דער שעדלעכער לערע צווישן דער אומוויסנדיקער מאַסע. איך האָב אויך נישט פֿאַרפֿעלט צו געבן אָנצוגעהערן דעם אַלטן כּהן גדול, אַז ווען מען וועט געוואָר ווערן אין אַנטיאָכיע אָדער אין רוים וועגן דעם אידעיִשן אײַנפֿלוס, וואָס די לערע פֿון דעם מאַן הויבט אָן אויסצווווירקן אויף אויף אונדזערע מענטשן, קאָן דאָס ווערן פֿאַרן כּהן גדול און די מעכטיקע פֿון ירושלים אומאָנגעגע־נעם. אָבער וואָס מיך וואונדערט אַממערסטן איז דאָס, וואָס איר, ייִדן, וועלכע זענט אַזוי אייפֿערזיכטיק אויף דעם קלענסטן און אומבאַדײַטנדסטן געברויך און מנהג פֿון אײַער רעליגיע, אויב מיר, פֿרעמדע, ווילן עס אָנרירן, לאָזט צו אומבאַשטראָפֿט פֿאַרשיידענע פּרעדיקער און אויסטײַטשער, זיי זאָלן אויסאיבן זייער אײַנפֿלוס אויפֿן פֿאָלק אַפֿילו קעגן דער טראַדיציע פֿון אײַער אָנגענומענער לערע?

דער אַלטער האָט די האָר פֿון זײַן ווײַסער לאַנגער באָרד אַדורכגענומען צווישן זײַנע פֿינגער, אויסגעצויגן זיך זײַנע פּאות, געגלעט זײַנע ברייטע גרויע מאַיעס־טעטישע באַקנבערד, און ווי זײַן געוואוינהייט — זייער רואיק, בנעימותדיק, מיט קוים אַן אָנזעבאַרן ביטולדיקן שמייכל, וועלכער האָט געשפּילט אין די ווינקלען פֿון זײַן מויל, וואָס איז געווען האַלב פֿאַרדעקט מיט זײַנע שיינע געפֿלעגטע וואָנסעס, זיך אָנגערופֿן:

— לויטער חלומות, הגמון, לויטער חלומות. און איבער חלומות לוינט אַסור נישט דאָס בלוט קאַליע צו מאַכן און זאָרג זיך צו פֿאַרשאַפֿן, ווען די געפֿאַר איז נאָך אַזוי ווײַט. אונדזער פֿאָלק קאָן אָן חלומות נישט לעבן, הגמון, און מוז האָבן

אין יעדן דור זײַנען בעל־חלומות. אין יעדער צײַט האָט עס געמוזט האָבן עמעצן, וואָס זאָל אים אויף דעם פֿלייטל אַ מאָטיוו שפּילן און וואָס זאָל אים אין שלאָף אײַנוויגן. פֿון אַבֿרהם אָבֿינו אָן לעבט אונדזער פֿאָלק מער מיט הבֿטחות ווי מיט פֿאַרווירקלעכונגען, עס וויל גאָרנישט וואָר מאַכן זײַנע חלומות, אַזוי ווי עס וואָלט מורא געהאַט, אַז די פֿליגל פֿון זײַן חלום זאָלן נישט אָפּגעפּליקט ווערן דורך דער שער פֿון רעאַלקייט. און יעדער איינער, וואָס וועט קומען, וואָס וועט ווי צום ווײַטסטן פֿאַרלייגן די מעטע פֿון זײַן דערלייזונג, יעדער איינער, וואָס וועט קומען און וועט פֿאַרטראָגן דאָס גליק פֿון פֿאָלק אין די ווײַטסטע הימלען, צו דעם וועלן זיי זיך צוהערן. וואָס אָנבעטרעפֿט דער לערע, וואָס איר דערציילט — זעט איר הגמון, מיר זײַנען אַ מאָדנע פֿאָלק: יעדער איינער פֿון אונדז איז פֿאַר זיך זײַן אייגענער משה רבינו. אין דער הינזיכט זײַנען מיר גאָרנישט געגליכן צו אַנדערע דיסציפּלינירטע, דורך קאָנסטיטוציעס געבונדענע נאַציעס. אין פּונקט פֿון אויסטײַטשן דאָס געזעץ זײַנען מיר זייער זעלבשטענדיק, יעדער איינער פֿון אונדז האָט אַ רעכט אויסצוטײַטשן די שריפֿט לויט זײַן אייגענעם אײַנזען, אַבי נאָר עס זאָל זײַן אין די ראַמען פֿון געזעץ, אין דעם גײַסט פֿון דער לערע. די ראַם איז אַזעלכע, אַז זי האָט אייגנטלעך קיין גרענעצן נישט און קאָן אין זיך אַלץ אַנטהאַלטן, ווײַל דער דאָזיקער גײַסט איז נישט דער גײַסט פֿון דער וועלט. פֿון דער העלער הויט קאָן אויפֿשטיין בײַ אונדז אַ מאַן פֿון פֿעלד־אַקער, פֿון פּאַשען די שאָף, פֿון קלעפּן טעפּ אָדער פֿון דער עבֿודה אין בית־מקדש און קומען צו אונדז און זאָגן, אַז גאָט האָט אים געשיקט. נעכטן נאָך האָט אים קיינער נישט געקענט, און הײַנט איז ער דער אָנערקענטער נבֿיא, צו וועמענס וואָרט מיר מוזן זיך צוהערן. אונדזער אויפֿגאַבע איז צו פּרוּוון און צו פֿאָרשן, צי איז ער טאַקע פֿון גאָט געשיקט. דערפֿאַר האָבן מיר סימנים, אַלגעמיינע רעגעלן, וועלכע זײַנען אונדז אָנגעוויזן אין אונדזערע שריפֿטן, צי זײַן וואָרט איז אין גײַסט פֿון אונדזער לערע, צי זײַן וואָרט שטאַרקט אונדזערע הענט און אונדזער גלויבן אין גאָט אָדער עס שוואַכט אָפּ. און אויך אויף דעם מאַן, וועגן וועלכן איר פֿאַרציילט, האַלטן מיר וואָך אונדזער אויג, מיר פֿאָרשן אים איצט, מיר פּרוּוון זײַן וואָרט און זײַן טאַט, און איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז פֿאַרלויפֿיק איז קיין אורזאַך נישטאָ צו באַאומרואיקן זיך. אַלץ וואָס איך האָב געהערט וועגן אים ביז איצט, זײַנען — ווי איך האָב געזאָגט — חלומות. און זאָל ער ווירקלעך ווערן אַ געפֿאַר פֿאַר אונדזער לערע — וואָס איך גלויב נישט, — קאָן איך אײַך פֿאַרזיכערן, הגמון, אַז פּונקט ווי אין אַנדערע פֿאַלן, וועלן מיר אויך אין דעם פֿאַל וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען.

— יאָ, איך ווייס, אַז איר האַלט אויף אים אײַער וואַכזאַם אויג. איך האָב דאָרט באַגעגנט אײַער פֿאַרטרויענסמאַן, כּהן גדול, ער ציילט זיך אַפֿילו צווישן זײַנע תּלמידים, און אויב איך בין זיך נישט טועה, איז ער איינער פֿון די אָנגעזעענע. ער איז דער, וועלכער האַלט דעם בײַטל מיט געלט.

— מײַנעם אַ מאַן? איך קען אַזעלכן גאָרנישט.

איך האָב אָנגעקוקט דעם כּהן גדול און בין דערשטוינט געוואָרן. אין די ווינקלען פֿון זײַנע געפּלעגטע ווײַסע וואָנסעס האָט זיך אַ ספֿקדיק שמייכעלע באַהאַלטן. איך האָב נישט געוואוסט, וואָס ער מיינט מיט דעם שמייכעלע, צי מיינט ער צו לאַכן אויס מיר, צי דאָס איז אַ שמייכעלע אַן אַלוויסנדיקס, אַן אַלפֿאַרשטייענדיקס.

— יהודה איש קריות, דעם מאַן, וועלכן איך פלעג אַזוי אָפט טרעפן זיצן אויף דער באַנק, ווען מען גייט אַדורך דעם שמאָלן קאָרידאָר צו אײַער גאָרטן.

— יהודה איש קריות? ניין, איך קען גאָרנישט אַזעלכן — האָט דער כהן גדול געהאַלטן אין איין אָפּלייקענען — איר זענט זיך טועה, הגמון. און וואָס אָנבאַטרעפט דעם בעל־חלומות, וועלן מיר שיקן פון ירושלים אַ פאָר סופרים און געלערנטע, כדי אויסצוגעפינען וואָס פאַר אַ געפאַרן עס טראָגט מיט זיך זײַן לערע, וועלכע באַאומרואיקט אײַך אַזוי, הגמון.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן דעם רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג פון אײַערע געלערנטע און סופרים, כהן גדול.

— אָ, דאָס, זעט איר, הגמון, איז אַן אינערלעכע יידישע אַנגעלעגנהייט פון אונדזער אמונה, און איר ווייסט דאָך, הגמון, ווי אייפערזיכטיק אונדזער פאָלק איז איבער ענינים, וואָס זײַנען זײַן נוגע אמונה.

— זעט זיך אויס, אַז דער נביא פון נצרת מוז עפּעס זייער וויכטיקס פאַרברייטן קעגן רוים, ווען אַפילו איר, כהן גדול, וועלכן מיר האַלטן פאַר אַ פרײַנד פון רוים, געפינט אויך פאַר נייטיק צו פאַרהוילן עס פון אונדז.

— אָ, הגמון, גלויבט מיר, אַז דער גאַנצער ענין מיט דעם נביא פון נצרת לוינט זיך נישט, אַז איר זאָלט אײַער געזונט דעריבער פטרן. ווען מיר וואָלטן ערנסט גענומען די אַלע נביאים און משיחים, לערער און בעלי־חלומות, וואָס שטייען אויף בײַ אונדז יעדע ווײַלע, וואָלטן מיר גאָרנישט עפּעס אַנדערש באַ־דאַרפט טון, נאָר אַרומשלאָגן זיך מיט שאַטנס. דער בעסטער מיטל אויף „משיחים" און „נביאים" איז — מען לאָזט זיי זיך אויסשרײַען, אויסראַנגלען מיט זיך אַליין דעם משוגעת, ביז זיי ווערן מיד אָדער מען ווערט מיד פון זיי. קוים הייבט איר אָן אַזאַ איינעם צו פאַרפאָלגן, מאַכט איר אויס אים אַ מאַרטירער, און ער ווערט אין דעם פאָלקס אויגן פאַרוואַנדלט אין אַ הייליקן. פאַרלאָזט זיך אויף אונדז, הגמון, מיר האָבן שוין גענוג דערפאַרונגען אין די ענינים, ארץ־ישראל איז אַ לאַנד פון נביאים און משיחים, און דאָס בעסטע מיטל איז פאַר זיי — מען לאָזט זיי לויפן. וואָס אָנבאַטרעפט דעם נביא פון גליל, פאַר וועלכן איר שרעקט זיך אַזוי, זאָג איך אײַך נאָך אַמאָל צו, אַז איך וועל איבעררעדן די זאַך מיט אַ פאָר פאָרשטייער פון דער אָפּאָזיציע, איך מיין פון די פרושים, און מיר וועלן שיקן אַ פאָר געלערנטע קיין גליל אויסצופאָרשן דעם גאַנצן ענין, און קוים וועלן מיר אויסגעפינען, אַז זײַן לערע טאָר זײַנע טאַטן זײַנען געפערלעך פאַר דער מלוכה אָדער פאַר דער אמונה, וועלן מיר זיך שוין מיט אים די ריכטיקע עצה געבן, און אײַך אין דער זעלבער צײַט לאָזן וויסן וועגן דעם. איר ווייסט דאָך וואויל, אַז עפּעס ערנסטעס אונטערצונעמען דאָ אין לאַנד קאָגען מיר נישט אַליין אָן אײַך און מיר דאַרפן אָנקומען צו אײַער באַשטעטיקונג. דערווײַל לאָזט דעם ענין שלאָפן און באַרואיקט אײַך, וואָרעם מיט די זאַכן — וואָס מער מען אינטערעסירט זיך מיט זיי, מאַכט מען זיי וויכטיקער און דערפאַר געפערלעכער...

איך האָב זיך באַרואיקט, ווען אַפילו איך האָב געוואוסט, אַז וואָס נוגע זייערע רעליגיעזע ענינים קאָן מען זיך אויף קיינעם פון די יידן נישט פאַרלאָזן, און ווען אַפילו איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז דער כיטרער חנן באַהאַלט עפּעס פון מיר

און פֿאַררעדט מיר די ציין מיט זײַנע קלוגע רייד. איך האָב באַשטימט צו נעמען די זאַך אין מײַנע הענט און צו וואַכן איבער איר.

*

דאָ האָט פאַן וויאַדאָמסקי אָפּגעהאַקט פֿאַרצוזעצן זײַנע פּאַסירונגען אַלס כיליאַרך איבער דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ אין ירושלים אין דער צײַט פֿון פּאָנטיוס פּילאַטוס, וואָס ער האָט מיר פֿאַרציילט פֿון זײַן זכרון און אויך פֿון נאָטיצן, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר זיך. איך האָב אויפֿגענומען דאָס פֿאַרציילטע און געבראַכט אויפֿן פּאַפּיר אין ווינטער פֿון נײַנצנהונדערט... די אונטערברעכונג פֿון אונדזערע צוזאַמענקונפֿטן איז פֿאַרגעקומען איבער אַ סיבה וואָס איז נישט געווען אָפּהענגיק פֿון מיר.

---

# צוויי טע ר טייל

# 1

## דער מאַנוסקריפּט

עס האָבן זיך בײַ אונדז ווידער פֿאַרערגערט די באַציאונגען, פֿאָן וויאַדאַמסקי איז מיר אומטרײַ געוואָרן. ווען עס האָט ווער בײַ טאָג באַזוכט אים, וואָס דאָס איז איצט אָפֿט פֿאַרגעקומען, האָט ער נישט געוואוסט וואו מיך אַהינצוטון, כאָטש נעמען און פֿאַרשטעקן מיך אונטערן בעט. איך בין אים זייער אומבאַקוועם געוואָרן, ער האָט מיך אַפֿילו עטלעכע מאָל נישט עמפּפֿאַנגען. אַנומלט האָט ער מיר נישט אָפּגעענטפֿערט אויף אַ באַגריסונג אין דער גאַס, וואו ער איז געגאַנגען מיט איינעם פֿון זײַנע תּלמידים. ער האָט געמאַכט אַ דערשטוינטע און עמפּפֿערטע מינע, ווי ער וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן פֿון מײַן חוצפּה. איך האָב שוין טאָקע אויסגעמיטן אָן אַנדערש מאָל אים צו באַגריסן אין גאַס.

די רעאַקציע אין לאַנד האָט זיך געשטאַרקט און צוזאַמען מיט איר אויך די שנאה צו ייִדן. פֿאָן וויאַדאַמסקי איז אַרײַן אין דער מאָדע, אַ פּאָר אַנטיסעמיטישע צײַטשריפֿטן האָבן זיך דערמאָנט אין דעם לגמרי פֿאַרגעסענעם געלערנטן און זיי האָבן אים אײַנגעלאַדן צו שרײַבן פֿאַר זיי טעאָרעטישע אַרטיקלען. פֿאָן וויאַדאַמסקיס שטערן האָט אָנגעהויבן צוריק צו לײַכטן אויף די שפּאַלטן פֿון די צײַטונגען, אַפֿילו זײַן מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך דורך דעם פֿאַרבעסערט און צוזאַמען דערמיט אויך זײַן געזונט און — וואָס וויכטיקער — זײַן געמיט־צושטאַנד. ער איז פֿעסטער געוואָרן בײַ זיך, און ער האָט צוריקגעוואונען זײַן האָפֿערדיקייט, זײַן גאַווהדיקע גרויסקייט, ער האָט זיך אַפֿילו אויך אויסערלעך געענדערט. ער איז קרעפֿטיקער געוואָרן, עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז זינט ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט אָנצוזעטיקן זיך מיטן ברויט פֿון שׂינאה דורך די צײַטונגען, איז ער אויך פֿיזיש שטאַרקער געוואָרן, ער האָט באַקומען דעם אָנבליק פֿון אַ גוט דערנערטן, מען קאָן זאָגן — ער האָט אויף זײַן קערפּער פֿלייש אָנגענומען פֿון דער גוטער שפּײַז...

איך האָב שוין געמיינט, אַלץ איז אויס צווישן אונדז. אָבער פֿאָן וויאַדאַמסקי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו זײַן אָן אָפֿטער גאַסט בײַ מיר אין בוידעם־שטיבל. פֿאַרשטייט זיך, אַז שטרענג געהיים. ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט:

— אַזעלכע צײַטן... איר פֿאַרשטייט דאָך... און דאָס האָט גאָר נישט צו טון מיט אונדזער היסטאָרישער אַרבעט, מיט אונדזער „מיסיע"... אין נאָמען פֿון יענע גרויסע געשעענישן מוזן מיר ווידער אָנהאַלטן די באַציאונגען און צוריק אויפֿנעמען די אַרבעט...

ביי טאָג האָט ער מיך נישט געקענט, האָבן מיר זיך אויסגעמיטן. אַז איך האָב אים צופעליק געטראָפן אויף דער גאַס, בין איך אַריבערגעלאָפן אויף דער צווייטער זייט, כּדי איך זאָל אים נישט אַרייַנברענגען אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער ביי נאַכט? ביי נאַכט האָבן מיר אָנגעהאַלטן אונדזערע געהיימע צוזאַמענקונפטן, וואָס זיינען איצט, אַלס פאַרבאַטענע פרוכט, געוואָרן נאָך זיסער...

אָבער עס איז נישט געווען מיט אים מער אויסצוהאַלטן. זיין שינאה צו ייִדן האָט זיך געשטייגערט ביז צו אַ מאַניע, ביז צו משוגעת, קאָן מען זאָגן. שוין אַפּגערעדט דערפון, וואָס אין זיינע אַרטיקלען האָט ער געשאָטן פעך און שוועבל נישט נאָר אויף ייִדן, נאָר אויך אויף אַלץ, וואָס איז פּראָגרעסיוו און וואָס ער האָט געשטעמפּלט, לויט דעם אַלטן אָנגענומענעם כּלל, פאַר ייִדיש. ער איז אויך פּערזענלעך געוואָרן אומדערטרעגלעך. עס האָט געבלאָזן פון אים אַ געפערלעכע איבערנעמערישקייט. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דעם, אַז ענדלעך, ענדלעך איז געקומען די צייט, ווען זיין זוימען — פאַרזייט מיט אַזויפיל טרערן — הייבט אָן אויפצוגיין אין פאָלק. ערשט איצט וועט ער אויסשפּרייטן זיינע פליגלען און ערשט איצט וועט ער געבן אַ פלי אין דער הויך, און די וועלט וועט זען — ווער ער איז... דערמיט האָט ער געמיינט, אַז ער וועט פאַרעפנטלעכן זיינע ווערק, וואָס האָבן ביז איצט נישט געקאָנט זען די ליכטיקע שיין.

פאַרשטייט זיך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז אוממעגלעך געווען מיט אים אומצוגיין. וויפיל איך האָב ביי זיך נישט אָפּגעמאַכט נישט צו רעאַגירן אויף קיין באַליידיקונג און אַלץ צו דולדן, אַבי בכּוח צו זיין ווייטער אָנצוגיין מיט אונדזער אַרבעט, האָט עס זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט אויספירבאַר. די גאווה האָט געבלאָזן פון אים, ער איז געוואָרן ווי אַ קאַפּריזנע, נערוועזע דאַמע — נישט אָנצורירן. איך האָב שוין טאַקע בדעה געהאַט אים צו פאַרלאָזן. אָבער מיט אַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן מיט מיר וועגן יענער טעמע, וואָס ער האָט לעצטנס אויסגעמיטן, און דאָס ווידער מיט יענער אָפנהאַרציקייט און זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, ווי צווישן אונדז וואָלט קיין היינטיק לעבן און היינטיקע געשעענישן נישט אין וועג געשטאַנען. אָבער גערעדט האָט ער שוין נישט מער אין אַ היפּנאָטישן צושטאַנד, נאָר גאַנץ נאָרמאַל. ער האָט זיך שוין נישט באַהאַלטן פאַר מיר אונטער דעם מאַנטל פון אַ סוד. יענץ לעבן איז ווידער אויפגעשטאַנען צו תּחית־המתים. פאַרפאַלן! איך האָב אים געמוזט נעמען אַזוי ווי ער איז געווען.

און דערביי איז עס טאַקע געבליבן.

עס איז געווען אין אַ שטילער נאַכט, ווען ער האָט מיך אַרייַנגענומען אין דעם גרויסן סוד, וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיך, ער האָט מיר פאַרטרויט זיין געהיימען אוצר...

„...אַ שטיק צייט איז מיר דעם מאַנס טעטיקייט אין גליל געווען אומבאַקאַנט — הויבט אָן פאַן וויאַדאָמסקי ווייטער צו ציִען דעם איבערגעריסענעם פאָדעם פון זיין דערציילונג — און אויך היינט איז מיר נאָך נישט אַלץ אויפגעקלערט. וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט אויסצוגעפינען אינפאָרמאַציעס ביי דעם עלטסטן פון די כּהנים, איז עס מיר נישט געלונגען. ווי פאַרשיידן זייערע מיינונגען זיינען נישט

געוועז בנוגע זייערע רעליגיעזע מנהגים, האָבן זיך די ייִדן אָבער אויסגעהיטן צו דיסקוטירן וועגן זיי מיט איינעם וואָס באַלאַנגט נישט אין זייערע רייען.

וועגן דעם רבינס ווײַטערדיקער טעטיקייט אין גליל ביז צו זײַן אָנקומען קיין ירושלים, וואו עס איז מיר אויסגעקומען אַ געוויסע ראָל צו שפּילן אין זײַן משפּט, בין איך ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן. אייגנטלעך נאָך נישט אין גאַנצן; איך האָב נאָר אַן אויבערפלעכלעכע ידיעה וועגן דעם, וואָס האָט דערגרייכט צו מײַנע אויערן דאָ און דאָרט, וואָס מענטשן, וועלכע זײַנען געוועזן דערבײַ, האָבן דער־ציילט וועגן איינצלנע עפּיזאָדן. וועגן דעם גאַנצן גאַנג פון זײַן טעטיקייט דערוואָרט איך ערשט געוואָר צו ווערן דורך דיר".

— דורך מיר? — פרעג איך דערשטוינט.

— יאָ, דורך דיר, דורך דײַן הילף, יאָזעפוס! דאָס איז די סיבה, וואָס איך האָב זיך פאַרבונדן מיט אַ מיטגליד פון דײַן ראַסע און אמונה.

— איך דאַנק אײַך פאַר אײַער קאָמפּלימענט, פאַן קאָרנעליוס!

— וואָס איז דאָס? אַזוי טיטולירסטו דײַן הגמון?!

אַ פאָר שפּיזן־שטעכיקע וואָנסעס, ווי גרוי זיי זײַנען נישט געוועזן, האָבן גע־צילט אין מײַן פּנים.

— זײַט מוחל, הגמון קאָרנעליוס!

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז צווישן אונדז איז דאָס הײַנטיקע לעבן טויט.

— דײַן ווילן געשעט! אָבער דו מאָכסט דורשטיק מײַן נײַגעריקייט, הגמון!

— דאָס איז דאָך די סיבה, וואָס איך האָב דיך אַזוי לאַנג געזוכט, יאָזעפוס, ביז איך האָב דיך געפונען. אָבער צוליב דער ערנסטקייט און דער דיסקרעציע, וואָס דער ענין פאַרלאַנגט, וועל איך פאָדערן פון דיר אַ ספּעציעלע פאַרזיכערונג, אַז דער גאַנצער ענין זאָל בלײַבן צווישן אונדז קאָנספּיראַטיוו אויף לעבן און טויט, און אויף דערויף מוזסטו מיר שווערן בײַ שוואַרצע ליכט און בײַ אַ ספר תורה, ווי עס איז בײַ אײַך ייִדן דער מנהג.

— הגמון, האָב איך דיר דען שוין נישט געשוואוירן בײַ די הייליקע קליידער פון כהן גדול, אַז איך פאַרבינד זיך מיט דיר בנוגע דעם דאָזיקן ענין אויף טויט און אויף לעבן און איך וועל דינען דער זאַך פון דער וויסנשאַפט לויט דעם בעסטן וויסן פון מײַן אײַנזען?! וואָס פאַר אַ שבועה פאַרלאַנגסטו דאָס פון מיר בײַ שוואַר־צע ליכט און אונטער דער קללה פון חרם? דאָס טוען דאָך נאָר הײַנטיקע ייִדן; מיר, פון די דעמאָלסדיקע צײַטן, שווערן בײַ די קליידער פון כהן גדול...

— יאָ, יוחנן. איצט וועל איך דיר פאַרטרויען עפּעס אַזעלכעס, וואָס קיין מענטש פון הײַנט און אויך נישט פון דענסטמאָל האָט עס נאָך נישט געזען.

פאַן וויאַדאָמסקי האָט זיך אויפגעשטעלט און איבערגעבויגן זיך איבער איי־נער פון די פיל געהיימע שופלאָדן פון זײַן אומהיימלעכן גרויסן טיש, און פון דער טיפעניש פון שופלאָד אַרויסגענומען אַ פּעקל, וואָס איז געווען אײַנגעוויקלט אין אַ הײַנטיקן צײַטונגס־פּאַפּיר פון זײַן אַנטיסעמיטישן בלאַט. אויפגעוויקלט דאָס פּאַפּיר, האָט זיך באַוויזן אַ געהיימניספולע אינדישע ברוין־רויטלעכע מיט פליטערלעך באַנייטע פאַטשיילע. פון דאָרט האָט ער אַרויסגענומען עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט מיט פאַרלעגענע פּאַפּירן פון פּאַפּירוס־קאָליר,

פון וועלכע עס האָט זיך געשפּירט אַ פּײַכטער און טוכלער גערוך. דאָס האָט זיך געטראָגן פון דער האַלב פאַרפוילטער מומיע־לײַוונט, מיט וועלכער עס זײַנען געווען אײַנגעהילט די שריפטן, געשריבן אין אַלט־העברעיִשן כּתבֿ, וואָס מיר רופן שומרוניש. די שריפטן זײַנען נישט געווען צונויפגעוויקלט אין מגילות ווי בײַ אונדז, נאָר צוזאַמענגעלייגט, ווי די שומרונים האַלטן זייערע כּתבֿים.

מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט אין מיר און איך האָב אײַנגעעקבערט מײַן בליק אין פאַן וויאַדאַמסקיס אויסטערליש בלייכן פּנים, וואָס האָט פּונקט ווי זײַנע הענט, וועלכע האָבן געהאַלטן דעם מאַנוסקריפּט, געציטערט און באַוואויגן זיך. ער האָט מיר אויך אָפּגעענטפערט מיט אַ טיפן שטעכעדיקן בליק פון זײַנע גערייצטע אויגן און געזאָגט צו מיר:

— פרעג מיך נישט, יוחנן, דו וועסט קיין מאָל נישט דערגיין אויף וואָס פאַר אַן אופן די שריפטן זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין מײַנע הענט. דאָס איז אַ סוד, וואָס וועט מיטגיין מיט מיר אין קבֿר; דאָס זײַנען די אויטענטישע כּתבֿים, וואָס יהודה איש קריות האָט איבערגעלאָזט אין אַ הייל באַגראָבן הינטער דער שטאָט צפורן.

ער האָט מיר צוגערוקט דעם מאַנוסקריפּט פאַר מײַנע אויגן, ווי ער וואָלט נישט געטרויט מיר איבערצוגעבן דעם טײַערן אוצר אין דער האַנט אַרײַן. איך האָב צום ערשט געזען געקינצלטע, געדרייטע גריכישע בוכשטאַבן, אייניקע גריכישע זאַצן, — זעט זיך אויס, עס האָט ווער געפּרוּווט די שריפט איבערצוזעצן אויף גריכיש. איך האָב באַמערקט אַזעלכע זאַצן: „דאָס עוואַנגעליום לויט יהודה איש קריות", און נאָך אַזעלכע ענלעכע אויפשריפטן. ערשט אויף דער צווייטער זײַט פון פאַרמעט האָט זיך אָנגעהויבן דער ריכטיקער טעקסט פון דער שריפט, וואָס איז געווען געשריבן דײַטלעך מיט קאַליגראַפישע ציקלען.

— קאָנסטו לעזן די דאָזיקע שריפט?

— יאָ, איך קען די שריפט. דאָס איז די אַלטע ייִדישע שריפט, וועלכע מיר רופן הײַנט — די שומרונישע, און וועלכע מיר געפינען אויף די ייִדישע מטבעות פון דער צײַט פון צווייטן בית־מקדש און אויך אין די אַלטע דאָקומענטן פון יענער צײַט. איך קען דעם א"ב פון דער שריפט; עס וועט בײַ מיר נעמען אַ שטיקל צײַט, ביז איך וועל זיך אײַנחזרן דעם דאָזיקן א"ב, כּדי געניט צו זײַן צו לעזן אים פליסיק.

— גוט, איצט קומסטו צו מיר אַרײַן יעדן אָוונט, און דו וועסט מיר די שריפט פאַרטײַטשן געטרײַ אין גײַסט און אין בוכשטאַב וואָרט בײַ וואָרט, ווי דו האָסט עס מיר צוגעשוואוירן.

— דײַן ווילן זאָל געשען, הגמון! נאָר איידער איך גיי, דערלויב מיר אײן פראַגע: צי האָסטו אַליין, הגמון, די כּתבֿים פון יהודה איש קריות אַנטדעקט אין דער הייל, וואו זיי זײַנען געווען באַגראָבן?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט: פרעג מיך נישט, מײַן צײַט איז נאָך נישט געקומען.

מיר האָבן אָפּגעהאַקט דאָס געשפּרעך.

ערשט שפּעטער, ווען איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט דעם מאַנוסקריפּט צו שטודירן, האָב איך אײַנגעזען, אַז עס איז נאָר אַ פראַגמענט. דאָס ערשטע זײַטל אָדער די פּאָר ערשטע זײַטלעך זײַנען געווען אַזוי פאַרווישט און פאַרשריבן מיט

גריכישע בוכשטאַבן, אַז עס איז אוממעגלעך געווען זיי צו אַנטציפערן. זיי האָבן געטראָגן שפורן פון פאַרשיידענע שריפטן, געשריבן אין פאַרשיידענע פעריאָדן. עס האָבן זיך אויך געפונען גריכישע זאַצן, וואָס עס איז שווער געווען צו דער־קענען, צי זיי זיינען געשריבן אויף דעם העברעישן כתב, צי דאָס העברעישע כתב אויף זיי. אויך האָט געמוזט פעלן אַ גרויסער טייל פון דער ענדע. דער כתב־יד האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי עס וואָלטן זיך געווען געריסן און געשלאָגן איבער אים צוויי צדדים, זיי האָבן עס צעטיילט אויף צוויי און איינגעטיילט צווישן זיך.

אונדזערע געשיכטלעכע קוועלן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער ביבל־פאַרשונג, זיינען לחלוטין נישט אויסגעשעפט; פאַרקערט — דווקא אין אונדזערע טעג זיינען נייע וויכטיקע אַנטדעקונגען געמאַכט געוואָרן דורך אויסגראָבונגען פון גניזות ביי אַלטע שולן. דאָס זיינען קוועלן פון אומדערהערטער וויכטיקייט, וואָס האָבן באַרעכטיקט געוויסע השערות, וואָס מיר האָבן געמיינט ביז איצט, אַז זיי שטיצן זיך אויף שפעקולאַטיווע יסודות. ביים אַנאַליזירן עגיפטישע מומיעס זיינען אויך צווישן איין וויקל־ליינוונט און דעם אַנדערן געפונען געוואָרן פאַפּירוסן, מיט וועלכע די חרטומי מצרים האָבן געוויקלט די הייליקע קראָקאָדילן. נאָך גענויע אונטערזוכונגען האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די פאַפּירוסן אַנטהאַלטן ברוכטיילן אָדער גאַנצן אָפּשניטן פון אַנטיקע ביבלישע שריפטן, וועלכע דער טרוקענער באָדן פון עגיפּטן האָט אויפבאַוואָרט. מיר קענען אויס איבערזעצונגען אין סירישע אָדער עטיאָפּישע שפּראַכן אויך אַזעלכע שריפטן, וואָס זיינען ביז איצט אומבאַ־קאַנט געווען. דער באָדן פון מצרים ברענגט אונדז פון צייט צו צייט אַרויס דאָ־קומענטן, וואָס די פאַרצייטיקע דורות האָבן אַנפאַרטרויט די טויטע; זיי האָבן זיי באַגראָבן אין היילן, אויפבאַוואָרט אין גניזות פון שולן און בתי־הכנסת, און זיי אַנטדעקן פאַר אונדז סודות און חידות און קלערן אויף ספקות, וואָס מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן זיי קיין מאָל נישט דערגיין.

פון דעם זעלבן מין איז געווען וויאַדאָמסקיס כתב־יד:

אויף די פיל פּראָצעסן, וואָס עס זיינען פאַרפירט געוואָרן קעגן דעם פאַן וויאַ־דאָמסקיס פאַלסיפיקאַטן, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער געלערנטער פאַן האָט זיך יאָרן־לאַנג אַרומגעטריבן אין עגיפּטן אין דער באַגלייטונג פון אַ באַ־רימטן פּראָפעסאָר. ווי עס האָט זיך שפעטער אַרויסגעוויזן, האָט דער פּראָפעסאָר צוזאַמען מיט דעם פאַן וויאַדאָמסקי (מיט וועלכן ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן אין אַ קלויסטער אויפן באַרג סיני), געמאַכט גניבהשע אויסגראָבונגען אין עגיפּטן, ווי אויך אין פּאַלעסטינע, אָן דעם וויסן פון דער מאַכט — פאַר אַן אונטערנעמונג פון לעוואַנטינישע אַנטיקן־הענדלער. איבער די צייטונגען איז דענסטמאָל אַדורכ־געגאַנגען אַ ידיעה, אַז דער פּראָפעסאָר האָט אין אַ קברים־הייל אין צפון אין גליל אַנטדעקט אַן אַלטן כתב־יד פון גרויסער געשיכטלעכער באַדייטונג. שפעטער איז ווידער געקומען אַ ידיעה, אַז דער כתב־יד שטאַמט פון איינעם פון די אַפּאָס־טאָלן פון ישוע הנוצרי; עס איז, אַזוי צו זאָגן, דער ערשטער געשיכטלעכער דאָ־קומענט אויס יענער צייט, וואָס ברענגט אונדז דירעקטע ידיעות וועגן דעם לעבן פון ישוע. די פאַרשער־וועלט האָט געוואַרט אויף דעם דערשיינען פון דעם כתב־יד. נאָר מיט אַמאָל איז מען געוואָר געוואָרן, אַז דער באַרימטער פּראָפעסאָר איז געפונען געוואָרן טויט אין אַ קליינעם האָטעל אין דמשק. דעם סולטאַנס פּאָליציי

האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם באַגלייטער, מיט וועלכן דער פּראָפעסאָר האָט צוזאַמען די אויסגראַבונגען געמאַכט, אָבער יענער איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן באַלד נאָכן פּראָפעסאָרס טויט, און צוזאַמען מיט אים — אויך דער באַרימטער כּתבֿ־יד, אויף וועלכן די געבילדעטע וועלט האָט אַזוי אומגעדולדיק געוואַרט. די לעוואַנ־טינישע סוחרים אָבער, וועלכע האָבן פֿינאַנסירט דעם פּראָפעסאָרס גניבֿהשע עקס־פּעדיציע, האָבן מורא געהאַט צו געבן דער זאַך אַ גרויסן פּירסום, כּדי די מאַכט זאָל נישט קומען אויף די שפּורן פֿון זייער געהיימען שמוגל־האַנדל פֿון אַנטיקן, פֿאַר וועלכן מען קען שטרענג באַשטראָפֿט ווערן. זיי האָבן דעם גאַנצן ענין פֿון פֿאַרשוואונדענעם באַגלייטער דערשטיקט אין געהיים, און עס האָט געהייסן, אַז דער פּראָפעסאָר איז געשטאָרבן פֿון כּישוף, מיט וואָס די אַלטע עגיפּטישע חרטו־מים האָבן, אויס נקמה דעריבער וואָס ער האָט אַנטדעקט זייערע סודות, אים אָנ־געשטעקט. וואָס מיט דעם כּתבֿ־יד איז געוואָרן, ווייסט מען נישט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האַלט זיך צוריק פֿון צו מאַכן יעדע השערה און צוצו־שרײַבן דעם געלערנטן פֿאַן וויאַדאַמסקי וועלכע ס'איז שײַכות מיט יענער גרוי־זאַמער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם קליינעם פֿאַרוואָרפֿענעם כאַן פֿון דמשק. כאָטש נישט נאָר אַזאַ אַמאָטאָר ווי דער פֿאַן וויאַדאַמסקי, נאָר אויך יעדער געלערנטער וואָלט פֿעיִק געווען אויף אַזאַ טאַט, ווען עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט פֿאַר דער זאַך פֿון דער וויסנשאַפֿט. צוליב דער וויכטיקייט אָבער פֿון דעם ענין מוז דער מחבר מודה זײַן, אַז יעדעס מאָל, ווען ער האָט די פֿאַר־טונקלטע סודותפֿולע פּאַרמעט־בלעטער גענומען אין זײַנע הענט אַרײַן, כּדי זיי צו אַנטציפֿערן, איז אים אַ ציטער אַדורכגעגאַנגען דורך אַלע זײַנע גלידער. אַן אינערלעך קול האָט אים געזאָגט: „דו האַלטסט אין דײַנע הענט אַ טייל פֿון כּתבֿ־יד, וואָס יהודה איש קריות האָט באַהאַלטן אין דער קבֿרים־הייל פֿון צפּורן״, און איך האָב זיך באַצויגן מיט דעם דאָזיקן געפֿיל דערצו...

ווי אַזוי איז דער מאַנוסקריפּט אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿאַן וויאַדאַמסקיס הענט און וואָס איז געוואָרן מיטן אַנדערן טייל דערפֿון? — דאָס בלײַבט אַ סוד, וועלכן פֿאַן וויאַדאַמסקי וועט מיטנעמען מיט זיך אין קבֿר אַרײַן און וועט באַדאַרפֿן אָפּגעבן דין וחשבון פֿאַרן העכסטן ריכטער. צו אונדזער ענין האָט עס קיין שײַכות נישט און מיר וועלן זאָגן מיט דעם קלוגסטן פֿון אַלע מענטשן: „דאָס וואָס איז פֿאַרהוילן פֿון דיר, פֿאָרש נישט נאָך״...

עס איז אָבער צײַט צו לאָזן רעדן דעם כּתבֿ־יד אַליין.

# 2

## די רייד פֿון יהודה איש קריות

### I

עס שטייט געשריבן: „און דו זאָלסט פֿאָרשן, אויסשפּירן און נאָכפֿאָרשן גוט...״ — איז געדרונגען, אַז אויך בײַם אמתן נבֿיא מוז מען פֿאָרשן, אויסשפּירן און נאָכפֿרעגן גוט. און דאָס טו איך, אײַער חבֿר און מאַן פֿון איין מחשבֿה, יהודה איש קריות... איך גיי נאָך מײַן רבינס טריט און איך זיץ צו זײַנע פֿיס און וועג און מעסט יעדעס וואָרט זײַנס און שפּיר נאָך יעדע טוּאונג זײַנע, און איך האָב נישט געפֿונען קיין שלעכטס אין זײַנע הענט, נאָר זײַן האַרץ איז אין פֿרידן מיט זײַן גאָט, און אַלע זײַנע טראַכטונגען און טוּאונגען זײַנען פֿאַר גאָטס וועגן. ווי עס שטייט געשריבן: „נאָך גאָט, אײַער גאָט זאָלט איר נאָכגיין, פֿאַר אים זאָלט איר מורא האָבן, זײַנע מצוות זאָלט איר אָפּהיטן, זײַן קול זאָלט איר הערן, אים זאָלט איר דינען און אין אים זאָלט איר זיך באַהעפֿטן...״

און אַזוי ווי איך האָב אײַך שוין מיטגעטיילט, האָט אונדזער רבי צונויפֿגערופֿן פֿיל פֿאָלק אויף אַ באַרג הינטער דער שטאָט און האָט פֿאַר זיי דערקלערט די מצוות און מעשׂים טובֿים, וואָס זיי האָבן צו טון, כּדי זיי זאָלן ווערן אָנגערופֿן „קינדער פֿון גאָט״, און זיי זאָלן האָבן אַ חלק אין דעם קעניגרײַך פֿון הימל. זייער פֿיל געלערנטע און שריפֿט־אויסטײַטשער און געזעץ־שרײַבער זײַנען אויך געקומען הערן מײַן רבינס רייד. זיי זײַנען געקומען פֿון מגדל און פֿון דער גרויסער שטאָט צפּורן און אַפֿילו פֿון דער שטאָט נעים, וואָס איז באַקאַנט מיט אירע חכמים, מיט שמעון דעם פּרוש און נאָך זייער פֿיל פּרושים פֿון דאָרטן און חנניה דער טעפּער און חנן דער גאַרבער און ר׳ יונה דער געצעלטן־וועבער פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן, וועלכן מען רופֿט „המטביל״, מיט אַלע געלערנטע און שריפֿט־אויסטײַטשער פֿון כּפֿר־נחום — און זייער פֿיל פֿאָלק איז געווען פֿאַרזאַמלט צופֿוסנס פֿון באַרג. און מײַן רבי ר׳ ישוע בן יוסף פֿון דער שטאָט נצרת האָט פֿאַר זיי אויסגעלייגט די שריפֿט און האָט נעענטער געבראַכט אונדזערע הערצער צו אונדזער פֿאָטער אין הימל. די רבנים און געלערנטע האָבן נהנה געווען פֿון זײַנע רייד; עס איז געוואָרן אָפּגעטון יעדער חשד פֿון זייער האַרץ, וואָס זיי האָבן געהאַט חלילה אויף מײַן רבין. זיי האָבן געזען, אַז ער גייט אין גאָטס וועג, און אַלץ וואָס ער לערנט און טוט, איז פֿון גאָטס וועגן.

און איר זאָלט וויסן זײַן, אַז אין פֿיל זאַכן גייט מײַן רבי נאָך דעם הויז שמאי; ער איז אַ גרויסער מחמיר און לייגט, לויט דעם דרך פֿון די רבנים, איין סיג (צוים) אויף דעם אַנדערן איבער דעם גאָרטן פֿון גאָט. אַזוי, למשל, איז ער אין אַלע זאַכן וואָס זײַנען נוגע צווישן מאַן און ווײַב, אַ גרויסער מחמיר. ער גייט אַזוי ווײַט, אַז ער איז אַפֿילו מבֿטל דעם גט־כּריתות צווישן מאַן און ווײַב, וואָס משה רבינו האָט אונדז געגעבן, און ער זאָגט, אַז צוליב דער פֿאַרשטאָפּונג פֿון אונדזער האַרץ האָט

דאָס משה רבינו געטון, — פֿאַר וועלכן די רבנים און געזעץ־אויסטײַטשער זײַנען מחולק מיט אים אין דער דאָזיקער זאַך. אָבער זיי האָבן עס אויסגעטײַטשט, אַז דאָס איז אַ מנהג בײַ די חסידים, צווישן וועלכע מײַן רבי האָט זיך לאַנג אויפֿגעהאַלטן און האָט דאָרט געלערנט תּורה פֿון ר׳ יוחנן המטביל. זיי זײַנען, ווי באַקאַנט, זייער אָפּגעהיטן אין הלכות טהרה; פֿיל פֿון זיי גייען אַזוי ווײַט, אַז זיי צעשטערן די מצווה פֿון פּריה ורבֿיה און האָבן גאָרנישט חתונה — וואָס די חכמים רופֿן זיי צוליב דעם אָן „חסידים שוטים״. די „טינא״, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער האַרץ אויף מײַן רבין צוליב דעם דאָזיקן ענין, איז באַלד אויסגעלאָשן געוואָרן דורך זײַן גרויסער צדקות און תּמימות און איבער דעם גרויסן בטחון, וואָס ער האָט צום פֿאָטער אין הימל. זײַן בטחון אין רבונו של עולם איז גאָר אין לשער, — אַזוי ווי דוד המלך עליו השלום האָט געזאָגט: „גאָט איז מײַן פֿעלדז...״, „און אַפֿילו ווען איך וועל גיין אין שאָטן פֿון טויט, האָב איך נישט קיין מורא פֿאַר שלעכטס, ווײַל דו ביסט מיט מיר״. און ווי משה רבינו האָט אונדז באַפֿוילן, הייסט ער אונדז אויך זײַן: „קינדער צו אונדזער פֿאָטער אין הימל״, און „מיר זאָלן זיך באַהעפֿטן אין זײַנע מעשׂים און אַזוי ווי ער איז דערבאַרעמדיק און נאָכגעביק און לאָזט שײַנען זײַן זון אויף די שלעכטע און גוטע און לאָזט רעגענען איבער די גערעכטע און אומגערעכטע, אַזוי זאָלן מיר ליבן אונדזערע פֿײַנד, בענטשן די, וואָס שעלטן אונדז, גוטס טון די, וואָס האָסן אונדז, און בעטן פֿאַר די, וואָס באַליידיקן אונדז און רודפֿן אונדז״. — ווער האָט עס געהערט אַזאַ צדקות? ווי די מלאָכים אין הימל הייסט ער אונדז זײַן און ווי די קינדער אויף דער ערד, — ווי אין פּסוק שטייט: „מפּי עוללים ויונקים יסדת עוז״. און ווען אַפֿילו ער האָט אָנגערירט אין זײַנע רייד דעם כּבֿוד פֿון די פּרושים און געזאָגט: „אויב אײַער צדקות וועט נישט בעסער זײַן ווי די צדקות פֿון די סופֿרים און פּרושים, אַזוי וועט איר געוויס נישט אַרײַנקומען אין דעם מלכות שמים״, — האָבן זיי עס אַלע אים מוחל געווען, ווײַל ער האָט נאָר געמיינט די פֿאַלשע פּרושים, וואָס טוען די מעשׂים פֿון זמרי און פֿאַרלאַנגען שׂכר ווי פּנחס און וועלכע פֿאַרשיטן דעם מענטשנס אויגן מיט זייער פֿרומקייט. אַליין שטייט ער אויך, ווי די פּרושים, אויפֿן יסוד פֿון דער תּורה, ווי ער האָט עס שוין פֿיל מאָל איבערגעחזרט: „ביז דער הימל און די ערד וועלן נישט פֿאַרגיין, וועט קיין איין „יוד״ אָדער אַ קלײנער פּונקט פֿון דער תּורה נישט פֿאַרגיין״. אין פֿיל זאַכן איז ער אַ מקיל, אין אַנדערע איז ער אַ מחמיר, נאָר דער עיקר איז בײַ אים דאָס גוטע האַרץ. אָבער די גאַנצע תּורה, לערנט ער ווי הלל הזקן, איז נאָר בין אָדם לחבֿרו — „דאָס וואָס איר ווילט נישט, אַז די מענטשן זאָלן אײַך טון, טוט אויך נישט דאָס זעלבע צו זיי״. וואָרעם דאָס איז דער עיקר. וואָס שייך בין אָדם למקום, מוז עס זײַן אין גרויס צניעות, אין באַהאַלטנקייט, אַז קיינער זאָל נישט וויסן דערפֿון. „ווען דו טוסט פֿאַסטן, אַזוי זאָלב דײַן קאָפּ און וואַש דײַן פּנים, כּדי מענטשן זאָלן נישט אָנזען אַז דו פֿאַסט, נײַערט דײַן פֿאָטער אין הימל, וואָס זעט אין פֿאַרבאָרגעניש, וועט דיר באַצאָלן עפֿנטלעך״.

וואויל צו דעם מויל, וואָס האָט גערעדט די דאָזיקע רייד, און וואויל איז צו די אויערן, וואָס האָבן זיי געהערט. וואויל איז צו ישׂראל, וואָס אַ לערער און אַ נבֿיא איז אויפֿגעשטאַנען צווישן אים אין אונדזערע טעג, כּדי אים צוריקצוברענגען צו זײַן פֿאָטער אין הימל.

איך וועל לאַנג נישט מאַריך זײַן מיט זײַן לערע. איך האָב זײַנע רייד געלאָזט אָפּשרײַבן פֿון זײַן מויל אַרויס דורך דעם שרײַבער חנינה דעם קריצער, און איר וועט פֿון דעם זען, ווי שלום עס איז דאָס האַרץ פֿון מײַן רבין מיט זײַן גאָט. איך וויל אײַך נאָר צו וויסן געבן, אַז נאָך אין מיטן פֿון רבינס רייד זײַנען געקומען צו אים אַלע חכמים, געלערנטע און שרײַבערס, וועלכע זײַנען געווען דאָרט פֿאַרזאַמלט און האָבן מײַן רבין גרויס כּבֿוד אָפּגעגעבן, אַזוי ווי דער דין איז זיך צו באַגיין מיט אַ גרויסן תּלמיד חכם און אַ לערער, און האָבן געפֿאַרשט נאָך זײַן שלום. און אויך מיר, זײַנע תּלמידים, וואָס מיר זיצן צו זײַנע פֿיס און טרינקען די ווערטער, וואָס גייען אַרויס פֿון זײַן מויל, זײַנען מיר דורך דער גדולה פֿון אונדזער רבין זייער דערהויבן געוואָרן אין די אויגן פֿון אַלע חכמים און געלערנטע, און זײַן כּבֿוד איז אויך געפֿאַלן אויף אונדז. און ר׳ שמעון דער פּרוש און אַלע חכמים און סופֿרים פֿון נעים, וועלכע זײַנען געווען מיט אים, האָבן אונדזער רבין געבעטן, אַז ער זאָל קומען אין דער שטאָט נעים, כּדי ער זאָל זיצן מיט זיי צוזאַמען אין דעם געצעלט פֿון תּורה און ער זאָל פֿאַרשפּרייטן זײַן קוואַל פֿון וויסן און ער זאָל קומען אונטער זייער באַלקן און ברעכן מיט זיי דאָס ברויט, — וואָס אונדזער רבי האָט עס אויך זיי צוגעזאָגט. און זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט פֿון אונדזער רבין מיט גרויס ליבע און האַרציקייט, דערפֿאַר ווײַל זיי זײַנען אין איין גײַסט מיט אים, און ר׳ שמעון דער פּרוש און די געלערנטע, וואָס זײַנען געווען מיט אים, זײַנען צוריק־געגאַנגען אין שטאָט אַרײַן.

און עס איז געווען, ווען אונדזער רבי האָט פֿאַרלאָזט דעם באַרג, וואו ער האָט דאָס וואָרט פֿון גאָט געפּרעדיקט, און געוואָלט צוריקגיין אין שטאָט אַרײַן, אַזוי האָט אים פֿיל פֿאָלק אַרומגערינגלט און מיט אים מיטגעגאַנגען אין הויז פֿון שמעון דעם פֿישער, וואו אונדזער רבי וואוינט. און עס זײַנען אויך געווען צווישן פֿאָלק פֿיל קראַנקע, פֿיל אַזעלכע וואָס זײַנען געווען באַזעסן פֿון שלעכטע גײַסטער. פֿאַר דעם הויז פֿון שמעון האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט קראַנקע לײַט און מענטשן מיט צעבראָכענע געמיטער, וואָס האָבן געהערט פֿון זײַנע וואונדער, און זיי האָבן אין גרויס אַנגסט אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און גערופֿן צו אים: „הושענה, העלף אונדז!״. און די קראַנקע מיט די באַזעסענע האָבן זיך געמערט וואָס אַמאָל מער, אַזוי אַז אונדזער רבי האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין איין טריט, וואָרעם די יסורים האָבן אים אַרומגערינגלט ווי אַ שטורעמדיקער ים, וואָס האָט געשוימט צו זײַנע פֿיס. וואָרעם עס איז געווען זייער פֿיל פֿאָלק און זייער פֿיל געשלאָ־גענע מיט יסורים, וואָס זײַנען געקומען קיין כּפֿר־נחום, הערנדיק די וואונדער וואָס ער טוט. און אַ גרויס רחמנות האָט אַרומגענומען זײַן האַרץ צוליב די פּײַן פֿון די מענטשן, וואָס זיי זײַנען אַזוי פֿיל, און פֿיל פֿון זיי האָט ער געהיילט, טייל פֿון זיי האָט ער געטרייסט, ביז ער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פֿון די רייד וואָס ער האָט גערעדט און ער האָט נישט געקאָנט צוליב דעם געדראַנג פֿון פֿאָלק זיך אָוועק־זעצן און רוען אַ ווײַל אָדער תּפֿילה טון אין דער שטיל, אָדער אַפֿילו עסן זײַן ברויט במנוחה, וואָרעם דאָס פֿאָלק האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון אים. אַזוי האָט שמעון דער פֿישער אים אָוועקגענומען פֿון פֿאָלק און געבראַכט אים צום ברעג פֿון ים גנוסר, וואו ער האָט געהאַט זײַן פֿישער־שיף.

מיר, זײַנע תּלמידים, זײַנען געווען מיט אים, און דאָרט אויף דער שיף האָט ער זײַן אָוונט־תּפילה אָפּגעריכט און געגעסן מיט אונדז זײַן אָוונט־ברויט. און שמעון האָט אים אָוועקגעלייגט אויף דעם באָרטן פֿון דער שיף און צוגעדעקט אים מיט דעם קלייד פֿאַר דער קעלט פֿון דער נאַכט. און אונדזער רבי האָט גערוט די נאַכט ווי אַ טאָג־לוינער נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, און מיר, די תּלמידים, זײַנען געזעסן אַרום אים און מיר האָבן געהיטן דעם אָטעם פֿון זײַן ברוסט אין דער טיפֿעניש פֿון דער נאַכט.

און עס איז געווען, ווען דער מאָרגנשטערן האָט אָנגעהויבן צו גרויען, האָט זיך אונדזער רבי געפֿעדערט פֿון שלאָף און שמעון האָט אונדז צוגעפֿירט צו אַ ברעג, וואו עס איז געווען אַ פֿעלד פֿון איילבירטן־ביימער, וואָס מען האָט גערופֿן „דער אַקער פֿון קעניג״, ווײַל עס האָט געהערט צו מלכות. דאָרטן זײַנען מיר אַרויסגע־גאַנגען אויפֿן ברעג און מיר האָבן אונדזער מאָרגן־טבֿילה גענומען אין ים גנוסר און מיר האָבן געזאָגט קריאַת־שמע. און די תּלמידים האָבן אַרויסגענומען דאָס ברויט, וואָס איז געווען אין בינטל, מיר האָבן געזאָגט אונדזער געבעט און גע־געסן אונדזער מאָרגן־ברויט.

און דאָס פּירעכץ פֿון אונדזער רבי איז אַזוי: ער איז נישט ווי די אַנדערע געלערנטע, וועלכע לעבן נאָר אין די פֿיר איילן פֿון דער הלכה און פֿאַרשפּרייטן זייער תּורה אין די בתּי־מדרשים צווישן זייערע תּלמידים, וואָס זיצן צו זייערע פֿיס, נאָר מײַן רבי איז ווי אַ שלאָגנדיקער קוואַל, וואָס איז אַרויסגעשטעלט אויף די וועגן, און יעדער איינער, וואָס גייט אַדורך, קאָן צוקומען צו אים און שעפּן פֿון זײַנע לעבעדיקע וואַסערן. מײַן רבי גייט אַרום צווישן פּראָסטן פֿאָלק און איז זיי מדריך אויפֿן גוטן וועג. אין די וואָכנטעג גייט ער אַרויס צום פּאָרט, וואו עס ברענגען אַרײַן די פֿישערס די נעצן מיט די געפֿאַנגענע פֿיש און עס לאָדן אָן די טרעגער די סחורות אויף די שיפֿן. פֿיל פֿאָלק איז שטענדיק דאָרט פֿאַרזאַמלט, ווײַל דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד קומט זיך דאָרט אַהין צונויף צו פֿאַרקויפֿן די סוחרים די אַרבעט פֿון זייערע הענט. און דאָרט שטייט אונדזער רבי צווישן די לײַט און לערנט זיי פֿון מלכות שמים דורך שיינע משלים, וואָס ער פֿאַרציילט זיי. און ווען ער טרייסט מיט אַ גוט וואָרט און ווען ער היילט פֿון אַ קרענק. שבת קומט ער אין בית־הכּנסת. אַמאָל דרשנט ער אויף אַ פּסוק פֿון דער תּורה און אַמאָל נישט. אָבער נישט בלויז אין דער שטאָט כּפֿר־נחום אַליין פֿאַרשפּרייט דער רבי זײַן תּורה, נאָר ער נעמט אונדז אויך אַרויס און פֿירט אונדז איבער די דערפֿער און שטעטלעך אַרום און באַווײַזט אונדז, ווי עס לעבט דער צניעותדיקער מענטש און הייסט זיך אונדז אַ מוסר אַראָפּנעמען פֿון זיי. אָפֿט מאָל, ווען מיר קומען אין שטאָט אַרײַן, קומט אונדז שוין די נאַכט אַנטקעגן און דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ מיט גרויס בטחון איבער דער ערד, און פֿון די הײַזלעך גייט אויף דער רויך, וואו עס באַקט זיך דאָס פֿאַרדינטע ברויט פֿון אַרבעטס־מאַן. און דער מענטש קומט אַהיים פֿון פֿעלד אָדער פֿון זײַן אַרבעט צו זײַן הויז, און עס וואַרט אים אָפּ דאָס ווײַב מיט דעם לאָמפּ אין דער האַנט אויף דער שוועל פֿון זײַן הויז. און אַז דער רבי קומט אין שטאָט אַרײַן, גייט ער נישט אין בית המדרש צו די געלערנטע לײַט, נײַערט ער גייט צו די לײַט אין די שטובן אַרײַן, ער שטעלט זיך אָוועק ווי אַן אָרעמאַן בײַ

דער טיר, ביז מען בעט אים אין שטוב אַרײַן. און ער ברענגט דעם שלום מיט זיך, ער בענטשט דאָס הויז און זעצט זיך אַוועק מיט די לײַט דאָס ברויט פֿון דעם אָרעמאַן צו עסן, זאָגט דעריבער אַ ברכה און לויבט דאָס ווײַב פֿאַרן מאַן. און נאָכן עסן רופֿט ער די קינדער צונויף צו זיך און פֿרעגט זיי פֿון דעם לערנען, און יעדער קינד זאָגט אים זײַן פּסוק. ער בענטשט די קינדער און ווינטשט זיי: „עס זאָלן זיך מערן אַזעלכע ווי איר אין ישׂראל!". און די מוטערס זיצן אויף דער שוועל פֿון דער טיר, און ווען זיי הערן, ווי דער רבי רימט די פֿרוכט פֿון זייער בויך און מאַכט זיי באַליבט פֿאַר די מענער, אַזוי זאָגט איינע צו דער אַנדערער, אַז נישט אַנדערש, נאָר דאָס איז אַ געטלעכער מאַן; ער ברענגט מיט זיך דעם שלום מיט אין שטוב. און אויך מיט די מענער זיצט ער ביז שפּעט אין דער נאַכט און פֿרעגט זיך אויס אויף זייערע ענינים. ער ווייסט פֿון זייערע זאָרגן און זייער נויט גייט אים זייער אָן, און איינעם היילט ער מיט אַ רפֿואה דעם גוף און אַן אַנדערן מיט אַ גוט וואָרט די נשמה. און ער טרייסט זיי אַלעמען און פֿאַרציילט זיי, אַז די ישועה איז נאָענט, די טויערן פֿון מלכות שמים זײַנען שוין אָפֿן און שטייען גרייט צו עמפֿאַנגען די, וואָס ווילן אין זיי אַרײַנקומען. און ער באַגלויבט זײַנע רייד מיט משלים און שיינע ווערטער. און מיר נעכטיקן מיט די דאָזיקע לײַט אין איין בעט, אויף איין געלעגער, נישט ווי די אַנדערע געלערנטע, וואָס האַלטן דאָס בעט פֿון אַן עם־הארץ פֿאַר אומריין. און צומאָרגנס פֿעדערט זיך מײַן רבי מיט די לײַט אין פֿעלד אַרײַן, און טייל־מאָל העלפֿט ער אין דער אַרבעט מיט און טיילמאָל דאַנקט ער בלויז אָפּ מיט אַ ברכה פֿאַר דעם ברויט און נאַכטלעגער. און עס איז, ווען מיר קומען אַ צווייט מאָל אויף דעם אָרט, אַזוי גייען אונדז שוין די לײַט אַנטקעגן און די ווײַבער שטייען אויף די שוועלן פֿון זייערע טירן און רופֿן צום רבין: „צו אונדז זאָל דער רבי אָפּקערן, אונטער מײַן באַלקן זאָל דער רבי זײַן קאָפּ אַנידערלייגן, כּדי מײַן הויז זאָל געבענטשט ווערן פֿון זײַנעטוועגן". און אויך די קינדער קומען אונדז אַנטקעגנצולויפֿן און רינגלען אַרום אונדזער רבין און כאַפּן זיך אָן בײַ זײַן קלייד און זאָגן אים די פּסוקים, וואָס זיי האָבן געלערנט הײַנט אין בית־מדרש. און עס איז ווען מיר ווילן אויף די קינדער אַנשרײַען און זיי אָפּטרײַבן פֿון אונדזער רבין, לאָזט ער נישט און זאָגט צו אונדז: „לאָזט די קינדער קומען צו מיר, וואָרעם צו זיי געהער דאָס מלכות פֿון גאָט". און אַזוי באַהאַנגען מיט די קינדער פֿון אָרט, קומט ער אין שטאָט אַרײַן, און די מענער קומען אים אַנטקעגן און רופֿן:

— קום, קום, געבענטשטער פֿון גאָט!

אין אָוונט קומען זיך אַלע לײַט פֿון אָרט צונויף בײַ איינעם פֿון זיי אין הויז אָדער אין הויף און ברענגען די לאָמפּן מיט זיך. און דער רבי זעצט זיך מיט זיי און ברעכט ברויט מיט זיי און דערציילט זיי פֿון מלכות שמים, און די לײַט קערן זיך צוריק צו גאָט. און דעם רבינס נאָמען ווערט ווי גוטער בוימל איבערן לאַנד פֿאַרשפּרייט.

## II

אין כּפר נחום, אין דער שטאָט, האָט מײַן רבי באַוויליקט צו זיצן אין שטוב פֿון שמעון בר־יונהס שוויגער אויפֿן דאַך־שטיבל. בײַטאָג גייט ער אַרויס צום

האָפֿן פֿון דער שטאָט, כּדי צו לערנען די רייד, ווי איך האָב אײַך אויפֿ־געשריבן.

בײַם האָפֿן פֿון כּפֿר נחום שטייט אַ בײַדל פֿון אַ מוכס בײַם בריקל, וואָס פֿירט צום ברעג. אין דעם בײַדל זיצט לוי דער מוכס, און יעדער איינער וואָס ברענגט די פּרוכט פֿון זײַן ערד אין דעם האָפֿן אַרײַן אָדער פֿירט אַרויס פֿון האָפֿן די פּרוכטן, מוז דורך דעם בריקל אַדורכגיין. דער מוכס שטעקט אַרויס זײַן קאָפּ און שטעלט אויס די האַנט, און דאָס שילדל פֿון מלכות איז אויף זײַן ברוסט. דאָס דאָזיקע שילדל דערציילט, אַז ער איז אַ נאמן אויף מס. דער בײַטל שטעקט אין זײַן גאַרטל, און יעדער איינער באַצאָלט אים זײַן מס, דאַן עפֿנט ער דאָס טירל צום בריקל און לאָזט דורך דעם מאַן מיט דער סחורה. אויב מען באַצאָלט אים נישט דעם מס, לאָזט ער נישט אַדורכגיין.

און די מוכסים ווערן געהאַלטן פֿאַר זינדיקע מענטשן אין ישראל.

דער מוכס לוי איז אָבער אַנדערש ווי די אַנדערע מוכסים. יעדעס מאָל, ווען אונדזער רבי גייט אַדורך דאָס בריקל, כּדי צוצוקומען צום האָפֿן און צו רעדן צו די לײַט, שטעלט ער זיך אויף פֿון זײַן אָרט און פֿאַרבייגט זיך פֿאַר אים, שעמט זיך דעם רבין אין פּנים אַרײַן צו קוקן. און דער אָנבליק פֿון מוכס האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט חרטה אויף זײַנע מעשים און ער טראַכט מחשבות אין זיין האַרץ אומצוקערן זיך אויפֿן ייִדישן וועג. וואָרעם יעדער מאָל, ווען דער רבי האָט גערעדט צו די לײַט פֿון האָפֿן, איז דער מוכס געזעסן אין זײַן בײַדל, אָנגעלענט מיט זײַן קאָפּ אויף דער האַנט, און מיט דער צווייטער האַנט זיך געצויגן די האָר פֿון זײַן גרויסער באָרד און געטראַכט פֿיל מחשבות. און איינמאָל, ווען דער רבי איז פֿאַרבײַגעגאַנגען זײַן בײַדל, אַזוי האָט ער זיך אויפֿ־געשטעלט און אָנגעקוקט דעם רבין מיט אַ בליק פֿון חרטה און בקשה און ער האָט געזאָגט צו אים:

— איך ווייס, אַז דער גרויסער, פֿורכטבאַרער טאָג, וואָס דו זאָגסט אָן, דער־נענטערט זיך און קומט אָן און איך וועל פֿון דרויסן בלײַבן, ווי אַ שאָף אַרויס־געשטויסן פֿון דער סטאַדע...

האָט דער רבי אַרויפֿגעלייגט אויף אים די האַנט און געזאָגט:

— עס שטייט געשריבן: „גאָט איז נאָענט צו די הכנעהדיקע הערצער", און אין דײַן פּנים דערקען איך, אַז דו האָסט חרטה אויף דײַנע מעשים. הייב דיך אויף און קום מיט מיר!

און דער מוכס האָט פֿאַרלאָזט זײַן בײַדל און אויפֿגעהויבן זיך און איז נאָכ־געגאַנגען אונדזער רבין.

האָט דער רבי געפֿרעגט לוי דעם מוכס:

— זײַנען דאָ פֿיל אַזעלכע ווי דו בײַ ייִדן?

און דער מוכס האָט געזאָגט צום רבין:

— עס זײַנען דאָ פֿיל לײַט אין שטאָט, וועלכע זײַנען אַרויסגעשטויסן פֿון ישראל ווי איך, ווײַל מען האַלט אונדז פֿאַר זינדיקע. איך בעט דיך, קום און איך וועל דיך פֿירן צו זיי, כּדי זיי זאָלן געטרייסט ווערן, ווי איך בין געטרייסט גע־וואָרן פֿון דיר.

האָט דער רבי געזאָגט:

— ברענג מיך צו זיי!

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, האָט לוי דער מוכס פאַר דעם רבין אַ סעודה געמאַכט, און ער האָט איינגעזאַמלט פיל מוכסים און זינדיקע לייט אין זיין שטוב אַריין, אַזעלכע וואָס קומען נישט אין קהל־ישראל. עס זיינען געווען צווישן זיי לייט, וואָס זיינען געווען ספק־יידן און אויך אַזעלכע, וואָס מען איז זיך נישט משדך מיט זיי, ווייל זיי שטייען אין פאַרדאַכט צו זיין ממזרים, און אויך אַנדערע, וואָס זיינען געווען גזלנים אויף די וועגן, טויבן־כאַפּער, וואָס זיינען פּסול לעדות, און אַפילו אַזעלכע, וואָס פאַרמסרן יידן צו מלכות, וועלכע מען דאַרף צערייסן ווי אַ פיש, און פאַרדעכטיקטע פרויען, זונות, וואָס פירן אַראָפּ מענער פון דרך הישר. און דער רבי האָט זיך געזעצט מיט זיי ביי איין טיש און געהייסן אויך אונדז זיך זעצן מיט זיי און זיך מיט זיי חברן. עס איז מיר געווען שווער אויסצופירן די זאַך ווי קריעת ים־סוף, און מיר, די תלמידי־חכמים, האָבן געפילט דערביי, ווי מיר וואָלטן ביים עגל הזהב געווען. אָבער די האַנט פון רבין איז שווער געלעגן אויף אונדז און מיר האָבן אַלע זיינע געבאָטן אויסגעפירט, און מיר האָבן מיט די לייט געבראָכן דאָס ברויט און גע־געסן אומגעוואַשענערהייט, ניי־ערט בלויז וואָס דער רבי האָט געזאָגט זיין געבעט און איבער דעם ברויט אַ ברכה געמאַכט. שמעון בר־יונה איז געשטאַנען און האָט משמש געווען די מוכסים, אַזוי אויך די ברידער זבדי. פאַר זיי איז נישט שווער געווען די זאַך.

און דער רבי האָט גערעדט צו זיי און יעדן איינעם באַזונדערס פון זיי געטרייסט און מחזיר למוטב געווען, געזאָגט זיי וואָס זיי האָבן צו טון, כדי צו געווינען דאָס אייביקע לעבן. און זיי האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און האָבן געזאָגט: „נעשה ונשמע!"

און די לייט האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— ווער האָט נאָך צו אונדז אַזעלכע טרייסט־ווערטער גערעדט? פאַרשטויסן האָבן אונדז געהאַט די געלערנטע פון זיך — און אַרויסגעוואָרפן פון דער מחנה ווי מצורעים פון אַ שטאָט. און זעט, דער דאָ קומט און נעמט אונדז צו זיין בוזעם צו — ווי אַ פאָטער זיין געליבטן זון.

און דער רבי האָט גענומען לוי דעם מוכס און האָט אים געשטעלט צווישן אונדז און האָט סומך געווען אויף אים זיינע הענט, און ער האָט געזאָגט צו אונדז: „פון היינט מאָל אָן זאָל ער זיין אַ ברודער צו אייך און אַ זון צו זיין פאָטער אין הימל!"

און אונדז איז געווען קשה די זאַך: אַ ברודער זאָלן מיר זיין צו אַ מוכס? און מיט זונות זאָלן מיר זיך חברן? וואָרעם ביז איצט איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין ישראל, אַז אַ זינדיקער זאָל אַ תלמיד זיין פון אַ רבין.

ווען דער רבי האָט געזען, ווי מיר וואונדערן זיך אַזוי, האָט ער צו אונדז געזאָגט:

— פאַרוואָס רופט איר מיך „האַר! האַר!" און איר טוט נישט ווי איך הייס אייך? אַ תלמיד באַדאַרף נישט זיין העכער פון זיין רבין און עס איז גענוג פאַר יעדן תלמיד, אַז ער זאָל זיין צופרידן מיט זיין רבי. פאַרוואָס זעסטו דעם שפּאָן אין דיין חברס אויג און נישט דעם באַלקן אין דיין אייגענעם אויג? די מענטשן

זיינען גאָענט צו גאָט. גאָט האָט געזען זייער צעבראָכן האַרץ און ער האָט זיי דערנענטערט צו זיך, און איר זאָלט נישט דערוווּנדערן דאָס, וואָס גאָט האָט דערנענטערט!

און ער האָט אונדז דערויף אָ שיינעם משל פאַרציילט: „צו וואָס איז דאָס מלכות שמים געגליכן? דאָס מלכות שמים איז געגליכן צו אָ מענטש, וואָס פאַרזייט זוימען אין דער ערד!”. און נאָך משלים האָט ער אונדז געזאָגט, ביז ער האָט איינגענומען אונדזערע געמיטער און מיר זיינען אונטערטעניק געוואָרן צו אים. וואָרעם מיר האָבן געזען, אַז גאָט איז מיט אים.

צומאָרגנס אָבער ווען מיר זיינען אין בית הכנסת געקומען מתפלל זײַן, האָבן אונדז אַרומגערינגלט די געלערנטע לײַט, די פרושים און די תלמידים פון יוחנן המטביל, און זיי האָבן געזאָגט צו אונדז:

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ זאַכן, וואָס ווערן פון אײַער רבין פאַרציילט? און וואָס איז דאָס פאַר אַ וועג, וואָס אײַער רבי האָט זיך אויסגעקליבן צו גיין אין אים? איז דען ווייניק דאָ וואָס אין ישׂראל מתקן צו זײַן, אַז ער מוז צו די מוכסים און זינדיקע אָנקומען? ווער האָט דאָס געהערט אַז אַ רבי זאָל מיט מוכסים זיך זעצן בײַ איין טיש און עסן מיט זיי ברויט אומגעוואַשענערהייט? ווער האָט דאָס געהערט, אַז אַ רבי זאָל מיט זונות אומגיין? דער הויך פון זייער מויל איז דאָך מטמא און דער בליק פון זייערע אויגן איז פול מיט זינד! און דאָס קול פון אַן אישה איז ערווה און די באַרירונג פון איר האַנט איז זנות. דאָס ברויט פון אַן עם הארץ איז טרפה, ווײַל ער נעמט קיין חלה נישט דערפון און גיט קיין תרומות ומעשרות נישט אָפּ, און זײַן בעט איז אומרייך, וואָס אַ חבר טאָר זיך נישט לייגן אין דערין, ווײַל זיי וויסן נישט ווי מיט ריינקייט זיך אומצוגיין. און זײַן טיש איז אומווירדיק, אָנגעשטעלט מיט טעף, און דאָס עסן מיט אים איז ווי דאָס עסן בײַ אַ מאַלצײַט פון מתים. און מוכסים זיינען פסול לעדות און זיי קומען נישט אין קהל פון ישׂראל, — און מיט אַזעלכע לײַט גייט אײַער רבי אַרום און עסט מיט זיי און זויפט מיט זיי? האָט נישט די פידל פון ישׂראל געזונגען: „וואויל איז צו דעם מענטש, וואָס גייט נישט אין דער עצה פון די רשעים, אויף דעם וועג פון די זינדיקע לאָזט ער זיך נישט און זיצן מיט לצים זיצט ער נישט”? און אײַער רבי טוט פונקט קאַפּויער!

מיר האָבן געבראַכט די רייד פון די לײַט צו אונדזער רבין און מיר האָבן צו אים געזאָגט:

— די חכמים מורמלען אויף אונדז, וואָס מיר זיצן מיט די מוכסים בײַ איין טיש, און מיר האָבן זיי נישט וואָס צו ענטפערן.

האָט אונדז דער רבי אײַנגעזאַמלט אין אָוונט צו זיך אויפן בוידעם־שטיבל און אונדז צונויפגעדרענגט אַרום זיך בײַם ליכט פון לאָמפּ און האָט אונדז דער־קלערט די זאַך און געזאָגט אַזוי:

— וועלכער מענטש פון אײַך, וואָס פאַרמאָגט הונדערט שאָף און ער פאַר־לירט איינס פון זיי, לאָזט נישט איבער די נײַן און נײַנציק אין דער וויסטעניש און גייט נישט נאָך דעם פאַרלוירענעם, ביז ער געפינט עס? און ווען ער האָט עס געפונען, אַזוי נעמט ער עס אויף זײַנע אַקסל און פרייט זיך דערמיט, און ווען ער קומט אַהיים, רופט ער צונויף זיינע פרײַנד און שכנים און זאָגט צו זיי:

„פרייט אײַך מיט מיר, ווארעם איך האָב געפונען מײַן שאָף, וואָס איך האָב געהאַט פאַרלוירן״. איך זאָג אײַך: אַזוי וועט אויך זײַן אײַער שמחה איבער איין זינדיקן, וואָס טוט תשובה, מער ווי איבער נײַן און נײַנציק צדיקים, וואָס באַדאַרפן נישט קיין תשובה.

און ער האָט אונדז דערבײַ דערציילט אַ שיינעם משל פון אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט צוויי זין. ... און עס איז געווען, ווי ער האָט דעם משל פאַרציילט, אַזוי איז שמעון, דער זון פון יונה, געשטאַנען דערבײַ, און זײַן פּנים האָט געלויכטן פון פרייד, נאָר פון זײַנע פולע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן און זײַנען געריגען איבער זײַנע לויכטנדיקע באַקן אין זײַן געדיכטער באָרד אַרײַן. און ער האָט געזאָגט: „אַלץ וואָס ער וועט מיך הייסן טון — וועל איך טון, אַפילו מוכסים משמש צו זײַן. ווארעם אַלדינג וואָס ער טוט איז פאַרן הימלס וועגן״. אַזוי האָבן אויך די אַנדערע תּלמידים געזאָגט.

און די ווײַבער, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ דער טיר און צוגעהערט זיך צו די רייד פון רבין, האָבן זיך געקנאַקט אין די פינגער, אַנגעבלאָזן די באַקן און געשלאָגן אין זיי ווי אין אַ פּויק און אַרויסגעגעבן פון זיך יאָכצן פון פריידאון יובל־רופן איבער דער שמחה, וואָס האָט אַנגעפילט זייערע ברוסטן, ווי דער ווײַן אַ רייפע טרויב. און מיר האָבן גאָט געדאַנקט און געלויבט פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטון מיט אונדז — צו ברענגען אונדז אין דער נאָענטקייט פון געטלעכן מאַן.

און דער שעת הכושר איז דענסטמאָל געווען מיטן רבין און דער גײַסט פון גאָט איז געקומען איבער אים און ער האָט אונדז דענסטמאָל געלערנט, ווי אַזוי דעם פאָטער אין הימל צו דינען און ווי מיר זאָלן זיך אויפפירן, כּדי מיר זאָלן ראוי זײַן אין דעם מלכות שמים צו קומען. און פיל משלים האָט ער אונדז פאַרציילט דעם אָוונט, וואָס קיין שום אויער האָט נאָך אַזעלכעס נישט געהערט זינט די וועלט שטייט. און וועלכע האָבן אונדזערע הערצער דערנענטערט צום פאָטער אין הימל. און די תּלמידים האָבן זיי אַלע פאַרשריבן, כּדי די שפּעטערדיקע דורות זאָלן וויסן פון זיי. נײַערט קיין קראַנקע האָט ער נישט געהיילט און קיין וואונדער האָט ער נישט באַוויזן. ווארעם עס איז געקומען אויף אונדז אַ געבאָט פון רבין זייער שטאַרק, קיינעם נישט צוצולאָזן צו זיך, ער האָט געוואָלט זײַן מיט אונדז, זײַנע אויסדערוויילטע אַליין.

און זייער גרויס איז דענסטמאָל די שמחה געווען. מיר האָבן זיך געפרייט מיט אונדזער רבי, און ער מיט אונדז — אין דעם זעלבן אָוונט.

און עס איז געווען אויפן צווייטן טאָג, אַזוי האָב איך געאײַלט אין בית הכּנסת, און איך האָב דאָרט אַנגעטראָפן צדוק דעם טעפּער זיצן מיט די סגנים פון שול ווארעם זיי האָבן געלערנט מיט די תּנוקות של בית־רבן אין בית הכּנסת צו לייענען און צו געדענקען די הייליקע שריפט. און איך האָב געזאָגט צו זיי:

— זײַט נישט חושד קיין ריינע, אַ זינד זענט איר באַגאַנגען, וואָס איר האָט געמורמלט אויף מײַן רבין. זײַט וויסן, אַז אַלץ וואָס ער טוט, איז עס פאַרן הימלס וועגן! — און איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם רבינס רייד, וואָס ער האָט גערעדט צו אונדז וועגן דער גרויסקייט פון דער מצווה — זינדיקע אויפן ריכטיקן וועג צוריקצוברענגען.

און צדוק דער טעפער האָט מיר געענטפערט און געזאָגט:

— עס איז אַלץ זייער גוט און פֿײַן און אויך אונדזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז אויף דער מדרגה וואו אַ בעל־תשובה שטייט, קאָנען קיין ריכטיקע צדיקים נישט שטיין. און נאָך האָבן זיי געזאָגט: „ווער עס שטעלט אויף איין נשמה בײַ ידן, איז ווי ער וואָלט די גאַנצע וועלט אויפֿגעריכט". אָבער מוחל זײַן די זינד האָט ער קיין רעכט נישט. וואָרעם מיר ווייסן נישט און מיר האָבן נישט געהערט דערפֿון, אַז איין בשר ודם קאָן מוחל זײַן די זינד, וואָס אַ צווייטער באַגייט — נישט בין אדם לחברו, נאָר בין אדם למקום, — נאָר גאָט ברוך הוא אַליין קאָן דאָס, ווי ער האָט אונדז אין די דינים וחוקים דורך משה רבינו געגעבן, וואָס אַ זינדיקער מענטש האָט צו טון, כּדי מיט זײַן גאָט זיך איבערצובעטן.

און אויך די אַנדערע חכמים זיינען איינשטימיק געווען מיט אים, נאָר זיי האָבן פֿאַרשוויגן די זאַך מחמת דעם, וואָס מײַן רבי האָט עס פֿאַרן הימלס וועגן געטון, און עס זיינען דאָ פֿיל וועגן דעם רבונו־של־עולם צו דינען.

און מיר זיינען שוין דענסטמאָל געווען צוועלף תּלמידים, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט זייער הויזגעזינד, ווײַב און קינד, הויז און פֿעלד, און אַלץ געוואָרפֿן הינטער זיך, און מיר זײַנען אים נאָכגעגאַנגען. מיר זײַנען אָנגעשטעקט געוואָרן מיט זײַן גײַסט. ער האָט אונדז איבערגערעדט און מיר האָבן זיך צו אים צוגעהאָרכט, און איצט זײַנען מיר געוואָרן זײַן אייגנטום — די נפֿשות, וואָס ער האָט געמאַכט. און מיר זײַנען געווען אין זײַן האַנט, ווי דאָס ליים אין דער האַנט פֿון טעפּער, און ער האָט געקאָנט טון מיט אונדז, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָרעם מיר האָבן געגלייבט אין זײַנע רייד.

און איין מאָל אַ טאָג זײַנען מיר מיט אונדזער רבין אויפֿן וועג געגאַנגען און די נאַכט איז אָנגעפֿאַלן אויף אונדז, און מיר האָבן דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף אַ גאַסטהויז, און מיר זײַנען דאָרט אַהין אַרײַנגעגאַנגען. אין דעם גאַסטהויז זײַנען געזעסן אַ חברה לצים מיט איינעם אַ זקן ממרא בראש, און זיי האָבן געטרונקען ביר געמישט מיט האָניק און האָבן געלאַכט און געשפּאָט און גערעדט לצנות פֿיל. און איבער זיי איז געשטאַנען דער קנעכט און האָט זיי משמש געווען, און דער קנעכט איז געווען אַ תּלמיד־חכם, וואָס איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר אַ חוב אין דער קנעכטשאַפֿט. און עס איז געווען, ווען די חברה לצים זיינען לוסטיק געוואָרן, אַזוי האָבן זיי געגאָסן די רעשט געטראַנק אין דעם פּנים פֿון זייער משמש, און אַנדערע האָבן צעבראָכן זייערע כּלים אין זײַן קאָפּ, און דער דינער איז געשטאַנען און האָט סובל געווען אויף זיך די חרפּות און בושות, וואָס זיי האָבן אים אָנגעטון און ער האָט זיי גאָרנישט געענטפֿערט. און דער זקן ממרא האָט זייער הויך געלאַכט, און זײַנע באַקן זײַנען אַזש רויט געוואָרן און זײַנע ווײַסע טראָלדן אויף זײַן קאָפּ האָבן זיך געשאָקלט, און ער האָט געזאָגט:

— זאָג מיר דײַן פּסוק, דו בן חמור!

און דער תּלמיד חכם, דער דינער, האָט אים דערויף געענטפֿערט: „אנוש כחציר ימיו, כציץ השדה כן יציץ". און עס איז געווען, ווען דער זקן ממרא

האָט געהערט דעם פּסוק, אַזוי האָט ער דעם קנעכט געשלאָגן מיט דער פויסט און ער האָט צו אים געזאָגט:

— איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט מײַנע פרײַנד פרייד צו האָבן, קומסטו און צעשטערסט מיר די פרייד, אַ שלעכטער דינער ביסטו!

און ווי מיר האָבן געזען די זאַך, אַזוי האָט זיך אָנגערופן יוחנן פון די ברידער זבדי:

— רבי, פאַרוואָס לאָזסטו אים געוועלטיקן? זאָל איך אים שטיל מאַכן?

האָט דער רבי געזאָגט:

— איך בין נישט געקומען צו פאַרטיליקן אַ נפש, נאָר אויפצובויען!

און ער איז צוגעגאַנגען צו דעם זקן ממרא און האָט אים געזאָגט:

— איך וועל דיר געבן אַ שמחה, וואָס קיינער קאָן דיר נישט שטערן און קיינער קאָן זי דיר נישט צונעמען.

אַזוי האָט דער זקן ממרא געזאָגט:

— דאָס איז אַוודאי דערוויַל דער ווײַן, וואָרעם עס שטייט געשריבן: „יין ישמח לבב אנוש”...

האָט דער רבי אים געענטפערט:

— אַ שמחה, וואָס די ענדע אירע איז טרויער, איז קיין שמחה נישט. קום און איך וועל דיר געבן אַ שמחה, וואָס איז ווי אַ קוואַל, וואָס שטאַרקט זיך כּסדר און ענדיקט זיך קיין מאָל נישט.

האָט דער אַלטער געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שמחה, וואָס ענדיקט זיך קיין מאָל נישט?

האָט דער רבי אים אָפּגעענטפערט:

— דאָס איז די פרייד, וואָס דער מענטש האָט אין זײַן פאָטער, דעם באַשעפער פון דער וועלט, די דאָזיקע פרייד האָט קיין ענדע נישט, און די פרייד פון מלכות שמים קאָן דיר קיינער נישט צונעמען, וואָרעם זי איז נישט אויסער דיר, נאָר אין דיר.

האָט זיך דער אַלטער אָנגערופן:

— די פרייד איז פאַר מיר פאַרבאָרגן, וואָרעם דער וועג צום פאָטער אין הימל איז פאַרשטעלט פאַר מיר דורך די פיל זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען אין מײַן לעבן.

האָט אים דער רבי געזאָגט:

— דײַן קליין מאַכן זיך מאַכט דיך גרויס. די טויערן שטייען שטענדיק אָפן פאַר די וואָס ווילן צוריקקומען.

האָט דער זקן געפרעגט:

— איז נאָך דאָ פאַר מיר אַ האָפענונג? און איך האָב עס גאָרנישט געוואוסט.

און ער איז צוגעגאַנגען צום דינער און איז געפאַלן צו זײַנע פיס און האָט אים געבעטן מחילה. און דער רבי האָט זיך אָנגערופן צו אונדז:

— קומט און זעט: מיט איין וואָרט קאָנסטו דײַן חבר אַרײַנשלײַדערן אין כּף הקלע און מיט איין וואָרט קאָנסטו אים אַרונטערברענגען אונטער די פליגל פון דער שכינה. דעריבער לאָזט אײַך נישט פאַרפירן פון דעם, וואָס אײַערע אויגן זעען, נאָר פרואווט צו זען אין דעם מענטשנס האַרץ. — און צום דינער האָט ער

געזאָגט: ווען דײַן ברודער זינדיקט צו דיר, שטראָף אים, און ווען ער וועט חרטה האָבן, אַזוי פֿאַרגיב אים!

און ער האָט שלום געמאַכט צווישן זיי.

און צום אַלטן האָט ער געזאָגט:

— שטיי אויף, ביסט געטרייסט!

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיי און האָט געטרונקען מיט זיי ווײַן, און ער האָט דאָס זיצן מיט די לצים פֿאַרוואַנדלט אין אַ זיצן פֿון ברידער. ווי עס שטייט געשריבן: „ברידער זיצן צוזאַמען"...

און דער רבי איז אַרײַנגעקומען אומעטום וואו מענטשן געפֿינען זיך, אין הויז צי אויף דער גאַס, אין פֿעלד אָדער אין שטאָט, אין די גאַסטהײַזער אויפֿן וועג, און ער איז געזעסן מיט אַלע לײַט, מיט גערעכטע און זינדיקע, און ער איז אויך אַרײַנגעקומען אין ערטער, וואו תּלמידי חכמים גייען נישט, און איז זיך צונויפֿגעקומען מיט לײַט, וואָס תּלמידי חכמים מײַדן אויס, און ער האָט געגעסן מיט זיי און געטרונקען מיט זיי ווײַן און גערעדט מיט זיי און זיי מחזיר למוטב געווען.

און יוחנן המטביל האָט געהאַט אַ תּלמיד אין שטאָט, וואָס האָט געפּײַניקט זײַן לײַב מיט סיגופֿים און תּעניתים, אָפּגעהאַלטן זיך פֿון עסן פֿלייש און נישט געטרונקען קיין ווײַן, ווי דער שטייגער פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן. און ער איז געווען זייער פֿרום און איז געווען פֿון די ערשטע, וואָס האָבן זיך געפֿעדערט אין בית הכנסת און פֿון די לעצטע, וואָס האָבן דעם בית הכנסת פֿאַרלאָזט. און עס איז געווען, ווען ער האָט געפֿאַסט, האָט ער אַש געשיט אויף זײַן קאָפּ און געטראָגן אַ קלייד פֿון אַ זאַק און איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען צו די לײַט און זיי דערמאָנט, אַז דאָס מלכות השמים קומט אָן און זיי זאָלן תּשובֿה טון. ער איז אַרומגעגאַנגען אין דער שטאָט און געהאַלטן די לײַט אין איין מוסר זאָגן און רופֿן צו תּשובֿה. און ער האָט געזען, ווי אונדזער רבי זיצט מיט די מוכסים און עסט מיט זיי פֿלייש און טרינקט מיט זיי ווײַן, פֿלעגט ער אָפּט צו אונדזער רבין קומען און אים דערמאָנען: „יוחנן האָט זיך אַזוי נישט אויפֿגעפֿירט, יוחנן האָט נישט געגעסן קיין פֿלייש און נישט געטרונקען קיין ווײַן, נײַערט געפּײַניקט זײַן לײַב, און דו פֿרעסט פֿלייש מיט די מוכסים און דו זויפֿסט מיט זיי ווײַן".

האָט דער רבי אויף אים אָנגעשריגן און געזאָגט: „איך בין נישט געקומען לייגן קיין נײַע לאַטעס אויף אַן אַלטן מלבוש און איך האָב מיר מײַן אייגענעם וועג. גאָט האָט געזאָגט: חסד וויל איך פֿון אײַך און נישט קיין שעכטונג! איך בין נישט געקומען רופֿן די צדיקים צו תּשובֿה, נאָר די זינדיקע, און נישט נאָר דורך פּײַניקן און פֿאַסטן קאָן מען דינען גאָט. איך זאָג אײַך, אַז דערנענטערן קאָן מען זיך צו אים נאָר דורך פֿרייד, וואָרעם דער גוטער מענטש, ווי דער גוטער בוים, גיט אַרויס פֿון זיך גוטס און נישט קיין שלעכטס. און האָט מען דען אייך נישט אָנגעזאָגט: ושמרתם את נפֿשותיכם?! איך זאָג אײַך, אַז אויך דאָס לײַב איז נישט אַנײַערס, נאָר עס געהערט צו גאָט".

און צו אונדז האָט ער זיך געווענדעט און געזאָגט: — „היט אײַך פֿון די צו פֿיל גערעכטע, זיי וואָס פֿאַסטן צו פֿיל, זײַנען פֿיל קראַנקער ווי די קראַנקע, וואָרעם דער קראַנקער ווייסט, אַז ער באַדאַרף דעם רופֿא. עס זײַנען פֿאַראַן

אַזעלכע, וואָס זאַמלען אײַן געלט־אוצרות, און אויך אַזעלכע, וואָס זאַמלען אײַן מצוות־אוצרות, אָבער זייערע אוצרות וועלן אויפגעפרעסן ווערן פון מילבן און שטויב, ווארעם נישט פארן פאָטער אין הימל, נאָר פאַר זיך זאַמלען זיי אײַן די אוצרות. דורך דעם היט אײַך צו טון אייערע מעשים־טובים, כּדי מענטשן צו באַווײַזן, ווארעם איר האָט נישט צו דערוואַרטן קיין שכר פון פאָטער אין הימל. אַז איר טוט צדקה, זאָלט איר עס נישט אויסבלאָזן מיט קיין שופרות, ווי עס טוען די בעלי־חונפים אין די שולן און אין די גאַסן, כּדי מענטשן זאָלן דאָס זען און זיי דערפאַר רימען. איך זאָג אײַך, אַז זיי נעמען שוין דערמיט אָפּ זייער שכר. נאָר ווען איר טוט צדקה, זאָל די לינקע האַנט נישט וויסן וואָס די רעכטע טוט, כּדי אײַער צדקה זאָל זײַן בסתר, און דער פאָטער, וואָס זעט עס אין דער באַהעלטעניש, ער וועט אײַך פאַרגיטיקן אין דער עפנטלעכקייט. און אַז איר וועט בעטן, זאָלט איר נישט זײַן ווי די חונפים, וועלכע האָבן ליב צו בעטן אין די שולן און אויף די ווינקלען פון די גאַסן און זיי שרײַען און פלאַפּלען ווי די גויים, כּדי מענטשן זאָלן זיי זען און רימען. אַז איר פאַסט, זאָלט איר נישט זײַן ווי די פאַלשע חונפים, וואָס פאַרענדערן זייערע פּנימער, כּדי אַלע מענטשן זאָלן זען, אַז זיי פאַסטן; אַז איר ווילט פאַסטן, קעמט אויס אײַערע האָר און וואַשט אײַערע פּנימער און באַווײַזט נישט פאַר מענטשן, אַז איר פאַסט, נאָר צו דײַן פאָטער בסתר זאָלסטו פאַסטן, און דער פאָטער, וואָס זעט אין די פאַרבאָרגענישן, וועט עס פאַרגיטיקן אין דער עפנטלעכקייט".

און עס איז געווען, ווען איך האָב דערנאָך איבערגעגעבן די רייד פון מײַן רבין פאַר די חכמים אין בית הכנסת, האָבן זיי געזאָגט אויף אים: „עס איז אַ מויל, וואָס שיט פּערל, וואויל איז צו די אויערן, וואָס הערן זיי! אויך אנטיגנוס איש סוכו, וואָס האָט מקבל געווען פון שמעון הצדיק האָט געזאָגט: איר זאָלט נישט זײַן ווי קנעכט, וואָס דינען דעם האַר, כּדי צו באַקומען לוין, נאָר איר זאָלט זײַן ווי קנעכט, וואָס דינען דעם האַר אָן לוין. און צדקה בסתר איז אַ גרויסע מידה, ווי אונדזערע חכמים האָבן געלערנט; און אַוודאי ווערט אַ תּפילה, וואָס מען איז מתפּלל פאַר דײַן חבר, פריער אָנגענומען, ווי אַ תּפילה פאַר זיך; און אַוודאי איז דאָס דינען צו גאָט מתוך שׂמחה, אַ גרויסע מידה, ווארעם שׂמחה איז אַהבה, און די שכינה רוט נאָר מתוך שׂמחה. דאָס זײַנען געטלעכע ווערטער, וואָס דײַן רבי לערנט. אָבער יראת שמים איז די ערשטע חכמה, ווי עס שטייט געשריבן: די ערשטע חכמה איז דאָס מורא האָבן פאַר גאָט. דורך דעם איז אַלע ווערטער, וואָס ווערן געזאָגט, און אַלע זאַכן, וואָס ווערן געטאָן מיט מורא פאַר גאָט, האָבן אַ קיום. אָן דער מורא פאַר גאָט זײַנען נישטאָ קיין שיינע ווערטער און קיין גוטע מעשים, זיי זײַנען ווי פּוסטע קלאַנגען!" — און מיט די לעצטע ווערטער האָבן זיי אונדזער רבין געמיינט, ווארעם עס זײַנען שוין דענטסמאָל אַרומגעגאַנגען שלעכטע רייד וועגן דעם טועכץ פון אונדזער רבי.

אין יענער צײַט האָט אונדז דער רבי געפירט איבער די פעלדער אַרום און האָט אונדז געוויזן די וואונדער פון גאָט און געהייסן אונדז אַ מוסר אַראָפּלערנען פון זײַן באַשאַף. און ער האָט אונדז געלערנט די וועגן און די מצוות, וואָס מיר האָבן צו טון בין אדם לחברו. און ער האָט געזאָגט: „איר זאָלט נישט משפטן, כּדי איר זאָלט נישט געמשפּט זײַן, ווארעם מיט דעם משפּט, וואָס איר טוט

משפטן, וועט איר געמשפט ווערן. און מיט דער מאָס, וואָס איר מעסט, וועט מען אײַך מעסטן". — און נאָך האָט ער געזאָגט: "ווען דײַן ברודער האָט קעגן דיר געזינדיקט, גיי און שטראָף אים צווישן אים און דיר אַליין. וועט ער זיך צוהערן צו דיר, אַזוי האָסטו אַ ברודער געפֿונען. און אויב ער וועט זיך נישט צוהערן, נעם דיר מיט איינעם אָדער צוויי, וואָרעם דורך צוויי אָדער דרײַ עדות זאָל יעדע זאַך ווערן באַשטימט. און ווען ער וועט דאָך נישט צוהערן, זאָג עס דער קהלה. און ווען ער וועט זיך צו דער קהלה אויך נישט צוהערן, אַזוי זאָל ער בײַ דיר זײַן ווי אַ גוי אָדער אַ מוכס. אָבער לאָזט נישט איבערנעכטיקן אין אײַער האַרץ קיין עוולה, פֿאַריאָגט זי פֿון דאָרטן, זײַט קינדער צו אײַער פֿאָטער אין הימל, און ווי ער איז אונדז מוחל די זינד, אַזוי זאָלט איר מוחל זײַן".

און שמעון האָט אים געפֿרעגט:

— וויפֿל מאָל זאָל איך מײַן ברודער מוחל זײַן, זיבן מאָל?

און דער רבי האָט צו אים געזאָגט:

— נישט זיבן מאָל, נאָר זיבן און זיבעציק מאָל. וואָרעם אַזוי ווי איר וועט האַנדלען אויף דער ערד איינער קעגן אַנדערן, אַזוי וועט דער פֿאָטער אין הימל האַנדלען קעגן אײַך.

און ער האָט אַ שיינעם משל פֿאַרציילט. וואָרעם ער האָט באַגלייט זײַנע רייד מיט משלים, און אָן משלים האָט ער נישט גערעדט. און עס איז געווען, ווען איך בין אָנגעקומען אין בית הכנסת אַרײַן און דאָרט זײַנען געזעסן די חכמים אויף זייערע שטולן, און די תּלמידים ווי אַ קראַנץ פֿון איילבירטן זײַנען געזעסן צו זייערע פֿיס, האָב איך זיי נאָכפֿאַרציילט די רייד פֿון מײַן רבין, און די חכמים האָבן מיט דורשט געטרונקען זײַן חכמה און זיי האָבן הנאה געהאַט און זיי האָבן געזאָגט:

— מיר פֿאַרשטייען נישט דײַן רבין, רעדן רעדט ער ווי איינער פֿון די תּל־מידים פֿון הלל הזקן, וואָס איז געקומען פֿאַרשפּרייטן שלום אויף דער וועלט, און טוען טוט ער מעשים, וואָס דערצערנען די תּלמידי חכמים, וואָרעם זיי זײַנען קעגן דער תּורה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה אין אונדזערע הענט דורך די חכמים און זקנים פֿון משה רבינו אויפֿן באַרג סיני. זאָלן מיר פֿאַרשטעלן אונדזערע אויגן פֿון צו זען די מעשים און בלויז הערן זײַנע רייד?

און אַנדערע האָבן געזאָגט: אויב זײַנע רייד און מעשים ווערן געטון פֿאַרן הימלס וועגן, וועלן זיי האָבן אַ האָפֿט, אויב נישט — וועלן זיי קיין האָפֿט נישט האָבן.

און זיי האָבן אָפּגעוואָרט די זאַך.

און וואָס אַמאָל האָבן זיך די תּלמידי חכמים מער דערווײַטערט פֿון אונדז, וואָרעם זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען די וועגן פֿון מײַן רבי. און אויך די לײַט פֿון שטאָט האָבן אָנגעהויבן צו מורמלען אויף אונדז און מיר זײַנען געוואָרן אָפּ־געזונדערט פֿון זיי, וואָרעם קיינער האָט אונדז אין שטוב נישט אַרײַנגענומען און צו קיינעמס טיש זײַנען מיר נישט געווען אײַנגעלאָדן. נאָר מיר זײַנען מיט אונדזער רבין אַליין, און ער האָט אונדז איבער די פֿעלדער געפֿירט. און עס איז געווען אַמאָל אַ טאָג און דער טאָג איז געווען שבת, און מיר האָבן זיך געפֿור־נען אויף אַ פֿעלד פֿון שטייענדיקע ווייצן, וואָרעם עס איז שוין באַלד געווען די

צײַט פֿון שניט, און די בעזעמלעך זײַנען געװען אײַנגעבויגן צו דער ערד פֿון דעם שווערן געוויכט פֿון זייערע פֿיל קערנער און זיי זײַנען געווען גלוסטיק צו די אויגן מיט דער גאָלדענער רייפֿקייט, וואָס האָט געפֿינקלט אויף דער זון. און די תּלמידים זײַנען געווען הונגעריק, אַזוי האָבן אַ טייל פֿון די תּלמידים אָפּגעריסן פֿון די רייפֿע זאַנגען און זיי געגעסן. און דער רבי האָט עס געזען און זיי גאָרנישט געוואָרט דערין.

און דאָס קול האָט זיך אַרומגעטראָגן אין שטאָט, אַז די תּלמידים פֿון רבין האָבן מחלל שבת געווען, און דער רבי האָט עס געזען און נישט געוואָרט. און דאָס געמורמל איז אויפֿגעגאַנגען זייער גרויס צווישן די תּלמידי חכמים און די ראשי העיר, און זיי האָבן געזאָגט:

— מיר פֿאַרשטייען נישט דעם מענטש און זײַנע רייד. מיט דעם מויל רעדט ער איינס און טוען טוט ער עפּעס אַנדערש... נישט אַנדערש נאָר ער איז גע־קומען צו צעשטערן די תּורה און די חוקים ומשפּטים, וואָס משה האָט אונדז געגעבן.

און עס איז געווען דערנאָך, ווען דער רבי איז געקומען אין שול אַרײַן דרשענען און ער האָט געוואָלט ארויפֿגיין אויפֿן בעלעמער, אַזוי האָבן זיי אים מער נישט געלאָזט, און זיי האָבן געזאָגט צו אים:

— זע, דײַנע תּלמידים טוען דאָס, וואָס מען טאָר נישט אין שבת!

און זיי האָבן געמיינט, אַז ער וועט זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר זיי, אָבער ער האָט זיי אַזאַ תּשובה געגעבן:

— די לײַט זײַנען הונגעריק געווען. און האָט איר נישט געלייענט, וואָס דוד האָט געטון צוזאַמען מיט זײַנע לײַט, וואָס זײַנען געווען מיט אים, ווען ער איז הונגעריק געווען? ווי נאָר ער איז אַרײַנגעקומען אין דעם הויז פֿון גאָט, אַזוי האָט ער געגעסן דעם לחם הפּנים, וואָס איז נישט דערלויבט געווען צו עסן נישט צו אים און נישט צו די לײַט, וואָס זײַנען געווען מיט אים, נײַערט פֿאַר די כּהנים אַליין. אָדער האָט איר נישט געלייענט אין דער תּורה, אַז די כּהנים זײַנען בײַ די קרבנות אין בית־מקדש מחלל שבת? איז מה דאָך אַ קרבן צו ברענגען מעג מען מחלל שבת זײַן, מכּל שכּן פֿאַר אַ הונגעריקן נפֿש, וואָרעם גאָט האָט געזאָגט דורך דעם נביא: „חסד וויל איך, נישט קיין קרבן"...

דער ראש הקהל, וואָס איז געווען זײַן פֿרײַנד, האָט געהערט זײַנע רייד, האָט ער זיך געפֿרייט מיט זיי און ער האָט געזאָגט צו די טובֿי עיר:

— נישט אַנדערש, נאָר די רבנים האָבן די זאַך מתקן געווען. וואָרעם דער רבי פֿאַררופֿט זיך אויף דער תּורה און טײַטשט אויס דעם דין לויט דער קבלה.

און די טובֿי העיר און די תּלמידי חכמים האָבן גוט אַרײַנגעקלערט אין דעם ענין און זיי זײַנען געקומען צו אונדזער רבין און האָבן צו אים געזאָגט מיט גרויס ליבע:

— לערן אונדז, רבי, אין וועלכן בית מדרש האָט מען מתקן געווען די זאַך, אַז פּיקוח נפֿש איז דוחה שבת? צי איז עס אַ תּקנה, וואָס די חכמים האָבן מתקן געווען און דער דין שטייט שוין אַזוי, אָדער איז עס אַ דעה פֿון אַ יחיד? וואָ־רעם דער ענין איז פֿון גרויס וויכטיקייט פֿאַר אונדז, דאַרף מען וויסן אויף וועמען דער רבי איז זיך סומך!

און דער רבי האָט זיי אָפּגעענטפערט:

— דער בן־אדם איז אויך דער האַר איבער דעם שבת!

און עס איז געווען, ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער, איז דער גאַנצער עולם דערשראָקן געוואָרן, און אַ גרויסע שטילקייט האָט געהערשט אין דער שול, און איינער האָט דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט דערשטוינען און האָט גע־פרעגט: „וואָס מיינט דער רבי מיט די דאָזיקע ריידז? ווער איז האַר איבער גאָטס תורה, אַחוץ ער, ברוך הוא אַליין אָדער זיין שליח, וואָס ער וועט שיקן אונדז צו באַפרייען, ווען מיר וועלן זוכה זיין און דער רשות וועט זיין אין זיינע הענט?" און זיי האָבן זיך געווענדט צום רבין און האָבן אים געפרעגט מיט שרעקנדיקע הערצער: „זאָג אונדז, ווער ביסטו דאָס אַזעלכער, וואָס דו שטעלסט זיך אונטער צו רעדן אַזעלכע ריידז?"

אָבער דער רבי האָט זיי נישט געענטפערט קיין וואָרט, נאָר ער האָט פאַר־לאָזט די שול. דער עולם האָט זיך זייער געוואונדערט, וואָרעם אַזעלכע ווערטער האָט מען נאָך נישט געהערט אין ישראל.

## III

אויפן צווייטן טאָג האָט דער רבי זיך אָנגערופן צו אונדז און געזאָגט:

— קומט, לאָמיר אויפשטיין און גיין אין דער שטאָט נעים.

און די שטאָט נעים איז געלעגן פון דעם אָרט, וואו מיר האָבן גערוט, דריי טעג גאַנג. אַזוי האָט אונדז שמעון און זיין ברודער אַנדרעי אַריינגענומען אין דער שיף און מיר זיינען אָפּגעשוואומען קיין מגדל, אָבער אין דער שטאָט זיינען מיר נישט אַראָפּגעגאַנגען, אויך טבריה האָבן מיר אויסגעמיטן, ווייל אונדזער לערער האָט געזאָגט, אַז די שטאָט איז טמא, און געמיינט האָט ער דערמיט דאָס מלכות הורדוס, וואָס געפינט זיך אין דער שטאָט. פון דאָרט האָבן מיר זיך ווייטער געשיפט ביזן האַלבן טאָג און מיר זיינען אָנגעקומען אויף אַן אָרט, וואו מיר האָבן געלאַנדעט. פון דאָרט זיינען מיר אויפגעשטיגן אויפן באַרג תבור. און פון באַרג תבור זעט מען דאָס גאַנצע לאַנד אויסגעשפרייט ווי אויף דער האַנט, דעם גאַנצן בעקן פון ים גנוסר און דעם גרינעם טאָל פון יזרעאל, מיט אַלע שטעט און דערפער, וואָס זיינען איינגעבעט צווישן די ווייצן־פעלדער און ווייַנגערטנער, צווישן פאַלמען־ און אייל־בירטן־ביימער. און אונדזער רבי האָט געזען די געצעלטן פון ישראל רוען אין שלום, אַזוי האָט זיין האַרץ גרויס רחמנות געקראָגן איבער זיי. און ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט איבער דעם גאַנצן טאָל און האָט אויסגערופן: „ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב, און דיינע וואוינונגען ישראל!"

און נאָך האָט ער געזאָגט: „דער שניט איז גרויס און שניטערס זיינען דאָ ווייניק". און מיר האָבן דענסמאָל נישט פאַרשטאַנען זיינע ווערטער, נאָר ערשט שפּעטער האָבן מיר זיי באַגריפן. און נאָך פיל משלים האָט ער אונדז געזאָגט אויפן וועג, און ער האָט דערנענטערט אונדזערע הערצער צום פאָטער אין הימל.

אונדזער רבי האָט באַוויליקט, און מיר האָבן איבערגענעכטיקט אויף דעם אָרט די נאַכט אונטערן פרייען הימל. צומאָרגנס נאָך קריאת־שמע האָבן מיר

אַראָפּגענידערט פֿון באַרג און מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין דער שטאָט עין־דור, וואָס ליגט נאָר אַ תּחום־שבת פֿון דעם צופּיסנס פֿון באַרג. נאָר דאָס אָרט איז אומריין, ווײַל דער בעל־פּעור הערשט נאָך דאָרט ווי אין די טעג, ווען שאול המלך איז געגאַנגען צו דער כּשוף־מאַכערין בעלת־אוב, זי זאָל אים דעם גײַסט פֿון שמואל הנבֿיא אַראָפּברענגען.

און פֿון דאָרט איז שוין ניט ווײַט אַרײַנצוקומען אין דער שטאָט נעים. און אַזוי ווי דער נאָמען פֿון שטאָט, אַזוי איז טאַקע דאָס אָרט. און אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „און יששכר האָט געזען, דאָס לאַנד איז אָנגענעם"... וואָרעם דער טייל פֿון יששכר איז ווי דער גאָרטן פֿון גאָט אײדער אדם האָט געזינדיקט מיטן עץ־הדעת. דאָס לאַנד איז איין גרויסער גאָרטן, די פֿעלדער זײַנען מעוברת מיט זאַנגען און תּבֿואות, און די גערטענער מיט פּרוכט־ביימער און בלומען. און פֿיל מענטשן האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אַרבעטן אויף די פֿעלדער. טייל פֿון זיי האָבן שוין געשניטן מיט געזאַנג, וואָס זיי האָבן פֿאַרזייט מיט טרערן, און אונדזער רבי האָט געבענטשט די אַרבעט פֿון די טאָג־לוינער און פֿיל משלים און קלוגע גלײַכענישן האָט ער אונדז דאָרט געלערנט.

און עס איז געווען, ווען אונדזער רבי האָט געזען די פֿעלדער, ווי זיי זײַנען שיין באַזייט פֿון מענטשנס אַרבעט און די ווײַנשטאָקן זײַנען באַוואַקסן פֿול מיט גרינס און די ביימער בלי׳ען, האָט אונדזער רבי אויפֿגעעפֿנט זײַן מויל און געזאָגט זײַן משל:

„די הימלען, די הימלען — צו גאָט און די ערד איז געגעבן געוואָרן צו מענטשן; און אַזוי ווי די הימלען פֿאַרציילן דעם כּבֿוד פֿון גאָט, אַזוי פֿאַרציילט די ערד וועגן דער אַרבעט פֿון מענטש. ווי וואָר איך זאָג אײַך: די חיילות ווערן נישט אַזוי געציילט פֿון פֿעלדהאַר, ווי די גרעזער פֿון זייער באַשאַפֿער, פֿאַר יעדן איינעם פֿון זיי האָט ער באַשטימט זײַן מלאך, וואָס זאָל אים היטן. לויט דעם אָנזאַמלען פֿון גאָרן דערקענט מען די אַרבעט פֿון אַקערמאַן — לויט דעם גוטס, וואָס איר וועט שנײַדן פֿון דעם פֿעלד און אָנזאַמלען אין גאָרן פֿון גאָט, וועלן געמשפּט ווערן אײַערע מעשׂים. נישט מיט קיין אַנדער מאָס וועלן זיי געמאָסטן ווערן, נישט מיט קיין אַנדער וואָג געוואויגן ווערן און נישט מיט קיין אַנדער צאָל געציילט, נאָר לויט דעם גוטס, וואָס אײַערע מעשׂים האָבן געשאַפֿן. דאָס פֿעלד איז נישט אײַערס, עס איז נאָר אויסגעבאָרגט צו אײַך, איר זענט נאָר די טאָג־לוינער, דעריבער זעט פֿון אײַער אַקער וואָס מער פּרוכטן צו שנײַדן. וואָרעם איר ווייסט נישט, ווען דאָס פֿעלד וועט פֿון אײַך צוגענומען ווערן"...

און נאָך פֿיל משלים און קלוגע גלײַכענישן האָט ער אונדז געלערנט אויפֿן וועג, ווען ער איז געגאַנגען מיט אונדז צווישן די שיינע פֿעלדער וואָס פֿירן קיין נעים, איבער דעם אַקער און דעם אַקערמאַן, איבער די גערטענער און סעדער, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אויפֿן וועג, — און זינט דעם קליגסטן פֿון אַלע מענטשן, שלמה המלך, און זינט דעם חכם בן־סירא האָט מען אַזעלכעס נישט געהערט אין לאַנד. און אַלע זײַנע ווערטער זײַנען געווען געווענדט צו אַן איינאיינציקן ציל — אײַנצופֿלאַנצן די אימה און די ליבע צום פֿאָטער אין הימל, כּדי אונדזערע הערצער זאָלן זײַן אָנגעבונדן אין אים.

וואויל צו די אויערן וואָס האָבן דאָס געהערט! איך האָב מיר די ווערטער איינגעלערנט, טיף איינגעקריצט אין מײַן זכרון, כּדי איך זאָל זיי שפּעטער ברענגען אין כּתבֿ פֿאַר די קינפֿטיקע דורות.

און ווען די זון האָט געהאַלטן אין אָפּנייגן אויפֿן ראַנד פֿון הימל און באַגאָסן מיט ליכט דאָס קלייד פֿון רבין, זײַנען מיר אָנגעקומען צום טויער פֿון דער שטאָט.

און בײַם טויער פֿון דער שטאָט נעים איז געווען אַ גרויס געדראַנג. זייער פֿיל פֿאָלק איז אַהיימגעקומען פֿון די פֿעלדער, מיט זיי אויך פֿיל אייזלען באַלאָדענע מיט תּבֿואות, אויך קאַראַוואַנען קעמלען, באַלאָדענע מיט קריגן אייל, מיט האָניק, מיט פֿלאַקסענע און וואָלענע קליידער און אַנדערע סחורות האָבן אָנגעצויגן פֿון וועג; וואָרעם דאָס נעים איז געווען אַ שטאָט פֿון רײַכן באַזיץ, און די רײַכע לײַט האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט די פּראָדוקטן פֿון זייער ערד, נאָר זיי האָבן באַצויגן אויך פֿיל סחורות פֿון דער ווײַט. דאָך האָבן אייניקע אין דעם געדראַנג פֿון מענטשן און בהמות דערקענט, אַז עס קומט אין שטאָט אַ רבי מיט זײַנע תּלמידים (וואָרעם מיר האָבן אונדזער רבין אַרומגערינגלט, כּדי זײַן קלייד זאָל נישט פֿאַראומרייניקט ווערן), און זיי האָבן געגרופֿן איינער צום אַנדערן: „פּנו דרך!" — מאַכט אַ וועג, וואָרעם אַ רבי קומט אין אונדזער שטאָט. און ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען, האָט איינער פֿון זיי — דאָס איז געווען אַ ייִנגל וואָס האָט געפֿירט זײַן אייזל — זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף אונדז און אויף אונדזער רבין און אויסגערופֿן: „זעט, דער וואונדערלעכער מאַן פֿון דער שטאָט כּפֿר־נחום קומט צו אונדז אַרײַן!".

און באַלד האָבן אונדז אָנגעהויבן אַרומצורינגלען זייער אַ סך מענטשן, וואָרעם דער גוטער שם פֿון מײַן רבין גייט פֿאָראויס פֿאַר אים, ווי אַ גוטער אייל שיקט פֿאָרויס פֿאַר זיך זײַנע געשמאַקן. בעלי־מלאָכות האָבן אַוועקגעוואָרפֿן זייער אַרבעט, די קרעמער זייערע קראָמען, און מיט אָנגעצונדענע לעמפּלעך אין די הענט זײַנען זיי אויף די שוועלן פֿון זייערע הײַזער אַרויסגעקומען, כּדי צו באַלײַכטן אונדז דעם וועג און זיי האָבן גערופֿן צו אונדז:

— זײַט געבענטשט, אָנקומענדיקע, אין גאָטס נאָמען!

אָבער מיר האָבן געצאַפּלט אין דעם בית־הכּנסת פֿון דער שטאָט צו קומען, וואָרעם די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און עס איז שוין צײַט געווען דאָס אָוונט־געבעט צו זאָגן.

אין דער שטאָט נעים איז געווען אַ פֿרומער מאַן, וועלכן מ'האָט גערופֿן: שמעון דער פּרוש. און דער מאַן איז געווען אין כּפֿר־נחום און האָט דאָרט געהערט אונדזער רבינס רייד אויף דעם באַרג און זיי זײַנען אים געפֿעלן. אַזוי האָט אַ טייל פֿון די תּלמידים געזאָגט, אַז אונדזער רבי זאָל אײַנשטיין בײַ שמעון דעם פּרוש אין הויז, וואָס איז אַן אָרט פֿון תּורה און די געלערנטע און סופֿרים קומען זיך צוזאַמען בײַ אים. און איך האָב געוואָלט אַוועקגיין צו שמעון דעם פּרוש און אים צו וויסן געבן פֿון אונדזער רבינס אָנקומען. דער תּלמיד לוי דער מוכס האָט דאָרט געהאַט אין שטאָט אַ פֿרײַנד, וואָס איז אויך געווען אַ מוכס און זײַן נאָמען איז געווען יוחנן, און דער דאָזיקער יוחנן איז געווען אַ רײַכער מענטש; אַזוי האָט אַ טייל פֿון די תּלמידים מיט שמעון דעם פֿישער און די ברידער זבֿדי,

וועלכע זײַנען אַלע דרײַ געווען אין איין דעה, געזאָגט, אַז אונדזער רבי זאָל אָפּ־שטײַגן אין הויז פֿון דעם מוכס, וואָרעם דאָרט וועט זיך צונויפֿקומען דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד און אַלע פֿאַרשטויסענע און פֿאַרשעמטע, וועלכע נויטיקן זיך אין אונ־דזער רבינס הילף און טרייסט. אָבער אונדזער רבי האָט געזאָגט: „מיר וועלן גיין אין בית־הכּנסת, וואו אַלע קומען זיך צונויף און מיר וועלן זיך דאָרט אָפּשטעלן, און ווער עס וועט קומען דער ערשטער נאָך אונדז און אונדז בעטן אונטער דעם באַלקן פֿון זײַן שטוב צו קומען, צו דעם וועלן מיר גיין, וואָרעם די ווערטער פֿון גאָט זײַנען צו אַלע יידן געשיקט, און קיינער ווערט נישט אויסגעשלאָסן פֿון זיי". און אַזוי ווי דער רבי האָט געזאָגט, אַזוי האָבן מיר געטון.

און עס איז געווען, ווי מיר זײַנען געגאַנגען אין בית־הכּנסת אַרײַן, אַזוי איז נאָך אונדז פֿיל פֿאָלק נאָכגעגאַנגען, וואָרעם עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט דער קלאַנג אין שטאָט, אַז דער מאַן וואָס טוט וואונדער איז אָנגעקומען.

און ווען שמעון דער פּרוש האָט געהערט, אַז אונדזער רבי איז אין שטאָט געקומען, אַזוי האָט ער אָנגעטון זײַן שיין קלייד און געלאָזט צונויפֿרופֿן אייניקע פֿון די פּרושים און סופֿרים, און זיי האָבן אָנגעטון זייערע שיינע קליידער און זײַנען געקומען אין בית־הכּנסת אַרײַן אונדזער רבין מקבל פּנים זײַן. און שמעון דער פּרוש האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט צו אונדזער רבין:

— די חכמים פֿון אונדזער שטאָט זײַנען געקומען דיך מקבל פּנים זײַן, אַזוי ווי דער דין איז, און איך בין געקומען דיך בעטן, אַז דו זאָלסט אָפּשטײַגן אין מײַן הויז און דו זאָלסט זיצן מיט אונדז בײַ איין טיש און עסן מיט אונדז ברויט, כּדי מיר זאָלן קאָנען מקיים זײַן אין דיר די מצווה פֿון הכנסת אורחים.

האָט אונדזער רבי געפֿרעגט:

— איז עס בלויז כּדי מקיים צו זײַן די מצווה פֿון הכנסת אורחים, וואָס דו ביסט געקומען בעטן מיך אין דײַן הויז אַרײַן?

— כּדי מיר זאָלן קאָנען זיצן בײַ איין טיש און עסן ברויט און רעדן איבער דער לערע פֿון גאָט, אַזוי ווי דער דין איז! — האָט שמעון געזאָגט.

וואָרעם דער שמעון האָט שוין געהאַט געהערט פֿון דער פֿרעמדער אויפֿפֿירונג פֿון אונדזער רבין, וואָס איז נישט אין דרך פֿון די תּלמידי חכמים און וואָס האָט דערצערנט די געלערנטע לײַט פֿון דער שטאָט כּפֿר־נחום, דעריבער האָט ער געוואָלט אויספֿאָרשן דעם רבין, כּדי צו דערגיין די זאַך און צו וויסן וואָס צו טון. און צוליב דעם האָט ער אים געבעטן אין שטוב אַרײַן און אויך די חכמים פֿון נעים גערופֿן צו זיך.

און דער רבי האָט געוואוסט פֿון דער זאַך, אָבער ער האָט זי פֿאַרשוויגן, און כאָטש ער האָט געוואוסט, דאָך האָט ער אײַנגעוויליקט צו גיין צו שמעונען אין שטוב אַרײַן און זיצן מיט די חכמים.

און שמעון מיט די חכמים האָבן אים באַגלייט אין זײַן הויז אַרײַן און זייער פֿיל פֿאָלק איז נאָך אונדזער רבין נאָכגעגאַנגען אין הויז פֿון שמעון, ווײַל עס האָט זיך שוין געהערט אין שטאָט דער קלאַנג, אַז דער רבי ישוע בן יוסף איז געקומען קיין נעים און ער וועט זיצן מיט די חכמים אין הויז פֿון רײַכן שמעון דעם פּרוש און זיי וועלן צוזאַמען פֿאָרשן די לערע פֿון גאָט.

און ווען מיר זײַנען אַנגעקומען אין דעם הויז פֿון שמעון, אַזוי האָט שוין דאָרט אויך פֿאַר די טויערן פֿון הויז פֿיל פֿאָלק אָפּגעוואַרט און געוואָלט מיטאַרײַנגיין אין הויז, כּדי צו הערן די רייד פֿון גאָט. נאָר פֿאַר דעם טויער פֿון שמעון זײַנען געשטאַנען זײַנע דינער, אַנגעפֿירט פֿון שמשים, און זיי האָבן דאָס פֿאָלק ניט אַרײַנגעלאָזט אין הויז און אָוועקגעטריבן זיי מיט שטעקנס און מיט ריטער, בײַערט די חכמים און יעדן איינעם, וועלכער איז געווען אַ ח ב ר האָבן זיי אַרײַנגעלאָזט אין באַגלייט פֿון אונדזער רבין אין דעם הויז. און ווען מײַן רבי האָט געזען, ווי די דינער און שמשים טרײַבן ־דאָס פֿאָלק אָוועק פֿון טויער פֿון שמעון און לאָזן זיי נישט מיטאַרײַנקומען, אַזוי האָט ער געפֿרעגט שמעונען:

— פֿאַרוואָס לאָזן דײַנע דינער און דײַנע קנעכט נישט דאָס פֿאָלק מיט־אַרײַנקומען אין דײַן שטוב?

אַזוי האָט שמעון אָפּגעענטפֿערט:

— דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד איז אומגעבילדעט, דאָס געזעץ איז נישט שטאַרק אין זייערע הענט און זיי ווייסן נישט אָפּצוהיטן די דינים פֿון ריין און אומריין, און עס איז דאָ אַ מורא, אַז זיי קאָנען מטמא זײַן דאָס הויז, די כּלים אָדער דאָס ברויט.

אַזוי האָט אונדזער רבי געקוקט אויפֿן אָרעמען פֿאָלק מיט גרויס רחמנות און האָט זיך אָנגערופֿן און האָט געזאָגט:

— דאָס פֿאָלק איז ווי אַ פֿאַרלאָזטע טשערעדע שאָף, וואָס האָט קיין פּאַסטוך נישט.

דאָן איז ער אַרײַנגעגאַנגען מיט דעם שמעון און האָט אויך אונדז מיטגענומען. נאָר שמעון בר־יונה און די צוויי ברידער זבדי זײַנען געבליבן אין דרויסן און אָפּגעוואַרט דעם רבין.

שמעון דער פּרוש איז אַ רײַכער מאַן, און זײַן הויז אין זייער גרויס און איז אָנגעשטעלט מיט פֿיל שיינע כּלים אויס זילבער און גאָלד און העלפֿאַנטביין, און באַוואוינט מיט זייער פֿיל דינער. און די דינער האָבן געבראַכט זילבערנע שיס־לען מיט קריגן וואַסער און סדינס, און זיי האָבן געוואַשן די הענט פֿון שמעונען און די חכמים, וואָס זײַנען געווען מיט אים. אָבער זיי האָבן נישט אָפּגעוואַשן די הענט און די פֿיס פֿון אונדזער רבין און נישט פֿון זײַנע תּלמידים, וואָרעם דאָס קול איז שוין געהאַט פֿונאַנדערגעגאַנגען, אַז אונדזער רבי פֿאַרוואַרפֿט די מצווה פֿון נטילת ידים און ער עסט מיט מוכסים ברויט אומגעוואַשן.

און דער רבי האָט דאָס צוגעזען און פֿאַרשוויגן די זאַך. און איך האָב געטראַכט אין מײַן מחשבה: ווער ווייסט, וואָס עס וועט דערויס ווערן, וואָרעם מען האָט געזען, אַז נאָר צו פּרוּוון דעם רבין האָט שמעון אים פֿאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַרײַן צו זיצן מיט די חכמים.

און עס איז געווען דערנאָך, ווי די דינער האָבן דערלאַנגט דאָס ברויט דעם רבין אײַנגעוויקלט אין אַ טוך, כּדי עס נישט מטמא צו זײַן, האָט ער עס גענומען און זײַן געבעט געזאָגט און געבראָכן דאָס ברויט און אײַנגעטיילט צווישן אונדז, זײַנע תּלמידים, און מיר האָבן עס געגעסן אומגעוואַשענערהייט.

און די חכמים האָבן זיך געוואונדערט איבער דער זאַך, וואָרעם נאָר כּדי צו פּרוּוון דעם רבין, צי ער וועט עסן ברויט אָן נטילת ידים, האָבן די דינער

אויף זייער האַרס באַפֿעל נישט געוואַשן דעם רבינס הענט. האָט זיך אויפֿגע־שטעלט איינער פֿון די חכמים און געפֿרעגט אונדזער רבין:

— די חכמים האָבן מתקן געווען אַ גרויסע תקנה צו וואַשן די הענט פֿאַרן עסן און מיר האָבן דאָס בקבלה פֿון אַלטע צײַטן, און איצט זעען מיר, אַז אַ רבי, וואָס פֿאַרשפּרייט זײַן תורה אין ישׂראל, עסט ברויט אָן נטילת־ידים, דורך דעם פֿרעגן מיר דעם רבין: לערן אונדז, צי זײַנען דײַנע רייד, וואָס דו לערנסט און די מעשׂים, וואָס דו טוסט, בקבלה צו דיר פֿון דײַנע רבים אָדער פֿון אַלטע חסידים? וואָרעם דו זאָגסט רייד און דו טוסט מעשׂים, און דו ביסט זיך נישט סומך אויף אַ פּסוק פֿון דער תורה און דו זאָגסט אויך נישט פֿון וועמען דו האָסט עס בקבלה!

אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געענטפֿערט:

— דאָס וואָס דער בן־אָדם זאָגט און דאָס וואָס דער בן־אָדם טוט, האָט ער עס בקבלה פֿון זײַן פֿאָטער אין הימל.

זײַנען די חכמים נשתומם געוואָרן און איינער האָט געקוקט אויף דעם אַנדערן און אַלע האָבן געקוקט אויף זייער בעל־הבית, אויף שמעון דעם פּרוש, וואָרעם ער איז געווען דער גרעסטער פֿון זיי אין לערנען און עשירות.

האָט שמעון דער פּרוש אַנגענומען זײַן לאַנגע שוואַרצע באָרד מיט דער האַנט און ער האָט געקנייטשט זײַן הויכן שטערן און געזאָגט:

— פֿון די רייד פֿון רבין זײַנען געדרונגען דרײַ זאַכן, צוויי זײַנען מיר קלאָר, איינע איז מיר אַ ספֿק. די ערשטע זאַך, די ערשטע זאַך, וואָס דער רבי האַלט זיך, אַז ער איז גע־שיקט פֿון גאָט. וואָרעם עס שטייט אין פּסוק: „ויאמר אלי — בן־אדם, שולח אני אותך אל בית־ישׂראל”. איז פֿון דאַנען געדרונגען, אַז ווער עס זאָגט אויף זיך „בן־אָדם”, גלייבט ער, אַז ער איז געשיקט פֿון גאָט. די צווייטע זאַך, אַז יעדער בן־ישׂראל האָט דאָס רעכט אָנצורופֿן גאָט אַליין זײַן פֿאָטער, וואָרעם עס שטייט געשריבן: „בנים אתם לה׳ אלהיכם”! אָבער פֿון וואַנען לערנען מיר, אַז דאָס וואָס דער רבי זאָגט, האָט ער עס בקבלה מפּי הגבורה?

— די פֿייגל אויף די צווײַגן זאָגן דאָס אָן — האָט דער רבי אָפּגעענטפֿערט.

— מיר נעמען נישט קיין ראיה פֿון די פֿייגל אויף די צווײַגן — האָט שמעון אָפּגעפֿרעגט.

— די שטיינער אויף די גאַסן פֿאַרציילן עס.

— מיר נעמען נישט קיין ראיה פֿון די שטיינער אויף די גאַסן.

— די טויטע, די קרעציקע, די באַזעסענע זײַנען עדות דערויף.

— באַזעסענע און זינדיקע, קרעציקע און טויטע זײַנען פּסול לעדות.

— אויב אַזוי, זאָל קומען דער בעל־דבר אַליין און עס באַשטעטיקן.

און אַזוי, ווי די חכמים זײַנען אַזוי געזעסן און איך האָב אויף זיי געלייענט דעם פּסוק: „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד”, דערהערט מען דורך דעם פֿאָדערצימער פֿון פֿאַר דעם אײַנגאַנג — אַ גרויס גערודער, און איידער מיר האָבן נאָך צײַט געהאַט צו פֿרעגן וואָס עס איז געשען, האָט זיך דורך די טויער־היטער דורכגעריסן אַ פֿרוי און איז אַרײַן מיט גרויס אימפּעט און שרעק אין דעם גרויסן חדר, וואו די חכמים זײַנען געלעגן אויסגעלייגט בײַ דער סעודה. די קנעכט זײַנען איר נאָכגעלאָפֿן און געוואָלט זי צוריקהאַלטן, אָבער דער בעל־

הבית פֿון הויז האָט געגעבן אַ וואונק צו זיי, אַז זיי זאָלן זי אָפּלאָזן. און די פֿרוי איז געווען איבנגעהילט אין אַן איידעלן געוועב פֿון צידון־טוך מיט רײַכער פֿאַרב באַפּוצט, ווי עס טראָגן די ווײַבער פֿון אַ שלעכטן שם. און אירע האָר זײַנען געווען נישט לויט דעם מנהג פֿון ייִדישע פֿרויען — פֿאַרהוילן, נאָר אָפֿן און צעלאָזן איבער איר לײַב, און אויף איר האַלדז — צוגעקייטלט צו אַ גאָלדענער קייט — האָט זי געהאַט הענגען אַן אַלבאַסטער קריגל מיט אויסגעאיידלטן שמעקעדיקן אייל, וואָס זײַן געשמאַק האָט זיך געהערט אין דער גאַנצער שטוב, — וואָס דאָס איז דער אופֿן פֿון רײַכע פֿרויען, וועלכע טראָגן אַזעלכע קריגעלעך אויף די העלדזער; בלויז אירע פֿיס זײַנען געווען באָרוועס. און זי האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט און געפֿרעגט:

— ווער איז דאָס צווישן אײַך דער וואונדערלעכער מאַן, וועלכער האָט גע־רופֿן: „קומט צו מיר, איר אַלע, וואָס איר זענט שווער באַלאָדנטע, איר וועט געפֿינען רו אין מיר״?

און ווען עס איז געווען, אַז קיינער האָט איר נישט געענטפֿערט, האָט זי זיך אַרומגעקוקט איבער די חכמים און פּרושים, וואָס זײַנען געלעגן אויסגעלייגט בײַם טיש, און געזוכט מיט אירע דורשטיקע אויגן דעם מאַן, ביז זי האָט דער־זען אונדזער רבין. אַזוי איז זי געקומען פֿאַר אים און געפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און האָט זייער שטאַרק געוויינט, אַזוי אַז אירע טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון אירע אויגן און זײַנען געראָנען אויף מײַן רבינס פֿיס און זיי געוואַשן. ווי זי האָט געזען, אַז זי באַנעצט דעם רבינס פֿיס מיט אירע טרערן, אַזוי האָט זי גענומען אירע האָר און מיט זיי געטרוקנט אירע טרערן, און זי האָט די פֿיס געקושט מיט די ליפּן פֿון איר מויל. דערנאָך האָט זי גענומען דאָס אַלבאַסטער־קריגל, וואָס איז געהאָנגען אויף איר האַלדז און אין וועלכן עס האָט זיך געפֿונען דער טײַערסטער שמעקעדיקער אייל, וואָס רופֿט זיך מ ו ר, און אויסגעגאָסן אויף דעם רבינס פֿיס און זיי געזאַלבט.

און ווי די סופֿרים און חכמים, וואָס זײַנען געזעסן אַרום טיש, האָבן דאָס געזען, אַזוי האָבן זיי געשמייכלט און געזאָגט איינער צום אַנדערן: „ווען ער וואָלט געווען אַ נביא, וואָלט ער געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ שטייגער פֿרוי דאָס איז...״ וואָרעם די פֿרוי איז געווען אַ זינדיקע און מען האָט זי געקענט אין דער גאַנצער געגנט, און זי איז געקומען פֿון דער שטאָט מגדל. און די חכמים האָבן גע־מיינט, אַז זי איז געקומען אין דער שטאָט אַרײַן, כּדי איר נעץ פֿון זינד צו פֿאַרשפּרייטן צווישן די רײַכע מענער פֿון נעים. און דער שמעקעדיקער אייל, מיט וועלכן זי האָט געזאַלבט דעם רבינס פֿיס, איז געווען געמאַלן פֿון טײַערע געווירצן, — האָבן די חכמים געמיינט, אַז דאָס זאַלבט זי די פֿיס פֿון דעם רבין מיט דעם שמעקעדיקן אייל, דורך וועלכן זי דערוועקט די תּאווה אין די הערצער פֿון אירע ליבהאָבער. און די חכמים האָבן זיך געזאָגט: „ווען דער רבי וואָלט געווען אַ נביא, וואָלט ער געווען געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ פֿרוי דאָס איז...״ אָבער די חכמים האָבן נישט געוואוסט, אַז די פֿרוי האָט שוין חוזר בתּשובה געווען און, אַז זי איז געקומען מיט דעם בלינדן בר־תּלמי, וועלכער האָט זי דאָ אַהער געבראַכט נאָך דעם רבינס טריט; זיי זײַנען געקומען אין כּפֿר־נחום אונדזער רבי אויפֿצוזוכן, — און ווען זיי האָבן אים דאָרט נישט געפֿונען, אַזוי

זײַנען זיי אויפֿגעגאַנגען קיין נעים, וואָרעם זיי האָבן געהערט, אַז אונדזער רבי האַלט זיך דאָרט אויף. און די טײַערע קליידער, וואָס זי האָט אָנגעטון, האָט זי עס נישט געטון פֿאַר שיינקייט וועגן, נאָר פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון אונדזער רבין, אַזוי אויך — דעם טײַערן אייל. אָבער אונטער אירע זײַדענע קליידער האָט זי גע־טראָגן אַ האַרץ פֿול מיט חרטה...

אָבער אונדזער רבי האָט דערפֿון געוואוסט און האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— שמעון, איך וועל דיך פֿרעגן אַ שאלה: עס איז געווען אַ מאַנער, וואָס האָט געהאַט צוויי בעלי־חובֿות. איינער איז אים שולדיק געווען פֿינף הונדערט דינרס און דער אַנדערער פֿופֿציק. און ווען זיי האָבן נישט געהאַט צו צאָלן, אַזוי האָט ער זיי ביידע געשאָנקען די חובֿות. זאָג־זשע מיר נאָר, וועלכער פֿון זיי וועט דעם מאַנער מער דאַנקבאַר זײַן און ליב האָבן?

אַזוי האָט שמעון געענטפֿערט:

— געוויס דער, וועלכן ער האָט דעם גרעסערן חובֿ געשאָנקען!

אַזוי האָט מײַן רבי זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— דו האָסט גוט געפּסקנט, שמעון, — און ער האָט זיך געווענדט צו שמעונען און צו אים געזאָגט: — איך בין אין דײַן הויז אַרײַנגעקומען און דו האָסט מיר קיין וואַסער נישט געגעבן צו וואַשן מײַנע פֿיס, זי האָט געוואַשן מיינע פֿיס מיט טרערן און אָפּגעווישט זיי מיט די האָר פֿון איר קאָפּ. דו האָסט מיר קיין קוש נישט געגעבן, אָבער זינט זי איז אַרײַנגעקומען הערט זי נישט אויף מײַנע פֿיס צו קושן. דו האָסט נישט געזאַלבט מײַן קאָפּ מיט אייל, אָבער זי האָט געזאַלבט מײַנע פֿיס מיט טײַערן אייל. דעריבער זאָג איך צו דיר: אירע חטאים זײַנען איר פֿאַרגעבן, וואָרעם זי האָט פֿיל געליבט. — און צו דער פֿרוי האָט ער געזאָגט: — דײַנע זינד זײַנען דיר פֿאַרגעבן, דײַן גלויבן האָט דיר גע־האָלפֿן, גיי אין פֿרידן!

און ווי די פּרושים און חכמים האָבן דאָס געהערט, אַזוי איז אַ גרויסע אויפֿ־רעגונג צווישן זיי געוואָרן. זיי האָבן זיך אויפֿגעשטעלט פֿון דער סעודה, בײַ וועלכער זיי זײַנען געזעסן, און געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן: „ווער איז ער דאָס, וואָס ער קאָן זינד פֿאַרגעבן? היתכן, צוליב דעם, וואָס די פֿרוי האָט זײַנע פֿיס געקושט און געזאַלבט מיט איר זינדיקן אייל, זײַנען איר די זינד פֿאַרגעבן געוואָרן?" און אַנדערע האָבן געזאָגט: „צי איז ער אַ נבֿיא, געשיקט פֿון גאָט, וואָס ער קאָן זינד פֿאַרגעבן?"

אָבער מײַן רבי האָט זיי גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט, נאָר ער האָט זיך גע־ווענדט צו שמעון דעם פּרוש, וועלכער איז געבליבן ליגן אויף זײַן ליג־בעטל פֿון העלפֿאַנטבײן און זײַן פּנים איז זייער בלייך געווען פֿון לויטער אויפֿרעגונג און זײַן שוואַרצע באָרד האָט געציטערט און זײַנע אויגן האָבן געשיט מיט פֿונקען:

— שמעון, דו האָסט געזען, דער בעל־דבֿר איז אַליין געקומען און האָט אײַ־בערגעגעבן דאָס חפֿץ אין מײַנע הענט?

אָבער שמעון האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— מען ברענגט נישט קיין ראיה פֿון קיין זינדיקע. זינדיקע זײַנען פּסול לעדות.

האָט אים מײַן רבי געענטפֿערט:

— די געזונטע באַדאַרפֿן נישט קיין דאָקטאָר, נאָר די קראַנקע באַדאַרפֿן, און איך זאָג אײַך, אַז די קראַנקע זײַנען געזונטער ווי די געזונטע, וואָרעם דער געזונטער ווייסט נישט, אַז ער איז קראַנק, נאָר דער קראַנקער ווייס עס.

און צו די חכמים און פּרושים האָט ער זיך געווענדט און געזאָגט:

— גאָט איז נאָענט צו די צעבראָכענע הערצער. און האָט דען נישט ישעיה געזאָגט: „איך, וואָס וואוין אין דעם הויכן און הייליקן אָרט, וואוין מיט דעם, וואָס איז פֿאַרשטויסן און פֿון נידעריקן געמיט, כּדי צו דערקוויקן דאָס געמיט פֿון די נידעריקע און צו באַלעבן דאָס האַרץ פֿון די פֿאַרשטויסענע". וואָס האָט איר געטון, כּדי וואָר צו מאַכן די דאָזיקע רייד? ווי איז צו אײַך, פּרושים, איר האָט ליב אויבנאָן צו זיצן אין די שולן און געגריסט צו ווערן אין די גאַסן. ווי צו איך, סופֿרים, איר צבֿועקעס, איר זענט ווי פֿאַרדעקטע קבֿרים.

און ווי די חכמים און געלערנטע האָבן דאָס געהערט, זײַנען זיי אַלע בליך געוואָרן און אויפֿגעשטעלט זיך פֿון זייערע ערטער און געפֿרעגט זיך: „ווער איז דאָס דער מאַן, וועלכער נעמט זיך דאָס רעכט אַזעלכע ווערטער צו זאָגן?" און איינער פֿון די געלערנטע לײַט האָט זיך געווענדט צו מײַן רבין און געזאָגט: „רבי, אַז דו זאָגסט דאָס, אַזוי טוסטו דאָך אונדז באַליידיקן!"

אָבער אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— ווי איז צו אײַך, איר געלערנטע לײַט, וואָרעם איר טוט דאָס פֿאָלק באַלאָדן מיט לאַסטן, וואָס זײַנען שווער צו דערטראָגן, און אַליין טוט איר די לאַסטן נישט אָנרירן מיט קיין איינעם פֿון אײַערע פֿינגער!

אָבער די חכמים און געלערנטע האָבן געזאָגט:

— דאָס איז נישט אמת, אויך מיר טוען היטן די געזעצן און דינים.

— איר טוט זיי היטן ווי אַן אויסגעלערנטע מלאכה, כּדי איר זאָלט זיך קאָנען באַרימען מיט זיי. איר קומט פֿרי און זיצט לאַנג אין די געבעטהײַזער, כּדי מען זאָל קאָנען אָנווײַזן אויף אײַך מיטן פֿינגער. איר שיט אַש אויף די קעפּ און צערײַסט אײַערע קליידער, כּדי אַלע זאָלן וויסן אַז איר פֿאַסט! אָבער דאָס פֿאָלק לאָזט איר נישט צו צו אײַערע טישן, איר טרײַבט זיי פֿון אײַערע הײַזער, כּדי זיי זאָלן נישט מטמא זײַן אײַערע כּלים. איר רייניקט דעם בעכער און די שיסל פֿון אויסנווייניק, אָבער אינעווייניק זײַנען זיי פֿול מיט שטויב, דעריבער זײַנען אײַערע הײַזער און כּלים אומריין, דאָס עסן פֿון אײַערע טישן איז ווי דאָס געשאָכטענע פֿון טויטע — כּזבחי מתים, ווײַל איר האָט פֿאַרטריבן דאָס פֿאָלק פֿון זיי. און ווער עס זיצט מיט אײַך, איז אויף דעם דאָזיקן געזאָגט: „און מיט לצים זאָלט איר זיך נישט זעצן..."

און מיט די ווערטער האָט זיך אונדזער רבי אויפֿגעהויבן און פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון פּרוש און דער טיש פֿון די חכמים, אויף וועלכן איך האָב געמיינט, אַז עס וועט זײַן ווי אין פּסוק שטייט: „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד", — איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיין פֿון מחלוקת...

## IV

מײַנע קנײַען ציטערן, מײַנע לענדן שנײַדן זיך אונטער מיר, מײַן האַרץ פֿאַכעט און אַלע מײַנע גלידער האָט אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש און אַ טרייסלעניש,

ווי עס וואָלט מיך ווער אָנגענומען בײַ די האָר פֿון מײַן קאָפּ און מיך אויפֿגע־הויבן אין דער לופֿטן. איך ווייס נישט, ווער עס שטייט פֿאַר מיר, ווער עס גייט פֿאַר מיר, און וועמעס טריט איך פֿאָלג נאָך.

מײַן רבי איז מער ווי אַ רבי, ער איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך פֿאַרשטיי נישט. איך ווייס נישט, אויס וואָס פֿאַר אַ קוועלן ער שעפּט זײַנע כּוחות. וואָס זײַנען די רשותן, וואָס זײַנען אים איבערגעגעבן. ווער איז ער? צי שטיי איך אין דער נאָענט פֿון אַ הייליקן אין ישׂראל? אוי, ווי איז מיר, און איך בין דאָך אַ מענטש מיט טמאדיקע ליפּן און מיט אַ שלעכט האַרץ!

נאָך דעם ווי מײַן רבי האָט פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון שמעון דעם פּרוש און מיט אַלע תּלמידי חכמים, וואָס זײַנען דאָרט געזעסן, אַזוי איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און איך און שמעון דער קנאי און די איבעריקע תּלמידים, וואָס זײַנען מיטגעווען מיט אים אין הויז, זײַנען אים נאָכגעגאַנגען. און ווען מיר זײַנען די פֿיל וואַכן און דינערשאַפֿטן אַדורכגעגאַנגען און מיר זײַנען אַרויסגעקומען פֿון טויער, אַזוי האָבן מיר געזען אַ גרויס געשטיי פֿון מענטשן, וועלכע האָבן געהיטן דאָס טויער פֿון דעם פּרוש, און זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט אָנגע־צונדענע אייל־לעמפּלעך, און שמעון בר־יונה, דער תּלמיד, איז געווען מיט זיי און אויך יעקב און יוחנן, די זבֿדיס, און די דרײַ זײַנען געווען אין איין דעה, און זיי האָבן אַלע צווישן זיך אָפּגעמאַכט אין דער שטיל, אויסצובאַהאַלטן פֿון די איבעריקע תּלמידים איין זאַך, און שמעון בר־יונה איז צוגעקומען צום רבין, און דאָס פֿאָלק הינטער אים האָט די אייל־לאָמפּן אויפֿגעהויבן און געבייגט דאָס ליכט אויף אונדזער רבין און באַלויכטן זײַן ווײַס קלייד אין דער נאַכט און גע־רופֿן צו אים: „רבי, הושענה, רבי, העלף אונדז!" און שמעון בר־יונה האָט זיך אָנגערופֿן:

— לערער, האָב רחמנות אויף דעם פֿאָלק פֿון דער שטאָט נעים, עס איז אַרויסגעקומען אַנטקעגן דיר מיט אָנגעצונדענע לאָמפּן און עס גאַרט צו זען דײַן אָנגעזיכט און צו פֿרייען זיך מיט דיר, צו טרינקען דאָס וואַסער פֿון דײַן קוואַל און געהיילט צו ווערן דורך דיר.

און יעקב פֿון דער פֿאַמיליע זבדי מיט זײַן ברודער יוחנן האָבן אונטערגע־האַלפֿן שמעון בר־יונה, ווײַל זיי זײַנען געווען אַלע דרײַ אין איין דעה, און יעקב האָט זיך אָנגערופֿן און אַזוי געזאָגט:

— רבי, די געלערנטע גלייבן נישט אין דיר און זיי ווילן נאָר רעדן מיט דיר פֿון תּורה, כּדי צו באַווײַזן זייער געלערנטזאַמקייט, אָבער דאָס פֿאָלק האָט דיך ליב און גלייבט אין דיר. און צי האָסטו דען נישט געזאָגט: „געלויבט זײַנען די, וואָס האָבן אַן אָרעם געמיט"? און זיי קומען צו דיר מיט אַן אָרעם געמיט און ברענגען דיר די ליבע פֿון זייער האַרץ, גיי מיט זיי, וואָרעם דײַן אָרט איז צווישן זיי!

און זײַן ברודער יוחנן האָט אויך צוגערעדט דעם רבין און געזאָגט:

— איז דען נישט דאָס פֿאָלק די, וועלכע די געלערנטע רופֿן עם־הארצים? זיך אַליין רופֿן זיי חבֿרים און זיי פֿאַראַכטן דאָס פֿאָלק און לאָזן עס נישט צו צו זייערע טישן, אָבער דו דערנעענטערסט זיך דאָך צום צעבראָכענעם האַרץ! קום, רבי, מיט אונדז צום הויז פֿון יוחנן דעם מוכס, ער האָט ריין געמאַכט זײַן

שטוב דיך צו עמפּפאַנגען, און ער וויל דאָס גאַנצע פֿאָלק זאַמלען אונטער זײַן דאַך, כּדי זיי זאָלן זיך פֿרייען מיט דיר.

אָבער איך האָב זיך צוגעבויגן צום אויער פֿון מײַן רבין און האָב געזאָגט:

— רבי, איצט, ווען די געלערנטע וועלן זען, אַז דו האָסט זייער הויז פֿאַר־לאָזט און דו ביסט געגאַנגען מיט די זינדיקע לײַט און דו האָסט פֿאַרטוישט דעם טיש פֿון די געלערנטע אויף דעם טיש פֿונם מוכס, אַזוי וועלן זיי גרויס פֿאַראיבל האָבן אויף דיר און זיי וועלן ברענגען שלעכטע רייד אויף דיר פֿאַר די עלטסטע פֿון ישׂראל.

אָבער אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן:

— יהודה, מען צינדט נישט אָן קיין ליכט און מען שטעלט עס אַרונטער אונטערן בעט, נײַערט מען צינדט עס אָן און מען שטעלט עס איבער די הויכן, אַז אַלע זאָלן עס זען.

און דער מוכס איז שוין געווען דערבײַ און ער האָט זיך געבוקט פֿאַר אונ־דזער רבין און געזאָגט:

— קום, געבענטשטער פֿון גאָט, אונטער מײַן באַלקן און זאָל מײַן הויז געבענטשט זײַן פֿאַר דיינעטוועגן!

און ער האָט באַגלייט מיט זײַן לאָמפּ דעם רבין דעם וועג. און שמעון בר־יונה איז געווען לעבן אים, און יעקב און יוחנן צוזאַמען מיט דעם פֿאָלק האָבן מיט די פֿאַקעלן אין די הענט באַגלייט אונדזער רבין דורך די גאַסן פֿון דער שטאָט נעים צום הויז פֿון מוכס.

נון, איז דער מוכס יוחנן אויך אַ רײַכער מאַן, און זײַן הויז איז ברייט און גרויס און קאָן זייער פֿיל אויפֿנעמען. דאָרט זײַנען שוין געווען פֿאַרזאַמלט פֿיל מענטשן, רײַכע און אָרעמע, און כוזא, דער באַאַמטער פֿון הורדוס, איז אויך דאָרטן געווען מיט זײַן ווײַב יוחנה און מיט אַ פֿרוי, וואָס האָט געהייסן שושנה, און זיי זײַנען געווען פֿון די רײַכע פֿרויען אין שטאָט. און דאָס ווײַב, וועלכע האָט געהייסן מרים מאַגדאַלענאַ און וועלכע האָט געוואַשן און געזאַלבט די פֿיס פֿון אונדזער רבין אין שמעון דעם פּרושס הויז, איז שוין נאָך אים נאָכגעגאַנגען.

און ווי דער רבי איז אַרײַנגעקומען אין דעם הויז פֿון מוכס, אַזוי האָט אים דאָס פֿאָלק אַרומגערינגלט און פֿאַרשטעלט די טריט פֿון זײַנע פֿיס. די קראַנקע האָבן זיך אויסגעלייגט פֿאַר אים און עס זײַנען געווען בלינדע, וואָס האָבן געטאַפּט מיט זײַערע הענט און געוואָלט זײַן קלייד דערגרייכן, און די באַזעסענע האָבן אָנגעהויבן רופֿן צו אים נאָך הילף, און די זינדיקע האָבן געבויגן זייערע קעפּ טיף צו דער ערד, און אַנדערע האָבן באַהאַלטן זייערע פּנימער אין די הענט פֿון שאַנד, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו קוקן אין זיין פּנים אַרײַן, אַז ער זאָל נישט דערקענען די זינד, וואָס שטייט אויפֿגעשריבן אויף זייער שטערן און פֿאַרדאַרבט אין זיי דעם צלם אלקים. און אַלע האָבן די הענט צו אים אויס־געשטרעקט אין גרויס באַגער און האָבן גערופֿן: „רבי, העלף אונדז!"

ווי דער רבי האָט געזען אַזוי פֿיל אמונה אַרום זיך, אַזוי איז ער פֿול גע־וואָרן מיט גבֿורה, זײַן פּנים איז געוואָרן ווי ברענענדיק פֿײַער און אַזוי אויך זײַנע הענט.

מען האָט ממש געזען, ווי פֿונקען שפּריצן פֿון דער הויט פֿון זײַן פּנים און פֿון זײַן באָרד, און זײַנע אויגן זײַנען געווען צום חשמל גלײַך, ווי עס וואָלטן אין זיי געווען די הימלען אָפֿן, און מען האָט געזען אין זיי די טיפֿענישן פֿון דעם הימלישן ליכט. און זײַן קלייד, וואָס איז ווייס געווען, האָט געוואָרפֿן פֿון זיך בלענדנדיקע שטראַלן, ווי עס וואָלט געווען אויס לויטער פֿײַער.

און ווי דאָס פֿאָלק האָט דערזען דאָס ליכט, וואָס שלאָגט פֿון דעם רבינס פּנים, דאָס ליכט פֿון זײַן הויט און האָר, דאָס ליכט פֿון זײַן קלייד, אַזוי האָט אַ גרויס ציטערניש אַלעמען אַרומגענומען, און זיי האָבן זיך פֿאַר שרעק אָפּגערוקט פֿון אים און געמאַכט אַרום אים אַ צירקל, אין מיטן קרײַז איז דער רבי געשטאַנען ווי אַ ברענענדיק ליכט.

נאָר איין פֿרוי האָט זיך געפֿונען דאָרט, וואָס האָט געוואָגט אַרויסצוגיין פֿון דער געדיכטעניש פֿון פֿאָלק און איז אַרײַנגעגאַנגען אין קרײַז. אירע פֿיס האָבן זיך געשניטן אונטער איר, און איר פּנים איז בלייך געווען און אירע אויגן ווי בלינד, און זי האָט זיך געבויגן צו דער ערד, און אָנגערירט מיט איר האַנט דעם זוים פֿון רבינס קלייד.

און דער רבי האָט אַ ציטער געגעבן, ווי עס וואָלט זיך צוגערירט פֿײַער צו פֿײַער. ער האָט זיך אומגעקוקט און געפֿרעגט: „ווער האָט זיך צוגערירט צו מײַן קלייד, וואָרעם איך האָב געפֿילט, אַז גבֿורה איז אַרויסגעגאַנגען פֿון מיר". און ווען ער האָט דערזען די פֿרוי, וואָס איז געלעגן מיט איר פּנים אויף דער ערד פֿאַר אים און האָט געציטערט ווי דער לעצטער בלאַט פֿון בוים אין די טעג פֿון רעגן, האָט ער זי אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— גיי, דײַן אמונה האָט דיך געראַטעוועט!

און נאָך איר האָבן שוין אויך אַנדערע געוואָגט אַרײַנצוקומען אין דעם פֿײַערדיקן צירקל פֿון רבין. עס איז געווען אַ בלינדער, וואָס איז מיט אויסגעשטרעקטע הענט דערגאַנגען אין פֿײַער אַרײַן און האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער גייט. אָבער דער רבי האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט. ווי דער בלינדער האָט דערפֿילט דעם רבינס האַנט, אַזוי איז ער אויפֿגעשפּרונגען, ווי עס וואָלט אים אָנגערירט אַ ברענענדיק פֿײַער. און דער בלינדער האָט אויסגערופֿן:

— אַ פֿײַער האָט מיך אָנגעצונדן, נישט אַנדערש נאָר דעם רבינס האַנט האָט מיך אָנגערירט!

און דאָס ווײַב, וואָס איז געקומען פֿון מגדל, האָט זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג פֿאַר זײַנע פֿיס. זי איז געגליכן געווען צו די סטרונעס, וואָס זײַנען אָנגעצויגן אויף אַ האַרפֿע, אַזוי האָט זי איר לײַב אויסגעגלײַכט מיטן דיל. אַ ווײַל איז זי געלעגן שטיל. באַלד האָבן אָבער די רוחות אין איר בויך זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן און האָבן זי אויפֿגעשטורעמט ווי די ווינטן — די וועלן פֿון ים, און זי האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַרפֿן, ווי די רוחות וואָלטן געוואָלט אַרויס פֿון איר לײַב און נישט געקאָנט. און די רוחות האָבן זי גענומען און האָבן זי אויפֿגעהויבן, און זי האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען אַרום זיך מיט אירע הענט און אירע האָר, ווי דער ווינט האָלדזט זיך אַרום מיט אַ ציפּריס אין פֿעלד, און זי האָט געזוכט זיך אַליין. שוים האָט געזעצט פֿון איר מויל, און גרויס און פֿלאַמיק

זײַנען געווען אירע אויגן, און אירע האָר זײַנען געווען ווי פֿײַערדיקע צונגען, וואָס פֿלאַקערן אַרום איר. זי האָט אָנגעהויבן צו געבן פֿון זיך קולות און יללות. אין אָנהייב איז עס געווען ווי געזאַנג פֿון אַ קינד, מיט אַ דין בעטנדיק קול זינגט עס פֿאַר זיך אָן ווערטער, נאָר אַ בלויזער ניגון. באַלד זײַנען די קולות איי־בערגעגאַנגען אין אַ יללהדיק ליד, און זי האָט אָנגעהויבן אויסצושטרעקן די הענט, ווי זי וואָלט וועמען געזוכט פֿאַר זיך און האָט אָנגעהויבן צו זינגען פֿון „שיר השירים": — „ווער איז דאָס דער, וואָס גייט אויף דער מדבר?", און זי איז אים אַנטקעגן געגאַנגען מיט טאַנצנדיקע טריט און מיט אַן אויסגעלײַטערט פּנים, ווי זי וואָלט געזען איר באַשערטן. און באַלד האָט זי זיך דערשראָקן פֿאַר אים, און זי האָט געציטערט און געפֿלאַטערט אויפֿן גאַנצן לײַב און אײַנ־געקורטשעט זיך אין דרײַען. און זי האָט אָנגעהויבן צו קלאָגן און צו וויינען, אַז די זינד האָבן דערצויגן שדים און רוחות אין איר בויך און איצט בינדן זיי זי מיט שטריק און טענהן, אַז זי באַלאַנגט צו זיי, און זיי לאָזן זי נישט צו אים צו. און ווי אַ מענטש, וואָס פֿאַלט אין כּף־הקלע אַרײַן און ווערט דאָרט אַרומ־געשלײַ... געשלײַדערט? 

— ראַטעווע מיך, דו אויסדערוויילטער, פֿון די אַנגסטן, וואָס באַוואוינען מײַן לײַב! מײַן איינציקע הילף ביסטו!

און זי איז געפֿאַלן ווי זי איז געשטאַנען און האָט אײַנגעגראָבן איר פּנים אין אירע הענט, און האָט לאַנג און ביטער געוויינט. און דער רבי איז צוגע־גאַנגען צו איר און האָט אַרויפֿגעלייגט די הענט אויף איר קאָפּ און האָט גע־זאָגט:

— ריין! ריין! ביסטו!

און די שדים און רוחות האָט ער באַפֿוילן, אַז זיי זאָלן זי פֿאַרלאָזן, וואָרעם עס איז איר פֿאַרגעבן געוואָרן די זינד. און ער האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און אויפֿגעהויבן זי פֿון איר אָרט, און האָט געזאָגט צו אונדז: „אונדזער שוועס־טער איז זי!", און אָוועקגעזעצט זי צו זײַנע פֿיס. אָבער זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד אין איר גאַנצער לענג, און זי האָט מיט איר פּנים און אירע האָר באַדעקט דעם רבינס נאַקעטע פֿיס, און אַזוי איז זי געלעגן רואיק און שטיל, ווי אַ נײַ־געבוירן קינד, בײַ זײַנע פֿיס.

און ווי דאָס פֿאָלק האָט געזען די נסים, וואָס אונדזער רבי האָט געטון מיט די קראַנקע און שוואַר־באַלאַדענע, אַזוי האָבן זיי אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און האָבן זיך געבעטן בײַ אים:

— רבי, לערן אונדז, וואָס מיר זאָלן טון, כּדי מיר זאָלן ווערן אויסגעלייזט און מיר זאָלן ירשענען דאָס קעניגרײַך פֿון הימל!

אַזוי האָט אונדזער רבי אויסגעשטרעקט צו זיי די הענט און זיי אַזוי געזאָגט:

— דאָס קעניגרײַך פֿון הימל קאָן מען נאָר דערגרייכן דורך דעם עול, וואָס מען נעמט אויף זיך. וואָרעם נאָענט איז די צײַט, די גאולה קלאַפּט שוין אין דער טיר, און די, וואָס וועלן זײַן פֿאַרגעברייט, וועלן אַרײַנגיין אין דער טיר, די אַנדערע וועלן בלײַבן אין דרויסן.

— אָבער וואָס זאָלן מיר טון, רבי?

— גיט אַפּ אַלע ערדישע רײַכטימער, וואָס איר האָט אָנגעזאַמלט, וואָרעם נאָר די, וואָס פֿאַרלאָזן זיך אויפֿן פֿאָטער אין הימל, נישט אויף דעם איבעריקן ברויט, וואָס זיי האָבן פֿאַרבאָרגן אין די באַהעלטעענישן, קאָנען ירשענען דאָס קיניגרײַך פֿון הימל. ווען איינער האָט צוויי ברויט, זאָל ער איין ברויט אָפּגעבן זײַן ברודער, און ווער פֿון אײַך עס האָט צוויי קליידער, זאָל איין קלייד אָפּגעבן זײַן חבר. וואָרעם דאָס טויער פֿון קעניגרײַך פֿון הימל איז ענג, און נאָר די נאַקעטע און הונגעריקע קאָנען אַדורכגיין דורך אים. איר קאָנט נישט דינען גאָט און מאַמאָן, און ווער עס וויל מיר נאָכגיין, דער מוז צום ערשט זײַן ערדיש רײַכטום אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך און זײַן בטחון בויען אויפֿן פֿאָטער אין הימל, נישט אויף זײַן געלט.

אויף אַ לאַנגער ווײַל איז דער עולם שטיל געוואָרן און קיינער האָט נישט געוואָגט קיין וואָרט אַרויסצורעדן. פֿיל האָבן געהאַלטן די קעפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, וואָרעם עס זײַנען דאָרט געווען פֿיל רײַכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייער אָנגעזאַמלטן גוטס. נאָר פֿון די הינטערשטע רייען האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ פֿרוי, אַדורכגעשלאָגן זיך דורך דעם געדראַנג פֿון עולם, איז צוגעגאַנגען צום רבין און זי האָט אַראָפּגענומען דעם גאָלדענעם האַלדז־באַנד, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך, און דעם נאָז־רינג און די האַלדז־רינגען, און דאָס אַלץ אַוועקגעלייגט צום רבינס פֿיס. און אויך דעם רײַכן געוועבטן מאַנטל האָט זי אַוועקגעלייגט צו די פֿיס פֿון רבין, און אויך איר אַלאַבאַסטער קריגל מיט שמעקעדיקן אייל, וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך, — זי איז געבליבן בלויז אַרומגעהילט אין אַ לײַוונטענעם טוניק, כּדי צו באַדעקן איר שאַנד. און זי האָט געזאָגט:

— לערער, נעם מיך צו אַזוי ווי איך קום צו דיר!

און דאָס איז געווען יוחנה, דאָס ווייב פֿון כוזא, דעם באַאַמטן פֿון הורדוס. דער רבי האָט צו איר געזאָגט:

— יוחנה, דו ביסט אַ שוועסטער צו אונדז אין קעניגרײַך פֿון הימל, גיי און שטעל זיך הינטער מיר!

און נאָך איר האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ צווייטע פֿרוי, וואָס האָט נאָכגעטון דער ערשטער, און איר נאָמען איז געווען שושנה, פֿון די טעכטער פֿון דעם אָרט.

און אויך די פֿרוי, וואָס ער האָט גערייניקט פֿון די זינד, און איר נאָמען איז געווען מרים, איז צוגעקומען פֿאַר אים און געוואָרפֿן זיך צו זײַנע פֿיס און געזאָגט:

— רבי, איך האָב דיר נישט מער צו ברענגען, נאָר מײַן נשמה, וואָס דו האָסט גערייניקט. אַלץ וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך אַוועקגעגעבן אַלס כּפּרה פֿאַר מײַנע זינד, און איך ברענג דיר מײַן נשמה צו דײַנע פֿיס.

און מײַן רבי האָט געזאָגט צו איר:

— אויך דו ביסט אונדזער שוועסטער אין קעניגרײַך פֿון הימל, גיי און שטעל זיך הינטער מיר.

און אייניקע פֿון די מוכסים, וואָס זײַנען דאָרט געווען, זײַנען געקומען פֿאַר אים און געזאָגט:

— מיר האָבן גאַרנישט אין אונדזערע הענט, נאָר אונדזער אמת, און אונ־דזער אמת איז אַ זינדיקער. וואָס זאָלן מיר טון, אַז מיר זאָלן אויסגעלייזט ווערן?

— נעמט נישט מער פֿון אײַער בעל־חובֿ נאָר וויפֿל עס קומט אײַך לויטן געזעץ, און אָרעמעלײַט דריקט נישט, דאָס איבעריקע וועט אײַך באַלוינט ווערן לויט אײַערע פֿאַרדינסטן, ווארעם גאָט קוקט אין האַרץ פֿון מענטש און משפּט זײַנע מעשׂים לויט זײַנע מחשבֿות.

אַזוי האָט זיך איינער נאָכן אַנדערן פֿון די מוכסים מתוודה געווען פֿאַר אים די זינד, און ער האָט זיי פֿאַרגעבן און ער האָט געזאָגט צו זיי: „דינט אײַער פֿאָטער אין הימל, ווי איר דינט אײַער קעניג".

און דער רבי האָט געהייסן, אַז איך זאָל נעמען דאָס געלט און זילבער־צירונג און די רײַכע קליידער, וואָס די ווײַבער האָבן אַוועקגעלייגט צו זײַנע פֿיס, און פֿאַרקויפֿן און דאָס געלט פֿונאַנדערטיילן צווישן די אָרעמעלײַט. אָבער פֿיל האָט זיך נישט אָנגעזאַמלט, ס'איז געווען בלויז דאָס, וואָס די ווײַבער האָבן אַוועקגע־לייגט, ווארעם די מענער, וואָס זײַנען דאָרט געווען, האָבן געזאָגט: „ער פֿאַר־שווערט דעם יאָך פֿון דעם קעניגרײַך פֿון הימל איבער אונדז נאָך מער ווי די פּרושים. די פּרושים הייסן אונדז נאָר געבן מעשׂר, און ער הייסט אונדז אַוועק־געבן דעם קערן. ווען מיר וועלן אַוועקגעבן דעם קערן, בײַ וואָס וועלן מיר בלײַבן?" אַזוי האָבן זיי פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון מוכס און זײַנען אַוועק. און דער רבי האָט געזאָגט אויף זיי:

— קומט און זעט! עס איז לײַכטער פֿאַר אַ קעמל דורכצוגיין דורך דעם אויער פֿון אַ נאָדל איידער דעם רײַכן אַרײַנצוקומען אין קעניגרײַך פֿון הימל.

און דער רבי האָט גענומען די אָרעמעלײַט און די זינדיקע מוכסים, וואָס זײַנען דאָרט געווען, און די קראַנקע ווײַבער, וועלכע זײַנען אויסגעהיילט געוואָרן, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיי בײַ איין טיש און האָט געגעסן מיט זיי ברויט. און עס איז געווען, ווי דער רבי האָט געזען, אַז די פּשוטע לײַט, וואָס זײַנען פֿאַרזאַמלט אַרום אים, וואָשן נישט די הענט פֿאַר דעם עסן דערפֿאַר, ווײַל דאָס געזעץ איז נישט שטאַרק בײַ זיי און זיי ווייסן זיך נישט ווי אַזוי דערמיט אומצוגיין, איז כּדי זיי נישט צו פֿאַרשעמען, האָט ער אויך נישט געוואַשן די הענט פֿאַר דעם עסן, נאָר געזאָגט פֿאַר זיי זײַן געוויינלעך געבעט, וואָס ער זאָגט יעדעס מאָל פֿאַרן עסן. ער האָט געבענטשט דאָס ברויט, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט און געבראָכן עס און צעטיילט דעם עולם אַרום. און ער האָט געהייסן דערלאַנגען ווײַן און צוגערעדט דאָס פֿאָלק צו עסן און צו טרינקען און משׂמח זײַן זיך דעריבער, וואָס עס איז אין זיי זייערע זינד פֿאַרגעבן און זיי זײַנען גרייט צו עמפֿאַנגען דאָס קעניגרײַך פֿון הימל. און ער האָט זיי געטרייסט מיט שיינע טרייסטווערטער און געזאָגט זיי, אַז זיי זאָלן נישט זאָרגן און נישט טרויעריק זײַן צוליב דעם, וואָס זיי ווייסן נישט און קענען נישט דאָס געזעץ. נישט דאָס אויסגעלערנטע געזעץ וויל גאָט, נאָר דאָס ריינע האַרץ, דאָס נידעריקע געמיט איז דער אָנגענעמסטער קרבן פֿאַר גאָט. און משה רבינו האָט געזאָגט אין זײַן תּורה: „דאָס געזעץ, וואָס איך גיב דיר, איז נישט אין הימל, נישט אונטער דעם ים, נאָר אין דײַן האַרץ". נישט די חוקים געקריצט אויף לוחות האָט משה געבראַכט צו די ייִדן פֿון באַרג סיני, נאָר די עשׂרת הדיברות אויסגעקריצט אין

האַרץ פֿון מענטש. און ווי דער נביא זאָגט: „איך וועל אויפֿשטעלן דאָס בית־מקדש אין האַרץ".

און ווי זיי האָבן געזען, אַז דער רבי איז וויליק און דער שעת־הכושר איז דאָ בײַ אים, אַזוי האָבן זיי זיך זייער משמח געווען מיט אים דעריבער, וואָס ער איז דאָ מיט זיי, און די שמחה דאָרט צווישן עולם איז געווען אין לשער, אַזוי אַז אין דער גאַנצער שטאָט האָט מען געזען די ליכט, וואָס ברענגען זיך אין יוחנן דעם מוכס הויז, און מען האָט געהערט די געזאַנגען, וואָס גייען אויף פֿון דאָרט.

ווען שמעון בר־יונה, זײַן תּלמיד, האָט געזען, אַז דער רבי איז וויליק און דער שעת־הכושר איז דאָ בײַ אים, אַזוי האָט ער גענומען אַן אייל־לאָמפּ אין דער האַנט און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, וואו עס הערשט די פֿינצטערניש און עס וואוינען אין איר די קינדער פֿון דער נאַכט, און האָט צו זיי געזאָגט אַזוי:

— אין הויז פֿון יוחנן דעם מוכס זיצט דער מאַן, צו וועמען דער רשות איז איבערגעגעבן און די מאַכט איז דאָ אין זײַן האַנט צו פֿאַרגעבן אײַערע זינד און אויפֿצונעמען אײַך אין דעם מלכות פֿון הימל.

און עס זײַנען געקומען אין הויז אַרײַן פֿון יוחנן דעם מוכס מענטשן פֿון דער נאַכט, אַזעלכע וואָס קומען נישט אין קהל פֿון ישׂראל, מענטשן, וואָס זייערע פּנימער זאָגן עדות אויף זיי, אַז זייערע נשמות זײַנען קראַנק און פֿאַרדאַרבן, מענטשן, וועלכע זײַנען באַשוועדט מיט זינד. טייל פֿון זיי זײַנען געווען אָפּגע־ריסן און אָפּגעשליסן, זייערע נאַקעטע לײַבער האָבן אַרויסגעשטאַרצט פֿון זייערע פֿאַרפֿוילטע קליידער און זייערע גופֿים זײַנען געווען געשלאָגן מיט כּלערליי מיני שלעק, קרענק און צרעתן, פּונקט ווי זייערע נשמות אין זיי. אַנדערע זײַנען געווען געצירט און געשמינקט, אָבער זייערע נשמות זײַנען געווען שמוציק און ברודיק, וואָרעם פֿיל זונות זײַנען געווען צווישן זיי, וואָס דרייען זיך אַרום בײַ־נאַכט אין גאַס און פֿאַרשפּרייטן זייערע נעצן פֿאַר די פֿאַרבײַגייער. און אַנדערע זײַנען געווען, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון דער אימה פֿון דין אָדער באַהאַלטן זיך אויס פֿאַר מלכות. אָט די אַלע האָט שמעון זײַן תּלמיד אַרײַנגעבראַכט אין דעם הויז פֿון יוחנן דעם מוכס. און ווי דער רבי האָט זיי דערזען, און דאָס געשטאַנק פֿון זייערע לײַבער איז דערגאַנגען צו אונדז, האָט דער רבי אויסגעשטרעקט זײַנע הענט צו זיי און גערופֿן:

— קומט, איר אַלע, וואָס איר זענט שווער באַלאָדנט, צו מיר! — און ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און גענומען זיי צו זײַן טיש און געזעצט זיי לעבן זיך, און געזאָגט: — איר אַלע, פֿאַרלאָזענע און אַרויסגעוואָרפֿענע, צו וואָס זאָל איך אײַך גלײַכן? איך וועל אײַך גלײַכן צו דעם גאָרטן פֿון ישעיה הנביא, אָבער נישט צו דעם גאָרטן, וואָס מען האָט פֿאַרפֿלאַנצט און אָפּגעהיטן, נאָר פֿאַרקערט: אײַער גאָרטן האָט קיינער נישט פֿאַראַקערט און נישט פֿאַרזייט, קיינער האָט נישט גע־וואַסערט צו דער צײַט, זײַן צוים איז אויפֿגעבראָכן געווען, און יעדער איינער האָט געקאָנט אין אים אַרײַנגיין און צעטרעטן די יונגע פֿלאַנצונגען, און אַלע האָבן געמיינט, אַז פֿון דעם גאָרטן וועלן אַרויסקומען זויערע אוןווילדע ווײַנטרויבן, און זעט — דער גאָרטן האָט אַרויסגעגעבן זיסע און גוטע ווײַנטרויבן!

און דער רבי האָט גענומען דאָס ברויט, וואָס איז געלעגן לעבן אים, געבראָכן עס, און געטיילט זיך מיט זיי און געזאָגט:

— קומט און עסט מיט מיר, מײַנע ברידער און שוועסטער אין קעניגרײַך פֿון הימל! ווארעם דער פֿאטער אין הימל האט געזען די פּײַן פֿון אײַערע נשמות און ער האט פֿארגעבן אײַערע זינד.

און עס זײַנען דארט געווען טייל פֿון זיי, וועלכע האבן אנגעהויבן צו וויינען און געזאגט: „ווער ביסטו, געבענטשטער מענטש, ווער האט צו אונדז די טרייסט פֿון הימל געשיקט?"

און עס זײַנען דארט געווען בײַם טיש אזעלכע לײַט, וואס האבן זיך אויפֿגעהויבן און געזאגט: „מיר זײַנען טאקע אומוויסנדע לײַט און דאס געזעץ איז נישט שטארק אין אונדזערע הענט, אבער אונדזערע הערצער זײַנען שלום מיט אונדזער גאט און מיר ווילן גיין אין זײַנע וועגן. און כאטש מיר זײַנען ארעמע־לײַט, דאך פֿארדינען מיר ערלעך אונדזער שטיקל ברויט מיט דעם שווייס פֿון אונדזער געזיכט, און עס פּאסט אונדז נישט און עס שטייט אונדז נישט אן צו זיצן מיט גנבים און זונות בײַ איין טיש!" — און זיי האבן זיך אויפֿגעהויבן און פֿארלאזט דעם טיש פֿון רבין.

און אונדזער רבי האט זיך אנגערופֿן און געזאגט:

— פֿאר די פּרושים און געלערנטע זענט איר זינדיקע און געפֿאלענע, און פֿאר אײַך זײַנען זיי די זינדיקע און געפֿאלענע; און איך זאג אײַך, אז וואס געשלאגענער דער מענטש איז, אלץ געזונטער איז ער, וואס געפֿאלענער ער איז, אלץ דערהויבענער איז ער בײַ גאט. און צי האט דען נישט דוד המלך עליו השלום געזאגט: „ממעמקים קראתיך ה'" — פֿון דער טיפֿעניש רוף איך דיך, גאט! און ווער שטייט דען נאך אזוי טיף ווי זיי דא? און איך זאג אײַך, אז זיי זײַנען נענטער צו גאט ווי איר און זיי דארט, און ווער עס טוט זיי גוטס, טוט ער גוטס מײַן פֿאטער אין הימל, און ווער עס דערווײַטערט זיך, דערווײַטערט מײַן פֿאטער אין הימל.

און איך האב זיך אײַנגעבויגן צו מײַן רבין און געפֿרעגט אים אויפֿן אויער:

— רבי, וואו איז די גרענעץ, ביז ווי ווײַט גייט עס דער חסד און עס הייבט זיך אן דער דין?

און דער רבי האט מיר אפּגעענטפֿערט און געזאגט:

— עס איז נישטא קיין גרענעץ, באגלייט דײַן חבר ביז צום ראנד פֿון אפּגרונט און נאך ווײַטער!

און איך האב געוואגט און דערמאנט מײַן רבי און געזאגט:

— שטייט דען נישט געשריבן: „אלהים שופט צדק"? און נאך שטייט געשריבן: „יצדיק ה' בכל דרכיו"!

אבער מײַן רבי האט מיך אנגעקוקט און מיר אפּגעענטפֿערט:

— עס שטייט געשריבן: „ושקר מדבר צדק".

און אז איך האב זיך געוואלט דערווײַטערן פֿון אים, האט ער מיר געזאגט: „יהודה, יהודה, בין איך דען געקומען נײַע לאטעס אויפֿן אלטן מלבוש לייגן? איך בין די לעצטע טיר, און ווען אויך די טיר וועט זײַן פֿארשלאסן, אין וועלכער וועלן זיי אנקלאפּן?"

און איך האב אים פֿארשטאנען און געשוויגן.

V

שמעון איז אַרויסגעגאַנגען און האָט געזוכט און געפֿונען אַ נאַכטלעגער פֿאַר אונדזער רבין אין אַ ווײַנגאָרטן הינטער דער שטאָט. וואָרעם אונדזער רבי נעכ־טיקט נישט אונטער אַ באַלקן, נאָר אונטער דעם פֿרײַען הימל. דער וואָס נעכ־טיקט אין דרויסן, דער האָט דעם הימל פֿאַר זײַן דאַך, און ער געפֿינט זיך אין דער היים פֿון זײַן פֿאָטער. דער וואָס נעכטיקט אונטער אַ דאַך, דער באַגרענעצט זיך אין זײַנע ענגע ד׳ אמות און שליסט זיך אָפּ אין זײַן אייגענעם רשות. און ער האָט גענעכטיקט די נאַכט אין דעם וועכטער־בײַדל פֿון אַ גאָרטן, וואָס האָט געהערט צו יוחנה, דאָס ווײַב פֿון אַ רײַכן באַאַמטן פֿון הורדוס.

און עס איז געווען אויפֿן צווייטן טאָג, צומאָרגנס, ווען דער רבי האָט געזאָגט „שמע״, האָט ער באַפֿוילן איינעם פֿון די תּלמידים, שמעונען, אַז ער זאָל אויפֿ־עפֿענען דאָס בינטל מיט ברויט, כּדי מיר זאָלן עסן איידער מיר הייבן אָן דעם טאָג אַרבעט. וואָרעם אין דעם טאָג האָט דער רבי פֿיל געהאַט מיט אונדז צו טון. „די צײַט איז קורץ און די אַרבעט איז אַ סך, די תּבֿואות זײַנען פֿאַרטיק און שניטער זײַנען דאָ ווייניק״ — האָט ער צו אונדז געזאָגט. און עס איז געווען, ווען שמעון האָט פֿאַר אונדז פֿאַרגעלייגט דאָס ברויט, אַזוי האָט דער רבי געזען דעם גאָרטן־וועכטער, וואָס איז געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס און האָט זיך צו־געקוקט צו אונדזערע מעשׂים, אָבער דערנענטערן זיך צו אונדז האָט ער זיך נישט געטון, וואָרעם ער איז געווען פֿון די עמי־הארצים, — און זיי דערנענטערן זיך נישט צו רבנים, כּדי זיי זאָלן זיי נישט מטמא זײַן. דער רבי האָט אָבער געזאָגט צום גאָרטן־וועכטער:

— וואָס שטייסטו פֿון דער ווײַטנס, קום אַהער נענטער צו אונדז און זעץ דיך מיט אונדז און עס מיט אונדז ברויט!

אָבער דער וועכטער האָט געענטפֿערט:

— ווי אַזוי קאָן איך זיך דערנענטערן צו אײַך און עסן מיט אײַך ברויט, אַז איר זענט דאָך געלערנטע לײַט און איך בין פֿון די עמי־הארצים.

האָט דער רבי געזאָגט:

— עס שטייט געשריבן: „איר אַלע זענט קינדער צו אײַער פֿאָטער אין הימל״.

האָט דער וועכטער געענטפֿערט:

— יאָ, אָבער איך בין דאָך נישט געלערנט, און דאָס געזעץ איז נישט שטאַרק אין מײַנע הענט, און איך ווייס נישט אָפּצוהיטן די דינים פֿון ריין און אומריין, און איך וועל נאָך אומריין מאַכן אײַער ברויט מיט מײַנע הענט.

האָט דער רבי אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צום הימל און געזאָגט:

— זע, מײַן פֿאָטער אין הימל, ווי זיי האָבן צעטיילט דײַנע קינדער אויף ריין און אומריין, — און צום וועכטער האָט ער געזאָגט: — קום, מתּתיהו, און זעץ זיך מיט אונדז און עס מיט אונדז ברויט; נישט די לערע, וואָס איז אויסערלעך, הייבט אויף דעם מענטש און מאַכט אים ריין, נאָר די לערע, וואָס איז אין האַרץ. אין דײַן האַרץ, מתּתיהו, ביסטו מקיים די גאַנצע תּורה.

און דער גאָרטן־וועכטער האָט דאָס געטון, אָבער מיט גרויס מורא און פּחד. און ווען ער האָט גענומען אין דער האַנט אַריין דאָס ברויט, וואָס דער רבי האָט

אים דערלאַנגט, אַזוי זײַנען זײַנע אויגן פֿול געוואָרן מיט טרערן, און די טרערן זײַנען געפֿאַלן אויף זײַן ברויט, און ער האָט געזאָגט:

— ווי צו מיר, רבי, איך ווייס, אַז איך וועל פֿאַרפֿאַלן ווערן אין גיהנום, ווײַל איך האָב דאָס גוזעץ נישט געהיטן און איך ווייס נישט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט.

אָבער דער רבי האָט אָפּגעווישט די טרערן פֿון זײַנע באַקן און האָט געזאָגט:

— איך זאָג דיר, מתתיהו, אַז נישט דו, נאָר יענע, וואָס פֿאַרמסרן דיך פֿאַרן פֿאָטער אין הימל און רעדן אויס אויף דיר שלעכטע רייד, וועלן זיך פּײַניקן אין גיהנום. דײַן האַרץ האָסטו געבראַכט פֿאַר גאָט, און אַ צעבראָכן האַרץ און אַ נידעריק געמיט זײַנען די אָנגענעמסטע קרבנות פֿאַר גאָט. — און צו דער שטאָט נעים געווענדט, האָט ער אויפֿגעהויבן די הענט און האָט געזאָגט: — „ווי צו אײַך, פּרושים, ווי צו אײַך, סופֿרים, וואָס איר פֿאָרט אַרום איבער יבשות און ימים, כּדי מגייר צו זײַן אַ נפֿש, און ווען איר האָט אים שוין מגייר געווען, מאַכט איר פֿון אים אַ זון פֿון גיהנום".

און דער רבי האָט גענומען מתתיהון דעם וועכטער און געזאָגט צו אים:

— פֿיר מיך אַרויס פֿון דײַן גאָרטן, וואָרעם איך וויל אָנקוועלן מײַנע אויגן מיט דעם אָנבליק פֿון גאָטס באַשעפֿענישן.

און אַזוי ווי דער רבי איז געזעסן אין גרינס־גאָרטן פֿון יוחנה, דאָס ווײַב פֿון הורדוסעס באַאַמטן, האָט ער געקוקט אויף די רײַכע שפּראָצונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצושלאָגן פֿון דער ערד און אויף דעם פֿרישן בליִעכץ, וואָס האָט אָנגעהויבן צו בליִען פֿון די קנאָספּן. וואָרעם עס איז געווען די שענסטע צײַט פֿון יאָר — אין פֿרילינג, און גאָט האָט געלאָזט שײַנען די זון, זײַן ליבע און חסד איבער דעם גאַנצן לאַנד. דער נאַכט־טוי איז נאָך געלעגן אויף די צווײַגן און בלעטער, און די זון־שטראַלן האָבן זיי שוין געוואָרעמט מיט זייער חסד פֿון דער קאַלטקייט פֿון דער נאַכט. און די פֿייגל צווישן די צווײַגן זײַנען געווען זייער טעטיק צוצוטראָגן שפּײַז צו זייערע יונגע אין די נעסטן, וואָס זיי האָבן געבויט צווישן די צווײַגן. און דער גאַנצער גאָרטן איז פֿול געווען מיט לעבן און שאַפֿן, אַזוי ווי די פֿייגל וואָלטן זיך געפֿרייט מקיים צו זײַן גאָטס מצווה פֿון זײַן אויף דער וועלט, און די פֿרייד פֿון שלום איז געווען אויסגעגאָסן איבער דער לענג און ברייט, וואָרעם גאָט האָט געלאָזט רוען זײַן שלום איבער דעם גאַנצן דאָזיקן לאַנד.

ווי אונדזער רבי האָט געזען די פֿרייד פֿון שלום, וואָס גיסט זיך פֿון פֿאָטער אין הימל אויף זײַן ערד, אַזוי איז זײַן האַרץ פֿול געוואָרן מיט ליבע צו דער ערד, צו די מענטשן און צו אַלע באַשעפֿענישן, און ער האָט ליב געהאָט און געבענטשט אַלעס שאַפֿנדיקע און בויענדיקע. האָט ער גענומען דעם שפּאַדל פֿון דער האַנט פֿון מתתיהו דעם גערטנער און האָט אים געהאָלפֿן אין זײַן אַרבעט. און זײַן האַרץ איז פֿול געוואָרן מיט פֿרייד איבער דעם, וואָס דער פֿאָטער אין הימל זאָרגט איבער אַלע זײַנע באַשעפֿענישן. און ער האָט געעפֿנט זײַן מויל און ער האָט אונדז געלערנט אַזוי:

„גאָט איז מײַן שעפֿער, גאָרנישט וועט מיר פֿעלן..." דערפֿאַר זאָג איך אײַך: מאַכט זיך נישט קיין זאָרגן איבער אײַער לעבן, וואָס איר וועט עסן, און נישט

איבער אײַערע גופים — אין וואָס וועט איר זיי אָנקליידן! דאָס לעבן איז טײַערער פֿון שפּײַז, און דער קערפּער טײַערער פֿון קלייד. קוקט זיך צו צו די שוואַלבן און נעמט זיך אַראָפּ אַ מוסר פֿון זיי. זיי זייען נישט און שנײַדן נישט און האָבן נישט קיין גאָרטנס און נישט קיין שפּײַכלערס, און גאָט שפּײַזט זיי. ווי טײַערער זענט איר פֿון די פֿייגל! ווער פֿון אײַך קאָן מיט זײַן זאָרגן פֿאַר־לענגערן איין טאָג פֿון זײַן לעבן? און אויב איר קאָנט ניט אַזאַ קלייניקייט שאַפֿן, וואָס־זשע זאָרגט איר איבער אַלעם אַנדערן? קוקט זיך צו צו די רויזן — זיי וועבן נישט און זיי שפּינען נישט, און איך זאָג אײַך, אַז אַפֿילו שלמה אין זײַן גאַנצער פּראַכט איז נישט געווען געקליידט אַזוי ווי איינע פֿון זיי. ווען גאָט באַקליידט אַזוי דאָס גראָז פֿון פֿעלד, וואָס הײַנט איז עס דאָ און מאָרגן ווערט עס אין אויוון פֿאַרברענט, ערשט ווי באַקליידט ער נאָך אײַך, איר קליין־גלויביקע! זײַט נישט אַזוי פֿאַרנומען מיט די זאָרגן, וואָס איר וועט עסן און וואָס איר וועט טרינקען, און זײַט נישט שטאָלץ (ווען איר זענט עס). וועגן עסן און טרינקען קלערן בלויז די היידן, דער פֿאָטער אין הימל ווייסט וואָס איר באַדאַרפֿט.

און פֿון וועג זײַנען אָנגעקומען שליחים פֿון בית־דין. און צווישן זיי איז געווען אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט באַדעקט זײַן לײַב מיט אַ פֿעל פֿון אַ קעמל און ער איז געווען דין און דאַר פֿון תעניתים און סיגופֿים, אַזוי אַז מען האָט די ביינער אַרויסגעזען פֿון זײַן לײַב, און זײַנע פֿיס זײַנען געווען ווי שטעקנס צוויי, און זײַנע האָר זײַנען געווען ווילד און פֿאַרלאָזט. דער דאָזיקער מאַן איז געווען איי־נער פֿון די תלמידים פֿון יוחנן המטביל, וואָס זײַן נאָמען איז געווען צדוק. ער איז געווען זייער אַ פֿרומער מאַן, און דאָס פֿאָלק האָט געגלייבט אין אים. און די אַנדערע זײַנען געווען די סגנים פֿון בית הכנסת אין נעים. און זיי האָבן זיך געווענדט צו אונדז, זײַנע תּלמידים, און נישט צו אונדזער רבין, און האָבן גע־זאָגט:

— תּלמידים פֿון רבי ישוע, איר זענט אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן פֿון בית־דין צדק פֿון דער שטאָט נעים צו קומען פֿאַר אים און אָפּצוגעבן דאָס עדות־זאָגן איבער די מעשים און די ווערטער פֿון אײַער רבין, וואָרעם זייער שלעכטע רייד זײַנען געקומען אין די אויערן פֿון די פֿרומע און געלערנטע איבער דער לערע פֿון אײַער רבין, און איר טראָגט פֿאַר אײַער רבין די אחריות, פּונקט ווי ער אַליין.

אַזוי האָט אונדזער רבי געזאָגט צו אונדז, זײַנע תּלמידים:

— גייט און שטעלט זיך פֿאַרן בית־דין פֿון דער שטאָט נעים און זאָגט עדות איבער אַלעם, וואָס איר האָט געהערט און איר האָט געזען. זעט, אין אײַערע הענט גיב איך איבער אײַער זאַך.

האָט זיך אָנגערופֿן שמעון בר־יונה, וועלכער איז זייער דערשראָקן געוואָרן פֿון די רייד פֿון בית־דין, און ער האָט געזאָגט:

— רבי, איך בין נישט קיין געבילדעטער מאַן און די שריפֿט איז נישט שטאַרק אין מײַן מויל. ווי אַזוי וועל איך זיך קאָנען אויסטענהן מיט די געלערנטע און די שריפֿט־אויסטײַטשער?

אַזוי האָט דער רבי געזאָגט:

— אויך דו, שמעון בר־יונה, גיי און זאָג עדות. און דאָס, וואָס גאָט מײַן פֿאָטער וועט דיר געבן אין מויל אַרײַן, דאָס זאָלסטו זאָגן, וואָרעם מײַן זאַך איז אויך דײַן זאַך.

אַזוי איז שמעון בר־יונה געגאַנגען מיט אונדז, בלויז די ברידער זבֿדי זײַנען געבליבן מיטן רבין, וואָרעם דער רבי האָט געזאָגט, אַז זיי זײַנען בייזע לײַט, און די רייד פֿון חכמים הערן זיך נאָר אין רואיקייט צו.

און דאָס בית־דין פֿון דער שטאָט שטאָט נעים איז שוין געווען פֿאַרזאַמלט, און דער אב־בית־דין און די סגנים און די געלערנטע און שריפֿט־אויסטײַטשער, און אויך פֿיל פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן זײַנען געווען צווישן זיי.

און ווען מיר, די תּלמידים פֿון אונדזער רבי ישוע, זײַנען אַנגעקומען פֿאַרן בית־דין, אַזוי האָט זיך אַנגערופֿן שמעון דער פּרוש צו אונדז:

— תּלמידים פֿון ישוע, מיר האָבן אײַך גערופֿן צום בית־דין צדק, כּדי איר זאָלט עדות זאָגן איבער אײַער רבין — וואָס איז דאָס די לערע, וואָס ער לערנט און די מעשׂים, וואָס ער טוט? וואָרעם אומפֿאַרשטענדלעך זײַנען זײַנע מעשׂים פֿאַר אונדז. ער פֿאַרגיט די זינד פֿון רשעים. עס איז אָבער צווישן אונדז נישט באַקאַנט, אַז איין בשׂר ודם זאָל קאָנען פֿאַרגעבן די זינד פֿון אַ צווייטן בשׂר ודם.

— דאָס קאָן נאָר דער פֿאָטער אין הימל אַליין, ווי עס שטייט געשריבן: „ויתפּלל אל ה׳ ויעתר לו”. אפֿשר ווייסט איר, סופֿרים, — צי איז ווער געווען אין די פֿריִערדיקע דורות פֿון די געלערנטע און צדיקים, וועלכע האָבן פֿאַרגעבן די זינד פֿון אַנדערע מענטשן, אין זייער אייגענעם נאָמען, און אויף וואָס זיי האָבן זיך סומך געווען?

יוחנן, דער עלטסטער פֿון די סופֿרים, וועלכער האָט געקאָנט די שריפֿט, און די מסורה איז געווען שטאַרק אין זײַן האַנט, האָט פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן מיט די גרויסע ברעמען, וואָס האָבן באַשיצט זײַן פּנים און ער האָט געזאָגט:

— עס איז נישט באַוואוסט און אויך נישט באַקאַנט פֿון די פֿריִערדיקע דורות, אַז איין בשׂר ודם זאָל דעם אַנדערן מוחל זײַן די זינד, דאָס קאָן בלויז דער פֿאָטער אין הימל. און אַלע נביאים האָבן נאָר אויפֿגעפֿאָדערט דאָס פֿאָלק, עס זאָל תּשובֿה טון צו גאָט זײַן פֿאָטער, ווי עס שטייט געשריבן: „שובֿה ישׂראל אל ה׳ אלהיך”. און ווי עס שטייט אויסגערעכנט אין דער תּורה, אויף וואָס אַלץ פֿאַראַ זינד, וואָס דער מענטש באַגייט — בשוגג אָדער במזיד — ער מוז ברענגען זײַן קרבן און מתוודה זײַן זיך דערויף. אָבער אַ מענטש האָט קיין רעכט נישט צו פֿאַרגעבן די זינד, אַחוץ די בלויז, וואָס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן קעגן אים אַליין.

און דער בית־דין האָט זיך געווענדט צו די תּלמידים פֿון יוחנן המטבֿיל און זיי געפֿרעגט:

— צי האָט אײַער רבי פֿאַרגעבן אײַך די זינד, ווען איר זענט געקומען צו אים זיך טובֿל זײַן אין דער מדבר פֿון יהודה?

— יוחנן המטבֿיל האָט אונדז געהייסן תּשובֿה טאָן צום פֿאָטער אין הימל, צו רייניקן אונדזערע נשמות דורך תּעניתים און סיגופֿים און תּפֿילה טאָן, און אונדזערע לײַבער — דורך טבֿילה, וואָרעם דאָס מלכות־השמים איז נאָענט.

און שמעון דער פּרוש, וואָס איז געווען צווישן זיי, האָט זיך אַנגערופֿן:

— און אַז מיר האָבן געפֿרעגט אײַער רבין, אויף וואָס פֿאַראַ סמך ער פֿאַרגיט די זינדיקע זייערע זינד, דאָס וואָס קיין שום בשר ודם האָט נישט געטאָן פֿאַר אים, נישט משה און נישט די נביאים, און עס איז אויך נישט באַקאַנט, צי די עלטסטע חסידים האָבן דאָס געטון, און אַפֿילו יוחנן המטביל האָט נאָר געהייסן תשובה טון צום פֿאָטער אין הימל, — אַזוי האָט ער צו אונדז און צו אַלע חכמים און סופֿרים, וואָס זײַנען דאָרט דערבײַ געווען, גערעדט זייער שאַרפֿע רייד און האָט פֿאַרלאָזט אונדזער מסיבה און איז געגאַנגען אין הויז פֿון יוחנן דעם מוכס, וואָס קיין שום ייִד גייט דאָרט נישט אַרײַן, ווײַל דאָס הויז פֿון אַ רשע איז טמא. און ער האָט איבערגעטוישט דעם טיש פֿון געלערנטע און סופֿרים, וואָס איז געגליכן צום מזבח פֿון גאָט, אויף דעם טיש פֿון מוכסים, זינדיקע ווײַבער און עמי־הארצים, וואָס זייערע הענט זײַנען מטמא, ווײַל זיי ווייסן נישט ווי אומצוגיין זיך מיטן געזעץ, און ער האָט פֿאַר זיי באַוויזן נסים, אַרויסגעיאָגט רוחות און פֿאַרגעבן זינד און גערעדט מיט תקיפֿות, ווי דאָס געזעץ וואָלט איבערגעגעבן געוואָרן צו אים אַליין און ער קאָן טון דערמיט וואָס ער וויל. אומפֿאַרשטענדלעך זײַנען פֿאַר אונדז די וועגן פֿון אײַער רבי, און מיר האָבן אײַך גערופֿן פֿאַרן בית־דין צדק; איר, זײַנע תלמידים, זענט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אײַער רבין, ווי דער רבי פֿאַר אײַך. זאָגט אונדז באַשייד: ווער איז דאָס אײַער רבי? אין וועלכן בית־מדרש האָט ער געלערנט? ווער זײַנען געווען זײַנע רביים? אויף וואָס איז ער סומך זײַנע רייד? און מיט וואָס פֿאַר אַ כּוח טוט ער די וואונדער? — כּדי מיר זאָלן וויסן ווי זיך צו באַגיין מיט אים.

און עס האָט זיך אויפֿגעשטעלט צדוק, דער תּלמיד פֿון יוחנן, און זײַן קול איז געווען דין און שוואַך, וואָרעם זײַן לײַב איז געווען אויסגעטריקנט פֿון תעניתים און סיגופֿים, און ער האָט געזאָגט:

— יוחנן המטביל האָט אונדז גערופֿן אין דער מדבר אַרויס און האָט געהייסן פּײַניקן אונדזערע לײַבער מיט הונגער און דורשט, כּדי אונדזערע נשמות זאָלן שטאַרק ווערן, וואָרעם די צײַט פֿון מלכות השמים דערנעענטערט זיך, די טריט פֿון אויסדערוויילטן הערן זיך שוין הינטער דער טיר, און ער וואַרט אויף אונדז, אַז מיר זאָלן זײַן ריין און ווערט־זײַן זײַן קומען. אונדזערע הערצער זאָלן זײַן אָנגעבונדן אין זײַן האַרץ און אונדזערע נשמות זאָלן זיך צעפֿלאַקערן אין זײַן ליכט, — דורך דעם האָט אונדז יוחנן געטובֿלט. אונדזערע לײַבער זײַנען געהייליקט געוואָרן דורך דער טבילה און זיי זײַנען געוואָרן ווירדיקע דירות, אַז אונדזערע נשמות זאָלן זיך אין זיי אויפֿהאַלטן. אָבער ווער איז דער, וואָס עסט און טרינקט און גייט מיט זינדיקע אַרום? זײַנע רייד הערן מיר, זײַנע מעשׂים זעען מיר, אָבער זײַנע וועגן זײַנען פֿאַר אונדז אומפֿאַרשטענדלעך! וואָרעם ער גייט נישט אין די טריט פֿון יוחנן!

און מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן, און מיר האָבן געוואַרט, אַז איינער פֿון אונדז זאָל זיך אויפֿהייבן און עדות זאָגן פֿאַר זײַן רבין. אָבער מיר האָבן אַלע געשוויגן. און ווען איך האָב געזען, אַז עס איז נישטאָ קיין איין מענטש, האָב איך, יהודה איש קריות, דער גרינגסטער פֿון זײַנע תּלמידים, זיך אויפֿגעשטעלט און עדות געזאָגט פֿאַר מײַן רבין, און איך האָב געזאָגט אַזוי:

— גערעכטער בית־דין, האָרכט אויס די רייד פֿון דעם קלענסטן פֿון מײַן רבינס תּלמידים. אַ מאַן פֿון יהודה בין איך, אין ירושלים בין איך געזעסן לאַנגע טעג אין הויף פֿון בית־מקדש און האָב געפֿאָרשט דאָס וואָרט פֿון גאָט. דער רבי — איז מײַן רבי, און יוסף הרמתי און שמעון דער קירונער זײַנען מײַנע חבֿרים. מיר האָבן גערעדט צווישן זיך: וועלכער איז דער וועג פֿון גאָט, אין וועלכן מיר זאָלן גיין. אַלץ, וואָס מיר האָבן געהערט פֿון די רבים, איז געווען בלויז דין, די תּורה איז צעשניטן געוואָרן אין מצוות עשה׳ס און לאָו׳ן, און דורך דער דאָזיקער וואַנט האָט מען נישט געקאָנט זען דאָס גאַנצע און דאָס גרויסע, וואָס איז כולל אַלץ. און אַ מאַן איז געקומען פֿון גליל און האָט פֿאַרציילט פֿון אַ רבי, וואָס האָט זיך דאָרט באַוויזן און פֿאַרשפּרייט דאָרט די תּורה פֿון הלל הזקן: „וואָס איר ווילט, אַז מענטשן זאָלן צו אײַך טון, טוט צו זיי״, און „האָט רחמנות, ווי אײַער פֿאָטער אין הימל״. און מיר האָבן געטראַכט שלעכטס און מבֿטל געווען דעם דאָזיקן רבין אין אונדזער האַרץ, ווײַל ער קומט פֿון גליל, און ווער האָט דאָס געהערט, אַז פֿון גליל זאָל עפּעס גוטס אַרויסקומען? אָבער באַלד זײַנען דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן די ניסים ונפֿלאָות, וואָס ער טוט, און די הייליקע תּורה, וואָס ער פֿאַרשפּרייט צווישן פֿאָלק. און עס האָט זיך אָנגערופֿן נקדימון דער רבי: „עס איז כּדאַי די זאַך אויסצופֿאָרשן״, און מען האָט מיך געשיקט קיין גליל, כּדי איך זאָל אַליין זען מיט מײַנע אויגן און הערן מיט מײַנע אויערן. און איך בין געגאַנגען אויספֿאָרשן די זאַך, און מיט שאולן צוזאַמען קאָן איך זאָגן: „אייזלען בין איך געגאַנגען זוכן און אַ מלוכה האָב איך געפֿונען...״ אין בית הכּנסת פֿון כּפֿר נחום איז ער געשטאַנען, אַ בלייכער ייִדישער יונגערמאַן אין זײַן טלית אײַנגעהילט, און האָט געדרשנט פֿאַר דעם עולם שבת צו קריאת התּורה: „עס איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס קאָן זיך אַנטקעגנשטעלן דער אמונה״; „גיט און עס וועט אײַך געגעבן ווערן״; „מיט דער זעלבער מאָס וואָס איר מעסט, וועט איר געמאָסטן ווערן״; „פֿאַרוואָס זוכסטו דעם שפּאָן אין דײַן חבֿרס אויג, נישט דעם באַלקן אין דײַנע אויגן״; „משפּט נישט, כּדי איר זאָלט נישט געמשפּט ווערן״, און נאָך אַזעלכע זאַכן. לכתּחילה האָב איך געמיינט, אַז הלל הזקן האָט פֿון קבֿר זײַן באַליבטסטן תּלמיד געשיקט, אַז ער זאָל באַנײַען זײַן לערע אויף דער וועלט. אָבער ווען איך האָב מיך צוגעקוקט צו דער זאַך און איך האָב זי גוט אויסגעפֿאָרשט, האָב איך עפּעס אַנדערש דערזען. מײַן האַרץ ווערט צעגאַנגען פֿון פּחד, מײַנע קניען ציטערן, און דער פּחד פֿון גאָט איז מיך באַפֿאַלן פֿאַר די מעשׂים, וואָס איך האָב געזען און פֿאַר די ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פֿון מײַן רבינס מויל. גערעכטער בית־דין, — שטייט נישט דאָס הויז פֿון יעקב פֿאַרלאָזט, פֿאַרשעמט אין די אויגן פֿון די גויים? אדום האָט געמאַכט זײַן נעסט אויף דעם הייליקן באַרג פֿון ציון, זײַנע פֿיס טרעטן מיט חוצפּה אין גאָטס הויז, זײַן יאָך איז פֿאַרוואָרפֿן איבער אונדזער רוקן, און זײַן בײַטש פֿאַלט אויף אונדזער נאַקן. דאָס וואָרט איז פֿאַרשניטן פֿון אונדז, עס באַווײַזט זיך נישט צו אונדז קיין נבֿיא, עס זעט זיך נישט קיין צייכן. זײַנען מיר דען נישט אַזוי גוט ווי אונדזערע עלטערן? פֿאַרוואָס האָט גאָט אָפּגעטון זײַן פּנים פֿון אונדז? מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם שיקן מיר אַרויס אונדזער געהער, צי עס פֿאַרנעמען זיך שוין זײַנע טריט, צי עס ווײַזט זיך שוין דאָס ליכט אויף די בערג, צי הערן זיך שוין די שטימען

פֿון מדבר, ווי מען האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז עס וועט קומען דער געזאַלבטער פֿון גאָט און וועט באַרעכטיקן אונדזער וואַרטן, ער וועט אָטעם געבן צו אונ־דזערע ליידן און וועט וואָרהאַפֿטיק מאַכן דאָס פֿאַרשפּרעכן פֿון אונדזערע נביאים. און איך בין געקומען און איך האָב געזען — עס זײַנען מקוים געוואָרן די ווער־טער, וואָס דער נביא האָט אָנגעזאָגט: „די טויבע הערן און די בלינדע האָבן אָנ־געהויבן זען". מיט דעם אָטעם פֿון זײַן מויל באַפֿעלט ער די רוחות, זײַנע ווערטער זײַנען ווי שאַרפֿע שנײַדמעסערס, ער נעמט צונויף די מענטשן, ווי דער שניטער די זאַנגען, און ער שנײַדט זײַן שניט פֿאַר גאָט. ווער האָט אונדז אַזוי פֿיל הערצער דערגענטערט צום פֿאָטער אין הימל? ווער האָט צווישן די אָרעמע און פֿאַר־לאָזטע אַזאַ ציטערדיקע דערוואַרטונג פֿון פֿרייד און האָפֿנונג אַרײַנגעבראַכט? ווער האָט צוריקגעבראַכט צום הימל אַזוי פֿיל פֿאַרבלאָנדזשעטע און פֿאַרשטוי־סענע? — ווער ווייסט זײַנע וועגן? ווער קען זײַנע צילן? רירט נישט אָן אין דער פּלאַנצונג, וואָס גאָט האָט געפּלאַנצט! זאָלן מיר אַלע מיט ציטערדיקע הערצער און מיט געבעט אויף אונדזערע ליפּן אָפּוואַרטן און באַטראַכטן דאָס ליכט, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין ישׂראל פֿאַר ישׂראלס דערלייזונג.

און עס האָט זיך אויפֿגעהויבן נאָך מיר שמעון דער קנאי, און ער האָט אָנגע־הויבן צו זאָגן:

— בית־דין צדק, מיט די קנאים בין איך אין די בערג געגאַנגען, נישט גע־קאָנט צוזען, ווי אדום טרעט מיט זײַנע פֿיס יעקבֿס נאַקן. פֿאַר קיין בשׂר ודם האָבן מיר נישט געוואָלט קיין קני ברעכן, קיין קאָפּ בייגן, קיינעם האָבן מיר נישט געוואָלט פֿאַר קיין האַר אָנערקענען אויסער דעם רבונו־של־עולם אַליין. מיר זײַנען חיילות איבערגעפֿאַלן, געמיינט, אַז גאָט וועט אונדז העלפֿן דעם יאָך פֿון אדום צו צעברעכן, אָבער אָפּגענאַרט זײַנען געוואָרן אונדזערע האָפֿנונגען, ווי אַ חיה רעה האָב איך זיך אין די היילן אויסבאַהאַלטן, רייזנדע איבערגעפֿאַלן, וועגן אומזיכער געמאַכט און געמיינט, אַז אַזוי וועט עס שוין אייביק זײַן. דאָס האַרץ איז פֿול געוואָרן מיט ספֿקות, און אויף די ליפּן איז געלעגן די אייביקע טענה: נו, וואָס איז, אַז אונדזערע עלטערן האָבן געזינדיקט? ווי לאַנג איז דער שיעור, אַז אדום זאָל הערשן איבער אונדז? זײַנען די גויים דען בעסער פֿון אונדז? און צי ווילן מיר די דערלייזונג נאָר פֿאַר אונדז אַליין? איז נישט דער כּבֿוד פֿון גאָט גערופֿן אויף אונדז? וואו איז די הבטחה, וואָס איז געגעבן גע־וואָרן צו אונדזערע עלטערן? פֿאַרוואָס פֿאַרזוימט ער זיך אַזוי לאַנג? — קיין הילף, קיין רוף, קיין צייכן, ווי חלילה פֿאַרן ווינט זײַנען פֿאַרזייט געוואָרן די ווערטער פֿון אונדזערע נביאים! ווי אַ שאַקאַל אין דער מדבר האָב איך אַליין מײַן ביטערקייט אויסגעקלאָגט, איך בין אַרויס לתרבות רעות, ווי אַ חיה רעה האָב איך מענטשן פֿאַרציקט. אין שאול תחתיה וואָלט איך פֿאַרפֿאַלן געוואָרן — ווען נישט די הילף פֿון גאָט, וואָס האָט מײַן וועג צו מײַן רבין געפֿירט. אין כּפֿר־נחום, אין פֿאַרט, וואו די פֿישערס האַלטן זייערע שיפֿלעך, האָב איך אים אָנגעטראָפֿן, ער האָט גערופֿן צום אָרעמען פֿאָלק: „קומט צו מיר, איר אַלע, וואָס איר זענט שווער באַלאָדנט!" און איך האָב געזען, ווי די לײַט זײַנען צוגעגאַנגען צו אים. — צום ערשט מיט חוזק, מיט שפּאָט — דערנאָך זײַנען זיי ערנסט געוואָרן און זיך פֿאַרטרויט. גליקלעך זײַנען זיי געוואָרן, זייערע פּנימער האָבן געלויכטן,

זייערע רוקנס זײַנען אויסגעגליכן געוואָרן, זייערע געמיטער שטאַרק, אויפֿגע־ריכט זײַנען זיי געוואָרן פֿון זײַנע ווערטער. אויך איך האָב זיך געוואונדערט און בין צוגעגאַנגען צו אים און איך האָב אים געפֿרעגט: — „רבי, ווען וועט אונדז גאָט אויסלייזן פֿון אדומס הענט?“ און דער רבי האָט מיר געענטפֿערט: „די זײַנען פֿרײַ, די וואָס נעמען אויף זיך מיט ליבע דעם עול מלכות־שמים; די זײַנען נאָר אויסגעלייזט, וועלכע באַפֿרײַען זיך פֿון די שטריק פֿון די זינד, און די פֿרײַהײַט איז דעמאָלט אין דײַן האַנט, קיינער קאָן זי בײַ דיר נישט צונעמען!“ און איך האָב זיך פֿאַרוואונדערט אויף זײַנע רייד, איך האָב זיי נישט פֿאַרשטאַנען. אָבער איך בין נאָכגעגאַנגען זײַנע „טריט, צוגעקוקט זיך צו זײַנע מעשים טאָג בײַ טאָג, געהערט זײַנע רייד, — און אַ ליכט איז געפֿאַלן אויף מײַנע אויגן, און איך האָב אײַנגעזען, אַז אין זוכן די פֿרײַהייט האָב איך מײַן נשמה ווי אַן עבד כנעני צום שטן געהאַט פֿאַרקויפֿט. איך האָב געוואָלט באַפֿרײַט זײַן, און איך בין צוגעגאַנגען צו מײַן רבין און געבעטן אים: „רבי, דערלייז מיך!“ און דער רבי האָט גענומען און געבונדן מיך ווי אַ קאַלב און אַרײַנגעבראַכט מיך אונטערן יאָך פֿון פֿאָטער אין הימל, און איך האָב געפֿונען די אייביקע, די אמתע פֿרײַהייט, וואָס קיין בשר ודם קאָן זי נישט בײַ מיר אָפּנעמען, וואָרעם איך בין דער קנעכט פֿון גאָט!

און נאָך אונדז האָט זיך אויפֿגעהויבן שמעון בר־יונה און ער האָט עדות געזאָגט:

— איך בין אַן אָרעמער פֿישער־ייִד פֿון דער שטאָט כּפֿר־נחום, נישט גע־לערנט אין דער שריפֿט, מײַן האַרץ אָבער בענקט נאָך מײַן פֿאָטער דעם באַשעפֿער, אַן אים פֿיל איך זיך ווי אַן אָפּגעוואָרפֿענער בלאַט פֿון בוים, ווי אַ פֿאַרבלאָנ־דזשעטע שאָף פֿון דער סטאַדע. מײַן האַרץ האָט געבענקט צו זײַן אָנגעבונדן צו גאָט, אָבער פֿאַרדרייט און פֿאַרצווײַגט זײַנען די וועגן דורך וועלכע די חכמים האָבן געפֿירט צום באַשאַפֿער פֿון דער וועלט. — ווער קען זיך אויס אין זיי? — אין טויזנטער טיילן האָט איר גאָטס תורה צעטיילט, — ווער קען זיי אַלע אין דער האַנט האַלטן, אַחוץ די געלערנטע לײַט, וואָס געבן זיך אָפּ מיט איר בײַטאָג און בײַנאַכט? פֿאַר אונדז אומוויסנדע און שווער באַליידיקטע איז גאָטס וואָרט אויף זיבן שלעסער פֿאַרמאַכט. מען ווייסט נישט, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט! פֿאַרבלאָנדזשעטע דרייען מיר זיך אין דער פֿינצטער אַרום; ווי בלינדע שלאָגן מיר זיך אָן אין די אומצייליקע ווענט, וואָס איר האָט אויפֿגע־שטעלט אַרום דעם פֿאָטער אין הימל, — און מיר הערן נאָר פֿון אײַך דאָס מאָ־נענדיקע וואָרט: „טמא הענט, רירט זיך נישט צו צו אונדז!“ אָבער אויך אונ־דזערע הערצער זוכן דעם פֿאָדעם צו גאָט, אונדזערע נשמות בענקען נאָך אים, זיך אָנצוקניפּן אָן אים, צו געפֿינען דעם וועג צו זײַן כּסא הכּבֿוד נאָך אונדזער טויט. און מיר האָבן אויסגעקוקט אונדזערע אויגן אויף דעם, וואָס וועט קומען; ווער וועט אונדזערע נשמות באַפֿרײַען, ווער וועט דערנענטערן אונדזערע הערצער צו אונדזער פֿאָטער אין הימל, ווער וועט זיי אָנקניפּן מיט דער אייביקער הער־לעכקייט, אַז מיר זאָלן אַ טייל האָבן אין דעם אייביקן לעבן און נישט אַרײַנפֿאַלן אין דעם כּף־הקלע פֿון דער שוואַרצער נאַכט, וואוהין איר האָט אונדז פֿאַרשיקט? ווי הונגעריקע און דורשטיקע זײַנען מיר געזעסן ביי די שוועלן פֿון אײַערע שולן

און בתי־מדרשים און אויפגענאַשט די קרישעלעך פון לערע, וואָס זײַנען אַראָפּ־געפאַלן אונטער אײַער טיש, צו וועלכן איר האָט אונדז נישט צוגעלאָזט. ביז ער איז געקומען צו גיין און האָט צו אונדז בלינדע, די האַנט אויסגעשטרעקט. אין כפר־נחום, אין פישער־פאָרט, האָב איך אים דערזען פון מײַן פישער־שיפל אַרויס, — ווי ער איז געשטאַנען צווישן אָרעמען פאָלק, און ער האָט גערופן צו זיי: „קומט, איר אַלע, וואָס איר זענט שווער באַלאַדנט!" און דאָס פאָלק האָט זיך געזאַמלט אַרום אים, ווי הינדעלעך אונטער די פעדערן פון זייער מוטער אין טאָג פון שטורעם, האָט ער זיי אַרונטערגענומען אונטער זײַנע פליגלען. און צו מיר, צו מײַן שיפל, איז ער אויך צוגעקומען און האָט געזאָגט: — „שמעון בר־יונה, קום מיט מיר, איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ פישער פון מענטשן אַנשטאָט פון פיש". און פון דענסמאָל אָן גיי איך אים נאָך. איך זע זײַנע מעשים אַ גאַנצן טאָג, און איך הער זײַנע ווערטער. איך ווייס נישט, ווער ער איז. ער איז אָבער אַ ליכט אין אונדזער פינצטערניש, דאָס וואָרט פאַר אונדז, שטומע, דער פירער פאַר אונדז פאַרוואָגלטע און פאַרלאָזענע. ער ווײַזט אונדז דעם נאָענטסטן און פשוטן וועג צו אונדזער פאָטער אין הימל. ער לערנט אונדז בעטן צו אים און ער ווײַזט אונדז, ווי צו האָבן בטחון אין אים. און פון דענסמאָל אָן, זינט ער האָט זיך באַוויזן צו אונדז, פילן מיר, אַז מיר האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, מיר זײַנען אַ טייל פון ישראל, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. גאָט איז אונדזער פאָטער, פון אים זײַנען מיר געקומען און צו אים גייען מיר צוריק. ער וואַכט איבער אונדז אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, און קיין שלעכטס קאָן אונדז נישט געשען!

ווען שמעון בר־יונה האָט פאַרענדיקט זײַן עדות זאָגן, איז אַ גרויסע שטילקייט געוואָרן צווישן די רבנים און געלערנטע לײַט, ביז דער אב בית־דין האָט זיך אָנגערופן און געזאָגט:

— איז נאָך ווער דאָ פון די תלמידים פון ישוע, וועלכע ווילן קומען פאַרן בית־דין און עדות זאָגן אויף זייער רבין?

און ווען עס האָט זיך אויפגעשטעלט יוחנן דער מוכס און געוואָלט עדות זאָגן אויף זײַן רבין, אַזוי האָבן די רבנים געזאָגט: „ער איז פסול לעדות, ווײַל ער איז אַ מוכס!" און נאָך דעם האָט זיך דער בית־דין מיישב געווען צווישן זיך און איינער האָט געזאָגט:

— איך זע נישט אײַן קיין זינד אין דעם רבין.

און דער אַנדערער האָט געזאָגט:

— ווי עס זאָגן עדות זײַנע תלמידים, איז ער מקרב די הערצער פון ייִדן צו גאָט, דערפאַר זאָלן זײַן געבענטשט זײַנע הענט!

און צדוק, דער תלמיד פון יוחנן המטביל, האָט געזאָגט:

— ווער ווייסט, אפשר האָט זיך גאָט מרחם געווען אויף זײַן פאָלק, לאָמיר אָפּוואַרטן מיט דער זאַך און זען, — איז זי פון גאָט, אַזוי וועט איר קיין בשר ודם נישט קאָנען צעשטערן, איז זי חלילה נישט פון גאָט, וועט זי קיין קיום נישט האָבן, ווי עס שטייט אין פסוק: „אויב גאָט בויט נישט דאָס הויז, איז בחינם באַמיִען זיך זײַנע בויערס..."

און דערבײַ איז עס געבליבן.

# VI

עס שטייט געשריבן: „שיק דײַן ברויט אויפֿן וואַסער, מיט דער צײַט וועסטו עס געפֿינען”. אַזוי האָבן מיר פֿאַלאָזט אונדזער הויזגעזינד, אַלץ געוואָרפֿן הינטער זיך, און מיר זײַנען געגאַנגען נאָך אונדזער רבין אין אומבאַקאַנטן לאַנד, ווי דער פּסוק זאָגט: „מיטן חסד פֿון דײַן יוגנט ביסטו געגאַנגען נאָך מיר אין דער מדבר, אין אַ לאַנד וואָס איז נישט געזייט”. און געגליבט צו גאָט, אונדזער האָפֿענונג איז נישט אָפּגענאַרט געוואָרן...

אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— לאָמיר זיך אויפֿהויבן און גיין קיין נצרת, די שטאָט פֿון מײַן היימאַט, וואָרעם מיר זײַנען נאָענט פֿון דעם אָרט!

און מיר האָבן גענומען אונדזערע זעק מיט ברויט צידה לדרך און איין אָדער צוויי קליידער לכּבֿוד אונדזער רבין. און איידער אונדזער רבי האָט פֿאַרלאָזט דאָס אָרט, האָט ער געבענטשט דעם וועכטער פֿון גאָרטן און געזאָגט אַזוי:

— ווי איז צו די וואָס זײַנען מטמא דאָס, וואָס גאָט האָט גערייניקט. מתּתיהו, אונדזער ברודער אין ישׂראל ביסטו, זײַ געטרייסט! דאָס געזעץ איז נישט שטאַרק אין דײַן האַרץ, אָבער דאָס געזעץ פֿון גאָט איז אין דײַן האַרץ און אין דײַן דערנידעריקטן געמיט.

און ער האָט פֿאַרלאָזט דאָס אָרט און איז געגאַנגען פֿאַרויס פֿאַר אונדז, און מיר, זײַנע תּלמידים, נאָך אים. און די מנוחה פֿון גאָט איז געלעגן אויסגעגאָסן איבער די פֿעלדער דורך וועלכע מיר זײַנען געגאַנגען.

און ווי דער רבי האָט געזען די מנוחה פֿון גאָט ליגט אויסגעגאָסן איבער דער וועלט, אַזוי איז ער פֿריילעך געוואָרן, און די שכינה האָט גערוט אויף אים, וואָרעם די שכינה רוט נאָר דורך פֿרייד. און ער האָט אונדז פֿיל משלים פֿאַרציילט, און גוטע ווערטער האָט ער אונדז געזאָגט, וועלכע האָבן אָנגעקניפּט אונדזערע הערצער צו אונדזער פֿאָטער אין הימל. פֿיל פֿון זיי האָבן די תּלמידים געלערנט צו געדענקען פֿאַר די שפּעטעדיקע דורות, כּדי זיי זאָלן הערן און זאָלן זיך פֿון זיי אַ מוסר אַראָפּנעמען, אַנדערע אָבער זײַנען מיט דער צײַט פֿאַרלוירן געגאַנגען.

אין וואָרעמקייט פֿון טאָג זײַנען מיר אָנגעקומען צום ראַנד פֿון טאָל, און פֿון דאָרט הייבט זיך אויף דער וועג איבער בערג. און ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אויפֿן באַרג אַרויף, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף פּאַסטוכער, וואָס האָבן געווידעט דאָרט זייערע שאָף. און די פּאַסטוכער האָבן אונדזער רבין געקענט, וואָרעם זייער אָפּט איז ער אַרויסגעקומען צו זיי, בשעת ער האָט נאָך אין דער שטאָט נצרת געוואוינט. און די שאָף האָבן אים אַרומגערינגלט און געלעקט זײַנע נאַקעטע פֿיס מיט זייערע צונגען, — וואָרעם זיי האָבן אים דערקענט.

און אויפֿן הימל האָט זיך באַוויזן אַ קליינער שוואַרצער וואָלקן, אַזוי גרויס ווי די פֿויסט פֿון אַ האַנט, און די פֿויסט האָט זיך אויפֿגעעפֿנט און האָט אַרײַנגענומען דעם גאַנצן הימל אין זײַן האַנט, און דער הימל איז באַלאַדנט געוואָרן שווער מיט וואָלקנס און צוגעדעקט די שײַן פֿון דער זון. איבער דער ערד זײַנען אַדורכגעגאַנגען שאָטנס און פֿאַרשפּרייט טונקלהייט אַרום. און איינער פֿון די תּלמידים האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— לאָמיר זיך באַהאַלטן אין אַ הייל אָדער קומען אין דעם שוץ פֿון אַ שטיין, ווארעם אַ שטורעם־רעגן וועט באַלד אַדורכגיין די ערד.

עס איז געווען די צײַט פֿון מלקוש אין לאַנד, און דער מלקוש קומט מיט ווינט און שטורעם באַגלייט. אָבער אונדזער רבי האָט געזאָגט:

— וואו וועסטו זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר גאָט? — אין האָרץ פֿון אַ שטיין וועט ער דיך געפֿינען, אין דער הייל וועט ער דיך אויפֿזוכן; דאָס זיכערסטע אָרט איז אונטער דעם הימל פֿון גאָט. קוקט אײַך צו צו די שאָף און לערנט אײַך פֿון זיי — זיי זוכן נישט קיין הייל און זיי באַהאַלטן זיך נישט אין קיין שטיין, זיי קומען זיך צונויף צוזאַמען און שטעקן זייערע קעפּ איינער אין אַנדערן און געבן איבער זייערע לײַבער אויפֿן רחמים פֿון גאָט. זײַט ווי זיי! אין דער צײַט פֿון שטורעם באַהאַלט זיך נישט איינער פֿון אַנדערן, נאָר קומט אײַך צונויף צוזאַמען, שטעקט צוזאַמען די קעפּ, גיט איבער אײַערע לײַבער אויפֿן רחמים פֿון גאָט, און פֿאַרלאָזט אײַך אויפֿן שעפֿער ווי זיי, ער וועט קומען אין דער צײַט און ראַטעווען אײַך.

און ווי דער רבי רעדט אַזוי, איז געקומען אַ שטורעמווינט און אָנגענומען די וועלט בײַ אַלע פֿיר זײַטן און מיט איר איין גרויסן טרייסל געגעבן, און ער איז אַדורכגעגאַנגען מיט גרויס רעש און געשריי, מיט דונער און בליץ באַגלייט, און האָט מיט זײַנע ווינטיקע קאַמען אַדורכגעקעמט יעדעס גרעזל און יעדן שפּראָץ, ער האָט אָנגענומען די ביימער און האָט די קרוינען פֿון זייערע קעפּ געבויגן צו דער ערד, איין מאָל אַהין און איין מאָל צוריק, און ער איז אַרײַן צווישן די צווײַגן און געטראַכט זיי צו צעברעכן. באַלד איז דער שטורעם אויפֿגעלייזט געוואָרן דורך אַ שלאַגסרעגן, און מיר האָבן געזוכט שוץ וואו יעדער האָט געקאָנט, אַזוי אויך די פּאַסטוכער פֿון די שאָף. און די סטאַדע שאָף האָט אַרומגערינגלט אונדזער רבין און געדריקט זיך צו זײַנע פֿיס, אַזוי ווי זיי וואָלטן שוץ געזוכט בײַ אים, וואָרעם זייערע שעפֿער האָבן זיי פֿאַרלאָזט. און עס איז געווען, ווי זיי זײַנען געשטאַנען אויפֿן רוקן פֿון באַרג, אַזוי איז דער שטורעמווינט אַרײַן אין זיי און האָט אָנגעכאַפּט איינס אָדער צוויי פֿון עק פֿון דער סטאַדע, און דאָס איינע און דאָס אַנדערע שע־פֿעלע איז געטראָגן געוואָרן בײַ זייער רוקן דורך די ציין פֿון ווינט, ווי די חיה־רעה טראָגט איר קרבן. — האָבן זיי זיך מיט די קלאָען אײַנגעגראָבן אין די שפּאַלטן פֿון שטיין. אָבער די אָרעמס פֿון שטורעמווינט זײַנען שטאַרקער געווען ווי די שוואַ־כע פֿיס פֿון די שאָף, און ער האָט זיי געשלײַדערט אין זײַן כּעס פֿון רוקן פֿון באַרג אַראָפּ אין אָפּגרונט אַרײַן. און עס איז געווען, ווי די שעפֿעלעך האָבן זיך געטראָגן צום אָפּגרונט, אַזוי האָבן זיי מיט זייער שטימע גערופֿן נאָך הילף צום שעפֿער מיט דעם געשריי פֿון דער בהמה. אָבער דער שעפֿער האָט נישט דערהערט דאָס רופֿן פֿון די פֿאַלנדיקע שעפֿעלעך, וואָרעם ער האָט זיך באַהאַלטן פֿאַרן כּעס פֿון ווינט אין לאָך פֿון שטיין.

און עס איז געווען, ווען דער רעגן האָט אויפֿגעהערט, האָבן מיר געזוכט אונ־דזער רבין, און מיר האָבן אים נישט געפֿונען. וואָרעם יעדער איינער פֿון אונדז האָט אויסגעפֿונען אַ באַהעלטעניש פֿאַרן רעגן־שטורעם אונטער דעם שוץ פֿון אַ שטיין אָדער אין לאָך פֿון אַ הייל, און מיר האָבן נישט געזען ווי אונדזער רבי איז נאָך אַ פֿאַלנדיקן שעפֿעלע אין אָפּגרונט געגאַנגען. מיר האָבן אים געזוכט דאָ און דאָרט און מיר האָבן אים נישט געפֿונען. מיר האָבן גערופֿן: „רבי! רבי!" — און

ער האָט נישט געענטפערט. אין אַ ווײַל אַרום האָבן מיר געזען אונדזער רבי אויפֿ־שטײַגן פֿון אָפּגרונט, און זײַן קלייד איז געווען אַדורכגעווייקט פֿון רעגן, און דאָס וואַסער איז גערונען איבער זײַנע פֿיס, און זײַנע האָר זײַנען געווען נאַס, אַזוי אויך זײַן פּנים. זײַנע פֿיס זײַנען געווען באָרוועס און האָבן געבלוטיקט פֿון דעם אָנ־קלאַפּן זיך אין די שטיינער, און אַ שעפּעלע האָט ער געטראָגן אויף זײַנע פּלייצעס און האָט עס צוריקגעבראַכט צו דער סטאַדע. און ווי מיר האָבן אים דערזען, ווי ער שטײַגט אויף פֿון אָפּגרונט מיטן שעפּעלע אויף די פּלייצעס, אַזוי האָבן מיר זיך אַלע פֿאַרשעמט פֿאַר אים, און איך האָב זיך דערמאָנט אין אונדזערע אָבֿות, וואָס זײַנען אַלע געווען שאָף־פּאַסטוכער, און איך האָב געלערנט אויף אים דאָס, וואָס אונדזערע רבנים האָבן געלערנט אויף משה רבינו.

עס שטייט געשריבן: „משה איז געווען אַ פּאַסטוך, דאָס מיינט מען — גאָט האָט אויסגעפּרוווט משה רבינו דורך די שאָף, זאָגן אונדזערע רבנים. ווען משה האָט געפּיטערט די שאָף פֿון יתרו אין דער מדבר, איז פֿון דער טשערעדע אַוועק־געלאָפֿן אַ שעפּעלע, האָט ער זיך דערנאָך נאָכגעיאָגט, ביז עס האָט דערגרייכט אַ שיצונג. ווען עס האָט געהאַט דערגרייכט די שיצונג, האָט גאָט געשיקט אַ קוואַל וואַסער, און דאָס שעפּעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט טרינקען. ווען משה איז אָנגע־קומען צום שעפּעלע, האָט ער זיך געטראַכט: „איך האָב נישט געוואוסט, אַז דו ביסט אַנטלאָפֿן פֿון דער סטאַדע, ווײַל דו ביסט דורשטיק, ביסטו דאָך אַוודאי איצט מיד״ . . . און ער האָט גענומען דאָס שעפּעלע אויף די פּלייצעס און דערמיט צוריק־געגאַנגען. האָט גאָט געזאָגט: „דו האָסט געניגט רחמנות אויף צו פּיטערן די שאָף פֿון בשׂר ודמס, איך שווער, אַז דו וועסט פּיטערן די שאָף פֿון ישׂראל!״

באַלד האָט גאָט אַרויסגעצויגן די זון פֿון איר פֿוטערפֿאַס, די וואָלקנס זײַנען צערונען אין דער זון. מיר האָבן זיך געזעצט אַפּרוען אויף די שטיינער פֿון באַרג און אויסגעטון די קליידער צו טריקענען. די תּלמידים האָבן אויפֿגעעפֿנט די בינט־לעך מיט ברויט, און מיר האָבן זיך געזעצט עסן, וואָרעם די מיטאָג־שעה האָט דער־גרייכט. און עס איז געווען ווען אונדזער רבי איז געזעסן אויפֿן שטיין און גע־טרוקנט זײַן קלייד, אַזוי זײַנען געקומען די שאָף און געלייגט זיך צו זײַנע פֿיס.

און מיר זײַנען געווען אַ תּחום־שבת אַרײַנצוקומען אין דער שטאָט חנה, וואו אונדזער רבי האָט דאָס ערשטע וואונדער באַוויזן — צו פֿאַרוואַנדלען וואַסער אין ווײַן אויף אַ חתונה פֿון אָרעמע־לײַט. דאָך זײַנען מיר נישט אַרײַנגעגאַנגען אין דער שטאָט, וואָרעם עס איז געווען דאָנערשטאָג, און אונדזער רבי האָט געזאָגט, אַז ער וויל קומען קיין נצרת, אין דער שטאָט פֿון זײַן געבוירן, דאָרט שבת צו האַלטן און מקיים זײַן די מצווה פֿון כּיבוד אם; און זײַן פֿאָטער האָט שוין דענסטמאָל נישט געלעבט.

און מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן און מיר זײַנען געגאַנגען אויפֿן וועג, און בײַם זעצן זיך פֿון דער זון זײַנען מיר אָנגעקומען צום טויער פֿון דער שטאָט. די שטאָט רוט, ווי אַ קינד אויפֿן רוקן פֿון אַ קעמל, צווישן די בערג, און איר נאָמען איז נצרת. און די שטאָט איז געלעגן אויפֿן טראַקט וואָס פֿירט פֿון באַרטן פֿון גרויסן ים קיין דמשק. און די אײַנוואוינער פֿון דער שטאָט האָבן זיך דערנערט פֿון זייערע פֿעלדער און אויך פֿון דער סטאָליערײַ־מלאָכה, וואָרעם דורך דער שטאָט זײַנען אַדורכגעגאַנגען די וועגן וואָס פֿירן קיין דמשק. און אויך אונדזער רבי איז געווען

אַ סטאָליער און אַ זון פֿון אַ סטאָליער, אָבער קיין תּלמידי חכמים וואוינען נישט אין נצרת, נײַערט דער ראָש פֿון בית־הכּנסת און זײַנע סגנים, וועלכע זײַנען אויך דאָס בית־דין פֿון אָרט.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען צוגעקומען צום טויער פֿון דער שטאָט, אַזוי איז שוין די זון געהאַט אונטערגעגאַנגען, און עס האָט דערגרייכט די צײַט צו זאָגן דאָס אָוונט־געבעט. האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פֿעלד אין דער שטיל־קייט פֿון דער נאַכט, ווען די שטערן האָבן אָנגעהויבן צו לײַכטן איבער די בערג און איבער דעם טאָל, און אונדזער רבי האָט געזאָגט „שמע“. און אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— עס איז נישט גוט, אַז מיר זאָלן אַלע צוזאַמען אַרײַנגיין אין שטאָט, וואָרעם די שטאָט איז קליין און אירע אײַנוואוינער זײַנען אייגנפּאַכן פֿאָלק, ווען זיי וועלן זען אַ רבי אָנקומען מיט תּלמידים, וועלן זיי זיך דערשרעקן. זאָל יעדער גיין אין שטאָט אַרײַן באַזונדער און זוכן זיך זײַן נאַכטלעגער, און מאָרגן וועלן מיר זיך טרעפֿן אַלע בײַ מײַן מוטער אין שטוב, כּדי מקדש צו זײַן שבת; איך וועל אָבער גיין צו מײַן מוטער אַהיים, כּדי מקיים צו זײַן די מצוה פֿון כּיבוד אם.

און דער רבי האָט נאָר מיטגענומען שמעון־בר־יונה און די בני־זבֿדי, יעקבֿ און יוחנן, וועלכע זײַנען געווען זײַנע געליבטע תּלמידים, און אויך מרים, דאָס ווײַב וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך אונדז. וואָרעם די אַנדערע נשמות וואָס דער רבי האָט געמאַכט אין דער שטאָט נעים, יוחנה און שושנה, זײַנען געבליבן אין דער שטאָט נעים, כּדי פֿון דאָרט צו קומען קיין כּפֿר־נחום צו דער שוויגער פֿון שמעון, בײַ וועלכער דער רבי האָט געוואוינט.

אַז איך האָב געזען ווי דער רבי פֿאַרלאָזט אונדז, אַזוי האָב איך זיך געשטאַרקט און צוגעטרעטן פֿאַר אים און געבעטן:

— עס שטייט געשריבן: „מלך ביפֿיו תחזינה עיניך“ — און ווער איז אַ גרע־סערער קעניג פֿון רבין? לאָז אונדז מיטקומען מיט דיר צו דײַן מוטערס שטוב, כּדי מיר זאָלן זען ווי דו ביזט מקיים די מצוה פֿון כּבוד אם און מיר זאָלן זיך אָפּלערנען פֿון דיר.

און דער רבי האָט באַוויליקט.

און דאָס הויז פֿון דער מוטער פֿון מײַן רבין איז געשטאַנען בײַם וועג, וואו מען קומט אַרויס פֿון דער שטאָט, וואו עס גייען דורך די פּוסגייער און עס פֿאָרן אַדורך די וועגענער, כּדי זי זאָל די ערשטע מקיים זײַן די מצוה פֿון הכנסת אורחים, ווען אַ פֿרעמדער קומט אין שטאָט אַרײַן. וואָרעם די מוטער פֿון מײַן רבי איז אַ גאַטס־פֿאַרכטיקע פֿרוי.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען צווישן קרומע געסלעך אַדורכגעגאַנגען, זײַנען מיר אַרויסגעקומען אויפֿן פֿרײַען פֿעלד אין דרויסן, האָבן מיר בײַם ראַנד פֿון באַרג דערזען אַ ליכטל אַרויסשײַנען דורך דער עפֿענונג פֿון אַ טיר. און דער רבי האָט געזאָגט:

— דאָס איז דאָס הויז פֿון מײַן מוטער!

אונדזער רבי האָט גענומען אונדז ביידע, שמעון בר־יונה און מיך, זײַן קלענסטן תּלמיד, און אַרײַנגעשיקט צו זײַן מוטער אין הויז, אָנצוזאָגן די בשׂורה פֿון זײַן אָנקומען. וואָרעם מען באַדאַרף נישט איבעראַשן פּלוצלינג, נאָר מען באַדאַרף

אַנזאָגן דאָס קומען. מיר זײַנען אַרײַן אינעווייניק אין שטוב און מיר האָבן אָנגע־טראָפֿן די מוטער מיט אירע זין און טעכטער זיצן אַרום טיש, און זיי האָבן געגעסן דאָס געדעכטע ברויט פֿון אַרבעטער. עס איז געווען די שעה, ווען דער טאָג־אַר־בעטער עסט זײַן אָוונטברויט. און מיר האָבן זיך פֿאַרבויגן און מיר האָבן געזאָגט:

— שלום צו אײַך!

און די מענטשן האָבן געקוקט אויף אונדז מיט פֿאַרוואונדערונג און געפֿרעגט נאָך אונדזער קומען. און מיר האָבן געזאָגט:

— געשיקט זײַנען מיר פֿון אײַער זון און ברודער, ער זאָגט אָן דורך אונדז זײַן אָנקומען און ער אַליין שטייט אין דרויסן הינטער אײַער טיר.

צום ערשט זײַנען אַלע געבליבן זיצן בײַ זייער ברויט און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן פֿאַר איבערראַשונג. נאָר עס האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון זײַנע שוואָגערס: „נאָך וואָס איז ער געקומען? כּדי ווידער צו פֿאַרפֿינצטערן אונדזער פּנים אין די אויגן פֿון די מענטשן פֿון דער שטאָט?"

אָבער די מוטער האָט זיך אויפֿגעהויבן און האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט און האָט געזאָגט:

— וואו איז מײַן געליבט קינד, אַז איך זאָל אים קאָנען אַרומנעמען?

און זי האָט גענומען דעם אייל־לאָמפּ פֿון טיש און האָט זיך געשטעלט אויף דער שוועל פֿון דער שטוב און גערופֿן אין דער נאַכט אַרײַן:

— תּנוקי, תּנוקי!

און דער רבי האָט איר אָפּגעענטפֿערט:

— אמי, אמי! — און ער איז צוגעגאַנגען צו איר און געבויגן זיך פֿאַר איר און געזאָגט: — מוטער, קרוין פֿון מײַן קאָפּ, שלום צו דיר!

און זי האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— מײַן ערשט־געבוירענער, שלום זאָל זײַן צו דײַן אַהיימקומען!

און ער האָט זײַן מוטער מחבק ומנשק געווען און איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, און מיר, זײַנע תּלמידים, נאָך אים.

און דאָס הויז פֿון זײַן מוטער איז געווען נישט גרויס און נישט גרוימיק, וואָ־רעם עס האָט זיך געפֿונען אין אים די ווערקשטעל פֿון דער סטאָליערײַ. און עס איז געווען, ווען אונדזער רבי האָט פֿאַרלאָזט די שטוב אָנצוהויבן דאָס ווערק פֿון גאָט, אַזוי האָט זײַן ברודער יעקבֿ איבערגענומען פֿאַר אים די מלאָכה פֿון סטאָ־ליערײַ, כּדי מפֿרנס צו זײַן דאָס הויז־געזינד, ווי עס ווערט געזאָגט: „גרויס איז די מלאָכה, זי באַערט דעם, וואָס פֿירט זי אויס".

און יעקבֿ האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט און האָט זיך געבויגן פֿאַר זײַן ברודער און האָט געזאָגט:

— זײַ געגריסט צו דײַן אַהיימקומען, מײַן רבי און מײַן עלטסטער ברודער! איז נאָר שלום מיט דיר?

און אונדזער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט:

— שלום איז מיט מיר, מײַן פֿאָטער אין הימל איז געווען מיט מיר די גאַנצע צײַט. איז נאָר שלום מיט אײַך, מײַנע ברידער?

יעקבֿ און די איבעריקע ברידער האָבן אים אָפּגעענטפֿערט: „שלום!"

נאָר די שוואָגערס, די מענער פֿון זייערע שוועסטער, האָבן זיך אויפֿגעהויבן און פֿאַרלאָזט דאָס הויז, וואָרעם זיי זײַנען געווען בייז אויף אים.

און די מוטער האָט געזאָגט צו אירע זין:

— גייט און ברענגט וואַסער און וואַשט די אורחים זייערע הענט און פֿיס, איך וועל גיין פֿאַרברייטן פֿון דעם בעסטן וואָס געפֿינט זיך אין מײַן שטוב, אַ גע־ריכט פֿאַר דיר און פֿאַר די אורחים, וועלכע זײַנען געקומען מיט דיר, וואָרעם איר מוזט זײַן הונגעריק און דורשטיק און מיד פֿון וועג.

מײַן רבי האָט געענטפֿערט און געזאָגט:

— איך בעט דיך, פֿאַרלאָז אונדז נישט, נײַערט בלײַב דאָ מיט אונדז, זאָלן מײַנע אויגן זיך אָנזעטיקן מיט דײַן אָנבליק, וואָרעם לאַנג איז שוין ווי איך האָב דײַן פּנים נישט געזען, זאָלן די ברידער אַנגרייטן דאָס אָוונטברויט, אויך די מענטשן וועלכע זײַנען מיט מיר וועלן זיי צוהעלפֿן אין קאַמער בײַם פֿײַער, וואָ־רעם מײַנע תּלמידים זײַנען זיי, און עס איז אַ מצווה פֿון תּלמידים משמש צו זײַן זייער רבין, און זיי זײַנען געניט דערין.

און די מוטער האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— זאָל מען אָנצינדן אַלע אייל־לאָמפּן, וואָרעם ווי שבת איז הײַנט בײַ מיר. איך האָב אויפֿבאַוואָרט אין דער קאַמער, אין דער קירביס־פֿלאַש, גוטן אייל, וואָס כ׳האָב באַהאַלטן ביז מײַן זון וועט צוריקקומען. גייט און ברענגט אויך דאָס קריגל מיט האָניק, און גייט אין שטאַל און מעלקט אויס די שאָף, און זאָל מען מאַכן אַ געריכט פֿון אַרבעס און גרינס, און דערלאַנגט פֿלעצלעך צום טיש, וואָרעם עס איז אַ גרויסער יום־טובֿ בײַ מיר הײַנט, מײַן זון איז געקומען אַהיים!

און מיר זײַנען געגאַנגען אויספֿירן דער מוטערס געבאָט, און מיר האָבן אָנגע־צונדן אַ פֿײַער אין דעם אויוון וואָס איז געווען אויפֿן הויף, און געשטעלט זיך אָפּ־קאָכן דאָס געריכט. און די ברידער האָבן זיך אויפֿגעהויבן און איבערגעלאָזט די מוטער מיט איר עלטסטן זון אַליין. וואָרעם לאַנג איז די צײַט, וואָס ער האָט פֿאַר־לאָזט דער מוטערס הויז, און זיי האָבן געגאַרט צו זײַן אַליין און צו רעדן צווישן זיך.

אָבער איך בין געשטאַנען און האָב אַרײַנגעקוקט דורך אַ שפּאַלט פֿון דער טיר, און בײַם שײַן פֿון לעמפּל האָב איך געזען, ווי דאָס פּנים פֿון דער מוטער האָט גע־שײַנט פֿון גרויס גליק, אָבער אירע אויגן זײַנען געווען טרויעריק און פֿײַכט פֿון טרערן, און זי האָט געקוקט אויף איר קינד מיט אַ ווייטאָגדיקן בליק. די הויט פֿון איר פּנים איז געווען געררונצלט ווי אַ בלאַט אין האַרבסט, און פֿול מיט קנייטשן פֿון זאָרג און פּײַן; איר פּנים איז געגליכן געווען צום ספֿר איוב; בלויז אירע אויגן האָבן אַרויסגעשײַנט דערפֿון מיט דעם געזאַנג פֿון „שיר השירים״, ווען זי האָט געקוקט אויף איר ערשט־געבוירענעם, און אירע ליפּן האָבן געציטערט, אַזוי אויך די אָדערן אויף איר דאַרן האַלדז, און זי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— מײַן זון, איך בין געווען מיט דיר אין אַלע נויטן.

און ער האָט געהאַלטן איר אויסגעאַרבעטע רעכטע האַנט אין זײַנע און האָט געזאָגט:

— מײַן מוטער, איך האָב עס געוואוסט.

און זי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— מײַן האַרץ איז שטענדיק אומרואיק װעגן דיר. מענטשן זײַנען געקומען פֿון כּפֿר־נחום און פֿון אַנדערע ערטער און האָבן פֿאַרציילט װאונדערלעכע זאַכן פֿון דיר. מײַן האַרץ האָט געצאַפּלט צװישן האָפֿענונג און שרעק: ביסט אָפּט מאָל אין גרױס בױט געװען, מײַן קינד.

— גאָט, מײַן פֿאָטער, איז געװען מיט מיר.

און די מוטער האָט זיך אָנגערופֿן:

— געפֿערלעך איז דער װעג אױף װעלכן דו גייסט, מײַן זון. מײַן האַרץ איז שװער. אָפּט מאָל װערסטו פֿאַרשװאונדן פֿון מיר און איך זע נישט װאוהין דו גייסט. גאָט זאָל זיך מרחם זײַן אױף דיר און זאָל נישט אָפּטאָן פֿון דיר זײַן חסד.

און מײַן רבי האָט געהאַלטן די רעכטע האַנט פֿון זײַן מוטער אין זײַנער און האָט געזאָגט:

— זײַ רואיק מוטער, אַלץ איז פֿון גאָט און פֿאַר זײַן כּבֿוד װעגן.

— מײַן קינד, איך װײס, אַז דער חסד פֿון גאָט רוט אױף דיר, באַװאַכט דיך טאָג און נאַכט, און דאָס איז מײַן שטאַרקייט און מײַן טרייסט.

אָבער מײַן רבי האָט זיך אָנגערופֿן:

— אָבער זאָג מיר, װאָס איז מיט דיר, מוטער? װי גייט עס בײַ דיר אין שטוב?

— איך בין אַן אַלטע פֿרױ. דײַן פֿאָטער איז טױט, דײַן ברודער יעקב האָט איבערגענומען די מלאכה און איז מפֿרנס דאָס הױזגעזינד מיט נױט און שפּאָר־זאַמקייט. די קינדער זײַנען אָבער קליין און באַדאַרפֿן אַ ברודערס האַנט, װאָס זאָל זײ פֿירן אין רעכטפֿאַרטיקן װעג, און דו ביסט דער עלטסטער, דו באַדאַרפֿסט זײ מדריך זײַן אין ייִדישן װעג, און דו האָסט פֿאַרלאָזט דאָס הױז, מײַן קינד!

און מײַן רבי האָט אָפּגעענטפֿערט און געזאָגט:

— מײַן ערדישער פֿאָטער איז טױט, אָבער מײַן הימלישער פֿאָטער לעבט, און ער האָט מיך גערופֿן צו פֿאַרריכטן זײַן װערק און צו פֿירן זײַנע קינדער אין רעכטפֿאַרטיקן װעג. יעקב קאָן מיך פֿאַרטרעטן אין דער שטוב, ער איז אַ פֿרומער ייִד!

— מײַן קינד, װען איך הער דיך רעדן אַזױ, װערט מײַן האַרץ צעגאָסן פֿאַר שרעק. װער ביסטו דאָס, אייגנטלעך, מײַן קינד? איך קען דיך אַליין נישט.

און מײַן רבי האָט געהאַלטן דער מוטערס רעכטע האַנט אין זײַנער און געזאָגט:

— זײַ רואיק, מײַן מוטער! און זאָל דײַן האַרץ אָנגעפֿילט װערן מיט פֿרייד, װי אַ טרױב מיט װײַן אין האַרבסט־צײַט. עס װעלן זיך בענטשן מיט דיר די פֿעלקער פֿון דער װעלט, צו רחל װעסטו זײַן געגליכן, און מיט שׂרה און רבֿקה, די הייליקע אמהות, װעט דײַן טייל זײַן...

און די מוטער האָט געװישט די טרערן פֿון אירע אױגן מיט איר שירץ און געזאָגט:

— גאָט זאָל דיך אַזױ טרייסטן, װי דו האָסט דײַן מוטער געטרייסט. אָבער איצט לאָז מיך, מײַן קינד, זײ באַדאַרפֿן מײַן הילף אין דער קאַמער און בײַם פֿײַער. גיי צו די כּלים, װאַש דײַנע הענט און פֿיס, און זאָלן דײַנע לײַט, װאָס זײַנען מיט דיר, װאַשן זײַערע הענט און קומען צום טיש, װאָרעם הונגעריק און דורשטיק מוזט איר זײַן.

און ווי זי האָט געזאָגט די דאָזיקע רייד, אַזוי האָט זי פֿאַרלאָזט דעם זון, און איז געגאַנגען צו די כּלים אין שטוב. אָבער אויפֿן וועג האָט זי פֿאַר לויטער פֿרייד פֿאַרלוירן איין סאַנדאַל פֿון אירע פֿיס. און ווי מײַן רבי האָט דאָס געזען, אַזוי האָט ער געאײַלט צו איר, געבויגן זיך צו דער ערד פֿאַר איר און אויסגעשפּרייט זײַנע הענט און געזאָגט:

— מוטער, טרעט אויף מײַנע הענט, און שטעל נישט דײַן נאַקעטן פֿוס אויף דער ערד.

אָבער די מוטער האָט געזאָגט:

— מײַן קינד, איך וועל נישט טון צו דערנידעריקן דײַן כּבֿוד אַזוי פֿאַר מיר!

אָבער מײַן רבי האָט געזאָגט:

— מוטער, לאָז מיך מקיים זײַן די מצווה פֿון כּיבוד אם, ווי דמיה בן נתינה פֿון אשקלון האָט דאָס מיט זײַן מוטער געטון.

וואָרעם עס איז, נעמלעך, פֿאַראַן געוועזן אין דער שטאָט אשקלון אַ כּושי מיט דעם נאָמען דמיה בן נתינה, וועלכער איז זייער גרויס געוועזן אין דער מצווה פֿון כּיבוד אָב ואם — און די חכמים האָבן אים נישט געקאָנט נאָכטון און האָבן זיך אין אים זייער מתקנא געווען. און ווי ווײַט איז דערגאַנגען דער כּיבוד אם פֿון דמיה בן נתינה? אַזוי ווײַט איז ער דערגאַנגען: אַמאָלט איז ער געזעסן בײַ אַ סעודה מיט די גרויסע לײַט פֿון זײַן שטאָט, איז זײַן מוטער געקומען פֿאַר אים און האָט אים מחרף ומגדף געווען און האָט אויסגעטון איר סאַנדאַל און געשלאָגן איר זון מיט אים, וואָרעם זי איז חסר דעה געווען. דער זון האָט אָבער נישט געוואָלט פֿאַר די גרויסע לײַט זײַן מוטער פֿאַרשעמען, האָט ער זיך געלאָזט פֿון איר שלאָגן און געזאָגט: „מײַן מוטער, איז מײַן שטראָף שוין גענוג?" און עס איז געווען, ווען דער סאַנדאַל, מיט וועלכן זי האָט געשלאָגן איר זון, איז איר פֿון דער האַנט אַרויסגעפֿאַלן, האָט דמיה בן נתינה פֿון דער ערד דעם סאַנדאַל אויפֿגעהויבן און זײַן מוטער אים דערלאַנגט, כּדי זי זאָל זיך נישט באַדאַרפֿן אַראָפּבייגן צו דער ערד אים אַליין אויפֿצוהייבן.

ווען איך האָב געזען, ווי מײַן רבי האָט זײַן מוטער כּבֿוד אָפּגעגעבן, האָב איך מיך זייער דערפֿרייט, וואָס מײַן רבי האָט אין דער מצווה פֿון כּיבוד אם איבערגעשטיגן דעם כּושי דמיה בן נתינה פֿון אשקלון.

## VII

מיר האָבן געוואַשן אונדזערע הענט און געזעצט זיך צום טיש. דער טיש, וואָס איז געגליכן צום מזבח פֿון גאָט, איז בײַ מײַן רבינס מוטער אָפּגעהיטן געוואָרן מיט גרויס ריינקייט און אויפֿגעפּאַסט געוואָרן מיט אַלע דינים. לויט די יאָרן האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אַרום טיש, די מוטער אויבנאָן, לעבן איר דער עלטסטער זון, און די איבעריקע ברידער לויט די יאָרן נאָך. אויך מיר, אורחים, זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן מיט גרויס כּבֿוד, און מיר זײַנען געזעסן אויף דער צווייטער זײַט פֿון דער מוטער. דער רבי האָט געבענטשט איבערן ברויט און אײַנגעטונקען זײַן ברויט אין זאַלץ. נאָך אים האָבן מיר אַלע אײַנגעטונקען אונדזער ברויט אין זאַלץ, אַזוי ווי דער דין איז: צום ערשט דער עלטסטער און

דערנאָך די איבעריקע לויט די יאָרן. און אַזוי איז אויך געווען מיט דער קערה. צום ערשט האָט דער עלטסטער איינגעטונקען זײַנע פֿינגער אין דער קערה מיט געקעכץ, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש, און אַלע לויט די יאָרן — נאָך אים. נאָך דעם ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן און אָפּגעוואַשן אונדזערע הענט אין וואַסער, האָבן מיר גאָט געבענטשט, וואָס ער האָט אונדז געזעטיקט און מיר האָבן נאָך איבערגעלאָזן שפּײַז.

און די מוטער האָט פֿאַר אונדזער רבי פֿאַרגעברייט אַ געלעגער אויפֿן דאַך־שטיבל, דאָרט וואו ער פֿלעגט נעכטיקן בשעת ער איז נאָך געווען אין דער היים. דער רבי האָט גענומען זײַן נאַכטלאָמפּ און האָט געזאָגט צו זײַן מוטער „שלום״, אַזוי אויך צו זײַנע ברידער און צו אונדז, זײַנע תּלמידים. און ער איז אַרויפֿגעגאַנגען אין זײַן דאַך־שטיבל, וואָרעם ער איז מיד געווען פֿון וועג און פֿון דער עבודה. און מיר זײַנען איבערגעבליבן מיט זײַן מוטער און זײַנע ברי־דער אין שטוב.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען געבליבן מיט זײַן מוטער און זײַנע ברי־דער אַליין, אַזוי זײַנען מיר, שמעון בר־יונה און איך, צוגעגאַנגען צו זײַן מוטער און מיר האָבן זיך געבויגן פֿאַר איר, און מיר האָבן צו איר געזאָגט:

— געבענטשטע פֿון די פֿרויען, געבענטשט זאָל זײַן דײַן בויך, פֿון וועלכן עס איז געבוירן געוואָרן דאָס ליכט פֿון ישׂראל. אויך אונדזער מוטער ביסטו. די מוטער פֿון רבין איז אויך די מוטער פֿון זײַנע תּלמידים. ווי עס ווערט געזאָגט: „דער וואָס לערנט מיט וועמען תּורה, איז געגליכן, ווי ער וואָלט אים געבוירן״. פֿאַרצייל אונדז פֿון דער טואונג פֿון דײַן זון ביז איצט, כּדי מיר זאָלן וויסן ווער אונדזער רבי איז.

און די מוטער האָט זיך געזעצט מיט אונדז אויף דער שוועל פֿון דער טיר, און בײַם ליכט פֿון די שטערן האָט זי אונדז פֿאַרציילט:

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן און וואָס זאָל איך אײַך פֿאַרציילן, תּלמידים פֿון מײַן זון? געלויבט צו גאָט, וואָס איך האָב זוכה געווען דערצו! פֿון אָרעמען פֿאָלק קומען מיר און מיט דעם געמיינעם מאָן זיצן מיר, פֿון בעל־מלאכה־שטאַנד שטאַ־מען מיר אָפּ. און עס איז געווען, ווען איך בין טראָגעדיק געוואָרן מיט מײַן זון, אַ פֿרייד האָט אָנגעפֿילט מײַנע ברוסטן, איך האָב געוואוסט, אַז עפּעס גרוי־סעס האָט גאָט מיט מיר פֿאַר, און איך האָב געבעטן צום פֿאָטער אין הימל און געזאָגט: „ווען דו וועסט באַווילִיקן און דײַן דינסטמויד וועט אַ זון געבוירן, דיר שענק איך אים, ווי חנה האָט מיט שמואלן געטון!״ און ווען עס איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל געבוירן, האָט מײַן מאַן גענומען מיך, זײַן ווײַב, און זײַנע גרינגע הויז־זאַכן, און מיר האָבן געצויגן קיין בית־לחם אין אפֿרת, וואָס איז אין יהודה, וואָרעם פֿון דאָרט קומען מיר צו גיין. און ווען מען האָט געפֿירט די ציילונג אין לאַנד, האָבן מיר זיך געמוזט שטעלן יעדער איינער אויף זײַן צוגעשריבן אָרט. און די שטאָט בית־לחם איז געווען איבערפֿולט מיט לײַט, וואָרעם אַלע, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער שטאָט, האָבן זיך געמוזט שטעלן אויפֿן אָרט. קיינער האָט אונדז אין דער שטוב נישט אַרײַנגענומען, און מיר האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן מיט אַנדערע אָרעמעלײַט אין אַ הויף פֿון אַ גאַסטהויז. מײַן מאַן איז געגאַנגען פֿאַרדינען בײַ אַ סטאָליער דאָס טעגלעכע ברויט. אָבער ווען

עס איז געקומען די צײַט פֿאַר מיר צו גיין אויף דער בראָכשטול, אַזוי האָט מײַן מאַן גערעדט מיט די שעפֿער־לײַט, וואָס האָבן געפֿיטערט די שאָף הינטער דער שטאָט, אַז זיי זאָלן מיך לאָזן אָפּליגן מײַן קינד אין שטאַל, וואו זיי האַלטן די יונגע שאָף. וואָרעם עס איז געווען ווינטער אין לאַנד, און אַ גרויסע קעלט האָט געהערשט, און מיר האָבן זיך געפֿונען אויף דער גאַס, נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אָנידערצולייגן. די שעפֿער־לײַט האָבן רחמנות געקראָגן אויף אונדז, זיי זײַנען געווען גוטע לײַט און מורא געהאַט פֿאַר גאָט. און זיי האָבן געמאַכט אַ ווינקל פֿאַר מיר אין שטאַל צווישן די שאָף, אויסגעשפּרייט אַ ביסל טרוקן שטרוי און היי, עס זאָל מיר וואָרעם זײַן. מען קאָן זיך פֿאַרשטעלן מײַן געמיט און ווי עס איז מיר געווען אויף דער נשמה, איך האָב דענסטמאָל אויסגעלייגט מײַן צעבראָכן האַרץ פֿאַר גאָט און געזאָגט: „דו אַליין זעסט מײַן שאַנד — צווישן שאָף אין שטאַל זאָל איך מײַן ערשט־געבוירענעם אָפּלייגן, ווי אַ בהמה". און מײַן מאַן איז געזעסן לעבן מיר און האָט מיך געטרייסט: „זײַ נישט באַטריבט, ווײַב, אויך אין שטאַל צווישן שאָף קאָן געבוירן ווערן אַ העלפֿער אין ישׂראל. איז דען נישט אונדזער קעניג און פֿאָטער דוד המלך אַ שעפֿער געווען און איז געבוירן געוואָרן אין דער דאָזיקער שטאָט, און האָט נישט גאָט אים פֿון אונטער די שאָף אָפּגענומען, און אַז ער זאָל אַ קעניג זײַן אין ישׂראל? ווער ווייסט, מײַן ווײַב, אפֿשר וועט דײַן קינד אויך אַ קעניג זײַן — פֿון דוד המלך קומט ער אַרויס!..." און נאָך אַזעלכע ענלעכע טרייסט־ווערטער האָט מיר מײַן גוטער מאַן געזאָגט. און עס איז געקומען די צײַט פֿאַר מיר, אַז איך זאָל גיין אויף דער בראָכשטול, אַזוי איז קיינער נישט געווען מיר צו העלפֿן, נאָר מײַן מאַן אַליין. אָבער גאָט האָט געזען מײַן נויט, און איז מיר געקומען צוהילף. אַ גרויס ליכט איז אויפֿגעגאַנגען אין מײַנע אויגן, איך האָב באַשײַנפּערלעך געזען, ווי גאָט האָט געוואָלט מײַן פֿינצטערניש באַלײַכטן און מײַן געפֿאַלנקייט דערהייבן, ער האָט גרויסע לייכטער אָנגעצונדן איבער מײַן געלעגער, די ליכטיקע לבֿנה און גרויסע שטערן האָבן אַרײַנגעקוקט צו מיר דורך דעם אָפֿענעם דאַך, און עס איז געווען ווי זיי וואָלטן מיך געטרייסט. און אַ שטילקייט איז געווען אַרום מיר, אַזוי, אַז מײַן האַרץ האָט אַזש געציטערט אין מיר, און אַ גרויסע אימה איז מיך באַפֿאַלן. מען איז דאָך נאָר אַ זינדיק ווײַב און גאָטס תּורה נישט געלערנט, נאָר עס איז מיר פֿאָרגעקומען, ווי די הימלען האָבן זיך באַדעקט מיט גרויס כּבֿוד, און דער שלום און דער גוטער ווילן האָט אַראָפּ־גענידערט און געקומען צו די מענטשן מיט מײַן קינדס געבוירן. און איך האָב זיך אָנגערופֿן צו מײַן מאַן: „איך ווייס נישט, וואָס עס איז מיט מיר, נאָר איך זע אַזוי פֿיל ליכט, און איך הער אַ געזאַנג דערגייט צו מיר, און גוטע געשמאַקן, ווי פֿון גן־עדן אַרויס, נעמען מיך אַרום". און מײַן מאַן האָט געזאָגט: „דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל דײַן האַרץ איז שווער געווען, און גאָט האָט געזען אונדזער שאַנד און האָט דיך געטרייסט — דו האָסט געבוירן אַ זון!" — אָבער פֿאַרוואָס איז אַזוי ליכטיק אַרום מיר, עס זעט זיך מיר אויס, ווי די לבֿנה און די שטערן וואָלטן געקומען צו מיר אין שטאַל אַרײַן מיך צו באַגריסן? — זאָג איך נאָך צו מײַן מאַן, וועלכער העלפֿט מיר נעבעך אויף דער בראָכשטול אָפּצונעמען דאָס קינד. „עס איז אַ גוטער סימן, מײַן ווײַב, וואָס דו זעסט ליכט. דאָס באַ־

דײַט — אַ ליכט איז געבוירן געוואָרן אין ישׂראל!" — און ער טוט מײַן ערשט־געבוירענעם אין מײַנע אָרעמס לייגן און דעקט מיך צו מיט אַ האָר־מאַנטל. און די יונגע שאָף און די רינדער טוען זיך דריקן אַרום מײַן געלעגער און לעקן מיר מיטן קינד מיט זייערע צונגען די פֿיס און די הענט, און דעקן אונדז צו מיט זייער פֿעל, ווי זיי וואָלטן אונדז וואַרעמען געוואָלט. וואָרעם קאַלט איז בײַ מיר אין שטאַל געווען. און מײַן מאַן זאָגט צו מיר: „זע, מײַן ווײַב, אַפֿילו דאָס פֿי קומט זיך פֿרייען מיט דיר!" און ער מאַכט מיר באַקוועם און ער טרייסט מיך און שטילט מיך אײַן און זאָגט צו מיר: „אויך אונדזערע אבות זײַנען געווען שעפֿער־לײַט, און פֿון די שאָף אַוועק האָט גאָט גערופֿן משהן אַז ער זאָל אַרויס־פֿירן די ייִדן פֿון מצרים. דורכדעם, מײַן ווײַב, זאָלסטו גאָרנישט זײַן געפֿאַלן בײַ דיר, וואָס דו האָסט געבוירן דײַן זון צווישן די שאָף!..." אַזעלכע מין טרייסט־ווערטער האָט דענסטמאָל גערעדט צו מיר מײַן מאַן.

„און אויך די גוטע שעפֿער־לײַט, וואָס זײַנען געווען בײַ זײַערע טשערעדעס, זײַנען געקומען פֿון פֿעלד אַראָפּ מיך צו באַגריסן און באַקוועם מיר צו מאַכן, און זיי האָבן מיר געבראַכט אַ קריגל מילך און אַ שטיקל ברויט, און געשטעלט עס פֿאַר מיר. און זיי האָבן צו מיר געזאָגט: „שלום צו דיר, מוטער אין ישׂראל, גאָט מוז מיינען מיט דיר גוט, וואָרעם עס איז זייער אַ ליכטיקע נאַכט אין דרויסן, וואָס אַזעלכעס האָבן מיר נאָך נישט געזען. די שטערן שײַנען גרויס, און די לבנה איז אין פֿולן ליכט, און פֿון די בערג קוקן אַראָפּ די קאַפּלען מיט שניי. נישט אַנדערש, נאָר אַ ליכט האָט זיך אָנגעצונדן אין ישׂראל!"

„און איך האָב זיי געזאָגט:

„פֿיל דאַנק אײַך, שעפֿער־לײַט, פֿאַר די גוטע רייד.

„זיי האָבן צוגעדעקט מײַנע פֿיס מיט שעפּסן־פֿעל, וואָרעם עס איז געווען קאַלט בײַ מיר אין שטאַל. עס איז געווען ווינטער אין לאַנד, און די שעה פֿון נויט האָט זיך פֿאַרוואַנדלט פֿאַר מיר אין אַ גרויס גליק.

„און מיר זײַנען געזעסן דאָרט מיט די גוטע שעפֿער־לײַט, ביז עס איז גע־קומען די צײַט איך זאָל אַרײַנברענגען מײַן קינד אין דעם ברית פֿון אַבֿרהם אבינו, און מיר האָבן גערופֿן זײַן נאָמען ישוע אין ישׂראל, דאָס הייסט — אַ הילף צו ישׂראל זאָלסטו זײַן. און מײַן מאַן האָט גענומען מיך, זײַן ווײַב, זײַן ערשט־געבוירענעם, און אַלץ, וואָס האָט באַלאַנגט צו אים, און מיר זײַנען אויפֿ־געגאַנגען קיין ירושלים, דער הייליקער שטאָט, אויף אונדזער וועג אַהיים, וואָרעם עס איז געקומען די צײַט צו ברענגען מײַן קרבן פֿון ריינקייט און צושטעלן מײַן קינד פֿאַרן כהן פֿון גאָט, צו געבן פֿאַר אים אַן אויסלייז.

„איך האָב געבראַכט דעם קרבן פֿון אַן אָרעמאַן אויפֿן מזבח פֿאַר מײַן ריינ־קייט, טירלקטויבן צוויי, און מײַן מאַן האָט גענומען מײַן ערשט־געבוירענעם זון אין איין האַנט און פֿינף שקלים זילבער, אין דער וואָג פֿון צדון, אין דער צווייטער האַנט, און האָט זיך געשטעלט פֿאַרן כהן. און דער כהן האָט אים געפֿרעגט: „וואָס ווילסטו אָפּגעבן צו גאָט, דײַן זון אָדער די פֿינף שקלים — פֿאַר אַן אויסלייז פֿון דײַן בכור, וואָס געהער צו גאָט, ווי משה האָט אונדז געלערנט?" און עס איז געווען, ווי מײַן מאַן האָט דעם כהן איבערגעגעבן די פֿינף שקלים אַלס אויסלייז, אַזוי האָט דער כהן גענומען דאָס אויסלייז־געלט. אָבער דערבײַ איז

געשטאַנען אַ פֿרומער מאַן, און שמעון איז געווען זײַן נאָמען, און מען האָט אים געקענט אין גאַנץ ירושלים פֿאַר אַ גערעכטן, וואָס דער רוח־הקודש רוט אויף אים. און דער פֿרומער מאַן האָט גענומען דאָס קינד פֿון זײַן פֿאָטערס הענט און עס אויפֿגעהויבן אין דער הויך און געזאָגט: „אפֿשר איז דאָס משיח? איך דאַנק דיר גאָט, וואָס איך האָב געזען דעם העלפֿער פֿון ישׂראל!" — און אונדז האָט גע־וואונדערט זײַנע רייד. און עס איז געווען דערנאָך, ווען איך האָב דאָס פֿאַרציילט די מוטערס, וואָס זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט אין הויף פֿון די ווײַבער, וועלכע זײַנען געקומען אויסלייזן זייערע ערשט־געבוירענע בײַם כּהן, וואָס דער וואונ־דערלעכער מאַן האָט געזאָגט אויף מײַן זון, אַזוי האָבן זיי געזאָגט: „ער האָט עס אויך מיט אונדזערע ערשט־געבוירענע זין געטון!" — ווײַל דער מאַן וואַרט אויף דעם דערלייזער פֿון די ייִדן, און ער האָט גאָט געבעטן, אַז ער זאָל נישט זען דעם טויט, ביז ער וועט נישט זען פֿריִער דעם משיח פֿון די ייִדן. און ער שטייט און וואַרט אָפּ אַ גאַנצן טאָג בײַם כּהן, און יעדעס נײַ־געבוירענע קינד, וואָס מען ברענגט פֿאַרן פּדיון הבן צום כּהן, הייבט ער אויף אין זײַנע הענט און פֿרעגט: „אפֿשר איז דאָס משיח?" — ווײַל פֿון יעדער ייִדישער מוטער קאָן געבוירן ווערן משיח, דער דערלייזער פֿון די ייִדן.

„און מײַן מאַן האָט גענומען דאָס הויזגעזינד, און מיר האָבן אַוועקגעצויגן אין אונדזער היים.

„און מײַן קינד איז געוואַקסן מיט גאָט. און קוים האָט ער נאָר געקאָנט שטאַמלען, אַזוי האָב איך אים געלערנט „שמע" זאָגן, כּדי מקיים צו זײַן וואָס עס שטייט געשריבן: „פֿון מויל פֿון שטאַמלענדיקע און זייגנדיקע (מפּי עוללים ויונקים) לויבן דיך, גאָט". און ווען ער איז נאָך געווען בײַ דער מוטערס ברוסט, האָב איך אים געוויזן די הייליקע שריפֿט, כּדי מקיים צו זײַן דעם פּסוק: „מיט דער מילך פֿון דער ברוסט..." און דאָס קינד איז געוואַקסן אין חסד פֿון גאָט, און עס האָבן זיך געבענטשט מיט אים די מוטערס פֿון שטאָט, ווײַל ער איז געווען שיין צום אָנזען, די שכינה פֿון גאָט האָט גערוט אויף אים און ער האָט געפֿונען לײַטזעליקייט אין די אויגן פֿון גאָט און לײַט.

„און ווען מײַן זון איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, אַזוי האָט אים זײַן פֿאָטער איינגעוויקלט אין אַ טלית און געטראָגן אים צום חזן פֿון בית הכּנסת צו לער־נען מיט אים, ווי מיט די אַנדערע קינדער פֿון שטאָט, תּורה. יעדן טאָג האָט ער אונדז אַהיימגעבראַכט זײַן פּסוק. און עס איז געווען, ווען מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש עסן, אַזוי האָט דער פֿאָטער געזאָגט: „זאָג מיר דײַן פּסוק, תּנוקי, וואָס דו האָסט געלערנט הײַנט אין בית הכּנסת". און ער האָט געזאָגט זײַן פּסוק: „דער אָנהייב פֿון דער חכמה איז די פֿליכט פֿאַר גאָט". און דער פֿאָטער האָט געלערנט מיט אים אין די אָוונטן און אין די שבתים, כּדי מקיים צו זײַן וואָס עס שטייט געשריבן: „איר זאָלט זי לערנען אײַערע קינדער". ער האָט געקאָנט לייענען אין דער הייליקער שריפֿט און געוואוסט פֿיל פּסוקים פֿון אויסנווייניק. און עס איז געווען, אַז עס האָט אים ווער געטראָפֿן אין גאַס און געזאָגט צו אים: „ייִנגל, זאָג מיר דײַן פּסוק!" — אַזוי האָט ער אים גע־זאָגט דעם פּסוק, וואָס ער האָט געלערנט דעם טאָג.

„איין מאָל איז געווען אַ גרויס טרוקעניש אין לאַנד, די תּבֿואות אויף די פֿעלדער זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן, און מענטש און בהמה האָבן געלעכצט נאָך וואַסער, וואָרעם אַלע ברונעמער זײַנען אויסגעטריקנט געווען, אַזוי זײַנען געגאַנגען די עלטסטע פֿון שטאָט צו אַ תּלמיד חכם, וואָס האָט געוואוינט אין פֿעלד, און דער תּלמיד חכם איז געווען באַרימט פֿאַר אַ פֿרומען און גערעכטן מאַן, און זײַן וואָרט טראָגט געוויכט בײַ גאָט. און עס איז געווען, ווען דער תּלמיד חכם איז אין די פֿאַרנאַכטן פֿון דער אַרבעט אין פֿעלד אַהיימגעקומען, אַזוי זײַנען אים די עלטסטע פֿון דער שטאָט נאָכגעגאַנגען און אים געבעטן: „זײַ מתפּלל פֿאַר אונדז אויף רעגן, וואָרעם אונדזערע תּבֿואות ווערן פֿאַרברענט אויפֿן פֿעלד, און מיר וועלן נישט האָבן וואָס אײַנצוזאַמלען אין אונדזערע שײַערס אויפֿן ווינטער, און אונדזערע בהמות גייען אויס פֿאַר דורשט און ווערן פֿאַרשמאַכט". אָבער דער תּלמיד חכם האָט זיי געענטפֿערט און געזאָגט: „איבער אײַערע זינד שטראָפֿט אײַך גאָט אַזוי, ווײַל איר האָט אָפּגעקערט פֿון גערעכטן וועג". און ער האָט נישט געוואָלט בעטן, כּדי זיי זאָלן תּשובֿה טון. מײַן ייִנגל איז פֿון בית הכּנסת געקומען, און ווי ער האָט געזען, אַז דער תּלמיד חכם וויל נישט בעטן אויף רעגן, אַזוי האָט זיך מײַן ייִנגל געטראַכט: שטייט דען נישט געשריבן: 'ווען ס'איז מיר ענג, רוף איך צו גאָט', און שטייט דען נישט געשריבן: ‚ווי אַ פֿאָטער איז זיך מרחם אויף זײַנע קינדער, אַזוי איז זיך גאָט מרחם אויף די, וואָס האָבן פֿאַר אים מורא'... און ווײַל ער נישט בעטן, וועל איך עס טון.

„און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בעטן צו גאָט, און גאָט האָט געהערט מײַן ייִנגלס געבעט, און די הימלען האָבן זיך באַדעקט מיט וואָלקנס, און דער רעגן איז געקומען אין זײַן צײַט. און ווען מײַן זון האָט געזען, אַז גאָט האָט דערהערט זײַן געבעט, אַזוי האָט ער זיך דערשראָקן פֿאַר דער זאַך, און ער איז געקומען אַהיים און האָט עס מיר פֿאַרציילט. און איך האָב אויף אים אָנגעשריגן און געזאָגט: „וואָס רעדסטו דיר אײַן, מײַן קינד? גאָט האָט עס געטון אין זכות פֿון די אָרעמעלײַט". אָבער אין האַרץ האָב איך אָפּגעהיטן די זאַך.

„און עס איז געווען, ווען אונדזער עלטסטער זון איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, אַזוי האָט מײַן מאַן געזאָגט: עס איז צײַט, אַז דאָס ייִנגל זאָל אויפֿגיין מיט אונדז קיין ירושלים עולה־רגל זײַן, כּדי זײַנע אויגן זאָלן זען די פּראַכט פֿון ישׂראל — דאָס בית מקדש פֿון גאָט, — ווי אין פּסוק שטייט. און מיר האָבן גענומען אַ שעפּסל פֿון אונדזער אָרעמער סטאַדע, באַקראַנצט עס מיט איילבירטן־צווײַגן, און מיר זײַנען אויפֿגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַנדערע לאַנדסלײַט פֿון אונדזער שטאָט אויף פּסח קיין ירושלים. אויפֿן וועג האָבן מיר זיך אָנגעשלאָגן מיט לאַנדסלײַט פֿון אַנדערע שטעט, און מיר זײַנען געגאַנגען מיט געזאַנג אין אונדזער טאָל אין דער שיינער פֿרילינגס־צײַט. און מיר האָבן געזאָגט הלל און אַנדערע געזאַנגען פֿון תּהילים, און מיר האָבן זיך זייער געפֿרייט און דאָס ייִנגל — מיט אונדז, איבער דעם וואָס מיר וועלן באַלד זוכה זײַן צו זען די הייליקייט. און ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָבן מיר געזען די פּראַכט פֿון ישׂראל פֿון די בערג אַראָפּ — דאָס בית מקדש שײַנט ווי אַ זון אויפֿן הר־הבית; איז דאָס ייִנגל גאָר פֿריילעך געוואָרן, ווי ער וואָלט פֿליגל באַקומען, און ער האָט געוואָלט פֿליִען אַהין. אויפֿן הר־הבית האָט ער זיך געקענט אויס־און־

אײַן, װי ער װאָלט געװוען אײנער פֿון די פּרחי־כהונה, װי דאָס בית המקדש װאָלט זײַן הײם געװען. ער האָט געקענט אַלע לשכות, װאו עס זיצן די געלערנטע לײַט און משפּטן דאָס פֿאָלק, װאו עס האַלטן זיך אויף די כהנים בעת זײער רו, װאו עס זײַנען די קאַמערן פֿון אײל, די בגדי־כהונה און די אומצײליקע זײַטן־גענג און די געװעלבונגען אין די קאַמערן אונטער די דעכער. אויך האָט ער זיך אויפֿגעהאַלטן צװישן די זײַלן הינטער דעם בית מקדש, װאו עס געפֿינען זיך אָן אַ שיעור לײַט, װאָס קומען אויף יום־טוב קײן ירושלים. אין יעדער גרופּע איז ער געװען, בײַ יעדער משפּחה איז ער געזעסן, צוגעהערט זיך צו די רײד, װאָס דאָס פֿאָלק רעדט. זײַן אויער איז אָפֿן געװען פֿאַר יעדער קרעכץ, דורך זײַן האַרץ איז אַדורכגעגאַנגען יעדער װײ און יעדע פּײַן, װאָס דאָס פֿאָלק האָט אין ירושלים מיטגעמאַכט. עס איז דענסטמאָל געװען אַ שװערע צײַט פֿאַר ישׂראל. רוים האָט יהודה באַזעצט, און דאָס פֿאָלק האָט געמורמלט אויף דעם נײַעם כהן גדול, װעלכן רוים האָט באַשטימט. ער האָט געהאָלפֿן באַשװערן ישׂראל מיט פֿלערלײ שטײַערן. מען האָט גערעדט דענסטמאָל, אַז עס איז משיחס צײַטן, עס הערן זיך שוין זײַנע טריט, װאָרעם דאָס װאַסער איז שוין דערגאַנגען ביז צום האַלדז. דאָס פֿאָלק האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם שװערן יאָך, װאָס רוים און דער נײַער כהן גדול האָבן אַרויפֿגעלײגט אויף אים. אַ גרויס ביטער־גיש האָט זיך געטראָגן פֿון מויל צו מויל. און דער קלײנער איז אומעטום געװען, פֿון אַלעם האָט ער געװאוסט, צו אַלעם זיך צוגעהערט. בײַם שײנעם טויער איז געװען אַ גרויס אָנגעלויף. די רוימישע סאָלדאַטן, װעלכע זײַנען געשטאַנען אויס־געשטעלט צװישן די זײַלן אין דעם הויף פֿון די יידן, האָבן זיך געװאָרפֿן אויף די לײַט, װאָרעם מען האָט געזאָגט, אַז זײ בונטעװען זיך קעגן כהן גדול, װאָס איז אַ פֿרײַנד פֿון רוים. און די רוימער מיט די שװערדן אין די הענט האָבן געיאָגט דאָס פֿאָלק פֿון טויער ביז איבער דער בריק אין שטאָט אַרײַן. פֿיל זײַנען פֿון דער שװוערד אומגעקומען, נאָך מער זײַנען אומגעקומען אין געדראַנג, זײ זײַנען פֿון דער בריק אין טאָל געפֿאַלן. מײַן האַרץ איז צעגאַנגען פֿאַר אַנגסט; אויך מײַן קינד איז אין דער מענגע געװען, װער װײסט, װאָס עס איז געשען מיט אים! און איך האָב געבעטן אין מײַן האַרץ צו גאָט: „אונטער דײַן השגחה גיב איך אים איבער, דו װעסט אים פֿאַר אַ היטער זײַן!" באַלד איז מײַן ײנגל געקומען צו גײן צו אונ־דזער פֿאַמיליע־שטאַנד, װאָס מיר האָבן אין די קעלערן געהאַט. בײַם משפּחה־קרבן זײַנען פֿאַרזאַמלט געװען אונדזערע לאַנדסלײַט, לויטער נצרתער לײַט, — מיר האָבן זיך דאָ באַהאַלטן פֿאַרן צאָרן פֿון פֿײַנד. איך האָב מײַן קינד נישט דערקענט: זײַנע אויגן האָבן געפֿלאַמט, זײַן פּנים איז בלײך געװען. איך געדענק זײַן געשפּרעך מיט מיר ביזן הײַנטיקן טאָג: „פֿרעמדע זײַנען אין דײַן היכל גע־קומען..." — האָט ער געהאַלטן אין אײן איבערחזרן. — „מײַן זון, װאָס איז מיט דיר?" — ענטפֿערט ער מיר: „פֿאַרװאָס פֿאַרשפּעטיקט זיך משיח אַזױ?" — „זײַ רואיק, מײַן קינד, עס הערן זיך שוין זײַנע טריט, משיחס צײַטן זײַנען גע־קומען, אונדזערע צרות װערן געצײלט, אונדזערע טרערן געזאַמלט, באַלד װעט די מאָס זײַן פֿול!". — „װען װעט ער קומען, מוטער?". — „װען מיר װעלן זוכה זײַן. אפֿשר איז ער שוין דאָ מיט אונדז און װאַרט, ביז מיר װעלן צו דער ישועה זײַן גרײט, ביז מיר װעלן זיך צוריקקערן צו אונדזער גאָט מיט אונדזער גאַנץ

הארץ און מיר וועלן ווערן דערלייזט". — „וואו איז ער, דער דערלייזער, מוטער?" — אפשר ביסטו עס, מיין קינד, ווער ווייסט? פון יעדן ייִד קאן די ישועה קומען".

„מיר זיינען ביידע דערשראקן געווארן פאר די רייד, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון מיין מויל.

„און עס איז געווען, ווען מיר זיינען נאך יום טוב צוריקגעגאנגען אהיים, איז מיין זון אונדז פארלוירן געגאנגען אויפן וועג. איך האב געמיינט, אז מיין עלטסטער זון איז מיט די לאנדסלייט, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, אומעטום צו זיין. ווארעם דורך דער צייט, ווען מיר זיינען עולה קיין ירושלים, ווערן ייִדן איין משפחה, די קינדער זיינען אויסגעמישט צוזאמען — און איך האב נישט באמערקט, אז ער פעלט מיר, ביז מיר זיינען אפגעגאנגען א טאג גאנג. איך האב אים געזוכט צווישן די באקאנטע און לאנדסלייט, און מיר האבן אים נישט געפונען. און מיר האבן פארלאזט די חברותא און זיך אומגעקערט קיין ירושלים צו זוכן מיין פארלוירענעם זון. ערשט, מיר האבן אים געפונען זיצן אין דער לשכה פון די געשליפענע שטיינער, וואו עס זיינען געווען אויסגעזעצט די געלערנטע לייט. ער איז געזעסן צווישן זיי און זיך איינגעהערט צו זייערע רייד. ער איז געזעסן צופוסנס פון אן אלטן מאן און געפרעגט אים פראגן פון דער הייליקער שריפט, און דער אלטער האט אים אפגעענטפערט, ווי דער מנהג איז געווען — צו ענטפערן יעדן קינד, וואס האט געפרעגט אן אויסטייטש אין דער שריפט. און דער אלטער מאן האט זיך זייער געפרייט מיט דער חכמה פון מיין זון און געזאגט: „עס זאלן זיך מערן א סך ווי דו אין ישראל!". און ווי איך האב געזען מיין קינד ביי די פיס פון די גרויסע לייט, אזוי האב איך אים גערופן און געזאגט: „וואס האסטו צו אונדז אפגעטון, איך און דער פאטער האבן באשווערט אונדזערע הערצער מיט אומרואיקייט פון דיינעטוועגן". האט ער מיר געענטפערט: „מוטער, אמבעסטן לאזט מיך דא אין גאטס הויז, האסטו מיר דען נישט געזאגט, דו האסט מיך פון מיין געבורט אן צו גאט געשאנקען — איך זאל די תורה פארשן?".

„ער האט דערנאך די גאנצע צייט קיין ירושלים געבענקט. וועלן האבן מיר געוואלט אים איבערלאזן אין ירושלים צו לערנען תורה ביי די פיס פון די גרויסע תלמידי חכמים, נאך וואס זיין נשמה האט אזוי געלעכצט. אבער מיר זיינען פון פראסטן פאלק, און מיין מאן, עליו השלום, האט געזאגט, אז תורה איז גוט, ווען זי גייט האנט ביי האנט מיט מלאכה, נישט אזוי ווי יענע תלמידי־חכמים, וואס מאכן אויס דער תורה א שפאדל צו גראבן מיט איר. און ווער עס לערנט נישט זיין זון א מלאכה — זאגט דאס שפריכווארט — איז ווי ער וואלט אים געלערנט א גזלן צו זיין. און ווי מיין זון איז אלט געווארן דרייצן יאר, און מיין מאן האט אים מחנך געווען אין דער מצווה פון תפילין לייגן, האט ער אים אין ווערקשטעל אריינגענומען און געלערנט אים די מלאכה פון זיינע אבות, ווי עס איז דער מנהג, אז דער טאטע לערנט דעם זון די מלאכה, וואס ער פירט אליין. גאט האט געהאט געבענטשט מיין בויך, און איך האב געוואונען צו מיין מאן פיל זין און טעכטער, און ער איז שוין נישט מער געווען דער איין־און־איינציקער. די משפחה איז אן עין הרע געוואקסן, און שווער ווי קריעת ים־סוף קומט אן דעם בעל־מלאכה זיין שטיקל ברויט, האבן מיר בייטאג געארבעט און,

ווי דער שטייגער, פּסוקים פֿון תּהילים געזאָגט דערבײַ. אין די אָוונטן האָט מײַן מאַן געלערנט מײַן זון דאָס, וואָס ער האָט אַליין געקאָנט. אין דער שטיל־קייט פֿון דער נאַכט, בײַ דעם ליכט פֿון די שטערן, האָט ער אים איבערגעגעבן די פּסוקים, וואָס ער האָט אַליין געוואוסט פֿון אויסנווייניק. מיר באַזיצן אויך אין דער משפּחה אַ מגילה־ראָלע, אַ טייל פֿון דער תּורה, דאָס איז דער טײַערסטער אוצר, וואָס מײַן מאַן האָט פֿון זײַנע אבות געירשנט, פֿון דור צו דור ווערט די מגילה איבערגעגעבן צום עלטסטן זון. אויפֿבאַוואָרט איז זי אין אונדזער שטוב אין דער גרעסטער ריינקייט אין אַ טוך אײַנגעהילט, כּדי מיר זאָלן זי נישט מיט אונדזערע אומריינע הענט אָנרירן. און ווען זיי האָבן נאָר צײַט געהאַט אין די ימים טובים בײַטאָג און אין דער וואָכנס בײַם שײַן פֿון די שטערן, האָבן זיי דערינען גע־לערנט, כּדי מקיים צו זײַן, וואָס עס שטייט געשריבן: „און זאָלסט זיך אַרײַנ־טראַכטן אין דער לערע בײַטאָג און בײַנאַכט”. מײַן מאַן האָט דעם זון געקאָנט נאָר איבערגעבן די תּורה שבכתב, פֿון דער מסורה האָבן מיר אַליין פֿיל נישט געוואוסט, בלויז וואָס מען האָט אונדז אַמאָל מיטגעבראַכט פֿון ירושלים אַ דין, אַ הלכה, אָדער אַן אַגדה, וואָס די מאַנספּערשוינען האָבן געהערט פֿון די חכמימס מײַלער אין בית־מקדש־הויף, — איבערגעגעבן פֿון הלל און די אַנדערע אַלטע לײַט; אַמאָל קומט אויף שבת אַ רבי אַראָפּ פֿון דער שטאָט נעים און דרשנט בײַ קריאת התּורה אין דער שול. מײַן זון האָט אָבער געגאַרט צו וויסן, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „ווי אַן אינד צום קוואַל וואַסער, אַזוי בענקט מײַן נשמה נאָך גאָט”. און ער איז געזעסן אין בית־הכּנסת און געלערנט פֿון סגן און פֿון חזן און פֿון ראש הקהל. און ווען עס איז אין שטאָט געקומען אַ רבי דרשענען, איז ער געזעסן צו זײַנע פֿיס און געגאַרט צו פֿאַרנעמען פֿון זײַן מויל גאָטס וואָרט. און ער האָט צונויפֿגעזאַמלט די תּנוקת של בית רבן און געפֿירט זיי אין בית הכּנסת אַרײַן און געלערנט זיי נאָכזאָגן דעם חזן „אמן” און „יהא שמה רבא”, פֿאַר וועלכן דער ראש הקהל האָט אים זייער געלויבט. דאָס ייִנגל איז זייער באַליבט גע־וואָרן, וואָרעם ער איז געגאַנגען אין גאָטס וועגן און אויפֿגעפֿירט זיך פֿרום. בשעת ער האָט געבעטן, האָט אויסגעזען, ווי מלאכים וואָלטן אַרום אים געשטאַנען און זײַנע ווערטער געטראָגן צו דער פּמליה של מעלה. איך זאָג דאָס נישט, ווײַל עס איז מײַן קינד, נאָר די לײַט פֿון שטאָט קאָנען עדות זאָגן דערויף. און ער האָט געוואוסט אין דער שריפֿט ווי אַ געלערנטער מאַן. און ווען מען האָט אים שבת אין שול אַמאָל צו קריאת התּורה גערופֿן, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט דרשענען, האָבן די לײַט מויל און אויערן אויפֿגעעפֿנט, וואָרעם אַזעלכעס האָבן זיי נאָך נישט פֿון אַ ייִנגל געהערט. און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן געפֿרעגט מיט דערשטוינען: פֿון וואַנען קומט עס צו אים? — איז ער דען נישט יוסף דעם דישלמאַכערס זון? וואו האָט ער דאָס אַלץ געלערנט?

„אָבער אַזוי ווי דער רבונו של עולם וואָלט געוואָלט געלייגט זײַן האַנט אויף אים, ער האָט געפֿונען חן אין גאָטס און אין לײַטס אויגן. ווען ער האָט געבעטן וועגן עפּעס, אַזוי האָט מען געקאָנט באַשײַנפּערלעך זען, ווי זײַן תּפֿילה ווערט אָנגענומען. אַמאָל האָט ער געזען אַן אַלטן קראַנקן מאַן זיצן אויף דער שוועל פֿון דער שול און ער האָט נישט געקאָנט גיין, וואָרעם זײַנע פֿיס זײַנען געווען געליימט, און מײַן זון האָט געקוקט אויף אים מיט גרויס רחמנות. ווי דער מאַן

האָט געזען, אַז דאָס קינד קוקט אויף אים מיט רחמנות און צער, אַזוי האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אים: „וואָס קוקסטו אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן, ווי דו וואָלסט מיך געוואָלט היילן?" האָט זיך מײַן זון אָנגערופֿן: „אויב דו גלייבסט, אַז איך קאָן דיך היילן קאָן איך דיך געזונט מאַכן!" און דער מאַן האָט צו אים געזאָגט: „איך זע אין דײַן פּנים די גרויסע קראַפֿט פֿון רחמנות. איך גלייב באמונה שלימה, אַז ווען גאָט וויל, קאָן ער מיך היילן דורך דיר". אַזוי האָט זיך מײַן זון אָנגערופֿן: „דו האָסט עס געזאָגט! אין נאָמען פֿון גאָט באַפֿעל איך דיר: הייב זיך אויף אויף דײַנע פֿיס, דו ביסט געהיילט!" און דער מאַן האָט גענומען און אויפֿגעשטעלט זיך אויף זײַנע פֿיס. און דער מאַן, זײַט וויסן, איז געווען געליימט אַ לאַנגע צײַט. די זאַך האָט זיך אַרומגערעדט אין דער שטאָט, און מען האָט געזאָגט אויף מײַן קינד, אַז ער באַזיצט אַ געהיימען כּוח, מיט וועלכן גאָט האָט אים באַשאָנקען. און די לײַט האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אים מיט אַלע זייערע זאָרגן און קרענק. און ווען מיר, זײַן פֿאָטער און מוטער, האָבן געזען, ווי ווײַט די זאַכן דערגייען, האָבן מיר זיך דערשראָקן און מיר האָבן גערעדט צווישן זיך: „ווער ווייסט, וואָס גאָט האָט פֿאַר מיט אונדזער קינד? וואָרעם דער חסד פֿון גאָט רוט אויף אים".

„און איין מאָל איז ער געקומען צו אונדז און האָט אונדז געפֿרעגט: „צי עס איז אמת, אַז מיר שטאַמען פֿון דוד המלך?" — וואָרעם עס איז געווען אַ קבלה אין אונדזער משפּחה, אַז מיר קומען אַרויס פֿון דודס הויז, וואָרעם פֿון בית לחם אין אפֿרת שטאַמען מיר אָפּ; און אַזוי שטייט פֿאַרשריבן אין ספֿר היוחסין פֿון די משפּחות אין ישׂראל. נאָר בשעת הורדוס הרשע האָט אָנגעהויבן צו רודפֿן אַלע, וואָס קומען אַרויס פֿון דודס הויז, אַזוי איז די זאַך פֿאַרשוויגן געוואָרן, און דאָס ספֿר היוחסין איז אונטערגעגאַנגען, אָבער די קבלה איז געווען אין מײַן מאַנס משפּחה פֿון דור צו דור פֿאַרצייכנט און אויפֿבאַוואָרט. און ווי מײַן מאַן האָט דאָס דערהערט, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן אויף אים צו שרײַען און האָט געזאָגט: „ווילסטו ווי יוסף דער בעל החלומות זײַן און אויפֿהייבן זיך איבער אַלע דײַנע ברידער? גאָט האָט ליב די דערנידעריקטע געמיטער". אָבער מיר האָבן אָפּגעהיטן די זאַך אין אונדזער האַרץ.

„און דענסטמאָל איז אַ גרויסע ענדערונג אין דעם טון פֿון מײַן זון אַרײַנגעקומען. מיר האָבן אים נישט דערקענט. זײַן אויפֿפֿירונג איז נישט געווען ווי נעכטן און אייערנעכטן, אויף גאַנצע טעג ווערט ער פֿאַרפֿאַלן, האַלט זיך אין די וועלדער אויף, נעכטיקט אין פֿעלד און קומט אין דער פֿרי אַהיים, מיט טוי באַדעקט דעם קאָפּ; אָדער ער גייט אַרויס אין פֿעלד און העלפֿט דעם פֿעלד־אַרבעטער אין זײַן אַרבעט, זיצט מיט די בעלי־מלאכות בײַ דער טיר פֿון דער שול, לערנט מיט זיי פֿון דער הייליקער שריפֿט, זאָגט זיי פּסוקים פֿון תּהילים און טרייסט זיי אין זייער נויט. מען זעט אים נאָר אין דער געזעלשאַפֿט פֿון געדריקטע און אַרויסגעשטויסענע, פֿאַרלאָזענע פֿון גאָט און פֿון לײַט. ער איז מבקר חולה די קראַנקע און טרייסט די שוואַכע. און וואו עס איז דאָ פּײַן און נויט, געפֿינט ער זיך, ווי ער וואָלט געוואָלט יעדן איינעם העלפֿן טראָגן זײַן שווער געמיט. אָפֿט מאָל האָב איך אים געהערט רעדן ביטערע רייד קעגן די רײַכע און געבילדעטע, וואָס דריקן דעם אָרעמאַן און נעמען זיך נישט אָן די

עוולה פֿון יתומים. דאָס האַרץ פֿון מײַן קינד ווערט געפּלאָגט פֿון די עוולות, וואָס די רײַכע און געלערנטע באַגייען קעגן דעם אָרעמאַן און פּראָסטן מאַן. אונדזער שטאָט ליגט אויפֿן פֿעלד, אירע אײַנוואוינער זײַנען מערסטנטיילס אַקער־לײַט, אומגעבילדעטע אין דער שריפֿט, פֿיל זײַנען ספֿק־ייִדן, קעגן וועלכע די רײַכע האָבן געבונדן איין באַנד צו מאַכן זיי ענג. זיי באַלייגן די אָרעמע לײַט מיט פֿיל שטײַערן און אָפּצאָלן פֿאַרן קייסער, פֿאַרן בית מקדש, פֿאַרן כּהן גדול, און די גבאים מיט די מוכסים מאָנען אויף די אָפּצאָלונגען מיט אַ שטאַרקער האַנט פֿונעם אָרעמאַן. און ווי ס'איז בעוונותינו הרבים דער מנהג בײַ אונדז, נעמען זיי אים צו זײַן ביסל האָב און גוטס, זײַן אַקער און אייזל — קעגן דעם געבאָט פֿון דער שריפֿט, זיי לאָזן אים בײַנאַכט אָן אַ קלייד. אָפֿט מאָל וואַרפֿט מען אים נעבעך אין תּפֿיסה אַרײַן, אָדער מען מאַכט אים פֿאַר אַ קנעכט צו אַרבעטן פֿאַר זיי אויף זײַן אייגן שטיקל פֿעלד. פֿיל עוולות ווערן בײַ אונדז באַגאַנגען קעגן דעם פֿאָלק פֿון לאַנד, און די שׂנאה צווישן די געבילדעטע און די עמי־הארצים איז זייער גרויס בײַ אונדז. מײַן זון זעט די עוולות און שרײַט נאָך דער גערעכ־טיקייט פֿון גאָט. — ווי צו דעם דור, וואָס האָט אַזעלכע פֿירערס! — רופֿט ער צו זיי — זיי זײַנען ווי שעפּערס, וואָס שערן די שאָף אין דעם ווינטער און רעגן, כּדי צו וואַרעמען זיך אין אָרעמאַנס פֿעל. גאָטס צאָרן וועט זיך אויסגיסן אויף זיי!

„און אויך מיט די געלערנטע לײַט, מיטן ראש הקהל און מיט די סגנים איז ער נישט געווען שווה בשווה דערפֿאַר, ווײַל זיי לאָזן רוען די עוולה אין זייער שטאָט און זיי שיידן זיך אָפּ פֿון פּראָסטן מאַן און האַלטן זיך גרויס מיט זייער לערע און פֿרומקייט. וואָרעם בעוונותינו הרבים מאַכן אונדזערע געלערנטע לײַט אַ חילוק צווישן זיך און דעם רעשט פֿאָלק און טוען זיך גרויסן מיט זייער געלערנטקייט, און דעם פּראָסטן מענטש טוען זיי פֿאַראַכטן און דערקלערן אים פֿאַר טמא. און מײַן זון האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די עוולות, וואָס עס ווערן באַגאַנגען קעגן געמיינעם מאַן, און ער האָט געהאַלטן אין איין קריגן זיך מיט די לײַט פֿון דער שטאָט און גערעדט אויף זיי האַרטע רייד. אַמאָל איז ער צו קריאת התּורה אויפֿגערופֿן געוואָרן, האָט ער גענומען דעם ספֿר ישעיה און האָט אַרויסגעלייענט פֿון דער שריפֿט: „זיי טוען דערנענטערן גרענעץ צו גרענעץ". און ער האָט געדרשנט דעם פּסוק אויף די רײַכע לײַט פֿון דער שטאָט און ער האָט געזאָגט: „ווי צו אײַך, איר רײַכע, וואָס איר טוט באַענגען דעם אָרעמאַן"... און נאָך אַזעלכע ביטערע רייד. און עס איז געוואָרן אַ געמורמל צווישן די מתּ־פּללים און זיי האָבן געפֿרעגט: „ווער איז דער, וואָס קומט צו אונדז מוסר זאָגן? איז עס נישט אַמאָל יוסף דעם סטאָליערס זון?" און זיי האָבן אים אָנגענומען און האָבן אים הינטער דער שטאָט אַרויסגעפֿירט און אים געשלאָגן און גע־וואָלט אים פֿון אַ פֿעלדזנשטיין אין אָפּגרונט אַראָפּוואַרפֿן, ווי זיי האָבן אַמאָל מיטן נביא זכריה געטון. אָבער גאָט האָט אים געראַטעוועט פֿון זייערע הענט, און זיי האָבן אים געלאָזט גיין.

„און דאָס געמיט פֿון מײַן זון איז געוואָרן שווערער פֿון טאָג צו טאָג. ער האָט געזוכט די גערעכטיקייט פֿון גאָט צווישן די מענטשן, און האָט זי נישט גע־פֿונען. און איך האָב געזען, ווי יעדע עוולה בלוטיקט זײַן האַרץ, ווי דער דאָרן שטעכט זיך אַרײַן אין אַ רויז. עס איז דענסטמאָל געווען אַ שווערע צײַט מיט אים.

איך האָב געמיינט, חלילה, אַז מײַן קינד גייט צוגרונט. ער האָט עפּעס געזוכט, וואָס מיר האָבן נישט געוואוסט. ביז איין מאָל איז געקומען אַ מאַן אין אונדזער שטאָט אַרײַן, איינער פֿון די נזירים, וועלכע זיצן אין דער מדבר און פֿאַרשן גאָטס וועגן. ער האָט זיך געשטעלט אין מאַרק פֿון דער שטאָט און גערופֿן צו די מענטשן, זיי זאָלן תּשובֿה טון, ווײַל דאָס קעניגרײַך פֿון גאָט דערנענטערט זיך און עס הערן זיך שוין די טריט פֿון משיחן. מײַן זון האָט זיך באַהאַפֿטן צום נזיר. און ער איז געקומען צו זײַן פֿאָטער און מוטער און גענומען רשות פֿון אונדז אָפּצושיידן זיך, כּדי צו גיין מיטן נזיר אין דער מדבר אַרײַן צו פֿאַרשן גאָטס וועגן; ער האָט געזאָגט: „אַ נדר האָב איך אויף מיר גענומען צו גיין אין דער מדבר און צו פֿאַרשן גאָטס וועגן, ווײַל מײַן נשמה בענקט צו קענען גאָט”. און מײַן מאַן האָט געזאָגט: „ווען זײַן נשמה בענקט צו קענען גאָט, זאָל ער גיין אין גאָטס נאָמען און זיצן מיט די נזירים אין דער מדבר, ווײַל ער האָט אַ נדר געטון און ער איז שוין אַ בר־עונש”. און איך האָב זיך צעשיידט מיט מײַן קינד מיט אַ שווער האַרץ. ווײַל ווען אַפֿילו גאָט האָט מיר געגעבן אויך אַנדערע זין און טעכטער, איז דאָך מײַן ערשט־געבוירענער געווען פֿאַר מײַן מאַן און מיר דאָס, וואָס יוסף — פֿאַר יעקבֿ אָבֿינו, דער געליבטסטער זון, די ערשטע פֿרוכט פֿון אונדזער ליבע. און איך האָב גענומען ברויט און אַ געטריקנט קעזל און אַ העמד, און געשיקט אים אין וועג אַרײַן מיטן נזיר אין גאָטס נאָמען.

„און עס זײַנען דורכגעגאַנגען טעג און יאָרן, און איך האָב נישט געהערט און נישט געזען אים. אָבער מײַן האַרץ האָט נישט אויפֿגעהערט צו בענקען נאָך אים, ווײַל מײַן נשמה איז געווען אַנגעבונדן אָן זײַנער. און עס איז געווען נאָך אַ לאַנגער צײַט, האָט גאָט צוגענומען די קרוין פֿון מײַן קאָפּ, מײַן מאַן איז אײַנגעגאַנגען מיט זײַנע עלטערן, און איך בין איבערגעבליבן אַן אַלמנה און מײַנע קינדער יתומים, און איך האָב נישט געוואוסט אויס־און־אײַן, ווײַל איך האָב נישט געהאַט קיין גואל אין שטאָט, און די קינדער זײַנען נאָך געווען קליין און צאַרט, און עס איז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל מיך מפֿרנס זײַן, און ס'איז נישטאָ, ווער עס זאָל מיר זאָגן אַ טרייסטוואָרט. און עס איז געווען אַמאָל אין אַ מאָרגן און איך האָב געזען אַ מאַן קומט צוגיין, זײַנע האָר זײַנען געוואַקסן לאַנג און זײַנע פֿיס באָרוועס, און ער איז געווען געקליידט אין אַ פֿעל פֿון אַ לעמפּערט, ער איז געווען דאַר און דין, פֿאַרברענט פֿון דער זון אין דער מדבר. ער האָט אָנ־געקלאַפּט אין מײַן טיר, און איך האָב געזען מײַן זון פֿאַר מיר, און ער האָט צו מיר געזאָגט: „הערן האָב איך געהערט, אַז דײַן מאַן איז אײַנגעגאַנגען מיט זײַנע עלטערן און דו ביסט איבערגעבליבן מיט די קינדער אַליין, און איך בין געקומען צוהעלפֿן דיר אין דײַן נויט”. און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַ דער אַרבעט פֿון זײַן פֿאָטער בײַם ווערקשטעל און האָט מפֿרנס געווען דאָס הויז און האָט מחנך געווען זײַנע ברידער און אויפֿגעצויגן זיי אין ייִדישן דת. נאָר איך האָב נישט דערקענט די וועגן פֿון מײַן זון. ער האָט געמאַכט זײַנע נעכט צו טעג, אין זײַן קאַמער איז ער געזעסן בײַם שײַן פֿון אייל־לאָמפּ אין די ווינטערנעכט, בײַ דער לבֿנה און שטערן אין די זומער־נעכט, און ער האָט אַרײַנגעטראַכט זיך אין די שריפֿטן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך. און אויך בײַ דער אַרבעט האָט ער גערעדט אַליין צו זיך פּסוקים, וואָס זײַנען מיר נישט געווען באַקאַנט. פֿון ספֿר

„חנוך" האָט ער מיר פֿאַרציילט וועגן די ריזן, וואָס זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל און אויסגעמישט זיך מיט די טעכטער פֿון לאַנד, און דער שלעכטער דור, וואָס עס איז אַרויסגעקומען פֿון זיי, און וועגן די שלעכטע צײַטן, אין וועלכע מיר לעבן. נאָר באַלד — האָט ער געזאָגט — וועט אָנקומען די ישועה, אַ זון וועט אויפֿגיין אין ישׂראל און וועט שײַנען אויף דער וועלט. און מיט פּסוקים און משלים האָט ער מיר פֿאַרציילט וועגן דער מפּלה פֿון די רשעים און דעם ליכט פֿון די צדיקים, די הילף פֿאַר די אָרעמע־לײַט און די בראָך צו די גבֿירים, וואָס דער בן־דוד וועט ברענגען אויף דער וועלט. און ער האָט זיך אָפּגעשיידט פֿון אַלע, געהאַלטן זיך אין איין רייניקן זײַן לײַב, נישט אָנגערירט קיין דבֿר טמא און אויסגעמיטן צו עסן פֿלייש און צו טרינקען ווײַן, נאָר דערנערט זיך פֿון גרעזער, בלויז פֿאַר עונג־שבת — אַ ביסל האָניק געגומען אויף זײַן ברויט. איך האָב געזאָגט צו מײַן זון: „עס איז צײַט, אַז דו זאָלסט לאָזן פֿון אַ חכם דײַן נדר מתּיר זײַן, עס איז שוין צײַט איך זאָל אויך פֿון דיר נחת דערלעבן. און צי האָבן דען נישט די חכמים געזאָגט: „בן שמונה עשרה לחופּה!" — און נאָך אַזעלכע רייד, ווי דער שטייגער איז, וואָס אַ מוטער רעדט צו אַ קינד. „האָסטו מיך דען נישט צו גאָט געשאָנקען איידער איך בין נאָך געבוירן געוואָרן, האָסט עס מיר דען נישט אַליין פֿאַרציילט?" — האָט ער מיר אָפּגעענטפֿערט. און איך האָב רחמנות געקראָגן אויף מײַן קינד, און איך האָב אים געזאָגט: „מײַן זון, איך האָב אַזוי נישט געמיינט". אָבער ער האָט מיר געענטפֿערט: „מײַן נדר בלייבט שטיין, מוטער!" — און מער האָט ער נישט גערעדט דערפֿון. ער איז געגאַנגען און זײַן וועג איז געווען אַנדערש ווי ביז איצט — ער האָט נישט געשטראָפֿט די רײַכע און נישט אַנטקעגנגעשטעלט זיך דאָס שלעכטס, און ער האָט מיר געזאָגט: „דאָס שלעכטס איז אויך פֿון גאָט, פּונקט ווי דאָס גוטע. אַזוי ווי עס שטייט — יוצר אור ובורא חושך, עושה שלום ובורא רע, אני ה׳ עושה כל אלה — דאָס שלעכטס איז דאָ, כּדי אונדז בעסער צו מאַכן, און מיר באַדאַרפֿן זיך נישט אים אַנטקעגנשטעלן, וואָרעם עס איז פֿון גאָט געשיקט, נאָר מקבל צו זײַן די יסורים אויף זיך מיט ליבע און אונטערטעניקייט. דער מענטש איז באַשאַפֿן נישט צו קעמפֿן מיט שלעכטס, נאָר צו טון גוטס". און ער האָט מבקר חולה געווען די קראַנקע און געהיילט זיי מיט קרײַטעכצער און גראָזן, וואָס ער האָט פֿון דער מדבר געבראַכט. ער האָט געוואוינט צווישן די אָרעמע און געטרייסט זיי, אַז אין קעניגרײַך פֿון גאָט וועלן זיי זײַן די ערשטע. ער האָט אויסגעמיטן די חברותא פֿון די רײַכע און געלערנטע, אין בית הכנסת איז ער בײַ דער טיר געשטאַנען מיט די אַרויסגעשטויסענע און פֿאַרשעמטע. אין זײַן דאַך־שטיבל, וואָס איך האָב פֿאַר אים געמאַכט אין דעם הויז, האָב איך אָפֿטמאָל בײַנאַכט געזען אַ גרויס ליכט שײַנען, איך האָב געהערט שטימען רעדן, ווי עס וואָלטן צו אים פֿרעמדע געקומען. ער האָט צו עמעצן מיט פּסוקים גערעדט און פֿרעמדע קולות האָבן אים אָפּגעענטפֿערט. איך בין דערשראָקן און דערציטערט געוואָרן פֿאַר די זאַכן, וואָס ווערן אין זײַן שטיבל געטון, און איך האָב געזאָגט צו מײַן זון: „מײַן זון, איך דערקען דיך נישט, איך ווייס נישט, ווער דו ביסט, די מעשׂים, וואָס דו טוסט!" און ער האָט מיר געענטפֿערט: „זײַ געטרייסט, מוטער, אַלץ וואָס ווערט געטון און גערעדט איז פֿאַרן כּבֿוד פֿון מײַן פֿאָטער אין הימל".

„און אײן מאָל בין איך געלעגן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט און געטראַכט װעגן דעם גורל פֿון מײַן קינד, און אַ שטורעמװינט איז געקומען צו גײן און האָט אָנגענומען די פֿיר זײַטן פֿון מײַן שטיבל און האָט זײ געגעבן אײן גרױסן טרײסל, אַז איך האָב געמײנט, די װענט פֿאַלן אױף מיר. איך בין געלעגן און געציטערט, און מײַן זון איז געקומען און געפֿרעגט: „מוטער, האָסטו מיך גערופֿן?" און איך האָב געענטפֿערט: „נײן!" אַזױ האָט עס זיך איבערגעחזרט דרײַ מאָל. אױפֿן דריטן מאָל האָט מײַן זון געזאָגט: „נישט אַנדערש, נאָר מײַן צײַט איז געקומען!" און איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, װאָס ער מײנט, און איך האָב אים געפֿרעגט: „װאָס האָסטו פֿאַר, מײַן קינד?" און ער האָט מיר געענטפֿערט: „איך מוז גײן אין דער שליחות, װאוהין דער הימלישער פֿאָטער שיקט מיך!" און איך בין דערשװיגנט געװאָרן פֿון זײַנע רײד און האָב אים געפֿרעגט: „און אױף װעמען לאָזסטו מיך?", און ער האָט מיר געענטפֿערט: „מײַן ברודער יעקב איז דערװאַקסן, ער װעט פֿאַרנעמען מײַן אָרט בײַם װערקשטעל, און ער װעט דערציִען די קינדער אין ייִדישן װעג. איך מוז גײן, װאוהין איך װער געשיקט!" און ער האָט מיך פֿאַרלאָזט און איז אַרױסגעגאַנגען אין דער נאַכט אַרײַן. איך האָב אים נאָכגעשריגן: „תנוקי, גאָט זאָל זײַן מיט דיר!" — און ער האָט מיר נאָר אָפּגעענטפֿערט: „אמי, זײַ געטרײסט!" און ער איז פֿאַרשװאונדן געװאָרן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט. טעג און יאָרן האָב איך אױף אים געװאַרט, און איך האָב נישט געהערט פֿון אים און נישט געזען אים, ביז די לײַט זײַנען געקומען פֿון כּפֿר־נחום און האָבן פֿאַרציילט פֿון די װאונדער, װאָס ער האָט בײַם ים כּנרת געטון. און די לײַט זײַנען געקומען צו מיר פֿון אַנדערע שטעט און האָבן מיר פֿאַרצײלט פֿון דער תּורה, װאָס ער פֿאַרשפּרײט אין ישׂראל. איך װײס נישט, װאָס גאָט האָט געטון מיט מיר, מײַן האַרץ פֿלאַטערט צװישן האָפֿענונג און שרעק. גאָר גרױסעס האָט גאָט פֿאַר מיט אים, נאָר איך װײס נישט, פֿאַרװאָס מײַן האַרץ שרעקט זיך אַזױ, איך װײס נישט זײַנע װעגן, איך בין נאָר אַ פּראָסט װײַב. זאָגט איר מיר, זײַנע תּלמידים, װער מײַן קינד איז?"

און איך האָב זיך אױפֿגעהױבן און געבוקט זיך פֿאַר דער מוטער פֿון מײַן רבין און געזאָגט:

— װאױל איז דיר, גליקלעכע פֿון די פֿרױען, עס װעלן זיך בענטשן מיט דיר די פֿעלקער פֿון דער װעלט. געבענטשט זאָל זײַן דער בױך, פֿון װעלכן עס איז אַרױסגעקומען דער צדיק.

און עס איז געװען דערנאָך, אַזױ האָב איך געזאָגט צו שמעון בר־יונה:

— שמעון בר־יונה, שמעון בר־יונה, גליקלעך זײַנען מיר, װאָס מיר האָבן זוכה געװען דערצו, גרױסע זאַכן טוט מיט אונדז גאָט!

און שמעון בר־יונה האָט נישט פֿאַרשטאַנען מײַן מײן און ער האָט זיך אָנגערופֿן צו מיר:

— איך בין אין דער שריפֿט נישט שטאַרק. זאָג מיר באַשײד, װאָס דו מײנסט!

און איך האָב אים געענטפֿערט:

— שמעון בר־יונה, די מוטער זאָגט עדות אויף אים, אין בית־לחם אין אפרת איז ער געבוירן, און פון דודס הויז קומט ער אַרויס...

מער האָב איך אים נישט געזאָגט, נאָר אָפּגעהיטן די זאַך אין מײַן האַרץ.

און מיר זײַנען געשטאַנען אין דער נאַכט, און מיר האָבן געקוקט אויף ד'עם הויז, אין וועלכן עס רוט דער הייליקער פון ישראל. דאָס הײַזל, אײַנגעוועבט אין געדיכטע שאָטנס, איז געוואָרן באַגאָסן מיט דעם ליכט פון די שטערן און לבנה, און עס האָט גערוט אין זײַן זיכערקייט און אין שוץ פון גאָט.

# VIII

גרויס איז דער שבת, ער איז געגליכן צו דעם משיח פון גאָט, און פונקט ווי משיח איז ער געווען מיט דעם האַר אין הימל איידער די וועלט איז נאָך באַשאַפן געוואָרן. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די רו איז געווען פאַר דער באַוועגונג און די גאולה פאַר דער עבדות.

צומאָרגנס איז געווען פרײַטאָג, ערב שבת, און מײַן רבי האָט זיך געפּעדערט גאַנץ פרי, און איידער ער האָט זיך גענומען מכין זײַן פאַר שבת, האָט ער נאָכגעקוקט, צי זײַנע ברידער טוען זייער מלאָכה בשלימות, ווי זײַן פאָטער עליו השלום און ער אַליין האָבן זיך אויפגעפירט, און מיט וועלכן זײַן משפחה איז באַרימט געווען פאַר דור־דורות.

ער האָט גערופן זײַן ברודער יעקבֿ, וועלכער האָט איבערגענומען די מלאָכה פון אים, כּדי דאָס הויז מפרנס צו זײַן, און איז געגאַנגען מיט אים אין ווערקשטעל אַרײַן. און ער האָט געפּרואווט, צי דאָס האָלץ־מאַטעריאַל, פון וועלכן די ברידער אַרבעטן אויס זייערע וועגענער, איז נישט פריש און לײַכט צו צעברעכן, נאָר עס איז אַלט און אויסגעטריקנט, צי די רעדער זײַנען שטאַרק און די לײַסטן גוט אַרײַנגעפּאַסט איינער אין אַנדערן און גוט געלאַמט, און צי די דישלעס זײַנען אויסגעבויגן און די כאָמעטן גענוג ברייט, אַז זיי זאָלן נישט דריקן און ענג מאַכן דער בהמה אין איר שלעפּן די משא, און צי די באַנדן זײַנען גענוג לויז, אַז זיי זאָלן נישט פאַרשליסן דעם מויל פון אייזל אָדער קו, בשעת זיי דרעשן אין פעלד, כּדי זיי זאָלן קאָנען עסן פון די גראָזן — אַזוי ווי די תורה זאָגט אָן. און ער האָט אײַנגעפונען, אַז די ברידער טוען זייער מלאָכה בשלימות, ווי דער דין איז און לויטן גוטן שם פון זייער משפחה, וואָרעם די כּלים וואָס זײַן פאָטער און דער רבי האָבן אויסגעאַרבעט זײַנען באַרימט געווען אין דער געגנט, און ער האָט זיי דערפאַר געלויבט.

דערנאָך האָט ער גענומען זײַן ברודער שמעון און איז געגאַנגען מיט אים אין גאָרטן און אין פעלד אַרויס, וואָרעם זײַן ברודער שמעון איז געווען דער ממונה איבער דער קליינער נחלה, וואָס האָט געהערט צו דער משפחה, און ער האָט באַאַרבעט דעם גאָרטן און דאָס פעלד, וואָס איז געווען אַרום הויז; און דער רבי האָט נאָכגעזען, צי זײַן ברודער היט אָפּ די מצוות פון דער תורה, וואָס זײַנען נוגע די פעלד־אַרבעט, צי ער לאָזט איבער די עקן פון פעלד פאַרן אָרעמאַן און דעם פרעמדן, וואָס וואוינט אין דער שטאָט. און ער האָט געפרעגט און נאָכגעפאָרשט, צי דער ברודער נעמט אַראָפּ דאָס צענטל פון דעם שניט פאַרן כּהן

ווי דער דין איז. ער האָט אויך נאָכגעפֿאָרשט צי דער ברודער לאָזט איבער דעם צווייטן נאָכוואוקס פֿון די טרויבן אין דעם קליינעם ווײַנגאָרטן פֿאַר די אָרע־מעלײַט און ער זאַמלט זיי נישט אין זייער קעלטער אַרײַן, און אַזוי אויך דאָס, וואָס פֿאַלט אונטער דעם שנײַדמעסער אַראָפּ און עס גייט נישט אין בינטל אַרײַן. און די צײַט איז געווען פֿרילינג, און דאָס פֿעלד האָט געבליט און דער ווייץ איז שוין געווען גרויס, נאָר נאָך גרין און האָריק און געבויגן זיך מיט פֿרומקייט פֿאַר דעם ווינט — און ער האָט זיי געבענטשט.

און ער האָט גענומען זײַן ברודער און איז געגאַנגען מיט אים אין קליינעם גערטנדל, וואָס איז געווען אַרום זייער הויז, און געזען, ווי יעדער פֿײַג, וואָס האָט אויסגעקוקט שוין צײַטיק צו ווערן אויפֿן בוים, איז אָנגעצייכנט מיט אַן אַרומ־געוויקלט גרעזל, מקודש געווען פֿאַר ביכורים צו ברענגען אין בית מקדש אַרײַן. און דער גאָרטן איז פֿול געווען מיט בלימעלעך, און זײַן מוטער איז דאָרט געשטאַנען און געמיט זיך אין גרינסגאָרטן און האָט אויסגעגראָבן ציבעלעס און מייערן, כּדי פֿאַרצובערייטן דאָס געריכט אויף שבת. און ער האָט געזאָגט צו איר:

— מוטער, מי דיך נישט, מײַנע תּלמידים וועלן באַלד קומען צוגיין פֿון שטאָט, און זיי וועלן פֿאַר זייער רבין פֿאַרברייטן די סעודה פֿון שבת, אַזוי ווי דער דין איז, אַז דער תּלמיד גרייט אָן דאָס געריכט פֿאַרן רבין.

און זי האָט אים געענטפֿערט:

— די מצווה פֿון שבת איז זייער גרויס, און וואָס מער מען מיט זיך דערבײַ, אַלץ גרעסער איז די מצווה. און איך פֿיר מיך פֿון דײַן פֿאָטערס צײַטן אָן — יעדע שיינע פֿרוכט און יעדעס רייפֿע גרינס, וואָס איך טרעף אָן אין מײַן סאָד אָדער אין גאָרטן אַ גאַנצע וואָך, צו באַהאַלטן אויף שבת, און פֿרײַטאָג קלייב איך זיי אויף.

און ער האָט גענומען זײַן ייִנגסטן ברודער יהודה און איז געגאַנגען מיט אים אין שטאַל אַרײַן. דער ייִנגסטער איז נאָך געווען אַ קינד בײַ זײַן פֿאָטערס טויט, און דער רבי האָט אים ליבער געהאַט פֿון אַלע זײַנע ברידער, ווײַל יונגערהייט איז ער אַ יתום געבליבן, און מײַן רבי איז אים אַ פֿאָטער געווען, און ער האָט צו אים גערופֿן:

— יהודה, תנוקי — וואָס איז דער טייטש: יהודה מײַן קינד — קום און פֿיר מיך צו דײַן סטאַדע!

וואָרעם דעם ייִנגסטן האָט מען איבערגעגעבן די קליינע משפּחה־טשערעדע צו פּיטערן. די מוטער האָט פֿון איר דאָס ביסל מילכיקס אין שטוב געהאַט, און פֿון דער וואָל האָט זי פֿאַר אירע קינדער אין די ווינטער־נעכט וואַרעמע קליידער געוועבט. די סטאַדע איז געווען צו קליין, בלויז אַ פּאָר שעפּסעלעך און געצײלטע ציגעלעך. און עס איז געווען, ווי מיר זײַנען צו דער סטאַדע אָנגעקומען, אַזוי האָבן די שאָף אונדזער רבין אַרומגערינגלט, ווי זיי וואָלטן אים דערקענט, און האָבן די פּיס און די הענט אים געלעקט. און ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט נאָך דעם שלום פֿון די שאָף און צי דער ברודער הערט דאָס שטומע געשריי פֿון דער בהמה, ווען זי רופֿט נאָך וואַסער? און דער ברודער יהודה האָט אים אָפּגע־ענטפֿערט:

— די מלאכה איז געניט אין אונדזערע הענט, וואָרעם אונדזערע עלטערן זײַנען געווען שעפּער־לײַט פֿון אַבֿרהם אָבֿינו אָן!

— האָסט גוט געזאָגט, מײַן זון — האָט דער רבי אים אָפּגעענטפֿערט.

און ווי ער האָט אַזוי גערעדט זײַנען אָנגעקומען די תּלמידים פֿון דער שטאָט, און עס איז אויך מיטגעווען די פֿרוי מיט זיי, וועלכע איז נאָכגעגאַנגען נאָך אונדזער רבין פֿון נעים אָן, מיט דעם נאָמען מרים. און ווי די מוטער פֿון רבין האָט דערזען דאָס פֿאָלק אָנקומען פֿון דער שטאָט, אַזוי האָט זי געפֿרעגט דעם זון:

— ווער זײַנען עס די לײַט?

און דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט:

— דאָס זײַנען די נשמות, וואָס איך האָב מיר געשאַפֿן, זיי זײַנען דערווײַל איינצלנע, אָבער הינטער זיי שטייען לעגיאָנען!

און דער רבי האָט די פֿרוי, וואָס איז געקומען מיט די תּלמידים צו גיין, אָנגענומען בײַ דער האַנט און זי צוגעבראַכט צו זײַן מוטער און האָט געזאָגט:

— אונטער דײַן חסד גיב איך זי איבער, נעם זי אַרײַן, וואָרעם פֿאַרשטויסן איז זי געווען ביז הײַנט. לערן זי די דינים, ווי אַ יִידישע טאָכטער צו זײַן.

און די פֿרוי האָט זיך געבויגן פֿאַר דער מוטער און געפֿאַלן צו אירע פֿיס, און געזאָגט:

— איך בין נישט ווערט אָנצורירן מיט מײַנע הענט דעם זוים פֿון דײַן קלייד, וואָרעם אומריין בין איך!

אָבער די מוטער האָט זי אויפֿגעהויבן און געזאָגט:

— שטיי אויף, מײַן טאָכטער, עס איז נישט מער אומריין, וואָס מײַן זון האָט געריייניקט! — און זי האָט ווײַטער געזאָגט: — אַ גרויסער טאָג איז בײַ מיר הײַנט, גאָט האָט מיך נישט בלויז געלאָזט זען דעם אָנגעזיכט פֿון מײַן זון, נאָר אויך די תּלמידים, וואָס ער האָט אויפֿגעשטעלט, און די נשמות, וואָס ער האָט גע־וואונען. וועלכע מוטער איז אַזוי גליקלעך אין ישׂראל, ווי איך! זאָל מען גיין אין שטאָל אַרײַן און אויסזוכן דאָס געדריטלטע קאָלב און שעכטן לויטן דין און פֿאַרברייטן פֿאַר דעם שבת, וואָס קומט אָן. און דו, מײַן טאָכטער, קום מיט מיר צום אויוון צו באַקן דאָס ברויט און אָנצוגרייטן די לאָמפּן אויף שבת!

און זי האָט גענומען מיט זיך די פֿרוי, וואָס איז געקומען מיט די תּלמידים, און זי איז געגאַנגען אין קאָמער אַרײַן און גענומען ווײַס ווייצן־מעל און האָט געקנעטן מיט אייל, וואָס זי האָט פֿון דעם קירביס־פֿלאַש געגאָסן. זי האָט גענומען אַ שטיקל פֿון טייג און געוואָרפֿן אין פֿײַער אַרײַן, מקדיש עס געווען פֿאַר גאָט מיט דעם חלה־נעמען פֿון טייג און זי האָט געבאַקן חלות.

און די תּלמידים זײַנען געגאַנגען אין שטאָל אַרײַן מיט יהודה דעם יונג, און האָבן אויסגעזוכט אַ שאָף און געשאָכטן עס לויטן דין. און יעקב און יוחנן, די זין פֿון זבדי, האָבן עס אָפּגעשווענקט און האָבן געגראָבן אַ גרוב אין דער ערד און אָנגעצונדן אַ פֿײַער מיט שטרוי און האָלץ, און געבראָטן עס אויף די ברע־נענדיקע קוילן אויף אַ שפּיז. וואָרעם די מצווה איז טאָפּלט גרויס, אַז יעדער תּלמיד זאָל פֿאַרברייטן דאָס מאָלצײַט פֿאַרן רבין און יעדער איינער אַליין זאָל זיך מתעסק זײַן מיט דעם שבת. אַזוי האָבן די ברידער זבדי דעם שעפּס אויף

אַ שפּיז איבערן פֿײַער געדרייט. פֿיליפּוס האָט זיך מיט דעם גרינס פֿאַרנומען, געריבן רויטע בוראַקעס. די אַנדערע האָבן פֿיש פֿון מאַרק געבראַכט, אין אייל געטונקען, אין טייג געוויקלט און געבאַקן אויפֿן פֿײַער. תימא און חדי האָבן געוואַשן די סדינס, די אויבערקליידער פֿון די תּלמידים, וואָס זיי האָבן בײַ דער אַרבעט אויסגעטון, כּדי נישט צו באַדינען דעם רבין בײַם טיש אין די זעלבע קליידער, אין וועלכע זיי האָבן געקאָכט פֿאַר אים דאָס געקעכץ; די קליידער האָבן זיי געטרוקנט אויף דער זון, כּדי זיי דערנאָך איבערצוטון לכּבֿוד שבת. איך האָב פֿאַרגעברייט די לאָמפּן, געצויגן קנויטן אויס דינעם אידעלן פֿאָדעם, וואָס רייכערט נישט, און אויסגעזוכט די איילן, וואָס מען מעג אויף שבת אין די לאָמפּן באַנוצן, כּדי זיי זאָלן נישט אַרויסגעבן קיין שלעכטן ריח. אַנדרעי האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט דעם ווײַן. מיר בײדע זײַנען געווען געלערנטע און האָבן געוואוסט די דינים ווי אומצוגיין זיך מיט ווײַן און אייל, און וועלכע מינים צו נוצן אויף שבת. שמעון הקנאי האָט וואַסער פֿון ברונעם געשעפּט. נאָר שמעון בר־יונה האָט זיך מיט דעם רבין מתעסק געווען, פֿאַרגעברייט פֿאַר אים דאָס שבת־באָד, אָנגעוואַרעמט וואַסער און אָנגעגאָסן אין דער גרויסער קריג, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פֿון הויף און מיט ריטער פֿון פֿאַלמען־צווײַגן פֿאַרשטעלט מחמת צניעות. ער האָט דעם רבין אַהינגעבראַכט, געוואַשן זײַן לײַב און געזאַלבט אים מיט אייל און אָנגעטון אים ווײַסע קליידער, און אַרומגעהילט אים מיט אַ ציצית־געמאַכטן סדין און אָנגעטון אים אין סאַנדאַלן, אויסגעלייגט אים אויף אַ ליג־שטול, און אונדזער רבי האָט אויסגעזען ווי אַ מלאך פֿון הימל, וואָס איז אַראָפּגעקומען בענטשן דעם שבת . . .

און ווען דער רבי איז געווען אויסגעלייגט אויף זײַן ליג־שטול און גע־קוויקט זיך מיט דעם אָנבליק פֿון דער וועלט, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט די שטראַלן פֿון דער זון, און געזען, ווי זײַנע תּלמידים זײַנען זיך מתעסק מיט דעם שבת און זיך זייער געפֿרייט, זײַנען פֿיל פֿון זײַנע לאַנדסלײַט פֿון שטאָט געקומען צו גיין. עס זײַנען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זײַנען רײַך אין באַזיץ, וועלכע זײַנען געקומען אויס נײַגעריקייט; עס זײַנען אויך געווען אָרע־מעלײַט צווישן זיי, וואָס זײַנען געקומען צו גיין נאָך נדבֿות, ווײַל זיי האָבן גע־הערט, אַז דער רבי צעטיילט צווישן די אָרעמעלײַט דאָס געלט, וואָס ער נעמט פֿון די רײַכע. און אויך בלינדע און לאָמע זײַנען געווען, זיי זײַנען נישט געקומען געהיילט צו ווערן פֿון אים, וואָרעם זיי האָבן אים נישט געגלויבט, נאָר בלויז אויס לויטער נײַגעריקייט. נאָר קיין געלערנטע זײַנען נישט געווען צווישן זיי, וואָרעם געלערנטע לײַט זײַנען ווייניק אין שטאָט געווען, אַחוץ דעם ראש־הכנסת מיטן חזן, דעם סגן און די רבנים און דער אויפֿזעער פֿון בית מקדש־מס, וועלכע האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם קלײנעם סנהדרין. זיי האָבן זיך געשטעלט פֿון דער ווײַטנס און האָבן באַטראַכט דאָס טועכץ פֿון רבין און זײַנע תּלמידים, און גע־שפּאָט אויס זיי. און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „זעט, ער האָט תּלמידים געבראַכט מיט זיך!" און די בלינדע מיט די לאָמע האָבן זיך צונויפֿגעטון, — די לאָמע האָבן געפֿירט די בלינדע, און זיי האָבן זיך געשטעלט אַרום אונדז און חוזק געמאַכט אויס דעם רבין און אויס זײַנע תּלמידים. און די בלינדע האָבן געפֿרעגט די לאָמע: „זאָגט אונדז, האָט ער אויך געבראַכט קעמלען אָנגעלאָדן מיט

קריגן אייל פֿון דער פֿרעמד פֿאַר זײַן מוטער?״ און די לאָמע האָבן אָפּגעענט־פֿערט: „ניין, מיר זעען נישט קיין קעמלען באַלאָדנט מיט אייל״. האָבן די בלינדע ווײַטער געפֿרעגט: „אפֿשר האָט ער מיטגעבראַכט זעק מיט דינרס פֿון דער פֿרעמד?״ און די לאָמע האָבן אָפּגעענטפֿערט: „ניין, מיר זעען נישט קיין זעק מיט דינרס, וואָס ער זאָל האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך״. און די בלינדע האָבן געזאָגט: „קוקט גוט!״ און די לאָמע האָבן אָפּגעענטפֿערט: „מיר זעען נאָר לויטער אָרע־מעלײַט, ווי ער איז — וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. דאָרט זײַנען זײַנע תּלמידים — און אַ פֿרוי איז אויך דאָ מיט זיי...״ און די בלינדע האָבן ווײַטער גע־פֿרעגט: ״אפֿשר האָט ער דעם קעניגס פּאַלאַץ פֿון ירושלים אַהערגעכשופֿט פֿאַר זײַן מוטער צו וואוינען?״ און די לאָמע האָבן געענטפֿערט: „ניין, מיר זעען נאָך אַלץ דאָס קליינע חרובֿע הײַזל, אין וועלכן זײַן משפּחה זיצט״. און די בלינדע האָבן ווײַטער געפֿרעגט: „אפֿשר האָט ער אַ גאָלדענעם טיש, סערווירט מיט כּל טובֿ, פֿון הימל אַראָפּגעכשופֿט פֿאַר דער שבת־סעודה?״ און די לאָמע האָבן געענט־פֿערט: „ניין, נישט קיין גאָלדענעם טיש און נישט סערווירט מיט כּל טובֿ, נאָר די תּלמידים פּרעגלען קליינע פֿישלעך אין אייל, וואָס די אָרעמע עסן פֿאַר דער שבת־סעודה״. און די בלינדע האָבן געזאָגט: „אָבער אפֿשר האָט ער זײַן מוטער אין בגדי מלכות אויסגעפּוצט און באַצירט זי מיט צירונג פֿיל?״ — „ניין, זײַן מוטער גייט נאָך אַלץ אָנגעטאָן אין דעם זאַק־קלייד פֿון אָרעמאַנס ווײַב...״

און שמעון בר־יונה האָט זיך צו זיי אָנגערופֿן: „איר בלינדע לײַט, וואָס שטייט איר און טוט שפּאָט טרײַבן. איר וואָלט זיך ליבער פֿאַר אים צו דער ערד געוואָרפֿן און די הענט אויסגעשטרעקט אין געבעט, אַז ער זאָל אײַך זעעוו־דיק מאַכן. די ישועה ליגט אין זײַן האַנט אײַך צו העלפֿן, ווי ער האָט עס מיט אַנדערע בלינדע געטון!״ און די בלינדע האָבן געענטפֿערט: „אָ, מיר זײַנען נישט אַזעלכע נאַראָנים, ווי די לײַט פֿון די אַנדערע שטעט. וואָלט ער געקאָנט העלפֿן, וואָלט ער זיך און זײַנע אייגענע צום ערשט געהאָלפֿן. זיצן מיר דען נישט דאָ צווישן זײַנע ברידער, און זעען מיר דען נישט, ווי זיי אַרבעטן שווער בײַם ווערקשטעטל און אין פֿעלד און זײַנען אַזעלכע אָרעמעלײַט ווי מיר! פֿאַרוואָס שטאָפּט ער זיי נישט אָן מיט קיין געלט? פֿאַרוואָס כּשופֿט ער פֿאַר זיי נישט אַרויס קיין אוצרות?״ און די בלינדע און די לאָמע האָבן אָנגעהויבן צו שפּאָטן און צו לאַכן און צו רופֿן צו אונדזער רבין: „רופֿא, העלף דיר אַלייך!״ און איינער פֿון די בלינדע איז אַרויס פֿון דער ריי פֿון די בלינדע, צווישן וועלכע ער איז געשטאַנען און האָט אָנגעהויבן צו טאַפּן מיט זײַנע הענט און גערופֿן: „וואו איז דער מאַן, וואָס טוט אַזעלכע וואונדער, פֿאַרוואָס באַווײַזט ער זיי נישט פֿאַר אונדז, ווי ער האָט עס צו אַנדערע געטון?״ און ווי ער האָט גערעדט אַזוי, האָט ער אָפּגעלאָזט די האַנט פֿון זײַן פֿירער און צוגעטראָטן אַ פּאָר טריט צום רבין. אָבער די אַנדערע האָבן צו אים גערופֿן מיט שפּאָט און געלעכטער: „אָ, בלינדער, אַנטלויף, אָט האָט ער אויף דיר אָנגעשיקט אַ שלאַנג, אָט עפֿנט זיך פֿאַר דיר אַ גרוב!״. און דער בלינדער איז געבליבן אין שרעק שטיין און געפֿרעגט: „וואו, וואו?...״

און ווי די ברידער זײַנען האָבן דאָס געזען, האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן פֿון דעם אָרט, וואו זיי זײַנען געווען פֿאַרנומען מיטן אָנגרייטן דאָס עסן, און האָבן געפֿרעגט:

— רבי, זאָלן מיר זיי אַוועקטרײַבן פֿון דאַנען? פֿאַרוואָס לאָזסטו זיי שפּאַס טרײַבן?

און דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט:

— איך בין ניט געקומען קיין לעבנס צו צעשטערן, נאָר אויפֿצובויען!

און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט און איז צוגעגאַנגען צו דעם בלינדן מאַן, וואָס איז געבליבן צעמישט אין דעם ראָד שטיין, און ער האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט. און מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז ער וועט אים פֿאַרוואַנדלען אין אַ באַרג אַש. אָבער דער רבי האָט אים גאָרנישט געטון, נאָר געזאָגט:

— וואָס איז די פּעולה, אַז דו וועסט זעעוודיק ווערן מיט די אויגן, ווען דײַן האַרץ איז בלינד! — און ער האָט אים אָנגענומען און צוגעפֿירט צו די בלינדע לײַט און אים געזאָגט: — בלינדער, האַלט דיך בײַ די בלינדע!

און ער איז געגאַנגען און האָט גענומען געלט פֿונעם בײַטל, און האָט צעטיילט צווישן די אָרעמע־לײַט, און האָט אַרויפֿגעלייגט די הענט דאָ אויף דעמס, דאָ אויף יענעמס קאָפּ, און זיי געבענטשט און געזאָגט, אַז גאָט זאָל געבן — די אמונה זאָל באַוואוינען זייערע הערצער, וואָרעם מיט אמונה איז דער מענטש קיין מאָל נישט אָרעם.

באַלד האָט מען געהערט דאָס שופֿר בלאָזן פֿון דעם שול־דאַך אַראָפּ, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דער שבת דערנענטערט זיך און מען מוז אויפֿהערן צו אַרבעטן. און די לײַט האָבן פֿאַרלאָזט דאָס אָרט און געאײַלט צוריק אין שטאָט אַרײַן. אויך די תּלמידים האָבן פֿאַרענדיקט די אַרבעט, און די ברידער פֿון רבין האָבן איבערגעלאָזט די מלאָכה און פֿאַרשטעלט די כּלים און די פֿאַרענדיקטע אַרבעט, כּדי נישט צו שטערן דעם שבת מיט דעם אָנבליק פֿון דער מלאָכה פֿון דער וואָכנס. און די תּלמידים האָבן געוואַשן זייערע הענט, זייערע פֿיס און זייערע פּנימער אין די קריגן מיט וואַסער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין הויף, און האָבן זיך איבערגעטון אין זייערע געוואַשענע און אויסגעטריקנטע מאַנטלען. און אַזוי האָבן אויך געטון די ברידער פֿון רבין. און זײַנע שוועסטער מיט די מענער זײַנען געקומען פֿון שטאָט, און האָבן מיטגעבראַכט זייערע קינדער, כּדי צו באַגריסן די מוטער מיטן שבת און צו עסן בײַ איין טיש. און די תּלמידים האָבן פֿאַרגעריכט די טישן, און האָבן געלייגט ברעטער אויף דער ערד אין שטוב, און האָבן זיי באַדעקט מיט אַ סדין. און די מוטער פֿון רבין מיט די ווײַבער, וועלכע זײַנען דאָרט געווען, האָבן געוואַשן זייערע פּנימער, פֿאַרקעמט זייערע האָר און אָנגעטון זיך אין בגדי־שבת, און האָבן גענומען און פֿאַרגעברייט די לאָמפּן, אָנגעגאָסן זיי מיט אייל, וואָרעם עס איז די מצוה געווען זייער גרויס מיט וואָס מער לאָמפּן צו באַלײַכטן דעם שבת. און ווען עס האָט זיך געהערט דאָס שופֿר־בלאָזן פֿון שול־דאַך צום צווייטן מאָל, אַזוי האָבן זיי אָנגעצונדן די לאָמפּן. און די מוטער האָט גענומען בלומען און בלעטער פֿון אייל־בירטן־ביימער און האָט באַקראַנצט איר שטוב און איר טיש, און זי האָט געאײַלט אין איר קאַמער און האָט פֿון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ קירבּיס־פֿלאַש מיט טייטל־ווײַן, וואָס זי האָט געהאַט באַהאַלטן פֿאַרן קידוש, מיט אַ כּוס, און עס געשטעלט אויפֿן טיש פֿאַרן רבין, וואו עס זײַנען שוין געווען די חלות פֿון שבת אויסגעשטעלט.

די זון האָט זיך געזעצט, האָט מען דערהערט דאָס שופר־בלאָזן צום דריטן מאָל. האָט דער רבי געגומען זײַנע תּלמידים און געשטעלט זיך אין דרויסן אויפֿן הויף און האָט מקבל־שבת געווען. און ווען די ערשטע שטערן האָבן זיך באַוויזן, האָט ער געזאָגט דעם „שמע" פֿון אָוונט, און אַלע האָבן אים געענטפֿערט „אמן".

און מיר זײַנען אַרײַנגעטרעטן אין שטוב, וואָס איז באַלויכטן געווען מיט אייל־לאָמפּן און באַקראַנצט מיט בלומען און אײַלבירטן־צווײַגן. און מײַן רבי אין דעם ווײַסן קלייד האָט געשײַנט אין דעם ליכט און אין די בלומען ווי אַ מלאך פֿון גאָט. נאָכדעם ווי ער האָט באַגריסט די מלאָכים, וועלכע זײַנען געקומען מיט אים אין שטוב אַרײַן, האָט ער גענומען זײַן מוטער און האָט זי אָוועקגעזעצט אויבנאָן בײַ זײַן זײַט און די ברידער — לויט זייער עלטער, דעם עלטערן זון פֿריִער און דעם יִינגערן — דערנאָך. און אַזוי אויך די תּלמידים יעדן לויט זײַן עלטער, און די שוועסטערן מיט זייערע מענער. נאָר די קינדער פֿון די שוועסטערן האָט ער געהאַלטן אַרום זיך. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און האָט גענומען דעם כּוס מיט ווײַן אין זײַן האַנט און האָט מקדש געווען דעם שבת און געטרונקען פֿון דעם ווײַן, און ער האָט געגעבן צו טרינקען די קינדער, וועלכע זײַנען געווען אַרום אים, און מיר האָבן אַלע אָפּגעענטפֿערט „אמן". און מיר האָבן געטרונקען נאָך די קינדער פֿון רבינס כּוס. דערנאָך האָט ער זיך געוואַשן, און אַזוי האָבן מיר אויך געטון. און ער האָט געזאָגט דאָס געבעט פֿון טעגלעכן ברויט, ווי עס איז זײַן מנהג געווען בײַ יעדער עסן, און ער האָט עס צעטיילט צום ערשט צווישן די קינדער, דערנאָך געגעבן דער מוטער, דערנאָך זײַנע תּלמידים און זײַנע ברידער און שוועסטער.

און מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און יעדער איינער לויט דער ריי נאָך באַדינט דעם רבין, ווײַל עס איז די מצוה זייער גרויס יעדער זאָל זײַן רבין באַדינען, נאָך מער ווי זײַן פֿאָטער און מוטער. און דער רבי האָט זײַן מוטער באַדינט. און מיר האָבן אויפֿגעגעבן דאָס עסן אויפֿן טיש. צום ערשט האָט ער געלאָזט די קינדער אַרײַנשטעקן זייערע פֿינגער אין ערדענעם טאָפּ, ווײַל מען פֿירט זיך, אַז מען גיט צום ערשט די קלענערע קינדער צו עסן פֿאַר די עלטע־רע. און דערנאָך האָט דער רבי אַרײַנגעטון זײַנע פֿינגער, און דערנאָך יעדער איינער פֿון אונדז אין דער ריי, לויט די יאָרן נאָך.

און מיר האָבן געזונגען פּסוקים תּהילים צווישן איין שפּײַז און דער אַנדערער, און אונדזער רבי האָט פֿאַר אונדז די שריפֿט אויסגעטײַטשט, און גרויס פֿרייד האָט דאָרט געהערשט בײַם טיש. גליקלעך איז געווען דאָס אויג, וואָס האָט דאָס געזען. און ווען איך האָב געקוקט און געזען, ווי די מוטער זיצט צווישן אירע קינ־דער, און די לאָמפּן ברענען מיט דער ליכטיקייט פֿון שבת, און די שטוב איז אויפֿ־געראָמט, און דער טיש איז געדעקט און דער גײַסט פֿון גאָט שוועבט איבערן טיש, ווײַל מען האָט פֿון דער שריפֿט גערעדט, — האָב איך געלייענט אויף איר דעם פּסוק: „אם הבנים שמחה הללויה!".

אין דער נאַכט האָבן מיר אַלע תּלמידים גענעכטיקט בײַם רבין אויפֿן הויף, יעדער איינער וואו ער האָט געקאָנט, ווײַל מיר האָבן געוואָלט אַלע צוזאַמען מיט אונדזער רבין צומאָרגנס, שבת אין דער פֿרי, אין בית הכּנסת אויפֿגיין, ווײַל עס

שטייט אין פּסוק: „ברוב עם הדרת מלך". אַ רבי איז געגליכן צו אַ מלך, און עס איז פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון רבין, ווען זײַנע תּלמידים באַגלייטן אים אויף זײַן וועג.

צומאַרגנס גאַנץ פֿרי האָבן מיר זיך געפֿעדערט אין בית הכּנסת. פֿון אַלע הייז־לעך איז מען אַרויסגעקומען און אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן הויכן אָרט, וואו דאָס בית הכּנסת איז געשטאַנען, וועלכעס מען האָט אַרויסגעזען פֿון אַלע הײַזלעך פֿון שטאָט. דאָס בית הכּנסת איז שוין פֿול געווען, וואָרעם אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער רבי מיט די תּלמידים וועלן קומען צום געבעט, און זיי האָבן געוואַרט, אַז ער זאָל אַ נס באַווייזן, ווי ער האָט עס אין אַנדערע שטעט געטון. אויף דער מזרח־וואַנט אויפֿן הויכן שטאַנד, אויף דער זייט פֿון אָרון קודש, וואו עס שטייט די הייליקע שריפֿט, זײַנען שוין אַלע געזעסן — דער ראָש־הכּנסת און די חשובֿי־העיר. דער ראָש־הכּנסת — אַן אַלטער מאַן, באַוואַקסן מיט אַ ווײַסער באָרד, וואָס האָט אַרויס־געשטאָרט איבער זײַן ווײַס שבתדיק קלייד. פֿון איין זײַט פֿון אים איז געזעסן דער חזן, וואָס איז געווען דער מלמד פֿון די קליינע קינדער אין שטאָט, אַ מאַן אין די בעסטע יאָרן, אַ כּהן איז ער געווען, באַוואַקסן מיט פֿיל האָר, און זײַן שוואַרצע באָרד איז געקעמט און געקניפּט געווען לויטן מנהג פֿון די כּהנים. אויף דער צווייטער זײַט — דער סגן, זײַן באַהעלפֿער, נאָך אַ יונגערמאַן. הינטער זיי — די זקנים, אַלע אין ווײַסע בגדי־שבת, מיט ציצית־באַקליידטע טליתים אַרומגעהילט, פֿון וועלכע מען האָט נאָר געזען די ווײַסע בערד פֿון די פּנימער אַרויסקוקן. דאָס פֿאָלק, פֿאַרשפּרייט איבער דער שול, יעדער לויט זײַן שטאַנד — די רײַכע און אָנגעזעענע אויף די ערשטע פּלעצער אַרום דעם עמוד, און די אָרעמע־לײַט אַרום דער טיר, — ווי עס שטייט געשריבן: „כּעני בפּתח" — „ווי אַן אָרעמאַן בײַ דער טיר". די ווײַבער זײַנען אַרײַנגעגאַנגען צו דער עזרת־נשים, וואָס איז געווען אין אַ זײַט פֿון דער שול, מחמת צניעות אָפּגעזונדערט פֿון די מענער דורך טאָפּלטע זײַלן, וועלכע זײַנען מיט דינע פֿאַרהאַנגען פֿאַרהאַנגען געווען, כּדי זיי זאָלן הערן דאָס געבעט און נישט זען די מענער. דער רבי האָט זיך געשטעלט, ווי זײַן גע־וואוינהייט איז געווען, בײַ דער טיר, און מיר — זײַנע תּלמידים — הינטער אים. און ווען דאָס בית הכּנסת איז פֿול געוואָרן מיט מתפּללים, האָט געפֿרעגט דער ראָש־הכּנסת:

— צי איז געקומען אין שטאָט אַן אורח הגון, וועלכן מען זאָל מיט עלית התּורה מכבד זײַן?

און טייל פֿון די מתפּללים האָבן געענטפֿערט:

— עס איז געקומען צוריק אין שטאָט אַרײַן ר' ישוע בן יוסף, וואָס האָט זוכה געווען אַ רבי אין ישׂראל צו ווערן; ער איז געקומען כּדי מקיים צו זײַן כּיבוד־אם. ער געפֿינט זיך אין בית הכּנסת מיט זײַנע תּלמידים.

אַזוי האָט דער ראָש־הכּנסת געזאָגט:

— ר' ישוע בן יוסף זאָל דער שליח־ציבור פֿאַר דעם שבת זײַן!

און אַ מנהג איז געווען אין ישׂראל, ווען מען האָט עמיצן אַלס שליח־ציבור געמאַכט, האָט ער זיך באַדאַרפֿט דרײַ מאָל אָפּזאָגן, כּדי דערמיט צו באַווײַזן זײַן ענֿיות, אַז ער איז נישט ראָוי צו זײַן דער שליח־ציבור פֿאַר ישׂראל, און ערשט צום פֿערטן מאָל דאַרף ער פֿאָלגן דאָס געבאָט פֿון ראָש־הכּנסת. אָבער אונדזער רבי האָט דאָס נישט געטון. אַזוי ווי דער ראָש־הכּנסת האָט אים אויפֿגעפֿאָדערט

דער שליח־ציבור צו זײַן, אַזוי האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום בעלעמער, וואו דער עמוד איז געווען. ער האָט זיך אַרומגעוויקלט אין אַ טלית, אַ ברכה געמאַכט, און ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן מיט אַ הויך קול די תּפֿילה:

„געלויבט ביסטו, גאָט, מלך פֿון דער וועלט, באַשאַפֿער פֿון ליכט און באַשאַפֿער פֿון פֿינצטערניש, ברענגער פֿון שלום, שעפֿער פֿון אַלעם!".

און דאָס פֿאָלק איז געפֿאַלן אויף די קני:ען און באַדעקט זייערע פּנימער מיט די טליתים.

און ווען עס איז געקומען צו דער שטעלע, וואו דער שליח־ציבור בענטשט דעם שבת, האָט דער רבי געזאָגט די ווערטער מיט גרויס קראַפֿט:

„באַשענק דײַן פֿאָלק מיט דעם אייביקן גרויסן פֿרידן, ווײַל דו ביסט קעניג און פֿירשט פֿון שלום"...

דאָ האָט דער רבי איבערגעריסן, און ווי ס'איז דער מנהג געווען פֿון גרויסע רביים, האָט ער אַליין זײַן אייגענע תּפֿילה געזאָגט, און אַז עס איז געווען, ווען זיי האָבן אַלע אויסגעהערט, וואָס ער זאָגט פֿאַר אַ געבעט, אַזוי האָבן זיי געהערט דאָס געבעט פֿון אַרעמאַן, וואָס דער רבי האָט געזאָגט פֿאַר יעדער מאָלצײַט, און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „דאָס געבעט איז דאָס געבעט פֿון אַרעמאַן און עס איז גוט!", און זיי האָבן עס נאָכגעזאָגט.

און די מוטער פֿון רבין איז געשטאַנען צווישן די פֿרויען אין עזרת־נשים, און ווען זי האָט דערהערט איר זונס קול מיט גרויס קראַפֿט, ווי ער בעט פֿאַר דער עדה, אַזוי איז זי פֿול געוואָרן מיט פֿיל פֿרייד און שטאָלץ, און די פֿרויען האָבן צו איר געזאָגט: „וואויל איז צו דײַן בויך, וואָס האָט די דאָזיקע פֿרוכט אַרויסגעגעבן, דו געבענטשטע צווישן די פֿרויען!".

באַלד האָט דער רבי, באַגלייט פֿון ראָש־הכּנסת, פֿון חזן און סגן, פֿאַרלאָזט דעם בעלעמער, און די אַלטע לײַט הינטער זיי, און זיי זײַנען אויפֿגעגאַנגען אויף די שטיגלעך, וואו עס איז געווען אײַנגעמויערט אין דער וואַנט דער אָרון־קודש, און דער רבי האָט אַרויסגענומען דאָס ספֿר־תּורה פֿון אָרון. און עס איז געווען, ווי ער איז געשטאַנען אויף די טרעפּלעך בײַם אָרון, אײַנגעהילט אין זײַן טלית, און אויפֿגעהויבן דאָס ספֿר־תּורה איבער די קעפּ פֿון פֿאָלק, — האָט ער אויסגעזען ווי משה רבינו אויפֿן באַרג סיני, און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז געפֿאַלן אויף זייערע קני:ען און געזונגען די שיר־המעלות, — ווי זיי גייען אין בית־מקדש־הויף.

און דער רבי, אין באַגלייטונג פֿון ראָש־הכּנסת, פֿון חזן און סגן, האָט די ספֿר־תּורה געבראַכט אויפֿן בעלעמער און אָפּגעוויקלט די ראָלן צו דער סדרה, וואָס איז געגאַנגען די וואָך, און זיי האָבן אויפֿגערופֿן עולה צו זײַן צו דער תּורה די נכבדים פֿון דער שטאָט; יעדער איינער האָט זײַן אָפּשניט פֿאַרגעלעזן פֿון דער הייליקער שריפֿט, און דער מתרגם האָט עס מתרגם געווען פֿאַרן עולם.

און עס איז געקומען די צײַט, און אונדזער רבי איז געוואָרן אויפֿגערופֿן צו דער תּורה, וואָס דאָס איז געווען מפֿטיר, אַזוי האָט ער אויך זײַן אָפּשניט פֿאַרגע־לעזן מיט גרויס כּוח. און ווי ער האָט געענדיקט דעם אָפּשניט צו לעזן, אַזוי האָט אים דער סגן אויפֿגעוויקלט די מגילה פֿון די נביאים און האָט אים אָנגעוויזן אויף דעם אָפּשניט פֿון דעם נביא, וואָס איז געווען באַשטימט פֿאַר דעם שבת.

אָבער אונדזער רבי האָט גענומען די ראָלע פֿון די נבֿיאים און האָט זי איבער־געדרוקט, און אויפֿגעוויקלט די שטעלע פֿון נבֿיא ישעיה, וואו ער זאָגט אָן זײַן פֿאָלק די בשׂורה פֿון משיח. און אײַנגעוויקלט אין זײַן טלית, האָט ער אויפֿגע־הויבן די שריפֿט איבער אַלעמענס קעפּ און אַרויסגעלייענט מיט גרויס גבֿורה:
„דער גײַסט פֿון גאָט רוט אויף מיר, ווײַל ער האָט מיך געזאַלבט די בשׂורה אָנ־צוזאָגן די אָרעמע־לײַט. ער האָט מיך געשיקט צו היילן די געבראָכענע הערצער, רופֿן די געפֿאַנגענע פֿרײַ...”

אָבער ווען דער ראָש־הכּנסת האָט געהערט די ווערטער, אַזוי האָט ער געצי־טערט איבער זײַן גאַנץ לײַב, און איז צוגעגאַנגען צו אים און ער האָט געזאָגט:
— נישט דעם נבֿיא לייענען מיר הײַנט צו דער הפֿטורה, נאָר אַן אַנדערן. און ער האָט אָנגעטײַטלט אויף דעם אָרט צו לייענען פֿון דער הפֿטורה, וואָס איז גע־גאַנגען די וואָך. אָבער אונדזער רבי האָט גענומען דאָס ספֿר און האָט עס פֿאַר־מאַכט און עס איבערגעגעבן אין דער האַנט פֿון סגן, און ער האָט ווײַטער געזאָגט בעל־פּה פֿון דער בשׂורה פֿון משיחן, ווי עס שטייט אין ישעיה:
„ער האָט מיך געשיקט צו באַפֿרײַען די געבונדענע, אויסצורופֿן אַ יאָר פֿון ווילן צו גאָט. דאָס פֿאָלק, וואָס גייט אין פֿינצטערניש, האָט דערזען אַ גרויס ליכט”...

אָבער דער ראָש־הכּנסת און דער חזן און דער סגן און אַלע זקנים זײַנען זייער בלייך געוואָרן און דערשראָקן זיך פֿאַר זײַנע ווערטער, און זיי האָבן זיך צו אים צוגעדרונגען און געזאָגט:
— וואָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ ווערטער, וואָס דו זאָגסט און אויף וועמען מיינסטו עס? ביסטו נישט דער זון פֿון יוסף און מרים איז דײַן מוטער, און דײַנע ברי־דער און דײַנע שוועסטער זיצן מיט אונדז? אויף וועמען ריכטעסטו די ווערטער און וואָס מיינסטו מיט זיי?

אָבער ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זייערע רייד און אויסגערופֿן מיט אַ הויך און שטאַרק קול:
— דער האַר יהוה האָט מיר געגעבן אַ לשון פֿון די געלערנטע, כּדי צו וויסן אַ וואָרט צו דעם מידן צו רעדן. דער האַר יהוה האָט אויפֿגעמאַכט מײַן אויער און איך האָב נישט ווידערשפּעניקט און איך האָב מיך נישט צוריקגעצויגן. איך האָב געגעבן מײַן רוקן צו די שלעגערס און מײַנע באַקן צו די, וואָס רײַסן אויס די באָרד, מײַן פּנים האָב איך נישט באַהאַלטן פֿון שאַנד און אָנשפּײַען. אָבער דער האַר יהוה וועט מיר העלפֿן, דעריבער בין איך נישט פֿאַרשעמט געוואָרן, דעריי־בער האָב איך געמאַכט מײַן פּנים ווי אַ שטאַרקן שטיין, און איך ווייס, אַז איך וועל נישט פֿאַרשעמט ווערן.

און דער ראָש־הכּנסת האָט גערופֿן מיט גרויס צאָרן צום פֿאָלק:
— ציט אים אַרויס פֿון דאַנען, וואָרעם ער לעסטערט גאָט!

אָבער דאָס פֿאָלק איז געבליבן דערשטוינט און דערשראָקן, און האָט גע־קוקט מיט גרויס אימה אויף דעם רבינס פּנים. וואָרעם זײַן פּנים איז געווען בלייך און דאָך האָט עס געלויכטן ווי אַ זון, און זײַן קול איז געווען שטאַרק, ווי דאָס קול פֿון אַ דונער, וואָס גייט פֿון דעם באַרג אין דעם טאָל אַראָפּ, און זײַנע ווערטער זײַנען געווען מיט חן און שיינקייט. און דאָס פֿאָלק האָט געזאָגט איינער

צום אַנדערן מיט פֿאַרוואונדערונג: „דאָס איז דאָך דער זון פֿון יוסף, ווער האָט אים געלערנט צו רעדן אַזוי פֿון דער שריפֿט?"

און שמעון בר־יונה איז געקומען צווישן זיי און צו זיי געזאָגט:

— האָט איר דען נישט געהערט, וואָס ער האָט געטון צו די לײַט פֿון כּפֿר־נחום, ווי ער האָט קראַנקע געהיילט, בלינדע זעעוודיק געמאַכט, שלעכטע גייסטער פֿאַרטריבן? און האָט איר דען נישט געהערט דאָס, וואָס ער האָט געטון אין נעים? און האָט איר דען נישט געהערט, וואָס די לײַט רעדן אויף אים, אַז ער איז אַ הייליקער אין ישׂראל? נאָר איר האָט פֿאַרשטאָפּטע הערצער. גייט דאָך צו צו אים און שטרעקט אויס צו אים די הענט, וואָרעם אײַער הילף איז אין זײַן האַנט!

און אייניקע פֿון זיי, וואָס האָבן געזען זײַן פּנים און דערשראָקן געוואָרן פֿון זײַן קול, זײַנען געפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און גערופֿן: „רבי, העלף אונדז! באַווײַז אונדז די ניסים, וואָס דו האָסט אין כּפֿר־נחום געטון!" אָבער ער האָט זיי געענטפֿערט: „האָט איר דען נישט אויף מיר דאָס משל געלייענט: ,רופֿא העלף דיר אַליין!' ווי וואָר איך זאָג אײַך — עס איז נישטאָ קיין נביא אין דעם אייגענעם לאַנד. פֿיל אַלמנות זײַנען געווען אין ישׂראל אין די טעג פֿון אליהו, ווען ער האָט אויפֿגעהאַלטן די וואָלקנס אין הימל דרײַ יאָר מיט זעקס חדשים און עס איז געווען אַ גרויס הונגער אין לאַנד, און אליהו איז נישט געוואָרן געשיקט אַפֿילו צו איינער פֿון זיי, נאָר קיין צרפֿים, וואָס איז אין צידון צו אַ ווײַב אַן אַלמנה. און פֿיל מצורעים זײַנען געווען אין די טעג פֿון אליהו הנביא, און ער האָט נישט קיינעם גערייניקט, נאָר נעמן הארמי!"

ווי זיי האָבן דאָס דערהערט, אַזוי איז דאָרט אַ גרויס גערודער געוואָרן, אַ גרויסער כּעס האָט זיי אַרומגענומען איבער די דאָזיקע רייד, און זיי האָבן אים געוואָלט שלאָגן און באַליידיקן. נאָר מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן אים אַרומגערינגלט און נישט געלאָזט אים קיין שלעכטס טון. און מיר האָבן פֿאַרלאָזט דאָס בית הכּנסת און איבערגעלאָזט די מתפּללים אין גרויס אויפֿרודערונג.

און עס איז געווען דערנאָך, אַזוי איז געקומען צו זײַן מוטער אַהיים זײַן משפּחה, די שוועסטערן מיט זייערע מענער, וועלכע האָבן געוואוינט אין שטאָט, און האָבן געקריגט אויף אים און געזאָגט: „ווי אַזוי וועלן מיר איצט קאָנען אויפֿהייבן אונדזערע אויגן פֿאַר די לײַט? ביסטו געקומען אונדזער לעבן ענג צו מאַכן אין שטאָט? איצט וועלן זיי אונדז מקפּח־פּרנסה זײַן איבער דעם שלעכטס, וואָס דו האָסט גערעדט אויף זיי". און אויך אַ טייל פֿון זײַנע ברידער האָבן געטראָגן פֿינצטערע פּנימער אויף אים, און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „די שטאָט־מענטשן וועלן זיך איצט נוקם זײַן אין אונדז!" נאָר די מוטער איז געזעסן אין אַ ווינקל מיטן זון; ווען אַפֿילו איר האַרץ איז געווען באַטריבט, האָט זי זיך נישט צוגעלאָזט קיין צער, ווײַל עס איז געווען שבת הײַנט. נאָר זי האָט געזאָגט צום זון:

— עס טוט מיר באַנג אויף דיר, מײַן קינד, גאָט זאָל דײַן אָפּהיטער זײַן!

און ווען עס איז אָוונט געוואָרן, און דער ערשטער שטערן האָט זיך אויפֿן הימל באַוויזן, אַזוי האָט דער רבי צונויפֿגענומען זײַנע תּלמידים און האָט געזאָגט:

— איצט בין איך פּטור פֿון זיי, קומט, לאָמיר אויפֿגיין קיין כּפֿר־נחום!

און אַנדערע האָבן געפֿרעגט:
— ווילסטו דען נישט איבערנעכטיקן אין שטאָט?
און ער האָט געזאָגט:
— אַ שטאָט, וואָס פֿאַרציקט אירע קינדער, איז ערגער פֿון אַ חיה־רעה. לאָמיר אָפּוואַשן איר שטויב פֿון אונדזערע פֿיס.
און ווען ער איז געגאַנגען צו זײַן מוטער צו נעמען רשות פֿון איר אָפּצושיידן זיך, אַזוי האָט זי אָנגעכאַפּט זײַן קלייד, זי האָט געוויינט און האָט געזאָגט:
— מײַן קינד, איך וועל דיך נישט לאָזן גיין, איצט זע איך, ווי געפֿערלעך עס איז דער וועג, אויף וועלכן דו גייסט! איך האָב מורא פֿאַר דײַן לעבן.
אָבער ער האָט געזאָגט:
— דער וועג איז אויסגעלייגט פֿון מײַן פֿאָטער אין הימל און דער גאַנג האָט זיך שוין אָנגעהויבן. דו זאָלסט אָבער פֿריִער נישט זען דאָס געזיכט פֿון דײַן זון, ביז דער ציל וועט זײַן דערגרייכט.
און ער האָט געלאָזט זײַן מוטער אין געוויין, און פֿאַרלאָזט זײַן מוטער אין שטוב, און מיר — נאָך אים. און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען שוין אין דרויסן געווען אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט, אַזוי האָבן מיר דערהערט זײַן מוטערס קול נאָכרופֿן נאָך אים: „תנוקי, תנוקי!...‟ און ער האָט איר אָפּגעענטפֿערט: „אמי... אמי!...‟

און ווען מיר זײַנען שוין געווען ווײַט אויפֿן וועג, אַזוי האָבן מיר געהערט טריט הינטער אונדז, וואָס זײַנען נאָך אונדז פֿון דער שטאָט געקומען. און ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו זען, ווער עס גייט, אַזוי איז עס געווען יעקבֿ, דער ברודער פֿון רבין. און דער רבי האָט אים געפֿרעגט:
— יעקבֿ, מײַן ברודער, וואָס טוסטו דאָ?
האָט אים יעקבֿ געענטפֿערט:
— איך גיי נאָך דײַנע טריט.
אַזוי האָט אים דער רבי געזאָגט:
— יעקבֿ, קער דיך אום צוריק. דײַן צײַט איז נאָך נישט געקומען.
און די ברידער זײַנען געפֿאַלן איינער דעם אַנדערן אויפֿן האַלדז און זיך געקושט. און יעקבֿ האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, און מיר זײַנען געגאַנגען אונדזער וועג ווײַטער.

## IX

מיר זײַנען דורכגעגאַנגען די נאַכט, און מיר זײַנען אָנגעקומען מיטן פֿרי־מאָרגן קיין מגדל, די שטאָט פֿון פֿאַרבערס. און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ הויז, וואָס עס האָט אונדז אָנגעוויזן מרים — די פֿרוי, פֿון וועלכער אונדזער רבי האָט די רוחות פֿאַרטריבן, ווארעם זי איז אַרויסגעקומען פֿון דעם אָרט. און די שטאָט איז געווען רײַך און פֿול באַזעצט מיט מענטשן, וואָרעם דאָרט האָט מען אין ים געפֿונען דעם מושל־פֿיש, וואָס הייסט חלזין, פֿון וועמענס גאַל מען האָט גע־צויגן די תכלת־פֿאַרב. אויך האָבן דאָרט די מענטשן דערצויגן טויבן צו ברענגען

אַלס קרבנות אויפֿן מזבח פֿון בית מקדש — איז דעריבער די שטאָט באַפֿלעקט געווען מיט דער פּאַרב פֿון דעם תכלת און מיט די שאָטנס פֿון די טויבן. און דער רבי איז דאָרט געזעסן אין בית מדרש, וואו עס זיצן די תּלמידי חכמים, און האָט פֿאַרשפּרייט זײַן תּורה צווישן אונדז, זײַנע תּלמידים. און אויך פֿיל פֿון די שטאָט־לײַט זײַנען געקומען אים הערן. און די תּלמידי־חכמים, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זײַן תּורה, האָבן געריממט זײַנע ווערטער און געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט אַ מויל, וואָס שיט מיט פּערל. און עס איז אים געפֿעלן דאָרט צו זיצן, וואָרעם די לײַט האָבן אונדז גרויס כּבֿוד אָפּגעגעבן. מער קיין וואונדער האָט דער רבי אין דער שטאָט נישט באַוויזן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער רבי באַפֿוילן, און מיר האָבן גענומען אַ שיף און מיר זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿון מגדל קיין כּפֿר־נחום. און שמעון האָט געבראַכט דעם רבין אין דעם הויז פֿון זײַן שוויגער, און ער האָט באַוואוינט דאָס בוידעם־שטיבל, וואָס זי האָט צוגעגרייט פֿאַר אים.

אין כּפֿר־נחום זײַנען אויך געקומען די פֿרויען פֿון דער שטאָט נעים, יוחנה, דאָס ווײַב פֿון הורדוסעס באַאַמטן, און שושנה. און יוחנה איז געווען אַ פֿרוי פֿון אַ רײַכן מאַן, און זי האָט אויך פֿאַרמאָגט נחלאות, און זי האָט גענומען איר געלט און אַרײַנגעגעבן אין דער קופּה, און מיר האָבן דערפֿאַר געקויפֿט ברויט, כּדי צו שפּײַזן די אָרעמעלײַט, וועלכע זאַמלען זיך אַרום דעם רבין. און זי און שו־שנה האָבן זיך באַהאַפֿטן מיט דער שוויגער פֿון שמעון און מיט די אַנדערע נשים צדקניות, וועלכע זײַנען דאָרט געווען בײַם רבין, און האָבן באַזאָרגט דעם רבין מיט זײַנע תּלמידים און דאָס גאַנצע הויזגעזינד מיט אַלעם נויטיקן. און זיי האָבן אויך געזאָרגט וועגן די סעודות, וואָס דער רבי פּראַוועט פֿאַר די אָרעמעלײַט, וואָס קומען זוכן אַ ישועה בײַ אים. נאָר מרים, דאָס ווייב פֿון מגדל, האָט זיך אָפּגע־טיילט פֿון זיי, זי האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט דער ווירטשאַפֿט ווי די אַנדערע ווײַבער, נײַערט זי האָט זיך געווידמעט משמש צו זײַן דעם רבין אַליין. זי האָט געוואַשן זײַן קלייד און זי האָט געהיטן די איילן, מיט וועלכע זי האָט געזאַלבט זײַנע פֿיס. און ס׳איז געווען אין אָוונט, ווען דער רבי איז אין זײַן דאַך־שטיבל געקומען זיך אָפּרוען פֿון זײַן הייליקער עבֿודה בײַטאָג, אין די שעהן פֿון חסד, ווען עס איז געקומען דער שעת־הכּושר אויפֿן רבין, פֿלעגט זי פֿאַלן אויף דעם דיל פֿאַר אים אין גרויס דבֿקות, אַ שוים האָט געזעצט פֿון איר מויל, און אַ הייליקער גײַסט איז זי באַפֿאַלן, און זי האָט אין גרויס עקסטאַז פֿאַרן רבין מנבאת געווען. אָבער אונדז, די פֿון די תּלמידים, וועלכע האָבן זיך אויסגעקענט אין דער שריפֿט, איז נישט געפֿעלן די זאַך, וואָס די מרים טיילט זיך אויס פֿון אַלע אַנדערע פֿרומע ווײַבער, און מיר האָבן געמורמלט צווישן זיך אויף איר פֿירונג, ווי אויך דערויף, וואָס זי ברענגט דעם רבין אין דער חבֿרה פֿון זינדיקע.

מיר האָבן געזען, אַז דאָס געזיכט פֿון אונדזער רבין איז צו אַ טייל פֿון זײַנע תּלמידים נישט ווי נעכטן און אייערנעכטן. מיך. דעם קלענטסטן, ווי אויך אַנדרעי, און שמעון קנאי האָט ער דערווײַטערט פֿון זיך, און ער האָט זיך וואָס אַמאָל מער דערנענטערט צו שמעון בר־יונה, דעם ברודער פֿון אַנדרעי און יעקבֿ מיט יוחנן, די ברידער זבדי; זיי זײַנען אײַן־און־אויסגעגאַנגען בײַם רבין. און דער רבי האָט זיך אָפּט מאָל פֿאַרמאַכט מיט זיי אין זײַן שטיבל, און האָט זיי

געזאָגט זאַכן, וואָס מיר האָבן נישט געוואוסט, און די אַנדערע תּלמידים האָבן זיי מקנא געווען און געקריגט אויף זיי.

שמעון בר־יונה איז געווען פֿון די גרויס־גלויביקע, ער איז געווען ווי אַ פֿאַר־ליבטער. ער איז געשטאַנען בדחילו ורחימא הינטער דער טיר פֿון רבינס שטיבל. ער האָט געגלייבט, אַז ער הערט קולות פֿון מלאכים און נביאים, וואָס זײַנען מיטן רבין אין שטוב. ווי די ברידער זבדי, האָט ער געגלייבט, אַז די ישועה וועט נאָר קומען דורך די אומוויסנדיקע און תמימים. וואָרעם נאָר די אמונה און נישט די חכמה איז דער שליסל, וואָס עפֿנט אויף די טיר צום מלכות שמים. די ברידער זבדי זײַנען געווען שטאַרקע און רײַכע לײַט. זיי האָבן געהאַט פֿיל שיפֿן, און זיי האָבן פֿאַרלאָזט די שיפֿן פֿון זייער מוטער, כּדי נאָענט צו זײַן פֿון רבין. יעקבֿ, דער עלטערער ברודער, איז געווען דער רבינס געליבטער תּלמיד, וואָ־רעם יעקבֿ איז געווען שטאַרק אין גלויבן, ווי שמעון, און אפֿשר נאָך מער ווי ער. און אַנומלט זײַנען מיר אָנגעקומען צום ים כּנרת און מיר האָבן געוואָלט אַריבערפֿאָרן אויף דער צווייטער זײַט, און קיין שיף איז נישט געווען בײַם ברעג, אַזוי האָט יעקבֿ געזאָגט צום רבין:

— רבי און לערער, ווען דו ווילסט, קאָנסטו דאָך שפּאַלטן דעם ים, ווי משה רבינו האָט עס אין זײַן צײַט געטון, ווען די ייִדן זײַנען אַרויס פֿון מצרים, און מיר וועלן קאָנען אַדורכגיין דורך דער טריקעניש.

און דער רבי האָט אים געענטפֿערט:

— וואָלט איך געווען מיט דיר אַליין, וואָלט איך עס געטון, וואָרעם קיין שום מניעה איז נישטאָ פֿאַרן גלויבן; אָבער דער אומגלויבן פֿון די אַנדערע שטערט עס.

און געמיינט האָט ער דאָס מיך, ווײַל ער האָט געזען, אַז איך גלייב נישט אין דערין. און יעקבֿ איז שטענדיק געזעסן בײַ זײַנע פֿיס, און ער האָט דעם רבין באַדינט ווי שמעון. און יוחנן, זײַן ברודער, איז געווען מיט זײַנע אַקסלען און הייך ברייטער און העכער פֿון אַלע, ער איז געווען אַ גבור, און אַ קול האָט ער געהאַט ווי אַ ריז, און ער איז געווען צוגעלאָזט צום פּראָסטן פֿאָלק, וואָרעם ער איז געווען איינער פֿון זיי. דער רבי האָט געגעבן סימנים אויף זײַנע דרײַ תּלמידים: אויף שמעונען האָט ער געזאָגט: „דאָס איז דער פֿעלז, אויף וועלכן איך שטיי, יעקב איז דער שטעקן, אויף וועלכן איך לען זיך אָן, און יוחנן איז דער שופֿר, דורך וועלכן איך רוף!...״

און ווען מיר זײַנען צוריקגעקומען קיין כּפֿר־נחום, אַזוי איז יוחנן אַרויס־געגאַנגען צום באָרטן פֿון ים, וואו עס זיצן די פֿישערס, און אויף די מאַרק־פּלעצער, און אָוועקגעזעצט זיך אין טויער פֿון די טויבן, וואָס איז דער אַרײַנ־גאַנג אין דער שטאָט, און האָט גערופֿן צום איינפֿאַכן פֿאָלק: „דער וואונדערלעכער מאַן איז דאָ אין שטאָט, קומט אַהער, איר אַלע, וואָס זײַנען דורשטיק נאָך הילף!״

און ווי דאָס פֿאָלק האָט געהערט, אַז דער רבי איז צוריק אין שטאָט, אַזוי האָבן זיך ווידער געשאַרט די מאַסן צום שמאָלן אײַנגאַנג פֿון שמעונס הויז, און אַלע האָבן געוואָלט אַרײַנגיין צו אים. און זיי האָבן אויסגעשטרעקט די הענט נאָך אים און האָבן גערופֿן: „רבי העלף אונדז!״ און ווי דער רבי האָט געזען די דורשטיקע מאַסן, וואָס רינגלען אים אַרום, אַזוי האָבן זיך זײַנע כּוחות

באַנײַט און דער רוח הקודש האָט געריט אויף אים. ער איז געוואָרן ווי אַ ברוסט, וואָס זייגט אַן ישׂראל מיט ישועות און נחמות.

ער האָט אָנגעטון זײַן ווײַס קלייד מיט ציצית, און איז געווען באַגלייט פֿון זײַנע תּלמידים. ער איז אַרויסגעגאַנגען צום דורשטיקן עולם און האָט אויסגעשטרעקט זײַנע הענט צו זיי, און ווי זיי האָבן אים געזען אין זײַן ליכטיקן קלייד, באַגלייט פֿון זײַנע תּלמידים, אַזוי האָבן זיי זיך געוואָרפֿן פֿאַר אים צו די פֿיס און אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און גערופֿן: „הייליקער אין ישׂראל, העלף אונדז!" — און דער רבי האָט געזאָגט:

— דאָס רחמנות נידערט נישט פֿריִער אַראָפּ פֿון הימל, ביז עס ווערט נישט אויפֿגעפֿאָדערט פֿון אונטן.

און ער איז אַרײַנגעטראָטן צווישן זיי און געטרייסט די דערשלאָגענע און געהיילט די קראַנקע און מוחל געווען די זינד.

אין דער שטאָט כּפֿר־נחום איז געווען אַ בכּבֿודיקער מאַן, געלערנט און אָנ־געזעען אין שטאָט, וואָרעם ער איז געווען דער ראש פֿון בית הכּנסת, וואו דער רבי האָט געדרשנט יעדן שבת פֿאַרן קהל, און ער האָט געגלייבט אין רבין. און ער איז געקומען פֿאַר אים און איז געפֿאַלן פֿאַר זײַנע פֿיס און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל קומען אין זײַן הויז אַרײַן, וואָרעם זײַן אײנציקע טאָכטער, אַ מיידל פֿון צוועלף יאָר, האַלט בײַם שטאַרבן. אָבער דאָס פֿאָלק האָט דעם רבין אַרומגערינגלט און האָט אים אײַנגעשלאָסן ווי אַ מויער, און ער האָט נישט געקאָנט אַרויסגיין פֿון צווישן זיי. און ווי ער רעדט נאָך אַזוי, קומט אָנצולויפֿן אַ מאַן פֿון דעם ראש פֿון דער שול, און האָט געזאָגט צום ראש פֿון בית־הכּנסת:

— דײַן טאָכטער איז געשטאָרבן, האָסט נישט מער וואָס מטריח צו זײַן דעם רבין!

אָבער ווען דער רבי האָט דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט:

— האָב נישט קיין מורא, נײַערט גלייב נאָר, און די אמונה וועט דיר העלפֿן.

און ער איז געגאַנגען אין שטוב אַרײַן צום ראש פֿון בית הכּנסת, און ער האָט קיינעם מיט זיך נישט אַרײַנגעלאָזט, נײַערט זײַנע דרײַ תּלמידים: שמעון, יעקבֿ און יוחנן און דעם פֿאָטער מיט דער מוטער פֿון קינד, און ער האָט געזאָגט:

— וויינט נישט, דאָס קינד איז נישט געשטאָרבן, זי שלאָפֿט בלויז, — און ער האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און געזאָגט: — ילדה, הייב דיך אויף!

און דאָס קינד האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז געווען ווי איינע פֿון אונדז. מיר, די תּלמידים פֿון רבין, וואָס זײַנען נישט געווען דערבײַ, האָבן געמורמלט צווישן זיך: „פֿאַרוואָס האָבן מיר נישט די זכיה צו זײַן דערבײַ, ווען דער רבי טוט זײַן נס?" — און מיר האָבן פֿאַרדרוס געהאַט און מקנא געווען שמעונען און די ברידער זבֿדי, וועלכע דער רבי האָט מקרבֿ געווען צו זיך.

און דאָס פֿירעכץ פֿון אונדזער רבי איז געווען אַזוי: אונדזער רבי איז צו־געפֿאָרן מיט אַ שיפֿל, וואָס זײַנע צוויי באַליבטע תּלמידים, שמעון און יעקבֿ, האָבן געפֿירט, צו אַ ברעג פֿון אַ שטאָט בײַם ים כּנרת, און דאָס פֿאָלק האָט זיך געזאַמלט אויפֿן ברעג, און אונדזער רבי האָט גערעדט צו זיי פֿון שיפֿל אַראָפּ פֿיל קלוגע רייד. דורך משלים און גלײַכענישן האָט ער זיי געלערנט אַרונטערצוקומען אונטער דעם עול פֿון מלכות שמים. „דאָס מלכות פֿון גאָט —

האָט ער געזאָגט — איז געגליכן צו אַ מענטש, וואָס וואַרפט זוימען אין דער ערד אַרײַן, און נאָכן איבערשלאָפן זיך בײַנאַכט — ער שטייט אויף אין דער פרי, און דאָס זייעכץ בליט, און ער ווייסט נישט דערפון. ווארעם די ערד אַליין ציט אַרויס פון זיך איר פרוכט און איר גראָז". און נאָך אַזעלכע גלײַכענישן האָט ער דערציילט. דער קלוגער האָט עס געהערט און פאַרשטאַנען דעם טיפן מיין דערפון, און דעם פראָסטן האָט ער געצויגן דאָס האַרץ מיט דעם שיינעם משל. אָן אַ משל האָט ער נישט גערעדט, ווארעם הורדוס אַנטיפּאַס האָט שוין געהאָט געהערט וועגן אונדזער רבין, און ער האָט זייער מורא געהאָט פאַר אים, און ער האָט אים געוואָלט זען, ווײַל דאָס פאָלק האָט געזאָגט אויף אונדזער רבין, אַז ער איז יוחנן המטביל, וואָס הורדוס האָט געלאָזט קעפּן אין זײַן פעסטונג. און הורדוס אַנטיפּאַס האָט זיך אין האַרץ געשראָקן און געזאָגט: „ווי אַזוי איז צוריקגעקומען אין לעבן דער, וועמען איך האָב געקעפּט?" און אויך די חכמים זײַנען נישט צופרידן געווען פון אונדזער רבין, וואָס ער פירט זיך נישט אויף, ווי אַ תּלמיד חכם באַדאַרף זיך אויפפירן, און אַפילו די תּלמידים פון יוחנן האָבן מהרהר געווען אויף אים דעריבער, וואָס ער גייט נישט אין די וועגן פון יוחנן המטביל, וועלכער האָט געהייסן פּײַניקן דאָס נפש און פאַסטן. אויך האָבן פיל בעלי־בתּים, בעלי־נכסים מהרהר געווען אויף אים, ווײַל זיי האָבן געזאָגט, אַז ער באַלעמוטשעט די שכירי־יום פון זייער אַרבעט.

און עס איז געווען, ווען די שוטרים האָבן זיך דערנענטערט צום ברעג, אַזוי האָבן שמעון און יעקב, וועלכע זײַנען שטענדיק געווען מיט אים אין שיפל, גלײַך אָנגעהויבן מיט שטאַרקע שלעג די רודערס צו שלאָגן אין וואַסער, און אונדזער רבין אַפּגעפירט אין האַרץ פון ים, וואָס דאָרטן האָבן די שוטרים אים שוין נישט געקאָנט דערגרייכן. אויך האָבן די בני זבדי, וועלכע האָבן פאַרמאָגט פיל שיפן, אויפגענומען אויף זיי פיל פאָלק און זיי אַפּגעפירט אין ים אַרײַן נאָך אונדזער רבין. און מיר האָבן אָנגעגרייט אויף די שיפן ברויט און שפּײַז, וואָס מיר האָבן אָנגעקויפט פאַר דאָס געלט, וואָס דאָס ווײַב יוחנה און אַנדערע נשים צדקניות, וועלכע האָבן געגלייבט אין רבין, האָבן אין אונדזער קופה אַרײַנגעלייגט. און דער רבי מיט דעם פאָלק הינטער אים זײַנען אויף די שיפלעך צוגעשוואומען צו אַ ברעג בײַם אָנהייב פון ים כּנרת, אין דער נאָענט פון בית צידה אָדער צו אַן אַנדערן ברעג, וואָס איז לער פון מענטשן, און דאָרט זײַנען מיר אַלע אויסגעשטיגן, און מיר אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן ברעג אויף די גרינע פעלדער. טייל מאָל זײַנען מיר אַרײַנגעגאַנגען אין אַ חורבה אַרײַן אָדער מיר האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די ווײַנגערטנער, וואָס וואַקסן דאָרט אויפן ברעג. ווארעם די טעג זײַנען געווען זומער־טעג. און דער רבי האָט זיך געזעצט אין מיטן פון פאָלק און האָט געבראָכן מיט זיי ברויט, און זיי געלערנט די וועגן פון גאָט, און מבשר געווען פאַר זיי דאָס אָנקומען פון מלכות שמים. ער האָט זיי געלערנט, וואָס זיי האָבן צו טון, כּדי צו ירשענען יענע וועלט און זיי זאָלן זוכה זײַן צו האָבן אַ חלק אין דעם מלכות שמים. און אַמאָל האָט ער געהיילט אַ קראַנקן מיט קרײַטעכצער אָדער מיט אַ באַרירונג פון זײַן האַנט. ער האָט באַרואיקט די אויפגעשטורעמטע געמיטער און געטרייסט די געפאַלענע און מוחל געווען די

זינד פון זינדיקע. און דאָס פאָלק האָט זיך באַהאַפטן צו אים, און ער איז געוואָרן מיט זיי צו איין לײַב און איין נשמה.

און די אמונה פון שמעון בר־יונה אין אונדזער רבין האָט זיך געשטאַרקט וואָס אַמאָל מער. ער האָט געגלייבט, אַז אונדזער רבי איז ביכולת צו טאָן דאָס, וואָס קיין שום בשׂר ודם האָט פאַר אים נישט געטון, אַז די רשותן זײַנען אים איבערגעגעבן אין זײַן האַנט נישט נאָר איבער מענטשן, נאָר אויך איבער רוחות און עלעמענטן, און די מלאכים שטייען גרייט אויסצופירן זײַנע שליחותן. און ער האָט געהערט שטימען און געזען בילדער, וואָס קיינער פון אונדז האָט נישט געזען. און איין מאָל איז געשען אַזוי: מיר האָבן אונדזער רבין אַליין איבערגעלאָזט אויפן ברעג, ווײַל ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל מתפלל זײַן ביחידות. מיר זײַנען אָפּגעפאָרן מיט די שיפלעך אין ים אַרײַן, מיר האָבן געזאָלט שפּעטער נאָך אים צוריקקומען. דערווײַל איז פאַרנאַכט געוואָרן, דער ים האָט זיך אײַנגעהילט אין אַ וואָלקן פון טוי, וואָס האָט זיך געלייגט געדיכט איבער אים. דער וואָלקן האָט פאַרשטעלט דאָס ליכט פון הימל, און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז הימל און ערד זײַנען צוזאַמענגעוועבט געוואָרן און זיך באַהאַפטן צוזאַמען אין איין נפש. און פינצטער איז געוואָרן איבער דער וועלט, אַז מיר האָבן נישט געזען דעם עק פון אונדזער שיף. אונדזערע רודערס האָבן געטאַפּט אין דער געדיכטעניש. די בני זבדי, וועלכע האָבן געפירט דאָס שיפל, האָבן געזאָגט: „קומט, לאָמיר זיך צוריקקערן צום ברעג, וואו מיר האָבן אונדזער לערער פאַרלאָזט, וואָרעם עס ווערט שפּעט, דער הימל איז פאַרוואָלקנט". און שמעון בר־יונה און די אַנדערע תלמידים זײַנען געווען אין דער שיף, און מיר זײַנען אַלע געווען באַזאָרגט וועגן אונדזער רבין, וואָרעם דער ים האָט געענדערט זײַן געזיכט. אָבער פּלוצלינג הערן מיר, ווי שמעון בר־יונה רופט אויס מיט גרויס אַנגסט: „קוקט און זעט!" מיר האָבן געקוקט אין דער נאַכט אַרײַן, אָבער די פינצטערניש האָט אַלץ פאַרשטעלט פאַר אונדז, ווי אַ געדיכטע נעץ וואָלט געהאַנגען פאַר אונדזערע אויגן, און מיר האָבן גאָרנישט געזען, נאָר געדיכטעניש אַרום אונדז, ווי מיר וואָלטן זיך אין אַ וואָלקן פאַרלוירן. און מיר פרעגן אין אַנגסטן: „בר־יונה, וואָס זעסטו? זאָג!" — און שמעון בר־יונה האָט געוויזן אויף דעם געדיכטן טוי־וואָלקן, וואָס האָט פאַר־דעקט דעם שטח וועלט, און האָט אויסגערופן: „איך זע מײַן רבין, ווי ער פילט אַן דעם חלל פון דער וועלט, זײַן קאָפּ דערגרייכט אין הימל אַרײַן, און מיט זײַנע נאַקעטע פיס שפּרײַזט ער איבער די וועלן פון ים! ער באַרירט זיי מיט זײַנע פיס און זיי לייגן זיך ווי אונטערטעניקע שאָף אונטער אים און לאָזן אים טרעטן איבער זיך!". מיר האָבן אונדזערע אויגן אײַנגעשטאָכן אין דער טיפער נאַכט אַרײַן, אָבער די פינצטערניש איז געלעגן ווי אַ פאַנצער פון שטאָל איבער אונדז, און מיר האָבן נישט געזען איינער דעם אַנדערן, נאָר מיר האָבן געהערט בר־יונהס קול, וואָס האָט געהאַלטן אַלץ אין איין רופן: „ער גייט, ער גייט פאַרויס פאַר אונדז!" און מיר האָבן געגלייבט אין זײַנע רייד, וואָרעם דער פחד פון גאָט איז געפאַלן איבער אונדז...

און עס איז געווען אַ טאָג, און אונדזער רבי איז אַרויסגעפאָרן מיט די תלמידים און פיל פאָלק איבערן ים צו אַ ברעג, ווי זײַן געוואוינהייט איז געווען, כדי צו ברעכן מיט זיי ברויט. עס איז געווען שפּעט אין דער נאַכט, און זיי

זײַנען נישט צוריקגעקומען. און אייניקע פֿון די תּלמידים, און צווישן זיי אויך איך, יהודה, זײַנען איבערגעבליבן אין דער היים היטן די כּלים. און ווי מיר האָבן געזען, אַז עס פֿינצטערט זיך דער ים און דער רבי מיט די תּלמידים קערן זיך נישט אום צוריק, זײַנען מיר אַרויס צום ברעג פֿון ים זיי אָפּוואַרטן, וואָרעם אַ גרויסער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבן צו קאָכן איבער די וועלן, און ער האָט זיי אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט ריטער פֿון כּעס. און זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן מיט גרויס רעש ווי בערג און זײַנען שטיין געבליבן. פֿון דער שוואַרצקייט פֿון דער נאַכט האָבן מיר דערהערט אויפֿן ברעג דאָס שלעכטע געברום פֿון די וועלן, וואָס זײַנען אויפֿגעשטאַנען איינער אויפֿן אַנדערן ווי די גרויסע וואַלפֿיש, און זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט זייערע עקן. אונדזערע הערצער זײַנען צעגאַנגען פֿאַר אַנגסט איבער דעם גורל פֿון רבין מיט די תּלמידים. די ווײַבער האָבן אַרויסגעבראַכט די לאָמפּן פֿון די הײַזער צום ברעג, און מיר אַלע האָבן אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פֿון די שיפֿן. נאָר מען זעט גאָרנישט און מען הערט גאָרנישט, נײַערט דאָס ברויזנדיקע געבייזער פֿון ים. מיט אַמאָל דערהערן מיר מענטשלעכע שטימען רופֿן פֿון דער נאַכט אַרויס: „הושענא, העלף אונדז!״ — און מיט איין מאָל ווערט אַלץ שטיל, ווי אַ שווערד וואָלט די קעפּ פֿון די ווילדע וועלן אָפּגעהאַקט און זיי רואיק אַוועקגעלייגט. פֿון דער נאַכט שווימט אַרויס אויפֿן ים די שיף, רואיק אין זײַן ווײַסן קלייד שפּרײַזט אַרויס פֿון דער שיף דער רבי, נאָך אים שמעון בר־יונה און יעקבֿ בן זבֿדי, זייערע קליידער צעריסן אויף זייער לײַב פֿון די פֿײַלן פֿון שטורעם, זייערע האָר צעשויבערט, זייערע בערד צעוואָרפֿן, באַגאָסן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט וואַסער. און שמעון מיט אויסגעשטרעקטע הענט און פֿײַערדיקע אויגן זאָגט צו אונדז, און מיר הערן דאָס פֿלאַטערן פֿון זײַן האַרץ אין זײַן קול: „הערט און זעט, וואָס גאָט האָט געטון מיט אונדז! אַ גרויס נס איז געשען: מיר זײַנען געפֿאָרן אויף אונדזער שיף, און ווען מיר זײַנען געווען אין מיטן ים, איז אַ גרויסער שטורעם אויסגעבראָכן. פּלוצלינג איז ער געקומען, פּלוצלינג זײַנען מיר פֿון הויכע וועלן אַרומגערינגלט געוואָרן ווי פֿון חיות־רעות, שדים און רוחות זײַנען געזעסן אין זיי און געוואָרפֿן זיי ווי אין גרויס קדחת. און די וועלן האָבן די מײַלער אויפֿגעעפֿנט אויף אונדז צו פֿאַרשלינגען. מיר קוקן זיך אַרום אויף אונדזער רבין, אַז ער זאָל אונדז ראַטעווען פֿון די הענט פֿון משחית, און מיר זעען אונדזער רבי שלאָפֿט רואיק אויף דעם באָרטן פֿון דער שיף. מיד פֿון זײַן הייליקער אַרבעט, האָט ער זיך צוגעלענט. זײַן קאָפּ אויף זײַן רעכטער האַנט, זײַן לײַב מיט טוך און קלייד פֿאַרדעקט, און מיר היטן דעם אָטעם זײַנעם. אָבער דאָ קומט אַ כוואַליע אָן, גרויס ווי אַ לויתן, און שלאָגט אָן די שיף מיט איר עק. די שיף שטעלט זיך קאַפּויר, דער רודער איז צעבראָכן, די ברעטער קרעכצן אונטער די שלעג פֿון די וועלן, באַלד קראַכן זיי צונויף. און מיר האָבן גערופֿן: „רבי, רבי, הערסטו נישט אונדזער געשריי, זעסטו נישט אונדזער אַנגסט? האָב רחמנות אויף דעם פֿאָלק, וואָס פֿאָלגט נאָך דײַנע טריט און איז מיט דיר אין אַ שטורמישן ים אַרויס!״ ער האָט אונדז אָנגעקוקט מיט זײַן דערוואַכנדיקן בליק: „קליינגלויביקע״, וואָס איר זענט!״ — און ווי אַ האַר אויף זײַנע שלעכטע הינט, וואָס באַפֿאַלן זײַן ליבן גאַסט, האָט ער אָנגעשריגן אויף די וועלן, און ווי אונטערטעניקע הינט האָבן זיי די קעפּ

געבויגן צו דער ערד און אונטער זײַנע פֿיס זיך געלייגט. מיר זײַנען ווי די ייִדן אין מצרים אַדורך דעם געשפּאָלטענעם ים".

ווען מיר האָבן דערהערט, וואָס בר־יונה האָט אונדז פֿאַרציילט, האָבן מיר אויפֿגעהויבן די הענט צום הימל און געלויבט דעם פֿאָטער פֿאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטון מיט אונדז, און דער פּחד פֿון רבין איז געפֿאַלן אויף אונדז. און די פֿון אונדז, וואָס זײַנען געווען פֿון די קליינגלויביקע, זײַנען זייערע הערצער צעגאַנגען געוואָרן פֿאַר שרעק. מיר זײַנען אָנגעקומען פֿאַר אונדזער רבין בדחילו ורחימאָ, מיט אַש באַשיט די קעפּ און אין באַרוועס זיך געוואָרפֿן צום רבינס פֿיס און געזאָגט: „הייליקער אין ישׂראל, ווי צו אונדז, מיר האָבן געזינדיקט אין אונדזערע הערצער קעגן דיר! זײַ אונדז מוחל און פֿאַרשטויס אונדז נישט פֿון דײַן אָנגעזיכט!"

און דער רבי האָט געלייגט זײַן האַנט אויף אונדזערע רוקנס און האָט געזאָגט:

— הייבט אײַך אויף און זײַט געטרייסט, די זינד איז אײַך פֿאַרגעבן, נײַערט גלייבט, וואָרעם קיין זאַך טוט נישט בײַשטיין דעם גלויבן!

און מיר זײַנען געטרייסט געוואָרן, און אונדזערע הערצער זײַנען אָנגעפֿילט געוואָרן מיט בטחון. און מיר האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— די ישועה שטייט הינטער דער טיר. וואָרום איז צו דעם, וואָס האָט דאָס דערלעבט!

און צווישן די, וואָס האָבן מחילה געבעטן בײַ זייער רבין, בין איך, יהודה איש קריות, געווען.

# X

אין יענע טעג זײַנען אָנגעקומען די שליחים פֿון ירושלים, וואָס חנן, דער עלטסטער פֿון די כּהנים גדולים, האָט געשיקט, כּדי אויסצופֿאָרשן אונדזער רבין און נאָכצופֿאָרשן זײַנע מעשׂים. וואָרעם עס איז דערגאַנגען צו די סנהדרין אין ירושלים דאָס געהער וועגן אונדזער רבין, וועגן די וואונדערלעכע זאַכן, וואָס דער רבי ישוע בן יוסף טוט, די פֿרעמדע תּורה, וואָס ער פֿאַרשפּרייט, און זײַן אויפֿפֿירונג, וואָס איז נישט אין רוח פֿון דער קבלה, — האָבן זיי געוואָלט דערגיין צי עס איז עפּעס דאָ אין דער זאַך, וואָס די לײַט רעדן אויף אים.

און די צאָל פֿון די שליחים איז געווען זיבן, לויטער געלערנטע אין דער שריפֿט, די וואָס קענען אויסטייטשן און די וואָס ציילן יעדעס וואָרט.

און צווישן זיי איז געווען אַ מאַן, וועלכן איך האָב געקענט פֿון ירושלים, און נקדימון איז געווען זײַן נאָמען. דאָס איז געווען מײַן רבי און מײַן חבר, אַ מאַן מיט מיר אין איין דעה, אַ פֿרומער און אַ גערעכטער, וועלכער האָט געוואַרט אויף דעם געזאַלבטן פֿון גאָט, ער זאָל קומען יעדן טאָג און אויסלייזן ישׂראל. און איך, דער קנעכט פֿון זײַן האַר, האָב זיך געפֿעדערט און אָוועקגעגאַנגען צו נקדימון און האָב אים געזאָגט:

— ריר נישט אָן דעם הייליקן פֿון ישׂראל!

און איך האָב אים פֿאַרציילט פֿון אַלע וואונדער, וואָס דער רבי האָט געטון ביז הײַנט, און פֿון דער תּורה, וואָס ער פֿאַרשפּרייט. און איך האָב אים אויך

פֿאַרטרויט פֿון די רייד, וואָס עס האָט גערעדט צו מיר זײַן מוטער אין נצרת, אַז ער איז געבוירן אין בית־לחם אין אפֿרת, וואָס איז אין יהודה, ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט.

און ווי נקדימון האָט דאָס געהערט, אַזוי האָט ער געזאָגט:

— עס מוז עפּעס זײַן אין דער זאַך!...

און עס זײַנען אויך געקומען די תּלמידים פֿון יוחנן, וואָס נאָך דעם טויט פֿון זייער רבי זײַנען זיי געווען פֿאַרשפּרייט ווי די שאָף אָן אַ פּאַסטוך און זיי האָבן געוואָרט אויף דעם, וואָס וועט קומען, ווי יוחנן האָט נביאות געזאָגט.

און איך בין געגאַנגען צו זיי און האָב זיי פֿאַרציילט פֿון די מעשׂים פֿון מײַן רבין און פֿון די וואונדערלעכע זאַכן, וואָס ער טוט. און נקדימון און די תּלמידים פֿון יוחנן זײַנען געקומען בײַנאַכט צו גיין אין שמעונס שטוב אין געהיים, און זיי זײַנען געקומען פֿאַר אונדזער רבינס געזיכט...

און נקדימון האָט זיך אָנגערופֿן:

— זאָג אונדז ווער דו ביסט, גיב אונדז אַ צייכן, אַ באַווײַז — ביסטו דאָס דער, אויף וועמען מיר וואַרטן אָדער נישט?

און די תּלמידים פֿון יוחנן האָבן זיך אָנגערופֿן און האָבן געזאָגט:

— ווען אונדזער רבי האָט נאָך געלעבט, האָט ער אונדז געשיקט צו דיר, און מיר האָבן דיך געפֿרעגט אין זײַן נאָמען: ביסטו עס, אָדער זאָלן מיר וואַרטן אויף אַן אַנדערן? — און דו האָסט אונדז געזאָגט: „גייט צוריק און זאָגט יוחנן, וואָס איר האָט געהערט. און געלויבט איז דער מענטש, ער וועט נישט גע־שטרויכלט ווערן אין מיר!" — און מיר זײַנען צוריקגעגאַנגען און מיר האָבן שוין געפֿונען אונדזער רבין טויט, אַ געקעפּטן דורך הורדוסן, נאָך דעם ווי זײַן ווײַב האָט אים אָנגערעדט דערצו. און מיר שטייען איצט פֿאַר דיר ווי פֿאַרבלאָנ־דזשעטע שאָף, וואָרעם אַנדערש זײַנען דײַנע וועגן פֿון די, אויף וועלכע יוחנן האָט אונדז געפֿירט, און אַנדערש זײַנען דײַנע אויפֿפֿירונגען. אונדזער רבי האָט אונדז געלערנט צו האַלטן ריין אונדזער גוף, און דו זיצסט מיט חוטאים, מוכסים און זינדיקע פֿרויען! ביסט דאָך דער, אויף וועלכן די נביאים האָבן נביאות געזאָגט, — אַזוי לאָזן מיר בלאָזן מיט די גרויסע שופֿרות און פֿונאַנדערטראָגן דײַן בשׂורה אין ישׂראל! — און זיי האָבן אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און זיך געבעטן בײַ אים: האָב רחמנות אויף דײַנע קנעכט און פּײַניק אונדז נישט מיט אומוויסנהייט.

אָבער דער רבי האָט זיי געענטפֿערט נישט „יאָ" און נישט „ניין". און ער האָט גערעדט צו זיי מיט משלים, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— איצט צו וועמען זאָל איך גלײַכן די מענטשן פֿון דעם דור און צו וועמען זאָל איך זיי שטעלן? זיי זײַנען געגליכן צו קינדער, וואָס זיצן אויף דער גאַס און רופֿן איינער צום אַנדערן און זאָגן: „מיר האָבן פֿאַר אײַך געפּייפֿט און איר האָט נישט געטאַנצט, מיר האָבן צו אײַך געקלאָגט און איר האָט נישט גע־וויינט". וואָרעם יוחנן המטביל איז צו אײַך געקומען און נישט געגעסן קיין פֿלייש און נישט געטרונקען קיין ווײַן, האָט איר געזאָגט — ער איז אַ שד, און דער בן אדם איז געקומען און עסט און טרינקט, זאָגט איר — זעט, דער מענטש איז אַ

זו״ל וסובֿא, אַ פֿרײַנד פֿון מוכסים און זינדער. אָבער די קלוגשאַפֿט ווערט גע־רעכטפֿאַרטיקט פֿון אַלע אירע קינדער.

און מער האָט ער צו זיי נישט געזאָגט. און זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען אַזוי אומוויסנד, ווי זיי זײַנען געקומען צו אים. און נקדימון האָט געזאָגט:

— איצט איז אונדז גאָרנישט מער איבערגעבליבן, נאָר דאָס געזעץ, וואָס איז אין אונדזערע הענט. דאָס איז די שנור, אין וועלכער מיר האַלטן זיך. וואָרעם זי איז געגעבן געוואָרן צו אונדז פֿון גאָט, און נאָך איר וועלן מיר גיין. און גאָט זאָל טון דאָס, וואָס עס איז רעכטפֿאַרטיק אין זײַנע אויגן.

און צומאָרגנס זײַנען געווען אויסגעזעצט די שליחים פֿון די סנהדרין, וואָס זײַנען געקומען פֿון ירושלים, און זיי האָבן אויפֿגערופֿן דעם רבין צום משפּט, אַז ער זאָל קומען און עדות זאָגן איבער דער פֿירונג פֿון זײַנע תּלמידים. וואָ־רעם דער רבי איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זײַנע תּלמידים, ווי די תּלמידים פֿאַר זייער רבין.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט, די שליחים פֿון די סנהדרין, אין דער לשכה, וואָס איז בײַ דעם בית־הכּנסת אין כּפֿר־נחום. דרײַ זײַנען געקומען פֿון ירושלים: אליעזר, דער זון פֿון יהודה, וועלכער האָט געהערט צו דער כּת פֿון די כּהנים גדולים; נקדימון דער זון פֿון נקדימון, וועלכער איז געווען פֿון די תּלמידים פֿון הלל און ער איז געווען דער היטער פֿון דער מסורה, און נתן דער זון פֿון ישמעאל, וואָס איז געווען שטאַרק אין דער שריפֿט, פֿון די תּלמידים פֿון שמאי. און זיי האָבן גערופֿן, און עס איז געקומען שמעון דער פּרוש פֿון דער שטאָט נעים, וועלכער איז געווען דער גאַסטגעבער פֿון אונדזער רבין, און ער האָט געהאַט די ערשטע מחלוקה מיט אונדזער רבין וועגן פֿאַרגעבן די זינד. און דער ראש פֿון בית הכּנסת, ר׳ יהודה דער זון פֿון חנן, איז געווען דער יושבֿ ראש פֿון בית דין, ווײַל ער איז געווען פֿון אָרט, און דער סגן, און דער חזן פֿון דער שול זײַנען געזעסן לעבן אים, און זיי האָבן אָפּגענומען גבית־עדות פֿון די מענטשן וועגן די מעשׂים פֿון אונדזער רבין. און עס זײַנען געקומען טייל פֿון די לײַט פֿון שטאָט און האָבן עדות געזאָגט: „מיר האָבן געזען דעם רבין ישוע בן יוסף זיצן מיט די זינדיקע לײַט בײַ איין טיש. מיר האָבן אים געזען אַרומ־גיין מיט מוכסים, וועלכע זײַנען געגליכן צו גזלנים, און לעבן אים געפֿינען זיך פֿרויען פֿון שלעכטן שם״. האָבן זיי געשיקט און געפֿרעגט אונדזער רבי: „ישוע בן יוסף, פֿאַרוואָס גייסטו אַרום מיט די זינדיקע און מוכסים און פֿרויען, וועלכע האָבן אַ שלעכטן שם״? — און ער האָט זיי געשיקט אַן ענטפֿער: „דער רופֿא היילט נישט קיין געזונטע, נײַערט קראַנקע״. און דאָס בית־דין האָט אָנגענומען זײַן ענטפֿער. און עס זײַנען געקומען אַנדערע און האָבן געזאָגט: „מיר האָבן געזען דעם רבין ישוע מיט זײַנע תּלמידים זײַנען דורכגעגאַנגען אַ באַוואַקסן פֿעלד מיט תּבֿואה אום שבת, און טייל פֿון זײַנע תּלמידים האָבן אָפּגעריסן זאַנגען פֿון פֿעלד אום שבת און געגעסן, און זייער רבי האָט זיי דערפֿאַר גאָרנישט געזאָגט״. האָט דאָס בית־דין געשיקט און גערופֿן אונדזער רבין און זיי האָבן צו אים געזאָגט: „ישוע דער זון פֿון יוסף, ווייסטו נישט, וואָס עס שטייט געשריבן, אַז דער שבת איז אַן ׳אות ביני ובני ישׂראל, אות הוא לעולם׳? און הײַנט, אַז דײַנע

תלמידים האָבן מחלל געווען דעם שבת, ביסטו שולדיק רערפֿאַר, ווײַל מען פֿאָדערט אויף פֿון רבין דאָס, וואָס זײַנע תּלמידים האָבן פֿאַרזינדיקט!" און אונ־דזער רבי האָט זיי געענטפֿערט און געזאָגט: „איר האָט געלייענט, וואָס דוד האָט געטון, ווען ער מיט זײַנע מענטשן זײַנען הונגעריק געווען? ער איז געקומען אין גאָטס הויז אַרײַן און געגעסן פֿון לחם הפּנים, וואָס איז נישט מותּר פֿאַר אים און פֿאַר זײַנע מענטשן צו עסן, נײַערט צו די כּהנים אַליין. איר האָט דאָך געלערנט אין דער תּורה: די כּהנים אין בית מקדש זײַנען מחלל דעם שבת, און עס ווערט זיי נישט גערעכנט פֿאַר אַ זינד. און איך זאָג אײַך, אַז עס איז דאָ עפּעס, וואָס איז גרעסער פֿאַרן בית מקדש! איר ווייסט דאָך, וואָס עס שטייט גע־שריבן: „חסד וויל איך, נישט קיין שעכטונגו!" — און איר זאָלט נישט באַשול־דיקן די ריינע, וואָרעם דער מענטשן־זון איז אויך דער האַר איבערן שבת!..."

ווי דאָס בית־דין האָט דאָס דערהערט, זײַנען זיי שטיל געוואָרן, און עס האָט געפֿרעגט אליעזר דער זון פֿון יהודה: „וועמען מײַנט איר דאָס — דער מענטשן־זון?". אַזוי האָט זיך אָנגערופֿן נתן, דער זון פֿון ישמעאל: „דאָס מיינט ער משיח, ווי עס שטייט אין דניאל". האָט זיך אויפֿגעהויבן שמעון דער פּרוש און האָט געזאָגט: „האָבן שוין די חכמים אָנגענומען דעם דין, אַז פּיקוח נפֿש איז דוחה שבת?" האָט דערויף נקדימון בן נקדימון אָפּגעענטפֿערט: „מיר האָבן עס בקבלה פֿון הלל הזקן. און די חכמים האָבן עס געדרונגען פֿון דער תּורה, וואָרעם עס שטייט געשריבן: „כּי קודש הוא לכם", הייסט עס, אַז דער שבת איז איבערגע־געבן צו אײַך, נישט איר צום שבת". און נתן, דער זון פֿון ישמעאל, האָט עס באַשטעטיקט פֿון די נביאים, וואָרעם דער נביא ישעיה האָט געזאָגט: „וקראת לשבת עונג", הייסט עס, אַז דער שבת איז אַן עונג און נישט קיין עול". האָט דער יושב ראש געזאָגט: „דער רבי ישוע בן יוסף האָט געבראַכט אַ ראיה פֿון דוד המלך, — ער שטייט אויפֿן יסוד פֿון דער תּורה און זײַן ענטפֿער איז אָנגענומען!"

און אַנדערע זײַנען געקומען און האָבן עדות געזאָגט: „מיר האָבן געזען דעם רבין ישוע בן יוסף זיצן מיט זײַנע תּלמידים בײַ איין טיש מיט מוכסים און עמי־הארצים, און ער האָט געבראַכן מיט זיי ברויט, און זיי האָבן נישט געוואַשן זייערע הענט פֿריִער, ווי דער דין איז, נישט זײַנע תּלמידים און נישט דאָס פֿאָלק!". אַזוי איז דאָס בית דין אויפֿגעבראַכט געוואָרן, און זיי האָבן געשיקט דעם סגן און דעם חזן, אַז זיי זאָלן אויפֿפֿאָדערן אונדזער רבין, ער זאָל קומען און שטעלן זיך פֿאַרן דין, וואָרעם די לעצטע עבֿירה האָט איבערגעוואויגן אַלע אַנדערע.

און דער רבי האָט זיך אַרומגעהילט אין אַ שוואַרצן מאַנטל, ווי דער דין איז, און איז געקומען און זיך געשטעלט פֿאַרן בית דין. און ווי די לײַט פֿון דער שטאָט האָבן געהערט, אַז אונדזער רבי קומט פֿאַרן בית דין, אַזוי האָט דער בעל־מלאכה געלאָזט זײַן ווערקשטעל, דער פֿישער זײַן נעץ, דער אַקערמאַן זײַן אַקער, און זיי זײַנען מיטגעקומען מיטן רבין צום בית־דין.

און די לשכה בײַ דעם בית־הכּנסת איז געווען צו קליין אַרײַנצונעמען דאָס גאַנצע פֿאָלק, און דאָס פֿאָלק האָט זיך געשטעלט אין דרויסן, און האָט אַרײַנגעקוקט אין דער בית־דין שטוב דורך דער אָפֿענער טיר. וואָרעם דאָס בית־דין איז געווען

אויסגעזעצט בײַ אָפֿענע טירן און פֿענצטער, כּדי אַלע זאָלן קענען הערן און זען, אַז דאָס בית־דין איז גערעכט אין זײַן משפּט. און דער יושבֿ־ראש פֿון בית־הכּנסת האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

„ישוע בן יוסף, שלעכטע רייד זײַנען געבראַכט געוואָרן וועגן דיר פֿאַרן בית־דין, און מיר האָבן געשיקט און דיך גערופֿן, זאָלסט קומען פֿאַרן בית־דין צדק און זאָלסט מתוודה זײַן אויף דיר אַליין, צי איז נישט פֿאַלש די זאַך, וואָס די עדות האָבן געזאָגט אויף דיר, אַז דו, ישוע בן יוסף, וואָס דאָס געזעץ איז שטאַרק אין דיין האַנט, ביסט חלילה געזעסן צוזאַמען מיט זינדיקע און עמי־הארצים, און דו האָסט געבראָכן מיט זיי ברויט, און דו האָסט נישט געוואַשן פֿריִער דײַנע הענט, ווי דער דין איז, און דו האָסט נישט דײַנע תּלמידים און נישט די אַלע, וואָס זײַנען געזעסן מיט דיר בײַ איין טיש, אויפֿגעפֿאָדערט, אַז זיי זאָלן מקיים זײַן דעם דין. דו ווייסט וואויל, אַז וואַשן די הענט איז אַלס מסורה אונדז איבערגעגעבן פֿון אַלטע צײַטן, און עס איז אַזוי גילטיק ווי אַ געזעץ פֿון משה רבינו געגעבן אויפֿן באַרג סיני, און נאָך שטאַרקער — ווײַל דאָס געזעץ, וואָס שטייט אין דער תּורה, באַדאַרף נישט קיין חיזוק, די מסורה אָבער באַדאַרף יאָ אַ חיזוק! און הײַנט, דו ביסט געזעסן דערבײַ, ווי דײַנע תּלמידים און דאָס פֿאָלק האָבן געגעסן ברויט און נישט געוואַשן זייערע הענט פֿריִער, און דו האָסט זיי גאָרנישט געזאָגט, ביסטו דער בעל־אחריות, — ווײַל אַלץ, וואָס עס טוען די תּלמידים, טראָגט די אחריות דער רבי אויף זיך".

אָנשטאָט זיי אָפּצוענטפֿערן מיט באַשיידנקייט און שטילקייט, צו באַפֿעסטיקן זײַנע רייד מיט אַ חיזוק פֿון דער תּורה, ווי עס איז דער וועג פֿון די תּלמידי חכמים, האָט אונדזער רבי אויף זייערע רייד אָפּגעענטפֿערט מיט כּעס און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

„און פֿאַרוואָס פֿאַרשוועכט איר דאָס געזעץ, ווען עס גייט וועגן אײַער קבלה? גאָט האָט באַפֿוילן אַזוי צו זאָגן: „ערט אײַער פֿאָטער און אײַער מוטער, און ווער עס שעלט זײַן פֿאָטער און מוטער, דער זאָל געטייט ווערן". און איר זאָגט: „דער, וואָס טוט אַ נדר אויף זײַן פֿאָטער און מוטער און זאָגט צו זיי — אַ קרבן זאָל זײַן דאָס, וואָס איר זאָלט פֿון מיר הנאה האָבן, באַדאַרף ער נישט ערן זײַן פֿאָטער און מוטער". צעשטערט איר דאָך גאָטס וואָרט פֿאַר אײַער קבלה. איר צבֿועים! גוט האָט איבער אײַך דער נבֿיא ישעיה נבֿיאות געזאָגט: „נאָענט איז דאָס פֿאָלק צו מיר מיט זײַן מויל, זײַנע ליפּן ערן מיך, אָבער זײַן האַרץ איז ווײַט פֿון מיר. בחינם איז זייער כּבֿוד פֿאַר מיר, עס איז נאָר אַ מענטשלעכע אויסגעלערנטקייט". — און דערויף האָט ער זיך געווענדט צום פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין בית־דין שטוב און אויך צו די וואָס האָבן געוואַרט אויף דער גאַס, און ער האָט געזאָגט: „הערט און פֿאַרשטייט: נישט דאָס, וואָס עס קומט אין מויל אַרײַן, מאַכט דעם מענטש אומריין, נאָר דאָס,וואָס גייט אַרויס פֿון מויל, פֿאַראומרייניקט דעם מענטש!" און ער האָט איבערגעלאָזט דאָס בית־דין און איז אַוועקגעגאַנגען.

און דאָס גערעכטע בית־דין איז פֿאַרשעמט געוואָרן דעם טאָג פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, וואָס איז געווען דערבײַ. און די חכמים האָבן אויסגעהערט זייער שטראָף, און זיי האָבן געשוויגן.

עס איז געווען דערנאָך, ווען דער רבי האָט פֿאַרלאָזט דאָס בית־דין, בין איך נישט נאָכגעגאַנגען נאָך מײַן רבין, ווי די אַנדערע תּלמידים האָבן געטון, נאָר איך בין געבליבן בײַם בית־דין אויסצוהערן זייער פּסק־דין און וואָס זיי האָבן צו זאָגן.

און עס האָט זיך אויפֿגעשטעלט אליעזר, דער זון פֿון יהודה, וואָס איז פֿון די קרובֿים פֿון כּהן גדול, און האָט זיך אָנגערופֿן:

— מיר אַלע זײַנען געווען עדות און האָבן געהערט די רייד פֿון דעם מאַן. נישט פֿאַר זײַנע מעשׂים קומט אים אַן עונש נאָר פֿאַר זײַנע רייד, וואָרעם ער האָט נאָר מחלל געווען אַ מסורה, וואָס איז נישט געשריבן אין דער תּורה, און מיר ווייסן נישט, וואָס פֿאַראַ עונש עס קומט דערפֿאַר. אָבער דערפֿאַר, וואָס ער האָט פֿאַר־שוועכט דעם כּבֿוד פֿון חכמים און געטרעטן דעם אָנזען פֿון די פֿאַרשערס פֿון דער תּורה, איז אַזוי גוט, ווי ער וואָלט מבֿזה געווען די גאַנצע תּורה. אַזוי ווי אונדזערע חכמים האָבן געלערנט: „דער כּבֿוד פֿון אַ חכם איז גרעסער ווי דער כּבֿוד פֿון אַ מלאך" — ווײַל איך ווייסן, וואָס פֿאַראַ עונש דאָס גערעכטע בית־דין וועט אַרויפֿלייגן אויף דעם מאַן, וואָס האָט פֿאַרשעמט די חכמים?

האָט זיך אויפֿגעשטעלט שמעון דער פּרוש און האָט אַזוי געזאָגט:

— דער כּבֿוד פֿון די חכמים רוט אויף זײַן אָרט, גאָט איז אונדזער עדות, אַז נישט וועגן אונדזער כּבֿוד און נישט וועגן דעם כּבֿוד פֿון אונדזערע פֿאָטערס הײַנער גייט דאָ, נאָר וועגן דעם כּבֿוד פֿון גאָט דעם איינציקן און פֿון זײַן גע־רעכטער תּורה. מיר קענען נישט באַשטראָפֿן דעם רבין דערפֿאַר, וואָס ער האָט געזאָגט די חכמים דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, ווײַל עס איז אַ מצווה צו זאָגן דעם אמת אין פּנים אַרײַן און אַוודאי נאָך אַ בית־דין, וואָס זיצט בײַם משפּט, און עס איז אַ מצווה די חכמים, וועלכע טוען נישט דאָס, וואָס זיי דרשענען און שפּילן אויס זייער פֿרומקייט פֿאַר דער וועלט, אָנצורופֿן „צבֿועים". ווי אונ־דזערע חכמים האָבן עס אַליין געטון און ווי עס שטייט געשריבן: „ובערת את הרע מקרבך", מיינט אַפֿילו פֿון תּלמידי חכמים. דורך דעם קען מען דעם רבין נישט באַשטראָפֿן פֿאַר זײַנע רייד, ווײַל ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. איך וויל אָבער ווייסן, וואָס פֿאַראַ פּסק וועט דער גערעכטער בית־דין אַרויסטראָגן פֿאַר זײַנע מעשׂים? בית־דין צדק, מיר האָבן אַ חזקה, אַז משה רבינו האָט מקבל געווען די תּורה פֿון באַרג סיני און זי איבערגעגעבן צו יהושוע, יהושוע האָט זי איבערגעגעבן צו די זקנים, די זקנים צו די נביאים, די נביאים צו די אנשי כּנסת הגדולה, פֿון די אנשי כּנסת הגדולה איז זי געקומען אין די הענט פֿון די חכמים, ביז צו שמעיה ואבֿטליון. הלל האָט משמש געווען שמעיה ואבטליון און געלערנט די תּורה פֿון זיי, און פֿון הלל הזקן האָבן מיר די מסורה און די קבלה, אַז נטילת ידים איז אַ הלכה פֿון משה מסיני, און דאָס איז איינע פֿון די אַכצן הלכות, אויף וועלכע די בית הלל און בית שמאי האָבן צו־זאַמען מסכּים געווען. און פֿון אונדזערע עלטערן איז עס איבערגעגאַנגען צו אונדז. און מיר היטן אָפּ די מצווה פֿון נטילת ידים מיט גרויס מסירת נפֿש, און מיר האָבן אַרומגעצויגן צוימען איבער צוימען אַרום זיך, מיר האָבן אויפֿגעשפּרייט די געפֿאַר פֿון אומריין אויף אונדזערע כּלים, אויף אונדזער עסן, אויף אונדזער קליידונג, אַפֿילו אַ ספֿר אין היכל פֿאַלט אונטער דער געפֿאַר פֿון אומריין און

מיר מוזן וואַשן די הענט, ווען מען באַרירט עס. און פאַרוואָס טראָגן מיר אויף זיך דעם עול פון מלכות שמים מיט אַזוי פיל מסירת נפש? און פאַרוואָס האָבן מיר אַזוי ענג געמאַכט אונדזער לעבן און אַזוי באַשווערט אונדזער יאָך און אַזוי אַרומגעצויגן זיך מיט צוימען איבער צוימען? פאַר אונדזער הנאה וועגן? פאַר אונדזער כבוד וועגן אָדער פאַר דעם כבוד פון אונדזערע פאָטערס? ניין! מיר האָבן דאָס געטון דעפאַר, כדי מיר זאָלן זײַן אָפּגעשיידט פון די גוייִם, כדי מיר זאָלן בלײַבן אַ הייליק פאָלק און אויפהאַלטן דאָס ליכט פון גאָט. מיר זײַנען אַ קליינער אינדזל אין אַ ים פון טומאה, שלעכטס און געצנדינערײַ. קוקט זיך צו צו די פעלקער פון דער וועלט, די וועלכע הערשן איבער אונדז, זיי דינען צו האָלץ און צו שטיין און רופן צו געטער, וואָס הערן נישט און זעען נישט. זיי רופן צו דער חיה: דו ביסט מײַן פאָטער, וואָס האָסט מיך געבוירן, און צו דער בהמה: דו ביסט מײַן גאָט, וואָס דו קענסט מיך באַשיצן פון אַלעם שלעכטן! און זיי זײַנען מקריב פאַר זיי זייערע קינדער, און זייערע ווײַבער זײַנען מזנה אין זייערע טעמפלען, און זייערע מענער טרײַבן אַלעס אומווירדיקע און גאָטס גערעכטיקייט הערשט נישט צווישן זיי, זיי וויסן נישט פון גאָטס געזעצן און דריקן אונטער אַלמנות און פאַרקויפן יתומים פאַר קנעכט, און פאַרשקלאַפן זייערע פעלקער פאַר אייביקע קנעכט פאַר די פאַרגעניגנס פון זייערע הערשער. זיי פילן אָן די וועלט מיט אַ ים פון זינד און זנות, אַזוי אַז דאָס געשריי פון דער ערד גייט אויף צום הימל. און זיי איז וואויל און גוט און זיי באַהערשן די וועלט, און מיר — די היטער פון גאָטס ליכט, זײַנען אונטערטעניק אונטער זיי און מיר ווערן געטראָטן פון זייערע פיס. אַזוי קענען מיר זיך חלילה פאַרזען אין די נאַרישקייטן פון דער וועלט און זיך טראַכטן: אפשר איז חלילה דער אמת מיט זיי, און מיר וועלן נאָכטון זייערע מעשׂים, און גאָטס גערעכטיקייט זאָל חלילה פאַרשווינדן פון דער ערד, ווי עס איז געווען אין די צײַטן פון אונדזערע על־טערן, וואָס צוליב זייער זינד האָט גאָט חרוב געמאַכט דאָס בית מקדש און פאַר־טריבן זיי פון דער ערד. אָבער צו אונדזערע עלטערן זײַנען אויפגעשטאַנען נביאים, און די נביאים האָבן זיי געשטראָפט און דערמאָנט זיי אין דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט, און האָבן נישט געלאָזט זיי זיך אויסמישן מיט די פעלקער פון דער וועלט, כדי דאָס ליכט פון גאָטס לערע זאָל נישט ווערן אויסגעלאָשן. הײַנט האָבן מיר נישט קיין נביאים, צוליב אונדזערע זינד איז דער גײַסט פון די נביאים געוואָרן אָפּגעטון פון אונדז, און ער איז געגעבן געוואָרן אין מויל פון אונדזערע חכמים און געלערנטע, און לויט די רייד פון זייער מויל לעבן מיר. און זיי האָבן אונדז אָפּגעשיידט מיט צוימען און צוימען פון די פעלקער אַרום, און האָבן געמאַכט אַ גרויסן צווישנשייד צווישן ריין און אומריין, און אויף אונדז אַרויפגעלייגט דעם עול פון נטילת ידים, כדי אין יעדן אויגנבליק פון אונדזער לעבן זאָלן מיר געדענקען און וויסן, אַז מיר זײַנען ייִדן, אַז מיר זײַנען אַ געהייליקט פאָלק פון גאָט, אויסגעקליבן מקיים צו זײַן זײַנע מצוות, אָפּצוהיטן זײַן תורה און אויפצוהאַלטן דעם נאָמען פון גאָט, — ביז זײַן אויסדערווײלטער משיח וועט קומען און אָנפילן די ערד מיט גערעכטיקייט, און אַלע וועלן דער־קענען דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט, ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט: „און עס וועט זײַן באחרית הימים", דערנאָכדעם, באחרית הימים, ווען אַלע פעלקער

וועלן אָננעמען דעם גאָט פֿון ישׂראל — ווי דער נבֿיא זאָגט: „ונהרו אליו עמים והלכו גוים רבים ונעלה אל בית ה׳ אלהנו״ — וועט אויפֿגעהויבן ווערן די מחיצה צווישן אונדז און זיי. ווי דער נבֿיא זאָגט: „לא יוסיף לבוא עוד ערל וטמא״. אָבער ביז דענסטמאָל מוזן מיר זײַן אָפּגעשיידט, ווײַל מיר זײַנען געהייליקט צו גאָט אָפּצוהיטן זײַן ליכט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „ואתם תהיו קדושים לי״, — דערפֿאַר האָבן אונדזערע חכמים איבער אונדז די צוימען געצויגן. און יעדער איינער, וועלכער קומט צעברעכן די צוימען, איז פּונקט אַזוי גוט, ווי ער וואָלט צעבראָכן אַלע געזעצן פֿון דער תורה. איבער דעם האָבן די חכמים פֿיל מער געוויכט געלייגט אויף דער מסורה, ווי אויף דעם געשריבענעם וואָרט. די קבלה איז אונדז ליבער דערפֿאַר, ווײַל מיר אַליין האָבן אויף זיך דעם עול באַשווערט, און מיר טראָגן אים מיט ליבע פֿאַר זײַן הייליקן נאָמען וועגן, אָן דעם מען זאָל אונדז האָבן געהייסן. וועלן מיר לאָזן יעדן איינעם אומ־באַשטראָפֿט אַרײַנרײַסן זיך אין אונדזער גאָרטן און צעטרעטן אונדזערע בייטן? ווער איז ער דאָס, וואָס איז געקומען אויפֿהייבן די מחיצה צווישן אונדז און זיי? ער רופֿט זיך „בן אדם״. בן אדם הייסט דער נבֿיא, ווי עס שטייט אין יחזקאל, בן אדם מיינט אויך משיח. איז ער משיח, וואו זײַנען די צייכנס? אַזוי ווי עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן: הנה אנכי שולח לכם את אליהו הנביא לפּני בא יום ה׳ הגדול והנורא״?

און קולות פֿון פֿאָלק האָבן זיך געהערט: „ער טוט וואונדער! בלינדע ווערן זעעוודיק, און געליימטע הייבן זיך אויף פֿון די בעטן!״ און אַנדערע פֿון פֿאָלק האָבן גערופֿן: „מיט איין וואָרט האָט ער מײַן פֿאָטער פֿון צרעת געהיילט!״ און נאָך איינער האָט געזאָגט: „ער האָט מײַן שוועסטער געטרייסט און איר די זינד פֿאַרגעבן״!

אָבער שמעון דער פּרוש האָט זיי אָפּגעענטפֿערט:

— מיר קוקן נישט אויף קיין נסים, נישט קיין נסים זײַנען אַ באַווײַז פֿאַר משיח. עס זײַנען דאָ שוואַרצע כּוחות פֿון טומאה, וואָס דער רבונו של עולם האָט געשאַפֿן, כּדי די מענטשן צו פּרוּוון, ווי דער נבֿיא האָט געזאָגט: „יוצר אור ובורא חושך, עושה שלום ובורא רע״. — צו די דאָזיקע כּוחות דינען די אומות העולם, פֿון נחש הקדמוני אָן, פֿון דער ערשטער שלאַנג, וואָס האָט געבראַכט אויף אונדז דעם חטא פֿון אדם, ביז צו דעם עקלדיקן בעל־זבוב — דער גאָט פֿון די פֿליגן — צו וועלכן די לײַט פֿון עקרון דינען. זיי האָבן זייערע נבֿיאי שקר, און מיט זייער כּוח טוען די נבֿיאי שקר נסים.

אָבער דאָס פֿאָלק האָט ווײַטער גערופֿן: „נאָר וואָס דען איז דער באַווײַז פֿון משיח? זאָגט אונדז, אויף וואָס זאָלן מיר וואַרטן! מיר זײַנען מיד פֿון אויסקוקן מיט די אויגן אויף אים, אונדזערע פֿאָטערס האָבן מיט שאַנד און שמאַכט געענדערט אין זייערע גריבער אַרײַן מיט דער האָפֿענונג, אַז דער משיח וועט קומען. איצט דעקט זיי צו דער אייביקער גרוב, און מיר גייען אויס אין נויט און אונטערדריקונג. — און משיח באַווײַזט זיך נישט. זאָגט אונדז, אויף וואָס זאָלן מיר וואַרטן, וואָס איז דער צייכן פֿון משיח?״

און שמעון דער פּרוש האָט אָפּגעענטפֿערט:

— עס שטייט אין דער תורה: „עס וועט אויפשטיין צווישן דיר אַ נביא אָדער אַ חלום־חלומות און וועט דיר געבן אַ צייכן אָדער ער וועט טון אַ וואונדער, און דער צייכן וועט דערפילט ווערן, און ער וועט זאָגן צו דיר: — לאָמיר גיין נאָך אַנדערע געטער, וואָס מיר קענען נישט, און זיי דינען, — זאָלסט איר נישט הערן די רייד פון דעם נביא אָדער פון דעם חולם־חלומות!״.

— ער הייסט אונדז נישט דינען קיין אַנדערע געטער, נאָר דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט פון ישׂראל! — האָט דאָס פאָלק זיך אָנגערופן.

— אָבער ער הייסט אײַך נישט מקיים זײַן די מצוות, ווי עס איז אין דער תורה, וואָס דער איינציקער לעבעדיקער גאָט פון ישׂראל האָט איבערגעגעבן צו משהן; און ער הייסט אײַך נישט קוקן אויף דער מסורה פון די חכמים, אין וועמענס הענט עס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער רשות אויסצוטײַטשן די תורה. דער, וואָס צעשטערט די תורה, דער צעשטערט דעם ברית, וואָס איז צווישן גאָט און ישׂראל. דער, וואָס פאַרלייקנט די תורה, דער פאַרלייקנט דעם גאָט פון ישׂראל. נאָר דער קאָן עס טון, ווער עס וועט אונדז באַווײַזן, אַז ער איז משיח פון גאָט געשיקט, נאָר ער האָט דעם רשות און נישט קיין בשׂר ודם! איז ער משיח, פאַרוואָס באַווײַזט זיך נישט צו אונדז אליהו הנביא און זאָגט נישט אָן זײַן קומען? פאַרוואָס זאַמלט ער נישט די חיילות פון הימל און צעברעכט נישט די ממשלה פון אדום און ברענגט נישט אַלע גוים אויפן הייליקן באַרג, ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט? פאַרוואָס זאָגט ער דאָס אונדז נישט? איז ער דען נישט צו אונדז און פאַר אונדז געשיקט?

אָבער נקדימון האָט זיך אָנגערופן:

— ווער זאָגט, אַז רבי ישוע בן יוסף איז משיח? מיר האָבן עס קיין מאָל פון זײַן מויל נישט געהערט, אויך זײַנע תלמידים האָבן עס קיין מאָל נישט באַשטעטיקט.

— אויב ער איז ווידער נישט משיח און נישט קיין מלאך פון גאָט, וואָס איז געקומען אויפהייבן דאָס געזעץ און די מחיצה צווישן אונדז און די פעלקער, נאָר אַ געוויינטלעכער בשׂר ודם, פאָדער איך אויף דעם בית דין צדק, אַז עס זאָל אַרויסטראָגן אַ האַרבן פסק דין קעגן דעם רבי ישוע בן יוסף, וואָס איז געקומען צו צעשטערן די מסורה, וואָס איז אין אונדזערע הענט איבערגעגעבן געוואָרן פון אונדזערע עלטערן, אָן יעדן יסוד פון דער תורה אָדער פון דער קבלה! — האָט געפאָדערט דער פרוש שמעון.

אָבער נקדימון בן נקדימון האָט אים אָפּגעענטפערט:

— עס איז נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין אונדזערע הענט די מאַכט צו משפטן, וואָרעם דאָס בית־דין איז אײַנגעזעצט געוואָרן נאָר אויף חקירה ודרישה, אָבער נישט אויף אַרויסצוטראָגן אַ פסק־דין!

און דער יושב ראש און אַלע אַנדערע דיינים האָבן צוגעשטימט צו די רייד פון נקדימון בן נקדימון, און זיי האָבן געזאָגט:

— דאָס סנהדרין פון ירושלים האָט אונדז נישט געגעבן קיין רשות צו משפטן דעם רבין ישוע בן יוסף, נאָר חוקר ודורש צו זײַן!

אָבער שמעון דער פרוש האָט ווידער געטענהט און געזאָגט:

— נישט קיין פסק־דין פֿאַרלאַנג איך פֿון דעם בית־דין צדק פֿאַר דעם רבי ישוע בן יוסף און נישט קיין עונש פֿאַדער איך, וואָס דאָס איז נישט אין אונ־דזער האַנט אַרויסצוגעבן, נאָר איך פֿאָדער פֿון דעם בית־דין צדק, וואָס האָט אויסגעהערט די גבית־עדות וועגן די מעשׂים און רייד פֿון דעם רבין, און אויך אויסגעהערט, ווי דער רבי ישוע בן יוסף האָט מזלזל געווען די הייליקע מסורה פֿון נטילת ידים, וואָס איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן אָפּצוהיטן פֿון שלמה המלכס צײַטן אָן און ווערט פֿאַררעכנט ווי אַ געזעץ פֿון משה רבינו, — אַרויס־צוגעבן אַ וואָרנונג צום פֿאָלק קעגן דעם רבין ישוע בן יוסף, אַז דער ישוע בן יוסף טוט נישט זײַנע נסים, היילט נישט די קראַנקע מיט דעם ריינעם כּוח פֿון דער תּורה און גאָט ברוך הוא, נאָר ער טוט זײַנע נסים און היילט די קראַנקע מיטן כּוח פֿון דער טומאה פֿון בעל־זבוב.

און ווידער איז דאָס בית־דין צדק געטיילט געוואָרן אין זײַן דעה. טייל האָבן געזאָגט, אַז די וואָרנונג צום פֿאָלק איז שוין אַ פּסק־דין, צו וועלכן דער בית־דין צדק איז נישט באַרעכטיקט אַרויסצוגעבן. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, אַז אַזוי ווי דאָס בית־דין צדק גיט נישט אַרויס קיין עונש פֿאַר דעם ישוע בן יוסף, נאָר באַשרענקט זיך בלויז צו וואָרענען דאָס פֿאָלק קעגן אים, איז עס נישט קיין פּסק־דין, נאָר אַ וויכטיקע תּקנה, וואָס איז נייטיק, כּדי אָפּצוהיטן דאָס פֿאָלק פֿון צו ווערן געשטרויכלט, און צו דעם איז דאָס בית־דין צדק באַ־רעכטיקט, ווײַל עס איז פֿאַראַן אַ סכּנה.

און דאָס בית־דין צדק האָט נוטה געווען צו דעם צד, און האָט אַרויסגעגעבן די תּקנה צום פֿאָלק.

און ווי די לײַט, וועלכע זײַנען דערבײַ געווען, האָבן דערהערט די וואָרנונג, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון בית־דין צדק קעגן דעם רבין ישוע בן יוסף, אַז ער טוט וואונדער און היילט קראַנקע מיטן כּוח פֿון בעל־זבוב, אַזוי איז אַ שרעק אָנגעקומען באַפֿאַלן, און זיי האָבן געזאָגט: „ווײ איז צו אונדז, מיר האָבן באַרירט אומריינס!" — און זיי האָבן אויסגעמיטן זײַנע טריט. און פֿיל פֿאָלק איז דענס־מאָל אָפּגעפֿאַלן פֿון מײַן רבין, בלויז אַ טייל פֿון פֿאָלק האָט נאָך געגלייבט אין אים, וואָרעם זײַן כּוח איבערן פֿאָלק איז געווען זייער גרויס דורך זײַנע רייד און דורך זײַנע גוטע מעשׂים, וואָס ער האָט געטון צום פֿאָלק. און ווידער אַנדערע זײַנען געווען, וואָס האָבן נישט געוואוסט וועמען צו גלייבן — דעם בית־דין צדק אָדער די רייד פֿון אונדזער רבין, און זיי האָבן ספֿקות געהאַט אין זייערע הערצער. פֿון איין זײַט האָבן זיי מורא געהאַט פֿאַרן בית־דין, וואָרעם דער פּסק־דין פֿון בית־דין איז אויף זיי שווער געפֿאַלן, און פֿון דער צווייטער זײַט האָבן זיי מורא געהאַט פֿאַר דעם כּוח פֿון מײַן רבין. און ווען קיינער האָט נישט געזען, זײַנען זיי געקומען צו אים נאָך הילף און ברכה. און צווישן זיי בין איך אויך גע־ווען, איך — זײַן תּלמיד יהודה איש קריות. מײַן האַרץ האָט געצויגן צו אים מיט ליבשאַפֿט, און מײַנע גערעדערעם האָבן געציטערט אין מיר פֿאַר דער שרעק פֿון פּסק־דין, וואָס איז געפֿאַלן אויף מיר. וואָרעם דער פּסק־דין פֿון בית־דין צדק איז אַ דין. און די אמונה אין מײַן האַרץ צו מײַן רבין איז שוואַך געוואָרן, און איך האָב באַשטימט צו ברענגען מײַנע ספֿקות פֿאַר דעם אויער פֿון מײַן רבין.

# XI

װען איך בין צוריקגעקומען פֿון בית־דין, האָב איך געפֿונען מײַן רבין אין דעם הויף פֿון שמעון בר־יונה, און עס איז געװען מנחה־צײַט, װען אין בית־המקדש ברענגען די כּהנים דעם אָװנט־קרבן, און דער פֿעלד־אַרבעטער קומט צוריק פֿון פֿעלד צו זײַן װײַב און קינדער. מיט דעם אונטערגײן פֿון דער זון האָב איך געפֿונען מײַן רבין זיצן אין דעם אױבערשטן דאַך־שטיבל פֿון שמעון בר־יונהס הויז, און די תּלמידים זײַנען געװען פֿאַרזאַמלט אין הויף, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך װעגן דער זאַך, װאָס איז הײַנט פֿאָרגעפֿאַלן. זייערע הערצער זײַנען געװען באַשװערט פֿון זאָרג, װאָרעם זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען די רייד, װאָס דער רבי האָט געזאָגט פֿאַרן בית־דין און זיי האָבן נישט געװאוסט מער, װאָס עס איז ריין און װאָס עס איז אומריין. און װען זיי האָבן דערהערט פֿון מיר דעם גזר־דין װאָס דאָס בית־דין האָט אַרויסגעגעבן, אַז אונדזער רבי טוט זײַנע נסים מיט דעם כּוח פֿון שטן, דעם בעל־זבוב, זײַנען זייערע הערצער צעגאַנגען װי װאַסער פֿאַר פּחד, און זיי האָבן נישט געװאוסט, װאָס עס װעט װײַטער זײַן מיט זיי. — און װי מיר שטייען נאָך און ריידן צווישן זיך, איינער זאָגט אַזוי און דער אַנדערער אַזוי, דערשײַנט פּלוצלינג פֿאַר אונדז דער רבי, — און קיינער האָט נישט געזען זיין אָנקומען. אַזוי װי אַ ליכט פֿון הימל, װאָס פֿאַלט אויף דער ערד, אַזוי איז ער געשטאַנען פֿאַר אונדז, און איידער מיר האָבן נאָך אים געזאָגט אַ װאָרט װעגן דעם פּסק־דין, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אונדז אַזוי:

— װי אַזוי קאָן דער שטן פֿאַרטרײַבן דעם שטן? און װען אַ קעניגרײַך שפּאַלט זיך, אַזוי קען דאָס דאָזיקע קעניגרײַך נישט בײַשטיין; און װען דער שטן שטייט אויף קעגן זיך אַליין און צעטיילט זיך, אַזוי קאָן ער נישט בײַשטיין, זײַן ענדע קומט. קיין שום מענטש קען נישט אַרײַנקומען אין דעם הויז פֿון גבור און צוגזלנען זײַנע כּלים, איידער ער בינדט נישט פֿריער דעם שטאַרקן; דערנאָך ליידיקט ער ערשט אויס זײַן הויז!...

אָבער די תּלמידים זײַנען שטום געבליבן און האָבן געהאַלטן די קעפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד... נאָר שמעון בר יונה איז געטרעטן פֿאַר אים. און ער האָט זיך געבייגט פֿאַרן רבין און פֿאָרגעבראַכט אונדזערע רייד פֿאַר אים אַזוי:

— לערן אונדז, רבי, װאָס דו האָסט געמיינט הײַנט מיט דײַנע רייד, װאָס דו האָסט גערעדט פֿאַרן בית־דין צדק. אומפֿאַרשטענדלעך זײַנען זיי פֿאַר אונדז. אונדזערע עלטערן האָבן אונדז געלערנט װעגן די זאַכן, װאָס זײַנען ריין און װעגן זאַכן, װאָס זײַנען אומריין. איצט װייסן מיר נישט מער נאָך דײַנע רייד, װאָס איז ריין און װאָס איז אומריין.

האָט אונדזער רבי געענטפֿערט אַזוי:

— זענט איר אויך אַזוי חסר־דעה? פֿאַרשטייט איר דען נישט, אַז דאָס אַלץ, װאָס קומט פֿון דרויסן אין מענטש אַרײַן, קען אים נישט אומריין מאַכן? װאָרעם עס קומט נישט אין זײַן האַרץ אַרײַן, נײַערט אין זײַן בויך און עס גייט צוריק אַרויס פֿון אים, אָבער דאָס װאָס קומט אַרויס פֿון מענטשן — דאָס מאַכט אים אומריין! װאָרעם פֿון אינעװייניק, פֿון האַרץ פֿון מענטש, קומען אַרויס בייזע געדאַנקען: ניאוף, זנות, רציחה, גנבה, גלוסטיקייטן, רשעות, תּאווה, יצר־הרע, אַ בייז־אויג,

לעסטערונג, גאוה, נאַרישקייטן — די אַלע שלעכטיקייטן קומען אַרויס פֿון אינעווייניק און מאַכן דעם מענטש אומריין.

די תּלמידים, וואָס זייער אמונה אין רבין איז געווען זייער שטאַרק, האָבן זיך צופֿרידנגעשטעלט פֿון זײַנע רייד. אָבער די תּלמידים, וועלכע האָבן געקענט די שריפֿט און דאָס געזעץ איז געווען שטאַרק אין זייערע הענט, זײַנען געשטאַנען געבראָכן נאָך מער אין זייער צווייפֿל און האָבן געשוויגן מיט שווערע הערצער און פֿאַרשלאָסענע מײַלער, און אַזוי אויך — שמעון בר־יונה.

און ווען דער רבי האָט געזען אונדזערע געזיכטער האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— האָב איך אײַך דען נישט געזאָגט, אַז קיינער פֿאַרריכט נישט קיין אַלט קלייד מיט אַ לאַטע פֿון אַ נײַעם טוך, וואָרעם דאָס שטיק רײַסט זיך אָפּ פֿון דעם קלייד און דער ריס ווערט נאָך גרעסער. מען גיסט אויך נישט קיין נײַעם ווײַן אין אַן אַלטן לאָגל אַרײַן, וואָרעם דער לאָגל וועט ווערן צעריסן און דער ווײַן וועט זיך אויסגיסן, נײַערט מען גיסט נײַעם ווײַן אין נײַעם לאָגל אַרײַן.

און ווען מיר האָבן דאָס דערהערט, אַזוי זײַנען מיר נאָך מער פֿאַרשטומט געוואָרן. און שמעון בר־יונה האָט זיך אָנגערופֿן:

— איצט, ווען די פּרושים און געלערנטע וועלן דאָס דערהערן, אַזוי וועלן זיי זייער בייז ווערן, און מיר וועלן נאָך מער דערוועקן זייער צאָרן אויף דיר און אויף אונדז, דײַנע תּלמידים.

אָבער אונדזער רבי האָט אים דערויף געענטפֿערט: — אַ מענטש צינדט נישט אָן קיין ליכט און דעקט עס צו מיט אַ כּלי אָדער שטעלט עס אונטערן בעט אַרונטער, נײַערט די מנורה ווערט אָנגעצונדן, כּדי דאָס גאַנצע הויז זאָל זען דאָס ליכט.

און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו אונדז:

— מיינט נישט, אַז איך בין געקומען אַרײַנצוברענגען שלום אין דער וועלט. איך בין נישט געקומען ברענגען קיין שלום, נאָר אַ שווערד! איך בין געקומען אָפּשיידן מאַן פֿון פֿאָטער, טאָכטער פֿון מוטער, שנור פֿון שוויגער. דער וואָס ליבט זײַן פֿאָטער און מוטער מער פֿון מיר, דער איז מיך נישט ווערט; אַזוי אויך איטלעכער פֿון אײַך, וואָס פֿאַרלאָזט נישט אַלץ, וואָס ער האָט, קאָן נישט זײַן מײַן תּלמיד! זאַלץ איז גוט, אָבער ווען דאָס זאַלץ פֿאַרלירט דעם טעם, מיט וואָס זאָל עס געזאַלצן ווערן? עס קומט נישט מער צונוץ פֿאַר דעם לאַנד און נישט פֿאַר דעם מיסט, נײַערט מען וואַרפֿט עס אַרויס. דער וואָס האָט אויערן צו הערן, זאָל עס הערן!

און ער האָט אונדז איבערגעלאָזט, און איז צוריקגעגאַנגען אין זײַן בוידעם־שטיבל, וואָרעם די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און האָט צוגעדעקט די ערד מיט אַ פֿינצטערניש.

און איך יהודה איש קריות, דער מאַן מיטן שווערן געמיט, בין געלעגן די נאַכט אײַנגעוויקלט אין מײַן מאַנטל. אַרום מיר איז געווען פֿינצטערניש, און מײַן האַרץ איז באַשווערט געווען פֿון ספֿקות, ווי די בערג פֿון גלעד וואָלטן זיך געווען געלייגט אויף מיר — און איך האָב געפֿילט, ווי איך וואָלט געוואָרן אַרויסגעטריבן פֿון איין הויז און בין נישט אַרײַנגענומען געוואָרן אין אַ צווייטן הויז, און די גאַס איז מײַן היים. און איך האָב געפֿילט, ווי איך בין אַראָפּגעפֿאַלן פֿון

הימל און האָב די ערד נישט דערגרייכט, און איך בין געהאַנגען צווישן הימל און ערד. און קיינער איז דאָ נישט געווען, וועלכער זאָל אונטער מיר אַ נעץ אויסשפּרייטן, און איך האָב געפּילט, ווי איך פאַל אין הוילן שאול־תחתיה, און עס איז נישטאָ קיין ענדע צו מײַן פאַלן, — וואָרעם איך בין אַרויס פון איין רשות און בין נישט אַרײַן אין אַ צווייטן.

און איך האָב זיך געפרעגט צום טויזנטסטן מאָל: ווער איז עס דער, אין וועמענס טריט איך גיי, וועמען איך קען און איך קען נישט, וועמען איך זע מיט מײַנע אויגן יעדן טאָג, איך זע זײַנע מעשים, און דאָך ווייס איך נישט ווער ער איז. דער, צו וועמעס קול עס הערן זיך צו די שטורעמס פון ים און די ווילדע רוחות, און ער געביט איבער סמאַלן און בינדט אשמדאין — אונטערטעניק צו זײַנע פיס — ווער איז ער? דער וואָס טרייסט אַזוי מיט זײַן וואָרט די אָרעמע און ווישט אָפּ די טרערן פון די אומגליקלעכע און פאַרפאַלגטע — ווער איז ער? און איך האָב זיך דערמאָנט אין אַלע זײַנע מעשים, וואָס ער האָט געטון דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס איך בין מיט אים, און איך האָב זיך צוגעהערט צו די אַלע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס איך זע זײַן אָנגעזיכט, און אַ דערציטערניש און אַ שרעק האָט מיך אַרומגענומען, און איך האָב צו זיך געזאָגט אַליין: עס מוז דאָך עפּעס זײַן אין דעם מאַן, וואָס רעדט מיט דער קראַפט פון נבואה און ווירקט מיט אָט דער מאַכט פון איינעם, וואָס וואָלט געהאַט רשות דערויף פון הימל. ער פאַררופט זיך נישט אויף דער תורה אָדער אויף די נביאים און נישט אויף דער מסורה און נישט אויף די זקנים, נאָר ווי דאָס וואָרט וואָלט צו אים אַליין איבערגעגעבן געוואָרן מן השמים, ער קומט און הייבט אויף, ווי יעקב, דעם שטיין פון ברונעם. — זאָל ער זײַן טאַקע דער, אויף וועמען אונדזערע אויגן קוקן אויס?! — דער, וואָס וועט אויפהייבן די לעצטע מחיצה צווישן אונדז און גאָט? דער, אויף וועמען די נביאים האָבן נביאות געזאָגט, די האָפנונג פון ישראל?

און אַ ציטערניש און אַ פלאַמעניש האָט מיך אַרומגענומען — ווי דער שטורעם וואָלט מיך אויפגעהויבן און אַדורכגעטרייסלט ווי אַ שטויבל פון דר׳ערד. און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: יהודה, יהודה! וואָס זײַנען דאָס פאַראַ געדאַנקען, וואָס דו קלערסט? און וואָס זײַנען דאָס פאַראַ ווערטער, וואָס קומען אויף דײַנע ליפּן? דו ביסט אַ מאַן פון טמא ליפּן און אַ שלעכט הארץ!

און לעבן מיר איז געלעגן דער מאַן פון ביטערניש, און ווי איך האָט ער אויסגעוואַרט אויף דער הילף פון גאָט, אַז זי זאָל קומען ווי אַ בליץ פון הימל. דאָס איז געווען שמעון, דער מאַן פון אייפער. זײַן פאָטער האָט הורדוס דער אדומי צעפערטלט, ווען ער האָט מיט אַנדערע יידן די שאַנד פון דעם רוים־אָדלער, מיט וועלכן דער אדומי האָט דעם בית־המקדש באַשמוצט, אָפּגעווישט פון דעם הייליקטום. זײַנע ברידער זײַנען געקרייציקט געוואָרן דורך דעם רשע וואָרוס, ווען ער האָט די שטאָט צפורן מיט דער ערד אויסגעגלײַכט. נאָר ער, שמעון אַליין, איז אַנטרונען געוואָרן, און ווי אַ פאַרלאָזטע חיה אין פעלד, ווי אַ שאַקאַל אין די היילן געהוירט. שלאַנגען און עקדישן זײַנען געווען זײַנע ברידער, דער ווילדער בינשטאָק — זײַן ווײַנגאָרטן. ער האָט געזוכט דאָס וואָרט פון גאָט. אין דער וויסטע, בײַ די תלמידים פון יוחנן, האָט ער נישט געפונען די טרייסט,

ביז ער האָט געפֿונען אונדזער רבין, און ער האָט זיך שוין באַהאַלטן אין אים. וואָרעם, ווי מיר, האָט ער געגלייבט, אַז אַ שפּאַלט האָט זיך אויפֿגעעפֿנט אין פֿעלז פֿון אונדזער געפֿאַנגענשאַפֿט. ווער ווייסט, אפֿשר שפּליטערט זיך אַ טיר אויס, דורך וועלכער די ישועה וועט אַרײַנקומען?

און ער איז געלעגן לעבן מיר אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, גאָט האָט זײַן פּנים פֿאַרהוילן דורך אַ שטאָלענעם הימל, און די ערד אין דעם אונ־טערגרונט פֿון אומוויסנהייט און ספֿק געוואָרפֿן. איז ער געלעגן, ווי אַ פֿלאַנץ, אַרויסגעריסן דורך דעם ווינט און אַוועקגעוואָרפֿן איבער די וועגן. האָב איך זיך אָנגערופֿן צו אים און האָב געזאָגט:

— שמעון, דו אייפֿריגער! האָסטו געהערט די רייד פֿון אונדזער רבי און האַר? האָסטו געזען די האַנט, וואָס הייבט זיך אויף ווי אַ האַק אונטערצוהאַקן די וואָרצלען, מיט וועלכע ישׂראל איז אָנגעבונדן צום נאָפּל פֿון זײַן פֿאָטער? האָסטו געהערט און פֿאַרשטאַנען ? וואָס־זשע זײַנען דײַנע רייד און וואָס טראַכסטו פֿאַרא געדאַנקען?

און ער האָט מיר געענטפֿערט און געזאָגט:

— איך בין אַ שקלאַף צו גאָט. און ס׳האָט דער קנעכט ניט קיין רעכט צו פֿרעגן וועגן דעם טועכץ פֿון זײַן האַר, נאָר צו טון און צו געהאָרכן, ווי עס איז דער ווילן פֿון דעם האַר פֿון דער וועלט, וואָס דער רבי ברענגט צו אונדז.

— אָבער ווער ברענגט אונדז דעם ווילן פֿון האַר פֿון דער וועלט — דאָס אַלטע, וואָס די חכמים האָבן געלערנט, אָדער דאָס נײַע, וואָס מיר האָבן הײַנט געהערט פֿון דעם מויל פֿון אונדזער רבין?

און שמעון דער מאַן פֿון אייפֿער, איז דערשראָקן געוואָרן און אויפֿגעריסן זיך פֿון זײַן געלעגער מיט גרויס אימפּעט — ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון, אָנגעכאַפּט מיך מיט זײַנע שטעכעדיקע פֿינגער און אויסגערופֿן:

— יהודה איש קריות, חלילה, עס איז נישטאָ קיין אַלטעס און קיין נײַעס, עס איז נאָר איינס און אייביקס, פֿון אָנהויב ביזן סוף!

אָבער איך האָב מײַנע ליפּן צוגענויגט צו זײַן אויער און געזאָגט:

— שמעון, מאַן פֿון אייפֿער, הײַנט האָבן מיר געהערט עפּעס נײַס פֿון דעם מויל פֿון אונדזער רבין! עפּעס, וואָס די אַלטע האָבן נישט געלערנט.

און ער האָט אָנגענומען מײַן האַנט און אָנגעהאַלטן זיך אין מיר, וואָרעם ער איז גענויגט געווען צו פֿאַלן. — און ער האָט גערעדט מיט גרויס ציטערניש: „יהודה איש קריות, וואו אַהין צילסט דו? דערקלער מיר, וואָס דו מיינסט. איך פֿאַרשטיי נישט". און איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט: — „האָסטו דען זיך נישט צוגעהערט צו דײַן רבינס רייד?" — און שמעון דער מאַן פֿון אייפֿער האָט געשוויגן.

און לעבן אונדז איז געלעגן שמעון, דער זון פֿון יונה, אַ מאַן, וואָס זײַן האַרץ איז געווען גאַנץ מיט גאָט און ער איז געווען פֿול מיט גלויבן, ווי די ריפּע ווײַנטרויב מיט ווײַן. און ער איז געשלאָפֿן מיט דעם שלאָף פֿון די גערעכטע. און איך האָב אים געוועקט און געזאָגט צו אים: „שמעון בר־יונה, ווי אַזוי קענסטו שלאָפֿן, ווען די תּלמידים ציטערן ווי די בלעטער פֿון בוים אין אַ שטורעם־ווינט — איבער די רייד, וואָס מיר האָבן געהערט הײַנט פֿון אונדזער רבינס מויל?" און שמעון, בר־יונה האָט זיך אָנגערופֿן: „מײַן האַרץ איז שטיל

און מײַן געמיט איז רואיק, וואָרעם איך האָב צוטרויען, אַז ער וועט נישט פֿאַרלײַ־קענען, דער הייליקער פֿון ישׂראל״.

אָבער איך האָב אים געפֿרעגט: „זאָג מיר, שמעון בר־יונה, וואָס ברענגט דעם ווילן פֿון גאָט, צו וועלכן מיר זאָלן זיך צוהערן, — דאָס אַלטע אָדער דאָס נײַע?״

און שמעון בר־יונה האָט אונדז אָפּגעענטפֿערט: „חלילה, עס איז נישטאָ קיין אַלטעס, און עס איז נישטאָ קיין נײַעס, עס איז נאָר דאָ איין גאַנצעס פֿון אָנהייב ביזן סוף. ווי עס ווערט געזאָגט: די און די זײַנען די ווערטער פֿון לעבעדיקן גאָט. האָט נישט דוד המלך געזאָגט: „דורך דער אמונה ווייס איך צו היטן די משפּטים״? — אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „דער צדיק לעבט אין זײַן גלויבן״.

אָבער איך האָב אים נישט אָפּגעלאָזט — און איך בין באַשטאַנען דערויף, אַז ער זאָל מיר אויפֿקלערן, אין וואָס זאָל איך גלייבן: אין די דינים און די משפּטים, וואָס אונדזערע חכמים האָבן אונדז געלערנט פֿון משה רבינו דורך די נבֿיאים ביז צו עזרא הסופֿר, און פֿון עזרא הסופֿר דורך די זקנים און חכמים — ביז צו די רבנים פֿון אונדזערע טעג, אין וועמעס טריט מיר גייען; אָדער זאָל איך גלייבן אין דאָס נײַע, וואָס מיר האָבן געהערט הײַנט פֿון אונדזער רבינס מויל? וואָרעם ווען דער רבי האָט דאָס געזאָגט איז נישט אַנדערש — נאָר ער האָט רשות אויף דעם. אויב אַזוי, ווער ווייסט, ווי ווײַט די זאַכן דערגייען?...

ווען די תּלמידים האָבן דאָס דערהערט, אַזוי איז אַ רעש דורכגעגאַנגען צווישן זיי אין דער פֿינצטערניש. און אַ שטים האָט זיך געהערט, וואָס האָט געפֿרעגט: זאָג אונדז, וואָס טוט זיך דאָ? גייען מיר נאָך אויפֿן וועג פֿון אונדזערע אָבֿות, אָדער האָבן מיר חלילה, אָן אונדזער וויסן, שוין באַטראָטן אַ נײַעם וועג? אויב אַזוי, וואָס טוען מיר דאָ בײַ דעם מאַן?

שמעון בר־יונה האָט זיך אָנגערופֿן: „תּלמידים פֿון מײַן רבין, וואָס רעדט איר? חלילה! עס וועט נישט אָפּגענאַרט ווערן די האָפֿענונג פֿון ישׂראל.

און אַ גרויסער רעש איז דאָרט געוואָרן, און די תּלמידים האָבן זיך געזאַמלט אַרום שמעון בר־יונהן, און זיי האָבן געזאָגט צו אים: דו, שמעון בר־יונה, גיי און ברענג אונדזערע ספֿקות פֿאַרן רבין, וואָרעם דו ביסט פֿון אונדז דער נאָענס־טער צו אים, און ער וועט נישט פֿאַרהוילן פֿון דיר די זאַך.

האָט שמעון בר־יונה אָפּגעענטפֿערט און געזאָגט: „אַליין וועל איך נישט גיין, נײַערט שיקט מיט מיר צוויי פֿון די תּלמידים, וועלכע קענען זיך אויס אין דער הייליקער שריפֿט, און דאַן קומט, לאָמיר אויפֿגיין צום רבין אין זײַן דאַך־שטיבל, און לאָמיר זיך וואַרפֿן צו זײַנע פֿיס און זאָגן: רבי, אַזוי און אַזוי שטייט די זאַך — און גאָט וועט זײַן אונדזער הילף און וועט אונדז אויפֿקלערן די זאַך. וואָרעם אַלץ וואָס אונדזער רבי טוט — טוט ער פֿאַרן הימלס וועגן״.

און שמעון בר־יונה האָט גענומען שמעון דעם אייפֿריגן און אויך מיך, דעם קלענסטן און גרינסטן פֿון די תּלמידים, און מיר זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען מיטן לייטער אויפֿן דאַך און מיר זײַנען אָנגעקומען פֿאַר דער טיר פֿון דעם באַשיידן בײַדל און געזען דורך אַ שפּאַלט פֿון דער טיר, אַז דאָס שטיבל איז פֿול מיט ליכט, ווי דאָס ליכט פֿון הימל וואָלט געווען מיט אים אין זײַן שטיבל. און אַ שטילקייט און אַן אימהקייט האָט אַרויסגעדרונגען פֿון זײַן געצעלט צו אונדז,

אַזוי אַז אונדזערע הערצער זיינען צעגאַנגען ווי וואַסער, וואָרעם דאָס אַנגסט פֿון גאָט איז געפֿאַלן אויף אונדז.

און שמעון בר־יונה האָט גערופֿן צו אים דורך דער שפּאַלט פֿון דער טיר: „רבי, רבי, האָב רחמנות אויף אונדז!"

און עס האָט זיך געהערט דעם רבינס קול: „שמעון!"

און שמעון איז געקומען פֿאַר אים און מיר הינטער אים, און זיין פּנים איז בלייך געווען, און ער האָט זיך געוואָרפֿן פֿאַר דעם רבין אויף דר׳ערד, און די האָר פֿון שמעונס באָרד האָבן אָנגערירט דעם רבינס נאַקעטע פֿיס — און שמעון האָט זיך אָנגערופֿן צום רבין אַזוי:

— מיין האַר און רבי! דו האָסט געטון דעם חסד מיט דיינע קנעכט. דו האָסט געזאַמלט אונדז פֿון דער גאַס, און מיר האָבן די זכיה צו זיצן צו דיינע פֿיס און צו טרינקען די רייד פֿון דיין מויל. האַר און רבי, מיר ווייסן, אַז עפּעס גרויסעס האָט גאָט אָנגעברייט פֿאַר דיר, מיר זעען ווי דער אייפֿער פֿון גאָט ברענט אין דיר ווי אַ פֿייער, און דיין נשמה ווערט פֿאַרצערט פֿון דורשט נאָך אויסלייז און באַפֿרייאונג. מיר זעען דיינע מעשׂים און מיר ווערן דערשטויגט פֿון זיי. גאָט האָט געלייגט די מאַכט אין דיין האַנט — צו בינדן און אויפֿצולייזן. דו געוועלטיקסט איבער די רוחות און משחיתים, דו שרייסט אָן אויף זיי און זיי געהאָרכן. אונדזערע הערצער ווערן איבערגעגאָסן מיט פֿרייד און האָפֿנונג, ווייל מיר זעען, ווי די גאולה ווערט רייף אין דיר, ווי דאָס קינד אין מוטערס בויך. אָבער דאָך ווערן אונדזערע הערצער באַשווערט מיט שטיינער פֿון זאָרגן, וואָלקנס לייגן זיך איבער אונדזערע אויגן. מיר זעען מעשׂים און מיר קענען זיי נישט אויסטייטשן. מיר הערן ווערטער פֿון דיר — און מיר פֿאַרשטייען זיי נישט. ווי דאָרשטיקע שאָף שטייען מיר ביי דעם ברונעם, דער שטיין איז אַראָפּגעקוילערט — און דאָך דאָס וואַסער קומט ניט אין דער רינע אַריין אונדז אָנצוטרינקען. רבי און האַר! באַהאַלט דיך נישט פֿון אונדז. פֿאַרשטויס אונדז נישט. נעם אונדז צו צו דיין האַרץ, טרייסט אונדז מיט דיין וואָרט, און שטיל איין אונדזערע צערודערטע געמיטער.

האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן און געפֿרעגט בנחת רוח: „שמעון בר־יונה, וואָס איז דאָס, וואָס באַשווערט דיין האַרץ?"

— די רייד, וואָס דו האָסט גערעדט היינט, רבי, פֿאַרן בית־דין צדק, — מיר האָבן קיין מאָל נישט אַזעלכעס געהערט. איז דאָס נאָך דאָס אַלטע, וואָס מיר האָלטן פֿון באַרג סיני אָן, אָדער פֿירסטו אונדז שוין אויף אַ נייעם וועג, וועלכן אונדזערע אָבות האָבן קיין מאָל נישט באַטראָטן? דאָס איז עס וואָס די תּלמידים ווילן וויסן.

האָט זיך דער רבי אָנגערופֿן: „אָ, איר קליינגלויביקע, וויפֿיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך בין געקומען צעשטערן די תּורה. אויך די רייד פֿון די נבֿיאים בין איך נישט געקומען צעשטערן, נאָר צו דערפֿילן, וואָרעם אַזוי זאָג איך אייך — הימל און ערד וועלן פֿריִער צעשטערט ווערן, איידער אַן איינציקער יוד אָדער אַפֿילו איין שטריכעלע פֿון דער תּורה — ביז עס וועט נישט אַלץ מקוים ווערן"...

האָט שמעון זיך געוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס, אויסגעשטרעקט צו אים זײַנע הענט, און אויסגערופֿן אין גרויס פֿרייד: „האַר און רבי! דו ביסט אונדזער טרייסט און אונדזער אַנלענונג!" און גרויסע טרערן זײַנען גערונען ווי פּערל פֿון זײַנע אויגן און זײַנען געפֿאַלן אין די קנייטשן פֿון זײַן אָפּגעברענט פּנים. און צו אונדז האָט ער זיך געווענדט און געזאָגט: „האָב איך אײַך דען נישט געזאָגט, אַז עס וועט נישט אָפּנאַרן אונדזער האָפֿענונג דער הייליקער אין ישׂראל".

און דער רבי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אויפֿגעהויבן שמעון בר־יונהן, און האָט צו אים געזאָגט:

„זײַ געטרייסט, שמעון, גיי און צינד אָן די לאָמפּן, און זאָג די נשים, אַז זיי זאָלן פֿאַרברייטן, וואָס עס איז דאָ אין שטוב, וואָרעם איך וויל מיט די תּלמידים ברעכן ברויט, און איך וועל אײַך זאָגן, וואָס איר האָט צו טון".

און די ווײַבער האָבן געטון, וואָס דער רבי האָט געהייסן, און מיר זײַנען אַלע צוזאַמען געקומען צו שמעונס שוויגער אין שטוב. און זיי האָבן געלייגט דאָס ברויט פֿאַר אים אויפֿן שלחן, און דאָס ווײַב, וואָס איז געקומען מיט אונדז פֿון מגדל איז געלעגן צו זײַנע פֿיס, און די תּלמידים זײַנען געווען אַרום אים, און די ווײַבער זײַנען געשטאַנען אין שפּאַלט פֿון דער טיר.

און דער רבי האָט געזאָגט זײַן געבעט און געבראָכן דאָס ברויט, און צע־טיילט צווישן אונדז.

און ווי ער האָט געטיילט אונדז דאָס ברויט, האָט ער צו אונדז גערעדט רייד, וועלכע מיר האָבן געהערט מיט אונדזערע אויערן און מיר האָבן זיי נישט פֿאַרשטאַנען. — דאָך זײַנען זיי געקומען ווי צעגאָסענער פֿײַער אין אונדזערע אינגעווייד אַרײַן און אונדז צוזאַמענגעגליט אין איין משפּחה. און ער האָט געזאָגט צו אונדז אַזוי:

— זײַט וויסן, אַז שווערע נסיונות קומען פֿאַר פֿאַר דעם בן־אדם — פֿאָטער אין הימל, עפֿן אויף די אויגן פֿון דײַנע גלייביקע, אַז זיי זאָלן דערזען דײַן ליכט. עס איז גלוי וידוע פֿאַר דיר, אַז נישט פֿאַר מײַן כּבֿוד וועגן, און נישט פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון מײַן פֿאָטערס הויז טו איך די אַלע מעשׂים און רעד די רייד, נאָר פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון דײַן ליבן נאָמען! כּדי דײַן אמונה זאָל ווערן פֿאַרשפּרייט אין די הערצער פֿון די מענטשן, וועלכע זײַנען ווי שאָף, וואָס האָבן פֿאַרלוירן דעם פּאַסטוך, און ווייסן נישט וואו אײַן און וואו אויס!...

און מיר זײַנען געזעסן אַרום און געשוויגן, און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

„זײַט וויסן, נישט דאָס גליק פֿון דער וועלט איז דער סימן פֿון גאָטס חסד, און נישט דעם, וואָס גאָט האָט ליב, באַשענקט ער מיט הצלחה און גליק. די גיטער פֿון דער וועלט זײַנען נישט דער פּרײַז, וואָס גאָט טיילט פֿונאַנדער זײַנע אויסדערווײלטע. מיט די גיטער פֿון דער וועלט באַצאָלט ער די רשעים פֿאַר זייער ביסל זכיות. אָפֿטמאָל מאַכט ער זײַן אויסדערווײלטן פֿאַר דעם ציל־ברעט פֿון די פֿײַלן; זײַנע געליבטסטע באַשענקט ער מיט יסורים, ער פֿלאַסטערט אויס דעם וועג פֿון די גערעכטע צו אים — מיט שטעכעדיקע דערנער, ווײַל די יסורים פֿון מענטשן דערנענטערן אים צו גאָט.

„האָט גאָט נישט אַבֿרהמען געהייסן זײַן איינציקן זון אַלס קרבן אויף דער עקדה ברענגען? און האָט ער נישט זײַנע קינדער פֿיר הונדערט יאָר אין מצרים אין קנעכטשאַפֿט געהאַלטן? קוקט אײַך אַרום און זעט — דאָס שלעכטע טריומ־פירט, עס שאַלן די רשעים, זיי טרעטן מיט חוצפה אויף די קעפּ פֿון די גע־רעכטע. נישט די מאָס פֿון דער וועלט איז די מאָס פֿון דער אייביקייט, גאָט מעסט מיט אַן אַנדער מאָס, און אויך דעם בן־אדם וועט דער גורל נישט פֿאַרמײַדן, און ער וועט באַצאָלן זײַן פֿולן פּרײַז".

און דאָ האָט דער רבי אָפּגעהאַקט, און איז שטיל געוואָרן.

און אונדז האָט אַ גרויסע שרעק אַרומגענומען, און מיר האָבן נישט געוואוסט, וואָס ער מיינט.

און שמעון בר־יונה האָט אים געפֿרעגט: „רבי און האַר, דערקלער אונדז, ווי אַזוי זאָלן מיר פֿאַרשטיין דײַנע ווערטער?"

און דער רבי האָט אים געענטפֿערט:

— שמעון בר־יונה, אויך דער, וואָס גייט מיט מיר, מוז זײַן באַרייט צו באַצאָלן דעם פֿולן פּרײַז. זענט איר באַרייט?

און שמעון האָט זיך אָנגערופֿן:

— רבי, צי האָבן מיר דען נישט אַלץ פֿאַרלאָזט הינטער זיך און מיר זײַנען דיר נאָכגעגאַנגען?

אָבער דער רבי האָט זײַנע אויגן אויפֿגעהויבן און געזאָגט צו אונדז:

„וואויל איז אײַך, אָרעמע, וואָרעם דאָס קעניגרײַך פֿון גאָט איז אײַער; וואויל איז אײַך, וואָס איר טוט איצט וויינען, ווײַל איר וועט שפּעטער זיך פֿרייען; וואויל איז אײַך דאַן, ווען די לײַט וועלן אײַך האַסן, און וועלן אײַך אָפּשיידן פֿון זיך, און וועלן אײַך פֿאַרשעמען, און וועלן אײַער נאָמען פֿאַרוואַרפֿן ווי די שלעכטע זאַך פֿון דעם בן־אדם. פֿרייט אײַך אין דעם טאָג, שפּרינגט פֿאַר פֿרייד, וואָרעם זעט — אײַער שׂכר איז גרויס אין הימל. וואָרעם אַזוי האָבן אויך זייערע אָבֿות געטון צו די נבֿיאים. און עס איז גענוג פֿאַר דעם תּלמיד, אַז ער זאָל זײַן ווי דער רבי, און דער קנעכט ווי זײַן האַר. און ווען זיי האָבן דעם בעל־הבית גערופֿן בעל־זבֿוב, איז וויפֿל מער וועלן זיי זײַן הויזגעזינד אַזוי רופֿן? דעריבער פֿורכט אײַך נישט פֿאַר זיי. וואָס איך זאָג אײַך אין דער פֿינצטער, זאָלט איר זאָגן אין דער ליכטיקייט. און דאָס וואָס איר הערט אין דעם אויער אײַנגערוימט, זאָלט איר אויסרופֿן אויף די דעכער.

„ווי גאָט האָט געזאָגט צום נבֿיא: „און זע, איך האָב דיך הײַנט געמאַכט ווי אַ פֿעסטע שטאָט און ווי אַן אײַזערנעם זײַל און ווי קופּערנע מויערן איבער דעם גאַנצן לאַנד קעגן די קעניגן פֿון יהודה, קעגן אירע פֿירשטן, קעגן אירע כּהנים און קעגן דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד!" דעריבער זאָג איך אײַך: פֿאַרכט זיך נישט פֿאַר די, וואָס טוען אומברענגען דעם גוף, אָבער וואָס קאָנען נישט אומברענגען די נשמה. פֿאַרקויפֿט מען דען נישט צוויי פֿייגל פֿאַר איין פּרוטה? און קיין איינס פֿון זיי פֿאַלט נישט צו דער ערד אָן אײַער פֿאָטערס וויסן. אָפֿילו די האָר פֿון אײַער קאָפּ זײַנען געציילט, דעריבער האָט נישט קיין מורא!"

און דער רבי האָט גענומען זײַנע הענט און געלייגט איבער אונדזערע קעפּ, איינעם נאָכן אַנדערן, און ער האָט אונדז מסמיך געווען.

צוועלף זײַנען מיר געווען אין צאָל. און ער האָט אונדז געגעבן כּוח אַרויס־צוטרײַבן די שלעכטע רוחות פֿון מענטשן און צו היילן יעדן קראַנקן און ווייטאָג־דיקן. און ער האָט אונדז אָנגעזאָגט: „צו דעם וועג פֿון די גויים גייט נישט, אין די שטעט פֿון די שומרונים קומט נישט, נײַערט גייט צו די פֿאַרלוירענע שאָף פֿון הויז ישׂראל, און אין אײַער גיין זאָלט איר רופֿן: דאָס קעניגרײַך פֿון הימל דערנענטערט זיך צו קומען! — איר זאָלט נישט נעמען קיין גאָלד און נישט קיין זילבער און נישט קיין קופּער אין די זעקלעך פֿון אײַערע גאַרטלען, און נישט קיין שפּײַז אויפֿן וועג, נישט קיין צוויי העמדער און נישט קיין שיך און נישט קיין שטעקן, וואָרעם דער אַרבעטער פֿאַרדינט זיך כּשר זײַן שטיקל ברויט. דער וואָס וויל נאָכגיין נאָך מיר, דער מוז פֿאַרלייקענען זײַן נפֿש. ער מוז נעמען דעם עול פֿון גאָט און גיין נאָך מיר. וואָרעם דער, וואָס וויל ראַטעווען זײַן נפֿש, דער וועט עס פֿאַרלירן, און דער, וואָס וועט פֿאַרלירן זײַן נפֿש פֿאַר מיר צוליב דער בשׂורה, וואָס איך זאָג אָן, דער וועט זיך ראַטעווען. וואָרעם וואָס איז די פּעולה, וואָס דער מענטש געווינט די גאַנצע וועלט — און פֿאַרלירט די נשמה, אָבער וואָס קאָן דער מענטש געבן אַלס פּדיון פֿאַר זײַן נשמה!"

און די נאַכט פֿון פֿינצטערניש איז צו אונדז איבערגעקערט געוואָרן צו אַ גרויס ליכט, און די שעה פֿון טרויער צו פֿרייד.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט אונדז דער רבי ענג פֿאַרבונדן און האָט אונדז צו איין משפּחה געמאַכט. — מיר זײַנען געווען ווי לײַט, וועלכע זײַנען די נאַכט געשטאָרבן און אויפֿסניי געבוירן.

## XII

נאָך דעם, ווי מען איז געוואויר געוואָרן אין שטאָט און אין דער גאַנצער אומגעגנט וועגן דעם פּסק־דין, וואָס די שליחים פֿון די סנהדרין האָבן אַרויס־געגעבן אויף אונדזער רבין, אַזוי האָט זיך פֿיל פֿאָלק, וואָס איז נאָכגעגאַנגען אונדזער רבינס טריט, דערווײַטערט פֿון אים. אויך פֿיל נשמות, וואָס ער האָט געמאַכט אין גדרה, אין בית צידה, אין מגדל און אין אַלע אַנדערע שטעט, וואו אונדזער רבי איז נאָר געקומען, זײַנען אָפּגעפֿאַלן פֿון אים. און אויך פֿיל רײַכע פֿרויען, וואָס האָבן בײַגעשטײַערט אין דער קופּה פֿון אונדזער רבין, האָבן אויפֿ־געהערט צו צאָלן, און זײַנען אַוועק צוריק אין זייערע היימען. און עס זײַנען נאָר איבערגעבליבן אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געהאַט וואו צו גיין, זיי האָבן זיך געהאַלטן אין אים.

און ווען איך, יהודה איש קריות, האָב דערזען דאָס אָרעמע פֿאָלק, וואָס איז איבערגעבליבן זיצן אין הויף פֿון שמעון בר־יונה, אַזוי איז מײַן האַרץ אויסגעגאַנגען פֿאַר אַנגסט. וואָרעם איך, יהודה איש קריות, בין געווען דער מאָן, וואָס האָט געהאַלטן אין זײַן גאַרטל דעם בײַטל פֿון דער קופּה, און דער בײַטל, נאָך דעם, ווי די רײַכע האָבן פֿאַרלאָזט דעם רבין, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אויס־צולײדיקן, און איך האָב מיר אין מײַן האַרץ געטראַכט: וואָס וועט איצט זײַן? ווער וועט באַשפּײַזן די אָרעמע לײַט? וואָרעם מיט דער באַשפּײַזונג פֿון די אָרע־מע לײַט ביז איצט איז געווען אַזוי: יוחנה, דאָס ווײַב פֿון הורדוסעס באַאַמטן

כוזה, און שושנה, די יונגע פֿרוי — אָט די נשמות, וואָס דער רבי האָט געמאַכט אין דער שטאָט שטאָט נעים, זײַנען געווען פֿון רײַכע הײַזער און האָבן געהאַט פֿיל נכסים. זיי האָבן פֿאַרקויפֿט די נכסים און אַרײַנגעגעבן דאָס געלט אין דער קופּה פֿאַר אָרעמעלײַט, ווי דער רבי האָט זיי באַפֿוילן. און אַזוי האָבן אויך געטון די אַנדערע רײַכע לײַט, וועלכע זײַנען געקומען צום רבין. וואָרעם דער רבי האָט זיי נישט געוואָלט אַרײַננעמען אין דער עדה, ביז זיי האָבן נישט פֿאַרקויפֿט זייערע נכסים און דאָס געלט אַרײַנגעגעבן אין דער קופּה.

פֿאַר דעם געלט האָבן מיר געקויפֿט ברויט און אַנדערע שפּײַז, און מיר האָבן געשפּײַזט די אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן זיך תּמיד אויפֿגעהאַלטן אַרום דעם רבין. איצט אָבער, ווען עס האָט זיך דערהערט דער פּסק־דין פֿון די שלוחי סנהדרין, איז געקומען דער מאַן פֿון דער יוחנה, און האָט זי געוואָלט מיטנעמען אַהיים; אַזוי אויך דער רײַכער צדוק, דער פֿאָטער פֿון שושנה. און עס איז געווען, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן אונדזער רבין, האָבן זיי די צוויי פֿרויען מעביר נחלה געווען. און מיט דער מרים פֿון דער שטאָט מגדל איז די זאַך געווען אַזוי:

צום רבין האָט איר געבראַכט בר־תּלמי, דער בלינדער אייל־מישער, וועלכער איז געווען פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן המטביל, און ער האָט זי געלערנט גיין אין זײַנע וועגן. ווי די תּלמידים פֿון יוחנן המטביל, האָט זי געפּײַניקט איר לײַב, געפֿאַסט און איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ זאַק, כּדי צו רייניקן זיך פֿון אירע זינד און חוזר בתּשובֿה זײַן פֿון איר שלעכטן וועג. אָבער דער רבי האָט איר געזאָגט, אַז זי באַדאַרף זיך נישט פּײַניקן און באַדאַרף נישט גיין אָנגעטון אין אַ זאַק, כּדי דערמיט חוזר בתּשובֿה צו זײַן. וואָרעם גאָט קוקט אין האַרץ פֿון מענטש און נישט אויף זײַנע קליידער, און אויך קומט נישט דער גײַסט פֿון דער שכינה סײַדן נאָר דורך פֿרייד, און די אמתע בעלי־תּשובֿה טראָגן אויף זייער לײַב דעם זאַק, און איבער דעם קאָפּ קליידן זיי זיך אָן פּורפּורנע קליידער און פֿאַרבן זייערע פּנימער און באַשמירן זיי מיט גוטע איילן, כּדי די מענטשן זאָלן נישט וויסן, אַז זיי פֿאַסטן און פּײַניקן זיך. אַזוי האָט מרים באַלד געענדערט איר קליי־דונג, און האָט געטון איר לײַב ווײַטער שמירן מיט די איילן, און געטראָגן געפֿאַרבטע זײַדענע קליידער, און געפּוצט זיך אין צירונג יעדעס מאָל, ווען זי איז געקומען פֿאַרן רבין. און מער פֿאַר אַלע אַנדערע ווײַבער האָט זי משמש געווען דעם רבין. זי האָט געוואַשן זײַנע ווײַסע סדינים און גענייט פֿאַר אים העמדער פֿון איידעלן לײַוונט, וועלכע זי האָט באַדופֿטעט מיט אויסדערוויילטע איילן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך און וואָס זי פֿלעגט שטענדיק טראָגן אין פֿלעשלעך פֿון איידעלע מאַטעריאַלן, אָנגעבונדן אויף קייטעלעך אויף איר האַלדז. אַלע אַנדערע ווײַבער האָבן געמוזט אַלץ אָפּגעבן אין דער קופּה אַרײַן, טייל פֿון זיי האָבן אַפֿילו זייערע האָר אָפּגעשניטן און פֿאַרקויפֿט צו די שייטל־מאַכערס און בערד־פֿלעכטערס, אָבער מרים האָט אירע טײַערע איילן, וואָס מען האָט געקאָנט פֿאַר זייער פּרײַז פֿיל אָרעמעלײַט באַשפּײַזן, באַהאַלטן. אַלע אַנדערע ווײַבער האָבן שווער געאַרבעט אין הויז און אין הויף, בײַם שפּינראָד און בײַ די וועש, כּדי צו באַזאָרגן אַלע באַדערפֿענישן פֿון די פֿיל אָרעמעלײַט און תּלמידים, וואָס האָבן זיך געקליבן אַרום רבין. זי אָבער, מרים פֿון דער

שטאָט מגדל, האָט געהיטן איר לײַב און געפּלעגט אירע הענט, אַז זײ זאָלן נישט גראָב װערן פֿון דער שװערער אַרבעט, כּדי זי זאָל קאָנען מיט זײ משמש זײַן דעם רבין. װאָרעם זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט איר נשמה און לײַב אָװעקגע־שאָנקען פֿאַר אַן עולה תּמימה צום רבין; און די הענט, װאָס האָבן די זכיה צו באַרירן די פֿיס פֿון האַר, קאָנען נישט גראָב װערן פֿון שװערער אַרבעט. אַזױ פֿלעגט זי גאָרנישט טון קײן הױז־אַרבעט מיט די אַנדערע װײַבער צוגלײַך, נאָר זי האָט זיך מקדיש געװען אַלס דעם רבינס משרתטע. זי האָט זײַן קלײן דאַך־שטיבל געהאַלטן אין גרױס ציכטיקײט. זי האָט אױסגעפּוצט און באַצירט עס מיט פֿיל פֿעלד־בלימלעך און גוטע שמעקעװדיקע געװירצן, װאָס זי האָט גע־װאוסט װאו זײ װאַקסן אין פֿעלד, כּדי זײַן שטיבל זאָל שטענדיק זײַן אָנגעפּילט מיט גוטע ריחות. און זײַן געלעגער האָט זי באַשפּרינקלט מיט די בעסטע בשמים־אײלן, װאָס זי האָט געהאַט אַזױ פֿיל אין אירע פֿעניקישע פֿלעשלעך.

יעדעס מאָל, װען דער רבי איז אַהײמגעקומען פֿון דער עבֿודה קדושה, האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז ער האָט איבערגענומען אױף זיך אַלע קרענק און שרעק, פּײַן און צער, פֿון װעלכע ער האָט די מענטשן געהײלט, און ער איז דער־ריבער זײער מיד געװען. זײַן קערפּער האָט זיך געבראָכן פֿון דער שװערער לאַסט, װאָס ער האָט געטראָגן אױף זיך, און זײַן פּנים איז בלײך געװען און פֿול מיט צער. װען ער איז אַהײמגעקומען, אַזױ האָט זיך מרים אַרײַנגעשלײַכט אין שטיבל, װאו ער איז געזעסן בײַ שמעון בר־יונה, און האָט גענומען זײַנע פֿיס און געװאַשן און געאײלט מיט די אײלן, װאָס זי האָט געטראָגן אױף איר האַלדז, און זײ געטריקנט מיט אירע האָר. און דער רבי האָט עס איר געלאָזט טון. און טײל־מאָל איז געװען דער רוח הקודש איבער איר, און זי האָט זיך געװאָרפֿן אױף דער ערד, און אַ שוים האָט געזעצט פֿון אירע ליפּן, און זי האָט אָנגעהױבן מבֿשׂר צו זײַן בשׂורות, און אַ נבֿיאות האָט אַרױסגערעדט פֿון איר — פֿון גרױס ליבשאַפֿט און איבערגעבנקײט צו אונדזער רבין.

האָבן די אַנדערע װײַבער מקנא געװען, װאָס זי געפֿינט זיך אין אַזאַ נאָענט־שאַפֿט צו אונדזער רבין, און זײ האָבן געקריגט אױף איר דעריבער, װאָס זי טוט גאָרנישט אין די הױזלעכע זאַכן, נאָר איז זיך אין גאַנצן מקדיש פֿאַרן רבין און זי קלײדט זיך און צירט זיך אין פֿאַרביקע קלײדער און צירונג. און פֿיל פֿון די װײַבער, װעלכע האָבן בײַגעשטײַערט צו דער קופּה פֿון שפּײַזן די אָרעמעלײַט, האָבן זיך דערװײַטערט און געזאָגט: „זאָל מרים פֿון מגדל פֿאַרקױפֿן אירע טײַערע אײלן און שפּײַזן די אָרעמעלײַט". און אונדזער קופּה איז דורך דעם זײער לער געװאָרן, און אונדזער עדה איז זײער אײַנגעשרענקט געװאָרן.

דער הױף פֿון שמעון בר־יונהס שװיגער איז איבערגעפּילט געװען מיט אָרעמע מענטשן, װעלכע האָבן נישט געהאַט קײן אײגענע הײמ, און אַזעלכע קראַנקע, װעלכע האָבן נישט געקאָנט גײן, און אַ טײל — באַשװערטע מיט זינד. און זײ זײַנען געלעגן אױסגעצױגן אין הױף פֿון שמעון װי אַנגעװאָרפֿענע הױפֿנס מיסט, װאָס מען װאַרפֿט אַרױס פֿון שטוב, און זײ האָבן געבלאָנדזשעט אַרום דער שטאָט און געבעטלט בײַ דער באַפֿעלקערונג ברױט. און די לײַט פֿון דער שטאָט האָבן געמורמלט אױף אונדזער רבין, און זײ האָבן געזאָגט: „אָט האָט ער דאָס פֿאָלק גערופֿן צו זיך, און ער קאָן זײ נישט העלפֿן מער; נישט אַנדערש, נאָר דער

כוח האָט זיך אָפּגעטון פֿון אים". און אויך די אָרעמעלײַט האָבן געזאָגט: „וואו איז דער, וועגן וועלכן איר האָט אונדז דערציילט? פֿאַרוואָס העלפֿט ער אונדז נישט? צי זײַנען אונדזערע האָפֿנונגען ווידער אָפּגענאַרט געוואָרן?"

וואָרעם דער רבי האָט זיך אין בוידעם־שטיבל אָפּגעשלאָסן, און אויסבאַ־האַלטן זיך, און קיינעם נישט געוואָלט זען. דאַן איז שמעון אַרײַנגעגאַנגען צו אים און האָט אים געזאָגט: „די אָרעמעלײַט זײַנען פֿאַרזאַמלט אַרום דיר אין הויף און וואַרטן אויס אויף דײַן ישועה! וואָס זאָל איך טון מיט זיי?"

אָבער דער רבי האָט געענטפֿערט: „איך וויל זײַן מיט אײַך אַ ווײַלע אַליין.. קומט, לאָמיר גיין פֿון דאַנען, וואָרעם איך בין מיד פֿון זיי. איך קען אַ חורבֿה אין דער נאָענט פֿון דער שטאָט בית־צידה, קומט, לאָמיר דאָרט אַהינגיין און באַהאַלטן זיך פֿון דעם המון, וואָס האַלט אין איין שרײַען: „הבֿ! הבֿ!" וואָס דאָס איז דער טײַטש — גיב, גיב! איך וויל מכוון זײַן אײַערע הערצער צו אונדזער פֿאָטער אין הימל!"

און איך בין געגאַנגען און האָב געקויפֿט צידה לדרך פֿאַר דאָס ביסל געלט וואָס איך האָב געהאַט, פֿינף ברויטן און פֿיש צוויי, און מיר האָבן זיך אַרויפֿ־געזעצט אויף אַ שיפֿל און אָפּגעשוואומען קיין בית־צידה, וואָס איז בײַם ברעג פֿון ים כּנרת. אָבער ווי דאָס פֿאָלק אין הויף האָט אונדז געזען פֿאַרלאָזן דאָס אָרט, אַזוי האָט עס נאָך אונדז נאָכגעאײַלט ווי אַ פֿלייצנדיקער טײַך. טייל פֿון די אָרע־מעלײַט האָבן שיפֿלעך געכאַפּט און נאָך אונדז נאָכגעשוואומען, און אַנדערע זיינען געגאַנגען צופֿוס לענגאויס בײַם ברעג פֿון דער אָזערע. און ווי די מענטשן פֿון אָרט האָבן געזען, ווי אונדזער רבי גייט אַוועק, אַזוי האָבן זיי געלאַכט און געזאָגט: „דער בעל־זבֿובֿ ציט אָפּ פֿון אָרט, און די רוחות גייען נאָך אים!"

מיר זײַנען אָנגעקומען צום ברעג אין דער נאָענט פֿון שטעטל בית־צידה, און מיר זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין אַ חורבֿה, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, און מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פֿון דעם נאָכפֿאָלגנדיקן עולם, וואָרעם אונדזער רבי איז מיד געוואָרן און האָט געוואָלט זײַן נאָר מיט אונדז אַליין.

אָבער די אָרעמע און קראַנקע האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די פֿעלדער און האָבן געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן: האָבן זיי נישט געזען דעם, וועגן וועלכן מ'האָט אונדז מגלה געווען? פֿאַרוואָס באַהאַלט ער זיך אויס פֿון אונדז?

און אויך די לײַט פֿון בית־צידה, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז דער רבי גע־פֿינט זיך אין דער נאָענט פֿון זייער שטעטל, אין דער חורבֿה אין פֿעלד, אַזוי האָבן זיי גענומען זייערע קראַנקע און זיינען אויך אַרויסגעקומען און האָבן אים געזוכט. און די מענטשן, געזונטע און קראַנקע, האָבן אַרומגערינגלט די חורבֿה. בלינדע האָבן געטאַפּט מיט זייערע פֿינגער, און קרובֿים האָבן געשלעפּט אויף די פּלייצעס זייערע חולים; און די אַלע האָבן גערופֿן: „רבי, רבי, קום אַרויס צו אונדז! פֿאַרוואָס באַהאַלטסטו דײַן פּנים פֿון אונדז?"

און ווי דער רבי האָט געהערט דאָס געשריי און דאָס געוויין פֿון פֿאָלק דורך דער חורבֿה, אַזוי איז זײַן האַרץ פֿול געוואָרן מיט רחמנות אויף זיי, און זײַן פּנים האָט זיך אָנגעצונדן דאָס געטלעכע פֿײַער, און ער איז מיט אויסגעשטרעקטע הענט אַרויסגעגאַנגען צום פֿאָלק און האָט צו זיי אויסגערופֿן: „קומט אַהער, איר פֿאַרלאָזטע און פֿאַרשטויסענע, צו מיר!"

און די שכינה איז צוריקגעקומען צו אים, און ער איז געווען אין גרויס חסד, און דאָס פֿאָלק האָט זיך זייער געפֿרייט מיט אים און געטרונקען מיט דורשט זײַנע רייד. די בלינדע האָבן געטאַפּט מיט די הענט און גערוקט זיך נענטער צו אים — בלויז נאָר אָנצורירן זײַן קלייד, וואָס זיי האָבן גיריק געקושט; אַזוי אויך די קראַנקע, וועלכע האָבן זיך געשאַרט אויף אַלע פֿיר, כּדי נענטער צו זײַן צו אים. באַלד איז דער רבי אײַנגעמויערט געוואָרן ווי אַ ווינקלשטיין אין אַ געביידע פֿון אָרעמקייט און קראַנקייט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט.

דעם האָט ער אָנגערירט מיט דער האַנט, אַן אַנדערן האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און אַ דריטן האָט ער געזאָגט אַ גוט וואָרט. און דאָס פֿאָלק האָט ליב געהאַט צו זיצן מיט אים און צוצוהערן זיך צו זײַנע נחמה־ווערטער, וואָרעם ער האָט אַלעמען געטרייסט. און איך זע מיט שרעק, ווי די זון נייגט זיך אונטער־צוגיין און עס ווערט שפּעט. וואָס וועט ער טון מיט די פֿיל אָרעמעלײַט? אין מײַן קאָרב זײַנען נאָר פֿאַראַן פֿינף ברויטן און צוויי פֿישלעך, וואָס זײַנען פֿאַר די תּלמידים אָנגעגרייט.

און איך האָב צונויפֿגערופֿן אַלע צוועלף תּלמידים און געזאָגט צו זיי:

— וואָס וועלן מיר טון מיט די אַלע לײַט? מײַן קופּה איז ליידיק, איך האָב נישט פֿאַר וואָס ברויט צו קויפֿן. לאָמיר רעדן צו אונדזער רבין, אַז ער זאָל זיי שיקן אַהיים.

און מיר זײַנען אַלע צוועלף צוגעגאַנגען צו אונדזער רבין דורך די לײַבער פֿון די אָרעמעלײַט, און מיר האָבן צו זײַנע אויערן דערגרייכט, און מיר האָבן אַלע גערעדט צו אים, כּדי קיינער פֿון אונדז זאָל פֿון די קליינגלויביקע נישט זײַן, און מיר האָבן אים געזאָגט:

— דער טאָג נייגט צו זײַן אונטערגאַנג, און דאָס אָרט איז ליידיק און פּוסט, און דאָס פֿאָלק האָט נישט קיין ברויט מיט זיך. שיק זיי אַהיים, זאָלן זיי זיך אין די דערפֿער פֿונאַנדערשפּרייטן, אין די הייף קומען, און זיך אײַנשאַפֿן שפּײַז און נאַכטלעגער.

אָבער אונדזער רבי האָט געזאָגט:

— צי גיט איר זיי עסן?

און ווי איך האָב דערהערט די רייד פֿון מײַן רבינס מויל, איז מײַן האַרץ אויסגעגאַנגען פֿאַר אַנגסט, און איך האָב געפֿרעגט:

— זאָל איך גיין קויפֿן פֿאַר צוויי הונדערט דינר ברויט? — אָבער איך האָב אים נישט געזאָגט, אַז מײַן בײַטל איז ליידיק און איך האָב נישט קיין געלט.

אָבער דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געפֿרעגט מיט פֿאַרוואונדערונג:

— האָסטו דען נישט אָנגעגרייט? גייט און זעצט אויס דאָס פֿאָלק אויפֿן גראָז, שורותוויפּז, קיינער זאָל נישט פֿעלן צו דער סעודה, און שטעלט פֿאַר מיר די קאָרבן מיט ברויט, וואָס איר האָט אָנגעגרייט, כּדי איך זאָל איבער זיי אַ ברכה מאַכן און אונדזער פֿאָטער אין הימל דאַנקען פֿאַר זײַן שפּײַז.

און ווי איך האָב געהערט דעם רבינס באַפֿעל, אַזוי האָט מײַן האַרץ אין מיר אָנגעהויבן צו קלאַפּן, און איך האָב אָנגעהויבן מורא צו קריגן, אַז אונדזער רבי זאָל נישט פֿאַרשעמט ווערן, און איך האָב מיר געטראַכט: וואָס וועט איצט זײַן? און איך בין צוגעגאַנגען צו שמעונען און געזאָגט:

— שמעון בר־יונה, איך מוז איצט אין דער שטאָט אַרײַנגיין און אײַנקויפֿן ברויט, עס געפֿינט זיך נאָך אין מײַן קופּה אַ פּאָר לעצטע צירונג־שטיקער, וועל איך זיי אויסטוישן אויף ברויט, וואָרעם דאָס פֿאָלק איז גרויס, און אין מײַן קאָרב געפֿינען זיך נאָר צוויי פֿישלעך און פֿינף ברויט, און דער רבי האָט אַלעמען געבעטן צו דער סעודה. און שמעון האָט געזאָגט צו מיר: גיי!

און איך האָב זיך געאײַלט מיט פֿלינקע טריט און בין געקומען קיין בית־צידה, און בין אַרײַנגעגאַנגען צו אַ בעקער. און גאָט האָט באַגליקט מײַן שליחות, און איך האָב געפֿונען בײַ אים פֿיר קאָרבן מיט ברויט, וואָס ער האָט גאָר־וואָס געהאָט אָפּגעבאַקן פֿאַר די שטאָט־לײַט. און איך האָב אויסגעטוישט אַ צירונג־שטיק, געדונגען אייזעלעך צוויי און מיטגענומען אַ שליח און געאײַלט פֿאַר־נאַכט צוריק צו דער חורבֿה אין פֿעלד, וואָרעם איך האָב נישט געוואָלט, אַז מײַן רבי זאָל פֿאַרשעמט ווערן.

דערווײַל איז שוין נאַכט געוואָרן, און די שטערן האָבן זיך אין הימל אָנ־געצונדן, און איך טרײַב אונטער די אייזעלעך — זיי זאָלן פֿלינקער צום אָרט קומען. און עס איז געווען, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צום אָרט, וואו איך האָב מײַן רבין מיטן פֿאָלק איבערגעלאָזט אויסגעזעצט שורותווײַז אויפֿן נאַקעטן פֿעלד, האָב איך געהערט פֿון דער ווײַטנס אַ גרויס יובֿל־געשריי, און דאָס גאַנצע אָרט איז באַלויכטן געווען מיט אָנגעצונדענע פֿײַערן, וואָס די מענטשן האָבן אויפֿן פֿעלד געברענט. און אַז איך האָב זיך דערנענטערט צו דעם המון מיט מײַנע אייזלען אָנגעלאָדנט מיט ברויט, האָב איך געזען, ווי אונדזער רבי אין זײַן ווײַסן סדין זיצט אין אַ קראַנץ פֿון קינדער, און די שכינה רוט אויף אים.

און דאָס גאַנצע פֿאָלק, מאַן, קינד און ווײַב, געזונטע און קראַנקע, אָנגע־פֿילט מיט פֿרייד, טאַנצן אין גרויס עקסטאַז אַרום אונדזער רבין און פּאַטשן מיט די הענט און רופֿן הויך: „הושענה! הושענה! — ער האָט אונדז געשפּײַזט!"

און איך בין געשטאַנען פֿאַרוואונדערט און דערשטוינט און האָב נישט גע־וואוסט, וואָס עס באַדײַט. און עס איז געווען, ווי איך האָב זיי באַוויזן דאָס אָנגע־לאָדענע אויף מײַנע אייזעלעך ברויט, אַזוי איז אַ גרויס געלעכטער אויסגעבראָכן צווישן זיי, און זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויף די קרישקעלעך ברויט, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט און אָנגעפֿילט ווי אַ דיקער שניי די ערד, אַזוי אַז מען האָט געקאָנט אָנשעפֿן פֿיל קאָרבן מיט ברויט. און זיי האָבן געזאָגט: „די ביסט גע־גאַנגען אונדז ברענגען ברויט, אָבער אַ פֿיל נענטערער האָט אונדז געשפּײַזט, געגעסן האָבן מיר צו זאַט, און דאָס האָבן מיר איבערגעלאָזט!" אָבער איך בין נשתּומם געוואָרן און איך האָב געפֿרעגט מיט שרעק: „ווי אַזוי איז דאָס געשען? דאָס אָרט איז דאָך ליער און עס איז ווײַט פֿון אַ ישובֿ, פֿון וואַנען האָט איר גענומען ברויט?"

און שמעון בר־יונה האָט מיר געזאָגט: „די אויגן האָט ער צום הימל אויפֿ־געהויבן, בשעת ער האָט איבער דעם ברויט אַ ברכה געמאַכט, און ער האָט גע־בראָכן דאָס ברויט און עס האָט פֿאַר אַלעמען געקלעקט, און דאָס האָבן מיר נאָך איבערגעלאָזט". און איך האָב מײַנע אויגן גענידערט צו דער ערד, די אייזעלעך זײַנען געשטאַנען לעבן מיר, און איך האָב זיך געשעמט מיט מײַן קליינער אמונה אין אונדזער רבין.

און דאָס פֿאָלק האָט נישט אויפֿגעהערט צו שאַלן און צו זינגען און צו פֿרייען זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן, און זיי האָבן געטאַנצט אַרום אונדזער רבין און געפֿרייט זיך מיט אים. און אויך דאָס פֿרויענצימער, מרים פֿון מגדל, וואָס איז דאָרט געווען מיט אונדז, איז געפֿאַלן צו דער ערד פֿאַר אונדזער רבינס פֿיס, און זי האָט פֿאַרגלייזט די אויגן, און שוים האָט זיך געזעצט אויף אירע ליפּן, און איר לײַב האָט זיך געוואָרפֿן, ווי עס וואָלט פֿול מיט גײַסטער געווען, און זי האָט זיך אויפֿגעהויבן ווי אַ שטורעם־ווינט, און אָנגעהויבן זיך צו דרייען אין אַ קאַראַהאָד, און עס האָט אַרויסגעשריגן פֿון איר מיט אַ זינגעוודיק קול אַ נבֿיאות: „ער איז ווי חתן אין טאָג פֿון זײַן חופּה, באַשטראַלט מיט דעם ליכט פֿון דערלייזונג! זעט, עס נידערן אַראָפּ די וואָלקנס צו דער ערד און זיי שפּרייטן זיך אויס אונטער זײַנע פֿיס. פֿון דאָרט באַפֿעלט ער די גײַסטער צו טון זײַן ווילן. ווי משה ברענגט ער דעם מן פֿון הימל אַראָפּ צו אונדז. מיט זײַן גאַנצער הערלעכקייט איז ער געקומען אין אונדזער נויט אַרײַן... מער פֿאַר אונדז בלוטיקט ער פֿון אונדזערע וואונדן, ער הונגערט מיט אַלע הונגעריקע און דורשט מיט אַלע דורשטיקע. דורך די לעכער פֿון די נעכט גייט ער מיט די בלינדע און טראָגט פֿאַר זיי דאָס ליכט פֿון זייערע אויגן. דורך דער פֿינצטערניש פֿירט ער די זינדיקע און ער טראָגט פֿאַר זיי די פּײַן פֿון זייערע זינד אויף זײַנע אַקסלען".

און די קולות זײַנען געוואָרן וואָס אַמאָל העכער און גרעסער, און דאָס געזאַנג און דאָס געשריי האָבן ווי פֿלאַקער־פֿײַערן זיך געהויבן אין הימל אַרײַן. און דאָס פֿאָלק האָט אָנגעהויבן רופֿן איינער צום אַנדערן: „פֿאַרוואָס זאָל ער איבער אונדז נישט קיין קעניג זײַן?" און אַ מאַן איז דאָרט געווען מיט אַ בלינד אויג, און זײַן לײַב איז געווען באַלייגט מיט פֿיל אייטערדיקע מכּות, נאָר דער רבי האָט אים פֿון זיי געהיילט. האָט ער געשריגן: „ברענגט די קרוין פֿון דוד, און זאָלן מיר אים קרוינען פֿאַר אַ קעניג איבער אונדז. דער, וואָס שפּײַזט אונדז, דער הערשט איבער אונדז, ווער פּאַסט נאָך צו זײַן אַ מלך פֿון די אָרעמעלײַט ווי ער?"

און ווען די ווײַבער, וועלכע זײַנען דאָרט געווען, האָבן געהערט פֿון וואָרט קעניג, אַזוי זײַנען פֿיל פֿון זיי געפֿאַלן צו דער ערד, אַז שוים האָט געזעצט פֿון זייערע ליפּן, און זיי האָבן נבֿיאות געזאָגט. און אַפֿילו קינדער זײַנען באַזעסן געוואָרן פֿון הייליקן גײַסט, און זיי האָבן זיך געדרייט אין משוגעת פֿון נבֿיאות און אַרויסגעשריגן די פּסוקים, וואָס זיי האָבן געלערנט אין די חדרים בײַ זייערע רביים, און זיי האָבן אונדזער רבינס חכמה צו דניאל, און זײַנע וואונדער געגליכן צו די נסים, וואָס אליהו הנבֿיא האָט באַוויזן. און טייל האָבן געזאָגט, אַז ער איז יוחנן המטבֿיל, וואָס איז צוריקגעקומען אויף דער ערד.

און איך האָב זיך אומגעקוקט און געזוכט מײַנע חברים, די תּלמידים פֿון רבין, און איך האָב געפֿונען שמעון בר־יונה. ער איז געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס און האָט גאָרנישט געזאָגט, ער האָט נישט געשריגן, נישט געטאַנצט, נאָר זײַנע אויגן האָבן פֿון זײַנע שוואַרצע האָר און באָרד, וואָס די עלטער איז שוין געפֿאַלן אויף זיי, געלויכטן ווי צוויי שטערן, און זיי האָבן געקוקט אויף אונדזער רבין, ווי ער זיצט אין מיטן קראַנץ פֿון די קינדער אין זײַן ווײַסן קלייד, און פֿון שמעונס אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן ווי אויס צוויי קוואַלן.

נאָר איינציקוויַיז האָט דאָס פֿאָלק זיך דערוויַיטערט און איז צוריקגעגאַנגען אויף די ערטער, פֿון וואַנען עס איז געקומען, וואָרעם דער רבי איז מיד געוואָרן פֿון דער שווערער עבֿודה און האָט געהייסן דאָס פֿאָלק אַהיימגיין. טייל פֿון זיי האָבן זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט איבער די נאָענטסטע דערפֿער, כּדי צו זוכן שוץ אין די הויפֿן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, אַנדערע זיַינען קיין בית־צידה געגאַנגען, וואָס דאָס איז געווען זייער היים. די אַנדערע כּנרת, וואָס איז געשלאָפֿן צוגעדעקט מיט דעם חסד פֿון די שטערן־ליכטער, איז אויפֿגעוואַכט געוואָרן פֿון די פֿיל שיפֿלעך, וואָס האָבן דאָס פֿאָלק צוריקגעקערט קיין כּפֿר־נחום און אין די אַנדערע ערטער, פֿון וואַנען זיי זיַינען זיך צונויפֿגעקומען. איבער־געבליבן זיַינען נאָר מיר אַליין, דער רבי מיט זיַינע תּלמידים.

דער רבי האָט געזאָגט צו אונדז: „גייט באַהאַלט זיך אונטער דעם שוץ פֿון דער חורבֿה, וואָס שטייט דאָ, און איך וועל נאָך גיין אויף דעם בערגל דאָרט און מתפּלל זיַין ביחידות, דערנאָך וועל איך קומען צו איַיך!" און שמעון האָט אים געפֿרעגט: „זאָל איך דיך נישט באַגלייטן, רבי?" — און דער רבי האָט געענט־פֿערט: „ניין, גיי מיט די אַנדערע!"

און די תּלמידים זיַינען אַריַין אין דער חורבֿה, האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער רצפּה און זיך צוגעדעקט מיט זייערע הילעס, אַזוי איז באַלד געפֿאַלן אויף זיי אַ שטאַרקער שלאָף, וואָרעם זיי זיַינען מיד געווען פֿון דער אַרבעט פֿון טאָג צו באַדינען אַזוי פֿיל פֿאָלק; בלויז פֿון מיַינע אויגן איז דער שלאָף פֿאַרוואָגלט געוואָרן און איך האָב נישט געקאָנט געפֿינען קיין רו.

און מיַין האַרץ איז פֿול געווען מיט זאָרגן און איך האָב זיך געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס מיך אַליין פֿון אַלע אַנדערע תּלמידים פֿון מיַין רבין האָט גאָט פֿאַרדעקט די אויגן מיט אַ באַדעקעכץ, אַז איך זאָל נישט זען די מעשׂים און די וואונדער פֿון אונדזער רבין, ניַיערט איך זאָל פֿון זיי הערן?"

איך אַליין פֿון אַלע אַנדערע תּלמידים שטיי פֿון דרויסן, איך קלאַפּ אין דער טיר, און זי ווערט פֿאַר מיר ניט געעפֿנט. פֿאַרוואָס ווערט זי ניט געעפֿנט? אַ פֿאַנצער פֿון זינד הענגט אַרום מיַין נשמה, וואָס האַלט אויף די שטראַלן פֿון ליכט, וואָס פֿאַלן אויף מיר? בין איך אויף שטענדיק פֿאַרשאָלטן אין דרויסן צו שטיין? אויב אַזוי, וואָס טו איך דאָ? און מיַין האַרץ האָט געוויינט אין מיר. און איך האָב מיר געזאָגט: די אַלטע האָבן געלערנט: „אַלץ ווערט געגעבן פֿון הימל, אַחוץ די פֿורכט פֿאַרן הימל". איז פֿון דאַנען געדרונגען, אַז אמונה מוז מען זיך אַליין דערווערבן ווי דעם ביסן פֿאַרן מויל און ווי דאָס קלייד אויפֿן לייב. און איך האָב געבעטן צום פֿאָטער אין הימל: „עפֿן אויף מיַינע אויגן און מאַך פֿאַרשטענדלעך מיַין האַרץ, אַז איך זאָל דערזען און פֿילן ווי די אַנדערע". און איך האָב זיך געשטאַרקט און געזאָגט: „שטייט דען נישט געשריבן, אַז די תּורה איז נישט אין הימל, נאָר זי איז געגעבן געוואָרן צו מענטשן? איז דען דאָס, וואָס מיַין רבי לערנט און טוט, נישט די פֿאָרזעצונג פֿון דער תּורה? אַזוי איז זי פֿאַר מיר איבערגעגעבן, ווי פֿאַר די אַנדערע פֿון הויז ישׂראל!"

און איך בין אַרויסגעגאַנגען אין דער נאַכט און איך האָב געזען פֿון דער וויַיטנס, ווי מיַין רבי שטייט איינער אַליין אויפֿן הויכן בערגל אין זיַין וויַיס קלייד און איז באַגאָסן מיט ליכט, ער האַלט די הענט אויסגעשפּרייט און איז מתפּלל

ביחידות. און מיר איז געווען, ווי דער שאָטן וואָלט געפֿאַלן פֿון מײַנע אויגן, און איך האָב געזען מײַן רבין, ווי אַ מלאך פֿון הימל, און מײַן האַרץ איז פֿול געוואָרן מיט גאָטספֿאַרכטיקייט, און איך האָב זיך געוואָרפֿן צופֿוסנס דעם באַרג, און האָב אויסגעשטרעקט מײַנע הענט צו אים און האָב געדופֿן: „רבי, רבי, העלף מיר!" און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן: „יהודה, קום אַרויף צו מיר אויפֿן באַרג, וואָרעם פֿאַר דיר שיק איך איצט מײַנע תּפֿילות אין הימל". און איך האָב זיך אויפֿגעהויבן און בין געגאַנגען אויפֿן באַרג. אָבער דער באַרג האָט זיך געשלענגלט צווישן קשאַקעס און דערנער, און ער איז פֿול געוואָרן מיט שטרויכלונגען. איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט, און איך האָב צו מײַן רבין נישט געקאָנט דערגרייכן; ער איז פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿון מײַנע אויגן, און איך בין איבערגעבליבן אין מיטן דער נאַכט אין אַ וואַלד פֿון דערנער, וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט די שטעכעדיקע הענט צו מיר און האָבן מיך געטראַכט צו פֿאַרשלינגען. און איך האָב געדופֿן: „רבי, וואו ביסטו?" און איך האָב געהערט דעם רבינס קול, אָבער זײַן געזיכט האָב איך נישט געזען. און עס איז געווען אין אַ ווײַלע אַרום, איז ער געקומען פֿאַר מיר, און האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיך אַרויפֿגעבראַכט צו זיך, און איך בין געשטאַנען לעבן מײַן רבין אויפֿן באַרג, און דער הימל איז איבער אונדז געווען ברייט און מיט ליכט פֿאַרגאָסן. און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן:

— יהודה, דײַן האַרץ איז אומרואיק, ווי אַ פֿאַרלוירענע שיף אין מיטן פֿון אַ שטורעמדיקן ים. פֿאַרוואָס קאָנסטו נישט געפֿינען קיין רו, ווי די אַנדערע תּלמידים מײַנע?

און איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט:

— רבי, טו אַ וואונדער און שטאַרק מײַן אמונה אין דיר.

און דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט: — „אויף דעם האָב איך איצט מתפּלל געווען, יהודה, וואָרעם מײַן געליבטער תּלמיד האָסטו געקענט זײַן!"

און ער האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיך צוגעפֿירט צו דער חורבֿה, און מיר זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין איר, און מיר האָבן געזען, ווי די תּלמידים פֿון רבין זײַנען געלעגן אין אַ ווינקל, אָנגעלענט די קעפּ אויף די שטיינער פֿון דער חורבֿה, צוגעדעקט מיט זייערע קליידער, און דאָס ליכט פֿון די שטערן איז געפֿאַלן איבער זייערע פּנימער און בערד, און באַגאָסן זיי מיט הימלישן חסד, און זיי זײַנען געשלאָפֿן דעם שלאָף פֿון די גערעכטע, ווי יעקבֿ אָבֿינו אין בית־אל.

און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט: „איך דאַנק דיר מײַן פֿאָטער אין הימל, וואָס דו האָסט פֿאַרהוילן די זאַך פֿון די קלוגע און פֿאַרשטענדיקע און דו האָסט זי אַנטפּלעקט צו די קינדער און אומשולדיקע". אָבער איך האָב געוואָגט און געזאָגט צו מײַן רבין: „די וואָס האַלטן די שנור אין דער האַנט, וואָס די אָבֿות האָבן זיי איבערגעגעבן, קאָנען נישט שלאָפֿן, זיי זײַנען אומרויִק, ווײַל זיי האָבן מורא די שנור פֿון האַנט אַרויסצולאָזן. וואָס וועט זײַן? די שנור וועלן זיי פֿאַרלירן און קיין אַנדערע וועט נישט זײַן, אין וואָס וועלן מיר זיך אָנהאַלטן אין אונדזער בלאָנדזשען דורך דער נאַכט פֿון אונדזער לעבן?".

דערויף האָט מיר דער רבי אָפּגעענטפֿערט:

— יהודה, דו ביסט געגליכן צו איינעם, וואָס האַלט דעם חפץ אין דער האַנט; אָבער נישט די וואָס האַלטן דעם חפץ, האָבן טאַקע דעם חפץ, נאָר די וואָס מיינען, אַז זיי האָבן עס פֿאַרלוירן און האַלטן עס אין איין זוכן...

— איך פֿאַרשטיי דיך נישט, רבי!

און ער האָט מיר דערויף געענטפֿערט: „דער וואָס וויל ראַטעווען זײַן נפֿש פֿון מיר, דער וועט עס פֿאַרלירן; דער אָבער, וואָס פֿאַרלירט זײַן נפֿש פֿאַר מיר, ער וועט עס געפֿינען!

און איך האָב מיך געבויגן פֿאַר אים און געזאָגט:

— פֿיל פֿאַרלאַנגסטו פֿון אונדז, רבי, רבי, איך לאָז דיך נישט אָפּ, ביז דו וועסט מיר נישט זאָגן, ווער דו ביסט!

אָבער מײַן רבי האָט מיר געענטפֿערט און געזאָגט:

— יהודה, איך בין נאָר דער, וועלכער זיצט אין דײַן האַרץ. איך בין דער גלויבן; איך באַוואוין יעדעס האַרץ אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל עס קאָן מיך באַזיצן!

אָבער איך האָב זיך געוואָרפֿן צו זײַנע פֿיס און געזאָגט:

— „רבי, איך ווייס, איך ווייס, ווער דו ביסט! אַזוי רעדן קאָן נאָר איינער וואָס האָט רשות דערויף!" אָבער דער רבי האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און געוויזן מיר אויף די תּלמידים: „גיי, יהודה, און לייג זיך צווישן זיי, זאָל דײַן האַרץ געפֿינען רו!

און איך האָב זיך געלייגט און בין אײַנגעשלאָפֿן, ווי די אַנדערע אין דער חורבֿה פֿון בית־צידה.

## XIII

צומאָרגנס, ווען די לײַט פֿון כּפֿר־נחום און אין דער גאַנצער אומגעבונג האָבן דערהערט פֿון די נסים ונפֿלאות, וואָס דער רבי האָט געטון מיט די הונגעריקע לײַט דרויסן אין פֿעלד, אַזוי איז זייער האַרץ צעגאַנגען פֿאַר פּחד און פֿרייד, און איינער האָט געזאָגט צום אַנדערן: „נישט אַנדערש נאָר עפּעס גרויסעס מיינט גאָט מיט אונדז".

און אַנדערע האָבן געזאָגט: „זײַן קראַפֿט נעמט ער פֿון שטן. אַ גרויס אומגליק וועט ער ברענגען אויף אונדז".

און ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די לײַט, וועלכע ער האָט געשפּײַזט, האָבן אים פֿאַר אַ קעניג געוואָלט אויסרופֿן און פֿאַרלאַנגט נאָך דער קרוין פֿון דוד, און ער האָט עס זיי נישט פֿאַרווערט, אַזוי איז זיי אַ גרויס שרעק באַפֿאַלן. און די שטאָט־לײַט האָבן געזאָגט: „איצט, אַז דאָס מלכות וועט דערהערן, אַז די ייִדן האָבן אַן אַנדער קעניג געוואָלט אויסרופֿן, אַזוי וועט די שולד אויף אונדז אַלעמען פֿאַלן, און מען וועט אונדז פֿאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פֿאַר די נאַרישע רייד פֿון די אָרעמע מענטשן, און מיר וועלן באַדאַרפֿן באַצאָלן די שולד".

און זיי זײַנען געקומען פֿאַר אונדזער רבין און זיי האָבן געזאָגט צו אים: „הייב זיך אויף און פֿאַרלאָז אונדזער שטאָט, וואָרעם דאָס מלכות האָט געהערט פֿון די מעשׂים, וואָס דו טוסט, און אַז דו ווילסט אַ מלך ווערן איבער ייִדן, און

זיי זײַנען הינטער דיר דיך צו פֿאַנגען. און עס וועט זײַן, אַז מיר וועלן דיך נישט אַרויסגעבן, אַזוי וועלן זיי זאָגן, אַז מיר זײַנען מיט דיר אין איין בונד אַ נײַעם מלך אויסצורופֿן איבער די ייִדן, און אַ גרויס אומגליק וועט קומען איבער אונדז צוליב דײַנעטוועגן".

אַזוי האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן צו אונדז און געזאָגט: „קומט, לאָמיר פֿאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר וועלן אויפֿגיין קיין צור און צידון. האָט דען גאָט נישט געזאָגט צו אליהו התשבי: „קום און שטיי אויף און גיי קיין צפֿורן און צידון". פֿאַרוואָס זאָלן מיר אַנדערש זײַן ווי אליהו? די לײַט פֿון הײַנט זײַנען נישט בעסער ווי די לײַט פֿון דענסטמאָל, און ווי אחאב האָט געהאַט זײַנע פֿאַלשע נביאים, אַזוי האָבן זיי אויך זייערע פֿאַלשע נביאים".

און מײַן האַרץ איז אויסגעגאַנגען פֿון שרעק צו זען, ווי אונדזער רבי גייט פֿאַרלאָזן די שטעט פֿון ארץ־ישׂראל, וואָס דער גייסט פֿון הייליקייט רוט אויף זיי, און גייט אַוועק אין די אומווירדיקע שטעט פֿון די געצנדינער, וואָס זײַנען אין דער חזקה פֿון אומריין. אָבער מיר האָבן אים ניט געוואָגט מער צו זאָגן קיין וואָרט, וואָרעם זײַן מאַכט איז געווען איבער אונדז ווי די מאַכט פֿון האַר איבער זײַן קנעכט, און זײַן עול איז געלעגן אויף אונדז ווי דער כאָמעט אויף דער אַרבעט־חיה, און מיר האָבן געבויגן די קעפּ אין שטילשווײַגן, און מיר זײַנען געגאַנגען נאָך אים.

און עס איז געווען, ווי דער רבי וואָלט געוואוסט מײַנע געדאַנקען, וואָרעם איך האָב געקלערט פֿון דער שפּײַז, וואָס מיר וועלן עסן אין דעם טמא לאַנד, האָט ער זיך אָנגערופֿן: „דו קליינגלויביקער! צי האָט נישט גאָט געשפּײַזט אליהון דורך ראָבן און ווילדע בינען?"

און מיר האָבן גענומען אונדזערע זעק־הילעס אויף צוצודעקן זיך בײַנאַכט, און מיר האָבן גערירט פֿון דעם אָרט, ווען דער מאָרגנשטערן איז נאָך רויט געווען. מיר זײַנען שוין געווען צוועלף זײַנע תּלמידים. און די ווײַבער און אונדזערע פֿרײַנד האָבן אונדז באַגלייט ביז אַרויס פֿון דער שטאָט. און די ווײַבער האָבן זיך צוריקגעקערט אין דעם הויז פֿון שמעון און זײַן שוויגער צו היטן די כּלים. וואָרעם דער רבי האָט געזאָגט, אַז נישט גאָטס וואָרט וויל ער פּרעדיקן, נײַערט זיך אָפּרוען פֿון דעם געטומל פֿון מענטשן, און בײַ זײַן אייגן האַרץ פֿאָרשן דעם וועג פֿון גאָט, אין וועלכן ער האָט צו גיין.

מיר האָבן זיך געטובלט אין ים־כּנרת איידער מיר האָבן אים פֿאַרלאָזט, און מיר האָבן דאָרט „שמע" געזאָגט, האָבן פֿאַרצערט דאָס ברויט, וואָס די ווײַבער האָבן אונדז מיטגעגעבן צדה לדרך, און מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן און מיר זײַנען אויפֿגעשטיגן אויף די בערג, וואָס ליגן צווישן דעם לאַנד פֿון ישׂראל און דעם לאַנד פֿון צור און צידון. און ווען אַפֿילו די בערג זײַנען פֿול געווען מיט ישובֿים ווי אַ מילגראָם מיט קערנדלעך, דאָך זײַנען מיר נישט אַרײַנגעקומען אונטער קיין דאַך, נאָר מײַן רבי האָט געוויליקט צו נעכטיקן אין דעם שאָטן פֿון די צווײַגן פֿון די גרויסע צעדערן, וואָס זײַנען דאָרטן געוואַקסן. און מיר זײַנען געגאַנגען צוויי טעג, ביז מיר זײַנען אָנגעקומען אויף אַן אָרט, וואָס הייסט כּדר־בירים, און מיר האָבן דאָרט גענעכטיקט הינטער דער שטאָט.

און עס איז געװען אױפֿן דריטן טאָג מיט דעם אױפֿגאַנג פֿון דער זון, האָט זיך פֿאַר אונדז אױפֿגעדעקט די גאַנצע ערד־פֿלאַך, װאָס גיסט זיך אַרײַן אין באָרטן פֿון ים־הגדול, און דער גאַנצער ים־ברעג באַזײט מיט רײַך־באַפֿעלקערטע שטעט, װאָס זײַנען געװען אײַנגעבעטעט אין גרינע גערטענער און אַרומגערינגלט מיט לאַנגקעס. די שטעט האָבן נישט נאָר זיך אױסגעשפּרײט איבער די ברעגעס פֿון ים, נאָר האָבן זיך װײַט אַרױסגערוקט אין ים אַרײַן מיט זײערע באַלעבטע האַפֿנס און האַלב־אינדזלען. אַפֿילו דאָ, פֿון דער הױך אַראָפּ, האָט מען געקאָנט באַמערקן װי די ים־ברעגן זײַנען באַפֿעלקערט מיט פֿיל שיפֿן. מיר זײַנען נשתּומם געװאָרן פֿאַר דער מעכטיקײט פֿון דער מדינה, די הײַזער זײַנען גאָרניט ענלעך צו אונדזערע. זײ זײַנען געזעסן אין שטאַרקע מױערן, געבױטע אױס שטײנער און ציגל. און זײ האָבן זיך באַהאַלטן פֿאַר דער זון אין שאָטן פֿון געהילטע זײַלן־האַליעס. ערשט אַז מיר זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער גרענעץ פֿון צידון, האָבן מיר דערזען די סיבה פֿון זײער רײַכטום. שױן אױף די ערשטע פֿעלדער, װאָס מיר האָבן אָנגעטראָפֿן, האָבן מיר באַמערקט, אַז אַנשטאָט דעם אָקס און אײזל, האָבן זײ צו זײערע אַקעראײַזנס געהאַלטן אײַנגעשפּאַנט דעם מענטש.

צידונס ערד איז באַפֿעסטיקט מיט דעם בלוט און מיט דעם געביין פֿון פֿאַלבדיקע שקלאַפֿן. דאָס געשרײ פֿון נױט הײבט זיך אױף װי אַ װאָלקן איבער צור און לײזט זיך אױף אין דער לופֿטן און פֿאַלט צוריק אין אַ רעגן פֿון טרערן און אַנגסטן, װאָס רינען פֿון מענטשלעכע לײַבער. שױן בײַ דעם ערשטן טריט אױף צידונס פֿעלדער האָט אונדזער רבי אָנגעטראָפֿן אַ מאַן, װאָס האָט געאַקערט דאָס פֿעלד, און צו זײַן אַקער האָט ער געהאַט אײַנגעשפּאַנט צװײ מענער — אײנעם אַ יונגן און אײנעם אַן אַלטן. װאָרעם עס איז בײַ זײ אַ מנהג אײַנצושפּאַנען אַן עלטערן, אױסגעשעפּטן מאַן צוזאַמען מיט אַ יונגן, אַ קרעפֿטיקן, כּדי דער עלטערער זאָל מוזן נאָכיאָגן דעם ייִנגערן. בײדע זײַנען זײ געװען נאַקעט. װען דער עלטערער האָט נישט געקאָנט אַרױסשלעפּן געשװינד, מיט דעם זעלבן אימפּעט װי דער ייִנגערער, דעם אַקעראײַזן פֿון דעם זאַמדיקן באָדן און זײַנע מידע פֿיס זײַנען שטעקן געבליבן אין די זאַמד־לעכער, אַזױ זײַנען אױף זײַן אײַנגעשרומפּט, אַלט לײַב געפֿאַלן די בלײַערנע שמיץ פֿון דעם אַקערמאַנס בײַטש. װען אונדזער רבי האָט דאָס געזען, האָט ער געװאָלט אױפֿהאַלטן דעם רשע און ער האָט אױסגערופֿן: „פֿאַרװאָס שלאָגסטו דײַן ברודער? דו זעסט דאָך, אַז ער איז אַלט און שװאַך און קאָן נישט טאָן די אַרבעט, װאָס דער ייִנגערער פֿון אים טוט“. אָבער דער פּױער, װעלכער האָט געהאַלטן דעם אַקער, האָט אָפּגעענטפֿערט: „מײַן ברודער רופֿסטו אים אָן? מײַן שקלאַף איז ער, װאָס איך האָב אים געקױפֿט פֿאַר גוט געלט. פֿופֿציק זילבערנע דראַכמעס אין טירהשער װאָג האָב איך אָפּגעװױגן פֿאַר אים אין דעם שקלאַפֿן־מאַרט אין טירה, װאו אונדזערע שיפֿן האָבן אַ לאַדונג שקלאַפֿן פֿון די גאַלישע לענדער געבראַכט. צװײ יאָר דינט ער קױם בײַ מיר, און זעט, װאָס איך האָב פֿון אים! לױט זײַן אַרבעט טײל איך אים זײַן ברױט אױס, אָבער װי װײניק איך גיב אים נישט צו עסן, זײַנען נאָך װײניקער די נוצן, װאָס איך צי פֿון אים. אָבער װער ביסטו, װאָס דו קומסט שטערן די געזעצן פֿון אונדזער לאַנד? לױט דײַן קלײד און לױט דײַן לשון, דערקען איך,

אַז דו ביסט אַ פֿרעמדער און אַן עבֿרי דערצו! האָסט נאָך נישט אָפּגעשאָקלט דעם שטויב פֿון דײַנע שיך, ווילסטו שוין אַ שופֿט זײַן איבער אונדז?״

די בני־זבֿדי האָבן זיך אָנגערופֿן: „רבי, וואָס מורמלט דאָרט דער רשע? זאָלן מיר אים שטיל מאַכן?״ — און דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט: „איך בין נישט געקומען צו צעשטערן מענטשלעכע לעבנס, נאָר צו היילן!״ און מיר האָבן אים נישט געענטפֿערט, נאָר מיר זײַנען ווײַטער געגאַנגען אונדזער וועג. און וואָס מער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, אַלץ מער האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף אַרבעט פֿון שקלאַפֿן. וואו אין אונדזער מדינה טוען מיר די אַרבעט מיט בהמות, וועלכע רוען אויך אום שבת, טוען זיי דאָ אַרבעט מיט מענטשן. אַלע וואַסער־רעדער, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אויפֿן וועג, וואָס בײַ אונדז באַנוצט מען דאָס אייזל און דאָס קעמל אויף צו דרייען דאָס ראָד, באַשפּאַנען זיי מיט שקלאַפֿן, וואָס זיי שטעכן זיי אויס די אויגן, וואָרעם דער מענטש איז בײַ זיי ביליקער ווי די בהמה אין פֿעלד.

אָבער דאָס איז גאָרנישט קעגן דעם, וואָס אונדזערע אויגן האָבן זיך אָנגעזען, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט אין דער שטאָט אַרײַן: דער גאַנצער פּלאַץ מיט זאַמד, וואָס שפּרייט זיך בײַם באָרטן פֿון גרויסן ים, איז געווען באַשאָטן מיט גרויסע אויפֿגעבויטע הײַזער, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט דעם אָנבליק פֿון ים און באַפֿעלקערט דעם האַלב־אינדזל וואָס שנײַדט זיך טיף אין האַרץ פֿון ים.

וואָס מער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, אַלץ מער האָט זיך אויסגעשפּרייט די זינד פֿון צידונס פֿאַרשקלאַפֿערײַ.

מיר האָבן שוין איצט אָנגעטראָפֿן אויף שקלאַפֿן־אַרבעטער אויף יעדן טריט. מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין די גאַסן פֿון די וועבשטולן, וועלכע זײַנען געווען צוזאַמענגענומען מחוץ דער שטאָט. וואָרעם עס וועבט נישט אין צידון, ווי בײַ אונדז, דאָס קלייד די פֿרוי פֿון הויז פֿאַר איר אייגענעם געברויך אין מינוטן פֿון מנוחה, בײַם ליכט פֿון פֿייער אין שטוב, אַרומגערינגלט מיט איר הויזגעזינד, בײַם קלאַנג פֿון פֿרומע געזאַנגען. אַנדערש איז עס אין צידון. אירע אײַנוואוינער לאָזן וועבן זייערע טיכער, קליידער, הילעס און שאַלן דורך קנעכט, וואָס זיי קויפֿן אויף די שקלאַפֿן־מערק. נישט אויף איין וועבשטול פֿאַר יעדן אייניציקנס געברויך וועבן זיי זייערע קליידער, נאָר כּדי אַרויסצושיקן זייערע געוועבטע סדינס אויף שיפֿן צו די פֿעלקער פֿון דער וועלט. דורך דעם נעמען זיי צוזאַמען זייערע וועבער־שקלאַפֿן אויף גרויסע פּלעצער, וואָס זיי באַדעקן מיט זעק און צווײַגן אויף שטאַנגען. דאָרט שטעלן זיי אויף פֿיל וועב־שטולן, און די וועבער־שקלאַפֿן זײַנען ווי אייזלען צום כּאָמעט אָנגעקייטלט צו זייערע וועב־שטולן. און אַן עלטסטער איז געזעצט איבער זיי, וועלכער זיצט מיט אַ שטעקן אין דער האַנט אויף אַ הויך אָרט און ציילט, און בײַ יעדן מאָל ציילן מוזן די שקלאַפֿן אַדורכוואַרפֿן די וועבער־שיפֿלעך דורך די פֿאַכן. און אויפֿזעערס מיט ריטער שטייען איבער זיי, און קוים פֿאַרפֿעלט ווער אָנצוהאַלטן מיט דעם טאַקט פֿון דעם ציילער, אַזוי פֿאַלן איבער זײַן נאַקעט לײַב די שמיץ פֿון דעם שמײַסער.

אומצייליק זײַנען געווען די וועבשטולן, וואָס האָבן אָנגעפֿילט די גרויסע, מיט צווײַגן באַדעקטע פּלעצער. אומצייליק זײַנען געווען די וועבער־שקלאַפֿן, וועלכע זײַנען ווי שפּינען אײַנגעוועבט געווען אין זייערע וועבשטולן. ס׳רובֿ

זיינען זיי געווען אַלטע, אָפּגעלעבטע מענטשן, מאַן און ווייב, וועלכע טויגן שוין נישט צו קיין שווערער אַרבעט, וואָרעם די ייִנגערע און קרעפּטיקע נוצן זיי פֿאַר אייל־טרעטעס אין די פּאַרב־מילן, אָן ווי צעטראָטענע ווערים זיינען געזעסן די שפּולערינס צו די פּיס פֿון די וועבערס, ווי פֿאַרגעסענע פֿון גאָט, ווי אַרויסגעוואָרפֿן גראָז. ס'רובֿ שפּינערינס זיינען קינדער, מיט פֿאַררויפּיעטע אויגן, אויסגעקראַצבענע האָר, אָדער אָזעלכע, וואָס עס שלאָגט פֿון זיי מיט חולאתן און פֿון זייערע נעזער און אויערן רינט מיט אייטער. וואָרעם די געזונטע און שיינע קינדער, מיידלעך און ייִנגלעך, באַנוצן די צידונער פֿאַר משרתים, האַלטן זיי פֿאַר זייערע לוסט־צוועקן צו זינדיקן מיט זיי, נאָר די קראַנקע און מיאוסע שיקן זיי צו די וועבשטולן. פֿון אַלע לענדער אין דער וועלט, פֿון די אינדזלען און די קאָלאָניעס, וואוהין די שיפֿן פֿון צור און צידון דערגרייכן נאָר מיט זייערע סחורות, קויפֿן זיי אויף שקלאַפֿן; אויך ווי די קראָען גייען זיי נאָך די מלחמה־פֿירער אויף די שלאַכט־פֿעלדער און קויפֿן אויף די קריגס־געפֿאַנגענע.

און מיר האָבן דאָרט געזען מענטשן, וועלכע האָבן נישט פֿאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערנס לשון, צוזאַמענגעקייטלטע ביי די וועבשטולן. און עס איז אין צור און צידון אַזוי: ווען אַ שקלאַף ווערט אַלט און טויג נישט מער צו דער אַרבעט, נעמען זיי אים נישט אַריין אין דער משפּחה, ווי עס איז דער מנהג אין די לענדער פֿון אדום און יון, וועלכע האַלטן זייערע שקלאַפֿן אין ספּעציעלע קוואַרטירן, ביז וואַנען זיי שטאַרבן; וואָרעם נישט פֿאַרן אייגענעם געברויך, צו לאָזן זיך באַדינען פֿון זיי, ווי עס טוען די פֿעלקער פֿון אדום און יון, האַלטן צור און צידור זייערע קנעכט, נאָר כּדי מיט זיי אויסצואַרבעטן די פֿיל פֿאַרשיי־דענע סחורות אויף אָנצופֿילן זייערע שיפֿן פֿאַר די פֿיל מערק; און עס איז, אויב אָן עבֿד ווערט קראַנק און שוואַך און טויג ניט מער צו דער אַרבעט, וואַרפֿן זיי אים אַרויס פֿון דער שקלאַפֿן־קוואַרטיר און געבן אים מער נישט צו עסן. דעריבער האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף מענטשן, וועלכע זיינען געלעגן צוזאַמענ־געוואָרפֿן ווי בערגער מיסט אַרום די וועבער־ביידלעך און האָבן מיט די לעצטע כּוחות געבעטלט אַ שטיקל ברויט אָדער דעם טויט, נאָר קיינער האָט זיך אויף זיי נישט דערבאַרעמט. אין צור און צידון ווייס מען נישט, וואָס עס איז אַזעלכעס רחמנות, וואָס איז אַ מידה פֿון רבונו של עולם, מיט וועלכער ער האָט באַשאַנקען אונדזער פֿאָטער אבֿרהם. עס איז דאָרט נישטאָ קיין סוף צו דער אַרבעט, און קיינער האָפּט נישט אויף דעם שאָטן פֿון דער נאַכט צו געפֿינען רו. קייטן יונגע, שטאַרקע שקלאַפֿן, איינגעשפּאַנטע צו שלעפּ־וועגענער, האַלטן אין איין צו־ברענגען צו די וועבער־האַליעס שטויסן מיט קאָלירטן ביינוול, פֿאָדעם און וואָל פֿון די פֿאַרב־מילן, וואָס שטייען ביים ברעג פֿון ים. זיי זיינען שפּייז פֿאַר דער חיה־רעה פֿון פֿאַרקנעכטונג. ווי דאָס אייביקע גיסן זיך פֿון אַ טייך, אַזוי גיסט זיך די פֿאַרשקלאַפֿונג אין צער און צאָרן פֿון נאַכט אין טאָג און פֿון טאָג אין נאַכט אַריין.

ווען דער רבי האָט דערזען די פֿאַרשקלאַפֿונג פֿון די וועבער, האָט ער קיין וואָרט נישט אַרויסגעבערענגט פֿון זיך, נאָר זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, וואָס אין זיין האַרץ טוט זיך. זיין פּנים איז פֿאַרענדערט געוואָרן און האָט זיך פֿאַר־קרימט אין אַ גרויסן שניט פֿון צער, זיינע ליפּן זיינען בלייך געוואָרן און זייער

שניט אין אײנגעקאָרטשעט געוואָרן פֿון קלײנמעניש און ביטערקייט און האָט זיך באַהאַלטן אין די האָר פֿון זײַן באָרד, און זײַנע אויגן האָט ער געווענדט צום הימל. און איך האָב געהערט, אַ קרעכץ איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זײַן אינערלעכקייט, און ער האָט ווי אַ דונער געשטורעמט: „רבונו של עולם, האָב רחמנות אויף דײַן באַשעפֿעניש!"

און מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט פֿון פּײַן, און מיר זײַנען נישט אַרײַנגעגאַנגען אין דער שטאָט, נאָר מיר זײַנען געגאַנגען נאָך די שקלאַפֿן־וועגענער, וואָס האָבן אַהערגעבראַכט געפּאַרבטע גאַרנס און וואָל פֿון די פּאַרב־מילן, וואָס זײַנען בײַם ברעג פֿון ים.

נאָך גרעסער ווי דער אויסגוס פֿון גרויסן ים איז די אומגערעכטיקייט, וואָס גיסט זיך אויס איבער דעם ים־ברעג פֿון צור. אַנשטאָט צו באַוואונדערן דעם אָנבליק פֿון גאָטס גרויסע מעשׂים, וואָס ער האָט באַשאַפֿן דעם ים־הגדול, זײַנען אונדזערע אויגן פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן מיט דעם אָנבליק פֿון פּײַן און לייד, וואָס האָבן ווי אַ גרויסע געשלאָגענע מכּה זיך אויסגעשפּרייט איצער צידונס באָרטן.

דער גאַנצער ברעג פֿון צור און צידון איז איין קייט פֿון פֿאַרשקלאַפֿונג, דער גאַנצער זוים פֿון ים איז באַשמוצט מיט מענטשן־שווייס, טרערן און צער. דאָס וואַסער פֿון צורס ים שווימט נישט מער מיט דעם שוים פֿון זײַנע כוואַליעס, נאָר מיט דעם שוים פֿון מענטשלעכן אָפּפֿאַל. דאָ האָבן שקלאַפֿן־פֿישער צוגעפֿירט צו די ברעגן בערלינקעס מיט דעם שנעק־מושל, וואָס פֿאַרמאָגט אין זיך דעם תּכלת־פּאַרב. דורך דער גאַנצער נאַכט האָבן די שקלאַפֿן טיף אין ים מיט קערב און שטריק די מושלען אויפֿגעפֿאַנגען און זיי אַנגעוואָרפֿן דערנאָך אויף די קופּעס צעקוועטשטע מושלען, וואָס זײַנען שוין ווי גרויסע בערג בײַם ים געלעגן. דאָרט, אין די קופּעס צעקוועטשטע מושל־בערג, זײַנען אין גרויסע קיזל־שטיינער געווען אײַנגעשפּאַנט נאַקעטע מענטשן־גבורים, די אויגן פֿאַרבונדן אָדער אויסגעשטאָכן, כּדי זיי זאָלן נישט זען, וואָס זיי טוען. זיי האָבן געהאַלטן אין איין שלעפּן די קיזלשטיינער אַרום דעם מילשטיין, אונטער די בײַטשן פֿון די שמײַסער, און האָבן אויסגעמאָלן די מושלען, וואָס אַנדערע האָבן מיט שופֿלעס געוואָרפֿן אונטער די מילשטיינער. פֿון די שטיינער האָט אָפּגעשפּריצט דער וויאָלעטער זאָפֿט פֿון דער מושל־לעבער און באַשפּריצט מיט דעם מושל־בלוט די נאַקעטע לײַבער פֿון די שקלאַפֿן און זיי אָפּגעפּאַרבט. וואָס אַמאָל מער איז איבער זיי געוואַקסן דער באַרג צעריבענע מושלען, זייערע פֿיס האָבן געדרעפּטשעט, און זייערע לײַבער זײַנען פֿאַרטרונקען געוואָרן ממש אין דעם שמוץ פֿון די צעריבענע געדערים, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם צעשטויסענעם מושל און זײַנען געוואָרן איין שטינקענדיקע בלאָטע. עס איז דאָרט תּמיד געווען אַ געדיכטער, שטיקעדיקער געשטאַנק, און די מענטשן האָבן געטראָטן אין צואה. אַ קייט צוזאַמענגעבונדענע קנעכט האָבן געבערנגט אויף זייערע שטאַרקע אַקסלען צו שלעפּן גרויסע בינטן ווײַסע וואָל, וואָס זײַנען געקומען פֿון דמשק, אויך פֿון אַנדערע האַפֿנס פֿון צעזאַריע און יפֿה, בינטן פֿלאַקס, וואָס איז געקומען פֿון מצרים, און זיי האָבן דאָס אַלץ געוואָרפֿן אין אַ קאַליווזשע פֿון אָפּגעשטאַנענעם געדיכטן תּכלת, וואָס איז אַרויסגערונען פֿון אונטער די מילשטיינער.

יונגע ווײַבער און מײדלעך האָבן מיט זײערע פֿיס געטראָטן אין די קאַליוזישעס און געפֿאַרבט די וואָל, אַנדערע האָבן אַרויסגעשלעפּט די וואָל און דעם פֿלאַקס פֿון די פֿאַרב־קאַליוזשעס, און זײ אויסגעשפּרייט איבער דעם ברעג ים צום טריקענען. דער גאַנצער ברעג איז געווען באַפֿלעקערט מיט נאַקעטע מענטשן, וועמעס באַקלײדונג איז באַשטאַנען בלויז פֿון די פֿאַרבן־שפּריצן, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זײערע לײַבער ווי אַ צווײטע הויט, געענדערט זײער אויסזען, אָפּגעמעקט פֿון זײ די צורה מענטש, — און זײ זײַנען געגליכן געווען צו גע־פֿלעקלטע בהמות און חיות. און אַזוי האָט מען זײ אויך באַהאַנדלט.

אויך דאָ, ווי בײַ די וועבשטולן, האָבן אויף די בערג צעריבענע מושלען זיך אַרומגעוואַלגערט אַרויסגעוואָרפֿענע אַלטע קנעכט, וואָס האָבן נישט געטויגט צו דער אַרבעט. זײ זײַנען געווען געשלאָגן מיט פֿלערליי קרענק, דער פֿאַרבן־גיפֿט האָט זײערע לײַבער פֿאַרסמט. געבראָכענע מיט אויסגעברענטע אויגן, האָבן זײ אויף די קופּעס זיך אַרומגעוואַלגערט, און קײנער האָט זיך אויף זײ נישט אומ־געקוקט. זײ האָבן געגעסן דאָס אָפּפֿאַלעכץ פֿון די שנעקן קערפּערלעך, וואָס די מילן האָבן אַרויסגעוואָרפֿן; פֿון דעם זײַנען זײערע לײַבער געשוואָלן געוואָרן, און זײ האָבן געליטן גרויסע יסורים.

דאָס געשרײ פֿון די געליטענע איז פֿאַרשטומט געוואָרן דורך אָפּגעשוואַכט־קײט, ביז זײ האָבן זיך צוגעקאַלערט אין זײערע קראַמפֿן צום באָרטן פֿון ים, און די וועלן האָבן זײ מיטגענומען מיט זיך און זײ אָפּגעשוואָנקען פֿון דעם לעבן. און מיר האָבן פֿאַרלאָזן דאָס אָרט און מיר זײַנען ווײַטער געגאַנגען, אָבער ווי ווײַט מיר זײַנען נישט געגאַנגען, האָבן מיר נישט געקאָנט אַנטרינען פֿון שקלאַפֿן־ים.

איבער דער גאַנצער לענג פֿון ים־ברעג האָט ווי אַ גרויסע מכּה, זיך אויס־געשפּרייט די אַרבעט און די פּײַן פֿון צור. וואו מיר האָבן געוואָרפֿן אונדזערע בליקן, האָבן מיר נאָר געזען צוזאַמענגעקײטלטע, נאַקעטע מענטשן שלעפּן משׂאות. און אַ שיעור זײַנען געווען די שיפֿן אויפֿן ים, מיט קאָלירטע זעגלען פֿון אַלע פֿעלקער, וואָס האָבן באַוואוינט די ברעגן פֿון גרויסן ים: פֿון מצרים און צפּורן, פֿון די אינדזלען פֿון יון, פֿון שפּאַניע און פּערסיע, פֿון איטאַליע און אַפֿריקע. דאָ האָבן רײען שלעפּ־שקלאַפֿן אַרויפֿגעטראָגן אויף די שיפֿן משׂאות געפֿאַרבטע וואָלן, טיכער און קאָלירטע שטאָפֿן, גלאָזוואַרג און אַלערליי כּלים פֿון גראָבע און אײדעלע מאַטעריאַלן, וואָס צור און צידון האָבן אויסגעאַרבעט מיט דעם שווייס און בלוט פֿון זײערע שקלאַפֿן; און דאָרט, אויף די שיפֿן, האָבן אַנדערע שלעפּ־שקלאַפֿן אַראָפּגעטראָגן משׂאות, סחורות אַלערליי, וואָס די פֿעל־קער פֿון דער וועלט האָבן געשיקט קײן צידון, — פֿון דעם אײדעלן זײַד פֿון פּערסיע ביז דעם טײַערן ציפּרוס־ווײַן, רויע שטאָפֿן, מעטאַלן, ערץ און זילבער, וואָס צור און צידון האָבן געצויגן פֿון שפּאַניע און אירע קאָלאָניעס, וואָס זי האָט געהאַט פֿאַרשפּרייט איבער די ברעגן פֿון גרויסע ימים, און נאָך אַנדערע זאַכן און גיטער פֿון אַלע לענדער און שטעט, מיט וועלכע צור האָט געפֿירט האַנדל און וואָס אירע שיפֿן האָבן נאָר אָנגעשלאָגן צו זײערע ברעגן. ווי די פֿלײַסיקע מילבן האָבן די מענטשן געטון זײער אַרבעט, און ווי דאָס זאַמד אויפֿן ברעג — אַזוי פֿיל זײַנען זײ געווען. די קײטן שקלאַפֿן האָבן זיך געשלענגלט

אומענדלעך פֿון די שיפֿן צו די פֿאַרב־מילן, צו די גיסערײַען, צו די ווערקשטעלן, אַזוי אַז דער גאַנצער ברעג פֿון גרויסן ים האָט ווי אַ גאַרטל פֿון זינד און פּײַן אַרומגענומען די שטאָט פֿון צור.

און אונדזער רבי איז געשטאַנען בײַ יעדער ווערקשטעל און האָט זיך צוגעקוקט צו די מענטשן. אַלץ האָט ער געוואָלט וויסן און אַלץ האָט ער געוואָלט זען, ווי ער וואָלט וועלן אויסלערנען דעם כּוס עוולות ביז צו זײַן דנאָ, איז ער געגאַנגען פֿון איין טאָל פֿון טרערן צום אַנדערן, פֿון די פֿאַרב־מילן צו די ווערקשטעלן פֿון די אויסהעפּטערס.

ווי די צידונער האָבן די מענער באַנוצט צו שווערע אַרבעטן, אַזוי האָבן זיי די ווײַבער און מיידלעך אײַנגעשפּאַנט אין די אויסהעפּט־שטעלן, וואו זיי האָבן אויסגעהאָפּטן פֿאַרשיידענע אויסנייעכצן אויף די טיכער פֿון צידון. דאָס זײַנען געווען די שקלאַפֿן־מיידלעך, וועלכע זיי האָבן אויך פֿאַר זייערע פֿאַרגעניגנס גענוצט. זיי האָבן זיי דעריבער גענוצט פֿאַר לײַכטערע אַרבעט, כּדי צו שוינען זייערע לײַבער.

באַלד זײַנען מיר צוגעקומען צו די קינדער בעלי־מומים אין די גוס־ווערקשטעלן פֿון די מעטאַלענע כּלים. זיי האָבן נאָך נישט געהאַט אָפּגעטריקנט אויף זייערע ליפּן די מילך פֿון זייערע מוטערס' ברוסטן. מיידלעך און ייִנגלעך האָבן מיט האַמערס די פֿאַרמען פֿון כּלים אויס עריץ, בראָנז און זילבער אויסגעקלאַפּט אין דער היץ פֿון פֿײַער. אַזוי יונג ווי זיי זײַנען געווען, האָבן די קינדער געטראָגן אויף זייערע נאַקעטע לײַבער אויסגעברענטע צייכנס פֿון פֿאַרשקלאַפֿונג, ווי זייערע עלטערן, און זייער גזר־דין איז שוין אַנגעחתמעט געווען אויף זיי צו פֿאַרענדיקן זייערע כּוחות אין קנעכטשאַפֿט, ביז זיי וועלן אַוועקפֿאַלן ווי דאָס אָפּפֿאַלעכץ אויף די קופּעס מיסט, פּונקט ווי זייערע עלטערן. די פֿרייד פֿון זייער יוגנט איז שוין געווען אָפּגעווישט פֿון זייערע פּנימער. פֿיל פֿון זיי זײַנען געווען האַלב־בלינד, מיט פֿאַרברענטע פּנימער אָדער מיט אַנדערע מומים, — אויסגעברענטע שטיקער פֿלייש, וואָס זיי האָבן דורך דעם אומגיין מיט פֿײַער בײַם גיסן די מעטאַלן באַקומען דורך זייער אומגעניטקייט. אַנדערע זײַנען צעשמיסן געווען פֿון די שמײַסער־אויפֿזעער פֿאַר מאַכן פֿעלערן, וואָרעם צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געמאַכט פֿעלערן, האָט מען די קינדער אויסגעשלאָסן פֿון זייערע לוסט־פֿאַרגעניגנס און מען האָט שוין נישט מקפּיד געווען אויף זייערע לײַבער. זיי האָבן אויך שוין מער נישט געטויגט פֿאַר די שקלאַפֿן־מערק, האָט מען זיי צוזאַמענגעיאָגט אין די קינדער־ווערקשטעלן, כּדי דאָרט צו פֿאַרענדיקן זייער יונג לעבן בײַ די שווערע גוס־אַרבעטן.

מיר האָבן געזען ווי יונגע הענט האָבן געשאַרט אין פֿײַער, ווי זיי וואָלטן נישט באַשטאַנען אויס פֿלייש, נאָר אויס אײַזערנע צוואַנגען. בײַ אַנדערע זײַנען די בעכער אויפֿגעשוואָלן געוואָרן פֿון פֿיל וואַסער טרינקען, וואָרעם די היץ איז בײַם שמעלצן די מעטאַלן געווען אין־לשער, און זיי האָבן געקילט זייער דורשט מיט טרינקען די אָפּגעשטאַנענע, שטינקענדיקע וואַסער, וואָס זיי באַנוצן צו גיסן אויף די דריי־רעדער.

מיר האָבן פֿאַרלאָזן די שפּינערס און די פֿאַרבערס, און מיר זײַנען צוגעקומען צו די גיסערס. פֿון די שיפֿן, וועלכע האָבן געבראַכט דעם בלײַ־זאַמד פֿון די

בריטישע אינדזלען, האָבן קייטן שקלאַפֿן געשלעפּט בלײַ־ערד און געפּלאַכטענע קערב צו די שמעלץ־אויוונס, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויף דעם אָפֿענעם ברעג פֿון ים. זיי האָבן געשאָטן די ערד אין די גיהנומדיקע פֿײַערן, וואָס האָבן גע־זעצט פֿון די אויוונס, האָבן גערייניקט די בלײַ־ערד און געמישט זי מיט אײַזן־מעטאַלן און זילבער־מעטאַלן, וואָס זיי האָבן געבראַכט פֿון די גרובנס פֿון תּרשיש (שפּאַניע). אַנדערע קייטן שקלאַפֿן האָבן צוגעפֿירט שפּײַז צו די גוס־אויוונס, שייטלעך האָלץ, וואָס זיי האָבן אין שלעפּ־וועגענער אַראָפּגעבראַכט פֿון כּרמל־באַרג. אין די פֿײַערן, וואָס האָבן געזעצט פֿון די אויוונס, האָבן אַרומגעטאַנצט נאַקעטע מענטשן, פֿאַרשטעלט אין אַ וואָלקן פֿון דעמפּיקן, דיקן רויך, וואָס האָט געזעצט פֿון די שמעלץ־קעסלען, און האָבן פֿאַרפֿינצטערט דעם אָנבליק פֿון דער זון. דערינען, אין די וואָלקנס דעמפּיקן רויך, וואָס די צעגאָסענע מעטאַלן האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך, האָבן די נאַקעטע מענטשן זיך באַוואויגן ווי געפּײַניקטע רשעים אין גיהנום, מיט לעפֿלען געהויבן פֿון די שמעלץ־טעפּ די צעגאָסענע בלײַען, געגאָסן זיי אין פֿאָרמען, מיט צוואַנגען געצויגן, מיט די הענט געטאַפּט, מיט די ציין געביסן, און עס איז אָפֿט געשען, אַז דער קאָכעדיקער מעטאַל האָט אַרויסגעשפּריצט פֿון די קעסלען, אויסגעברענט שטיקער פֿלייש פֿון זייערע לײַבער.

און מיר האָבן דאָרט געטראָפֿן קאַליקעס מיט אָפּגעריסענע אבֿרים, אויס־געברענטע שטיקער פּנימער, וועלכע זײַנען אין די וואָלקנס רויך געשמיסן גע־וואָרן פֿון די שוטרים און נוגשים, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף דער אַרבעט. און ווען עס האָט געטראָפֿן, אַז דער שפּריצנדיקער מעטאַל האָט אויסגעברענט בײַ די שקלאַפֿן זייערע אויגן און זיי האָבן נישט געקאָנט זען, זײַנען זיי, בלינדע, אַריבערגעפֿירט געוואָרן צו די פֿאַרב־מילן. און ווען אַ שקלאַף האָט פֿאַרלוירן די כּוחות און נישט געקאָנט מער שלעפּן די מילשטיינער, האָט מען אים אַריבער־געפֿירט צו אַן אַנדער גרינגערער אַרבעט, וואָרעם כּל־זמן די נשמה איז געזעסן אין דעם מענטשן איז נישט געווען קיין אַנטרינען און קיין אָפּלאָז פֿון דער אַרבעט, ביז דער טויט האָט זיך נישט מרחם געווען אויף אים, ווי עס איז געווען מיט אונדזערע עלטערן בײַ פּרעהן.

און מיר זײַנען געגאַנגען פֿון דאָרט און מיר זײַנען אָנגעקומען צו די גלאָז־בלאָזערס. און דאָ, ווי בײַ די מעטאַל־שמעלצערס, האָבן אין גרויסע אויוונס געברענט מוראדיקע פֿײַערן, וואָס זייערע פֿלאַמען זײַנען אויפֿגעגאַנגען עד לבֿ השמים. און די פֿײַערן זײַנען אויך געפֿיטערט געוואָרן דורך האָלץ־שטאַנגען, וואָס שקלאַפֿן האָבן אַרונטערגעבראַכט פֿון לבֿנון־באַרג. און אויך דאָ האָט מען געזען נאַקעטע מענטשן שלעפּן, ווי אונדזערע עלטערן ביי פּרעה׳ן, קערב מיט גלאָז־זאַמד, וואָס געפֿינט זיך דאָרט אויפֿן ברעג, און ברענען עס אין אויוונס און פֿאַרוואַנדלען עס אין געגלייזטע פֿליסיקייטן. נאָר אַנשטאָט מענער אין זייערע שטאַרקע יאָרן, ווי עס איז געווען בײַ די גוס־אויוונס, האָבן דאָ געאַרבעט ווײַבער, ס׳רובֿ קינדער, וואָס די ברוסטן זײַנען נאָך בײַ זיי יונג, זיי זאָלן נאָך זײַן בכּוח זייערע אָטעמס אַרײַנצובלאָזן דורך די רערן אין ברענענדיקן גלאָז־מאַטעריאַל.

און מיר האָבן געזען קינדער, אָפּגעצערטע ביזן ביין פֿון דער גרויסער היץ, וואָס האָט געהערשט דאָרט אַרום די ברענענדיקע אויוונס, מיט אויסגעברענטע

שטיקער לײַב און פֿאַרברענטע אבֿרים, ווי בײַ די מעטאַל־אַרבעטער. פֿון די קאָכעדיקע קעסלען האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט אויף זייערע רערן שטיקער פֿײַער, זייערע מײַלער צוגעלייגט צו די רערן און אַרײַנגעבלאָזן אין פֿײַער, און מיט דער לופֿט פֿון זייערע ברוסטן אויסגעהוילט די בײַכער פֿון די גלעזערנע כּלים. און ווען דאָס פֿייער האָט נאָך געברענט אין דעם מאַטעריאַל, האָבן זיי מיט זייערע נאַקעטע פֿינגער געפֿורעמט די שנויצן, העלדזער און אָרנאַמענטן אויף די כּלים. די זון האָט געברענט זייערע לײַבער פֿון אויבן, און דאָס צעגאָסענע פֿײַער־גלאָז האָט געברענט זייער אינגעווייד. און עס האָט זיך טאַקע געטראָפֿן, אַז דאָ און דאָרט איז אַ תּינוק געפֿאַלן אונטער דער לאַסט פֿון זײַן פֿײַערדיקער אַרבעט. און עס איז געווען, אַז מען האָט אים אַוועקגעטראָגן פֿון די פֿײַערדיקע אויוונס, האָט אים דער שומר באַטראַכט. האָט דאָס קינד נאָך געהאַט אין זיך לעבן, אַזוי האָט ער עס אויפֿגעוועקט מיט אַ רעגן פֿון שמיץ, וואָס ער האָט געלאָזט פֿאַלן פֿון זײַן קאַנטשיק אויף דעם קינדס לײַב. האָט עס נישט געהאַט מער קיין לעבן אין זיך, האָט מען עס אַוועקגעוואָרפֿן אויף די מיסטן, אויף די קופּעס זאַמד בײַם ברעג ים, און עס איז געוואָרן צו שפּײַז פֿאַר די ים־פֿייגל.

און עס איז געווען בשעת מיר זײַנען געשטאַנען דאָרט בײַ די גלאָז־אויוונס, האָט מען פֿון די פֿײַער־קעסלען אַרויסגעטראָגן אַ פֿאַרחלשט קינד, וואָס איז אַוועקגעפֿאַלן פֿון דאַמף און היץ, און זיי האָבן עס אַוועקגעלייגט אויף אַ באַרג גלאָז־זאַמד אונטער דער זון, און איינער פֿון די שומרים, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, איז צוגעגאַנגען און האָט באַטראַכט דאָס קינד, און ער האָט געלאָזט רעגענען דערויף מיט שמיץ פֿון זײַנע בלײַערנע ריטער. נאָר עס איז געווען נאָך אַ ווײַלע, און דאָס קינד האָט זיך נישט אויפֿגעכאַפּט פֿון די שמיץ, האָט ער עס געלאָזט ליגן אויף דער זון, וואָרעם זײַן נשמה איז אויסגעגאַנגען און מען האָט מער קיין נוצן דערפֿון נישט געהאַט. און עס איז קיינער נישט געווען, ווער עס זאָל זיך פֿאַרן קינד אָננעמען. און מײַן רבי איז געשטאַנען דערבײַ און ער האָט עס צוגעזען, און מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז אָט באַלד וועט ער אויפֿהייבן זײַן האַנט און ער וועט דעם שלעגער פֿאַרוואַנדלען ווי לוטס ווײַב אין אַ שטיק זאַלץ, אָדער ער וועט טון דאָס זעלבע ווי משה, וואָס האָט געשלאָגן דעם מצרי און אים באַהאַלטן אין זאַמד.

וואָרעם מיר האָבן געזען דעם רבינס פּנים בשעת דעם פֿאַרפֿאַל, ווי ער איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ ווײַס פֿײַער, און ער האָט אין גאַנצן געציטערט, ווי אַ שטורעמווינט וואָלט אַדורכגעגאַנגען דורך אים. אָבער ער האָט דעם שלעגער גאָרנישט געזאָגט, זײַנע ליפּן זײַנען פֿאַרשנירט געווען, און דער שניט פֿון זײַן מויל האָט זיך אײַנגעקאַרטשעט פֿאַר צער. אַזוי האָבן מיר אויך געשוויגן. און יוחנן, דער זון פֿון זבֿדי, האָט מיט זײַן פֿויסט זיך אַליין געשלאָגן אין זײַן שטאַרקער ברוסט, אין וועלכער דער כּעס האָט געברענט.

און אויך די אַנדערע תּלמידים האָט אַרומגענומען אַ גרויסער צאָרן אויפֿן שלעגער, און מיר אַלע האָבן געוואונטשן, אַז דער רבי זאָל אים מיט אַ הויך פֿון זײַן מויל אין דעם זאַמד מאַכן פֿאַרזינקען, ווי ער האָט פֿאַרזונקען דאָס קינד מיט זײַנע שמיץ. אָבער אונדזער רבי האָט אַלץ געשוויגן, האָבן מיר פֿאַר־

שטאַנען אַז עס איז דאָ אַ טעם צו דער זאַך, און מיר האָבן אויך איינגעהאַלטן אונדזער כּעס.

נאָר עס איז געווען, ווען דער שמײַסער האָט פֿאַרלאָזן דאָס טויטע קינד, האָט אונדזער רבי זיך דערנענטערט צום מת — און מיר הינטער אים. ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דעם טויטן קינד. אַ ייִנגל איז עס געווען, קוים פֿון אַ יאָר נײַן אָדער צען, און זײַן לײַב איז אויסגעטריקנט געווען פֿון דער היץ, אַן אַ פּיצל פֿלייש אויף זיך, נאָר לויטער ביינער, און זײַן הויט איז אין גאַנצן באַדעקט געוואָרן מיט אויסגעברענטע מכּות, וואָס דאָס פֿײַערדיקע זאַמד האָט אויסגע־ברענט אין זײַן קערפּער. און ער איז געווען געליימט און מיט אַן אויסגעברענט אויג, וואָס דורך דעם האָט מען אים אַרײַנגעגעבן צו די גוס־אויוונס. אָבער אין זײַן רעכטן אויער האָט ער געטראָגן דעם צייכן פֿון זײַן מוטערס ליבע, — אַן אוירינגל, וואָס זי האָט אים אָנגעטון בײַ זײַן געבוירן. און זײַנע האָר זײַנען געווען שוואַרץ, און זײַן פּנים איז נישט מער געווען פֿון אַ קינד, נאָר שטאָר און אויסגעלאָשן ווי פֿון אַן אַלטן מאַן, פֿול מיט רונצעלן, און מיר האָבן אַלע גע־מיינט, אַז די דערבאַרעמונג וועט זיך פֿעדערן אין אונדזער רבין, און ער וועט דאָס ייִנגל אויפֿוועקן פֿון זײַן טויט־שלאָף. אָבער ער האָט עס נישט געטון. און מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אַ טעם צו דער זאַך, און מיר האָבן נישט געפֿרעגט. און אונדזער רבי האָט אויך געשוויגן. נאָר איך האָב באַמערקט, ווי צוויי טרערן זײַנען אַרויסגערונען פֿון מײַן רבינס אויגן און זײַנען געפֿאַלן אויפֿן ייִנגלס קערפּער. און דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך האָב געזען מײַן רבין וויינען.

און מיר האָבן פֿאַרלאָזט דעם טאָל פֿון קינדער־פּײַן, און מיר זײַנען אָנגעקומען צו דעם אָרט, וואו די צידונער האַלטן זייערע שקלאַפֿן, וואָס זייערע שיפֿן ברענגען פֿון אַלע טיילן וועלט, וואו זיי פֿאַרוואַרפֿן זייערע אַנקערס. דאָס איז געווען אַן אַרומגעצוימטער פּלאַץ אויפֿן ברעג ים, באַדעקט מיט פּאַלמען־צווײַגן, און יונג און אַלט, מאַן און פֿרוי און קינד, פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד זײַנען געווען צוגעקייטלט איינער צום אַנדערן, אָדער באַשווערט מיט קלעצער אויף די פֿיס, מוטערס מיט קינדער און פֿרויען אין די יונגע יאָרן. די צידונער גע־ווינען נישט זייערע שקלאַפֿן דורך דעם זיג פֿון דער שווערד, ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער, נאָר זיי פֿירן אַ האַנדל מיט נשמות פֿון מענטשן. זיי פֿאָרן נאָך די קריגס־פֿירער און קויפֿן אויף די קריגס־געפֿאַנגענע פֿון אַלע טיילן וועלט, וואו נאָר רוימס שווערד דערגרייכט, פֿון אַרמעניע און קאַווקאַז, פֿון שפּאַניע, פֿון די ווײַטע בריטישע אינזלען און פֿון די ווײַטע לענדער, וואָס ליגן אויף יענער זײַט מדבר פֿון צפֿון־אַפֿריקע, אַחוץ די שקלאַפֿן פֿון זייער אייגענעם לאַנד און פֿון די שכנותדיקע לענדער. און זיי האַלטן די שקלאַפֿן סאָרטירט. אַ טייל שקלאַפֿן שיקן זיי אָפּ אין די מינען־גריבער, וואָס זיי האָבן אויף די ווײַטע אינדזלען אין שפּאַניע און בריטאַניע, פֿון וואַנען זיי ברענגען זייער זילבער, בלײַ און אײַזן. די שקלאַפֿן זײַנען פֿאַראורטיילט קיין מאָל מער נישט צו זען דאָס ליכט פֿון דער זון, וואָרעם מען האַלט זיי אין די גריבער פֿאַרשטעקט און מען לאָזט זיי קיין מאָל מער נישט אַרויס פֿון זייערע לעבעדיקע קבֿרים. ס'רובֿ זײַנען דאָס געווען שטאַרקע מענער אין די בעסטע יאָרן פֿון זייער לעבן. די דאָזיקע זײַנען געזעסן

אויף זייערע קני, צוגעקייטלט איינער צום אַנדערן, מיט זייערע אויגן האָבן זיי זיך איינגעקוקט אין דער זון, ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיטנעמען דעם אַנבליק פֿון איר שײַן אין זייערע פֿינצטערע נעכט אַרײַן, וואָס עס וועט זיי אויסקומען צו פֿאַרברענגען זייער רעשט לעבן.

אַנדערע שקלאַפֿן זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן צו פֿירן די שיפֿן. און עס זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן פֿאַר היימישע אַרבעטן, און אַזעלכע וואָס זײַנען באַשטימט געוואָרן צו טרײַבן מיט זיי האַנדל, צום פֿאַרקויפֿן אויף די מערק, און נאָך אַנדערע, די יונגע און געזונטע, מיט שיינע לײַבער און פֿון שיינעם אויסזען, סײַ בחורים, סײַ מיידלעך, — זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַר פֿאַרגעניגנס און געברויכן סײַ פֿאַר די היימישע מערק, סײַ פֿאַר די אויסלענדישע מערק. און יעדער מין זייערער איז ווי אַ סחורה געוואָרן אויסגעסאָרטירט, צוזאַמענגעקליבן און אָפּגעזונדערט אין באַזונדערע אָפּטיילונגען. און לויט זייער ווערט, זײַנען זיי געהאַלטן, באַהאַנדלט, באַשפּײַזט און באַקליידט געווען. די, וועלכע זײַנען פֿאַר גראָבע אַרבעטן געווען באַשטימט און האָבן געקאָנט אַ סך אויסהאַלטן, האָט מען זיי, לויט זייערע אַרבעטן, געשפּײַזט מיט רויע שפּײַזן, מיט נבֿלות און פֿאַרשטונקען פֿעטס, און מען איז זיך באַגאַנגען מיט זיי מיט שטאַרקע פֿויסטן, מיט קאַנטשיקעס און ריטער. די אָבער, וועלכע זײַנען באַשטימט געווען פֿאַר הויזלעכע געברויכן און פֿאַר פֿאַרגעניגן וועגן, האָט מען איידל באַהאַנדלט, געהאַלטן אונטער אַ באַדעקעכץ, געשפּײַזט מיט איידעלע שפּײַזן און אַכטונג געגעבן, אַז בײַם ציכטיקן זאָל מען זיי די הויט נישט באַשעדיקן און נישט קיין בעלי־מומים מאַכן אויס זיי.

און מיר האָבן געזען, ווי די בעלי־בתּים פֿון די שקלאַפֿן האָבן אָנגעשריגן אויף די שומרים דערפֿאַר, וואָס זיי שלאָגן די יונגע שקלאַפֿן און ברענגען שאָדן זייער סחורה. זיי זאָלבן די איידעלע שקלאַפֿן מיט אייל, כּדי שיין צו מאַכן זייער הויט, אַז מען זאָל מער גלוסטן צו זיי און דורכדעם העכערע פּרײַזן פֿאַר זיי נעמען.

לאַנג איז ער געשטאַנען, אונדזער רבי, און ער האָט זיך צוגעקוקט צו די שקלאַפֿן־קייטן. אין דעם טאָג האָט ער נישט געגעסן קיין ברויט, בײַערט עס איז געווען ווי ער וואָלט זיך געזעטיקט מיט דעם פּײַן פֿון די מענטשן, צו וועלכער ער האָט זיך צוגעקוקט. און מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס גייט אויף אין זײַן האַרץ. און ווידער האָט זיך געהערט אַ קרעכץ פֿון אים, ווי אַ שטורעמווינט וואָלט דורך אים אַדורכגעגאַנגען, און אַ גרויסער צאָרן האָט אים אַדורכגענומען. איך האָב אים נאָך קיין מאָל אַזעלכן נישט געזען. זײַנע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פֿײַער, און זײַן גאַנצער קערפּער האָט זיך אָנגעצונדן אין איין רויטן פֿלאַקער, און ער האָט אויסגערופֿן מיט כּוח: „דרײַ מאָל איז טמא צור, דײַן ברויט איז דאָס פֿלייש פֿון טויטע (זבחי מתים) און דיין וואַסער איז פֿאַרגאָסן בלוט!"

און ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דאָרט, און מיר זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן, און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפֿענעם פּלאַץ, וואָרעם אונדזער רבי האָט נישט געוואָלט אַרײַנגיין אין קיין שטוב אַרײַן, וואָרעם דער באַלקן פֿון צידון איז אומריין, ווי דער טויט וואָלט אונטער אים געוואוינט. און ער האָט נישט געוואָלט עסן דאָרט קיין ברויט, וואָרעם „דאָס ברויט פֿון

צידון איז דאָס פֿלייש פֿון טויטע און זײַן וואַסער איז פֿאַרגאָסן בלוט״ — האָט ער געזאָגט. נאָך איבערהאַלטן די נאַכט און צונויפֿגענס צוריקגיין צו די גרענעצן פֿון ארץ־ישראל, וואָרעם פֿרעמד זײַנען פֿאַר אונדז געווען צידונס זיטן און מנהגים, און פֿאַרלוירענע האָבן מיר זיך געפֿילט אין דעם רעש פֿון צער און זינד.

אַרומגערינגלט מיט אַ גאַרטל פֿון זינד און פֿון געפּײַניקטע מענטשן, האָט די שטאָט צור אויסגעזען ווי אַ זונה, וואָס איז אויסגעשמינקט אין פֿאַרבן און קאָלירן. פֿון דעם שווייס פֿון מענטש האָבן זיי אויסגעמינצט זייער גאָלד, און פֿון זײַן בלוט און פֿלייש האָבן זיי זיך באַרײַכערט. זייערע הײַזער זײַנען געווען שטאַרק געבויטע, מיט קאָלומנעס און וועראַנדע־טרעפּן, און מיט געצירטע דעכער ווי טעמפּלען, און אויף יעדן פּלאַץ האָבן זיי געהאַט טעמפּלען פֿאַר זייערע שקוץ משקצים, און מיר האָבן געזען פֿיל מענטשן אַדורכצײַען, און אַלע זײַנען זיי געווען באַקליידט מיט געפֿאַרבטע קליידער. וואָס חשובֿער דער מענטש, אַלץ מער פֿאַרבן און קאָלירן האָט ער געטראָגן אויף זײַנע קליידער, אויסגעפּוצט און אויסגעצירט ווי די ווילדע פֿייגל, מיט גאָלדענע קראַנצן אויף זייערע קעפּ. און אויך זייערע ווײַבער זײַנען געווען באַפּוצט אין קאָלירטע קליידער, און לעבן זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען נאַקעטע שקלאַפֿן מיט דער שאַנד אַרויס, און די שטאָט איז פֿול געווען מיט געזאַנגען און שפּילן. מיר האָבן יעדעס מאָל אָנגעטראָפֿן אויף מחנות סעודה־אָנטיילנעמער, וועלכע זײַנען געגאַנגען צו זייערע זינדיקע צו־זאַמענקונפֿטן, באַגלייט מיט פֿלייטן־מוזיק, מיט געשמינקטע ווײַבער און מענער און מיט נאַקעטע שקלאַפֿן, ווי צור וואָלט אַנטפּלעקט זײַן שאַנד פֿאַר דער ליכ־טיקייט פֿון הימל.

אונדזער רבי מיט זײַנע תּלמידים, אָנגעטון אין שוואַרצן, זײַנען געזעסן צו־זאַמענגעקוּפּיעט אין אַ ווינקל פֿון אַ פּאַלאַץ, אונטער אַ פּאַלמען־בוים, און מיר האָבן פֿאַרמאַכט אונדזערע אויגן, כּדי מיר זאָלן זייערע אומווירדיקייטן נישט זען. זיי האָבן באַמערקט, אַז מיר זײַנען פֿרעמדע אין אונדזער קליידונג, וואָס האָט זיך אונטערשיידט פֿון זייערע, און דאָך איז קיינער פֿון זיי נישט צוגעקומען צו אונדז און האָט אונדז נישט געבעטן אַהיים צו זיך, ווי עס איז דער מנהג אין געבענטשטן לאַנד פֿון די קינדער פֿון ישׂראל, וואָס די אימה פֿון גאָט ליגט אויף אונדז. און ווען אַפֿילו שלום האָט געהערשט צווישן ישׂראל און צור פֿון אונ־דזערע פֿאָטערס צײַטן אָן און מיר האָבן מיט זיי געפֿירט אַן אויסטויש פֿון סחורות, דאָך האָט זיך אויף אונדז קיינער נישט אומגעקוקט.

דאָ, אין דער שטאָט צור, האָבן אונדזערע תּלמידים אײַנגעזען, ווי ווײַט די גויים זײַנען פֿון אונדז. מיר זײַנען נישט צו קיינעם געגאַנגען, קיינער וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען אונדזערע וועגן, און זיי וואָלטן זיך אויסגעלאַכט פֿון אונדז. ערשט דאָ, אין דעם פֿרעמדן אָרט, האָבן מיר אײַנגעזען, ווי הייליק עס איז ישׂראל און ווי גוט עס איז אונדז, וואָס גאָט האָט געלאָזט רוען זײַן שכינה איבער אונדז און אַנשטאָט שקלאַפֿן צו בשׂר־ודמס זײַנען מיר אויסגעוויילט געוואָרן פֿאַר קינדער צום רבונו של עולם. און מיר האָבן געבענקט צו געפֿינען זיך צווישן אונדזערע ברידער אין שויס פֿון ייִדישן געזעץ פֿון דער תּורה, אין וועלכער

עס איז אונדז וואָרעם אונטער די פֿליגל פֿון אונדזער פֿאָטער, וואָס וואַכט אי־בער אונדז.

און ווי מיר זיצן אַזוי פֿאַרלוירן אין דער פֿרעמדער שטאָט פֿון גויים, דער־נענטערט זיך צו אונדז אַ מאַן, — זײַן קלייד איז געווען ווי אונדזערס, שוואַרץ און אײַנפֿאַך, — און ער פֿרעגט אונדז אין אונדזער לשון:

— ברידער, קינדער פֿון ישׂראל זענט איר, וואָס איר נעכטיקט עפּעס אין דער גאַס און גייט נישט אין הויז אַרײַן פֿון די היידן?

און מיר האָבן אים געענטפֿערט:

— אַזוי איז עס, ברידער פֿון ישׂראל זײַנען מיר!

און עס האָט זיך אָנגערופֿן דער פֿרעמדער מאַן און געזאָגט:

— געלויבט זאָל זײַן דער גאָט פֿון ישׂראל, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט מײַנע ברידער. טוט דעם חסד מיט מיר און קומט אַרונטער אונטער מײַן באַלקן. עס וועט זײַן געבענטשט די שוועל פֿון מײַן שטוב, ווען איר וועט זי איבער־טרעטן. איך האָב אַ ברויט אין דער היים, אויך ווײַן, וואָס איז כּשר אין ישׂראל. און עס טרייסט זיך שוין מײַן ווײַב, די באַלעבאָסטע פֿון שטוב, און מײַן גאַנץ הויזגעזינד — אַזעלכע חשובֿע געסט אויפֿצונעמען.

און ער האָט זיך געפֿרייט מיט אונדז און געקושט יעדן איינעם אויף דער באַק, אַזוי ווי עס איז דער מנהג אין ישׂראל, און מיט גרויס שׂמחה אונדז אין זײַן שטוב באַגלייט.

# XIV

געלויבט ביסטו, פֿאָטער אין הימל, וואָס דו האָסט אונדזער חלק אויסגעקליבן, אַז מיר זאָלן דיר דינען, און דו האָסט אונדז נישט געמאַכט ווי די פֿעלקער פֿון דער וועלט פֿאַר געצנדינער, וואָס בוקן זיך צום ווערק פֿון דײַנע הענט. האָב רחמנות, פֿאָטער אין הימל, אויף אַלע דײַנע באַשעפֿענישן און עפֿן אויף זייערע אויגן, כּדי זיי זאָלן זען, אַז נאָר דו אַליין ביסט דער האַר און דער קעניג פֿון אַלע וועלטן, און עס איז קיינער נישטאָ אויסער דיר.

יהושע בן קלמן האָט אונדז אַלע אויפֿגענומען אין זײַן הויז, און עס איז געווען, ווען ער האָט געהערט, אַז די לײַט, וואָס זײַנען געקומען אונטער זײַן באַלקן, באַשטייען אויס אַ רבי מיט זײַנע תּלמידים, אַזוי האָט ער עס געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן כּבֿוד, און ער האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אונדזער רבין צו באַדינען. מיר האָבן אים נישט פֿאַרטרויט ווער דער מאַן איז, וואָס האָט באַ־טראָטן זײַן שטוב, וואָרעם עס איז געווען דער שטרענגער אָנזאָג פֿון אונדזער רבין אויף אונדז צו פֿאַרשווײַגן זײַן נאָמען און זײַן טועכץ אין פֿרעמדן אָרט, מחמת ער האָט זיך נישט געוואָלט געבן צו דערקענען. און ווען אַפֿילו דער בעל־הבית, וואָס האָט אונדז אַהיימגענומען, וואָלט דאָך געקאָנט דערקענען פֿון אונ־דזער אויפֿפֿירונג, אַז מיר געהערן צו די פּרושים, האָבן מיר דאָך פֿאַרגעסן אונ־דזערע חלוקי־דעות, און מיר האָבן זיך אַלע געפֿילט ווי די קינדער פֿון דעם איינאיינציקן, לעבעדיקן גאָט.

נאָך דעם ווי דער מאַן האָט אונדז דערלאַנגט וואַסער אין ערדענע כּלים, און ער מיט זײַנע קינדער האָבן אונדז געהאָלפֿן וואַשן די הענט און די פֿיס, האָבן

מיר אַלע זיך געזעצט אַרום זײַן טיש. און דאָס ווײַב האָט געאײַלט אין קיך אַרײַן און האָט דאָרטן אָנגעגרייט פֿאַר אונדז צו עסן, וואָרעם מיר זײַנען אַלע געווען מיד פֿון לאַנגן וועג, און אונדזער מויל האָט נאָך דעם טאָג נישט געהאַט פֿאַרזוכט קיין ברויט. און באַלד האָט דאָס ווײַב געבראַכט אויפֿן טיש אַרויף ברויט און אויך פּוטער און קעז, וואָס איז צוגעריכט געוואָרן לויטן ייִדישן דת, און גרינוואַרג און פֿון אַלעם גוטן, וואָס האָט זיך געפֿונען אין זײַן שטוב. נאָר קיין פֿלייש איז נישט געווען, מחמת זיי האָבן זיך געפֿונען אין דער פֿרעמד צווישן גויים, וועלכע עסן אָבער מן החי, האָט ער דעריבער פֿאַראומווירדיקט צו עסן פֿלייש פֿון אַ בהמה און דערנערט זיך בלויז יעדן טאָג מיט מילכיקס און גרינס. נאָר ווען ער און זײַן הויזגעזינד האָבן עולה־רגל געווען קיין ירושלים אויף פּסח, האָבן זיי דאָרטן געגעסן פֿלייש פֿון קרבן פּסח.

און דער מאַן פֿון הויז האָט אונדז פֿאַרציילט פֿון דעם אויפֿפֿירן זיך פֿון דער ייִדישער קהלה אין האָרץ פֿון די גויים, וואו גאָטס עדה האָט זיך אַ נעסט געמאַכט:

— „מיר לעבן אַלע בשלום, גאָט צו דאַנקען, און מיר שטאַרקן איינער דעם אַנדערן די הענט. צווישן אונדז געפֿינען זיך אַזעלכע, וואָס קאָנען זיך אויס אין דער שריפֿט, און מיר האָבן דאָ אונדזער הייליקן קליינעם בית הכנסת, און מיר קומען זיך צונויף יעדן שבת און מיר זײַנען עולה לתורה. און דער סגן און דער חזן לייענען פֿאַר אונדז יעדן שבת זײַן אָפּשניט, אחד במקרא ושנים בתרגום, און דער וואָס דרשנט — דרשנט. און די פֿון אונדז, וועלכע זײַנען עולה קיין ירושלים, געבן אָפּ זייער גרוס פֿון גאָטס הויז. און דער וואָס האָט געהערט פֿון זײַן רבין אַ מסורה אָדער אַ חידוש אין דער תורה, פֿאַרציילט עס נאָך. אָפּטמאָל מאַכט זיך אַ מצווה צו טון אין ענין פּדיון־שבויים, וואָרעם די סוחרים מיט מענטשלעכע נפֿשות ברענגען אָפּט צווישן זייערע סחורות ייִדן פֿון דער פֿרעמד, וועלכע זײַנען פֿון די גויים געפֿאַנגען געוואָרן אויפֿן ים אָדער אויף דער יבשה צו פֿאַרקויפֿן דאָ פֿאַר שקלאַפֿן. און עס איז, ווען עס קומט אָן אַ שיף מיט מענטשן־סחורה, האָבן מיר אונדזער גבאי, וואָס איז געזעצט דערויף, און ער גייט אַראָפּ אין האַפֿן און איז חוקר ודורש, צי עס געפֿינט זיך נישט חלילה ווער צווישן די קנעכט — פֿון די בני־ישׂראל, — און מיר האָבן אונדזער קופּה און מיר לייזן אים אויס. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, ווען עס זײַנען געווען די גרויסע אומרוען אין דער צײַט פֿון אַרכילעאוס, האָט מען דאָ פֿיל ייִדישע שקלאַפֿן פֿון גליל געבראַכט, וועלכע וואַרוס הרשע האָט פֿאַרקויפֿט צו די בני צור, וואָס גאָט האָט אים דערפֿאַר שפּעטער באַשטראָפֿט. דערנסטמאָל, אין די טעג פֿון „פּולמוס של וואַרוס״ — (די מלחמה מיט וואַרוס), האָט אונדזער קהלה דאָ זייער גרויסעס אויפֿגעטון. מיט דער הילף פֿון בית־המקדש־געלט, וואָס דער כּהן גדול האָט אונדז געגעבן, האָבן מיר די שקלאַפֿן אויסגעלייזט. פֿיל זײַנען אַוועק צוריק אַהיים, ווען די אומרוען האָבן זיך אײַנגעשטילט. אָבער פֿיל זײַנען איבערגעבליבן דאָ, און פֿון זיי באַשטייט אַ גרויסע צאָל פֿון אונדזער קהלה. אויך האָבן מיר אין אונדזער קהלה אַזעלכע, וואָס זיצן שוין דאָ זייער לאַנג. דאָס זײַנען משפּחות, וועלכע זיצן דאָ נאָך פֿון די צײַטן פֿון די חשמונאים. מיר פֿירן זיך דאָ צווישן די גויים, ווי מיר וואָלטן געזעסן אין ייִדישן לאַנד צווישן דער הייליקער קהלה פֿון ייִדן. אויף יום־טוב גייען מיר אויף קיין ירושלים, יעדעס מאָל אַן אַנדער גרופּע, און ברענגען מיט פֿון דאָרט שטאַר־

קייט און פֿעסטקייט אין אונדזער גלויבן. אויך שטאַרקן מיר איינער דעם אַנדערנס האַנט יעדן שבת. און ווען גאָט שיקט צו אַ געלערנטן און ער דרשנט פֿאַר אונדז פֿון דער תורה שבת, קומט זיך די גאַנצע קהלה צונויף און פֿרייט זיך מיט גאָטס וואָרט. און ווען עס וועט געפֿעלן אײַער רבין צו זיצן מיט אונדז דאָ ביז שבת און צו דרשנען פֿאַר אונדז אין בית הכנסת, וועל איך גיין און מעלדן צום סגן".

און דער מאַן האָט געוואָלט גיין און צונויפֿרופֿן אייניקע חשובֿים פֿון דער קהלה, אַז זיי זאָלן קומען אין זײַן שטוב און זאָלן אונדזער רבין מקבל פּנים זײַן. וואָרעם ער האָט געזאָגט, אַז עס שיקט זיך ניט, אַז ער אַליין פֿון דער גאַנצער קהלה זאָל האָבן דעם גאַנצן כּבֿוד. און עס וועט זײַן, ווען זיי וועלן צונויפֿגענומען ווערן, אַז דער רבי און זײַנע תּלמידים זײַנען אין שטאָט געקומען, אַז זיי זײַנען ניט גערופֿן געוואָרן צו דער סעודה, וועלן זיי טראָגן אַ ברוגז האַרץ אויף אים. אָבער דער אָנזאָג פֿון אונדזער רבין איז געווען שטרענג קעגן דער זאַך, וואָרעם ער האָט געוואָלט בלײַבן אומבאַקאַנט.

און ווי מיר זיצן ווי ברידער אַלע בײַם טיש און דאַנקען גאָט פֿאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטון מיט אונדז, וואָס ער האָט אונדז אונטער אַ ייִדישן באַלקן אַרונטערגעבראַכט, כּדי מיר זאָלן ניט זײַן אין דרויסן צווישן גויים, הערט זיך אַ רעש, ווי דאָס דערנענטערן זיך פֿון רווישנדיקע וועלן פֿון ים, אַ פֿײַפֿן פֿון פֿײַפֿלעך און אַ קלאַפּן מיט פּויקן און אַ גרויס גערודער פֿון מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען צו אײַלן מיט אויסרופֿן און געשרייען, אַזוי אַז זיי האָבן אָנגעפֿילט מיט זייערע קולות די גאַנצע לופֿט עד לבֿ השמים. און ווען מיר האָבן זיך פֿאַרוואונדערט דעריבער, האָט אונדז אונדזער בעל־הבית פֿון שטוב באַרואיקט און געזאָגט, אַז דאָס מאַכן זיי הכנות פֿאַר דעם גרויסן יום־טובֿ פֿון זייער אָפּגאָט מולך, פֿאַר וועלכן זיי וועלן מאָרגן אַ קינד, אַן עלטסט ייִנגל פֿון אַ יחוסדיקער משפּחה, פֿאַר אַ קרבן ברענגען. וואָרעם יעדעס מאָל, ווען עס געשעט בײַ זיי אַן אומגליק, בעטן זיי איבער זייער גאָט מיט אַ מענטשלעכן קרבן. שלעכטע בשׂורות זײַנען אָנגעקומען אין שטאָט אַרײַן: צען שיפֿן, וואָס זײַנען געגאַנגען אָנגעלאָדן מיט סחורות אויפֿן ים פֿון תּרשיש, זײַנען געפֿאַנגען געוואָרן פֿון אַ שטורעם און פֿאַר־זונקען געוואָרן אויפֿן דנאָ פֿון ים. און דאָס שרײַען און דאָס ליאַרעמען, וואָס מיר הערן פֿון דרויסן, איז אַ פֿאַרברייטן פֿאַר דעם יום־טובֿ פֿון דער אויסגע־לאַסענער געטין. שוין אַכט טעג ווי די „קדושים" ציִען אַדורך אַזוי די שטאָט און טוען אָפּ שרעקלעכע אומווירדיקע מעשׂים, וואָס זײַנען ניט פֿאַרן מויל צו ברענ־גען: זיי קאַסטרירן זיך עפֿנטלעך און זיי וואַרפֿן אַרײַן זייערע ערלות אין די הײַזער פֿון די מענטשן, און מען וואַרפֿט זיי אַרויס דערפֿאַר ווײַבערשע קליידער, כּדי זיי זאָלן קאָנען נעמען אָנטייל אין דעם זנות, וואָס ווערט געטריבן אין דעם טעמפּל פֿון עשתּרות.

און ווי מיר האָבן דאָס דערהערט, אַזוי איז די שרעק פֿון דער נאַכט געפֿאַלן אויף אונדז, און מיר האָבן אַלע געטראַכט צו פֿאַרלאָזן ווי צום געשווינדסטן די דאָזיקע טמאדיקע ערד. איך האָב געקוקט אויף מײַן רבינס פּנים, און איך האָב אים ניט דערקענט, זײַן געזיכט איז שוואַרץ געוואָרן ווי די ערד, און זײַנע אויגן טיף אײַנגעגראָבן און פֿאַרוואָלקנט; ווי דער גאַנצער צער פֿון דער וועלט

וואָלט זיך געווען געלייגט אויף אים, אַזוי זײַנען זײַנע פּלייצעס שווער געווען. אָבער זײַנע ליפּן זײַנען געווען פֿאַרחתמעט און ער האָט געשוויגן.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָב איך געהערט, ווי אונדזער רבי איז מתפּלל, און כאָטש עס איז שוין געווען די פֿינפֿטע נאַכט, וואָס קיין שלאָף איז נישט געקומען אויף זײַנע אויגן, וואָרעם ער האָט זיך אַרומגעוואָלגערט מיט אונדז איבער די בערג אונטערן פֿרײַען הימל, און דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט, וואָס מיר זײַנען געקומען אונטער אַ באַלקן, זינט מיר האָבן פֿאַרלאָזט כּפֿר־נחום, און ער איז זייער מיד געווען און אָפּגעשוואַכט, — דאָך האָט ער קיין רו נישט געגעבן צו זײַנע אויגן, און ער איז געשטאַנען צווישן זײַנע שלאָפֿנדיקע תּלמידים אויף דער טעראַסע פֿון דאַך־הויז, וואו אונדזער בעל־הבית האָט אונדז אַרויס־געפֿירט צו שלאָפֿן. און איך האָב געזען, ווי ער וואָלט די גאַנצע צײַט אויסגע־שטרעקט זײַנע הענט צום הימל, און עס הערן זיך פֿון אים קרעכצן, וועלכע צע־ברעכן זײַן גוף. נאָר קיין איין וואָרט הערט זיך נישט פֿון זײַנע ליפּן, ווי זײַן האַרץ וואָלט פֿאַרשלאָסן געוואָרן.

צומאָרגנס האָבן מיר אַלע געטראַכט באַלד צו פֿאַרלאָזן די טמאדיקע ערד און פֿלינק צוריקצוקערן צו די גרענעצן פֿון ישׂראל, פֿון וועלכע מיר זײַנען פֿאַר־בלאָנדזשעט געוואָרן ווי שאָף, וועלכע פֿאַרלירן דאָס געזאַנג פֿון שעפֿערס פֿײַפֿל. אָבער אונדזער רבי האָט געזאָגט, אַז ער וויל פֿאַרבלײַבן אין שטאָט, ביז ער וועט אַליין זען, אויך די מיאוסע מעשׂים תּעתּועים, וואָס די אײַנוואוינער פֿירן אויף פֿאַר זייערע אָפּגעטער, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסטרינקען די ביטערקייט פֿון כּוס ביז צום לעצטן טראָפּן. און ער האָט געבעטן דעם בעל־הבית פֿון שטוב, אַז ער זאָל אים פֿירן צום אָרט פֿון די אָפּגעטער. און מיר האָבן זיך זייער גע־וואונדערט דעריבער, — אָבער מיר האָבן אים נאָכגעפֿאָלגט.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען אין שטאָט אַרײַנגעקומען, איז זי שוין געגליכן געווען צו אַן אָנגעשכּורטער זונה. אַלע גאַסן זײַנען אָנגעפֿילט געווען מיט יום־טובֿדיק געקליידטע מענטשן, וועלכע האָבן געטראָגן העמדער און סדינס און טוניקעס און שאַלן אין קאָלירן פֿון ליליע, וויאָלעט, אַדורכגעצויגן מיט בלויע און רויטע שטרײַפֿן. און אַזוי געפֿאַרבט ווי זייערע קליידער, אַזוי זײַנען אויך געפֿאַרבט געווען זייערע פּנימער. נקבֿות און זכרים האָבן געהאַט אָפּגעמאָלט זייערע געזיכטער, זייערע באַקן רויט, זייערע אויגן בלוי, זייערע ברעמען וויאָלעט, און זייערע ליפּן — ווי זיי וואָלטן זיך ערשט אָנגעזויגט מיט דעם בלוט פֿון פֿאַרצוקטע חיות. און אַ טייל פֿון זייערע מענער זײַנען געווען אָנגעטון אין ווײַ־בערישע קליידער, און זיי האָבן נאָכגעמאַכט די ווײַבערשע מידות, האָבן געטראָגן נאָז־רינגען און אוירינגען און פֿאַרפֿיומען־קייטן אויף זייערע ברוסטן, וואָס זיי האָבן אַנטבלויזט ווי דער שטייגער פֿון די ווײַבער. און טייל פֿון זייערע ווײַבער זײַנען געווען אָנגעטאָן ווי די מענער, און האָבן באַקלעפּט זייערע פּנימער מיט פֿאַלשע געקלעפּטע בערד און זייערע קעפּ מיט טראַלן, מענלעכע האָר־שייטלען. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פֿאַרקערטע וועלט. דאָס זײַנען געווען זייערע קדושים און קדושות, די כּהנים און כּהנות פֿון זייער אָפּגעטין עשתּרות. זיי זײַנען געגאַנגען אין פּראָצעסיעס און האָבן אַרויסגעטראָגן די תּרפֿים פֿון זייערע אָפּגעטער, ווי אויך ביימער, וואָס זיי האָבן אָפּגעשניטן פֿון זייערע גערטענער, אָנגעפֿירט פֿון

מוזיקאַנטן אויף פֿלערליי מוזיק־אינסטרומענטן, מיט פֿײַפֿלעך און שפּיל האַרפֿס, און באַגלייט מיט נאַקעטע טענצער און טענצערינס. דערנאָך זײַנען אָנגעקומען אַנדערע פּראָצעסיעס, געפֿירט פֿון די כּהנים פֿון זייער גרויסן אָפּגאָט בעל, וועלכע זײַנען געווען אָנגעטון אין הויכע סיצענע היטן מיט קאָלירטע גאַרטלען איבער זייערע ווײַסע קליידער, און די פֿלייטן־שפּילער האָבן געשפּילט פֿאַר זיי, און די פּויקן־קלאַפּערס האָבן געקלאַפּט פֿאַר זיי, און זייער פֿיל פֿאָלק איז געגאַנגען נאָך די כּהנים.

און צווישן די כּהנים האָבן זיי געפֿירט אַ מוטער, וועלכע האָט געהאַלטן איר קינד בײַ דער האַנט, און דאָס קינד איז געווען אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר נײַן אָדער צען, אָן אַ מום, און אַ גלוסטונג אָנצוקוקן, און דאָס ייִנגל איז ווי די כּהנים געווען אָנגעטון אין ווײַסן מיט אַ רויט־קאָלירטן גאַרטל און אַ גאָלדענעם קראַנץ אויף זײַן קאָפּ. און דאָס ייִנגל האָט זייער געוויינט און נישט געוואָלט גיין, אַזוי ווי עס וואָלט געוואוסט, אַז עס איז באַשטימט פֿאַר אַ קרבן. נאָר די מוטער האָט עס אײַנגענומען מיט גוטע רייד און האָט איר קינדס געוויין אײַנגעשטילט מיט זיסיקייטן, און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט דער מוטער און דעם זון גרויס כּבֿוד אָפּגעגעבן, מער נאָך דער מוטער ווי דעם זון, ווײַל די מוטער מוז זײַן זייער שטאַרק און נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט, בײַערט מיט איר גוטן ווילן אָפּצוגעבן אַליין דעם אָפּגאָט איר קינד, כּדי דער קרבן זאָל באַוויליקט ווערן, אַנישט נעמט מולך נישט אָן דעם קרבן און לאָזט זיך נישט איבערבעטן פֿון זײַן כּעס, וואָס ער האָט אויסגעגאָסן אויף די מענטשן פֿון שטאָט. די מוטער איז זייער אָנגעזען אין דער שטאָט, ווײַל דער קרבן האָט געמוזט געבראַכט ווערן פֿון די יחוס־דיקע משפּחות.

און מיר זײַנען נאָכגעגאַנגען די פּראָצעסיעס, און מיר האָבן געזען ווי זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין הויף פֿון דעם גרויסן טעמפּל פֿון מולך. און דער גאַנצער הויף איז שוין פֿול געווען מיט די אָנגעזעענסטע לײַט פֿון דער שטאָט. און אויפֿן הויף האָבן זיי אײַנגעפֿלאַנצטביימער, וואָס זיי האָבן אויסגעשניטן פֿון זייערע גערטענער, און מיט די בלעטער און פֿרוכטן אויף זיי אײַנגעשטעלט זיי אין גרויסע ערד־טיגען, וואָס זיי האָבן דאָרט געהאַט שטיין. און צווישן די ביימער האָבן זיי אויסגעשטעלט זייערע געצן. און דער אָפּגאָט מולך איז געווען אין געשטאַלט פֿון אַ זיצנדיקן מענטש, זײַן קאָפּ איז ענלעך געווען צו אַ קאָפּ פֿון אַ ביק, וואָס דאָס איז געווען דער סימן פֿון שטאַרקייט, און אויף זײַן קאָפּ זײַנען געווען צוויי געדרייטע הערנער פֿון אַ ציגנבאָק. און בײַ זײַנע זײַטן זײַנען אויך געשטאַנען צוויי ציגנבעק. און זײַנע הענט האָט ער געהאַלטן אויסגעשטרעקט אַנטקעגן, כּדי מקבל צו זײַן דער קרבן. און ער איז געווען אין גאַנצן געגאָסן פֿון אײַזן, געמישט מיט קופּער, און ער איז געווען הויל פֿון אינעווייניק אַזוי ווי אַן אויוון. און לעבן אים האָבן זיי אַוועקגעשטעלט זייער אַנדערן אָפּגאָט מעלקאַרט, וואָס איז דער טײַטש: „מלך קריות”, דער קעניג פֿון דער שטאָט. און ער איז געווען אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש מיט אַ פֿעל פֿון אַ־לייב. זײַן פּנים איז אויך געווען געגליכן צו אַ לייב, מיט אַ געקרײַזלטער באָרד, און ער האָט געהאַט אויף זײַן קאָפּ אויך הערנער פֿון אַ ציגנבאָק, און מיט זײַנע ביידע הענט האָט ער געהאַלטן אַ ציגעלע, צעריסן אויף צווייען, וואָס דאָס איז אויך געווען דער סימן פֿון שטאַר־

קייט. און פֿון דער צווייטער זײַט פֿון זייער אָפּגאָט בעל איז געשטאַנען דאָס פּסל פֿון זייער געטין עשתרות אין געשטאַלט פֿון אַ נאַקעטער נקבה, וואָס דריקט צו אַ טויב צו אירע ברוסטן, און זי איז געווען דער צייכן פֿון פֿרוכטבאַרקייט. און נאָך זייער אָפּגאָט מולך איז זי געווען זייער באַליבטע געטין. און אַרום איר זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט די קדושים און קדושות, וואָס מיר האָבן געזען אין שטאָט. און נאָך אַנדערע געצן זײַנען געשטאַנען דאָרט, וועלכע די כּהנים האָבן אַרויסגעטראָגן פֿון זייערע טעמפּלען און געבראַכט צום גרויסן יום־טובֿ פֿון מולך אין זײַן טעמפּל־הויף. און בײַ יעדן אָפּגאָט זײַנען געשטאַנען זייערע כּהנים און כּהנות.

און עס איז געווען, ווען די מוטער מיט איר קינד, וואָס זי האָט געהאַלטן בײַ דער האַנט, איז אַרײַנגעטראָטן אין הויף אַרײַן, אַרומגערינגלט מיט אַ קראַנץ כּהנים, אַזוי האָט זיך אויפֿגעשטעלט זייער כּהן גדול, וואָס איז געווען דער עלטסטער פֿון זייער שטאָט, און ער איז צוגעגאַנגען צום אָפּגאָט מולך, און ער האָט אָפּגעריכט פֿאַר אים אַ געבעט, און מיט אַ פֿאַקל פֿײַער האָט ער אונטער־געצונדן דעם שייטער האָלץ, וואָס איז געווען אין דעם אויוון פֿון זײַן אויס־געהוילטן בויך. און די כּהנים פֿון אַלע אַנדערע אָפּגעטער האָבן אָנגעהויבן צו זינגען שירים ותּשבחות, און דער כּהן גדול מיט זײַנע משרתים האָבן געהאַלטן אין איין אַרײַנלייגן האָלץ אין דעם בויך פֿון אָפּגאָט אויף צו פֿיטערן דאָס פֿײַער אין אים און זײַן אײַזערנע געשטאַלט אָנצוגליען.

און די גאַנצע צײַט, וואָס דאָס פֿײַער האָט געפֿלאַקערט אין דעם בויך פֿון אָפּגאָט, איז געשטאַנען די מוטער מיט איר קינד בײַ דער האַנט אויף אַן אָפּ־געזונדערט אָרט, און זי האָט זיך צוגעקוקט צו דעם פֿײַער, וואָס ברענט עולה צו זײַן איר קינד. און מען האָט ניט אָנגעזען אין איר פּנים קיין ענדערונג, קיין קרעכץ האָט זיך ניט געהערט פֿון אירע ליפּן, און קיין טרער אין איר אויג איז נישט געזען געוואָרן, נײַערט זי האָט געהאַלטן אין איין טרייסטן איר קינד און אים אײַנגענעמען מיט גוטע רייד און מיט זיסיקייטן. וואָרעם דאָס ייִנגל האָט זייער געוויינט און ער האָט געוואָלט אַנטלויפֿן, נאָר די כּהנים, וועלכע זײַנען געשטאַנען אין אַ קראַנץ אַרום דער מוטער מיטן קינד, האָבן אים געהיט. און די מוטער האָט אים געהאַלטן פֿעסט בײַ דער האַנט, און מיר האָבן נישט געוואוסט, צי די מוטער טוט עס פֿאַר ליבע צו איר אָפּגאָט אָדער זי טוט עס אויס אכזריותדיקייט.

און עס איז געווען, ווען דאָס אײַזערנע לײַב פֿון דעם אָפּגאָט מולך איז אָנ־געגליט געוואָרן פֿון דער גרויסער היץ און איז געוואָרן רויט פֿון פֿײַער, איז דער כּהן גדול צוגעגאַנגען צו דער מוטער מיטן קינד, און ער האָט אָנגענומען דאָס ייִנגל מיט זײַנע צוויי שטאַרקע הענט און האָט עס אויפֿגעהויבן אין דער הויך און האָט געוויזן דעם קרבן דעם גאַנצן קהל. און אַ גרויסער רעש האָט אויס־געבראָכן און געשרייען פֿון פֿאָלק, אַזוי אַז דאָס ייִנגל איז דערשראָקן געוואָרן, און האָט אויפֿגעהערט צו וויינען און האָט מער נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך. און דאָס קינד האָט אויסגעשטרעקט זײַנע הענט צו דער מוטער, ווי עס וואָלט געוואָלט שוץ זוכן בײַ איר, אָבער די מוטער האָט עס נאָך באַרואיקט פֿון דער ווײַטנס מיט דעם בליק פֿון אירע אויגן און מיט דעם אָנווײַזן פֿון אירע פֿינגער אויפֿן כּהן גדול. און דער כּהן גדול האָט גענומען דאָס קינד און האָט עס

צוגעטראָגן צום ברענענדיקן אָפּגאָט און עס אַריינגעגעבן צווישן זײַנע פֿלאַקער־דיקע אָרעמס.

און עס האָט זיך דערהערט אַ גרויס געשריי פֿון קינד. די ווײַסע קליידער אויפֿן קינד האָבן זיך אין איין אויגנבליק אָנגעצונדן. דאָס געשריי פֿון שרעק און ווייטאָג, וואָס האָט זיך געהערט פֿון קינד, האָט געשפּאָלטן די הערצער פֿון די מענטשן, אָבער באַלד איז דאָס געשריי פֿאַרשטומט געוואָרן, און אַ מבול פֿון קולות, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פֿון יובלדיקן פֿאָלק, האָט פֿאַרשלונגען דאָס געוויין פֿון קינד.

און די מוטער איז געשטאַנען אויף איר אָפּגעזונדערטן פּלאַץ, און זי האָט געזען, ווי דער פֿלאַקערנדיקער אָפּגאָט ברענט זיך אַרײַן אין פֿלייש און געביין פֿון איר קינד, ווי דאָס פּעטס פֿון זײַן לײַב גיסט זיך אין פֿײַער אַרײַן און עס קנאַקט אויף פֿון דאַרט, — זיי האָבן דעם קרבן פֿיל צו עסן געגעבן, כּדי ער זאָל פֿעט ווערן און ער זאָל וואויל באַוויליקט זײַן פֿון זייער גאָט, — און זײַנע האָר צינדן זיך אונטער, און שוין לעגט ער אָן דעם ברענענדיקן קאָפּ אויף דער פֿלאַמענדיקער ברוסט פֿון אָפּגאָט. און די מוטער שטייט אַלץ אויף איר אָרט, און קיין קרעכץ הערט זיך נישט פֿון איר מויל, און קיין טרער זעט זיך נישט אין איר אויג, נאָר זי שמייכלט און לאַכט און מאַכט אַזוי, ווי זי וואָלט אַ נחת רוח געהאַט, כּדי דער קרבן זאָל באַוויליקט ווערן פֿון דעם אָפּגאָט. וואָרעם עס ווערט נאָר באַוויליקט, ווען די מוטער ברענגט עס מיט איר גוטן ווילן און ווײַזט נישט אַרויס קיין סימן פֿון רחמנות אויף איר אייגן בלוט און פֿלייש.

און עס האָט זיך אָנגערופֿן שמעון בר־יונה, וועלכער איז געשטאַנען מיט דעם רבין בײַם אַרײַנגאַנג פֿון טעמפּל־הויז, און ער האָט געזאָגט:

— פֿון די געצנדינער זאָלן די בני־ישׂראל זיך אַ מוסטער אָראָפּנעמען, ווי זיי האָבן צו דינען דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט.

און אונדזער רבי האָט זיך גאָרנישט אָנגערופֿן. נאָר איך האָב געזען אויף זײַן פּנים, אַז אַ גרויסער כּעס ברענט אין אים, וואָרעם זײַן פּנים איז געווען אָנגעצונדן מיט אַ ווײַס פֿײַער, און זײַנע אויגן זײַנען געווען גרויס און דערשראָקן, און מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז באַלד וועט ער מיט איין הויך פֿון זײַן מויל די שרעקלעכע אומווירדיקייטן צעשמעטערן; ווי אַבֿרהם אָבֿינו האָט געטון צו תּרחס געטער, אַזוי וועט ער נעמען אַ האַק און צעברעכן די אָפּגעטער, אָדער ער וועט זאָגן זײַן וואָרט, וועט אויפֿהייבן זײַן האַנט, און די ערד וועט זיך שפּאַלטן, און זיי וועלן אַלע ווי קרח און זײַן עדה פֿאַרשלונגען ווערן אין אַן אָפּגרונט, אָדער אַ בליץ פֿון הימל וועט אַראָפּשיסן און וועט זיי אַלע אין איין פֿײַער פֿאַרברענען, — וואָרעם די אומווירדיקייטן האָבן דערגרייכט צו די הימלען מיט זייערע מיאוסקייטן. אָבער ער האָט גאָרנישט געטון פֿון די אַלע זאַכן, נײַערט ער האָט געשוויגן.

און עס איז געווען, ווען דאָס קינד האָט געפֿלאַקערט אין די אָרעמס פֿון דעם אָפּגאָט, האָבן זיי זייערע אָפּגעטער אַרומגערינגלט מיט טאַנץ און געזאַנג און באַוואָרפֿן זיי מיט בלומען, איילבירטן און פּאַלמען־צווײַגן, און זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קדושים און קדושות, און זיי האָבן מזנה געווען מינים

מיט זייערע מינים אונטער די גלוסטיקע ביימער, וואָס זיי האָבן אויפֿגעשטעלט אין הויף פֿון זייער טעמפּל פֿאַר זייער געטין עשתרות.

אָבער אונדזער רבי האָט קיין וואָרט נישט גערעדט, זײַן מויל איז פֿאַרשטומט געווען, נאָר ער איז געווען פֿאַרזונקען אין זײַנע געדאַנקען, און דער קאָליר פֿון זײַן פּנים האָט עדות געזאָגט, וואָס עס טוט זיך אין זײַן האַרץ. און ער האָט אָפּשייד גענומען פֿון דעם מאָן, וועלכער האָט אונדז אין זײַן שטוב אַרײַנגעבראַכט, — הגם עס איז שוין שפּעט געווען און דער טאָג האָט גענייגט אונטערצוגיין, האָט ער דאָך נישט געוואָלט מער אַרונטערקומען אונטער אַ באַלקן פֿון דער שטאָט, און מיר האָבן ניט מער געגעסן קיין ברויט אויף דעם אָרט, נײַערט מיר האָבן פֿלינק פֿאַרלאָזט די שטאָט. מיר האָבן געגאַרט אָפּצוּוואַשן דעם שטויב פֿון אירע גאַסן — פֿון אונדזערע סאַנדאַלן.

און אַ כּנענית, וואָס איז געווען דאָרט מיט די אַנדערע ביים אָפּגאָט, (און די כּנענים זײַנען געווען שקלאַפֿן) האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון די געצנדינער, און ווען מיר האָבן זיך דערווײַטערט פֿון דעם אָרט, האָט זי זיך אויך דערווײַטערט, און איז אונדז נאָכגעגאַנגען.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען הינטער די מויערן פֿון דער שטאָט געקומען, אַזוי האָט זיך די פֿרוי נישט אומגעקערט, נאָר זי איז אונדז ווײַטער נאָכגעגאַנגען. און זי איז אונדז נאָכגעלאָפֿן אויף אונדזער וועג און האָט אָנגעהויבן צו שרײַען צו אונדזער רבין: „האָב רחמנות אויף מיר, מײַן האַר, מײַן טאָכטער ווערט געפּײַניקט פֿון אַ שד". אָבער דער רבי האָט איר גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט.

אָבער זי האָט געהאַלטן אונדז אין איין נאָכגיין און אויסגעשטרעקט די הענט נאָך אונדזער רבין און האָט אים געהאַלטן אין איין רופֿן: „מײַן האַר, זון פֿון דודו!"

און מיר האָבן זיך געוואונדערט דעריבער, וואָס זי רופֿט אונדזער רבין „זון פֿון דוד". איז זי ווי בלעמס אייזל, וואָס האָט דערזען דעם מלאך פֿון גאָט אויפֿן וועג איידער בלעם האָט אים דערזען? און די זאַך איז געווען אַ וואונדער אין אונדזערע אויגן.

און די תּלמידים האָבן זיך אָנגערופֿן צו אונדזער רבין: „שיק זי אַוועק, וואָרעם זי שרײַט אונדז נאָך!" — און אַנדערע האָבן געזאָגט: „העלף איר! הייליק דעם גאָט פֿון ישׂראל".

אָבער אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן: „איך בין נישט געשיקט נײַערט צו די פֿאַרלוירענע קינדער פֿון ישׂראל". און מיר האָבן באַרעכטיקט די זאַך אין אונדזער האַרץ. אָבער די פֿרוי איז צוגעקומען צו אונדזער רבין, האָט געבוקט זיך פֿאַר אים און געזאָגט: „האַר, העלף מיר!" און אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו איר: „עס איז נישט גוט צו נעמען דאָס ברויט פֿון די קינדער און צו וואַרפֿן עס פֿאַר די יונגע הינט". און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז ווײַטער געגאַנגען. און מיר האָבן באַרעכטיקט די זאַך אין אונדזער האַרץ. וואָרעם דאָס וואָס מיר האָבן הײַנט זיך אָנגעזען, האָט פֿאַרביטערט אונדזערע הערצער אויף די גויים און געמאַכט זיי אין אונדזערע אויגן אויסזען ווי הינט.

אָבער די כּנענית האָט אים נאָכגערופֿן: „יאָ, מײַן האַר, אָבער אויך די יונגע הינט מעגן עסן פֿון די קרישקעלעך, וואָס פֿאַלן אַרונטער פֿון זייער האַרס טיש".

און ווי זי האָט אַרויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, אַזוי האָט זיך אונדזער רבי פּלוצים אָפּגעשטעלט פון זיין גאַנג און איז שטיין געבליבן, און זיין פּנים איז אויפגעלויכטן געוואָרן, און זיינע אויגן האָבן געשטראַלט מיט אַ הייליק פייער, אַזוי ווי דער רוח־הקודש וואָלט זיך באַנייט און אים געשטאַרקט. ער איז פול געוואָרן מיט גבורה, און ער האָט אונדז געהייסן צוריקרופן די פרוי און זי ברענגען פאַר אים.

און ווען זי האָט זיך געבויגן פאַר אים, האָט ער זיינע הענט געלייגט אויף איר קאָפּ און געזאָגט: „פרוי, גרויס איז דיין גלויבן, עס זאָל געשען דיין ווילן".

פון דענסטמאָל אָן איז אַ גרויסע ענדערונג געשען מיט אונדזער רבין. עס האָט זיך אָפּגעטון פון אים די מרה־שחורה, וואָס האָט אים באַוואוינט; זיינע כּוחות האָבן זיך באַנייט, און ער איז געווען פול מיט פרייד. די זאַך איז געווען אַ פּלא אין אונדזערע אויגן, און דאָס רעטעניש איז אונדז ערשט שפּעטער דערקלערט געוואָרן.

# XV

גאָט פון ישׂראל, רייניק מיין האַרץ, עפן אויף מיינע אויגן, כּדי מיין האַרץ זאָל פילן און מיינע אויגן זאָלן דערזען, וואָס עס גייט פאָר אַרום מיר, וואָרעם איך בין אַ בלינדער, וואָס טאַפּט אין דער פינצטער. די זון שיינט אַרום מיר און איך זע זי נישט. און איך הער שטימען און איך פאַרשטיי זיי נישט. פאָטער אין הימל, האָב רחמנות, וואָרעם גרויסע און פורכטבאַרע טעג קומען אָן.

און ווען מיר זיינען אַוועק פון צידון, האָט אונדז דער רבי נישט צוריקגעפירט צו די שטעט פון ישׂראל, נאָר ער האָט אונדז געבראַכט אין די שטעט, וואָס ליגן אויף יענער זייט פון ים כּנרת, וועלכע פּאָמפּעאוס הרשע האָט צוגענומען פון אונדז און באַזעצט מיט פיל היידן, און זיי זיינען האַלב־ריין און האַלב־אומריין. צוליב דעם האָט אונדז דער רבי נישט צוריקגעבראַכט אין די שטעט אַריין, נייערט מיר האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אויף די פעלדער און אַרומגערינגלט די שטעט ווי גנבים. דאָרט, וואו מיר האָבן געגעכטיקט, האָבן מיר נישט געטאָגט. ביי־טאָג האָט אונדז אויפגעגעסן די זון און ביינאַכט — די קעלט. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אין דער הויך, און מיר האָבן אַראָפּגענידערט אין די טאָלן. ביי־טאָג האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן מיט די פּאַסטוכער אין פעלד, און ביינאַכט האָבן מיר אָנגעצונדן פייערן אין די בערג. מיר האָבן געברענט אין פייער וואָרצלען און קרייטעכצער, און מיר האָבן אונטערגעלענט אונדזערע הערצער מיטן האָניק, וואָס ווילדע בינען האָבן אָנגעלייגט אין באַהעלטענישן פון שטיינער. אַזוי האָבן מיר זיך געוואָלגערט פון אָרט צו אָרט אין די בערג אַרום. מיר האָבן געלייענט אויף זיך דעם פסוק פון תהלים: „דער פויגל געפינט זיך אַ היים, דער קוקוק (דרור) — זיין נעסט". אָבער מיר, די תּלמידים האָבן נישט וואו די קעפּ אָנצולענען. עקדישן און היישעריקן זיינען אונדזער ברויט געוואָרן. דאָך האָבן מיר אונדזער רבין נישט פאַרלאָזט. מיר האָבן אַליין געלאָזט הינטער זיך און מיר האָבן געטראָטן אין זיינע טריט, וועלכע זיינען באַלויכטן געווען דורך דעם ליכט פון אונדזער גלויבן. וואָרעם אַזוי ווי דער ווינט פאַרשפּרייט די פלעווס פון די דרעשערס

און לאָזט נאָר איבער די קערנער אַליין, אַזוי זײַנען מיר, זײַנע תּלמידים, בלויז איבערגעבליבן פֿון אַלע, וואָס האָבן נאָכגעפֿאָלגט אונדזער רבין.

און מיר זײַנען אָנגעקומען צו דער שטאָט צעזאַריע פֿיליפּי, וואָס איז געלעגן אויף יענער זײַט כּנרת און האָט געהערט צו מלך הורדוס פֿיליפּ. נאָר אין דער שטאָט זײַנען מיר נישט אַרײַנגעגאַנגען, נײַערט מיר האָבן גערוּט אויף דעם באַרג פּמיס, וואָס איז הינטער דער שטאָט. צופֿוסנס פֿון באַרג געפֿינט זיך אַ הייל, פֿון וועלכער עס שלאָגט אַרויס דער קוואַל פֿון ירדן. און דאָס אָרט איז אַ גלוס־טונג אָנצוקוקן, ווײַל פֿיל קוואַלן שלאָגן דאָרט אַרויס, און די ערד איז פֿעט און פֿרוכטבאַר, און עס ציִען זיך דאָרט לאַנגע גרינע לאָנקעס, אויף וועלכע די שעפֿער פֿיטערן זייערע שאָף און רינדער. און פֿיל גערטנער זײַנען דאָרטן פֿאַראַן, און די טרויבן פֿון דעם אָרט זײַנען זייער פֿעט און אַזוי אויך — די פֿייגן. נײַערט דאָס אָרט איז טמא, ווײַל אין דער הייל, פֿון וועלכער עס שלאָגט דער קוואַל פֿון ירדן, געפֿינט זיך אַ טעמפּל פֿון דער אָפּגעטין דיאַנאַ. און איר פּסל שטייט דאָרט, און אַ גאַנצן טאָג קומען אַרויס צום טעמפּל די אײַנוואוינער פֿון דער שטאָט און ברענגען דער אָפּגעטין קרבנות פֿון טויבן און קרבנות פֿון מעל און אייל און זיי באַצירן זי מיט בלומען. און אַ טייל ווײַבער שנײַדן אָפּ זייערע האָר און ברענגען זיי פֿאַר דער געטין. און די שעפֿער פֿון אָרט פֿאַרזאַמלען זיך אַרום דער הייל און פֿײַפֿן אויף זייערע פֿײַפֿלעך, און פֿיל אומווירדיקע מעשׂים ווערן דאָרט געטריבן אונטער די גלוסטיקעביימער, וואָס וואַקסן אַרום דער הייל.

און איך האָב געזען מײַן רבין, ווי ער איז געשטאַנען אויפֿן באַרג און האָט צו־געזען ווי די אײַנוואוינער פֿון אָרט קומען אַרויס און זײַנען מקריבֿ פֿאַר דער אָפּ־געטין. און איך האָב געזען, ווי דאָס פּנים פֿון מײַן רבין ענדערט זיך, און ער האָט גערעדט צו זיך ווי אַ מענטש, וואָס איז באַזעסן פֿון גײַסט.

אין דעם טאָג איז מײַן רבי אומרואיק געווען אַ גאַנצן טאָג, און ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פֿון אונדז. און מיר האָבן אָנגעזען אין אים, אַז ער איז זיך מכין פֿאַר עפּעס, וואָרעם ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ מענטש, וואָס ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין, ווי יעקבֿ אָבֿינו מיטן מלאך פֿון הימל. מיר האָבן געזען, אַז עפּעס גרויסעס גייט פֿאָר אין אים. אַ פּאָר מאָל איז ער צוגעקומען צו אונדז און האָט אונדז געוואָלט עפּעס זאָגן, און דאָך האָט ער נישט געזאָגט, נײַערט ער האָט גע־קוקט אויף אונדז און האָט אונדז געלאָזן אין אומוויסן און דערווײַטערט זיך פֿון אונדז. און אונדזערע הערצער האָבן געקלאַפּט אין אונדז פֿאַר שרעק און האָפֿענונג.

און אַז עס איז געקומען אין אָוונט, איז אַ שטילקייט געקומען איבערן אָרט, ווי דער כּבֿוד פֿון גאָט וואָלט אַראָפּגענידערט פֿון דער הייך און אויסגעשפּרייט זיך איבער דער ערד. די שטערן זײַנען געשטאַנען ברייט אין הימל, און קעגנ־איבער אונדז האָט דער באַרג חרמון זיך פֿאַרלוירן אין אַ וואָלקן פֿון מילך, און מיר האָבן נישט געזען זײַן פֿונדאַמענט, נאָר בלויז ווי זײַן ווײַסער באַשנייטער קאָפּ וואָלט זיך געווען אָפּגעריסן און שווימט אין דער לופֿטן אַרום און די שטערן פֿון הימל פֿאַלן איבער אים. און מיר האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „ווי פֿרוכטבאַר איז דאָס אָרט!"

און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו אונדז:

— „וואַרט אויף מיר אַ ווײַל, איך וועל נאָר אַריבערגיין אויף יענעם אָרט און מתפּלל זײַן".

און דער רבי איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אויף אַ קליינער דערהויבונג קעגנאיבער אונדז, און ער האָט מתפּלל געווען ביחידות. און באַלד האָבן מיר אים אַליין נישט געזען, נאָר זײַן ווײַס קלייד, און זײַנע ווײַסע הענט אויסגעשטרעקט צום הימל. און עס איז אויף אונדז אַ גרויסער פּחד אָנגעפאַלן, ווײַל מיר האָבן געזען אונדזער רבין אין דער ווײַסקייט פון דער נאַכט, ווי אַ מלאך פון גאָט שטייט אויפן באַרג, און זײַן פּנים לײַכט זיך מיט אַן אויסטערליש ליכט. און נאָך אַ ווײַל שטײַגט דער רבי אַראָפּ פון דעם באַרג, און אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אין דער ווײַסקייט פון דער נאַכט, ווי זײַנע פיס וואָלטן נישט באַרירט די ערד, נאָר ער שוועבט צו אונדז אַראָפּ אין זײַן ווײַס באַשטערנט קלייד. און ער איז געשטאַנען פאַר אונדז, און זײַן פּנים איז נישט געווען ווי נעכטן און אייערנעכטן, נײַערט ער האָט געלויכטן אין אַ הייליקער בלייכקייט. און פון זײַנע האָר און פּאות האָבן געטריפט טראָפּנס טוי פון דער נאַכט און זיי זײַנען געפאַלן אין זײַן באָרד אַרײַן. און ער האָט געציטערט אויף זײַן גאַנץ לײַב מיט אַ הייליק פיבער. און ער האָט געקוקט אויף אונדז אַ לאַנגע ווײַל אין שווײַגן. און אונדזערע הערצער זײַנען צעגאַנגען פאַר אַנגסט, וואָרעם מיר האָבן געפילט, אַז עפּעס גרויסעס און וויכטיקס גייט געשען מיט אונדז.

ער האָט זיך אָנגערופן צו אונדז און געפרעגט:

— וואָס זאָגן די לײַט, ווער איז דער בן־אדם?

מיר האָבן געשוויגן אַ לאַנגע ווײַל פאַר גרויס שרעק, און איינער פון אונדז האָט אים געענטפערט:

— אַ טייל פון די לײַט זאָגן, אַז ער איז יוחנן המטביל, און אַנדערע זאָגן, אַז ער איז אליהו הנביא. און אַנדערע ווידער זאָגן, ירמיהו אָדער ווער אַנדערער פון די נביאים.

איך אָבער, יהודה איש קריות, האָבן פאַרשטאַנען, אַז זײַן צײַט איז געקומען און ער וויל נתגלה ווערן. און איך האָב געוואָלט עפּענען מײַן מויל און אויסרופן מיט אַ הויך קול דאָס וואָרט, אויף וועלכן מיר אַלע האָבן אַזוי געוואַרט. אָבער מײַן צונג איז געוואָרן צוגעקלעפּט צו מײַן גומען, און פאַר לויטער שרעק פאַר גאָט, האָב איך דאָס וואָרט נישט געקענט פון מײַן מויל אַרויסברענגען...

און אונדזער רבי האָט זיך געווענדט צו אונדז און געפרעגט:

— אָבער איר, וואָס זאָגט איר, ווער בין איך"? — און ווידער איז אַ גרויסע שטילקייט געפאַלן צווישן אונדז. און איך האָב דערפילט, אַז אויף מיר רוט דער בליק פון מײַן רבין. און אויף מײַנע ליפּן איז געלעגן דאָס הייליקע מוראדיקע וואָרט, און מײַן צונג איז געווען פרײַ פון מײַן גומען, און דאָך האָב איך נישט געזאָגט דאָס וואָרט צוליב דער שרעק פאַר גאָט, וואָס איז געפאַלן אויף מיר. נאָר שמעון בר־יונה האָט זיך געוואָרפן צו די פיס פון דעם רבין און האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו אים, און האָט אַרויסגענומען דאָס וואָרט פון מײַן מויל און אויסגערופן מיט אַ הויך קול: „דו ביסט אונדזער האַר משיח, אויף וועלכן די נביאים האָבן נביאות געזאָגט".

און עס איז געווען, ווען מיר האָבן דערהערט דאָס מוראדיקע, שרעקלעכע וואָרט, אַרויסגערעדט פֿון שמעון בר־יונהס ליפּן, איז ווי אַ דונער פֿון הימל וואָלט אין אונדז געפֿאַלן. און מיר אַלע האָבן זיך געוואָרפֿן אויף דער ערד, מיט אונדזערע הענט פֿאַרשטעלט אונדזערע אויגן און מורא געהאַט צו קוקן אויף אים איבער דער אימה פֿון גאָט, וואָס איז געפֿאַלן אויף אונדז. אָבער דער רבי האָט אויפֿגעהויבן שמעון בר־יונהן פֿון דער ערד און האָט צו אים געזאָגט: „וואָרום איז דיר, שמעון בר־יונה, אַ בשׂר־ודם האָט דיר דאָס נישט אַנטפּלעקט, נײַערט דער פֿאָטער אין הימל".

ווי מיר האָבן דאָס דערהערט, האָבן מיר נאָך טיפֿער געבויגן אונדזערע פּני־מער צו דער ערד, ווײַל מיר האָבן מורא געהאַט צו קוקן אין זײַן פּנים אַרײַן, וואָרעם פֿאַר אונדז איז געשטאַנען די האָפֿענונג פֿון ישׂראל. נײַערט מיר האָבן בלויז אויסגעשטרעקט די הענט צו אים און מיר האָבן אַלע גערופֿן נאָך שמעונען: „דו ביסט אונדזער האַר, דער מלך המשיח, אויף וועלכן אונדזערע נביאים האָבן נביאות געזאָגט!"

און דער האַר האָט זיך אָנגערופֿן צו אונדז: „פֿאַרציילט עס דערווײַל קיינעם נישט, נײַערט באַהאַלט די זאַך פֿאַר זיך".

און די שטילקייט פֿון דער נאַכט האָט זיך געשטאַרקט איבער אונדז, און עס זײַנען געפֿאַלן אויף אונדז די ליכטער פֿון הימל. און מיר זײַנען געוואָרן ווי חולמים, — און עס האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע פּמליא של מעלה איז איבער אונדז פֿאַרזאַמלט אויף דעם הימל און זיי קוקן אַראָפּ פֿון די שטערן צו אונדז. און מיר האָבן געגלויבט, אַז די אָבֿות, צוזאַמען מיט די נביאים, וועלן זיך באַלד באַווײַזן צו אונדז. וואָרעם מיר האָבן געהערט, ווי טריט וואָלטן זיך גע־נענטערט צו אונדז, און עס האָט זיך געדאַכט צו פֿאַרנעמען אַ ציטערן פֿון פֿליגלען, ווי דאָס גאַנצע אָרט, אויף וועלכן מיר זײַנען געשטאַנען, וואָלט פֿול געווען מיט נשמות, אַזוי ווי בײַם באַרג סיני, ווען די ייִדן האָבן מקבל געווען די תּורה פֿון משהס הענט. אַזוי שטאַרק האָבן מיר געגלויבט, אַז דער מלך המשיח איז דאָ מיט אונדז. און אונדז האָט געוואונדערט, וואָס מיר זײַנען דאָ אַליין, פֿאַרוואָס גאַנץ ישׂראל איז נישט פֿאַרזאַמלט מיט אונדז אַרום דעם באַרג, ווי בײַם באַרג סיני. און אונדזערע הערצער זײַנען איבערגעגאָסן געוואָרן מיט פֿרייד, און מיר האָבן געוואָלט זינגען, און מיר האָבן געוואָלט אויסשרײַען דאָס געשריי פֿון דער ישועה, נאָר מיר האָבן נישט געקאָנט קיין וואָרט פֿון אונדזערע מײַלער אַרויס־ברענגען פֿאַר לויטער פֿרייד און שרעק.

און עס האָט זיך דערהערט אַ געוויין, וואָס איז פֿול געווען מיט פֿרייד, און די שטימע האָט זיך געבעטן בײַ אונדז: „ברענגט מיך פֿאַר דעם הייליקן פֿון ישׂראל. איך וועל פֿאַלן מיט מײַן פּנים פֿאַר אים און איך וועל מיך בוקן פֿאַר אים".

און די שטימע איז געקומען פֿון בר־תּלמי, וועלכער איז געווען בלינד און איז געזעסן אָפּגערוקט אין אַ זײַט. און עס האָט זיך אויפֿגעהויבן איינער פֿון אונדז און האָט אים צוגעפֿירט בײַ דער האַנט און האָט אים געבראַכט פֿאַרן רבין און האָט צו אים געזאָגט: „דאָ שטייט דער הייליקער פֿון ישׂראל!"

און ווי בר־תּלמי איז צוגעקומען פֿאַרן רבין, האָט ער זיך געוואָרפֿן פֿאַר אים מיטן פּנים צו דער ערד, און ער האָט אַרויסגעלאָזט פֿון זיך אַ גרויס געשריי:

„איך זע! איך זע!" און אַז מיר האָבן אים געפֿרעגט: „וואָס זעסטו בר־תּלמי?" האָט ער אָפּגעענטפֿערט:

— אַ מלאך פֿון הימל שטייט פֿאַר מיר אָנגעקליידט מיט אַ קלייד פֿון פֿײַער.

און בר־תּלמי איז געלעגן בײַ די פֿיס פֿון רבין און ער האָט געקוקט מיט זײַנע פֿאַרמאַכטע אויגן פֿאַר זיך. און פֿון זײַנע ליפּן האָט גערעדט אַ נבֿיאות: „איך זע דעם הייליקן פֿון ישׂראל. ער שפּרײַזט איבער בערג, שופֿרות בלאָזן פֿאַר אים, די פֿרייד פֿון גאָט איז הינטער אים. טו אָן, ירושלים, דײַן שיין קלייד, שטײַג אויף אויף די הייכן, זע דײַנע קינדער, — פֿון מזרח און פֿון מערבֿ, פֿון צפֿון און פֿון דרום קומען זיי פֿריילעך צו גיין. פֿון ווײַטע אינדזלען זאַמלט זיי גאָט אײַן, הויכע בערג ווערן געשליפֿן פֿאַר זייערע פֿיס, טאָלן גלײַכן זיך אויס, וועלדער באַשאָטענען זייער וועג, שמעקעדיקע קרײַטעכצער וואַקסן אונטער זייערע טריט. אָ, טו אָן, ירושלים, דײַן שיין קלייד, עפֿן אויף די טויערן ברייט — דער הייליקער פֿון ישׂראל שפּרײַזט אַרײַן דורך זיי!

און די ווערטער פֿון בר־תּלמי האָבן אויפֿגעעפֿנט אונדזערע געפּענטעטע צונגען. די פֿרייד, וואָס האָט געהאַט אָנגעפֿילט אונדזערע הערצער, האָט זיך געגאָסן פֿון אונדז אין חלומותדיקע און נבֿיאותדיקע רייד. וואָרעם ווי חולמים זײַנען מיר געוואָרן אין דער נאַכט, און מיר האָבן געזונגען צו אים די געזאַנגען פֿון מבשׂר. און מיר האָבן אין די הענט געפּאַטשט, און שמעון קנאַי איז געקומען און געוואָרפֿן זיך פֿאַר אים און געלייגט אויף אים דעם פּסוק:

„דער בשׂורה־טרעגער איז שוין אויף די בערג, דער הערער פֿון שלום! פֿײַער, יהודה, דײַנע ימים־טובֿים. דײַן נדר איז דערפֿילט געוואָרן. עס וועט שוין מער נישט פֿאַרשקלאַפֿן דיך יעדער נידערטרעכטיקער יונג".

און מיר האָבן געטאַנצט אַרום אים און מיר האָבן געפּאַטשט אין די הענט! מיר האָבן צו אים גערופֿן מיט די געזאַנגען פֿון דוד זײַן פֿאָטער. און שמעון בר־יונה איז געקומען פֿאַר אים און האָט געלייגט אויף אים זײַן פּסוק:

„ער איז מײַן קנעכט, אויף וועלכן איך טו זיך פֿאַרלאָזן. מײַן נשמה האָט אים גערן, מײַן גײַסט האָב איך געלאָזט רוען אויף אים, אַז ער זאָל זײַן משפּט איבער די גויים אַרויסגעבן".

און איך, דער קלענסטער פֿון זײַנע תּלמידים, בין געקומען פֿאַר אים, האָב געוואָרפֿן זיך פֿאַר אים מיטן פּנים צו דר׳ערד און געלייגט אויף אים דעם פּסוק:

„איך וועל שיקן מײַן מלאך און וועל פֿרײַ מאַכן דעם וועג פֿאַר אים. פּלוצ־לינג וועט ער קומען אין זײַן היכל, דער האַר, וואָס איר זוכט און דער מלאך פֿון בונד, וואָס איר ווילט. ער קומט, זאָגט גאָט פֿון הימל!"

אַזוי איז יעדער אייגער פֿון אונדז געקומען פֿאַרן רבין און האָט געלייגט אויף אים זײַן פּסוק.

און דער רבי איז געשטאַנען צווישן אונדז, און מיר האָבן געמיינט, אַז אָט באַלד וועט ער אויפֿהייבן זײַן האַנט, און דער הימל וועט זיך שפּאַלטן, און מחנות חיילות און מלאכים וועלן אַראָפּנידערן פֿון דער הייך מיט פֿײַערדיקע רײַטוועגן געשפּאַנט צו געפֿליגלטע כּרובֿים, און זיי וועלן מיט דונער און בליץ אַדורכצינדן די וועלט און ווי געפּענטעטע שעפּסן וועלן זיי לייגן די מלכים פֿון

דער ערד צו זײַנע פֿיס, כּדי ער זאָל זיי משפּטן, אַזוי ווי די נבֿיאים האָבן נבֿיאות געזאָגט אויף אים.

און ווי מיר טאַנצן נאָך אַרום דעם האַר און מיר פֿרייען זיך מיט דער ישועה, וואָס איז געקומען איבער אונדז „ווי טוי פֿון גאָט, ווי טראָפּנס אויף דעם גראָז, וואָס קיין מענטש האָט נישט געהאָפֿט, וואָס די מענטשן־קינדער האָבן נישט דערוואַרט".

— זעען מיר, ווי דעם רבינס פּנים איז טרויעריק געוואָרן. ער קוקט אויף אונדז און ער פֿרייט זיך מיט אונדז ווי מען פֿרייט זיך מיט אומוויסנדע קינדער, אָבער זײַנע אויגן באַהאַלטן זיך אונטער דעם שאָטן פֿון זײַנע ברעמען, זײַנע ליפּן ווערן אויסגעקרומט, און ער הייבט אויף די האַנט צו אונדז און מיר ווערן שטיל, וואָרעם מיר ווייסן, אַז דער רבי וויל אונדז עפּעס זאָגן, און ער רופֿט זיך אָן צו אונדז:

„זײַט וויסן, פֿיל יסורים שטייען נאָך פֿאַר דעם בן־אדם. די כּהנים־גדולים און זייערע שרײַבער וועלן אים פֿאַרשעמען און וועלן אים שטעלן צום משפּט".

ווי מיר האָבן דערהערט די ווערטער, איז די פֿרייד שטעקן געבליבן אין אונדזער קעל, און אונדזערע יובל־אויסרופֿן זײַנען פֿאַרשטומט געוואָרן, און מיר האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן מיט שרעק און אַנגסט, וואָרעם מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען זײַנע רייד, נאָר זיי האָבן געברענט אין אונדזערע לײַבער ווי לעבעדיק פֿייער. און שמעון בר־יונה האָט געציטערט איבערן גאַנצן לייב, און ער האָט זיך געוואָרפֿן צום רבינס פֿיס און אָנגענומען זײַן קלייד אין גרויס אַנגסט און אַרומגעהאַלטן אים בײַ די פֿיס און געזאָגט:

— ניין, רבי, חס וחלילה, דאָס וועט קיין מאָל נישט זײַן!

אָבער דער רבי האָט אָנגעהויבן אויף אים צו שרײַען און האָט געזאָגט:

— גיי אַוועק פֿון מיר, שטן, דײַן האַרץ קלערט נישט וועגן גאָטס זאַכן, נאָר וועגן מענטשלעכע. — און צו אונדז האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— דער וואָס וויל מיר נאָכגיין, מוז זײַן אייגן נפֿש פֿאַרלייקענען. ווער עס וויל ראַטעווען זײַן נשמה, דער וועט זי פֿאַרלירן. דער וואָס וועט פֿאַרלירן זײַן נפֿש פֿאַר מיר און פֿאַר דער בשׂורה וואָס איך זאָג אָן, דער וועט זי מציל זײַן.

און ווי מיר שטייען נאָך ווי אַראָפּגעוואָרפֿענע פֿון די העכסטע הייכן אין נידעריקסטן כּף־הקלע, און ווי מיר שטייען נאָך ווי עס וואָלט פּלוצים ווער געקומען און וואָלט אַראָפּגעריסן פֿון אונדז די בגדי־מלכות, מיט וועלכע מיר זײַנען נאָר וואָס געקרוינט געוואָרן, און אונדז איבערגעלאָזט נאַקעטע און בלויזע, — רופֿט זיך אָן דער רבי צו אונדז, און זײַן פּנים לײַכט ווידער מיט דעם הייליקן ליכט פֿון פֿרייד, און פֿון זײַנע ליפּן קומען אַרויס די טרייסט־ווערטער:

„אמן זאָג איך אײַך. עס שטייען דאָ אַזעלכע, וואָס וועלן נישט פֿריִער פֿאַרזוכן דעם טעם המות, ביז זיי וועלן נישט זען דאָס מלכות־אלהים קומט אָן מיט גבֿורה".

און ווי ער האָט אונדז געלאָזט מיט די רייד, איז ער צוריק געגאַנגען אויף דעם באַרג מתפּלל צו זײַן.

און עס איז געווען, און די תּלמידים זײַנען איבערגעבליבן אַליין, האָבן מיר אַלע געשוויגן אַ לאַנגע צײַט. יעדער איינער פֿון אונדז האָט נאָכגעקלערט נאָך דעם רבינס רייד און ער האָט געוואָלט דערגיין דעם פּותר דערפֿון. די פֿון אונדז, וועלכע זײַנען געווען שטאַרק אין דער שריפֿט, האָבן נאָכגעפֿאָרשט נאָך די רייד

פֿון די נביאים, כּדי צו געפֿינען אַ רמז, אַ פּתרון צום רבינס רייד. און די פֿון אונדז, וועלכע זײַנען נישט געווען שטאַרק אין דער שריפֿט, האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אַנדערע. און שמעון דער אײַפֿעריגער האָט זיך אָנגערופֿן מיט גרויס ביטערקייט:

— מיר האָבן געטראָגן שאַנד און שפּאָט, כּדי ער זאָל גלאַנצן אין זײַן פּראַכט. מיר זײַנען געווען אײַנגעשפּאַנט אין דעם יאָך פֿון אדום, כּדי ער זאָל האָבן זײַן פֿרייד. זאָל אויך ער קומען אונטער דעם שאָטן פֿון דער רוט? וואָס מיינט ער מיט די ווערטער?! זאָלן מיר האָבן געמאָלן שטויב אין אונדזערע מילן? דער, וואָס זאָל משפּטן די וועלט, זאָל אַליין צום משפּט געשטעלט ווערן? פֿאָרשט נאָך, געפֿינט אַ באַווײַז פֿאַר אונדז, אַ וואונק, אַ צייכן, וואָס ער מיינט מיט די רייד.

און די תּלמידים האָבן אַלע געפֿאָרשט און געוואָלט וויסן: וואָס האָט דער רבי געמיינט מיט זײַנע רייד? ווארעם פֿיל פֿון אונדז האָבן ביז דאַן נישט געהערט דערפֿון, אַז דער מלך משיח זאָל באַדאַרפֿן אַדורכגיין יסורים. און עס איז געווען די זאַך פֿאַר זיי אַ נײַס.

און די תּלמידים זײַנען אַלע אין גרויס ציטערניש געווען און האָבן געקוקט אויף מיר מיט גרויס אַנגסט און באַגער, ווארעם מער פֿון אַלע בין איך געווען מעכטיק אין דער שריפֿט, און אויך בר־תּלמי, דער בלינדער. אָבער שטאַרקער פֿון אונדז אַלע איז געווען אַנדרעי, דער ברודער פֿון שמעון, וועלכער איז געווען פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן, און אויך פֿיליפּוס. און מיר האָבן זיך אַלע פֿיר אָנידערגעזעצט צוזאַמען, און מיר האָבן אויפֿגעוועקט אונדזער זכּרון, און מיר האָבן זיך דערמאָנט אין די פּסוקים, וואָס מיר האָבן געלערנט אין אונדזער קינדהייט, און מיר האָבן געפֿונען אַ רמז אין ישעיהו. דאָרט שטייט געשריבן אַזוי: „גאָט האָט מיר אויפֿגעעפֿנט מײַן אויער, און איך האָב נישט ווידערגעשפּעניקט, און איך בין נישט צוריקגעטרעטן. מײַן לײַב האָב איך אָפּגעגעבן פֿאַר שמיץ, מײַנע באַקן פֿאַר שלאָגן, מײַן פּנים האָב איך נישט באַשיצט פֿון יעדער באַליידיקונג און פֿון שפּײַעכץ". און דעם סוף פּסוק האָבן מיר נישט געדענקט, און מיר האָבן דאָס געזאָגט די תּלמידים. אָבער די תּלמידים האָבן אונדז געפֿרעגט: „אָבער וואָס איז דער טעם דערפֿון?", האָב איך זיי אָפּגעענטפֿערט: „דאָס איז צוליב די חבלי־משיח". און זיי האָבן געפֿאָרשט און געוואָלט וויסן: „וואָס איז דער טעם פֿון חבלי־משיח? ווער קאָן עס אונדז אויסטײַטשן? האָט קיינער פֿון אונדז נישט געהערט פֿון זײַנע רביים, בײַ וועמעס פֿיס ער איז געזעסן, וועגן דעם, וואָס קאָן אונדז אויפֿקלערן די זאַך?" און איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ מעשה, און איך האָב זי פֿאַרציילט צו די תּלמידים:

אַנומלט האָב איך זיך אויפֿגעהאַלטן אין הויף פֿון בית־המקדש, איז דאָרט געזעסן אַן אַלטער מאַן אויף די טרעפּ פֿון אַ געוועלב אין שאָטן פֿון אַ דעכל, און ער האָט געדרשנט פֿאַר זײַנע תּלמידים וועגן די חבלי־משיח. האָב איך זיך אויך אָוועקגעזעצט און איך האָב זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד. ווארעם זיי זײַנען באַגלייבט געווען דורך דער קראַפֿט פֿון דער קבלה, וואָס ער האָט נאָכגעזאָגט אין נאָמען פֿון זײַנע רביים, וועלכע זײַנען געקומען פֿון בבֿל קיין ירושלים. און זײַנע רביים האָבן עס געהאַט בקבלה פֿון זייערע רביים. און דאָס שטאַמט נאָך פֿון די צײַטן פֿון גלות בבֿל.

ווי איך האָב וועגן דער אגדה פֿאַרציילט די תּלמידים, זײַנען זיי אַלע נײַגעריק געוועזן צו הערן די רייד און זיי האָבן געזאָגט: „לאָז אונדז הערן פֿון דעם דרוש פֿון דעם רבין פֿון בבֿל איבער די חבֿלי־משיח, וואָרעם מיר באַדאַרפֿן עס וויסן״.

און איך האָב פֿאַר די תּלמידים נאָכפֿאַרציילט די אגדה, ווי איך האָב זי געהערט פֿון דעם אַלטן מאַן אין בית־המקדש־הויף, אין נאָמען פֿון זײַנע רביים. און די אגדה איז געווען אַזוי:

„הקדוש ברוך הוא האָט אויסגענומען אַ תּנאַי מיט דעם מלך המשיח און האָט צו אים געזאָגט אַזוי: „די, פֿאַר וועמעס זינד דו שטעלסט זיך אײַן, וועלן דיך אַרונטערברענגען אונטער אַן אײַזערנעם עול. זיי וועלן דיך מאַכן ווי דאָס קאַלב, וואָס מען פֿאַרפֿינצטערט זײַנע אויגן. פֿאַר זייערע זינד איז אָנגעגרייט, אַז דײַן צונג זאָל צוגעטריקנט ווערן צו דײַן גומען. ווילסטו דאָס?״ האָט משיח געזאָגט: „האַר פֿון דער וועלט, מיט דעם ליכט פֿון מײַן נשמה און מיט דער פֿרייד פֿון מײַן האַרץ נעם איך דאָס אויף מיר. נאָר בתּנאַי, אַז עס זאָל נישט פֿאַרלוירן גיין קיין איין נשמה פֿון ישׂראל. נישט בלויז די לעבעדיקע זאָלן געהאָלפֿן ווערן אין מײַנע טעג, נאָר אויך די אַלע, וואָס זײַנען געשטאָרבן פֿון אדם הראשונס צײַטן אָן ביז הײַנט. מיט דעם באַווייליק איך מיך און מיט דעם נעם איך אויף מיר די יסורים״.

און איך האָב איבערגעגעבן פֿאַר די תּלמידים די אגדה פֿון רבין פֿון בבֿל וועגן די חבֿלי־משיח ווײַטער אַזוי:

„אין דער וואָך, אין וועלכער דער בן־דוד וועט קומען, וועלן זיי ברענגען אײַזערנע באַלקנס און זיי וועלן זיי אַרויפֿלייגן אויף זײַן האַלדז, ביז זײַן גוף וועט זיך ברעכן, און ער וועט שרײַען און וויינען. און ווען זײַן קול וועט אויפֿגיין אין הימל און ער וועט זאָגן: „רבונו של עולם, וויפֿל האַלטן אויס מײַנע כּוחות? וויפֿל מײַן גײַסט, מײַן נשמה און מײַנע אבֿרים? בין איך דען נישט אַ בשׂר ודם?״, — אין דער שעה וועט אים הקדוש ברוך הוא ענטפֿערן: „אפֿרים, מײַן גערעכטער משיח, אַזוי האָב איך אויף דיר גוזר געווען פֿון ששת ימי בראשית, איצט זאָל דײַן צער זײַן געגליכן צו מײַן צער. פֿון דעם טאָג אָן, ווען נבֿוכדנאצר הרשע האָט חרובֿ געמאַכט מײַן הויז, פֿאַרברענט מײַן היכל און פֿאַרטריבן מײַנע קינדער צווישן די פֿעלקער פֿון דער וועלט, האָב איך זיך נישט אַוועקגעזעצט אויף מײַן שטול. ווילסטו מיר נישט גלייבן, טאָ זע דעם טוי אויף מײַן קאָפּ״! אין יענער שעה וועט משיח זאָגן פֿאַר גאָט: „רבונו של עולם, איצט האָב איך זיך באַרואיקט. עס איז גענוג, אַז דער קנעכט זאָל גלײַך זײַן צו זײַן האַר!״

„אונדזערע רביים האָבן געלערנט: אונדזערע אבֿות וועלן קומען פֿאַר משיחן און וועלן צו אים זאָגן: „אפֿרים, אונדזער גרויסער משיח, כאָטש מיר זײַנען דײַנע עלטערן, אָבער דו ביסט גרעסער פֿון אונדז, האָסט געליטן פֿאַר די זינד פֿון אונדזערע קינדער, און עס זײַנען איבערגעגאַנגען איבער דיר שרעקלעכע יסורים, וואָס עס האָבן נישט איבערגעלעבט נישט די ערשטע און נישט די לעצטע. ביסט געוואָרן צום געלעכטער פֿון די פֿעלקער פֿון דער וועלט פֿאַר ישׂראל, ביסט געזעסן אין דער גרעדיכטער פֿינצטערניש, דײַנע אויגן האָבן נישט געזען קיין ליכט, דײַן הויט איז אײַנגעטריקנט געוואָרן אויף דײַנע ביינער, דײַן קערפּער איז אויסגעטריקנט געוואָרן ווי אַ האָלץ און דײַנע ציין זײַנען אַרויס־

געפֿאַלן פֿון פֿאַסטן. דאָס אַלץ האָסטו איבערגעטראָגן אויף דיר איבער אונדזערע קינדערס זינד.

„אין דער שעה וועט הקדוש ברוך הוא אויפֿהייבן דעם משיח צו די העכסטע הימלען און וועט אויסשפּרייטן אויף אים זײַן כּבוד. און אַלע פֿעלקער וועלן קומען און וועלן לעקן דעם שטויב פֿון אונטער די פֿיס פֿון משיח.

„עס שטייט געשריבן: „כּחתן יכהן פּאר", — לערנט מען דערפֿון, אַז דער קדוש ברוך הוא וועט אָנקליידן דעם גערעכטן משיח אין אַ קלייד, וואָס זײַן ליכטיקייט וועט גיין פֿון איין עק וועלט צו דער אַנדערער, און ישׂראל וועט זיך פֿרייען מיט זײַן ליכט און וועט זאָגן:

„וואויל איז דער שעה, וואָס אין איר איז ער געבוירן געוואָרן.
„וואויל איז דעם בויך, וואָס פֿון אים איז ער אַרויסגעקומען.
„וואויל איז דעם דור, וואָס האָט אים געזען.
„וואויל איז דעם אויג, וואָס האָט נאָך אים אויסגעקוקט.
„דער הויך פֿון זײַן מויל ברענגט ברכה און פֿרידן."

און עס איז געווען, ווי איך האָב פֿאַרענדיקט צו פֿאַרציילן דעם דרוש, האָט זיך אָנגערופֿן אַנדרעי, דער ברודער פֿון שמעון, און געזאָגט: „איצט דערמאָן איך זיך דעם סוף פֿון פּסוק. דאָרט שטייט געשריבן: „מײַן האַר גאָט וועט מיר העלפֿן — דאָס מיינט מען, אַז משיח וועט אַרויסקומען פֿון די יסורים געשטאַרקט".

און ווי די תּלמידים האָבן דערהערט די רייד, האָבן זיי געזאָגט: „איצט פֿאַרשטייען מיר דעם טעם פֿון די חבֿלי־משיח". און זיי זײַנען אויפֿגעריכט געוואָרן און די שׂמחה איז צוריק געקומען צו זיי. נאָר שמעון בר־יונה איז געזעסן איינער אַליין, אײַנגעהילט אין דעם קלייד פֿון טרויער, און ווי ער וואָלט געווען געזויגן פֿון די בריסטן פֿון צער, האָט ער שטיל געשוויגן אַ לאַנגע צײַט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— און דאָך וועל איך אים נישט לאָזן אויפֿגיין קיין ירושלים! מוז דען די ישועה קומען פֿון ירושלים?

און איך האָב אים געענטפֿערט:

— שמעון בר־יונה, זינדיק נישט מיט דײַנע רייד. דו קענסט נישט אַראָפּנעמען פֿון דײַנע פּלייצעס דעם עול, וואָס איז געלייגט געוואָרן אויף אים. און זײַ וויסן, אַז דער וועג פֿון דער גאולה פֿירט דורך ירושלים. אָן ירושלים איז קיין משיח נישטאָ.

אין אַ ווײַל אַרום האָבן זיך די תּלמידים פֿאַרשפּרייט. יעדער האָט געזוכט אַ שטיין, הינטער וועלכן זײַן קאָפּ צו באַשיצן, און יעדער איינער פֿון אונדז האָט פֿאַרהוילן דעם קאָפּ מיט זײַן מאַנטל. און זיי זײַנען געלעגן דאָרט, וואו זיי זײַנען געלעגן. נאָר צוויי זײַנען אויפֿגעווען די נאַכט. און דער דריטער האָט זיי באַוואַכט. דער רבי איז געשטאַנען אויף דער הויך פֿון בערגל און האָט מתפּלל געווען אַליין. און שמעון בר־יונה איז געזעסן בײַם פֿוס פֿון באַרג, פֿאַרהוילן אין שאָטן פֿון דער נאַכט. און עס איז געווען, ווען די תּלמידים זײַנען געווען אײַנגעשלאָפֿן, האָב איך פֿון אונטערן שטיין, וועלכער איז געלעגן צו מײַן צוקאָפּנס, געזען, ווי שמעון גנבֿעט זיך ווי אַ גנבֿ אַרויף אויפֿן באַרג צום רבין. און איך

האָב געזען אין דעם ליכט פֿון די שטערן, ווי ער האָט אויסגעשפּרייט זײַנע הענט צום רבין און ער האָט עפּעס וואָס געבעטן בײַ אים, נאָר דער רבי האָט אים פֿאַריאָגט פֿון באַרג און האָט אים נאָכגערופֿן מיט אַ שטאַרק קול: „שטיי אָפּ פֿון מיר, שטן!"

# XVI

אין דער שטיל, אין אונדזערע הערצער, האָבן מיר געהאָפֿט, אַז דורך דער נאַכט איז אַרויסגעגאַנגען אַ בת־קול פֿון הימל און האָט מבֿשׂר געווען די בשׂורה פֿון משיח איבער אַלע בערג און טאָלן; און עס וועט זײַן, אַז מיר וועלן זיך אויפֿהייבן צוזאַמענס, וועלן מיר זען די קינדער פֿון ישׂראל אָנקומען פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט און לאַגערן צופֿוסנס פֿון דעם באַרג, ווי בײַ משהן בשעתּו. אָבער קיין בת־קול איז נישט אַרויסגעגאַנגען, און אליהו הנבֿיא איז נישט געשפּרונגען איבער די בערג, און ער האָט קיינעם נישט מבֿשׂר געווען די בשׂורה, און דער טאָג צוזאַמענס איז געווען ווי יעדער אַנדערער טאָג פֿון דער וואָך, און די וועלט איז געווען ווי נעכטן און אייערנעכטן.

ווען מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן צוזאַמענס, זײַנען מיר, די תּלמידים, געווען הונגעריק, ווײַל דאָס לעצטע ברויט האָט זיך אויסגעלאָזט פֿון אונדזערע פּעקלעך. און די צײַט איז געווען אין הויכן זומער, און יעדעס גרינס איז פֿאַרברענט געוואָרן פֿון דער זון, און קיינער איז נישט געקומען משיחן צו דערקוויקן.

און דער באַרג פּמיס, אויף וועלכן מיר זײַנען געזעסן, איז געווען דער באַרג איבער דער שטאָט צעזאַריע פֿון קעניג הורדוס פֿיליפּ. און דער מלך הורדוס פֿיליפּ איז געווען אַ מלך חסד און ער האָט אונדז געלאָזט אין פֿרידן.

און מיר האָבן געזען פֿון דעם באַרג אַראָפּ, ווי די פֿרויען פֿון דער שטאָט זײַנען אַרויסגעקומען צו דעם פּסל פֿון דער אָפּגעטין, וואָס איז געווען אין הייל, פֿון וועלכער עס שלאָגט אַרויס דער קוואַל פֿון ירדן. און די פֿרויען פֿון אָרט האָבן געבראַכט צו דער געטין מתּנות פֿון ווײַס מעל און קריגן מיט אייל, און קריגן מיט ווײַן, טויבן, בשׂמים און בלומען, — און אויפֿן באַרג האָט זיך געפֿונען דער משיח פֿון גאָט, און ער איז געווען הונגעריק און דאָרשטיק און ער האָט נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אַהינצוטון.

מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון דעם אָרט און מיר זײַנען ווײַטער געגאַנגען. אָבער דער רבי האָט אונדז נישט אַרײַנגעבראַכט אין די געבענטשטע שטעט פֿון ישׂראל, וואָס אויף זיי איז חל די קדושה, און מיר האָבן געהאָפֿט, אַז ער וועט נתגלה ווערן פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק און וועט אָנהייבן זײַן הייליקע ממשלה, — נאָר ער האָט אונדז ווײַטער געפֿירט אין די שטעט פֿון די גויים, וואָס זײַנען אויף יענער זײַט ים־כּנרת. און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען אין אַ שטאָט אַרײַנגעקומען, האָבן מיר פֿאַרמאַכט אונדזערע אויגן און פֿאַרשטאָפּט אונדזערע אויערן, כּדי מיר זאָלן נישט זען די אומווירדיקייטן פֿון די גויים און נישט הערן זייערע געזאַנגען און געלעכטער, נײַערט מיר האָבן אויפֿגעזוכט די געצעלטן פֿון יעקבֿ. מיר האָבן געזוכט אונדזערע ברידער אויף יעדן אָרט, אין ייִדישע שטובן זײַנען מיר אַרײַנגעקומען, אונטער ייִדישן דאַך האָבן מיר גענעכטיקט און ייִדיש ברויט האָבן מיר געגעסן, און זיי האָבן אונדז אָנגענומען פֿאַר אַ רבין מיט תּל־

מידים. אָבער שטרענג איז אויך אונדז געווען דער געבאָט פֿון רבין צו פֿאַרהוילן דערווײַל די זאַך פֿון מענטשן. און די מענטשן האָבן נישט געוואוסט, אַז משיח געפֿינט זיך צווישן זיי.

און אַ מחיצה איז געווען צווישן אונדז און אונדזער רבין, ווי אַ פֿײַערדיקער ווײַל וואָלט אַראָפּגענידערט פֿון הימל און זיך געשטעלט צווישן אים און אונדז. ער איז נאָך געווען אונדזער רבי, דער זעלבער ווי נעכטן און אייערנעכטן, דער, וואָס מיר אַלע האָבן געקענט, צו וועמענס ווערטער מיר האָבן זיך צוגעהערט, אין וועמענס נאָענטקייט מיר האָבן די זכיה געהאַט צו געפֿינען זיך, וועלכער האָט געבראָכן ברויט מיט אונדז, פֿון וועמענס חסד מיר האָבן גענאָסן, — אָבער דאָך איז ער געווען אַן אַנדערער, ווי דאָס ליכט פֿון גאָט וואָלט געפֿאַלן אויף אים און אים פֿאַרשטעלט פֿון אונדז. ער איז געווען איין טפֿח אויפֿגעדעקט און נײַן טפֿחים פֿאַרהוילן פֿון אונדז. מיר האָבן אים געזען — און דאָך נישט געזען, ווי ער וואָלט געווען פֿאַרשטעלט פֿון אונדז.

אין די טעג זײַנען מיר אַרײַנגעקומען קיין גדרה, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף יענער זײַט כּנרת. און די שטאָט גדרה איז געווען אַ שטאָט פֿון פֿיל גויים, מיט גרויסע פּלעצער און גערטנער. און פֿיל טעמפּלען זײַנען געווען אין איר פֿאַר זייערע אָפּגעטער, און דער גרעסטער פֿון די טעמפּלען איז געווען פֿאַר דעם שקץ צעאוס, צו וועלכן די לײַט פֿון דער שטאָט האָבן געדינט. זיי האָבן אָבער אויך געדינט צו אַנדערע אָפּגעטער, צו היימישע און צו פֿרעמדע. יעדער משוקץ האָט געהאַט אין שטאָט זײַן טעמפּל, וואָרעם די שטאָט איז געווען זייער רײַך און מעכטיק. און עס האָבן זיך אין איר געפֿונען טעמפּלען פֿון דעם גאָט רע, פֿאַר דעם גאָט פֿון דער זון פֿון די מצריים, און פֿאַר אַסטראַ, דער געטין פֿון צור און צידון, אַחוץ די טעמפּלען, וואָס זיי האָבן געהאַט פֿאַר זייערע היימישע געטער. און בײַ יעדן טעמפּל האָבן זיך געפֿונען זייערע כּהנים, כּהנות, און די פֿיל קדושים און קדושות, וואָס שלעפּן זיך נאָך זיי. און די מאַרקן, די שוקים, זײַנען פֿול געווען מיט זונות. און ווען מיר זײַנען אין שטאָט אַרײַנגעקומען, איז דאָרט געווען דער יום־טובֿ פֿון זייער הויפּט־אָפּגאָט צעאוס, און די מענטשן פֿון שטאָט זײַנען געווען אויסגעפּוצט אין זייערע געפֿאַרבטע קליידער, אין טײַערן פּורפּור, און טייל פֿון זיי — אין דעליקאַטן וויאָלעט, אין בלייכן לילאַ, וואָס די קלוגע לײַט פֿון צור און צידון האָבן פֿאַרשטאַנען צו פֿאַרבן. און זיי זײַנען אויפֿגעגאַנגען אין זייערע טעמ־פּלען אין חבֿרותאס. פֿאַר יעדער חבֿרותא זײַנען פֿאָרויסגעגאַנגען די שפּילער. צוערשט זײַנען געגאַנגען די האָרן־בלאָזער, וועלכע האָבן פֿאַר זיי אָפּגערייניקט דעם וועג, דערנאָך זײַנען געגאַנגען די פֿלייטן־שפּילער. און די צימבל־קלאַפּער האָבן אויסגעקלאַפּט מיט זייערע טאַצן און צום קלאַנג פֿון זייערע טאַצן האָבן זיי געפֿירט זייערע קרבנות פֿאַר זייערע געטער. אַ טייל קרבנות האָבן געהאַט די הערנער באַקראַנצט מיט גאָלדענע קרענץ, אַנדערע מיט אייל־בירטן־צווײַגן, און די אָקסן זײַנען געווען באַפּוצט מיט טײַערע אויסגעהאַקטע שמוקן. און אַרום די קרבנות האָבן בחורים און בתולות — זייערע קעפּ באַקראַנצט מיט רויזן — גע־טאַנצט. און נאָך די קרבנות זײַנען געגאַנגען זייערע כּהנות. און די כּהנות האָבן אײַנגעהילט זייערע לײַבער אין טײַערע דינע סדינס, וועלכע זיי האָבן אַזוי גע־וויקלט אַרום זיך, אַז די פֿאַלדן פֿון זייערע הילעס זײַנען געווען אײַנגעאָרדנט מיט

אַ סדר, און זיי האָבן אי פֿאַרהוילן אי אויפֿגעדעקט די נאַקעטקייט פֿון זייערע לײַבער, נאָר מיט מער פֿאַרשאַרטקייט און מיט מער תּאווה. און זיי, די כּהנות, זײַנען נישט געגאַנגען, נאָר זיי האָבן געשוועבט מיט זייערע פֿיס אין אַ טאַנץ נאָכן טאַקט פֿון די פֿלייטן־שפּילער. און נאָך זיי איז געגאַנגען דער העלד פֿון טאָג, אַ בחור אין זײַנע בעסטע יאָרן, וועלכער האָט זוכה געווען אין דעם געוועט פֿון זייערע געיעג־שפּילן. און ער איז געווען אין גאַנצן נאַקעט, נאָר דער קאָפּ זײַנער איז געווען באַקראַנצט מיט דעם קראַנץ פֿון זיג, — מיט אַן איילבירט־בלאַט. און אים, דעם זיגער פֿון זייער געוועט־שפּיל, האָבן זיי אָפּגעגעבן מער כּבֿוד אַפֿילו פֿון זייערע כּהנים און כּהנות און אַפֿילו פֿון זייערע געטער. זיי האָבן זיך געפֿרייט מיט דעם אָנבליק פֿון זײַן נאַקעטקייט און פֿון דער שטאַרקייט פֿון זײַנע מוסקולן, האָבן געלויבט און גערימט די פֿולקייט פֿון זײַנע בריסטן און די גראַדליניקייט פֿון זײַנע היפּטן. און די ווײַבער און מענער האָבן באַוואונדערט די שטאַרקייט פֿון זײַנע אָרעמס און פֿון זײַנע פֿיס און די מענלעכע גבֿורה, וואָס האָט געשפּראָצט פֿון אים, און זיי האָבן געוואָרפֿן בלומען פֿאַר זײַנע פֿיס, און זיי האָבן אויסגעשטרעקט צו אים די הענט, ווי צו אַ גאָט, און גערופֿן פֿאַר אים: „אַדאָניס! אַדאָניס!" — וואָס איז דער טײַטש: „דו שיינער!" און ערשט נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען דאָס גאַנצע פֿאָלק, מענער און ווײַבער אויסגעמישט, מיט פּירות און בלומען, און זיי האָבן זיך אויפֿגעפֿירט אין אומווירדיקייט און אומאָנשטענדיקייט, וואָס איז פֿאַראַכטעט אין ישׂראל.

און מיר זײַנען געוואָרן געדרענגט דורכן פֿאָלק אין אַ זײַט גאַס און צוגעדריקט צו אַ וואַנט, — און צווישן אונדז האָט זיך געפֿונען דער געזאַלבטער פֿון גאָט, און קיינער האָט אים ניט דערקענט און קיינער האָט נישט געוואוסט פֿון אים.

איך האָב געקוקט אויף מײַן רבינס פּנים און איך האָב געזען, ווי עס איז בלייך געוואָרן ווי דענסטמאָל, אין צור, בײַם יובלען צוליב די אומווירדיקייטן פֿון דעם אָפּגאָט מולך, און זײַנע ליפּן האָבן געציטערט און אין זײַנע אויגן האָט געברענט דאָס פֿײַער פֿון גאָט. און מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז איצט, בײַ דער קראָפּט, וואָס ער באַזיצט אַלס דער געזאַלבטער פֿון גאָט, וועט ער אַנטפּלעקן זײַן מאַכט פֿאַר דער וועלט און פֿון דאַנען וועט ער אָנהייבן זײַן ממשלה. און מיר אַלע האָבן געוואַרט אויפֿן נס, אויף דעם געשריי פֿון זײַן מויל, וואָס איז געלעגן אויף זײַנע ליפּן. אָבער ער האָט געשוויגן, נאָר ער האָט געמורמלט עפּעס פֿאַר זיך. און עס איז געווען, ווען איך האָב צוגעבויגן מײַן אויער, האָב איך געהערט ווי דער רבי זאָגט די ווערטער, וואָס גאָטס פֿינגער האָט אָנגעשריבן אויף דער וואַנט אין בבֿל: „מנא, מנא, תּקל ופרסין!" — און איך האָב אים פֿאַרשטאַנען און אָפּגעוואָרט די זאַך אין מײַן האַרץ.

מיר האָבן אָנגעהויבן איצט צו זען דעם רבינס מעשׂים אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט און מיר האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין.

אָמר יהודה, זאָגט יהודה: „עס איז באַוואוסט פֿאַר דעם האַר פֿון דער וועלט, אַז נישט פֿאַר מײַן כּבֿוד וועגן אָדער פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון מײַן רבין פֿאַרצייל איך די דאָזיקע וואונדער, וואָס זײַנען געשען אין אונדזערע טעג, נאָר פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון גאָט ברוך הוא, כּדי צו שטאַרקן די אמונה און דאָס האַרץ פֿון דעם בחיר פֿון זײַן יצירה".

און מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון דעם אָרט, וואָס איז געווען טמא מיט אָפּ־געטער, און מיר האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, און מיר האָבן אַראָפּגעגנידערט צום ברעג פון ים כנרת. דאָס איז געווען אַ לאַנגער מהלך, וואָרעם די שטאָט האָט זיך געפונען אויפן באַרג. און ווען אַפילו דער ברעג פון ים כנרת האָט נאָך גע־הערט אין תחום פון דער שטאָט, דאָך ווען מיר האָבן דערזען דעם ברעג פון אונדזער ליבן ים כנרת, האָבן מיר זיך זייער געפרייט, וואָרעם פון באַרג אַראָפּ האָבן מיר דערזען דאָס לאַנד פון יענער זייט ים, די הייליקע שטעט פון ישראל, איינגעהילט אין חסדיקן ליכט פון דער זון, און מיר האָבן אויסגערופן: „מה טובו אהליך יעקב ומשכנותיך ישראל!". נאָר איידער מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג ים, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ שפיציקן היגל, וועלכער האָט זיך ווי אַ וואַנט אַראָפּגעגליטשט גלייך אין ים אַריין. און דאָס אָרט איז געווען לער און ווילד, פאַרלאָזט פון איינוואוינער, און עס האָט גאָרנישט געהאַט קיין אָנבליק פון אַ מענטשלעך לאַנד. דער באַרג איז געווען באַשאָטן מיט ווילדע שטיינער, וואָס זיינען אַראָפּגעהאַנגען איינס איבערן אַנדערן, ווי פאַלשע טרעפּן, וואָס הענגען איבער אַן אָפּגרונט. און די שטיינער זיינען געווען באַוואָקסן מיט גרינעם, פייכטן מאָך, ווי עס וואָלטן אויף זיי נישט־גוטע געגאַנגען. און דאָס גראָז, וואָס איז גע־וואָקסן צווישן די שטיינער, איז געווען אַ גראָז, וואָס מען זעט נישט אין אַ מענטש־לעכן יישוב, דיק און שטעכעדיק, ווי זיי וואָלטן נעגל פון חיות באַזעסן, און זיי האָבן זיך מיט זיי אָנגעכאַפּט אָן יעדן קלייד און צעריסן עס, און ווען עס האָט באַרירט אַ נאַקעטן פוס, האָט עס זיך אַריינגעשטאָכן אין לייב און פאַרסמט דאָס בלוט. ווי דאָס גראָז, אַזוי זיינען אויך געווען דיביימער, וואָס זיינען נאָכגע־גאַנגען נאָך די שטיינער איבער די הענגענדיקע טרעפּן. זיי זיינען געווען פאַר־קריפּלט, מיט פאַרדאַרטע און פאַרדרייטע גופים, נישט לויט מעשה בראשית, זייערע קעפּ זיינען געווען אויסגעפליקט, ווי די שדים אין כף־הקלע וואָלטן זיי געשמיסן מיט פייערדיקע ריטער, און זיי האָבן פאַרדעקט מיט זייערע בלעטער־קרוינען די אָפּגרונטן און די גריבער. און ווי די ביימער, אַזוי זיינען אויך געווען די בליטן פון די קרייטעכצער, וואָס זיינען דאָרט געוואַקסן, וואָס אַזעלכעס זעט מען גאָרנישט אין קיין יישוב פון מענטשן. טייל פון זיי האָבן געהאַט צונגען, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשטעקט פון זייערע בעכער ווי פון מיילער פון לצים, און זיי האָבן געשראָקן מיט זייערע שוואַרצע גיהנומדיקע קאָלירן. און אַנדערע האָבן געהאַט הערנער און קרעלן און נעגל, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין אַנ־דערע פלאַנצונגען. מען האָט ממש געזען די מלחמה, וואָס גייט אָן צווישן די קרייטעכצער, ווי זיי בייסן זיך אַריין מיט זייערע שפּיציקע צונגען־בלעטער אין אַנדערע פלאַנצונגען און זויגן אויס דאָס חיות איינער פון אַנדערן און שטעכן זיך אַריין מיט זייערע נאָדלען אין די הערצער פון אַנדערע געבליטן, און עס רינען פון די לעכער די זאַפטן, ווי דאָס בלוט פון אויפגעריסענע וואונדן.

ווען מיר האָבן זיך געזען אַרומגערינגלט, איינגעצוימט ווי געפאַנגענע אין דעם שטעכיקן גראָז און צווישן די אַראָפּפאַלנדיקע טרעפּן, אַזוי איז אויף אונדז געפאַלן אַ שרעקלעכער פחד, ווי מיר וואָלטן זיך געווען געפונען, חלילה, אויסער די גרענעצן פון רבונו של עולמס חסד. וואָרעם די יצירה, וואָס האָט אונדז דאָ אַרומגערינגלט, האָט גאָרנישט אויסגעזען ווי זי וואָלט געווען אונטער דער הש־

גהה פון רבונו של עולם. כאָטש מען טאָר אַזעלכעס נישט קלערן, וואָרעם עס איז נישטאָ קיין ווינקל, וואָס זאָל שטיין מחוץ זײַן חסד, ווי עס שטייט געשריבן „כּי מלאה כּל הארץ כּבודו", אָבער דער אָנבליק פון דעם אָרט איז געווען אַזעלכער, ווי דאָס אָרט וואָלט, חלילה, געשטעלט געוואָרן אין רשות פון משחית, און די יניקה, וואָס עס ציט די יצירה פון דעם אָרט, איז נישט פון דעם הייליקן, גע־לײַטערטן כּוח פון זײַן באַשאַף, נאָר עס ציט די יניקה פון טמאדיקע כּוחות. און ווי מיר האָבן געטראַכט, אַזוי איז עס טאַקע געווען. און באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסער שטויב, וואָס האָט צוגעדעקט די שײַן פון דער זון, און אין דער געדיכטעניש פון שטויב האָט זיך געהערט אַ רעש, און דער רעש איז נישט געווען פון שטורעם, נאָר אַ רעש פון אָנגעלאָפּענע שלעכטע חיילות, וואָס דערנענטערן זיך צו אונדז. און דאָס ברומען איז נישט געווען ווי פון בריות, נאָר עפּעס אַ קוויטשען און אַ מיאַוטשען פון ווילדע געפּײַניקטע חיות. און דער שטויב און דאָס מיאַוטשען איז געווען פון סטאַדעס חזירים, וואָס האָבן, ווי באַזעסענע טײַוואָלים, זיך געטראָגן מיטן אימפּעט פון אַ שטורעם און זיך אַראָפּגעלאָזט פון אַן אומבאַקאַנטער הייך איבער די פאַלשע טרעפּן פון די שטיינער־קאַסקאַדן, און פיל פון זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די לעכער און אין די גריבער, וואָס זײַנען געווען פאַרהוילן אונטער דעם צודעקעכץ פון פײַכטן מאָך. און אַנדערע האָבן זיך אַראָפּגעקאָלערט, און זייערע גופים זײַנען געוואָרן צעשטערט פון די שפּיציקע פעלזן און אויפגעריסן דורך די שטעכעדיקע נעגל פון די דערנער. און די איבעריקע זײַנען דורכן אימפּעט פון געיעג אַראָפּגעפאַלן אין ים אַרײַן. און נאָך זיי זײַנען אין גרויס שרעק נאָכגעלאָפן זייערע פאַסטוכער און האָבן געררופן אין אַנגסטן נאָך הילף. וואָרעם עס האָט זיך נאָך זיי נאָכגעיאָגט אַן אומ־געהייערער משחית אין דער געשטאַלט פון אַ ריז, אַזוי גרויס ווי אַ שטיק באַרג, מיט הענט און פיס, וואָס מיר האָבן נאָך ביז איצט אַזוינס נישט געזען, באַקעט און באַוואַקסן מיט האָר ווי אַ חיה אין וואַלד. און זײַן פּנים איז נישט פון קיין מענטש, נאָר פון אַ חיה־רעה, מיט בליצנדיקע אויגן, וואָס שיסן פײַער, זײַן נאָז ווי אַ גרויסער הויקערדיקער שופר, און פון זײַן מויל, אַזוי גרויס ווי דער טויט פון גיהנום, קוקן אַרויס די ציין ווי שפּיזן. און ער יאָגט זיך, ווי געטראָגן פון אַ שטורעמווינט. און ווי ער האָט אונדז דערזען, אַזוי האָט ער פאַרלאָזט די סטאַדעס חזירים און זייערע פאַסטוכער, און געלאָזט זיך מיט אַ מעכטיקן טעמפּאָ אויף אונדז. אָבער איידער ער האָט אונדז דערגרייכט, האָט ער באַמערקט דאָס ווײַסע קלייד פון אונדזער רבין, וועלכער איז געשטאַנען צווישן דעם שטעכעכץ און די דערנער — מיט זײַנע אויסגעשטרעקטע הענט, אַזוי ווי אים צו עמפּפאַנ־גען. דער ריז האָט אָפּגעשטעלט זײַן לויף און איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין אויף אַ פעלז און האָט געקוקט אויף אונדזער רבין. און ווי ער וואָלט זיך דער־שראָקן פאַרן ווײַסן קלייד, האָט ער געוואָלט אַנטלויפן, אָבער דער רבי האָט אויס־געשטרעקט נאָך אים זײַנע הענט און האָט צו אים גערופן: „קום צו מיר, דו פאַר־לוירענער זון!"

און מיר האָבן געזען, ווי דער משחית גייט צו צו אונדזער רבין, צוערשט אין ווילדן געיעג, ווי ער וואָלט געוואָלט, חלילה, אונדזער רבין שלעכטס טון, נאָר ווען ער איז אָנגעקומען אין דער נאָענט, אַזוי האָט דעם רבינס בליק אים

געצאַמט, ווי אַ צוים — אַ ווילד פֿערד, און אַ ווײַל זײַנען זיי ביידע געשטאַנען איינער קעגן דעם אַנדערן, — דער משחית אין זײַן אימהדיקער געשטאַלט, און דער רבי מיט זײַנע אויסגעשטרעקטע הענט צו אים. און עס איז געווען ווי יעקבֿ אָבֿינו, וועלכער האָט זיך געראַנגלט מיטן מלאך, אַזוי האָט דער רבי זיך גע־ראַנגלט מיטן משחית, נישט מיט די הענט, נאָר בלויז מיט דעם בליק פֿון זײַנע אויגן. און דער רבי האָט צו אים געזאָגט מיט גרויס רחמנות און צער:

— באַרואיק דיך, מײַן זון, איך קען דײַן פֿאָטערס הויז און איך ווייס, ווער דו ביסט און פֿון וואַנען דו קומסט. גיי אַהיים, דער פֿאָטער וואַרט אויף דיר.

ווי דער משחית האָט דערהערט דאָס וואָרט, האָט ער אָנגעהויבן שרײַען מיט אַ מעכטיק קול:

— ווי אַזוי קאָן איך אַהיימגיין אין מײַן פֿאָטערס הויז? מײַן פֿאָטערס הויז איז ריין, און איך בין טמא. שדים האָבן געמאַכט אַ נעסט אין מײַן לײַב, שלאָגן מיך מיט טויזנטער קרענק. לעגיאָנען וואוינען אין מיר, און לעגיאָן איז מײַן נאָמען.

און דער משחית האָט זיך געוואָרפֿן אויף דער ערד און עס האָט אָנגעהויבן צו שרײַען פֿון אים מיט טויזנטער קולות, ווי מחנות ווילדע קעץ וואָלטן זיך צו־זאַמענגעקומען און אַרומגעלאָפֿן אין זײַן קערפּער און געזוכט אַן אַרויסגאַנג, און נישט געקאָנט געפֿינען. און ער האָט געציטערט און געפֿלאַטערט מיט אַלע זײַנע אבֿרים.

אָבער דער רבי האָט געלייגט זײַנע הענט אויף אים און האָט באַפֿוילן די רוחות צו פֿאַרלאָזן דעם מאַן און זיי זאָלן קיינעם נישט מזיק זײַן, נאָר זיי זאָלן אַרײַן אין די חזירים, וועלכע גליטשן זיך פֿון די שטיינער אויפֿן באַרג אין ים אַרײַן.

און דער רבי האָט צו אים געזאָגט:

— נישט מער לעגיאָן איז דײַן נאָמען, נאָר ישׂראל, ווי דײַן פֿאָטער האָט דיך גערופֿן. און נישט קיין משחית ביסטו מער, נאָר אַ קינד צו דײַן פֿאָטער, אַ פֿאַר־לוירענער זון, וואָס קערט זיך אום צוריק אַהיים.

און דער רבי האָט אים אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און ער האָט באַפֿוילן איינעם פֿון אונדז, און מען האָט געבראַכט וואַסער פֿון כּנרת אין אַ כּלי, און ער האָט געוואַשן זײַן פּנים און זײַנע הענט און גענומען אַ קלייד פֿון איינעם פֿון אונדז און צוגעדעקט די שאַנד פֿון זײַן לײַב, און ער האָט אים געזעצט לעבן אונדז און געזאָגט:

— איצט האָבן דיך די שדים פֿאַרלאָזט און זיי זײַנען אַרײַן אין די חזירים, וואָס פֿאַלן אין ים, און דו ביסט געהיילט.

און דער מאַן איז געזעסן צום רבינס פֿיס ווי איינער פֿון אונדז.

און דער רבי האָט אויפֿגעעפֿנט דאָס בינטל ברויט און האָט אים געגעבן אָנצועסן זיך, און דער מאַן האָט געגעסן ווי איינער פֿון אונדז.

און דער רבי האָט געזאָגט צום מאַן: „איצט ביסטו ריין און איצט ביסטו גע־היילט. הייב דיך אויף און גיי צוריק צו דײַן פֿאָטער, וואָס וואַרט אויף דיר מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס".

און דער מאַן האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ שטימע ווי איינער פֿון אונדז:

— ווי אַזוי קאָן איך אַהיימגיין צו מײַן פֿאָטערס הויז? איך האָב זײַן געלט גע־נומען און עס פֿאַרטאָכלעוועט מיט זונות און שלעכטע לײַט, ביז צו אַ חזיר האָב איך אַראָפּגענידערט, און איך האָב געהיטעט מיט זיי.

און דער רבי האָט אים געטרייסט און געזאָגט:

— דער פֿאָטער האָט אַרויסגעשיקט שלוחים צו זוכן דיך.

אָבער דער מאַן האָט נאָך געציטערט און געזאָגט:

— איך האָב מורא פֿאַר מײַן עלטסטן ברודער, וואָס איז אויף מיר בייז.

אָבער דער רבי האָט אים באַרואיקט און געטרייסט:

— דײַן פֿאָטער שטייט גרייט מיט אָפֿענע הענט צו עמפּפֿאַנגען דיך. גיי אַהיים און פֿאַרצייל די וואונדער, וואָס גאָט האָט געטון מיט דיר.

און מיר האָבן זיך אַרײַנגעטראַכט אין דער זאַך און מיר האָבן דערקענט דעם רבינס מעשׂים, — נישט מיטן משחית אַליין האָט אונדזער רבי זיך געראַנגלט, נאָר מיט אַלע געטער פֿון צור און צידון, און נישט די רוחות רעות האָט ער אין די חזירים פֿאַרשיקט, נאָר דעם מולך, עשתרות, צעאוס און אַפֿראָדיטאַ, און אַלע אומווירדיקייטן פֿון די גויים האָט ער פֿון דעם מאַן אַרויסגעטריבן און אין די חזירים פֿאַרשיקט און אין ים פֿאַרטרונקען, און דעם משחית האָט ער געהיילט און גערייניקט און געשיקט אים צו זײַן פֿאָטער אַהיים.

מיר האָבן מיט אַמאָל דערזען די גרויסקייט פֿון אונדזער רבין. מיט די געטער פֿון צור און צידון האָט ער זיך געראַנגלט און זיי בײַגעקומען, און ער האָט גע־רייניקט דעם מענטש און געמאַכט אים גרייט אָנצונעמען דעם מלכות־שמים.

און מיר האָבן געלויבט גאָט דערפֿאַר.

## XVII

האָט דען נישט גאָט אָנגעזאָגט דורך די נבֿיאים: „איך וועל שיקן צו אײַך אליהו הנבֿיא פֿאַר דעם גרויסן און פֿורכטבאַרן טאָג״? פּנו דרך, מאַכט גרייט דעם וועג! — פֿאַרוואָס ווידער איז אַזוי אומרואיק מײַן האַרץ? וואָס מער מיר דערנענ־טערן זיך צו די שטעט פֿון ישׂראל, אַלץ אומרואיקער ווער איך, ווי איך וואָלט זיך געוווען געשראָקן פֿאַר דעם, וואָס עס שטייט אונדז פֿאָר.

מיר האָבן פֿאַרלאָזט די שטעט פֿון די גויים, און מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין די גרענעצן פֿון ישׂראל, וואו די קדושה איז חל. און איך בין געווען זיכער, אַז יעדן טאָג וועט דער רבי נתגלה ווערן. עס וועט זיך צו אונדז באַווײַזן אליהו הנבֿיא און וועט אָנזאָגן די בשׂורה און וועט עדות זאָגן אויף אונדזער רבין. דערווײַל מײַדט דער רבי אויס די שטעט און האַלט זיך אויף מיט די פּאַסטוכער פֿון די שאָף אין פֿעלד, ביז איין מאָל זײַנען מיר אָנגעקומען צו אַ באַרג, און דער רבי האָט געזאָגט: „דאָ וועל איך איצט בלײַבן נעכטיקן״, — וואָרעם די נאַכט איז צוגעפֿאַלן אויפֿן אָרט. און דער באַרג איז געוואָרן באַגאָסן מיט דעם ליכט פֿון הימל, ווי דער גײַסט פֿון גאָט וואָלט געווען געשוועבט איבער אים, און אַ שטילקייט איז געקומען איבער דער וועלט, נישט ווי די שטילקייט פֿאַר אַ שטורעם, נאָר ווי די שטילקייט פֿון אייביקער מנוחה, ווען די באַשעפֿענישן באַהעפֿטן זיך מיטן באַשעפֿער און זיי קומען אָן צום אייביקן תּכלית, צו וועלכן זיי זײַנען באַשטימט

געוועזן אין דער ערשטער מחשבה. מיר האָבן געהערט די שירה פֿון דער נאַכט. און וואָס איז די שירה פֿון דער נאַכט? די שירה פֿון דער נאַכט איז שטילקייט. און דורך דער שירה האָט אַרײַנגעזונגען אין אונדזערע הערצער די אימה, די בענקשאַפֿט און די ליבע צום באַשעפֿער.

און דער רבי האָט געזאָגט: „דאָ וויל איך מתפּלל זײַן". און ער האָט זיך אײַנגעוויקלט אין טלית און האָט גענומען שמעון און די בני זבֿדי און איז אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן שפּיץ באַרג מתפּלל זײַן, וואָרעם די שעה איז געווען אַ שעת־הכּושר, — און די רעשט תּלמידים האָט ער איבערגעלאָזט צופֿוסנס פֿון באַרג.

און מיר האָבן גענומען די שטיינער פֿון אָרט און זיי אַנידערגעלייגט אונדז צוקאָפּנס און מיר האָבן זיך צוגעדעקט מיט אונדזערע מאַנטלען, און עס איז באַלד געפֿאַלן אויף אונדז דער שלאָף, וואָרעם מיר זײַנען מיד געווען פֿון אַ גאַנצן טאָג גיין. און ווען עס איז געקומען נאָך האַלבער נאַכט, נאָך פֿאַר דער צווייטער אשמורה, ווען מיר זײַנען געווען פֿאַרזונקען אין טיפֿן שלאָף, האָבן מיר פּלוצ־לינג געהערט אַ מוראדיקע שטים רופֿן צו אונדז פֿון באַרג אַראָפּ. און ווען מיר האָבן די אויגן געעפֿנט, האָבן מיר זיך געוואונדערט איבער דער ווײַסקייט פֿון דער נאַכט, וואָרעם דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען באַגאָסן מיט דעם ליכט פֿון הימל, און דער באַרג, אויף וועלכן דער רבי איז אַרויפֿגעגאַנגען מתפּלל זײַן, איז געווען אין גאַנצן אײַנגעדעקט אין אַ וואָלקן, אַזוי ווי ווײַסע פֿליגל פֿון אַ מלאך וואָלטן אים געווען צוגעדעקט, און אונדז האָט זיך אויסגעוויזן ווי דער שניי פֿון באַרג חרמון וואָלט געקומען און געלייגט זיך איבער דעם באַרג.

און פֿון וואָלקן איז אַרויסגעקומען שמעון, און זײַן פּנים איז געווען בלייך און זײַנע האָר צערודערט פֿון ווינט, און זײַנע אויגן זײַנען געווען גרויס און אויפֿגעריסן פֿאַר לויטער שרעק, און ער האָט זיך געטרייסלט פֿאַר ציטערניש. און נאָך אים זײַנען געקומען אַנצולויפֿן די ברידער זבֿדי, — יוחנן איז געגאַנגען פֿאָרויס אין פֿעסטן גאַנג מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און יעקבֿ, זײַן ברודער, איז געגאַנגען נאָך אים. און זיי זײַנען אויך געווען אַזוי צערודערט און צעשראָקן ווי שמעון בר־יונה. און מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן און מיר זײַנען זיי אַנט־קעגנגעגאַנגען, וואָרעם מיר האָבן זיך געזאָגט, אַז עפּעס וויכטיקעס האָט געמוזט געשען מיט זיי. און מיר האָבן געזאָגט צו זיי: „פֿאַרציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט, וואָרעם איר זענט אַזוי צעטרייסלט, ווי דער שטורעם פֿון גאָט וואָלט אַדורכגע־גאַנגען דורך אײַך". און שמעון האָט זיך אָנגערופֿן: „אליהו הנבֿיא האָבן מיר געזען, דעם, וועלכן מיר האָבן אַזוי לאַנג געזוכט". און די ברידער זבֿדי האָבן אויך עדות געזאָגט אויף דער זאַך, און מיר האָבן שמעונען ווײַטער געפֿרעגט: „ווען? און וואו?" — און ער האָט געזאָגט: „דאָרט אויף דעם דאָזיקן באַרג, וואוהין דער רבי האָט אונדז מיטגענומען מתפּלל צו זײַן. אליהו הנבֿיא שטייט דאָרט מיט דעם רבין, און אויך משה רבינו איז מיט זיי". און מיר האָבן זיך פֿאַרוואונדערט איבער די רייד און צו אים געזאָגט: „שמעון, פֿאַרצייל אונדז, ווי אַזוי עס איז געווען די זאַך, וואָרעם עס איז פֿון גרויס וויכטיקייט פֿאַרן גאַנצן ענין".

און שמעון האָט אונדז פֿאַרציילט אַזוי:

„ווען מיר זײַנען אויפֿן באַרג געקומען, האָט דער רבי צו אונדז געזאָגט: — וואַרט אַ ווײַלע דאָ, איך וועל נאָר צוגיין אַט דאָרט אויף יענעם פּלאַץ מתפּלל

זײַן. — און דער רבי האָט זיך דערווײַטערט פֿון אונדז אַ פּאָר טריט און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אָרט, און מיר האָבן געזען ווי די ליכטער פֿון הימל זײַנען געפֿאַלן אויף זײַן טלית. די הענט האָט ער געהאַלטן אויסגעשטרעקט צום פֿאָטער אין דער הייך און ער האָט בלחש מתפּלל געווען. אָבער ווי מיר שטייען און קוקן מיט אַנגסטיקע הערצער אויפֿן רבין, וועלכער איז געווען באַגאָסן אין גאַנצן מיט דעם ליכט פֿון די שטערן, איז אָנגעפֿאַלן אויף אונדז דער פּחד פֿון גאָט: וואָרעם מיר זעען ווי זײַן קלייד ווערט וואָס אַמאָל ווײַסער און באַלד פֿלאַקערט אַרום דעם רבין, ווי פֿײַערדיקע חשמל־פֿליגלען פֿון די כּרובים וואָלטן זיך געשטעלט צווישן רבין און אונדז און זיי האָבן אַ מחיצה געשאַפֿן, און דער רבי ווערט פֿאַרהוילן פֿון אונדזערע אויגן. און מיר הערן אַ רעש פֿון טריט דערנענטערט זיך צו אונדז, און קיין מענטשן זעען מיר נישט. און עס איז ווי אַ ווינט יאָגט אַן אויף אונדז. און מיט אַמאָל זעען מיר צוויי אַלטע לײַט, אין ווײַסע קליידער אָנגעטון, שטייען מיטן רבין און ריידן מיט אים. אין אַ ווײַל אַרום איז אַלץ פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין אַ ווײַסן וואָלקן, ווי זיי וואָלטן אַלע דרײַ מיט שניי באַשאָטן געוואָרן, און פֿון וואָלקן הערט זיך אַ בת־קול רופֿן, וואָס האָט עדות געזאָגט אויפֿן רבין מיט די רייד פֿון די נבֿיאים. און באַלד איז אַלץ פֿאַרשוואונדן געוואָרן, און דער רבי איז געבליבן אַליין. האָבן מיר אים געפֿרעגט: — ווער זײַנען געווען די לײַט מיט דיר? — און דער רבי האָט אונדז געענטפֿערט: — דאָס איז געווען אליהו, וועלכן איר זוכט, און דער צווייטער איז געווען משה רבינו. — און איך האָב זיך אָנגערופֿן צום רבין: — „מײַן האַר, עס איז גוט דאָ צו פֿאַרווײַלן אויף דעם באַרג. און אויב עס איז גוט אין דײַנע אויגן, וועלן מיר דאָ אויפֿשטעלן דרײַ בײַדלעך, איינס פֿאַר דיר, פֿאַר משהן איינס און פֿאַר אליהון איינס. — וואָרעם איך וויל נישט, אַז דער רבי זאָל אויפֿגיין קײַן ירושלים וועגן דער זאַך, וואָס שטייט אונדז דאָרט פֿאַר".

און יעקבֿ מיט יוחנן, די קינדער פֿון זבֿדי, האָבן אויך עדות געזאָגט אויף דער זאַך.

און ווי מיר שטייען נאָך אין גרויס וואונדערונג, אַזוי זעען מיר דעם רבין אַראָפּקומען פֿון באַרג, און זײַנע קליידער זײַנען אַזוי ווײַס, וואָס קיין מענטשנס האַנט קאָן עס אַזוי רייך נישט וואַשן, און די שכינה פֿון גאָט איז אויסגעגאָסן אויף זײַן בלייך פּנים, און זײַנע פֿיס זײַנען באָרוועס און ער גייט ווי ער וואָלט געווען געשוועבט מיט זײַנע פֿיס און נישט אָנגערירט די ערד, און אַ וואָלקן איז אַרום אים. — אַזוי זײַנען מיר געפֿאַלן אויף אונדזערע פּנימער, און מיר האָבן זייער געציטערט.

דער רבי האָט זיך דערנענטערט צו אונדז און אונדז אָנגערירט מיט זײַנע הענט און געזאָגט: „שטייט אויף און האָט נישט קיין מוראַ!" — און ער האָט אונדז באַפֿוילן קיינעם נישט צו פֿאַרציילן וועגן דעם, וואָס מיר האָבן געזען, ביז די צײַט וועט קומען דערצו.

און מיר האָבן אים געפֿרעגט: „רבי, איז דאָס דער באַדײַט, וואָס אליהו הנבֿיא וועט אַרויסקומען פֿאַר משיחן, ווי די סופֿרים זאָגן?" — און דער רבי ישוע האָט אונדז אָפּגעענטפֿערט: „אליהו איז געקומען צוערשט, אָבער זיי האָבן אים נישט

געקענט און זיי האָבן געטון מיט אים לויט זייער ווילן. און אַזוי וועלן זיי אויך טון מיטן בן־אדם, ווי עס שטייט געשריבן אויף אים״.

און מיר אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געטראַכט וועגן די רייד, וואָרעם מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט דער רבי יוחנן המטביל, נאָר שמעון האָט זיך אָנגערופֿן: „דאָס וועט קיין מאָל נישט זײַן!״

און מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון דעם אָרט און מיר זײַנען אויפֿגעגאַנגען קיין כּפֿר־נחום. און עס האָט זיך געשטאַרקט די קנאה אין אונדזערע הערצער אויף שמעון בר־יונה און אויף די זין פֿון זבֿדי, און מיר האָבן געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן מיט צער און ביטערקייט: — „פֿאַרוואָס מאַכט דער רבי אַ חילוק צווישן זײַנע תּלמידים? פֿאַרוואָס האָבן דאָס די דריי זוכה געווען אַרײַנגעצויגן צו ווערן אין דעם סוד פֿון רבין און צו זײַן עדות פֿון די גרויסע זאַכן, וואָס געשעען מיט אים, און מיר מוזן בלײַבן פֿון דרויסן שטיין?״

און די ברידער זבֿדי האָבן אָנגעהויבן זיך גרויסהאַלטן איבער אונדז, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז זיי וועלן זײַן די גרעסטע אין מלכות־השמים נאָך דעם רבין און זיי וועלן זיצן צו זײַן רעכטער און צו זײַן לינקער האַנט, און די ממשלה פֿון דער וועלט וועט געהערן צו זיי.

און יוחנן הזבֿדי האָט געזאָגט: „בין איך דען נישט מיטן רבין אויפֿן באַרג געווען? און בין איך דען נישט אַן עדות געווען פֿון די גרויסע זאַכן, וואָס זײַנען אויבן געשען?״

און שמעון הקנאי האָט זיך אָנגערופֿן: „פֿאַרוואָס מאַכט דער רבי אַ חילוק צווישן אונדז? פֿאַרוואָס טיילט ער אָפּ די תּלמידים?״

און דער רבי האָט געהערט דאָס געשפּרעך פֿון די תּלמידים און ער האָט גאָר־נישט אָפּגעענטפֿערט. נאָר ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען קיין כּפֿר־נחום, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט בײַם אַרײַנגאַנג פֿון שטאָט. און איינער פֿון זיי, וואָס איז געווען דער גרעסטער, איז דער קעניג געווען און די אַנדערע — זײַנע משרתים. אָבער אין אַ ווײַל אַרום איז דער קעניג אויפֿגעשטאַנען און האָט פֿאַרלאָזט זײַן טראָן און ער האָט געזאָגט: „איצט חבֿרותא, וועלכער עס איז דער קלענסטער פֿון אונדז, דער וועט איצטער קעניג זײַן, און מיר — זײַנע משרתים!״ און דער רבי איז צוגעגאַנגען צום ייִנגל און האָט אים געפֿרעגט: „זאָג מיר דײַן פּסוק, וואָס דו האָסט אין חדר געלערנט הײַנט״. — און דאָס ייִנגל האָט אים אָפּגעענטפֿערט: „מאשפּות ירום אביון, פֿון דעם מיסט הייבסטו אויף דעם אָרעמאַן, — דרשנען די רבנים: הקדוש ברוך הוא זאָגט אַזוי צו ישׂראל: — וואָס וויל איך פֿון אײַך? איך וויל דאָך גאָרנישט, נאָר איר זאָלט ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, און דאָס בין איך איצט מקיים״. האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן צו אונדז: „וועגן וואָס האָט איר גערעדט און געקריגט זיך אויפֿן וועג?״ — און מיר האָבן אים פֿאַרציילט. און דער רבי האָט געזאָגט: „עס איז וואָר, עס איז וואָר, אויב איר וועט נישט צוריק ווערן ווי קינדער, וועט איר קיין מאָל נישט קענען אַרײַנקומען אין מלכות־שמים, ווײַל דאָס מלכות־השמים איז ווי דאָס מלכות פֿון קינד און נאָך דעם מלכות שמים איז דאָס מלכות פֿון קינד דאָס איינציקע, וואָס בלײַבט שטיין און קיינער קאָן עס נישט אָפּנעמען פֿון אים. דער פֿון אײַך, וואָס

וויל זײַן דער ערשטער, דער זאָל אויך זײַן דער לעצטער פֿון אײַך און אײַך באַ־דינען. דער, וואָס קאָן זיך דערנידעריקן ווי דאָס קינד, דער איז דער גרעסטער אין מלכות־שמים".

אָבער די בני־זבֿדי האָבן נישט געלאָזט זיך באַגנוגענען מיט דעם חלק, וואָס זיי האָבן אין רבין, נײַערט זיי האָבן געקלערט דערפֿון, ווי צו ווערן די גרעסטע פֿון די תּלמידים און צו האָבן דעם גרעסטן טייל אין מלכות־השמים. און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען געווען אויפֿן וועג קיין כּפֿר־נחום, אין דער נאָענט פֿון בית־צידה, אַזוי האָט אונדז יוחנן פֿאַרלאָזט. ער איז געגאַנגען בסוד צו זײַן מוטער אַהיים קיין בית־צידה, וואָרעם עס איז אַזוי געווען: ווען די ברידער זבֿדי האָבן פֿאַרלאָזט זייער מוטערס רײַכע שיפֿן און זײַנען נאָך אונדזער רבין נאָכגעגאַנגען, אַזוי איז זייער מוטער בייז געוואָרן אויף אירע קינדער און זי האָט זיך מיט זיי געקריגט, וואָס זיי האָבן פֿאַרלאָזן דעם זיכערן פֿאַנג פֿון פֿיש און זײַנען געוואָרן פֿישער פֿון מענטשן. און זי האָט געזאָגט צו זיי: „פֿון דעם עסק וועט גאָרנישט ווערן, נײַערט איר באַלעמוטשעט אײַער פֿאָטערס מלאכה, און די נעצן ווערן צעריסן, טריקענען זיך אויף די פּלויטן". אָבער יוחנן איז געקומען צו איר צוגיין און האָט צו איר געזאָגט: „עס איז נאָענט, אַז דאָס מלכות־השמים זאָל קומען אויף דער ערד, און דײַנע זין וועלן זײַן די גרויסע הערן אין אים, וואָרעם נענטער זײַנען מיר צו אונדזער רבין און אויסגעקליבן מער פֿון די אַנ־דערע תּלמידים צו ווערן אַרײַנגעצויגן אין זײַן סוד אַרײַן. איצט וועט דײַן באַ־צאָלונג זײַן גרויס, וואָס דו וועסט די זכיה האָבן צו זען דײַנע זין פֿאַר גרויסע הערן פֿון לאַנד, וואָרעם די גאַנצע ערד געהערט צום האַר, ווי די נבֿיאים האָבן נבֿיאות געזאָגט אויף אים. דעריבער שטאַרק דיך, מוטער, און גיי צום רבין און בעט זײַן חסד פֿאַר אונדז, אַז ער זאָל אונדז זעצן צו זײַן רעכטער און צו זײַן לינקער האַנט".

און די מוטער האָט גענומען אַן אייזעלע און האָט אָנגעלאָדן אויף אים אַ זעקל ווײַס מעל און אַ קאָרב פֿרישע פֿײַגן און אַ פּאָר קעזלעך, און צוויי קריגלעך האָניק האָט זי אין דעם אייזל־טאַש אַרײַנגעטון, וואָרעם די פֿרוי איז געווען רײַך. און איר נאָמען איז געווען שושנה.

און זי איז געקומען פֿאַרן רבין, און האָט זיך געבויגן פֿאַר אים, און זי האָט צו אים געזאָגט: „אויב דײַן דינסטמויד האָט געפֿונען חן אין דײַנע אויגן, לאָז מיך ריידן אין דײַנע אויערן אַ פּאָר ווערטער. מײַנע צוויי זין האָבן פֿאַרלאָזט זייער פֿאָטערס הויז און פֿאַרנאַכלעסיקט זייער פֿאָטערס באַרוף. פֿישערס זײַנען זיי געווען, און דו האָסט זיי געמאַכט פֿאַר פֿישערס פֿון מענטשן, און דו האָסט זיי אַוועקגעריסן פֿון דער אַרבעט און זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דיר. איצט אַז דאָס מלכות־השמים קומט אויף דער ערד און אַלע רײַכטימער זײַנען דיר איבערגעגעבן געוואָרן און דו וועסט זײַן דער באַפֿעלער איבער האַרן און קעניגן, בעט איך דיך, פֿאַרגיטיק זיי פֿאַר זייער מי און לאָז מײַנעביידע זין, יעקבֿ און יוחנן, זיצן צו דײַן רעכטער און צו דײַן לינקער האַנט".

איז דער רבי זייער טרויעריק געוואָרן איבער די רייד פֿון זײַנע תּלמידים, און ער האָט געשוויגן אַ ווײַל. דערנאָך האָט ער געענטפֿערט דער פֿרוי: „זײַנען זיי באַרייט צו טרינקען פֿון דעם זעלבן בעכער, וואָס איך וועל באַדאַרפֿן טרינקען?"

און צו די בני־זבדי האָט ער געזאָגט: „קאָנט איר נעמען די זעלבע טבילה, וואָס איך בין באַרייט צו נעמען?" — און זיי האָבן געענטפערט: „יאָ, רבי!" אָבער דער רבי האָט צו זיי געזאָגט: „אַפילו אַזוי, קאָנט איר דאָך אויך די גרעסטע נישט זײַן. דער פון אײַך, וואָס וויל דער ערשטער זײַן, מוז דער קנעכט פון לעצטן זײַן. ווארעם אויך דער בן־אדם איז נישט געקומען, אַז מען זאָל אים באַדינען, נאָר ער זאָל באַדינען אַנדערע און זאָל זײַן נפש אָפּגעבן אַ קרבן פאַר אַנדערע".

# XVIII

און עס איז געשען, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די טויערן פון כּפר־נחום, איז אונדז קיין מענטש נישט אַנטקעגנגעקומען נישט מיט קיין הבדלות־ליכט, נישט מיט קיין לולבֿ, קיין פידל האָט אונדז נישט אַנטקעגנגעשפּילט, קיין פײַפל און קיין פײַקל. די לײַט פון דער שטאָט האָבן פאַרגעסן, וואָס אונדזער רבי האָט געטון פאַר זיי, — דאָס ברויט, וואָס ער האָט געמאַכט וואַקסן פאַר זיי אין דער מדבר, און דאָס וואַסער, וואָס ער האָט געשלאָגן פאַר זיי פון שטיין, די נסים ונפלאות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעזען יעדן טאָג.

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען קיין כּפר־נחום און אָפּגעשטיגן אין דער שטוב פון שמעונס שוויגער, איז קיינער נישט געקומען דעם רבין צו באַגריסן, נײַערט אַ פּאָר פון אָרעמען פאָלק, וועלכע ער האָט געשפּײַזט מיט דעם געלט, וואָס ער האָט גענומען פון די רײַכע. און ווען פיל פון זיי האָבן געזען, אַז די רײַכע האָבן אויסגעמיטן אַרײַנצוקומען צום רבין און אַז אויך אונדזער קופּה איז געווען לער, אַזוי האָבן זיי אויך פאַרלאָזט דעם רבין. און זיי האָבן געזאָגט: „בײַ ישוע איז נישטאָ מער וואָס צו זוכן". און עס זײַנען נאָר איבערגעבליבן מיר, זײַנע תּלמידים, און די פאָר ווײַבער, וואָס זײַנען געווען מיט אונדז. אַ טייל פון אונדז זײַנען געגאַנגען אַרבעטן, כּדי צו פאַרדינען דאָס טעגלעכע ברויט, און די ברידער זבדי זײַנען אַהיימגעגאַנגען צו זייער מוטער און האָבן געבראַכט אַ פּאָר שיפן, מיט וועלכע זיי זײַנען צוזאַמען מיט שמעונען אַרויסגעפאָרן אין ים און האָבן פאַרוואָרפן דאָרט די נעץ, — און דערפון האָבן מיר זיך דערנערט, און מיר האָבן אויך געשפּײַזט די אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן נאָך געקלעפּט צו אונדז.

און די חשובֿע לײַט פון שטאָט האָבן געברומט און געזאָגט: „נאָך וואָס איז ער צוריקגעקומען אין שטאָט? די שליחים פון הורדוס זוכן אים אַרום. און עס וועט זײַן, ווען זיי וועלן אים געפינען צווישן אונדז, אַזוי וועלן זיי אויך וואַרפן אויף אונדז די שולד. בעסער זאָל ער גיין פון דאַנען". אָבער די לײַט, וועלכע ער האָט נסים געטון און זיי געהיילט פון די קרענק, האָבן געזאָגט: „לאָמיר אָפּוואַרטן די זאַך. ווען די שליחי מלכות וועלן קומען אים פעסטנעמען, אַזוי וועט ער זיי פאַרניכטן, און זאָלן מיר נישט לייגן אונדזער האַנט אויף דעם מאַן, וואָרעם אַ הייליקער איז ער". און צווישן די לעצטע איז אויך געווען דער ראש פון בית־הכנסת, וועמעס טאָכטער אונדזער רבי האָט געהיילט, און אויך דער הויפּטמאַן פון כּפר־נחום, פון הורדוסעס חייל, האָט באַהאַלטן די זאַך פון מלכות און נישט געלייגט די האַנט אויף אים, וואָרעם זיי האָבן אין האַרץ געגלייבט אין זײַן גבֿורה.

און מיט דער זיכערקייט פֿון טאָג, וואָס קומט אָן מיט שטאַרקע טריט בײַם אויסגאַנג פֿון דער נאַכט, אַזוי האָט דער רבי באַלד געגומען צוריק אויפֿשטעלן זײַן עדה. ער איז באַנײַט געוואָרן מיט גבורה. איך האָב אים קיין מאָל אַזעלכן נישט געזען. מען האָט געפֿילט, אַז ער האָט דעם רשות אין זײַן האַנט. די געפֿאַר האָט געלויערט אויף אים פֿון אַלע לעכער, געלעכטער און שפּאָט האָבן אים באַגלייט פֿון אַלע ווינקלען. ער האָט אָבער נישט געקוקט דערויף. אין דעם געוועב פֿון מלכות־הרשעות האָט ער צוריק אויפֿגעשטעלט זײַן נעסט. ער האָט געזאַמלט אַרום זיך די אָרעמע און קראַנקע, די פֿאַרשטויסענע און פֿאַרוואָרפֿענע. קיינער איז נישט געווען געגנוג נידעריק פֿאַר אים, וועלכן ער האָט נישט אויפֿ־גענומען אין זײַן קהלה. און מיט זיכערקייט פֿון דעם רשות אין זײַן האַנט איז ער געגאַנגען פֿראַנק־און־פֿריי צום באָרטן פֿון כּפֿר־נחום, און ער האָט גערעדט צו די פֿישערלײַט און צו די טרעגער. און ווען אַפֿילו ער האָט פֿאַר זיי נישט מגלה געווען וועגן די גרויסע זאַכן, וואָס זײַנען געשען מיט אים, דאָך האָט ער זיי געלאָזט וויסן מיט וואונקען און רמזים, אַז עס איז דאָ אַ שׂכר פֿאַר זייער מיאונג און אַ באַלוי־נונג פֿאַר די צרות און פּײַן, און אַז די גאולה שטייט שוין הינטער דער טיר, און אַט באַלד וועט אַראָפּנידערן דאָס מלכות־השמים. און די לײַט האָבן אים געגלייבט און אַלע האָבן אויסגעוואַרט, אַז עס זאָל עפּעס וואָס באַלד געשען. נאָר אַנדערע האָבן געזאָגט: „פֿון דעם ישוען וועט שוין גאָרנישט מער זײַן". וואָרעם דאָס פֿאָלק איז געווען צעטיילט אין דער מיינונג וועגן אים.

און שבת האָט ער צוזאַמענגענומען זײַנע תּלמידים און איז מיט אונדז עולה געווען אין בית־הכּנסת. און ווי דער עולם האָט אים דערזען, איז אַ גרויס גע־רודער געוואָרן. טייל האָבן געזאָגט: „דאָס איז דער, וואָס מאַכט נסים מיטן כּוח פֿון שטן". און אַנדערע האָבן געזאָגט: „דאָס איז דער, וועלכער האָט אונדזערע קראַנקע געהיילט. די ישועה איז צוריקגעקומען צו אונדז". און עס איז געווען, ווען דער רבי איז אַרופֿגעגאַנגען אויפֿן בעלעמער צו דרשענען נאָך קריאת התּורה, האָבן טייל געזאָגט, אַז ער זאָל יאָ דרשענען, און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ניין. און ווען עס איז שטיל געוואָרן, האָט דער רבי געזאָגט צום עולם: „איך בין דאָס לעבעדיקע ברויט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פֿון הימל. דער, וואָס וועט עסן פֿון דעם ברויט, דער וועט אייביק לעבן. און דאָס ברויט, וואָס איך וועל געבן, איז מײַן פֿלייש, וואָס איך בין מקריבֿ פֿאַר דעם לעבן פֿון דער וועלט".

איז געוואָרן אַ גרויס גערודער אין דער שול. דער ראש הכּנסת האָט זיך אַנגערופֿן און געזאָגט: „קאָן ווער פֿאַרשטיין זײַנע רייד? ווי אַזוי קאָן ער אונדז געבן זײַן פֿלייש צו עסן?"

און די מתפּללים האָבן אָנגעהויבן צו מורמלען: „איז ער נישט ישוע דער זון פֿון יוסף? ווי אַזוי קאָן ער אונדז געבן זײַן פֿלייש צו עסן?"

אָבער אונדזער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און זיי געזאָגט: „באמת זאָג איך אײַך, אַז דער וואָס וועט נישט עסן דאָס פֿלייש פֿון בן־אדם און וועט נישט טרינקען פֿון זײַן בלוט, דער האָט קיין לעבן נישט. ווער עס עסט מײַן פֿלייש און טרינקט מײַן בלוט, דער וואוינט אין מיר, און איך בין אין אים".

און עס איז געווען, ווען די מתפּללים האָבן דאָס געהערט, אַזוי איז אַ גרויס געלעכטער געוואָרן אין בית־הכּנסת און זיי האָבן געזאָגט, אַז נישט אַנדערש סײַדן

עס איז אַרײַן אין אים אַ שלעכטער גײַסט. און זיי האָבן אים קיין שלעכטס נישט געטון, נאָר בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן געלאַכט פֿון אים.

און באַלד האָט זיך פֿאַרשפּרייט דאָס קול איבער דער שטאָט און דער מדינה אַרום, אַז אַ שלעכטער גײַסט האָט זיך באַזעצט אין רבין. און עס איז געווען, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס אָדער אין באָרטן, וואו עס אַרבעטן די פֿישערלײַט, האָט שוין נישט דאָס פֿאָלק געשטרעבט צו אים ווי אַמאָל, נאָר טייל האָבן אים פֿאַרשעמט און אים נאָכגערופֿן: „דאָ גייט דער מאַן, וואָס האָט פֿאַריאָגט דעם שטן בײַ אַנדערע, און דער שטן האָט זיך אין אים אַליין באַזעצט". און די קינדער האָבן אים נאָכגערופֿן: „גיי אַרויס, גיי אַרויס, דו באַזעסענער!" אָבער אַנדערע האָבן געזאָגט: „מען קאָן נישט וויסן, עפּעס וואָס מוז זײַן אין דעם מאַן".

און עס האָבן זיך געהאַלטן אין אים נאָר די, וואָס האָבן געגלייבט אין אים. און צווישן זיי זײַנען געווען פֿיל אָרעמעלײַט, לײַט מיט ביטערע הערצער, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן. און עס האָבן זיך געפֿונען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע זײַנען געווען אין ספֿק אויפֿגענומען צו ווערן אין קהל פֿון ישראל, און אַזעלכע, וועלכע זײַנען נישט געווען ריין, און ער האָט פֿאַר זיי גערעדט וועגן מלכות־השמים מיט רמזים און צייכנס. און אַ טייל פֿון זיי האָט ער אַפֿילו סומך געווען פֿאַר זײַנע תּלמידים, און זיי איבערגעגעבן דאָס רשות צו באַפֿעלן איבער רוחות און שדים, און צעשיקט זיי צווייַ און צוויי אין די שטעט אַרום. ער האָט געזאָגט: „דער שניט איז גרויס און די שניטער זײַנען ווייניק. דורך דעם דאַרף מען בעטן דעם האַר פֿון שניטער, אַז ער זאָל שיקן אַרבעטער פֿאַרן שניט". און באַלד האָבן ווידער אָנגעהויבן שטרעבן צו אים מאַסן לײַט פֿון די ערטער און די דערפֿער, וואו די שליחים זײַנען געקומען און האָבן פֿאַרשפּרייט זײַן בשורה. פֿיל פֿון זיי האָבן מיטגעבראַכט זייערע קראַנקע, אַנדערע אָבער זײַנען געקומען בלויז צו קוקן אויף אים און האָבן גאָרנישט דערוואַרט פֿון אים און האָבן גאָרנישט געבעטן בײַ אים פֿאַר זיך, נאָר זיי האָבן געוואָלט הערן און וויסן, אויב עס איז דאָ אַ האָפֿענונג פֿאַר זיי נאָך זייער טויט און אויב זיי וועלן אויפֿגענומען ווערן אין מלכות־השמים, וועגן וועלכן זײַנע שליחים האָבן פֿאַרציילט. און דער רבי האָט די אַלע לײַט, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען פֿיל זינדיקע, אויפֿגענומען. און אַ סך פֿון זיי זײַנען געווען אין ספֿקות פֿון כּשרות און אויב זיי קאָנען ווערן אויפֿגענומען בכלל ישראל, ווײַל זיי האָבן געהערט צו די בני־עמון און מואָב, וועלכע זײַנען געזעסן מיט די ייִדן אין די שטעט. אָבער דער רבי האָט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן זיי, און האָט זיי אַלעמען צוגעלאָזט צו זיך און אויסגעזעצט אַרום זיך. און ווען אַפֿילו די סכּנה איז געווען זייער גרויס, אַז די שוטרים און די שומרים פֿון מלכות זאָלן קומען און אים פֿעסטנעמען, דאָך האָט ער נישט געקוקט דערויף. און ווען אַפֿילו דער רבי האָט זיי נישט געהאַט וואָס צו געבן צו עסן, וואָרעם מײַן קופּה איז געווען ליידיק און מיר האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפֿן פֿאַר דעם גאַנצן פֿאָלק ברויט, אויך איז קיינער פֿון די נגידים נישט געקומען מער בײַצושטײַערן, — האָט ער זיי געשפּײַזט מיט דעם הייליקן ברויט פֿון מלכות־השמים. און ווען אַפֿילו ער האָט נישט אָנטפּלעקט פֿאַר זיי גאָרנישט פֿון די גרויסע זאַכן, וואָס שטייען פֿאָר, און אויב אויף אונדז איז שווער געווען זײַן געבאָט נישט צו אַנטפּלעקן פֿאַר קיינעם

פֿון די געשעענישן, פֿאַר וועלכע מיר זײַנען עדות געווען, — דאָך האָבן זיי זיך געהאַלטן אין אים. וואָרעם דער רבי האָט דערנענטערט זייערע הערצער צו זײַנעם, און מיר אַלע זײַנען געוואָרן ווי איין משפּחה.

און עס איז געווען, ווען די לײַט פֿון שטאָט האָבן געזען, אַז עס זאַמלען זיך ווידער די אָרעמעלײַט פֿון דער גאַנצער געגנט אַרום און זיי ברענגען צו אים זייערע קראַנקע צו היילן, אַזוי האָבן זיי געאײַלט צו אים און געזאָגט: „אַן אומגליק ברענגסטו איבער אונדזער קאָפּ. די שליחי־מלכות זײַנען היגטער דיר. און עס וועט זײַן, אַז זיי וועלן זען דאָס פֿאָלק פֿאַרזאַמלט אַרום דיר, אַזוי וועט זייער צאָרן אויך ווערן אויסגעגאָסן אויף אונדז". אָבער דער רבי האָט זיי געענטפֿערט: „גייט און זאָגט דעם פֿאָלק, — מײַן צײַט איז נאָך נישט געקומען".

און דאָס קול איז אַרויסגעגאַנגען איבער דער מדינה, אַז דער רבי איז צוריקגעקומען פֿון די שטעט פֿון די גויים און האַלט זיך אין כּפֿר־נחום אויף. און טייל האָבן געזאָגט, אַז דער רבי טוט די וואונדער מיט כּוח און רשות, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן מן השמים. און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז נאָר אַלץ אַ פֿאַרבלענדעניש פֿאַר די אויגן, און אַ שלעכטער גײַסט האָט זיך באַזעצט אין אים. און עס איז דענסטמאָל פֿיל גערעדט געוואָרן וועגן מײַן רבין אין די שטעט. און דאָס געררויש האָט אויך צו זײַן מוטער אין נצרת דערגרייכט. האָט זי צונויפֿגעזאַמלט אירע קינדער און איז מיט זיי אויפֿגעגאַנגען קיין כּפֿר־נחום, כּדי דעם רבין צו נעמען אַהיים, וואָרעם זי האָט זיך געשראָקן פֿאַר זײַן לעבן. און איין מאָל איז דער רבי געווען פֿאַרזאַמלט מיט זײַנע תּלמידים בײַ שמעונס שוויגער אין שטוב. עס איז געווען אין אָוונט, און ער האָט געבראָכן מיט אונדז ברויט און גערעדט מיט אונדז וועגן מלכות השמים. און מיר זײַנען געווען ווי אַ משפּחה צוזאַמען, וואָרעם עס זײַנען דאָרט פֿאַרזאַמלט געווען די אַלע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין אים און זײַנען פֿאַרשעמט געוואָרן פֿאַר זײַן נאָמען און גערודפֿט געוואָרן צוליב אים. איז זײַן מוטער געקומען און האָט זיך געשטעלט אין דער טיר פֿון שטוב און האָט געקוקט אויף אים מיט גרויס לייד, און אירע אויגן זײַנען רויט געווען פֿון וויינען. די טרערן זײַנען גערונען פֿון זיי און האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין די שניטן און אין די פֿאַלדן פֿון איר צעאַקערט פּנים. און זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים אירע הענט און געזאָגט: „מײַן קינד, וואָס פֿאַראַ אומגליק ברענגסטו איבער דײַן קאָפּ? פֿאַר וואָס איך האָב זיך געשראָקן, איז געשען. איך שלאָף נישט קיין נעכט צוליב דיר. די שווערד פֿון מלכות שוועבט איבער דיר, און די לײַט קריגן אויף דיר, קום צו דײַן מוטער אַהיים, דײַן טאַטנס מלאכה וואַרט אויף דיר, און געפֿין מנוחה אין דעם בוזעם פֿון דײַן משפּחה. וואָרעם געפֿערלעך איז די זאַך, וואָס דו האָסט זיך אונטערגענומען. זי וועט דיך אין גרויס סכּנה ברענגען". — און נאָך אַזעלכע רייד, וואָס אַ מוטער רעדט צו אַ זון, וועלכער גייט אין שלעכטן וועג.

און דער רבי איז געזעסן צווישן אונדז און ער האָט נישט געהערט צו זײַן מוטערס רייד. און זי האָט נישט געקאָנט צוקומען נאָענט צו אים, מחמת דעם פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען אַרום אים. האָט איינער פֿון אונדז זיך אָנגערופֿן צום רבין און געזאָגט: „זע, דײַן מוטער שטייט בײַ דער טיר!" אָבער דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט און געזאָגט: „ווער איז מײַן מוטער? ווער זײַנען מײַנע ברידער?

די. וואָס טוען דעם ווילן פֿון פֿאָטער אין הימל, די זײַנען מײַנע ברידער און מײַן מוטער". און ווען אירע קינדער האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי די מוטער אַוועקגעפֿירט פֿון דאָרט אין גרויס געוויין.

זאָגט יהודה, דער מאַן פֿון קריות:

מײַן גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעלעבט צווישן די חכמים, און אַזעלכעס האָב איך נאָך נישט געהערט און נישט געזען. איך הער דונערן און זע בליצן, און דער רעגן קומט נישט. איך קוק מיך צו צו די מעשׂים פֿון מײַן רבין דאָ אין כּפֿר־נחום, און איך דערקען אים נישט מער. זײַן אויפֿפֿירן זיך איז גאַנץ אַנדערש ווי יעדעס מאָל. און זײַן תּורה איז אַ גאַנץ אַנדערע, און זײַנע וועגן, אויף וועלכע ער גייט, זײַנען גאַנץ אַנדערע. און איך שטיי פֿאַרלוירן, און איך ווייס נישט וואוּאַהין און וואו־אויס.

דאָס מלכות־השמים האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אונדז, אויף זײַן אָרט איז געקומען ער, דער רבי! „ער איז דאָס ברויט פֿון לעבן, און דער, וואָס עסט דאָס ברויט האָט דאָס אייביקע לעבן". אָבער וואָס איז דאָס ברויט פֿון לעבן, — די תּורה, די מצוות, די מעשׂים־טובֿים? די תּורה און די נבֿיאים זײַנען געגעבן ביז צו יוחנן, און פֿון דאַן אָן און ווײַטער — די בשׂורה פֿון מלכות אלהים. אָבער וואָס איז עס דאָס מלכות אלהים? ניין, עס איז נישט מער, ווי מיר האָבן עס פֿאַרשטאַנען ביז איצט. ער איז דאָס מלכות אלהים. ער איז, חלילה, דער עיקר, און אַלעס אַנדערע איז טפֿל. דער עיקר איז די אמונה. ווען איר וואָלט באַזעסן אמונה, קאָנט איר זאָגן צום פֿײַגנבוים: „רײַס דיך אויס און פֿלאַנץ דיך אײַן אין ים".

און מײַנע געדערעם ציטערן אין מיר פֿאַר שרעק, און מײַן שלאָף איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן פֿון מײַנע אויגן. און איך זאָג מיר טויזנט מאָל אין טאָג: ווי ווײַט דערגרייען די זאַכן? און וואוהין צילט ער? וואָס מיינט ער דערמיט?

און איך האָב זיך געשטראָפּט אַליין און צו זיך גערעדט ביטערע ווערטער: וואָס קלערסטו, דו, יהודה, איש קריות? מיט וואָס פֿאַרא מחשבֿות טראָגסטו זיך אַרום וועגן דײַן רבין? און איך האָב געוואָלט גיין און באַשיטן מיט אַש מײַן קאָפּ און אויסטון די שיך און קומען פֿאַר מײַן רבין און פֿאַלן צו זײַנע פֿיס איבער די שלעכטע מחשבֿות, וואָס איך טראַכט וועגן מײַן רבין.

אויב ווידער אַזוי, האָב איך מיר געזאָגט, שטיי איך דאָך בײַם היכל, איז פֿאַרוואָס שווײַג איך ווידער?

און אַ ציטערניש און אַ פֿלאַטערניש האָבן מיך אַרומגענומען צו קלערן וועגן דעם. און דער ספֿק האָט מיך געוואָרפֿן ווי אַ שטורעמווינט פֿון די העכסטע הייכן אין די טיפֿסטע אָפּגרונטן. און איך האָב נישט געוואוסט, וואָס צו טון, ביז עס איז איין מאָל בײַנאַכט אויף מײַן געלעגער געקומען דאָס געשטאַלט פֿון מײַן רבין נקדימון פֿון ירושלים. און איך האָב מיר געטראַכט: אַליין וועסטו נישט דערגיין, יהודה, די וועגן פֿון דײַן רבין ישוע און די זאַכן, וואָס שטייען אין דער הייך פֿון דער וועלט. ווי אַזוי קאָנסטו עס נעמען אויף זיך?

און איך האָב זיך געוואונדערט. וואָס איך האָב עס נישט געטון פֿריער, אַזוי ווי מיר זײַנען נאָך אַרײַנגעקומען קיין כּפֿר־נחום.

און איך בין געגאַנגען און האָב גענומען אַ שליח און אים געשיקט קיין ירושלים. איך האָב אים געזאָגט אין אויער אַרײַן:

— גיי אויף קיין ירושלים און זוך אויף דעם רבין נקדימון און זאָג אים, אַז ער זאָל באַלד אויפֿברעכן און אַראָפּנידערן קיין כּפֿר־נחום, וואָרעם עפּעס גרויסעס טוט דאָ גאָט מיט אונדז. און דײַן תּלמיד איז נישט בכּוח עס צו באַ־גרייפֿן און ווייס נישט מער, אויב עס איז אין רשות אָדער, חלילה, עס שטייט אויסער דעם רשות, ער קאָן עס נישט אויסטײַטשן. דורך דעם זאָל ער זיך צואײַלן, וואָרעם עס האַנדלט זיך וועגן זאַכן, וואָס רירן אָן דעם וואָרצל פֿון ישׂראל.

און איך האָב אָנגעזאָגט דעם שליח צו היטן זיך צו פֿאַרטרויען וועמען אַ וואָרט דערפֿון, נאָר צום רבין נקדימון אַליין איז די בשׂורה געשיקט.

# XIX

און דער רבי נקדימון האָט געאײַלט און איז אַראָפּגעקומען קיין כּפֿר־נחום און האָט מיך אָפּגעזוכט אין געהיימניש און נאָכגעפֿרעגט זיך בײַ מיר וועגן דער זאַך. און איך האָב אים פֿאַרציילט פֿון אַלעם, וואָס עס איז געשען מיט אונ־דזער רבין און מיט אונדז אויף דעם וועג, פֿון די מעשׂים, וואָס ער האָט געטון, און פֿון די ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט, — „און אויך משה און אליהו האָבן אַראָפּגענידערט פֿון הימל, כּדי עדות צו זאָגן אויף דער זאַך".

און ווי דער רבי נקדימון האָט דאָס דערהערט, איז ער בלייך געוואָרן פֿאַר שרעק, און זײַנע הענט און פֿיס האָבן אָנגענומען אַ ציטערניש. און די פֿרייד איז געלעגן אין זײַנע אויגן און ער האָט געזאָגט מיט גרויס שׂמחה: „נישט אַנדערש נאָר גאָט מיינט גוט מיט אונדז. עס קאָן נישט זײַן, אַז די אַלע זאַכן זאָלן האָבן געשען צוליב גאָרנישט. און דאָס, וואָס ער טוט, און דאָס, וואָס ער לערנט, איז נישט אַנדערש, נאָר ער האָט רשות דערויף, וואָרעם עס קאָן נישט זײַן, אַז ער זאָל האָבן געטון די אַלע זאַכן און גערעדט די רייד, און דער רשות דערויף איז נישטאָ אין זײַן האַנט. אויב, חלילה, עס איז אַזוי... נאָר צו וואָס זאָלן מיר זײַן אין ספֿק? פֿיר מיך צו דײַן רבין און לאָמיר דערגיין די זאַך פֿון אים אַליין".

און אונדזער רבי האָט זיך דערנסטמאָל געפֿונען אויפֿן בוידעם שטיבל פֿון שמעונס שוויגער־מוטער, אַזוי ווי תּמיד.

און מיר האָבן מיטגענומען שמעון הקנאי, פֿון דעם רבינס תּלמידים, וואָס איז אויך געווען מיט אונדז אין איין דעה.

און מיר זײַנען אַלע דרײַ אַרײַנגעגאַנגען צו אונדזער רבין אין דער גע־היימניש פֿון דער נאַכט, און די אַנדערע תּלמידים האָבן נישט געוווּסט דערפֿון.

און נקדימון האָט זיך פֿאַרבויגן טיף פֿאַר מײַן רבין און געזאָגט:

— מיר הערן שטימען און מיר פֿאַרשטייען זיי נישט, מיר זעען צייכנס — און מיר קאָנען זיי נישט אויסטײַטשן. זאָג אונדז, ביסטו דאָס דער, וועלכן מען האָט אונדז צוגעזאָגט, אָדער מיר זאָלן וואַרטן אויף אַן אַנדערן? אויב דו ביסט דער, ווער דו ביסט, באַהאַלט עס נישט מער פֿון אונדז, וואָרעם מיר האָבן נישט מער קיין כּוח צו וואַרטן. גיב אונדז אַ צייכן, אַז גאָט האָט דיך געשיקט צו אונדז, און מיר וועלן זיך וואַרפֿן צו דײַנע פֿיס און דיך אַנטדעקענען פֿאַרן געזאַלבטן פֿון ישׂראל און אויספֿירן דײַנע געבאָטן, וואָס דו וועסט אונדז הייסן.

אָבער דער רבי האָט אים אָפּגעענטפערט מיט פאַרשטעלטע ווערטער:

— ווען עס ווערט אָונט זאָגט איר: „עס וועט גוטער וועטער זײַן, ווײַל דער הימל איז רויט געוואָרן"; פרימאָרגן זאָגט איר: „הײַנט וועט רעגענען, ווײַל דער הימל איז גרוי און באַטריבט". די צייכנס פון הימל ווייסט איר אויסצוטײַטשן, אָבער די צייכנס פון דער ערד ווייסט איר נישט. אַ בייזער און אַ שלעכטער דור פאַרלאַנגט צייכנס, עס וועלן אײַך קיין צייכנס נישט געגעבן ווערן.

אָבער נקדימון האָט זיך ווידער פאַרבויגן פאַר אים און געזאָגט:

— ווי אַזוי זאָלן מיר גלייבן, אַז דו ביסט ד ע ר, און נאָכגיין נאָך דיר אָן אַ צייכן? מיר זײַנען דאָך געבונדן מיט חוקים ומשפטים, וואָס משה רבינו האָט אונדז געגעבן, און ער האָט אונדז אָנגעוויזן, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך אויפפירן, ווען עס וועט זיך צו אונדז אַ נביא באַווײַזן.

אָבער דער רבי האָט אָפּגעענטפערט:

— דער, וואָס גלייבט אין מיר, דער האָט די וועלט, דער האָט דאָס אייביקע לעבן, דען איך בין דאָס ברויט פון לעבן.

אָבער נקדימון איז פאַרוואונדערט געוואָרן. בלייך און פאַרקלערט, האָט ער זיך געבויגן פאַרן רבין און געזאָגט:

— אויך משה רבינו איז צו אונדז געקומען. ער האָט אונדז נישט געהייסן גלייבן אין זיך, נאָר אין גאָט, וואָס האָט אים געשיקט, אין זײַנע חוקים און משפטים, וואָס ער האָט אים פאַר אונדז געגעבן. אויך די נביאים זײַנען צו אונדז געקומען און זיי האָבן אונדז נישט געהייסן גלייבן אין זיך, נאָר אין גאָט, וואָס האָט זיי געשיקט, כדי צו האַלטן פון זײַנע געבאָטן. גיב אונדז אַ צייכן, אַז דו ביסט פון גאָט געשיקט און זײַן וואָרט איז אין דײַן מויל, וועלן מיר גלייבן אין דײַן שליחות. וואָס הייסט, מיר זאָלן גלייבן אין דיר? ביסטו דען גרעסער ווי אברהם אבינו, ווי משה, ווי די נביאים, וועלכע האָבן געהייסן גלייבן אין גאָט, נישט אין זיך?

און דער רבי האָט געענטפערט:

— איר האַלט אין דער האַנט שאַרבנס, איך אָבער בין די גאַנצע כּלי, אַ נײַע כּלי, וואָס גאָט האָט געשאַפן.

האָט נקדימון אים געפרעגט:

— ווי אַזוי זאָל איך פאַרשטיין דײַנע ווערטער, רבי?

דער רבי האָט אים אָפּגעענטפערט:

— האָב איך אײַך דען נישט געזאָגט, אַז מען לייגט נישט קיין נײַע פלעקן אויף אַן אַלט קלייד און מען גיסט נישט אַרײַן קיין נײַעם ווײַן אין אַן אַלטן לאָגל?

האָט אים נקדימון געזאָגט:

— דאָס איז טאַקע צוליב דיר, וואָס מיר פאַרלאַנגען פון דיר אַ צייכן, וואָרעם דו פאַררופסט זיך נישט אויף די אַלטע, נאָר דו ווילסט באַשאַפן עפּעס אַ נײַעס, וואָס די עלטערע דורות האָבן אונדז נישט געלערנט. מוזן מיר האָבן די זיכער־קייט אין אונדזערע הענט, אַז דו ביסט די נײַע, צוגעזאָגטע כּלי און דו האָסט רשות דערויף.

אָבער דער רבי האָט זיך געבייזערט אויף אים און געזאָגט:

— ווי צו אײַך, סופרים, איר מאַכט זיך נפשות איבער די קבֿרים פֿון די נבֿיאים, וואָס אײַערע עלטערן האָבן געהרגעט. ווען די נסים און די נפֿלאות וואָלטן געטון געוואָרן אין צור און צידון...

— צו צור און צידון זײַנען נישט געגעבן געוואָרן קיין חוקים און משפטים און זיי זײַנען נישט געבונדן מיט משהס תורה. צו אונדז איז געגעבן געוואָרן די תורה און מיר האָבן געזאָגט: „נעשה ונשמע". ווי קאָנען מיר עפּעס טון קעגן דער תורה?

ווען איך האָב געזען, אַז די זאַכן גייען צו ווײַט, האָב איך געפֿרעגט מײַן רבין:

— רבי, לערן מיך, ווי ווייט גייט די אמונה? וואו איז די גרענעץ, בײַ וועל־כער אויך די אמונה שטעלט זיך אָפּ?

און דער רבי האָט מיר דערויף געענטפֿערט:

— עס איז נישטאָ קיין גרענעץ פֿאַר דער אמונה. די אמונה איז די שנור, וואָס דער מענטש האַלט, ווען אַפֿילו ער גייט אין שאול־תחתיה. זי באַגלייט אים ביז צום ראַנד פֿון קבֿר און נאָך ווײַטער. האָט נישט דוד המלך געזאָגט: „וגם כי אלך בגי צלמות, לא אירא רע, כי אתה עמדי"? ווען איר גלייבט אין מיר, בין איך, וואָס איך בין. האָב איך אײַך נישט געלערנט, יהודה — ווען איר וואָלט געהאַט אַפֿילו אַזוי פֿיל גלויבן ווי אַ זאָמען פֿון אַ זענעפֿט, אַזוי ווען איר וואָלט גע־זאָגט צו דעם פֿײַגנבוים: — ווער אויסגעוואָרצלט פֿון דער ערד און ווער געפֿלאַנצט אין ים, אַזוי וועט ער אײַך צוהערן.

און מיר האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, און מיר האָבן מורא גע־קראָגן פֿאַר אים, וואָרעם עס איז געווען שטאַרקייט אין זײַנע רייד.

און דער רבי נקדימון האָט זיך ווידער פֿאַרבויגן פֿאַר אים און זיך געווענדט צום רבין:

— פֿיל ווערטער האָבן מיר געהערט פֿון דיר, וואָס האָבן אָנגעפֿילט אונדזער האַרץ מיט האָפֿענונג. מיר שטייען פֿאַר אַ וואַנט און מיר זעען נישט אונדזער וועג. באַהאַלט זיך נישט פֿאַר אונדז, וואָרעם מיר זײַנען די, וואָס האָבן אויס־געוואָרט אויף דיר. לערן אונדז, רבי, ווען זאָלן מיר דיך דערוואַרטן, ווען וועסטו קומען און ווען וועסטו אונדז באַפֿרײַען פֿון די שטריק פֿון אדום?

און דער רבי האָט אים אָפּגעענטפֿערט: „נקדימון, דאָס מלכות פֿון גאָט איז נישט דאָ און עס איז נישט דאָרט, און עס ווערט נישט געזען מיט די אויגן, נאָר עס איז אין אײַער האַרץ. און איך בין געקומען אײַך באַפֿרײַען נישט פֿון די שטריק פֿון אדום, נאָר פֿון די שטריק פֿון זינד, וואָס דריקן אײַך ווי שלאַנגען. איך בין געקומען ברענגען אַ גאולה, וואָס ענדיקט זיך נישט בײַ קיין גרענעץ פֿון לאַנד אָדער וואַסער, נאָר דעקט צו די גאַנצע ערד, ווי דער גײַסט פֿון גאָט, און קיין בשׂר־ודם קאָן זי פֿון אײַך נישט צונעמען, ווײַל זי איז אין אײַך".

אָבער נקדימון האָט זיך אָנגערופֿן:

— וואויל איז צו די אויערן, וואָס הערן דאָס. און אויך דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט: „איך וועל אײַך מאַכן פֿאַר אַ ברית פֿון די פֿעלקער, צו אַ ליכט פֿאַר די גוים, צו עפֿענען די בלינדע אויגן, אַרויסצונעמען פֿון געפֿענגעניש די געבונדענע, די, וואָס זיצן אין דער פֿינצטער". אָבער צו האָסטו נישט, רבי, דײַן שופֿר, דעם קול־בשׂורה פֿאַר ישׂראל? מיר האָבן פֿאַרשלאָסן אונדזערע הערצער

פֿאַר יעדער פֿרייד פֿון דער וועלט, כּדי מיר זאָלן זיך אין גאַנצן אָוועקשענקען צו גאָט. אונדזערע שׂונאים האָבן מיט טויזנטער מײַלער געפֿרעסן דעם געגוס פֿון לעבן, זייערע מײַלער זײַנען איבערגעגאָסן געוואָרן מיט דער זיסקייט פֿון מאַכט און נצחון; אונדזערע ליפּן זײַנען פֿאַרחתמעט געווען מיט ביטערקייט פֿון פֿאַר־שעמטן. מיר זײַנען געזעסן אויף דער אָפּגעזעגטער צווײַג פֿון בוים, און דאָך האָבן מיר נישט אויפֿגעהערט צו האָפֿן און צו וואַרטן. מיר האָבן דאָס קומען פֿון דער גאולה אַרויסגעכּשופֿט מיט אונדזערע ווייטאָגן. איצט, אַז די גאולה שטייט הינטער דער טיר, זאָל זי איר קלייד ניש פֿאַרשפּרייטן אויף ישׂראל? מיר זײַנען די, וואָס האָבן באַצאָלט פֿאַרן חפֿץ דעם פֿולן פּרײַז. אונדז געהערט דער חפֿץ.

אָבער דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו נקדימון און האָט אים געזאָגט:

— נקדימון, נקדימון, ווי איז צו די, וואָס מעסטן גאָט מיט דער מאָס פֿון מענטש. דער חפֿץ איז נישט געקויפֿט, דער חפֿץ איז געגעבן, בחינם איז ער געגעבן און בחינם וועט ער גענומען, אַ געשאַנק איז עס פֿון פֿאָטער אין הימל צו דעם בחיר פֿון זײַן באַשעפֿעניש, דעם מענטש. איידער די וועלט איז נאָך באַשאַפֿן געוואָרן, איידער גאָט האָט נאָך די ערד אין דעם חלל געשיקט, איז דער חפֿץ שוין מיט אים אין הימל געווען. צוליב אים האָט ער די וועלט באַשאַפֿן, צוליב אים האָט ער דעם בן־אדם אין דער וועלט געשיקט. קיין שׂכר האָט אים נישט געקענט געווינען, נאָר דער חסד פֿון גאָט אַליין, ווײַל דער חפֿץ איז העכער פֿון געווינס, העכער פֿון געזעץ, דורך דעם — העכער פֿון דער תּורה. קיין וואָג וועגט אים נישט, קיין מאָס מעסט אים נישט. ער איז גאָטס חסד, וואָס ער האָט געטון מיט מענטשן.

און נקדימון האָט געזאָגט:

— אדום האָלט מלחמה מיט רײַטוועגן, פֿערד און שווערדן, און נישט מיט קיין רוח קאָן מען אים באַזיגן, נאָר מיט דונערן און בליצן. דער, וואָס קומט צו אים מיט אַנדערע כּלי־זיין, איז אַ בן־מות.

אָבער דער רבי האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— נקדימון, דער בן־אדם איז אויך אַ האָר איבערן טויט!

און מיר האָבן דענסטמאָל נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט מיט די ווערטער, נאָר ווען מיר האָבן די ווערטער דערהערט, זײַנען מיר שטיל געוואָרן. און די רייד פֿון רבין זײַנען נאָר געווען פֿאַר אונדז דרײַ, און מיר האָבן די אַנדערע תּלמידים נישט פֿאַרציילט.

*

און עס איז געווען נאָך דעם געשפּרעך, וואָס דער רבי האָט געהאַט מיט נקדי־מון, האָט ער צונויפֿגערופֿן זײַנע תּלמידים און האָט געזאָגט:

— מײַן צײַט איז געקומען, איך זאָל אויפֿגיין קיין ירושלים, מאַכט אײַך גרייט. און וויסן זאָלט איר וויסן זײַן, אַז עס וועלן מקוים ווערן אויף דעם בן־אדם אַלע רייד פֿון די נביאים.

און ער האָט אונדז ווײַטער מגלה געווען פֿון אַלעם, וואָס עס וועט מיט אים געשען אין ירושלים.

און ווי די תּלמידים האָבן דערהערט, אַז דער קץ רוקט זיך אָן, אַזוי זײַנען זייערע הערצער צעגאַנגען פֿון פּחד און זייערע קני האָבן געציטערט, און זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן, וואָרעם זיי זײַנען דערשראָקן געוואָרן. נאָר שמעון בר־יונה איז געפֿאַלן צו זײַנע פֿיס און האָט אויסגעשטרעקט צו אים זײַנע הענט און האָט גערופֿן: „גיי נישט אויף קיין ירושלים, בלײַב דאָ, רבי, איך וועל בויען דרײַ בײַדלעך אויף יענעם באַרג, — איינס פֿאַר דיר, איינס פֿאַר אליהון...” וואָרעם ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן פֿאַר גרויס שרעק. אָבער דער רבי האָט אים געענטפֿערט: „ווען איר ווילט, קאָנט איר מיך פֿאַרלאָזן ווי די אַנדערע”. און שמעון האָט אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און האָט געזאָגט: „רבי, וואָס האָבן מיר אַחוץ דיר? מיר האָבן אַלץ פֿאַרלאָזט, און מיר וועלן נאָך דיר נאָכגיין אַפֿילו קיין ירושלים”.

*

איידער מיר האָבן כּפֿר־נחום פֿאַרלאָזט, כּדי אַריבערצוגיין דעם ירדן צו די גרענעצן פֿון יהודה, זײַנען מיר — שמעון דער קנאי און איך — אויך אַוועק צום רבין נקדימון און מיר האָבן אָפּשייד גענומען פֿון אים. און מיר האָבן אים פֿאַרציילט וועגן דעם, וואָס דער רבי האָט געזאָגט אויף זיך — און דאָך גייט ער קיין ירושלים אויף. און נקדימון האָט געפֿרעגט שמעון דעם קנאי: „און דו גייסט נאָך אים?” — און שמעון האָט אים אָפּגעענטפֿערט: „יאָ, איך בין דער אייביקער קנעכט פֿון גאָט”. און נקדימון האָט מיך געפֿרעגט: „און אויך דו, יהודה, גייסט נאָך דײַן רבין קיין ירושלים?” — און איך האָב אים אָפּגעענטפֿערט: „יאָ, רבי נקדימון, איך גלייב באמונה שלמה, אַז דער חפֿץ איז אין זײַן האַנט”.

און אַז די לײַט פֿון כּפֿר־נחום האָבן געהערט, אַז אונדזער רבי גייט אויף קיין ירושלים, זײַנען אים אייניקע פֿון די שטאָטישע מענטשן נאָכגעגאַנגען, וואָרעם זיי האָבן געטראַכט, טאָמער וועט ער דאָרט נסים באַווײַזן און אַוועקנעמען דאָס עשירות פֿון די רײַכע און צעווישן די אָרעמע צעטיילן, האָבן זיי אויך געוואָלט האָבן אַ חלק אין דעם. און איינער פֿון זיי איז געטראָטן פֿאַרן רבין און געזאָגט: „מײַן האַר, איך וועל נאָכגיין נאָך דיר אומעטום, וואו דו וועסט גיין”. — האָט ישוע געזאָגט צו אים: „די פֿוקסן האָבן לעכער אין דער ערד, און די פֿייגל אין הימל — נעסטן, אָבער דער בן־אדם האָט נישט קיין אָרט, וואו זײַן קאָפּ אַנידערצולייגן”.

ווען די לײַט האָבן דערהערט דעם רבינס רייד, אַזוי האָבן זיי זיך דערשראָקן און זײַנען אָפּגעשטאַנען אין מיטן וועג און צוריק געגאַנגען אַהיים. און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו אַן אַנדערן פֿון זיי: „קום, גיי נאָך מיר!” — און דער מאַן האָט געענטפֿערט: „רבי, לאָז מיך צוערשט אַהיימגיין און מײַן פֿאָטער באַגראָבן.” און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו אים: „זאָלן די טויטע באַגראָבן די טויטע, אָבער דו גיי און קונדיק אָן דאָס מלכות פֿון הימל!” — און אַ דריטער האָט צו אים געזאָגט: „יאָ, רבי, איך וועל גיין נאָך דיר, אָבער גיב מיר צוערשט רשות, אַז איך זאָל זיך פֿאַראַפּשיידן פֿון מײַן הויזגעזינד”. — דער רבי האָט זיך אָבער אָנגערופֿן צו זיי און געזאָגט: „דער, וואָס לייגט זײַן האַנט

אויפֿן אַקעראַײַזן און קוקט זיך אום אויף הינטער זיך, דער איז נישט ראוי צום מלכות־אלהים״. — און ער האָט זיי געלאָזט הינטער זיך און איז געגאַנגען ווײַטער זײַן וועג.

און עס איז קײנער נישט נאָכגעגאַנגען נאָכן רבין קיין ירושלים, נאָר מיר, זײַנע תּלמידים, וואָס מיר האָבן פֿאַרבונדן אונדזער גורל מיט אים. און ווען אַפֿילו אונדזערע הערצער האָבן זיך געשראָקן פֿאַר דעם, וואָס עס שטייט אונדז פֿאַר אין ירושלים, דאָך זײַנען מיר נאָך אים נאָכגעגאַנגען, מיר, די תּלמידים, און מרים, דאָס ווײַב, וואָס האָט געהיטן די זאַלב־איילן און האָט געפֿירט דעם בלינדן בר־תּלמי נאָך אונדז.

*

זאָגט דער איבערשרײַבער:

דאָ האָט זיך פֿאַרענדיקט דער כּתבֿ־יד, וואָס דער געערטער פֿאָן וויאַדאָמסקי האָט אַרײַנגעלייגט אין מײַנע הענט. דער כּתבֿ־יד איז געווען אײַנגעריסן. מען האָט געזען די רויע הענט, וואָס האָבן דעם כּתבֿ־יד, ווי אַ לעבעדיקן לײַב, צעריסן אין צווייען.

# ד ר י ט ע ר   ט י י ל

# 1

אין דער צײַט האָב איך באַין אופֿן נישט געקאָנט צוקומען צו פּאַן וויאַדאָמסקי. ער איז געווען מיט עפּעס זייער פֿאַרנומען. ער האָט דענסטמאָל זיך געהאַט אַרומגערינגלט מיט אַ נײַעם קרייז מענטשן, וואָס איך האָב נישט געקענט און נישט געוואוסט, ווער זיי זײַנען אַזעלכע. ווען איך בין אַרײַנגעקומען צו אים, האָב איך אָנגעטראָפֿן, אַז ער איז מיט וועמען דאָרט אײַנגעשלאָסן אין זײַן קאַבינעט. מיך האָט ער געלאָזט שעהן־לאַנג וואַרטן אין לאַנגן קאָרידאָר. נאָר טאָמער בין איך אומגעדולדיק געוואָרן און געוואָלט אַוועקגיין, אַזוי איז ער, ווי ער וואָלט עס דערפֿילט אינסטינקטיוו אינעווייניק, אַרויסגעקומען צולויפֿן אַ צעשויבערטער, מיט דער פֿעדער הינטערן אויער, אַ באַזעסענער, און האָט מיך אויף געשווינד באַרואיקט, איבערגעבעטן און פֿאַרלאַנגט דורכאויס, אַז איך זאָל שפּעטער אין אָוונט אַרײַנקומען צו אים.

איך בין אָבער באַלד געוואָר געוואָרן, מיט וואָס און פֿאַרוואָס פּאַן וויאַדאָמסקי איז אַזוי פֿאַרנומען. עס האָט נישט מער און נישט ווייניקער זיך געהאַנדלט אין דעם, וואָס פּאַן וויאַדאָמסקי, אין שותּפֿות מיט אַ גלח, וועלכן איך האָב זייער אָפֿט געזען אין דער לעצטער צײַט אַרײַנקומען צו אים, האָט זיך אונטערגענומען אָנצושרײַבן אַ וויסנשאַפֿטלעכע עקספּערטיזע וועגן דעם, אַז ייִדן באַנוצן בלוט פֿאַר זייערע מצות אויף פּסח. פֿאַר דעם צוועק האָט ער זיך איצט אײַנגעשלאָסן אויף גאַנצע טעג מיט פֿאַרדעכטיקטע געלערנטע. איינער איז געווען אַ טעאָלאָג, וועלכער האָט געקענט אַ ביסל העברעאיש און געוואוסט אַלע פּיקאַנטע שטעלן פֿון תּלמוד וועגן דעליקאַטע אָנגעלעגנהייטן, וואו עס רעדט זיך וועגן „גוים", „נכרים", „מינים", און נאָך אַנדערע אַזוינע טערמינען, וועלכע מיר ווייסן נישט הײַנט, וואָס זיי שטעלן פֿאַר מיט זיך. דער טעאָלאָג האָט געזאָלט אים צושטעלן דעם „טעאָרעטישן" מאַטעריאַל פֿאַר דעם בלבול, וואָס דער אַמאָליקער רוימישער אַנטיסעמיטישער שריפֿטשטעלער פֿעליקס האָט אויסגעטראַכט אויף די ערשטע קריסטן, אַז זיי באַנוצן דאָס בלוט פֿון אַ קינד אין זייערע געהיימע נאַכטמאָלן (די קריסטן האָבן שפּעטער דעם בלבול אַריבערגעוואָרפֿן אויף ייִדן). אַ צווייטער, אַ „היסטאָריקער", האָט אים געזאָלט צושטעלן דעם „געשיכטלעכן" מאַטעריאַל, — אַלע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען קעגן ייִדן פֿאַר דעם כּלומרשטן פֿאַרברעך, דאָס אַרויסבאַקומען די ווידויס דורך אינקוויזיטאָרישע עינויים פֿון די „פֿאַרברעכער", די פּסק־דינים, וועלכע זײַנען פֿון די קירכלעכע און ציווילע געריכטן אַרויסגעטראָגן געוואָרן וועגן דעם ענין, דאָס „זאַלץ־און־פֿעפֿער", דאָס הייסט, די קאָנסעקווענצן פֿון די פּראָצעסן, זייער אָפּשפּיגלונג אויף די הײַנטיקע ייִדישע מנהגים, די פּראָפּאַגאַנדע

קעגן ייִדן, די שׂנאה און די עמפּערונגען פֿון די מאַסן קעגן די ייִדן, — דאָס האָט שוין געזאָלט דער געערטער פֿאַן צוגעבן פֿון זיך. איך ווייס נישט, צי זיי האָבן דעם מאַטעריאַל באַדאַרפֿט פֿאַר היימישע צוועקן, אָדער פֿאַר עקספּאָרט קיין אויסלאַנד, צי זיי האָבן זיך געקליבן צו פֿאַרפֿירן אַ בלוט־פּראָצעס קעגן די היימישע ייִדן, אָדער נאָר באַנוצן די שריפֿט פֿאַר אַגיטאַציע, — אין יעדן פֿאַל, דאָס צוגרייטן די שריפֿט האָט אָפּגענומען בײַם פֿאַן זײַן גאַנצע צײַט און אויפֿגעצערט זײַן גאַנצע ענערגיע. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אונטער די אומשטענדן איז מיר אוממעגלעך געווען דענסטמאָל צונויפֿצורייִדן זיך מיט פֿאַן וויאַדאָמסקי. אונדזערע צוזאַמענטרעפֿן זײַנען פֿאַרגעקומען זעלטענער, און צוליב דעם איז אַרײַנגעטראָטן אַ הפסקה אין אונדזער אַרבעט.

איך האָב ווידער אַמאָל באַשלאָסן אָפּצוהאַקן מײַנע באַציאונגען מיטן געערטן פֿאַן און פֿאַרגעסן אין אים. איך האָב אָבער געוואוסט פֿון די פֿרײַערדיקע דערפֿאַרונגען, אַז מײַן החלטה איז בחינם, אַז יעדן אויגנבליק קאָן מײַן צימער באַערט ווערן מיט אַ באַזוך פֿון געאַכטן פֿאַן, און עס וועט זיך ווידער אָנהויבן דאָס טאָפּלטע שפּיל, וואָס עס זעט זיך אויס, עס איז שוין באַשערט געווען, אַז איך זאָל אָפּריכטן מיטן פֿאַן. איך מוז אָבער עפֿנטלעך זיך מודה זײַן, אַז ווי דערווידער מיר איז נישט געווען די איצטיקע באַשעפֿטיקונג פֿון פֿאַן, האָט מיך דאָך געצויגן צו אים ווי אַ כּישוף. איך האָב מער נישט געקאָנט זיך באַגיין אָן אים. יאָ, איך האָב געבענקט נאָך די נאַכטלעכע צוזאַמענקונפֿטן, וואו מיר האָבן פֿאַרבראַכט די ווינטערדיקע אָוונטן אין דערמאָנען זיך אין אונדזער אַמאָליקן לעבן. און זינט דער פֿאַן האָט זיי איבערגעבראָכן, איז מיר צוגענומען געוואָרן דאָס וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע פֿון מײַן באַשיידן לעבן. וואָרעם אויך פֿאַר מיר זײַנען די פֿאַנטאַסטישע אויסגעטראַכטע געשעענישן פֿון יענער פֿאַרשוואונדענער צײַט, אין וועלכע דער פֿאַן האָט מיך דורך זײַן פֿאַנטאַזיע אַרײַנגעבראַכט, געוואָרן אַ פּשוטע נויטווענדיקייט. איך האָב מער נישט געקאָנט זיך געפֿינען אין דעם הײַנטיקן אַרום. די ראַם פֿון אונדזער גרויער טאָג־טעגלעכקייט, אָנגעפּילט מיט קליינלעכן, נישטיקן האַס, איז מיר צו ענג געוואָרן. איך האָב געגאַרט נאָך יענע גרויסע לײדנשאַפֿטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין יענער צײַט. איך האָב געבענקט נאָך דער אַטמאָספֿערע, נאָך דער סבֿיבֿה פֿון ירושלימער גאַסן, פֿון בית־המקדש־הויף, אין וועלכע דער פֿאַן האָט מיך פֿאַרטראָגן, און וואָס דער פּלוצלינגדיקער איבעררײַס האָט פֿון מיר אָוועקגערויבט. עס איז געווען די לופֿט, מיט וועלכער איך האָב די לעצטע חדשים געאָטעמט. מײַן טרייסט איז געווען, אַז דעם וואָלף וועט צײַען אין וואַלד אַרײַן, אַז דעם פֿאַן וועט באַלד נמאס ווערן די קליינלעכע שׂנאה פֿון אונדזערע הײַנטיקע טעג. ער וועט זיך דערמאָנען אין די גרויסע געשעענישן פֿון אַמאָל און ער וועט אַלץ אָוועקוואַרפֿן און צוריקגיין צו זיי. און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

אַז עס זײַנען אָנגעקומען די פֿרילינג־ווינטן, וועלכע גייען פֿאָרויס פֿאַר די פּסח־טעג, האָט דער פֿאַן וויאַדאָמסקי מיט אַ מאָל זיך אָפּגעטרייסלט פֿון זײַן הײַנטיקן אַרום. אַזוי ווי אַ חיה, וואָס וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך איר ווינטער־פֿעל, האָט ער אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם הײַנטיקן פֿאַן, און איז געוואָרן צוריק דער אייביקער קאָרנעליוס.

אין די טעג פֿאַר די ייִדישע און קריסטלעכע יום־טובים האָב איך באַמערקט אין פּאַן וויאַדאָמסקין אַ פֿאַרדעכטיקע אומרואיקייט, וואָס האָט מיך דערשראָקן. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפֿינען. ער האָט באַנײַט די באַציאונגען מיט מיר, אָבער אין געהיים פֿון זײַנע נײַע באַקאַנטע. ער האָט אָנגעהויבן מיך אָפֿט צו באַזוכן אין מײַן בוידעם־שטיבל, אַרומשלעפּן זיך מיט מיר גאַנצע טעג איבער די אָרעמע ייִדישע קוואַרטאַלן. ער האָט אויפֿגעזוכט אַלטע באַקאַנטע, באַזוכט זײַן געוועזענעם שנײַדער אויף דער אַלט־שטאָט, איז אַרײַנגעקראָכן אין אומהיימלעכע ייִדישע קעלערס, האָט איבערגעשראָקן און איבערגעראַשט ייִדישע ווײַבער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין שײַערן און כשרן און פֿאַרברייטן זייערע הימען אויף יום־טוב.

— איך וויס נישט פֿאַרוואָס, — האָט ער צו מיר געזאָגט — אַז עס קומען די טעג פֿאַר פּסח, מוז איך זיך געפֿינען צווישן ייִדן. איך בענק פּשוט נאָך זיי. זיי דערמאָנען מיר אין יענע טעג פֿון פֿאַר יום־טוב אין ירושלים. אויך דאָרט האָבן זיי פֿאַר פּסח אַרײַנגעבראַכט אַזאַ באַוועגונג אין דער שטאָט. פֿון גאַנצן לאַנד זײַנען זיי געקומען צו גיין מיט זייערע שעפּסעלעך דעם קרבן־פּסח צו ברענגען. די גאַסן זיינען איבערגעפֿילט געוואָרן מיט עולי־רגלניקעס, מיט פּויערים און פֿאַרמערס פֿון אַלע פּראָווינצן. און אַ לעבן האָט דאָס אַרײַנגעבראַכט אין די גאַסן פֿון ירושלים, אַז אַפֿילו הײַנט דערוועקט זיך אין מיר אַ בענקשאַפֿט נאָך יענע פּסח־טעג אין ירושלים. יעדעס מאָל, ווען עס קומען אָן די פּסח־טעג, מוז איך גיין אויפֿזוכן מײַנע ייִדעלעך, מוז איך זיך געפֿינען צווישן זיי, אַרײַנקוקן אין זייערע הײַזער. זיי דערמאָנען מיר אין די ירושלימער טעג. שוין מיט זייערע פּנימער דערוועקן זיי אין מיר די אילוזיע פֿון יענע ייִדישע מאַסן, וועלכע האָבן אין די טעג אָנגעפֿילט די בית־המקדש־געסלעך.

ער האָט געזאָגט די ווערטער מיט פֿאַרחלומטע, ווײַט־בליקנדיקע אויגן, וועלכע האָבן איצט אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַנדערע וועלטן. אויף זײַן געל אָפּגעמאַטערט, צעאַקערט פֿאַרמעט־פּנים האָט געשײַנט דער אָפּשײַן פֿון דער יונגער זון, וועלכע האָט מיט פֿרילינג־פֿליגלען פֿרײַ געשוועבט איבער די וואַר־שעווער שמוציקע גאַסן. די לעצטע גרויע האָר אַרום זײַן גרויסער לייסינע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט. אַ בענקשאַפֿט האָט געקלונגען אין זײַן שטים, ווען ער האָט דעקלאַמירט פֿון אַן אומבאַקאַנטן פּאָעט:

„אָ, ירושלים! דער פֿרילינג ציט אַרײַן אין דײַנע טויערן, באַגלייט מיט די טריט פֿון טויט".

— וועמען מיינט איר? — פֿרעג איך דערשטוינט.

— גאָרנישט. אַ שטימונג אַזעלכע. פֿרילינג, איר פֿאַרשטייט... אַז עס קומט דער פֿרילינג, בענק איך נאָך ירושלים. און קאָן איך אין אירע טויערן נישט זײַן, מוז איך זיך געפֿינען צווישן אירע קינדער. דו ווילסט זען יהודה איש קריות? קום מיט מיר, מיר וועלן אים אַ באַזוך מאַכן. יעדעס מאָל, ווען עס קומט ערב־פּסח, מוז איך מײַן אַלטן פֿרײַנד אויפֿזוכן. איך האָב דיר פֿאַרגעסן צו זאָגן, אַז מײַן פֿרײַנד יהודה איש קריות וואוינט אין וואַרשע.

איך בין דאָך שוין געוואוינט געווען צו איבעראַשונגען פֿון פּאַן וויאַדאָמסקי, אָבער אויף דעם האָב איך זיך נישט גערעכנט.

— יהודה איש־קריות אין ווארשע? — רוף איך אויס דערשטוינט.

— יאָ, איך האָב אים באַלד דערקענט. פֿון טויזנטער פּנימער האָב איך אים אַרויס דערקענט. און נישט נאָר איש־קריות, נאָר שמעון, וועלכן זיי האָבן שפּעטער גערופֿן פּעטרוס, — דעם האָב איך דאָ אויך אָנגעטראָפֿן אויף די ווארשעווער ייִדישע גאַסן. און נישט נאָר אים, נאָר פֿיל פֿון זיי, וועלכע האָבן דענסטמאָל אָנגעפֿילט די ענגע געסלעך פֿון ירושלים, דעם הויף פֿון בית־המקדש, דעם אונטערשטן טייל פֿון שטאָט, האָב איך צוריק געטראָפֿן דאָ, אין ווארשע. מערקווירדיק, ווען איך קום צווישן אַ ייִדישן המון, דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך קען זיי אַלעמען. די פּנימער זייערע זײַנען מיר אַזוי באַקאַנט, ווי איך וואָלט מיט יעדן פֿון זיי פּערזענלעך צו טאָן געהאַט. איך קען זייערע העוויות, איך קען זייערע מנהגים, איך ווייס פֿון זייער לעבן, איך קען זייערע שטאָלצע, שטײַפֿע געמיטער, זייער נישט־צעברעכלעכן ווילן, זייער עקשנות. און אָפֿט מאָל, ווען איך טרעף אַזאַ ייִדן אַן דאָ, אין דער גאַס אויפֿן אַלטן מאַרק, בײַם האַנדל און וואַנדל צווישן אַלטוואַרג, דאַכט זיך מיר, אַז ער באַדאַרף נאָר פֿון זיך זײַן שמוציקן, לאַנגן קאַפּטן אַראָפּוואַרפֿן, און ער וועט דערשײַנען פֿאַר דיר אין זײַן לאַנג, ווײַס העמד, אין זײַנע לאַנגע פּאות — באַוועגט אויף זײַנע מאַגערע, אָפּגעברענטע באַקן, — אין זײַנע אויסגעצויגענע האָר פֿון דער באָרד, מיט זײַנע פֿײַערדיקע מדבר־אויגן, ווי איך האָב אים אַזוי אָפֿט אָנגעטראָפֿן אין דעם ענגן הויף פֿון בית־מקדש־געסל אין אַ יום־טובֿ. אָפֿט מאָל דאַכט זיך מיר, אַז עפּעס צוליב אַ פֿאַטאַלן טעות האָבן זיי זיך דאָ פֿאַרוואַנדלט אויף אונדזערע שנײַ־באַבלאַטיקטע גאַסן, אין אונדזערע קעלטן און ווינטן. און איין מאָל האָב איך גאַנץ צופֿעליק אָנגעטראָפֿן מײַן אַלטן פֿרײַנד יהודה איש־קריות.

— איר האָט יהודה איש־קריות באַגעגנט?

— דו קאָנסט אים אויך זען. קום, איך וועל דיך פֿירן צו אים. ער וואוינט אויף דעם אַלטן מאַרק.

צו מײַן דערשטוינונג, האָט פּאַן וויאַדאָמסקי גענומען און זיך אײַנגעהילט אין אַ שוואַרצער פּעלערינע, וועלכע האָט געהאַט אַ קאַפּושאָן, ווי די פֿראַנציסקאַנער נזירים טראָגן, אַ זאַך, וואָס איך האָב גאָרנישט געוואוסט ביז איצט פֿון איר עקזיסטענץ, כאָטש עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך קען שוין אַלע סודות פֿון פּאַן וויאַדאָמסקי; אַז דער פּאַן באַזיצט אַזאַ מיסטישן בגד, דאָס האָב איך נישט געוואוסט.

— צו וואָס די קאַפּוצינע איבערן קאָפּ? עס איז נישט קאַלט אין דרויסן, — פּרוּוו איך באַמערקן דעם פּאַן.

— איך וויל נישט, אַז גאַנץ ירושלים זאָל וויסן, אַז דער הגמון מאַכט אַ באַזוך בײַ יהודה איש־קריות. צו יהודה איש־קריות גייט מען אין קאָנספּיראַציע.

דער פּאַן האָט דעם קאַפּושאָן אַריבערגעטאָן איבער דעם קאָפּ, וואָס האָט טאַקע געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאַרבײַגייער אויף אים, און ער האָט מיך אַוועקגעפֿירט אין אַלטן מאַרק אַרײַן. פֿאַר אַן אַלט, אײַנגעבויגן הויז, וואָס וואָלט געווייס שוין געוועזן אײַנגעפֿאַלן פֿון אַלטקייט, ווען עס וואָלט נישט געווען אַרײַנגעשטופּט אין די ענגע קלאַמערן צווישן צוויי אַנדערע אַלטע הײַזער, — אָפּגעשמירט מיט אַלטער, רויטער פֿאַרב, מיט גרינע, גרויסע לאַדן און טויערן

פֿאַרהאַקט, איז דער פֿאָן שטיין געבליבן. ער האָט זיך אײַנגעקוקט, אויב קיינער באַמערקט אים נישט, האָט מיך אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און האָט מיך אַראָפּ־געפֿירט אויף שטאַרק געדרייטע טרעפּלעך, וועלכע האָבן אַרײַנגעבראַכט אין אַ געוועלבטן קעלער אַרײַן.

אין דעם קעלער האָט זיך געפֿונען אַ קראָם פֿון אַלטוואַרג. דאָס אַלטוואַרג איז איצט צוליב דעם, וואָס דער ייִד האָט געלאָזט אויף פּסח אויסקאַלכן די געוועלבטע קעלער־שטוב מיט טיפֿער, בלויער פֿאַרב, אַרומגעלעגן אָנגעוואָרפֿן אין קופּעס: צוזאַמענגעוואָרפֿענע, אַלטע בראָנזענע לאָמפּן מיט שטויסן טעלער, וועלכע האָבן בײַ יעדן ריר געגעבן אַ קלינגענדיקן ציטער; פּעק מיט בילדער, צוזאַמענגעמישט מיט קופּעס ראַמען, באַגלאָזטע און פֿרײַע בילדער, — שטולן אָנ־געוואַליעטע מיט שמאַטעס, אַלטע זײַדענע שטאָפֿן, אָן אַ שיעור גלאָזוואַרג, צו־זאַמענגעפּאַרט מיט בראָנזענע און גיפּסענע, גאַנצע און צעבראָכענע פֿיגורן, — און צווישן דעם בבֿל פֿון חורבֿות איז געשטאַנען אַ ייִד אין אַן ערבֿ־פּסחדיקן מעמד, מיט פֿאַרפֿעדערטע באָרד און פּאות, און האָט געפּרוּווט אין דעם ערבֿ־פּסחדיקן כאַאָס אָרדענונג אַרײַנצוברענגען. שוין בײַם ערשטן אַרײַנקומען אונ־דזערן האָט אַ קלימפּער געגעבן פֿון אַ שאַק מיט גלעזער, ווען דער פֿאָן האָט אומפֿאָרזיכטיק אין דער טונקל זיך אָנגעקלאַפּט אין אַ מעשענעם הענגלײַכטער, וואָס איז געלעגן צווישן די גלעזער.

— אוי ווײ, ער וועט מיר אַ שאָדן אָנמאַכן! — האָט דער ייִד געפּרוּווט אײַנהאַלטן דאָס פֿאַלנדיקע גלאָז מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויפֿן פֿאַרזאָרגטן פּנים.

— יהודה, האָסט זיך נישט געריכט אויף מיר, האָסט דײַן געצעלט נישט פֿאַר־געברייט פֿאַר דעם באַזוך פֿון הגמון!

— נאָ, שרה, דער אייגענער גוי איז שוין ווידער דאָ! — שרײַט דער ייִד אין צווייטן קעלער־שטוב אַרײַן — און צו מיר רופֿט ער זיך אָן: — יעדן ערבֿ־פּסח שטעלט ער מיר אַ באַזוך אָפּ. אַנומלט האָט ער נאָך געגעבן צו לייזן, — די לעצטע יאָרן שוין גאָרנישט. נאָר ער קומט אַרײַן צו מיר, שטעכט מיך אַדורך מיט די אויגן און איז מיך משנה־שם אויף יהודה. איך זאָל אַזוי וויסן פֿון אַ פֿאַרשטערטן יום־טובֿ, ווי איך ווייס, וואָס דער ערל מיינט.

— אָך, יהודה, יהודה, האָסט קיין מאָל נישט געהאַלטן דײַנע זאַכן אין גוטער אָרדענונג, אויך דאָרט נישט, — רופֿט זיך דער פֿאָן אָן מיט אַ שאָקל פֿון קאָפּ.

— איך זאָל אַזוי וויסן פֿון שלעכטס, ווי איך ווייס, וואָס פֿאַר אַ יהודה דאָס איז. מײַן זיידע עליו השלום, האָט געהייסן יהודה. איך הייס מרדכי. זאָל זײַן יהודה, אַבי דער פֿאָן זאָל מיר געבן עפּעס צו לייזן אויף יום־טובֿ.

— און איך האָב אים באַלד דערקענט. פֿון הונדערטער פּנימער האָב איך אים אַרויסגעשנאַפּט. אין אַ ווינטער־נאַכט האָב איך דאָ אַנומלט פֿאַרבלאָנדזשעט. איך האָב אים געזען בײַ אַ קליינער נאַפֿט־לאָמפּ זיצן. ער האָט געציטערט אין גאַנצן פֿון קעלט, זיין פּנים איז בלוי געווען, זײַנע געלע פּאות האָבן זיך גע־טרייסלט פֿון ווינט, אַזוי אויך זײַן שפּיציקע באָרד איבער זײַן קאַפּטן. איך האָב אים אין פּנים געקוקט און אים דערקענט. איך האָב געפֿרעגט: — יהודה, וואָס טוסטו דאָ? — אין אָנהויב האָט ער מיך ניט געוואָלט דערקענען, באַין אופֿן נישט, ווי דענסטמאָל אין כּפֿר־נחום, — נאָר שפּעטער האָט ער מיך דאָך דער־

קענט. — האָט מיר דער פּאַן פֿאַרציילט. — יהודה, — האָט ער אַ וואונק געטאָן צום ייִדן מיט אַן אויג, — האָסט דערקענט דעם הגמון? נו, וועלן מיר אופֿגיין אויף הר־הזתים צום גת־שמן? עס איז שוין באַלד צײַט. הײַנט אין אָוונט, וואָס יהודה?

— אפֿשר ווייסט איר, וואָס ער מיינט? יעדן פֿאַר־פּסח קומט ער אַזוי אַרײַן צו מיר. פּונקט דענסטמאָל, ווען בײַ מיר גרייט מען זיך צו ביעור־חמץ, האָב איך אים פֿאַר אַ גאַסט. ער פֿלאַפּלט עפּעס פֿון ירושלים, פֿון הר־הזתים. אַ געלערנטער איז ער, ער קויפֿט בײַ מיר ייִדישע ביכלעך. איך ווייס נישט צו וואָס עס טויגן אַ גוי ייִדישע ביכלעך. אַנומלט האָט ער אַפֿילו בײַ מיר געפֿונען אַ פּאָר שמות אין כּתבֿ־יד, האָט ער דערויס אַ גאַנצע מציאה געמאַכט. ער האָט מיר אַ שיינע מטבע געגעבן דערפֿאַר. איך ווייס נישט צו וואָס פֿאַר אַ סגולה עס קומען אים צונויף אַלטע שמות, אָבער ווי נאָר ער דערזעט אַ בלעטל אַלטע שמות, ווערט ער משוגע, דער גוי. אַמאָל האָט ער מיר געגעבן צו לייען, לעצטנס איז ער אַ דלפֿון געוואָרן. אַ גאַנץ יאָר זע איך אים אויף די אויגן נישט אָן, אַחוץ ערבֿ פּסח, ווען בײַ מיר איז די גרעסטע גראַטשקע, קומט ער מיטן ווינט אָן. אַן אָרעמער גוי, נעבעך, אַביסל פֿאַרדרייט — ווײַזט דער ייִד אָן מיטן פֿינגער אויף זײַן שטערן.

— דער פּאַן זאָגט, אַז ער קען אײַך נאָך פֿון ירושלים, בעת דער בית־המקדש איז געשטאַנען. ער האָט אייך דענסטמאָל אָנגעטראָפֿן, איר האָט דענסטמאָל געהייסן יהודה איש־קריות. איר זענט געווען דער, וואָס האָט פֿאַרקויפֿט ישוע הנוצרי פֿאַר דרײַסיק זילבער־שטיק.

— וואָס האָב איך געטאָן? פֿאַרקויפֿט? וועמען פֿאַרקויפֿט? פֿאַר דרײַסיק זילבער־שטיק? אדרבה, הלוואי וואָלט ער הײַנט עפּעס קויפֿן בײַ מיר פֿאַר דרײַסיק זילבער־שטיק, עס וואָלט מיר צונויף געקומען אויף יום־טובֿ.

— ישוע הנוצרי, יעזוס קריסטוס, זייער גאָט, האָט איר פֿאַרקויפֿט צום כּהן גדול און דעם רוימישן חייל.

דער ייִד איז בלייך געוואָרן. אונטער די וואָרצלען פֿון זײַנע געלע האָר האָט אַ בלייך־בלויער, אַשיקער קאָליר זיך געלייגט איבער זײַן הויט, ווי אַ טויטע מאַסקע, זײַנע אויגן זײַנען גלעזיק געוואָרן, און ער האָט אָנגעהויבן אַרומ־צובלאָנדזשען מיט זײַנע אויגן, ווי פֿון אַ קראַנקהײַט־באַפֿאַלן, און ער האָט געזאָגט מיט האַרץ־קלאַפּעניש:

— ער האָט שוין נישט אויס וועמען חוזק צו מאַכן, נאָר אויס אַן אָרעמען ייִדן, אײַער פּאַן? שׂרה, שׂרה, קום נאָר אַרויס, הער נאָר דעם בלבול, וואָס דער גוי טראַכט אויס אויף מיר.

— וואָס זאָגט ער? וואָס זאָגט ער? — פֿרעגט אומגעדולדיק בײַ מיר דער פּאַן — אַהאַ, ער האָט מיך דערקענט? האָסט געזען, ווי ער איז דערשראָקן געוואָרן? אויך דענסטמאָל האָט ער אַזוי אויסגעזען, פּונקט אַזוי. דאָס בלייכע פּנים אונטער די געלע האָר, ווי דראָטן זײַנען די געלע האָר געשטאַנען. ער דערקענט מיך, זײַן הגמון, ער דערקענט מיך, — פֿרייט זיך פּאַן וויאַדאָמסקי, — האָסט געזען ווי ער האָט זיך דערשראָקן? ניין, האָב נישט קיין מורא, יהודה, איך וועל דיך נישט אַרויסגעבן. איך און דו זײַנען איינס, — באַווײַזט דער גוי דעם ייִדן מיט אַ האַנט־שלאָג.

— מײַנע בײזע חלומות אויף זײַן קאָפּ, אויף זײַנע הענט און פֿיס! נאַ, ער איז דאָך װידער דאָ, דער משוגענער גױ! יעדן ערבֿ־פּסח באַװײַזט ער זיך, פֿאַרדרײט אונדז אַ קאָפּ מיט דרײַסיק זילבער־שטיק, — זאָגט די ייִדענע, װעלכע איז אַרױסגעקומען פֿון אַלקערל אין אַן ערבֿ־פּסחדיקן הילוך, מיט דעם צעריסענעם שײטל, מיט פֿאַרדרוקטע אַרבל און אין אַ שירץ, שמוציק פֿון שײַערן און כּשרן, — איך װאָלט כאָטש געװוּסט, װאָס ער װיל, װײס איך נישט װאָס ער װיל.

— איך װײס שױן גוט, װאָס ער װיל. אַ בלבול טראַכט ער אױס אױף מיר. הײַנטיקע צײַטן פֿעלט מיר גאָרנישט מער, נאָר צו האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע עסקים, — זאָגט דער ייִד, נישט קאָנענדיק אַלץ קומען צו זיך פֿון שרעק.

— װאָס שרעקסטו מיך איבער? װאָס פֿאַר אַ עסקים? — זאָגט די ייִדענע.

— עסקים מיט זײער גאָט, װאָס איך האָב פֿאַרקױפֿט פֿאַר דרײַסיק זילבער־שטיק! — זאָגט דער ייִד אין טױטלעכער אַנגסט.

— אַלע מײַנע שׂונאים! איז װאָס װיל ער? דו זאָלסט אים צוריקגעבן די דרײַסיק זילבער־שטיק? אדרבא, זאָל ער זוכן בײַ מיר, צי איך האָב אין מײַן פֿאַרמעגן דרײַסיק זילבער־שטיק. דרײַסיק געבראָכנטע צרות — דאָס האָב איך!

— מיר שרעקן די לײַט איבער, לאָמיר גײן, — רױם איך דעם פּאַן אין אױער אַרײַן.

— ישׂראל, ישׂראל, װאָס איז געװאָרן פֿון דיר? — שאָקלט דער פּאַן מיטן קאָפּ — און דאָס איז דאָך אַנומלט געװען יהודה, אײנער פֿון די תּלמידים, װאָס האָט געהאַלטן דעם בײַטל און האָט זײַן רבין אַרױסגעגעבן. נישט פֿאַר קײן געלט, נײן, נײן, איך בין דאָך געװען דערבײַ. נישט פֿאַר די דרײַסיק זילבער־שטיק, נאָר דערפֿאַר, װײַל ער האָט געגלױבט, אַז זײַן רבי װעט אונדז אַלעמען אין פֿײַערדיקן זײַל פֿאַרברענען, אַז די ערד װעט זיך שפּאַלטן און װעט אונדז אַלעמען אין איר מױל פֿאַרזינקען, װען מיר װעלן זיך צו אים צורירן. איך האָב עס דאָך אַלײן געהערט פֿון זײַן מױל, — און איצט זעט, װאָס עס איז געװאָרן פֿון אים!

— פּאַן װיאַדאָמסקי, די מענטשן שרעקן זיך פֿאַר אונדז. קומט, לאָמיר גײן!

און איך האָב דעם פּאַן װיאַדאָמסקיס האַנט אָנגענומען, און כּמעט מיט געװאַלט אים אַרױסגעשלעפּט פֿון קעלער־שטוב.

— האָסט אַלץ פֿאַרגעסן, יהודה, אַלץ פֿאַרגעסן, — האָט דער פּאַן נאָכגערופֿן דעם דערשראָקענעם ייִדן.

איך האָב געװאָלט אַהײמגײן און אים מיטנעמען מיט זיך, אָבער דער פּאַן האָט מיך אָנגעכאַפּט מיט זײַן קנאָכיקער האַנט, װעלכע האָט געבריט פֿון װאַרעמקײט, און מיך נישט אָפּגעלאָזט.

— קום, לאָמיר אױפֿזוכן ישׂראל! איך װיל זען די קינדער פֿון ישׂראל. איך האָב ליב צו געפֿינען זיך צװישן זײ אין די טעג. אָ, װאָס פֿאַר אַ זכרונות זײ רופֿן אַרױס אין מיר!

און דער פּאַן האָט מיך גענומען און אַװעקגעפֿירט אין דער ייִדישער געגנט. ער האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין די האַליעס, װעלכע זײַנען פֿול געװען מיט אײַנקױפֿער אױף יום־טובֿ. אין די האַליעס האָט געהערשט אַ הו־האַ. פֿאַרזאָרגטע װײַבער מיט קױשן און עמערס זײַנען געשטאַנען בײַ באַליעס פֿיש, בײַ קצבים־קלעצער, בײַ אײער־קערב, און האָבן זיך געדונגען. הינער האָבן געװאָרקעט אַרױס

פֿון זייערע שטײַגן־געוועלבער. זויערע, פֿאַרטרויערטע ווײַבער האָבן פֿאַרקױפֿט זויערע אוגערקעס פֿון גרויסע פֿעסער. דער פֿאָן האָט געמוזט אומעטום זײַן, אויסמישן זיך מיט דער מענגע. דאָ האָט ער אַרײַנגעשטעקט די נאָז אין אַ קראָם פֿון כּלים, אָרום וועלכער עס איז געשטאַנען אַ רעדל ייִדענעס, און אויס־געזוכט זיך טעלער־לעפֿל; און דאָ האָט ער שוין זיך אויסגעמישט מיט אַ קנויל קויפֿער בײַ אַ שטענדער מיט שניט־סחורה. ער איז געלאָפֿן פֿון איין קראָם אין דער אַנדערער און האָט מיט קינדישער זאָרגלאָזיקייט געשעפּט פֿאַר זיך די פֿרייד. ער האָט געהאַלטן אין איין ברומען:

— פּונקט ווי דענסטמאַל... פּונקט ווי דענסמאַל...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ מצה־קרעמל. אַ גרופּע אָרעם־באַקליידטע ווײַבער, פֿאַרזאָרגטע ייִדן מיט לאַנגע בערד, יום־טובֿדיקע שטיוול און זשופּיצעס, האָבן אויף דער לעצטער מינוט זיך איינגעשאַפֿט זייער אָרעם ברויט. דער פֿאָן איז אויפֿגעשפּרונגען פֿאַר נײַגעריקייט, ווי ער וואָלט דאָס צום ערשטן מאָל געזען:

— מצות! אַהאַ, מצות! דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך פֿון מצרים. דרײַ, פֿיר טויזנט יאָר אַלט. און יעדעס מאָל, ווען איך זע זיי, אָט די מצות, דערמאָנט עס מיך עפּעס. אַן אַלט פֿאָלק. אַן אויסגעפּרוּווט פֿאָלק. מצות... דאָס ברויט פֿון באַפֿרײַאונג.

און מיט אַ מאָל גיט ער זיך אַ ווענדט צו מיר:

— זאָג מיר, — איך וויס, איך וויס, — אַז דו און אַזעלכע ווי דו זײַנען צו אינטעליגענט דערצו, צו אַסימילירט, צו קאַליע געוואָרן מיט דער פֿאַרשמירטער הומאַניסטישער קולטור אונדזערער, וועלכע וויל אַלע מענטשן אויסבאַקן אין איין איוון ווי די זעמעלעך. איר, פֿאַרשטייט זיך, האַלט שוין נישט דערפֿון. איר עקלט זיך צוצורירן דערצו, איר געפֿינט עס פֿאַר אוממענטשלעך, ווילד־פֿאַנאַטיש, וואָס מען באַדאַרף עס אויסראָטן. אָבער עס מוזן זיך דאָך געפֿינען צווישן אײַך סעקטעס, ווען נישט אין דער עפֿנטלעכקייט, איז אין שטרענגער געהיים, אין דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע, אין רעליגיעזער קאָנספּיראַציע, פֿאַרשטייט זיך, אין טיפֿן צערעמאָניאַל, מיט דער געהעריקער מיסטיק, וואָס שוועבט אויף אַזאַ קאָנספּיראַטיוון אַקט. איר פֿאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין...

— ניין, איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס איר מיינט, פֿאַניע וויאַדאָמסקי.

— עס פֿאַרשטייט זיך, אַז איר וועט עס מיר נישט זאָגן, אײַערע ליפּן זײַנען פֿאַרחתמעט מיטן זיגל פֿון גרויסן חרם. און אפֿשר קאָן גאָר מעגלעך זײַן, אַז איר ווייסט טאָקע אַליין אויך גאָרנישט דערפֿון. די רעליגיע איז, ליידער, זייער, זייער צוריקגעגאַנגען בײַ אײַך, אָבער פֿאָרט אין טיפֿעניש פֿון פֿאָלק, דאָרט, וואו עס לעבט נאָך די אַלטע טראַדיציע, דער טויזנט־יעריקער נאַציאָנאַלער ריטואַל, מוזן זיך דאָך געפֿינען סעקטעס, געהיימע סעקטעס. זאָגט, גלויבט איר נישט, אַז עס זײַנען פֿאַראַן צווישן אײַך אַזעלכע, וואָס האַלטן פֿון דעם ריטואַל?

— פֿון וועלכן ריטואַל? — פֿרעג איך אים איבער.

— נו, פֿון אויסקנעטן כּאַטש מיט איין־איינציקן טראָפּן קריסטלעך בלוט אײַער מצה־טייג.

— און איר גלויבט אין דעם? — פֿרעג איך אים.

— געוויס. פֿאַרוואָס נישט? אַן אַלטע ראַסע... אַ פֿיל־טויזנט־יעריקע קולטור... דאָס געזעץ פֿון מדבר... באַרג סיני... משה... יהודה... גאָט פֿון נקמה... אַן עקשנותדיק פֿאָלק, נישט קיין הײַנטוועלטיקער, צעקראַכענער, סענטימענטאַלער קריסטן־מענטש, וואָס אײַער לאַנדסמאַן האָט געמאַכט אויס אונדז. איר זענט אַ פֿולבלוטיקע ראַסע, אַ מדבר־שפּראָצלינג מיט שטאַרקע לײַדנשאַפֿטן, מיט אייביקער שׂנאה און אייביקער געטרײַשאַפֿט... פֿאַרוואָס דען נישט? וואָלט איך געוועזן אַ ייִד, וואָלט איך געוויס אָנגעהערט צו יענע פֿון אײַערע סעקטעס, וואָס קלאַמערן זיך געטרײַ אין דעם בלוטיקן ריטואַל אַפֿילו מיט דער גרעסטער סכּנה, אַפֿילו מיט דעם לעבן צו באַצאָלן דערפֿאַר. דאָס, פֿאַרשטיי איך, איז ווערט אָנגערופֿן צו ווערן נאַציע, ראַסע, רעליגיע! נישט ווי איר, הײַנטוועלטיקע ייִדן, וועלכע שאָקלען זיך מיט שרעק אָפּ דערפֿון. אָך, אָך, אויך בײַ אײַך ווערט, לײַדער, די ראַסע קאַליע...

— און איר וואָלט טאַקע זיך געהאַלטן אין דעם בלוטיקן ריטואַל? —פֿרעג איך פֿאַרוואונדערט.

— געוויס. פֿאַרוואָס נישט? צו פֿילן דעם טעם פֿון שׂונאס בלוט אויף די ליפּן, אַפֿילו אין דער קלענסטער קוואַנטיטעט, אַפֿילו איין טראָפּן נאָר פֿאַרטיילט אין אַ מיליאָן. אָט דעם סימבאָל, — דאָס רוף איך אַן ראַסע, אייביקער האָס! נאַ, זעט — שרײַט ער פּלוצלינג אויס מיט שטראַלנדיקע, ברענענדיקע אויגן, — נאַ, זעט, ווי די ווײַבער רײַסן זיך בײַ די ציבעלעס! איך האָב ליב יענע ייִדן, וואָס עסן ציבעלעס, וואָס דער קנאָבל־געשמאַק יאָגט ווי אַ הייסער מזרח־ווינט אויס זייערע געדיכטע בערד אַרויס. דער ציבעלע־געשמאַק וועבט זיך אײַן אין די קאַמערן פֿון זייער הויט. דאָס זײַנען קראַפֿט־מענטשן. אַ, זיי ווייסן, אײַערע ווײַבער, וואָס זייערע מענער האָבן גערן! ציבעלעס און קנאָבל, — דער געשמאַק פֿון אמתן מאַן! נישט ווי מיר, צעקראָכענע, הײַנטוועלטיקע אייראָפּעער.

פּלוצלינג איז פֿאַן וויאַדאָמסקי שטיין געבליבן. איך האָב באַמערקט אויף זײַן פּנים אַן אויסערגעוויינטלעכע בלייכקייט. זײַנע אויגן זײַנען גרויס געוואָרן, און פֿול מיט איבערראַשונג און שרעק. זײַנע נאָזדרעס האָבן זיך אויסגעשפּרייט און הויך געאָטעמט. ער האָט מיט אַ קניפּנדיקן אָנגרייף מיך אָנגעכאַפּט מיט זײַנע פֿינגער, ווי מיט צוואַנגען, בײַ דער האַנט:

— זעט, ווער שטייט דאָרט. איך קען דאָך דאָס פּנים, איך האָב אים געזען. זעט, זעט!

און אײדער איך האָב נאָך צײַט געהאַט צו קומען צו זיך, רײַסט זיך דער פּאַן אַרויס פֿון מיר און לויפֿט צו צו אַ נידעריק־שטאַרקן יאַדערדיקן, גוט־אויסגעקנאָטענעם, מיט מאַרך און קנאָכן אויסגעפּליישטן פֿישער־ייִד, — וועלכער שטייט בײַ אַ מולטער מיט פֿיש.

— שמעון, שמעון, שמעון בר־יונה, וואָס טוסטו דאָ?

און צו מײַן איבערראַשונג האָט געגעבן אַ קער אויס אַ פּנים צום פּאַן, וואָס האָט באמת דערמאָנט אָן דעם אַפּאָסטל שמעון בר־יונה, ווי ער ווערט פֿאַרגעשטעלט אויף די טראַדיציאָנעלע הייליקע בילדער. דורך זײַן דורכגעאַקערטער, פֿאַרקנייטשטער פּנים־הויט שנײַדט זיך אַרויס אַ שטאַרקער, שאַרף־קאַנטיקער שייטל־ביין. אונטער דעם געוועלבטן שטערן באַהאַלטן זיך אין זייערע לעכער

שוואַרצע, פּינקלדיקע, גרויסע אויגן. דאָס פייער פֿון די אויגן פֿלאַמט אויף דער דיקער, קאַלטנעוואַטער, שוואַרץ־גרויער באָרד, וואָס נעמט אַרום ווי אַ שווערע ראָם די פֿאַרוואַרצלטע, מיט דיקע אָדערן אַדורכגעצויגענע באַקן־פֿעלדער. זײַן קורצע, ברייט־נאָזדערדיקע נאָז און זײַנע שטאַרקע פֿליישיקע ליפּן האָבן שווער געאָטעמט. דער ייִד האָט אין דערשטוינונג אויסגעשטרעקט צו אים זײַן אויס־געהאָמערטע האַנט, ווי אַ נאַקעטער וואָרצל פֿון אַן איילבירט־בוים, וואָס ליגט אויפֿן וועג אַרויסגעוואָרפֿן און האַלב־אויפֿגעגעסן פֿון שטויב און אײזל־טריט. שטייט דער ייִד און קוקט אַן מיט אַרויספֿאָדערנדיקער פֿאַרוואונדערונג דעם פּאַן.

— דער פּאַן קען מיך? — פֿרעגט דער ייִד.

— געוויס. און דו דערקענסט נישט דעם הגמון פֿון ירושלים, שמעון?

— וועמען?

— איך בין דאָך דײַן הגמון.

— וואָס פֿאַר אַ הגמון? וואָס קלאַפּט ער מיר אַ קאָפּ? איך האָב נישט קיין צײַט צו אײַך. הכלל, ווײַבער, פֿרישע העכט אויף פּסח, זעט, ווי עס צאַפּלט! צוויי גילדן אַ פֿונט!

— שמעון, שמעון, דו דערקענסט מיך נישט? וואו האָסטו דײַן רבין געלאָזט?

— וואָס פֿאַר אַ רבין? ווי קומט אַ גוי צו אַ רבין? כ'ווייס נישט, וואָס ער פּלאַפּלט. כ'האָב קיין צײַט נישט! ווײַבער, ווײַבער, צוויי גילדן אַ פֿונט!

— און דאָס האָט אַנומלט אַ שווערד געצויגן אויף מיר. דער איינציקער ייִד, וועלכער האָט געוואָגט זיך אַנטקעגנצושטעלן. ער האָט אַפֿילו איינעם פֿון מײַנע געטרײַסטע מענטשן אַן אויער אָפּגעהאַקט. און זעט, וואָס עס איז געוואָרן פֿון אים! שמעון, שמעון, וואו האָסטו דײַן שווערד?

— וואָס פֿאַר אַ שווערד? נעמט אים אַוועק דעם גוי פֿון מיר, וואָרעם עס קאָן נאָך אַן אומגליק געשען.

— קומט, פּאַניע, קומט. איר האָט היץ, איר זענט נישט געזונט. קומט. מיר וועלן אַהיימפֿאָרן. מיר שרעקן די מענטשן איבער.

און איך האָב דעם פּאַן קוים פֿון די ערבֿ־יום־טובֿדיקע האַליעס אַרויס־געשלעפּט.

— ישׂראל, ישׂראל, וואָס איז געוואָרן פֿון דיר?

— פּאַניע וויאַדאָמסקי, קומט!

— און איך האָב דאָך זיי אַזוי ליב, — קרעכצט דער פּאַן פֿאַר זיך. איך בין דערשטויגט געוואָרן.

וועמען?

— אײַך, ייִדעלעך.

און מיט אַ מאָל ווערן פּאַן וויאַדאָמסקיס אויגן פֿאַרגלייזט, באַצויגן מיט אַ גלאַנצנדיקן וואָלקן. זײַן בלייך פּנים ווערט נאָך בלייכער און אויסגעצויגענער, זײַנע העגט ציטערן, זײַנע ליפּן ציטערן, און זײַן לאַנגע, דינע, אויסגעצויגענע נאָז אַרבעט שווער צו שעפּן לופֿט. ער קרעכצט און רעדט צו זיך:

— ישׂראל, ישׂראל, וואָס איז געוואָרן פֿון דיר?

— פּאַן וויאַדאָמסקי, קומט, מיר וועלן נעמען אַ וואָגן.

אָבער דער פּאַן האָט מיך נישט געהערט.

— שוסטער, הענדלער, מעקלער, האַנדל, האַנדל — דאָס איז געוואָרן פֿון דיר, ישׂראל! הענדלער מיט אַלטע הויזן, מיט זשאַווערדיק אײַזן, אין די רינג־שטאָקן זיצן זיי, אין שמוציקן, צעלאָזענעם שניי פֿון אַ פֿרעמדער, באַרבאַרישער שטאָט, די יוחננס, די שמעונס, די יהודהס, די יעקבֿס, די יוספֿס... און דאָרט בלאָזן שוין די שופֿרות פֿון די וואַכן אויף דער בית־המקדש־מויער. די זון וועקט זיך שוין און באַגיסט מיט שטראַלן די גילדערנע טויערן. עס גייען שוין אַרויס די כּהנים צו זייער דינסט. די געסלעך פֿון בית־המקדש־הויף ווערן שוין איבער־געפֿילט מיט די ערשטע קרבנות־ברענגער. און דאָ זיצן זיי, די שנײַדער, די שוסטער, באַהאַלטן אין זייערע קעלערס. און איך, זייער הגמון, בין מיט זיי, אין די זעלביקע בלאָטיקע צײַט־און־אָרט ווי זיי. איך אָטעם מיט זיי די זעלבע לופֿט, און זיי דערקענען מיך נישט און ווייסן נישט, ווער איך בין. זעען זיי דען נישט זייער אייגן פּנים? הערן זיי דען נישט זייער אייגענע שטים? ישׂראל, וואָס איז געוואָרן פֿון דיר? קוק זיך אָן, ווי דו פֿאַרברענגסט דײַנע פּסחס, ווײַט פֿון דײַן פֿאָטערס הויז! און איך, דײַן הגמון, בין מיט דיר, אין גלות ווי דו.

ער האָט זיך שיער נישט צעוויינט פֿון אויפֿרעגונג. מענטשן זײַנען געוואָרן אויפֿמערקזאַם אויף אונדז. עס האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצוקלויבן אַ רעדל. די פֿרילינג־לופֿט איז געווען זייער מסוגל צו מאַכן מענטשן דורשטיק נאָך נײַע געשעענישן. איך האָב מורא געהאַט, אַז עס זאָל ווער נישט דערהערן דעם פּאַנס אויפֿגערעגטע, פֿרעמדע רייד וועגן אַן אַנדער לעבן, און זײַן סוד זאָל נישט אַנטפּלעקט ווערן, וואָס דאָס וואָלט געקאָנט דערפֿירן צו אומאָנגענעמלעכקייטן. איך האָב אים האַלב מיט געוואַלט אַרויפֿגעפּאַקט אויף אַ וואָגן און אָפּגעפֿירט צו זײַן וואוינונג.

ווען מיר זײַנען אַהיים געקומען, איז שוין שטאַרק פֿינצטער געווען. אין דער פֿינצטערניש האָט מען דערפֿילט דעם פֿרילינגדיקן הויך, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופֿט. די פֿרילינג־לופֿט און דער אָוונט האָבן דעם פּאַן נאָך מער באַ־אומרואיקט. ער האָט נישט געלאָזט קיין ליכט מאַכן. איך האָב אים קוים מיט צרות אָוועקגעלייגט אויפֿן בעט. פֿון קישן אַראָפּ האָט אַראָפּגעשײַנט אין דער אָוונטלעכער דעמערונג דאָס ליכט פֿון זײַן אויסערגעוויינטלעך בלייך־געל פּנים, באַשימערט מיט דעם קאַרגן לבֿנה־ליכט, וואָס איז מיט געוואַלט אַרײַנגעדרונגען דורך דעם נאָך ווינטערדיק־פֿאַרקאַוועטן פֿענצטער. די אויסערגעוויינטלעכע, לאַנגע, אויסגעצויגענע נאָז זײַנע און זײַנע אויסטערלישע, שײַנענדיקע אויגן האָבן געשראָקן מיט שדימדיקער פֿרעמדאַרטיקייט. ער האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער חלומט, און ווי פֿון חלום אַרויס, האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו מיר:

— פּונקט ווי דענסטמאָל...

— פּרוואווט עס פֿאַרגעסן, פּאַן וויאַדאָמסקי.

— ניין, איך וויל נישט פֿאַרגעסן. איך וויל זיך געפֿינען מיט זיי.

— זײַנע אויגן זײַנען געוואָרן ליכטיקער, זײַן פּנים — באַלעבטער. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן בעט. קיין ליכט האָט ער נישט געלאָזט מאַכן. און ער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרציילן:

# 2

„מיר האָבן דערנסטמאָל אַן אויסערגעוויינטלעך שווערן ווינטער געהאַט אין ירושלים. אַנומלט האָט זיך אַפֿילו דערטראָגן אַ שנײ און צוגעדעקט די בערג אַרום ירושלים. ער האָט אַפֿילו דערגרייכט דעם הר־הצופֿים. ער האָט טאַקע נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אים די מזרח־זון צעטאָפּיעט. אָבער דער אָנבליק פֿון ירושלים אין פֿריען מאָרגן, אַרומגערינגלט מיט ווײַסע פֿעסטונגען, האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אַן אומפֿאַרגעסלעכן אײַנדרוק. די באַפֿעלקערונג, וואָס איז נישט געווען פֿאַרגעברייט צו דער קעלט, האָט זייער געליטן. די אײַנוואוינער פֿון ירושלים זײַנען געווען צוגעוואוינט צו געפֿינען זיך תּמיד אין דרויסן. האָבן זיי זיך געהילט און געוויקלט אין וואָס זיי האָבן נאָר געפֿונען. די רײַכע האָבן געהאַט וואַרעמע פּעלצענע מאַנטלען. אָבער די אָרעמע אין די גאַסן און אויף די פּלעצער האָבן זיך געוויקלט אין צעריסענע זאַק־קליידער און שמאַטעס, זיך געזאַמלט אַרום די געבעט־הײַזער, אין וועלכע זיי האָבן געוואָלט זיך אַרײַנקריגן, כּדי זיך אָנצוואַרעמען. אין בית־מקדש־הויף האָבן די רבּיים מיט זייערע תּלמידים געציטערט אין דער באַזיליקע פֿון הורדוס — בײַ פֿײַער־טעפּ, וועלכע פֿרומע ווײַבער האָבן פֿאַר זיי אָנגעצונדן, כּדי צו וואַרעמען זיך בײַם לערנען. די כּהנים האָבן אין זייערע לײַוונטענע הויזן און אין זייערע לײַכטע ווײַסע טוניקעס געציטערט פֿון קעלט, ווען זיי זײַנען מיט באָרוועסע פֿיס אַדורכגעלאָפֿן דעם שטיין־געשליפֿענעם הויף צום היכל צו טאָן זייער עבֿודה. ירושלים איז געווען דורך דעם ווינטער אַ פֿאַרהעלטנסמעסיק רואיקע שטאָט. אין דער לאַנגער הפֿסקה פֿון סוכּות ביז פּסח־צײַט, ווען קיין יום־טובֿים זײַנען נישט פֿאַראַן, האָבן ווינציק עולי־רגלניקעס זיך באַוויזן אין שטאָט. עס זײַנען דאָרט נאָר געווען אָפֿיציעלע שנאָרער, לײדיקגייער, אַנטלאָפֿענע קנעכט, אויפֿרודערער, וועלכע האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן פֿון איין יום־טובֿ צום אַנדערן אין שטאָט. די רײַכע לײַט, די אַריסטאָקראַטישע און די גרויס־כּהנישע משפּחות האָבן פֿאַרלאָזט די שטאָט איבער די ווינטער־חדשים און געשיצט זיך אין דעם זוניקן טאָל — אין די אייביק וואַרעמע פּאַלמען־וועלדער פֿון יריחו. נאָר די רבּיים האָבן זיך אין ווינטער געמערט אין ירושלים, און פֿיל תּלמידים פֿון די נאָענטע און ווײַטע פּראָווינצן זײַנען אָנגעקומען אַהין צו זיצן בײַ זייערע פֿיס; עס זײַנען דאָ געווען זין פֿון גוטע הײַזער, וואָס די עלטערן האָבן זיי געשיקט קיין ירושלים זיך אויסצובילדן, אַפֿילו פֿון ווײַטע פּראָווינצן מחוץ־לאָרץ; געווען אויך יונגע כּהנים און לוויים פֿון דער פּראָווינץ, וועלכע זײַנען געקומען צו לערנען די עבֿודה אין בית־המקדש. זיי אַלע האָבן זיך געזאַמלט אין די פֿילע אומענדלעכע לשכות, וואָס האָבן זיך געפֿונען אַרום דעם בית־המקדש, אָדער בײַ די רבּיים מיט די תּלמידים, וועלכע האָבן זיך געקליבן אַרום די פֿײַער־טעפּ אין בית־מקדש־הויף.

„איך האָב דעם ווינטער זייער ווייניק זיך געפֿונען אין ירושלים. איך האָב זייער אָפֿט זיך אויפֿגעהאַלטן אין צעזאַריע, בײַ פּילאַטוסן. מיר זײַנען געווען פֿאַרנומען אויסצואַרבעטן אַ געוויסן פּראָיעקט. פּילאַטוסן האָט זיך געוואָלט דורכ־

אויס האָבן אַ צוטריט צו די רײַכע אוצרות, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין בית־המקדש־הויף. — איז ער געפֿאַלן אויף אַזאַ פּלאַן: — ירושלים האָט פֿון קדמונים אָן געליטן פֿון וואַסער־קנאַפּהייט. די בריכות, וואָס דער מלך שלמה האָט געלאָזט גראָבן אויפֿן וועג קיין חברון אויף אַרײַנצוברענגען דאָס וואַסער דורך רערן אין שטאָט אַריין, זײַנען געווען פֿאַרעלטערט און נישט גענוגנדיק צו באַדינען די וואַקסנדיקע באַפֿעלקערונג פֿון דער הויפּט־שטאָט. די פּאָר קוועלן און באַסיינען, ווי אויך דאָס טייכל שלוח — זײַנען געווען אָרעם און קנאַפּ. פּילאַטוסן, ווי יעדן הויפּטמאַן פֿון אַ פּראָווינץ, האָט זיך פֿאַרגלוסט איבערצולאָזן זײַן אָנדענק פֿאַר די שפּעטערדיקע דורות אין דער פּראָווינץ, איבער וועלכער ער האָט רעגירט. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַן אידעע צו ציִען אַ וואַסער־מויער, וואָס זאָל צופֿירן וואַסער צו דער אייביק־דאָרשטיקער שטאָט פֿון ווײַטן דרויסן. איבער דעם, וואָס ירושלים איז געלעגן זייער הויך, אַרומגערינגלט פֿון דרײַ זײַטן מיט טאָלן, איז דעם פּראָיעקט געווען זייער שווער דורכצופֿירן. פּילאַטוס האָט זיך געקליבן צו פֿינאַנסירן דעם קאָסטלעכן פּראָיעקט מיט די אוצרות פֿון בית־המקדש, אין וועלכן די יידן פֿון דער גאַנצער וועלט האָבן אָנפֿאַרטרויט זייערע פּדיונות. די ירושות פֿון אַלמנות און יתומים האָבן עס געזאָלט שטילן פּילאַטוסעס אַמביציעס. דאָס גאָלד פֿון בית־המקדש איז, אַגבֿ, שוין פֿון לאַנג געווען אַ דאָרן אין זײַנע אויגן און האָט גערייצט זײַן גאָלד־דורשט. פּילאַטוס האָט אין אָט דעם פּראָיעקט געזען אַ גוטע מעגלעכקייט אַרויפֿצולייגן זײַן האַנט אויף די געהיימניספֿולע אוצרות, אויף דעם לעגענדאַרישן רײַכטום פֿון בית־המקדש, וואָס האָט אים נישט געלאָזט רוען, ווי אויך צו פֿאַראייביקן זײַן נאָמען דורך גרויס־ווערן, וואָס איז געווען דער אידעאַל פֿון יעדן פּראָ־קאָנסול און חייל־פֿירער. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז אַזוי לײַכט וועט עס אים נישט אָנקומען.

די יידעלעך וועלן מאַכן אַ גרויס געוואַלד, — און מיר האָבן זיך פֿאַר דעם גוט פֿאַרגעברייט. איך בין זייער אָפֿט גערופֿן געוואָרן צו אים קיין צעזאַריע, כּדי מיישבֿ צו זײַן זיך ווי אַזוי צו געווינען די צושטימונג פֿון כּהן גדול און פֿון זײַן אײַנפֿלוסרײַכער משפּחה צו דעם וואַסער־פּראָיעקט. אויך האָט ער מיך זייער אָפֿט געשיקט קיין יריחו און אין אַנדערע וואַרעמע ערטער, וואו די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך אויפֿגעהאַלטן, כּדי זיי צו באַאַרבעטן פֿאַר זײַן פּלאַן, אַזוי אַז איך האָב ווייניק געלעגנהייט געהאַט דעם ווינטער אין ירושלים צו פֿאַרברענגען, וואָס איז מיר טאַקע זייער געפֿעלן, ווײַל איך בין גאָרנישט געווען אַזוי גערן צו זײַן אין ירושלים, דערהויפּט דורך די רויע ווינטער־חדשים, און איך האָב מײַן קליינע פֿרייד פֿון לעבן בעסער גענאָסן אין די פֿעטע און רײַכע פּאַלמען־גערטענער פֿון יריחו, אָדער אין דער קולטורעלער פּאָרט־שטאָט פֿון צעזאַריע, וועלכע איז געלעגן בײַם וואַרעמען ים־ברעג.

„נאָר איין מאָל, ווען איך האָב אויף אַ קורצער ווײַל זיך געפֿונען דעם ווינטער אין דער אַנטאָניאַ, בין איך אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן הינטער דער פֿעסטונג, דורך דעם שעפּסן־טויער, וואָס איז געלעגן בײַם אַרײַנגאַנג פֿון שעפּסן־מאַרק. איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט און בין ווײַטער אַרויס פֿון שעפּסן־מאַרק. בײַם אָפּנייג פֿון באַרג, צום טאָל צו, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף יענעם אָפּגעלעגענעם, פֿאַרלאָזענעם אָרט בײַ דער בריכה, וועלכן די יידן רופֿן „בית חסדא״,

וואו עס האַלטן זיך אויף די קראַנקע, — לאָמע, בלינדע, געבראָכענע, פֿיל פֿאַרדעכטיק־קרעציקע און אַנדערע אָנשטעקעדיק־קראַנקע, געשלאָגענע לײַט, וואָס וואַרטן אָפּ ביז דאָס וואַסער פֿון דער בריכה וועט אויפֿברויזן. זיי האָבן געגלויבט, אַז אַ מלאך נידערט אַראָפּ אין דער בריכה און שטורעמט אויף די כוואַליעס, און ווער עס טוקט זיך אונטער בשעת דער טײַך שלאָגט מיט כוואַליעס, דער ווערט געהיילט. איך האָב געקענט דעם אומהיימלעכן אָרט נאָך פֿון פֿריער און זיך געמיט אים אויסצומײַדן איבער דעם געשטאַנק פֿון די קראַנקע, וועלכע האָבן געדרעפּטשעט מיט זייערע האַלב־פֿאַרפֿוילטע לײַבער אין דעם בלאָטיקן זומפּ, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אויפֿן באָדן פֿון דער בריכה, ווען דאָס וואַסער איז רואיק געווען. די קראַנקע האָבן זיך דאָ געוואַלגערט ווי ווערעם מיט זייערע צעבראָכענע, אָפּגעלאָזענע, אויסגעגלידערטע אבֿרים מיט די אָפֿענע אייטערדיקע מכּות. פֿון פֿיל פֿון זיי האָט זיך געטראָגן אַ געשטאַנק פֿון דער ווײַטנס, ווי פֿון אַרומוואַלגערנדיקע פּגרים. אַ שטענדיקער יאָרמאַרק פֿון קראַנקע איז דאָרט געווען. קרובֿים האָבן זייערע געליימטע נאָענטע געבראַכט צו שלעפּן אויף ליג־ברעטער, די פֿאַרפֿוילטע גלידער צוגעדעקט מיט פֿאַרדעכטיקע בגדים. און אַ קריגערײַ און געשלעגערײַ איז דאָרט געווען אי צווישן די געזונטע, אי צווישן די קראַנקע, וועלכע האָבן מיט זייערע אָפּפֿאַלנדיקע, פֿאַרפֿוילטע אבֿרים אויסגעקעמפּט זיך אַ פּלאַץ וואָס נענטער צו דער בריכה, ווען עס וועלן אָנהייבן שלאָגן די כוואַליעס, כּדי וואָס פֿריִער אַרײַנצוקריכן אין דער בלאָטע. די, וועלכע האָבן שוין נישט געקאָנט זיך באַנוצן אין דעם קאַמף מיט זייערע אבֿרים, האָבן דאָס געטאָן מיט זייערע צונגען. אָפֿט מאָל האָט אַ פּאַניק אויסגעבראָכן צווישן די קראַנקע, ווײַל זיי האָבן חושד געווען, אַז אַ מצורע האָט זיך אַרײַנגעקראָגן צווישן זיי, אָדער אַ באַזעסענער פֿון אַ שלעכטן רוח, וועלכן די, וואָס זײַנען בײַם שׂכל געבליבן, האָבן געוואָלט פֿאַרטרײַבן. ניין, עס איז נישט געווען קיין פֿריילעך אָרט, דאָס אָרט פֿון דער בריכה פֿאַר קראַנקע. דאָס יאָמערן פֿון די געשלאָגענע, דאָס קרעכצן פֿון די שוואַכע, אויסגעמישט מיט דעם מיאַוטשען און מעקען פֿון די באַזעסענע, האָט אָנגעיאָגט אַ חושך אויף מײַלן ווײַט און מען האָט אויסגעמיטן דאָס אָרט. אָבער דאָס האָט אַלץ פּאַסירט אין זומער. איך האָב זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז איצט איז ווינטער, ווען די ערד ליגט באַדעקט מיט אַ שמוציקער שיכט פֿון צעלאָזענעם שניי און אײַנגעפֿרוירענעם טוי, ווען אַפֿילו די בלאָטע אַרום דער בריכה איז פֿאַרהאַרטעוועט ווי אַ פֿאַרטריקנטער בלאָטער פֿון קעלט, זאָלן זיך אַרום דעם שטינקענדיקן וואַסער געפֿינען קראַנקע. נאָר קוים האָב איך זיך דערנענטערט, האָב איך שוין פֿון דער ווײַטנס דערהערט אַ גרויסן ליאַרעם. אָבער דער ליאַרעם איז נישט געווען ווי יעדעס מאָל, וואָס גייט אויף פֿון די ווייטאָגדיקע געשרייען פֿון די קראַנקע. דאָס מאָל זײַנען עס טאַקע געווען פּאַניק־געוואַלדן. און די פּאַניק־געוואַלדן זײַנען געווען אויסגעמישט מיט פֿרייד־רופֿן, מיט הושענה־אויסגעשרייען. איך בין נײַגעריק געווען צו וויסן, וואָס עס איז געשען צווישן די קראַנקע, וואָס זיי זײַנען הײַנט אַזוי אויפֿגערודערט, אַזוי אויפֿגערעגט. און ווי איך האָב זיך עס פֿאָרגעשטעלט, אַזוי איז עס טאַקע געווען. אַ רבי האָט זיך באַוויזן צווישן די קראַנקע און האָט איינעם פֿון זיי געהיילט דורך אַ וואונדער. דאָס איז קיין נײַעס נישט געווען אין דעם לאַנד. אין ירושלים איז

מען געוואוינט געווען צו נסים יעדן טאָג. וואָס עס איז יאָ אַ נײַעס געווען, און וואָס עס האָט מיך איבערראַשט, איז דער אײַנדרוק, וואָס דער נס האָט געמאַכט אויף די קראַנקע. איך בין דאָך שוין געוואוינט געווען צו די עקסטאַזן פֿון די מאַסן און צו די ענטוזיאַסטישע סצענעס, וואָס איך האָב זיך אָנגעזען אין בית־המקדש־הויף. נאָר אַזאַ באַגײַסטערונג, וואָס דער וואונדער פֿון רבין האָט אַרויס־גערופֿן, — האָב איך נאָך נישט געזען. סײַ די קראַנקע, וועלכע האָבן מיט זייערע לײַבער געשטעקט אין דער קאַלטער בלאָטע, סײַ די, וועלכע זײַנען אין דרויסן אַרום דער בריכה געלעגן, — אַלע זײַנען זיי געשטאַנען אויף זייערע אויסגע־קרימטע, פֿון קראַנקהייט געליימטע גלידער, און מיט זייערע בלייכע פּנימער האָבן זיי נאָכגעקוקט דער ווײַסער פֿיגור, וואָס איז פֿאַרשוואונדן פֿון זיי. זיי האָבן גע־שוויגן, נאָר געהאַלטן די הענט אויסגעשטרעקט נאָך אים.

— ווער איז עס? — פֿרעג איך בײַ איינעם, וואָס איז מיר געקומען אַנטקעגנ־צוהינקען אויף איין פֿוס, אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, און האָט דעם אויסגעדאַרטן פֿוס געשלעפּט נאָך זיך.

— איין וואָרט נאָר האָט ער אַרויסגעזאָגט — איז עס געשען, — פֿאַרציילט מיר דער קאַליקע מיט ענטוזיאַזם. — דו זעסט אָט דעם פֿאַרקריפּלטן אַלטן. יאָרן־לאַנג איז ער געלעגן אויף זײַן געלעגער. דאָס פֿלייש האָט אים שוין געפֿוילט אויף זײַנע ביינער, ער האָט זיך געבעטן, מען זאָל אים אַראָפּנעמען פֿון זײַן פֿאַרפֿוילטן געלעגער און אַרײַנוואַרפֿן אין דער בריכה, אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זײַנע קרעכצן. מען האָט געמיינט, אַז אים וועט שוין גאָרנישט העלפֿן. מען האָט אים געהאַלטן פֿאַר טויט. פּלוצלינג איז אַ רבי אָנגעקומען. דער קראַנקער האָט אויפֿגעהויבן זײַנע הענט צו אים און געמורמלט מיט די ליפּן. דער רבי האָט אים אָנגעקוקט און געזאָגט צו אים מיט אַ באַפֿעלערישער שטים: „הויב דיך אויף פֿון דײַן געלעגער און נעם דאָס בעט אויף דיר". און ווי דער רבי האָט אים באַפֿוילן אַזוי האָט ער געטאָן. אַפֿילו אים אין דער בריכה נישט אַרײַנגעזעצט נאָר מיטן בלויזן מויל. ווי אַ בליץ איז עס געשען. אוי, וואָלט ער צו מיר דאָס געטאָן!

„אַ מערקווירדיק פֿאָלק, אײַערע לײַט. אויך בײַ די אַנדערע פֿעלקער זײַנען דאָ כּישוף־מאַכער, עקזאַלטירטע לײַט, וועלכע באַזיצן מאַגישע כּוחות צו באַשווערן שלעכטע רוחות, אָפּצושרײַען קראַנקהייטן, צו באַרואיקן שלעכטע געמיטער. מיטן בליק פֿון זייערע אויגן קאָנען זיי פֿאַרקריפּלטע גאַנץ מאַכן. וויניק האָב איך זיך דאָס אָנגעזען בײַ די כּאַלדייער, בײַ די עגיפּטער. אַלעקסאַנ־דריע, אַנטיאָכיע, אשקלון און צור זײַנען פֿול מיט זיי, אָבער קיינער האָט קיינמאָל די כּישוף־מאַכערײַ נישט אָנגענומען ווי אַן אויסערגעוויינטלעכע באַגנאָדיקונג פֿון גאָט, נישט פֿאַרשריגן דאָס פֿאַר אַ נס. די כּישוף־מאַכערײַ איז געווען אַזאַ פּראַ־פֿעסיע, ווי דער באָד־מאַן, דער פֿריזירער, ווי דער שרײַבער, וואָס האָט קמיעות געשריבן אָדער אויסגעקריצט, — וועלכע האָבן פֿון דער ווײַטנס געהאַלטן די שלעכטע גײַסטער. נאָר בײַ אײַך, ייִדעלעך, טאָמער איז אַמאָל געשען אַזאַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך, האָט איר עס באַלד דערקלערט ווי אַן ענדערונג פֿון דער נאַטור, ווי אַ צייכן פֿון די געטער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אויף באַראָט זייער טאָג־טעגלעכע באַשעפֿטיקונג צו באַזאָרגן די וועלט מיט אַלעם נויטיקן, האָבן

אָפּגעניײגט פֿון זייערע דרכים, כּדי איינעם פֿון אײַך אַ טובֿה צו טאָן און זײַן הויקער אויסצוגלײַכן, זײַנע צעבראָכענע אבֿרים גאַנץ צו מאַכן דורך אַן אויסטערלישן וועג, כּדי אײַנערן אַ רבין דורך דעם פּאַר אַ שליח פֿון גאָט אויסצורופֿן. קיין באַשייַדענע אומה זענט איר קיין מאָל נישט געווען, איר יִידעלעך.

„איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, געזען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן דעם רבין פֿון כּפֿר־נחום, און איך האָב זיך נישט טועה געווען אויך. אין אַ צײַט אַרום בין איך דורכגעגאַנגען דאָס בית־מקדש־געסל און — וועמען זע איך? — אונדזער אַלטן באַקאַנטן רבי אין ווײַסן כאַלאַט, נאָר נאָך מער אויסגעצויגן און אויסגעדאַרט, — מען קאָן זאָגן, אַ סקעלעט. ער איז דורך דער צײַט, וואָס איך האָב אים נישט געזען, נאָך העכער געוואַקסן, ער איז מיט זײַן פֿיגור אַרויפֿגעשפּרונגען אין הימל אַרײַן. ער איז געשטאַנען אין אַ קרײַז פֿון פֿאַנאַטיקער און האָט עפּעס אײַנגעטענהט מיט זיי. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט פֿון דער ווײַטנס, אונטער דעם געזימס פֿון אַן אַרויסשטאַרצנדיקער נישע, וועלכע איז געהאַנגען אויף דער איבערלעבער מויער, און האָב צוגעזען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. אין דעם רעדל אַרום דעם הויכן, ווײַסן רבין האָב איך דאָ, אין בית־המקדש־הויף, ווי אַנומלט אין כּפֿר־נחום באַמערקט דאָס אײַנפֿאַכע פֿאָלק, — וואַסער־טרעגער, וועלכע האָבן געטראָגן אויף זייערע פּלייצעס לאָגלען מיט וואַסער אויס דעם קוואַל, וואָס איז דורך אַ רינע אַרויסגעפֿלאָסן פֿון אינערלעכן בית־המקדש־הויף; בעלי־מלאכהס, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויף זייערע בערזעס, פּלעצער, וואָס יעדער פֿאַך האָט געהאַט אין בית־המקדש הויף; אַ סך ליידיקגייער, אָדער ווי מיר האָבן זיי גערופֿן די „קנאים", די גלילער, וועלכע האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין ירושלים פֿון איין יום־טובֿ צום אַנדערן. אָ, ירושלים האָט געווימלט מיט די לײַט, זיי האָבן זיך רעקרוטירט פֿון אַלע אַנטיילנעמער אין אויפֿשטאַנדן. איך האָב זיי דערקענט מיט זייער קליידונג און האַלטונג. „די גלילשע נאַקעט־לײַט" — האָט מען זיי גערופֿן, וואָרעם אַפֿילו אין ווינטער זײַנען זיי אַרומגעלאָפֿן אין זייערע צעריסענע זאַק־קליידער, טייל פֿון זיי נאָר מיט גאַרטלען צו באַדעקן זייער שאַנד. עס האָט זיי נישט געאַרט קיין קעלט און קיין רעגן, וועלכע האָבן אַדורכגעווינטיקט און אַדורכגענעצט זייערע אויפֿגעדעקטע לײַבער. מיט די צעפּלאַשעטע לאָקן־קאָלטענעס איבער זייערע בראָנזענע רוקנס, האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם הויכן ווײַסן רבין. ער האָט נישט געלערנט מיט זיי, נישט אויסגעטײַטשט די שריפֿט, נאָר עפּעס פֿאַרציילט, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַזאַ אויפֿרודערונג צווישן זיי, אַזאַ חלוקי־דעות, אַז איך האָב געמיינט, אַז עס וועט באַלד קומען צו אַ געשלעגן. און עס איז טאַקע אַזוי געשען. טייל לײַט, וועלכע עס איז נישט געפֿעלן, וואָס דער רבי האָט געזאָגט, האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן אויס אים און חוזק געטריבן. איינער פֿון זיי האָט אַוודאי פֿאַרבלאָנדזשעט אין דער גרופּע, אָדער ער איז געקומען שפּאָס האָבן מיט דעם פּראָווינציעלן רבין, וואָרעם ער האָט נישט געהערט צו דער גרופּע, נאָר איז ביז איצט פֿון דער ווײַטנס געשטאַנען. אין זײַן אויסזען און אין זײַן קליידונג, האָב איך דערקענט, אַז ער געהערט צו אַ פּריווילעגירטן קלאַס, צו דער צדוקישער אַריסטאָקראַטיע. ער האָט געטראָגן אַ געקינצלט געפֿאַרבטן גאַרטל, געוויקלט איבער זײַן וואָלענעם מאַנטל. דער גאַרטל האָט דערגרייכט ביז צו זײַנע קני און זיי צוזאַמענגעצויגן, העמענדיק זײַנע טריט. אַ רײַך קאָלירטער פֿראַנז האָט זיך גע־

פלאָנטערט צווישן זײַנע פיס. זײַנע האָר זײַנען געווען פֿאַרקעמט אין אומצייליקע, דינע לאָקן־געפֿלעכטן, לויט דעם כּאַלדייאישן סטיל, אַזוי אויך זײַן באָרד. עס האָט זיך געטראָגן פֿון אים אַ שווערער דאַמף פֿון פּערפֿומען און פֿעטע געשמאַקן. די אָרעמע האַלב־נאַקעטע גלילער האָבן מיט אָפֿענע מײַלער און פֿאַרשפּרייטע נאָזדרעס אַרײַנגענומען אין זיך די וואויל־גערוכן, וואָס האָבן אויסגעדעמפֿט פֿון זײַן קערפּער, וועלכער איז געווען פֿעט באַשמירט מיט איילן. איך געדענק, ווי זײַנע צוויי קנעכט, וועלכע האָבן אים באַגלייט, האָבן מיט זייערע שטעקנס אויס־געשלאָגן אַ וועג פֿאַר אים צווישן דער וואַנט פֿון נאַקעטע לײַבער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם רבין. די אָרעמע האָבן טאַקע געשפּאָלטן זייערע רייען און אים אַדורכגעלאָזט. אַז ער איז אָנגעקומען פֿאַר דעם פּנים פֿון רבין, האָט דער אויסגעפּוצטער צדוקי אויסגעשטרעקט זײַן מיט רינגען באַקליידטע האַנט און האָט דעם רבין עפּעס געפֿרעגט. עס האָט געמוזט זײַן עפּעס זייער קאָמישעס, וואָרעם כּדי דעם רײַכן צו חנפֿענען, האָבן זײַנע באַגלייטנדיקע דינער און נאָך זיי די אַרומשטייענדיקע מאַסן אויסגעבראָכן אין לאַך־ספּאַזמעס. דער רבי, נישט געקוקט אויף דעם לאַכן, האָט אים אָפּגעענטפֿערט, אָבער דער אויסגעפּוצטער צדוקי האָט זיך שוין נישט צוגעהערט צום רבינס ענטפֿער און איז מיט אַ טריאומפֿירנדיקער מינע אָוועקגעגאַנגען פֿון דעם באַזיגטן רבין ווײַטער זײַן וועג.

„הינטער דעם רבין פֿון כּפֿר־נחום האָב איך פּלוצלינג באַמערקט, אַז עס שטייט ווער, וועלכער האָט פֿון ערשטן אָנבליק געמאַכט אויף מיר אַזאַ אײַנדרוק, אַז איך האָב דערנאָך שוין לאַנג נישט געקאָנט זיך באַפֿרײַען דערפֿון. הינטער דעם רבין איז געשטאַנען אַן אויסטערלישער מענטש, אויב מען קאָן אים נאָר אָנרופֿן בײַם נאָמען מענטש: אַ הויכער, כּמעט אַזוי ווי דער רבי, מיט אַ פּנים פֿון אַ טויטן, אָדער בוכשטעבלעך פֿון אַ טויטן סקעלעט, באַהאָנגען מיט אַ זאַק־קלייד. זײַן סקעלעטן־קאָפּ איז, אמת, מיט הויט געווען איבערגעצויגן, אָבער די הויט האָט נישט געהאָט קיין מענטשלעכע קאָליר, נאָר איז געווען אַשיק־בלוי פֿאַר־טונקלט, ווי די הויט, וואָס דאָס חיות־זאַפֿט איז פֿון איר אויסגעטריקנט געוואָרן און פֿאַרברענט פֿון טויט אויף אַש. אַנשטאָט ליידיקע אויגן־לעכער, ווי בײַ יעדן אַנדערן סקעלעט, האָבן אין זײַנע לעכער געשטעקט פֿאַרגלייזטע, טויט־שטאַרנדיקע אויגן־אַפּלען. די האָר פֿון קאָפּ זײַנען געווען אויסגעקראָכן. אין דער ליידיקער, גרויסער אָנגעשוואָלענער בלוי־אַשיקער ליסינע, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי דאָס שטערצל פֿון אַ טאָפּ, האָבן געקלעפּט איינצלנע, מאַטע, אָן יעדן לעבן צונויפֿגעקאָלטנטע האָר־לאָקן, וועלכע זײַנען געפֿאַלן איבער זײַן דינעם, אויס־געבלייזטן, ביינערדיקן האַלדז, — דער קאָפּ איז טאַקע געזעסן בײַ אים ווי אויף אַ דינעם דראָט אויפֿגעצויגן. און דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען אין דעם מאָן, וואָס מער נאָך פֿון זײַן אויסזען האָבן זײַנע באַוועגונגען אַרויסגערופֿן דעם אײַנ־דרוק פֿון טויט. ער איז געשטאַנען טאַקע הינטער זײַן רבין, ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך אים יעדן טראָט, נאָר זײַנע טריט, די באַוועגונגען פֿון זײַנע הענט, זײַן גאַנג, אַלץ האָט געמאַכט אַזאַ אומנאַטירלעכן אײַנדרוק, ווי די פֿיגור וואָלט קיין מענטש־לעך לעבן אין זיך נישט באַזעסן, וואָס מיט אָט דעם כּוח פֿירט זי אויס אירע פֿונקציעס נאָר געטריבן פֿון אַ פֿרעמדן מעכאַניזם, באַוועגט זי זיך מיט גולמדיקער גלײַכגילטיקייט, באַפֿוילן פֿון אַן אַנדער ווילן און געדאַנק. די קליינע, אָבער

קענטיקע הפסקה, וואָס מען האָט בולט אָנגעזען בײַם אויספֿיר פֿון אירע באַ־
וועגונגען, האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם אײַנדרוק, אַז די פֿיגור באַשטייט נישט
פֿון לעבעדיק פֿלייש און בלוט, נאָר אויס טויטע גלידער, אָנגעבונדן צו מוסקול־
דיקע אָדערן, וועלכע ווערן אָנגעטריבן פֿון אַן אויסערשטייענדיקן מעכאַניזם.
איך האָב זיך אינטערעסירט מיט דער פֿרעמד־דערשײַנענדיקער פֿיגור, זי איז מיר
אויך פֿאָרגעקומען באַקאַנט, ווי איך וואָלט זי שוין אַנומלט וואו־עס־איז געווען
געזען. און איך האָב געפֿרעגט בײַ אַ נאָענט־שטייענדיקן ייִדן פֿון זײַן קרײַז:

— ווער איז די פֿיגור?

— איר ווייסט נישט, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך אליעזר, דער ברודער פֿון
מרתא און מרים.

— אליעזר? דער ברודער פֿון מרתא און מרים? געוויס קען איך אים! פֿאַרוואָס
זעט ער אַזוי אויס? דאָס איז דאָך אַ טויטער, וואָס שטייט הינטער דעם רבין —
וואונדער איך זיך.

— געוויס איז ער אַ טויטער. דער רבי האָט אים פֿון טויט אויפֿגעוועקט און
צוריק לעבעדיק געמאַכט.

— פֿון טויט אויפֿגעוועקט?

„געוויס האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם יונגנמאַן, וואָס איך האָב אַנומלט
געזען אין גת־שמן, אין הויז פֿון מרים מאַגדאַלענאַ, ווען איך האָב זי אַמאָל אויפֿ־
געזוכט מיט חנן. שוין דעמאָלט האָט דער יונגערמאַן מיט זײַנע פֿאַרלאַנגזאַמטע
באַוועגונגען אין זײַן האַלציק־געביטן פּנים געמאַכט אויף אונדז אַן אָפּפֿרעמדיקן,
אָפּשרעקעדיקן אײַנדרוק. איך געדענק, אַז שוין דענסטמאָל, ווען איך האָב אים
געזען שטיין מיט זײַנע גלויביק־נאַיִווע אויגן, קוקנדיק אויף אונדז מיט דעם בליק
פֿון אַ יונג קאַלב אָדער פֿון אַן אַנדער שטומער בהמה, וואָס רעדט מיט די אויגן,
האָב איך מיר געטראַכט, אַז דער יונגערמאַן איז נישט נאָרמאַל. שוין דענסטמאָל
האָט ער געמאַכט אַן אײַנדרוק ווי אַ מענטש נישט פֿון דער וועלט. געוויס, —
האָב איך מיר געטראַכט, ווען איך האָב אים איצט דערזען, — קאָן מען מיט אַזאַ
יונגעמאַן אַלץ טאָן. ער איז ווי טייג אין די פֿינגער, נאָך דערצו פֿון אַזאַ מיס־
טישער, אומפֿאַרשטענדלעכער פּערזענלעכקייט, ווי עס איז געווען דער פֿיל־גע־
רימטער רבי פֿון כּפֿר־נחום. ווער ווייס, — האָב איך מיר געטראַכט, — אפֿשר
באַזיצן זייערע רביים אַזעלכע געהיימע כּשופֿס, איבערגענומען בסוד־סודות פֿון
זייערע מיסטישע אָבֿות, וועלכע האָבן געזאָלט זײַן די פֿרײַנט פֿון גאָט? אפֿשר
באַזיצן זיי אַזעלכע געהיימע רעצעפּטן, געבראַכט פֿון מצרים־פֿאַרשקלאַפֿונג, פֿון
מדבר, פֿון וואַנען זיי קומען, — רעצעפּטן, לויט וועלכע זיי קאָנען לעבעדיק
מאַכן טויטע, זיי אויפֿוועקן פֿון קבֿר? איך מוז מודה זײַן, אַז בשעת איך האָב גע־
קוקט איצט אויף אָט דעם אליעזר, האָב איך עס אַ מינוט געגלויבט. דעם נס
האָט מען אָנגעזען אין דעם מעדיום, און עס איז נישט געווען מער אַפּצולייקענען.
איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין אייניקע ירושלימער הײַזער, אַפֿילו בײַ דער
אויפֿגעקלערטער אַריסטאָקראַטיע, האָט מען גערעדט וועגן דעם. אויב אַזוי, איז
דאָך אַ געפֿאַר. נײַן, דאָס איז שוין צו פֿיל! פֿון טויט אויפֿגעוועקט! אַ מאַן, וואָס
קאָן טויטע צוריק לעבעדיק מאַכן, איז געפֿערלעך פֿאַר יעדער מלוכה, נאָך דערצו
פֿאַר אַזאַ אומרואיקן, אויפֿרודערישן לאַנד, ווי עס שטעלט פֿאָר מיט זיך יהודה.

„אָן אָונטע שפּעטער האָב איך זיך געפֿונען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון עלטסטן כּהן גדול חנן און זײַנע קינדער. איך בין געגאַנגען אויספּרובירן דאָס פֿעלד וועגן דעם פּראָיעקט פֿון דער וואַסער־מויער, וואָס פּילאַטוס האָט געפּלאַנט. איך האָב געוואוסט, אַז עס וועט זײַן אַ זייער שווער שטיקל אַרבעט אַדורכצופֿירן בײַ די אויטאָריטעטן פֿון בית־המקדש, אַז זיי זאָלן אָנרירן דעם פֿאָלקס־אוצר; נאָר אויף אַזאַ ווידערשטאַנד האָב איך זיך נישט געריכט. וואָס אָנבאַטרעפֿט דאָס גאָלד פֿון בית־המקדש, זײַנען אַלע געווען אין איין דעה: „הייליק — און דאָס טאָר מען נישט אָנרירן!" אַפֿילו מײַן פֿרײַנט טעאָפֿילוס איז געווען אײַנפֿאַרשטאַנען. וואָס עס האָט מיך צום מערסטן געוואונדערט, איז געווען אויף דעם יינגסטן זון, חנן. בײַ אים האָב איך דערוואַרט צו געפֿינען פֿאַרשטענדעניש, אַ שטאַרקן גלויבן אין אונדזער ציוויליזאַציע, ליבע און פֿאַרערונג צו אונדזערע אינסטיטוציעס, — שטאַטסמענישן בליק. אָבער אויך פֿון אים האָב איך נישט באַקומען קיין שטיצע. — „פֿאָלקס־פֿאַרמעגן! מען וועט אונטערגראָבן דעם צוטרוי, וואָס דאָס גאַנצע וועלט־יידנטום האָט צום בית־המקדש, ווען מען וועט אָנרירן דאָס געלט פֿון אַלמנות און יתומים. מען וועט אויפֿהערן קוקן אויף דעם בית־המקדש, ווי אויף דעם איינציקן, אומבאַרירלעכן יידישן מיטלפּונקט, וואָס איז פֿאַרהייליקט בײַם גאַנצן פֿאָלק. ניין, מיט אַזאַ טאַט קאָן מען, חלילה, אונטערגראָבן דעם גאַנצן פֿונדאַמענט, אויף וועלכן די יידישע מלוכה באַשטייט. געוויס איז עס אַ וויכטיקער ענין, די וואַסער־וואַנט. מען באַדאַרף דעם פּלאַן אויספֿירן, נאָר די געלטער דערצו מוז מען שאַפֿן דורך פֿאַרגרעסערטע שטײַערן. רוים מוז צוהעלפֿן. דער פּראָ־קאָנסול אין אַנטיאָכיע מוז וועגן דעם זיך ווענדן צום מלכות, אָבער דער אוצר פֿון בית־המקדש מוז בלײַבן אומבאַרירט".

„איך האָב געהאַט אַן אורזאַך חושד צו זײַן, אַז דאָס אײַנשטימיקע, עקשנות־דיקע פֿאַרהאַלטן זיך בנוגע דער אומבאַרירלעכקייט פֿון בית־המקדש אוצר, וואָס האָט פֿאַראייניקט אַלע פּאַרטייען בײַ יידן, האָט געהאַט אַן אַנדער סיבה, אַז נישט אין דעם צוטרוי פֿון וועלט־יידנטום צום בית־המקדש האַנדלט זיך דאָ, נאָר עס גייט פּשוט אין דעם: דאָס געלט, וואָס מען זאַמלט פֿאַר אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים, צו לאָזן גאַנץ. דאָס איז די סיבה פֿון קעגנשטעלן זיך. מיר קענען די טאַקטיק בײַ אַנדערע פֿעלקער. גאָלד איז מאַכט. פֿאַר גאָלד קריגט מען פֿאַרבינדעטע, געווער, חיילות. איך האָב עס מיר גוט הינטערן אויער פֿאַרשריבן. און כּדי דעם כּהן גדול און זײַנע קינדער אַ ביסל אָנצושרעקן, אַז מיר ווייסן דעם סוד דערפֿון, האָב איך דערמאָנט דעם פֿאַל פֿון דעם גלילער רבין, מיט וועלכן איך האָב זיך צוזאַמענגעטראָפֿן:

— דער מאַן פֿון כּפֿר־נחום, וועגן וועלכן איך האָב אײַך אַנומלט פֿאַרציילט, עלטסטער כּהן גדול, דער מאַן, אַרום וועלכן איך האָב אָנגעטראָפֿן פֿאַרזאַמלט אַזוי פֿיל געפֿערלעכע עלעמענטן אין גליל, איך האָב אים הײַנט באַגעגנט אין בית־המקדש־הויף. ער האָט געפּרעדיקט פֿרײַ־און־פֿראַנק זײַן אויפֿרודערישע אַגיטאַציע אין הויף פֿון בית־המקדש. — קיינער האָט אים גאָרנישט געשטערט. און מערקווירדיק, דעם זעלבן אומרואיקן עלעמענט, די גלילער, וועלכע זײַנען געווען זײַנע צוהערער אין כּפֿר־נחום, האָב איך אויך אָנגעטראָפֿן אין זײַן קרײַז

אויפֿן בית־המקדש־הויף. זעט זיך אויס, אַז ער האָט זיי מיטגעבראַכט מיט זיך. און דער אויפֿזעער פֿון דער בית־מקדש־וואַך דולדעט עס. מערקווירדיק!

— אָ, הגמון, איר מיינט דעם משוגענעם רבין פֿון כּפֿר־נחום? — רופֿט זיך אָן דער עלטסטער כּהן גדול און לאַכט, אַזש די טרערן קומען אים אין די אויגן אַרײַן. — ניין, ער איז נישט געפֿערלעך. ער איז... — באַווײַזט ער מיט די פֿינ־גער אויף זײַן קאָפּ — ער איז חסר דעת!

— וואָס איז ער?

— משוגע, — זאָגט דער עלטסטער כּהן גדול, — ער יאָגט אַרויס שלעכטע גײַסטער פֿון אַנדערע, און אַליין איז ער באַזעסן פֿון איינעם פֿון זיי. ד ע ר רעדט זיך אײַן נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אַז ער איז „דאָס לעבעדיקע ברויט פֿון הימל", און אַלע זײַנע אַנהענגער מוזן עסן זײַן פֿלייש און טרינקען זײַן בלוט, איידער זיי קאָנען אַרײַנקומען דורך די טויערן פֿון מלכות־השמים.

„אַ שאַלנדיק געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען אין דער גרויסער האַליע, וואו מיר אַלע זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט.

— מיר האָבן דאָ אויפֿן בית־המקדש־הויף, אַלערליי וויזיאָנערן, נביאים און גאָט־אַנקינדיגער, — האָט דער אַלטער חנן ווײַטער דערציילט אין אַ גוטמוטיקן טאָן. — איך האָב אײַך אַגומלט שוין געזאָגט, אַז מען באַדאַרף בײַ אונדז נישט קיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס צו ווערן אַ נביא אָדער אַ געזעץ־אויסטײַטשער. גאָט קאָן אויסוויילן יעדן איינעם פֿון אונדז נביאות צו זאָגן אין זײַן נאָמען. דאָס איז אַן אַלט ייִדיש רעכט, און מיר קאָנען עס ניט אונטערברעכן. מיר האָבן דורך דעם פֿאַרשיידענע וויזיאָנערן. אַזוי לאַנג ווי זיי האַלטן זיך אין די ראַמען פֿון געזעץ, רירן נישט אָן די אײַנגעשטעלטע אָרדענונג, נאָר באַגרענעצן זיך אויף רעליגיעזע אָדער אויף עטישע דרשות, שטאַרקן די הענט אין גלויבן, פֿאָ־דערן אויף דאָס פֿאָלק צו פֿרומקייט און גוטע מעשׂים, — מעגן זיי מיט זייער וויזיאָנערישן טעמפּעראַמענט שטײַגערן ביז צום הימל. מיר שטערן זיי נישט. פֿאַרשטייט זיך, מיר באַאָבאַכטן זיי זייער גוט און מיר האַלטן זיי אין צוים. אַזוי לאַנג ווי זיי ווערן נישט קיין געפֿאַר פֿאַר דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אָדער זיי צעשטערן נישט די רו אין בית־המקדש־הויף, לאָזן מיר זיי זיך אויסשרײַען וויפֿל זיי ווילן. וואָרעם צום ערגסטן איז, אַז מען נעמט זיך אַזאַ פֿאַנטאַזיאָר אָדער אײַנגערעדטן וויזיאָנער פֿריצײַטיק פֿאַרפֿאָלגן. גלויבט מיר, הגמון, עס זײַנען דאָ אַזעלכע פֿון זיי, וועלכע קוקן נאָר אויס דערויף צו ווערן מאַרטירער. דענסטמאָל־ערשט נעמט זיך אָן זייער לערע. זיי ווערן פֿאַרהערלעכט בײַם פֿאָלק און דענסט־מאָל קאָנען זיי ווערן אַ געפֿאַר פֿאַר דער הערשנדיקער אָרדענונג. אויך דער גלילער, פֿון וועלכן איר פֿאַרציילט, הגמון, — איך וואָלט נישט געווען איבערראַשט אויסצוגעפֿינען, אַז אויך ער וואָלט געוואָלט, אַז מיר זאָלן אים פֿאַרפֿאָלגן, שלעפּן צום משפּט, טייטן אים אַפֿילו. ער האָט אַפֿילו געגעבן אָנצוהערן וועגן דעם אין זײַנע דרשות. אָ, מיר קענען זיי, מיר ווייסן, נאָך וואָס אַזאַ וויזיאָנער שטרעבט, אָבער מיר וועלן אים דאָס נישט צוליב טאָן. אַז ער האָט זיך באַוויזן בײַ אונדז אין בית־המקדש־הויף, אַרומגערינגלט מיט זײַנע תּלמידים, די עמי־הארצים, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון גליל, און אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּרייטן דאָ זײַן לערע, האָט ער געמיינט, אַז מיר וועלן כאַטש באַלד אַרויסשיקן נאָך אים די

בית־המקדש־וואָך און אים פֿאַרן סנהדרין שלעפּן. קוים אָבער האָבן מיר אויס־געפֿונען, אַז זײַן לערע איז נישט געפֿערלעך פֿאַרן בית־המקדש און פֿאַר רוים, אַז ער פּרעדיקט נאָר וועגן די אומשולדיקע חלומות פֿון תחית־המתים און מלכות־השמים, וואָס ער זאָגט צו צו פֿאַרטיילן זײַנע אָנהענגער, האָבן מיר אים אין גאַנצן איגנאָרירט. און זעט, צו וואָס ער האָט זיך דעררעדט: „וועגן עסן זײַן פֿלייש און טרינקען זײַן בלוט".

— אָבער דער מאַן געווינט גרויס אײַנפֿלוס אויפֿן פֿאָלק. ער באַזיצט אַ מאַגישן כּוח, אין וועלכן דאָס פֿאָלק גלויבט, און ער קאָן וואונדער־טאָן. ער גייט צו צו אַ געליימטן, באַפֿעלט אים אויפֿצוהויבן זיך פֿון זײַן פֿוילנדיקן געלעגער און נעמען זײַן בעט אויף זיך. און שטעלט אײַך פֿאָר, אַז געליימטער באַווײַזט עס צו טאָן. אַזאַ היפּנאָטישן כּוח ווירקט דער מאַן אויס פֿון זיך אויף די קראַנקע. דאָס האָב איך אַליין אָנומלט געזען. מען האָט מיר אָנגעוויזן אין בית־המקדש־הויף אויף איינעם, וואָס ער האָט פֿון טויט צוריק אויפֿגעוועקט אין לעבן אַרײַן. דער מאַן זעט טאָקע אויס ווי אַ געשטאָרבענער און פֿאָלגט אים נאָך זײַנע טריט. אַ מאַן, וואָס באַזיצט אַזאַ סוגעסטיווע קראַפֿט צו ווירקן אויף די מאַסן, איז אַ געפֿאַר פֿאַר דער עפֿנטלעכער רו. מען ווייסט נישט, וואָס ער וועט זיי מאָרגן הייסן טאָן. זיי וועלן אים אין אַלצדינג פֿאָלגן.

— ווען עס וועט נויטיק זײַן, וועלן מיר זיך מיט אים באַשעפֿטיקן. און גלויבט מיר, מיר וועלן קעגן אים קאָנען זייער לײַכט זיך אַן עצה געבן. פֿיל געפֿערלעכערע עלעמענטן זײַנען מיר בײַגעקומען. אָבער איך וואָרן נאָך אַמאָל פֿאַר צו־געאײַלטע, אומנוציקע שריט. דערווײַל איז דער מאַן נישט געפֿערלעך. און ווי איך הער, — אַזוי האָט מען מיר באַריכטעט, — פּרעדיקט ער גאָרנישט אַזעלכע שלעכטע זאַכן. פֿאַרקערט, אַחוץ דער נאַרישקייט מיט דעם אייגענעם „פֿלייש און בלוט" איז זײַן לערע זייער אַ גאָטפֿאָרכטיקע: תשובֿה טאָן, פֿאַרברייטן זיך פֿאַר דעם, וואָס ער רופֿט אָן מלכות־השמים. איך ווייס נישט, וואָס ער מיינט דערמיט, נאָר וואָס עס זאָל נישט זײַן, רופֿט ער די מענטשן גוטס צו טאָן, ליב צו האָבן איינער דעם אַנדערן, אויסצומײַדן עוולות, און אַזוי ווײַטער. אַ ביסל איבערגעהויבן, ווי יעדער וויזיאָנער, וואָס רעדט זיך אײַן, אַז ער איז פֿון גאָט דירעקט געשיקט און ער זעט זיך מיט דער געטלעכקייט פּנים־אל־פּנים. איך גלויב, אַז ער איז פֿיל מער געפֿערלעך פֿאַר די פּרושים, ווי פֿאַר אונדז. אַ האַרטער נוס פֿאַר די פּרושים. זיי גלויבן אויך ווי ער, אין די אַלע נאַרישקייטן, אין תחית המתים, אין מלאכים און רוחות. זאָלן זיי זיך מיט אים אויסטענהן. פֿאַר אונדז איז ער נישט געפֿערלעך. אין יעדן פֿאַל, דערווײַל נאָך נישט. איבעריקנס, פֿאַרלאָז איך זיך אויף דעם געזונטן אינסטינקט פֿון אונדזערע מאַסן.

— אָבער ווי איך הער, גייען דאָך אים די מאַסן נאָך.

— יאָ, די מאַסן גייען נאָך יעדן איינעם, וועלכער זאָגט זיי צו, אַז ער וועט זיי געבן אַ ביסל גליק — ערדישעס אָדער הימלישעס. — אָבער די מאַסן, מײַן פֿרײַנט, אַזוי לײַכט ווי עס איז זיי צו געווינען, איז נאָך לײַכטער זיי צו פֿאַרלירן.

— מיר האָבן שוין געזען אַזעלכעס. איבעריקנס — זאָגט דער עלטסטער פֿון די כּהנים — האָבן מיר אים שוין געוואָלט אָנומלט ברענגען פֿאַרן משפּט פֿון סנהדרין, נישט פֿאַר זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן רוים, נאָר קעגן אונדזער אמונה.

און עס האָט שוין געהאַלטן דערביַי, אַז דער עלטסטער פֿון דער וואַך זאָל אים פֿעסטנעמען און פֿאַרן משפּט אים שטעלן. עס האָבן זיך אָבער אַריַינגעמישט לײַט, זייער חשובֿע לײַט. איך האָב קיין מאָל נישט געגלויבט, אַז אַזעלכע לײַט זאָלן זיך פֿאַר אים איַינשטעלן, אַזאַ מאַן ווי יוסף רמתי, וואָס איז אַ מיטגליד פֿון אונדזער סנהדרין, ווי שמעון הקוריני. אָבער וואָס האָט מיך צום מערסטן גע־וואונדערט איז, וואָס אַפֿילו דער פֿרושי נקדימון, דער פֿרומער געלערנטער, האָט זיך פֿאַר אים איַינגעשטעלט. און ווי איך הער, זאָל דאָך דער רבי פֿון גליל מיט די פּרושים גאָר נישט לעבן שלום־ושלוה. ער האַלט זיי אין איין זידלען, אין איין אויסרעדן אויף זיי. און שטעלט זיך פֿאָר, אַז נישט געקוקט דערויף, איז דער נקדימון געקומען צו לויפֿן, און האָט זיך אָנגענומען פֿאַר דעם רבין פֿון כּפֿר־נחום: אַז ער האָט נישט געמיינט מיט זיַינע ווערטער, חלילה, צו באַליידיקן אונדזער אמונה, אַז ער האָט אַזאַ אופֿן פֿון רעדן דורך משלים; און ער האָט געהאַלטן פֿאַר אונדז דעם רבין אין איין לויבן, אין איין פֿאַרציילן פֿון זיַינע שבֿחים, און גע־ראָטן אָפּצוואַרטן, כּדי צו זען, וואָס עס וועט פֿון דער זאַך אַרויסקומען. זיי רעדן זיך איַין, נעמלעך, אַז דער גלילער זאָל זיַין...

„נאָר פֿלוצלינג האָב איך באַמערקט, אַז די קינדער, און ספּעציעל זיַין עלטס־טער זון אליעזר, ווינקען צום פֿאָטער, מאַכן אים צייכנס. דער אַלטער כאַפּט זיך אין דער לעצטער מינוט און האַקט איבער זיַין פֿאַרציילערישן פֿאַדעם איידער ער פֿאַרענדיקט נאָך דעם זאַץ, און הויבט אָן צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש:

— יאָ, ער זאָל זיַין דאָך, נאָך אַלעמען, זייער אַ פֿרומער ייִד, נאָר אַ ביסל אי־בערגעטריבן אין זיַין פֿרומקייט. ער נייגט צו דעם צד פֿון די פּרושים, ווען אַפֿילו ער קריגט זיך אַרום מיט זיי. ניין, ניין, הגמון, דער מאַן איז נישט געפֿערלעך, אַז נישט וואָלטן פֿאַר אים אַזעלכע חשובֿע לײַט זיך נישט איַינגעשטעלט.

— אָבער וואָס גלויבן זיי, זאָל דער גלילער פֿאַרשטעלן מיט זיך? וואָס דער־וואַרטן זיי פֿון אים, די חשובֿע לײַט? — דרענג איך צו דערגיין.

— זיי דערוואַרטן פֿון אים, פֿאַרשטייט זיך, אַז ער זאָל דאָס פֿאָלק צוריקברענ־גען אויף דעם וועג פֿון יושר און גאָטספֿאַרכטיקייט. בעוונתינו הרבים באַדאַרף טאַקע אונדזער פֿאָלק האָבן אַזעלכע מנהיגים. אונדזער פֿאָלק איז שוואַך געוואָרן אין דער אמונה. מיר וויסן עס צום בעסטן. די מתּנות פֿאַרן בית־המקדש, די קרבנות אויפֿן מזבח זיַינען, בעוונתינו הרבים, זייער צוריקגעגאַנגען.

„איך האָב אָבער געוואוסט, אַז עס איז נאָר אַן אויסרייד, אַז זיי באַהאַלטן עפּעס פֿון מיר, אַז דער אַלטער כּהן גדול האָט זיך פֿאַררעדט, און ווען נישט דער וואונק פֿון זיַין זון, וואָלט ער אַרויסגעגעבן דעם סוד — וואָס זיי האָבן דערוואַרט פֿון דעם גלילער רבין. עס קאָן דאָך נישט זיַין, אַז אַזעלכע לײַט ווי דער אַריסטאָקראַט יוסף רמתי, וועלכן איך האָב געקענט זייער גוט פּערזענלעך, איינער פֿון די קולטורעלע מענער אין שטאָט, אָדער אַ מאַן, ווי זייער רבי נקדימון, וועלכן זיי האָבן אַלע געהאַלטן אין גרויס כּבֿוד, אַ קעגנער פֿון די צדוקים, פּאָפּולער ביַי די מאַסן, אַ רבי פֿון תּלמידים, זאָל נאָכגיין אַ גלילער רבין, וואָס זיַינע אָנהענגער באַשטייען אויס אומוויסנדיקע עמי־הארצים, וואָס די געבילדעטע לײַט פֿאַר־אַכטן אַזוי. זיי זאָלן זיך עס איַינשטעלן פֿאַר אים? ניין, עס האָט עפּעס געמוזט דאָ זיַין אַ קאָנספּיראַציע, זיי האָבן געמוזט עפּעס דערוואַרטן פֿון דעם מאַן; עפּעס

העכּערס, וויכּטיקערס ווי זײַן לערע. איך האָב עס קיין מאָל נישט געקאָנט אויסגע־פינען. איך האָב ביזן לעצטן טאָג נישט פֿאַרשטאַנען זייער באַציִאונג צו אים, בשעת שפּעטער, ווען אַלע זײַנע אייגענע תּלמידים האָבן אים פֿאַרלאָזט בײַם טויט, זײַנען זיי אים געבליבן געטרײַ ביז צו דער לעצטער מינוט. — דער אַריסטאָקראַט יוסף רמתי, דער פּרושי רבי נקדימון און דער פֿאָלקס־מענטש שמעון הקוריני. נייַן, הינטער דעם האָט עפּעס וואָס געשטעקט".

— קאָנסטו מיר נישט, יוחנן, עפּעס פֿאַרציילן וועגן דעם? — ווענדט זיך צו מיר פּלוצלינג דער פּאַן.

דער פּאַן האָט זיך איינגעקוקט אין מיר מיט זײַנע גרויסע, פֿײַערדיקע אויגן, וואָס האָבן ווי ליכטער אַרויסגעשײַנט פֿון דער לײַכטער, שוועבנדיקער טונקלקייט פֿון צימער. ער האָט טיף און לאַנג זיך אײַנגעקוקט אין מיר:

— קאָנסטו מיר נישט זאָגן, וואָס האָט איר דערוואַרט פֿון אָט דעם מאַן? קאָנסטו נישט פֿאַרענדיקן, וואָס דער כּהן גדול האָט איבערגעהאַקט אין מיטן אויפֿן וואונק פֿון זײַן עלטסטן זון? קאָנסטו מיר נישט פֿאַרטרויען דעם סוד, איצט, ווען עס איז שוין נאָך אַלעמען? איצט, ווען מיר אַלע זײַנען נישטאָ אין לעבן, נאָר מיר זײַנען בלויז זכרונות און שאָטנס?

— איך? — פֿרעג איך דערשראָקן און פֿאַרוואונדערט.

— יאָ, דו, יוחנן. ביסטו דען נישט געווען פֿון די תּלמידים פֿון נקדימון? האָב איך דען דיך נישט אַזוי אָפֿט געזען אין דער חבֿרותא פֿון שמעון הקוריניס זין, אלכּסנדר און רופֿוס? האָט איר דען נישט דענסטמאָל געוואָלט זיך דורכרײַסן דורך די רייען פֿון אונדזערע לעגיאָנערן, ווען מיר האָבן דעם מאַן פֿון גליל גע־פֿירט מיטן קרייץ צו דער גלגתא? וויפֿל מאָל האָב איך דיך געזען נאָכגיין נקדימונען, נאָכגיין דעם מאַן פֿון נצרת? און דענסטמאָל, אין גאָרטן פֿון גת־שמן.

— דערמאָן זיך, יוחנן.

מיט מיר האָט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס פּאַסירט.

# 3

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס איז געשען. איך קאָן עס מיר אליין נישט דער־קלערן. איך האָב שוין פֿון לאַנג באַמערקט, אַז בשעת פּאַן וויאַדאָמסקי פֿאַרציילט פֿון זײַן אַנומלטדיקער טעטיקייט אין ירושלים, דערוועקט ער אין מיר אַלטע זכרונות, וועלכע שטייען אויף לעבעדיקע פֿאַר מײַנע אויגן. איך ווער פּשוט אַרײַנ־געצויגן אין די געשעענישן, וועגן וועלכע דער פּאַן פֿאַרציילט, אַזוי ווי איך וואָלט געוואָרן אויסגעהוילט פֿון מײַן איצטיקן אינהאַלט און אָנגעפֿילט מיט אַן אַנדערן, מיט טעטיקייטן, געשעענישן, וואָס זײַנען אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים אין מיר און האָבן אין גאַזיץ גענומען אַלע מײַנע חושים און געדאַנקען.

עס איז געשען מיט מיר עפּעס מערקווירדיקס: עס איז מיר פֿאַרגעקומען ווי עפּעס פֿרעמדס, אומגעוואונשנס וויל מיך באַהערשן, און איך האָב געקעמפֿט

קעגן דעם. איך האָב געהאַלטן אַלע מײַנע חושים פֿעסט צוגעבונדן צום הײַנטיקן לעבן און נישט געלאָזט זיך מיטרײַסן מיט דעם אימפּעט פֿון אָרעמס, וואָס האָבן זיך אויסגעשטרעקט צו מיר פֿון אַ טויטער פֿאַרגאַנגענהייט. איך בין נאָך געווען אין גאַנצן אין באַזיץ פֿון מײַן הײַנטיקן א י ך, און ער האָט מיך ווי אַ געטרײַער שומר, געהאַלטן פֿעסט בײַ דער האַנט און מיך נישט געלאָזט מיטגעריסן ווערן פֿון דעם גיסנדיקן שטראָם פֿון דעם ווײַט־אָפּגעפּלאָסענעם לעבן, וועלכעס האָט מיך געצויגן צו זיך ווי אַ זיס געזאַנג. ביז איצט איז מיר געלונגען אָנצוהאַלטן זיך אין דעם הײַנטיקן זײַן, אין וועלכן איך האָב זיך געקלאַמערט. בשעת דער פּאַן פֿלעגט פֿאַרציילן פֿון אַ געשעעניש, וואָס איז מיר געווען באַקאַנט, פֿון וועלכער איך בין אָפֿט געווען אַן עדות, פֿלעגט זיך מיר גלוסטן קאָרעגירן די פֿעלערן, וואָס ער האָט געמאַכט, די אומפּינקטלעכקייטן, אויפֿצוקלערן אים דאָס, וואָס ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אָדער צוצוגעבן דעטאַלן, וועלכע זײַנען מיר באַוואוסט געווען. איך האָב זיך צוריק געהאַלטן און געקעמפּט קעגן דעם שאָטן פֿון דער צווייטער וועלט. הײַנט אָבער האָב איך עס מער נישט געקאָנט באַהערשן. איך האָב פּשוט פֿאַרלוירן דעם באָדן, אויף וועלכן איך האָב זיך געפֿונען. איז עס געווען צוליב דער איבערגעשפּאַנטקייט פֿון די נערוון דורך אַ גאַנצן טאָג אויפֿרעגונג? און אפֿשר אויך צוליב דער פֿרילינג־לופֿט, וועלכע האָט מיך פֿאַרשכורט? איך האָב געפֿילט, ווי מײַן שומר, מײַן הײַנטיקער א י ך, ווערט פֿאַרטריבן, פֿאַרווישט, אָפּגעמעקט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון אַן אַנדער זײַן, וואָס דער פּאַן האָט געוועבט אַרום מיר, ביז איך האָב זיך אונטערגעגעבן מיטן אייגענעם ווילן, זיך איבערגעגעבן אַן יעדן ווידערשטאַנד דער וועלט, אין וועלכער איך האָב געקערט, נאָך וועלכער איך האָב געבענקט.

צוערשט איז פֿון דער ווייטער, פֿאַרוועבטער פֿאַרגאַנגענהייט, ווי פֿון אַ געדיכטן שלייער אַרויס, אַרויסגעשוואומען דאָס פּנים פֿון מײַן רבין נקדימון. איך האָב עס געזען, געקוקט דערויף מיט די זעלבע באַגײַסטערטע, אַנגרענעצדיקע ליבע, פֿאַרערונג און איבערגעבונג, וואָס איך האָב תּמיד געפֿילט צו מײַן רבין: עס האָט געשראָקן און געוואָרעמט מײַן האַרץ, ווי ווען מען דערזעט דאָס פּנים פֿון אַ געליבטער, וואָרעם איך בין געווען פֿאַרליבט אין מײַן רבין. אַ רונדיק, לײַכטנדיק, פֿול, טונקל־הויטיק פּנים, ווי אַ מילגרוים, ווי אַ רויטלעכער, בליצנדיקער פֿײַער־שטערן אין אַ טיפֿן, טונקל־בלויען ארץ־ישראל־הימל אין פּסח־צײַט. זײַן פּנים האָט תּמיד געשטראַלט מיט גוטסקייט. קיין וואָלקן פֿון זאָרג, צער, צווייפֿל, בייזקייט האָט עס, אונטער קיין באַדינגונגען, קיין מאָל נישט פֿאַרפֿינצטערט. איך האָב עס קיין מאָל נישט געזען טרויעריק. וואָס פֿאַר אַ שווערקייט עס האָט זיך נישט געמאַכט און וואָס פֿאַר אַ ביטערקייטן די צײַט האָט נישט רײַף געמאַכט און אָנגעפֿילט דערמיט זײַן האַרץ, האָט מען עס קיין מאָל נישט געזען אויף אים. תּמיד האָט אויף זײַן מענלעך־שטאַרק געזיכט געשײַנט דאָס גלאַנצנדיקע ליכט פֿון גלויבן און בטחון. זײַן הויט איז געווען טונקל און פֿינקלדיק, ווי זי וואָלט תּמיד געווען געזאַלבט מיט די בעסטע אייל. ער איז נאָך געווען יונג דעמאָלט, אין בעסטן עלטער, אַ בן־ארבעים, און די גײַסטיקע, ווי די פֿיזישע גבֿורה האָט געשפּראָצט פֿון אים. זי האָט געשפּראָצט פֿון זײַן ברייטער, פֿולער פֿיגור, וועלכע איז, לויט זײַן דיקקייט, געווען אַ ביסל צו נידעריק. זײַנע לאָקן זײַנען ווי גלאָקן אַראָפּגע־

האַנגען איבער זײַן ברייטן קאַרק און הויכן, פֿולן האַלדז. נאָר צום מערסטן האָט זײַן גבֿורה געשפּראָצט פֿון זײַנע גרויסע, שוואַרצע, פֿײַערדיקע אויגן, וועלכע זײַנען ווי פֿולע וואַסערן געזעסן אין די זיכערע ראַמען פֿון זײַנע אויגן־לעכער, באַשיצטע און באַשירמטע. מען האָט באַדאַרפֿט אין זײַנע ליכטיקע אויגן אַרײַנקוקן, אַזוי איז יעדע טרויעריקייט און יעדע שווערמוטיקייט און יעדע זאָרג צעגאַנגען ווי אײַז אין דער זון. די אויגן האָבן ווי זון געוואַרעמט אין מענטשן־הערצער מיט בטחון און ליבע. זיי האָבן געשטאַרקט יעדע שוואַכע האַנט. עס זײַנען געווען די אויגן, וועלכע האָבן מיך און זײַנע אַנדערע תּלמידים געצויגן צו אים ווי מאַגנעטן און געבונדן אונדז ווי קעלבער צו זײַנע פֿיס, מבֿטל געמאַכט אונדזער רצון פֿאַר זײַנעם. מיר, זײַנע תּלמידים, זײַנען אַנומלט געווען מיט אים שבת אין בית־הכּנסת בײַ קריאת־התּורה. האָט מען געהאַט אונדזער רבין מכבד געווען מיט הויבן די תּורה. ווען איך האָב אים דערזען אויף די טרעפּלעך פֿון ארון־קודש, אײַנגעוויקלט אין זײַן טלית, און ער האָט מיט זײַנע מעכטיקע הענט אויפֿגעהויבן די תּורה איבער די קעפּ פֿון אַלע מתפּללים, און זײַן שוואַרצע באָרד און זײַנע גלאַנציקע שוואַרצע אויגן האָבן באַהערשט דעם גאַנצן עולם, האָט ער אויסגעזען ווי משה רבינו, וואָס קומט פֿון באַרג סיני אַראָפּ מיט די לוחות אין דער האַנט, — אַזוי האָט די שכינה געשײַנט אויף אים. אין אָט דעם קלסתר־פּנים איז ער שוין איבערגעבליבן אין מײַן זכּרון אויף תּמיד. און איצט האָט ער ווי אַ גליִענדע ליכט פֿון דער פֿינצטערניש אַרויסגעשימערט און באַלויכטן דעם גאַנצן פֿאַרפֿאַלענעם אַרום פֿון אַ פֿאַרגאַנגענער וועלט...

איך געדענק, אַז כּדי נישט צו מאַכן אויס זײַן לערע אַ שפּאַדל, מיט וועלכן מען פֿאַרדינט דאָס טעגלעכע ברויט בײַם גראָבן די ערד, נאָר כּדי זי זאָל זײַן אַ פֿרישער קוואַל, וואָס פֿאַרשפּרייט זײַנע וואַסערן פֿאַר אַלע דורשטיקע אָן באַצאָלונג, — האָט אונדזער רבי געזוכט אַ מלאָכה זיך מפֿרנס צו זײַן. דער רײַכער יוסף רמתי איז געווען זײַן פֿרײַנט. ער איז אָפֿט געקומען אין בית־מדרש אַרײַן, וואו אונדזער רבי נקדימון האָט געלערנט, און האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן זײַנע תּלמידים צו טרינקען גאָטס ווערטער בײַ די פֿיס פֿון רבין. אָט דער יוסף רמתי האָט געוואָלט בעמען אַלע זײַנע זאָרגן אויף זיך און אים רײַכלעך אויסהאַלטן. דער רבי האָט עס נישט געוואָלט. ער האָט אונדז געלערנט נאָך דעם שפּרוך: „אַ חבֿר קויף דיר, אָבער אַ רבין מוז מען זיך מאַכן“. אַ חבֿר קאָן מען קויפֿן מיט מתּנות, אַ רבין אָבער מוז מען זיך מאַכן, דאָס הייסט, מען מוז גלויבן אין אים אָן יעדן שׂכר. יוסף רמתי האָט אויסגעהאַלטן זײַן בית־מדרש און אייניקע פֿון זײַנע תּלמידים. זײַן ברויט האָט זיך אָבער דער רבי פֿאַרדינט דורך דעם, וואָס ער האָט געהאַט אויפֿן מאַרק אין דעם נידעריקן טייל פֿון שטאָט אַ שטענדער פֿון סאַנדאַלן. צו זײַן קליינעם בענקל זײַנען געקומען די אײדעלע פֿרויען פֿון ירושלים און האָבן אַוועקגעשטעלט זייער פֿוס אויפֿן שטענדער פֿאַר אים, כּדי ער זאָל זיי די מאָס נעמען אויף אויפֿצונייען סאַנדאַלן. טייל האָבן עס געטאָן מחמת פֿרומקייט, ווײַל זיי האָבן געוואוסט, אַז דער רבי איז אַ גרויסער צנוע, און בשעת ער נעמט די מאָס פֿון זייער פֿוס, גראָבט ער אײַן זײַנע אויגן אין שטענדער, כּדי ער זאָל נישט זען די אשה, וואָס שטייט פֿאַר אים. אַנדערע אָבער זײַנען געקומען צוליב זײַן שיינקייט, כּדי זיי זאָלן זיך פֿאַרקוקן אויף אים, בשעת זיי זײַנען טראָגעדיק, און

זאָלן האָבן אַזעלכע קינדער ווי ער איז. דעם גרעסטן טייל פֿון טאָג האָט ער אָבער אָפּגעגעבן אונדז, זײַנע תּלמידים. זײַנע הצטרכותן זײַנען געווען זייער ווינציקע. ער האָט נישט געבראַכט קיין קינדער אויף דער וועלט, כאָטש די חכמים האָבן געהאַט פֿאַראיבל אויף אים, וואָס ער פֿאַרנאַכלעסיקט די מצווה פֿון פּריה־ורביה. ער האָט געזאָגט: „אַ תּלמיד־חכם באַדאַרף נישט טראָגן קיין מילשטיין אויף זײַנע פּלייצעס", — און דערמיט האָט ער געמיינט דאָס געהערן אַ ווײַב און אויפֿציִען אַ משפּחה. אַ תּלמיד־חכם מוז זײַן פֿרײַ, כּדי משועבד צו זײַן צו דער תּורה. און ווען די חכמים האָבן אים געפֿרעגט פֿאַרוואָס ער נעמט נישט קיין אשה, האָט ער געענטפֿערט: „איך האָב שוין חתונה געהאַט מיט דער תּורה". אין דעם פּרט איז ער נישט געווען דער איינציקער אין ירושלים. עס האָבן זיך געפֿונען פֿיל רביים, וואָס האָבן פֿאַראַכטעט דאָס ווײַב אַלס פֿאַרפֿירערין פֿון ריכטיקן וועג. זיי האָבן ליב געהאַט צו פֿאַרבלײַבן אין אייביקער בחורשאַפֿט, מקדש זײַן זיך צו דער לערע און צו אַ זויבערן לעבן, וואָס זיי האָבן עס גערופֿן „פֿאַרקנסט ווערן צו דער הייליקער בתולה".

איך בין געווען זײַן דריטער תּלמיד. זײַנע ערשטע צוויי תּלמידים זײַנען געווען אלכּסנדר און רופֿוס, די זין פֿון שמעון הקוריני, מיט וועמען ער איז געווען, ווי מיט יוספֿן, באַפֿרײַנדעט. און ווי יוסף רמתי, איז שמעון הקוריני אויך אָפֿט געקומען אין אונדזער בית־מדרש אַרײַן און האָט זיך אַוועקגעזעצט צופֿוסנס פֿון אונדזער רבין צו הערן פֿון אים דברי־תּורה. נאָך אַ תּלמיד איז געווען, הלל דער וואַסער־טרעגער, און אויך יהודה איש־קריות, וועלכער איז געקומען מיט די דער־וואַקסענע אַוועקצוזעצן זיך אויף דעם ספֿסל של משיח, אויף דער באַנק פֿון משיח, און צוהערן אונדזער רבין דרשנען. זיי אַלע האָבן געגרינדעט איין חבֿרותא, און זיי אַלע האָבן אויסגעוואַרט דאָס קומען פֿון משיחן. און דורך זיי און מיט זיי האָב איך איבערגעלעבט די גרויסע טראַגישע טעג פֿון דעם דעמאָלסדיקן פּסח אין ירושלים.

נאָר איידער איך וועל עס פֿאַרציילן, מוז איך זיך אַליין געבן צו דערקענען. דערקענען זיך אַליין — ווער איך בין געווען, וועלכעס איז געווען מײַן פֿאָטערס הויז, ווער מײַן רבי איז געווען, און ווי אַזוי איך בין געקומען צו האָבן די זכיה צו זיצן אין דער חבֿרותא בײַ די פֿיס פֿון מײַן רבין.

אַליין שטאַם איך פֿון שרון. אונדזער דאָרף ליגט צופֿוסנס פֿון די אפֿרים־בערג. פֿון דעם בערגל, אויף וועלכן אונדזער דאָרף איז געלעגן, האָט זיך אויס־געצויגן דער טאָל ביז צו די זאַמדיקע ברעגן פֿון ים הגדול. אין אָוונט איז געפֿאַלן אַ געדיכטער טוי פֿון די בערג אַרונטער און האָט צוגעדעקט מיט אַ רויכערדיקן וואָלקן דעם גאַנצן שטח אַרום. אונדזער רויט־בראַנדזענע ערד האָט פֿון דעם טוי זיך באַקליידט מיט אַ געדיכטער שפּעקייט פֿון גראָז, וואָס אונדזערע שאָף האָבן אַזוי גערן געהאַט. די דעמפּיקע טוי־וואָלקנס האָבן אויפֿגעצויגן אַ שעפֿסן־וואָל, וועלכע איז זייער געזוכט געוואָרן פֿון אַלע שפּינער און פֿאַרבער. דורך דער פֿײַכטקייט איז די וואָל געאיידלט געוואָרן, דין ווי זײַדענע פֿעדעם. מיר האָבן גע־קאָנט פֿילן די ווירקונג פֿון דעם טוי־וואָלקן פֿון אונדזער טאָל אַפֿילו אויף אונ־דזערע אייגענע האָר, אויף אונדזער הויט, וועלכע איז גלאַטיק און געאיידלט געוואָרן דורך דעם טוי־הויך. דאָס גרינקייט פֿון אונדזערע גראָזן האָט אָנגעהאַלטן

אַ גאַנץ יאָר. נאָר װער עס האָט נישט געזען אונדזער פֿרילינג, בשעת די באַ־
װאַלדיקטע בערגלעך װערן װי מיט אײדל־געװעבטע, גרינע טעפּיכער באַדעקט,
דער האָט נישט געזען קײן טיפֿע גרינע פֿאַרב אין זײַן לעבן. דאָס געדיכטע אַו־
גערקע־גרין פֿון אונדזערע בערגלעך און לאָנקעס האָט שװער באַשאָטנט די
גאַנצע געגנט. און איבער די אױסגעבריײטע גרין־טעפּיכער איז אין פֿרילינג־צײַט,
אַחוץ דער רױט־קעפּיקער אַנעמאָנע, מיט װעלכער אונדזערע פֿעלדער זײַנען
געװען באַדעקט, נאָך צוגעקומען די באַרימטע שרון־רױז. — יעדער שטעכעדיקער
בוש האָט, װי צו אַ חתונה, זיך באַקלײדט מיט קרעלן־רױטע און קרעם־װײַסע
רױזן־שנירן, װי ער װאָלט אַ חתן געװען. אונדזערע בלומען קוקן אַרױס פֿון
אונטער יעדן שטײן, אַרומגערינגלט מיט אַן אינדזעלע פֿון גרינעם מאָך. עס
קלינגען אַרױס, טאַנצנדיק מיט זײערע קרעם־װײַסע קעפּקעלעך די מאַי־גלעקלעך.
דאָרט, װאו דער אַקער האָט איבערגעשניטן די ערד, שײַנט אַרױס דער צימרונג־
קאָליר פֿון אונדזער גוטער, פֿרוכטבאַרער ערד. אַזױ ציִען זיך אונדזערע באַגרינטע
פֿעלדער מיט זײערע קאָלירטע פֿעלזן־שטײנער, באַשפּרענקלט מיט בלוט־רױטע
מאָן־קעפּלעך, יעדער בוש באַקלײדט מיט חתונה־רױזלעך — איבער באַפֿעלדעטע
בערגלעך, ביז װאַנען זײ װערן פֿאַרפֿאַלן אין די טיפֿע, שלומערדיקע שאָטנס, װאָס
עס װאַרפֿן אַרום זיך די געדיכטע װעלדער פֿון כּרמל, װעלכע גרענעצן אָפּ אונ־
דזער שרון־טאָל. — בײַם ברעג פֿון גרױסן ים װערן אונדזערע גרינע װעלדער
פֿאַרלױרן און אײַנגעשלונגען אין די זאַמד־שטורעמס, אין די זאַמד־װעלן, װאָס
דער ים שיקט פֿאָרױס פֿאַר זיך.

די ערד פֿון טאָל איז גוט, רײַך מיט קװאַלן. דער טאָל דערציט אַ גרינװאַרג,
פֿעט און נאַרהאַפֿטיק, װאָס די חכמים העלפֿן אױסאײדעלן, אָפּהיטנדיק די רײנ־
קײט פֿון די מינים דורך כּללים פֿון זײען. אונדזער גראָז געזעטיקט דורך דעם
פֿעטן טױ, ברענגט אַרױס אַ גוטן סאָרט פֿאַשע־שאָף, װאָס װערן געזוכט איבערן
גאַנצן לאַנד צוליב דער פֿעטקײט פֿון די רינדער, מער אָבער צוליב דער אײדעלער
װאָל, װאָס זײ ציִען אױף. אױך אונדזער װײַן איז באַרימט אין דער מדינה. און
צוליב זײַן זיסן טײטל־טעם קומט ער אַרױף אױף די רײַכע טישן סײַ אין דער
מדינה, סײַ מחוץ־לאָרץ, און װערט געשטעלט אין די װײַן־מערק גלײַך מיט דעם
באַרימטן יריחו־ און צפּורן־װײַן. אונדזער טאָל איז געבענטשט פֿון גאָט מיט דער
ברכה פֿון מילך און האָניק. עס זײַנען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס איבער דער פֿעט־
קײט פֿון אונדזערע פּראָדוקטן און איבער דער רײַכקײט פֿון דער מילך פֿון אונ־
דזערע רינדער. מען האָט זיך פֿאַרצײלט לעגענדעס אין דער אָרעמער באַרגי־
קער געגנט פֿון יהודה, אַז אין שרון עסן די שאָף די רײפֿע װײַנטרױבן; דער
האָניק פֿון די פֿרוכטן רינט איבער זײערע מײַלער און מילך קװעלט אַרױס פֿון
זײערע פֿולע אײטערס; דער זאַפֿט פֿון די װײַנטרױבן מישט זיך אױס מיט דער
מילך און זײ בילדן צוזאַמען גאַנצע טײַכן. ביז צום הײַנטיקן טאָג בענק איך נאָך
אונדזער גוטער ערד, װעלכע האָט אונדז געשפּײַזט מיט אַזאַ רײַכער האַנט. איך
בענק נאָך אונדזערע זוניקע מיטאָג־שעהן, װען די אַרבעטער אין פֿעלד, די
שעפֿער פֿון אונדזערע סטאַדעס, באַהאַלטן זיך אין די געדיכטע שאָטנס פֿון
אונדזערע רײַכע װײַנשטאָקן פֿאַר דער היץ פֿון טאָג. איך בענק נאָך די רואיקע,
שטילע פֿאַרנאַכטן, װעלכע הילן זיך אין דעם פֿײַכטן, פֿרוכטבאַרן טױ אײַן, װאָס

קומט אַהער צו שווימען פֿון ים. געדיכטע שאָטנס באַפֿליגלען דעם טאָל. און פֿון די שוועלן פֿון די אייל־באַלויכטענע קליינע הײַזלעך גייט אויף דאָס ליד פֿון מנוחה אויס די פֿײַפֿלעך פֿון אונדזער שווער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג.

גרויסע צרות האָבן מיר נאָר געהאַט מיט אונדזערע הײַזלעך בײַם ברעג פֿון ים. אונדזער ברעג פֿון ים איז אַ באַוועגלעכער: די כוואַליעס רײַסן אײַן אונדזער ברעג. דער ים שיקט פֿאַרויס פֿאַר זיך די זאַמד־דיונעס, און זיי רוקן זיך אויף אונדז ווי גזלנים און פֿאַרשוועמען אונדזערע הײַזער מיט זייערע זאַמד־כוואַליעס. אָפֿט מאָל טרעפֿט זיך, אַז דער פֿונדאַמענט פֿון אונדזערע שטובן זינקט אײַן אין דער טיפֿעניש פֿון דער ערד. מיר ווייסן קיין מאָל נישט, ווען עס וועט קומען. מיט אַ מאָל מאַכט זיך אַ שפּאַלט אין דער ערד. עס עפֿנט זיך אויף אַ מויל און עס שלינגט אײַן אונדזערע הײַזער ווי, חלילה, קורחן מיט זײַן עדה. מיר בויען צוליב דעם נישט קיין גרויסע הײַזער, נאָר מיר זיצן אין בײַדלעך, סײַ אָרעם, סײַ רײַך, — און דאָך טרעפֿט אָפֿט, אַז די דעכער פֿאַלן איבער אונדזערע קעפּ. דערפֿאַר בעט פֿאַר אונדז דער כּהן גדול אום יום־כּפּור, ווען ער גייט אײנער אַליין אין קדשי־קדשים אַרײַן: אַז אונדזערע הײַזער זאָלן נישט ווערן אונדזערע קבֿרים! מיר, די שרונער, זײַנען זייער שטאָלץ דערויף, וואָס נאָר אונדז אַליין דערמאָנט דער כּהן גדול אין זײַן געבעט אין קדשי קדשים.

איך בין אויפֿגעצויגן געוואָרן צווישן שאָף. אַך, ווי איך האָב עס ליב געהאַט זיך רײַבן אין זייערע וואָל־פֿײַכט־ווייכע פֿעלן, ווען דער טוי פֿון פֿעלד איז געווען אין זייערע האָר, אײַנצוקנעטן זיך אין זייער וואָל ווי אַ קנויל. און וויפֿל מאָל בין איך עס אַזוי אײַנגעקלעמט געוואָרן אין די שעפּסענע פֿעל, ווען די פּאַסטוכער האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן אין דעם שעפּער־הויז צו די ברונעמס אָנצוטרינקען, אַז מען האָט מיך געמוזט אַרויספֿישן פֿון זיי און אַוועקטראָגן. איך האָב ליב געהאַט דעם פּאַסטוכס פֿײַפֿל און בין נאָכגעגאַנגען די שעפּסן־טריט אין די פֿײַכטע לאָנקעס אַרויס, האָב געערוט אין דעם שעפּערס בײַדל אין די מיטאָג־שעהן, האָב זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ פֿאַרלוירן ציגעלע. איך האָב ליב געהאַט דעם יום־טובֿ פֿון די פּאַסטוכער, ווען עס איז געקומען די צײַט פֿון וואָל־שנײַדן, און מען האָט די שאָף פֿאַרן שנײַדן אין די פֿליסנדיקע טײַכלעך געבאָדן... אַ שעפּסל האָט זיך געבראָטן אין פֿײַער־בראַנד און איבער דער געגנט איז אויפֿגעגאַנגען דאָס געזאַנג פֿון די שעפּער־יונגען. — דאָס זײַנען מײַנע קינדער־חלומות, וועלכע זײַנען פֿאַרוועבט מיט די דעמפּיקע, טוי־פֿײַכטע פֿאַרנאַכטן, וועלכע לייגן זיך געדיכט איבער דעם שרון־טאָל.

מײַן מוטער געדענק איך נאָך פֿון מײַן פֿריסטער קינדהייט, ווען איך האָב זיך אויפֿגעצויגן אונטער איר שוץ. זי איז געווען אַ זייער באַשעפֿטיקטע פֿרוי. קיין מאָל האָבן אירע הענט נישט געערוט. זי האָט מיט די שעפּער־ווײַבער געמאָלקן די שאָף, האָט געפּרעסט קעזלעך און זיי געטריקנט אויפֿן דאַך, אָדער אויף ראַגעזשעס, געפֿלאָכטן פֿון פּאַלמען־צווײַגן, אָדער אויף ברייטע פֿײַגן־בלעטער. איך האָב תּמיד געפֿילט די זיסקייט פֿון אונדזערע פֿייגן אין אונדזערע קעזלעך. צום מערסטן איז זי געווען פֿאַרנומען בײַם שפּינען די וואָל, צוזאַמען מיט די ווײַבער פֿון אונדזערע פּועלים, אָדער בײַם וואַשן די כּלים. די פֿליכט צו טראָגן, צו געבערן און צו זויגן קינדער האָט זי אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז איך זע זי

שטענדיק אַ קרענקלעכע, מיט אַ וואַקסן־געל פּנים, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. אָבער פֿון איר האָב איך, צוזאַמען מיט איר מילך, אַרײַנגעזויגן אין מיר גאָטס־פֿאַרכטיקייט. זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט מיר פֿאַרציילט פֿון ירושלים, פֿון בית־המקדש, און האָט מיר אָנגעוויזן אויף די שטערן אין הימל, איבער וועלכע גאָט, דער אַלמעכטיקער, וואוינט. פֿון איר האָב איך אויך געלערנט מײַן ערשטן פּסוק: „ראשית חכמה יראת ה׳״ — און גאָט ליבן און דאַנקען פֿאַר יעדן שטיקל ברויט און פֿאַר יעדן שלוק וואַסער.

באַלד אָבער האָט מען מיך צוגענומען פֿון דער ווײַבערשער קוואַרטיר און אַרײַנגעבראַכט אין דער מענערישער. און דאָ האָט מײַן פֿאָטערס געשטאַלט אָנגעהויבן שײַנען פֿאַר מיר און אָנווײַזן מיר דעם וועג, אין וועלכן איך האָב צו גיין, ווי די פֿײַערדיקע זײַל, וואָס איז פֿאַרויסגעגאַנגען פֿאַר די ייִדן אין דעם מדבר.

ער איז שוין נישט געווען יונג, מײַן פֿאָטער. איך בין געווען דאָס פֿינפֿטע קינד פֿון זײַן צווייט ווײַב. ער איז געווען אַ נידעריקער, קרעפֿטיקער מאַן, מיט אַ ווײַסער באַשנייטער באָרד, מיט גוטע מענטשלעכע אויגן, וועלכע זײַנען געזעסן אין נעצן פֿון טרערן־טאַרבעלעך. זײַנע הענט זײַנען געווען ווי די וואָרצלען פֿון אַן אַלטן, מיט יאָרן זאַטן אײלבירט־בוים, קנאָכיקע מיט דיקלעכע אָדערן, אויס־געאַרבעטע הענט. ער איז געווען אַ שווער־אַרבעטנדיקער מאַן און האָט אַליין מיט־געהאָלפֿן מיט זײַנע פֿיל קינדער און פּועלים צו באַזאָרגן דעם אַקער אין פֿעלד, דרעשן די תּבֿואות, זאַמלען די תּבֿואות אין די שפּײַכלערס, טרעטן דעם ווײַן, מאָלן די אײלבירטן אין די מילשטיינער, — אַלץ פֿאַרן הויזלעכן געברויך. אָבער אָפּגעגעבן האָט ער זיך מערסטנס מיט זײַנע טשערעדעס שאָף. ער האָט געפֿירט אַ גרויסע שאָף־צוכט, וועלכע ער האָט געירשנט פֿון זײַן פֿאָטער. ער האָט גע־האָדעוועט שאָף אי פֿאַר פֿלייש, וואָס ער האָט געשיקט אויפֿן שאָף־מאַרק קיין ירושלים פֿאַר קרבנות אויף די ימים־טובֿים, אָדער צו די מערק קיין כּפֿר־סבא און לוד, אי פֿאַר מילך, פֿון וועלכע די ווײַבער האָבן געשלאָגן פּוטער און קעז. אָבער דער עיקר פּרנסה פֿון די שאָף איז באַשטאַנען פֿון שערן די וואָל. נאָכן שערן די שעפּסן האָט מען די וואָל געוואַשן, געקעמט און געפּאַקט אין באַלעמס. מען האָט זי דערנאָך געלאָדן אויף קעמלען און אָוועקגעפֿירט אין איינע פֿון די צוויי האַפֿן־שטעט, קיין יפֿה אָדער קיין צעזאַריע, וווּ די צדונישע און טירהשע סוחרים זײַנען אַרונטערגעקומען פֿון פֿעניציע צו קויפֿן די וואָל פֿאַר זייערע פֿאַרבן־ און שפּינערײַ־פֿאַבריקן. אין דעם רײַכן, קאָסמאָפּאָליטישן צעזאַרישן האַפֿן האָט די שורנער וואָל תּמיד אַ העכערן פּרײַז דערגרייכט איידער אין דעם ייִדישן האַפֿן פֿון יפֿה. מײַן פֿאָטער האָט אָבער דעם צעזאַרישן האַפֿן, ווי ס׳רובֿ ייִדן, אויס־געמיטן צוליב רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע טעמים.

ער האָט געהאַט איבערגענומען די מלאָכה פֿון זײַנע עלטערן, און מען קאָן זאָגן אויף אים, אַז ער האָט געקענט יעדע שאָף באַזונדער פֿון זײַנע סטאַדעס. ער האָט נאָר באַדאַרפֿט איין בליק געבן אויף דער סטאַדע, און ער האָט געוווּסט, וואָס עס פֿעלט איר. ער האָט גלײַך דערקענט, אויב דער שעפֿער האָט זיי געפֿירט צו דער ריכטיקער צײַט צו די קוואַלן אָנטרינקען, אויב ער האָט זיי געהאַלטן צו לאַנג אויף דער אויסגעזעצטער זון, צי מען האָט זיי געפֿירט אויף גוטע, שפּע־דיקע פֿעלדער צו פּאַשען, צי ער האָט זיי אַרײַנגעלאָזט צווישן די סקאַלן־שטיי־

נער. ער האָט געוואוסט פֿון אַלע זייערע קראַנקהייטן און געקענט זיך אויס אין די קרײַטעכצער, פֿון וועלכע ער האָט די הייל־זאַלבן צוזאַמענגעשטעלט, לויט פֿאַמיליע־רעצעפּטן, וועלכע זײַנען איבערגעגאַנגען בירושה. ער האָט דערקענט לויט דעם אָפּדרוק פֿון דער פֿאָרם אויפֿן באָדן די טריט פֿון יעדער חיה, וועלכע האָט זיך דערנענטערט צו די שטעלער, און וועלכע די יונגע מיט זייערע מוטערס זײַנען באַשיצט געוועזן פֿון דער קעלט פֿון דער נאַכט. ער האָט זיך אויסגעקענט אין די צייכנס פֿון הימל: לויט די שטערן, לויט דעם זעצן זיך פֿון דער זון, לויט דער קלאָרקייט פֿון דעם לבֿנה־שײַן, האָט ער געוואוסט די ענדערונגען פֿון די וועטערס. אין מיטן נאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפֿן פֿעסט, האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, און מיט אַ בהורשן אימפּעט זיך געלאָזט אין פֿעלד אַרײַן צו זײַנע סטאַדעס. ער האָט דערפֿילט דאָס אָנקומען פֿון שטורעם און זיך געפֿונען מיט זײַנע שאָף, בשעת זיי באַדאַרפֿן זײַן הילף. נישט געקוקט אויף זײַן עלטער, איז ער נאָך יעדער ציגעלע נאָכגעלאָפֿן און האָט נישט גערוט, ביז וואַנען ער האָט עס נישט גאַנץ אַהיים געבראַכט. מען האָט אים אויך באַדאַרפֿט זען, ווען עס איז געקומען די צײַט, ווען די מוטערס וואַרפֿן די קליינע אָפּ. ער האָט געגעכטיקט מיט זײַנע שעפֿערס בײַ די סטאַדעס אין פֿעלד. בײַם בלויזן קוקן אויף אַ טשערעדע האָט ער, נישט צו ציילן זיי, געוואוסט, אויב וועלכע פֿון זײַנע שאָף פֿעלט, אויב וועלכע פֿון זיי האָט נישט אָפּגעוואָרפֿן אין פֿעלד, אונטער אַ שטיין, און ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך דעם אָפּגעוואָרפֿענעם. אָפֿט מאָל האָט געטראָפֿן, אַז די נאַכט איז צוגעפֿאַלן איבער אים, בשעת ער האָט מיט זײַנע שעפֿער־יונגען נאָכגעשפּירט אַן אָפּגעוואָרפֿן ציגעלע אין דער געדיכטעניש פֿון די באַרג־בושן. ער איז נישט פֿריִער אַהיים געקומען, ביז ער האָט דאָס ציגעלע נישט צוריקגעבראַכט צו זײַן מוטער.

דאָס אויפֿפּאַסן אויף זײַנע סטאַדעס שאָף איז געווען אַ טייל פֿון זײַן אמונה. גאָט האָט אים איבערגעגעבן די שאָף, און ער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זייער גאַנצקייט. אַזוי ווי די שאָף וואָלטן נישט געהערט צו אים, נאָר זיי וואָלטן געווען אַן איבערגעגעבענער חפֿץ אין זײַן האַנט און ער מוז אָפּגעבן דין־וחשבון פֿאַר אַ העכערן בעל־הבית, ווי די פּועלים פֿאַר אים. דאָס איז געווען אַ משפּחה־טראַדיציע בײַ די שעפֿער־לײַט.

ער איז געווען אַ גאָטספֿאָרכטיקער מאַן. נישט קיין געלערנטער אין דער שריפֿט, איז ער שטענדיק געווען באַזאָרגט, אויב ער איז בשלמות מיט זײַן גאָט. די קאָמפּליצירטע מצוות פֿון כּלאַים און זרעים האָבן אים פֿאַרשאַפֿט פֿיל זאָרג. ער פֿלעגט פֿון דער שטאָט ברענגען אַ תּלמיד־חכם, אַז ער זאָל אים לערנען די געזעצן פֿון זייען, אים אָנווײַזן, וואָס ער מעג יאָ מישן מיט דעם אַנדערן מין בײַם זייען און וואָס נישט, ווי ווײַט זיי מוזן זײַן אָפּגערוקט איינער פֿון אַנדערן. לײַכטער איז אים אָנגעקומען מיט אָפּגעבן דעם כּהן דאָס ערשטע ציגעלע אָדער איבערלאָזן די פּאַסן תּבֿואות און דעם צווייטן נאָכוואוקס פֿון די ווײַנטרויבן פֿאַר די אָרעמעלײַט. דאָס איז געווען פֿאַמיליע־טראַדיציע און איז איבערגעגאַנגען פֿון איין דור צום אַנדערן. מען האָט אים באַדאַרפֿט זען, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿריי־דיקער התלהבֿות ער האָט אויפֿגענומען דעם כּהן, וואָס איז געקומען פֿון דער שטאָט לוד אָפּצונעמען דאָס צענטל פֿון די תּבֿואות, אָדער אָפּצונעמען די ערשט־

געבוירענע בהמות. דאָס איז געווען הייליקייט. נאָר וואָס עס האָט אים אָפּט אַרײַנגעבראַכט אין פֿאַרלעגנהייט, מען קאָן אַפֿילו זאָגן, אין פֿאַרצווייפֿלונג, דאָס זײַנען געווען די פֿיל קאָמפּליצירטע דינים פֿון אָפּהיטן ריינקייט, טובֿלען די כּלים, אָפּצוהיטן דאָס ברויט און ווײַן פֿון באַרירונג פֿון פֿרעמדע. אין אונדזער געגענט זײַנען געזעסן פֿיל עכו״ם, — כּנעניטן, גריכן, — וועלכע זײַנען געקומען פֿון דער געמישטער באַפֿעלקערונג, וואָס האָט באַוואוינט דעם ברעג־ים. מיר זײַנען געווען אויסגעמישט מיט זיי. מיר זײַנען געקומען אין טאָג־טעגלעכער באַרירונג מיט זיי דורך טויזנטער באַוועגונגען, וואָס דאָס לעבן ברענגט מיט זיך. און מײַן פֿאָטער האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין ציטערן, אויב נישט די, אָדער יענע באַרירונג מיט זיי האָט טמא געמאַכט זײַן ברויט, זײַן ווײַן, זײַן אייל אָדער זײַנע כּלים. ער האָט געהאַלטן אין איין מורא האָבן, אַז ער זאָל נישט אַרונטערפֿאַלן אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון די פֿרעמדע, נישט באַהערשט ווערן פֿון זייער קולטור, נישט אָנגעשטעקט ווערן פֿון זייערע מנהגים. דער עיקר מורא אָבער איז געווען פֿאַר די ווײַבער. די ווײַבער זײַנען געווען אַ שטרויכלונג פֿאַר די מענער. זיי, די ייִדישע ווײַבער, זײַנען לײַכט אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דעם כּשוף פֿון דער אָפּגעטין עשתּרות, וועלכע איז געווען די געטין פֿון פֿרוכטבאַרקייט בײַ די גויים. וואו אַן עקרה אָדער אַ ווייביק געווינערין פֿון אונדזערע ייִדישע פּועלים, האָט זי אין געהיים געבראַכט בלומען אָדער טויבן צום מזבח פֿון עשתּרות. מען האָט אָפּט געפֿונען פּסלים אין געשטאַלט פֿון קליינע עשתּרותלעך בײַ די ייִדישע ווײַבער, געקנאָטן אין ליים. מײַן פֿאָטער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט, מיט דער הילף פֿון כּהן, וואָס איז געקומען פֿון לוד אָפּנעמען די מעשׂרות, מאַכן אונטערזוכונגען אין די געצעלטן פֿון די ווײַבער און צונעמען אַלע פּסלים, וועלכע ער האָט צעשטויסן, צעבראָכן, פֿאַרניכטעט. אָפּט מאָל פֿלעגן אַרויסקומען דורך דעם שלעגערײַען, וועלכע האָבן געפֿירט דערצו, אַז די מענער האָבן פֿאַרטריבן פֿון זיך זייערע ווײַבער. די ווײַבער אָבער האָבן אין געהיים ווײַטער אָנגעהאַלטן זייער קולט פֿאַר דער עשתּרות. אויך מײַן פֿאָטער האָט שטענדיק געציטערט די הויט. ער האָט נישט געוואוסט, אויב ער אַליין האָט, חלילה, נישט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ. בײַ יעדן ספֿק פֿלעגט ער שיקן אַ רײַטער קיין לוד פֿרעגן אַ שאלת־חכם: אויב דער ווײַן, וועלכן עס האָט באַרירט אַ נכרי, איז ריין אָדער אומריין. און ער האָט שטענדיק מקנא געווען דעם מאַן, וואָס האָט אַ זון אַ תּלמיד־חכם, און געחלומט דערפֿון זוכה צו זײַן אַליין אַמאָל האָבן אַ קינד, וואָס זאָל באַקומען סמיכה און קאָנען פּסקנען שאלות.

די שרעק פֿאַר אויסמיש מיט די גויים און, חלילה, אַראָפּגיין פֿון גאָטס וועג, איבערנעמען זייערע מנהגים — איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַחוץ די אומצייליקע צוימען, מיט וועלכע די חכמים האָבן אונדז אַרומגעצוימט, האָט מײַן פֿאָטער נאָך צוגעגעבן אייגענע.

ייִנגלווײַז האָט מיך דער פֿאָטער אָנומלט מיטגענומען מיט די קעמלען, וועלכע האָבן געפֿירט די וואָל פֿון אונדזער געשוירענע שאָף, צום האַפֿן־מאַרק פֿון צעזאַריע. צעזאַריע, ווען אַפֿילו זי איז געלעגן אין תּחום פֿון ארץ־ישׂראל, אויפֿגעבויט פֿון אַ ייִדישן קעניג און באַפֿעלקערט מיט פֿיל ייִדן, האָט זי אָבער געגאָלטן פֿאַר אַ שטאָט פֿון גויים. און מײַן פֿאָטער האָט מיר געהאַלטן אין איין אָנזאָגן, אַז

איך זאָל זיך אויסהיטן, אַז איך זאָל נישט טועם זײַן קיין כזית ברויט אָדער אַנ־דערע שפּײַז פֿון דער דאָרטיקער באַפֿעלקערונג. איך זע די גרויסע האַפֿן־שטאָט פֿאַר מיר. די ווײַסע מאַרמאָרשטיינערנע הײַזער באָדן זיך אין פֿולע צעבערס ליכט אויס די שטאָטישע גערטענער אַרויס. דאָס איז געווען די צווייטע גרויסע שטאָט, וואָס איך האָב באַזוכט נאָך ירושלים. אָבער אַנדערש ווי ירושלים האָט צעזאָריע אויף מיר געווירקט. בשעת ירושלים און דער בית־המקדש האָבן מיך אַרײַנגע־בראַכט אין אַ נישט־געצוימטן עקסטאַז פֿון יראת־הכּבֿוד און גאָטספּאַרכטיקייט, — האָט די גוט־געאָרדנטע, מאַרמאָרזײַלנדיקע שטאָט, וועלכע האָט מיך צע־דריקט מיט איר רײַכטום, דערוועקט אין מיר אַ כּעס און קנאה. אַנשטאָט דעם בית־המקדש פֿאַר גאָט, האָב איך דאָ געזען דעם הויכן טעמפּל פֿאַרן קייסער אויגוסטוס מיט זײַנע פֿילע זײַלן אַרום אים, וועלכער האָט זיך אַרויסגעהויבן פֿון אַלע אַנדערע געביידעס אין שטאָט. אַנשטאָט אַ סקאַלן־באַזייטן האַפֿן, וואָס איז געפֿערלעך פֿאַר די שיפֿלעך בשעת אַ שטורעם, וואָס איך האָב געקענט אין יפֿה, האָב איך דאָ געזען אַ ווײַס־שטיינערדיקע, לאַנגע, צוויי־הונדערט־מעטערדיקע וואַנט, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען ביז צו דער טיפֿעניש פֿון ים און האָט געבראַכן די וואַלן. אין דעם רואיקן האַפֿן געשיצט, האָבן זיך דאָרט געפֿונען אַן אַ צאָל קאַלירטע זעגלען. אין דעם קאָליר פֿון די זעגלען, האָט מיך מײַן פֿאָטער אויפֿ־געקלערט, דערקענט ער, אויס וועלכן לאַנד די שיפֿן קומען. עס זײַנען דאָ געווען שיפֿן פֿון צור און צידון, פֿון מצרים, פֿון אינדזל צפּורן און אַפֿילו פֿון דעם גריכישן אינדזל ראָדאָס און פֿון אַנדערע נאָענטע און ווײַטע האַפֿן־שטעט פֿון ים־הגדול. אויף דעם מיט מאַרמאָר גוט אויסגעפֿלאַסטערטן האַפֿן גייט אַן אַ לעבעדיקער האַנדל אַרום די אָפּגעלייגטע סחורות פֿון די פֿרעמדאָרטיק באַקליידטע סוחרים. אויך מיר זײַנען דאָרטן געשטאַנען מיט אונדזערע אָפּגעלייגטע וואָלן אין דעם וואָל־מאַרק. באַלד האָבן די סוחרים פֿון צור אין שיין־קאָלירטע, גע־וויקלטע קליידער, זיך דערנענטערט צו אונדז. נאָך דעם, ווי זיי האָבן געפּרואווט די קוואַליטעט פֿון אונדזער וואָל, האָבן זיי זיך מיט מײַן פֿאָטער געדונגען און מושווה געוואָרן אויפֿן פּרײַז. מײַן פֿאָטער האָט דערהאַלטן פֿון זיי זעקלעך מיט טירהשע דראַכמעס, און זיי האָבן דורך שיף־שקלאַפֿן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך, אויפֿגעלאָדן די פּעק וואָל אויף זייערע זעגלשיפֿן.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן פֿאַרקויפֿט אונדזער סחורה, האָט דער פֿאָטער אי־בערגעלאָזט די קעמלען מיט די קעמל־טרײַבער, און מיך האָט ער גענומען בײַ דער האַנט און געפֿירט מיך איבער דער שטאָט. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ לאַנגע, געדעקטע אַרקאַדע, וועלכע איז באַשטאַנען אויס ליטער ווײַסע מאַרמאָר־זײַלן און באַדעקט מיט געוועבטע טיכער איבער די צעדער־באַלקנס. פֿיל פֿאָלק האָט זיך געפֿונען אין די אַרקאַדן, אַרום די שטענדערס און געוועלבער, וואָס די סוחרים פֿון צור און צידון און צפּורן און אַנדערע לײַט האָבן דאָרט געהאַט. וואו עס האָבן זיך געפֿונען די קאָלירטע, געוועבטע קליידער פֿון טירה, פֿאַרשיידענע כּלים, אויסגעאַרבעט אויס צעדערן־האָלץ און באַזעצט מיט העלפֿאַנטביין. געווען דאָ אויך געצן און געטער אין מענלעכן און ווײַבלעכן געשלעכט, געגאָסן אין קאָרינטישן בראָנז, ווי אויך אין אַנדערע מעטאַלן, אויסגעהאַמערט אויס אַלבאַס־טער; געצן אין געשטאַלטן פֿון נאַקעטע ווײַבער, וועלכע האַלטן זייערע הענט

אויף זייערע בריסטן אָדער אויף זייער בויך. און פֿיל קונים זײַנען געשטאַנען
אַרום, האָבן באַטראַכט זיי, באַוואונדערט זיי, און טייל האָבן זייערע געטער געדונ־
גען בײַ די סוחרים, ווי מען דינגט זיך איבער אַ ליטער ציפּרעס־ווײַן אָדער
איבער רייפֿע, זיסע מילגרוימען. צווישן די אַרקאַדן, אין די נישעס, האָבן זיך
אויפֿגעהאַלטן זינדיקע פֿרויען, וואָס האָבן אַרײַנגערופֿן די דורכגייענדיקע מענער
אין זייערע געוועלבלעך. שכּורע קולות האָבן זיך געהערט פֿון די מאַטראָזן אויס
די פּונדאקס, וועלכע זײַנען דאָרט געווען. מײַן פֿאָטער האָט מיך געצויגן בײַ
דער האַנט און פֿלינק מיך אַדורכגעשלעפּט דורך דעם אויסגעמיש און דעם גע־
ברום פֿון די גויים, כּדי איך זאָל נישט זען זייער זינד און זאָל, חלילה, נישט
אָנשטעקן זיך פֿון זיי מיט אומרייניקייט, ביז ער האָט מיך אַרויסגעפֿירט פֿון דעם
רויש פֿון די גויים און אַרײַנגעבראַכט מיך אין דער ייִדישער שכנות אַרײַן. אין
אַ הויף פֿון אַן אַכסניה, וועלכע איז געווען פֿאַרדעקט מיט לײַלעכער און זון־
טיכער פֿאַר דער זון, האָבן מיר אין די נישעס געפֿונען רוען פֿיל ייִדישע שעפֿערס
און פּויערים מיט זייערע אייזלען און קעמלען, וועלכע זיי האָבן געבראַכט באַלאָדן
מיט סחורות אין דער שטאָט אַרײַן. דאָרט האָבן מיר אויך געפֿונען שכנים פֿון
אונדזערע ערטער אין שרון. אויך אונדזערע קעמל־טרײַבער האָבן אַרײַנגעבראַכט
אַהין אונדזערע בהמות אָנצוטרינקען. די ייִדן האָבן זיך געזאַמלט אין דער
אַכסניה. מיר האָבן געוואַשן אונדזערע הענט און מיר האָבן אויפֿגעבונדן אונ־
דזערע בינטלעך, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער היים, און מיר האָבן
געגעסן אונדזער ברויט.

בײַם עסן האָב איך געפֿרעגט מײַן פֿאָטער:

— מײַן פֿאָטער און מײַן האַר, לערן מיך. די גויים טוען זינדיקן, דינען צו
אָפּגעטער און צו אומווירדיקייטן, און היטן נישט אָפּ איינע פֿון די מצוות, וואָס מיר
היטן, נאָר גייען נאָך דאָס שלעכטס פֿון זייערע אויגן, ווי מיר האָבן הײַנט געזען,
— און דאָך שטראָפֿט זיי נישט גאָט, נאָר אונדז אַליין, און זיי האָט ער געמאַכט
פֿאַר האַרן איבער אונדז.

— פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי, דאָס ווייס איך נישט, תּנוקי! — ענטפֿערט מיר
מײַן פֿאָטער. — אויף גאָטס מעשׂים טאָר מען נישט מתרעם זײַן, נאָר מען מוז
זיי נעמען אויף זיך באַהבֿה און זאָגן: גם זו לטובֿה! אַזוי האָבן מיך מײַנע עלטערן
געלערנט. נאָר די תּלמידי־חכמים פֿאָרשן די תּורה, דרינגען אַרײַן אין אירע גע־
היימנישן און זוכן גאָטס וועג. זיי ווייסן דעם טעם פֿון דער זאַך. ווילסטו, מײַן זון,
זײַן איינער פֿון זיי?

— יאָ, מײַן פֿאָטער, איך וואָלט געוואָלט פֿאָרשן גאָטס וואָרט.

— מײַן גאַנץ לעבן לאַנג האָב איך געבעטן גאָט צו האָבן אַ זון, וואָס וועט
אַרויסגיין פֿון מיינע לענדן, וועלכער זאָל זיךווידמענען דער הייליקער תּורה,
כּדי מײַן עלטער זאָל באַשײַנט ווערן פֿון זײַנעט וועגן און איך זאָל געניסן פֿון
זײַנע פֿרוכט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. דײַנע ברידער האָבן אויס־
געזוכט פֿאַר זיך דעם חלק פֿון ד ע ר וועלט און האָבן גענומען אין זייערע הענט
די מלאכה פֿון זייערע עלטערן. זיי זײַנען געוואָרן שאָף־ציכטער. אפֿשר וועט גאָט
באַרעכטיקן מײַן האָפֿענונג מיט דעם ייִנגסטן פֿון מײַנע קינדער?

— וואָס האָב איך צו טאָן צו געווינען די תּורה?

— די חכמים זאָגן, אַז די תּורה ווערט נאָר געקויפֿט דורך אַ טײַערן פּרײַז. דער וואָס וויל זי געווינען מוז עסן טריקן ברויט, טרינקען קאַרג וואַסער און שלאָפֿן אויף דער האַרטער באַנק, און באַדינען זײַן רבין, און שטיין פֿאַר אים ווי אַ קנעכט פֿאַר אַ האַר. וואָרעם אַ רבי איז מער ווי דײַן פֿאָטער. דײַן פֿאָטער האָט דיך נאָר געבוירן, דער רבי גיט דיר די נשמה. — דאָס איז די תּורה. ביסטו גרייט, מײַן זון, צו באַצאָלן דעם פּרײַז פֿאַר איר?

— מײַן פֿאָטער, איך בין גרייט צו באַצאָלן יעדן פּרײַז, אַבי נאָר אויסצוגעפֿינען די וועגן פֿון גאָט.

— גוט, מײַן זון, איך וועל דיך שיקן קיין לוד צו אַ רבי, דערנאָך וועל איך דיך מיטנעמען קיין ירושלים, ווען דו וועסט עלטער ווערן.

און מײַן פֿאָטער האָט אויפֿגעהויבן די האַנט צום הימל און געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, פֿאָטער, וואָס דו האָסט אַרײַנגעגעבן אין האַרץ פֿון מײַן קינד דעם באַגער צו פֿאָרשן די תּורה.

# 4

ווען איך בין אַלט געוואָרן דרײַצן יאָר, האָט מײַן פֿאָטער געמאַכט איבער מיר אַ ברכה „ברוך שפּטרני“. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס אחריות פֿאַר מיר פֿאַר גאָט. פֿון דענסטמאָל אָן בין איך אַליין פֿאַראַנטוואָרטלעך געוואָרן פֿאַר מײַנע מעשׂים. ער האָט מיך געשיקט קיין לוד, וואו עס זײַנען געווען פֿיל בתּי־כּנסת. און דאָרט, אין איינעם פֿון די בתּי־כּנסת, בין איך צוגענומען געוואָרן צו אַ מלמד, וועלכער האָט מיך געלערנט די תּורה שבכּתבֿ, און די הלכות און אגדות בעל־פּה, וואָס איך האָב באַדאַרפֿט וויסן אַלס ייִד. געוואוינט האָב איך בײַ משפּחה, בײַ אַ ברודער פֿון מײַן מוטער, וועלכער איז געווען אַ זאָטלמאַכער. בײַ אים טאַקע האָב איך געלערנט מײַן מלאכה פֿון זאָטלמאַכערײַ. ווען אַפֿילו מײַנע עלטערן זײַנען געווען פֿאַרהעלטנסמעסיק פֿאַרמעגלעך און מיך האָבן זיי באַשטימט צו לאָזן לערנען תּורה און צו ווערן אַ תּלמיד־חכם, האָב איך אָבער געמוזט לערנען פֿון קלייניערהייט אַ מלאכה, נאָך דעם שפּרוך נאָך: „דער וואָס לערנט נישט זײַן קינד אַ מלאכה, איז אַזוי גוט ווי ער וואָלט געמאַכט פֿון אים אַ וועג־רויבער“.

איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן אויף מײַנע לערן־יאָרן, וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין דער אָנגענעמער שטאָט לוד, וואו איך האָב געהאַט פֿיל באַקאַנטע און פֿרײַנט און וואו איך האָב אויך אָפֿט געהאַט די געלעגנהייט צו זען מײַנע אייגענע, וועלכע האָבן געבראַכט די פּראָדוקטן פֿון זייער שאָף־פֿאַרם אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן. איך האָב אין די יאָרן אָנגעזאַמלט פֿיל וויסן, סײַ אין תּורה שבכּתבֿ, סײַ אין תּורה שבעל פּה, וועלכע איז אונדז געגעבן געוואָרן בקבלה. אַז איך בין אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, בין איך אַהיימגעקומען צו מײַנע עלטערן. האָט מיך מײַן פֿאָטער ווידער געפֿרעגט:

— ווילסטו מײַן קינד, זיך ווידמענען דער תּורה?

— מיט מײַן גאַנץ האַרץ, מיט מײַן גאַנץ נפֿש!

— אויב אַזוי, וועל איך דיך, ווען מיר וועלן אויפֿגיין קיין ירושלים עולה־רגל־זײַן, מיטנעמען. דאָרט האָב איך אַ פֿרײַנט, וואָס ער האַלט זײַנע צוויי זין בײַ דעם באַרימטן רבין נקדימון, וועל איך דיך דאָרט איבערלאָזן מיט זיי.

און אַזוי איז עס געווען. ווען מײַן פֿאָטער איז אויפֿגעגאַנגען קיין ירושלים עולה־רגל־זײַן, האָט ער מיך מיטגענומען. עס איז אויפֿגעגאַנגען אויך מײַן מוטער און צוויי פֿון מײַנע עלטערע ברידער, — זיי האָבן אָנגעטריבן אַ קליינע סטאַדע שעפּסן און אַ פּאָר אייזלען, וועלכע האָבן געפֿירט מײַן מוטער, און מײַן פֿאָטער, ווען ער איז מיד געוואָרן פֿון גיין; אַ פּאָר קריגן מיט גוטן ווײַן, וואָס מײַן פֿאָטער האָט מיטגעפֿירט אַ מתּנה פֿאַר זײַן פֿרײַנט; אַ פּאָר קריגן מיט האָניק, געטריקנטע קעזלעך און ברויט פֿאַר צדה לדרך פֿאַר אונדז. אַחוץ דעם, האָט נאָך מײַן עלטערער ברודער יוסף אָנגעטריבן צוויי קעמלען, באַלאָדן מיט באַלעמס גע־שניטענע וואָל פֿון אונדזערע שאָף, וואָס מײַן פֿאָטער האָט מיטגעפֿירט אַ מתּנה פֿאַר זײַן פֿרײַנט שמעון הקוריני, בײַ וועלכן מיר וועלן אײַנשטיין אין ירושלים דורך יום־טובֿ.

באַלד אין לוד האָבן זיך צו אונדז אָנגעשלאָסן אַנדערע עולי־רגלניקעס. אין יבֿנה האָבן שוין די קאַראַוואַנען עולי־רגלניקעס פֿאַרנומען דעם גאַנצן שטאָטישן מאַרק, און מיט געזאַנג פֿון הלל און באַגלייט מיט דעם פֿײַפֿן פֿון פֿײַפֿלעך, האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַשטײַגן די הרי־יהודה אויף אונדזער וועג קיין ירושלים.

ווען אַפֿילו איך האָב שוין אייניקע מאָל אין מײַן קינדהייט עולה־רגל געווען, — איז אָבער דאָס דאָסמאָליקע אויפֿגיין קיין ירושלים איבערגעבליבן אין מײַן זכּרון מער ווי יעדעס אַנדערע מאָל. עס קלינגען מיר נאָך אין די אויערן די גלעקלעך אויף די העלדזער פֿון די באַצירטע אייזלען, ווען זיי שטײַגן אויף די בערג. איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי אויף קיין ירושלים צו פֿאַרבלײַבן, אַז איך וועל באַשטימט צו ווידמענען זיך דער תּורה. איך בין נײַגעריק געווען אויף מײַן רבין און אויף אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו מײַן נײַעם לעבן. איך געדענק — בײַנאַכט אין די בערג, וואו אונדזער עדה האָט גערוט אין אַ דאָרף אַרום אַ קוואַל. די מאַנספּאַרשוינען האָבן נישט געוואָלט אַרײַנגיין אין די שטובן פֿון דעם דאָרף, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, רוען אין דער נאַכט, נאָר זײַנען איבערגעבליבן אין דרויסן, בײַ אַ פֿײַער, וואָס די מענער האָבן אָנגעצונדן אַרום דעם קוואַל. די נאַכט איז קאַלט געווען אין די בערג, זײַנען די אַלטע לײַט געווען אײַנגעוויקלט אין זייערע שעפּסן־פֿעלן, אין פּילצענע הילעס, די ייִנגערע זײַנען געשטאַנען מיט יראת־הכּבֿוד אַרום זיי, און מיר, די יוגנט, האָבן זיי משמש געווען. קיינער איז נישט געשלאָפֿן אין דער נאַכט. עס איז געווען אָנהויב חודש, און אַ יונגע, אומבאַפֿלעקטע לבֿנה, ווי אַ נײַ־געבוירן קינד, האָט זיך אַרויסגעשניטן פֿון דעם טיף־בלויען, מיט שטערן באַזייטן הימל. די אַלטע האָבן פֿאַרציילט פֿון יהודה הגלילים אויפֿשטאַנד, אין וועלכן פֿיל פֿון זיי האָבן אַליין געהאַט אָנטייל גענומען: פֿילע פֿון אונדזער טאָל, מיט די שווערדן באַהאַלטן הינטער די הילעס, האָבן אויסגעוואַנדערט צו יהודה קיין גליל און זיך אָנגעשלאָסן אין זײַנע שאַרן; אויך די שיפֿערס פֿון יפֿהער האָפֿן זײַנען געקומען צו אים; מיר האָבן דענסטמאָל

געמיינט, אַז די ישועה איז נאָענט, יהודה וועט אונדז באַפרײַען פֿון אדום; אָבער אונדזערע האָפֿענונגען זײַנען אָפּגענאַרט געוואָרן, גאָטס שווערד — צעבראָכן.

— גאָטס שווערד איז נישט צעבראָכן, גאָטס שווערד איז זײַן תורה, — האָט זיך אָנגערופֿן אַ געלערנטער מאַן פֿון כּפֿר־סבא.

— נישט אַ שווערד פֿון תורה באַדאַרפֿן מיר איצט האָבן, נאָר אַ שווערד פֿון אײַזן. די שווערד פֿון תורה מוז אַ מינוט שווײַגן, ביז וואַנען עס וועט זיגן די שווערד פֿון אײַזן, — האָט זיך אָנגערופֿן אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען באַהאַלטן אין שאָטן פֿון דער נאַכט.

דער עולם האָט זיך אומגעקוקט; ווער וואַגט עס אַזעלכע ווערטער צו רעדן? און איינער פֿון די לײַט האָט גענומען אַ פֿלאַקערדיק שטיק האָלץ פֿון פֿײַער און באַלויכטן אַ מעכטיקן, אומגעהובלטן מאַן מיט ווילדע צעגאָסענע לאָקן אַרום זײַנע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגעשײַנט פֿון דער נאַכט אַרויס.

בר־אבא! — איז געוואָרן אַ געמורמל צווישן עולם — בר־אבא איז דאָ מיט אונדז!

— באַדאַרף דען גאָט אײַזן אָדער רײַטוועגן, אַז זיי זאָלן אים העלפֿן? זײַנען דען נישט גענוג די שאַרן פֿון זײַנע חיילות, וואָס ער האָט אין הימל? וואַרט נאָר, ווען די צײַט וועט קומען און ער וועט זײַן גרויסן שליח שיקן.

— אָבער פֿאַרוואָס פֿאַרשפּעטיקט ער זיך אַזוי?

— ווען אָפֿילו ער פֿאַרשפּעטיקט זיך, דאַך באַדאַרפֿן מיר אים אויסוואַרטן יעדן טאָג, — שטייט געשריבן. ווער ווייסט, אפֿשר וועלן מיר אים שוין אָנטרעפֿן אין ירושלים, ווען מיר וועלן אַהין קומען.

— משיח וועט נישט פֿון הימל אַראָפּפֿלִיען, ביז מיר וועלן אים נישט אַליין אויסגלִיען אין די שמיד־אויוונס, אויפֿן שמיד־אײַזן אויסקלאַפּן. מיט אונדזערע שווערדן מוזן מיר ברענגען די גאולה.

— גאָט וויל נישט קיין קנעכט פֿאַר זײַן פֿאָלק, גאָט וויל אַ פֿאָלק פֿון בני־חורין, פֿון פֿרײַע מענער, — האָט אַ צווייטער פֿון די לײַט, וועלכע זײַנען געווען מיט בר־אבאן, אויסגערופֿן.

— זײַנען מיר דען נישט קיין בני־חורין? מיר זײַנען צו קיינעם נישט פֿאַרשקלאַפֿט, נאָר צום איינציקן, לעבעדיקן גאָט.

— נישט צום לעבעדיקן גאָט, נאָר צו דער שווערד פֿון אדום און אַלע זײַנע משרתים!

דער עולם האָט זיך אומגעקוקט מיט שרעק און אויפֿרעגונג אויף בר־אבאן. איך זע אים פֿאַר מיר — שטייענדיק אין דער נאַכט באַלויכטן אין די פֿלאַמען פֿון ברענענדיקן פֿײַער. ער איז געווען אַ הויכער, מעכטיקער מאַן, אַ פֿישער פֿון יפֿהער פּאַרט, מיט אַ שטאַרקער, האַר־באַוואַקסענער ברוסט, — אָפּגעברענט פֿון דער זון, געשמיסן פֿון ווינט און שטורעם, זײַן לײַב אויסגעהאַרטעוועט ווי שטאָל. זײַן באָרד און זײַנע האָר זײַנען געווען צעריסן פֿון ווינט אויף טויזנט טראָלדן. זײַנע ציין האָבן אַרויסגעבלישטשעט פֿון זײַן מויל, ווי זיי וואָלטן זיך געוואַשן אין מילך, — ווײַס און שײַנענדיק. ער האָט אויסגעשטרעקט זײַנע הענט צום רעדנדיקן רבין און ער האָט געזאָגט:

— שוין געגוג ביטערקייט האָט זיך אָנגעקליבן אין אונדזערע בריסטן, — האָט ער זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט, — איך זאָג אײַך, ווען עס וואָלט זיך געוועזן געפֿונען איינער, ווי יהודה הקנאי, און וואָלט געזאַמלט די שאַרן אַרום זיך, וואָלטן מיר אדום און אַלע זײַנע מיטהעלפֿער פֿאַרטריבן אין ביטערן ים פֿון אונדזערע צרות, ווי אַ שיף, וואָס זינקט אין שטורעם.

— בר־אבא, בר־אבא, דו רעדסט ווי אַ זינדיקער. אָן גאָט זײַנען מיר גאָרנישט. דו זעסט דאָך, וואָס מיר האָבן דערגרייכט ביז איצט.

— מוזן מיר שוין טאַקע אונדזער גאַנץ לעבן בייגן דעם רוקן פֿאַר דעם קנאָפּל פֿון שונא?

— אַזוי איז זײַן ווילן. און מיר טאָרן נישט אָפּפֿרעגן, ביז ער וועט זיך נישט מרחם זײַן אויף אונדז און שיקן זײַן געזאַלבטן משיח. ער זאָל אונדז זאַמלען.

— מיר באַדאַרפֿן זיך מיט עפּעס אַנדערש פֿאַרברייטן צום טאָג פֿון משיח, ווי מיט טבֿילה און מיט תּשובֿה. — אײַזן וועט נאָר ברעכן אײַזן.

— ווײ צו די אויערן, וואָס הערן אַזעלכע רייד. — שטויב אין דײַן מויל, בר־אבא! איבער אַזעלכע לײַט ווערט די גאולה אויפֿגעהאַלטן. גאָטס ווילן איז, אַז מיר זאָלן אונדזער נאַקן מאַכן פֿאַר אַ פֿוסבענקל פֿאַר די פֿיס פֿון אונדזערע שונאים. און מיר וועלן עס מיט ליבע טאָן און שווײַגן און גאָרנישט פֿרעגן, וואָרעם אַזוי איז דער ווילן פֿון גאָט! — האָט דער אַלטער מאַן געשריגן.

איך האָב געזען, ווי זײַן באָרד האָט זיך געטרייסלט פֿאַר אויפֿרעגונג און זײַנע אויגן זײַנען רויט געוואָרן, איבערגעגאָסן אין בלוי, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט וועלן זיי אַרויספֿאַלן פֿון זייערע הוילע, לויזע אויגנלעכער.

— פֿאַרוואָס? — האָבן שוין די אַנדערע געפֿרעגט.

— ווײַל מיר זײַנען זינדיק! — האָט דער אַלטער אָפּגעענטפֿערט.

— זײַנען די גוים בעסער פֿון אונדז?

— מיט די גוים האָט ער קיין ברית נישט געמאַכט. מיט אונדז — יאָ. אונדזער פֿאָטער אַבֿרהם האָט פֿאַר אונדז מיט גאָט אַ בינדעניש אָפּגעשניטן, אַז מיר וועלן טראָגן אויף זיך דעם יאָך פֿון דער תּורה. יעדער איינער פֿון אונדז האָט אויף זיך גענומען מקיים צו זײַן די תּורה. און דערפֿאַר, ווײַל מיר זײַנען זי נישט מקיים, פּײַניקט ער אונדז. ווײַל אונדז האָט ער אויסגעקליבן צו זײַן זײַן הייליק פֿאָלק, אונדז האָט ער אויסגעקליבן צו זײַן דאָס ליכט פֿון דער וועלט, אויפֿצוהאַלטן זײַנע חוקים און משפּטים, ביז ער וועט שיקן זײַן מלך משיח, און אַלע פֿעלקער וועלן זיך בוקן פֿאַר גאָט און וועלן אָננעמען זײַן תּורה. ביז דענסטמאָל מוזן מיר טראָגן אויף זיך דעם עול און שווײַגן, שווײַגן! — האָט דער אַלטער געלייגט די פֿינגער אויף זײַן מויל.

דורך דער נאַכט בין איך געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש. איך האָב צום ערשטן מאָל געזען זיך פּנים־אל־פּנים מיט די כּוחות, וואָס לעבן אין אונדז.

אין ירושלים האָבן מיר געוווינט בײַ שמעון הקוריני. ער האָט געהאַט זײַן פֿאַרבערײַ בײַם נחל־קדרון, טיף אין דעם אונטערשטן טייל שטאָט, צופֿוסנס פֿון הר־הזתים, וואו עס וואוינען די גאַרבערס און אַנדערע בעל־מלאכהס, וועלכע טאָרן נישט זײַן אין דער שטאָט. איך זע אים פֿאַר מיר. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך הויכער מאַן, זייער אַ דינער. זײַן קאָפּ, וואָס איז געזעסן אויף זײַן

לאנגן האַלדז, איז געפֿאַלן איבער זײַן ברוסט. זײַן רוקן איז געווען אַ ביסל אויסגעהויקערט פֿון שטענדיקן בייגן זיך איבער די פֿאַרב־קעסלען. די האָר פֿון קאָפּ זײַנען בײַ אים געווען אויסגעקראָכן פֿון די פֿאַרב־שטאָפֿן. ער האָט צונויפֿ־געשטעלט זײַנע פֿאַרבן פֿון פֿלאַנצונגען, לויט אַ רעצעפּט, וואָס ער האָט מיטגע־בראַכט מיט זיך פֿון זײַן לאַנד, פֿון וועלכן ער איז געקומען. די פֿאַרבן, מיט וועלכע ער איז אומגעגאַנגען, האָבן זיך געזעצט אין די קנייטש־שניטן פֿון זײַן הויט, האָבן זיך געלייגט מיט שפּרענקלען אויף זײַן פּנים און אויף זײַנע הענט. אַ פּאָר קאָלירטע פֿעדעם האָבן אַרויסגעהאַנגען אויס אַ לעכל אין זײַן אויער־לעפּל. ער איז געווען אַ שטילער און שמייכלדיקער מענטש. ער איז אונדז אַנט־קעגנגעקומען פֿון דער שטאָט שטאָט אַרויס, איז געפֿאַלן מײַן פֿאָטער אויפֿן האַלדז, האָט זיך צעקושט מיט אים, אים אויסגעפֿרעגט אויפֿן שלום פֿון זײַן משפּחה און אונדז אַהיימגענומען צו זיך.

זײַן וואוינונג איז געווען אַן ענגע, אַ נידעריקע. זי איז באַשטאַנען אויס אַ לאַנגן חדר, וועלכער איז בײַ די זײַטן געווען באַשטעלט מיט שמאָלע, אויס שטרוי געפֿלאָכטענע שלאָף־בענק, באַלייגט מיט קאָלירטע, וואָלענע דעקן פֿאַר דעם בעל־הבית און פֿאַר די געסט. די איבעריקע האָבן געהאַט זאַק־דעקן אויף צוצו־דעקן זיך בײַנאַכט. אַ באַמבוס־מאַטראַץ איז אויך געלעגן אויסגעשפּרייט איבער אַ האַלבער שטוב, פֿאַרגעברייט פֿאַר אַ געלעגער פֿאַר די קינדער פֿון אורח. די שטוב האָט נאָר געהאַט איין מחיצה פֿון צניעות וועגן. הינטער אַ קאָלירטן פֿאָר־האַנג, מיט וועלכן אַ ווינקל פֿון שטוב איז געווען אָפּגעטיילט, האָבן זיך געפֿונען די געלעגערס פֿאַר די ווײַבער. אַ באַזונדער געבוי, געמויערט אויס שטיינער, איז געשטאַנען לעבן דער טיר, און דאָ האָבן זיך געפֿונען די ערדענע קריגן מיט וואַסער און אַנדערע כּלים. דער טייל שטוב, וואָס איז באַשטימט געווען פֿאַר די אורחים, איז געווען אָפּגעקאָלעכט. דערפֿאַר אָבער איז דער הויף, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ לעבעדיקן אַרבעס־צווייגן־פּלויט, געגוג גרויס געווען. ער האָט זיך געצויגן ביז טיף אין טאָל אַרײַן. עס האָבן זיך דאָרט געפֿונען די קאַמערן פֿאַר די רויע און אויסגעאַרבעטע וואָלן. דרײַ גרויסע קעסלען, אויסגעהוילן אין דער ערד, זײַנען געשטאַנען אין מיטן הויף, און אַרום זיי אַן אַ שיעור מיט פֿאַרב באַגאָסענע ערדענע קריגן און כּלים; אויך אַ געגוג גרויסער וואַסער־זאַמלער, אַ טיפֿע אויסגעקאָלעכטע גרוב, אויסגעגראָבן אויף אַ הויכן אָרט פֿון הויף, וואָס האָט דורך רינעס און רינשטאָקן געזאַמלט רעגנוואַסער, וואָס איז געפֿאַלן אין הויף אַרײַן. די גרוב איז געווען אָפּגעצוימט, כּדי מען זאָל נישט אַרײַנפֿאַלן אין איר. אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפֿונען אין הויף, — די קעסלען, די כּלים, די בענק, די קאַלך־גרוב, — האָט געטראָגן סימנים פֿון שמעונס פּראָפֿעסיע. אַלץ איז געווען באַשפּריצט און באַשפּרענקלט מיט אַ שלל פֿאַרבן, פֿון דעם בלויען תּכלת ביז דעם וויאָלעטן און טיפֿן רויט פֿון פּורפּור־פֿאַרב. אַפֿילו דער איינציקער איילבירט־בוים, וואָס האָט זיך געפֿונען אין הויף, און די ברייטע פּלאַכטע, וואָס איז געהאַנ־גען אויף דרענגער צו וואַרפֿן אַ קילן שאָטן אין אַ ווינקל פֿון הויף צו באַהאַלטן זיך פֿון דער זון, זײַנען אויך געווען באַשפּרענקלט און באַשפּריצט מיט פֿאַרבן.

שמעון קוריני איז געווען מײַן פֿאָטערס אַן אַלטער פֿרײַנט. ער אַליין האָט געשטאַמט פֿון קוריני, וואָס פֿיל פֿון זײַנע לאַנדסלײַט זײַנען געקומען פֿון דאָרט

קיין ירושלים צו דערציִען זייערע קינדער, וואָרעם זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די קינדער זייערע זאָלן זיך נישט אויסמישן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען אַ גריכישע, און אָננעמען די מידות פון די גויים און, חלילה, איבערנעמען זייער עבודה־זרה. קוריני איז געווען אַ גריכישע פּראָווינץ, אונטערגעוואָרפן אונטער רוים, און די ייִדן זײַנען דאָרט געווען זייער אויסגעמישט מיט די גויים. די קורינער לײַט האָבן געהאַט אין איינעם פון די געסלעך אין דעם נידעריקן טייל פון שטאָט זייער אייגענעם בית־הכנסת, אין וועלכן מײַן רבי נקדימון האָט געפירט זײַן ישיבה, און צו אים האָט אויך שמעון געבראַכט זײַנע צוויי זין, אַלכּסנדר און רופוס.

מײַן פאָטערס פרײַנטשאַפט מיט שמעון קוריני האָט געדויערט שוין אַ לאַנגע צײַט. זיי האָבן זיך געקענט נאָך פון דעם וואַל־מאַרק אין יפו, וואוהין שמעון קוריני איז אַראָפּגעקומען אײַנקויפן וואָל פון שרון. ביידע זײַנען זיי געווען פון די, וואָס האָבן אויסגעוואַרט דאָס קומען פון משיח. און יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן, האָבן זיי געהאַלטן אין איין רעדן דערפון און זיך פאַרציילן סודות און רמזים פון פסוקים, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויפן קומען פון משיח, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע רביים. די בשותּפותדיקע אמונה אין משיחן האָט זיי צוזאַמענגעבונדן אין איין בונד און נאָענט געבראַכט די משפחות צוזאַמען. יעדעס מאָל, ווען מײַנע עלטערן זײַנען אויפגעגאַנגען קיין ירושלים עולה־רגל־זײַן, זײַנען זיי געווען די אורחים פון שמעון קוריני. אויך שמעון און זײַן משפחה, זײַנע צוויי זין, אַלכּסנדר און רופוס, זײַנען אָפט מאָל אַרונטערגעקומען צו אונדז אין שרון, און האָבן געוואוינט בײַ אונדז אין דאָרף אין די זומערדיקע חדשים.

מיר זײַנען פון שמעון און זײַן משפחה אויפגענומען געוואָרן ווי אייגענע. מען האָט אונדז אַרײַנגעבראַכט אין שטוב אַרײַן; נאָכדעם, ווי מען האָט געוואַשן אונדזערע הענט און פיס, האָבן מיר אונטערגעלענט אונדזערע הערצער מיט ברויט. מײַן מוטער האָט אַרויסגענומען די קעזלעך, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון אונדזער מילך־צוכט. מײַנע ברידער האָבן די קריגן מיט האָניק אין שטוב געבראַכט. די ווײַבער זײַנען געזעסן אין ווינקל פון שטוב און האָבן גערעדט פון זייערע ענינים, פון זייערע הויז־געזינטן, האָבן גערימט די שיינקייט און קלוגשאַפט פון זייערע קינדער, געטיילט זיך מיט די קליינע זאָרגן פון זייער הויז־ווירטשאַפט. מײַנע עלטערע ברידער זײַנען אַרויסגעגאַנגען די שטאָט באַזען און נאָכפרעגן זיך אויפן פרײַז פון שאָף און וואָל. איך בין געבליבן אַליין, וואָרעם מײַנע חברים אַלכּסנדר און רופוס, וועלכע זײַנען געווען אין מײַן עלטער, זײַנען געווען בײַ זייער רבין.

נאָך דעם ווי די מענער האָבן געהאַט אונטערגעלענט זייערע הערצער, האָט שמעון גענומען מײַן פאָטער און איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף. איך בין געווען מיט זיי. זיי האָבן זיך ביידע געזעצט אויפן ראַנד פון פאַרב־קעסל, וואָס איז איצט געווען אויסגעטריקנט צוליב דעם נאָענטן יום־טוב. איך בין געזעסן צו זייערע פיס.

עס איז געווען פאַרנאַכט, ווען די כּהנים ברענגען שוין אין בית־המקדש די עולה פון מנחה. דער נחל קדרון איז שוין געווען שווער באַלאָדן מיט די געדיכטע נאַכט־שאָטנס, וואָס זײַנען געפאַלן אין טאָל, כאָטש די שפּיץ בערג אַרום ירושלים האָבן נאָך געפלאַקערט פון דער אונטערגייענדיקער פרילינג־זון.

מײַן פֿאָטער און שמעון האָבן גערעדט אויף דער אייביקער טעמע: — פֿאַר־וואָס גייט דאָס הויז פֿון יעקבֿ אַזוי שלעכט און אדום טריאומפֿירט איבער אונדז? פֿאַרוואָס איז עס געשען פֿאַרקערט, ווי יעקב האָט אונדז געבענטשט, און דער פֿוס פֿון עשׂיו דריקט דעם שטאָלץ פֿון ישׂראל?

מײַן פֿאָטער האָט זיך אָנגערופֿן און געפֿרעגט שמעונען אין דער שטיל:

— האָט זיך גאָרנישט באַוויזן, הערט זיך קיין קול פֿון בשׂורה נישט? וואָס זאָגן די חכמים?

— יוחנן איז אַרויסגעגאַנגען אין מדבר און רופֿט דעם עולם טובֿל צו זײַן זיך און צו דערנענטערן מיט תּשובֿה דאָס קומען פֿון משיחן.

— דאָס האָב איך געהערט אויפֿן וועג. עס זײַנען געווען אין אונדזער חבֿרותא לײַט, וועלכע זײַנען געווען אין דרויסן בײַ אים און האָבן גענומען די טבֿילה בײַ אים.

— יאָ, פֿיל לײַט גייען אַרויס צו אים פֿון ירושלים. נאָך יום־טובֿ רעכן איך אויך אַרויסצוגיין אין מדבר יהודה און צו זען מיט מײַנע אייגענע אויגן און צו נעמען טבֿילה בײַ אים.

— מען זאָגט, אַז דער קץ דערנענטערט זיך. די חכמים האַלטן, אַז די חבֿלי־משיח האָבן זיך אָנגעהויבן. די יסורים און די צרות זײַנען נישט מער אַריבערצו־טראָגן. דער רשע פּילאַטוס זיצט אין לאַנד. ער מאַכט שחיטות אויף די ייִדן, וואָס קומען עולה־רגל־זײַן. ער לייגט אַרויף אויף אונדז וואָס מער צינזן און שטײַערן. אונדזער נאַקן איז אונטער זײַנע פֿיס, און די בני־חנן, די כּהנים גדולים, שמײַסן אונדז מיט ריטער. עס איז ווי אין פּסוק שטייט: ארץ נתנה בידי רשע. דאָס וואָסער איז צוגעקומען צום האַלדז, — עס איז נישט מער אַריבערצוטראָגן.

— און וואָס איז דער טעם פֿון די יסורים? — האָט מײַן פֿאָטער געפֿרעגט — וואָס זאָגן די חכמים?

— די יסורים זײַנען אַ סימן פֿון גאָטס ליבע, זאָגן די חכמים, און זיי קומען איבער אונדז פֿון אונדזער טובֿה וועגן, כּדי אונדזערע הערצער זאָלן וואָך זײַן אויף גאָטס געבאָטן. מיר זײַנען דאָס זאַלץ פֿון דער ערד. אונדז האָט גאָט אויסגעקליבן פֿון דער גאַנצער מענטשלעכער בכורה. מיר באַדאַרפֿן זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם שלעכטס און נישט מתרעם זײַן אויף גאָט, נאָר מיט ליבע אָנצונעמען די יסורים, וואָס ער שיקט אויף אונדז. ווײַל דורך די יסורים רייניקט ער אונדז, איידלט אונדזערע הערצער, אַז מיר זאָלן נישט פֿאַרגרעבט ווערן און פֿאַרפֿאַלן ווערן אין עולם־הזה ווי די גויים, נאָר מיר זאָלן זײַן אײַנגעקניפּט אין אים, ביז ער וועט זיך אַנטפּלעקן פֿאַר דער גאַנצער וועלט און וועט שיקן זײַן מלך משיח, וואָס וועט מיט דעם בליץ פֿון הימל פֿאַרטיליקן דאָס שלעכטס און זאַמלען די גע־רעכטע שאַרן. דענסטמאָל וועלן די גויים זען, און אויך מיר וועלן פֿאַרשטיין און וויסן, אַז גאָט האָט אונדז געלײַטערט דורך זײַנע יסורים פֿאַר אונדזער וואויל, פֿאַר דער רעטונג פֿון דער וועלט און פֿאַר זײַן כּבֿוד וועגן. צוליב דעם באַדאַרפֿן מיר נישט פֿאַלן בײַ זיך פֿאַר דער דערנידערונג, וואָס מיר שטייען אויס טאָג־אײַן, טאָג־אויס, נאָר מיר באַדאַרפֿן זײַן זיכער און שטאָלץ מיט די יסורים. אונדז האָט ער אויסגעקליבן צו זײַן זײַנע שליחים. און ווען אַפֿילו ער האָט אונדז געמאַכט פֿאַרן צילברעט פֿון די פֿײַלן פֿון די גויים, באַדאַרפֿן מיר מיט ליבע אויפֿנעמען די

פֿײַלן אין אונדז, ווי עס טוען דאָס געטרײַע אנשי־חייל אין אַ מלחמת־מצווה פֿאַר זייער מלך.

און נאָך אַזעלכע טרייסטווערטער האָט שמעון קוריני געוועדט צו מײַן פֿאָטער.

איך געדענק, אַז דער געשפּרעך, צו וועלכן איך האָב זיך צוגעהערט, זיצנדיק בײַ מײַן פֿאָטערס פֿיס, האָט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק געמאַכט. עס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס איך האָב געהערט, אַז יסורים קומען נישט ווי אַ שטראָף פֿאַר זינד און שלעכטיקייט, נאָר ווי אַ פֿאַרגיטיקונג פֿאַר אויסצייכע־נונג, אַ לוין פֿאַר מצוות, און זיי זײַנען נישט אַ צייכן פֿון דערנידעריקונג און פֿאַרלאָזנקייט, נאָר פֿאַרקערט, אַ באַווײַז פֿון ליבע און אויסדערוויילטקייט. און דאָס איז געווען פֿאַר מיר עפּעס נײַס, וואָס איך האָב עס ביז איצט נישט געוואוסט און זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן. און איך האָב געזען, ווי מײַן פֿאָטערס אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן מיט אַ ליכט פֿון פֿרייד און האָפֿענונג אויס זייערע טרערן־טרייבלעך, אין וועלכע זיי זײַנען געווען אײַנגעזאַפּט, און ער האָט אָנגענומען זײַן פֿרײַנט שמעון בײַ זײַן לאַנגער האַנט און אים געפֿרעגט:

— שמעון, אין וועלכן בית־מדרש האָסטו געהערט די רייד? פֿון וועלכן מויל זײַנען עס אַרויסגעקומען די טרייסט־ווערטער? געבענטשט זאָלן די ליפּן זײַן, אויף וועלכע גאָטס ווערטער רוען.

און שמעון קוריני האָט אויפֿגעהויבן זײַן לאַנגן, הויכן קאָפּ פֿון זײַן ברוסט, און ער האָט געקוקט מיט זײַנע אויגן ווײַט אַוועק, און זײַן ליסינע האָט זיך גע־גלאַנצט אין לעצטן זון־ליכט פֿון איר קראַנץ האָר אַרויס.

— דאָס האָב איך געהערט פֿון מויל פֿון מײַן רבין, נקדימון בן־נקדימון. ער לערנט מיט אונדז יעדן שבת נאָך קריאת התורה אין דער שול פֿון די קורינער חסידים. דאָס האָט ער געדרשנט.

— וואו איז ער, דער געטלעכער מאַן? פֿיר מיך אויך צו אים, איך וויל טרינקען די רייד פֿון זײַן פֿרישן קוואַל.

— דו וועסט די זכיה האָבן צו זען דעם רבין מיט דײַנע אויגן. הײַנט אין אָוונט מאַך איך אַ סעודה פֿון דײַן כּבֿוד וועגן און פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון דײַן זון, וואָס דו האָסט אויפֿגעבראַכט קיין ירושלים צו פֿאָרשן גאָטס וואָרט. איך האָב אײַנ־געלאַדן אַ פּאָר פֿרײַנד, אַז זיי זאָלן קומען און ברעכן מיט אונדז צוזאַמען ברויט: יהודה איש־קריות, דער טעפּער, אַ גאָטספֿאַרכטיקער מאַן, אַן אייפֿעריקער פֿאָר־שער פֿון גאָטס וואָרט, אַ פּרוש בן פּרוש, און אַן אויסוואַרטער אויף משיחן; הלל, דער וואַסערטרעגער, אַ גרויסער עניו און אַ צדיק; און אהרון אחרון חביב, דער רבי נקדימון בן־נקדימון, וואָס דרשנט פֿאַר אונדז יעדן שבת נאָך קריאת התורה און איז דער רבי פֿון מײַנע קינדער, אַלכּסנדר און רופֿוס. און פֿאַר אים וויל איך דיך פֿאָרשטעלן, אַז ער זאָל אויך לערנען מיט דײַן זון תּורה.

— גאָט זאָל דיר באַצאָלן פֿאַר דעם חסד, וואָס דו טוסט מיט מיר און מײַן קינד, — האָט מײַן פֿאָטער זיך אָנגערופֿן. און צו מיר האָט ער זיך געווענדט: — ווער עס לערנט מיט וועמען תּורה, איז ער געגליכן ווי ער וואָלט אים געבוירן. הויב דיך אויף מײַן זון, און ברייט דיך פֿאַר מקבל־פּנים צו זײַן דײַן נײַעם פֿאָטער, דײַן רבין.

— מיר אַלע דאַרפֿן גיין און פֿאַרברייטן זיך מקבל־פּנים זײַן די אורחים, — האָט זיך אָנגערופֿן שמעון קוריני. — איך זע, די ווײַבער האָבן שוין אָנגעצונדן די אייל־לאָמפּן אין שטוב.

און שמעון און מײַן פֿאָטער האָבן זיך אויפֿגעהויבן און געוואַשן זיך בײַ דער הילצערנער כּלי מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין הויף. האָבן אויסגע־שמירט די לײַבער מיט אייל, און איבערגעוועקסלט די קליידער, אין וועלכע מען אַרבעט. און אַזוי האָב איך אויך געטאָן. איך האָב געוואַשן מײַנע הענט, מײַנע פֿיס און מײַן פּנים, און אַרויסגענומען פֿון מײַן בינטל דאָס כּתנת־פּסים, דאָס גע־פֿאַרבטע העמדל, וואָס מײַן מאַמע האָט אויסגעוועבט פֿאַר מיר און מיר מיטגעגעבן אָנצוטאָן, ווען איך וועל גיין מײַן רבין מקבל־פּנים זײַן. און איך האָב שוין געלאָקט מײַנע פּאות און אָפּגענעצט מײַנע לאָקן מיט אייל, כּדי איך זאָל שיין אויסקוקן און געפֿעלן מײַן רבין. און איך האָב גאָט געבעטן מיט אַ באַוועגלעך האַרץ: „יהי רצון, עס זאָל זײַן באַוויליקט בײַ דיר, אַז איך זאָל געפֿינען חן אין מײַן רבינס אויגן און ער זאָל מיך דערנענטערן צו זיך און נישט דערווײַטערן". און איך האָב זיך געשטעלט אין שוועל פֿון הויז אָפּצואוואַרטן דאָס קומען פֿון רבין בדחילא ורחימא.

די מאַנספּאַרשוינען האָבן געהאָלפֿן אויסלייגן די מאַטראַצן אויף דער שטיינער־נער פּאָדלאָגע און אַוועקשטעלן קליינע טישלעך לעבן די שלאָף־בענק. די ווײַבער האָבן פֿאַרענדיקט די לעצטע פֿאַרברייטונגען, האָבן אַרײַנגעטראָגן רויע און גע־קאָכטע גרינוואַרג אין קאַלירטע ערדענע כּלים און טעלער, וועלכע קוריניער האָבן געמוזט מיטברענגען מיט זיך פֿון זייער מדינה, (וואָרעם בײַ אונדז האָט מען אין קיין געפֿאַרבטע כּלים נישט געגעסן נאָר אין פּשוטע). אויך האָבן זיי אויסגעפּוצט די שטוב און אַפֿילו די טישן מיט גרינע צווײַגן פֿון איילבירטן לכּבוד די אורחים. שמעונס ווײַב האָט זיך אײַנגעוויקלט אין אַ וויאָלעט־געפֿאַרבטן טוך און באַדעקט זיך דעם קאָפּ מיט אַ האָר־שלייער. אויך האָט זי איילבירט־קרענץ אַוועקגעלייגט אויפֿן אָרט, וואו דער רבי האָט געזאָלט זיצן, און פֿון מײַן פֿאָטערס וועגן, (דאָס איז געווען אַזאַ מנהג אין דער מדינה, פֿון וואַנען זיי זײַנען געקומען). זי האָט אויסגעלייגט די מצה־פּלעצלעך, וואָס די ווײַבער האָבן געבאַקן, אײַנגעוויקלט זיי אין האַנטיכער. מײַן מוטער האָט דערלאַנגט אויף די ברעטער־טישן פֿון גוטן אייל און גוטן האָניק, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון דער היים, און מײַן פֿאָטער האָט אין קירביסענע פֿלעשער אַרײַנגעגאָסן דעם ווײַן, האָט דערלאַנגט פּלאַטן מיט איילבירטן און קערב מיט געטריקנטע פֿײַגן. ער האָט אַרויסגעשטעלט אין דרויסן פֿאַר דער אָפֿענער טיר קריגן מיט וואַסער אין הילצערנע כּלים און האַנטיכער אויף צו וואַשן די פֿיס און די הענט. די אָנגעצונדענע אייל־לאָמפּן זײַנען געהאַנגען פֿון באַלקן אַראָפּ, ווי אויך אויף די טישן, און האָבן זייער צניעותדיק ליכט געגאָסן אַרום די געגרייטע טישן. אין דרויסן איבער דער אָפֿענער טיר האָבן די ווײַבער אַרויסגעהאַנגען אַ ווײַס־געוועבטן טישטוך, — וואָס איז געווען אַ צייכן, אַז מען דערוואַרט אין דער שטוב אורחים, און כּל דכפין ייתא ויכול... ווער עס איז הונגעריק זאָל אַרײַנקומען עסן.

און טאַקע באַלד האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אורחים: אַ פּאָר פֿאַרבער אין געוואַשענע קליידער, מיט געפֿאַרבטע פֿעדעם אין די לעפּלען פֿון זייערע אויערן,

אַ פּאָר קאָרינטיער לאַנדסלײַט אין זייער קאָרינטישער טראַכט, אין װיאָלעט־ און שוואַרץ־געפֿאַרבטע טוניקעס, אין לעדערנע, הויך געבונדענע סאַנדאַלן, די האָר געאײלט און די קעפּ באַזעצט מיט אײלבירט־קרענץ. דאָס זײַנען געווען מתפּללים פֿון קאָרינטיער בית־הכּנסת. זיי האָבן זיך באַגריסט מיט די אורחים און נאָכגעפֿרעגט זיך נאָך דעם שלום פֿון דער שטוב. דער בעל־הבית פֿון שטוב האָט זיי אָנגעוויזן יעדן זײַן אָרט: אָדער אויף די שלאָף־בענק אַרום די ווענט, אָדער אויפֿן מאַטראַץ אין מיטן שטוב, יעדן לויט זײַן שטאַנד, זײַן עלטער און זײַן תּורה־קענען. אויך איז באַלד אָנגעקומען הלל, דער וואַסערטרעגער, וואָס שמעון האָט אים זייער מכבּד געווען און אַרויפֿגעבעטן אויבנאָן. ער איז צוזאַמען געקומען מיט דעם פּרוש, יהודה איש־קריות, וועמען אַלע האָבן מכבּד געווען, וואָרעם ער איז גערעכנט געוואָרן צווישן די תּלמידי־חכמים. שמעון האָט אויך אים געזעצט אויבנאָן. אַלע האָבן מיר אויסגעוואַרט אויפֿן אָנקומען פֿון רבין נקדימון, וואָרעם די נאַכט אין דרויסן איז שוין אין גאַנצן געווען צוגעפֿאַלן, און דער רבי האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט. באַלד איז אויך אָנגעקומען דער רבי. ער איז געווען באַגלייט פֿון זײַנע צוויי תּלמידים, די זין פֿון דעם בעל־הבית, אַלכּסנדר און רופֿוס, וועלכע האָבן געטראָגן קליינע אײל־לעמפּלעך פֿאַרן רבין, כּדי צו באַלײַכטן אים דעם וועג. אַלע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט לכּבֿוד דעם רבין. נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך געוואַשן די הענט, האָבן זיי זיך צוריק אַנידערגעזעצט, דער רבי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם אָנגעגרייטן אָרט פֿאַר אים, אויבנאָן, אָנגעמערקט דורך דעם, וואָס די וואַנט פֿון זיץ איז געווען באַהאָנגען מיט וואָלענע טיכער. און זײַנע צוויי תּלמידים, אַלכּסנדר און רופֿוס, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פֿון זײַנע בײדע זײַטן אים צו באַדינען. ווי האָב איך מקנא געווען די צוויי תּלמידים זײַנע, וואָס האָבן די זכיה געהאַט צו שטיין לעבן זייער רבין און אים משמש צו זײַן. ווי האָב איך אין מײַן האַרץ אויסגעוואַרט און אויסגעהאָפּט אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל אויך די זכיה האָבן דעם רבין משמש צו זײַן. איך האָב שוין מער קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פֿון אים. איך האָב נאָכגעקוקט זײַן יעדע באַוועגונג, וואָס דער רבי האָט געטאָן, האָב געלערנט ווי אַזוי צו ברעכן דאָס ברויט, ווי אַזוי צו זאָגן די מוציא אין זאַלץ, און ווי אַזוי צו טונקען עס אין עסיק און אין האָניק, און ווי אַזוי צו עסן דאָס ברויט מיט רואיקער קאָנצענטרירטער כּוונה, ווי מען טוט אַן עבֿודה קדושה אויפֿן מזבח, וואָרעם דער טיש איז געגליכן צום מזבח פֿון גאָט און מען מוז זיך באַנעמען בײַ אים מיט דער זעלביקער הייליקייט און ריינקייט; און יעדער מאָלצײַט, בײַ וועלכן עס ווערט נישט געזאָגט קיין תּורה און עס ווערט נישט דערמאָנט גאָטס נאָמען, איז ווי אַ מאָלצײַט פֿון פּגרים. און באַלד האָט טאַקע דער רבי זיך אָנגערופֿן צום דאָרשטיקן עולם און זיי פֿאַרציילט די סיבה פֿון זײַן פֿאַרשפּעטיקן:

דאָס יאָר איז דער פּסח ווידער אויסגעפֿאַלן אום שבת. און ווי יעדעס מאָל, ווען דער ערשטער טאָג פּסח פֿאַלט אויס אום שבת, קומט אויס אַ חילוקי־דעה צווישן די געלערנטע און כּהנים, צי דער קרבן פּסח איז דוחה שבת, אָדער מען מוז דעם קרבן פּסח אָפּלייגן אויף אַן אַנדער טאָג. די הלכה איז שוין געווען אָנגענומען פֿון אַלטע צײַטן, אַז דער קרבן פּסח איז דוחה שבת, נאָך דעם פּסק נאָך פֿון הלל הזקן, וועלכער איז צוליב דעם באַרימט געוואָרן. הלל הזקן האָט זיך פֿאַר־

רופֿן אויף די צוויי גרויסע געלערנטע, שמעיה און אבטליון, וועמעס תּלמיד ער איז געווען. אָבער די כּהנים גדולים, וועלכע האָבן געהערט צו די צדוקים, האָבן יעדעס מאָל, ווען דער פּסח איז געפֿאַלן אום שבת, אויפֿסנײַ אויפֿגעהויבן די פֿראַגע און אָפּגעפֿרעגט הללס באַשלוס. עס האָט זיך בײַ זיי מער געהאַנדלט אין פּרעסטיזש, ווײַל דורך אָננעמען הללס פּסק האָבן די פּרושים באַקומען אַ וויכטי־קערן אָנזען און אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען אין דינים פֿון דער עבֿודה אין בית־המקדש, וואָס די כּהנים זײַנען דערויף געווען אײַפֿערזיכטיק.

צוליב דעם האָט דער רבי נקדימון זיך פֿאַרשפּעטיקט צום מאָלצײַט, ווײַל ער איז געווען פֿאַרנומען אין סנהדרין בײַם פֿאַרהאַנדלען דעם וויכטיקן ענין.

— קומט און זעט דאָס גרויסקייט פֿון הלל! — האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן צו די פֿאַרזאַמלטע — מיט דער הלכה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעגעבן פֿון זײַנע רביים, לערנט ער אונדז נישט נאָר די הלכה אַליין, אַז דער קרבן פּסח איז דוחה שבת, נאָר פֿיל מער. ער לערנט אונדז, אַז מיר באַדאַרפֿן טאָן גאָטס ווילן מיט ליבע און פֿרײַקייט. און מיר באַדאַרפֿן אָנווענדן בײַ דעם אונדזער שכל. מיר באַדאַרפֿן זיך באַנוצן אין דינסט פֿון רבונו של עולם מיט אַלע מידות און מעלות, מיט וועלכע גאָט האָט אונדז באַשאָנקען. מיר זײַנען נישט קײַן קנעכט בײַ גאָט, וועלכע פֿירן אויס בלינד זײַנע באַפֿעלן, ווי די צדוקים מיינען, נאָר מיר זײַנען זײַנע קינדער, ווי עס שטייט געשריבן: „בנים אתם לה׳ אלהיכם״. בני־חורין! נישט מיר זײַנען אָוועקגעשאָנקען געוואָרן פֿאַר דער תּורה, נאָר די תּורה פֿאַר אונדז. זי איז געגעבן געוואָרן צו אונדז, אַז מיר זאָלן זי פֿאַרשן און אויסטײַטשן. און אַזוי אויך די מצוות, וחי בהם! — איר זאָלט לעבן אין זיי, מיינט מען, איר זאָלט זיי צופּאַסן צום לעבן. און דאָס איז אויך מיטן שבת. דער שבת איז נישט אַ בער אין וואַלד, וואָס איז געקומען צו אונדז צו פֿאַרצוקן. נישט מיר זײַנען געגעבן פֿאַרן שבת נאָר דער שבת איז געגעבן פֿאַר אונדז, פֿאַר אונדזער פֿאַרגעניגן.

דער עולם האָט געטרונקען מיט דאָרשט דעם רבינס ווערטער. און דער רבי האָט זיך געשאָקלט, געצויגן די האָר פֿון זײַן קורצער באָרד, און זײַנע אויגן האָבן געלויכטן ווי צוויי ליכטער. און ער האָט ווײַטער געדרשנט:

— די חכמים האָבן מתקן געווען, אַז מען זאָל זאָגן צוויי מאָל אין טאָג: „דו זאָלסט דינען דײַן גאָט מיט דײַן גאַנץ האַרץ, מיט דײַן נשמה״. צו וואָס איז די זאַך געגליכן? די זאַך איז געגליכן צו אַ האַר, וואָס זאָגט צו זײַן קנעכט: „איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיר דינען פֿאַר לוין, נאָר דו זאָלסט מיר דינען פֿאַר ליבע״. ווי אַזוי אָבער וויס דער האַר וועלכער קנעכט עס דינט אים פֿאַר לוין און וועלכער — אויס ליבע? ער לאָזט זײַן קנעכט פֿרײַ. די, וואָס קומען צוריק צו אים און באַהעפֿטן זיך אין אים, די זײַנען זײַנע קנעכט, וואָס דינען אים אויס ליבע. גאָט האָט דעם מענטשן געגעבן אַ פֿרײַען ווילן און געגעבן אים די בחירה אויסצוזוכן אַליין דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, וואָרעם גאָט וויל, אַז דער מענטש זאָל קומען צו אים אַליין פֿון זײַן אייגענער בחירה, נישט צו זײַן ווי אַ קנעכט, וואָס דינט דעם האַר פֿאַר לוין, נאָר צו זײַן ווי אַ זון, וואָס דינט זײַן פֿאָטער אויס ליבע.

איך געדענק מײַן רבינס תּורה, מיט יעדן וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט, ווײַל עס איז געווען די ערשטע תּורה, וואָס איך האָב געהערט פֿון זײַן מויל, פֿון וועלכן איך האָב געקליבן אַזוי ווי פּערל. איך בין געשטאַנען הינטער מײַן פֿאָ־

טערס רוקן און האָב געקוקט דעם רבין אין פּנים אַרײַן. איך האָב געשלונגען זײַנע ווערטער. שוין זײַנע באַוועגונגען, זײַן אַקצענטירן זײַנע געדאַנקען מיט די הענט האָבן מיך באַגײַסטערט. אַלץ אין אים האָט מיך באַגײַסטערט. און מײַן נשמה האָט זיך צוגעבונדן צו זײַנער פֿון ערשטן אויגנבליק, וואָס איך האָב גע־וואָרפֿן אויף אים. און איך האָב אים ליב באַקומען מיט מײַן גאַנצן יוגנטלעכן דאָרשט, ווי די ליבע, וואָס מען פֿילט צו אַ פֿרוי. שפּעטער האָט מײַן פֿאָטער מיך אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און געבראַכט מיך פֿאַר אים און געזאָגט צו אים:

— רבי, דאָס איז מײַן זון, וואָס איך האָב געבראַכט צו דיר. און איך וויל, אַז דו זאָלסט זײַן אַ פֿאָטער צו אים, ווי דו וואָלסט אים געבוירן, און לערנען מיט אים תּורה און פֿירן אים אין ייִדישן וועג.

מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט אין מיר, אַז מען האָט עס געקאָנט הערן. מײַנע הענט האָבן געציטערט, מײַנע ליפּן האָבן געשטאַמלט, און אַלץ אין מיר האָט זיך געטרייסלט פֿון אימה און פֿרייד, וואָס איז געפֿאַלן אויף מיר. דער רבי האָט מיך באַרואיקט, אָנגענומען מיך בײַ דער האַנט, געקוקט אויף מיר מיט פֿרייד. איך געדענק, ער האָט באַרירט מײַנע לאָקן, און עס איז געווען ווי די האַנט פֿון אַ געליבטער וואָלט מיך באַרירט, און געזאָגט צו מיר:

— זאָג מיר דײַן פּסוק, תּנוקי!

וואָרעם עס איז געווען אַ מנהג, יעדעס ייִנגל האָט געהאַט זײַן אייגענעם פּסוק. און איך האָב אים געענטפֿערט מיט אַ האַרץ־ציטער:

— להקשיב לחכמה אזניך, תּטה לבך לתּבונה, — נייג דײַן אויער צו פֿאַרנעמען די חכמה, קער דײַן האַרץ צום פֿאַרשטאַנד.

— און נאָך וואָס זוכסטו די חכמה, מײַן זון? — האָט מיך דער רבי געפֿרעגט.

— כּדי צו דינען גאָט מיט אַן אָפֿן האַרץ, ווי אַ בן־חורין, און נישט מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן, ווי אַ קנעכט, — אַזוי ווי דער רבי האָט געלערנט הײַנט דאָ בײַם טיש.

ער האָט אַרויפֿגעלייגט די הענט אויף מײַן קאָפּ און מיך געבענטשט:

— עס זאָלן זיך מערן אַזעלכע ווי דו אין ישׂראל, און עס זאָל זײַן באַוויליקט, אַז דו זאָלסט זײַן אַ ווירדיקער זון פֿון אַבֿרהם.

און ער האָט מיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון זײַנע תּלמידים און צו זיי געזאָגט:

— אײַער ברודער איז ער, נעמט אים אַרײַן אין אײַער מיט.

מײַן מוטער האָט מיר געגעבן מײַן פּעקל קליידער, און מײַן פֿאָטער — זײַן ברכה. און איך האָב זיך אָפּגעשיידט פֿון זיי און איך בין נאָכגעגאַנגען מײַן רבינס טריט.

# 5

רופֿוס, דער ייִנגערער ברודער פֿון אַלכּסנדר, דער זון פֿון שמעון קוריני, איז געוואָרן מײַן נאָענטסטער חבֿר. אונדזערע נשמות זײַנען באַהאַפֿטן געוואָרן אײנע אין די אַנדערע פֿון ערשטן טאָג אָן, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט. איך זע אים פֿאַר מיר, רופֿוסן, מיט זײַנע ווי פּעך שוואַרצע לאָקן, וועלכע האָבן ווי פֿרישע קוואַלעדיקע שטראָמען זיך אַראָפּגעגאָסן איבער זײַן הויכן האַלדז און שטאַרקן נאַקן; זײַנע גלאַנצנדיקע, גרויסע אויגן האָבן געקוקט פֿרײַ און לאַכעדיק אין דײַנע אויגן אַרײַן, באַהאַפֿטן זיך מיט דײַנע טיפֿסטע געפֿילן, און אַרויסגערופֿן די אײדלסטע און שענסטע חלומות אין דיר. שלאַנק און דין, ווי אַ יונגע, בליִענדיקע פּאַלמע, איז ער געגאַנגען מיט זײַנע שטאָלצע טריט און האָט צוגעצויגן יעדעס האַרץ צו זיך. אַלע האָבן אים גערן געהאַט, וואָרעם ער איז געווען אײַליק ווי אַ הירש אויסצופֿירן די שליחותן פֿון די תּלמידי־חכמים, וועלכע ער האָט מכבד געווען. מיר האָבן געגעסן צוזאַמען, געלערנט צוזאַמען, איבערגעחזרט די פּסוקים, די הלכות און אגדות, וואָס מיר האָבן געהערט פֿון אונדזער רבין. מיר האָבן צוזאַמען אַרומגעוואַנדערט אין די גאַסן פֿון ירושלים האַנט אין האַנט, אָרעם אויף אַקסל, פֿלעגן מיר, פֿריילעכע און יונגע, אַרומבלאָנדזשען איבער די ירושלימער גאַסן, אַרומדרייען זיך אין בית־המקדש־הויף, אין געסל פֿון די גויים, צוקוקן זיך צום רוישנדיקן לעבן, אײַנהערן זיך צו די מדרשים, וואָס די רביים האָבן דאָרט געדרשנט. בײַ יעדן אַנגעלאָף זײַנען מיר געווען דערבײַ, בײַ יעדער פּאַסירונג, וואָס האָט געטראָפֿן אין די ירושלימער גאַסן, זײַנען מיר געווען עדות. מיר האָבן זיך געפֿונען צווישן די קרעמער אויפֿן ברייטן מאַרק, אָנגעשלאָגן זיך אין די טעפּ מיט אײל, אין די קריגן ווײַן. מיר האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קערב פֿרוכטן און גרינסן, אַרײַנגעשטעקט אונדזערע נעז אין יעדן געוועלב־טיש פֿון די געפֿאַרבטע וואָלן, צוגעהערט זיך צו די אײַנטעניקע געזאַנג־אויסגעשרייען פֿון די סוחרים פֿון פּערפֿומען, פֿאַרפֿאַר־שטאָפֿן און זילבער־צירונג, וועלכע האָבן געריימט זייערע סחורות, וואָס פֿאַר אַ כּשוף־רייצן זיי האָבן אויף די ווײַבער! מיר האָבן זיך געפֿונען אין די געפֿערלעכסטע ערטער, בײַם אַש־טויער, בײַם וואַסער־טויער. מיר זײַנען אַפֿט אַרײַנגעקומען אין דער „פֿונדקא״ (אַכסניה) פֿון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין דער אַלטער מויער, בײַם מי־השלוח. — מיר האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געהאַט אונדזערע קליינע בחורשע סודות, און מיר זײַנען אָפֿט אַרויסגעגאַנגען אין די גערטענער הינטער דער שטאָט, אויפֿן הר־הזיתים, וואו עס האָבן זיך באַוויזן די טעכטער פֿון ירושלים, פֿאַרהוילן אין זייערע האָר־שלייערן.

אונדזער ערשטע עבֿודה אין טאָג איז געווען, נאָך דעם ווי מיר האָבן געוואַשן אונדזערע הענט און געזאָגט דעם „שמע״ פֿון דער פֿרי, משמש צו זײַן אונדזער רבין, אין בית־הכּנסת פֿון די קורינער. דער בית־הכּנסת איז באַשטאַנען פֿון צוויי חדרים. איין חדר, אַ גרויסער און אַ רוימיקער, איז געווען דער בית־הכּנסת. דאָרט האָט זיך געפֿונען אין אַ ארון די ספֿר־תּורה, פֿון וועלכער מען האָט געלייענט יעדן

שבת, ווי אויך יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, און דער בעלעמער פֿאַרן סגן־חזן.
אין דעם קלענערן חדר איז געווען דער בית־המדרש. דאָרט האָבן די מלמדים גע־
לערנט מיט די קינדער פֿון די בני־קוריני, אין כתות, — אַ מלמד, וועלכער האָט
געלערנט מיט די קליינע קינדער, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון מײַן רבין, און מײַן
רבי נקדימון — מיט אייניקע דערוואַקסענע זין פֿון די קוריניער, וועלכע ער האָט
אויסגעשטעלט פֿאַר תּלמידי־חכמים. דער בית־מדרש האָט פֿאַרמאָגט אַן אָפּגע־
שלאָסענעם הויף, אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען די חדרים פֿאַר דעם רבין
און די תּלמידים. דער רבי און די תּלמידים האָבן דאָרטן גענעכטיקט. זיי האָבן
אויך געשפּײַזט זיך בײַ אַן אַלגעמיינעם טיש אין בית־מדרש, וועלכן די תּלמידים
האָבן באַזאָרגט. אין פּרינציפּ האָט יעדער רבי, ווי יעדער תּלמיד, געמוזט קענען
אַ מלאכה, פֿון וועלכער ער זאָל זיך מפֿרנס זײַן. מײַן רבינס מלאכה איז געווען,
ווי איך האָב דאָס שוין פֿאַרציילט, נייען סאַנדאַלן. אָבער דאָס איז נאָר געווען אין
פּרינציפּ. מײַן רבי פֿלעגט זיך באַנוצן מיט דער מלאכה נאָר פֿון צײַט צו צײַט.
לעצטנס, צוליב די באַשעפֿטיקונגען אין סנהדרין, ווי אויך מיט אונדז, זײַנע
תּלמידים, איז ער געשטערט געוואָרן אין זײַן מלאכה. דערנערט האָט ער זיך פֿון
דעם וואָס מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן פֿאַר דעם געלט, וואָס די חבֿרותא האָט צוגע־
שטעלט, באַזאָרגט אים מיט אַלעם נויטיקן. וואָרעם דער רבי נקדימון איז נישט נאָר
געווען אונדזער רבי, נאָר אויך דער גײַסטיקער אָנפֿירער פֿון אַלע מיטגלידער וועלכע
האָבן געהערט צו דעם בית־הכנסת. די מיטגלידער פֿון דער קוריניער שול זײַנען
געקומען זיך שואל־עצה־זײַן מיט דעם רבין וועגן אַלע ענינים, וואָס זײַנען נוגע
געווען זייערע רעליגיעזע נויטן, ווי אויך וועגן אַנדערע פּראָגעס, וואָס דאָס לעבן
האָט אויפֿגעבראַכט. ער האָט אויסגעטיילט סמיכה צווישן די געלערנטע בעלי־
בתים און זיי אַרײַנגענומען אין דער חבֿרותא. נאָר אייניקע האָבן די זכיה געהאַט
צו געהערן צו דער חבֿרותא און צו קריגן דעם טיטול ח ב ר׳, אָבער דערפֿאַר זײַנען
זיי געווען כשר פֿאַר אַלע ענינים בנוגע דעם ריטואַל פֿון דער ייִדישער אמונה.
אַלע הצטרכותן פֿאַרן רבין האָבן באַזאָרגט זײַנע תּלמידים. יעדער איינער פֿון
אונדז האָט אַן אַנדערן טאָג געהאַט דעם רבין משמש צו זײַן. מיר האָבן געקאָכט
פֿאַר אים. מיר האָבן געגרייט דעם טיש פֿאַר אים, מיר האָבן זײַן סדין געוואַשן,
מיר האָבן אים די כּלים אין באָד נאָכגעטראָגן, זײַן בעט אויסגעריכט. מיר האָבן
געטאָן פֿאַר אים יעדע אַרבעט צו באַזאָרגן זײַן טאָג־טעגלעכן געברויך. פֿינף
זײַנען מיר געווען, זײַנע תּלמידים, וואָס ער האָט אונדז פֿאַרגעברייט צו זײַן תּל־
מידי־חכמים: די צוויי זין פֿון שמעון קוריני, אַלכּסנדר און רופֿוס; צדוק, אַ זון
פֿון הלל דעם וואַסערטרעגער, וואָס האָט געוואוינט בײַם טויער פֿון מיסט, ער
איז אָבער געווען אַ חבֿר און האָט אָנגעהערט צו דער חבֿרותא פֿון רבין; אַ תּלמיד
פֿון בבֿל, וואָס דער פֿאָטער האָט איבערגעלאָזט בײַ מײַן רבין, ווען ער איז געקומען
עולה־רגל־זײַן, שמעיה דער באַבילאָנער, און איך, דער קלענסטער פֿון זײַנע
תּלמידים. בײַם לערנען זײַנען מיר געזעסן אויף קליינע בענקלעך, אָדער אויף אַ
מאַטראַץ פֿון באַמבוס, בײַ די פֿיס פֿון אונדזער רבין, וועלכער איז געזעסן אויף
אַ געהויבענעם אָרט, אין דער וואַנט פֿון בית־מדרש קעגנאיבער אונדז, כּדי מיר
זאָלן האָבן פֿאַר אונדזערע אויגן זײַן אָנגעזיכט און מיר זאָלן מורא האָבן פֿאַר
אים. די לערע איז געווען אומזיסט, אָבער פֿאַר באַנוצן דעם בית־המדרש האָבן מיר,

די תלמידים געמוזט באַצאָלן אַ גערשטן־מטבע אײַנטריט־געלט, וואָס מיר האָבן זיך פֿאַרדינט דורך אונדזערע מלאכות, אָדער באַקומען פֿון דער היים, אָדער פֿון די נשים־צדקניות און פֿרומע לײַט פֿון ירושלים, וועלכע האָבן אונטערגעשטיצט די לומדי־תורה. אונדזער בית־המדרש האָט אָבער אויסגעהאַלטן דער רײַכער יוסף רמתי, וועגן וועלכן איך וועל שפּעטער פֿאַרציילן.

מיר האָבן איבערגעחזרט פֿאַר אונדזער רבין פּסוקים פֿון דער תורה, נבֿיאים און כּתובֿים, וועלכע מיר האָבן געלערנט אויף אויסנווייניק נאָכזאָגן, ציילן די ווערטער פֿון יעדן פּסוק און די אותיות פֿון יעדן וואָרט, ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה. מיר האָבן אויך געחזרט די אַלע הלכות און דינים, וועלכע זײַנען שוין געווען אָנגענומען בקבלה דורך מסורה פֿון אַלטע צײַטן, און האָבן געגאָלטן ווי הלכות, געגעבן דורך משה רבינו אויפֿן באַרג סיני: די דינים פֿון האַנט־וואַשן, פֿון תּפֿילין־לייגן, די הלכות וועגן מעשׂרות און תּרומות, וועגן קרבנות, וועגן טהרה און טומאה. דאָס זײַנען אַלץ געווען תּקנות, דינים און הלכות, וועלכע זײַנען שוין פֿעסטגעזעצט געוואָרן דורך די פֿריִערדיקע חכמים, אָבער געהייליקט דורך דער מסורה. קיין אָפּפֿרעגן, קיין קשיות האָבן נישט געגאָלטן אויף זיי. דאָס זײַנען אויך געווען נאָר אַזעלכע הלכות, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צום ריטואַל, זאַכן, וועלכע מיר האָבן גערופֿן „בין אָדם למקום”. עס זײַנען אָבער אויפֿגעשוואומען טאָג־טעגלעך פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט אויפֿגעוואָרפֿן, וואָס מיר האָבן באַדאַרפֿט זיי צופּאַסן צו די רעגלען, מיט וועלכע מען האָט אויסגעטײַטשט די תורה, לויט דעם גײַסט פֿון די אַלטע מסורות. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ פֿרײַע האַנט צו באַהאַנדלען די פֿראַגעס, לויט אונדזער אײַנזען, און ווי אונדזער שׂכל האָט מחייבֿ געווען, באַנוצנדיק זיך מיט די מעטאָדן פֿון די זיבן מידות, מיט וועלכע הלל האָט אויסגעטײַטשט די תורה. אָט די פֿרײַע לערע האָט פֿאַרנומען אונדזער מערסטע צײַט, וואָרעם די פֿרײַע לערע האָט אַרומגענומען אַלע פֿראַגעס פֿון לעבן — פֿון פֿעלד־מעסטן ביז צו אַנאַטאָמישע שטודיעס פֿון מענטשן־געביין, וואָס מיר האָבן באַדאַרפֿט וויסן צוליב היגיענע־ און ריינקייט־פֿראַגעס; פֿון ציווילע געזעצן וועגן פּשוטע טעגלעכע פֿאַרפֿאַלן ביז מאָרד און רויב. זייער אַן אָנגעזעען פֿעלד אין אונדזערע שטודיעס זײַנען געווען באָטאַנישע און זאָאָלאָגישע עסקים. די באָטאַנישע עסקים זײַנען געווען וויכטיק. מיר האָבן געמוזט האָבן אַ ברייטע ידיעה וועגן גרינסן, גראָזן און פֿרוכטן, ספּעציעל האָבן מיר געמוזט קענען דעם גאַנצן שׂלל מינים פֿון דער רײַכער פֿלאָרע אין ארץ־ישׂראל — צו וועלכער משפּחה יעדער מין געהערט, פֿון וועלכן שיכט ער שטאַמט, כּדי זיי נישט צו פֿאַרמישן און נישט פֿאַרדאַרבן זייער אור־מין. דאָס זעלבע אויך מיט די פּעטע פּאַשע גרעזער פֿון אונדזערע פֿעלדער, וואָס מיר האָבן באַדאַרפֿט אויפֿהאַלטן אין זייער ריינעם אור־שפּרונג. אַ גרויסער טייל פֿון אונדזערע שטודיעס איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן פֿאַר מאַטעמאַטישע עסקים און פֿיל מער נאָך פֿאַר אַסטראָנאָמישע אויספֿאָרשונגען איבער די שטערן, איבער די צײַטן, וואָס מיר האָבן עס באַדאַרפֿט וויסן, כּדי פֿעסטצוזעצן אונדזערע חדשים און יום־טובֿים, ווי אויך צוליב אַנדערע צוועקן. מיט איין וואָרט, עס איז נישט געווען קיין פֿעלד פֿון וויסנשאַפֿט, וואָס מיר האָבן עס נישט באַרירט מער אָדער ווייניקער אין אונדזער בית־המדרש.

דאָס אַלץ האָבן מיר געלערנט טיילווײַז אויף אויסנווייניק, איבערגעגעבן בקבלה, אָדער אין כּתבֿ־יד־שריפֿטן אויף פּאַרמעט און פּאַפּירוסן, וועלכע זײַנען איבערגעגאַנגען בירושה פֿון רבין צום תּלמיד, אויף וועלכע עס זײַנען אָנגעצייכנט געוואָרן אַלע דערגרייכונגען אויף די געביטן. צו לערנען מיט אונדז די אַלע מינים קרײַטעכצער און גרינסן, פֿלעגט אונדז דער רבי אַרויספֿירן הינטער דער שטאָט. אָפּט מאָל האָבן מיר געגנעכטיקט אין ווײַנגערטנער, אָדער אַפֿילו אויפֿן פֿרײַען פֿעלד, — און דער רבי האָט אונדז אָנגעוויזן גרעזער און געוויקסן און געלערנט אונדז, וועלכעס געהערט צו דעם מין און וועלכעס געהערט צו אַן אַנדער מין. ער פֿלעגט אונדז אויך פֿירן צו די פּאַרמערס און באַקענען אונדז מיט אַלע דעטאַלן פֿון אַקערן, זייען, שנײַדן, פֿון באַפֿעסטיקן דעם באָדן, באַוואַסערן די ערד. ער פֿלעגט אונדז אַרײַנפֿירן אין די ווײַנגערטנער, אין די אייל־גערטנער, וואו מען מאָלט סײַ די פּראָסטע איילן אין פּשוטע איילמילן, געשעפּט דורך אייזלען אָדער דורך שקלאַפֿן, סײַ די איידעלע שמעקעדיקע איילן, וועלכע ווערן אויסגעהאַמערט אין שטויסן פֿון מירמלשטיין, און וועלכע מען האָט באַנוצט פֿאַר רעליגיעז־אָדער שיינקייט־צוועקן. ער פֿלעגט אונדז אויך פֿירן צו די פֿאַרשיידענע בעלי־מלאָכות, צו די שפּינער, די פֿאַרבער, די גאַרבער, צו די טעפּ־קלעפּער, און אונדז ווײַזן ווי אַזוי כּלים ווערן געמאַכט. אַ ביטערע צײַט האָבן מיר נאָר געהאַט מיט די וועבשטולן. די וועבערס האָבן בײַ אונדז אין ירושלים נישט געהאַט קיין זייער גוטע רעפּוטאַציע, פּונקט ווי אַלע אַנדערע בעלי־מלאָכות, וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיט ווײַבער. די חכמים האָבן געראָטן זייערע תּלמידים צו האַלטן זיך פֿון דער ווײַטנס פֿון זיי, וואָרעם בנוגע ווײַבער איז בײַ אונדז, געלערנטע, אָנגעגאַנגען אַ שפּרוך: „בעסער שוין נאָכלויפֿן נאָך אַ לייב איידער נאָך אַ ייִדענע“. צוליב דעם האָבן זיך מיט מלאָכות פֿאַר ווײַבער אָפּגעגעבן נאָר גראָבע יונגען, עמי־הארצים, שלעגער, אויסוואורפֿן. אָבער פֿאַר לערן־צוועקן האָבן מיר זיי נישט געקאָנט אויסמײַדן, און מיר האָבן געמוזט אַרײַנגיין צו די וועבערשטולן, צו די גאַרבערס, אַפֿילו צו די שייטל־מאַכערס, צוקוקן זיך צו די מלאָכות און לערנען ווי אַזוי זיי אויסצופֿירן, כּדי מיר זאָלן וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען, ווען עס וועט אונדז אויסקומען צו משפּטן וועגן זיי בײַ אַ דין.

כּדי צו לערנען די נאַטור פֿון זאַכן, האָבן מיר געמוזט מער נאָך ריזיקירן. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט זיך אַרונטערצולאָזן אין טאָל פֿון גיהנום, וואו עס זײַנען געזעסן די קרעציקע, אָפּגעצוימט אין שטרענגע צוימען, און לײַט מיט קלימפּערלעך זײַנען געשטאַנען אַרום די צוימען און האָבן געוואָרנט נישט צו דערנענטערן זיך. און מיר האָבן געמוזט שטודירן די הייל־נאַטור פֿון קרײַטעכצער, וואָרעם נישט נאָר פּסקנען שאלות, נאָר היילן פֿיל קרענק מיט רפֿואות פֿון קרײַטעכצער אָדער מיט היגיענישע רעקאָמענדאַציעס האָבן מיר געלערנט. צוליב דעם צוועק האָט אונדז דער רבי געפֿירט אין די פֿעלדער אויסער דער שטאָט, וואו מיר האָבן געזאַמלט קרײַטעכצער, דערנער, געוויקסן און בשׂמים־ריטלעך. דער רבי האָט אונדז געלערנט ווי מען מישט זיי, ווי מען גרייט פֿון זיי צו זאַלבן ווייך צו מאַכן די מכּות. מיר האָבן געמוזט קענען אַן אַ שיעור איילן, וועלכע מען האָט באַנוצט צו פֿאַרשיידענע צוועקן, פֿון אייל־לאָמפּן ביז צו פּערפֿומען, ביז צו ווײַבערשער קאָסמעטיק, וואָרעם דער רבי האָט געמוזט אַלצדינג קענען, נישט

נאָר שאלות פסקנען און גריכט־שפּרוכן אַרויסגעבן, נאָר קראַנקע היילן, אָפּ־שפּרעכן פון אַ שלעכט אויג, רוחות פאַרטרײַבן, טרויעריקע געמיטער טרייסטן, און אַפילו כשוף מאַכן.

נאָר די אַלע דינים, קבלות, וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען זײַנען נאָר געווען איין טייל פון דער לערע, וועלכע איז אַרונטערגעגאַנגען אונטער דעם טיטל הלכה. עס איז אָבער געווען נאָך אַ צווייטער טייל פון דער לערע, צו וועלכער מײַן רבי האָט געווידמעט נישט ווינציקער צײַט ווי צו דער הלכה. דאָס איז געווען די אגדה. צו דער אגדה האָט געהערט אַלצדינג, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אויסאיידעלן דעם מענטש. נישט נאָר צו מאַכן פון אים אַן אינטעליגענטע חיה, וואָס די וויסנ־שאַפט האָט דערצו געשטרעבט, נאָר אים נענטער צו ברענגען צו דעם הימלישן פאָטער און אײַנפּלאַנצן אין אים די מידות און מעשים־טובים, וואָס זאָלן אויס דעם מענטשן מאַכן אַ כלי פון גאָט, מיט וועלכער די געטלעכקייט באַנוצט זיך אויף דער ערד. צוליב דעם צוועק פלעגט אונדז דער רבי פאַרציילן פאַרשיידענע אגדות, וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען בירושה פון אַלטע צײַטן, און וואָס האָבן גע־שטרעבט צו געבן דעם לעבן אַ העכערן ציל, צו דערהויבן עס פון דער ערדישער נידעריקייט, וואו אַלץ, וואָס האָט לעבן, זינקט אײַן, און אַנבינדן עס אין די הימלישע הויכקייטן דורך דערציִען מאָראַלישע גוטסקייט, רחמנות פון איין באַ־שעפעניש צום אַנדערן, דורך אײַנפּלאַנצן די מורא און ליבע צו גאָט, דורך אַרײַנ־ברענגען דעם גוף פון הײַנט אין דעם לעבן פון דער נשמה אויף יענער וועלט. דער עיקר אָבער איז געווען — צו האַלטן די מענטשן אין אייביקער, ציטערדי־קער דערוואַרטונג אויף אַן אויסלייזער, אַ משיח, וואָס וועט קומען נישט נאָר אויסצוגלײַכן די נישט־גלײַכע מאָסן פון דער וועלט, צו פאַרגיטיקן פאַר גוטע און צו באַשטראָפן פאַר שלעכטע מעשים, צו פאַרטיליקן אדום, דאָס הויז פון חנן, אָדער אַן אַנדער שלעכטע ממשלה, און אויפצושטעלן צוריק דאָס גערעכטע הויז פון בית־דוד, נאָר דער עיקר: אַלע פעלקער צו פאַראייניקן און אַרײַנצוברענגען אין אַ היילִיקן בונד מיט גאָט, אויפצוהייבן דאָס לעבן צו אַ העכערן מיסטישן צו־שטאַנד, וואָס זאָל זײַן אַ לעבן פון לויטער גוטס, אַ קעניגרײַך פון אַ מלכות־שמים, אונטער וועמעס חופּה די גאַנצע מענטשהייט זאָל זײַן ווי איין הייליקע משפחה, אַזוי ווי די נביאים האָבן נביאות געזאָגט. אין דעם זינען פלעגט דער רבי פאַר אונדז פאַרציילן די אגדות, דרשנען און אויסטײַטשן די פסוקים פון די נביאים. אָבער נישט נאָר פאַר אונדז, — יעדן שבת און יום־טוב פלעגט דער רבי דרשנען פאַרן ברייטן עולם. אין די אָוונטן אָבער — אין „סוד" פון זײַנע אויסדערוויילטע, די חברים, וועלכע ער האָט סומך געווען און וועלכע האָבן געבילדעט די „חברותא" פון די, וואָס וואַרטן אויף משיחן.

צו דער חברותא האָבן געהערט פאַרשיידענע לײַט, אָרעמע און רײַכע. אַלע זײַנען זיי געווען צוזאַמען אויסגעמישט און אַלע זײַנען זיי געווען גלײַך. איינער האָט דעם אַנדערן אונטערגעשטיצט און זיי האָבן זיך ליב געהאַט ווי ברידער און געלעבט ווי איין משפּחה, אונטער דער פירערשאַפט פון אונדזער רבין, וועלכער האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן ווי אַ פאָטער אויף זײַנע קינדער. פיר פון זיי האָב איך געקענט און וועגן זיי וויל איך דאָ פאַרציילן: איינער פון זיי איז געווען דער רײַכער, אַנגעזעענער יוסף רמתי, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַ טייל פון די הצטר־

כותן פֿון דער חבֿרותא. אַ צווייטער איז געווען דער וואַסערטרעגער הלל. אַ דריטער איז געווען אַ מאַן, וואָס מיר האָבן גערופֿן יהודה איש־קריות. אַ פֿערטער איז געווען דער פֿאָטער פֿון מײַן חבֿר, שמעון הקוריני. אויך מײַן אייגענער פֿאָטער האָט געהערט צו זיי. נאָר איידער איך גיי פֿאַרציילן וועגן זיי, וויל איך נאָך אייניקעס צוגעבן וועגן מײַן רבין נקדימון. און כּדי מיר זאָלן פֿאַרשטיין, ווער ער איז געווען אַזעלכער, מוזן מיר וויסן, ווער עס זײַנען געווען די רביים, פֿון וועלכע ער האָט געלערנט, די קוואַלן פֿון וועלכע ער האָט געשעפּט זײַנע וואַסערן וואָס ער האָט אונדז, זײַנע תּלמידים, אָנגעטרונקען מיט זיי.

מײַן רבינס רבי איז געווען הלל הזקן. מײַן רבי איז צו יונג געווען צו זײַן זײַן פּאַקטישער תּלמיד, נאָר ער האָט דעם אַלטן הלל געהאַלטן פֿאַר זײַן גײַסטיקן רבין ווי, איבריקנס, אַלע געלערנטע און רביים פֿון די פּרושים. אָבער מײַן רבי האָט פֿאַרמאָגט אַ באַזונדער ליבע און אַ טיפֿע פֿאַרערונג פֿאַרן באַגרינדער פֿון דער פּרושישער מעטאָדע אויסצולייגן די תּורה. ער האָט געזאַמלט און געוואוסט פֿון אַלע תּקנות, וואָס דער רבי הלל האָט מתקן געווען בחייו, פֿון אַלע אויסטײַטשונגען און מעטאָדעס פֿון זײַן לערע, און נישט פֿאַרפֿעלט, פֿאַרשטייט זיך, יעדעס מאָל צו דערמאָנען זײַן רבינס נאָמען בדחילא ורחימא, יעדעס מאָל, ווען עס איז אים אויסגעקומען נאָכצוזאָגן עפּעס פֿון זײַן רבין אָדער צו באַרופֿן זיך אויף אַ באַשלוס פֿון אַלטן. עס זײַנען שוין דענסטמאָל אַרומגעגאַנגען לעגענדעס וועגן דעם גרויסן געלערנטן, וואָס די ליבע צו אים האָט באַקרוינט זײַן נאָמען מיט פֿאַנטאַסטישע אגדות. און דער רבי, אונדזער רבי נקדימון, האָט ליב געהאַט זיי אונדז נאָכצופֿאַרציילן, כּדי מיר זאָלן זיך אַ מוסר אַרונטערנעמען פֿון געטלעכן מאָנס אויפֿפֿירונג און מיר זאָלן גיין אין זײַנע וועגן. זײַן מויל איז פֿול געווען מיט האָניק, ווי אַ זיסער ווײַנטרויב, און זײַנע אויגן — מיט באַגײַסטערונג, ווען ער האָט פֿאַרציילט פֿון רבי הללס מידות, אָדער פֿון זײַן אויסגעפּרואווטער געדולד אין אומגיין מיט מענטשן, — וואָס עס איז געוואָרן אַ געוועט־געיעג צווישן לײַט, ווער עס וועט זײַן געדולד קאָנען ברעכן. אונדזער רבי נקדימון איז נישט מיד געוואָרן אונדז צו פֿאַרציילן וועגן זײַן רבינס פֿרומקייט און באַשיידנקייט. און ווען ער האָט געוואָלט אין אונדז דערוועקן דעם דאָרשט נאָך וויסן, האָט ער פֿאַר אונדזערע אויגן אַוועקגעשטעלט זײַן רבין ר׳ הלל און אונדז אָנגעוויזן אויף אים ווי אויף אַ מוסטער פֿון דער מי און פּײַן, וואָס עס האָט אים געקאָסט צו דערווערבן זײַן וויסן. ער פֿלעגט אונדז אָפֿט דערמאָנען יענעם עפּיזאָד פֿון זײַן רבינס יוגנט, ווען ער איז געווען אָרעם און האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן די פּרוטה אײַנטריט־געלט אין בית־המדרש, וואו די רביים האָבן געלערנט: — איז ער אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן דאַך פֿון בית־המדרש און זיך צוגעהערט דורך אַ לאָך אין דאַך צו די אויפֿטועכצן פֿון זײַנע רביים, שמעיה און אבטליון. ביז איין מאָל, אין אַ ווינטער, איז אַ געדיכטער שניי אויסגעפֿאַלן און האָט אים פֿאַרדעקט, אַז מען האָט אים קוים אַ לעבעדיקן אויסגעקאָפּיעט פֿון שניי אַרויס.

אין זײַן באַגײַסטערונג פֿאַר דעם אַלטן ר׳ הלל איז מײַן רבי נישט געווען דער איינציקער פֿון די רביים. אַלע געלערנטע האָבן דעם לעגענדאַרישן ר׳ הלל זיך געשטעלט פֿאַר אַ מוסטער. און עס איז געווען גענוג צו באַרופֿן זיך אויף זײַן נאָמען, — און דער דין איז געבליבן ווי ר׳ הלל האָט געפּסקנט. די פֿאַרערונג פֿאַר

דעם אַלטן הלל בײַ די תּלמידי־חכמים איז געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן צו באַשאַפֿן אַן אייגענע רבנישע דינאַסטיע, וואָס זאָל זײַן אַ קעגנגעוויכט קעגן דער הערשאַפֿט פֿון די כּהנים גדולים. דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסגערופֿן אומרואיקייט צווישן די כּהנים גדולים. זיי האָבן שוין פֿון לאַנג מיט קנאה און זאָרג געקוקט אויף דעם וואַקסנדיקן אײַנפֿלוס פֿון די פּרושים אויפֿן פֿאָלק, מחמת די פּרושים האָבן איבערגעוואויגן די מאַכט פֿון די כּהנים גדולים נישט נאָר אין לערנען, נאָר אַפֿילו אין דער עבֿודה פֿון בית־המקדש. אין דעם פֿאַרלאַנג אײַנצוזעצן אַ רבנישע צענטראַלע אויטאָריטעט האָבן די כּהנים געזען מיט רעכט אַן אַטענטאַט אויף זייער אייגענער מאַכט, און זיי האָבן געקעמפֿט קעגן דעם. דערווײַל האָבן די פּרושים נישט געוואַגט אויף דעם שריט. זיי האָבן אָבער דעם אייניקל פֿון הלל, דעם רבין גמליאל, באַקליידט מיט קעניגלעכן כּבֿוד: האָבן זיך אויפֿגעשטעלט בײַ זײַן אַרײַנקומען, האָבן אים אָנגעבאָטן דעם ערשטן פּלאַץ אין דער ישיבֿה פֿון בית־המדרש, האָבן אים אויסגעקליבן צו זיצן אין גרויסן סנהדרין. די אויטאָריטעט אויסצוטײַטשן דאָס געזעץ און די לערע אין דעם גײַסט פֿון אַלטן הלל איז אָבער איבערגעבליבן אין די הענט פֿון זײַן תּלמיד, יוחנן בן זכּאי, וועלכן זיי האָבן געקרוינט מיטן העכסטן טיטל „רבן". אַלע האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף דעם היטער און פֿאַרזעצער פֿון דער הללשער טראַדיציע, און אים אָנערקענט פֿאַר זייער גײַסטיקן פֿירער.

דער נאָמען פֿון דעם באַרימטן תּלמיד פֿון הלל איז שוין אַליין געווען אַ צויבער, וואָס האָט צוגעצויגן צו אים אומצייליקע תּלמידים פֿון אַלע פּראָווינצן, וואו ייִדן האָבן געלעבט.

ער איז נאָך דענסטמאָל געווען פֿאַרהעלטניסמעסיק יונג, דער ר' יוחנן בן־זכּאי, אַ מיטליאָריקער, און אַלע האָבן זיך געוואונדערט, ווי געלערנט ער האָט עס געמוזט זײַן, אַזוי יונג אויפֿגענומען צו ווערן צווישן די תּלמידים פֿון ר' הלל. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט זײַן רעפּוטאַציע, נאָר פֿאַרקערט, זי האָט זיך נאָך געשטאַרקט. וואָרעם נישט געקוקט דערויף, וואָס אין ירושלים האָבן זיך געפֿונען צו דער צײַט פֿיל באַרימטע חכמים, וועלכע זײַנען געווען פֿיל עלטער אין יאָרן פֿון ר' יוחנן בן־זכּאי, האָט אָבער דער לעגענדאַרישער נאָמען פֿון זײַן רבין, ר' הלל, וואָס האָט גערוט אויף אים, אים באַשטראַלט מיט אַזאַ גלאָריע פֿון באַרימטקייט, אַז חכמים, פֿיל עלטערע און געלערנטערע פֿון אים, האָבן געהאַלטן יוחנן בן־זכּאי פֿאַר זייער גײַסטיקן פֿירער און געהאַלטן זייערע אויערן וואַך אויף דעם הויך פֿון זײַנע ליפּן, כּדי צו פֿאַרנעמען אַ וואָרט, אַן אויסטײַטשונג אָדער אַ טאַט פֿון דעם באַרימטן געטלעכן מאַן, וועמען ער, יוחנן בן זכּאי, האָט די זכיה געהאַט משמש צו זײַן. דער רבי יוחנן בן זכּאי איז נאָך פֿאַר דעם אין אַלע בתּי־מדרשים פֿון ירושלים און צווישן אַלע געלערנטע געזעץ־אויסטײַטשער און שרײַבער געווען די אָנגעזעענסטע אויטאָריטעט אין געזעץ. אַפֿילו דער צדוקישער סנהדרין, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט באַרימען מיט קיין גרויסער רעפּוטאַציע, האָט זיך אויך געמוזט רעכענען מיט די געזעץ־שפּרוכן, מיט די דינים־אויסטײַטשונגען פֿון רבי יוחנן בן זכּאי, אַפֿילו אין זאַכן, וועלכע האָבן אָנגעהערט זייער אייגענער ספֿערע, ווי די עבֿודה אין בית־המקדש, וואו זיי האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר די היטער פֿון אַט דער טראַדיציע. די אויטאָריטעט אָבער פֿון דעם אַלטן ר' הלל, וואָס איז

געפֿאַלן אויף זײַן תּלמיד, האָט דעם יונגן ר׳ יוחנן בן־זכאי אויך אויף דעם פֿעלד איבערגעגעבן די פֿירערשאַפֿט.

איך האָב אים אָפֿט מאָל געזען פֿון דער װײַטנס, אַרומגערינגלט מיט דער אומצײליקער מענגע פֿון זײַנע תּלמידים, װעלכע זײַנען אויפֿגעגאַנגען אין בית־מקדש־הויף צו באַגלײטן אים צו די זיצונגען פֿון סנהדרין. איך אָפֿט מאָל האָט ער געלערנט אונטערן פֿרײַען הימל אין בית־המקדש־הויף, פֿאַרשטײט זיך, נישט די אויסטײַטשונגען פֿון געזעץ. אָבער די אַלע תּקנות, װאָס די אַלטע האָבן מתקן געװען און זײ זײַנען געװען איבערגעגעבן אין טראַדיציע, — דאָס האָט ער געלערנט פֿאַר זײַנע אומצײליקע תּלמידים אין זײַן גרויסן בית־מדרש. איך האָב אים נאָך געהערט דרשנען אָפֿט מאָל אין די בתי־כנסת, פֿיל אָפֿטער אין די יום־טובֿים און בשעת די עולי־רגלים־קעס האָבן זיך געפֿונען אין ירושלים, אין בית־המקדש־הויף, אונטער די באַדעקנס פֿון די אַרקאַדן; ער איז דאָ געװען אַרומגערינגלט אין אַ ים קעפּ און לײַבער פֿון זײַנע תּלמידים און צוהערער, װעלכע האָבן, װי די אײַנגעשטילטע װעלן, זיך געלײגט צו זײַנע פֿיס.

אָפֿט מאָל האָבן זײַנע דרשות אַרויסגערופֿן דעם צאָרן פֿון די אָפֿיציעלע פֿאַר־שטײער פֿון בית־המקדש; פֿיל מער נאָך פֿון די פּאַטריאַטן, װעלכע האָבן געװאָלט באַפֿרײַען דאָס פֿאָלק דורך אויפֿשטאַנד. דער רבי ר׳ יוחנן איז געװען אַ דאָרן אין די אויגן פֿון די בני־בר־אבא. זײ האָבן אים פֿאַרשריגן כּמעט פֿאַר אַ פֿאַררע־טער, און װען נישט זײַן גרויסע אויטאָריטעט, — נאָך מער נאָך צוליב דעם נאָמען פֿון זײַן הײליקן רבין, װאָס האָט גערוט אויף אים, — װאָלט זײַן סוף געװען, אַז זײ װאָלטן אים פֿאַריאָגט פֿון בית־המקדש־הויף מיט חרפּות און בושות, אויב נישט פֿאַרשטײנערט. װאָרעם אין די דרשות האָט ר׳ יוחנן בן־זכאי אַרויסגע־בראַכט געדאַנקען, װעלכע האָבן זיך ראַדיקאַל אָפּגעטײלט פֿון די אָנגענומענע פּאָליטישע טענדענצן, װעלכן האָבן דענסטמאָל געלעבט אין אַ גרויסן טײל פֿון יידישן פֿאָלק.

אײנע אַזאַ דרשה געדענק איך. איך האָב זיך דענסטמאָל געפֿונען אין בית־מקדש־הויף מיט די אַנדערע תּלמידים. דער רבי אונדזערער פֿלעגט אונדז אָפֿט אַרויספֿירן אין בית־המקדש־הויף, װען רבי יוחנן בן־זכאי האָט געדרשנט. ער האָט געװאָלט, אַז מיר זאָלן זיך צוהערן צו זײַנע רײד, אַז מיר זאָלן זײ אײַנקריצן אין אונדזערע הערצער. איך געדענק זײ — נישט נאָר װײַל זײ האָבן אַרויסגע־רופֿן אין מיר דערשטוינונג, נאָר װײַל זײ האָבן אויך אַרויסגערופֿן אויפֿרעגונג און גערודער בײַ אַ טײל צוהערער. פֿיל האָבן געשריען, אַז דער רבי איז מחלל דעם בית־המקדש. איך געדענק, װי אַ פּאָר האַלב־נאַקעטע, אויפֿגערעגטע לײַט פֿון בר־אבא האָבן אַפֿילו געפּרואװט אַנטקעגן אים צו רעדן, אַרײַנצושרײַען און אויפֿ־רײצן דאָס פֿאָלק, נאָר די מענגע תּלמידים פֿון רבי יוחנן בן־זכאי האָבן זײ שטום געמאַכט.

רבי יוחנן בן־זכאי, מיט זײַן גרויסער, ברײטער, באַגרױטער באָרד, אין זײַן טונקל לאַנג קלײד, דעם קאָפּ אַרומגעהילט מיט זײַן ברײטן, װײַסן טוך, דעם צײכן פֿון זײַן ראַנג, איז געזעסן אין שװאַרצן ים פֿון תּלמידים, העכער פֿון אַלע, אויף אַ שװעל פֿון אַ טיר. די אַנדערע זײַנען געזעסן אויף דער רצפּה. ער איז געװען העכער מיט זײַנע אַקסלען און מיט זײַן הויך פֿון גאַנצן פֿאָלק. ער האָט

גערדשנט דענסטמאל וועגן דעם שפרוך, אז „נישט דאס ארט באשיינט דעם מענטש, נאר דער מענטש באשיינט דעם ארט", — נישט דער אדער יענער ערדישער ווינקל איז דער עקשטיין פון דער וועלט, נאר די גאנצע וועלט איז דאס פוסבענקל פון גאט. דאס לעבן פון דער יידישער נאציע, — האט ער געזאגט — איז נישט אפהענגיק אין קיין ארט און קיין צייט. זי קאן זיך אויסלעבן אויף אלע ערטער און איז אלצייטלעך אונטער אלע אומשטענדן. ווייל דאס לעבן פון דער יידישער נאציע איז נישט געבונדן מיט קיין מאטעריעלע גיטער, ווי דאס לעבן פון אלע אנדערע פעלקער, נאר איז ריין־גייסטיק. דאס יידישע פאטערלאנד ראמט זיין גייסט נישט איין אין גרענעצן פון א געוויסן שטח, וואס ווען מען פארטרייבט דאס פאלק פון דעם שטח, שטארבט אפ די אומה, ווי עס איז דער פאל מיט אנדערע פעלקער. דאס יידישע פאטערלאנד איז אן א גרענעץ, ווייל עס רוט נישט אויף דער ערד, נאר אין הימל.

— מיר ווילן זיין ווי אנדערע פעלקער. מיר ווילן נישט האבן קיין פאטערלאנד אין הימל, נאר דא, אויף דער ערד. השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם!

— האבן זיך געהערט קולות, וואס האבן גערופן צום רבין פון דער מענגע.

— שטעכערס הענגט ער מיר אן אויף די אויגן און שלאנגען לייגט ער מיר אין די אויערן־לעכער אריין מיט די ווערטער. ווער קאן זיי הערן? גאט האט אונדז צוגעזאגט אן ארץ זבת חלב ודבש אויף דער ערד, נישט אין הימל! — האט אן אנדערער אויסגערופן.

— דעם רבין וואגן זיי איבערצורייסן. ווער האט געהאט אזא חוצפה קעגן הימל?

— דער רבי האט רעכט! רחמנא ליבא בעי, — גאט באדארף נאר האבן דאס הארץ פון מענטשן.

איינציקווייז האבן די תלמידים איינגעשטילט די „רשעים". א פאר פון זיי האט מען פארטריבן. און אז עס איז שטיל געווארן, האט דער רבי ווייטער גערדשנט:

— עס זיינען דא צוויי ירושלימס, — א קליין־ירושלים און א גרויס־ירושלים. דאס קליינע ירושלים באשטייט פון הייזער און ווייגגערטענער, אין וועלכן די רייכע וואוינען, און די ארעמע ליגן אויף דער גאס. אין דעם קליינעם ירושלים האבן נאר אייניקע א חלק, אבער אין גרויסן ירושלים האבן אלע זייער חלק, ווייל דאס גרויסע ירושלים באשטייט נישט פון הייזער און גערטענער און פעלדער און איילבירטן און וויין־סעדער, נאר עס באשטייט פון דער לערע פון גאט. און די, וועלכע האלטן פון דער לערע פון גאט, געהערן צו דעם פאטערלאנד. די אנדערע, וועלכע זיינען מבזה די לערע פון גאט, מעגן זיי וואוינען אין הארץ פון ירושלים, געהערן זיי נישט צום פאטערלאנד פון דער יידישער אמונה. דורך דעם באדארף מען זיך גארנישט אזוי אנטקעגנשטעלן דער פרעמדער מאכט, וואס האט אונדז באצוואונגען. ווארעם דאס ריכטיקע פאטערלאנד, די לערע פון גאט, קאנען זיי פון אונדז נישט צונעמען. און אזוי לאנג ווי זיי שטערן אונדז נישט צו לעבן אין אונדזער גייסטיקן פאטערלאנד, אין יידישן דת, באדארפן מיר זיך נישט אנטקעגנשטעלן זייער אויסערער מאכט, אדער פרואוון אראפווארפן דעם יאך פון די פרעמדע מיט אייגענע כוחות, נאר מיר באדארפן געדולדיק ווארטן ביז

גאָט וועט אויספֿירן זײַן פֿאַרשפּרעכן און ער וועט שיקן זײַן דערלייזער, נישט נאָר אונדז אַליין, נאָר די גאַנצע וועלט צו באַפֿרײַען פֿון די שנורן פֿון זינד, און די גאַנצע וועלט און אַלע פֿעלקער זאָלן דערקענען דעם איינציקן, לעבעדיקן גאָט. ביז דענסטמאָל אָבער מוזן מיר זיצן און שווײַגן און טראָגן אויף זיך דעם עול פֿון גאָט מיט ליבע און הכנעה און אונטערטעניקייט.

מען קען זיך פֿאָרשטעלן דעם שטורעם, וואָס די ווערטער האָבן אַרויסגערופֿן בײַ די פּאַטריאָטן און די קנאים. עס זײַנען געוואָרן אָנגעלאָדן אויף אים ברענענדיקע שפּיזן־בליקן אויס פֿאַרברענטע, טונקעלע פּנימער פֿון די קנאים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמלען קיין ירושלים אויף דעם יום־טובֿ פֿון דער ווייסטע אַרויס; וואָרעם עס איז געווען סוכּות־צײַט, ווען די עולי־רגלניקעס זײַנען געקומען קיין ירושלים אויף דעם יום־טובֿ פֿון וואַסער־שעפּן — בית השואבה. די שטימונג פֿון דעם פֿריילעכן יום־טובֿ, וואָס איז געווען דער רוישנדיקסטער און דער לוסטיקסטער פֿון אַלע ייִדישע יום־טובֿים, האָט זיך שוין געפֿילט אין דער לופֿט. די בר־אבאס האָבן געוואָלט אויסנוצן יענע גליקלעכע טעג, ווען די פֿרומע עולי־רגלניקעס זײַנען געווען פֿאַרשכּורט פֿון דער פֿרייד, פֿון די זעטיקע פֿרוכטן, פֿון די ווײַנען, פֿון דער הערלעכקייט, מיט וועלכער ירושלים איז באַגאָסן געוואָרן. אין יענע טעג פֿון בית־שואבה זײַנען אַפֿילו צענומען געוואָרן אויף אַ קורצער ווײַל די אַלע צוימען פֿון צניעות און אָפּגעהיטקייט צווישן מאַן און פֿרוי, וואָס די חכמים האָבן געצויגן, און דאָס גאַנצע פֿאָלק איז געווען ווי איין משפּחה, אויסגעמישט אָרעם און רײַך, פֿרעמדע און היימישע. יעדע שטוב אין ירושלים איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פֿרעמדע. מען האָט געגעסן אַלע פֿון איין טאָפּ, געטרונקען פֿון איין כּוס, מען איז געשלאָפֿן אויף איין בעט. אין דעם יום־טובֿ האָט מען געקאָנט בײַם באַגײַסטערטן עולם אין ירושלים אַרויסרופֿן יעדע מין האַלדז־ברעכערישע, ריזיקאַלישע אונטערנעמונג, וואָס וואָלט געקאָנט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ בלוט־באָד. די בר־אבאס האָבן געוואָלט אַרויסרופֿן אַן אויפֿשטאַנד. די מאַכט איז געווען פֿאַרגעברייט. אויף דעם יום־טובֿ זײַנען די וואַכן פֿון דער רוימישער סאָלדאַטשינע פֿאַרטאָפּלט געוועזן. לאַנגע, געדיכטע קייטן פֿון רוימישע לעגיאָנערן, געמישט מיט אשקלונישע און סירישע, האָבן געהאַט אָפּגעשלאָסן די טורעמס פֿון הורדוס־פּאַלאַץ ביז צו דער אַנטאָניא. דאָס בית־מקדש־געסל האָט געווימלט מיט וואַכן. די שטימונג איז געווען אַן אָנגעצויגענע. עס זעט אויס, אַז יוחנן בן־זכאי האָט געוואָלט באַרואיקן דעם עולם, און ער האָט געדרשנט דאָס, וואָס ער האָט געדרשנט מיטן וויסן פֿון די חכמים.

אָבער יוחנן בן־זכאי איז אָפּט מאָל נאָך ווײַטער געגאַנגען. נישט נאָר האָט ער אָפּגעלייקנט די הייליקייט פֿון ארץ־ישראל, נאָר אַפֿילו דעם בית־המקדש האָט ער באַרויבט פֿון צו זײַן דער מיטלפּונקט פֿון גאָטס זיץ אויף דער ערד. יאָ, געוויס איז ארץ־ישראל הייליק, פֿלעגט ער זאָגן, נאָר הייליק פֿאַרן געזעץ. די הייליקייט פֿון געזעץ רוט דערויף, ווײַל ייִדן וואוינען אין איר. דאָס איז נישט קיין ערדישע, פֿאַרגעטערטע הייליקייט, מיט וואָס די אַנדערע אומות־העולם באַשענקען די פֿיר איילן, אויף וועלכע זיי וואוינען, און מאַכן זיי פֿאַר דעם לעבן־באַדינג פֿון זייער עקזיסטענץ, פֿאַר וועלכע זיי וועלן מאָרדן, ברענען, רויבן און בלוט פֿאַרגיסן. די הייליקייט פֿון ארץ־ישראל האָט דערמיט גאָרנישט וואָס צו טאָן. דאָס איז אַ ריין

גײַסטיקע הייליקייט און איז חל אויף די ייִדן, וואָס באַוואוינען די ערטער. נישט דאָס אָרט איז הייליק, נאָר די ייִדן, וואָס וואוינען אויפֿן אָרט זײַנען הייליק. און אַזוי איז אויך דער בית־המקדש דאָס אָרט אויף וועלכן אַבֿרהם אָבֿינו האָט געזאָלט מקריבֿ זײַן זײַן זון יצחק, דאָס אָרט, אויף וועלכן דער רבונו־של־עולם האָט געלאָזט זײַן כּבֿוד רוען, הייליק. נאָר אומעטום, וואו צען ייִדן געפֿינען זיך און רופֿן זײַן נאָמען, רוט די שכינה, און גאָט קומט און בענטשט זיי. מה־דאָך די זון, וואָס איז נאָר איינס פֿון זײַנע באַשעפֿענישן, באַשײַנט אײַנצײַטיק די גאַנצע וועלט, אַלע לענדער, אַלע זײַנע ברואים, מכל־שכן דער רבונו־של־עולם, וואָס איז דער באַ־שעפֿער פֿון אַלע באַשעפֿענישן. עס איז נישטאָ קיין הויך, קיין שפּאַלט, וואו ער איז נישטאָ. מיר קאָנען נישט משׂיג זײַן מיט אונדזערע חושים קיין מקום, אַפֿילו אַזוי גרויס ווי אַ שפּיץ פֿון אַ נאָדל, וואָס זאָל זיך געפֿינען מחוץ דער גרענעץ פֿון דעם איינציקן יש. ער איז אומעטום, — „און אומעטום, וואו דו וועסט דערמאָנען מײַן נאָמען, וועל איך קומען און דיך בענטשן".

מײַן רבי נקדימון, וואָס האָט פֿאַרערט דעם רבין ר' יוחנן שוין דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַט די זכיה צו זיצן בײַ די פֿיס פֿון רבין ר' הלל, האָט אים אָבער אויך זייער פֿאַרערט צוליב דער לערע, וואָס ער האָט געלערנט, וועלכע איז געווען אין איינפֿאַרשטענדעניש מיט די מיינונגען פֿון מײַן רבין ר' נקדימון. זייערע דעות האָבן זיך אויסגעגליכן. מײַן רבי ר' נקדימון האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ תּלמיד פֿון דעם רבין ר' יוחנן. און נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זײַנען געווען גלײַך אין יאָרן און אויך גלײַך אין וויסן, דאָך ווען מײַן רבי ר' נקדימון איז געזעסן בײַ די פֿיס פֿון ר' יוחנן און האָט אים געהערט דרשנען, האָט ער זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ תּלמיד פֿאַר זײַן רבין. און צוליב דעם, וואָס אונדזער רבי האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ תּלמיד פֿון רבין ר' יוחנן, האָבן מיר, די תּלמידים פֿון רבין ר' נקדימון, זיך אויך געהאַלטן פֿאַר תּלמידים פֿון רבין ר' יוחנן, ווײַל „אַלץ וואָס דער רבי איז, זײַנען אויך זײַנע תּלמידים".

# 6

אין בית־המדרש, וואו מײַן רבי האָט געלערנט מיט אונדז, האָט זיך געפֿונען אַ שטיינערנע באַנק, אײַנגעמויערט אין דער וואַנט. מען האָט גערופֿן די באַנק: די באַנק פֿון משיח. און פֿאַרוואָס האָט מען זי אַזוי גערופֿן? ווײַל אויף דער באַנק האָט מײַן רבי געדרשנט וועגן עניני של משיח פֿאַר דער חבֿרותא.

צו מײַן רבינס חבֿרותא האָט אויך געהערט דער רײַכער, אָנגעזעענער אַריס־טאָקראַט יוסף רמתי, — יוסף פֿון אָרט רמת. אַלע האָבן זיך געוואונדערט, ווען מען איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם: ווי אַזוי קומט עס, וואָס דער נגיד, וועלכער איז געווען אַסימילירט מיט דער העלעניסטישער קולטור, האָט פֿאַרקערט אין די קרײַזן פֿון די רוימישע באַאַמטע און געהאַלטן בײַ זיך גריכישע פֿילאָזאָפֿן, — זאָל אַרײַנטרעטן אין דער חבֿרותא פֿון אַ רבין אַ פּרוש, זאָל ווערן אַפֿילו אַ ח ב ר

און זיך אונטערוואָרפֿן דעם שטרענגן ריטועלן רעזשים, וואָס די חבֿרשאַפֿט פֿאַרלאַנגט?

דער אמת איז, אַז יוסף רמתי האָט שוין פֿון לאַנג געפֿאָרשט גאָט. ער פֿלעגט קומען צו אונדזער רבין אין בית־מדרש אַרײַן און זיך אַוועקזעצן אויף איינער פֿון די לעצטע בענק בײַ דער טיר, צוזאַמען מיט די אָרעמעלײַט, און זיך צוהערן צו די דרשות פֿון מײַן רבין אין די שבתים און יום־טובֿים אין דער קורינטיער שול. ער איז געוואָרן ביסלעכווײַז אַרײַנגעצויגן אין דעם קרײַז פֿון דורשי־משיח, איז געוואָרן איינער פֿון די אייפֿעריקסטע אָנהענגער פֿון מײַן רבין. שפּעטער איז ער אַרײַנגעטראָטן אין זײַן חבֿרותא. ער האָט אויסגעהאַלטן דעם בית־מדרש. ער פֿלעגט אָפֿט קומען צו אונדז אין בית־מדרש אַרײַן, אָדער מײַן רבי און זײַנע תּלמידים פֿלעגן אָפֿט קומען צו אים אַהיים, נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ חבֿר און זײַן הויז איז געווען בחזקת כּשרות. יוסף רמתיס הויז איז געווען אַ בית־ועד לחכמים. דאָרט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די אָנגעזעענסטע לײַט פֿון שטאָט, נישט נאָר פֿון דער ייִדישער אַריסטאָקראַטיע און פֿון ייִדישע געלערנטע אַליין, נאָר אויך פֿון יענע רוימישע באַאַמטע און גריכישע חכמים, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט העבּרעע ענינים און געפֿאָרשט גאָט. דאָרט האָבן די ייִדישע חכמים געהאַט אַ געלעגנהייט צו טוישן זייערע מיינונגען מיט די גריכישע פֿילאָזאָפֿן, וואָס נישט ווייניק פֿון זיי האָבן זיך געפֿונען אין שטאָט, ווי אָנגעשטעלטע, — אָפֿט מאָל פֿרײַ־געלאָזענע קנעכט, — אין די הײַזער פֿון די ייִדישע אַריסטאָקראַטן. פֿון הורדוסעס צײַטן אָן איז געווען אַ מנהג בײַ די ייִדישע אַריסטאָקראַטן צו קויפֿן גריכישע פֿילאָזאָפֿן אויף די אשקלונער און צידונער שקלאַפֿן־מערק פֿאַר דערציִער פֿון זייערע קינדער, צו פֿירן זייערע געשעפֿטן און צו געבן זייערע הײַזער אַן אָנזען פֿון העלעניסטישער קולטור. אין די מערסטע פֿאַלן האָבן זיי באַפֿרײַט די גריכישע קנעכט, כּדי זיי זאָלן נישט אַרונטערפֿאַלן אונטער דעם שטרענגן ייִדישן געזעץ בנוגע ניט־ייִדישע שקלאַפֿן, און זיי געהאַלטן ווי באַפֿרײַטע, אָבער דאָך אָפּהענגיקע הויז־פֿרײַנד.

די גריכן זײַנען געווען אין ירושלים די טאָן־געבער אין די אַריסטאָקראַטישע הײַזער. זיי און די רוימישע באַאַמטע האָבן אויסגעמאַכט אַ גענוג גרויסן עלעמענט אין ירושלים, וואָס האָט מיט דער הילף און שטיצע פֿון די ירושלימער צדוקישע און גרויס כּהנישע קרײַזן אונטערגעהאַלטן די העלעניסטישע קולטור־אַנשטאַלטן, דאָס טעאַטער, וואָס הורדוס האָט אויפֿגעבויט, די געיעג־שפּילן און גימנאַסטיק פֿאַר דער יוגנט, אָפֿט מאָל אויך אָלימפּישע שפּילן. אָבער צוליב דעם פֿאַרביטערטן ווידערשטאַנד צו די העלעניסטישע קולטור־אַנשטאַלטן מצד די רבנים, האָט דער העלעניסטישער לעבנסשטייגער זיך נישט אָנגעזען אויף די ירושלימער גאַסן; דערפֿאַר אָבער האָט ער טיפֿע וואָרצלען געשלאָגן אין די הײַזער פֿון די ייִדישע אַריסטאָקראַטן, נישט נאָר פֿון די צדוקים, נאָר אויך אין די הײַזער פֿון די רײַכע לײַט און די משפּחות פֿון די כּהנים גדולים, און אַפֿילו אין די הײַזער פֿון די פּרושים. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די רוימישע באַאַמטע אין ירושלים האָבן אונטערגעשטיצט די באַוועגונג און דערמוטיקט די גריכן. וואָרעם ווי גרויס עס איז נישט געווען די שׂנאה פֿון די גריכן צו די רוימישע באַצוויִנגער אין זייער אייגן לאַנד, האָבן אָבער אין די פֿרעמדע פּראָווינצן, ווי אין ארץ־ישׂראל, די

גריכן געזען אין דער רוימישער מאַכט אַ באַשיצערין פֿון זייער קולטור און אמונה, און די רוימער האָבן באַנוצט דעם גריכישן עלעמענט צו אַסימילירן די דעראָבערטע פּראָווינצן מיט דער העלעניסטישער קולטור און זיי פֿרײַנטלעך מאַכן צו רוים. די רוימער און די גריכן זײַנען געגאַנגען האַנט־אין־האַנט. וויפֿל די חכמים האָבן זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם גריכישן אײַנפֿלוס און געשאַפֿן צוימען אויף צוימען צו האַלטן די ייִדן אָפּגעזונדערט פֿון דעם העלעניסטישן סם, האָט די גריכישע קולטור זיך דאָך אַרײַנגעכאַפּט דורך טויזנטער קאַנאַלן אין ייִדישן לעבן: אין טאָג־טעגלעכן שטייגער, אין די צווײַגן פֿון הויז־לעבן, אין אײַנריכטן מאָלצײַטן, אין קליידונג, אין פֿריזיר־מאָדעס, אין געזאַנג, אין שפּילן, אין איילן זיך און פּערפֿומירן זיך. מען האָט מער געוויכט געלייגט אויפֿן געזונט, און אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם קערפּער נישט נאָר ווי אַ כּלי, וואָס האַלט אין זיך די נשמה, נאָר פֿאַר אַ גוטס, פֿאַר אַ געשאַנק פֿון גאָט, וואָס איז ווערט צו קולטיווירן. אַפֿילו דאָס לשון האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרמישן זיך מיט גריכישע ווערטער און באַגריפֿן. גריכיש האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטופּן דעם אַראַמישן דיאַלעקט אין די געבילדעטע קרײַזן.

דערפֿאַר אָבער האָבן די גריכן אין ירושלים, וועלכע זײַנען געקומען צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיטן ייִדישן צניעותדיקן לעבן, מיט דער ייִדישער אמונה, מיטן באַגריף פֿון אַן איינציקן, לעבעדיקן גאָט, אָנגעהויבן פֿאַראינטערעסירן זיך מיט דער ייִדישער אויפֿפֿאַסונג פֿון לעבן, צוהערן זיך צו דער לירישער בענקשאַפֿט נאָך אַ צווייט לעבן, פֿאַרטראַכטן זיך וועגן דער האָפֿענונג פֿון מענטשן, וואָס עס טראָגט אין זיך די משיחישע אידעע. די לײדנשאַפֿטלעכע אומבאַדינגטע איבערגעגעבנקייט פֿון ייִדישן מענטשן צו זײַן גאָט, דאָס פֿרײַוויליקע נעמען אויף זיך אַן אַסקעטיש לעבן פֿאַר דעם גאָט, דאָס טראַגישע געראַנגל מיט צײַטיקייט און פֿאַרניכטונג, וואָס דער ייִדישער מענטש פֿירט דורך זײַן קלאַמערן זיך אין דער אייביקייט, — דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף דעם דענקענדיקן גריכישן מוח און איז אַרײַנגעדרונגען מיט אַ וועקנדיקער, בענקענדיקער אומרואיקייט אין דער אָפּגעשלאָסענער שלמות פֿון גריכישן געמיט. עס האָט זיך געשאַפֿן אַן אײַנדרוק, ווי אין דער קאַלטער, שטיינערנער, שלמותדיקער גריכישער סטאַטוע איז אַרײַנגעבלאָזן געוואָרן אַ לעבעדיקע נשמה, וועלכע האָט אפֿשר צעטרייסלט די שטרענגע האַרמאָניע פֿון די ליניעס, אָבער דערפֿאַר באַלעבט מיט ציטערדיק לעבן דעם טויטן שטיין. עס איז געווען אין דעם עפּעס מערקווירדיקס. די צוויי פֿײַנטלעכע וועלטן האָבן געבענקט איינס נאָכן אַנדערן. זיי זײַנען געווען ווי צוויי העלפֿטן פֿון איין וועזן, וועלכע האָבן זיך לאַנג אַרומגעשלאָגן און באַטראַכט זיך פֿאַר ביטערע פֿײַנט, איידער זיי האָבן זיך דערקענט; און ווען זיי האָבן ענדלעך, זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אויף דעם ארץ־ישׂראלדיקן באָדן, האָבן זיי דורך די שטעכערס פֿון קעגנזײַטיקער באַקעמפֿונג געשאַפֿן איין האַרמאָניש־גאַנצעס, וואָס האָט דערגאַנצט איינס דאָס אַנדערע.

אַ האַרמאָנישער געזאַנג, געשאַפֿן דורך דעם באַריר פֿון די צוויי וועלטן, האָט זיך געהערט אין פֿולע טענער אין דעם הויז פֿון יוסף רמתי.

יוסף רמתי איז געקומען קיין ירושלים פֿון זײַן פֿאַמיליע־זיץ, וואָס איז געווען אין רמת גלעד (נאָך וועלכן ער האָט געפֿירט זײַן נאָמען). ער האָט איבערגעלאָזט

זײַן גרויסן באַזיץ פֿון ווײַנגאַרטענער און אייל־וועלדער, געטריבן פֿון באַגער צו דערפֿאַרשן גאָט און אויסגעפֿינען דעם ריכטיקן וועג, אין וועלכן ער האָט צו גיין.

ער האָט געשטאַמט פֿון אַן אַנגעזעענער יחוסדיקער משפּחה. זײַן פֿאָטער אַנ־טיגנוס רמתי, האָט געלעבט אין דער הורדוס־תּקופֿה. ער האָט געהאַט אויסגעפֿונען, אַז די איינציקע מעגלעכקייט, וואָס ער האָט, אויסצומײַדן די קאָנספּיראַציע איבער זײַנע רײַכע גיטער, נאָך וועלכע דער כיטרער, אייביק גייציקער הורדוס האָט געלעכצט, ווי נאָך אַנדערע אַנגעזאַמלטע פּריוואַטע פֿאַרמעגנס, איז אויסצוגעבן זיך פֿאַר אַ פֿרײַנד פֿון קעניג און צו זוכן זײַן חסד.

דער רײַכער רמתי האָט אין גייסט פֿון די אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליעס פֿון זײַן צײַט זיך צוגעבייגט צו דער העלעניסטישער קולטור, אַסימילירט זײַן הויז אין דעם גריכישן גייסט. ער האָט נאָכגעטאָן דעם קעניג און געהאַלטן פֿאַר זײַן זון, אַחוץ אַ ייִדישן רבין, וואָס האָט אים דערצויגן אין דער ייִדישער לערע, אויך אַ גריכישן דערציִער, פֿיליפּוס פֿון גדרה. דער דערציִער האָט באַגלייט דעם יונגן אַריסטאָקראַט אין זײַנע שטודיע־רייזעס קיין אַלעקסאַנדריע, קיין גדרה, קיין דמשק, אַפֿילו אין די ווײַטע גריכישע פּראָווינצן, וואוהין דער פֿאָטער האָט געשיקט זײַן זון צו באַקענען זיך מיט דער וועלט און מיט מענטשן און צו פֿאַרשאַפֿן זיך פֿאַר־בינדונגען. דער אַלטער רמתי האָט זיך געמיט, אַז זײַן זון זאָל צוגעלאָזט ווערן צום הויז פֿון קעניג און ווערן דער פֿרײַנד און יוגנט־חבֿר פֿון די קעניגלעכע קינ־דער. דער אַלטער רמתי האָט געוואוסט דעם בייזן קעניג צו באַזאָנפֿטיקן און צו שטילן זײַן דאָרשט נאָך פֿאַרמעגנס מיט רײַכע מתּנות. יוסף האָט געשפּילט מיט דעם קעניגס קינדער אין פֿערד־געיעגן און אַנדערע אַטלעטישע ספּאָרטן. נאָר ווען דער אַלטער קעניג איז אײַפֿערזיכטיק געוואָרן אויף זײַנע קינדערס געזעל־שאַפֿטלעכע דערפֿאָלגן אין רוים, און אַרום זייערע קעפּ האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמ־לען די וואָלקנס פֿון זייער פֿאָטערס רשעות, — האָט דער כיטרער רמתי אײַנ־געזען, אַז עס איז די קלוגסטע זאַך זײַן זון צו האַלטן דערווײַטערט פֿון דעם שטורעם אין הויף. כּדי אויסצומײַדן דעם גורל פֿון דעם קעניגס קינדער, האָט ער געהאַלטן זײַן זון בײַ זיך אויפֿן לאַנד, האָט אים חתונה געמאַכט מיט אַ רײַכער אַלכּסנדרישער פֿאַמיליע און געלאָזט אים פֿאַרוואַלטן דעם פֿאָטערס גיטער.

אַ גרויסער נסיון פֿאַר דעם יונגן יוסף איז געווען אונטערצודריקן אין זיך די פּאָליטישע לײַדנשאַפֿטן און נישט אַרײַנמישן זיך אין די פּאָליטישע שטורעמס, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהויבן אין לאַנד נאָכן קעניגס טויט. מען האָט באַדאַרפֿט דערצו האָבן גרויס טאַקט, אויסגעהאַלטנקייט, גלײַכגעוויכט און, דער עיקר, אינע־ווייניקסטע רו צו מאַנעווורירן צווישן די פּאָליטישע פּאַרטייען און נישט צו ווערן מיטגעריסן אין איינעם פֿון די שטראָמען אין דעם קאַמף, וואָס די פּרושים האָבן געפֿירט קעגן הורדוסעס יורש אַרכילעאָוס, ביז די רוימער האָבן, ענדלעך, אײַ־בערגענומען די יהודהשע פּראָווינץ. יוספֿס העלעניסטישע דערציאונג, זײַן קול־טורעלע אומגעבונג, זײַן ברייטע האַנט צו פֿאַרטיילן מתּנות האָבן אים באַלד גע־מאַכט פֿאַר אַ פֿאַרטרויעלעכע פּערזאָן אין די פּראָקוראַטאָרישע הויפֿן. זײַן פֿרומ־קייט אָבער, זײַן אָפּהיטן די ייִדישע מנהגים נאָך דעם שטרענגן פּרושים־ריטואַל, זײַן שטיצן ברייט די תּלמידי־חכמים, זייערע בתּי־מדרשים און תּלמידים, דער

עיקר אָבער, וואָס ער האָט זיך נישט געמישט אין די רעגירונגס־ענינים פֿון דעם כּהן גדול אויס דעם צדוקישן הויז פֿון חנן, — אין וועלכן די געלערנטע האָבן גע־זען די פֿאַרזעצונג פֿון דער הורדוסישער רויבער־פּאָליטיק, — דאָס האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ חשובֿן, באַליבטן מאַן אין די געלערנטע פּרושים־קרײַזן.

דאָס אָנהאַלטן גוטע באַציאונגען צווישן די צוויי קעגנגעזעצטע כּוחות, וואָס האָבן באַהערשט דאָס לאַנד, האָט אים באַלד געמאַכט פֿאַר דעם אומאָפֿיציעלן, אָבערווירקלעכן פֿאַרמיטלער צווישן די רוימער און די פּרושים. די פּרושים האָבן זיך געווענדט צו יוסף רמתי ווען יעדער זאַך, וואָס זיי האָבן באַדאַרפֿט אונטערהאַנדלען מיטן מלכות, כּדי אויסצומײַדן דאָס פֿײַנדלעכע הויז פֿון כּהן גדול, דעם אָפֿיציעלן פֿאַרטרעטער פֿון די ייִדן. יוסף רמתי פֿלעגט טאַקע דורך זײַנע גוטע באַציאונגען מיט די רוימער אַרויסבאַקומען פֿאַר די פּרושים פּרי־ווילעגיעס און הנחות פֿון דער רוימישער מאַכט, וואָס דער אַלטער חנן האָט נישט געקאָנט, אָדער נישט געוואָלט, אַרויסבאַקומען פֿאַר די חכמים צוליב דער קאָנקורענץ פֿאַר דעם איינפֿלוס אויפֿן פֿאָלק, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן דער געלערנטער וועלט און די כּהנים גדולים. די פּרושים האָבן יוסף רמתי מוחל געווען זײַנע העלעניסטישע נייגונגען און זיי האָבן דורך די פֿינגער געקוקט אויף זײַנע עבֿרות, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן די רייניקונג־געזעצן מיט זײַן אַרײַנ־קומען אין גריכישע און רוימישע הײַזער, — דורך רייניקונג־קרבנות האָט ער מכפּר געווען אויף זיך די זינד. מען האָט זיך אַפֿילו געמאַכט פֿאַרגעסן אין זײַנע יונגע טעג, ווען ער איז געווען צוגערעכנט צו הורדוסעס הויף, — און נישט געקוקט אויף זײַן גרינג וויסן אין ייִדישע ענינים, האָט מען אים צוגעצויגן צום גרויסן ראָט.

דער טראַגישער געראַנגל צווישן דער ייִדישער וועלט און דער גריכישער האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יוסף רמתיס האַרץ. וואָרעם צוויי וועלטן האָבן געלעבט אין זײַן האַרץ, וואָס האָבן עס צעריסן, און ער האָט געפּרואווט פֿאַר זיך אַליין בויען אַ בריק איבער דעם אָפּגרונט, וואָס איז געלעגן צווישן די צוויי וועלטן, צו שפּרײַזן איבער די שפּיציקע צאַמען, וואָס די חכמים האָבן אַרומגעצויגן איבער דעם ייִדישן דת, און איבער דער נשמה־פֿאַרפֿאַלנקייט, דער האָפֿענונגסלאָזיקייט, וואָס די גריכישע צוגעהעריקייט האָט געדראָט.

שוין פֿון קינדווײַז אָן האָט יוסף אַרײַנגעהויכט אין זיך די גריכישע קולטור. רמת גלעד, די שטאָט, פֿון וועלכער ער איז געקומען, איז געווען אַרומגערינגלט מיט גריכן. אַ שפּאַן וועג פֿון רמת גלעד האָט זיך אויסגעצויגן די דעקאַפּאָליס, — די צען גריכישע שטעט, וועלכע האָבן אַרומגענומען ווי אַ שונאדיקע אַרמיי די גרענעצן פֿון גלעד, — אַרײַנגעריסן זיך אין האַרץ פֿון ארץ־ישׂראל מיט איר געצנדינערײַ, מיט איר פֿאַרשײַטקייט, מיט איר ליבע צום לעבן, מיט איר פֿאַר־כאַפּנדיקער, אָנשטעקנדיקער באַגייסטערונג פֿאַר שיינקייט, יוגנטלעכקייט, אייביקן פֿרילינג, גלײַך ווי דער טויט און זײַנע שליחים, די קראַנקהייטן, וואָלטן דאָ נישט געהאַט קיין צוטריט, קיין רשות. דעם גאַנצן שלל פֿון לעבנספֿרייד און לעבנס־גענוס, וואָס די העלעניסטישע קולטור האָט געהאַט צו פֿאַרטיילן, האָט זי פֿאַר־שפּרייט אַרום יוסף רמתי מיט הונדערטער כּשופֿן. אַ שפּאַן וועג פֿון זייער גוט איז געלעגן בית־שאָן מיט אירע פֿערד־געיעגן, מיט אירע אַטלעט־שפּילן, מיט

אירע עשתרות־טעמפּלען; קעגנאיבער דעם ברעג פֿון ים כּנרת האָט זיך געגלאַנצט
אין דער זון דער ווײַסער טעמפּל פֿון גאָט צעאוס, אויף די הויכן פֿון גדרה.
דאָס קאָכעדיקע לעבן, די יוגנט און די פֿרייד, וואָס האָבן זיך איבערגעגאָסן פֿון
די גריכישע שטעט, די שיינקייט און די פֿאַרשאַרטקייט פֿון גדרה, — מיט איין
וואָרט, דער גאַנצער שלל פֿון העלענישן לעבן האָט פֿאַרמאָגט גענוג דינאַמישע
כּוחות צו שטורעמען און צו צעשמעטערן די פֿעסטונג־מויערן פֿון ייִדישן דת, אין
וועלכע די ייִדישע געלערנטע האָבן געהאַלטן געפֿאַנגען דעם יונגן אַריסטאָקראַטס
נשמה. אָבער נאָך אַ גרעסערע געפֿאַר, איידער דער אויסערער גלאַנץ פֿון הע־
לענישן לעבן, זײַנען געווען פֿאַר דער נשמה פֿון דעם יונגנמאַן די חכמים פֿון
גדרה. די שטאָט גדרה איז נישט נאָר געווען אַ שטאָט פֿון שפּיל און זינד, פֿון
לעבן און גענוס, נאָר אויך אַ שטאָט פֿון געלערנטע און פֿילאָזאָפֿן. נישט איין
מאָל האָט דער ייִדישער יונגערמאַן, ווען ער האָט זיך געפֿונען אין שטאָט, אָדער
איז צוליב דעם צוועק געבראַכט געוואָרן אַהין פֿון זײַן דערציִער פֿיליפּוס, זיך
צוגעהערט צו די וויכּוחים, וואָס עס האָבן געפֿירט אין גדרהשן פֿאָרום, אין שאָטן
פֿון די זײַלן אין עשתרות־טעמפּל, די תּלמידים פֿון פֿילאָדעמוס דעם עפּיקורעער
איבער זײַן רבינס תּורה, אָדער צו די רעטאָריקער, וואָס דער גדרהשער געלערנ־
טער טעאָדאָרוס האָט באַגרינדעט אין זײַן שול, איידער ער איז אַוועק קיין רוים
צו ווערן דער דערציִער פֿון טיבעריוס, אָדער צו דעם בײַסנדיקן סאַטיריקער
מעניפּוס. דער געפֿערלעכסטער גיפֿט פֿאַר דעם יונגנמאַנס נשמה איז געווען זײַן
גריכישער דערציִער, וואָס דער פֿאָטער האָט צו אים צוגענומען און פֿון וועלכן
ער האָט זיך שוין נישט געשיידט דאָס גאַנצע לעבן; ער האָט אים געמאַכט שפּע־
טער לויט דעם מנהג פֿון די אַריסטאָקראַטישע הײַזער, (וועלכע האָבן אין דעם
נאָכגעטאָן דעם קעניג הורדוס), פֿאַר דעם פֿאַרוואַלטער פֿון זײַנע גיטער.

איינציקווײַז, איינציקווײַז האָט דער גדרהשער געלערנטער פֿיליפּוס אַרײַנגע־
בראַכט אין זײַן תּלמידס באַוואוסטזײַן, אַז נישט ייִדן אַליין זײַנען די איינציקע
אויסדערוויילטע, וואָס די געטלעכקייט האָט זיי איבערגעגעבן די פֿאַרטרעטערשאַפֿט
אויף דער ערד, און נישט נאָר די ייִדן אַליין האָבן צו פֿאַרטיילן די אייביקייט פֿון
דער נשמה און אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס קיינער האָט נישט געזען, נאָר מען גלויבט
אין זיי אויפֿן וואָרט. ער האָט אים אויפֿגעעפֿנט אַ שפּאַלט אין דעם גריכישן הימל
און געוויזן, אַז אויך זיי האָבן צו פֿאַרטיילן געטער פֿון יענער וועלט. די פּלאַטאָ־
נישע געשפּרעכן האָבן אויף דעם יונגנמאַן געמאַכט אַזאַ אײַנדרוק, אַז נישט גע־
קוקט אויף זײַן טראַדיציאָנעלער ייִדישער דערציאונג, וועלכע האָט אים געפֿאַנגען
אין די ראַמען פֿון ייִדישן דת, איז ער אָבער אין זײַן האַרץ געווען מער גוי ווי ייִד.

נישט פֿריִער ביז יוסף רמתי האָט זיך נישט באַקענט מיט זײַן רבין נקדימון
און איז פֿון אים געוואָר געוואָרן פֿון זײַן גרויסער משיחשער האָפֿענונג, וואָס איז
דער צוועק פֿון אַלע פֿאַרברייטונגען, וואָס דער ייִדישער דת ברייט פֿאַר דעם
ייִדישן מענטש פֿאַר איר; נישט פֿריִער ביז ער האָט זיך נישט באַקענט מיטן גרויסן
צוועק פֿון לעבן, דאָס מלכות־השמים, — ביז דענסטמאָל איז ער אין האַרצן געווען
פֿרעמד צום ייִדישן דת און האָט נישט פֿאַרשטאַנען דעם טעם פֿון די פֿיל חוקים
און משפּטים, וועלכע מען גייט אים צו האַלטן. ער האָט זיי באַטראַכט פֿאַר אַן
אָנשיקעניש, פֿאַר אַ צעשטערער פֿון לעבן. ערשט די האָפֿענונג, דאָס אייביקע

גוטס, די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט, דער לויטערער צוועק פֿון לעבן, די פֿאַר־בונדנקייט מיט דער געטלעכקייט, וואָס די משיחישע אידעע האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, זײַנען געווען די דערפֿרישנדיקע קוואַלן, וואָס האָבן אָנגעטרונקען די דאָרשטיקע נשמה פֿון יוסף רמתי.

וואָרעם דער אַריסטאָקראַט, ווי ער איז נישט קאַליע געוואָרן פֿון זײַן אומגע־בונג, האָט פֿאַרמאָגט אין זיך אַן אומבאַפֿלעקטע נשמה, אַ דאָרשטיק זוכן נאָכן אמת, אַ פֿאַרצווייפֿלט בענקען צו דערגריין דעם תּכלית און דעם צוועק פֿון לעבן.

איך האָב אָפֿט זיך געפֿונען אין זײַן הויז. דער רבי נקדימון האָט אונדז מיטגע־נומען אין זײַן הויז אַרײַן, כּדי מיר זאָלן זיך צוהערן צו די וויכּוחים, וואָס ער פֿירט מיט דעם גריכישן פֿילאָזאָף, און מיר זאָלן זיך אָפּלערנען ווי אַזוי אָפּצוענטפֿערן אַן אפּיקורס. אויך איז מיר אָפֿט מאָל אויסגעקומען בײַצוזײַן, ווען דער רבי האָט אָפּגעהאַלטן אין יוסף׳ס הויז אַ זיצונג פֿון דער חבֿרותא, צו וועלכער מיר זײַנען אָפֿט מאָל צוגעלאָזן געוואָרן.

דאָס הויז פֿון יוסף רמתי האָט זיך געפֿונען אין דעם נײַעם טייל שטאָט, וואָס האָט זיך געבויט הינטער די טורעם־מויערן, אויף יענער זײַט פֿון דער אַנטאָניאַ־פֿעסטונג אין בי־זיתא. דאָס אָרט איז איצט געוואָרן דאָס אָרט פֿאַר דער רײַכער ירושלימער אַריסטאָקראַטיע, ווײַל זיי האָבן נאָך דאָ געפֿונען גענוג פֿרײַ לאַנד וואו אויסצושפּרייטן זייערע גערטענער און זייערע וואַסער־באַסיינען און דאָך צו זײַן נישט ווײַט פֿון שטאָט. דאָס הויז פֿון יוסף רמתי איז שוין געבויט געווען אין נײַעם סטיל, אין גריכישן, העלעניסטישן, וואָס האָט אָנגעהויבן וואָס מער צו באַווײַזן זיך אין ירושלים, זינט הורדוס האָט איבערגעבויט די שטאָט. די נײַע הײַזער זײַנען שוין נישט געווען געבויט אין דעם שטרענגן אומהיימלעכן סטיל — נאָקעטע מויערן ווי די טורעם־פּאַלאַצן אין ירושלים, נאָר די געביידעס זײַנען באַצירט געוואָרן מיט רײַכע זײַלן־אַלייען — לויט דעם פֿאָרום, וואָס הורדוס האָט אויפֿגעשטעלט אין נאַבלוס. צוליב דעם האָט מען דעם סטיל גערופֿן „הורדוס־אַרכיטעקטור״. זי איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט צוגעגעבן דער שטרענ־גער גריכישער אַרכיטעקטור אַ פֿאַרווייכערונג דורך טורעם־שפּיצן, וועלכע האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון די פֿלאַכע דעכער דורך באַלקאָן־ טעראַסן, וואָס האָבן אויס־געזען ווי אַ פֿאַרברייטערונג פֿון דער פֿאַסאַדע, דורך טאָפּלט־שורהדיקע יאָנישע זײַלן, וואָס האָבן געדינט אַלס שאָטן־זיץ פֿאַר דעם דורכגייער. זײַנען טאָקע די טירן און טויערן פֿון די רײַכע הײַזער שטענדיק באַלעבט געוואָרן דורך דורכגייער, היימלאָזע בעטלער; און בשעת די ימים־טובֿים, ווען ירושלים איז פֿול געוואָרן מיט עולי־רגלניקעס, זײַנען די זײַלן־אַלייען באַנוצט געוואָרן ווי שלאָף־פּלעצער פֿאַר די פֿרעמדע. מען האָט זיי נישט געקאָנט אַוועקיאָגן און עס האָט אויך געהערט צום שלעכטן טאָן, ווען אַ בעל־הבית האָט געלאָזט פֿאַרטרײַבן אין דער שאָטן־קאַרגער שטאָט די פֿרעמדע אָדער די אָרעמע, וועלכע האָבן געזוכט שוץ פֿון די זון־שטראַלן אָדער פֿון דער נאַכט־קעלט אונטער דער קאַלאָנען־באַדעקונג פֿון זײַן הויז.

ווי יעדעס גריכיש הויז, איז אויך יוסף׳ס באַשטאַנען פֿון צוויי שטאָק. אין אונ־טערשטן שטאָק האָבן זיך געפֿונען די געמיינשאַפֿטלעכע צימערן: פֿאָדער־שטובן, אייל־קאַמערן, באַנקעט־האַלן, רו־צימערן און די ביבליאָטעק. די מענערשע און ווײַבערשע שלאָף־קוואַרטירן האָבן זיך געפֿונען אויפֿן אויבערשטן שטאָק. די

געביידעס זײַנען געווען אַרומגערינגלט פֿון אַ קליינעם גוט־געפֿלעגטן הויף־גאָרטן. רייען זײַלן האָבן אָפּגעצוימט דעם זון־גאָרטן און געשאַפֿן אַ פּלאַץ וואו אויסצובאַהאַלטן זיך אין שאָטן. דער גאָרטן, באַצירט מיט בייטן בלומען, באַקראַנצט מיט הויכע, גרינע ציפּרעסן, האָט אויך געהאַט אַ וואַסער־פֿאָנטאַן, אַלץ ווי אין גריכישן הויף־גאָרטן, אַחוץ, פֿאַרשטייט זיך, וואָס עס האָבן דאָ געפֿעלט די געטערסטאַטועס.

איך האָב זיך אָפֿט געפֿונען אין דעם הויז און אָפֿט מאָל געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם בעל־הבית, יוסף רמתי, ווען ער איז געזעסן און האָט זיך צוגעהערט צו די וויכּוחים צווישן מײַן רבין און דעם גריכישן פֿילאָזאָף, וואָס האָבן זיך געפֿירט אין זײַן הויז: בײַטאָג — אין זײַן גאָרטן־הויף, צווישן די זײַלן־גענג, אין די אָוונטן — אין באַנקעט־זאַל אָדער אין זײַן גרויסער ביבליאָטעק, אין ליכט פֿון די געדעמפּטע אייל־לאָמפּן, וואָס האָבן זיך געלויכטן אין בעקנס אויף הויכע זײַלן. די חכמים זײַנען געלעגן אין צווייען אויף די ליג־שטולן און האָבן געפֿירט בנחת זייער געשפּרעך.

ער איז שוין נישט געווען דענסטמאָל קיין יונגערמאַן, יוסף רמתי, — איבער די פֿופֿציק, ווען איך האָב אים באַגעגנט, נאָר זײַן קערפּער האָט נאָך דערהאַלטן פֿון זײַן יוגנט די גאַנצע מענלעכע גבֿורה, וועלכע האָט אַרויסגעשפּריצט פֿון זײַנע שטאַרקע, מוסקולדיקע גלידער. פֿירעקיק, ווי אויסגעהאַמערט אָדער אויסגעשניטן אויס אַ ריזן־צעדערבוים, האָבן זײַנע גלידער דאָך נאָך פֿאַרמאָגט די גאַנצע באַוועגלעכע עלאַסטישקייט, וואָס זײַנע אַטלעטישע איבונגען האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אין זײַן יוגנט. אַן אייביקע יוגנטלעכקייט האָט דערפֿרישט אַפֿילו זײַן האַלב־גרויען, געקרײַזלטן קאָפּ האָר און קורץ־אַרומגעשוירענע, געקרײַזלטע באָרד, וועלכע ער האָט אין קאָמפּראָמיס מיטן ייִדישן געזעץ, נישט געגאָלט, נאָר געהאַלטן זי קורץ־אַרומגעשניטן, נאָכן רוימישן סטיל. זײַן פּנים אָבער איז געווען איין גרויסע מאַסקע פֿון זאָרג, פֿול מיט קנייטשן, וועלכע האָבן ווי שטורעמדיקע וועלן זיך געקליבן אַרום זײַנע אויגן. זײַן גלײַכע, רוימישע נאָז און זײַן גאָמבע זײַנען געווען די איינציקע גלידער, וואָס ער האָט אַרויסגעראַטעוועט פֿון דעם שטורעמדיקן קנייטשן־ים, וואָס האָט באַגאָסן זײַן פּנים. ער איז געווען אין גאַנצן אויער. אין זײַן גריכישער הילע, וועלכע ער האָט געפֿאָלדעוועט נאָכן גריכישן סטיל, איז ער געזעסן אין דער הויכער שטול פֿון בעל־הבית און האָט ערנסט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך פֿון די חכמים. הילפֿלאָזער צער האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע שיינע, גלאַנציקע אויגן. מער נאָך ווי די חכמים האָט ער גענומען ערנסט דעם געשפּרעך, וואָס זיי האָבן געפֿירט. מען האָט אָנגעזען אין אים, אַז מער ווי זיי נויטיקט ער זיך אין די אויספֿירן פֿון זייער וויכּוח, גלײַך ווי עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט נישט וועגן אַ פֿילאָסאָפֿישן דיספּוט, וואָס עס פֿירט זיך צווישן צוויי חכמים, נאָר וועגן אַ משפּט איבער זײַן אייגענער נשמה, וועלכע ווערט פֿאָרגעבראַכט פֿאַר אַ בית־דין, וואָס באַדאַרף אַרויסגעבן אַ פּסק־דין. וואָרעם איבער זײַן נשמה האָבן געפֿירט קריג די צוויי חכמים — נישט ווי עס וואָלט זיך געווען געהאַנדלט וועגן דער נשמה פֿון אַ יחיד, נאָר וועגן דער נשמה פֿון דער וועלט בכלל. ווי אַ מלאך מיט אַ פֿײַערדיקער שווערד האָט מײַן רבי מיט זײַן אמונה, מיט זײַן איינציקן גאָט און מיט די האָפֿענונגען אויף משיחן זיך אַרײַנגעריסן אין דעם גן־עדן, וואָס זײַן

גריכישער דערציִער האָט געפּלאַנצט פֿאַר אים, וואָרעם דער גאָט, וואָס זײַן גרי־
כישער דערציִער פֿיליפּוס האָט אים געגעבן, איז געווען בלויז שיינקייט, און זײַן
העכסט געזעץ — האַרמאָניע. „די האַרמאָניע, וואָס פֿליסט אַרויס פֿון שיינקייט,
— האָט זײַן גריכישער רבי אים געלערנט, — איז דאָס העכסטע גוטס, וואָס מען
האָט נאָר צו פֿאָלגן. די נשמה, וואָס די געטער האָבן אין אונדז אַרײַנגעגעבן, איז
אַ טייל פֿון די שלמות פֿון די געטער. די נשמה באַזיצן נאָר די חכמים, וועמען די
געטער האָבן באַשאַנקען מיט אַ העכערן אינטעלעקט. פֿון דער נשמה פֿליסט אַרויס
די האַרמאָניע, וועלכע האַלט אײַן דײַנע תּאוות, צוימט דײַנע אויסברוכן, ברענגט
אַרונטער דעם צוואַנג פֿון באַלאַנס. זי איידלט אויס דײַנע שטרעבונגען, פֿירט דיך
אויפֿן גאָלדענעם וועג, אין וועלכן דער חכם האָט צו גיין".

מערקווירדיק: דער מאַן, וואָס האָט געפּרעדיקט דעם אמת, — דער מאַן, וואָס
האָט נאָר אָנערקענט איין גאָט — די געטלעכע שיינקייט, און איר העכסטן אָט־
ריבוט — די האַרמאָניע, ווי דאָס העכסטע גוטס, וואָס דער מענטש באַדאַרף נאָכ־
פֿאָלגן, איז מיט שטיפֿמוטערישער האַנט באַהאַנדלט געוואָרן גרויזאַם פֿון זײַנע
געטער: פֿיליפּוס פֿון גדרה איז, נעבעך, געווען אַ קאַליקע: אַ הויקערל פֿון פֿאָרנט
און אַ הויקערל פֿון הינטן. די הויקערלעך האָבן אָפּגעקוקט פֿון זײַן צו קורץ
גריכיש העמדל, וואָס האָט אויפֿגעדעקט זײַנע קרומע, האַריקע פֿיס. דאָס הויקערל
וואָלט מען נאָך געקאָנט פֿאַרדעקן מיט די פֿאַלדן פֿון דער טאָגע, האָט אָבער אַ
מעכטיקע האַנט געגנומען זײַן קאָפּ און געבויגן אים צו דער ערד און ער איז שוין
געבליבן נידערגעדריקט אויפֿן גאַנצן לעבן, אַז די אויגן זײַנע זאָלן נאָר זען די
טריט פֿון זײַנע פֿיס, נישט די הערלעכקייט פֿון הימל, צו וועלכן ער האָט גע־
שטרעבט. איך ווייס נישט, צי ער איז געווען אַזוי געבויגן צו דער ערד פֿון זײַן
געבוירן אָן, אָדער עס איז געווען אַ מום, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשאַפּט אויפֿן וועג
פֿון זײַן לעבן אין לויף פֿון יאָרן. וואָרעם איך האָב זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן
ווי אַזוי ער האָט, אַזוי געבויגן צו דער ערד, געקאָנט אויספֿירן זײַנע פֿאַראַנט־
וואָרטלעכע פֿונקציעס, צוערשט ווי אַ דערציִער און באַגלייטער פֿון יוסף רמתי,
דערנאָך ווי אַ פֿאַרוואַלטער פֿון זײַנע גיטער. עס קאָן אָבער גרייַלעך זײַן, אַז
ער איז שוין געווען באַשאַנקען מיט דעם מום, ווען ער איז אָנגעקומען אין דינסט
פֿון דעם אַלטן רמתי. און אפֿשר טאַקע צוליב דעם מום האָט ער געמוזט זוכן
זײַן ברויט אין ירושלים, וואו מען האָט נישט אַזוי מקפּיד געווען אויף דער
שלמות פֿון קערפּער, וואָס ער אַליין, פֿיליפּוס, האָט געפּרעדיקט און געוואָלט, אַז
מען זאָל דערויף אַכט לייגן אין זײַן נײַ־דערוואָרבענער אומגעבונג.

דער קערפּער־פֿעלער האָט אָבער פֿאַר פֿיליפּוס פֿון גדרה נישט געקאָנט זײַן
אַ מניעה פֿאַר זײַנע פֿונקציעס, וואָרעם נישט געקוקט אויף זײַן געבויגנקייט צו
דער ערד, איז ער געווען זייער רירעוודיק, פֿלינק, און האָט, דאַכט זיך, מער געזען
ווי די, וואָס האָבן די אויגן אין שטערן, אָנשטאָט אין זייער הויקער. און אפֿשר
טאַקע צוליב זײַן פֿעלער האָט ער עס געזוכט דעם גאָט פֿון שלמות, וואָרעם ווי
געדריקט און געהויקערט דער גריך איז נישט געווען, האָט ער דאָך נישט געמאַכט
קיין אײַנדרוק פֿון אַ בעל־מום.

עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וועלכע זײַנען שלמותדיק אין זייער קערפּער־געבוי,
אָבער זיי מאַכן בײַ דער ערשטער באַגעגענונג דעם אײַנדרוק פֿון אַ קאַליקע, פֿון

אַ בעל־מום, ווען אַפֿילו זיי זײַנען גאַנץ אין זייער קערפּער. עס זײַנען ווידער פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ווי שטרענג און שלעכט זיי זײַנען נישט באַהאַנדלט געוואָרן פֿון גאָט, קאָנען זיי אָבער מיט זייערע גייסטיקע, דערוואָרבענע מעלות אַזוי קאָרעגירן זייערע פֿיזישע פֿעלערן, אַז זיי מאַכן צורעכט מיט זייער האַלטן זיך דעם טעות פֿון זייער באַשעפֿער. זיי ברענגען זייערע פֿעלערן אין האַרמאָנישן אײַנקלאַנג מיט זייער פּערזענלעכקייט, און דער מום, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַ חסרון, ווערט גאָר אַ מעלה בײַ זיי. מיט זײַן אייגענער פּערזענלעכקייט האָט פֿיליפּוס דער גריך ווידערגעשפּראָכן די היידנישע לערע, וועלכע ער האָט פֿאַרטראָטן.

איך זע אים פֿאַר מײַנע אויגן — דעם אויסגעדאַרטן, אויס ביינער און הויט צוזאַמענגעשטעלטן קינדישן קערפּער, ווי ער באַוועגט זיך פֿלינק אויף זײַנע פֿיס, און אַנשטאָט דעם קאָפּ, שטאַרצט דאָס הויקערל אַרויס צום הימל. דער קאָפּ איז געזונקען צו דער ערד. זײַנע באַוועגונגען מיט זייער ריטמישער גראַציע באַשאַפֿן אַרום זיך אַזאַ שטילע מנוחהדיקייט, אַז עס דאַכט זיך, אַז זײַן מום איז נישט קיין קללה, נאָר אַן עלעגיש ליד, וואָס באַגלייט אים ווי אַ פּערזענלעכער מאָטיוו. זײַן פּנים, ווען ער האָט עס אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און אָפּגעקוקט צו די מענטשן, האָט אַרויסגעשטראַלט פֿון זיך אַ גייסטיקע רואיקייט, אַ דערהויבנקייט, וואָס האָט נישט באַאומרואיקט, נאָר אַרײַנגעבראַכט אין אַ מנוחהדיקער שלמות. זײַן הויכער שטערן, זײַנע שיינע, שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט מיט ליבע און מחילה פֿון זײַן כּמעט־קינדישן פּנים, פֿון די אויסגעוועלבטע, איידל־געבויגענע ברעמען מיט אויסערגעוויינטלעך איידעלע בליקן, האָבן געוועקט נאָבלקייט אין יעדן האַרץ. און ווי קאַל זײַן קאָפּ איז נישט געווען, האָט ער דאָך פֿאַרמאָגט אַ קראַנץ גרויע האָר אַרום זײַן ליסינע, וועלכע האָט אַזוי זיך צוגעפּאַסט צו אים, ווי ער וואָלט באַקראַנצט געוואָרן פֿון דער נאַטור מיט אַ נצחון־קראַנץ, דערפֿאַר, וואָס ער האָט גובֿר געווען דעם פֿעלער, וואָס זי, די נאַטור, האָט אויף אים אָנגעוואָרפֿן.

איך האָב תּמיד זיך געפֿרעגט: וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אים, דאָס ספּעציפֿישע, וואָס גיט צו נאָבלקייט צו זײַן פּערזאָן? און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז דער איידעלער טרויער, וועלכער שײַנט אַרויס פֿון זײַן פּנים, באַשײַנט זײַן קערפּער מיט האַרמאָנישער גאַנצקייט. דער טרויער פֿון דעם גריך האָט גערירט יעדעס האַרץ, וואָס איז נאָר געקומען אין באַרירונג מיט אים; דער טרויער איז נישט געווען קיין רעזולטאַט פֿון דעם דעפֿעקט פֿון זײַן קערפּער, אָדער פֿון עפּעס אַנדערע מאַטעריעלע לײַדן, ניין, עס איז נישט געווען דער טרויער פֿון פֿעלן, נאָר דער טרויער פֿון שלמות, דער טרויער, וואָס קוועלט אַרויס פֿון חכמה. די חכמה וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע גרויסע אויגן, האָט פֿאַרשפּרייט דעם טרויער, ווי אַ שלייער אַרום אים. וואָרעם די חכמה, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע אויגן, איז נישט געווען קיין האָפֿענונג־ברענגענדיקע, ווי די חכמה, וואָס האָט געשײַנט אויף מײַן רבינס פּנים. דער קלוגער בליק פֿון דעם גריכס אויגן איז געווען אַ יאושדיקער, פֿאַרצווייפֿלטער, — אויגן, וואָס האָבן שוין אַלצדינג געזען, און זייער בליק האָט אַדורכגעשטאָכן אַלע נעבלען, וואָס רינגלען אונדז אַרום, דערגרונטעוועט ביז צום אין־סוף און דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף פֿינצטערניש.

ווי ווײַט עס זײַנען זיך נישט פֿונאַנדערגעגאַנגען די וועגן פֿון מײַן רבין און פֿון דעם גריכישן פֿילאָזאָף, האָט זיי אָבער פֿאַרבונדן איין גרויסע תּשוקה נאָך וויסן. פּונקט ווי מײַן רבי, האָט דער גריכישער פֿילאָזאָף אויך עוסק געווען בײַטאָג און בײַנאַכט אין זײַן תּורה און פֿון איר געוואָלט דערגיין דעם תּכלית פֿון מענטשן, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס מײַן רבי האָט געבלאָנדזשעט אין די פֿאַר־צווײַגטע וועגן פֿון זײַן לערע, און אים האָט באַגלייט דאָס ליכט פֿון זײַן גלויבן; זײַן גריכישער אָפּאָנענט אָבער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין דעם פֿינצטערן, צע־בושעטן ים, וואָס רינגלט אונדז אַרום, — אָן אַ שטערן, וועלכער זאָל אָנווײַזן דעם וועג וואָס זײַן שיף האָט זיך צו קערעווען, אָן דעם באַוואוסטזײַן, אַז עס איז ערגעץ־וואו דאָ אַ ברעג אָנצוקומען. דער פֿאַרצווייפֿלטער אומבאַוואוסטזײַן האָט באַגלייט דעם גריך, ווי אַ טרויעריקער מאָטיוו. אָבער די תּשוקה צו דערגיין דעם אמת איז בײַ ביידן געווען די זעלבע. פּונקט ווי מײַן רבי, האָט דער פֿרעמדער געווידמעט זײַן לעבן פֿאַר אַן עולה תּמימה צו זײַן חכמה. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער באַגער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַלע הנאָהס פֿון דער וועלט, האָט געהאַלטן זײַן גוף פֿאַרשקלאָפּט צו דער נשמה, האָט געהאַסט אַלץ, וואָס קאָן אים אָפּציִען פֿון זײַנע רעיונות און אַרײַנברענגען אים אין די שקלאַפֿן־שטריק פֿון דער וועלט, ווי דאָס ווײַב וכדומה. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט חתונה צו האָבן, ווען אַפֿילו דער רײַכער יוסף רמתי האָט אים געוואָלט שענקען איינע פֿון זײַנע שקלאַפֿינס, ער זאָל האָבן קינדער. ער האָט זיך אויסגעהיט פֿון לעבן, ווי ער וואָלט נישט גע־וואָלט דערמיט זיך מטמא־זײַן; נאָר זײַן גאַנצן נפֿש געהאַלטן אין אַן אומבאַ־פֿלעקטער בתולהשאַפֿט, ווי זיי האָבן דאָס גערופֿן, בתולה־נצחית — אייביקע יונגפֿרוילעכקייט, און זײַן ווידמענען זיך דער וויסנשאַפֿט האָט ער באַטראַכט ווי אַ הייליק חתונה־האָבן מיט דער חכמה, אָדער ווי ער האָט עס גערופֿן, מיט דעם אמת.

אין דעם פּרט איז ער ענלעך געווען צו מײַן רבין. זיי האָבן פֿאַר גאָר־נישט געהאַט קיין אינטערעס, ווי נאָר צו דערקענען דעם אמת. און כאָטש די וועגן, דורך וועלכע זיי האָבן געזוכט דעם אמת, זײַנען בײַ זיי זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען ווי מזרח און מערבֿ, דאָך די תּשוקה צום אמת האָט זיי ביידע צוזאַמענגעבונדן ווי ברידער. זיי האָבן געזוכט איינער דעם אַנדערנס חבֿרותא. און ווען אַפֿילו אין היץ פֿון וויכּוח האָבן זיי אָפֿט מאָל פֿאַרגעסן, אַז די רייד פֿון דער חכמה ווערן געפֿירט בנחת, האָבן זיי אָבער דאָך נישט געקאָנט לעבן איינס אָן דעם אַנדערן. זיי האָבן זיך אויפֿגעזוכט, און איינער האָט געפּרוּווט פֿון אַנדערן לערנען און דערגיין זײַן וועג.

פֿון וואָס האָבן זיי גערעדט און וואָס האָבן זיי געלערנט? אַלץ. מײַן רבי האָט געזוכט פֿון דעם גריכישן פֿילאָזאָף צו לערנען און צו דערגיין די ידיעות, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פֿון זײַנע רביים וועגן די געזעצן פֿון דער נאַטור, וועגן אַלץ, וואָס עס האָט צו טאָן מיט גאָטס באַשעפֿענישן אויף דער ערד, וואָס די גריכישע פֿילאָזאָפֿן האָבן אויסגעפֿאָרשט און פֿאַרשריבן אין זייערע כּתבֿים. וואָרעם וואָס מער זאַמלען וויסן, — האָט אונדזער רבי געלערנט — אַלץ מער הייסט עס דערקענען גאָט. און וואָס מער מען דערקענט גאָט, אַלץ מער ליבט מען אים און מען האָט מורא פֿאַר אים, ווײַל מען זעט זײַן אומענדלעכע גרויסקייט. און ווי אַזוי

קאַן מען דערקענען גאָט ווען נישט דורך זײַנע מעשׂים? „די מעשׂים פֿון דײַנע הענט דערציילן פֿון דײַן הערלעכקייט". — און ווי פֿיל זײַנען דײַנע מעשׂים, גאָט! — פֿלעגט ער אויסרופֿן, ווען ער איז געוואָר געוואָרן פֿון אַ נײַעם נאַטורגעזעץ, אָדער פֿון אַ מאַטעמאַטישער אויסרעכענונג, וואָס דער גריך האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט איר, — מײַן רבי האָט דעם טאָג געפֿילט זיך גליקלעך. דער גריכי־שער פֿילאָזאָף ווידער האָט פֿון מײַן רבין געוואָלט דערגיין דעם יסוד פֿון דער ייִדישער אמונה, אין וואָס עס באַשטייט די מאַכט פֿון ייִדישן גלויבן, וועגן די מצוות און מעשׂים פֿון הייליקן פֿון ישׂראל, און אויף וואָס די ייִדן שטיצן און באַגרינדן זייער אמונה אין דעם אומגעזעענעם אַלמעכטיקן. וואו זײַנען די לאָגישע אויספֿירן פֿאַר זײַן קיום און וו אָ ס זײַנען די נישט אָפּפֿרעגלעכע באַווײַזן, אַז עס איז טאַקע דאָ אַן אויג, וואָס זעט, און אַ האַנט, וואָס פֿירט די וועלט.

וואָרעם אַלע שלעסער, וועלכע עפֿענען די אוצרות פֿון וויסן, האָט דער פֿי־לאָזאָף געקאָנט עפֿענען מיט דעם שליסל, וואָס זײַנע רביים האָבן אים איבערגע־געבן. נאָר איין שלאָס איז געווען פֿאַר אים שטענדיק פֿאַרשלאָסן. און דאָס איז געווען דער שלאָס, וואָס איז געהאָנגען אויף דער טיר פֿון גלויבן. און אַן גלויבן זײַנען אַלע ידיעות אונדזערע ווי איינצלנע, צעוואָרפֿענע שטיינער, אַפֿילו גאַנצע ווענט־פֿאַסאַדן, אָבער קיין בנין איז עס נישט, — האָט מײַן רבי געלערנט, — „דו קאָנסט נישט וואוינען דערין". ערשט דער גלויבן בויט אַ בנין אויס די איינצלנע שטיינער. די אמונה איז געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַרן גריך אויף זיבן שלעסער, ווען אַפֿילו זייערע חכמים זײַנען דערגאַנגען דורך זייער תּשוקה צו דעם אמת הורך דעם טייל פֿון חלק אלה' ממעל, וואָס איז אין זיי, ביז צו די טירן, וואָס פֿירן צו דער געטלעכקייט, — זײַנען זיי דאָך אינעווייניק קיין מאָל נישט אַרײַנגעקומען, ווײַל דאָס לעצטע טירל, וואָס פֿירט צו די אינעווייניקסטע חדרי־חדרים, קאָן קיין חכמה, קיין תּשוקה, קיין אויסדערוויילטקייט נישט אויפֿעפֿענען, ווי נאָר דער בלויזער גלויבן. אַ פּראָסטער בשׂר־ודם, וואָס האָט נישט קיין וויסן, ווען ער האָט אָבער דעם גלויבן, קאָן ער יאָ אַרײַנקומען אין די חדרי־חדרים, — האָט מײַן רבי געלערנט — און דער גרעסטער פֿילאָזאָף, וועלכער האָט אָנגעזאַמלט חכמה אַזוי פֿיל ווי די וואַסערן אין ים, ווען ער האָט אָבער נישט די אמונה, קאָן ער אין די חדרי־חדרים נישט אַרײַנקומען.

און דער פֿילאָזאָף איז געשטאַנען אין דרויסן. נאָר די גרויסקייט זײַנע איז געווען, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז ער שטייט אין דרויסן (אַנדערע ווייסן עס נישט). און זײַן תּשוקה אַרײַנצוקומען אינעווייניק איז געווען זייער שטאַרק, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „ונפשי חשקה בה'", איז עס אַפֿילו געזאָגט אויף די אומות־העולם, — אַזוי ווי אונדזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז דער פֿון די אומות־העולם, וואָס פֿאָרשט גאָט, איז גרעסער פֿון אַ כּהן גדול, און זײַן תּשוקה קאָן אים דערברענגען אונטער די פֿליגלען פֿון דער שכינה.

מײַן רבי נקדימון האָט געזען דעם ניצוץ פֿון זײַן נשמה, האָט ער דערפֿילט די תּשוקה אין איר צו דערגיין דעם אמת, און ער האָט אים דעריבער מקרב געווען. וואָרעם אונדזער רבי האָט געזאָגט, אַז יעדע נשמה פֿון אַ מענטש איז אַ טייל פֿון דער געטלעכקייט און יעדע נשמה איז מסוגל מתקרב צו זײַן זיך צום געטלעכן פֿאָטער. און ווען אַפֿילו זי איז נישט געשטאַנען בײַם באַרג סיני און האָט נישט

געגומען אויף זיך דעם עול פֿון מלכות־שמים, אַזוי ווי די נשמות פֿון די ייִדן, איז זי אָבער ראוי דורך דעם געטלעכן ניצוץ, וואָס זי האָט אין זיך, אַדורכצומאַכן פֿון זיך אַליין אַלע מדרגות, וואָס די ייִדישע נשמה האָט דורכגעמאַכט דורך דער לאַנגער קייט פֿון אונדזערע דורות, צו דערפֿילן אין זיך דעם נאַטירלעכן כּוח און מיט איין שפּרונג זיך דערנענטערן צו איר מקור. דענסטמאָל איז זי ריין און שטייט אויף דער זעלבער מדרגה ווי די ייִדישע נשמה, און נאָך העכער, ווײַל זי איז געקומען צו דער מדרגה מיט איר אייגענעם כּוח און איר אייגענעם ווילן, און די נשמות פֿון אַלע אָבֿות און אַלע נבֿיאים און אַלע תּלמידי־חכמים, וועלכע האָבן געלײַטערט און דערהויבן אונדזערע נשמות, זײַנען אויך אין איר. און ווער רעדט נאָך, ווען די נשמה איז פֿון אַ חכם, איז זי אַוודאי מסוגל צוצוקומען צו איר מקור. און דער רבי נקדימון האָט געוואָלט העלפֿן דער נשמה פֿון חכם, וועלכע האָט זיך, נעבעך, געפּלאָגט אין איר פֿינצטערניש, צו באַפֿרײַען זיך פֿון די שנירן פֿון זינד און עבֿודה־זרה, וועלכע האָבן זי געהאַלטן געבונדן. און ער האָט דורך דעם אים נישט אַפּגעשטויסן פֿון זיך און נישט אָפּגעשראָקן אים מיט חומרות און דינים, ווי די תּלמידים פֿון שמאַי האָבן געטאָן, וואָס פֿלעגן שווער מאַכן דעם עול פֿון מלכות־שמים, נאָר ווי די תּלמידים פֿון הלל פֿלעגן זיך נוהג זײַן מיט גרים.

אָפֿט מאָל איז מיר אויסגעקומען דערבײַ צו זײַן, ווען מײַן רבי האָט געפֿירט וויכּוחים מיט דעם גריכישן חכם איבער וועלטלעכע דינים. נאָר איין מאָל בין איך געווען אַן עדות פֿון אַ וויכּוח צווישן רבין און דעם פֿרעמדן חכם איבער די נצחיות פֿון דער מענטשלעכער נשמה. יאָ, אויך זיי האָבן געהאַלטן פֿון דער אייביקייט פֿון דער נשמה, נאָר זיי האָבן געוואָלט דערגיין צו דער מדרגה נישט דורך דער אמונה, נאָר על־פּי־שׂכל, און זיי האָבן אָנגעווענדט דערבײַ סבֿרות, וואָס, פֿאַר זיך גענומען, קאָן מען זיי אָפּפֿרעגן מיט אַנדערע סבֿרות, וואָרעם דער מענטשלעכער לשון לאָזט זיך פֿיל אויסטײַטשן. און פּונקט ווי מיט דער השגה פֿון אונדזער שׂכל קאָן מען מחייבֿ־זײַן דעם קיום פֿון דער נשמה, אַזוי קאָן זי אָבער אויך מחייבֿ־זײַן, חלילה, פֿאַרקערט.

דער געשפּרעך האָט זיך געדרייט אַרום דעם, וואָס איז בעסער פֿאַר דעם מענטשן, צי די בחירה, וואָס גאָט האָט אים געגעבן איבער דער בהמה און איבער דער חיה צו זוכן און צו געפֿינען אים, אָדער, חלילה, די בלינדקייט פֿון דער בהמה. דער פֿילאָזאָף האָט געטענהט:

— מיר האָבן קיין באַווײַז נישט, אַז מיר זײַנען טאַקע אַנדערש ווי די בהמה. מיר האָבן גאָרנישט אין דער האַנט, וואָס זאָל אונדז באַרעכטיקן צו דעם שטאָלצן אויספֿיר. אונדזער אינטעלעקט? יעדע חיה און יעדער וואָרעם איז באַשאַנקען פֿון דער נאַטור מיט אַ מיטל און אַ פֿאַרטל אײַנצושאַפֿן זיך חיונה און זיך ווײַטער צו מערן. אַנשטאָט נעגל און ציין, זײַנען מיר באַשאַנקען געוואָרן מיט אַ ביסל מער כיטרעקייט, וואָס מיר רופֿן עס שׂכל, און מיט אָט דעם מיטל האָבן מיר באַזיגט די שטאַרקערע חיות. אָבער אין דער אמתן זײַנען מיר ווערעם, צו וועלכע עס איז מיט אַ קאַרגער האַנט אויסגעטיילט געוואָרן ספּק־טעג, געוואָרפֿן פֿון געבוירן אָן, פֿון אונדזערע מוטערס בײַכער, אויף אַ פֿעלדז, פֿול מיט שטרויכלונגען. אַלע זײַנען מיר געוואָרפֿן געוואָרן אין אַ שלאַנגען־גרוב, וואו דער שטאַרקערער פֿרעסט דעם שוואַכערן, און סײַ דער שטאַרקערער, סײַ דער שוואַכערער, איז אַ

קערנדל, וואָס פֿאַלט אין דער לאַך פֿון דער מיל צעריבן צו ווערן אונטער די זעלבע מילשטיינער. וואו איז דער באַוויַז, אַז מיר זיַנען בעסער פֿון די ווערים, אויב אויך ביַי אונדז הערשט דאָס געזעץ פֿון כּל דאלים גבר?

אָבער אונדזער רבי האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— קומט און זעט די גרויסקייט פֿון באַשעפֿער. דורך דעם באַשאַף דערקענט מען אים, — האָט מיַין רבי אָנגעהויבן, — אַ ווערעם האָט ער דעם מענטש גע־מאַכט און מער ווי אַ מלאך וויל ער זיַן. אויב מיר זיַנען נישט מער ווי ווערעם, פֿאַרוואָס האָט ער אין אונדז געוואָרפֿן דעם פֿאַרלאַנג און דעם דאָרשט אים צו זוכן? נאָך אים צו בענקען? אים צו געפֿינען? הלמאי באַגניגענען מיר זיך נישט, מיר מענטשן, מיט דעם זעלבן גורל ווי די בהמה און די חיה. מיר וואָלטן דענסטמאָל בלינדערהייט אונדזער גורל אָנגענומען פֿאַר גוט ווי יעדע חיה. מיר וואָלטן געפֿרעסן מיט לוסט דאָס ביסעלע פֿלייש, וואָס מיר באַדאַרפֿן פֿאַר אונדזער חיונה, און מיר וואָלטן אָן קלאָג און אָן תרעומות געוואָרן די שפּיַיז פֿאַרן שטאַרקערן. צי ווייסט דען דער שטויב, אַז ער ווערט צעשפּרייט פֿון ווינט איבער די פֿיר עקן? עס פֿרייט זיך יעדע בהמה מיט דעם ביסעלע גראָז, וואָס גאָט שיקט איר צו, דער וואָרעם — מיט דעם אינזעקט, וואָס פֿאַלט אים אין מויל אַריַין. פֿאַרוואָס האָט ער אונדז נישט באַשאַפֿן ווי זיי? אין דעם דאָרשט נאָך גאָט איז שוין דאָ גאָט. קומט און זעט די אומות־העולם, וואָס מאַכן זיך געצן, ווערק פֿון זייערע הענט, און בוקן זיך צו זיי. פֿאַרוואָס טוען זיי דאָס? וויַיל זיי זוכן גאָט, זיי בענקען נאָך אים. דורך זייער עבֿודה־זרה דינען זיי דעם איינציקן לעבעדיקן באַשעפֿער. זייערע אויגן זיַנען טאָקע בלינד, זיי זוכן אין שלעכטע וועגן, אָבער זייערע הערצער בענקען דאָך נאָך גאָט. זיי דאָרשטן דאָך נאָך אים. און אַז עס איז דאָ דער דאָרשט, איז אויך דאָ דער געטראַנק. אָן געטראַנק וואָלט קיין דאָרשט נישט געווען. דאָס איז דער חסד, וואָס דער גאָט פֿון ישׂראל האָט געטאָן מיט דעם מענטשן, דעם בחיר־היצירה.

— מיר ווייסן נישט, אויב מיר זיַנען די געטער אַ דאַנק שולדיק פֿאַר דעם דאָרשט, וואָס זיי האָבן אַריַינגעוואָרפֿן אין אונדז. אפֿשר איז עס גאָרנישט קיין חסד, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אונדז, נאָר אַ רעה. מיר ווייסן נאָך נישט, וועמעס גורל עס איז בעסער, — דעם מענטשנס, וואָס ער איז באַשאָנקען מיט שׂכל צו אַנאַליזירן און צו פֿאָרשן, אָדער טאָקע דער בהמהס. דער מענטשלעכער שׂכל איז מער אַ חסרון ווי אַ מעלה, און מיר באַדאַרפֿן אים אָפּשוואַכן אין אונדז, און אפֿשר טאָקע צוקומען צו דער מדרגה פֿון דער בהמה. וואָס נוצט אונדז דער שׂכל, אַז מיר קאָנען מיט אים נישט אַדורכשפּאַרן די וואַנט, אין וועלכער מיר זיַנען איַינ־געשלאָסן ווי אין אַ רינג, ווי יעדע אַנדערע בהמה, ניין, דעם אמת קאָן מען סוף־כּל־סוף קיין מאָל נישט דערגיין.

— אָן גאָט, צו וואָס דאַרף מען האָבן דעם אמת? — האָט אונדזער רבי גע־פֿרעגט.

— איז דער אמת נישט ווערט, אַז מען זאָל אים זוכן פֿאַר אים אַליין, נישט צו קוקן דערויף, אויב ער וועט אונדז צופֿירן צו די געטער אָדער קעגן זיי?

— אָן גאָט איז נישטאָ קיין אמת. אָן אים זיַנען דאָ אַ סך אמתן. דער אמת איז איינער, ווי גאָט.

— אָבער איר וועט מיר מוחל זײַן, לויט אונדזער שׂכל, וואָס מיר באַנוצן, קומט אונדז אויס, אַז דאָס איז אַן ערגערע געצנדינערײַ. ווי די, וואָס עס טרײַבן די באַרבאַרן. יענע, צום ווינציקסטן, ווייסן ווי זייערע געצן זעען אויס, און וועמעס נאָמען זיי פֿירן אויס זייערע ווילדע מעשׂים, — זיי האָבן זייער באַגרענעצטן אמת. איר אָבער ווייסט נישט, ווער אײַער גאָט איז, וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם ער האָט. דאָס איז נישט קיין דינען דעם איינציקן אמת, עס איז אַ געשריי אין דער פֿינצטערניש. איר ווייסט דאָך אַפֿילו נישט, אויב עס איז דאָרטן פֿאַראַן ווער, וואָס הערט אײַער רוף.

— נישט אין דער פֿינצטערניש, נאָר אין דער אומענדלעכקייט אַרײַן. און מיר גלויבן, אַז דאָרט איז דאָ אַן אויער, וואָס הערט, אַן אויג, וואָס זעט.

— אָבער דאָס איז דאָך בלינדע אָנערקענונג.

— יאָ, נישט נאָר בלינדע אָנערקענונג, נאָר בלינדע ליבע.

— אָבער ווי אַזוי קאָנט איר ליב האָבן דאָס, וואָס איר ווייסט נישט וואָס עס איז?

— מיר דערקענען אים לויט זײַנע מידות. און זײַנע מידות ליבן מיר; כאָטש מיר ווייסן נישט, ווער ער איז, און מיר קאָנען זיך נישט פֿאָרשטעלן אין אונדזער מחשבֿה קיין פֿאָרם, וואָס קאָן אים דערהאַלטן. אונדזער ליבע צו אים ווערט נישט אַרויסגערופֿן דורך דער אָדער יענער מעלה, וועלכע די געטלעכקייט באַזיצט, ווי עס איז דער פֿאַל בײַ אײַך. אונדזער ליבע צו אים איז אומבאַדינגט, אָן־תּנאַימדיק. דורך דעם איז זי די איינציקע, די אמתדיקע ליבע, ווײַל זי איז אומענדלעך, ווי דער אין־סוף.

— אָבער דאָס איז דאָך אַ געטער־פֿאַרערונג פֿון אַ מוילקראָט און נישט פֿון קיין מענטשן; פֿון אַ מוילקראָט, וואָס האָט קיין מאָל נישט געזען די ליכטיקע שײַן, און דער ערד־קאַנאַל, אין וועלכן ער נאָרעט זיך, איז פֿאַר אים די גאַנצע וועלט. אַזוי זוכט איר אײַער גאָט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און אָן באַוואוסטזײַן. אָבער אונדז, מענטשן, האָבן די געטער באַשאָנקען מיט דעם ליכט צו זען די הערלעכע שטראַלן פֿון דער זון, די רײַכע פֿאַרבן פֿון דער ערד, די שטערן און די בלומען, די וואָלקנס און די פֿעלדער, דעם גאַנצן שפֿל קאָלירן, וואָס אונדזער אויג־אַפּל נעמט אויף, — און דאָס פֿאַרזאָגט איר אײַער גאָט. מיר, מענטשן, וואָס די געטער האָבן אונדז באַשאָנקען מיט דעם געפֿיל פֿאַר ליניע, וואָס מיר פֿרייען זיך מיט אַלע ניואַנסן פֿון באַוועגונג, פֿון ציטער, פֿון טאַנץ און ריטעם; מיר, וואָס פֿאַרמאָגן דעם חוש און דאָס געפֿיל פֿון האַרמאָנישער גאַנצקייט, וואָס מיר פֿרייען זיך מיט דעם געזאַנג, וואָס די וועלן־פֿאַלדן וואַרפֿן אָן אויף אַ נאַקעטן קערפּער; מיר, וואָס קאָנען פֿעסטזעצן פֿאָרמען; מיר, וואָס די געטער האָבן אונדז באַשאָנקען מיט דער העכסטער סגולה פֿון אַרײַנברענגען אָרדענונג אין כאַאָס, און מיט די געטער צוגלײַך ברענגען מיר אַרײַן האַרמאָניע אין באַוועגלעכע טיילן און גיסן דאָס אויס אין איין גאַנצקייט, — זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן אין אונדזער דינסט, אין אונדזער פֿאַרהערלעכונג, אין אונדזער געזאַנג צו די געטער פֿון די אַלע אַטריבוטן, וואָס די געטער האָבן אונדז באַשאָנקען מיט זיי? מיר דינען אונדזערע געטער מיט די העכסטע מעלות, וואָס די געטער האָבן אונדז באַשאָנקען מיט זיי, מיט אונדזערע אויגן, אויערן, געפֿילן, חושים, מיט דעם איידלסטן און העכסטן, וואָס דער מענטש

פאַרמאַגט, — מיט אונדזער קונסט. נישט ווי איר. אײַער געטער־דינסט איז אַ געטער־דינסט פון מוילקרעט און אַנדערע ערד־ווערעם!

מײַן רבי האָט אַ ווײַל געשוויגן. זײַן פּנים, וואָס האָט קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם ליכטיקן אָנזען פון דער נחתדיקער מנוחה, איז פינצטער געוואָרן און טרויעריק, אָבער נאָר אויף איין סעקונדע. ער האָט זײַן שיינעם, גרויסן קאָפּ אויסגעבויגן צום באַלקן. די ווײַסלען פון זײַנע פּײַכטע, טונקעלע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געגעבן, און ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל אין זײַן גערדיכטער באָרד אַרײַן:

— יעדער איינער פון אונדז דינט זײַן געטלעכקייט לויט די אַטריבוטן, וואָס ער שרײַבט צו זײַן געטלעכקייט. אײַער באַגריף פון געטלעכקייט באַשטייט אין די אידעאַלע מענטשלעכע מעלות און איר באַמיט זיך צו דינען איר דורך די אידעאַלע מענטשלעכע מעלות, דורך שיינקייט, גבורה, האַרמאָניע. מיר שרײַבן צו אונדזער געטלעכקייט נישט קיין מענטשלעכע, נאָר הימלישע אַטריבוטן: אומענדלעכקייט, אומצײַטלעכקייט, אומפאַרדאַרבנקייט. צוליב דעם קאָן אונדזער פאַרהערלעכונג, אונדזער דינסט צום לעבעדיקן גאָט נישט זײַן קיין מעלה, וואָס איז צײַטלעך, ערדיש, ענדלעך און פאַרענדערלעך. מיר זוכן אויס אין אונדז דעם טייל, וואָס איז נישט מענטשלעך, וואָס איז אַ טייל פון דער געטלעכקייט אין אונדז, אונדזערע נשמות, און דורך דעם דינען מיר דער געטלעכקייט. מיר ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ ליניעס עס באַזיצט די נשמה, וואָס פאַר אַ קאָליר זי פאַרמאָגט, וואָס פאַר אַ פאָלדן איר קלייד וואַרפט, וואָס פאַר אַ באַוועגונגען איר קערפּער מאַכט. און דורך דעם נשמה־לשון רעדן מיר צו אונדזער גאָט. דורך די נשמה־אויגן זעען מיר אונדזער גאָט און דורך דעם נשמה־געפיל פאַרהערלעכן מיר אונדזער גאָט. אונדזער באַגריף וועגן גאָט איז געטלעך, ווײַל דער באַגריף איז אַ טייל פון אים. יאָ, מיר פאַרמאַכן אונדזערע אויגן פאַר דער שיינקייט פון דער וועלט, כּדי מיר זאָלן דערזען די אייביקע שיינקייט פון הימל. מיר פאַרשליסן אונדזערע חושים פאַר דער האַרמאָנישער גאַנצקייט פון דער וועלט, כּדי מיר זאָלן דערפילן די אייביקע שלמות פון יענער וועלט.

— אָבער וואָס רעדט איר זיך אײַן, אַז נאָר איר אַליין באַזיצט די סגולה פון נשמה? אויך מיר גלויבן אין דער אייביקייט פון דער נשמה, אָבער די נשמה קאָן נישט זײַן אַ פּוסטער, הוילער עכאָ פון אַן אומבאַוואוסטן אין־סוף. די נשמה קאָן נאָר זײַן אַ סך־הכּל פון דעם גאַנצן סכום שיינקייט, דערהויבנקייט, גבורה, ליבע, פרײַנדשאַפט, מיט איין וואָרט, פון די אַלע אידעאַלן, וואָס מיר פאַרהערלעכן אין מענטשן. זי איז די וואָגשאָל, אויף וועלכער מיר וועגן די מעלות. מיר משפּטן זיי, לויט דער האַרמאָנישער גאַנצקייט, וואָס מיר דערפילן דורך אונדזער נשמה. די האַרמאָנישע גאַנצקייט, וועלכע באַלאַנסירט אונדזערע געפילן, איז אייביק און אומפאַרגענגלעך, ווײַל זי איז די שלמות, דאָס אידעאַלע אין אונדז.

— יאָ, ווען מען גלויבט, אַז עס איז דאָ אַ שר פון שלמות, ווען מען גלויבט, אַז עס איז ערגעץ־וואו דאָ אַ קוואַל, פון וועלכן די שלמות קוועלט אַרויס, קאָן מען אויך גלויבן אין דער שלמות פון דער נשמה. ווען איך מיין, אַז עס איז דאָ דער כּולו־טוב, קאָן איך גלויבן אין דעם ניצוץ אין מיר, וואָס איז אַ טייל פון אים, וואָס באַזיצט זײַן אייגנשאַפט. ווען אָבער איך גלויב נישט, אַז עס איז ערגעץ־וואו פאַראַן אַ מיטלפּונקט, וואָס איז דער איינציקער, דער אייביקער, דער נישט־אָפּ־

פֿרעגלעכער אמת, דער איינציקער כּוח, וואָס איז כּולל אין זיך כּולו־טובֿ, און מײַן נשמה איז אָנגעבונדן אין אים און זי שעפּט אירע כּוחות פֿון אים, — איז פֿון וואַנען ווייס איך, אַז דער כּוח פֿון מײַן נשמה איז טאַקע דער ריכטיקער, וואָס איך זאָל זיך איבערגעבן אין זײַן רשות? ווען אַפֿילו איך זאָל אָננעמען, אַז מײַן נשמה באַזיצט האַרמאָניע, איז ווער קאָן מיר זאָגן, אַז איר האַרמאָנישע גאַנצקייט איז טאַקע דאָס גוטע, וואָס איך האָב נאָכצופֿאָלגן, אַז דאָס, וואָס זי באַזיצט, איז טאַקע די שלמות? טאָמער איז עס גאָר פֿאַרקערט, און נישט זי האָט רעכט און נישט זי באַדאַרף מען האַרכן, נאָר די תּאוות פֿון קערפּער, וואָס ווילן אונדזער גוטס, און נאָך זיי באַדאַרף מען נאָכגיין? אַז עס איז נישטאָ קיין דין ודיין, וואָס מען זאָל קאָנען משפּטן נאָך זיי!

דער חכם האָט זיך געמיט אויפֿצוהייבן זײַן געזונקענעם קאָפּ און פֿון זײַנע אויגן האָט אַרויסגעשײַנט דאָס גוטע, אַלווויסנדיקע שמייכעלע, מיט וועלכן ער האָט באַזאָנפֿטיקט אַלע זײַנע קעגנער. ער האָט געקוקט אויפֿן רבין, וועלכער האָט זיך צעהיצט און צעקאָכט אין זײַנע רייד, מיט אַ רחמנותדיקן בליק, ווי מען קוקט אויף קינדער, און ער האָט זיך אָנגערופֿן:

— די געטער זײַנען געווען קאַרג צו אונדז. אין דער פֿינצטערער נאַכט, אין וועלכער זיי האָבן אונדז אַרײַנגעשיקט, האָבן זיי נאָר איין לאָמטערנע אָנגעהאָנגען אויף אונדזערע העלדזער, — און דאָס איז, דער שׂכל. מיט דער הילף פֿון דעם ליכט האָבן מיר אויפֿגעהויבן אַ קליינעם שטח פֿון אונדזערע וואַלקנס. דער שׂכל באַלײַכט נאָר אונדזערע נאָענטסטע טריט, אָבער אַ שפּאַן ווײַטער ווי אונדזער שׂכל דרינגט אַרײַן, איז ווידער פֿינצטער. רבי, איר שפּרינגט אַרײַן אין אַט דער אָן־סוף־דיקער געדיכטעניש פֿון דער פֿינצטערניש, וועלכע איז פֿאַרמאַכט פֿאַר אונדזערע אויגן מיט שוואַרצע ווענט. דערנאָך קומט איר אַרויס פֿון דאָרט און איר זאָגט: „בײַ דער ענד פֿון דער נאַכט איז אייביקער טאָג". די שטראַלן פֿון מײַן ליכט ווערן אויסגעלאָשן בײַ מײַן נאָענטסטן טראָט. ווי אַזוי קאָן איך וויסן, וואָס עס איז דאָרט אין דער נאַכט, אַז איך בין דאָרט נישט געווען, אַז איך קאָן זי נישט זען מיט מײַנע אייגענע אויגן, אָדער דערפֿילן זי מיט אַן אַנדער חוש, אַחוץ די, וואָס זײַנען מיר פֿון די געטער איבערגעגעבן געוואָרן צו געווינען דערפֿאַרונגען?

— דורך דער פֿינצטערער וואַנט אַדורכשפּרינגען קאָן מען נאָר מיט איין כּוח,

— און דאָס איז, דער כּוח פֿון דער אמונה. אַזוי ווי דער זינגער פֿון ישׂראל זאָגט: „צדיק באמונתו יחיה".

— אָבער וואָס איז אמונה, רבי? וואו געפֿינט מען זי? דורך וועלכער סגולה דערגרייכט מען צו דער מדרגה פֿון דער אמונה?

— דער וועג צו דער אמונה איז די אמונה אַליין. דורך תּשוקה צו גאָט דערפֿילט מען גאָט. ער אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אַלע, וואָס זוכן אים. בענקט נאָך אים, דאַרשט נאָך אים — און איר וועט אים דערפֿילן.

דער חכם איז שטיל געוואָרן. ער האָט ווידער געזונקען זײַן קאָפּ צו דער ערד און איז געבליבן זיצן אין שווײַגן. זײַנע אויגן האָבן אויסגעזען פֿאַרמאַכט און זײַן גאַנצער גוף איז געווען אָפּגעשלאָסן און פֿאַרכאַפּט אין איין־איינציקן ריטם פֿון מנוחה, ווי ער וואָלט אַוועק אין גאַנצן אין אַן אַנדער וועלט. נאָך אַ לאַנגער ווײַל האָט ער פּלוצלינג אויפֿגעהויבן זײַן קאָפּ פֿון אונטער דער נישט־געזעענער שווע־

רער האַנט, וואָס האָט געדריקט זײַן נאַקן. און פֿון אונטער זײַן גרויסן שײַנענדיקן שטערן האָבן זײַנע אויגן געדוט אויפֿן פּנים פֿון מײַן רבין. דאָס מאָל האָבן זיי געהאַט פֿאַרלוירן דעם אַלוויסנדיקן בליק, און דער בטולדיקער, רחמנות־אויס־דריקנדיקער שמייכל איז אָפּגעווישט געוואָרן פֿון זײַנע דינע ליפּן. דאָס מאָל זײַנען זײַנע אויגן ברייט אָפֿן געווען, ערנסט געווען, און זייערע שוואַרצאַפּלען האָבן אַרויסגעפֿינקלט פֿון אַ פֿײַכט־שטראַלנדיקן וואַסער־ים. ער האָט לאַנג געקוקט אויף מײַן רבין מיט אַן אויסדרוק פֿון צער און האָפֿענונג און האָט זיך אָנגערופֿן:

— אפֿשר איז דאָס דער וועג? אפֿשר באַהאַלט זיך דער אמת אין אומוויסן, און דערגיין קאָן מען אים נאָר דורך אַ שפּרונג אין דער נאַכט אַרײַן, — ווי איר טוט עס רבי?

— נישט אין דער נאַכט אַרײַן, נאָר אין אייביקן טאָג אַרײַן.

דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס מײַן רבי האָט אָנגעפֿירט דעם וויכּוח מיט פּיליפּוס פֿון גדרה, האָט דער נגיד יוסף רמתי געשוויגן. ער האָט מיט קיין וואָרט נישט געשטערט זייער געשפּרעך. נאָר זײַנע אומרואיקע, שוואַרצע, לײַכטנדיקע אויגן פֿון דעם ים קנייטשן אַרויס — האָבן זיך געוואָרפֿן פֿון איינעם צום אַנדערן; אין זײַנע דיקע ליפּן האָט מען געפֿילט דעם דאָרשט נאָך וויסן, ווי דעם דאָרשט נאָך וואַסער. זײַן פּנים איז געווען באַשאָטן מיט איידעלער זאָרג, וועלכע האָט צעשטערט די רואיקייט, ווי די שטראַלן פֿון דער לבֿנה רודערן אויף די כוואַליעס פֿון אַ טײַך. נאָכן געשפּרעך האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט, — נישט פֿריִער איידער די חכמים האָבן זיך אויפֿגעהויבן, — און איז אַרויסגעגאַנגען מיט די חכמים אויף דער זײַלן־טעראַסע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פֿון זײַן ביבליאָ־טעק אַרויס. די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע און אַ ליכטיקע. די זאַמדיקע ווענט פֿון די מואבֿ־בערג האָבן געגלימערט אין ליכט פֿון די שטערן, אַרויסהויבנדיק זיך אין דער נאַכט ווי שטרענגע ווענט, וואָס שליסן אָפּ די וועלט. יוסף רמתי איז געשטאַנען צווישן די זײַלן אויף זײַן טעראַסע און האָט געקוקט צו די בערג, — נאָר זײַן בליק, האָט זיך געדאַכט, וואַנדלט ווײַטער און וויל דערגיין וואָס עס איז אויף יענער זײַט וואַנט.

ער האָט געשוויגן, נאָר דער טאָפּלטער, געדיכטער שאָטן פֿון זײַן קערפּער איז געפֿאַלן איבער דער מאָזאַיִק־אויסגעלייגטער רצפּה פֿון דער טעראַסע און געבראָכן זיך אויף אַ ווײַסער מאַרמאָר־זײַל. דער שאָטן האָט נאָך מעכטיקער אויסגעזען ווי זײַן קערפּער און האָט , דאַכט זיך, אויך געקוקט אַריבער די מואבֿ־בערג צו דער־גייך, וואָס עס איז אויף יענער זײַט...

# 7

און פּיליפּוס פֿון גדרה, וועלכער האָט קיין מאָל נישט געוואָגט קיין טריט צו טאָן, ווען דער טריט איז נישט באַלויכטן געוואָרן פֿון „דער לאָמפּ, וואָס די געטער האָבן אויפֿגעהאָנגען אויף זײַן האַלדז — דעם שׂכל", איז וואָס אַמאָל אַלץ מער געוואָרן געצייגט נאָכצוטאָן די רביים און „צו געבן אַ שפּרונג אין דער פֿינצטער־ניש", ווי ער האָט עס אָנגערופֿן דאָס באַקערן זיך צו דעם אומבאַוואוסטן גאָט,

וואָס די ייִדן האָבן געפּרעדיקט. ער איז וואָס אַמאָל אַלץ מער באַצויבערט געוואָרן פֿון די הערלעכקייטן, וואָס די רביים האָבן אַרויסגעשעפּט פֿון דער אומבאַוואוסטער נאַכט אַרויס. דער הערלעכסטער צויבער אָבער, וואָס האָט אים באַוועגט צו טאָן דעם שריט, איז געווען דאָס וואָרטן אויף אַ משיח, וואָס זאָל קומען ווי אַ שליח פֿון הימל און האַלטן אין זײַן האַנט די לעצטע וואָג, וואָס גאָט האָט אים געגעבן, נאָך איר צו וועגן די באַגריפֿן פֿון גוט און שלעכט, לויט אירע וואָג־שטײַנער אויסצוגלײַכן אַלע אומגלײַכקייטן, צו ברענגען די גאַנצע מענטשהייט אונטער אַ הימל, וואו דאָס אייביקע גוטס וועט דאָרט הערשן.

פֿיליפּוס פֿון גדרה, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ וועלט, וואָס האָט נישט געקענט דעם באַגריף פֿון רחמנות, וועלכער האָט צוגעזען פֿון זײַן קינדהייט אָן ווי מענטשלעכע לעבנס ווערן געוואָרפֿן צו די פֿיס פֿון ווילדע חיות, צום שפּיל פֿון אַנדערע מענטשן, נישט נאָר אין די אַרענעס, נאָר אויך אין די גאַסן; ער, וואָס איז אויך געווען אַ קרבן, אַליין אַ געוואָרפֿענער אונטער די פֿיס פֿון דער חיה נויט, געשלעפּט פֿון זײַן היים און פֿאַרקויפֿט אויפֿן שקלאַפֿן־מאַרק פֿון טירה ווי די נידעריקסטע בהמה, — און עס האָט אים קיין מאָל נישט אויסגעוויזן, אַז עס באַדאַרף אַנדערש צו זײַן, — האָט אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון מײַן רביגס לערע, אַנגעהויבן זיך צוקוקן צום גאַנג פֿון לעבן, אונטערשיידן צווישן גערעכט און אומגערעכט, איז סענסיטיוו געוואָרן אויף עוולות, אײַפֿערזיכטיק אויף דער גערעכטיקייט פֿון גאָט. ער האָט אַנגעהויבן וואָס אַמאָל אַלץ מער זיך פֿאַראינטערעסירן מיט דער ייִדישער לערע. דער אַראַמייאישער דיאַלעקט איז אים געווען באַקאַנט. באַלד האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט דעם העברעיִשן דיאַלעקט, און אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון מײַן רבין איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט דער לערע פֿון גאָט, ווי זי דריקט זיך אויס דורך תּורת משה און דורך די רייד פֿון די נבֿיאים.

מײַן רבי האָט אָפּגעגעבן פֿאַרן חכם זייער פֿיל צײַט. ער האָט מיט אים געלערנט די געזעצן פֿון דער תּורה, אויסגעטײַטשט פֿאַר אים די שווערע שטעלן און געלערנט אים צו גיין אין גאָטס וועגן, ווי מען לערנט אַ קינד, וועלכעס שטעלט די ערשטע טריט. ער פֿלעגט אָפּט פֿאַרנאַכלעסיקן זײַנע תּלמידים צוליב דעם פֿרעמדן. ער האָט אַרויסגעוויזן פֿאַר אים אַ מערקווירדיקע געדולד, האָט פֿאַרבראַכט מיט אים טעג און נעכט און אָפּגעענטפֿערט אויף אַלע זײַנע שטעכעדיקע פֿראַגעס, אַבי נאָר צו ברענגען דעם פֿרעמדן אַליין צו דערפֿילן גאָטס ליבע אין זײַן האַרץ, אַז ער זאָל מיט זײַן אייגענעם גוטן ווילן אַרײַנקומען אין ברית פֿון אַבֿרהם.

מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן זיך געוואונדערט איבער דעם, וואָס דער רבי גיט אָפּ אַזוי פֿיל צײַט פֿאַר דעם איין־און־איינציקן פֿרעמדן און פֿאַרנאַכלעסיקט אונדז, זײַנע תּלמידים. און ווען אַפֿילו מיר האָבן פֿאַרבאָרגן אונדזערע טענות אין אונדז און, חלילה, מיט קיין וואָרט נישט אַרויסגעוויזן אונדזער אומצופֿרידנקייט, האָט עס דער רבי דאָך דערפֿילט. ער האָט אונדז איין מאָל אויפֿגעקלערט די זאַך אַזוי:

— איר וואונדערט זיך, וואָס איך גיב זיך אַזוי פֿיל אָפּ מיט דעם איין־איינציקן גוי אים צו דערנענטערן צו גאָט און איך פֿאַרנאַכלעסיק אײַך, מײַנע תּלמידים. וויל איך אײַך דערויף ענטפֿערן מיט אַ משל, וואָס איך האָב געהערט פֿון מײַנע רביים: — דוד המלך האָט געזונגען: ה׳ שומר את הגרים — גאָט היט די פֿרעמדע. צו וואָס איז די זאַך געגליכן? די זאַך איז געגליכן צו אַ מלך, וואָס האָט פֿאַרמאָגט

א גרויסע סטאַדע קליין־פֿי. יעדן פֿרימאָרגן האָבן דעם קעניגס שעפֿער־יונגען געפֿירט די סטאַדע אויף דעם שאָף־פֿעלד צו פּאַשען זיך און יעדן אָוונט האָבן די שעפֿער־יונגען אײַנגעזאַמלט די סטאַדע צוריק אין קעניגס שטאַלן אַרײַן אויף צו נעכטיקן. איין מאָל האָט אַ קליין הירשעלע זיך צוגעחבֿרט צו די ציגן און אָנגע־הויבן זיך צו פּיטערן מיט זיי צוזאַמען. אין אָוונט, ווען די שעפֿער האָבן די סטאַדע אַהיימגעבראַכט אונטערן דאַך, איז דאָס הירשעלע מיטגעקומען. אין פֿרימאָרגן איז דאָס הירשעלע ווידער אַרויסגעגאַנגען מיט די שאָף צו פּאַשען זיך אין פֿעלד. און אַזוי האָט עס שוין געטאָן יעדן טאָג. דער קעניג האָט באַמערקט דאָס הירשעלע און האָט עס זייער ליב באַקומען. ער איז אַרויסגעגאַנגען אין פֿעלד אַרויס און צוגעזען ווי עס פּיטערט זיך צוזאַמען מיט זײַנע שאָף. אַזוי האָט ער גענומען אַן אייגענעם שעפֿער־יונג און באַשטימט אים צו פּיטערן דאָס הירשעלע און אָנגע־זאָגט אים, אַז ער זאָל אויפֿפּאַסן דערויף, אַז קיינער זאָל אים קיין שלעכטס נישט טאָן. איין מאָל, ווען דאָס הירשעלע איז מיט די שאָף געקומען אין אָוונט צוריק אין הויף אַרײַן, און דער קעניג האָט דערזען דאָס הירשעלע אין מיטן פֿון זײַנע שאָף, האָט ער באַפֿוילן דעם שעפֿער: „גיי און טרינק עס אָן פֿריִער פֿאַר אַלע שאָף". אַזוי האָבן די שעפֿער־יונגען זיך געוואונדערט און געפֿרעגט דעם קעניג. „אָ, האַר, דו האָסט אַזוי פֿיל שאָף, ציגן און רינדער, און דו האָסט אונדז קיין מאָל נישט געזאָגט, ווי מיר זאָלן אויפֿפּאַסן אויף זיי, און איבער דעם איינציקן הירשעלע באַפֿעלסטו אונדז יעדן טאָג?" — האָט זיי דער קעניג געענטפֿערט: „עס איז די געוואוינשאַפֿט פֿון שאָף אַרויסצוגיין יעדן פֿרימאָרגן צו פּאַשען זיך אויף די לאָנקעס און יעדן אָוונט אַהיימצוקומען צו שלאָפֿן אונטער באַדעקנס. הירשן אָבער נעכטיקן דרויסן אין מדבר. עס איז נישט זייער דרך צוצוקומען צום מענטשנס געצעלט. דאָס איינע האָט פֿאַרלאָזט דעם גאַנצן גרויסן מדבר, אַלע זײַנע ברידער־ און שוועסטער־חיות, און איז צו אונדז מיט זײַן אייגענעם גוטן ווילן געקומען אונטער דעם צאַם פֿון אונדזער הויף. זאָלן מיר זיך נישט אָננעמען פֿאַר אים מער ווי פֿאַר אונדזערע שאָף?" און אַזוי, — האָט דער רבי אויסגעפֿירט, — מוזן מיר מיט באַזונדער האַר־ציקייט אומגיין מיט אַ גר, וואָס האָט פֿאַרלאָזט זײַן פֿאַמיליע, זײַן פֿאָטערס הויז, זײַן פֿאָלק און די גאַנצע וועלט, און איז מיט זײַן גוטן ווילן געקומען צו אונדז צו גיין.

ווען פֿיליפּ פֿון גדרה איז געווען אַרײַנגעטראָטן אין ברית פֿון אַבֿרהם אבֿינו און און האָט דורך דעם באַקומען דעם נאָמען „אַבֿרהם בן־אַבֿרהם", האָט ער מער נאָך פֿון די אײַנגעבוירענע ייִדן זיך איבערגעגעבן אין גאַנצן דער משיחישער אידעע. ער איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט די פֿאַנטאַסטישע האַלוצינאַציעס וועגן משיחן, און אָנגעהויבן, ווי איינער פֿון די ייִדן, אויסצוּוואַרטן אויף דעם, וואָס באַדאַרף באַלד קומען די וועלט אַרײַנצוברענגען אין שלמות אַרײַן. ער האָט אויף משיחן אויפֿגעהאָנגען אַלע זײַנע האָפֿענונגען, וואָס ער האָט געוואָרעמט אין די באַהעלטע־נישן פֿון זײַן האַרץ, פֿאַרשטעלט דורך דרויסנדיקער רואיקייט, — די האָפֿענונגען, וואָס ער האָט געטראָגן נישט נאָר פֿאַרן כּלל, נאָר אויך פֿאַר זיך אַליין. דער קאַלטער סטאָיִקער, וואָס האָט אויסגעזען אײַנגעפֿרוירן אין זײַן דיסציפּלינירטן באַלאַסט, וואָס ער האָט אַליין אָנגעוואָרפֿן אויף זיך, האָט אָנגעהויבן זען וויזיעס און רעדן וועגן דער איבּיקער שלמות, וואָס וועט אַרײַנטרעטן מיט דעם קומען פֿון

דעם, וואָס ווערט דערוואַרט. און גערעדט האָט ער נישט וועגן אַ פילאָזאָפישער שיטה, אין וועלכער זײַן גלויבן האָט זיך באַהאַלטן ביז איצט, אָדער פון אַן אויס־געחלומטן אידעאַל, נאָר וועגן אַ זאַך פון רעאַלער ווירקלעכקייט, וואָס באַדאַרף טרעפן הײַנט אָדער מאָרגן, יעדער מינוט פון אונדזער לעבן.

מען האָט אים באַדאַרפט זען, דעם געהויקערטן חכם, וועלכער האָט איצט פאַרשטעלט זײַנע צוויי הויקערס מיט דעם לאַנגן ציצה־כנפות, וואָס ער האָט גע־טראָגן אויף זײַן קליידל, ווען ער איז געגאַנגען אין בית־המקדש־הויף צו ברענגען זײַן רייניקונג־קרבן. ער האָט מיט שטרענגקייט געהאַלטן די געזעצן פון רייניקייט, מיט אַ פעדאַנטישקייט, וואָס זײַן נאַטור האָט אויפגעצויגן אין זיך דורך האַרטער דיסציפּלין. ער האָט אויפגעפּאַסט אויף אַלע דינים, נישט נאָר אויף די לײַכטע און ווינציקע, וואָס ער האָט, ווי אַ צוגעהעריקער צו אַ יידישער שטוב, געהאַט אויפצו־פּאַסן אויף זיי ביז איצט, — די דינים, וואָס די פרוי האָט אויפצופּאַסן אויף זיי, — נאָר אויך אויף די קאָמפּליצירטע רייניקונגס־געזעצן, נישט ווינציקער ווי אַ שטרענגער פּרוש, אַבי נאָר צו זײַן פאַרגעברייט אויפצונעמען משיחן, ווען ער וועט אָנקומען.

מערקווירדיק: מער פון אַלע אַנדערע אין מײַן רבינס קרײַז איז ער אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער משיחישער אידעע פון דעם חבר אין מײַן רבינס חברותא, יהודה איש קריות. דער יהודה איז געווען אַ מאָדנער מענטש, אַ וויזיאָנער, אַ טרוימער, וואָס האָט געגלויבט אין משיחן מיט אַזאַ רעאַליסטישקייט, אַז ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער באַגעגנט משיחן יעדן טאָג אין גאַס, אין שול, אין בית־המקדש־הויף. יהודה פלעגט זיצן מיטן גריכישן פילאָזאָף אין יוסף רמתיס הויז און מיט אים אַזוי אײַנטענהן, אַז די צײַט פאַר משיחן איז רייף און ער מוז יעדן אויגנבליק זיך באַווײַזן, אַז דער אָרעמער פילאָזאָף האָט פאַרלוירן גאָר אין גאַנצן דעם לעצטן רעשט פון זײַן האַרט דערוואָרבענעם, סטאָאישן לעבנס־באַנעם, און זיך אָנגענומען מיט אילוזיעס ווי איינער פון די יידן. זײַן אײַנגעפרוירענע סטאָאישע נאַטור איז צערונען געוואָרן אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון יהודהס אָריענטאַ־לישער פאַנטאַזיע. יהודה האָט געגלויבט, אַז משיח איז שוין דאָ מיט אונדז, נאָר מיר דערקענען אים נישט. און ער פלעגט אַלעמאָל קומען אַרײַנצולויפן צו אונדז אין בית־מדרש אַרײַן מיט אַן אויפגעריסענעם מויל, מיט פרייד: עס האָט זיך אים אָפּגעדאַכט, אַז ער האָט אים געזען. ער האָט אויך מיט זײַנע פאַנטאַסטישע אילו־זיעס אָנגעשטעקט דעם טרוקענעם פילאָזאָף. זיי האָבן ביידע זיך אַרויסגעלאָזט צו זוכן משיחן. זיי האָבן אויסגעקוקט צו די בערג אַרום ירושלים, אָבער עס האָט זיך נישט באַוויזן אליהו הנביא, וועלכער באַדאַרף אָנקומען ווי אַ הירש צו שפּרינ־גען איבער די בערג און אָנזאָגן די בשורה. די פײַער־פלאַמען, וואָס די חכמים פון די סנהדרין האָבן געלאָזט ברענען בײַנאַכט אין די בערג אויף אָנצוזאָגן די פראַ־ווינצן דאָס אָנקומען פון ערשטן טאָג פון חודש, האָבן זיי, יהודה איש קריות און פיליפוס פון גדרה, אָנגענומען פאַר משיח־צייכנס און איבערגעשראָקן מײַן רבין מיט איבערגעאײַלטע בשורות. עס איז געווען ווי זיי וואָלטן ביידע געוואָלט אָקעגנלויפן משיחן, פאַרויסלויפן דער צײַט, כּדי אים אַרויסצוכשופן פון דער אומבאַשטימטער צוקונפט.

אַ מאָדנער מענטש איז ער געווען, דער יהודה. ווען איך בין אָנגעקומען צו מײַן רבין, איז ער שוין פֿון לאַנג אָן געווען אַ חבֿר אין דער חבֿרותא. ער האָט געהאַלטן אין זײַן האַנט אַ מלאָכה, ער איז געווען אַ טעפּ־קלעפּער. אַ האַלבן טאָג האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זײַן מלאָכה, ווי יעדער תּלמיד־חכם, וואָס איז זיך מפּרנס מיט זײַנע הענט. ווי מײַן רבי האָט ער אויך נישט געהאַט קיין ווײַב. ער האָט נישט געוואָלט באַזיצן קיין משפּחה. ער האָט אַפֿילו נישט געהאַט קיין היים. זײַן גאַנץ לעבן, זײַנע אַלע טעטיקייטן, דערוואַרטונגען און וואונטשן זײַנען באַשטאַנען אין דער איינ־איינציקער תּשוקה: מ ש י ח! ער פֿלעגט אַרומגיין ווי אַ פֿאַרחלומטער. איך פֿלעג אים אָפּט זען, ווי ער איז געזעסן איינער אַליין אין אַ ווינקל פֿון בית־מדרש מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. איך האָב געמיינט, אַז ער שלאָפֿט. ווען מען איז אָבער צוגעקומען צו אים נענטער, האָט מען געהערט, אַז ער רעדט צו זיך אַליין. ער האָט איבער־געחזרט פּסוקים פֿון ישעיה הנבֿיא אָדער פֿון ספֿר חנוך, וואָס באַציִען זיך אויף דעם קומען פֿון משיח. ער האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַ מענטשן, וואָס לעבט נישט אין דער וועלט, נאָר אין די משיחישע צײַטן. ער פֿלעגט אָפּט מאָל אַליין לאַכן פֿון זיך, טרויעריק ווערן אָן אַ סיבה און אויך פֿריילעך ווערן אָן אַ סיבה. די אילוזיעס איבער משיחן האָבן אים אַרײַנגעטריבן אָפּט מאָל אין אַ צושטאַנד פֿון עקסטאַז; ער פֿלעגט אַוועקפֿאַלן אויף דער רצפּה פֿון בית־מקדש, אַ שוים האָט זיך געזעצט אויף זײַנע ליפּן, און ער האָט אָנגעהויבן נבֿיאות צו זאָגן וועגן ביאת־משיח. אַ ווײַל שפּעטער האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין בית־מקדש־הויף און האָט דאָרט אַרומגענישטערט, אַרומגעשפּאַנט, געזוכט צווישן די פֿיל פֿרעמדע, וואָס זײַנען געקומען עולי־רגל־זײַן, האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, נאָכגעפֿאָרשט, — און יעדעס מאָל איז ער געקומען אין בית־מדרש אַרײַן און האָט אונדז איבערגעשראָקן מיט אַ נײַער בשורה: ער האָט געפֿונען משיחן!

אין בית־מקדש־הויף און אין גוויים־געסל, צווישן די האַליעס, האָבן צווישן די פֿיל פֿרעמדע עולי־רגלניקעס, די רבנים און געלערנטע, זיך געפֿונען, פֿאַר־שטייט זיך, פֿיל בעלי־חלומות, האַלב־ און גאַנץ־באַזעסענע, וועלכע האָבן גע־האַלטן אין איין נבֿיאות־זאָגן אויף משיחס קומען. פֿיל פֿון זיי האָבן זיך אַליין אײַנ־גערעדט, אַז זיי זײַנען די אויסדערוויילטע. דאָס בית־המקדש־געסל איז געווען אַ מקום־מסוגל פֿאַר די בעלי־חלומות. דאָס אָרט איז געווען תּמיד ווי אָנגעצויגן מיט דערוואַרטונג און האָפֿענונג. די עולי־רגלניקעס, אויסגעהונגערט נאָך ישועה, דאָר־שטיקע נאָך גאָטס אַנטפּלעקונג אין דער שלעכטער צײַט, אין וועלכער ייִדן האָבן געלעבט, האָבן תּמיד, ווען זיי זײַנען געקומען עולה־רגל זײַן פֿון די נאָענטע און ווײַטע ערטער, דערוואַרט, אַז בשעת זייער פֿאַרווײַלונג אין ירושלים וועלן געשען גרויסע נסים. זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פֿאַרבאָרגענע האָפֿענונגען, אַז זיי וועלן זײַן די גליקלעכע די זכיה צו האָבן צו זען משיחן אָנקומען אין בית־המקדש־הויף, אַראָפּנידערן אויף אַ וואָלקן פֿון הימל. זיי זײַנען געווען אַ דאַנקבאַר פֿעלד פֿאַר כּלערליי אַוואַנטוריסטן, פֿאַנטאַסטישע וויזיאָנערן, מיט וועלכע עס האָט גע־ווימלט אין בית־המקדש־הויף. די בית־המקדש־אויפֿזעער, די לוויִמשע טויער־היטער, די רייניקער, די זינגער און די אַנדערע בית־מקדש־באַדינער, וועלכע זײַנען באַשטאַנען פֿון דעם שטיפֿמוטערלעך באַהאַנדלטן שבֿט, די אָרעמע לוויים, אַזוי אויך די אָרעמע כּהנים, וואָס די גרויס־כּהנישע משפּחות האָבן אונטערגע־

דריקט. — זיי, די באַדינער, האָבן נישט ווייניק מיטגעהאָלפֿן די מאַסן אַרײַנצואַרבעטן זיך אין עקסטאַז פֿאַר יעדן וויזיאָנער. די בית־מקדש־אויטאָריטעטן האָבן געהאַט אַ שווערע אויפֿגאַבע צו באַזײַטיקן אַלע וויזיאָנערן איידער זיי האָבן נאָך צײַט געהאַט אויפֿצופֿלאַמען די מאַסן. אָפֿט מאָל האָט מען געמוזט אָנווענדן גרויס טאַקט, מאַנעווורירן אַזוי, אַז די מאַסן זאָלן נישט רעוואָלטירן און נישט אָננעמען זיך פֿאַר זייערע באַליבטע פֿירער. פֿיל מאָל איז עס געקומען צו געשלעגן, צו אויפֿשטאַנדן, וועלכע מ'האָט געמוזט דערשטיקן איידער די רוימישע מאַכט איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם און האָט אָנגעהויבן זיך אַרײַנצומישן צו מאַכן אָרדענונג, וואָס דאָס האָט שטענדיק זיך געענדיקט מיט בלוט־פֿאַרגיסונג מצד דער רוימישער וואַך, וועלכע האָט נאָר אויסגעוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו שטילן איר בלוט־דאָרשט אויף די פֿאַרהאַסטע ייִדן.

יהודה איש־קריות האָט תּמיד זיך אַרומגעדרייט צווישן די וויזיאָנערן, האָט זיך צוגעהערט צו זייערע פֿאַנטאַסטישע רייד, — און ער האָט געגלויבט אין זיי. איך זע אים, ווי ער וואָלט איצט געשטאַנען פֿאַר מיר. ניין, ער איז נישט געווען קיין געלער און האָט נישט געהאַט קיין פֿלאַמעדיק־רויטע באָרד. ער איז געווען אַ טונקעלער, אַ הויכער, אַן אויסגעדאַרטער, אַן אויסגעמאָגערטער. זײַן שוואַרצע, מיט גרויע האָר באַצויגענע באָרד איז באַשטאַנען אויס טראָלדן. מען האָט אָבער אָנגעזען, אַז די גרויקייט פֿון זײַנע האָר איז געקומען איבער אים נישט פֿון עלטער, נאָר פֿון צרות און זאָרג. וואָרעם זײַנע אויגן זײַנען געווען נאָך יונג־פֿלאַמעדיקע, אומרואיקע, זוכנדיקע אויגן. זײַנע אויערן, גרויסע ברענענדיקע אויערן, זײַנען געהאָנגען ווײַט־אָפּשטייענדיק פֿון זײַן פּנים. זײַנע הענט האָבן קיין מאָל נישט גערוט, ער האָט זיי געשיקט פֿאָרויס פֿאַר זיך. אַז ער איז געגאַנגען, זײַנען די ציצית פֿון זײַן ציצה־כּנפֿות, פֿאַרוואָרפֿן איבער זײַן זאַק־הילע, געשפּרונגען ווי לעבעדיקע שלאַנגען, און האָבן זיך געפֿלאָנטערט צווישן די פֿיס. ער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ מײַלן־געשווינדן, יאָגנדיקן ווינט, זײַן מעיל איז קיין מאָל נישט געווען אויף אים אין אָרדענונג: אײַנגעהילט אין איין עק אירן, האָט די רעשט אויבערקלייד זײַנס זיך געשלעפּט נאָך אים אויפֿן ברוק, און עס האָט זיך געדאַכט, ווי אַן אָפּגעפֿאַלענער פֿליגל, וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן פֿון זײַנע פּלייצעס, שלעפּט זיך נאָך נאָך אים.

אָבער ווי ענטוזיאַסטיש ער איז נישט געווען, איז ער צוגלײַך אויך געווען דער גרעסטער סקעפּטיקער. די צוויי קעגנזאַצן האָבן זיך פֿאַרקנאָטן, ווי זײַנע אָנגעצויגענע אָדערן, אין איין פּערזאָן. מײַן רבי נקדימון האָט געזאָגט אויף אים: „ער איז אַ מוטער, וואָס עסט אויף אירע אייגענע קינדער". אָט נאָר וואָס איז ער געקומען צולויפֿן צו אונדזער רבין אין בית־מדרש אַרײַן מיט צעפֿלאַמטע אויגן. איך זע אים איצט: זײַנע אויגן זײַנען געווען רויט, ווי נישט אויסגעשלאָפֿן; די האָר פֿון זײַן קאָפּ זײַנען געשטאַנען ווי שטעכערס און די שטיקער שוואַרצע האָר פֿון זײַן פּנים אַראָפּ האָבן זיך אויפֿגעהויבן; מיט צערודערטע הענט, מיט דער פֿליענדיקער הילע פֿאַרוואָרפֿן אויף זיך, אַ שנירל פֿון זײַנע סאַנדאַלן אויפֿגעבונדן, — ער האָט זיי תּמיד געהאַלטן אין איין פֿאַרלירן.

— איך האָב אים געזען! ער איז דאָ! ער איז צווישן אונדז! מיט מײַנע אויגן געזען; ער שטייט אין בית־המקדש־הויף און דרשנט פֿאַרן עולם. **ד אָ ס א י ז ע ר !**

—האָט ער געהאַלטן אין איין אויסרופֿן, ווען ער איז נאָך געשטאַנען הינטער דער טיר פֿון בית־מדרש.

מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער אָנגעכאַפּט דעם רבין אונדזערן בײַ זײַנע ציצות און ווײַטער געשריגן:

— קום מיט מיר, נקדימון! משיח איז געקומען!

ער האָט אים אָבער באַלד פֿאַרלוירן. נאָך דעם זעלבן טאָג איז ער ווידער געקומען אין בית־מדרש אַרײַן מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ, מיט אַן אויסגעלאָשן פּנים, אַ פֿאַרשלאָסענער אין זיך, און האָט געשעמט זיך די אויגן אויפֿצוהייבן, אַזוי ווי ער וואָלט צום עגל געדינט. ער האָט שוין נישט גערעדט וועגן משיחן. און האָט אים ווער געפֿרעגט: „וואָס איז מיט משיחן?" — האָט ער אָפּגעזיפֿצט מיט אַ זיפֿץ, וואָס האָט צעבראָכן זײַן לײַב, און אָפּגעענטפֿערט: — ווידער זיך טועה געווען.

אין דער היגזיכט האָט ער גאַרנישט געמאַכט קיין אײַנדרוק פֿון אַ תּלמיד־חכם און איז אַוודאי געווען דער קעגנזאַץ פֿון מײַן רבין, ר׳ נקדימון. מײַן רבי, ר׳ נקדימון האָט, ווי דער דרך איז פֿון אַ תּלמיד־חכם, נישט אַרויסגעזאָגט קיין מיינונג, ביז וואַנען ער האָט נישט פֿריִער חוקר־ודורש געווען. מײַן רבי האָט געציילט זײַנע ווערטער, ווי אַ קאַרגער זײַנע רענדלעך. „דאָס וואָרט פֿון מויל איז אַ מעשה און מאַכט אַ רושם אין חלל. קיין כּוח אין דער וועלט קאָן עס נישט מער אויסמעקן." — פֿלעגט ער אָפֿט זאָגן. און נאָך פֿלעגט ער זאָגן: „דער רבונו־של־עולם האָט איבערגעגעבן דעם מענטשן אין רשות צו באַשאַפֿן וועלטן מיט די ווערטער פֿון זײַן מויל. דורך דעם זייט אָפּגעהיט מיט די ווערטער, וואָס איר ברענגט אַרויס פֿון אײַער מויל, וואָרעם איר קאָנט מיט זיי בויען אָדער צעשטערן וועלטן". צוליב דעם האָט מײַן רבי פֿאַראיבל געהאַט אויף יהודהן. און יעדעס מאָל ווען יהודה איז געקומען אַ צעפֿלאַמטער פֿון בית־המקדש־הויף מיט אַ נײַעם משיח אין זײַנע הענט, פֿלעגט דער רבי נקדימון אים דערמאָנען: יהודה, יהודה, געדענקסטו נישט, וואָס די חכמים האָבן געזאָגט ? — „חכמים, זײַט אָפּגעהיט מיט אייערע ריידן!"

אָבער יהודה האָט נישט געקאָנט לעבן קיין איין טאָג, קיין איין שעה אַפֿילו, אָן משיחן, און ער האָט שטענדיק געמוזט האָבן ווענען, וואָס ער האָט געקאָנט אויף אים אויסגיסן זײַן ענטוזיאַזם. מײַן רבי האָט אויף אים געזאָגט: „יהודה באַדאַרף האָבן אַ נאָגל, אויף וועלכן אָנצוהענגען זײַן גלויבן. דער רבונו־של־עולם איז אים ווייניק". אָבער יהודה אָן משיחן האָט קיין חיות נישט געהאַט אין זיך. קוים איז דורכגעגאַנגען אַ טאָג און יהודה האָט נישט געפֿונען קיין נײַעם משיח, איז ער געזעסן אויף דער שוועל פֿון בית־מדרש, זײַן קאָפּ אײַנגעקאַרטשעט צווישן זײַנע ביינערדיקע, שאַרפֿע אַקסל, ווי דער קאָפּ פֿון אַ פֿויגל צווישן זײַנע פֿליגל, זײַנע אויגן זײַנען געווען אויסגעלאָשן, און ער האָט געברומט אין זײַן באָרד אַרײַן: „מתי יבוא? מתי יבוא?" מײַן רבי פֿלעגט אים צוגלײַך טרייסטן און חוזק מאַכן אויס אים. ער פֿלעגט אים דערמאָנען דאָס פֿאָלקס־ווערטל, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די וואַרטנדיקע מאַסן איבער דעם אַזוי לאַנג־פֿאַרשפּעטיקטן משיח: „דער זון פֿון דוד וועט נישט פֿריִער קומען, ביז עס וועט זיך אויסלאָזן די פּרוטה פֿון בײַטל"; אָדער „דער זון פֿון דוד וועט נישט פֿריִער קומען, ביז דער

דוד וועט נישט זײַן אין גאַנצן זכאי, אָדער אין גאַנצן חייב". און מײַן רבי האָט צוגעגעבן פֿון זיך: „גיי אַרויס אין גאַס, נעם צו דאָס געלט פֿון די מענטשן; מאַך די גאַנצע וועלט פֿאַר צדיקים, אָדער פֿאַרוואַנדל אַלע אין רשעים, — און דער בן־דוד וועט קומען".

אַ געוויסע צײַט איז יהודה נאָכגעגאַנגען נאָך בר־אבאַן. בר־אבא, דער פֿישער־מאַן פֿון דער שטאָט יפֿה, האָט געחלומט צו ווערן אַ צווייטער יהודה קנאי. ער האָט געוואוסט, אַז דער זכרון וועגן דעם פֿאָלקס־העלד, וואָס האָט צוגערויבט דאָס געלט פֿון די רײַכע אויף די וועגן און צעטיילט עס צווישן די אָרעמע, איז נאָך נישט אויסגעלאָשן צווישן די מאַסן. דער שטאָלצער פֿאָלקס־רויבער, וואָס האָט געוואָרפֿן דאָס וואָרט קעגן רוים: „עס איז נישטאָ קיין אַנדער האַר ווי גאָט", לעבט נאָך צווישן די מאַסן. זיי האָבן געהערט פֿאַרציילן וועגן זײַנע מעשים פֿון זייערע עלטערן. און די ייִדישע מאַסן, אונטערדריקטע סײַ פֿון פֿרעמדע, סײַ פֿון אייגענע הערשער, האָבן שטענדיק אויסגעקוקט אויף אַ פֿאָלקס־העלד, וואָס וועט קומען און פֿירן זיי קעגן די באַצווינגער, סײַ די פֿרעמדע, סײַ די היימישע. אין בית־מקדש־הויף האָבן שטענדיק זיך געפֿונען געגנוג אומצופֿרידענע, היימלאָזע, באַרויבטע פֿון זייער האָב־און־גוטס, אַנטלאָפֿענע פֿאַר הלוואות און גנבֿות, אַנטלאָפֿענע קנעכט, — און בר־אבא האָט צווישן זיי געזוכט זײַנע אָנהענגער. ער האָט גענומען דאָס גרויסע וואָרט פֿון אַלטן הלל, וועלכער האָט געזאָגט: „אויב נישט איצט — ווען דען?", און מיט דעם געזוכט אויפֿצופֿלאַמען די מאַסן נישט אַזוי קעגן דער הער־שאַפֿט פֿון רוים, וואָס קעגן איר, האָט ער געוואוסט, קאָן ער זיך נישט פֿאַרמעסטן, נאָר קעגן די היימישע טיראַנען, קעגן דעם הויז פֿון חנן און קעגן זײַן איידעם, דעם הײַנטיקן כּהן־גדול, כּיפֿאַ.

ער האָט געמיינט, אַז מיט זײַן באַגרענעצן דעם קאַמף קעגן די פֿאַרהאַסטע כּהנים גדולים וועט ער געווינען אויף זײַן זײַט אויך די געלערנטע, די פּרושים, וועלכע זײַנען זייער פֿאַרזיכטיק און האָבן געראָטן דאָס פֿאָלק צו טראָגן דעם יאָך פֿון רוים מיט געדולד. זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק קאָן נאָר רע־אַליזירן זײַן אידעאַל צו באַפֿרײַען זיך פֿון רוים נישט אויף דעם נאַטירלעכן וועג, נאָר דורך דעם קומען פֿון משיח. בר־אבא האָט דעריבער געוואוסט, אַז מיט אַ דירעקטן אָנפֿאַל אויף רוים וועט ער האָבן קעגן זיך דעם געלערנטן קלאַס. ער האָט אָבער זײַן ציל געוואָלט באַהאַלטן דורך אַ נאָענטן און לײַכטן מיטל, דורך דעם קאַמף קעגן דעם הויז פֿון חנן; ווען דער קאַמף וועט זיך צעפֿלאַקערן, וועט אים שוין קיינער נישט קאָנען לעשן.

אַליין אַ קינד פֿון די אונטערדריקטע ייִדישע מאַסן, אַרויסגעשטופּט פֿון זײַן היים, באַרויבט פֿון זײַן שיפֿל, וואָס ער האָט געפֿירט פֿון יפֿה־ברעג, זײַן איינצי־קער פּרנסה־געבער, צוליב די שווערע מסים, וואָס די מוכסים האָבן בײַ אים צו־גענומען, — אויפֿגעפֿרעסן פֿון די צינזן, וואָס די מלווהס, נישט געקוקט אויפֿן שטרענגען געזעץ פֿון דער תּורה, האָבן געריסן פֿון אים, — איז בר־אבא געקומען קיין ירושלים אויפֿמאָנען זײַן עוולה דורך אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים. ער האָט אָבער אײַנגעזען, אַז די לײַכטזיניקע צײַטן פֿון יהודה הגלילי זײַנען אַוועק. די פּרושים האָבן באַקומען מער מאַכט און אײַנפֿלוס אויף די מאַסן, — און זיי האַלטן זיי אין צוים. איבעריקנס, זײַנען נאָך פֿריש געווען אין זכּרון וואָרוסעס שטראָף־

עקספּעדיציעס; יעדער האָט נאָך געדענקט די פֿיל צלמים, אויף וועלכע מענטשן האָבן אויסגעהויכט אין גרויסע עינויים זייער לעצטן אָטעם, די צלמים, וואָס וואַרוס הרשע האָט פֿאַרזייט מיט זיי די ארץ־ישׂראל־וועגן.

קעגן רוים האָט בר־אבא גערופֿן צו אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד דורך אויפֿהערן צאָלן שטייערן. דערפֿאַר אָבער האָט ער זײַן כּלי־זיין געשפּיזט קעגן דעם הויז פֿון חנן. די כּהנים־גדולים זײַנען קיין מאָל נישט געווען שטאַרק באַליבט בײַ די ייִדישע מאַסן, נאָר די פֿאַרביטערטקייט, וואָס דאָס הויז פֿון חנן האָט אַרויסגערופֿן קעגן זיך, קאָן זיך נאָר פֿאַרגלײַכן מיט דער ביטערקייט, וואָס דער כּהן־גדול האָט אַרויסגערופֿן צו זיך אין די צײַטן פֿון מתתיהו המכּבי. די רויבערישע ממשלה פֿון די „בני־עלי”, ווי דאָס פֿאָלק האָט גערופֿן דאָס הויז פֿון חנן, האָט דענסטמאָל דערגרייכט איר העכסטן פּונקט: אויף אַלץ האָבן זיי אַרויפֿגעלייגט זייער רויבערישע האַנט, אַרומנעמענדיק מיט אַ נעץ פֿון מאָנאָפּאָלן אַפֿילו די געברויכן פֿון טעמפּל־דינסט.

קיינע מעשׂים־תּעתּועים זייערע האָבן אָבער נישט אַרויסגערופֿן אַזאַ פֿאַרביטערונג פֿון די מאַסן קעגן זיי, ווי דער וויסטער האַנדל, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן פֿירן מיט דעם הייליקן אייגנטום פֿון בית־המקדש. די געקליבנסטע, די אויסגעזוכטסטע איילן, וואָס אַ טייל פֿון זיי האָט געטראָגן די לעגענדאַרישע טראַדיציע, אַז זיי שטאַמען נאָך פֿון אַהרן הכּהנס צײַטן, זײַנען געווען פֿאַררעכנט פֿאַר פֿאָלקס־אייגנטום; און נאָך פֿיל מער פֿון די איילן, האָט דאָס פֿאָלק פֿאַרהייליקט דעם אַש פֿון דער רויטער קו, דעם אַש, וואָס איז געווען אַן אַבסאָלוטע נויטיקייט צום ריטואַל פֿון רייניקן זיך בײַם אָנרירן אַ טויטן קערפּער. דאָס פֿאָלק האָט געגלויבט, אַז דורך באַשפּרענקלען זיך מיט וואַסער, וואָס האָט אין זיך כאָטש נאָר איין שטויבעלע אַש פֿון דער רויטער קו, ווערט מען נישט נאָר גערייניקט, נאָר אַלע זינד קאָנען דורך אַזאַ רייניקונג פֿאַרטיליקט ווערן.

עס איז בײַ אונדז, לײַדער, געטריבן געוואָרן אַ קולט פֿאַר טויטע. די לעבעדיקע האָבן גאָרנישט געקאָנט זיך שיידן פֿון אַ באַליבטן געשטאָרבענעם. עס פֿלעגט אָפֿט טרעפֿן, אַז מוטערס האָבן געטראָגן מיט זיך בײַנער פֿון זייערע געשטאָרבענע קינדער, נישט קאָנענדיק זיך גאָר שיידן מיט דעם לעצטן אָנדענק פֿון זייערע געליבטע. דער טויטן־קולט איז איבערגענומען געוואָרן פֿון די היידנישע שכנים, און די רבנים האָבן אים באַקעמפֿט. דאָס אָנרירן אַ טויטן קערפּער האָט געמאַכט אַ מענטשן אומריין, און כּדי צו רייניקן זיך, האָט ער געמוזט זיך באַשפּרענקלען מיט וואַסער, וואָס האָט געהאַלטן אין זיך אַש פֿון דער רויטער קו. אָבער דער אַש פֿון דער רויטער קו איז געווען זייער קאָסטלעך צוליב דער געוואַלדיקער זעלטנהייט צו געפֿינען אַן אַבסאָלוט רויטע קו, ווײַל אויב אַ רויטע קו האָט פֿאַרמאָגט נאָר צוויי ווײַסע האָר אין איר פֿעל, האָט זי, נאָכן דין, זיך שוין נישט געפּאַסט פֿאַר דעם צוועק. די באַזיצער פֿון אַזאַ זעלטענער בהמה האָבן אויסגענוצט אַזאַ גליקלעכן טרעף און געהייסן זיך באַצאָלן פֿאַנטאַסטישע סומעס. שליחים פֿון בית־מקדש זײַנען שטענדיק געווען אין וועג, נישט נאָר אין ארץ־ישׂראל אַליין, נאָר אַפֿילו אויסער אירע גרענעצן, ווי אין צידון, און האָבן נאָכגעפֿאָרשט די שפּורן פֿון אַזאַ רויטער קו. אַמאָל אין אַ יובֿל האָט געטראָפֿן אַזאַ גליקלעכער צופֿאַל. צוליב דעם איז דער אַש פֿון דער רויטער קו אין בית־המקדש געווען

ווי איינער פֿון די טײַערסטע און הייליקסטע אוצרות, ווי אַ ירושה, וואָס די פֿאַרגאַנגענע דורות האָבן איבערגעלאָזט. ביז די בני־חנן זײַנען געקומען צו דער מאַכט איז דער אַש פֿון דער רויטער קו באַנוצט געוואָרן פֿאַר רייניקונג־קרבנות, אָן אַ חילוק סײַ פֿאַר אָרעם, סײַ פֿאַר רײַך, ווי אַ פּריווילעגיע פֿאַר יעדן ייִדן, וואָס האָט אַ רעכט אויף דעם פֿאָלקס־אוצר. די בני־חנן האָבן אָבער אײַנגעפֿירט אַזאַ הויכן אָפּצאָל פֿאַר באַנוצן דעם אַש פֿון דער רויטער קו צו אַ רייניקונג־קרבן, אַז אַן אָרעמאַן איז גאָרנישט ביכולת געווען דאָס צו דערגרייכן. דאָס האָבן זיך געקאָנט פֿאַרגינען נאָר די מעכטיקע און די רײַכע, זיי האָבן געקאָנט אָנרירן די טויטע. דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסגערופֿן בײַ די מאַסן גרויס פֿאַרביטערונג און פּראָטעסטן.

בר־אבא האָט אויסגענוצט די אומצופֿרידנקייט פֿון די מאַסן. און עס זײַנען אַרומגעגאַנגען ידיעות אין ירושלים, אַז אים שטיצן אויך אַנדערע כהנים־משפּחות, וועלכע זײַנען אײַפֿערזיכטיק געווען אויף דער לאַנג־דויערנדיקער הערשאַפֿט פֿון הויז פֿון חנן. אָן זייער שטיצע וואָלט ער אַוודאי נישט געקאָנט זיך האַלטן אַזוי לאַנג אויף דער פֿרײַ און אויסשפּרייטן זײַן נעץ פֿון אײַנפֿלוס אויף אַזעלכע ברייטע שיכטן.

אַליין איז בר־אבא געווען אַ גראָבער, אומגעבילדעטער מענטש. אַחוץ זײַן פֿאַרביטערטקייט, זײַן פּראָטעסט, זײַן אומפֿעיִקייט צו טראָגן אַ שקלאַפֿן־צוים איבער זײַן מויל, וואָס דאָס איז, אַגבֿ, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדן ייִדישן מענטשן, האָט ער קיין אַנדערע אייגנשאַפֿטן נישט פֿאַרמאָגט: אַ גרויס מויל, וואָס האָט אין חוצפּהדיקע, אומגעהובלטע, גראָבע פֿראַזן אַרויסגעוואָרפֿן די ביטערקייט פֿאַר די מאַסן, וואָס איז בײַ יעדן איינעם אָנגעזאַמלט אויפֿן האַרצן. ער האָט אַוודאי זײַן טעטיקייט נישט געקאָנט אָנפֿירן עפֿנטלעך אויפֿן בית־המקדש־הויף, אין געסל פֿון די גוים. די שפּיאָנען פֿון כהן־גדול, די אומצייליקע אָפֿענע און געהיימע אויפֿזעער, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די מאַסן אין בית־מקדש־הויף, האָבן געהאַלטן אויגן און אויערן וואַך פֿאַר יעדן וואָרט, פֿאַר יעדער באַוועגונג. די שומרים און שוטרים מיט זייערע בלײַערנע ריטער און שטעקנס זײַנען געווען אויפֿן אָרט, וואו עס האָט זיך נאָר פֿאַרזאַמלט אַ רעדל אויפֿגערעגטע מענטשן, און האָבן צעטריבן מיט אַ רעגן קלעפּ איבער די קעפּ די אַרומשטייענדיקע צוהערער. דערפֿאַר אָבער האָט בר־אבא געפֿונען אַ ברייט פֿעלד פֿאַר זײַן טעטיקייט אין דעם אונטערשטן טייל שטאָט, בײַ דער זומפּיקער געגנט פֿון נחל־קדרון, בײַם מיסט־טויער, וואו די אָרעמקייט האָט געוואוינט, בײַ די שטענדערס פֿון די בעלי־מלאכות, בײַ די געוועלבלעך פֿון די מעל־ און אייל־קראָמען. אומגעריכט האָט בר־אבא זיך דאָרט באַוויזן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ מילשטיין פֿון אַן אייל־דרעשער, אָדער אויף אַ קלאָץ פֿון אַ פֿאַרבער, און גערופֿן די מאַסן נישט צו צאָלן קיין מס צו רוים, צו אַן אויפֿשטאַנד קעגן די בני־חנן. ער האָט אויסגערכנט אַלע עוולות, וואָס דאָס הויז פֿון חנן טוט קעגן זיי, ווי די פּרײַז־העכערונג אויף טויבן־קרבנות, אויף מעל. און ווען ער האָט זיי דערמאָנט דעם אַש פֿון דער רויטער קו, וואָס חנן האָט פֿאַרשלאָסן פֿאַר זיי, האָט ער זיי אַזוי פֿונאַנדערגעפֿלאַמט, אַז ער האָט זיי געקאָנט דענסטמאָל פֿירן אויף אַ שטורעם קעגן די חנן־געוועלבער, ווען די משרתים פֿון כהן־גדול וואָלטן נישט געווען פֿריִער

אַלאַרמירט געוואָרן און פֿאַרטריבן די אױפֿגעברױזטע מאַסן מיט זײערע בײַטשן און שטעקנס.

איך האָב אים דענסטמאָל אָפּט אָנגעטראָפֿן. אונדזער בית־מדרש איז געווען אין דער שול פֿון די קוריניער, אין בשמים־געסל, אַן אָפּנויג פֿון אַלטן מאַרק. אָפּט מאָל בין איך אַליין אַן עדות געווען פֿון אַזעלכע סצענעס: אַ טומל פֿון גאַס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אונדזער בית־מדרש. אַז מיר זײַנען אַרויסגעקומען, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף בר־אבאן, ווי ער שטייט אַ צעשויבערטער, צווישן אַן אױפֿגערודערטער מענגע. די האָר פֿון זײַן באַוואַקסענער ברוסט שטייען ווי אָנגעפּיקעוועטע שפּילקעס. אַ פּירקאַנטיקער, מיט ברייטע, שטאַרקע פּלייצעס. פֿון ברייטן מויל שיטן זיך ווערטער איבער די קעפּ פֿון די מאַסן, ווערטער פֿון פּײַן, פֿון שאַנד, פֿון אונטערטעניקייט, פֿון אָנמאַכט, ווערטער פּראָסטע, גראָבע, רויע, אומהיימלעכע ווי די גאַס, ווי די אָרעמקייט אַליין. און זי, די מענגע, מיט פֿאַראָפּיעטע אויגן, מיט אויסגעקראָכענע האָר פֿון קאָפּ און באָרד — דורך פֿאַר־שיידענע קראַנקהייטן, — מיט אַשיק־בלויע־בלייכע פּנימער פֿון זומפּיקע היימען, די שאַנד זייערע באַקליידט מיט צעריסענע, פֿאַרפֿוילטע זאַק־העמדער, פֿון וועלכע עס הענגען אַראָפּ שמוציקע, אין בלאָטע אויסגעווייקטע ציצית, — די מענגע הערט זיך צו צו די דונערדיקע רייד, וואָס קומען אַרויס פֿון צעשפּרייטע, באַבאָרדטע ליפּן, ווי געהאַקט מיט אַ האַקמעסער:

— „אײַערע ווײַבער גייען אַרום טמאדיקע, באַפּלעקטע מיט דעם בלוט פֿון זייערע ערשט־געבוירענע קינדער. זיי זײַנען אסור אויף אײַך, ווײַל זיי קאָנען נישט ברענגען דעם רייניקונג־קרבן; דער כהן־גדול האָט אױפֿגעהויבן די פּרײַזן אויף די טויבן־קרבנות. ווער פֿון אײַך האָט די זכיה געהאַט צו ווערן באַשפּרענקלט מיט וואַסער, געמישט מיט דעם אַש פֿון דער רויטער קו נאָך דער קבֿורה פֿון אײַערע נאָענטע? איר זענט דאָך אַלע טמא! איר טאָרט זיך דאָך נישט דערנענטערן צו דער עזרה פֿון בית־המקדש! אַפֿילו צו דער דרויסנדיקער וואַנט קאָנט איר נישט צוקומען. איר זענט פֿאַרשטויסן געוואָרן פֿון גאָטס אָנבליק, אויסגעשלאָסן פֿון גאָטס מחנה דורך דעם שלאָס, וואָס די בני־חנן האָבן אױפֿגעהאָנגען אויף דעם טויער פֿון בית־המקדש. נאָר אַ גאָלדן שליסל קאָן אױפֿעפֿענען דעם שלאָס. און צו דעם הונגער, צו דער נויט און דער דחקות פֿון אײַערע לײַבער האָלטן נאָך אדומס קנעכט אײַערע נשמות אין שטענדיקער אומרייניקייט. ער האָט אײַך געמאַכט מיט נבֿלות צוגלײַך! עס שטינקט פֿון אײַך די טומאה, ווי מצורעים זענט איר!"

ער האָט געקאָנט פּיסקעווען, דער בר אבא. פֿײַערן האָבן זיך אָנגעצונדן אין די פֿאַרלאָשענע אויגן. פֿויסטן פֿון האַמערדיקע הענט האָבן זיך אױפֿגעהויבן אין דער הויך. דאָ און דאָרט האָבן די ווײַבער אַרויסגעגעבן פֿון זיך כאָרכלדיקע יללות, נאָז־ און קעל־קלאַנגען ווי די געוויינען בײַ אַ טויטן. עס גליט זיי צוזאַמען איין כּוח און שלעפּט זיי נאָך זיך ווי אַ שמאַטע. באַלד אָבער קומען אָנצולויפֿן די שוטרים. מען הערט דאָס ריפֿען און דאָס בלאָזן פֿון די שופֿרות, די סיגנאַלן אויף הילף, וואָס זיי גיבן אין בית־מקדש־הויף. אָפּט מאָל קומט מיט מיט זיי אַ פֿאַרשטאַר־קונג פֿון דעם רוימישן לעגיאָן, לעגיאָנערן אין קורצע, געפּאַנצערטע העמדער, מיט קורצע שווערדן; און אַפֿילו גערמאַנישע רײַטער לאָזן זיך אַמאָל אַראָפּ פֿון

הורדוסעס פּאַלאַץ. זײ רינגלען אַרום די אױפֿגערודערטע מאַסן און — בלײַענע קאַנטשיקעס רעגענען איבער די קעפּ, קורצע שווערדן אַרבעטן. דאָ און דאָרט פּראָוווט אַ גרופּע צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זי ווערט אָבער באַלד איזאָלירט און אױפֿגעריבן אין אײנצלנע פּגרים, וועלכע וואַלגערן זיך אין זײער אײגן בלוט צווישן צעטראָטענע טעפּ, האָניק־קריגן, מיט פֿאַרב באַפֿלעקטע קלײדער, אױף דעם אױפֿגעראַמטן, שטילן מאַרק־פּלאַץ.

אָבער בר־אבאן קאָנען זײ נישט באַקומען. הױכע פּרײַזן זײַנען געשטעלט געוואָרן פֿון כּהן־גדול פֿאַר זײַן קאָפּ, געמערט מיט דעם פּרײַז פֿון דער פּראָקוראַטור. טױזנט קעפּ האָט בר־אַבא. אײנעם האַקן זײ אַרונטער, הונדערט וואַקסן אױס. אין אַ מינוט ווערט ער צוגעדעקט מיט פּלאַכטעס פֿון די מאַסן, פֿאַרשטעלט מיט זײערע קלײדער, און ער שלײכט זיך אַדורך דורך הינטערגעסלעך, קאַנאַלן, שפּרינגט איבער דעכער, לאָזט זיך אין קאַליוזשעס אַרײַן, באַהאַלט זיך אין אַ לערן קרוג פֿון האָניק אָדער אין אַ ווײַן־פֿאַס, פֿאַרשווינדט אין דעם לאַבירינט פֿון געבײדעס, פּלאַטן, קאַלך־דעכער, וואָס לאָזן זיך אַרונטער ווי אַ קאַסקאַד פֿון שאַנד און שמוץ פֿון דעם אונטערשטן טײל שטאָט צום נחל־קדרון אַרונטער. די אָרעמקײט באַהאַלט אים צווישן זיך, דעקט אים צו פֿון דער אױבערפֿלאַך אױף אַ פּאָר טעג, ביז וואַנען ער וואַקסט ווידער אױס.

אַפֿילו אין בית־המקדש־הױף, אין פּנים פֿון די אױפֿזעערס, וואַגט ער טײל מאָל צו באַווײַזן זיך. אײדער זײ האָבן נאָך צײַט אַרומצוקוקן זיך, וואַקסט ער אױס אין אַ קרײַז פֿון עולי־רגלניקעס, אַגיטירט קעגן מס־צאָלן און וואַרפֿט זײַן קללה אױפֿן הויז־חנן. יאָ, אַפֿילו אין די הײַזער פֿון די רײַכע, ווען זײ זיצן אָנגעלענט אױף זײערע ליג־שטולן בײַ מאָלצײַטן מיט זײערע פֿרײַנד, באַווײַזט ער זיך פּלוצלינג, אַדורכגעריסן דורך די וועכטער־טירן. מיט צעפֿלאַמטע אױגן, מיט אַן אױפֿגעפֿויסטער האַנט, וואַרפֿט ער זײַן קללה, וועלכע ווירקט ווי אַן אױפֿשריפֿט אױף דער וואַנט, וואָס שרײַבט אָן דעם פּסק־דין.

עס פֿאַרשטײט זיך, אַז יהודה איש־קריות איז אײנער פֿון זײַנע ערשטע אָנהענגער. אַז ער האָט אים געהערט רעדן, ווי ער האָט אױפֿגעברויזט די מאַסן קעגן רוים און דעם כּהן־גדול, איז ער געקומען אין ענטוזיאַסטישער, אַ באַפֿליגלטער מיט האָפֿענונג, צו לױפֿן אין בית־המדרש פֿון רבי נקדימון און האָט אױסגערופֿן:

— איך האָב אים געפֿונען! איך האָב אים געפֿונען! אין דרויסן שטײט משיח און זאַמלט זײַנע שאַרן!

אַוודאי איז געווען געווען גענוג, אַז דער רבי זאָל זיך צוהערן צו אײנער פֿון די דרשות, וואָס בר־אבא האָט געפּרעדיקט, און צוזען אײנע פֿון די בלוט־פֿאַרגיסונגען, וואָס ער האָט אַרויסגערופֿן מיט זײַן אומפּרוכטבאַרער אַגיטאַציע, און ער האָט זיך אָפּגעשאָקלט פֿון אים, ווי פֿון עפּעס אומרײנס און זיך אָנגערופֿן צו יהודהן:

— יהודה, יהודה, פֿון דעם טײג וועט קײן ברויט נישט ווערן, ווײל דאָס טײג איז אױפֿגעגאַנגען נישט פֿון די הייוון פֿון גאָט, נאָר פֿון די הייוון פֿון שטן. פֿון דעם טאָג אָן, ווען גאָט האָט אָפּגענומען די נבֿואה פֿון ישׂראל און זי איבערגעגעבן צו קינדער, האָט ער באַשאָנקען די חכמים מיט אַ כּוח־הרוח, אַז זײ זאָלן אַרויסדערפֿילן דאָס, וואָס עס איז פֿאַרשלאָסן פֿאַר זײ מיטן שׂכל. יהודה, יהודה,

וואו איז דײַן כּוח־הרוח? פֿילסטו דען נישט דעם געשטאַנק פֿון טויט, וואָס גייט אויף פֿון בר־אבאן? ניין, יהודה, השומר נפֿשו ירחק מהם.

און באַלד האָט יהודה אַליין זיך איבערצייגט, ווי תּמיד, אין דעם טעות, וואָס ער האָט געהאַט אין בר־אבאן. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז אונדזער רבי האָט רעכט געהאַט. בר־אבא האָט זיך נישט באַגניגנט מיט ווערטער אַליין, ער איז איבערגעגאַנגען צו מעשׂים. ער האָט געלויערט מיט זײַנע לײַט אויף די וועגן, וואָס האָבן געפֿירט קיין ירושלים, און איז באַפֿאַלן רײַכע סוחרים, וואָס האָבן געפֿירט סחורות און האָט זיי באַרויבט. עס האָט געהייסן, אַז ער גייט אין די וועגן פֿון יהודה קנאי, אַז ער צעטיילט די צוגערויבטע גיטער צו אָרעמעלײַט. און מען האָט אים געזוכט פֿאַר זײַנע רויבערישע מעשׂים נישט נאָר פֿון כּהן־גדול, נאָר אויך פֿון סנהדרין.

ווען איך בין אָנגעקומען פֿאַר אַ תּלמיד צו מײַן רבין, האָב איך שוין געהאַט געהערט, אַז אַ מאַן פֿון די איסיים האָט זיך באַזעצט בײַ אַ קוואַל־וואַסער אין מדבר־יהודה, דאָרט, וואו די מערסטע פֿון די איסיים האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן, און ער האָט געלייענט אויף זיך דעם פּסוק פֿון יהושע: „איך בין דאָס קול, וואָס רופֿט אין מדבר: פּנו דרך!" — און פֿיל מענטשן, די וואָס האָבן אויסגעוואַרט אויף משיחן, געלערנטע און נישט־געלערנטע, זײַנען אַרויסגעגאַנגען צו אים אין מדבר, און יוחנן, — אַזוי האָט דער מאַן געהייסן, — האָט זיי געפֿירט צום ברעג פֿון ירדן, וואָס איז בײַם אויסגאַנג פֿון די רײַכע, פֿעטע טייטל־ביימער פֿון יריחו, און ער האָט זיי טובֿל געווען. ער האָט געטובֿלט זייערע גופֿים, נאָך דעם, ווי זייערע נשמות האָבן תּשובֿה געטאָן, נישט צוליב רייניקונג, נאָר כּדי זיי באַרייט צו מאַכן אויפֿצונעמען משיחן, וועלכער האָט באַדאַרפֿט אָט באַלד אָנקומען. קיין גרויסן אײַנדרוק האָט יוחנן המטבּיל אין אונדזערע קרײַזן, דאָס הייסט, אין די קרײַזן פֿון די פּרושים, נישט געמאַכט. די חכמים האָבן נישט פֿיל געהאַלטן פֿון די איסיים, וועלכע זײַנען זיך פּורש פֿון לעבן, האַלטן זיך אין איין טובֿלען, זאָגן זיך אָפּ פֿון ווײַבער און לעבן אין באַזונדערע חבֿרותאָס. די חכמים האָבן זיי גערופֿן חסידים שוטים — נאַריש־פֿרומע. די פּרושים האָבן געלערנט, אַז גאָט וויל, מען זאָל ל ע ב ן אין זײַנע מצוות, נישט שטאַרבן, אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „וחי בהם". די פּרושים האָבן געלערנט, אַז גאָטס לערע איז געגעבן געוואָרן פֿאַר מענטשן, נישט פֿאַר מלאָכים.

מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז דער יוחנן איז אַ פֿרומער ייִד, אַ בעל־תּורה. און אַזוי ווי דער ביאת־המשיח, וואָס ער האָט געפּרעדיקט, איז געווען נאָענט צו יעדנס האַרץ, זײַנען אויך פֿיל בעלי־תּורה אַרויסגעקומען צו אים זיך טובֿל־זײַן. זייער ערנסט האָט אָבער די זאַך קיינער נישט גענומען. ערשט נאָך דעם, ווי מיר האָבן דערהערט אין ירושלים, אַז יוחנן המטבּיל האָט געוואַגט צו קומען פֿאַרן טעטראַרך פֿון גליל און אים צו שילטן און צו זידלען פֿאַר דעם, וואָס ער האָט צוגענומען בײַ זײַן ברודער דאָס ווײַב, — ערשט דענסטמאָל איז יוחנן זייער דער־הויבן געוואָרן אין די אויגן פֿון די חכמים. זײַנע ווערטער האָבן באַקומען מער געוויכט און מען האָט זיך צו זיי גאָר אַנדערש צוגעהערט. מען האָט אָנגעהויבן אים האַלטן פֿאַר איינעם, וואָס האָט אַרויסגעוויזן די מידות פֿון אַ נבֿיא. ווען עס האָט זיך דערהערט, אַז הורדוס אַנטיפּאַ האָט געלאָזט יוחנן פֿעסטנעמען און געוואָרפֿן

אים אין דער תּפֿיסה אַרײַן, אין קעלער פֿון זײַן פּאַלאַץ, איז יוחנן המטביל דער־הויבן געוואָרן אין אונדזערע אויגן צו אַ נבֿיא אַ קדוש. און ווען זײַנע שליחים, וועלכע ער האָט אַרויסגעשיקט, האָבן דערגרייכט דעם בית־המקדש־הויף מיט דער בשורה, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן דורך די לעכער פֿון זײַן קעלער־תּפֿיסה, אַז מיר זאָלן נישט פֿאַלן אין אונדזער גײַסט און נישט לאָזן זיך פֿאַרטרינקען פֿון דעם שלעכטס, וואָס רינגלט אונדז אַרום, נאָר מיר זאָלן זיך שטאַרקן אין די לעצטע כּוחות און נישט אויפֿהערן צו וואַרטן אויף דעם מלכות־השמים, וואָס קומט אָן און נענט זיך, — האָבן מיר אַלע אין ירושלים מיט פֿרייד אויפֿגענומען די בשורה פֿון דער גאולה, און מיר האָבן פֿון דענסטמאָל אָן יעדן טאָג אויסגעוואַרט, אַז אליהו הנבֿיא זאָל זיך באַווײַזן אויף די בערג און אָנזאָגן די בשורה פֿון שלום, אַזוי ווי עס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן פֿון דעם נבֿיא.

מיר האָבן דענסטמאָל דערוואַרט, אַז יעדן טאָג, יעדן אויגנבליק זאָל עפּעס געשען. אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן אין פֿרימאָרגן און מיר זײַנען געוואָר געוואָרן, אַז משיח איז דורך דער נאַכט נישט געקומען, האָבן מיר זיך געוואונדערט און געזאָגט: „געוויס קומט ער דורך דעם הײַנטיקן טאָג“. און אַז דער טאָג האָט זיך גענייגט אונטערצוגיין און משיח איז נאָך אַלץ נישט געקומען, האָבן מיר זיך געוואונדערט און זיך געזאָגט: „געוויס קומט ער דורך דער נאַכט“. אַזוי אָנגעצויגן איז געווען די דערוואַרטונג, אַז מענטשן האָבן אויסגעקוקט אין הימל אַרײַן און געוואָלט אויפֿדעקן די סימנים אין די שטערן. איינמאָל איז אַ פֿרעמדער שטערן אָנ־געקומען און האָט ברייט געלויכטן איבערן בית־מקדש, איבערגעוואָרפֿן זײַן גלאַנץ איבערן שיינעם טויער. זײַנען מחנות מענטשן זיך צונויפֿגעלאָפֿן מיט ווילדע געשרייען: „משיח איז געקומען!“ אַ גרויסע פּאַניק איז געוואָרן אין ירושלים. מען האָט אַרומגערינגלט די טויערן און פֿאַרלאַנגט פֿון די טויערן־היטער, אַז זיי זאָלן עפֿענען די טירן, וואָס פֿירן אַרײַן צו די עזרות, וואָס אַזוינס איז שטרענג פֿאַרבאָטן צו טאָן בײַנאַכט. מען האָט געמוזט די מענגע פֿאַרטרײַבן מיט געוואַלד.

עס איז געווען יהודה איש־קריות, וואָס האָט דער ערשטער אָנגעהויבן פֿאַר־שפּרייטן די בשורה וועגן אַ וואונדערלעכן מאַן, וואָס האָט זיך באַוויזן אין גליל. ער האָט אַזוי לאַנג זיך אַרומגעדרייט צווישן די עולי־רגלניקעס, האָט זיי אַזוי פֿיל אויסגעפֿרעגט, אויב עס באַווײַזט זיך נישט קיין צייכן פֿון משיחן אין זייערע מקומות, — ביז ער האָט איינמאָל דערהערט פֿון די גלילער לאַנדסלײַט וועגן אַ רבין פֿון דער שטאָט נצרת, וואָס פֿאַרשפּרייט זײַן תּורה און טוט וואונדער אין דער שטאָט כּפֿר־נחום. איך געדענק, אַז מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערהערט וועגן דעם וואָס יהודה האָט געהאַלטן אין איין פֿאַרציילן וועגן זײַנע נסים און נפֿלאות, האָבן מיר מיט די אַקסל געשאָקלט: „אַ רבי פֿון נצרת! פֿון גליל זאָל קומען די ישועה?“ — אָבער יהודה האָט געבראַכט צו מײַן רבין נקדימון יעדן טאָג אַנדערע גלילער, כּפֿר־נחומער, וועלכע האָבן עדות געזאָגט אויף דעם רבין פֿון נצרת, אַז ער טוט וואונדער אין זייערע מקומות: נישט נאָר היילט ער קראַנקע, טרייסט ער דערשלאָ־גענע, פֿאַרטרײַבט רוחות רעות, נאָר ער קומט אין די שטובן פֿון די אָרעמע, זעצט זיך מיט די עמי־הארצים בײַ איין טיש עסן, לאָזט אַפֿילו צו די מוכסים צו זיך, און איז זיי מדריך אויפֿן דרך הישר; ער רינגלט זיך אַרום מיט קינדער, בענטשט זיי.

באַר וואָס עס האָט אונדז צום מערסטן געווונדערט, זײַנען געווען די איינצלנע זאַצן פֿון זײַן תּורה, וואָס זײַנען דערגאַנגען צו אונדז, אַ תּורה, וואָס איז נאָענט געווען צו אונדזער האַרץ: „משפּט נישט, כּדי איר זאָלט אַליין נישט געמשפּט ווערן". אויך האָבן מיר געהערט פֿון משלים, וואָס ער פֿאַרציילט. מײַן רבי האָט באַלד דערקענט אין אים, אַז ער איז פֿון די תּלמידים פֿון הלל. באַלד אָבער זײַנען דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן ווערטער, וואָס דער רבי פֿון גליל האָט געלאָזט פֿאַלן, — ווערטער, וואָס האָבן אויפֿגעציטערט דאָס האַרץ פֿון יעדן פֿון אונדז.

— „שיקט מיך צו אים, איך וויל אויסגעפֿינען, ווער ער איז" — האָט יהודה געמאָנט.

און ער איז אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען צו מײַן רבין, ביז דער רבי האָט פֿאַררופֿן די חבֿרותא. עס זײַנען געקומען די חבֿרים יוסף רמתי און שמעון קוריני און הלל, אויך אַבֿרהם בן־אַבֿרהם, דער גר, איז צוגעלאָזן געוואָרן צו זיי. און זיי האָבן

— יאָ, יאָ, — האָט יהודה זיך געשאָקלט בדחילא ורחימא.

— גיי מיט גאָטס נאָמען. אפֿשר וועט דער רבונו־של־עולם זיך מרחם זײַן אויף זײַן פֿאָלק ישׂראל, וואָרעם דאָס וואַסער דערגרייכט שוין צום האַלדז.

און יהודה האָט גענומען זײַן שטעקן און אָנגעבונדן זײַן פּעקל און איז אויפֿגעגאַנגען קיין כּפֿר־נחום. דער רבי נקדימון האָט אים באַגלייט אייגער אַליין אָן באַשטימט צו שיקן יהודה איש־קריות אויסצופֿאָרשן די זאַך.

— יהודה, גיי, ווער געוואָר פֿון זײַן טועכץ, הער זיך צו צו זײַן לערנען, פֿאָרש זײַנע וועגן. נאָר איין זאַך זאָלסטו אָבער אין זינען האָבן: זאָלסט געדענקען דעם פּסוק, וואָס דער קליגסטער פֿון אַלע מענטשן, שלמה המלך, האָט באַשוואוירן מיט אים די טעכטער פֿון ירושלים: „אם תּעירו ואם תּעוררו את האהבה עד שתּחפּץ" — זאָלסט נישט וועקן און זאָלסט נישט אויפֿמונטערן די ליבע ביז זי וועט נישט אַליין וועלן. ליבע מיינט מען משיחן. זאָגסטו מיר צו?

די תּלמידים, ווײַל יהודהס גאַנג איז געווען אין גרויס סוד און מען האָט צו דער זאַך נישט געוואָלט געבן קיין פּרסום.

# 8

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, איז יהודה באַלד געוואָרן אַן איבערגעגעבענער חסיד פֿון דעם רבין פֿון גליל. זײַן נשמה איז געווען אויסגעדאָרשט, אויסגעטריקנט, ער האָט געבענקט און געלעכצט צוצוקומען צו אַ קוואַל, פֿון וועלכן ער זאָל שעפּן יניקה. — פֿאָרשן האָט מען אים געשיקט, און ער איז באַלד געוואָרן איינער פֿון די הייסטע אָנהענגער פֿון דעם נײַעם רבין. יהודה האָט אָנגעהויבן שיקן צום רבין נקדימון און צו דער גאַנצער חבֿרותא בריוו איבער די נסים ונפֿלאות פֿון זײַן רבין. ער האָט איבערגעגעבן זײַן רבינס תּורה. ער איז געווען פֿול מיט תּהלות ותשבחות איבער זײַן רבין. יעדעס מאָל, ווען אַזאַ בריוו פֿון יהודהן איז אָנגעקומען, געשיקט בסוד־סודות דורך אַ שליח פֿון גליל, — וואָרעם מען האָט נישט געוואָלט געבן קיין פּרסום צו דער זאַך, — האָט דער רבי נקדימון צונויפֿגערופֿן די חבֿרותא. דער רבי האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק פֿון משיח

— די חבֿרותא אַרום אים, און רבי נקדימון האָט פֿאַרגעלייענט פֿאַר זיי די ברייִו פֿון יהודה. אונדז, די תּלמידים, האָט מען נישט צוגעלאָזן צו דער ישיבֿה, וואָרעם די זאַך איז געהאַלטן געוואָרן בסוד־סודות. מיר האָבן נאָר געהערט וועגן דעם, וואָס מיר האָבן געקאָנט אויפֿכאַפּן פֿון הינטערן טויער, דאָס הייסט, וואָס מיר האָבן אונטערגעהערט דורך אַ שפּאַלט אין טיר פֿון בית־מדרש, וואָרעם מיר האָבן גע־וואוסט, אַז עס האַנדלט זיך אין גרויסע זאַכן, וואָס שטייען אין מיטן דער וועלט, און דורך דעם האָבן מיר זיך דערלויבט אונטערצוהאָרכן זיך הינטער דער טיר.

צו יענער צײַט האָבן מיר באַמערקט אַן ענדערונג אין אונדזער רבינס אויפֿ־פֿירונג. ווען אַפֿילו זײַנע ליפּן זײַנען געווען פֿאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער, האָבן גערעדט זײַנע אויגן. זיי האָבן געלויכטן מיט אַן אויסטערלישע ליכט און ער איז געווען פֿול מיט פֿרייד. מיר האָבן אָבער צוגלײַך אויך באַמערקט אַ געוויסע אומ־רואיקייט אין אים, וואָס מיר האָבן נישט געקענט ביז איצט, — אַן אומגעדול־דיקייט. ער איז שוין נישט באַשטאַנען אויף אויסטײַטשן דאָס געזעץ אין אַלע דעטאַלן, ווי עס איז געווען דער מנהג ביז איצט. ער האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט אגדה, מיט אויסטײַטשן פּסוקים פֿון די נבֿיאים בדרך רמז, און ער האָט אָנגעדײַט אויף עפּעס, וואָס מיר האָבן קלאָר נישט פֿאַרשטאַנען. באַלד איז אַ גרויסע אויפֿשטורעמונג געקומען אין אונדזער קליינעם בית־מדרש: צי מען איז געוואָר געוואָרן פֿון די ברייִו, וואָס יהודה האָט געשיקט צו אונדזער רבין און וואָס אונדזער רבי האָט זיי פֿאַרגעלייענט בחדרי ־חדרים פֿאַר די יחידי־סגולה, אָדער וואָס אַנדערש, — עס איז דערגאַנגען צום כּהן־גדול און צום סנהדרין וועגן די מעשׂים פֿון דעם רבין אין כּפֿר־נחום. מיר זײַנען געוואָר געוואָרן, אַז די סנהד־רין קלייבן זיך צו שיקן קיין כּפֿר־נחום אַ שליחות. אונדזער רבי איז דענסטמאָל זיך אָפּט צוזאַמענגעקומען מיט די תּלמידים פֿון יוחנן בן זכאי און האָט עפּעס וואָס מיט זיי אײַנגעטענהט. מיטאַמאָל האָט אונדזער רבי גענומען פֿון אונדז אָפּשייד און איז אַוועק אין אַ שליחות פֿון סנהדרין. וואָס עס האָט אונדז אָבער צום מערסטן געוואונדערט, איז געווען, — וואָס ער האָט אונדז נישט מיטגענומען קיין כּפֿר־נחום, ווי עס איז געווען דער מנהג, אַז די תּלמידים גייען נאָך נאָכן רבין אומעטום, וואו ער גייט. ער האָט אונדז אַפֿילו נישט געלאָזט אים אַרויסבאַגלייטן, ווי עס קומט אים, לויט זײַן כּבֿוד. און ווען מיר האָבן דורכאויס געוואָלט באַגלייטן אונד־זער רבין אַ גרויס שטיק וועג, כּדי אים משמש צו זײַן, ווי עס איז דער דין געווען, אַז אַ רבי, ווען אַפֿילו ער איז מוחל אויף זײַן כּבֿוד, ווערט זײַן מחילה נישט אָנ־גענומען, — האָט ער אויף אונדז גוזר געווען, אַז מיר זאָלן זיך אָפּהאַלטן דערפֿון. נאָך מער: ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן פֿאַר קיינעם נישט מגלה זײַן דעם סוד, אַז אונדזער רבי האָט אונדז פֿאַרלאָזט און איז געגאַנגען קיין גליל אין אַ שליחות פֿון סנהדרין, אַפֿילו פֿאַר אונדזערע משפּחות נישט, וואָרעם די זאַך איז פֿון גרויס וויכטיקייט און פֿון גרויס געהיימניש.

מען קאָן זיך פֿאַרשטעלן ווי מיר האָבן אָפּגעוואַרט אונדזער רבינס צוריק־קומען. דורך דער צײַט פֿון אונדזער רבינס אויפֿהאַלטן זיך אין דער פֿרעמד זײַנען מיר געגליכן געווען צו שאָף אָן אַ שעפֿער. די תּלמידים זײַנען געקומען אין בית־מדרש אַרײַן און האָבן ווידער געחזרט איינער פֿאַרן אַנדערן דעם רבינס תּורה, די הלכות, וואָס ער האָט אונדז איבערגעגעבן פֿון זײַנע רביים, די אגדות,

דעם דרוש און דעם פּשט פֿון די פּסוקי־תּורה און פֿון נבֿואה; עס איז אָבער געװען, װי מיר װאָלטן זיך פֿאַרצײלט װעגן זונענשטראַלן אין אַ פֿינצטערן חדר, אָנ־שטאָט מיר זאָלן געניסן פֿון דער ליכט פֿון הימל. װען אונדזער רבי איז נאָך אַ פּאָר װאָכן געקומען צוריק, האָבן מיר אים נישט דערקענט. די פֿרײלעכקײט איז אין גאַנצן פֿאַרשװאונדן פֿון אים. דער מאַן, װאָס איז שטענדיק געװען אָפֿן פֿאַר זײַנע תּלמידים און פֿאַר דער גאַנצער װעלט, װי אַן אָפֿן ספֿר, װאָס יעדער אײנער האָט געקאָנט לײענען אין דעם, — איז פֿאַרשלאָסן געװאָרן אויף זיבן שלעסער. ער, װאָס האָט נישט צוגעלאָזט די מרה־שחורה צו זיך און זי געהאַלטן װי אַ בײזן משחית אויף צען טריט פֿון זיך; ער, װאָס האָט געלערנט, אַז דעם מענטשנס גרעסטער שונא איז די עצבֿות און אַפֿילו אין די ערגסטע מינוטן טאָר מען זיך נישט לאָזן פֿאַנגען אין דער נעץ פֿון עצבֿות, װאָס דער שטן פֿאַרשפּרײט איבער דיר, ער פֿלעגט שעהן־לאַנג אַלײן זיצן און שװײַגן. דאָך האָבן מיר באַמערקט, אַז דאָס שװײַגן און די פֿאַרשלאָסנקײט אין זיך זײַנען געקומען איבער אים מחמת ער האָט עפּעס װאָס דערװאַרט. ער האָט געהאַלטן אין אײן באַקלערן, װאָ־רעם זײַנע אויגן, װען אַפֿילו זײ זײַנען איצט געװען װי עס װאָלט געװען געפֿאַלן אויף זײ אַ הײטל־װאָלקן און פֿאַרשטעלט פֿאַר זײ די שײַן פֿון דער װעלט, האָבן נאָך אַלץ נישט פֿאַרלוירן דאָס ליכט, װאָס האָט געברענט אין זײ. זײ זײַנען געװען פֿאַרחלומט, אונטער אַן אויסטערלישן שײַן. דער רבי נקדימון איז געװאָרן װי אַ בעל־חלומות: ער האָט גערעדט צו זיך אַלײן װערטער, װאָס מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען; בײַם קלענסטן רויש פֿון דער טיר האָט ער אויפֿגעצאַפּלט, גלײַך װי ער װאָלט אויסגעװאַרט אומגעדולדיק אויף װעמען, אויף אַ שליח. אָפֿט מאָל האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט אין מיטן דער נאַכט פֿון שלאָף און איז אַרויס אין גאַס און געבלאָנדזשעט אַלײן, גלײַך װי ער װאָלט װעמען געזוכט אין די לײדיקע, אין די נאַכט־שאָטנס־אײַנגעהילטע גאַסן פֿון ירושלים. ביז ענדלעך אײן מאָל האָט אַ שליח זיך באַװיזן אין דער טיר פֿון בית־מדרש. עס איז געװען אַ ייִד פֿון גליל. מיר האָבן אים דערקענט לויט זײַן אויסשפּראַך, װי אויך לויט זײַן קלײדונג. דער רבי האָט זיך אײַנגעשלאָסן מיט אים בחדרי־חדרים. זײ האָבן לאַנג צוזאַמען פֿאַרבראַכט. ענדלעך איז דער רבי אַרויסגעקומען אַ צעפֿלאַמטער, װי די שכינה װאָלט געשײַנט אויף אים, און ער האָט אונדז דערקלערט, אַז ער מוז גלײַך זיך לאָזן אין װעג אַרײַן. די זעלבע נאַכט האָט ער פֿאַררופֿן די חבֿרותא און אין פֿרימאָרגן האָט ער, נישט באַגלײט פֿון קײנעם, זיך אַװעקגעלאָזט אין װעג אַרײַן. װי דערשטױנטע זײַנען מיר אָבער געװען, װען דער רבי איז געקומען צוריק פֿריִער װי מיר האָבן זיך געהאַט גערעכט אויף אים. און אַז ער איז געקומען צוריק, איז ער צוריק געװען דער זעלבער רבי נקדימון, װי מיר האָבן אים געקענט פֿון אַמאָלט, אײדער עס האָבן אָנגעהויבן באַװײַזן זיך די בריװ פֿון יהודה. ער איז איצט געװען רואיק, אין גאַנצן שלמות, אַװעק די פֿאַרחלומטקײט, אַװעק די פֿאַרשלאָסנקײט. זײַן פּנים האָט צוריק באַקומען די גדולהדיקע ליכטיקײט, װאָס איז אויף אים שטענדיק געלעגן, און די אויגן — זײער פֿרײַען, זיכערן בליק, װאָס פֿאַרשטײט אַלץ, װאָס לאָזט צו װיסן, אַז אַלץ איז רעכט. זײַן גאַנץ װעזן איז װידער פֿול געװאָרן מיט בטחון און אמונה, און ער האָט װידער אָנגעהויבן לערנען מיט אונדז די הלכות און די דינים און די תּקנות, װאָס די ערשטע רבײם האָבן

מתקן געווען און וואָס זיי זײַנען געוואָרן אָנגענומען בדרך־קבלה, ווי זיי וואָלטן געווען הלכות פֿון משה רבינו פֿון באַרג סיני. מיר האָבן דערפֿון פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָך נישט געקומען די צײַט אויפֿצוהויבן דעם דין, וואָס הענגט ווי אַ שווערד איבער דער וועלט פֿון וועגן די זינד פֿון אדום.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן פֿון די אַלע זאַכן געהאַט נאָר אַ נעפּלדיקן באַגריף. מיר האָבן מיט אונדזער רבין אַדורכגעמאַכט אַלע זײַנע דערהויבונגען און אַלע זײַנע פֿאַלונגען. אונדזערע הערצער זײַנען געווען אָנגעבונדן אָן זײַן האַרץ, האָבן געשלאָגן אין איין טאַקט. גלײַך ווי מיר וואָלטן געווען באַהאַפֿטן אין אונדזער רבין מיט בשותּפֿותדיקע אַדער־קאַנאַלן, זײַנען מיר, אַזוי ווי ער, אויך מעוברת געוואָרן מיט די אַלע האָפֿענונגען און דערוואַרטונגען און האָבן אַדורכגעלעבט מיט אים זײַנע אַנטוישונגען און זײַן געפֿאַלנקייט. מיר האָבן אָבער נישט פֿאַרמאָגט די טיפֿע אמונה פֿון אונדזער רבין, וואָס האָט אים באַשיצט פֿון אַלע שטורעמס. עס האָט גענומען צײַט, ביז וואַנען מיר האָבן געוואונען צוריק די שלמות־הנפֿש, וואָס מיר זײַנען געוואָרן אַרויסגעשטויסן פֿון איר דורך די טעג פֿון דערוואַרטונג.

און דענסטמאָל איז געקומען דער מאָמענט, ווען מיר אַליין האָבן די זכיה געהאַט צו זען דעם רבין פֿון נצרת פּנים־אל־פּנים.

אומפֿאַרגעסלעך וועט בלײַבן בײַ מיר יענער שבת־אינדערפֿרי, אין דער שול פֿון די קורינער, ווען פּלוצלינג, צו קריאת־התּורה, האָט זיך באַוויזן דער ווײַסער מעיל פֿון רבין פֿון נצרת, ווי ער האָט אַרויסגעשײַנט פֿון צווישן די תּלמידים, וועלכע האָבן אים באַגלייט אין אונדזער שול. די מתפּללים זײַנען אַלע געווען פֿאַרזאַמלט בײַ דער שטיינערנער באַנק, אין מערבֿ־זײַט, וואָרעם אונדזער שול איז געשטאַנען מיט איר מערבֿ־זײַט צום בית־המקדש. פֿאַר דעם בעלעמער זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט די פּני. דער אַבֿ־הכּנסת איז געווען ר׳ יוסף רמתי, — איז ער און מײַן רבי נקדימון געשטאַנען צו דער רעכטער און צו דער לינקער זײַט בײַ דער תּורה. און דער סגן האָט אַרויסגעלייענט פֿון דער תּורה די סדרה פֿון דער וואָך. און אַ שטילער רעש איז פּלוצלינג געוואָרן צווישן די מתפּללים.

מען האָט שוין געהאַט געוואוסט אין ירושלים, אַז דער רבי פֿון גליל איז דאָ אין שטאָט; וועגן דעם וואונדער, וואָס ער האָט געטאָן בײַ דער בריכה, וואו די געבראָכענע און קראַנקע האָבן זיך געוואַלגערט, איז דענסטמאָל שוין באַוואוסט געווען. דער וואונדער האָט געהאַט אַרויסגערופֿן גרויס אויפֿזען און האָט צע־טיילט די מיינונגען וועגן דעם רבין פֿון נצרת צווישן די תּלמידי־חכמים, וואָרעם ער האָט געטאָן דעם וואונדער אום שבת. מחמת דעם האָט זײַן באַווײַזן זיך פּלוצ־לינג אין שול געמאַכט אַ רושם צווישן די רייען פֿון די מתפּללים. אָבער מײַן רבי האָט באַלד אײַנגעשטילט דעם עולם. ער האָט אונטערגעשיקט איינעם פֿון די סגנים, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים בײַ קריאת־התּורה, אַרויפֿצובעטן דעם פֿרעמדן רבין אויף דער געמויערטער באַנק, וועלכע איז געווען אין אַ האַלבער לבֿנה צו ביידע זײַטן פֿון דעם ארון־קודש, און וואָס די חשובֿי־העדה זײַנען אויף איר געזעסן. אַליין האָט מײַן רבי נישט געקאָנט אַראָפּגיין פֿון בעלעמער, וואָרעם די תּורה איז אָפֿן געלעגן און ער האָט זי נישט געקאָנט מבייש־זײַן. דער רבי

פֿון נצרת איז טאַקע עולה געווען און ער האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק פֿון די חשובֿי־העדה. די תּלמידים האָט ער געלאָזט בײַ דער טיר.

איך האָב דענסטמאָל געהאַט די ערשטע געלעגנהייט צו באַטראַכטן אים. איך בין געשטאַנען מיט מײַן חבֿר רופֿוס, און מיר האָבן געקוקט בײדע אויף דעם וואונדערלעכן מאַן, וואָס זײַן שם איז געגאַנגען פֿאַרויס פֿאַר אים, און ער האָט אונדזערע הערצער צעגאָסן אין אַנגסטן פֿאַר זײַן אַנבליק. עס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז פֿון זײַן שטראַלנדיקן ווײַסן מעיל בלישטשען פֿונקען. זײַן פּנים איז געווען לענגלעך, אויסערגעוויינטלעך בלאַס, אײַנגעפֿאַסט אין אַ קורצע, שיטער, שוואַרץ בערדל, וואָס איז שוין געווען אַדורכגעוועבט מיט פֿיל ווײַסע האָר. זײַנע געלאָקטע פּאות האָבן זיך געבאַמבלט איבער דעם בערדל. אַ ווייטאָגדיקער שמייכל האָט געציטערט איבער דעם דינעם שניט פֿון זײַנע ליפּן, וואָס האָט זיך קוים אַרויסגעזען פֿון זײַנע וואָנצעס אַרויס. ער האָט מיט פֿרומקייט און מיט גרויס דבֿקות אײַנגעהערט זיך צו דער קריאת־התּורה. די קינדער פֿון דער שול, צוגע־צויגן פֿון דעם מאָנס פֿרעמדקייט, פֿון זײַן ווײַסן קלייד, פֿון זײַן שם, וואָס איז פֿאַר־אויסגעגאַנגען פֿאַר אים, האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמלען אין גרופּעס, זײַנען געשטאַ־נען פֿאַר אים און האָבן געגאַפֿט אויף אים מיט גרויס יראת־הכּבֿוד. איינער פֿון די סגנים האָט זיי געוואָלט אַוועקטרײַבן פֿון דעם רבין, אָבער דער רבי האָט מיט אַ לײַכטנדיקן בליק פֿון זײַנע אויפֿגעהויבענע אויגן אָנטוואָפֿנט און אײַנגעשטילט דעם שטרענגן סגן, און מיט אַ שמייכל פֿון זײַנע ליפּן האָט ער פֿאַרבעטן די קינדער צוצוקומען נענטער צו אים, וואָס זיי האָבן טאַקע באַלד געטאָן, צוערשט שעמעוודיק, מיט יראת־הכּבֿודיקער עקשנות, וועלכע איז אָבער באַלד צעגאָסן געוואָרן אין דעם שטראַלנדיקן, צאַרט־גלעטנדיקן בליק אויס דעם רבינס אויגן, און שוין זײַנען זיי געווען לעבן זײַנע פֿיס, האָבן זיך געהאַלטן אין זײַן מעיל, — און דער רבי האָט אַרויפֿגעלייגט זײַנע הענט אויף זייערע קעפּלעך און געבענטשט זיי מיט שטילע ברכות.

דער סגן האָט אויסגערופֿן דעם רבינס נאָמען און האָט אים טיטולירט מיט דעם טיטל „רבן”: — מורנו רבן ר׳ ישוע בן ר׳ יוסף, מבוקש לעולה לתּורה. — און דער רבי פֿון נצרת האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זײַן אָרט, האָט די קינדער, וועלכע האָבן אים נישט געוואָלט שוין מער אָפּלאָזן, מיט אַ שמייכל און אַ ברכה לײַכט אָפּגעטאָן פֿון זיך, און ער איז אויפֿגעגאַנגען אויפֿן בעלעמער צו דער תּורה. דער סגן האָט אים דערלאַנגט אַ טלית, און ער האָט זיך אײַנגעוויקלט אין אים, פֿאַרמאַכט די אויגן און געזאָגט אַ תּפֿילה בלחש. און ער איז צוגעגאַנגען צו דער תּורה, האָט געמאַכט איבער איר אַ ברכה, געלייענט זײַן פּסוק, פֿאַרענדיקט מיט אַ ברכה, — און ער האָט אַראָפּגעגנידערט פֿון בעלעמער, אַזוי ווי דער דין איז.

עס איז געווען נאָך קריאת־התּורה, איז מײַן רבי צוגעגאַנגען צום רבין פֿון נצרת און האָט אים געבעטן, ער זאָל אַרויפֿגיין אויפֿן בעלעמער און זאָל דרשנען פֿאַרן עולם, ווי דער מנהג איז געווען, ווען אַ פֿרעמדער רבי קומט אין שטאָט אַרײַן. און דער רבי פֿון נצרת האָט באַוויליקט דאָס צו טאָן.

ער איז צוריק אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן בעלעמער. און ער איז געווען אײַנגע־וויקלט אין זײַן טלית אַזוי ווי פֿריִער. ער האָט אויפֿגעעפֿנט זײַן מויל און געזאָגט אַ תּפֿילה בלחש. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום סגן, וועלכער האָט געהאַלטן די

ספר־תורה. ער האָט גענומען די תורה פֿון סגנס האַנט, און ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט מיט דער תורה אויף משהס שטול, וועלכע איז געווען איינגעמויערט אין בעלעמער, וואָס אויף איר איז דער אב־בית־דין געזעסן ביים משפּט, אָדער ביים פּסקנען שאלות. און ער האָט גענומען די ספר־תורה און געלייגט זי אין זיין שויס אַריין, און ער האָט אָנגעהויבן צו דרשנען.

אויב דער עולם מתפּללים איז געווען אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג שוין פֿון דעם ביישיין אַליין אין שול פֿון דעם מאַן, וואָס אַזעלכע פֿאַרשיידענע, ווידער־שפּרעכיקע ידיעות זיינען פֿאַרשפּרייט געוואָרן וועגן אים און וועגן זיינע וואונדער, — האָט דאָס אויפֿפֿירן זיך פֿון דעם פֿרעמדן רבין גאָר אַרויסגערופֿן ביי זיי די העכסטע פֿאַרוואונדערונג. דאָס, וואָס דער פֿרעמדער רבי פֿירט זיך נישט אויף ווי יעדער אַנדערער, וועלכער שטייט פֿאַרן עולם, בשעת ער דרשנט, נאָר ער זיצט מיט דער ספר־תורה אויף זיין שויס, אויף משה רבינוס שטול, אַזוי ווי אַ מלך, — דאָס איז שוין געווען גענוג אויפֿצורודערן די געמיטער. עס איז געווען אַ צייכן, אַז דער רבי האַלט זיך גאָר אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע רביים, און נעמט זיך אַזעלכע רעכט, וואָס מאַכן אויפֿציטערן יעדעס ייִדיש האַרץ און וועקן אין דעם די העכסטע האָפֿענונגען.

ווען נישט די ערנסטע און פֿרומע מינע פֿון מיין רבין בקדימון, ווי ער איז געשטאַנען אויפֿן בעלעמער און האָט באַרואיקט די געמיטער מיט זיינע ליכטיג־דיקע אויגן, וואָלט דאָס בלויזע אויפֿפֿירן זיך פֿון דעם פֿרעמדן רבין עלול געווען אַרויסצורופֿן פּראָטעסטן און געשרייען. דער עולם אָבער איז שטיל געווען, אַז מען האָט נאָר געהערט דאָס שלאָגן פֿון די הערצער אין דערוואַרטונג. איך האָב געזען הלל וואַסערטרעגער, ווי ער האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון די הינטערשטע רייען מתפּללים, וואו ער איז געשטאַנען ביי דער סאַמע טיר, און איז אָנגעקומען אַרויפֿ־צושווימען אויבנאָן, צום בעלעמער צו. הינטער אים האָב איך אויך געזען שמעון קוריני און דעם גר אַבֿרהם בן־אַבֿרהם, וועלכער איז געשטאַנען, אַ פֿאַרלוירענער, דער הויקער זיינער איינגעהילט אין טלית. יהודה איש־קריות, איינער פֿון די תּלמידים, וואָס האָט באַגלייט זיין רבין אין אונדזער שול, האָט זיך אָנגעהאַלטן אין די ליימסטלעך פֿון בעלעמער און זיך געשאָקלט פֿרום. פֿון דער אַנדערער זייט בעלעמער האָט געהיט די טרעפּלעך שמעון בר־יונה, וואָס האָט זיך געשאָקלט אַזוי ווי יהודה, מיט די בני־זבֿדי הינטער אים.

אין אָנהויב זיינען די רייד פֿון דעם רבין פֿון נצרת געווען בנחת, שטיל. ער האָט גערעדט וועגן דעם כּוח פֿון דער אמונה, וועגן בטחון אין רבונו־של־עולם און וועגן דער וויכטיקייט פֿון תּפֿילה:

„בעט — און עס וועט איינך געגעבן ווערן, קלאַפּט — און עס וועט איינך אויפֿגעמאַכט ווערן. וואָרעם איטלעכער, וואָס בעט, קריגט, און דער, וואָס זוכט, געפֿינט, און פֿאַר דעם, וואָס קלאַפּט אָן, ווערט אויפֿגעעפֿנט".

זיינע רייד האָבן געהאַט איינגעשטילט די געמיטער, וואָרעם ער האָט זיי באַזיסט מיט שיינע משלים: אַז ער האָט גערעדט, למשל, וועגן בטחון אין רבונו־של־עולם, האָט ער געהייסן זיך אַראָפּנעמען אַ משל פֿון די ראָבן אין פֿעלד, וועלכע זייען נישט און שניידן נישט, און האָבן נישט קיין קעלערס און שייערס, און גאָט

שפּײַזט זיי. „און וויפֿל מער זענט איר ווערט ווי די פֿייגל?״ — האָט ער געזאָגט — „און ווער פֿון אײַך קאָן מיט זײַנע זאָרגן מערן אויף איין איל זײַן הייך?״

דאָס רובֿ מתפּללים אין אונדזער שול זײַנען טאַקע באַשטאַנען אויס אָרעמע אַרבעטער, צום מערסטן פֿאַרבער, וואָרעם די קורינער האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון זייער היים־שטאָט די קונסט פֿון פֿאַרבן וואָלן אין פֿאַרשיידענע קאָלירן, און אויך זילבער־ און בראָנז־שמידן זײַנען געווען צווישן זיי, און זאָטל־מאַכער, און געצעלטן־נייער. פֿאַר זיי, פֿאַר אָט דער אָרעמקייט, זײַנען די ווערטער געווען ווי איל צו זייערע וואונדן. אויך די תּלמידי־חכמים, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין שול, האָבן גרויס נחת־רוח געהאַט פֿון דעם נצרתער רבינס רייד. זיי האָבן געזען זײַן גרויסן בטחון און זײַן שטאַרקע אמונה, און זיי האָבן געגלויבט זײַנע ווערטער און געזאָגט, אַז ער שטאַרקט דורך זיי די שוואַכע הענט און הויבט די געפֿאַלענע געמיטער. זיי זײַנען שוין אַפֿילו גרייט געווען אים מוחל צו זײַן די ביטערע אַנטוישונג, וואָס דער אָנהויב פֿון זײַן דרשה האָט זיי פֿאַרשאַפֿט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט זיך אַליין, נישט ווי עס איז דער דרך פֿון די תּלמידי־חכמים, בשעת זיי דרשנען אָדער לערנען מיטן עולם, אָנצוהויבן מיט אַ פּסוק פֿון דער תּורה, אָדער פֿון די נבֿיאים, אָדער פֿון תּהילים, אַפֿילו אויך פֿון בן־סירא, צו זאָגן און צו דערמאָנען די נעמען פֿון די רביים, וואָס פֿון זייערע קוואַלן האָבן זיי געטרונקען. די תּלמידי־חכמים האָבן זיך אַוודאי געטראַכט, אַז דאָס איז דער סגנון זײַנער, אַזאַ שטייגער דרשנען, אָבער אין די רייד גופֿא שיידט ער זיך גאָרנישט אָפּ פֿון די אַנדערע רביים און תּלמידי־חכמים.

באַלד, באַלד אָבער האָט מען אײַנגעזען, אַז פֿאַר אונדז אין בית־הכּנסת שטייט אָדער זיצט אַן אַנדער רבי. אַ רבי? ניין! טויזנט מאָל העכער. ווער קאָן מעסטן? זאָל עס זײַן די העכסטע ייִדישע האָפֿענונג, וואָס שטייט פֿאַר אונדז? פֿון זײַן מויל הערן מיר ווערטער, וועלכע זײַנען נישט געהערט געוואָרן פֿון משהן אויפֿן באַרג סיני. ווער איז דאָס, וואָס זיצט פֿאַר אונדז מיט דער ספֿר־תּורה אין זײַן שויס? אונדזערע הערצער זײַנען צעגאַנגען פֿון לויטער אַנגסט און שרעק, און אונדזערע קני האָבן געציטערט. מיר האָבן אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע מיט פֿלאַמעדיקע אויגן און דערשראָקענע פּנימער. און מיר האָבן נישט געוואוסט, צי גאָט הויבט אונדז אויף צו די טויערן פֿון הימל, און באַלד וועלן זיי זיך עפֿענען פֿאַר אונדז און מיר וועלן זען די שײַן פֿון דער מאַכט, וואָס אונדזערע אויגן קוקן אויס נאָך איר אַזוי לאַנג אין דאָרשט, אָדער, חלילה, מיר ווערן געוואָרפֿן אין דעם טיפֿסטן אָפּגרונט אַרײַן.

ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן זיך מיט אַ טאָן און מיט אַ מאַכט, ווי ער וואָלט באַזעסן דעם רשות פֿון די העכסטע הויכקייטן.

ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער אויסוואַרטונג אויף דער הילף: „מיר מוזן שטענדיק זײַן גרייט אויפֿצונעמען, שטענדיק אויסהאַרן אין אַנגסטיקער דערוואַרטונג״, — „שלאָפֿט נישט און וואַכט, זאָלן אייערע לענדן זײַן געגורט און אײַער ליכט ברענען. האַלט אויס אין שטענדיקן וואַרטן. עס קאָן קומען מיט אַ בליץ פֿון הימל — יעדן אויגנבליק״.

קולות האָבן אָנגעהויבן פֿרעגן:

— ווען וועט דאָס מלכות פֿון הימל קומען?

און ער האָט געענטפערט:

— דאָס קעניגרײַך פון הימל קומט נישט מיט באַמערקונגען. מען קאָן נישט זאָגן, עס איז דאָ אָדער דאָרט, וואָרעם, זע, דאָס קעניגרײַך פון הימל איז אין אײַך. — אַזוי ווי דער בליץ, וואָס בליצט פון איין עק אונטערן הימל, און שײַנט ביז צום אַנדערן עק אונטערן הימל, אַזוי וועט דער בן־אדם זײַן אין זײַן טאָג.

און ווי אַ בליץ פון הימל, אַזוי האָט דאָס וואָרט אונדז געטראָפן. אַ ציטערדיקער מורמל איז אַרומגעגאַנגען צווישן עולם.

— דאָס מיינט ער דאָך דעם בר־אנוש, דעם עתיק־הימים, דעם, וואָס ער האָלט זיך אויף מיט גאָט אין הימל פון איידער נאָך די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן.

— דאָס מיינט ער דעם בר־אנוש, וואָס וועט קומען צו פליִען צו אונדז מיט די וואָלקנס פון הימל, — האָט אַן אַלטער ייִד זיך געשאָקלט.

— דאָס מיינט ער דעם „אָדלער, וואָס וועט אויפגיין פון ים", דעם חזיון פון דניאל.

און קולות האָבן זיך געהערט אין אַ געמורמל:

— איף וועמען ווינקט ער? וועמען מיינט ער?

— וואָס האַלט ער אונדז אין דער פינצטער?

עס האָט זיך דערהערט דעם רבינס שטים:

— איך בין דאָס ברויט פון לעבן. דער, וואָס קומט צו מיר, וועט נישט הונגעריק זײַן, און דער, וואָס גלויבט אין מיר, וועט קיינמאָל נישט דאָרשטיק זײַן. איך בין דער בוים, וואָס גאָט האָט פאַרפלאַנצט, — די אַלע, וואָס זײַנען באַהאַפטן אין מײַנע וואָרצלען, וועלן בליִען און געדײַען; די אַלע, וואָס זײַנען נישט באַהאַפטן אין מיר, מוזן פאַרוועלקן. ווער עס איז דאָרשטיק, זאָל ער צו מיר קומען און זאָל ער טרינקען, וואָרעם איך בין דער קוואַל פון לעבן. איך בין דאָס ברויט, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון הימל. באמת זאָג איך אײַך, דער, וואָס גלויבט אין מיר, וועט האָבן דאָס אייביקע לעבן.

ווען דער הימל וואָלט זיך געשפּאָלטן איבער אונדזערע קעפּ און די שאַרן מלאכים וואָלטן אַראָפּגעקומען און געשטעלט זיך צו זײַן רעכטער און צו זײַן לינקער האַנט, וואָלט דער וואונדער נישט געקאָנט אַרויסרופן בײַ אונדז קיין גרעסערע שטוינונג, ווי די ווערטער פון דעם נצרתער רבין. אַ לאַנגע ווײַל איז דער עולם שטיל געוואָרן, פשוט פאַרגליווערט אין שווײַגן, ביז וואַנען איינער פון די אַלטע, וואָס זײַנען געזעסן אויף דער געמויערטער באַנק פאַרן בעלעמער, האָט זיך אויפגעהויבן און געפרעגט:

— איז דאָס נישט ישוע, דער זון פון יוסף? קענען מיר דען נישט זײַן פאָטער און מוטער? איז ווי אַזוי זאָגט ער עס: „איך בין אַראָפּגעקומען פון הימל"? וואָס זײַנען דאָס פאַר אַ ווערטער?

און אַ צווייטער האָט זיך אויפגעהויבן און געפרעגט:

— עס איז געקומען צו אונדז משה און ער האָט געזאָגט, אַז מיר זאָלן גלויבן אין דער תורה, וואָס ער האָט געבראַכט צו אונדז פון באַרג סיני. עס זײַנען געקומען צו אונדז די נביאים און זיי האָבן אונדז געהייסן גלויבן אין דעם לעבעדיקן גאָט. דער הייסט אונדז גלויבן אין אים אַליין. ווער איז ער? איז ער דען גרעסער פון משהן? פון די נביאים?

צווישן די מתפללים איז אַדורכגעגאַנגען אַ געמורמל, ווי אַ רוישן פֿון וועלן אין אַ שטילער נאַכט, און זיי האָבן געזאָגט איינס צום אַנדערן:

— ווען ער רעדט אַזעלכע ווערטער, איז ער דאָך געוויס אַ נביא?

— ניין, ווען ער וואָלט געווען אַ נביא, וואָלט ער אַזעלכעס נישט גערעדט. אַזעלכע ווערטער קאָן רעדן נאָר משיח!

— משיח! משיח! ווער האָט געזאָגט דאָס שרעקלעכע וואָרט? ערד אין זיין מויל! האָט נישט די שריפֿט געזאָגט, אַז משיח וועט אַרויס פֿון זרע־דוד און פֿון דער שטאָט בית־לחם?

און איצט האָבן זיך הענט אויפֿגעהויבן און זיך אויסגעשטרעקט צום רבין פֿון נצרת, און צעשראָקענע אויגן האָבן זיך באַהאַפֿטן אין זיין ווייסן קלייד, און ליפּן האָבן גערעדט אין אַ ציטערדיקן געמורמל:

— ווער ביסטו?

דער נצרתער האָט אַרומגענומען דעם עולם מיט זיין בליק און אָפּגעענטפֿערט:

— איך בין דער זעלבער, וואָס איך האָב אייך געזאָגט פֿון אָנהויב. איך האָב פֿיל אייך צו זאָגן און אייך צו משפּטן. דער, וואָס האָט מיך געשיקט איז וואָר. און דאָס, וואָס איך האָב געהערט פֿון אים, דאָס זאָג איך צו דער וועלט.

דער זקן, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער באַנק פֿון די זקנים, האָט איצט געפֿרעגט, — נישט דעם רבין פֿון נצרת האָט ער געפֿרעגט, נאָר מיין רבין נקדימון, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים:

— רבי נקדימון, ביזט אַ רבי אין ישׂראל, און דו הערסט ווי דער־אַ איז מחרף ומגדף דעם הייליקן אין ישׂראל, — און דו שווייגסט?

— איך הער נישט קיין חירוף וגידוף פֿון זיין מויל, חלילה, — האָט רבי נקדימון אָפּגעענטפֿערט. — יעדער ייד האָט דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פֿון הייליקן פֿון ישׂראל, ווען ער איז מיט אַ שליחות צו אונדז געשיקט.

אָבער דאָ האָט דער רבי פֿון נצרת זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זיין שטול. אַרומגעהילט אין זיין טלית, מיט דער ספֿר־תּורה אין זיינע הענט, האָט ער אויסגערופֿן צום פֿאָלק:

— דאָס קול איז אַרויסגעגאַנגען, ווער וועט עס קאָנען צוריקנעמען? דאָס ווערק האָט זיך אָנגעהויבן, ווער וועט עס קאָנען איינהאַלטן? — איך בין די טיר, — ווער עס וועט דורך מיר אַריינקומען, דער וועט נצול ווערן. באמת, זאָג איך אייך, איך בין די טיר פֿון די שאָף. איך בין דער גוטער שעפֿער. דער גוטער שעפֿער לייגט זיין לעבן אַנידער פֿאַר זיינע שאָף. אַזוי ווי דער פֿאָטער קען מיך און איך קען דעם פֿאָטער, — און איך לייג מיין לעבן אַנידער פֿאַר די שאָף.

ווי ער האָט די ווערטער אויסגערעדט, איז געוואָרן אַ גרויסער רעש.

— וועמען רופֿט ער אָן „דער פֿאָטער"? ווער איז „דער פֿאָטער"?

— איר זעט דאָך, אַ שד זיצט אין אים. ער איז משוגע! וואָס הערט איר זיך איין צו זיין פּלאַפּלען?

— רעדט אַזוי אַ שד? קאָן אַ שד בלינדע זעעוודיק מאַכן?

— מיר קאָנען נישט הערן די רייד! — האָבן די קעגנער אויסגערופֿן, און אַ טייל זייערע האָט אויס פּראָטעסט פֿאַרלאָזט דעם בית־הכנסת.

אָבער דער נצרתער איז אַלץ געשטאַנען אויפֿן בעלעמער, אַרומגעהילט אין טלית, מיט דער ספֿר־תּורה אין דער האַנט, האָט ער ווײַטער געדרשנט.

— מער ווי דאָס קאַלב וויל זויגן, נאָך מערער וויל עס די מוטער אָנזויגן. מער ווי איר האָט נאָך מיר געבענקט, נאָך מערער האָב איך נאָך אייך געלעכצט. פֿון די וואָלקנס אין הימל האָט אײַער פֿאָטער געזען אײַער נויט, און ער האָט גע־אײַלט צו אײַער הילף. איצט, ווען די ישועה קלאַפּט אין אײַער טיר, שליסט איר די טיר פֿאַר איר? צי דען האָט איר נישט אויסגעקוקט אײַערע בליקן נאָך מיר?

אַזוי האָבן ווידער די מתפּללים געהויבן מיט די אַקסל און אָנגעקוקט איינס ס'אַנדערע אין פֿאַרוואונדערונג און געפֿרעגט איינס בײַם צווייטן:

— ווער איז ער, וואָס ער רופֿט זיך אָן די ישועה?

און ווידער האָבן זיך די הענט אויסגעשטרעקט צו אים און געבעטן זיך בײַ אים:

— זאָג אונדז, ווער דו ביסט!

אָבער דער רבי האָט ווײַטער געדרשנט:

— עס דערקענען די שאָף דאָס קול פֿון זייער שעפֿער. איך בין דער גוטער שעפֿער און איך קען די שאָף מײַנע, און די שאָף דערקענען מיך. אַזוי ווי דער פֿאָטער קען מיך, אַזוי קען איך דעם פֿאָטער, און איך לייג מײַן לעבן אַנידער פֿאַר די שאָף. — און אויך אַנדערע שאָף האָב איך, וואָס זײַנען נישט פֿון דער סטאַדע, און איך מוז זיי פֿיטערן, — און זיי וועלן הערן מײַן שטים, און עס וועט זײַן איין טשע־רעדע און איין שעפֿער.

ווי עס האָבן זיך דערהערט די ווערטער, איז דער געמורמל אין שול געוואָרן הויך אַפֿילו צווישן די אָרעמע און פּראָסטע לײַט, וועלכע האָבן אים ביז איצט געהאָט צוגעהערט מיט גלויביקע פּנימער, און איינציקע שטימעס האָבן אים גע־פֿרעגט:

— זײַנען מיר נישט די קינדער פֿון אַבֿרהם, וואָס די גאולה איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן? און האָט דען אונדז גאָט נישט אויסגערופֿן פֿאַר דעם עם־סגולה? און טראָגן מיר דען צוליב דעם נישט דעם עול פֿון דער תּורה אויף אונדזערע פּליי־צעס?

און אַנדערע האָבן געפֿרעגט:

— וואָס וויל ער, צו די גוים גיין? צו די יוונים? אָדער צו די בני־צור־וצידון?

און דער רבי האָט אויפֿגעהויבן זײַן קול און האָט אויסגערופֿן:

— האָרכט מיך אויס! צו וואָס איז די זאַך געגליכן? די זאַך איז געגליכן צו אַ פֿאָטער, וואָס האָט געהאַט זעקס זין, און אַלע זײַנען געווען בלינד פֿון געבוירן, נאָר איינער, דער זיבעטער זון, איז געווען זעעוודיק. און עס איז געווען, ווען דער פֿאָטער איז געווען פֿאַרטאָן אין פֿעלד און אין שײַער, האָט ער איבערגעלאָזט די זעקס זין אויף דער השגחה פֿון דעם יינגסטן, דעם זעעוודיקן, אַז ער זאָל זיי אַרויספֿירן אין פֿעלד צו דער אַרבעט און פֿירן זיי אַהיים צום פֿאָטערס טיש. די בלינדע זין האָבן פֿײַנט געהאַט דעם יינגסטן, דעם זעעוודיקן, ווײַל זיי האָבן זיך מתקנא געווען אין אים. און עס איז געווען, ווען ער האָט זיי פֿאַרציילט וועגן דער זון, וואָס שײַנט אין הימל בײַטאָג, און וועגן דער לבֿנה און די שטערן בײַנאַכט, און וועגן די קאָלירן פֿון די בלומען, און וועגן דעם גרינס אין פֿעלד, — האָבן זיי

געזאָגט, אַז נאָר ליגן, ליגן זאָגט דער יונג: עס איז נישטאָ קיין ליכט פֿון דער זון און קיין שייַן פֿון דער לבֿנה, און עס זייַנען נישטאָ קיין קאָלירן פֿון די בלומען און קיין גרינס אין פֿעלד, נאָר אַלץ האָט עס דער יונג אויסגעטראַכט, וואָרעם די נאַכט הערשט איבער אַלץ. און עס איז געווען אַמאָל — און דער פֿאָטער האָט געהערט, אַז אַ זעער האָט זיך באַוויזן אין דער שטאָט, אַזוי האָט ער געזאָגט צו זייַן יינגסטן זון: — זע, אויף דייַן האַנט לאָז איך דייַנע ברידער. איך וועל גיין אין שטאָט און איך וועל בעטן דעם זעער, אפֿשר וועט ער מיר העלפֿן דורך זייַן האַנט און ער וועט עפֿענען די אויגן פֿון מייַנע קינדער. דו אָבער היט דאָס ליכט פֿון דייַן אויג, וואָרעם, ווען אויך דייַנע אויגן וועלן ווערן אויסגעלאָשן, אַזוי וועל איך האָבן אַ פֿינצטער געשלעכט געבראַכט אויף דער וועלט. און עס איז געווען, ווען דער פֿאָטער האָט פֿאַרלאָזט זייַן הויז און ער האָט זיך געזאַמט לאַנג, און איז נישט געקומען אַהיים, אַזוי האָבן די בלינדע ברידער געזאָגט זיך: קומט, לאָמיר זיך שטאַרקן אויפֿן זעעוודיקן, און לאָמיר אויך אים די אויגן אויסשטעכן און אים באַרויבן פֿון דער שייַן פֿון דער ליכט, וואָרעם רייצט ער זיך נאָר מיט אונדז.

— און עס איז נישטאָ קיין ליכט, גאָט האָט איינגעדעקט זייַן וועלט אין פֿינצטערניש. און זיי האָבן זיך געשטאַרקט אויפֿן יינגסטן ברודער און זיי האָבן מיט זייערע פֿינגער געטאַפּט זייַן פּנים און זיי האָבן דערלאַנגט צו זייַנע אויגן, און זיי האָבן גערופֿן צו אים: — זאָג, אָפּגענאַרט האָסטו אונדז? עס איז גאָרנישט דאָ, נאָר פֿינצטערניש אויף דער וועלט. — אָבער דער יינגערער ברודער האָט זיך געשטאַרקט און ער האָט געשריגן און ער האָט געזאָגט: — באַרויבט מיך נישט פֿון לעצטן ליכט, וואָס איז אין אונדזער געשלעכט דערהאַלטן, וואָרעם עס וועט זייַן, אַז איר וועט אויך מיר די אויגן פֿאַרשליסן, וועט קיינער מער נישט זייַן, וואָס זאָל האָבן געזען דאָס ליכט פֿון דער וועלט צו קאָנען עס אַרויסברענגען צו די דורות, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז. — אָבער די ברידער האָבן צו אים געזאָגט:

— ליגן, ליגן זאָגסטו נאָר אונדז. זייַ מודה, אַז דו האָסט קיינמאָל קיין ליכט נישט געזען, אַז פֿינצטער, פֿינצטער הערשט איבער דער וועלט. און עס איז געווען, ווען ער האָט זיי נישט געוואָלט האָרכן, און ער האָט געשריגן: — איך זע גאָטס ליכט! — האָבן זיי גענומען און אויך אים די אויגן אויסגעריסן. אָבער ער האָט אייַנגעהאַלטן גאָטס ליכט אין זייַן האַרץ און געהאַלטן אין איין פֿאַרציילן פֿון ליכט פֿון דער זון און פֿון שייַן פֿון דער לבֿנה, און פֿון די קאָלירן פֿון די בלומען און פֿון דעם גרינס פֿון גראָז, און ער האָט געזאָגט: — איך זע, איך זע! — וואָרעם דער, וואָס האָט געזען איין מאָל, האָט אַלע מאָל דאָס ליכט אין זיך און קיין כּוח קאָן פֿון אים דאָס ליכט נישט אויסלעשן. אַזוי האָט ער דערהאַלטן דעם אָנדענק פֿון ליכט דורך דער לאַנגער פֿינצטערער נאַכט, ביז דער פֿאָטער איז געקומען צוריק פֿון דער שטאָט מיט דער ברכה פֿון זעער. און עס איז געווען, ווען דער פֿאָטער איז געקומען צוריק און ער האָט געפֿונען, אַז אויך זייַן יינגסטער זון איז בלינד, אַזוי האָט ער געקלאָגט און געוויינט: — איצט וועט מייַן אַלטקייט אַראָפּנידערן אין גרוב אין דער פֿינצטערניש! — אָבער דער יינגסטער זון האָט אים געטרייסט און געזאָגט:

— פֿאָטער, אין מייַן פֿינצטערניש זע איך דאָס ליכט פֿון גאָט, וואָרעם איך האָב אויפֿגעהאַלטן דעם אָנדענק פֿון דעם ליכט אין מייַן האַרץ און נישט געלאָזט זיך פֿאַרפֿלייצן פֿון דער פֿינצטערניש, וואָס איז אַרום מיר. און יעדעס מאָל, ווען מייַנע

ברידער האָבן גערופֿן: — פֿינצטער, פֿינצטער! — אַזוי האָב איך גערופֿן: — איך זע ליכט, ליכט! — האָט דער פֿאָטער זיך אָנגערופֿן און ער האָט געזאָגט: — זײַ געבענטשט, מײַן זון. דײַן שׂכר איז גרויס, האָסט אויפֿגעהאַלטן דאָס ליכט פֿון גאָט דורך דער פֿינצטערער נאַכט. איצט וועלן עס אויך דײַנע ברידער דערזען, און זיי וועלן גלויבן, אַז גאָטס ליכט שײַנט איבער דער וועלט, וואָרעם איך האָב מיט־געבראַכט מיט זיך די ברכה פֿון זעער. און עס איז גלײַכער, וואָס זיי זײַנען ביז איצט בלינד געווען, איידער זיי זאָלן זען ליכט, וואָס איז פֿאַלש, וואָרעם בלינדע קען מען זעעוודיק מאַכן, אָבער ווי צו די, וואָס זעען פֿאַלש. זיי בלײַבן אייביק בלינד. — דער פֿאָטער האָט איבערגעגעבן זײַנע זין די ברכה פֿון זעער, און די אויגן פֿון די פֿינצטערע ברידער האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט, און זיי האָבן דערזען די שײַן פֿון גאָט, וואָס לײַכט איבער דער וועלט. אַזוי האָבן זיי זיך פֿאַרשעמט איבער די מעשׂים, וואָס זיי האָבן געטאָן אין דער פֿינצטער, און זיי האָבן געזאָגט צום יינגסטן ברודער: — ברודער, ברודער, זײַ אונדז מוחל פֿאַר די צרות און פֿאַר דעם פּײַן, וואָס מיר האָבן דיר אָנגעטאָן אין דער פֿינצטער. וואויל איז דיר, וואָס דו האָסט אויפֿגעהאַלטן דאָס ליכט דורך דער פֿינצטערער נאַכט. מיר זײַנען דיר אַלע אונדזער דאַנק שולדיק, וואָרעם דו ביסט געווען אונדזערע אויגן דורך אונדזער פֿינצטערער נאַכט. אין אונדזער נאַרישקייט האָבן מיר דאָס ליכט געוואָלט אויסלעשן. דו האָסט עס דערהאַלטן. — איז דיר ווייניק, ישׂראל, וואָס דו האָסט דאָס ליכט דערהאַלטן? גאָט האָט דיר אָנפֿאַרטרויט דאָס ליכט פֿון דער וועלט פֿון אַלע דײַנע ברידער. דײַן שׂכר איז גרויס, ישׂראל. מיט דײַן נאָמען וועלן זיך בענטשן די פֿעלקער פֿון דער וועלט.

און עס איז געווען, ווען דער עולם מתפּללים האָט אויסגעהערט דעם רבינס משל, אַזוי האָבן זייערע געמיטער זיך באַרואיקט, און זיי האָבן געזאָגט איינס צום אַנדערן:

— לאָמיר אָפּוואַרטן די זאַך. אפֿשר, ווער ווייסט, האָט גאָט אויף אונדז רחמנות געהאַט און אַן אויסלייזער געשיקט אין אונדזער נויט? זײַנע רייד זײַנען גוט, איצט וועלן מיר אָפּוואַרטן זײַנע מעשׂים.

# 9

געוויס האָבן די רייד, וואָס דער רבי האָט געדרשנט אין אונדזער בית־הכּנסת, זיך פֿאַרשפּרייט באַלד איבער ירושלים. טייל תּלמידי־חכמים האָבן פֿאַראיבל גע־האַט אויף מײַן רבין, וואָס ער האָט אויסגעהערט די רייד פֿון דעם נצרתער, און נישט פֿאַרווערט אים. אָבער די לײַט פֿון פֿאָלק און די מתפּללים פֿון אונדזער שול האָבן אויסגעוואַרט, אַז איצט, נאָך די רייד פֿון דעם רבין פֿון נצרת, זאָלן קומען זײַנע מעשׂים. דערוויל איז זײַן שם געגאַנגען פֿאַרויס פֿאַר אים. עס איז געווען, ער זאָל זיך באַווײַזן אין געסל פֿון בית־מקדש, — און עס האָבן זיך באַלד געזאַמלט אַרום אים שאַרן. נישט אַזוי צו הערן זײַנע תּורהס, אָדער זײַנע שיינע משלים זײַנען זיי געקומען, נאָר אויסצוקוקן מיט קלאַפּנדיקע הערצער אין די הימלען,

צי זיי שפּאַלטן זיך נישט און עס באַווײַזן זיך נישט דאָרט די געטלעכע חיילות, אָדער אַן אַנדער אויסערגעוויינטלעכע דערשײַנונג.

ווען עס איז דורכגעגאַנגען אַ שטיקל צײַט און עס איז גאָרנישט געשען, האָבן די מיינונגען וועגן דעם נצרתער זיך געטיילט. אַ טייל פֿון עולם האָט אָנגעהויבן חוזק צו טרײַבן סײַ איבער דעם רבין, סײַ איבער זײַנע תּלמידים. אַז דער נצרתער — ווי מען האָט דעם רבין גערופֿן אין ירושלים — האָט זיך באַוויזן אין בית־המקדש־הויף און אָנגעהויבן צו פֿאַרציילן זײַנע משלים אָדער ער האָט געהאַט אַ וויכּוח מיט די צדוקים וועגן תּחית־המתים, האָט מען אים נאָכגערופֿן דאָס שפּריכוואָרט, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט: „קאָן דען עפּעס גוטס אַרויסקומען פֿון נצרת?" — און ווען זיי האָבן אָנגעטראָפֿן אויף זײַנע תּלמידים, האָבן זיי געפֿרעגט: „ווען וועט אײַער רבי דאָס מלכות־השמים אויף דער ערד אַראָפּבידערן?" — אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: „מען קאָן קיין מאָל נישט וויסן, וואָס אַזאַ איינער פֿאַרמאָגט אויפֿן דעק פֿון זײַן פּעקל. דעריבער זײַט פֿאָרזיכטיק מיט די רייד". אָבער סײַ די, וואָס האָבן חוזק געמאַכט פֿון אים, סײַ די, וואָס האָבן נאָך נישט אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג, האָבן מורא געהאַט פֿאַר אים און געהאַלטן זיך אַ טפֿח אָדער צוויי פֿון דער ווײַטנס פֿון אים. מען האָט מורא געהאַט זײַן קלייד צו באַרירן, וואָרעם דער שם פֿון זײַנע נסים האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף אַלעמען.

די חכמים ווידער, האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט מיט אים קיין עצה געבן. יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום רבין פֿון גליל און געפּרואווט מיט אים צו פֿאַרפֿירן אַ געשפּרעך, וועגן זײַן תּורה און זײַן אויפֿפֿירונג, כּדי צו דערגרונטעווען זײַן נאַטור, האָט ער אי יאָ אָפּגעענטפֿערט צו דער זאַך, אי נישט. איין מאָל האָט עס אויסגעזען, אַז ער שטייט אין גאַנצן אויף תּורת־משה און לערנט זײַן תּורה אין גײַסט פֿון דער קבלה; אַז ער איז פֿון די תּלמידי־הלל און טײַטשט אויס די תּורה ווי איינער פֿון זיי. באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זײַן אייגענעם וועג, און זײַן וועג איז געווען אַזוי נײַ, אַזוי נישט־געוויינטלעך, אַז עס האָט אַרויסגערופֿן דערשטוינונג בײַ אַלעמען. ווען מען האָט אים געפֿרעגט, אויף וואָס ער איז סומך זײַנע רייד, האָט ער געענטפֿערט מיט אַזאַ זיכערקייט, גלײַך ווי ער וואָלט געהאַט רשות, גלײַך ווי מן השמים וואָלט מען אים געגעבן זאַכן, וואָס זײַנען קיינעם פֿאַר אים נישט איבערגעגעבן געוואָרן, אַחוץ צו משה רבינו אויפֿן באַרג סיני. עס זײַנען צוליב דעם אַרויסגעקומען שטענדיק מחלוקת צווישן אים און די תּלמידי־חכמים. ער האָט געפֿירט קעגן זיי אַ האַרב לשון. די מיינונגען פֿון די תּלמידי־חכמים זײַנען אויך געווען געטיילט, אַזוי ווי בײַם פֿאָלק. טייל האָבן געזאָגט, אַז ער טײַטשט אויס די תּורה פֿאַר די אומוויסנדיקע, זאָל אַ ברכה קומען אויף זײַנע הענט; אַז זײַנע משלים דערנענטערן דעם מענטשן צום הימל. אַנדערע, ווידער, האָבן געזאָגט, אַז ער מאַכט ביליק די תּורה, און זיי האָבן געלייענט אויף אים דאָס שפּריכווערטל: „נישט פֿון דײַן האָניק און נישט פֿון דײַנע שטעכערס".

איין מאָל בין איך געווען אַן עדות פֿון אַזאַ פֿאַרפֿאַל:

אויפֿן ברייטן מאַרק, אין דעם נידעריקן טייל פֿון שטאָט, וואו עס שטייען די קרעמער מיט זייערע גרויסע קריגן אייל, די סוחרים מיט זייער ווײַן, איז געוואָרן אַן אָנגעלויף. איך בין דענסטמאָל גראָד אַרויסגעגאַנגען פֿון בית־מדרש מיט

מײַן חבֿר רופֿוס, דעם ייִנגערן ברודער פֿון אַלכּסנדר, און מיר זײַנען צוגעלאָפֿן צו די מענטשן, געוואָר ווערן, וואָס עס איז געשען. אַז מיר זײַנען צוגעקומען, האָבן מיר אין דעם געדרענג פֿון מענטשן געזען שטיין דעם רבין פֿון נצרת. מיר האָבן אים דענסטמאָל שוין גוט געקענט. ער האָט זיך אויסגענומען פֿון אַלע אַנדערע רביים מיט זײַן ווײַסן אומבאַפֿלעקטן געוואַנט, וואָס ער האָט געטראָגן. דער עולם האָט זיך געדרענגט אַרום אים. לעבן אים איז געשטאַנען אַ צעשלאָגענער מאַן, וואָס מען האָט פֿון דער שאָפֿנפֿעל, מיט וועלכער ער האָט צוגעדעקט זײַן לײַב, דערקענט אויף אים, אַז ער איז נישט קיין ירושלימער. דאָס פּנים זײַנס, ווי אויך זײַן לײַב, איז געווען צעשלאָגן. עס האָט געריגען בלוט פֿון אים. די תּלמידים פֿון דעם רבין האָבן דעם מאַן אַרויסגעראַטעוועט פֿון זײַנע מערדערס הענט. אַ ווײַנ־הענדלער האָט געהאַלטן אין איין רײַסן פֿון דעם צעשלאָגענעם זײַן צעריסענע, פֿאַר־שמוציקטע שעפּסענע פֿעל. דער סוחר האָט געטענהט פֿאַרן עולם, אַז דער צעשלאָ־גענער האָט אים גרויס היזק אָנגעטאָן. אַז מיר האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ דעם אַרומיקן עולם וועגן דעם פֿאַרפֿאַל, זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז עס האַנדלט זיך ווידער אַמאָל אין אַ געשעעניש, וואָס איז אַזוי אָפֿט פֿאָרגעקומען אויפֿן ברייטן מאַרק: אַ גליליער עם־הארץ, וואָס האָט געבראַכט אַרײַנצוטרײַבן קיין ירושלים אַ סטאַדע שאָף, איז אָנגעקומען אויפֿן ברייטן מאַרק, צווישן די קריגן ווײַן און האָניק. מען האָט געזען, ווי ער האָט אַ רעשט פֿון זײַן עסן, וואָס איז בחזקת טרפֿה, אַרײַנגעוואָרפֿן אין איינעם פֿון די קריגן. אַזוי ווי מען האָט נישט געוואוסט, אין וועלכן קרוג ער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס עסן, האָט ער, דעריבער, טמא געמאַכט דעם גאַנצן ווײַן אויפֿן מאַרק. די סוחרים פֿון ווײַן און האָניק אין ירושלים זײַנען געווען פֿרומע לײַט, שטאַרק אויסגעהיט אין הלכות טהרות. די סוחרים האָבן חושד געווען דעם עם־הארץ, אַז ער האָט עס געטאָן בכּיוון, און זיי האָבן אים גענומען שלאָגן און רײַסן פֿון אים דאָס איינציקע מלבוש, וואָס האָט צוגעדעקט זײַן נאַקעט לײַב. עס האָט טאַקע אָפֿט געטראָפֿן, אַז צוליב קנאה צו די ירושלימער סוחרים, וואָס ווייסן ווי אומצוגיין מיטן דין, און זײַנען פֿאַררעכנט דערפֿאַר בחזקת כּשרות, און קאָנען דעריבער פֿאַרקויפֿן זייערע ווײַנען און אייל אין ירושלים — וואָס די עמי־הארצים קאָנען נישט — האָבן דעריבער די עמי־הארצים טמא געמאַכט די כּלים און די סחורה פֿון די ירושלימער, און עס זײַנען דורך דעם אָפֿט אַרויסגע־קומען מחלוקות און געשלעגן אויף די מאַרק־פּלעצער אין ירושלים.

דער רבי, וואָס איז פּונקט דענסטמאָל פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט זײַנע תּלמידים, האָט געזען, ווי די ווײַן־סוחרים שלאָגן אַ מאַן. האָט ער געהייסן זײַנע תּלמידים, אַז זיי זאָלן דעם געשלאָגענעם אַרויסראַטעווען פֿון זײַנע שלעגער. געוואָר געוואָרן אין וואָס זיי באַשולדיקן אים, איז אָנשטאָט ער זאָל אים פֿאַראורטיילן איבער זײַן רשעות, האָט ער זיך גאָר אָנגענומען פֿאַרן עם־הארץ. דאָס איז געווען אַ נײַס; אַ רבי אין ישׂראל האָט צום ערשטן מאָל זיך אָנגענומען נישט פֿאַר די באַוווּלהטע סוחרים פֿון ווײַן און אייל און נישט געהייסן די שומרים צו שלעפּן דעם עם־הארץ פֿאַרן קליינעם בית־דין, וואָס איז געזעסן אין איינעם פֿון די בתּי־מדרשים, — נאָר ער האָט זיך גאָר אָנגענומען פֿאַרן עם־הארץ; אַרויסגעראַטעוועט פֿון די סוחרימס הענט, האָט ער דעם מיט פֿויסטן און נעגל צעשלאָגענעם עם־הארץ, וואָס די צעפּלאָשעטע האָר זײַנען געשטאַנען אויף זײַן קאָפּ ווי שפּילקעס, — געטרייסט און

אים רעכט געגעבן. דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון פּראָטעסט נישט נאָר בײַ די אַזוי שווער־באַשעדיקטע ווײַן־ און אייל־הענדלער, נאָר אויך די אַנדערע סוחרים און דער אַרומשטייענדיקער עולם האָבן אויסגעדריקט אומצופֿרידנהייט און אַ געמורמל.

— נעכטן ערשט האָט מיר אַזאַ עם־הארץ צען קריגלעך טמא געמאַכט, — האָט געשריגן אַ טאָפּ־קלעפּער מיט אַ שנאָפּלדיקער שטימע, וואָס מען האָט קוים פֿאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט צוליב די פֿאַרפֿוילטע און אַרויסגעפֿאַלענע ציין פֿון זײַן מויל, — אַלע קענען מיך אין ירושלים. איך וווין אין דער געגנט אַרום ירושלים, לעבן מדיה. איך קען די דינים פֿון טבילה און מײַנע כּלים זײַנען בחזקת כּשרות פֿאַר די מהדרין פֿון די מהדרין. קומט אַזאַ עם־הארץ און זעצט זיך אַוועק מיט זײַן אכילה צווישן מײַנע טעפּ. עס איז גענוג נאָר, אַז איין שפּריץ פֿון זײַן מויל שפּײַעכץ זאָל באַרירן מײַנע כּלים, און זיי זײַנען טמא. צען טעפּלעך האָב איך געמוזט צעברעכן, — האָט דער טעפּער געשריגן און דערבײַ מיט אַ פֿאָנטאַן שפּײַעכץ, וואָס האָט געשפּריצט פֿון זײַנע אַנצייענדיקע יאַסלעס, באַשפּיגן אַלעמען, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים.

— און מיר האָט מען נישט פֿאַריגע וואָך פֿיר מעסטלעך גערשטן טמא געמאַכט? אַלע קענען מיך. איך ברענג אויפֿן מאַרק נאָר תּבֿואות, פֿון וועלכע עס זײַנען אַראָפּגענומען געוואָרן תּרומות און מעשׂרות. איך וווין לעבן ירושלים, בײַם דאָרף מדיה, וואָס איז בחזקת כּשרות. — קומט אַזאַ עם־הארץ און גיט אַ מיש צונויף זײַנע מעסטלעך תּבֿואה מיט מײַנע. בכּיוון האָט ער דאָס געטאָן.

— און מיר האָט אַן עם־הארץ אַ שטיק נבֿלה אין מײַנע בשׂמים אַרײַנגעוואָרפֿן! בכּיוון טוען זיי דאָס! צום משפּט מיט אים!

דער נצרתער איז געשטאַנען און געקוקט טרויעריק, מיט באַדויער, אויף די אויפֿגערעגטע סוחרים. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף זיי. אין זײַן שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אַרומגענומען זײַן אויסגעבלייכט פּנים, האָבן שוין אָנגעהויבן אַדורכצופֿלעקן זיך גרויע האָר. די פֿרי־צײַטיק גרויע באָרד האָט נאָך מער אַרויסגעבראַכט דעם צער און דעם ווייטאָג, וואָס זײַנען געלעגן אויסגעגאָסן איבער זײַן פּנים. ער האָט זײַן האַנט אויסגעשטרעקט צו דער זײַט פֿון בית־המקדש און אויסגערופֿן:

— ווײ צו אײַך, פּרושים! אײַערע תּקנות זײַנען בײַ אײַך טײַערער און וויכטיקער ווי די מצוות פֿון גאָט. איר צעשטערט דאָס וואָרט פֿון גאָט דורך אײַערע תּקנות.

דער עולם וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער, איז נבֿהל ונשתּומם געוואָרן. טייל האָבן זיך אָנגערופֿן:

— וואָס האָט עס מיט די פּרושים צו טאָן, אַז די עמי־הארצים זײַנען אונדז מטמא די ווײַנען און די אײלן?

— נישט די מויז איז דער גנבֿ, נאָר די לאָך, אין וועלכער זי באַהאַלט זיך, זאָגט דאָס שפּריכוואָרט, — האָט ווער פֿון זײַנע תּלמידים אָפּגעענטפֿערט (ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, איז עס געווען יהודה איש־קריות: אין דעם געמיש פֿון דער מענגע האָב איך געקאָנט באַמערקן ווי זײַן בערדל באַוועגט זיך בשעת ער רעדט).

דער רבי פֿון נצרת האָט איצט זיך געווענדט צום עולם און געזאָגט צו זיי:

— הערט מיך אַלע צו און פֿאַרשטייט: קיין זאַך פֿון דרויסן, וואָס קומט אַרײַן אין דעם מענטשן, קאָן אים נישט אומריין מאַכן, נײַערט די זאַכן, וואָס קומען אַרויס פֿון מענטשן, די מאַכן אים אומריין.

דער עולם, אין דערשטוינונג און שרעק, האָט געעפֿנט די מײַלער איבער די ווערטער.

— וואָס הייסט דאָס? — האָבן זיך געהערט שטימען — איז שוין נישטאָ קיין ריין און אומריין בײַ ייִדן? זאָלן מיר זײַן גלײַך מיט די גויים?

— נאַוף, ליגן, בייזע געדאַנקען, וואָס איר ברענגט פֿון אײַער מויל אַרויס, — דאָס מאַכט אײַך אומריין! אָבער נישט די שפּײַז, וואָס איז פֿון גאָט פֿאַרן מענטשן באַשאַפֿן געוואָרן, — האָבן די תּלמידים געפּרואווט צו געבן צו פֿאַרשטיין דעם רבינס ווערטער פֿאַרן אויפֿגערעגטן עולם.

— דער קומט און וואַרפֿט אום גאַנץ תּורה־משה און די חכמים שטייען, הערן צו זײַנע רייד און שווײַגן, — האָט ווער פֿון עולם אויסגערופֿן.

— ניין, דער וואַרפֿט נישט אום תּורת־משה. איר ווייסט דען נישט, ווער עס רעדט? דאָס איז דאָך דער נבֿיא פֿון גליל.

— דער וואָס מען זאָגט אויף אים, אַז...

— יאָ, לויטער רמזים, וואָס מיר קאָנען זיי נישט פֿאַרשטיין. — אַז משיח בן־דוד וועט קומען וועט זיך אַלץ אויפֿקלערן, — האָט יהודה אײַנגערוימט די אַרומשטייענדיקע.

דאָס וואָרט „משיח בן־דוד" איז געווען ווי דער באַריר פֿון אַ מאַגיש צויבער־שטעקעלע. אַ פֿלאַטערדיקע שושקערײַ איז געגאַנגען פֿון אויער צו אויער, ווי אַ שאָרכן פֿון ווינט. מען האָט אָנגעהויבן זיך אָפּצורוקן פֿון אים, געלאָזט אים אַליין אין זײַן ווינקל, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אומבאַרירלעך הייליק. דער שם פֿון זײַנע נסים, וואָס איז פֿאַרויסגעגאַנגען פֿאַר אים, האָט אַ מיסטישן שלייער געוואָרפֿן אויף אים. מען האָט אים פֿאַרשוויגן אַזוינס, וואָס מען וואָלט יעדן אַנדערן פֿאַר־שטיינערט דערפֿאַר.

ווען מיר זײַנען ביידע, רופֿוס און איך, אַרײַנגעקומען צו לויפֿן אין אונדזער בית־מדרש אַרײַן און האָבן דערציילט אונדזער רבין נקדימון, אַז אין דרויסן שטייט דער רבי פֿון נצרת און רעדט, חלילה, קעגן די יסודי־התּורה, האָט זיך נישט דערוועקט אין מײַן רבין דער אייפֿער און דער ברען פֿאַר דער תּורה און ער איז נישט געגאַנגען פֿאָדערן איר כּבֿוד, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן. נאָר אונדזער רבי נקדימון האָט זיך פֿאַרטראַכט איבער די רייד פֿון דעם רבין פֿון גליל, וואָס מיר האָבן אים איבערגעגעבן, און ער האָט באַרואיקט אונדזערע געמיטער מיט ווערטער פֿון שלום, און ער האָט געזאָגט צו אונדז אַזוי:

— אַפֿילו די געוויינטלעכע רייד פֿון אַ תּלמיד־חכם באַדאַרף מען דאָך שטו־דירן. און ווען אַפֿילו מען הערט אָדער מען זעט פֿון אַ תּלמיד־חכם זאַכן, וואָס מיר פֿאַרשטייען נישט פֿון דעם ערשטן אויגנבליק, און עס דאַכט זיך אונדז אויס, אַז זיי שטייען חלילה, אין סתּירה מיט דער תּורה, טאָר מען דאָך אים נישט חושד זײַן אין, חלילה, צעשטערן די תּורה. נאָר מען מוז דאָס צושרײַבן צו אונדזער נישט־פֿאַרשטיין און זיכער זײַן, אַז עס וועט, חלילה, נישט אַרויסגיין פֿון מויל פֿון אַ

תּלמיד־חכם אַ וואָרט, וואָס זאָל ברענגען צו אַ מכשול. און וואָס איז נוגע דעם רבין פֿון גליל, איז ידוע, אַז ער איז אַ פֿרומער און אָפּגעהיטער ייִד. און עס איז אויך ידוע פֿאַר דער גאַנצער וועלט, אַז ער נעמט זיך אָן פֿאַרן כּבֿוד פֿון דער תּורה, ווי ער האָט עס אַליין מעיד געווען אויף זיך: „פֿריִער וועט די וועלט אונטערגיין, איידער, חלילה, איין־איינציק פּינטעלע פֿון תּורה־משה". מן הסתּם איז דאָך דאָ אַ טעם צו זײַנע רייד. און ווען אַפֿילו מיר פֿאַרשטייען זיי נישט, וועט ער זיי אַוודאי אויפֿקלערן, און עס וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז עס זײַנען די רייד פֿון דעם לעבעדיקן גאָט.

אַזוי האָט אונדז אונדזער רבי אײַנגענומען און באַרויקט.

עס האָט געטראָפֿן אַן אַנדערס מאָל, אַז מיר, די תּלמידים פֿון אונדזער רבין, האָבן נאָכגעטראָגן זײַנע כּלים אין מרחץ אַרײַן, ווי דער מנהג איז געווען, — דאָס פֿלעשעלע אייל צו זאַלבן אים, זײַן העמד, זײַן מעיל, וואָס מיר האָבן אויסגעוואַשן, כּדי דער רבי זאָל האָבן אַ געוואַשן העמד אויף איבערצוטאָן, ווען ער וועט אַרויס פֿון מרחץ, — זײַנען מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען איינע פֿון די געסלעך, וואָס לענקען אָפּ פֿון ברייטן מאַרק, וואו עס שטייען די גרינס־הענדלער, וואָס ברענגען זייערע פּראָדוקטן פֿון די גרינס־גערטנער פֿון דרויסן קיין ירושלים צו פֿאַרקויפֿן. מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אַ געדרענג פֿון מענטשן לעבן אַ געוועלבל. צווישן זיי איז געשטאַנען דער רבי פֿון נצרת און האָט געדרשנט הויך, מיט גרויס אויפֿרעגונג. עס האָבן זיך געקליבן אַרום אים מאַרק־ווײַבער, אייזל־טרײַבער, קעמל־פֿירער, טרעגער און שלעפּער. אַפֿילו די קרעמער האָבן איבערגעלאָזט זייערע קראָמען און זײַנען געקומען צו לויפֿן צוצוהערן זיך צו זײַנע רייד. צו אונדזער פֿאַרוואונדערונג האָט אונדזער רבי זיך אויך אָפּגעשטעלט, אויסגעמישט זיך מיט דער מענגע און זיך צוגעהערט צו די רייד פֿון די גלילער. אַזעלכע ווערטער, וועלכע מיר האָבן געהערט אַרויסגיין פֿון מויל פֿון רבי פֿון נצרת, זײַנען נאָך נישט געהערט געוואָרן. ווי שמיץ פֿון בלײַענע ריטער איבער די קעפּ זײַנען זיי געפֿאַלן קעגן די תּלמידי־חכמים, קעגן די פּרושים און סופֿרים.

— די סופֿרים און די פּרושים — האָט ער געדונערט, — זיצן טאַקע אויף דעם שטול פֿון משה. דערום, וואָס זיי הייסן אײַך האַלטן, דאָס האַלט און טוט. אָבער היט זיך נאָכצוטאָן זייערע מעשׂים, וואָרעם זיי אַליין זאָגן עס און טוען עס נישט. זיי בינדן שווערע לאַסטן, וואָס מען קאָן נישט דערטראָגן, און לייגן זיי די מענטשן אויף די אַקסל, אָבער זיי אַליין ווילן אַפֿילו מיט קיין פֿינגער נישט אָנרירן. און אַלע מעשׂים טוען זיי, אַז מענטשן זאָלן עס דערזען. זיי מאַכן ברייט די רצועות פֿון זייערע תּפֿילין, פֿאַרלענגערן די ציצית פֿון זייערע קליידער און האָבן ליב אויבנאָן צו זיצן אויף די סעודות און צו שטיין אויבנאָן אין די שולן. זיי האָבן ליב, אַז מען זאָל זיי גריסן אין די גאַסן און די לײַט זאָלן זיי רופֿן „רבי, רבי!". איר זאָלט זיי נישט רופֿן "רבי"! — האָט ער אויסגערופֿן צום פֿאָלק — וואָרעם איינער איז אייער לערער, און דאָס איז — דער משיח, און איר אַלע זענט ברידער. און איר זאָלט קיינעם נישט אָנרופֿן אייער פֿאָטער אויף דער ערד, וואָרעם איינער איז אײַער פֿאָטער, דער פֿאָטער אין הימל.

איך האָב געקוקט אויף מײַן רבין נקדימונס פּנים און איך האָב באַמערקט, ווי דאָס בלוט איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן פֿלייש. זײַן הויט איז בלייך געווען ביז אונטער

די וואָרצלען פֿון זײַנע האָר. ער האָט אָנגעהויבן זיך דערוויטערן, מיר — נאָך אים. מיר האָבן געהערט הינטער אונדז די דונערדיקע שטימע פֿון נצרתער קעגן די פּרושים און די סופֿרים, און זיך געוואונדערט, וואָס קיינער שטעלט אים נישט אָפּ און קיינער זאָגט אים גאָרנישט, אַפֿילו אונדזער רבי, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אים געקענט און געמאַכט אַ וואָרע פֿאַר אים. ווען מיר האָבן זיך דערנענט, האָט געהערט, ווי ער פֿאַרלייקנט די רבנימשפּט פֿון די פּרושים, און ער האָט דאָס פֿאַרשוויגן. מיר האָבן זיך געוואונדערט, וואָס קאָן דאָס אַלץ זײַן.

נאָך קוים האָבן מיר זיך דערוויטערט, איז לעבן אונדז אויסגעוואַקסן יהודה איש־קריות. ער האָט באַמערקט אונדזער רבין צווישן דער מענגע, און ער האָט פֿאַרלאָזט זײַן אָרט אַרום זײַן רבין און איז צוגעקומען צו אונדזערן.

— וואָס איז געשען? — האָט דער רבי נקדימון געפֿרעגט יהודהן.

— פּויערים האָבן געבראַכט אויף זייערע אייזעלעך צו פֿירן זייער גרינוואַרג צום מאַרק אַרויס. זיי האָבן פֿאַרקויפֿט ביליקער ווי די פֿאַרם־לײַט פֿון אַרום ירו־שלים. האָבן זיך באַוויזן די אויפֿזעער פֿון די רבנים און דערקלערט זייער גרינוואַרג פֿאַר טריף. האָבן די פּויערים פֿון דער פֿרעמד געפֿרעגט בײַ די שליחים פֿון די חכמים, פֿאַרוואָס פֿרעגן זיי זיך נישט נאָך אויף די דינים פֿון כלאים בײַ די פֿאַרם־לײַט אַרום ירושלים, האָבן די שליחים אָפּגעענטפֿערט: „די פֿאַרם־לײַט פֿון ירוש־לים, וואָס וואוינען ביז צום דאָרף מדיה, זײַנען בחזקת כשרות. איר אָבער וואוינט אויפֿן לאַנד, ווייסט איר נישט ווי אָפּצוהיטן די כּללים”. אַזוי איז געוואָרן אַ ביטער געשריי פֿון די פּויערים פֿון דער פֿרעמד אויף די תּלמידי־חכמים. און זיי האָבן געזאָגט, אַז די חכמים זײַנען, חלילה, נושא־פּנים. און אַז די אָרעמע מאַרק־ווײַבער, וועלכע האָבן די פֿרעמדע סחורות אײַנגעקויפֿט ביליקער פֿאַר זייערע הויזגעזינטן, האָבן געמוזט דאָס עסנוואַרג אויסשיטן פֿון זייערע קערב, — איז געוואָרן אַ גרויס געוויין צווישן זיי. דער רבי פֿון גליל איז פּונקט אַדורכגעגאַנגען און ער האָט צוגעזען די זאַך, איז ער געוואָרן מלא כעס, איז אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ שוועל פֿון אַ געוועלב און האָט אָנגעהויבן רעדן קעגן די פּרושים.

מײַן רבי האָט מיט אַ נידעריקער שטימע געזאָגט יהודהן אויפֿן אויער (דאָך האָבן מיר נישט־ווילנדיק געהערט זײַנע ווערטער):

— נישט דאָס גערודער מיין איך, יהודה, און אויך נישט זײַנע רייד קעגן די פּרושים. זייער כּבֿוד רוט אויף זייער אָרט. האָסטו, אָבער, געהערט, יהודה, וואָס ער זאָגט וועגן דעם איינעם לערער, וועגן משיחן? האָט ער בדעה נתגלה צו ווערן אין ירושלים?

— אַזוי האָט ער געזאָגט אין כּפֿר־נחום.

— ווען?

— איך ווייס עס נישט, ער האָט נאָך וועגן דעם מיט אונדז נישט גערעדט.

ווען אונדזער רבי איז געקומען פֿון מרחץ, האָבן מיר געוואַגט צו קומען פֿאַר אים און צו פֿרעגן:

— לערן אונדז, רבי. מיר האָבן געזען, ווי דו ביסט געווען אַן עדות, ווי מען האָט מזלזל געווען דעם כּבֿוד פֿון די תּלמידי־חכמים און די סופֿרים, און דו האָסט זיך נישט געוועהרט און זיך נישט אָנגענומען פֿאַר זייער כּבֿוד. ווי אַזוי זאָל מען דאָס פֿאַרשטיין?

האָט דער רבי אונדז אָפּגעענטפערט:

— עס האָט געזאָגט דער קליגסטער פון אַלע מענטשן, שלמה המלך: „די שטראָפער זײַנען זיס, און אויף זיי וועט קומען די ברכה פון גאָט". איז פון דאַנען געדרונגען, אַז דער, וואָס שטראָפט זײַן חבר און וויל טאַקע מיטן גאַנצן האַרץ, אַז ער זאָל תשובה טאָן, איז עס אַ שטראָף לשם שמים, און עס קומט אים די ברכה דערפאַר. ווײַל בעוונותינו הרבים געפינען זיך צווישן די תלמידי־חכמים טאַקע זייער פיל, וואָס צירן זיך מיט דער קרוין פון דער תורה, אָבער טראָגן נישט דעם עול פון דער תורה. זיי האָבן זי נאָר געמאַכט פאַר אַ רוט, כּדי צו הערשן איבער דעם פאָלק. די תלמידי־חכמים, וועלכע טוען מעשי־זמרה און פאַרלאַנגען שׂכר ווי פּנחס, — זיי וועלן אים פיינט האָבן פאַר די רייד. אָבער די, וואָס מיינען טאַקע אַלץ פון דעם הימל וועגן, וועלן אים ליב האָבן. ווי שלמה המלך האָט געזאָגט: „שטראָף אַ חכם, וועט ער דיך ליב האָבן". און אַז דער רבי פון גליל האָט עס געמיינט לשם שמים, איז דער בעסטער באַווײַז, וואָס ער האָט געזאָגט צום פאָלק: „די סופרים און די פּרושים זיצן אויף דער שטול פון משה. און דערום, וואָס זיי זאָגן אײַך, האַלט עס און טוט עס". נישט קעגן דער תורה איז ער אַרויס־געטראָטן און נישט קעגן אמתע אויסטײַטשער, נאָר קעגן די פאַלשע געלערנטע, וואָס האָבן געמאַכט אויס דער תורה אַ קלייד, מיט וועלכן זיי דעקן צו די שאַנד פון זייער נאַקעטקייט.

איך האָב מיר באַין אופן נישט געקאָנט דערקלערן, פאַרוואָס די תלמידי־חכמים האָבן דעם רבין פון גליל פאַרשוויגן זײַנע רייד. יעדער איינער אויף זײַן אָרט, ווען ער וואָלט געוואָגט אַרויסצוטרעטן מיט די ווערטער קעגן די אָנגענומענע געזעצן פון טהרה און טומאה, וואָלט געווען אַ בן־מות. אָפּט מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער „נביא פון גליל", ווי מען האָט אים אָנגעהויבן אויך צו רופן אין פאָלק, האָט געוואָלט אַרויספאָדערן דעם מלאך־המות און קעמפן קעגן אים, ווי ער האָט געקעמפט קעגן די מענטשן. נישט נאָר האָט ער זיך נישט געשראָקן פאַרן טויט, נאָר עס האָט אויך געמאַכט אַן אײַנדרוק ווי ער וואָלט אים געזוכט. נישט נאָר האָט ער געפירט די האַרטע רייד קעגן די חכמים אין מאַרק, אין די שולן, ער האָט זיי אויך אַרײַנגעבראַכט אין בית־מקדש־הויף. די רבנים האָבן אָבער זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. אָפּט מאָל האָב איך געזען, ווי די תלמידים פון יוחנן בן־זכאי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען, ווען ער איז געזעסן אונטער אַ דעכל, אַ באַדע־קעכץ פאַר אַ רעגן, און האָט געדרשנט פאַר זײַנע צוהערער וועגן תחית־המתים, וועגן גן־עדן און גיהנום, אָדער ער האָט זיי פאַרציילט אַ משל. דער אָדער יענער פון די תלמידים האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט נײַגעריקייט זיך צוגעהערט. די תלמידי־חכמים האָבן טייל מאָל געצויגן מיט בטול די אַקסל אויף אים און אים פאַרלאָזט. טייל האָבן אים גערופן חסיד שוטה. עס זײַנען אָבער געווען אַנדערע, אַפילו תלמידי־חכמים, וועלכע האָבן עפּעס דערוואַרט פון אים און געטראָגן אין זייערע הערצער באַהאַלטענע האָפענונגען אויף דעם וואונדערלעכן מאַן. עס איז געווען געוויס דער שם, וואָס איז פאַרויסגעגאַנגען פאַר אים, וואָס האָט באַשאַפן די האָפענונג אין פאָלק; אָבער נישט נאָר זײַן שם אַליין, נאָר אויך זיין פּערזענלעכ־קייט, זײַן אויפטרעטן. ווען מען האָט אים דערזען אין זײַן ווײַסן קלייד, אין זײַן טלית אַרומגעהילט, ווי ער איז געשטאַנען אין בית־מקדש־הויף, צווישן די זײַלן,

און האָט גערעדט מיט אַ נבֿיאישן טאָן וועגן מעשׂים, וואָס רירן אָן די הייליקסטע האָפֿענונגען פֿון ייִדישן פֿאָלק, האָט מען זיך פֿאַרטראַכט. איינער האָט געזאָגט צום אַנדערן: „ווער ווייסט, אפֿשר איז עס ע ר?״ נאָר דערמיט קאָן מען דער־קלערן, פֿאַרוואָס די תּלמידי־חכמים האָבן פֿאַרשוויגן זײַנע האַרטע רייד, און אויך זײַנע שווערע באַשולדיקונגען. אָפֿט מאָל אָבער האָבן זײַנע ווערטער אַרויסגע־רופֿן גרויס אויפֿרעגונג בײַ די קנאים צווישן די תּלמידים פֿון שמאַי.

די צדוקים ווידער, האָבן דעם רבין פֿון גליל געהאַלטן פֿאַר חסר־דעה. די אַריסטאָקראַטישע צדוקים, ווען זיי זײַנען געקומען אין בית־מקדש־הויף און דער־זען דעם רבין פֿון גליל, ווי ער איז געזעסן אַרום גרופּעס אָרעמעלײַט און האָט געפּרעדיקט פֿאַר זיי וועגן תּחית־המתים — האָבן זיי זיך געבייזערט אויף די לוויים, די אָרדענונג־היטער, וואָס מען לאָזט אַזאַ איינעם אַרײַן אין בית־מקדש־הויף צו דרשנען אומגעשטערט די נאַרישקייטן פֿון תּחית־המתים. זיי האָבן אַפֿילו זיך געקלאָגט פֿאַרן סגן, וואָס איז געווען דער היטער איבער דער אָרדענונג. ווי מיר האָבן געהערט, האָט מען טאַקע געוואָלט פֿאַרווערן דעם רבין פֿון גליל צו פּרעדיקן תּחית־המתים אין בית־מקדש־הויף, נאָר די פּרושים האָבן זיך אָנגע־נומען פֿאַר אים: זיי האָבן געזאָגט, אַז יעדער ייִד האָט אַ רעכט צו דרשנען די תּורה, ווען ער האַלט זיך נאָר אין אירע ראַמען, און תּחית־המתים, האָבן זיי גע־האַלטן, איז פֿון דער תּורה. די אויטאָריטעטן פֿון בית־המקדש האָבן זיך גערעכנט מיטן אָרעמען פֿאָלק, וואָס האָט אים נאָכגעפֿאָלגט. דאָס אָרעמע פֿאָלק פֿון נחל־קדרון האָט גאָרנישט געהאַט אין ד ע ם לעבן, עס זאָל זיי לוינען צו קלאַמערן זיך אין דעם. פֿאַר זיי איז דאָס לעבן פֿון דער צווייטער וועלט, וואָס דער נבֿיא פֿון גליל האָט אויסגעמאָלט פֿאַר זיי אין אַזוינע לעבעדיקע פֿאַרבן, געווען די איינ־ציקע פֿאַרגיטיקונג פֿאַר זייער מאַטערניש אויף ד ע ר וועלט. ווען דער נבֿיא פֿון גליל האָט זיך נאָר באַוויזן אין בית־המקדש־הויף אָדער אויפֿן מאַרק, אַזוי איז פֿון אונטער דער ערד אויסגעוואָקסן די אָרעמקייט צוצוהערן זיך צו זײַנע רייד. די אויטאָריטעטן פֿון בית־המקדש האָבן באַמערקט, אַז עס איז בעסער, אַז דער „נאָר פֿון נצרת״, ווי זיי האָבן אים טייל מאָל גערופֿן, זאָל פֿאַרוויגן די אומצו־פֿרידענע, אָרעמע מאַסן מיט חלומות פֿון אַ צווייטן לעבן, איידער זיי זאָלן זוכן צו פֿאַרווירקלעכן דעם חלום אויף ד ע ר־וועלט דורך בונטן און אויפֿשטאַנדן קעגן רוים און בית־חנן, צו וועלכע עס האָט זיי אויפֿגעהעצט בר־אבא. דורך דעם האָבן זיי דעם רבין פֿון גליל נישט פֿאַרבאָטן זײַנע דרשות אין בית־מקדש־הויף. פֿאַרקערט, עס איז זיי ניחא געווען. זיי האָבן צוליב דעם אָפֿט מאָל פֿאַרמאַכט די אויערן נישט צו הערן די רייד, וואָס דער גלילער האָט געוואָרפֿן צו די מאַסן, און פֿאַר וועלכע מען וואָלט אים געקאָנט שטעלן פֿאַרן משפּט פֿון סנהדרין; וואָרעם דער נבֿיא פֿון נצרת האָט געפּרעדיקט וועגן דעם לעבן פֿון יענער וועלט, וועגן מלכות־השמים, ווי דאָס וואָלטן געווען זײַנע פּריוואַטע גיטער און ער קאָן זיי צעטיילן יעדן איינעם, וואָס טוט זײַן רצון און הערט זיך צו צו זײַנע רייד. ער האָט אין זײַנע דרשות אַרײַנגעפֿלאָכטן רמזים, וואָס האָבן געמאַכט ציטערן דאָס האַרץ פֿון די צוהערער, זיי איבערגעשראָקן. ער האָט אָפֿט מאָל זיך אידענטי־פֿיצירט מיט דער העכסטער הייליקייט פֿון ישׂראל, וואָס האָט, פֿאַרשטייט זיך,

באַגעגנט דאָס נישט־פֿאַרשטיין פֿון די צוהערער און אָפֿט מאָל אַרויסגערופֿן בײַ זיי פֿאַרביטערטקייט. עס פֿלעגן אָפֿט אַרויסקומען צוליב דעם מחלוקות.

אַן אַנדערס מאָל בין איך געווען אַן עדות פֿון אַ צוזאַמענשטויס צווישן דעם רבין פֿון גליל און די תּלמידים פֿון שמאי. בײַ דעם צוזאַמענשטויס איז דער רבי נקדימון אַליין שיר נישט באַליידיקט געוואָרן, ווײַל ער האָט זיך אָנגענומען פֿאַר דעם רבין פֿון גליל. עס איז אַזוי געווען:

עס איז געווען אין מיטן דער רעגן־צײַט אין ירושלים. די חכמים האָבן גע־לערנט מיט זייערע תּלמידים אונטער באַדעקנס פֿון האַליעס פֿון בית־המקדש־הויף, וואו די רביים זײַנען געזעסן בײַ די וואַרעמע טעפּ, און די תּלמידים זײַנען געשטאַנען פֿאַר זיי און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד. מײַן רבי, באַגלייט פֿון זײַנע תּלמידים, איז געקומען אין בית־מקדש־הויף צו הערן די דרשה פֿון יוחנן בן־זכאי, וואָס ער האָט דענסטמאָל געהאַלטן פֿאַר זײַנע תּלמידים. מיט־אַמאָל דערהערט מען אַ גערודער. איינער פֿון די תּלמידי־שמאי, טודרוס, וואָס מיר האָבן געקאָנט פֿאַר אַ גרויסן קנאי, איז געקומען אַרויסצולויפֿן פֿון אונטער אַ באַדעקנס פֿון אַ האַליע און האָט געררופֿן:

— דאָס איז דאָך חוצפּה כלפּי שמים. מען באַדאַרף אים פֿאַרן משפּט שטעלן, מלקות באַדאַרף מען אים שלאָגן דערפֿאַר! — האָט ער געוואָלדעוועט, און זײַנע לאַנגע פּאות האָבן זיך געטרייסלט און די תּפֿילין פֿון זײַן קאָפּ זײַנען שיר נישט אַראָפּגעפֿאַלן.

אויך אַנדערע האָבן גערופֿן:

— ווער האָט דאָס געהערט אַזעלכע רייד אַרויסגיין פֿון מויל פֿון אַ רבין אין ישׂראל?

מיר האָבן זיך אומגעקוקט. מיר האָבן דערזען אונטער אַ באַדעקנס פֿון אַ האַ־ליע, אין זײַלן־גאַנג פֿון בית־מקדש־הויף, שטייט דער רבי פֿון גליל און דרשנט פֿאַרן עולם. צווישן זײַנע צוהערער געפֿינען זיך פֿיל תּלמידים פֿון רביים, אויך פּרחי־כּהונה, יונגע לוויים, זייער פֿיל בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין בית־מקדש־הויף. עס איז אַ גרויסע אויפֿרודערונג צווישן זײַנע צוהערער. פֿיל מאַכן מיט די הענט, טייל פֿאַרהאַלטן זיך די אויערן, טייל שרײַען אויס אַלערליי אויסרופֿן. אַנדערע באַרואיקן זיי. מײַן רבי איז אָפּגעגאַנגען פֿון זײַן וועג, נישט אַרײַנצומישן זיך אין דעם גערודער פֿון דער גאַס. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין גאַס, דאָס איז געווען דער בית־מקדש־הויף. מיר האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט געזען אַזאַ אויפֿרודערונג צווישן עולם אין בית־מקדש־הויף, סײַדן נאָר אַ יום־טובֿ־צײַט, ווען עס זײַנען דאָ אַ סך עולי־רגלניקעס. מײַן רבי איז צוגעגאַנגען צום אויפֿגערודערטן עולם, מיר — נאָך אים. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. מיר האָבן דערזען דעם רבין פֿון גליל, ווי ער שטייט, אַרומגערינגלט מיט זײַנע תּלמידים, און דרשנט פֿאַר אַן עולם. ניין, עס איז נישט געווען קיין דרשה, עס זײַנען געווען שטראָף־רייד, וואָס מיר האָבן נאָך קיין מאָל אַזעלכעס נישט געהערט, — גלײַך אַ נבֿיא וואָלט אויפֿגעשטאַנען און געשלײַדערט זײַנע דונערדיקע שלאַגווערטער. דער רבי האָט געטראָגן זײַנע תּפֿילין אויפֿן קאָפּ, פֿאַרוואָרפֿן אויף זיך זײַן באַציצותדיקטן טלית. זײַנע נאַקעטע אָרעמס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע ברייטע אַרבל פֿון זײַן אויבערקלייד. ער האָט זיי געהויבן איבער די קעפּ פֿון דער מענגע, וועלכע האָט זיך אַרום אים אויסגעגאָסן ווי אַ טײַך איבער די טרעפּלעך

פֿון דער האַליע און פֿאַרנומען דעם גאַנצן דורכגאַנג פֿון הויף. ער איז געשטאַנען העכער מיט זײַן קאָפּ פֿון אַלעמען. און פֿון זײַנע אויגן זײַנען שטראַלן־פֿײַלן געפֿאַלן, און פֿון זײַן צעווייטיקט מויל, וואָס האָט ווי אַ וואונד זיך געקרימט צווישן זײַנע באַוואַקסענע באָרד און פּאות, האָבן זיך געשאָטן ווערטער, ווערטער, וואָס האָבן זיך געלייגט ווי שווערע שטיינער אויף יעדן ייִדישן האַרץ.

— מיינט איר, אַז איך בין געקומען צו געבן שלום אויף דער ערד? איך זאָג אײַך, ניין. נײַערט אַ מחלוקה. וואָרעם פֿון אַצינד אָן וועלן פֿינף צעטיילט זײַן אין איין הויז, דרײַ קעגן צוויי און צוויי קעגן דרײַ, דער פֿאָטער קעגן דעם זון און דער זון קעגן דעם פֿאָטער, די מוטער קעגן דער טאָכטער און די טאָכטער קעגן דער מוטער, די שוויגער קעגן דער שנור און די שנור קעגן דער שוויגער.

דער עולם איז נבהל ונשתומם געוואָרן, אַ טייל האָבן אים געפֿרעגט:

— וואָס זאָלן מיר טאָן? זאָג אונדז!

און דער רבי האָט זיי אָפּגעענטפֿערט:

— באמת אײַך, איר זאָלט דורך דער ענגער טיר אַרײַנקומען. וואָרעם איך זאָג אײַך, פֿיל וועלן זוכן אַרײַנצוקומען און וועלן נישט קאָנען, ווען דער בעל־הבית וועט אויפֿשטיין, און וועט די טיר צושליסן. איר וועט פֿון דרויסן שטיין און וועט אין דער טיר קלאַפּן און זאָגן: „האַר, האַר, עפֿן אונדז". אַזוי וועט ער ענטפֿערן און צו אײַך זאָגן: „איך קען אײַך נישט. פֿון וואַנען זענט איר?" דערנאָך וועט איר זאָגן: „מיר האָבן געגעסן און געטרונקען מיט דיר, און דו האָסט געלערנט אין אונדזערע גאַסן". אַזוי וועט ער זאָגן: „איך קען אײַך נישט. ווער זענט איר? קערט אָפּ פֿון מיר אַלע, איר שלעכט־טוער". דאָרט צווישן אײַך וועט זײַן געוויין און ציין־קריצעניש, ווען איר וועט זען אַבֿרהם,יצחק און יעקבֿ און אַלע נבֿיאים אין דעם קעניגרײַך פֿון גאָט, און איר אַליין וועט זײַן אַרויסגעוואָרפֿן. און עס וועלן קומען פֿון מזרח און פֿון מערבֿ, פֿון צפֿון און פֿון דרום, און וועלן זיך אַנידערזעצן אין דעם קינגרײַך פֿון גאָט, — די לעצטע וועלן זײַן די ערשטע און די ערשטע וועלן זײַן די לעצטע.

דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך בין דאָס ליכט פֿון דער וועלט. ווער עס פֿאָלגט מיר נאָך, וועט נישט אַרומגיין אין דער פֿינצטער, נײַערט ער וועט האָבן דאָס ליכט פֿון דעם לעבן.

ביז איצט האָט דער עולם זיך נאָך פֿאַרהאַלטן רואיק. נאָר מיט אַ מאָל האָט זיך צוגעריסן צו אים אַ מאַן מיט הויכע, אָפּשטייענדיקע פּאות, און ער האָט אים אין פּנים אַרײַנגעשריגן:

— דו זאָגסט עדות אויף זיך אַליין. דײַן עדות זאָגן איז נישט וואָר!

דער רבי פֿון נצרת האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— ווען אַפֿילו איך זאָג עדות אויף זיך אַליין, איז מײַן עדות דאָך וואָר. וואָרעם איך ווייס פֿון וואַנען איך קום, וואוהין איך גיי. אָבער איר ווייסט נישט פֿון וואַנען איך קום, וואוהין איך גיי. איר טוט ריכטן נאָכן פֿלייש נאָך, אָבער איך בין נישט אַליין, נײַערט איך און דער פֿאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט. און עס שטייט אויך געשריבן אין דער תּורה: דורך צוויי עדות זאָל באַגלויבט ווערן די זאַך. איך זאָג עדות אויף זיך אַליין, און אויך דער פֿאָטער, וואָס האָט מיך געשיקט.

די רייד האָבן אויפֿגערודערט די געמיטער. דאָ און דאָרט האָבן אָנגעהויבן אויגן זיך אָנצינדן. און איינער האָט אויסגעשריגן:

— וואו איז דײַן פֿאָטער?

דער רבי האָט געענטפֿערט:

— איר קענט מיך נישט, און נישט מײַן פֿאָטער. ווען איר וואָלט מיך געקענט אַזוי וואָלט איר אויך מײַן פֿאָטער געקענט.

מען האָט באַדאַרפֿט זען דעם שטורעם, וואָס די רייד האָבן אַרויסגערופֿן בײַם עולם. אין אָנהויב זײַנען אַלע פֿאַרשטומט געוואָרן, ווי זיי וואָלטן פֿאַרכאַפּט געווען פֿון אַ גרויסער וואונדערלעכער געשעעניש, וואָס זיי זעען צום ערשטן מאָל און ווייסן נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס. דערשראָקענע אויגן האָבן איינע די אַנדערע אָנגעקוקט. בלייכע פּנימער, צעפֿלאַקערטע פּאות און בערד. מען האָט געהערט דעם סאָפּעדיקן אָטעם פֿון די בריסטן. פּלוצלינג האָט איינער פֿון עולם געהאַלפֿן נאָכצולאָזן די שטײַפֿע שטריק, מיט וועלכער די ווערטער פֿון רבין האָבן זיי אײַנגעצויגן. ער האָט זיך אומגעקערט און געפֿרעגט מיט דערשטוינונג די אַנדערע:

— ווער האָט געהערט אַזעלכע רייד אַרויסגיין פֿון אַ ייִדישן מויל?

— אויב ער איז דאָס, וואָס ער מיינט, אַז ער איז, קאָן ער אַלץ זאָגן, ער האָט רשות דערויף, — האָט אַן אַלטער, האַלב־אײַנגעהויקערטער מאַן מיט בלינד־רויטע אויגן געזאָגט, טײַטלענדיק מיט אַ פֿינגער.

— ווער איז ער? ווער איז ער, וואָס ער רעדט אַזעלכע רייד? זאָגט מיר, ווער איז ער? — האָט דער ערשטער ווידער אויסגערופֿן.

דאָס האָט געגעבן דעם עולם אַ שטויס. און עס האָבן צום רבין זיך אויסגע־שטרעקט הענט מיט דערשראָקענע, בלייכע, אויסגעמאַטערטע פּנימער, און מענטשן האָבן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם אים געפֿרעגט:

— זאָג אונדז, ווער ביסטו? ווער ביסטו?

אַ מינוט האָבן מיר אַלע אָפּגעוואַרט אויף דעם גרויסן וואָרט, וואָס עס וועט אַרויס פֿון זײַן מויל, אָבער דער רבי האָט אָפּגעענטפֿערט מיט רמזים ווי תּמיד:

— דער זעלבער, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט אין אָנהויב. איך האָב פֿיל פֿון אײַך צו זאָגן און צו ריכטן. דער, וואָס האָט מיך געשיקט צו אײַך, איז וואָר. און וואָס איך האָב געהערט פֿון אים, דאָס זאָג איך צו דער וועלט.

— דו זעסט דאָך, אַז ער איז חסר־דעה, אַז ער פּלאַפּלט רייד אין דער וועלט אַרײַן! — האָט אַ תּלמיד־חכם געשריגן.

— ניין, אַז ער זאָגט אַזוי, מוז דאָך עפּעס זײַן דעריך, מוז ער דאָך פֿון וועמען רשות האָבן.

— צום משפּט באַדאַרף מען אים שטעלן פֿאַר אַזעלכע רייד. עס איז אַ חוצפּה כּלפּי שמים, — האָט אַן אַנדערער געשריגן.

דאָס האָט אויפֿגעעפֿנט די געבונדענע הענט.

— ער וויל אונדז אויסשליסן פֿון מלכות־השמים. ער האָט אייגענע ייִדן. אַנ־דערע וויל ער אַרײַננעמען. ער האָט זײַנע אייגענע בני־אַבֿרהם. איר האָט דאָך גע־הערט, וואָס ער האָט געזאָגט: „פֿיל וועלן קומען פֿון מזרח און פֿון מערבֿ, און זיי וועלן זיצן מיט אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ". וואָס מיינט ער דערמיט? אַז אונדז וויל ער אַרויסוואַרפֿן אין דרויסן אַרויס?

— צום משפט מיט אים!

— זײַנען מיר דען נישט די קינדער פֿון אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ, וואָס דו ווילסט אונדז אַרויסוואַרפֿן פֿון מלכות־שמים?

דער רבי פֿון גליל האָט געענטפֿערט:

— ווען איר וואָלט געווען די קינדער פֿון אַבֿרהם, וואָלט איר געטאָן די מעשׂים פֿון אַבֿרהם.

דאָס איז שוין נישט געווען מער צו דערלײַדן. עס האָבן זיך דערהערט קולות:

— אַ שד זיצט אין אים! ער איז משוגע!

און אַנדערע האָבן געזאָגט:

— אָט די רייד זײַנען נישט פֿון איינעם, וואָס האָט אַ שד.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ שטים. אַ גרופּע פֿון עולם האָט זיך אַרויסגעריסן, האָט אַרומגערינגלט דעם רבין מיט בעטנדיקע פּנימער:

— ווי לאַנג וועסטו אונדז האַלטן אין ספֿק? ווען דו ביסט משיח, זאָג עס אָפֿן!

— ווער האָט עס דערמאָנט דאָס שרעקלעכע וואָרט?

— פֿאַרשטומט זאָל ווערן די צונג!

אָבער אַנדערע הענט האָבן זיך שוין צו אים אויסגעצויגן. אַרום דעם רבין פֿון גליל איז געוואָרן אַ שטורעמדיקער ים, וואָס האָט געשלאָגן מיט וועלן פֿון בערד און הענט:

— וואָס האַלטסטו אונדז אין ספֿק? זאָג אונדז!

ווער ווייסט, צו וואָס עס וואָלט געווען געקומען, ווען די תּלמידים פֿון דעם גלילער רבין וואָלטן אים נישט געווען אַרומגערינגלט. איך האָב געזען דעם קרעפּטיקן, קליינעם פֿישער־ייִד פֿון גליל, שמעון, ווי ער האָט זיך געשטעלט זײַן רבין צו באַשיצן מיט זײַנע קרעפּטיקע הענט. אויך דער מעכטיקער יוחנן פֿון די זבֿדים, מיט די ברייטע פּלייצעס, וואָס האָט דעם רבין שטענדיק באַגלייט, איז שוין געווען לעבן אים. און שמעון הקנאי און די אַנדערע תּלמידים. אויך די אָרעמעלײַט, די בלינדע, אַפֿילו די קאַליקעס, וואָס האָבן אים געהערט, האָבן זיך גערוקט און געשאַרט צום רבין און אים אַרומגערינגלט. מיט געבײַלטע פֿויסטן זײַנען זיי געשטאַנען אַרום, ווי זיי וואָלטן מיט נעגל און ציין געוואָלט באַשיצן זייער רבין. דער עולם איז געווען צעקאָכט, ווי אַ שטורעמדיקער ים. דאָ און דאָרט האָט מען געזען אויפֿטויכן אַ פֿויסט. בײַ אַנדערע האָבן די אויגן געשפּראָצט מיט פֿײַער און אייפֿער. מען האָט שוין אָנגעהויבן צו רײַסן די זעק און די לײַלעכער איינס פֿון אַנדערן. נאָר פּלוצלינג האָט אונדזער רבי נקדימון זיך אַדורכגעריסן דורך די צוזאַמענגעקנאָטענע לײַבער פֿון דער מענגע, און ער האָט פֿונאַנדערגעפֿירט די אויסגעשטרעקטע הענט און אויסגערופֿן:

— טוט אונדזער תּורה אַ מענטשן ריכטן, איידער מען האָט אים פֿאַרהערט און מען ווייסט נישט, וואָס ער האָט געטאָן?

זיי האָבן אַפֿילו קיין צײַט נישט געהאַט זיך אומצוקוקן אויף דעם, וואָס האָט גערעדט די רייד, און זיי האָבן געוואָרפֿן צו רבי נקדימון מיט בייזע, שלעכטס־צוזאָגנדיקע בליקן:

— ער האָט די בני־אַבֿרהם אויסגעשלאָסן פֿון מלכות־השמים. ער וויל פֿאַרטוישן די ריכטיקע בני־אַבֿרהם אויף אַנדערע.

— אין אונדזער תורה שטייט: „בחוץ לא ילון גר — אַ גר זאָל נישט נעכטיקן אין דרויסן". וואָס מיינט עס, אין דרויסן? דאָס מיינט, אַז איר זאָלט קיין גר נישט אויסשליסן פֿון דער ייִדישער געמיינשאַפֿט. אַ גר, אַז ער אָנערקענט דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט, אַז ער באַקערט זיך צום ייִדישן גאָט, איז ער מיט אַלעם געגליכן צו אַ ייִדן, איז ער פֿון די קינדער פֿון אַבֿרהם אָבֿינו, ווי יעדער ייִד. אַבֿרהם איז דער פֿאָטער נישט נאָר פֿון די געבוירענע ייִדן, נאָר פֿון אַלע גרים.

— די מידה פֿון אַבֿרהם אָבֿינו איז געווען מגייר צו זײַן גרים, — האָט דער רבי נקדימון גערופֿן.

— איך אַליין האָב געהערט פֿון אים, ווי ער האָט געזאָגט: „דער, וואָס וועט זיך צוהערן צו זײַנע רייד, — דער וועט קיין מאָל נישט שטאַרבן". איז ער דען גרעסער פֿון אַבֿרהם? אַבֿרהם און די נבֿיאים זײַנען געשטאָרבן, און ער זאָגט, אַז מען וועט קיין מאָל נישט שטאַרבן.

— ער מיינט דאָס אייביקע לעבן, וואָס איז אויף יענער וועלט, אין מלכות־השמים — דערקלערט אונדזער רבי.

— פֿאַרוואָס פֿײַניקט ער אונדז מיט רמזים? פֿאַרוואָס זאָגט ער נישט, ווער ער איז, ווען ער נעמט זיך דעם רשות אַזוי צו רעדן?

— ווער ער איז? אַ שומרוני איז ער!

דאָס איז געווען די גרעסטע באַליידיקונג, וואָס מען האָט געקאָנט אויף אַ ייִד זאָגן.

— אויך אויף אַ שומרוני איז געזאָגט געוואָרן: „ואהבת לרעך כמוך" — האָט דער רבי אָפּגעענטפֿערט.

מען האָט זיך אומגעקוקט, ווער עס האָט געוואַגט די ווערטער צו רעדן. זיי האָבן דערקענט מיין רבין און זײַנען שטיל געוואָרן.

— ער מאַכט זיך פֿאַר אַ בעל־הבית, וואָס ער אַליין וועט נאָר אַרײַנלאָזן דורך דער ענגער טיר. ווער האָט אים געגעבן רשות דערויף?

— האָסט דאָך געהערט, ער האָט געזאָגט: „איך טו נישט קיין זאַך פֿאַר זיך אַליין, נאָר דאָס, וואָס מײַן פֿאָטער האָט מיך געלערנט. דאָס זאָג איך אײַך!"

— ער מאַכט זיך פֿאַר גאָטס זון. ער רופֿט אָן די גבֿורה: „מײַן פֿאָטער".

— יעדער ייִד האָט אַ רעכט זיך אָנצורופֿן גאָטס זון. עס שטייט געשריבן: „בנים אתם לה׳ אלהיכם" — האָט מײַן רבי אָפּגעענטפֿערט.

— אָבער ער רעדט קעגן בית־המקדש און קעגן מזבח און קעגן די קרבנות.

— האָט געשריגן אַ רײַכער צדוקי (מען האָט אים דערקענט אין די פֿיל רינגען, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זײַנע פֿינגער, און אין זײַן וואַרעמען הייל־ראָק, אין וועלכן ער איז געווען אײַנגעהילט אין די פֿײַכטע טעג).

— אויך דער נבֿיא האָט געזאָגט: „חסד חפצתי ולא זבח". און ווער איז פֿון אונדז גרעסער פֿון ירמיהון? און ירמיהו האָט אָנגערופֿן דעם בית־המקדש אַ הייל פֿון מערדער, — האָט מײַן רבי אָפּגעענטפֿערט.

— ירמיהו איז געווען אַ נבֿיא!

— יעדער ייִד קאָן זײַן אַ נבֿיא.

— האָסטו אָבער שוין געהערט, אַז פֿון גליל זאָל קומען אַ נבֿיא?

— עס שטייט אין פּסוק: „כל הארץ מלאה כבודו — די גאַנצע ערד איז גאָטס".

אויף דער גאַנצער ערד פֿאַרשפּרייט ער זײַן כּבֿוד און זײַן חסד, און פֿון אומעטום, פֿון יעדן ווינקל פֿון דער ערד קאָן אויפֿשטיין אַ נבֿיא, וואָס גאָט האָט אים איי־בערגעגעבן זײַן וואָרט — האָט מײַן רבי אָפּגעענטפֿערט.

— ווער זאָגט דאָס? ביסטו אויך אַ גלילער? — האָבן זיי אָנגעהויבן שרײַען אויף מײַן רבין, — וואָס דו נעמסט זיך אָן פֿאַר אים?

און מען האָט אָנגעהויבן זיך אײַנרוימען אין אויער: „דאָס איז דאָך רבי נקדימון, רבי נקדימון!" — און דער עולם האָט אים אָפּגעטראָטן מיט דרך־ארץ דעם וועג און זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען.

ער האָט שוין איצט, דער נבֿיא פֿון גליל, אַרויסגערופֿן אַן אויפֿרודערונג יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זיך באַוויזן אין בית־מקדש־הויף. די מיינונגען וועגן אים האָבן וואָס אַמאָל זיך מער געטיילט. זיי זײַנען געוואָרן אייפֿעריקער, גע־רייצטער: ער האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער באַקומען הייסע אָנהענגער, אָבער אויך וואָס אַמאָל אַלץ מער פֿאַרביטערטע קעגנער. געוויס האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע קנאים צווישן די תּלמידי־שמאי און אַנדערע געלערנטע, וואָס האָבן אים געוואָלט כאַפּן בײַ דער האַנט מיט עפּעס אַ נישט־געהעריקן זאַך.

פֿון איינער אַזאַ סצענע, וואו אַ פּאָר קנאים האָבן אים געוואָלט כאַפּן בײַ דער האַנט, ווי ער זאָגט עפּעס קעגן דער תּורה, בין איך אַליין געווען אַן עדות: דער רבי פֿון נצרת האָט זיך אַמאָל באַוויזן אין באַגלייטונג פֿון אייניקע תּלמידים, — אויך אַ פֿרוי איז געווען מיט זיי. פֿרויען האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע עזרת־נשים, די פֿרוי אָבער איז געגאַנגען נאָכן רבין אין בית־המקדש־הויף. זי איז געווען פֿאַרהילט אין אַ טיפֿן שלייער, פֿאַרשטעלנדיק דאָס פּנים און די הענט, ווי עס איז דער מנהג, ווען פֿרויען באַווײַזן זיך אין בית־מקדש־הויף. די פֿרוי האָט געפֿירט איינעם פֿון זײַנע תּלמידים, וואָס איז געווען בלינד. זי איז נאָכגעגאַנגען הינטער די תּלמידים. דאָס מאָל האָט דער רבי פֿון גליל נישט געדרשנט. ער איז געגאַנגען מיט זײַנע תּלמידים צו דער קופּה פֿון בית־מקדש־אוצר און האָט זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט מיט די אַנדערע ייִדן, וועלכע האָבן געבראַכט זייער אָפּצאָל פֿאַרן בית־מקדש־קאַסירער, וואָס איז געזעסן בײַם טויער פֿון בית־מקדש־אוצר, וואָרעם עס איז געווען די צײַט, ווען מען האָט געצאָלט דעם בית־מקדש־מס. אויך די פֿרוי, וואָס איז געווען מיט זיי, האָט געבראַכט איר נדבֿה צו דער קופּה פֿון בית־המקדש. איינער פֿון עולם, וואָס איז געשטאַנען בײַם טויער פֿון דער קופּה, האָט די פֿרוי געמוזט דערקענען, וואָרעם ווען אַפֿילו זי איז געווען טיף־פֿאַרשלייערט, האָט ער דאָך דערקענט לויט איר גאַנג, ווער זי איז, און ער האָט אויסגערופֿן מיט וואָרנונג צום בית־מקדש־קאַסירער:

— נעמט נישט פֿון דער פֿרוי קיין מתּנה. עס איז אַ מתּנת־זונה, און איר נדבֿה פֿאַרן בית־המקדש איז טריף.

אַרום דער לשכּה, וואו עס איז געזעסן דער גזבר, וואָס האָט צוגענומען דעם מס און די מתּנות פֿאַרן בית־המקדש, איז שטענדיק געווען געפּאַקט מיט עולים, וואָס האָבן געבראַכט אָפּצאָלונגען פֿאַרן בית־המקדש. ווען זיי האָבן דערהערט דאָס וואָרט „מתּנת־זונה", איז געוואָרן אַ באַוועגונג, אַן אויפֿרעגונג, און מען האָט זיך אומגעקוקט, געוואָלט וויסן, וועמען דער אויסרופֿער מיינט. דער אויסרופֿער האָט

אַנגעוויזן אויף דער שוואַרץ־פֿאַרשלייערטער, אין שוואַרצן אײַנגעהילטער פֿרוי, וואָס איז געווען אין באַגלייטונג פֿון דעם רבין פֿון גליל, און האָט אויסגערופֿן:

— איר ווייסט נישט, ווער די פֿרוי איז, וואָס געפֿינט זיך מיט אים? דאָס איז דאָך די באַרימטע מרים פֿון מגדל!

ווי נאָר דאָס וואָרט איז געפֿאַלן, אַזוי האָט דער עולם פֿון גאַנצן בית־מקדש־הויף גענומען זיך צוזאַמענגיסן און זיך דרענגען אַרום דער פֿרוי און דעם רבין. אַלע האָבן געהערט פֿון מרים פֿון מגדל, וואָס איז געווען אַ באַרימטקייט אין שטאָט; וועגן איר רײַכטום, מיט וועלכן אירע ליבהאָבער האָבן זי באַשאָנקען, זײַנען אַרומגעגאַנגען אגדות, נאָך מער — וועגן אירע איילן, שוין אָפּגערעדט פֿון איר שיינקייט און פֿאַרפֿירערישקייט. דער נאָמען „מרים מגדלנה" איז געווען אַ כּשוף־וואָרט, און אַלע זײַנען נײַגעריק געווען צו זען די פֿרוי. איך בין אויך צוגעלאָפֿן און האָב געקוקט אויף דער שוואַרץ־פֿאַרשלייערטער, וועלכער איז פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ מויער פֿון מענטשן. דער נאָמען פֿון דער פֿרוי האָט אַזוי אָפּגעקלונגען, אַז אַלע האָבן זי געוואָלט זען. און דאָ פֿירן שוין צוויי מענער די פֿרוי צום רבין, גלײַך ווי מען וואָלט זי ערשט איצט געכאַפּט בײַ דער עבֿרה פֿון זנות.

— רבי, די פֿרוי, וואָס דו זעסט, איז געוואָרן אָפּט מאָל געכאַפּט בײַ מעשׂי־נאוף און זנות. און משה האָט אונדז געלערנט אין זײַן תּורה, אַז מען זאָל פֿאַרשטיינען אַזעלכע פֿרויען. וואָס זאָגסטו, רבי, דערויף? — האָבן זיי געפֿרעגט דעם רבי פֿון נצרת.

דער עולם האָט געוואַרט מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. אַלע האָבן געקוקט אויפֿן רבים פּנים. עס איז בלייך געווען ביז צו די וואָרצלען פֿון זײַן באָרד. פּלוצלינג האָט ער זיך געגעבן אַ ריס פֿון אָרט, וואו ער איז געשטאַנען, האָט צוגעאײַלט צו דער פֿרוי און זי באַפֿרײַט פֿון די פֿרעמדע מענערס הענט. ער האָט זי צוגענומען צו זיך, און מיט אַ פֿינגער פֿון זײַן האַנט האָט ער אויף דעם אָרט, וואו זיי זײַנען געשטאַנען, געצייכנט אַן אָפּגעדאַכטן צירקל אַרום זיך און דער פֿרוי. אינסטינקטיוו, אין גרויס שרעק, האָט דער עולם זיך אָפּגערוקט און געלאָזט די פֿרוי מיטן רבין אין דעם צירקל, וואָס ער האָט געצויגן אַרום זיך.

אַלע האָבן גענומען אויסוואַרטן מיט פֿאַרכאַפּטע אָטעמס, וואָס דער רבי וועט דאָ טאָן. דער רבי האָט גאָרנישט געטאָן, נאָר ער איז געשטאַנען מיט דער פֿרוי אין צירקל, אָפּגעזונדערט פֿון אַלעמען, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט געבן אָנצוהערן, אַז ער טיילט מיט איר איר גורל און נעמט אויף זיך איר זינד, און אַז זי און ער זײַנען איצט איינס. דער עולם האָט עס דערפֿילט און געשוויגן, אָבער דער תּלמיד פֿון שמאי האָט אַלץ געמאָנט און געפֿרעגט:

— רבי, זאָגסטו, מיר זאָלן זי נישט פֿאַרשטיינען, נאָכן געזעץ פֿון משה?

דענסטמאָל האָט דער רבי אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן, אָנגעקוקט דעם עולם אַרום און געזאָגט:

— ווער פֿון אײַך איז אָן זינד, זאָל וואַרפֿן אויף איר דעם ערשטן שטיין!

די לײַט זײַנען שטיל געוואָרן.

נאָר עס האָבן זיך דערהערט שטימען, וואָס האָבן גערופֿן: זאָל די פֿרוי אַראָפּנעמען פֿון זיך דעם שלייער, כּדי מיר זאָלן זען, אויב זי איז נישט די מרים פֿון מגדל.

און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו דער פֿרוי:

— מרים, נעם אַראָפּ דעם שלייער פֿון דײַן קאָפּ און דעק אויף דײַן פּנים, כּדי דאָס פֿאָלק זאָל דיך זען און דיך דערקענען.

ווען די פֿרוי האָט אַראָפּגענומען דעם שלייער און דער עולם האָט דערזען איר פּנים, אַזוי זײַנען אַלע געשטאַנען אַרום מיט אויפֿגעעפֿנטע מײַלער און געבליבן אין דערשטוינונג און שרעק:

— איז דאָס מרים פֿון מגדל?

אויך איך בין דערשטוינט געוואָרן. איז דאָס די מרים פֿון מגדל, וואָס גאַנץ ירושלים האָט גערעדט פֿון איר שיינקייט? פֿאַר אונדז איז געשטאַנען אַן אַלטע פֿרוי. איר לענגלעך, געל־אײַנגעמאַטערט פּנים איז געווען פֿול מיט קנייטשן, ווי אַ שטורעמדיקער ים וואָלט אַדורכגעגאַנגען דעריבער. אירע, נאָך ליכטיקע, גרויסע אויגן האָבן זיך באַהאַלטן אין טונקעלע לעכער, מיט לויזע טאַרבעלעך, וואָס האָבן ווי וואָלקנדלעך, זיך געקליבן אַרום זיי, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעגאָסן פֿון זיך אַלע טרערן, וואָס האָבן אַדורכגערונען דורך די דינע קנייטשן פֿון איר פּנים, און זיי זײַנען לער און לויז געוואָרן. נאָר אירע ליפּן אַליין, דינע, דעלי־קאַטע ליפּן, אויסגעבויגן אין אַ צערדיקן שמייכל, די לאַנגע, דינע, אין פֿאָרעם דערהאַלטענע נאָז, און די גאַמבע האָבן עדות געזאָגט אויף אַמאָליקער שיינקייט.

— דאָס איז נישט מרים פֿון מגדל, דאָס איז נעמי, — האָט אַ פֿרוי אויס־גערופֿן, — מרים איז ווי אַ פֿול־צעבליטע רויז, אירע בריסטן פֿול און איר בויך געבענטשט. זעט, ווי זי שטייט אײַנגעפֿאַלן, ווי אַ פֿרוי, וואָס האָט פֿאַרלוירן איר טראַכט.

— זעט, וואָס עס איז געוואָרן פֿון איר! — האָט אַ צווייטע פֿרוי אויסגערופֿן.

— אַ רות איז זי אַרויסגעגאַנגען צו אים און געקומען צוריק איז זי אַ נעמי!

— האָט אַ דריטע געקרעכצט.

יאָ, פֿאַרן עולם מיט דעם רבין איז געשטאַנען נישט די באַרימטע, זינדיקע מרים פֿון מגדל, נאָר אַ מיט צרות געזעטיקטע נעמי.

די לײַט אַרום איר האָבן אַראָפּגעלאָזט פֿאַרשעמט די קעפּ און זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען.

# 10

נישט שטענדיק איז דער רבי פֿון גליל געווען שטורעמדיק ווי דער ים אין אַ ווינטער־טאָג. ער האָט אויך געקאָנט זײַן לויטער ווי די זון אין אַ מיטאָג־שעה, אין אַ זומער־טאָג. ווי פֿאַר די שטאָלצע און מעכטיקע האָט זײַן צונג זיך פֿאַר־וואַנדלט אין אַ שווערד, — אַזוי האָט זי פֿאַר די נידעריקע און פֿאַרשטויסענע געטריפֿט מיט טרייסט און האָפֿענונג.

דער רבי פֿון גליל האָט זיך באַוויזן אין ערטער, וואו קיין אַנדער רבי אין ישׂראל האָט דאָרט קיין פֿוס נישט געשטעלט. ער האָט זיך געזעצט בײַם טיש מיט לײַט, וואָס די אַנדערע רביים האָבן זיי באַטראַכט פֿאַר רשעים און וואָס עס איז אויף זיי געזאָגט: „השומר נפשו ירחק מהם".

פֿון דעם אַלעם האָט מען געוואוסט אין ירושלים. נאָר אַז אַ רבי אין ישׂראל זאָל אַרײַנגיין אין דער פּונדקא (אַכסניה) פֿון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער, און זאָל זיך אַוועקזעצן מיט זיי בײַ איין טישל טרינקען — האָט קיינער זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, דאָס איז נאָך נישט געשען.

אין דעם ווינקל פֿון מערבֿ און דרום, אין דעם נידעריקן טייל פֿון שטאָט, האָט זיך געפֿונען דער מיסט־טויער. דער טויער האָט אָפּגעשלאָסן די מויער, וועלכע האָט אַרומגערינגלט ירושלים ביז צום ווינקל פֿון נחל־קדרון, ווי אויך דעם טאָל פֿון הנום, וואו עס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן די אַרויסגעוואָרפֿענע מצורעים פֿון שטאָט. דאָס איז געווען די צווייטע מויער. אָבער אין דער שטאָט אַליין האָבן זיך גע־צויגן רעשטן פֿון אַן אַלטער מויער, וואָס מען האָט גערופֿן די ערשטע מויער, און וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין געסל פֿון די וואַסער־טרעגער אַרום דעם טײַכל שילוח. די ערשטע מויער איז געווען אַ גאַנץ אַלטע און האָט געשטאַמט נאָך פֿון דודס און פֿון שלמה המלכס צײַטן.

אויף דעם שטיקל פּלאַץ, צווישן דער ערשטער און דער צווייטער מויער, האָט זיך באַזעצט דאָס אָפּפֿאַלעכץ פֿון ירושלים. דאָס אָרט איז באַשטאַנען פֿון אַ גראָבן, וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַכל שילוח. אין ווינטער, אין דער צײַט פֿון רעגנס, איז דאָס טײַכל שילוח אָנגעקוואָלן געוואָרן מיט וואַסער און האָט פֿאַרפֿלייצט די געגנט, וואָרעם דאָס רעגן־וואַסער האָט אָפּגעשווענקט פֿון דעם אויבערשטן טייל שטאָט און געלאָזט זיך אין שטראָמען צום גראָבן אַרונטער. די פֿײַכטקייט האָט אין ווינטער אויסגעגעסן די פֿונדאַמענטן פֿון די הײַזער און אָנגעפֿילט די לעכער־קעלערס מיט וואַסער. זומער־צײַט, ווען די היץ האָט אויס־געטריקנט די בלאָטעס, אויסגעשעפּט דאָס טײַכל שילוח, — האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטויב, וואָס האָט פֿאַרעיפּושט די לופֿט מיט געשוואָלענע, אויסגעשרפֿהטע זומפּ־געשטאַנקן. דער שטויב האָט זיך געלייגט אין דיקע שיכטן אויף מענטשן און זאַכן, האָט אויסגעגעסן די אויגן פֿון די קינדער און פֿאַרשפּרייט קראַנקהייטן. אין דעם טייל האָט געוואוינט די אָרעמסטע באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט.

די אַלטע מויער פֿון דוד המלכס צײַטן האָט געהאַט פֿיל נישעס, שוין אָפּגע־רעדט פֿון טרעפּן, געזימסן, באַלקנס, דעכער, וואָס זײַנען דורך דעם לויף פֿון יאָרן אַרײַנגעמויערט געוואָרן אין זיי. אויך האָבן זיך געפֿונען אין דער מויער פֿיל אויסגעהאַקטע לעכער, וואָס די מעכטיקע מויער־שטורמער פֿון אַלע מלוכות אין מזרח האָבן געמאַכט אין איר אין פֿאַרגאַנגענע מלחמות. די שפּורן פֿון פֿאַר־גאַנגענע מלחמות האָבן די אַלטע קעניגלעכע מויער באַקליידט מיט אַנזען, ווי זי וואָלט געווען געטראָגן אויף זיך דאָס פּנים פֿון אַלטן ייִדישן פֿאָלק. צו דער מויער האָט די אָרעמע באַפֿעלקערונג פֿון ירושלים זיך געקלאַמערט ווי צו דעם איינציקן פֿאָלקס־אייגנטום, וואָס איז זיי איבערגעבליבן פֿון דער רײַכער ירושה פֿון זייערע באַרימטע עלטערן. זיי האָבן אין דער מויער אײַנגעמויערט זייערע קבֿרים־שטיבלעך, האָבן דאָרט צוגעקלאַפּט דרענגער, אָנגעבונדן געפֿלאַכטענע

שטריק פֿון ריטער־צווײַגן, איבערגעהאַנגען מיט ראַגעזשעס, געפֿלאָכטן פֿון פּאַלמען־צווײַגן, אָדער מיט טיכער און פּלאַכטעס, און זיי האָבן געהויזט אין זיי. אָפֿט מאָל זײַנען אַרויסגעקומען קריגערײַען און געשלעגן צווישן דער אָרעמער באַפֿעלקערונג איבער די „חזקות״, וואָס משפּחות האָבן געהאַלטן אויף דער מויער בירושה פֿון דורות, ווארעם אַלע האָבן זיך געהאַלטן באַרעכטיקט זוכה צו זײַן פֿון פֿאָלקס־אייגנטום פֿאַר זייער געברויך ווי פֿון הפקר.

די ענגשאַפֿט צווישן די אײַנוואוינער פֿון דוד המלכס מויער איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס זײַנען אָפֿט מאָל אַרויסגעקומען צוליב דעם אומגליקן. זיי האָבן אויסגעהאַקט קאָרידאָרן גאַנצע, כּדי זיי זאָלן קאָנען זיך דאָרט אויפֿהאַלטן ווי די מוילקראָטן. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן די לויז־געוואָרענע שטיינער זיך אָפּשיטן און פֿאַלן איבער זיי. אין מײַן צײַט איז דאָרט געשען אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפֿע. אַכצן לײַט, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין אַ פֿאַרלאָזענעם טורעם פֿון מויער, זײַנען פֿאַרשאָטן געוואָרן. דער דאַך פֿון טורעם, אונטערגעמינעוועט פֿון צופֿיל אונטערגראָבונגען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיי און זיי לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

בײַ דער מויער, נישט ווײַט פֿון טײַכל שילוח, האָט זיך געפֿונען די פּונדקא פֿון די אייזל־טרײַבער און די קעמל־טרײַבער אין ירושלים. עס איז געווען אַ גרויסער הויף, ריכטיקער, אַ לאַבירינט פֿון הויפֿן, אָפּגעטיילט איינס פֿון אַנדערן מיט צווײַגן־ווענטלעך. די אכסניה אַליין איז ווי אַלע אַנדערע געביידעס, אויך געווען אײַנגעמויערט אין דער אַלטער מויער. אַ שטענדיקער, עפּושדיקער רויך פֿון געקאָכטע און געבראָטענע עסנס האָט געקנוילט פֿון די טירן אַרויס און פֿאַרשוואַרצט די מעכטיקע, אין די ראַנדן אָפּגעשליפֿענע שטיינער, פֿאַרפֿינצטערט דאָס טויזנט־יאָריקע פּנים פֿון דער וואַנט. אין דער פּונדקא האָבן זיך געפֿונען נישט נאָר די אייזל־טרײַבער און די קעמל־טרײַבער, וועלכע האָבן געבראַכט פֿון אַלע פּראָווינצן פּראָוויאַנט און פּאַסאַזשירן קיין ירושלים (אַזוי ווי דאָס אָרט האָט זיך געפֿונען, אַזוי צו זאָגן, אויסער דער שטאָט־מויער, האָבן די חכמים זיי, דע־ריבער, געלאָזט איבערנעכטיקן מיט זייערע בהמות); עס זײַנען דאָרט אויך אײַנגעשטאַנען שעפֿער־יונגען, וועלכע האָבן געבראַכט סטאַדעס שאָף פֿון דער פּראָווינץ אויפֿן שאָפֿן־מאַרק. נישט קיין גוטע רעפּוטאַציע האָבן די אייזל־טרײַבער און די קעמל־טרײַבער געהאַט אין ירושלים, אָבער נאָך אַן ערגערן שם האָבן גע־האַט די שעפֿער־יונגען. מען האָט זיי חושד געווען, אַז זיי באַגייען אָפֿט די עבֿרה פֿון „לא תגנוב״, — זיי פֿלעגן אַראָפּגנבֿענען פֿון די סחורות, וואָס זיי האָבן גע־פֿירט. מען האָט נישט געטאָרט קויפֿן קיין מילך, קיין קעז, קיין וואָל, קיין ציי־געלעך פֿון די שעפֿער־לײַט, ווײַל מען האָט געהאַלטן, אַז זיי גנבֿענען דאָס פֿון זייערע בעלי־בתּים. אַחוץ די טרײַבער פֿון אייזלען און קעמלען און די שעפֿער־יונגען, פֿלעגן נאָך אין דער אכסניה זיך שטענדיק אויפֿהאַלטן פֿאַרדעכטיקע לײַט, וואָס זײַנען געקומען קיין ירושלים צו לויפֿן פֿון דער פּראָווינץ, — אַנטלאָפֿענע פֿון זייערע מלווהס, אַנטלאָפֿענע קנעכט, גלילער עמי־הארצים, וואָס מען האָט זיי דערקענט אין זייער אויסשפּראַך. אויך האָט פֿון צײַט צו צײַט אַהין פֿאַר־וואָגלט אַ שומרוני, אַמאָל אויך אַ מואבי אָדער אַ גריכישער אַראַבער פֿון דער פֿעלדזן־שטאָט פּיטראַ, וואָס דער אָדער יענער עסק האָט זיי געבראַכט קיין ירוש־

לים. אין דער אַכסניה זײַנען אַראָפּגעקומען פּאָליטישע אַגיטאַטאָרס צו ווערבירן צווישן די לײַט אַנהענגער פֿאַר זייערע אידעען, אָדער ווער עס האָט געוואָלט מיט עמעצן זיך אָפּרעכענען — צו דינגען דאָרט שלעגער. אָפֿט מאָל האָט מען דאָרט אויך געקאָנט אָנטרעפֿן אויף רוימישע לעגיאָנערן, הויכע אַשקעלאָנער יונגען, וועלכע זײַנען אַרונטערגעקומען אין דער פּונדקא טרינקען ווײַן געמישט מיט האָניק, זויפֿן ביר. אָפֿט מאָל פֿלעגט אויסברעכן אַ מחלוקה, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט מעסערשטעך צווישן אַ לעגיאָנער און אַ בר־יונא — נישט אַזוי איבער פּאָליטישע סיבות ווי פֿיל מער איבער אַן אַראַבישער, שוואַרצער זונה אָדער איבער אַ ווײַסלײַביקער, שומרונישער פֿרוי, וואָס דער הויף האָט געווימלט מיט זיי.

מיר איז אויסגעקומען צו געפֿינען זיך אין דער אכסניה. מײַן רבי האָט מיך אָפּט געשיקט מיט אַ שליחות צו הלל דעם וואַסערטרעגער, וועלכער האָט זייער אָפּט זיך געפֿונען אין דעם הויף פֿון דער אכסניה. אַ מערקווירדיקער מענטש איז געווען אָט דער הלל. מײַן רבי האָט געלייענט אויף אים דעם פּסוק: „יושב בדד וידום כי נטל עליו”. שטענדיק האָט ער געשוויגן. איך האָב אים אָפּט געזען אין דער חבֿרותא פֿון מײַן רבין, אין דער ישיבֿה אין אונדזער בית־מדרש. ער איז געזעסן ווי אַן אָרעמאַן בײַ דער טיר, און האָט זיך צוגעהערט צו די דרשות פֿון מײַן רבין, אָדער צו די קשיות פֿון די תּלמידים, און שטענדיק געשוויגן: ער האָט קיין מאָל נישט געפֿרעגט קיין קשיא, קיין מאָל האָט מען קיין וואָרט פֿון אים נישט געהערט. נאָר ווען מען האָט אים געזען זיצן, דעם קאָפּ פֿאַרגראָבן צווישן זײַנע אײַנגעבויגענע אַקסל, וועלכע זײַנען געווען אַראָפּגעדריקט צו דער ערד פֿון טראָגן די לאָגלען וואַסער, האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע מענטשלעכע צרות זײַנען אָנגעהאָנגען געוואָרן אויף זײַן רוקן, נאָר ער טראָגט דעם יאָך אָן תּרעומות, קוקט מיט זײַנע צעשראָקענע אויגן און אָפֿענעם פּנים, ווי ער וואָלט מחילה געבעטן פֿאַר דעם, וואָס ער וואַגט אויך צו געפֿינען זיך אויף גאָטס וועלטל. הלל וואַסער־טרעגער האָט אויך געהאַט זײַן וואוינונג אין דער מויער פֿון דוד המלך. ווי די לײַט פֿון פּיטרא, האָט ער אין דער מויער געהאַט אַן אויסגעהוילטע לאָך, וואָס מען איז אַראָפּגעקראָכן אַהין מיט טרעפּלעך. דאָרט, אין דער מויער, האָט ער געוואוינט אין אַ געננוג גרויסער מערה, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו אים בירושה פֿון זײַנע עלטערן. ער האָט אָבער זייער אָפֿט זיך געפֿונען אין דער אכסניה, אין הויף צווישן די אייזלען און די קעמלען. דעם גאַנצן טאָג האָט ער, אין איינעם מיט אַנדערע וואַסער־טרעגער, געטראָגן וואַסער פֿון מי השילוח צו די הײַזער פֿון דער אויבערשטער שטאָט אין לאָגלען, אויפֿגעבנייט פֿון אייזלשע פֿעלן, וואָס האָבן אויס־געקוקט ווי געשוואָלענע בהמות, געלאָדן אויפֿן וואַסער־טרעגערס אַקסלען. ווען ער איז אַהיימגעקומען נאָך זײַן טאָג אַרבעט, איז ער נישט פֿריער געגאַנגען אין זײַן הייל אַרײַן, איידער ער האָט אָנגעטרונקען די דאָרשטיקע בהמות, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין הויף פֿון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער. אָפֿט מאָל פֿלעגן די טרײַבער זיך אָנשיכּורן אין דער פּונדקא אָדער פֿאַרשלאָפֿן אין הויף אויף די קור־פּעס, וואו זיי זײַנען געלעגן אייבער אויפֿן אַנדערן, און פֿאַרגעסן אָנצוטרינקען זייערע בהמות. הלל דער וואַסער־טרעגער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם צער פֿון די דאָרשטיקע בהמות. ער האָט געהערט דאָס שרײַען פֿון אייזל און דאָס

גאָרגלען פֿון קעמל, — און ער פֿלעגט יעדן פֿרימאָרגן, איידער ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, און יעדן פֿאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, אָנטראָגן אין זײַן לאָגל וואַסער פֿון מי השילוח און אָנפֿילן די קאָרעטעס פֿון די דאָרשטיקע בהמות. דערפֿאַר, אַז מען האָט געוואָלט געפֿינען הלל דעם וואַסער־טרעגער, האָט מען אים גיכער געקאָנט געפֿינען אין דעם הויף פֿון די אַנטרײַבער, איידער אין זײַן מויער־היים.

מײַן רבי איז איצט זייער אָפֿט זיך צוזאַמענגעקומען מיט הלל. ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיט אים אין בית־מדרש און זיך געסודעט מיט אים. איך האָב צו־ערשט נישט געוואוסט דעם טעם דערפֿון, דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרן. הלל דער וואַסערטרעגער האָט דעם רבין איבערגעגעבן וועגן די טועכצן פֿון דעם רבין פֿון גליל, וואָרעם הלל דער וואַסער־טרעגער האָט איצט זייער אָפֿט זיך געטראָפֿן מיט אים. און טאַקע אין דער פונדקא פֿון די אייזל־ און קעמל־אַנטרײַבער.

איך קאָן קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן דעם אײַנדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר, ווען איך האָב דעם רבין פֿון גליל אָנגעטראָפֿן אין אַן אָוונט אין דער פונדקא. איך בין דענסטמאָל געווען אין דער אכסניה, אין דער אַלטער מויער. איך האָב דאָרט געוואָרט אויף הלל דעם וואַסער־טרעגער, וואָס מײַן רבי האָט אים באַדאַרפֿט וועגן עפּעס האָבן. אין דער אכסניה איז געווען דעמפּיק און רויכיק. אַ שווערע, געדיכטע לופֿט איז געשטאַנען אין חלל, וואָס די קליינע, דינע פֿלעמלעך פֿון די אייל־לאָמפּן האָבן קוים געקאָנט אַדורכדרינגען. ווי אין אַ וואָלקן־שטויב האָבן די לאָמפּן באַלויכטן בלויז דאָס טישל, אויף וועלכן זיי האָבן געברענט. דער רויך איז אַרויפֿגעגאַנגען פֿון אַ דרײַפֿוס, אויף וועלכן דער בעל־אכסניה און זײַנע צוהעלפֿער־קעכער האָבן געבראָטן מאכלים, שעפּסן־פֿלייש, געקאָכט אין מעל, גרינסן און איילבירטן. פֿון דעם געקעכץ איז אַרויסגעגאַנגען אַ סוואָנד און אַ רויך, וואָס האָבן, ווי אַ געדיכטע קאָלדרע, זיך געלייגט אין דעם טונקעלן חלל און אַלצדינג פֿאַררויכערט. פֿון אָט דעם געדיכטן באַדעקנס, וואָס איז געשטאַנען אין חלל, האָט מען אַרויסגעזען די פֿיל לײַט, אַ צעיושעטע מאַסע, אויסגעלייגט אין קופּעס בײַ די ווענט פֿון דער אכסניה. די מער גליקלעכע זײַנען געזעסן באַ־זונדער בײַ טישלעך. אַ מענגע אַנדערע לײַט זײַנען ווי געדיכטע שאָטנס געלעגן אָנגעוואָליעט איינס אויפֿן אַנדערן אויף בענק אַרום די ווענט. טייל זײַנען געווען געקליידט, אַנדערע — האַלב־נאַקעט, האַריקע בריסטן, קאָלטנוואַטע בערד, צעשויבערטע האָר, הענט, פֿיס און רוקנס, רוקנס, רוקנס. אַלץ האָט גערעדט, געליאַרעמט, געוואָרפֿן ווערטלעך פֿון איין טישל צום אַנדערן.

עפּעס אַן אומבאַקאַנטער, רײַכער מאַן איז אַרײַנגעקומען אין דער אכסניה, האָט זיך צוגעזעצט צו אַ טישל און זיך געהייסן דערלאַנגען אַ מאכל, אומגע־ווײנטלעך פֿאַר דעם פּלאַץ, — אַ קערה מיט צוויי שטיקער שעפּסן־פֿלייש, וואָס דער בעל־אכסניה האָט איצט צוגעגרייט אויף זײַן דרײַפֿוס, אויפֿהויבנדיק דעם רויך און דעם סוואָנד פֿון שטוב. נישט נאָר דאָס טײַערע שעפּסן־פֿלייש, נאָר אַ מאָס קונדיטין־ווײַן האָט דער מאַן זיך געהייסן דערלאַנגען און די באַרימטע איילבירטן פֿון דער שטאָט שפּכני, — און דווקא זאָל מען אים דערלאַנגען שפּכני־איילבירטן און בישני־איילבירטן, וואָס נאָר די רײַכע קאָנען זיך אַזוינס פֿאַרגינען. דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסגערופֿן קנאה בײַ די אַנדערע, געוואָסערט זייערע

מײַלער. ווען דער בעל־הבית פֿון דער אכסניה האָט דערלאַנגט די קערה מיט דעם פֿלייש, האָבן די לײַט פֿון די אַנדערע טישלעך און ווינקלען זיך אויפֿגע־שטעלט, זײַנען צוגעגאַנגען נענטער אײַנצואָטעמען אין זיך דעם ריח און דעם געשמאַק, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון דער קערה.

— אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ טויטן, — האָט אַ הונגעריקער צוקוקער אויסגערופֿן מיט קנאה.

— ווער איז אַ נגיד? דער, וואָס פֿרייט זיך מיט זײַן טייל. בעל־הבית, גיב מיר אַ קערה מיט אַרבעס און אַ פּלעצל, — האָט אַ גליקלעכער אָפּגעענטפֿערט.

— „צי אָפּ אַ נבֿלה אין דער גאַס, אַבי קום נישט אָן צו אַ מענטשן". אַפֿילו אַז ער זאָל מיך בעטן צו דער סעודה דורך אַ שליח, אַפֿילו, אַז ער זאָל מיר שיקן אַ גאָלדענעם קראַנץ אויף צו באַקראַנצן מײַן קאָפּ, זעץ איך זיך נישט אַוועק מיט אים עסן בײַ איין טיש, — האָט אַ שטאָלצער הונגעריקער זיך גע־טרייסט מיט די ווערטער און דערבײַ זיך געווישט דאָס שפּײַעכץ, וואָס די גוטע מאכלים האָבן געוואָסערט אין זײַן מויל. — דאָס פּלעצל, וואָס דער אָרעמאַן פֿאַרדיגנט זיך מיט זײַנע הענט, איז זיסער, ווי געשלאָגענער האָניק, — האָט דער שטאָלצער קבצן אַרויסגעזאָגט באַליידיקט און גענומען זיך קײַען זײַנע טריבע באָב.

— דו, בעל־אכסניה, ברענג מיר נאָך אַ מאָס קונדיטן־ווײַן, דאָס מאָל געמישט מיט האָניק פֿון סיקאָמאָר־פֿײַגן. דער פֿײַגן־האָניק גיט צו דעם ווײַן אַ גוטן גע־שמאַק, — האָט דער מאַן, וואָס האָט זיך געהאַט באַשטעלט די צוויי שטיקער שעפּסן־פֿלייש, פּראָוואָצירט ווײַטער מיט זײַנע אַרויספֿאָדערונגען.

— העי, ברענג מיר אַ געשטאָפּטע הון, פֿאַרווירצט מיט בשמים און סער־ווירט אויף אַ צידונישער שיסל, און אַ קרוג ציפּריס־ווײַן, — האָט ווער אָפּ־געשפּאָסט פֿון דעם רײַכן פֿרעסער.

— „ווער עס מערט אויף זיך פֿלייש, דער מערט ווערעם", — איז אַ סקעלעט־אויסגעטריקנטער אַלטער אַדורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ דעם טישל פֿון דעם פֿלייש־עסער און האָט אים אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס וואָרט אין טעלער אַרײַן.

— לאָז מיך הנאה האָבן פֿון ד ע ר ־ וו ע ל ט וועט מיך נישט אַרן, אַז די ווערעם וועלן פֿון מיר הנאה האָבן אויף יענער וועלט, — האָט זיך דערהערט אַ ברייטער געלעכטער פֿון דעם מאַן, וואָס האָט געגעסן דאָס פֿלייש.

— די מערסטע ממזרים זײַנען קלוגע — האָט אים ווער צוגעוואָרפֿן.

— ווער האָט עס געוואָגט צו וואַרפֿן אַ חשד אויף מײַן מוטער? — האָט דער פֿלייש־עסער זיך צעבייזערט.

— שקלאַפֿן האָבן נישט קיין פֿאָטער און נישט קיין מוטער, — האָט מען אים אָפּגעענטפֿערט.

— בעל־אכסניה, דערלאַנג מיר אַ קרוג טײַטל־ווײַן פֿון יריחו. און שיק מיר נאָך אַ פֿײַפֿל־שפּילער. איך באַדאַרף האָבן מוזיק צו מײַן סעודה! — האָט דער מאַן זיך גערייצט מיט די אָרעמע.

— און שיק אים נאָך די קלאָג־ווײַבער אויך! דער מלאך־המות שטייט נישט ווײַט פֿון זײַן כּוס.

— דער האָט זײַן געלט לײַכט, ער האַנדלט מיט דמאי (תּבֿואות, וועלכע זײַנען אין ספֿק, צי מען האָט פֿון זיי אָפּגעגעבן מעשרות).

— ער איז אַ משרת בײַ די בני־חנן. ער שינדט אָפּ די הויט פֿון די אָרעמע. דורך דעם קומט עס אים אָן אַזוי לײַכט.

— אַ מוכס!

— אַ שומרוני!

— אַ רשע!

— וואָרט, וואָרט, ווען בר־אבא וועט נאָר צונויפֿנעמען זײַנע שאַרן, וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיט אײַך. אַז מען האַקט אָפּ דעם שטאַם, פֿאַלן די צווײַגן ממילא.

— ווער האָט דאָס דערמאָנט דאָס שרעקלעכע וואָרט? מיר קענען נישט קיין בר־אבא! — האָט דער בעל־אכסניה אַרויסגעזאָגט דערשראָקן.

— איך האָב נישט קיין מורא. עס איז שוין סײַ־ווי־סײַ קיין חילוק נישט דורך וועלכן טויט צו פֿאַלן, דורך דער שווערד פֿון הונגער, צי דורך דער שווערד פֿון אדום.

— ברענגט נישט קיין אומגליק אויף מײַן קאָפּ! מיר קענען נישט קיין בר־אבא, מיר האָבן אים קיין מאָל נישט געזען. מיר ווייסן נישט פֿון זײַן געביין, — האָט דער בעל־הבית פֿון דער אכסניה זיך געבעטן.

— געוויס קענען מיר אים. איך האָב נישט קיין מורא. איך געהער צו זײַנע שאַרן. און זאָלן נאָר די גלילער קומען עולה־רגל זײַן אויף פּסח, וועט עס זײַן אַ צווייטער יציאת־מצרים.

— גוטע לײַט, ברענגט נישט קיין אומגליק אויף מײַן קאָפּ! די הינט פֿון די בני־חנן זײַנען אויף אונדזער שפּור, — בעט זיך דער בעל־אכסניה.

— איצט ווייס איך, וואו איך געפֿין זיך. דאָס איז אַ הייל פֿון די בר־אבאס, — האָט געזאָגט דער פֿלייש־עסער און זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן טיש. — מיט מעסער־לײַט זיץ איך נישט. די בר־אבאס וועלן צום קרייץ געשלאָגן ווערן, און איר מיט זיי! — און ער האָט, נישט באַצאָלנדיק, פֿאַרלאָזט פֿלינק די אכסניה.

— לאָזט אים נישט, לאָזט אים נישט! מײַן געלט, מײַן געלט! געפֿרעסן, גע־זויפֿט און נישט באַצאָלט! — איז דער בעל־אכסניה אים נאָכגעלאָפֿן.

— דער שיכּור טראָגט זײַן אויג אין כּוס, דער קרעמער — אין כּיס, — האָבן די לײַט געלאַכט אויס אים.

דער מאַן איז שוין נישט געווען.

אין אָנהויב האָט מען גאָרנישט באַמערקט, ווער עס איז אַרײַנגעקומען, צוליב דער טונקלקייט אין יענעם ווינקל. מען האָט נאָר געהערט אַ שאָרכן, ווי אַ ווינט וואָלט אַדורכגעגאַנגען, ווען דער מאַן האָט זיך באַוויזן אין ראַם פֿון דער טיר. באַלד איז ער אַרויסגעטראָטן. עס האָט געשײַנט זײַן ווײַס קלייד, ווי אַ ליכט אין דער פֿינצטערניש. נאָך אים זײַנען נאָכגעגאַנגען עטלעכע לײַט. איך האָב זיי דערקענט: שמעון, יוחנן, יהודה, און אויך הלל דער וואַסער־טרעגער איז געווען מיט זיי.

איך האָב מײַנע אויגן נישט געגלויבט: דער רבי פֿון גליל זאָל זיך דאָ גע־פֿינען, אויף אַזאַ אָרט, צווישן אַזעלכע לײַט?

אָבער קוים האָט ער זיך נאָר באַוויזן, ווי די לײַט האָבן זיך אײַנגעשטילט. זיי זײַנען קאָנטיק געווען געוואוינט צום רבינס דערשײַנען. איינער פֿון זיי, נאָך

אָנגעשטעקט מיט דער פֿרײלעכער שטימונג, װאָס האָט אַ װײַלע פֿריִער געהערשט אין דעם אָרט, האָט פֿון װינקל אַרױס געלאָזט פֿאַלן דאָס װערטל:

— װאָס טוט אַ כּהן אױף אַ בית־הקבֿרות?

אָבער זײַנע שכנים, װעלכע זײַנען געלעגן לעבן אים, האָבן אים באַלד פֿאַרשטילט מיט אַ שטורכן און אַ שטױסן פֿון הענט און אָרעמס. פֿון דעם און פֿון יענעם װינקל האָבן באַקעטע קעפּ זיך אױפֿגעהױבן פֿון דער פֿינצטערניש אַרױס און נאָכגעקוקט דעם רבינס גאַנג. דער רבי האָט זיך אָװעקגעזעצט. דער בעל־אַכסניה האָט צוגעשאַרט צו אים און צו זײַנע באַגלײטער אַ קלײן טישל און אַרױפֿגעשטעלט דערױף אַן ערדן רױכערדיקן אײל־לעמפּל. צו מײַן גרױסער פֿאַרװאונדערונג, האָט ער אױך דערלאַנגט אַ קירבעס פֿלאַש מיט ערדענע כּוסות. יהודה האָט אַרױסגענומען דאָס געלט־זעקל פֿון זײַן גאַרטל און באַצאָלט דעם בעל־אכסניה. שמעון האָט אָנגעגאָסן דעם כּוס פֿאַר זײַן רבין.

אַ טײל פֿון די לײַט האָבן אים געמוזט קענען פֿון פֿריִער, װאָרעם באַלד האָבן אָנגעהױבן אױס די פֿאַרהױלטע װינקעלעך אַרױסצוקריכן פֿאַרשײדענע ברואים און זיך גערוקט נענטער צום רבינס טיש און אַרומגעזעצט זיך אין אַ קרײַז אַרום אים. עס זײַנען געװען געװײנטלעכע אײזל־ און קעמל־טרײַבער. טײל פֿון זײ האָבן נאָך געהאַלטן זײערע בײַטשן און ריטער אין די הענט. דער רבי האָט זײ אױסגעפֿרעגט אױף דעם שלום פֿון זײערע בני־בית און אױף דעם שלום פֿון זײערע בהמות. ער האָט באַפֿױלן יהודהן, אַז ער זאָל באַשטעלן בײַם בעל־אכסניה מער טײטל־װײַן און מער כּוסות.

איך בין נבֿהל ונשתומם געװאָרן. דאָס האָב איך נאָך קײן מאָל נישט געזען, אַז אַ נאָמן, אַ חבֿר, שױן אָפּגערעדט פֿון אַ רבין, זאָל זיך אַװעקזעצן צװישן פּראָסטע אײזל־ און קעמל־טרײַבער, אַזױ אױך צװישן מוכסים, האַלבע גױים, עמי־הארצים, װעלכע זײַנען אָנגענומען פֿאַר אומרײן; דאָס שפּײַעכץ פֿון זײערע מײַלער, דער אָנריר פֿון זײערע הענט מאַכן דעם װײַן און דאָס ברױט אומרײן. און דאָ טוט ער נישט נאָר רעדן מיט זײ, נאָר ער טרינקט מיט זײ פֿון אײן כּוס, גלײַך װי זײ װאָלטן געװען חבֿרים פֿון אײן חבֿרותא, װעלכע זײַנען אַלע בחזקת כּשרות.

דער רבי האָט גערעדט מיט זײ װעגן זײער טעגלעכן לעבן, װעגן זײערע בהמות. מיט אַ מאָל האָט ער באַמערקט אין דער האַנט פֿון אַן אײזל־טרײַבער אַ שטאָלענע אָל, מיט װעלכע די אײזל־טרײַבער שטעכן זײערע בהמות, װען זײ װערן פֿויל צו לױפֿן; זײ האָבן פֿאַר דעם געמאַכט אַ װאונד אין לײַב פֿון דער בהמה און נישט געלאָזט די װאונד זיך פֿאַרהײלן; װען אַן אײזעלע האָט זיך אונטערגעפֿױלט זיך אױפֿצוהײבן פֿון זײַן הױער־אָרט, אָדער זיך אײַנגעשפּאַרט און נישט געװאָלט גײן, האָט דער אָנטרײַבער געשטאָכן מיט דער אָל אין דער בהמהס װאונד, כּדי איר יסורים אָנצוטאָן, װאָס זאָל זי הײבן פֿון אָרט. דער רבי האָט אַרױסגענומען די אָל פֿון דעם אײזל־טרײַבערס האַנט און אָנגעהױבן רעדן צו זײ װעגן צער־בעלי־חיים: װען זײ פּײַניקן די בהמה אַזױ שרײַט די בהמה צו גאָט, און גאָט ברוך הוא הערט איר קלאָגן און פֿאָדערט דין וחשבון פֿאַר איר פֿון די הענט פֿון איר בעל־הבית, װאָרעם יעדער באַשעפֿעניש איז זײַנס, און װען ער גיט איבער די באַשעפֿעניש צו אַן אַנדער בשׂר־ודם, אַזױ איז דער בשׂר־ודם פֿאַראַנטװאָרטלעך פֿאַר איר; און װי מיר האָבן רחמנות אױף גאָטס באַשעפֿענישן, אַזױ האָט גאָט

רחמנות אויף אונדז. — און נאָך אַזעלכע רייד האָט ער געזאָגט צו זיי, ביז וואַנען עס האָט זיך דערהערט אַ שטימע, אויסכאַרכלענדיק מיט תרעומות פֿון אַ ווינקל אַרויס:

— אַז ער האָט נישט רחמנות אויף דעם בחיר־היצירה, וועט ער רחמנות האָבן אויף דער בהמה? מיר קענען גוט די רייד פֿון די חכמים. אַ טראָפּן האָניק גיבן זיי אונדז אויף זייערע צינגער און אַ יאָך טוען זיי אָן אויף אונדזערע העלדזער מיט זייערע חוקים.

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט אויף דעם, וואָס האָט געוואָגט די ווערטער צו רעדן, און אַ טייל האָבן אויסגערופֿן:

— פֿאַרמאַכט זײַן מויל, וואָס שיט פֿון זיך עקדישן און שלאַנגען!

אָבער דאָס מויל, וואָס האָט געשאָטן עקדישן און שלאַנגען, האָט זיך נישט געלאָזט פֿאַרמאַכן:

— וואו איז ער, אײַער גוטער גאָט? פֿאַרוואָס זעט ער צו, ווי דער רשע טרעט מיט זײַן פֿוס אויפֿן נאַקן פֿון גערעכטן, און ער שווײַגט? — האָט געדונערט פֿון דער פֿינצטערניש אַרויס.

— קומט צו מיר איר אַלע, וואָס איר האָט דערנידעריקטע געמיטער! — האָט דער רבי גערופֿן.

פֿון דער פֿינצטערניש האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ קאָלאָס, אַ שמשון, נישט קיין בלינדער נאָר אַ זעעוודיקער, און ער האָט צוערשט געשיקט פֿאַר זיך זײַן מויל, פֿון וועלכן עס האָט געשלאָגן מיט שוים און גאַווער; אַ טונקעלע, גרויסע מויל־עפֿענונג, וואו עס זײַנען געזעסן האַלב־אויסגעהאַקטע, פֿאַרפֿוילטע שטיקער ציין, ווי די וואָרצלען פֿון אָפּגעהאַקטעביימער. אַ שמשון מיט פֿאַראָפּיעטע, רויטע אויגן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זיך צוגעוואוינען צום ליכט פֿון די לעמפּלעך, און האָבן זיך געזשמורעט, אויפֿצוקנדיק די ברעמען. אַ ברייט־ביינערדיקער, מעכטי־קער שמשון, באַקליידט נאָר מיט אַ צעריסענעם זאַק־העמד, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק פֿון רויער קאַנאַפּאַליע, וואָס האָט מיט אַ פֿאַרהאַנגל פֿון אַ שמוציק שטיק פֿעל פֿאַרשטעלט זײַן שאַנד. ער האָט אויסגעשטרעקט צום רבין זײַנע מעכטיקע הענט און אַרויסגעשנאַפּט אויס זײַן גרויסן מויל אָן ציין — אָפּגעהאַקטע זאַצן:

— אַז עס איז דאָ אַ גערעכטיקייט אין הימל, וויל איך דערמיט צום משפּט גיין ווי איוב!

דער רבי האָט אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט:

— קום צו מיר, פֿאַרצייל מיר, וואָס עס באַדריקט דײַן האַרץ. ווער האָט דיך אַזוי פֿאַרשעמט?

— ווער האָט מיך פֿאַרשעמט? אָט די אַלע לײַט, די כּהנים, די חכמים.

— פֿאַרצייל מיר, וואָס איז געשען מיט דיר?

דער רבי האָט אים געזעצט לעבן זיך. שמעון האָט געשטעלט פֿאַר אים אַ כּוס, און דער מאַן האָט אָנגעהויבן פֿאַרציילן:

— יוסף איז מײַן נאָמען אין ישראל, און איך קום פֿון דער משפּחה אפֿרתים אין ישׂראל. מײַן נחלה האָב איך געהאַט אין יהודה. אַ טייטל־וואַלד האָב איך באַזעסן. מײַן זיידע האָט אים פֿאַרפֿלאַנצט, מײַן פֿאָטער האָט שוין געגאָסן זײַנע

פּרוכטן. צוועלף מעסטלען טייטלען האָב איך אָפּגעגעבן דעם כּהן און די לוויים מעשׂרות: מעשׂר ראשון און מעשׂר שני. פּאה האָב איך איבערגעלאָזט פאַר אָרעמע־לײַט. פּעט זײַנען געווען מײַנע טייטלען. דער זאַפּט האָט זיך געגאָסן פון זיי. אַ ווײַב האָב איך געהאַט, איז זי געווען גלוסטיק אָנצוקוקן. פאַר צוויי הונדערט דינאַרן האָב איך געשריבן אַ כּתובה, אַחוץ, וואָס איך האָב איר פאָטער און איר עלטערן ברודער געלט געגעבן, מיט קליידער באַשאָנקען. אַ נאָמען האָב איך געהאַט אין ישׂראל. איצט האָב איך גאָרנישט מער. דאָס קלייד, וואָס איז אויף מיר, געהער גישט מיר. פאַר אַ קנעכט בין איך פאַרקויפט, אײַנגעשפּאַנט אין יאָך מיט געבונדענע אויגן, ווי אַ בהמה, צו שלעפּן די קיזלשטיינער פון אַן איילמיל. צו דעם האָבן זיי מיך געבראַכט.

— ווער, מײַן זון?

— אַלע. די כּהנים, די חכמים, די מעכטיקע לײַט:

— פאַרצייל מיר, מײַן זון.

— מײַן נחלה האָב איך געהאַט צווישן צוויי רײַכע לײַט, צדוקים, גרויסע מיוחסים. זיי האָבן זיך משדך געווען מיטן הויז פון חנן. זיי האָבן טייטל־וועלדער, וואָס ציִען זיך אויף מײַלן, שפּרייטן זיך אין פּעטן טאָל פון יריחו; ווײַנגערטנער, הײַזער, לוסט־בעדער. אויף מײַן קליינער נחלה האָבן זיי געוואָרפן אַן אויג. זיי האָבן געוואָלט דערנענטערן די גרענעצן איינס צום אַנדערן און מיך אַרויסשטופּן פון מײַן פאָטערס נחלה. זיי האָבן מיר אָנגעבאָטן אַן אחוזה אויף אַן אַנדער אָרט, אין בית־שבע. איך האָב אָבער געוואָלט זיך האַלטן אין מײַן נחלה. פון מײַן פאָטער האָב איך זי געירשנט, צו מײַנע קינדער וועל איך זי איבערגעבן, — האָב איך זיך געזאָגט. זיי האָבן מיר יעדן טאָג די אויפזעער פון כּהן געשיקט. מען האָט געריסן בײַ מיר מעשׂרות, מעשׂר ראשון, מעשׂר שני. מען האָט יעדן טאָג נײַע מסים אויף מיר אַרויפגעלייגט. זיי האָבן דערקלערט מײַנע פּײַגן פאַר דמאי, און איך האָב זיי נישט געקאָנט פאַרקויפן. וואָס אַמאָל מער האָבן זיי מיך געענגט מיט נײַע מעשׂרות. איך האָב זיך געווענדט צו די חכמים. זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגן די רײַכע צדוקים, ווײַל יענע האָבן געהערט צו דער יריחושער אַריסטאָקראַטיע און רעכענען זיך גאָרנישט מיט די רייד פון די חכמים. אין יריחו האָבן זיי זייערע אייגענע חוקים. דער כּהן גדול איז מיט זיי, פון איין משפּחה. האָט מען מיך געדריקט וואָס אַמאָל מער מיר מעשׂרות. איידער מײַנע טייטלען זײַנען פאַרטיק געוואָרן אויפן בוים, זײַנען די כּהנים געקומען באַקוקן. זיי האָבן אָפּגעוואָרט בײַם אָראָפּנעמען, און צוגענומען צענפאַך אַזוי פיל, וואָס עס איז זיי געקומען. און ווען זיי האָבן דאָך געזען, אַז זיי קאָנען גאָרנישט מיט מיר טאָן, האָט דער יינגערער פון זיי, צדוק, געוואָרפן אַן אויג אויף מײַן ווײַב. מײַן גאָרטן און מײַן ווײַב האָט ער געוואָלט ירשנען. ער האָט זי צוגערעדט, אַז זי זאָל מיך אָפּגטן. ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ווען זי וועט קריגן פון מיר אַ גט, וועט ער זי נעמען פאַר זײַן געליבט ווײַב. האָט מײַן ווײַב אָנגעהויבן פאַרלאַנגען פון מיר, אַז איך זאָל איר מתּנות קויפן, איך זאָל איר די כּתובה פאַרטאָפּלען. יעדן טאָג האָט זי פאַרלאַנגט נײַע קליידער, קליידער, געשפּונען פון די טײַערסטע צידונישע וואָלן, געקרעמפּטע אין פאַלדן, געצווירנט מיט געפאַרבטע טראָלדן. זי האָט מיר געוויזן, ווי שיין זי וועט אויסקוקן אין די קליידער און אין דעם צירונג.

טאָמער האָב איך נישט געהאַט דאָס געלט, האָט שוין אונטער דער האַנט זיך צוגערוקט אַ מלווה מיט זײַן גאָלד־בײַטל, וואָס צדוק האָט אים אונטערגעשיקט. באַלד בין איך אַרײַנגעפאַלן אין חובֿות. פֿאַר ביטערקייט האָב איך זיך איבערגע־געבן צום כּוס. די מעשׂרות און די מסים, די בעלי־חובֿות, די מוכסים און די אויפֿזעער פֿון די כּהנים, — אַלץ בײַנאַנד האָט מיר די נחלה צוגענומען. מען האָט מיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון מײַן פֿאָטערס הויז. איך בין געקומען וואָס אַמאָל נידע־ריקער, ביז צו גנבֿה בין איך דערגאַנגען. מײַן ווײַב האָט גענומען די כּתובה און מיך אָפּגעגט. מיך האָט מען פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ קנעכט.

דער רבי האָט אויסגעהערט זײַנע רייד. דערנאָך האָט ער אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף אים און האָט צו אים געזאָגט:

— פֿאַרוואָר, איך זאָג דיר, יוסף: נישט דו ביסט אַ קנעכט, נאָר די, וואָס האָבן דיך פֿאַרקויפֿט. זיי זײַנען פֿאַרקנעכט צו די זינד. און מיט שטריק פֿון זייער קנעכטשאַפֿט וועלן זיי אַראָפּנידערן אין קבֿר אַרײַן. — און ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן האַנט און גערדאָט: — ווי צו אײַך, סופֿרים און פּרושים, איר פֿעלשער! וואָרעם איר גיט מעשׂר פֿון מינט, אַניס און קימעל, אָבער איר פֿאַרלאָזט די שווערע זאַכן פֿון דער תּורה, דאָס געריכט, די באַרמהאַרציקייט, און דעם גלויבן. די זאַכן קערט איר צו טאָן און יענע אויך נישט צו פֿאַרלאָזן. דו, אָבער, מײַן זון, זײַ געטרייסט. דו האָסט אָפּגענומען דײַן מאָס מיט דער פֿולער האַנט.

און דער רבי האָט גערופֿן צו די אַלע אַנדערע לײַט, וועלכע האָבן זיך צו־געהערט צו די רייד פֿון יוסף:

— קומט צו מיר, איר אַלע פֿאַרשטויסענע און פֿאַרטריבענע. געבענטשט זײַנען די אַלע, וואָס האָבן אַ טריבן געמיט, וואָרעם דאָס קעניגרײַך פֿון הימל איז זייערס. געבענטשט זײַנען די, וואָס טרויערן, וואָרעם זיי וועלן געטרייסט ווערן. געבענטשט, געבענטשט זענט איר אַלע, געפּלאָגטע און פֿאַרשעמטע, — גרויס איז אײַער שׂכר אויף יענער וועלט, ווען איר וועט אַהיימקומען פֿון אײַער שווערער אַרבעט דורך דעם טאָג פֿון אײַער לעבן.

איך האָב באַמערקט, אַז דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך אײַנשטילן און זיך שאַרן וואָס אַמאָל נענטער צו אים. יוסף דער עבֿד האָט געפּרוווט דאָס מויל עפֿענען, ער האָט עס אָבער באַלד פֿאַרמאַכט. אונטער די רייד פֿון רבין איז ער זאַנפֿטיק געוואָרן ווי אַ געצוימטע חיה. ער האָט געקוקט צעמישט, פֿאַרוואונדערט אויפֿן רבין, ווי ער וואָלט אין זיך געקעמפֿט קעגן דער צורן, וואָס די זאַנפֿטיקע רייד טוען אָן אויף זײַן רעבעלישן געמיט. נאָר ווי אַ שלאָף־דאָרשטיקער האָט ער ביסלעכווײַז זיך איבערגעגעבן דעם געטראַנק פֿון שלאָף, וואָס איז געקומען אויף אים פֿון רבינס מויל. און אַזוי אויך זײַנען אַלע אַנדערע געוועזן.

אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען זיי שוין אַלע געלעגן, ווי עס ליגן שאָף צו די פֿיס פֿון אַ גוטן שעפֿער. דער רבי האָט זיי אײַנגענומען, פֿאַרשלעפֿערט זיי אין אַ זיסן דרימל. זייערע פּנימער זײַנען געוועזן ווי די פּנימער פֿון קינדער.

דער דיקער בעל־אכסניה האָט פֿאַרגעסן אָנצוגיסן די מאָס ווײַן, וואָס מען האָט געהאַט באַשטעלט בײַ אים, האָט פֿאַרלאָזט זײַן טיש און מיט דער כּלי אין דער האַנט זיך געזעגנט, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און זיך אײַנגעהערט צו דעם משל וועגן דעם מאַן מיט די צוויי זין, וואָס דער רבי האָט פֿאַרציילט:

„אַ מאַן האָט געהאַט צוויי זין. און דער יינגערער פֿון זיי האָט געזאָגט צום פֿאָטער:

— פֿאָטער, גיב מיר דעם חלק פֿון דעם פֿאַרמעגן, וואָס פֿאַלט אויס אויף מיר.

און דער פֿאָטער האָט דעם פֿאַרמעגן געטיילט צווישן די זין.

און נאָך עטלעכע טעג האָט דער יינגערער זון אַלץ צוזאַמענגענומען און איז אַוועקגעפֿאָרן אין אַ ווײַט לאַנד און ער האָט זײַן פֿאַרמעגן אומגעבראַכט אין אַ פֿאַרשווענדעריש לעבן.

ווען ער האָט אַלץ פֿאַרצערט, אַזוי איז געווען אַ שטאַרקער הונגער אין דעם לאַנד. און ער האָט אָנגעהויבן אין דער נויט צו זײַן.

און ער איז געגאַנגען און האָט זיך פֿאַרדונגען צו אַן אײַנוואוינער פֿון לאַנד. און יענער האָט אים געשיקט צו זײַנע פֿעלדער חזירים צו היטן.

און ער האָט געוואָלט זײַן בויך אָנפֿילן מיט די פּלעוועס, וואָס די חזירים האָבן געגעסן, אָבער קיינער האָט אים נישט געגעבן.

און ווען ער איז צו זיך געקומען, אַזוי האָט ער געזאָגט:

— וויפֿל משרתים פֿון מײַן פֿאָטער האָבן ברויט גענוג און איבעריק, און איך קום אום פֿון הונגער. איך וועל אויפֿשטיין, און וועל גיין צו מײַן פֿאָטער, און וועל צו אים זאָגן: ‚פֿאָטער, איך האָב געזינדיקט קעגן דעם הימל און קעגן דיר. און איך בין נישט ווערט דײַן זון צו הייסן. מאַך מיך ווי איינעם פֿון דײַנע משרתים‘.

און ער איז אויפֿגעשטאַנען און ער איז געקומען צו זײַן פֿאָטער. און ער איז געווען נאָך ווײַט פֿון אים, אַזוי האָט אים זײַן פֿאָטער דערזען, און ער האָט רחמנות באַקומען, און ער איז געלאָפֿן און איז אים אויף דעם האַלדז געפֿאַלן, און ער האָט אים געקושט. אָבער דער זון האָט צו אים געזאָגט:

— פֿאָטער, איך האָב געזינדיקט קעגן דעם הימל און קעגן דיר און בין נישט מער ווערט דײַן זון צו הייסן.

און דער פֿאָטער האָט געזאָגט צו זײַנע קנעכט:

— ברענגט אַרויס דאָס בעסטע קלייד און טוט אים אָן. און גיט אים אַ רינג אויף זײַן האַנט און שיך אויף די פֿיס. און ברענגט דאָס פֿעטע קאַלב און שעכט עס. און לאָמיר עסן און לאָמיר זיך פֿרייען. וואָרעם אָט דער זון מײַנער איז געווען טויט, און ער לעבט ווידער; ער איז געווען פֿאַרלוירן און ער איז צוריקגעפֿונען.

און זיי האָבן אָנגעהויבן פֿריילעך צו זײַן.

אָבער זײַן עלטסטער זון איז געווען אין פֿעלד. און ווי ער איז געקומען נאָענט צום הויז, אַזוי האָט ער געהערט זינגען און טאַנצן. און ער האָט גערופֿן איינעם פֿון זײַנע יונגען און ער האָט געפֿרעגט, וואָס דאָס באַדײַט. און ער האָט צו אים געזאָגט:

— דײַן ברודער איז געקומען, און דײַן פֿאָטער האָט געשאָכטן דאָס פֿעטע קאַלב, ווײַל ער האָט אים ווידער געטראָפֿן געזונט.

אַזוי האָט עס אים פֿאַרדראָסן, און ער האָט נישט געוואָלט אַרײַנקומען. און זײַן פֿאָטער איז אַרויסגעקומען און האָט אים געבעטן. אָבער ער האָט געענטפֿערט און האָט צום פֿאָטער געזאָגט:

— זע, איך דין דיר שוין אַזוי פֿיל יאָר, און האָב נאָך קיין מאָל נישט עובֿר געווען דײַן געבאָט, און דו האָסט מיר נאָך קיין מאָל נישט געגעבן קיין ציקעלע,

אַז איך זאָל זיך פֿריילעך מאַכן מיט מײַנע פֿרײַנד. ווען אָבער אָט דער זון דײַנער איז געקומען, וואָס האָט דײַן פֿאַרמעגן אומגעבראַכט מיט זונות, אַזוי האָסטו אים געשאָכטן דאָס פֿעטע קאַלב.

אָבער דער פֿאָטער האָט צו אים געזאָגט:

— מײַן זון, דו ביסט שטענדיק מיט מיר, און אַלץ, וואָס איך האָב איז דײַנס. און דו דאַרפֿסט זיך פֿרייען און פֿריילעך זײַן, ווארעם אָט דער ברודער דײַנער איז געווען טויט און ער לעבט ווידער, ער איז געווען פֿאַרלוירן און ער איז צוריקגעקומען".

— און אַזוי וועט זײַן מיט דיר, יוסף — האָט דער רבי צוגענומען צו זיך דעם פֿאַרביטערטן קנעכט.

יוסף האָט באַגראָבן זײַן פּנים אין זײַנע הענט און האָט זיך צעוויינט.

שפּעטער, ווען דער רבי מיט זײַנע תּלמידים האָבן פֿאַרלאָזט די אַכסניה, בין איך נאָכגעגאַנגען פֿון דער ווײַטנס. אין דרויסן, בײַם אַרײַנגאַנג אין דער פּונדקא, האָבן אים אָפּגעוואַרט אַ געזעמל מענטשן. שכנים פֿון די אָרעמע הײַזער האָבן דערהערט, אַז דער רבי פֿון גליל געפֿינט זיך אין דער אַכסניה מיט די אייזל־טרײַבער, זײַנען זיי אַרויס פֿון זייערע שטובן און האָבן געוואַרט אויף אים, ווארעם דער גלילער רבי איז שוין דענסטמאָל געווען באַקאַנט אין גאַנץ ירושלים, און אומעטום, וואו ער האָט זיך באַוויזן, האָט דאָס אָרעמע פֿאָלק זיך געקליבן אַרום אים; טייל האָבן געגלויבט אין אים, אַז ווען ער וויל, קאָן ער יעדן איינעם באַגליקן מיט דעם בלויזן אָנריר פֿון זײַן האַנט, מיט אַ ברכה פֿון זײַן מויל, — צוליב דעם האָבן די ווײַבער אַרויסגעבראַכט זייערע קינדער אויס די שטובן און געהאַלטן זיי לעבן זיך, די זויגנדיקע — אויף די הענט. און ווען דער רבי האָט זיך באַוויזן, האָבן די מוטערס אים באַלויכטן מיט די הויז־לעמפּלעך, וואָס זיי האָבן אַרויסגע־טראָגן פֿון זייערע הײַזער. זיי האָבן זיך געשטופּט אַרום אים און אים צוגעטראָגן די קינדער, אַז ער זאָל זיי בענטשן. דער רבי האָט געלאָזט רוען זײַנע הענט אויף יעדערן פֿון זיי און זיי געבענטשט מיט דער ייִדישער ברכה: ער זאָל די זכיה האָבן אויסצוואַקסן לתּורה, לחופּה ולמעשׂים טובֿים.

אָבער איינער איז דאָרט געווען אין דער מענגע — פֿון די תּלמידי־חכמים. און ווען ער האָט געזען דעם רבין אַרויסגיין פֿון דער פּונדקא, האָט ער זיך גע־וואונדערט און געפֿרעגט דעם רבין:

— רבי אין ישׂראל, האָט נישט דוד המלך געזאָגט: „אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים ובדרך חטאים לא עמד ובמושב לצים לא ישב?"

דער רבי האָט אים געענטפֿערט, — נישט אים, נאָר די לײַט, וועלכע זײַנען אַרויסגעקומען צו אים מיט די קינדער, אַז ער זאָל זיי בענטשן:

— וועלכער מענטש, בײַ וועמען עס גייט פֿאַרלוירן איין שעפּעלע, לאָזט נישט איבער נײַן און נײַנציק אין מדבר, און גייט נאָך דעם פֿאַרלוירענעם ביז וואַנען ער געפֿינט עס. אַזוי זאָג איך אײַך: אַזוי וועט אויך זײַן אַ שׂמחה אין הימל איבער איין חוטא, וואָס טוט תּשובֿה, מער ווי איבער נײַן און נײַנציק צדיקים, וואָס באַ־דאַרפֿן נישט קיין תּשובֿה.

*

ווען איך בין שפּעטער אַהיימגעקומען צו מײַן רבין נקדימון, האָב איך אים פֿאַרציילט וואָס איך האָב געזען און געהערט דעם טאָג אין דער פונדקא פֿון דעם רבין פֿון גליל. ווען איך האָב אים נאָכגעזאָגט די ווערטער פֿון דעם רבין פֿון גליל וועגן דעם, אַז דער מענטש, ווען עס גייט בײַ אים פֿאַרלוירן איין שעפּעלע, לאָזט ער איבער נײַן און נײַנציק אין מדבר און גייט נאָך דעם פֿאַרלוירענעם, ביז וואַנען ער געפֿינט עס, האָט מײַן רבי מיך איבערגעפֿרעגט מיט וואונדער:

— האָט ער אַזוי געזאָגט, אַז מען פֿאַרלאָזט נײַן און נײַנציק און מען גייט זוכן דאָס איינע?

— יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט. און ער האָט צוגעגעבן: „איך זאָג אײַך, אַזוי וועט אויך זײַן אַ שׂמחה איבער איין חוטא, וואָס טוט תּשובֿה, מער ווי איבער נײַן און נײַנציק צדיקים, וואָס באַדאַרפֿן נישט קיין תּשובֿה".

מײַן רבי האָט זיך לאַנג פֿאַרטראַכט. איך האָב געזען זײַן פּנים, ווי עס איז ערנסט געוואָרן. איך האָב אים זעלטן אַזוי געזען. זײַן הויכער, גרויסער שטערן האָט זיך געקנייטשט און ער האָט געהאַלטן אין איין איבערפֿירן מיט זײַן דלאָניע איבער זײַן קורצער, געדיכטער באָרד. און ער האָט געזאָגט צו אונדז:

— אויך אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: ווער עס פֿאַרלירט איין נפֿש, איז ווי ער וואָלט פֿאַרלוירן די גאַנצע וועלט. און ווער עס ריכט אויף איין נפֿש, איז ווי ער וואָלט אויפֿגעריכט די גאַנצע וועלט. און נאָך האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: „אדם אחד שקול כנגד כל מעשי בראשית". יאָ, דער מענטש, וואָס איז געבוירן בצלם אלהים, איז אין יחידות ווי דער רבונו־של־עולם, זײַן באַשעפֿער. גאָט גייט אין סוד אַרײַן מיט יעדן יחיד באַזונדער — דורך דער נשמה, וואָס ער האָט אַרײַנגעגעבן אין יעדן יחיד. דאָס מיינט דער פּסוק: „ועיניך פקוחות על כל דרכי אדם". — אדם איז ביחידות דורך השגחה פּרטית.

צו יעדן איינעם פֿון די תּלמידים איז צוגעטיילט געוואָרן דער כּבֿוד משמש צו זײַן איין טאָג דעם רבין. דענסטמאָל איז עס מײַן טאָג געווען, ווען איך האָב משמש געווען מײַן רבין. איך האָב געוואַשן מײַנע הענט און פֿיס און געאיילט מײַן לײַב. איך האָב זיך איבערגעטאָן אין אַ נײַ־געוואַשן העמדל, וואָס מײַן מוטער האָט מיר געשיקט פֿון דער היים, האָב זיך אַרומגעהילט אין דעם סדין, וואָס איך האָב געהאַט אָנגעגרייט אין מײַן קאַסטן פֿאַר יום־טובֿ, וואָרעם עס האָט זיך נישט גע־פּאַסט משמש צו זײַן דעם רבין אין די קליידער, וואָס מען האָט געטראָגן אַ גאַנצן טאָג. איך האָב געגרייט פֿאַרן רבין דעם טיש און האָב אַרויסדערלאַנגט פֿאַר אים דאָס געקעכץ פֿון אַרבעס, וואָס אַלכּסנדר און רופֿוס האָבן אָפּגעקאָכט פֿאַר אים. און איך האָב זיך פֿאַר אים געשטעלט אים משמש צו זײַן. און עס איז געווען, ווען איך האָב אָנגעגאָסן פֿאַר מײַן רבין דעם כּוס, האָב איך געוואָגט זיך אָנצורופֿן:

— לערן מיך, רבי! די ווערטער, וואָס איך האָב געהערט הײַנט פֿון מײַן רבין, זײַנען די זעלבע, וואָס איך האָב געהערט פֿון דעם רבין פֿון גליל. זיי זײַנען נאָר אַ פּירוש איינע אויף די אַנדערע. און אַזוי איז אויך מיט אַנדערע רייד סײַ אין דער הלכה, סײַ אין דער אגדה, וואָס איך האָב געהערט פֿון מויל פֿון מײַן רבין, וואָס פֿון זײַן קוואַל האָט מיך גאָט מזכּה געווען צו טרינקען, אַזוי אויך פֿון די אַנדערע תּלמידי חכמים. זיי קומען זיך אַלע צונויף מיט די רייד, וואָס עס לערנט דער רבי פֿון

גליל. איינס איז ממלא דאָס צוויטע. וואָס איז, ווידער, די מחלוקה, וואָס איז צווישן די תּלמידי־חכמים און דעם רבין פֿון גליל? פֿאַרוואָס איז עס, וואָס יע־דעס מאָל, ווען דער רבי פֿון גליל קומט זיך צונויף מיט די תּלמידי־חכמים, פֿירן זיי איינס קעגן אַנדערן האַרטע רייד, וואָס זײַנען שווער פֿאַרן אויער צו פֿאַרנעמען?

— ביידע, מײַן זון, סײַ די רייד פֿון די חכמים, סײַ די רייד פֿון דעם רבין פֿון גליל זײַנען די רייד פֿון דעם לעבעדיקן גאָט. נאָר די וועגן פֿון די תּלמידי־חכמים זײַנען אַנדערש, און די וועגן פֿון דעם רבין פֿון גליל זײַנען אויך אַנדערע. די וועגן פֿון די תּלמידי חכמים קענען מיר, מיר האָבן זיי בקבלה פֿון אונדזערע עלטערן. די וועגן, וואָס עס גייט אויף זיי דער רבי פֿון גליל, זײַנען פֿאַר אונדז נײַע און אומבאַקאַנטע. נאָר וויסן זאָלסטו, מײַן זון: יעדע מחלוקה, וואָס קומט אַרויס פֿון הימלס וועגן, מוז סוף־כּל־סוף זיך אויסגלײַכן.

נאָך אָט די ווערטער האָט דער רבי אויפֿגעהויבן די הענט צום הימל און געזאָגט אַ קורצע תּפֿילה:

„רבונו־של־עולם, עס איז באַוואוסט פֿאַר דיר, אַז נישט פֿון אונדזער כּבֿוד וועגן און נישט וועגן דעם כּבֿוד פֿון אונדזער פֿאָטערס הויז פֿירן מיר די מחלוקות, נאָר פֿאַר דײַן ליבן נאָמען, כּדי צו טאָן דאָס גוטע אין דײַנע אויגן. דערנענען דע־ריבער אונדזערע הערצער צו דיר, וואָרעם נאָר אין דיר אַליין קאָן מען געפֿינען דעם שלום. — זע, מיר האָבן געלייגט אַלע האָפֿענונגען אויף דיר. אַלץ, וואָס מיר האָבן, האָבן מיר עס פֿון דיר. — עס איז נישטאָ גאָרנישט אָן דיר, פֿאָטער אין הימל!"

# 11

קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו דער רבי פֿון גליל האַלט זיך אויף. פּלוצ־לינג האָט ער זיך באַוויזן אין די בתּי־כּנסת, אויפֿן מאַרק, אָדער אין בית־מקדש־הויף, אַמאָל באַגלייט פֿון אַ טייל פֿון זײַנע תּלמידים, אָפֿט מאָל אַרומגערינגלט מיט אַ כאַליאַסטרע אָרעמעלײַט. נאָר פּלוצלינג איז ער פֿאַרשוואונדן, טייל מאָל אויף טעג, אויף וואָכן. מען האָט אים נישט געזען. זײַנע תּלמידים זײַנען געווען צעשפּרייט צווישן די אָרעמע פֿון די אָרעמסטע אין דעם אונטערשטן טייל פֿון שטאָט, צווישן די באַוואוינער פֿון נחל קדרון. די הײַזלעך דאָרטן זײַנען ענלעך געווען צו די לעבעדיקע קבֿרים: זיי זײַנען באַשטאַנען פֿון קאַלך־ליימען, געבאַקן אויף דער זון, די ווענטלעך אין דער ערד, באַקלעפּט פֿון מיסט מיט ריטער. זיי האָבן באַדעקט דעם גאַנצן אָפּהאַנג פֿון נחל־קדרון. עס איז זייער שווער געווען זיך אויסצוגעפֿינען דאָרט, צווישן די געדרייטע, ענגע קאָרידאָר־געסלעך; מען האָט זיך פֿאַרלוירן דאָרט ווי אין אַ לאַבירינט. וויפֿל מאָל מיר זײַנען נישט נאָכגעגאַנגען איינעם פֿון זײַנע תּלמידים, האָבן מיר אים פֿאַרלוירן פֿון די אויגן. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געוווען אויסגעהיט פֿאַר וועמען, זײַנען זיי נישט געגאַנגען צוזאַמען, נאָר באַזונדער, כּדי מען זאָל נישט קומען אויף זייער שפּור.

אין מאָל איז עס אונדז דאָך געלונגען נאָכצוגיין דעם רבין פֿון גליל און אייניקע תּלמידים זײַנע, ווען זיי האָבן פֿאַרלאָזט דעם בית־מקדש־הויף. מיר זײַנען זיי נאָכגעלאָפֿן און באַמיט זיך נישט צו פֿאַרלירן זיי פֿון אויג אין דעם געדרענג פֿון די מאַסן אין דעם אונטערשטן טייל שטאָט. זיי האָבן זיך געאײַלט, געשטעלט זייער שנעלע טריט, דער רבי פֿאַראויס מיט שמעונען, די בני־זבֿדי, יוחנן און יעקבֿ הינטער אים. איינער מיט אַ מעכטיקן קאָפּ, מיט שטייענדיקע, צעשוי־בערטע, שוואַרצע האָר, ווי אַ וואַלד אויף אַ באַרג, וועלכער האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע ברייטע פּלייצעס; דער צווייטער — אַ דיגינקער, אָבער אויך אַ הויכער, מיט אַ בלייך אויסגעאיידלט פּנים. ווי מיר זײַנען געוואָר געוואָרן שפּעטער, זײַנען דאָס געווען זײַנע באַליבטע דרײַ תּלמידים, וואָס ער האָט זיך פֿון זיי קיין מאָל נישט געשיידט. זיי האָבן אים תּמיד באַגלייט. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט דער שאַרף־אָפּגעהאַקטער וואַנט, וועלכע איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הר־הבית שטײַל אין טאָל אַרונטער; זיי האָבן פֿאַרלאָזט די מויער, זײַנען אַדורך דעם מיסט־טויער און האָבן געאײַלט אַרויף צום הר־הזתים.

מיר האָבן געפּרוּווט אָנצוהאַלטן אונדזערע טריט מיט זייערע. עס איז אונדז שווער אָנגעקומען, ווײַל זיי האָבן פּשוט געשלונגען דעם וועג מיט זייערע פֿעסטע טריט. מיר זײַנען אַדורכגעגאַנגען די אַרעמקייט, וואָס האָט זיך אַרויפֿגעצויגן פֿון נחל־קדרון צום הר־הזתים אַרויף. דער גאַנצער משופּעדיקער באַרג, כאָטש ער איז שוין געלעגן אויף יענער זײַט טויער, איז נאָך אַלץ געווען באַשאָטן מיט אַרעמקייט; פֿול מיט קליינע ווערקשטעלן פֿון לעדער־וואַלקערס, פֿאַרבער, וועבער. אַ ביסל אַרויף אויף דעם באַרג האָבן אָנגעהויבן זיך באַווײַזן גערטענדלעך מיט גרינוואַרג, איינצלנע הײַזער, אַרומגערינגלט מיט וועלדלעך פֿון ציפּרעסן. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען די געוועלבער פֿון די בני־חנן. דאָס זײַנען געווען די שפּײַכלערס, די קאַמערן און די מאַגאַזינען, וואו דאָס מעכטיקע כהן־גדולשע הויז האָט געהאַלטן די פּראָדוקטן צו פֿאַרקויפֿן צו אַרעמעלײַט. ענדלעך זײַנען מיר אָנגעקומען צום אָרט, וואָס האָט געהייסן בית־פּגה, — עס איז געלעגן ווײַט אַרויס פֿון די מויערן פֿון ירושלים, דאָך האָט ביז צו דעם אָרט געגאָלטן דער קרײַז פֿון ירושלים. מען פֿלעגט אין ירושלים זאָגן אַ ווערטל: „דו ווּעסט מיך געפֿינען ביז צו בית־פּגה", דאָס הייסט, אין גאַנץ ירושלים. פֿון די מויערן פֿון בית־פּגה, דאָס הייסט, מחוץ דעם דאָרף, — האָט שוין געגאָלטן „אויסער דער שטאָט". צום אָנדענק פֿון דעם נאָמען פֿון אָרט האָבן אַ פּאָר אָרעמע פֿײַגנביימער געפֿירט דאָרט אַן אומגליקלעך לעבן. דער הייסער ווינט, וואָס בלאָזט פֿון מדבר יהודה, מאַכט רייף די פֿרוכט פֿאַר דער צײַט און וואַרפֿט זי גרינערהייט אַראָפּ פֿון בוים. צוליב דעם הייסט טאַקע דאָס אָרט — „דאָס אָרט פֿון די אומרייפֿע פֿײַגן". איצט, אין ווינטער, האָבן טויטע פֿײַגן־צווײַגן זיך געשלענגלט אַרויס פֿון די ביימער, אויס־געשטרעקט זייערע נאַקעטע צווײַגן־הענט צום וועג אַרויס, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן רחמים...

אין דעם דאָרף האָט זיך געפֿונען אַ הויז, וואָס האָט זיך גערופֿן בית עינה, דאָס הויז פֿון עינה. דאָרט האָט געוואוינט אַן אַלטער מאַן מיטן מאָדנעם נאָמען שמעון דער קרעציקער. ער האָט זיך אַזוי גערופֿן נישט ווײַל ער איז געווען קרעציק, — אין אַזאַ פֿאַל וואָלט ער נישט געקאָנט זיך אויפֿהאַלטן אין אַ ישובֿ, — נאָר

ווײַל ער האָט געהאַט אַ טבֿע צו זאַמלען אַרום זיך מענטשן־אַפּפֿאַל. עס איז קיינער נישט געווען צו נידעריק, אַז דער אַלטער שמעון זאָל אים נישט אַרײַנגע־מען אין זײַן הויז, נישט אָנערקענען פֿאַר אַ ברודער און נישט טיילן מיט אים זײַן טיש, אַפֿילו זײַן בעט. ער פֿלעגט ליגן צוזאַמען מיט מצורעים אויף איין געלעגער און זיך נישט מיאוסן צו טונקען זײַן ברויט מיט קראַנקע און פֿאַרפֿוילטע מענטשן פֿון איין שיסל. — „מיר וועלן אַלע צוזאַמען טיילן איין בעט, — די ערד. איז פֿאַרוואָס זאָל איך זיך מיאוסן פֿון עמעצן", — פֿלעגט ער זאָגן. אַנדערע האָבן אים דערפֿאַר גערופֿן שמעון דער צנוע, שמעון דער פֿרומער, נאָר אַנשטאָט „צנוע" האָבן זיי פֿאַרגרײַזט דאָס וואָרט אויף „צרוע". בײַ אָט דעם שמעון מצורע האָט זיך עס דער רבי פֿון גליל אויפֿגעהאַלטן.

אין הויף פֿון שמעון דעם מצורע האָבן מיר טאַקע אָנגעטראָפֿן קופּעס אָרעמע, קראַנקע מענטשן. מיר זײַנען דאָך געוואוינט געווען אין ירושלים צו אָרעמקייט, נאָר אַזעלכעס האָבן מיר נאָך נישט געזען. עס האָט אויסגעזען, ווי דער בעקן פֿון אָרעמקייט, דער טאָל קדרון, האָט אויסגעשפּיגן זײַנע בלאָטעס, וואָס ער האַלט אין זיך, און האָט זיי אַרויסגעשיקט אַהער, אין הויף פֿון שמעון מצורע. עס זײַנען געווען צווישן זיי האַלב־מענטשן, מענטשן מיט פֿאַרפֿוילטע אבֿרים, מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט מער געהאַט, וואָס גאָרנישט האָט געהערט צו זיי, אַפֿילו זייערע גופֿים האָבן נישט מער געהערט צו זיי, נאָר צו זייערע קראַנקהייטן.

שוין אויפֿן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפֿן גרופּעס אָרעמעלײַט, קאַליקעס, וועלכע האָבן געשטיצט איינס דאָס אַנדערע: בלינדע, געפֿירט פֿון הינקענדיקע, געלענט איינס אויפֿן אַנדערן, זײַנען גאַנצע פּראָצעסיעס געגאַנגען אויפֿן באַרג. דאָ האָבן מיר זיי געטראָפֿן, זיצנדיק אַרום אין קופּעס, אין דעם צעגייענדיקן, פֿײַכטן טוי־געפֿריר, וואָס האָט באַדעקט דעם הויף. מען האָט באַדאַרפֿט זען די פֿרייד, וואָס האָט געשפּילט אויף זייערע פּנימער, די אויסגעשטרעקטע הענט, די אויסרופֿן, דאָס געלאַף, וואָס איז געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען אָנקומען דעם רבין אין זײַן ווײַסן קלייד, באַגלייט פֿון זײַנע תּלמידים. זיי האָבן אַלע זיך געדריקט אַרום אים. ער האָט זיי באַרירט מיט זײַנע הענט, צוגעדריקט אַרום זיך, און אַזוי צוזאַמען, אײַנגעקנאָטן ווי אין איין קנויל, האָט ער זיי אַלע אַרײַנגעבראַכט אין אַ קליינעם, נידעריקן חדר פֿון שמעון דעם מצורע. באַלד איז דאָס חדר איבערגעפֿילט געוואָרן. די אָרעמקייט האָט זיך אויסגעגאָסן ווי ווײַן פֿון אַ כּוס, און אַריבערגעשוימט אויפֿן הויף אַרויס. אין הויף האָט איצט אָנגעהויבן בלאָזן אַ ווינט. עס איז געווען געווען קאַלט אין דעם ווינטער־פֿאַרנאַכט, נאָר קיינער פֿון זיי האָט נישט געציטערט פֿון קעלט, קיינער פֿון זיי האָט אַפֿילו נישט געפּרוּווט פֿאַרדעקן זײַן אויסגע־בלייזט לײַב מיט די שמאַטעס, וואָס זײַנען נאָכגעהאָנגען אויף אים. וואָרעם זיי זײַנען אַלע אָנגעוואַרעמט געוואָרן פֿון אַן אינעווייניק ליכט, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אין זיי, ווען זיי זײַנען געקומען אין באַרירונג מיט דעם מאַן.

מיר האָבן דאָך שוין געהאַט געהערט אין ירושלים פֿון די נסים און נפֿלאות, וואָס דער מאַן האָט געטאָן אין גליל: ווי ער האָט געהיילט קראַנקע מיטן בלויזן אָנריר פֿון דער האַנט; ווי ער האָט אַ נוטה למות אויפֿגעהויבן מיט אַ באַפֿעל פֿון זײַן מויל; ווי ער האָט געשפּײַזט הונדערטער הונגעריקע און אַרויסגעטריבן רוחות פֿון באַזעסענע. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז מיר וועלן זײַן עדות פֿון אַ גרויס

וואונדער, אַז אָט באַלד וועט ער אַלע קראַנקע געזונט מאַכן. מיט איין וואָרט, — האָבן מיר געגלויבט, — וועט ער אַראָפּכאַפּן פֿון הימל קערב מיט ברויט און וועט אַלעמען אָנזעטיקן. אָבער קיין זאַך האָט ער איצט נישט באַוויזן. אַזוי ווי די אָרעמעלײַט וואָלטן אויך גאָרנישט געווען דערוואַרט פֿון אים קיין פֿיזישע הילף, נאָר עפּעס גאַנץ אַנדערס, זײַנען זיי אַלע אײַנגעשטילט געוואָרן, ווען ער איז געקומען צווישן זיי.

באַלד האָט זיך דערהערט זײַן שטימע. און דאָס מאָל איז זײַן קול גאַנץ אַנדערש געווען, ווי איך בין עס געוואוינט געווען צו הערן אין בית־מקדש־הויף אָדער אין ברייטן מאַרק, ווען ער האָט געשטראָפֿט די געלערנטע אָדער גערעדט קעגן די רײַכע און די כּהנים. דאָס מאָל איז זײַן קול געווען זיס ווי מוזיק, ווי ער וואָלט מיט אַ טרויעריק־טיפֿן ניגון געזונגען, האָט ער אַרומגענומען די נאָענטסטע אָרעמע מענטשן: אַן אַלטן בלינדן, וועלכער האָט מיט די פֿינגער זיך אָנגעכאַפּט אין זײַן קלייד און עס נישט אָפּגעלאָזט; אַ געשלאָגענעם מיט מכּות, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע שמאַטעס, וועלכע האָבן געקלעפּט צו זײַן לײַב אַזוי, אַז ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געשלאָגן געווען מיט צרעת. דער רבי האָט אים געדריקט צו זײַן ברוסט. ער האָט באַרירט מיט זײַן באָרד יענעמס באַקעטן קאָפּ. און שאָקלענדיק זיך, האָט ער אָנגעהויבן זיי צו טרייסטן:

— איך זאָג אײַך, בעט און עס וועט אײַך געגעבן ווערן, זוכט און איר וועט געפֿינען; קלאַפּט אָן און עס וועט אײַך אויפֿגעמאַכט ווערן. וואָרעם איטלעכער, וואָס בעט, דער קריגט; דער, וואָס זוכט, געפֿינט; דעם, וואָס קלאַפּט אָן, וועט אויפֿגעמאַכט ווערן. ווער פֿון צווישן אײַך, ווען זײַן זון וועט בעטן בײַ אים ברויט, וועט ער אים געבן אַ שטיין? ווען ער וועט בעטן בײַ אים פֿיש, וועט ער אים געבן אַ שלאַנג?

— איז טאַקע דאָ ווער, וואָס הערט אונדזער געוויין? איז דאָ ווער, וואָס זעט צו אונדזערע יסורים? איז דאָ ווער, וואָס צו זײַנע אויערן דערגייען אונדזערע קרעכצן? רבי! רבי! — האָט גערופֿן אַן אַלטער בלינדער מאַן. אין שמאַטעס באַקליידט, אַ האַלב־נאַקעטער, איז ער צוגעקראָכן, טאַפּנדיק מיט די הענט זײַן וועג צו אים.

— יאָ, מײַן זון, גלויב און דו וועסט געהערט ווערן.

— פֿאַרוואָס אָבער די יסורים, דער פּײַן? לערן אונדז, רבי, וואָס איז דער טעם פֿון די יסורים, וואָס גאָט שיקט אויף די מענטשן? — האָט געפֿרעגט אַן אַנדער מאַן, וואָס זײַן פּנים איז געווען ווי געגאָסן אויס אײַזן, אָן איין האָר, און שוואַרץ, ווי דאָס פֿלייש אונטער זײַן הויט וואָלט פֿאַרברענט געווען.

— יסורים, מײַן זון, דאָס איז דער קוואַל פֿון ליבע. יסורים — דאָס איז דער גרויסער חסד, וואָס דער פֿאָטער אין הימל האָט געטאָן. וואָרעם יסורים ברענגען דעם מענטשן צו האָבן אַן אונטערטעניק האַרץ. דער, וואָס לײַדט נישט, מיינט, אַז ער שטייט אויף אַ פֿעלדזן־שטיין, וואָס ער אַליין האָט זיך אויפֿגעשטעלט. ער זעט נישט זײַן חבֿר, נאָר זיך אַליין. ער גלויבט אין קיינעם נישט נאָר אין זײַנע אייגענע כּוחות. זײַן האַרץ ווערט אַ זומפּ, וואָס עס ווימלען אין אים ווערעם: גאווה, עקשנות, אייגנליבע. און ווען דאָס פּוס־בענקל ווערט פֿון זײַנע פֿיס צוגענומען, זינקט ער מיט די ווערעם אין זײַן האַרץ אין שאול תחתיה אַרײַן. אָבער דעם,

וואָס גאָט באַשענקט מיט יסורים, באַשענקט ער מיט זײַן ליבע. די יסורים זײַנען די שטריק, וואָס האַלטן אונדז געבונדן אין דעם פֿאָטער אין הימל. ער באַדריקט אײַך, כּדי איר זאָלט גרויס זײַן אין הימל.

דער רבי האָט אויפֿגעהויבן זײַנע הענט, ווי ער וואָלט זיי געהאַלטן איבער די קעפּ פֿון די געשלאָגענע, וועלכע זײַנען געלעגן אויסגעגאָסן ווי אַ טײַך פֿון אייטער און בלאָטערס צו זײַנע פֿיס, און ער האָט צו זיי אויסגערופֿן:

— וואויל איז אײַך, געשלאָגענע, וואָס איר קומט אָפּ פֿאַר אײַערע זינד אויף דער וועלט. ווי ליכטיק וועט אָבער דערפֿאַר זײַן אײַער טייל אויף דער צווייטער וועלט, אין אייביקן לעבן. אַ קלאָג איז צו די רײַכע, וואָס נעמען אָפּ זייער ביסל שׂכר אויף דער וועלט. ווי פֿינצטער עס וועט זײַן זייער טייל אויף דער צווייטער וועלט! צו וואָס איז די זאַך געגליכן? עס איז געווען אַגומלט אַ רײַכער מאַן, וואָס האָט זיך געקליידט אין פּורפּור און אין פֿײַנעם לײַוונט און האָט יעדן טאָג שׂמחות גע־מאַכט. און עס איז געווען אַן אָרעמאַן, וואָס האָט געהייסן אליעזר, איז ער געלעגן בײַם טויער פֿון רײַכנס הויז, פֿול באַדעקט מיט בלאָטערס. און ער האָט געוואָלט זיך זעטיקן נישט מער ווי מיט די קרישקעלעך, וואָס פֿאַלן אַרונטער פֿון דעם רײַכן מאַנס טיש, אָבער נאָר די הינט פֿון רײַכן מאַן זײַנען געקומען און האָבן באַלעקט זײַנע בלאָטערס. און עס איז געווען, ווען דער אָרעמאַן איז געשטאָרבן, אַזוי האָבן אים די מלאכים געטראָגן אין אַבֿרהם אָבֿינוס שויס אַרײַן. דער רײַכער איז אויך געשטאָרבן און מען האָט אים באַגראָבן. און עס איז געווען, ווען ער האָט זיך געפֿונען אין גיהנום, אין זײַנע יסורים, האָט ער אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן און געזען אַבֿרהמען פֿון דער ווײַטנס און אליעזרן אין זײַן שויס. האָט ער געשריגן און געזאָגט: „מײַן פֿאָטער אַבֿרהם, דערבאַרעם זיך איבער מיר. שיק אליעזרן, ער זאָל אײַנטונקען דעם שפּיץ פֿון זײַן פֿינגער אין וואַסער, און ער זאָל דערמיט מײַן צונג קילן, וואָרעם איך ווער פֿאַרלענדט אין דעם דאָזיקן פֿלאַם". אָבער אַבֿרהם האָט געזאָגט: „געדענק מײַן זון, דו האָסט דײַן גוטס אָפּגענומען בײַ דײַן לעבן, און אליעזר האָט אָפּגענומען זײַן שלעכטס. איצט ווערט ער געטרייסט, און דו האָסט יסורים. אַחוץ דעם, איז אַ טיפֿער טאָל געזעצט צווישן אונדז און אײַך. די, וואָס ווילן פֿון דאַנען צו אײַך אַריבערגיין, קאָנען נישט; און די, וואָס געפֿינען זיך אויף יענער זײַט קאָנען צו אונדז נישט אַריבערקומען". האָט דער רײַכער געזאָגט: „אויב אַזוי, שיק אליעזרן צו מײַן פֿאָטערס הויז, וואָרעם איך האָב פֿינף ברידער, און זאָל ער זיי צוואוויסן טאָן, אַז זיי זאָלן אויך נישט אַרײַנפֿאַלן אין דעם טרויעריקן אָרט". האָט אַבֿרהם אָפּגעענטפֿערט: „זיי האָבן תּורת־משה און די נבֿיאים, זאָלן זיי צו זיי זיך צוהערן. אַז זיי האָבן נישט צו משהן און צו די נבֿיאים זיך צוגעהערט, וועלן זיי אויך נישט גלויבן אין איינעם, וואָס איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טויט".

מען האָט באַדאַרפֿט זען די פּנימער פֿון די לײַט, ווי זיי זײַנען עס צעמישט געווען. אונטער דעם כּישוף פֿון זײַנע רייד האָבן זיי זיך איצט פֿאַרוואַנדלט אין פּרינצן. אַ ליכט איז אויפֿגעגאַנגען אין זייערע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זייערע צעבראָכענע גלידער זײַנען גאַנץ געוואָרן, די קרומע האָבן זיך אויס־געגלײַכט, די בלינדע האָבן אָנגעהויבן זען, — אַזוי האָבן געלויכטן זייערע פּני־מער. ווי די מענטשן וואָלטן מיט אַ מאָל באַוואוסט געוואָרן, אַז זיי זײַנען נישט

אָרעם, נאָר זיי פֿאַרמאָגן עפּעס אַזעלכעס, וואָס קיין עשירות קאָן זיך דערמיט נישט פֿאַרגלײַכן, זײַנען זיי פֿריילעך געוואָרן און גליקלעך אונטער דעם כּישוף.

— רבי, רבי, אויך מיך וועט דער מלאך פֿון הימל זעצן אין אַבֿרהם אָבֿינוס שויס? — האָט זיך אָנגערופֿן אַ שטים פֿון אַ קליינעם קאַליקע, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן פֿון דער שטוב.

— פֿאַרוואָס דען נישט, מײַן זון? ביסטו דען נישט קיין קינד בײַ גאָט?

— איך האָב נישט קיין מצוות, קיין מעשׂים־טובֿים, איך קען נישט לערנען, איך בין גאָרנישט!

דער רבי האָט אַלעמען איבערגעלאָזט, האָט אַדורכגעשאַרט זיך זײַן וועג דורך די מחנות אָרעמעלײַט צו דער טיר צו, וואו עס איז געשטאַנען אַ קליינער קאַליקע אויף געקרימטע פֿיס, מיט אַ קליינעם גוף, דערפֿאַר אָבער מיט אַ גרויסן וואַסערדיקן קאָפּ.

— דו ביסט רײַכער פֿון די רײַכסטע. עס וועלן דיך מקנא זײַן אויף יענער וועלט די, וואָס גייען אַרום מיט פֿולע בײַכער מיט תּורה, וואָרעם נישט די האָבן, וואָס מיינען, אַז זיי האָבן, נאָר די, וואָס גלויבן, אַז זיי האָבן גאָרנישט. די פֿאַרלוירענע זײַנען די געפֿונענע.

און אַ פֿרוי איז צוגעקומען צו אים און האָט זיך געדריקט פֿון דער וויטנס, נישט געוואָגט צו דערנענטערן זיך, און פֿון אונטער איר שלייער, וואָס האָט געהאַט באַדעקט איר פּנים האָט זי געפֿרעגט:

— און אויך מיך וועט אַ מלאך אַרײַנזעצן אין אַבֿרהמס שויס?

— אויך דיך, מײַן טאָכטער.

די פֿרוי האָט זיך צעוויינט.

— איך בין אַ זינדיקער מענטש, — האָט זי געזאָגט.

און דער רבי האָט איר אָפּגעענטפֿערט:

— וואויל איז דיר, מײַן טאָכטער, וואָס דו ווייסט, אַז דו ביסט זינדיק.

און דער רבי האָט אויפֿגעהויבן זײַן שטים און האָט גערעדט צו זיי:

— דוד המלך האָט געזאָגט: „קרוב ה׳ לנשברי לב״. וואויל אײַך, איר צעבראָכענע הערצער, גאָט איז צווישן אײַך. עס איז דאָ אַ שׂכר פֿאַר אײַער מי. איר האָט אָפּגענומען אײַער שטראָף מיט דער פֿולער מאָס. אויסגעוויילט זענט איר בײַ גאָט, געצייכנט פֿון אים מיט די יסורים, וואָס ער האָט געשיקט אויף אײַך. זיס איז אײַער לאַסט, וואָרעם איר טוט טאָג־אַרבעט, און דער טיש וועט זײַן געגרייט פֿאַר אײַך, ווען איר וועט אין אָוונט צום בעל־הבית אַהיימקומען.

שפּעטער, אַז דער טאָג האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין, האָט דער רבי, באַגלייט פֿון זײַנע נאָענטע, פֿאַרלאָזט דאָס הויז פֿון שמעון דעם מצורע, וואָרעם ער איז געווען זייער אויסגעמוטשעט פֿון דער עבֿודה, וואָס ער האָט געטאָן. עס איז געווען, ווי ער וואָלט מיט זײַן עבֿודה דאָס חיות פֿון זיך אַרויסגעגעבן. זײַן פּנים איז שלאַבריק־בלייך געווען, ווי יעדער טראָפּן בלוט וואָלט פֿון אים געגעבן געוואָרן דורך זײַנע רייד; זײַנע ליפּן זײַנען דינער געוואָרן און די לעפּלען זײַנען געפֿאַלן איבער זײַנע אויגן. זײַן תּלמיד און משמש, שמעון בר־יונה, האָט דעם עולם אַהיימגעשיקט. מיט שוועריקייט האָט דער עולם זיך אָפּגעטיילט פֿון אים. אין זייערע אויערן האָט נאָך געקלונגען דאָס געזאַנג פֿון זײַנע ווערטער, און שיכּורע, נישט

פֿון ווײַן, נאָר פֿון פֿרייד, וואָס האָט אָנגעפֿילט זייערע הערצער, האָבן זיי פֿאַר־לאָזט דאָס אָרט און זײַנען געגאַנגען צוריק אין שטאָט אַרײַן.

רופֿוס און איך זײַנען איבערגעבליבן. ווען אַפֿילו די נאַכט איז שוין געווען צוגעפֿאַלן, זײַנען מיר דאָך איבערגעבליבן דאָ. מיר האָבן געוואָלט זען און לערנען, וואָרעם מיר זײַנען געווען זיכער, אַז עפּעס גרויס און וואונדערלעכס גייט פֿאָר פֿאַר אונדזערע אויגן.

אין שכנות מיט בית־עינה, וואו עס האָט געוואוינט שמעון דער קרעציקער, האָט זיך געפֿונען דער כּפֿר־מרים. דאָרט איז געשטאַנען דאָס הויז פֿון מרים און מרתא. אַז עס איז נאַכט געוואָרן, האָבן שמעון בר־יונה, יוחנן און יעקבֿ, די תּל־מידים, וועלכע זײַנען געווען מיט אים, גענומען אַהין זייער רבין. שמעון האָט אים כּמעט געטראָגן אויף זײַנע אָרעמס, — וואָרעם דער רבי האָט קוים געקאָנט גיין פֿאַר שוואַכקייט נאָך דער עבֿודה, — און אַרײַנגעבראַכט אים אין דער שטוב פֿון מרים און מרתא. עס זײַנען אויך מיטגעגאַנגען אַ טייל אָרעמעלײַט, וועלכע זײַנען איבערגעבליבן נעכטיקן. די שטוב בײַ מרתאן און מרימען איז שוין געווען צו־געראַמט. אַ טיש איז געשטאַנען געגרייט, און נידעריקע בענקלעך אָנגעשטעלט פֿאַר דער סעודה פֿון אָוונט. מרתא מיט די ווײַבער זײַנען געווען פֿאַרנומען מיט פֿאַרברייטן דאָס אָוונט־עסן, וואָס זיי האָבן, נישט געקוקט אויף דער קעלט דרויסן, געהאָט צוגעריכט אין הויף פֿאַרן הויז, אויף דעם שטיינערנעם קאָך־אויוון. מרתאס שוועסטער מרים, איז געווען פֿאַרנומען אין שטוב מיט אָנצינדן די אייל־לאָמפּן, מיט באַפּוצן און פֿאַרברייטן דעם טיש פֿאַרן רבין. און ווען די תּלמידים האָבן אַוועקגעזעצט זייער רבין בײַם טיש, האָט זי זיך געשטעלט בײַ דער זײַט פֿון רבין און אליעזר, איר ברודער, בײַ דער צווייטער זײַט, — אים צו באַדינען.

בשעת איך האָב געזען דעם באַלויכטענעם טיש, ווי עס שטייען צו זײַן רעכ־טער און צו זײַן לינקער זײַט מרים און אַליעזר און באַדינען אים, איז מיר אויפֿגעקומען אַ גרויס ליכט אין מײַן געדאַנק. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע נישט נאָר די שוועסטער, וואָס ער האָט געראַטעוועט פֿון זינד, און דעם ברודער, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט אים אויפֿגעוועקט פֿון טויט, נאָר איך זע פֿיל מער.

אין דעם ליכט פֿון די אייל־לאָמפּן איז דאָס פּנים פֿון מרים נישט געווען אַזוי אַלט און אײַנגעשרומפּן און אירע אויגן נישט אַזוי אויסגעלאָשן, ווי עס האָט זיך אויסגעדאַכט, בשעת זי האָט אַראָפּגענומען דעם שלייער פֿון איר קאָפּ אין הויף פֿון בית־המקדש. איצט, אין דעם ליכט פֿון די אייל־לאָמפּן, אין דעם שלום פֿון דער שטוב, אין דער שטילקייט און אין דעם הייליקן ערנסט, וואָס האָבן געהערשט אַרום דעם טיש, בײַ וועלכן זיי האָבן אַוועקגעזעצט זייער רבין, איז מרימס פּנים, ווי זי איז געשטאַנען לעבן רבין, געווען אויסגעלײַטערט, ווי דאָס פּנים פֿון אַ קינד, וואָס האָט געוויינט און איז געטרייסט געוואָרן: די טרערן זײַנען איר נאָך גע־האָנגען אין די אויגן, עס זײַנען אָבער נישט געווען קיין טרערן פֿון צער, נאָר פֿון פֿרייד. אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַן אויסטערליש פֿאַרגײַסטיקטן שײַן און געוואָרפֿן אַ ליכט איבער איר טונקל־הויטיקן פּנים. עס האָבן זיך אויסגעפֿילט די אַלע גריבער, וואָס חרטה, צער און ליבע האָבן געגראָבן אַרום אירע אויגן. און דאָס ליכט פֿון אירע אויגן האָט צוריק אויפֿגעוועקט דעם יוגנטלעך־קוועלנדיקן

אַליוון־קאָליר פֿון איר הויט און באַצויגן אירע באַקן מיט אַ יונג־מיידלשער פֿרישקייט. אויפֿסנײַ אויפֿגעשײַנט האָט דאָס שוואַרצע פֿײַער פֿון אירע האָר. אַ באַפֿרײַאונג איז געקומען איבער איר, ווי זי וואָלט אויסגעלייזט געוואָרן פֿון אַנגסטלעכע שרעקן, און איר צוריקגעגעבן די בייגעוודיקייט פֿון אירע גלידער. זי איז ווידער געווען די מרים מאַגדאַלענאַ פֿון אַמאָל, אָבער איר געלײַטערטע שיינקייט איצט האָט, ווי שטילער, איידעלער געזאַנג, געדרונגען אין יעדן אויג, וואָס האָט זי געזען, געוועקט אין מענטשלעכן האַרץ די לויטערסטע און גליקלעכסטע געפֿילן, אַריבערגעטראָגן אַהין נישט די אומרו, דעם דאָרשט, וואָס זי האָט אַמאָל געצונדן מיט אירע אויגן אין די הערצער פֿון אירע געליבטע; נאָר אַ זינגענדיקע מנוחה האָט איצט געשטראָמט פֿון איר געלײַטערט לײַב, פֿון איר גאַנצער דערלייזטער פערזאָן, און אָנגעשטעקט מיט פֿרייד אַלע די, וואָס האָבן זי געזען.

מיט אַ מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז נישט נאָר זי אַליין שטייט איצט פֿאַרן רבין, נאָר דורך דעם געלײַטערטן בליק פֿון מרים מאַגדאַלענאַ שמייכלען אַרויס אַלע די, וואָס ער האָט אויסגעלייזט פֿון זינד, אַלע די, וואָס ער האָט באַפֿרײַט פֿון די נעגל פֿון שטן און זיי צוריקגעבראַכט צום פֿאָטער אין הימל.

און דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט איר ברודער אליעזר.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט געהערט פֿון דעם נס, וואָס דער רבי פֿון גליל האָט געטאָן מיט אליעזרן. מען האָט דענסטמאָל זיך געסודעט אין די אויערן, אַז אליעזר איז נישט געווען טויט, נישט מער ער איז אַוועקגעפֿאַלן אין אַ לאַנגער שלאָף־אָנמאַכט. ווי די זאַך זאָל נישט געווען זײַן, זינט עס האָט זיך געהאַט פֿאַרשפּרייט איבער אים די ידיעה, אַז אליעזר איז געווען טויט, אַז די קלאָג־ווײַבער האָבן אים שוין געהאַט באַווייַנט, אַז מען האָט אים שוין געטראָגן צו דער קבֿורה און דער רבי האָט אים צו תּחית־המתים אויפֿגעוועקט, האָט מען באַזונדערן אָפּשיי באַקומען פֿאַר אָט דעם אליעזרן, אַן אָפּשיי, אויסגעמישט מיט אימה: אַ מענטש, וואָס איז שוין געווען טויט! מען האָט מורא געהאַט צו קומען אין זײַן נאָענטקייט, ווער רעדט שוין אים אָנצורירן. עס איז אַפֿילו געווען אַ חשד, אַז מען איז זיך מטמא, ווען מען רירט אים אָן, ווי דאָס איז, ווען מען רירט אָן אַ טויטן, וואָרעם זינט עס האָט געטראָפֿן מיט אים די מעשׂה מיטן תּחית־המתים, האָבן מענטשן אָנגעהויבן זען אין אים אַ לעבעדיקן מת. ער האָט טאַקע אַזוי אויך געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין אייגענע דעה, נאָר זײַן דעה איז געווען אָנגעבונדן אין דער דעה פֿון עמעצן אַנדערש. אַז מען האָט געזען דעם הויכן, אויסגעדאַרטן אליעזר, וואָס האָט געהאַט אַ גוף ווי אַ בר־מנן, ווי ער שטייט הינטער זײַן רבין אין בית־מקדש־הויף, האָט מען געזאָגט: „דאָ גייט דער רבי מיט זײַן גולם, וואָס ער האָט געשאַפֿן!".

דעם אָוונט אָבער, ווען ער איז געשטאַנען בײַ דער רעכטער זײַט פֿון זײַן רבין, און האָט מיט זײַנע לאַנגזאַמע באַוועגונגען משמש געווען זײַן רבין, מיט הענט, ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט אויס האָלץ — איז זײַן אויסגעבלייכט פּנים באַגאָסן געווען מיט אַ שמייכל פֿון גליק. זײַנע גרויסע, קעלבערנע אויגן, וועלכע זײַנען געהאַנגען ווי פֿולע לבֿנות אין זײַנע נאַקעטע אויגנלעכער, זײַנען באַלעבט געווען און זיי האָבן נישט געשראָקן ווי אַן אַנדערש מאָל מיט זייער אומהיימלעכן,

נאָקעטן בליק. זיי האָבן נישט געבעטן אונטערטעניק מחילה פֿאַר זייער זײַן ווי תּמיד, זיי זײַנען געווען גליקלעך, וואָס זיי זײַנען דאָ. דער שמייכל אויף זײַנע פֿאַרקרימטע ליפּן האָט נישט אויסגעזען אידיאָטיש און חסר־דעה ווי שטענדיק, נאָר ער איז געווען ווי דער אַלוויסנדיקער שמייכל פֿון אַ חכם, וואָס האָט דערגרונטעוועט אַלע סודות און איז דערגאַנגען צו שלמות; דער שמייכל, וואָס האָט געזען דעם טויט פּנים־אל־פּנים און אים גובֿר געווען; דער שמייכל, וואָס האָט געלייזט אַלע סודות און איז געקומען צו דער החלטה, אַז אין סוף פֿון אַלע סופֿן וואַרט דאָס אייביקע לעבן. עס איז געווען דער שמייכל פֿון אַלע קראַנקע און געשלאָגענע, פֿון אַלע פֿאַרשעמטע און דערנידעריקטע, וועלכע זײַנען געשטאַנען בײַם ראַנד פֿון זייערע קבֿרים, האָבן געזען די שאול־תּחתּיה מיט זייערע אייגענע אויגן — און זײַנען אויפֿגעוועקט געוואָרן צום אייביקן לעבן.

דאָ, אין דער שטוב פֿון מרים און מרתא, בײַם טיש צווישן זײַנע תּלמידים און נאָענטע, צווישן די לײַט, וואָס ער האָט געהיילט און געטרייסט, איז עס נישט געווען דער רבי פֿון דונער און בליץ, ווי מיר זײַנען אים געוואוינט געווען צו זען אין בית־מקדש־הויף, אָדער אין די בתּי־כּנסת, אָדער אויף די מערק, ווען ער האָט געשטורעמט קעגן די תּלמידי־חכמים. ער איז נישט געווען דער רבי פֿון קריג און צאַנקערײַ, ווי מיר זײַנען געוואוינט געווען אים צו הערן, נאָר דאָס איז געווען דער רבי פֿון סליחה און מחילה, דער רבי פֿון שלום און מנוחה. נאָך דעם ווי ער האָט געוואַשן זײַנע הענט, האָט ער געבענטשט דאָס ברויט, וואָס מען האָט דערלאַנגט פֿאַר אים, האָט דעריבער געזאָגט זײַן געבעט פֿאַר אונדזער פֿאָטער אין הימל, האָט געמאַכט דעריבער „המוציא״, האָט געטונקען דאָס ברויט אין זאַלץ, האָט טועם געווען, האָט עס געבראָכן און צעטיילט צווישן די אָרומיקע. שפּעטער האָט ער געדרשנט פֿאַרן עולם, — און ווי זיס עס זײַנען געווען זײַנע רייד! איך האָב נאָר באַדויערט, וואָס די תּלמידי־חכמים זײַנען נישטאָ דערבײַ, וואָס מײַן רבי נקדימון איז נישטאָ דערבײַ און הערט זיך נישט צו צו די רייד. עס האָט זיך מיר געדאַכט, ווי איך וואָלט געווען געהאַט די זכיה צו זיצן בײַם טיש פֿון אַלטן הלל און זיך צוהערן צו זײַן לערע, וואָס איך האָב וועגן איר אַזוי פֿיל זיך אָנגעהערט פֿון מײַן רבין און פֿון אַנדערע. ער האָט געדרשנט איבער תּפֿילה: ער האָט געזאָגט זײַנע תּלמידים, אַז די תּפֿילה איז די איינציקע שנור, וואָס דורך איר קאָנען מיר זיך באַהעפֿטן מיטן פֿאָטער אין הימל. דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן דער גרויסקייט פֿון דעם מענטשן, וואָס איז מבֿטל זײַן דעה פֿאַר דער דעה פֿון זײַן חבֿר: ווען צוויי פֿון אײַך, — האָט ער צו זיי געזאָגט, — וועלן אייניק ווערן אויף דער ערד, אַזוי וועט יעדע זאַך, וואָס זיי וועלן בעטן, פֿאַר זיי געטאָן ווערן פֿון פֿאָטער, וואָס איז אין הימל. און ווען דײַן ברודער זינדיקט קעגן דיר, אַזוי שרײַ אויף אים אָן; און ווען ער וועט חרטה האָבן, אַזוי זײַ אים מוחל. און ווען ער וועט זיבן מאָל אין טאָג קעגן דיר זינדיקן, און ער וועט זיבן מאָל אין טאָג צו דיר קומען און וועט זאָגן: „איך האָב חרטה״, — אַזוי זאָלסטו אים מוחל זײַן.

— דערנאָך האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט זײַן ווי קנעכט, וואָס דינען צו זייער האַר פֿאַר לוין, נאָר ווי קנעכט, וואָס דינען צום האַר אָן יעדן לוין. און ער האָט איבער דעם פֿאַרציילט אַ משל פֿון אַ האַר מיט זײַנע קנעכט. און ווען זײַן באַליבטער תּלמיד, שמעון, האָט געהערט זײַנע ווערטער, און ער האָט געפֿרעגט

דעם רבין בדחילא ורחימא: — וויפֿל מאָל זאָל ער זײַן שונא מוחל זײַן, זיבן מאָל? — האָט דער רבי אים געזאָגט: „זיבן און זיבעציק מאָל!" דערנאָך האָט דער רבי גערעדט וועגן דעם כּוח פֿון מחילה און ער האָט אַזוי געזאָגט: „ווען איר שטייט און בעט, אַזוי זײַט מוחל יעדן, וואָס האָט אײַך שלעכטס געטאָן, און דער פֿאָטער אין הימל וועט אײַך מוחל זײַן אײַערע פֿעלערן. ווען אָבער איר וועט נישט מוחל זײַן, אַזוי וועט אײַער פֿאָטער אין הימל אײַערע פֿעלערן אויך נישט מוחל זײַן".

ווען רופֿוס און איך האָבן פֿאַרלאָזט דאָס דאָרף בית־פּגה, איז שוין געווען טונקל. די נאַכט איז געקומען אַרויסצושווימען פֿון טאָל פֿון יריחו אַרויס און האָט זיך געצויגן קיין ירושלים, וועלכע האָט נאָך געלויכטן אין די לעצטע פֿלאַמען פֿון דער זון, וואָס איז אונטערגעגאַנגען הינטער די הרי־יהודה אין ים־הגדול. מיר האָבן געאײַלט קיין ירושלים, וואָס האָט ווי אַ לײַכטנדיקער טײַך, זיך אויס־געגאָסן איבער בערג און טאָלן. פֿון די הײַזלעך האָבן אַרויסגעלויכטן די צניעות־דיקע ליכטלעך פֿון די אייל־לאָמפּן און אײַנגעלאָדן צו זיך. זיי האָבן עדות גע־זאָגט, אַז דער פּועל האָט געטאָן זײַן טאָג אַרבעט און ער זיצט איצט מיט זײַן הויזגעזינט בײַם אָוונט־עסן. פֿון הר־מוריה האָט צום טיפֿן, אויסגעשטערנטן הימל זיך געהויבן דאָס הויז, וואָס גאָט האָט דאָרט געמאַכט זײַן וואוינונג צווישן מענטשן. די שימערנדיקע ליכטער פֿון די מויערן־היטער האָבן אַרומגערינגלט די ערנסטע, אין נאַכט־פֿאַרפֿאַלענע, גאָלדיק־פֿינקלדיקע שפּיצן פֿון די געביידעס, מויערן און טעראַסן פֿון בית־המקדש. אַ קאַסקאַדע ליכט האָט געשלאָגן שימערנ־דיק אַנטקעגן די הימלען. דער כּבֿוד פֿון גאָט האָט געשײַנט פֿון הימל. דער שלום האָט גערוט אין דער נאַכט איבער ירושלים.

# 12

איך בין דורך דעם ווינטער זייער אָפֿט אַרויסגעקומען צום בית־עינה. עס איז געווען אַ פֿײַכטער ווינטער. די רעגנס האָבן לאַנג אָנגעהאַלטן. די ערד איז געווען דורכגעווייקט ווי אַ שוואָם. רינשטאָקלעך האָבן זיך געמערט און צע־אַקערט די ערד ווי אַן אַקעראײַזן וואָלט דורך איר אַדורכגעגאַנגען. די עטלעכע פֿײַגנביימער, וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די וועגן, זײַנען געווען נאַקעט. זיי האָבן שוין עטלעכע מאָל געהאַט געפּרואווט דעם ווינטער אַרויסצוגעבן פֿון זיך גרינע קעפּלעך פֿון קנאָספּן נאָך איידער אַ בלאַט האָט זיך באַוויזן אויף זיי, נאָר זיי זײַנען באַלד פֿאַרוועלקט געוואָרן.

אין הויז פֿון שמעון המצורע האָבן זיך אַלץ געקליבן די אָרעמעלײַט.

אַ טייל פֿון זיי האָט זיך דאָרט אויפֿגעהאַלטן טעג לאַנגע. זיי האָבן געהויערט אַרום די שטאַלן פֿון הויף, זײַנען געלעגן אויף פֿאַרפֿוילטער שטרוי אין די קאַמערן. די געזינטערע האָבן געפּרואווט זיך מאַכן ניצלעך אין הויף פֿון שמעון אָדער אין כּפֿר־מרים, וואו עס האָט זיך געפֿונען אַ הויף, אַ גאָרטן פֿון גרינס און אַן אייל־וועלדל. זיי האָבן געיעטעט דאָס ווילדקרויט אין די בייטן פֿון קרײַטעכצער, האָבן גערייניקט די ביימער, אויפֿגעגראָבן די ערד. אַנדערע האָבן געשטויסן קרײַטעכ־

צער און בשמים־בלעטער אין מערזשלען אויף אַרויסצוקריגן איילן, — און זיי האָבן זיי געטראָגן אין שטאָט צו פֿאַרקויפֿן. איך האָב דאָרט אָנגעטראָפֿן אָפֿט מאָל דעם בלינדן בר־תּלמי, איינעם פֿון דעם רבינס תּלמידים, וועלכער האָט געלערנט די לײַט צוצוגרייטן די בשמים. די אַלע אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן זיך געקליבן אַרום דעם רבין, האָבן געגעסן בײַ איין טיש און געגאָסן פֿון אַלץ, וואָס האָט געהערט צו דער חבֿרותא.

אין שטוב בײַ די שוועסטער מרים און מרתא האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן עטלעכע פֿרויען, וועלכע זײַנען מיטגעקומען מיטן רבין פֿון גליל. איין פֿרוי איז געווען שושנה, די מוטער פֿון יוחנן און יעקבֿ. זי איז געווען אַ רײַכע פֿרוי. מען האָט געזאָגט, אַז אין אָנהויב איז זי געווען קעגן דעם, וואָס אירע זין האָבן פֿאַרלאָזט זייער פֿאָטערס פֿישער־שיפֿן, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפֿן ים כּנרת, און האָבן נאָכגעפֿאָלגט דעם רבין. שפּעטער איז זי געקומען צום רבין בעטן בײַ אים, אַז ער זאָל אירע צוויי זין זעצן צו זײַן רעכטער און צו זײַן לינקער האַנט אין מלכות־שמים. און ווען זי האָט געזען דעם רבין, איז זי שוין געבליבן לעבן אים. זי האָט פֿאַרקויפֿט אירע שיפֿן און איז נאָכגעגאַנגען די קינדער קיין ירושלים. איר געלט האָט זי אַרײַנגעגעבן אין דער קופּה. איצט האָט זי געוואוינט מיט די שוועסטער מרים און מרתא. זי האָט זיי געהאָלפֿן פֿירן די באַלעבאַטישקייט. באַלד האָט זי גענומען פֿירן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט אַליין, האָט אַרײַנגענומען די לייצעס אין די הענט אַרײַן, וואָרעם ביז איר קומען איז דאָס הויז פֿון מרימען און מרתאן געווען ווי אַ שיף אָן אַ רודער: ווער עס האָט נאָר געוואָלט, איז אַרײַנגעקומען און האָט געגעסן און געטרונקען; עס האָבן זיך דאָרטן אויפֿגעהאַלטן כּאַליאַסטרעס אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן צעטראָגן דאָס הויז. שושנה האָט די אָרעמעלײַט, וועלכע זײַנען נאָכגעגאַנגען דעם רבין, געלאָזט אַרבעטן. מען האָט זי שטענדיק געזען געבן באַפֿעלן אין שטוב. אָנגעטאָן אין אַ דיקלעך וואָלן קלייד, אײַנגעהילט אין אַ פֿילץ־טוך, אין פֿילץ־זאָקן און סאַנדאַלן (וואָרעם זי איז נישט געוואוינט געווען צו דעם רויען, פֿײַכטן ווינטער אין ירושלים, וועלכן זי האָט איבערגעטוישט פֿאַר די זוניקע ברעגן פֿון כּנרת), האָט זי מיט אַ שטרענגן טאָן באַפֿוילן יעדן איינעם, וואָס ער זאָל טאָן:

— העי, דו, פֿוליאַק, וואָס מיינסטו, ווײַל דאָס מלכות־שמים קומט מאָרגן אָן, באַדאַרפֿסטו שוין היינט נישט דאָס פֿעלד רייניקן? ווען דאָס מלכות־שמים וועט אָנקומען, וועסטו קאָנען פֿליקן פֿאַרטיקע ברויטלעך פֿון די פֿעלדער; הײַנט אָבער באַדאַרפֿסטו זיי פֿון דער ערד אויסגראָבן מיט דער נאָז! העי, דו, וואָס דרייסטו זיך אַרום און טוסט גאָרנישט? גיי, קלויב אויף טרוקענע בלעטער, אָפּגעפֿאַלענע צווײַגן. נעם צונויף פֿאַרטריקנט מיסט פֿון די בהמות אויף אונטערצוהייצן דעם באַק־אויוון; — האָט זי זיך געשאָפֿן מיט אַ פֿוילן אַלטן, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַרײַנשטעקן זײַן נאָז אין קיך אַרײַן.

— און דו, מײַן יפֿפֿיה, וואָס מיינסטו, ווײַל דאָס מלכות־שמים קומט אָן, באַדאַרף מען שוין אין דער פֿינצטער זיצן? גיי, פּוץ אויס די לאָמפּן, גרייט אָן די שנויצלעך און קוק זיך אַרום אויפֿן אייל. האָט ער דען נישט געזאָגט, אַז „קלוגע כּלות האַלטן זייערע לאָמפּן אָנגעגרייט, אַז זיי זאָלן גרייט זײַן דעם חתן אַנטקעגנצוגיין"? — האָט זי געשריגן אויף אַ ווײַב, וואָס איז געזעסן ליידיק.

אַפּילו אויף מרים מאַגדאַלענאַ האָט זי אָנגעשריגן. זי האָט פאַרלאַנגט פון איר, אַז זי זאָל אויפהערן זיך חנדלען, נישט אָפּגעבן זיך מיטן איבעריגיסן אירע פּער־פומען און איילן פון איין כּלי אין דער אַנדערער, נישט וואַשן נאָאַכאַנאַנד די סדינס פאַרן רבין און אויסנייען פאַר אים העמדער, נאָר זי זאָל ליבערשט מיט־העלפן אין דער הויז־אַרבעט:

— ווען דאָס מלכות שמים וועט קומען, — האָט שושנה געזאָגט — וועלן מיר דענסטמאָל אַלע זײַן גרויסע מיוחסים. איך וועל זײַן די מוטער פון צוויי פירשטן. הײַנט אָבער באַדאַרף מען אַרבעטן.

וואָרעם די אַלע, וועלכע האָבן זיך געפונען אַרום דעם רבין, האָט אָנגעכאַפּט אַ סטאַגנאַציע, אַ געטלעכע פוילקייט. יעדער איינער האָט געגלויבט, אַז יעדן אויגנבליק קומט אָן דאָס מלכות שמים, — און אויב אַזוי, צו וואָס באַדאַרף מען אַרבעטן, צו וואָס זיך פאַרברייטן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, אַפילו פאַר דער נאָענטס־טער סעודה? האָט ער דען נישט געזאָגט: „העננגט אָן אַלע זאָרגן אויף אײַער פאָטער אין הימל"; „פרעגט נישט, וואָס איר וועט עסן מאָרגן"; „ער ווייסט אין וואָס איר נויטיקט זיך"? אָבער מען האָט באַדאַרפט עסן, מען האָט באַדאַרפט אַ העמד די נאָקעטקייט צו פאַרשטעלן, אַ דאַך, אונטער וועלכן דעם קאָפּ אויף בײַנאַכט צו שיצן, — נישט נאָר פאַר די נאָענטסטע אַרום דעם רבין, נאָר אויך פאַר די פיל אַרעמעלײַט, וואָס זײַנען אַרויסגעקומען צו אים, און האָבן זיך שוין געהאַלטן אַרום אים. און דאָ איז קיינער נישט געווען, וואָס זאָל מיט טאָג־טעגלעכע זאָרגן זיך אָפּגעבן. קיינער האָט פאַר גאָרנישט געזאָרגט אַחוץ די צוויי פרויען.

אין דעם הויז פון די צוויי שוועסטער האָט זיך געפונען נאָך אַ פרוי, וואָס איר נאָמען איז אויך געווען מרים. כּדי אָפּצושיידן זי פון מרים מאַגדאַלענאַ, האָט מען זי גערופן „די מוטער פון יעקבֿ און יוסף". זי האָט געמוזט זײַן דעם רבינס אַ נאָענטע קרובֿה. זי איז געקומען פון גליל. מענטשן האָבן אַפילו זיך גערוימט פאַרן אויער, אַז זי איז דעם רבינס מוטער. אויף געוויס האָט עס קיינער נישט געקאָנט זאָגן. מען האָט נאָר געזען, ווי דער רבי טיילט איר צו גרויס כּבֿוד: ער האָט זי גע־זעצט לעבן זיך בײַם טיש. און אַזוי האָבן אויך די אַנדערע זיך פאַרהאַלטן צו איר מיט גרויס אײַנזען. זי איז געווען פון אַ הויכער געשטאַלט. אַ שוואַרצער האָר־שלייער האָט צוגעדעקט איר פּנים, ווען זי האָט זיך באַוויזן פאַר מענטשן, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז די איז אַ בת־נדיבים. זי האָט, ווי די אַנדערע מרים, זיך אויך אָפּ־געגעבן נישט מיט הויזלעכע זאַכן, נאָר מיט פאַרברייטן דעם רבינס בגדים און מיט צוריכטן זײַן שפּײַז, אַרויסהעלפנדיק מרים מאַגדאַלענאַ. די צוויי מרימס האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַן עבֿודה קדושה. זיי האָבן פון זייער באַדינען דעם רבין געשאַפן אַ קולט. יעדער מלבוש, וואָס דער רבי טוט אָן, איז געווען פאַר זיי הייליק, ווי די קליידער פון כּהן־גדול. דער רבי האָט שטענדיק זיך געקליידט אין ווײַסן, ווי עס שטייט געשריבן: „צו יעדער צײַט זאָלן דײַנע קליידער זײַן ווײַס און אייל אויפן קאָפּ זאָל נישט פעלן". נישט נאָר זײַנע סדינס האָבן זיי געוועבט פאַר אים, נאָר אַפילו זײַנע סאַנדאַלן האָבן זיי גענייט. די מאכלים, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט פאַר אים, זײַנען צוגעגרייט געוואָרן מיט רעליגיעזן עקסטאַז, ווי מען ברייט פאַר אַ קרבן. וואָרעם דער רבי פון גליל האָט גרויס כּבֿוד געלייגט אויף זײַנע קליידער און געפירט זײַן טיש ווי אַ מזבח פאַר גאָט. ער האָט ליב געהאַט צו הערן דעם

וואוילגערוך פֿון בשמים אַרום זיך, זײַן לײַב און האָר צו זאַלבן מיט אײלן. דער טיש פֿאַר אים איז געווען געדעקט מיט שיינע לײַוונטן. אַפֿילו די הענט האָט ער, נאָכן וואַשן, געטריקנט מיט אײדעלע לײַוונטן. די צוויי ווײַבער, די ביידע מרימס, האָבן דאָס אַלץ פֿאַרגעבריײט מיט הײליקן געפֿיל. זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום זייער עבֿודה, פֿאַרחלומטע, האָבן געפֿליסטערט שטיל פֿאַר זיך ווי כּהנות אין אַ טעמפּל, בעת זיי האָבן פֿאַרגעבריײט פֿאַר אים די מלבושים.

די גאַנצע גראָבע אַרבעט, וואָס די שטוב, די ווירטשאַפֿט, דאָס פֿעלד, דאָס באַשפּײַזן די פֿיל אַרעמעלײַט האָט געפֿאָדערט, איז דעריבער געפֿאַלן אויף די אַנדערע צוויי פֿרויען, מרתא און שושנה. אין דער היים האָט זיך געפֿונען נאָר איין מאַנספּערשוין, אליעזר. אָבער ער, נאָך מער ווי די פֿרויען, איז אַרומגע־גאַנגען אַ פֿאַרחלומטער. דער רבי האָט אים נאָר געהאַט אויפֿגעוועקט פֿון דעם שלאָף פֿון טויט, ער האָט אים אָבער איבערגעלאָזט אין דעם חלום פֿון טויט; ער האָט נאָר געזען יענע, די אַנדערע וועלט. מען האָט אים געהערט רעדן צו גײַסטער, וואָס ער האָט געזען אין זײַנע פֿאַרחלומטע אויגן. ער איז, דעריבער, געווען אין הויזלעכע זאַכן אַ קליינע הילף.

אויך די תּלמידים פֿון רבין האָבן ווייניק־וואָס מיטגעהאָלפֿן אין שטוב. קודם־כּל האָבן זיי זיך געפֿונען אַ גאַנצן טאָג אין שטאָט. פֿיל פֿון זיי זײַנען געגאַנגען פֿאַרדינען און אַהיימגעבראַכט דאָס פֿאַרדינסט אין דער קופּה אַרײַן. אַנדערע זײַנען אַרומגעגאַנגען צווישן אַרעמקייט און פֿאַרשפּרייט דעם רבינס תּורה, אַחוץ שמעון און די צוויי ברידער זבֿדי, וואָס דער רבי האָט זיי געהאַלטן תּמיד לעבן זיך.

מרתא אַליין איז געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער אַרבעט. איך קאָן זי זען ווי זי שטייט אין הויף, אין דער קילער פֿײַכטקייט פֿון ווינטערדיקן טאָג און וואַשט איר וועש אין אַן „ערבה", אַ הילצערן שעפֿל, אָדער איבערגעבויגן איבער דעם שטיינערנעם אויוון אין הויף, אויף וועלכן זי באַקט מצה־פּלעצלעך, אָדער בײַ אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ, קאָכנדיק אַ געקעכץ פֿון אַרבעס און גרינסן, — איר קורצער, דיקער, קרעמפּלדיקער קערפּער אײַנגעהילט אין אַ זאַק־קלייד, די נאַקעטע פֿיס, וועלכע קוקן אַרויס פֿון דער צו קורצער הילע, רויט אָנגעשוואָלן, אַזוי אויך אירע נאַקעטע הענט, איר פּנים רוי, פֿאַרהאַרטעוועט, אויפֿגעגעסן פֿון רויך און קעלט, אירע האָר גראָב, פֿאַרפּלאָנטערט אין קאַלטענעס פֿון שטויב און פּלעווס, וואָס דער ווינט טראָגט אָן דערויף. דערינען, אין דער שטוב, שטייט איר שוועסטער מרים, באַקליידט אין זײַדנס, באַשוכט אין לאַאָדיקישע סאַנדאַלן, דער קאָפּ פֿאַר־הילט מיט אַ האָר־הילע, וואָס דעקט זי צו אין גאַנצן, ברייט זי מיט ציטערדיקע פֿינגער פֿאַר די בשׂמים אין די רויכער־כּלים אויף אויסצורויכערן די שטוב פֿאַרן רבין, אָדער ווי אַ כּהנטע גרייט זי פֿאַר די שפּײַזן פֿאַרן רבין: שפּאַרגל־תּרדין, שפּינאַט, געבראָטן אויף אַ פֿאַן איבער אַ פֿלעמל, וואָס קומט פֿון דעם איידלסטן אייל. מרתאן האָט מען קיין מאָל אויף קיין איין מינוט נישט געזען ליידיק שטיין. שטענדיק, שטענדיק איז זי געווען פֿאַרנומען מיט עפּעס אַן אַרבעט. האָט זי נישט געקאָכט, האָט זי געשײַערט כּלים, געוואַשן וועש. זי האָט געבויגן איר רוקן, יעטנדיק דאָס ווילד־גראָז אין פֿײַכטן גאָרטן, בעת איר שוועסטער מרים איז געזעסן מיט דער אַנדערער מרים אין דער וואַרעמער שטוב דערינען און האָט איר פֿאַרציילט די חלומות, וואָס זי האָט געחלומט, און די וויזיעס, וואָס זי האָט

געזען פֿון דעם רבינס מלוכה אין מלכות־שמים. געוויס האָט עס מרתאן פֿאַרדראָסן אויף איר שוועסטער. מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַפֿילו אַמאָל זיך באַקלאָגט פֿאַרן רבין אויף דער שוועסטער, וואָס זי העלפֿט איר נישט אין דער אַרבעט. דער רבי האָט איר אָבער געענטפֿערט: „דײַן שוועסטער האָט גענומען פֿאַר זיך דעם בעסטן טייל". פֿון דעמאָלט אָן קלאָגט זיך נישט מער מרתא און זי טראָגט מיט אונטערטעניקייט, אָן טענות, דעם טייל, וואָס איז אויסגעפֿאַלן אויף אירע אַקסל.

*

דער רבי פֿון גליל האָט בײַטאָג זיך געפֿונען אין ירושלים. ער האָט געדרשנט אין די שולן, אין בית־מקדש־הויף, צווישן די זײַלן־באַדעקנס. אין די אָוונטן איז ער אַרויסגעגאַנגען קיין בית־עינה. צוויי וועגן האָבן געפֿירט פֿון בית־מקדש־הויף קיין בית־עינה: איינער — אַ קורצער, אַ שטילער, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף טרעפּלעך, ווי אַ קאַסקאַדע, פֿון די מויערן פֿון הר־הבית צום נחל־קדרון; דער אַנדערער — אַ לאַנגער, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דעם נידעריקן טייל שטאָט, דורך דעם טויער פֿון מיסט. דער רבי איז שטענדיק געגאַנגען מיט דעם לאַנגן וועג, מחמת דער לאַנגער וועג האָט געפֿירט איבער די ענגע, געקרימטע געסלעך. מען האָט זיך דאָרט געקאָנט פֿאַרלירן און נישט וויסן וואו מען גייט. דער רבי פֿון גליל האָט געהאַלטן פֿאַרבאָרגן דאָס אָרט, וואו ער האַלט זיך אויף אין ירושלים. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו ער געפֿינט זיך. די תּלמידים האָבן, זעט אויס, שטאַרק געזאָרגט, אַז קיינער זאָל נישט געוואָר ווערן, וואו דער רבי פֿון גליל געפֿינט זיך. און ווען אַפֿילו ער האָט זיך שוין געהאַט געפֿונען עטלעכע חדשים אין שטאָט, און מען האָט דעם רבין פֿון גליל גוט געקענט, ווײַל מען האָט אים אומעטום געזען, האָט אַלץ קיינער פֿון די תּלמידי־חכמים נישט געוואוסט וועגן דעם הויז פֿון שמעון דעם מצורע, וואו עס קומען צו אים קראַנקע און אָרעמע, אַזוי אויך נישט וועגן כּפֿר־מרים. אַפֿילו מײַן רבי האָט נישט געוואוסט דערפֿון. ווען איך האָב פֿאַר מײַן רבין מגלה געווען, אַז איך האָב אַנטדעקט דאָס אָרט, וואו דער רבי פֿון גליל האַלט זיך אויף, און וועגן די קראַנקע און אָרעמע, וואָס קומען אַרויס צו אים אין דעם הויז פֿון שמעון דעם מצורע און אין כּפֿר־מרים בײַ מרתאן און מרימען, האָט מיר מײַן רבי אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל דאָס האַלטן אין גרויס סוד און קיינעם נישט מגלה זײַן, וואָרעם דער רבי פֿון גליל וויל נישט, מען זאָל וויסן, אַז ער איז אַ מכניס־אורח, אַז ער טוט עס ווי צדקה בצינעה, — מן הסתּם האָט ער אַ טעם דערבײַ.

דורך די ווינטערדיקע חדשים האָט דער רבי פֿון גליל ווײַטער געדרשנט אין די שולן און אין הויף פֿון בית־המקדש וועגן דעם אָנקומען פֿון מלכות־שמים. קיינער האָט אים גאָרנישט געטאָן. מען איז צוגעוואוינט געוואָרן צו דעם נוסח פֿון זײַנע דרשות און מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער מיינט דאָס אַלץ בדרך רמז. די חכמים האָבן אים אַפֿילו מוחל געווען זײַנע שאַרפֿע רייד קעגן זיי. מען האָט זיך צוגעוואוינט צו זיי. מען איז געוואָר געוואָרן, אַז דער רבי פֿון גליל איז מקיים אַלע מצוות פֿון דער תּורה, אַפֿילו די קלענסטע, וועלכע זײַנען נאָר אָנגענומען בדרך קבלה. און ווען אַפֿילו ער פֿירט האַרבע רייד קעגן די פּרושים, דאָך הייסט ער אַלעמען אין זײַנע דרשות, אַז מען זאָל מקיים זײַן אַלע מצוות, לויט די פּרושים

און זיך צוהערן צו זיי, „וואָרעם זיי זיצן אויפֿן שטול פֿון משה רבינו". מען האָט געוואוסט פֿון זײַן טיפֿער פֿרומקייט, פֿון זײַן מתפּלל זײַן, פֿון זײַן צדקה, פֿון זײַן אָננעמען זיך פֿאַר באַעוולהטע לײַט. און כאָטש ער האָט קיין נסים נישט באַוויזן אין ירושלים, אַחוץ וואָס ער האָט אַ פּאָר קראַנקע געהיילט און האָט זיך אויפֿגעפֿירט ווי יעדער אַנדער רבי, האָט מען דאָך אַלץ געוואַרט אויף אים, אַז ער זאָל ממלא זײַן, וואָס ער זאָגט אָן בדרך רמז. אַפֿילו די קליינגלויביקע, וועלכע האָבן מיט די ליפּן געלאַכט אויס אים, האָבן אָבער אין האַרץ אויסגעוואַרט, אַז ער זאָל נתגלה ווערן, וואָרעם די צײַט איז רייף געווען פֿאַר עפּעס גרויסעס און אומגעווייניטלעכס; און צו וואַרטן איז מען געווען צוגעוואוינט.

צווישן די, וואָס האָבן אויסגעוואַרט יעדן טאָג, אַז דער רבי פֿון גליל זאָל נתגלה ווערן, איז אויך געווען מײַן רבי נקדימון. איך האָב באַמערקט, אַז זינט דער רבי פֿון גליל האָט זיך באַוויזן אין די ירושלימער גאַסן און אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט, האָט מײַן רבי נקדימון אויפֿסנײַ פֿאַרלוירן זײַן רואיקייט, וואָס ער האָט געהאַט צוריקגעפֿונען בײַ זײַן אומקערן זיך פֿון זײַן לעצטער רייזע קיין גליל. אַ הייליקער פֿיבער האָט אין אים געפֿלאַמט, ווי אַ הייליק פֿײַער. ער האָט געהאַלטן אין איין אויספֿרעגן זיך אויף דעם רבין פֿון גליל, האָט נאָכגעפֿאָלגט זײַן יעדן טראָט, זיך צוגעהערט צו זײַן יעדן וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט פֿון זײַן מויל. ער האָט אַלץ נאָכגעקלערט און פֿיל מתפּלל געווען. ער האָט ווידער באַנײַט זײַנע משיחישע דרשות און גאָר אָפֿט פֿאַררופֿן זײַן חבֿרותא. ער האָט אויך דענסטמאָל זיך אָפֿט אָפּגעשלאָסן מיט יהודהן. יוסף רמתי איז אויך אָפֿט געקומען אין באַגלייטונג פֿון דעם גר אַבֿרהם בן־אַבֿרהם, און האָט אָפּגעהאַלטן ישיבֿות מיט מײַן רבין. נאָך מער וואונדער איז אָבער געווען, וואָס דער שטילער, שווײַגנדיקער, באַהאַלטענער הלל דער וואַסער־טרעגער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אויף די פֿאַרזאַמלונגען. מײַן רבי האָט אונדז אָפֿט געשיקט אים אויפֿזוכן. טייל מאָל איז ער אַליין געקומען צו מײַן רבין און האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיט אים. זיי האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען אַ האַלבע נאַכט. הלל וואַסער־טרעגער האָט אים עפּעס איבערגעגעבן, וואָס מיר, די תּלמידים, האָבן נישט געוואוסט דערפֿון. עס האָט אָבער געמוזט זײַן עפּעס פֿון זייער גרויס וויכטיקייט, וואָרעם יעדעס מאָל, ווען הלל וואַסער־טרעגער איז געקומען צום רבין אין בית־מדרש אַרײַן, האָט דער רבי אונדז אַוועקגעשיקט און איז פֿאַרבליבן מיט אים אַליין. שפּעטער, ווען הלל איז אַוועק, האָב איך באַמערקט אויפֿן פּנים פֿון מײַן רבין, ווי אַ שטילע פֿרייד האָט עס באַלויכטן, ווי די שײַן פֿון דער שכינה וואָלט דערויף אַריבערגעגאַנגען, — אַזוי האָבן זײַנע אויגן געלויכטן.

און אַנומלט האָט ער צונויפֿגעבראַכט אונדזער רבין מיט דעם רבין פֿון גליל. קיינער פֿון זײַנע תּלמידים האָט דאָס נישט געטאָן, אַפֿילו יהודה נישט, נאָר דווקא הלל דער וואַסער־טרעגער. די צוזאַמענקונפֿט איז פֿאָרגעקומען אין גרויסן סוד. רופֿוס און איך, זײַנען געוואָרן דערפֿון בדרך־אגבֿ: עס איז אונדז אויפֿגעפֿאַלן, וואָס דער רבי האָט זיך געהייסן געבן זײַן בגד של כּבֿוד, די ברייטע און לאַנגע שוואַרצע „אצטלא", וואָס ער האָט זיך נאָר אָנגעטאָן, ווען ער איז געגאַנגען צו גרויסע לײַט, און מיר האָבן געזען אין דעם אַ סימן, אַז ער גייט אין

עפּעס אַ ווּיכטיקער שליחות. ווי גליקלעך זײַנען מיר געווען, ווען דער רבי האָט אונדז באַפוילן צוצולײַכטן פֿאַר אים דעם וועג, ווײַל עס איז געווען נאַכט! מיר האָבן פֿאַרויסגעטראָגן פֿאַר אים די אײל־לעמפּלעך. הלל האָט דעם רבי אָוועקגע־פירט צו דוד המלכס טויער. ער האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין זײַן עליה, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער טעראַסע פֿון דער מויער. מיר האָבן צוגעלויכטן דעם רבין דעם אויפּשטייג אויפֿן לייטער, וואָס האָט געפירט צו הללס וואוינונג. נאָר אַרײַנ־געגאַנגען אַהין זײַנען מיר נישט. דער רבי האָט אונדז געהייסן וואַרטן מיט די לעמפּלעך אין דרויסן. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז אין דער וואוינונג בײַ הללן געפינט זיך דער רבי פֿון גליל, ווײַל מיר האָבן אַנגעטראָפֿן בײַם אַרײַנגאַנג איי־ניקע תּלמידים זײַנע, וואָס האָבן אים אָפּגעוואַרט. קיינער איז נישט געווען בײַ דער צוזאַמענקונפֿט פֿון מײַן רבין מיט דעם רבין פֿון גליל, אַפֿילו נישט שמעון בר־יונה. אויך הלל איז געשטאַנען אין דרויסן. דער רבי פֿון גליל און אונדזער רבי זײַנען געווען אָפּגעשלאָסן אַ לאַנגע ווײַלע. וואָס זיי האָבן דאָרט גערעדט ווייסט מען נישט. מײַן רבי האָט עס נישט מגלה געווען. די זאַך איז געהאַלטן געוואָרן אין גרויסן סוד, און אונדזער רבי האָט אונדז פֿאַרזאָגט נישט צו זאָגן קיינעם דערפֿון.

ווי נשתומם זײַנען מיר, רופֿוס און איך, געוואָרן, ווען אין עטלעכע טעג אַרום נאָך מײַן רבינס צוזאַמענטרעף מיטן רבין פֿון גליל, זײַנען מיר בסתר אַרויסגע־קומען קיין כּפֿר־מרים און האָבן דעם רבין פֿון גליל דאָרט מער נישט געטראָפֿן. אין דעם הויז פֿון כּפֿר־מרים זײַנען געווען נישט מער ווי די ווײַבער אַליין. בחינם זײַנען געגאַנגען אַרום דעם הויז די אָרעמעלײַט, — מען האָט זיי געזאָגט, אַז דער רבי האָט אָפּגעצויגן פֿון דאָרט אין אַן אומבאַקאַנטן אָרט.

מיט דעם רבין איז אויך יהודה איש קריות נישט געוואָרן.

און די צײַט איז געווען אין אָנהויב אָדר, ווען מען הויבט אָן אײַנצאַלן די חצי־שקלים אין דער קופּה פֿון בית־מקדש. פֿרילינג־ווינטן האָבן געבלאָזן אין ירושלים. די אָוונטן זײַנען ליכטיקער געוואָרן און לײַכטער. די שטראַלן פֿון דער זון האָבן לענגער זיך אויפֿגעהאַלטן איבער די גילדערנע שפּיצן פֿון די בית־מקדש־טויערן. און דער רויך פֿון גרויסן מזבח איז געשטיגן אין הימל אַרײַן פֿרײַ ווי אַ פֿײַערדיקע זײַל. און איבערן הימל האָבן געשטיפּט זיך בלוי־רויטלעכע וואָלקנס ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. און פֿון די ירושלימער הײַזער האָט מען אָנגעהויבן אַרויס־ראַמען דעם ווינטער און זיי אויסריכטן אויף אויפֿצונעמען פֿרעמדע לײַט, וואָס וועלן אָנקומען עולה־רגל־זײַן אויף פּסח קיין ירושלים.

און דעם רבין פֿון גליל איז נישט געווען צו זען.

# 13

ווער האָט דאָס אַרויסגעלאָזט אַ בת־קול, אַז דאָס מאָל וועט דער פּסח אין ירושלים זײַן אַ צווייטער יציאת־מצרים? אין דער אמתן האָט מען דאָס געזאָגט אויף יעדן פּסח, נאָר דאָס יאָר איז דאָס בת־קול געשטאַנען אין דער לופֿט. עס איז געווען ווי דער הימל און די ערד וואָלטן מבֿשׂר געווען די בשׂורה. נאָך קיין

מאָל האָט די זון אַזוי ליכטיק נישט געשײַנט. עס איז געווען ווי גאָט וואָלט די הימלען באַקליידט מיט אַ נײַ, ליכטיק קלייד לכּבֿוד דעם יום־טובֿ פֿון באַפֿרײַאונג, וואָס קומט אָן. די גאַסן זײַנען באַגאָסן געוואָרן מיט צעבעברס ליכט, און די ווענט פֿון די הײַזער האָבן געלויכטן, ווי עס וואָלט געשײַנט אויף זיי דער חסד פֿון באַנײַאונג. די זון־שטראַלן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין די שטויב־זעמדלעך, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿט, און זיי פֿאַרוואַנדלט אין זילבערנע פֿונקען, — זײַנען די טעראַסן, די דעכער, די וואַסער־זאַמלונגען אויף די דעכער און די שטיינערנע ווענט פֿון די טויערן און פּאַלאַצן באַשימערט געוואָרן מיט אַ זילבערשײַן, ווי באַשלאָגן מיט זילבערנע פֿאַנטאַנען.

און די גאַנצע שטאָט איז מיט אַ מאָל אַרומגעגאַרטלט געוואָרן מיט טונקעלע ציפּרעסן־וועלדער, מיט זילבער־שײַנענדיקע אייל־בירט־ביימער. וואו נאָר עס איז געווען אַ ליידיק שטיקל פּלאַץ, איז עס געוואָרן באַדעקט מיט גראָז און גרינס, רויט־באַפּלעקט מיט מאָן־קעפּלעך. פֿון די הויפֿן פֿון רײַכע און אָרעמע האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון געעפֿנטע קנאָספּן פֿון פֿײַגנביימער. די לופֿט איז פֿול געוואָרן מיט בשׂמים פֿון בתולותדיקער בליאונג. דאָס גרינס, באַזייט מיט פֿײַערדיקע מאָן־קעפּלעך, האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער אָרעמקייט, האָט באַדעקט דעם גאַנצן נחל־קדרון, דעם גי־הנום, אַרויפֿגערוקט זיך אין שטאָט אַרײַן. אַרום די מי־שלוח האָבן אַלטע, אָפּגעלעבטע, פֿאַרפֿאַלענע אַלעאַנדרען אָנגעהויבן צו בליִען. בעזעמלעך לאַווענדל האָבן זיך פֿאַרקליבן אַזש ביז הינטער דער אַלטער „דודס מויער”. און הינטער יעדן פּלויט פֿון דער אַלטער שטאָט האָבן זיך אַרויסגעהויבן קראַנצן אַרבעס־בלומען און שקאַרמיצלעך אַנעמאָנען און ציקלאָמענען. דער יאַסמין האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אַזש אונטער די טריט פֿון די אייזעלעך אין דעם פונדקא־הויף פֿון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער. און פֿון די אָפֿענע בליטן האָט זיך געטראָגן אַ לעבן־וועבנדיקע דופֿטיקייט, וואָס האָט אָנגעפֿילט מענטשן מיט לוסט צו טעטיקייט, און דאָס ליכט פֿון הימל האָט זיי אָנגעשטעקט מיט אומרואיקער דערוואַרטונג.

ירושלים האָט זיך באַקליידט מיט אַ נײַ קלייד און ברייט געעפֿנט אירע טויערן פֿאַר אירע קינדער, וועלכע האָבן גענומען שטראָמען צו איר פֿון אַלע עקן וועלט. איבער די גאַסן האָבן אָנגעהויבן זיך באַווײַזן די באַבילאָנער. זיי זײַנען געווען פֿון די פֿרײַע אָנקומער. מען האָט זיי דערקענט אין די געדיכטע, שוואַרצע, געקאַרבטע בערד און אין די לאָקן, וואָס זײַנען ווי גלאָקן אַראָפּגעהאָנגען אויף זייערע רוקנס. זייערע פּנימער זײַנען געווען טונקל־גלאַנצנדיקע, ווי באַשמירט מיט בוימל, און געטראָגן האָבן זיי ווײַסע, אויס קעמל־האָר געוועבטע מאַנטלען אָן אַרבל, פֿאַרהעקלט ביז צום האַלדז מיט גאָלדענע העקעלעך, אַזוי לאַנג, אַז זיי האָבן צוגעדעקט די סאַנדאַלן זייערע. זיי זײַנען געווען דאָס רובֿ רײַכע לײַט, מען האָט זיי דערקענט אין זייערע צילינדער־געפֿאַרעמטע דיאַדעמען אויף די קעפּ און די טײַערע רינגען, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע פֿינגער. זיי האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן צווישן זייערע רײַכע קרובֿים אין אויבערשטן טייל פֿון שטאָט; אַזוי אויך די ייִדן פֿון צור און צידון, פֿון דעם אינדזל צפּורן און פֿון אַנדערע פֿעניצישע פּראָווינצן. די האָבן געטריבן אַ קולט מיט זייערע בערד. אַלערליי פֿאָרמען, וואָס די סירישע מײַסטער־פֿריזירער האָבן אויסגעפֿונען אין זייער רײַכער קונסט פֿון בערד־פֿלעכ־

טערײַ, האָט מען געקאָנט געפֿינען בײַ די פֿעניצישע ייִדן. טייל פֿון זיי האָבן זייערע בערד געפֿלאָכטן אין קלײנע, דינע ראָזעטן, וואָס האָבן ווי אַ בלומענ־קראַנץ אַרומגענומען זייערע פּנימער. אַנדערע האָבן זייערע בערד געלאָזט אַראָפּ־גיסן זיך איבער זייערע בריסטן אין בייטן, ווי אַ גאָרטן. אַנדערע האָבן זייערע בערד אין וועלנדיקע טײַכן פֿאַרוואַנדלט, — אײן וועל אַריבערגיסנדיק זיך איבער דער אַנדערער. נאָך אַנדערע האָבן געקאַרבט זייערע בערד אין פּערל־שנירן, וואָס האָבן ברייט און לאַנג זיך געשלענגלט איבער זייערע בריסטן. ווי מיט די בערד, אַזוי האָבן די צורער און צדונער געטריבן שפּיל מיט זייער קלײדונג: אַלערליי חיות און פּלאַנצן זײַנען געווען אויסגעהאַפּטן אויף זייערע מאַנטלען, טוניקעס און גאַרטלען. די חכמים האָבן גרויס ספק געהאַט, צי זייערע קליידער זײַנען ריין פֿון שעטנז, און זיי האָבן געאסרט צו טראָגן אין ירושלים קליידער מיט צורות פֿון חיות און בהמות; עס האָט אָבער ווייניק־וואָס געהאָלפֿן. די צדונער זײַנען געווען אַזוי צוגעוואוינט צו די געפֿאַרבטע און אויסגעהאַפּטענע קליידער זייערע, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט זיך שיידן פֿון זיי, און זיי האָבן די צורות פֿון בהמות אויף זייערע קליידער ביז צו דער עזרה פֿון בית־מקדש אַרײַנגעטראָגן; אַזוי אויך די עולי־רגלניקעס פֿון די גריכישע און אַפֿריקאַנישע פּראָווינצן, אָדער די, וואָס זײַנען געזעסן אין די שטעט פֿון דעקאַפּאָליס, וואָס פּאָמפּעאוס הרשע האָט אָפּגענומען פֿון אונדז. זיי האָבן אַלע געטראָגן לויט דעם דרך פֿון די גויים, רײַך־געפֿאַרבטע און מיט צורות פֿון חיות אויסגעהאַפּטענע קליידער. אויך די ייִדן, וואָס זײַנען געקומען פֿון דער פֿעלדזן־שטאָט פּיטרא, האָבן אָנגענומען די מידות און מנהגים פֿון זייערע גוישע שכנים אין זייער קליידונג, אין זייער שמירן זיך מיט דופֿטיקע אײלן, ווי אויך אין זייער אומגיין מיט טהרה. דאָס האָט אויפֿגערעגט די תּלמידי־חכמים. מען האָט זיי געהאַלטן פֿאַר אומריין, — און די חכמים האָבן פֿאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן ברענגען די רייניקונג־קרבנות און זיך לאָזן באַשפּריצן מיט וואַסער, גע־מישט מיט דעם אַש פֿון דער פּרה־אדומה, איידער זיי גייען אויף אין בית־מקדש אַרײַן צו ברענגען זייער קרבן פּסח.

דאָס זײַנען אַלץ אָבער געווען די רײַכע עולי־רגלניקעס, וואָס זײַנען געקומען פֿון די ווײַטע פּראָווינצן און האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן בײַ זייערע קרובֿים אָדער האַנדל־פֿרײַנד, וואָס זיי האָבן געהאַט צווישן די נגידים און אַריסטאָקראַטן אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט אָדער אין דעם אַריסטאָקראַטישן פֿערטל פֿון הר־הצופֿים. אין דעם אונטערשטן טייל שטאָט און אויפֿן ברייטן מאַרק האָט מען גע־זען די אָרעמע עולי־רגלניקעס: די ייִדישע פּרויען פֿון דעם טאָל פֿון ירדן, די בערג־לײַט פֿון די הרי־יהודה, די פּאַרמער פֿון שרון, די ווײַן־פּלאַנצער פֿון שפֿולת, די אַקערלײַט פֿון גליל און בית־שמן, די אייזל־ און קעמל־אויפֿציִער פֿון דעם לאַנד פֿון סדום, וואָס איז אויף יענער זײַט ים־המלח, די פֿישער־לײַט פֿון ים־כּנרת, די ים־פֿאָרער פֿון יפֿה, פֿון עכּה. אַנדערע פּנימער, אַנדערע לײַבער, און אַנדער באַקליידונג. פּנימער, וואָס די זון האָט באַלעקט מיט פֿייערדיקע צונגען; פּנימער, וואָס דער ווינט האָט געשמיסן אין זיי און די נויט האָט געגראָבן אין זיי אירע גריבער. זייער נאַקעטקייט איז געווען באַדעקט מיט פֿעלן פֿון שאָף אָדער מיט שטיקער קעמל־פֿעל, אָדער מיט אַ פֿעל פֿון אַ חיה פֿון מדבר, וואָס האָט באַדעקט נאָר זייער שאַנד. זייערע נאַקעטע לײַבער זײַנען געווען אויסגעשטעלט צו דער זון,

נישט געווען באַדעקט מיט צעפּוילטע זאַק־קליידער. זייערע בערד זײַנען נישט געווען געקאַרבט און געקעמט אין וועלן, אין בייטן, אין פּערל־שנירן. זייערע בערד זײַנען געווען געקעמט פֿון ווינט, באַשווערט מיט שטויב און פּלעווע̇ס, מיט ציגן־האָר און שעפּסן־וואָל. זייערע קעפּ זײַנען נישט געווען באַדעקט מיט העלמעטן, געהאַמערט אויס זילבער און גאָלד, נאָר ווי די קעפּ פֿון ביימער באַ־וואַקסן מיט טראָלדיק געקרײַזלטע לאָקן. זייערע ווײַבער האָבן נישט פֿאַרשפּרייט אַרום זיך די אויפֿרייצנדע דופֿטיקייט פֿון איילן, וואָס דער גאַנצער אויבערשטער טייל שטאָט איז געווען פֿול מיט זיי. דער ריח פֿון ארץ־ישׂראלס פֿעלד, פֿון זײַן וואַסער, דער ריח פֿון זײַנע שאָף און רינדער האָט זיך געטראָגן פֿון דעם לײַב פֿון זײַן פֿויער. די הענט פֿון די לײַט זײַנען נישט באַהאַנגען געווען מיט גאָלדענע רינגען. די פֿינגער זייערע זײַנען האַרט געווען מיט קרעמפּלדיקע מוסקולן פֿון אַרבעט און שווייס. זייערע ווײַבער האָבן נישט געטראָגן דאָס זײַדנס פֿון פּערסיע, פֿון אינדיע, זײַנען נישט געווען געגאַרטלט מיט גאָלדענע גאַרטלען פֿון תּרשיש און נישט באַהאַנגען מיט קייטן, וואָס האָבן געהאַלטן זייערע פֿלאַקאָנען פּערפֿום. די ווײַבערשע קליידער זײַנען באַשטאַנען פֿון זייערע האָר־שלייערן. צוזאַמענגע־וועבט מיט זייערע האָר־לאָקן, האָבן זיי צוגעדעקט דעם אויבערשטן טייל פֿון זייער נאַקעטקייט. דאָס אָרעמע זאַק־קלייד, געוועבט פֿון קאַנאַפּטשינע און אַדורכ־געשלאָגן מיט געפֿאַרבטע פֿעדעם, האָט באַדעקט דעם אונטערשטן טייל לײַב. זייערע פֿיס זײַנען נישט באַשיצט געווען מיט לאַקירישע סאַנדאַלן; באָרוועסע פֿיס, אָפּגעריבן און צעהאַקט פֿון שטיין, ווי דער נאַקעטער וואָרצל פֿון איילבירט־בוים, וואָס דערלאַנגט אויף די וועגן אַרויס. דערפֿאַר אָבער האָבן זיי אָנגעפֿילט די ירושלימער גאַסן. ווי די שטראָמען פֿון אַן אָנגעשוואָלענעם טײַך אין רעגן־צײַט, האָבן זיי אַרויסגעשוימט איבער די ברעגן פֿון די ירושלימער מויערן. יעדער ווינקל איז פֿול געווען מיט זיי. זיי האָבן געהויערט אין קופּעס, אין מחנות, — לאַנדסלײַט, משפּחות, חבֿרותאס. זיי האָבן ס׳רובֿ זיך אויפֿגעהאַלטן צווישן אייגענע, וואָס זיי האָבן געהאַט אין שטאָט. יעדע משפּחה, יעדעס הויז, יעדער הויף האָבן אַרײַנגענומען די פֿרעמדע, אויף וויפֿל דאָס אָרט האָט נאָר געקאָנט אויפֿנעמען — און מער. אין דעם פּרט זײַנען די ירושלימער געווען זייער גאַסטפֿרײַנדלעך. זייער פֿיל עולי־רגלניקעס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין די קעלערס, וואָס האָבן זיך געפֿונען אונטער די געוועלבטע בויגנס, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען דער גרויסער בית־מקדש־פּלאַץ. אָבער נאָך מער פֿון די, וואָס האָבן נישט געפֿונען מער קיין אָרט פֿאַר זיך צווישן משפּחות, האָבן פֿאַר זיך געפֿונען אַ היים גאָר פּשוט אויף דער גאַס. מען האָט זיי געזען הויערן אין גרופּעס מיט זייערע ווײַבער און קינדער, מיט זייערע פּעקלעך, מיט זייערע קריגן אייל און שעפּסלעך, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פֿאַרן קרבן פּסח, אונטער יעדן געוועלבטן בויגן, אויף די שוועלן, צווישן די זײַלן, צווישן די דורכגענג פֿון די שטאָטישע געביידעס, אויף די אויסגעפֿלאַסטערטע פֿאַסאַדן פֿון די שטאָטישע פּלעצער, אונטער די בריקן אַפֿילו, וואָס האָבן פֿאַרבונדן דעם אויבערשטן טייל שטאָט מיט דעם בית־מקדש־פּלאַץ; אַפֿילו ביז צו די שוועלן פֿון די פּאַלאַצן אין דער אויבערשטער שטאָט זײַנען זיי דערגאַנגען, ביז אַפֿילו צו די שאָטנס פֿון הורדוסעס טורעמשלע־סער. אַפֿילו צווישן די זײַלן פֿון דעם טעאַטער און דעם היפּאָדראָם, וואו קיין ייִד

האָט נישט אַרײַנגעשמעקט, האָט זיך געגאָסן דער שטראָם פֿון די פֿרעמדע, שוין אָפּגערעדט פֿון די משופּעדיקע טאָלן־וועגט פֿון נחל־קדרון, פֿון גי־הנום. אויס צווײַגן פֿון איילבירט־ביימער און ציפּרעסן האָבן זיי אויפֿגעשלאָגן צײַטווײַליקע איבערדעקן. אַלע מויערן פֿון ירושלים זײַנען באַהאַנגען געווען מיט די פֿרעמדע. אין יעדער לאָך פֿון אַ שטיין האָבן זיי אויסגעמויערט אַ היים פֿאַר זיך.

און דאָך האָט קיינער נישט געזאָגט: „עס איז מיר ענג דאָס אָרט". דער הימל האָט געפּלייצט מיט צעבערס ליכט בײַטאָג, און פֿאַרנאַכט האָבן זיך געשלענגלט די רויך־וואָלקנדלעך, אויפֿגייענדיק פֿון די פֿײַערן, וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן בײַ זייערע געצעלטן. פֿון די טיפֿע טאָלן, וואָס רינגלען אַרום ירושלים, האָבן זיך געלויכטן קליינע אייל־לעמפּלעך און צוואווישן געגעבן פֿון די לײַט, וואָס זיצן לעבן זיי. פֿון אַלע שפּיצן באַרג אַרום ירושלים האָט מען געזען אויפֿגיין וואָלקנדלעך רויך, בלויע און רויטע פֿײַער־פֿלעמלעך, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז מענטשן זײַנען געקומען קיין ירושלים. עס איז געווען, ווי עס וואָלטן מקוים געוואָרן די רייד פֿון נביא: „אין דעם טאָג וועלן שטראָמען די פֿעלקער פֿון דער וועלט צו דעם הייליקן באַרג".

דעם גרויסן קיבוץ ייִדן האָט מען אָבער ערשט אָנגעזען אויפֿן בית־מקדש־הויף. דאָס געסל פֿון די גויים איז געווען אַזוי געפּאַקט מיט די פֿאַרשיידענערליי עולי־רגלניקעס, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אַ שפּילקע צו פֿאַרשטעקן צווישן דער געפּראָפּטער מאַסע. אַלע האָבן זיך געאײַלט פֿאַרצובריטן זיך פֿאַר דעם גרויסן, הייליקן יום־טובֿ, צו רייניקן זיך, צו באַצאָלן זייערע נדרים און נדבֿות, צו ברענגען זייערע קרבנות, אָפּצוצאָלן די מסים פֿאַרן בית־המקדש. פֿאַר דעם בית־המקדש־אוצר איז געווען אַ גרויס געדראַנג פֿון מענטשן, וואָס האָבן געבראַכט אין בית־מקדש אַרײַן זייערע געשאַנקען. פֿיל גזברים פֿון בית־מקדש זײַנען געווען אויסגעזעצט צוצונעמען די נדבֿות אין גאָלד און זילבער, אין טײַערע שטיינער, אין די פֿײַנסטע געוועבטע זײַדן־שטאָפֿן, אין אויסטערלישע איילן, וואָס די לײַט פֿון די ווײַטע פּראָווינצן האָבן געבראַכט צום הייליקטום. אויך זײַנען אויסגעשטעלט געוואָרן די טישלעך פֿון די חלפֿנים, — און אויך דאָ איז געווען אַ גרויס געדרענג פֿון מענטשן, וואָס האָבן אויסגעוועקסלט זייערע דינאַרן, דראַכמעס, טעטראַ־דראַכמעס, מטבעות פֿון אַלע לענדער, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך צורות פֿון געטער, מענטשן און חיות, אַזוי אויך קופּערנע ייִדישע מטבעות, אויף אײַנצוצאָלן די שקלים פֿאַרן בית־מקדש־אוצר. זייער פֿיל לײַט זײַנען אויך געווען פֿאַרזאַמלט אַרום די טישלעך, בײַ וועלכע עס זײַנען געזעסן די סגנים פֿון בית־מקדש־אוצר. יעדעס געלט, וואָס מען האָט געוואָלט האַלטן אין זיכערקייט, האָט מען אַרײַנגעלייגט אין בית־המקדש־אוצר, און עס זײַנען פֿאַרשריבן געוואָרן אין פּנקסים אויף פּאַפּירוס און פּאַרמעט די נעמען און די אײַנגעלייגטע סומעס. באַלד לעבן דעם בית־מקדש־אוצר, אין די זײַלן־גענג אונטער די דעקן, האָבן די בני־חנן אויפֿגעשלאָגן זייערע געוועלבלעך איבער די יום־טובֿים. צוליב דער גרויסער נאָכפֿראַגע אויף קרבנות האָט דאָס גרויס־כּהנישע הויז אַריבערגעטראָגן די געוועלבלעך, וואָס זיי האָבן געהאַט געוויינטלעך אויפֿן הר־הזיתים, אין בית־מקדש־הויף, פֿאַר דער באַקוועמלעכקייט פֿון עולם. אין די געוועלבלעך זײַנען געווען צום פֿאַרקויפֿן טויבן, איילן, מעל, בשמים־בלעטער און אַנדערע געווירצן, וואָס

מען האָט באַדאַרפֿט געברויכן פֿאַר די ריײניקונג־קרבנות. פֿיל װײַבער פֿון דער פּראָװינץ האָבן, נאָכן געבערן, אָפּגעװאַרט מיט ברענגען זײערע ריײניקונג־קרבנות ביז זײ זײַנען עולי־רגל געװען קײן ירושלים. אױך האָבן פֿיל לײַט, אײדער זײ האָבן געבראַכט זײער קרבן פּסח, געװאָלט פֿריִער זיך ריײניקן פֿון דער אומרײנקײט, מיט װעלכער זײ זײַנען געװאָרן אָנגעשטעקט פֿון אָנרירן טמאדיקע זאַכן דורך דעם גאַנצן יאָר. די נאָכפֿראַגע אױף ריײניקונג־קרבנות איז געװען אַזױ גרױס, אַז אַ גרױסע פֿײַערדיקע זײַל איז אױפֿגעגאַנגען פֿון מזבח אַ גאַנצן טאָג איבערן בית־המקדש אין הימל אַרײַן. די ריײניקונג־קרבנות האָט מען געדאַרפֿט קױפֿן אױסשליסלעך אין די געװעלבער פֿון כהן־גדול, װאָס האָבן פֿאַר פּסח פֿאַרנומען דעם גאַנצן בית־מקדש־הױף. מיט צער און צאָרן האָבן די תּלמידי־חכמים געמוזט צוקוקן װי די בני־חנן האָבן זיך צעלײגט איבערן בית־מקדש־הױף מיט זײערע געװעלבער: — אין די זײַלן־האַליעס, װאו אַ גאַנץ יאָר אין אױפֿגעגאַנגען דאָס קול־התורה, איז איצט אױפֿגעגאַנגען דאָס קול פֿון די הענדלער און קרעמער; און דאָרט, װאו די תּלמידי־חכמים זײַנען געשטאַנען און געדרשנט אַ גאַנץ יאָר פֿאַר די תּלמידים און פֿאַרן פֿאָלק גאָטס לערע, זײַנען איצט געשטאַנען די גאָלד־װעקסלער. זײ האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט טאָן, די תּלמידי־חכמים. דאָס הױז פֿון חנן איז דענסטמאָל געװען שטאַרק, און די הענט פֿון די תּלמידי־חכמים זײַנען נאָך געװען שװאַך, — זײ האָבן נאָך נישט געהאַט קײן אײן צענטראַלע אױטאָריטעט, װאָס זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן דעם כּהן־גדול, װי זײ האָבן דאָס שפּעטער באַװיזן אין דער פּערזאָן פֿון הללס אײניקל, רבן גמליאל; דערצו נאָך איז הינטער די חנגס געשטאַנען די רױמישע מאַכט, גרײט צו באַשיצן.

יאָ, מען האָט זי, די רױמישע מאַכט, שױן אָנגעזען אין ירושלים. אין אײנעם מיט דער פֿרילינג־זון, אין אײנעם מיט דעם שטראָם עולים, האָבן זיך געמערט די רױמישע קאָהאָרטן. אַדומס הענט און אַדומס אײַזן האָבן געהאַלטן גאָטס הױז אײַנגעקלעמט אין זײער קלעם. קױם האָבן אָנגעהױבן זיך באַװײַזן די ערשטע עולי־רגלניקעס, אַזױ זײַנען אַראָפּגעקומען קײן ירושלים די קאָהאָרטן פֿון יריחו, פֿון קסריה, פֿון שומרון, אַפֿילו פֿון מעבֿר־הירדן. מען האָט דערזען די אַשקלונישע אָפּגעבערענטע פּנימער. איבערן גאַנצן בית־מקדש־הױף זײַנען געװען אױסגעשטעלט די רױמישע װאַכן. אין האַרץ פֿון ישׂראל האָט געשטעקט אַ מעסער, און דאָס האַרץ האָט נישט אױפֿגעהערט בלוטיקן. אױפֿן האַרץ פֿון ישׂראל, אין בית־המקדש, איז געשטאַנען אַדומס פֿוס און האָט געטראָטן אױף יעדער הײליקײט. די װאַכן אין דער אַנטאָניאַ זײַנען געװאָרן פֿאַרטאָפּלט, פֿאַרדרײַפֿאַכט. מען האָט זײ אָנגעזען אױף די באַלקאָנען, אױף די געזימסן. פֿון די אױסקוק־לעכער האָבן זײ אַרױסגעקוקט צו אונדז מיט זײערע קורצע שװערדן געשאַרפֿט, זײערע פּאַנצערס געאײלט און זײערע הערצער איבערגעפֿילט מיט האַס און קנאה. דאָס אױג פֿון דער אַנטאָניאַ האָט אַ גאַנץ יאָר באַװאַכט דעם בית־המקדש פֿון אינעװײניק; איצט איז עס אַרױסגעקומען אין דרױסן. די קאָהאָרטן האָבן זיך אַרױסגעשאָטן פֿון דער אַנטאָניאַ און זיך אױסגעמישט מיט דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין בית־מקדש־הױף. שװערע װאַכן זײַנען אָנגעשטעלט געװאָרן בײַ אַלע אַרײַנגענג פֿון די אינעװײניקסטע און דרױסנדיקע טױערן. אַפֿילו האַרט צום היכל האָבן זײ דערגרײכט. מיט שטרענגער דיסציפּלין האָבן זײ געטראָגן זײערע פֿיס אין דעם גאַנג פֿון דער

וואָך, געקלימפּערט מיט די קלאַפּן פֿון זייערע פּאַנצערס, געבלענדט מיט די בלאַנקענדיקע חלפֿים פֿון זייערע שווערדן. און בײַנאַכט האָבן זיך אָנגעזען די פֿלאַקערדיקע פֿײַערן פֿון די אויסגעשטעלטע שטורקאַצן איבער די באַוואַכטע מויערן, — און זיי האָבן באַדראָט יעקבֿן און באַשווערט דאָס האַרץ פֿון ישׂראל.

אין דעם יאָר האָט דער פּראָקוראַטאָר זיך פֿריִער אײַנגעשטעלט אין ירושלים ווי אַן אַנדערס מאָל. אַ גרויסער שטאַב פֿון באַאַמטע האָט געמוזט מיטקומען מיט אים: מען האָט עס געקאָנט זען נאָך דער גרויסער באַוועגונג פֿון דעם רוימישן עלעמענט אין ירושלים. די צאַמען אַרום דעם הורדוס־פּאַלאַץ זײַנען געוואָרן אָפּגעשלאָסן מיט וואַכן. מען האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט נאָענט נישט צו דער פּראָקוראַטור און אויך נישט צו אַלע אַנדערע הורדוסישע טורעם־פּאַלאַצן, וועלכע זײַנען געווען באַזעצט מיט רוימישן מיליטער, מיט באַאַמטע, מיט ציווילע און געזעלשאַפֿטלעכע באַגלייטער פֿון דעם פּראָקוראַטאָר. אין אָוונט האָט מען געזען שטורקאַצן ברענען און שײַנען אַרויס פֿון די לעכער פֿון די הויכע, שווערע מויערן. אויך אַנדערע פּאַלאַצן אין ירושלים, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי זיך געהילט אין טונקלקייט, זײַנען אין די אָוונטן באַלויכטן געוואָרן. אויך דער אַלטער, ערנסטער חשמונאים־פּאַלאַץ האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווײַזן סימנים פֿון לעבן. ער איז באַוואוינט געווען מיט הורדוסישע טויער־היטער, וואָס הורדוס האָט מיטגעבראַכט פֿון טבֿריה. מען האָט אויך געוואוסט, אַז די פּרינצן פֿון הורדוסישן הויז שטייען דאָ אײַן, ווען זיי קומען קיין ירושלים. אויף דער דאַך־טעראַסע פֿון פּאַלאַץ, אַרומגעצאַמט מיט אַ שפּיציקן געזימס, האָט מען באַמערקט שפּאַצירן הורדוס אַנטיפּאַ, פֿון זײַן הויפּטשטאָט טבֿריה אַרונטערגעקומען, מיט זײַן קעפּסווײַב הורודיה. מען האָט זיך פֿאַרציילט, אַז עס זײַנען שוין סקאַנדאַלן אויסגעבראָכן אַרום דעם חשמונאים־פּאַלאַץ. הויך־געוואַקסענע כּהנים האָבן באַמערקט פֿון בית־המקדש, ווי דער אדומער, — ווי מען האָט גערופֿן הורדוסן, — איז געזעסן אונטער זײַן באַלדאַכין אויף דער דאַך־טעראַסע פֿון דעם חשמונאים־פּאַלאַץ מיט זײַן קעפּס־ווײַב, דער אויסגעלאַסענער הורודיה, און געקוקט אַרונטער גלײַך אין בית־המקדש אַרײַן. די כּהנים זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן און האָבן עס פֿאַרציילט די קנאים. מען האָט גענומען באַוואַרפֿן דעם פּאַלאַץ מיט שטיינער און שרײַען: „אדומי, אדומי, פֿאַרלאָז דײַן אָרט!" די וואַכן האָבן די קנאים פֿעסטגענומען, אָבער די רוימישע מאַכט, אויפֿן וואונק פֿון דעם פּראָקוראַטאָר פּילאַטוס, האָט זיי שפּעטער באַפֿרײַט, ווײַל זיי ביידע, פּילאַטוס און הורדוס, האָבן געהאַט גרויס פֿײַנדשאַפֿט איינס פֿאַרן אַנדערן. צוזאַמען מיט דעם פֿירשטלעכן הויף, מיט דעם פּראָקוראַטאָרישן שטאַב, זײַנען אָנגעקומען שאַרן סירישע קוכער, כאַלדייִשע פֿריזירער, גריכישע טענצערינס, עגיפּטישע פֿלייטן־שפּילערינס, אַראַבישע זונות, איילשמירער און פּערפֿומען־מישער. דער גאַנצער אויבערשטער טייל שטאָט האָט געווימלט מיט זיי. עס איז באַלעבט געוואָרן דער גרויסער פּאַלאַץ פֿון כּהן־גדול. די משפּחה איז זיך צונויפֿגעקומען. אַלע זין האָבן זיך באַוויזן אויף זייערע אַמטן, מחמת יעדערער פֿון זיי האָט פֿאַרנומען אַ זייער הויכן פּאָסטן אין בית־המקדש. דער איידעם כּיפֿא איז געווען כּהן־גדול. דער אַלטער חנן און זײַן עלטסטער זון אליעזר, ביידע געוועזענע כּהנים־גדולים, זײַנען געווען גלײַך צום רעגירנדיקן כּהן־גדול אין זייער אַמט. אָבער דעם העכסטן רעגירנדיקן פּלאַץ נאָכן כּהן־גדול האָט פֿאַרנומען דער צווייטער

זון, יוחנן: ער האָט געזאָלט ווערן כהן־גדול און ער האָט, דעריבער, געמוזט פריער זײַן דעם כהן־גדולס סגן. דער דריטער זון איז געווען גזבר, קאַסירער. נאָך אַ זון — דער אויפזעער איבער די קאַמערן פון איילן און געהילץ. נאָך איינער — אַן עלטס־טער איבער דער בית־מקדש־וואַך. כיפאַס פּאַלאַץ, אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט, איז געווען דער צענטער פון דעם מענטשן־געווירבל, וואָס האָט אויס־געבראָכן אין ירושלים מיט דעם אָנקומען פון יום־טוב. יעדן אָוונט האָט מען דאָרט געפּראַוועט באַנקעטן, שמחות, פײַערלעכע מאָלצײַטן פאַר די פיל מעכטיקע, אײַנפלוסרײַכע לײַט, וואָס זײַנען אָנגעקומען אויף יום־טוב קיין ירושלים. די ירו־שלימער אַריסטאָקראַטיע, אומקערנדיק זיך צוריק אין שטאָט־אַרײַן פון זייערע ווינטער־רעזאָרטן אין יריחו, האָט נאָכגעטאָן דעם כהן־גדול: זיי האָבן אויך אויפ־גענומען די פיל פרעמדע אין זייערע פּאַלאַצן און זיי פאַרווײַלט מיט באַנקעטן. פון אַלע טירן און פענצטער האָט אין די אָוונטן זיך געהערט פלייטן־שיפל. די פּאַלאַצן־מויערן זײַנען באַלויכטן געוואָרן מיט אייל־לאָמפּן. דאָס ליכט האָט זיך אַראָפּגעגאָסן פון באַלקאָנען, פון די טעראַסן. איבער די אַרײַנגאַנג פון די הײַזער זײַנען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן איידל־געוועבטע טישטיכער, וועלכע האָבן צוגע־וויסן געגעבן, אַז אינעווייניק אונטערהאַלט מען די געסט מיט סעודות.

דאָס הורדוסשע טעאַטער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט, וואָס אַ גאַנץ יאָר איז עס געשטאַנען ווי אַ דאָרן אין יידישע אויגן, האָט, צו דער ביטערקייט פון די רבנים און די תלמידי־חכמים, זיך געקליבן צו געבן פאַרשטעלונגען. מען האָט גערעדט, אַז אַפילו חנבס קינדער באַטייליקן זיך אין די שפּילן, אין די מאַסקן־פּאַראַדן, פּאַנטאָמינעס, רעטאָריקעס, וואָס דער כהן־גדול לאָזט אויפפירן מיט פּראָפעסיאָנעלע און אַמאַטאָרן־שפּילער אויף צו פאַרווײַלן די פרעמדע געסט. פּילאַטוסעס הויף האָט געהאַט זײַן אייגענעם טעאַטער. דער כהן־גדול האָט גענומען אין באַזיץ דעם גרויסן הורדוסשן היפּאָדראָם. עס זײַנען נאָך דאָרטן געווען די סטאַטועס פון די צעזאַרס, וואָס הורדוס הרשע האָט אויפ־געשטעלט אין ירושלים. דער היפּאָדראָם איז געווען דער שטורעם־באָק פון די פרומע ירושלימער יידן. יעדן פסח האָט מען זיך געקליבן אים צו שטורעמען, פאַר־נאַנדערוואַרפן, פונאַנדערנעמען אַ שטיין נאָך אַ שטיין. דעם יום־טוב האָט פּילאַטוס געלאָזט דעם היפּאָדראָם זייער שטאַרק באַוואַכן מיט אשקלונישע פוסגייער און גערמאַנישע רײַטער. מען האָט גערעדט אין ירושלים, אַז פּילאַטוס האָט בדעה דעם יום־טוב דורכצופירן אין היפּאָדראָם — אַ געראַנגל צווישן גלאַדיאַטאָרס און חיות, וואָס פאַר דעם האָט מען שוין געהאַט געבראַכט קיין ירושלים לייבן אין שטײַגן. נאָר דאָס, — האָט מען גערעדט צווישן די יידן אין בית־מקדש־הויף, — וועט מען קיין מאָל נישט צולאָזן אין ירושלים, מען זאָל אַפילו וויסן צו באַצאָלן פאַר דעם מיטן לעבן; אַנשטאָט מיט חיות, וועט מען, הייסט עס, דאָס מאָל זיך ראַנגלען מיט מענטשן. בר־אבאס לײַט האָבן אויסגענוצט די אַלע רייד וועגן דעם שפּיל מיט חיות. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די אָרעמע עולי־רגל־ניקעס אויפן ברייטן מאַרק, האָבן פאַרשפּרייט אַזעלכע ידיעות און צואוויסן גע־געבן, אַז דער שטורעם אויפן היפּאָדראָם וועט זײַן דער סיגנאַל פאַר גרויסע געשעענישן, וואָס אַלע האָבן דערוואַרט דעם פסח אין ירושלים. נאָר וואָס די גע־שעענישן וועלן זײַן, האָט קיינער נישט געוואוסט.

*

דענסטמאָל איז פּלוצלינג עפּעס געשען:

איך געדענק עס ווי הײַנט. עס איז געווען אין פֿרימאָרגן, צו תּפֿילת שחרית, דעם צווייטן טאָג פֿון דער וואָך, נאָך שבת־הגדול. מיר האָבן נאָך געהאַט פֿיר טעג צו יום־טובֿ. פּסח איז דאָס יאָר אויסגעפֿאַלן אום שבת, ריכטיקער, ערבֿ־שבת אין אָוונט. מײַן רבי בקדימון איז געזעסן אויף זײַן שטול אין בית־מדרש און האָט פֿאַר אונדז, זײַנע תּלמידים, וועלכע זײַנען געזעסן צו זײַנע פֿיס אויף בענקלעך בײַ דער ערד, דערקלערט די דינים פֿון קרבן פּסח, די תּקנה, וואָס הלל האָט מתקן געווען, אַז קרבן פּסח איז דוחה שבת. עפּנט זיך אויף די טיר און עס פֿאַלט ווי אַ שטורעמווינט אַרײַן — יהודה איש־קריות. זײַנע אויגן זײַנען געווען רויט, נישט אויסגעשלאָפֿן, און האָבן געברענט מיט אַ ווילדן פֿײַער. זיי זײַנען פֿײַכט געווען, ווי זיי וואָלטן זיך געווען געבאָדן אין פֿײַער־וואַסער. זײַן פֿיגור איז נאָך געווען דינער, אויסגעטריקנטער, לײַכטער, ווי ער וואָלט געווען געשוועבט אין דער לופֿטן. גאָכשלעפּנדיק נאָך זיך זײַן מאַנטל, שטרעקט ער אויס צו אונדז אָפּריער זײַנע דינע, בייִנערדיקע הענט און שרײַט אויס, אײדער נאָך ער איז פֿאַר אונדזער רבין געקומען און אײדער נאָך ער האָט אים שלום אָפּגעגעבן:

— עס האָט זיך אָנגעהויבן!

מיר זײַנען אַלע נשתומם געוואָרן פֿון וואָרט. דער רבי האָט אים געפֿרעגט בנחת, זיצנדיק אויף זײַן גלײַכגעמוטערטער שטול בײַ דער וואַנט פֿון בית־מדרש:

— וואָס איז מיט דיר, יהודה? וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, יהודה?

— די גאולה! — האָט יהודה אויסגערופֿן.

דאָס בלוט איז אַנטלאָפֿן אויס אונדזערע פּנימער פֿון דעם וואָרט. מיר האָבן איינס ס'אַנדערע אָנגעקוקט מיט ציטערדיקן שרעק פֿאַר דעם גרויסן וואָרט.

— פֿאַרצייל, וואָס עס איז געשען, יהודה, — האָט אונדזער רבי ווײַטער געזאָגט בנחת, — וואו ביסטו דאָס געווען די גאַנצע צײַט, יהודה? און וואו איז דײַן רבי, יהודה?

— מײַן רבי? דער מלך־משיח שטייט בײַ די מויערן פֿון ירושלים. ער קומט הײַנט אַרײַנצורײַטן, עני רוכב על חמור, אַזוי ווי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט אויף אים, צו נעמען די שטאָט אין זײַן באַזיץ.

און אײדער מיר האָבן נאָך צײַט געהאַט אים אַ וואָרט איבערצופֿרעגן, הויבט יהודה אויף זײַנע הענט, און זײַנע פֿיס נעמען זיך באַוועגן ווי אין אַ טאַנץ. ער פּאַטשט מיט די הענט און ברומט פֿאַר זיך אין התפּעלותדיקן געזאַנג: „„דרך כּוכב מיעקבֿ! ילד יולד לנו! היום יום ה'! הקמותי את סוכּת דוד הנופֿלת!"

אָבער מײַן רבי האָט זיך נישט באַוועגט פֿון דעם אָרט. ער האָט אָנגעקוקט יהודהן און האָט געזאָגט צו אים שוין נישט מער בנחת, נאָר באַפֿעלעריש:

— פֿאַרצייל, יהודה, וואָס איז געשען? עס איז נישט קיין צײַט פֿאַר ווערטער!

יהודה איז געקומען צו זיך פֿון דעם רבינס שטרענגן וואָרט און האָט אָנגעהויבן פֿאַרציילן אָן אָטעם. דאָס מאָל האָט מען אונדז נישט געהייסן פֿאַרלאָזן דעם חדר. מען האָט געפֿילט, אַז עס איז מער קיין סוד נישט און די זאַך איז גלוי:

— „מיר האָבן פֿאַרלאָזט ירושלים פֿאַר צוויי טעג. דער רבי האָט אונדז צוזאַמענגענומען און אונדז אַרויסגעפֿירט אין מדבר יהודה. דאָרט זײַנען מיר אָנגע־

קומען אויף אַן אָרט, וואו עס האָט געלערנט יוחנן. דער רבי האָט אונדז געהייסן גיין ווײַטער צום ברעג פֿון ירדן און וואַרטן אויף אים. קיינעם האָט ער נישט איבערגעלאָזט לעבן זיך. נישט אַפֿילו זײַנע באַליבטסטע תּלמידים, — נישט שמעונען, נישט יוחנן, נישט יעקבֿן. אַליין איז ער איבערגעבליבן אין מדבר. מיר האָבן אים נישט איבערגעלאָזט קיין ברויט, נישט קיין וואַסער, נײַערט דאָס וואַסער, וואָס רינט דאָרט פֿון אַ קוואַל און איז גענוג הויך אויף צו טובֿל־זײַן זיך אין דעם. און ער איז געווען מיט זיך אַליין דרײַ טעג און דרײַ נעכט. און ווען ער איז געקומען צו אונדז פֿון מדבר, האָבן מיר זיך געבוקט פֿאַר אים. מיר האָבן אים נישט דערקענט. דער פּחד פֿון גאָט איז געלעגן אויף אים, ווי די כּרובֿים וואָלטן אים געהויבן אין דער הויך און אַדורכגעגאַנגען מיט אים אַלע פּמליאס פֿון די הימלען. זײַן פּנים האָט געברענט מיט ווײַסן פֿײַער און זײַנע גלידער האָבן גע־ציטערט, אַזוי ווי דער תּהלים זאָגט: כּל עצמותי תאמרנה ה׳. אַלץ אין אים איז געווען אַנדערש ווי פֿריִער. און מיר האָבן באַלד אײַנגעזען, אַז עפּעס וואָס גרויס און פֿרעמדס איז געשען מיט אים. נאָר וואָס עס איז געשען האָבן מיר נישט גע־וואוסט. מיר האָבן נישט געוואוסט, וואָס דער רבי האָט געטאָן אַליין אין מדבר. ער איז מיט אונדז נאָך געווען דרײַ טעג בײַם ירדן. ער האָט זיך טובֿל געווען אין די וואַסערן און זיך זייער מכין געווען פֿאַר עפּעס. און מיר האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „איצט קומט זײַן צײַט!“ — און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווען מיר זײַנען פֿון ירדן אויפֿגעגאַנגען קיין יריחו, האָבן אים די לײַט דערקענט, נישט נאָר די זעעוודיקע, נאָר אויך די בלינדע.

„עס איז דאָרט געזעסן אויפֿן ברעג דער בלינדער בר־תּלמי, וואָס מיר אַלע קענען אים פֿאַר בלינד פֿון זײַן מוטערס בויך. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן וועג. און ווען דער רבי איז פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַר אים, איז עס געווען, ווי ער וואָלט אים געווען געזען. וואָרעם דער בלינדער האָט אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און גערופֿן: „בן־דוד, דערבאַרעם זיך אויף מיר!“ און ווען מיר האָבן דערהערט דאָס שרעקלעכע גרויסע וואָרט אַרויסגיין פֿון דעם מויל פֿון בלינדן, האָבן מיר אים געוואָלט אײַנשטילן, אָבער שמעון האָט זיך אָנגערופֿן: „עס איז אַ גוטער סימן. עס איז אַ סימן, אַז זײַן צײַט איז אָנגעקומען און די ממשלה פֿון מלכות־השמים הויבט זיך אָן, וואָרעם די בלינדע דערזעען דאָס, וואָס די זעעוודיקע זעען נישט“.

„דער רבי האָט צוגערופֿן דעם בלינדן צו זיך און האָט געזאָגט צו אים: „דײַן אמונה האָט דיך געהיילט!“ און פֿון דעמסטמאָל אָן גייט נאָך נאָך אים דער בר־תּלמי, וואָס מיר אַלע קענען אים פֿאַר אַ בלינדן, און ער רופֿט און שרײַט: „איך זע, איך זע... ישוע בן דוד, דערבאַרעם זיך איבער אונדז!“ — און קיינער שטילט אים שוין נישט אײַן. און אַזוי איז עס געווען ווען מיר זײַנען קיין יריחו אָנגעקומען. ווי אַ בת־קול וואָלט פֿאַרויסגעגאַנגען פֿאַר אים און אָנגעזאָגט די בשורה פֿון זײַן קומען, אַזוי האָבן די לײַט געשטראָמט אַרויס פֿון די הײַזער. האָבן אָנגעפּראָפּט די גאַסן, געשטרעקט די הענט צו אים. אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען דערפֿילט אין אים די גבֿורה, מיט וועלכער ער איז געווען באַקליידט, האָבן זיי אים געבענטשט. זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט פֿון אים. נאָר די מוטערס האָבן אים אַנטקעגנגעטראָגן די קינדער. און די לײַט האָבן זיך געריסן איבער אים: יעדער איינער האָט גע־וואָלט, אַז אונטער זײַן באַלקן זאָל דער צדיק קומען, כּדי זײַן הויז זאָל געבענטשט

ווערן פֿון זײַנעט װעגן. דער רבי אָבער האָט דערזען אַ קלײנעם מאַן, וואָס האָט זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף אַ פֿײַגנבוים, אַז ער זאָל קאָנען זען דעם רבין, וואָרעם איבערן געדרענג פֿון פֿאָלק האָט דער מאַן נישט געקאָנט זען. האָט דער רבי גע־רופֿן צו אים: „קום געשווינד אַראָפּ, זאכיוס, איך מוז הײַנט אין דײַן הויז בלײַבן". ווי דער מאַן האָט דאָס דערהערט, אַזוי איז ער פֿאַר גרויס פֿרייד אַראָפּגעשפּרונגען ווי אַ ייִנגל פֿון בוים אַראָפּ, האָט זיך געוואָרפֿן צום רבינס פֿיס און זיך געבוקט צו אים. דערנאָך האָט ער באַגלייט דעם רבין צו זיך אַהיים. די לײַט פֿון יריחו זײַנען נשתומם געוואָרן און זיי האָבן געמורמלט און זיי האָבן געזאָגט: „זעט, ער גייט אַרײַן צו זײַן אַ גאַסט בײַ אַ זינדיקן מאַן!" — וואָרעם זאכיוס איז געווען דער אויבערשטער פֿון אַלע מוכסים.

„אָבער זאכיוס איז געשטאַנען פֿאַרן רבין און ער האָט זיך מודה געווען פֿאַר אים און ער האָט געזאָגט: „זע, האַר, איך גיב די העלפֿט פֿון מײַן פֿאַרמעגן צו די אָרעמע־לײַט. און ווען איך האָב פֿון איינעם עפּעס גערויבט, אַזוי גיב איך אים אָפּ פֿיר־פֿאַכיק". דער רבי ישוע האָט אים געטרייסט און געזאָגט צו אים: „הײַנט איז די ישועה אַרײַנגעקומען אין דעם הויז אַרײַן, וואָרעם דו ביסט אַ זון פֿון אַבֿרהם". און צו די לײַט, וואָס האָבן זיך געוואונדערט, וואָס דער רבי שטײַגט אָפּ בײַ אַ מוכס, האָט ער געזאָגט: „וואָרעם דער בן־אָדם איז געקומען צו זוכן און צו ראַטעווען, וואָס עס איז געווען פֿאַרלוירן". און דער רבי האָט באַוויליקט צו זיצן בײַ דעם מוכס דרײַ טעג. און ער האָט געגעסן דאָרט, און ער איז געשלאָפֿן דאָרט, און ער האָט גערוט דאָרט. און מיר זײַנען אַלע געווען מיט אים, וואָרעם דאָס הויז פֿון מוכס איז געווען גרויס און רײַך. און אויפֿן פֿערטן טאָג ,ווען דער רבי ישוע האָט זיך געהאָט אָפּגערוט פֿון זײַן מאַטערניש אין מדבר און איז געקומען צוריק צו זײַנע כוחות, האָט ער אונדז גענומען און איז אויפֿגעגאַנגען מיט אונדז קיין ירושלים. און מיר האָבן געוואוסט, אַז איצט איז עס געווען דער לעצטער גאַנג. מיר האָבן געוואוסט, אַז איצט האָבן געוואָרט אויף אונדז גרויסע מעשׂים אין ירושלים.

„און אַזוי איז עס טאַקע געווען, ווען מיר זײַנען הײַנט אין דער פֿרי אָנגעקומען ביז די גרענעצן פֿון ירושלים, קיין בית־פּגה, אויף הר־הזתים. דאָרט האָט דער רבי גערוט אַ ביסל אין בית־עינה, בײַ שמעון דעם מצורע. דערנאָך האָט ער גענומען צוויי פֿון זײַנע תּלמידים און געשיקט זיי און געזאָגט: „גייט אין דעם דאָרף, וואָס איז קעגנאיבער אײַך. ווען איר וועט דעריבען אַרײַנקומען, וועט איר דאָרט געפֿינען אַ יונג אייזעלע, וואָס קיין מענטש איז נאָך נישט געזעסן דערויף. בינדט עס לויז און ברענגט עס צו מיר. און ווען איינער וועט אײַך פֿרעגן, פֿאַרוואָס איר לאָזט לויז דאָס אייזעלע, זאָלט איר זאָגן צו אים: — דער האַר האָט עס נויטיק". און די תּלמידים האָבן זיך געוואונדערט און געפֿרעגט איינס בײַם אַנדערן: „צו וואָס באַדאַרף ער אַן אייזעלע? אויף אַן אייזעלע זאָל ער אַרײַנטרעטן אין ירושלים? און מיר האָבן געמיינט, אַז אויף אַ וואָלקן, ווי אליהו התשבי, וועט ער קומען צו פֿליִען איבער ירושלים". אָבער איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם פּסוק און איך האָב צו זיי געזאָגט: האָט איר דען נישט אין אײַער קינדהייט געלערנט, ווי דער נבֿיא זכריה זאָגט נבֿיאות אויף משיחן, ווי אַזוי ער וועט קיין ירושלים אַרײַנ־קומען? אַזוי זאָגט דער נבֿיא: „גילי מאוד, בת־ציון, הריעי, בת־ירושלים! הנה מלכך יבוא לך. צדיק ונושע הוא, עני ורוכב על החמור, ועל עיר בן אתונות". און ווי די

תּלמידים האָבן דערהערט, אַז דער נבֿיא האָט אַזוי נבֿיאות געזאָגט אויף אים, איז זייער שׂמחה זייער גרויס געווען און זיי האָבן געאײַלט צום אָרט צו זוכן דאָס אייזעלע. און איך אַליין האָב געאײַלט צו קומען אַהערצו אײַך אָנזאָגן די בשׂורה, אַז הײַנט קומט דער מלך־משיח אַרײַנצורײַטן אין די ירושלימער גאַסן, כּדי אָנצו־הויבן די ממשלה פֿון גאָט, ווי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט אויף אים, צו פֿאַרטיליקן די פֿײַנט פֿון גאָט, צו צעברעכן זייער געניק מיט זײַן פֿעסטער האַנט און צו ברענגען זייער קאַרק אונטער די פֿוס־טריט פֿון יצחק. די חילות פֿון די הימלען וועלן פֿאַרויסגיין פֿאַר אים!"

שוים האָט געזעצט אויף יהודהס ליפּן, ווען ער האָט געענדיקט זײַנע רייד. זײַן פּנים איז בלייך געווען און זײַנע פֿיס האָבן זיך געבראָכן אונטער אים ווי אומצופֿאַלן. ער האָט זיך געוואַקלט אין זײַן גאַנצן לײַב פֿון דעם הייליקן פֿײַער, וואָס האָט אים אַדורכגענומען.

אויך אויף אונדז איז געפֿאַלן דער פּחד פֿון גאָט, ווען מיר האָבן דערהערט די רייד. אויך מיר האָבן געציטערט אין גאַנצן אין הייליקן פֿײַער. נאָר דער רבי נקדימון איז אַלץ געזעסן אויף זײַן שטול, ווען אַפֿילו דאָס בלוט איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן פּנים און די הויט פֿון זײַנע באַקן האָט זיך געבלייכט אונטער די וואָרצלען פֿון זײַן באָרד. ער איז אָבער געווען אין גאַנצן מנוחה. און ער האָט זיך אָנגערופֿן צו יהודהן:

— יהודה, האָט דײַן רבי געזאָגט, אַז ער גייט אויף קיין ירושלים צו צע־ברעכן די מאַכט פֿון אדום און צו מאַכן אים אונטערטעניק אונטער די פֿיס פֿון צדיק?

— ניין, דאָס האָט דער רבי נישט געזאָגט.

— פֿאַרוואָס ווידער לייגסטו אַרײַן ווערטער אין דײַן רבינס מויל, וואָס ער האָט זיי נישט געזאָגט? האָסטו פֿאַרגעסן, וואָס מען האָט דיך געלערנט: „חכמים, זײַט אויסגעהיט מיט אײַערע רייד"?

— עס דרינגט זיך אָבער אַרויס פֿון זיי. וואָס דען וועט דער בן־דוד טאָן אין ירושלים? וואַרטן מיר דען נישט אויס אויף אים? האָט מען דען אונדז דאָס נישט צוגעזאָגט?

— יהודה, עס איז נישט אַזוי ווי מיר ווילן, נאָר ווי גאָט וויל, און נישט ווי אַזוי אונדז דאַכט זיך עס אויס, נאָר ווי עס איז גוט אין זײַנע אויגן. אויף אַ געפֿערלעכן וועג גייט דײַן רבי, נאָר מן הסתם ווייס ער וואָס ער טוט און דעם רשות, וואָס ער האָט דערויף. איז די זאַך פֿון גאָט, וועט זי באַשטיין; איז זי, חלילה, נישט פֿון גאָט, — בחינם מיִען זיך זײַנע מויערער. גיי, יהודה, טו דײַן רבינס באַפֿעל! און אונדז בלײַבט גאָרנישט מער איבער ווי נאָר אָפּצוּוואַרטן און צו האָפֿן.

און צו אונדז האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— גייט און זעט וואָס עס טוט זיך, וואָרעם גרויסע מעשׂים געשעען אין אונ־דזערע טעג.

# 14

נישט פֿלינקער קאָן פֿליִען אַ פֿײַל פֿון בויגן, ווי מײַן פֿרײַנד, רופֿוס, און איך זײַנען האָנט אין האָנט געשפּרונגען אַרונטער די טרעפּ, וואָס לויפֿן משופּעדיק צום נחל־קדרון. מיר האָבן גענומען דעם קירצערן וועג פֿון דער בית־מגדל־מויער. די משופּעדיקע וואַנט צום טאָל אַראָפּ איז געווען באַלייגט מיט געצעלטן, וואָס די עולי־רגלניקעס האָבן אויפֿגעשלאָגן. מיר זײַנען געשפּרונגען ווי די ציגן איבער מענטשן, בהמות, געצעלטן און פּלויטן, אויסגעקירעוועט זיך אַ וועג דורך די געדרייטע, ענגע געסלעך, וואָס לויפֿן פּאַזע דעם אויסגעטריקנטן, שטיינערנעם, פֿאַרשאָטענעם טײַכל, — און יהודה אָן אַן אָטעם נאָך אונדז, — ביז וואַנען מיר האָבן דערגרייכט דעם פֿוס פֿון דעם הר־הזתים און זײַנען אַרויף, אָן אַן אָטעם, צו דער בית־עינה. אויפֿן וועג, בײַ די חניות פֿון די בית־חנן, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן דעם צוג. ניין, עס איז נישט געווען קיין גרויסער צוג, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מלך־משיח, וואָס ציט אַרײַן קיין ירושלים. אָן אייזעלע איז פֿאַרויסגעגאַנגען, געפֿירט פֿון שמעון בר־יונה, אַ גרוי, אונטערטעניק אייזעלע מיט אַ פּנים פֿון אַ קאַלב. עס האָט געקוקט פֿאָרויס פֿאַר זיך, נאַאיוו, מיט תמימותדיקע, בהמהשע אויגן. און ווען אַפֿילו עס איז געווען נאָך יונג און נישט דרעסירט, — און אייזעלעך זײַנען געוויינטלעך ווילד, — האָט אָבער דאָס אייזעלע, ווי עס וואָלט נאָר געוואוסט וועמען עס פֿירט, געהאַלטן דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגן צו דער ערד און געשטעלט מיט שטאַט זײַנע פֿיס איבער דעם שטיינערדיקן וועג. עס איז געווען באַלאָדן מיט קליידער און טיכער, — און אויף זיי איז געזעסן דער רבי פֿון גליל. זײַנע נאַקעטע, דאַרע, ווײַסע פֿיס, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט פֿון אונטער זײַן ווײַסן סדין, האָבן כּמעט דערלאַנגט ביז צו דער ערד. כאָטש דאָס אייזעלע איז געווען געבויג הויך פֿאַר זײַן עלטער, האָט דער רבי, רײַטנדיק, אויסגעקוקט, ווי ער וואָלט מיט זײַן קאָפּ און אַקסלען אַרויסגעשטיגן איבער די אַלע לײַט, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. ער איז מאָדנע הויך געווען, העכער ווי איך האָב אים ווען עס איז געזען, דאַר, — לויטער הויט און ביינער, — און זײַן פּנים, אײַנגעראַמט אין זײַן שוואַרצער, גרוי־באַשפּרענקלטער באָרד, איז געווען אַזוי ווײַס און בלייך, ווי דער ווײַס־געוואַשענער סדין, וואָסאיז געהאָנגען אויף זײַנע פּלייצעס. זײַן פּנים איז זייער ערנסט געווען. ערנסט און טרויעריק. ער האָט באַוועגט די ליפּן, ווי ער וואָלט מתפּלל געווען פֿאַר זיך. ער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געווען אין גאַנצן תּפֿילה. און די לײַט, וואָס האָבן אים באַגלייט, האָבן אויך אַזוי זיך אויפֿגעפֿירט, ווי זיי וואָלטן געווען אָפּגעריכט אַן עבֿודה פֿאַר גאָט. זיי האָבן געהאַלטן הושענהס אין די הענט, יונגע איילבירט־צווײַגלעך, וואָס זיי האָבן אָפּגעבראָכן פֿון דיביימער אויפֿן וועג, פֿון די איילבירט־ביימער, וואָס האָבן אַריבערגעקוקט אַריבער די פּלויטן פֿון די גערטענער, און זיי געוואָרפֿן פֿאַר די טריט פֿון דעם אייזעלע. אַ טייל פֿון זיי האָבן אויסגעטאָן זייערע קליידער, זייערע זאַק־מאַנטלען, און זיי אויסגעשפּרייט אויפֿן וועג פֿאַר אים. דער צוג איז געווען נישט זייער גרויס, אויך נישט זייער אימפּאָזאַנט, ווי עס וואָלט זיך געפּאַסט פֿאַר

דעם מלך־משיח, וואָס קומט אַרײַנצוריַיטן קיין ירושלים אָנצוהויבן זײַן ממשלה.
ער איז געווען אַרומגערינגלט פֿון זײַנע תּלמידים און אַ פּאָר פֿון די אָרעמעלײַט,
וואָס איך האָב געזען אויבן אין דאָרף בײַ שמעון דעם מצורע. עס האָבן זיך דאָרט
אויך געפֿונען אַ פּאָר קראַנקע, וועלכע האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, אָנגעלענט אויף
זייערע שטעקנס אָדער געפֿירט פֿון קרובֿים, אַ פּאָר בלינדע, וואָס ייִנגלעך האָבן
זיי געפֿירט, און אַ פּאָר מוכסים, וואָס מען האָט זיי געקאָנט דערקענען אין זייערע
אָמטלעכע שילדלעך, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע בריסטן. עס זײַנען נאָך
געווען אַ פּאָר צענדליק ווײַבער, וועלכע זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך די מאַנספּער־
שוינען, אויך מיט הושענהס און פֿעלד־בלימלעך אין די הענט. צווישן די ווײַבער
האָב איך דערקענט מרים פֿון מגדל, וועלכע האָט געפֿירט בײַ דער האַנט, אַנ־
שטאָט דעם בלינדן בר־תּלמי, ווי מען איז אָפּט געוואוינט געווען צו זען, די צווייטע
מרים, וועלכע האָט מיט איר טונקל־פֿאַרשלייערטער הויכער פֿיגור זיך אַרויסגע־
הויבן איבער די אַנדערע ווײַבער. באַלד הינטער זיי איז געגאַנגען שושנה, די
מוטער פֿון די זבֿדיס, וואָס האָט פֿאַר דיקקייט שווער געאָטעמט און נישט געקאָנט
מיטהאַלטן אין גאַנג מיט דער ייִנגערער און שטאַרקערער מרתאן. מרתא האָט גע־
שלעפּט שושנהן נאָך זיך, ווײַל זי האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט אָפּשטיין
און פֿאַרבלײַבן אונטערוועגנס. נאָר מער פֿון אַלע באַגלייטערס האָט זיך אויסגע־
טיילט מיט זײַן אָפּשרעקעדיקער און פֿרעמדער דערשײַנונג אליעזר, מרתאס ברו־
דער. ער איז געגאַנגען באַלד הינטער דעם רבין. זײַן געל־אַשיק פּנים האָט זיך
אַרויסגעזען פֿון אַלע אַנדערע פּנימער. עס האָט, ווי זײַן גאַנצער קערפּער, אויך
געהאַט דעם סקעלעטן כאַראַקטער. אַ סקעלעט, אָטגעטאָן אין קליידער. מיט הילצערנע
צערנע שטײַפֿע פֿיס ווי אַ גולם, האָט ער געטראָטן הינטער דעם אייזעלע.

אין אָנהויב האָבן די באַגלייטער זיך געהאַלטן רואיק. זיי האָבן טאַקע געפּאַטשט
מיט די הענט און געזונגען פּסוקים פֿון הלל אָדער פֿון תּהילים, עס איז אָבער געווען
נישט מער ווי אַ תּפֿילה־אָפּריכטן. וואָס ווײַטער אָבער זיי זײַנען אַראָפּגעקומען
פֿון באַרג און זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, אַלץ מער האָט די פֿרייד פֿון די
באַגלייטער זיך געשטאַרקט. די ווײַבער האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך כאָרכלדיקע
טענער, נאָז־טענער, יעלות, וואָס זיי רופֿן בשעת חדוה, און די חדוה־קולות האָבן
אָנגעשטעקט די מענער. איך האָב געזען, ווי מרים פֿון מגדל איז אַרויס פֿון דער
גרופּע ווײַבער, איז פֿאַראויסגעלאָפֿן פֿאַר דער פּראָצעסיע, האָט אַרונטערגעכאַפּט
פֿון זיך די זײַדענע, קאָלירטע פּערסישע שאַל, און זי אויסגעשפּרייט אין שטויב
אויפֿן שטיינערנעם וועג, אַז דאָס אייזעלע זאָל אַרויפֿטרעטן דערויף, און זי
האָט געהאַלטן אין איין בוקן זיך פֿאַר דעם רײַטנדיקן רבין. נאָך אַ רגע, האָט זיך
געדאַכט, וועט זי אין גאַנצן אַוועקלייגן זיך אויף די שטיינער, אַז דאָס אייזעלע
זאָל אַרויפֿטרעטן אויף איר. זי האָט נאָכאַנאַנד געפּאַטשט מיט די הענט און
גערופֿן: „זעט, זעט, ווער עס קומט! דער מלך קומט אין זײַן פּראַכט!"

דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ צייכן. און יהודה איש־קריות איז עס געווען דער
ערשטער, וואָס פֿון זײַן מויל איז דאָס אַרויסגעגאַנגען דאָס שרעקלעכע גרויסע
וואָרט. ווען ער איז צוגעקומען און האָט דערזען די פּראָצעסיע מיט דעם רײַטנדיקן
רבין אַרויסקומען פֿון דער שטיינערנער וואַנט, וואָס האָט באַגלייט דעם גאַנצן וועג
אַראָפּ פֿון הר־הזיתים, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ התלהבֿות, אַז ער איז פֿאַרויס־

געלאָפֿן פֿאַר דער פּראָצעסיע, האָט אַראָפּגעכאַפּט פֿון זיך זײַן מאַנטל און אים אויס־געשפּרייט פֿאַר די פֿיס פֿון אייזעלע. ער האָט זיך געבוקט טיף פֿאַרן רײַטנדיקן רבין, און האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט און אויסגעשריגן:

„געלויבט איז דער, וואָס קומט אין דעם נאָמען פֿון דעם האַר־גאָט! הושענה אין דער הויך! געלויבט איז דאָס קעניגרײַך פֿון אונדזער פֿאָטער דוד, וואָס קומט אין דעם נאָמען פֿון דעם האַר גאָט! הושענה אין דער הויך!"

ווען די באַגלייטער האָבן געהערט דאָס וואָרט אַרויסגיין פֿון יהודהס מויל, זײַנען זיי ווילד געוואָרן פֿאַר פֿרייד, ווי דאָס וואָרט „דאָס קעניגרײַך פֿון דוד" וואָלט אַרײַנגעדרונגען אינעווייניק אין זיי, ווי אַ גײַסט, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסשרײַען פֿון זיי. זיי האָבן שוין איצט געלאָזט פֿאַלן די פּסוקים פֿון תהלים און פֿון די נביאים, וואָס זיי האָבן געהאַט געזונגען. זיי זײַנען אַרויס פֿון דער פּראָצעסיע און אָנטקעגנגעשפּרונגען דעם קעניג, וואָס קומט אַרײַנצורײַטן קיין ירושלים איבערצונעמען די ממשלה פֿון גאָט. האָבן געשטרעקט צו אים די אייל־בירט־צווײַגן. און שמעון האָט אויסגערופֿן פֿאַר זיי אַלע:

„געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין נאָמען פֿון דעם האַר גאָט! שלום אין הימל, כּבֿוד אין דער הויך!"

נאָר פּלוצלינג איז עפּעס געשען. די פּראָצעסיע איז איצט אַרויסגעקומען פֿון דער שטיינערנער וואַנט, וואָס האָט פֿאַרשטעלט דעם אָנבליק פֿון ירושלים, איז אָנגעקומען צופֿוסנס פֿון הר־הזתים. און פֿאַר די אויגן פֿון די אָנקומענדיקע האָט זיך אויפֿגעעפֿנט, ווי פֿאַר אַ פֿונאַנדערגערוקטן פֿאָרהאַנג, דאָס הערלעכע בילד פֿון ירושלים. ירושלים איז געווען געגליכן צו אַ הירש, וואָס שפּרינגט איבער בערג. די שטאָט האָט זיך געהויבן אין דער הויך און גענידערט אין די טאָלן מיט אירע הײַזער, פּאַלאַצן, טורעמס, ציטאַדעלן, מויערן און בית־מקדש־דעכער. עס איז געווען די ערשטע מיטאָג־שעה. די יונגע פֿרילינג־זון האָט געהערשט איבערן גרויסן, ברייטן הימל און האָט, ווי אַ הון איבער הינדעלעך, מיט אירע ווײַס־שימערדיקע הימל־פֿליגל באַשירעמט און באַשיצט די שפּיצן און די טאָלן פֿון ירושלים. די שטאָט האָט אויסגעקוקט ווי זי וואָלט נישט געבויט געווען אויס שטיין און קאַלך, נאָר אויס זילבער. אויף די דעכער פֿון ירושלימער הײַזער האָבן זיך געפֿונען וואַסער־זאַמלונגען און ציסטערנען. די וואַסער־שפּיגלען פֿון די דעכער האָבן אָנטקעגנגעשלאָגן זייער ליכט צו די הימלען אַרויף, שימערירט מיט רעגנבויגן־פֿאַרבן; די זילבערנע הײַזער זײַנען געווען אײַנגעפֿאַסט, ווי אַ יואוועל, אין די קייטן־מויערן, וואָס האָבן אַרומגעהאַלטן ירושלים ווי גאַרטלען. אָבער ירושלים, ווי אַ ווילדער טײַך, האָט געבראַכן די דאַמבן־מויערן, אין וועלכע מען האָט זי געוואָלט האַלטן אײַנגעצוימט, און זיך געגאָסן אַרויף אויפֿן הר־הצופֿה — צום וועג אַרויס קיין בית־לחם, איז אַריבער די מויערן פֿון דער אַנטאָניאַ, געקראָכן אויף גיי־זיתא. פֿון די מויערן האָבן זיך געהויבן, ווי גרויסע בריסטן, די טורעמס און די וואַך־שלעסער. העכער פֿון אַלע האָבן אַרויסגעשטיגן הורדוסעס טורעם־שלעסער. אָבער די גאַנצע שטאָט, די הײַזער, די שלעסער, די מויערן, זײַנען, ווי אַן אונטערטעניקע אַרמיי, געלעגן צופֿוסנס פֿון דעם פֿלאַמענדיקן הר־הבית. דער בית־מקדש מיט זײַנע גאָלדענע טויערן, מיט זײַנע גאָלדענע גאַניקעס און דעכער האָט געפֿלאַקערט אין דער זון ווי פֿײַער. ער האָט אויסגעקוקט פֿון צופֿוסנס פֿון

הר־הזתים נישט ווי ער וואָלט באַשטאַנען פֿון בנינים, געבויט פֿון מענטשלעכע הענט, מיט ערדישע מאַטעריאַלן, נאָר ווי אַ דערשײַנונג, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל, — פֿלאַמענדיקע ווענט, פֿלאַמענדיקע טויערן, פֿלאַמענדיקע דעכער. פֿון מיטן האָרץ פֿון דעם גאָלדענעם הויז איז אויפֿגעגאַנגען אַ זײַל רויך, זײַן אָנהויב איז געווען געלער פֿלאַם און זײַן עק איז געווען אַ דורכזיכטיקער, גרויער וואָלקן, אין וועלכן עס האָבן זיך געקנוילט טיפֿע, בלויע רינגען פֿון געדיכטן רויך. די גאַנצע דערשײַנונג פֿון בית־המקדש איז געווען פֿאַרן אויג אומערדיש, פֿרעמד, נישט פֿאַרשטענדלעך, הימלדיק. נאָר איבער דער הימלישער דערשײַנונג פֿון בית־המקדש האָט געוואַקסט אַ הויכער, שטיין־גרויער ציטאַדעל, וואָס האָט מיט זײַן פֿרעכן, הויכן טורעם זיך געהויבן ווי אַ שפּיז אין הימל אַרײַן איבער אַלע געבײדעס פֿון בית־המקדש און באַשאָטנט גאָטס הויז מיט דער מאַכט פֿון זײַן פֿויסט, וואָס האָט זיך שווער געלייגט איבערן בית־המקדש.

די גאַנצע פּראָצעסיע איז געבליבן שטיין אַ ווײַל בײַם אָנבליק פֿון ירושלים. ווי אַ רייפֿער פֿולער מילגרוים, איז ירושלים געוואַקסן אויף די בערג פֿון ציון אין די טעג פֿון יום־טוב. טרערן פֿון פֿרייד און פֿון צער האָבן געפֿינקלט אין אַלעמענס אויגן. די הענט האָבן זיך געהויבן צום הימל. די ווײַבער האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך חדוה־יללות: „אָ, ירושלים!" אויך דער רבי האָט אַ ווײַל אײַנגעהאַלטן זײַן אייזעלע. ער האָט געקוקט אויף ירושלים, אויפֿן בית־המקדש. אַלץ איז שטיל געוואָרן, האָט פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם. צוויי גרויסע טרערן האָבן אַרויסגעשפּראָצט פֿון זײַנע אויגן און געקוילערט זיך איבער זײַנע באַקן. ער האָט געפֿילט, וואָס מיר אַלע האָבן געפֿילט אין דער מינוט. אונדזערע נשמות זײַנען געווען דערלייזט און האָבן געקאָנט זיך באַהעפֿטן אין זײַנער. מיר זײַנען אַלע צוזאַמענגעגליט געוואָרן צו אונדזער רבינס טרער און צו זײַן געבעט: „אָ, גאָט, דערבאַרעם זיך איבער ירושלים!"

נאָר איין מינוט האָט געדויערט די הפסקה. רײַט דען נישט דער קעניג אַרײַן אין די טויערן פֿון זײַן שטאָט — אדומס מאַכט צו צעברעכן ווי אַ שטעקן, צו באַפֿרײַען דעם געבונדענעם, צו פֿאַרטיליקן די זינד, אָפּצוואַשן די עוולה און אָנצינדן אַ נײַ ליכט איבער דער וועלט? מלך ביפֿיו תחזנה עיניך, — דעם קעניג אין זײַן שיינקייט זעען דײַנע אויגן! און ווידער האָבן זיך געהויבן די הושענהס, עס האָבן זיך באַשאָטנט די גרינע צווײַגן, וואָס זײַנען אויסגעשטרעקט געוואָרן צו אים פֿון אַלע זײַטן.

„געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין דעם נאָמען פֿון האר גאָט! שלום אין הימל, כּבֿוד אין דער הויך! הושענאַ!"

„געלויבט איז דאָס קעניגרײַך פֿון אונדזער פֿאָטער דוד, וואָס קומט אין דעם נאָמען פֿון אונדזער האר גאָט! הושענאַ אין דער הויך!"

אַז מיר זײַנען אַראָפּגעקומען צו נחל־קדרון, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף פֿיל פֿרעמדע לײַט, וועלכע האָבן געהויזט הינטער די מויערן צוליב דעם געדרענג אין שטאָט פֿון די עולי־רגלניקעס. דאָס רובֿ מענטשן, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אויפֿן וועג איבערן הר־הזתים, זײַנען אויך נישט געווען קיין ירושלימער, נאָר פֿון די ווײַטע פּראָווינצן. זיי האָבן נישט געהערט פֿון דעם רבין פֿון גליל און נישט געוואוסט, וואָס די פּראָצעסיע שטעלט פֿאָר מיר זיך. איניקע פֿון זיי זײַנען מיט־

געגאַנגען פֿון נײַגיריקייט, ווען זיי האָבן געהערט דאָס שרעקלעכע וואָרט, אַז דאָ באַגריסט מען אַ קעניג, וואָס קומט קיין ירושלים. דאָס מלכות בית־דוד האָבן זיי נישט געוואוסט ווי אַזוי צו נעמען, אויף אַן ערנסט אָדער אין שפּאַס. די פֿון זיי, וואָס זײַנען געווען פֿריִער אין ירושלים און בײַגעווען צוזאַמענלויפֿן אין די גאַסן, אויפֿרודערונגען אין בית־מקדש־הויף, — האָבן געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. זיי האָבן נאָך געפֿילט די שמיץ פֿון די ריטער אויף זייערע לײַבער, וואָס זיי האָבן באַקומען פֿון די אויפֿזעער פֿון בית־המקדש, אָדער די מעסער־שטעך פֿון די רוי־מישע וואַכן אין בית־מקדש־הויף. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַזעלכע מאַניפֿעסטאַציעס האָבן זיך געווייינטלעך געענדיקט מיט קרבנות, וואָס די רוימישע וואַכן האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אויף די בריקן פֿון ירושלים אָדער אין בית־מקדש־הויף צו וואַלגערן זיך אין זייער אייגענעם בלוט. זיי האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר די גע־פֿערלעכע ווערטער, און איינער האָט געוואָרנט דעם צווייטן:

— השומר נפֿשו ירחק מהם! — האָט אַ באַבילאָנער אויסגערופֿן און זיך געלאָזט לויפֿן, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך זײַן לאַנגן, געקניפּטן באַבילאָנישן סדין, וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן לכּבֿוד ירושלים.

— איך שפּיר דעם טויט אויף אַ מײַל, לאָמיר בעסער נישט זײַן דערבײַ, — האָט אַ שרונער ייִד געוואָרנט זײַן משפּחה, וועלכע האָט געהויזט אין אַ געצעלט בײַם וועג, וואָס דער רבי איז פֿאַרבײַגעגאַנגען. — שמעון, דוד, דאָ בלײַבט, — האָט ער גערופֿן צו זײַנע זין, וועלכע האָבן זיך געריסן נאָכצוגיין נאָך דער פּראָצעסיע.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען ביז דער צוג האָט אַרײַנמאַרשירט דורך דעם מיסט־טויער אין דעם אונטערשטן טייל שטאָט. קוים איז ער אַרײַנגעקומען אין די ענגע געסלעך, וועלכע האָבן זיך געשלענגלט פּאַזע דוד המלכס טויער, זײַנען די לײַט אַרויס פֿון די לעכער, וואָס זיי האָבן פֿאַרנומען אין דער מויער, און פֿון די הייף. עס זײַנען געווען צווישן זיי פֿיל פֿאַרבער, אייל־מישער, גאַרבער. פֿון דער פונדקאַ פֿון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער זײַנען אַרויסגעקומען פֿיל טרײַבער. אין וואַסער־געסל האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּראָצעסיע פֿיל וואַסער־טרעגער מיט ליידיקע אָדער פֿולע לאָגלען וואַסער, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די פּלייצעס. זיי האָבן, אין אָנהויב, זיך אָפּגעשטעלט, פֿאַרוואונדערט אויף דער מאָד־נער דערשײַנונג, געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן, וואָס דאָס איז אַזוינס. פֿון אַ געוועלבל איז אַרויסגעקומען אַ קופּערשמיד, מיט דעם שטיק קופּער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין אויסשמידן, נאָך אין זײַן האַנט, האָט זיך געשטופּט צו די לײַט און זיך נאָכגעפֿרעגט:

— זאָגט מיר, גוטע לײַט, ווער איז דאָס דער, וואָס זיי פֿירן אין בית־המקדש אַרויף, אַ רבי זייערער?

— אַ רבי? שוין איין מאָל אַ רבי! דו קענסט אים נישט? דאָס איז דאָך דער נבֿיא פֿון נצרת!

— וואָס פֿאַר אַ נצרת? ווער האָט דאָס געהערט, אַז פֿון גליל זאָל קומען אַ נבֿיא?

— יאָ, דאָס איז דער גלילער, וועלכער פֿלעגט אָפֿט קומען אין אונדזערע הייף בענטשן די קינדער.

— דעם נבֿיא פֿון גליל פֿירן זיי אין בית־המקדש אַרויף צו קרוינען פֿאַר אַ קעניג! — האָט אַ טאָכטער אַרויפֿגעשריגן אין דער הויך צו איר מוטער, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט פֿון אַן אויסהייל אין דודס אַלטער מויער.

באַלד האָט זיך פֿאַרשפּרייט דאָס קול ביז צו די טיפֿענישן פֿון די ווײַטסטע געכער, וואו די אָרעמקייט איז געזעסן, אַז מען פֿירט אין דרויסן אויף אַן אייזעלע דעם נבֿיא פֿון נצרת אין בית־מקדש־הויף אַרײַן. און עס זײַנען אַרויס ווײַבער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין אויפֿראַמען און צוגרייטן זייערע חורבֿהדיקע שטובן אויף יום־טובֿ, מיט די שטוב־כּלים אין די הענט; אַנדערע מיט זייערע זויג־קינדער בײַ די בריסטן און תּנוקות בײַ די קליידער, — און זיי האָבן אַלע זיך אַרײַנגעלאָזט אין דער פּראָצעסיע אַרײַן. אַ פֿאַרבער, וועלכער האָט געהאַלטן אין פֿאַרבן אַ וואָלן געוועבס בײַ זײַן פֿאַרב־קעסל, האָט דעם פֿײַכטן, פֿריש אין בלוט באַשפּריצטן, אין שאַרלאַך אײַנגעטונקענעם וועב־שטאָף אויסגעשפּרייט אויף דער גאַס פֿאַר די פֿיס פֿון אייזעלע און אַליין, באַשפּריצט אין גאַנצן מיט פֿאַרב, האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט מיט דער פּראָצעסיע. אַ בשמים־מישער האָט זײַן שטויסל בשמים, וואָס ער האָט געהאַלטן אין שטויסן, אויסגעליידיקט אין גאַס פֿאַר די פֿיס פֿון אייזעלע. דער קופּערשמיד האָט אַפֿילו זײַן קופּער אָנגעהאָנגען אויפֿן אייזעלע. עס איז געווען, ווי די לײַט וואָלטן באַזעסן געוואָרן פֿון דעם פֿאַרכּישופֿטן וואָרט, וואָס דאָס מלכות בית־דוד האָט אין זיי אָנגעצונדן. ווי זיי וואָלטן שוין קיין מאָל מער נישט באַדאַרפֿט צוריקקומען צו זייער אָרעמקייט, צו זייער טאָג־טעגלעכער באַשעפֿטיקונג, האָבן זיי אַלץ געוואָרפֿן און זיך געלאָזט מיטן צוג. פֿון אַ ווײַטן הויף איז געקומען אַרויסצולויפֿן יוסף דער קנעכט, דער, וואָס דער רבי האָט אים געהאַט געטרייסט אין דער פּונדקא פֿון די אייזל־טרײַבער. ער האָט אַוודאי געמוזט זיך אַוועקרײַסן פֿון די מילשטיינער. אויף די הענט האָט ער נאָך געטראָגן די שטריק און אויף זײַן פּלייצע — דעם הילצערנעם עול, צו וועלכן ער איז געווען צוגעשפּאַנט בײַ דער מיל־ראָד. און גלײַך ווי עס וואָלט געווען געקומען דאָס גרויסע שמיטה־יאָר, וואָס האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ בן־חורין, האָט ער מיט אַ שטורעם, וואָס האָט געיאָגט פֿון זײַן אויפֿגעפּראַלטער ברוסט, פֿון זײַנע צעפּאַטלטע האָר, פֿון זײַן אויפֿגעריסענעם מויל, זיך אַרײַנגעלאָזט אין דער פּראָצעסיע און געהאָלפֿן מיטשרײַען: „הושענא, אין דער הויך!" — און געפֿאָכעט מיט זײַנע שטריק אין די הענט ווי מיט פּאַלמען־צווײַגן.

פֿון דעם געסל, וואָס פֿירט אַראָפּ צום טײַכל שילוח, האָב איך געזען אַרויסקומען הלל דעם וואַסער־טרעגער, שלעפּנדיק זײַנע פֿולע לאָגלען אויף די פּלייצעס, אין איינעם מיט אַנדערע וואַסער־טרעגער. ער האָט באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּראָצעסיע, פֿאַרגעסנדיק גאָר צו באַפֿרײַען זיך פֿון זײַן משׂא, — און אַזוי האָט ער שוין דעם גאַנצן וועג געשלעפּט די פֿולע לאָגלען וואַסער אויף זײַנע פּלייצעס.

אַזוי איז עס געווען מיט יעדן געסל. דער צוג איז געוואַקסן. דאָס קול איז פֿאַרויסגעגאַנגען פֿאַר אים און האָט אויסגערופֿן: „זיי פֿירן דעם נבֿיא פֿון נצרת אין בית־מקדש אַרויף"! און די מענטשן זײַנען אַרויס אויף דער גאַס. אין וועבער־געסל האָבן די וועבער פּשוט אָפּגעשפּאַנט זייערע נאָך נישט פֿאַרטיקע וועב־שטאָפֿן פֿון די פֿאַכן פֿון די וועב־שטולן און זיי אויסגעשפּרייט איבער דער גאַס. ווען דאָס אייזעלע איז אָנגעקומען מיט דעם רבין אין דעם ענגן געסל, האָט עס זיך גע־

טראָגן ווי אויף אָנגעשוואָלענע וועלן פֿון אַ שוימענדיקן ים. קאָלירטע, האַלבפֿאַרטיקע וועב־שטאָפֿן זײַנען געווען אויסגעלייגט אויפֿן ברוק פֿון גאַס. פֿון די געזימסן פֿון די הײַזלעך, פֿון די טירן, פֿון די פֿענצטער־לעכער, פֿון די געוועלב־לײַסטלעך האָבן אַראָפּגעפּלאַטערט טיכער און לײַלעכער, וועלכע האָבן אין איינעם מיט זייער פֿרייד אויך מאַניפֿעסטירט זייער אָרעמקייט. וואו נאָר אַ פֿרוי האָט פֿאַרמאָגט אַ יום־טובֿ־קלייד, אַ שטיק פֿון איר חופּה־אויסשטײַער, אַ זילבערנעם פּאַסעק, אַ קאָלירטן טוך, אַ האָר־שלייער, אַן אויסגעהאַפֿטענעם שוויס־טוך, האָט זי עס אַרויסגעבראַכט פֿון איר באַהאַלטענעם קאַסטן און עס אויפֿגעהאָנגען אויף די לײַסטן און שוועלן פֿון טיר, אויסגעשפּרייט אויפֿן ברוק פֿון גאַס אָדער אָנגעהאָנגען אויפֿן אייזעלע. דאָס אייזעלע, באַהאָנגען מיט די קליידער, פֿירנדיק אויף זײַן רוקן דעם רבין פֿון נצרת, האָט אָן שרעק געשטעלט מיט שטאַט זײַנע טריט אויף די שטאָפֿן, ווי עס וואָלט געשוועבט אויף וועלן. דער עולם איז שוין איצט, מחמת דער ענגשאַפֿט פֿון די גאַסן, צוזאַמענגעקוועטשט געוואָרן אין איין אויסגעקנאָטענער מאַסע, — מאַן, ווײַב, קינד, געזונטע און קראַנקע, — פֿאָכענדיק ווער מיט אָפּגעשלאָגענע איילבירט־צווײַגלעך, ווער מיט די הענט, און אַלע האָבן זיי געשריגן און גערופֿן מיט עקסטאַז. און אַזוי האָט דער צוג, ווי אַן אײַנגעפּרעסטער טײַך, זיך איבערגעגאָסן פֿון איין ענגן געסל אין דעם אַנדערן, און אין יעדן געסל איז דער צוג געוואַקסן, געוואָרן אַלץ מער אָנגעשוואָלן, ביז דאָס אייזעלע איז דערגאַנגען צו די גאַסן־טרעפּ, וואָס פֿירן פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט אין ברייטן מאַרק אַרײַן.

דער ברייטער מאַרק איז באַלעבט געווען — ווי נאָר ירושלים אין די יום־טובֿ טעג. די קרעמער האָבן געהאַט אַרויסגעשטעלט זייערע סחורות אויף די טישן פֿאַר זייערע קראָמען און פֿאַרלייגט אַ האַלבן מאַרק. דער מאַרק איז אָבער אָנגעפּאַקט געווען מיט פֿרעמדע עולי־רגלניקעס, מיט עלטסטע פֿון משפּחות, מיט אָנפֿירער פֿון חבֿרותאָס, מיט גרופּעס לאַנדסלײַט אויס די געגנטע און ווײַטע פּראָווינצן, וועלכע זײַנען אַרויסגעקומען צו דעם באַרימטן מאַרק צו מאַכן די לעצטע אײַנקויפֿן פֿאַר יום־טובֿ. אַנדערע זײַנען געקומען אַהער צו פֿאַרקויפֿן זייערע סחורות, וואָס זיי האָבן געבראַכט אויף זייערע קעמלען קיין ירושלים; נאָך אַנדערע זײַנען געווען ניִשט מער ווי נאָר צוקוקער פֿון דעם רוישן און קאָכן פֿון דעם שלל מענטשן אויס אַלע לענדער. אַ האַנדל־וואַנדל איז אָנגעגאַנגען בײַ די טישן פֿון די גאָלדשמידן, — די ווײַבער האָבן אַהינגעבראַכט זייערע מענער צו קויפֿן פֿאַר זיי רינגלעך, קייטלעך, פּערפֿום־פֿלאַקאָנען, דיאַדעמס און ברוסט־צירונג. די וועבער האָבן אויסגעלייגט זייערע געפֿאַרבטע שטאָפֿן, די שוסטער — זייערע סאַנדאַלן. די ווײַן־הענדלער האָבן געהאַט זייערע ווײַן־קריגן אויסגעשטעלט אויף די שוועלן פֿון זייערע געוועלבער, אַזוי אויך די פּערפֿומען־מאַכער.

דער צוג, מיטן רבין אויפֿן אייזעלע אין פֿראָנט, געפֿירט פֿון שמעון בר־יונה, מיט די תּלמידים און מיט דער אָרעמקייט פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט אַרויס, — דער צוג האָט זיך אַרײַנגעגאָסן אין מאַרק אַרײַן, ווי אויפֿגעקאָכטע, טיפֿע פֿאַרבן אין אַ קעסל הייס וואַסער. באַלד איז דער גאַנצער באַלעבטער מאַרק באַפֿאַרבט געוואָרן פֿון די ענטוזיאַסטישע משיח־באַגלייטער, וועלכע האָבן געזונגען, פֿאָכענדיק מיט די ריטער, וואַרפֿנדיק קליידער און שטאָפֿן פֿאַר די פֿיס פֿון

אייזעלע, פּאַטשנדיק מיט די הענט אַרום זייער רבין. זינגענדיק די געפּערלעכע סטראָפע: „געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין נאָמען פון דעם האַר גאָט!״

— האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן די קרעמער אין אַ פּאַניק, פאַרוואָנדלט דעם רואיק האַנדלענדיקן מאַרק אין אַן אויפגעקאָכטן, אויפגעברויזטן טײַך. פלינק האָבן די די ווײַן־הענדלער, די האַניק־סוחרים אַרײַנגעכאַפּט זייערע קריגן אין זייערע גע־ווײַלבער אַרײַן, וואָרעם פיל קריגן זײַנען שוין געווען צעטראָטן מיט די פיס פון די משיח־באַגלייטער, וואָס האָבן אַלץ געשטראָמט אַרויס פון די ענגע געסלעך אַרום דעם מאַרק. דאָס רובֿ מענטשן אויפן מאַרק זײַנען געווען פון די פרעמדע, — באַבילאָנער, פעניציער, אַנטיאָכיער, קורינער. די פרעמדע זײַנען נשתומם געוואָרן, האָבן נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. זיי האָבן זיך געוווּנדערט צו די ירושלימער מיט פראַגעס: וואָס באַדייט דאָס אַלץ? ווּעמען פירט מען דאָס אין בית־המקדש אַרויף מיט אַזעלכע ענטוזיאַסטישע אויסגעשרייען?

— אין כלום! — האָט אַ ירושלימער סדין־סוחר זיי באַרואיקט — דאָס זײַנען גלילער אויפרודערער, וואָס פירן זייערס אַ רבין אין בית־מקדש אַרײַן. מיר דער־קענען זיי אין זייער אויסשפּראַך. מיר זײַנען דאָ, אין ירושלים, שוין געוואוינט דערצו. יעדן יום־טובֿ פירן זיי אַ משיח אין בית־מקדש אַרויף. זייער חלק וועט זײַן דער שטעקן, די רוט און די שווערד פון אדום.

— יאָ, די וואַכן שטייען שוין אויסגעשטעלט.

אָבער אויפן מאַרק האָבן זיך געפונען גלילער, — פישער פון מגדל, בית־צידה און כּפר־נחום, מילנער פון נעים און פּגה, — און פון אַלע אַנדערע שטעט און דערפער און הויפן, וואו דער רבי פון גליל האָט באַוויזן זײַנע נסים און געטרייסט די לײַט. געהערט און געזען, אַז מען פירט אויף זייער רבין, זייערן אַ לאַנדסמאַן, אין בית־מקדש אַרײַן צו קרוינען פאַר קעניג, — פאָטער אין הימל! — אַזוי האָבן זיי אויסגעטאָן זייערע זאַק־קליידער, געוואָרפן זייערע גאַרטלען אין דער הויך, ווי הייסן בלײַ, זיך אַרײַנגעגאָסן אין שטראָם פון די באַגלייטער מיט געשרײַען:

— אונדזער נבֿיא, דער נבֿיא פון נצרת, וואָס איז אין גליל!

זיי האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך די לײַט פון בית־שען, פון טבֿריה, די אַלע לײַט פון עמק־יזרעאל. זיי האָבן גערופן צו די אַנדערע לײַט, וועלכע זײַנען גע־שטאַנען אויפן מאַרק און האָבן זיך צוגעקוקט צום שפּיל:

— קומט, לאָמיר אויפגיין מיט זיי אויפן הר־הבית! מיטן הויך פון זײַן מויל וועט ער פאַרטיליקן אדום!

— אדום מיט די בני הורדוס, מיט די בני־עלי, און אַלע די, וואָס דריקן דעם אָרעמאַן. ווי קורח בשעתו וועט ער זיי אין דער ערד פאַרזינקען.

— ווי אַזוי וועט ער דאָס מאַכן? מיט וואָס פאַר אַ חילות?

— חילות? די חילות פון הימל שטייען אים גרייט צו דינען. האָט ער דען נישט מיט אַ בלויזן באַריר פון זײַן האַנט קראַנקע, געליימטע לײַט בײַ אונדז געזונט געמאַכט? און האָט ער דען נישט מיט צוויי ברויט טויזנטער לײַט גע־זעטיקט? — האָט אַ בית־צידהנער געשריגן.

— און מיט אַ באַפעל פון זײַן מויל האָט ער נישט בײַ אונדז רוחות פון די לײַט אַרויסגעטריבן? זיבן משוגעים האָט ער געהיילט און פינף קרעציקע לײַט האָט ער ריין געמאַכט. און דרײַ בלינדע זײַנען זעעוודיק געוואָרן.

— און בײַ אונדז אויף אַ חתונה האָט ער דען נישט וואַסער אין ווײַן פֿאַר־וואַנדלט? — האָט אַ מאַן פֿון פּגה געזאָגט — קומט אין אונדזערע מקומות, וועט מען אײַך פֿאַרציילן, ווער דער נבֿיא פֿון נצרת איז. יאָ, אויך פֿון גליל קאָן אויפֿ־שטיין אַ נבֿיא! — האָט ער מיט שטאָלץ אויסגערופֿן.

— ע־ע־ר, ער איז או־ו־־נדזערער, פֿון כּפֿר־נחום, — בײַ אונדז, בײַ אונדז — האָט אַ שטאַמלדיקער פֿישער פֿון כּפֿר־נחום געשלאָגן זיך אין האַרצן אַרײַן — פֿון אונדז... בײַ אונדז... לײַט געהײלט... גויים אַפֿילו גלויבן אין אים... אַ רוימישער עלטסטער! — מער האָט ער נישט געקאָנט פֿון זײַן מויל אַרויס־ברענגען און האָט זיך פֿאַרכלינעט.

— מיט דעם בליק פֿון זײַנע אויגן וועט ער די הימלען שפּאַלטן! און די חילות פֿון גאָט וועלן אַראָפּקומען צו קעמפֿן פֿאַר אים, ווי עס שטייט אין פּסוק געשריבן.

— אוי, פֿאָטער אין הימל, רוימס שווערד איז געשאַרפֿט אויף יום־טובֿ! — האָט אַן אומגלויביקער אַרײַנגעוואָרפֿן אַ וואָרט פֿון ספֿק אין דעם ענטוזיאַסטישן עולם פֿון עולי־רגלניקעס — מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע זאַכן. יהודה גלילער האָט אויך געוואָלט די ישועה ברענגען צו פֿרי. די וועגן זײַנען באַזייט געוואָרן מיט געקרײַציקטע ייִדן!

— רוימס שווערד וועט שטומפּיק ווערן! ער וועט זי צעברעכן ווי אַן אָפּגע־שרפֿהטן שטעקן! ער וועט אדומען פֿאַרוואַנדלען אין שטויב און אַש, און אַלע זײַנע פֿרײַנד מיט אים! קומט, לאָמיר אויפֿגיין מיט אים צום הר־הבית און צוזען דעם וואונדער פֿון גאָט מיט אונדזערע אויגן.

זיי האָבן, די פּראָסטע גלילער, אָנגעשטעקט די שרונער, די חבֿרונער, די בית־לחמער, די פֿון טאָל פֿון ישפֿט און די פֿון די בערג פֿון יהודה מיט די נסים און נפֿלאות, וואָס זיי האָבן פֿאַרציילט פֿון זייער רבין. און ווען דער צוג האָט זיך אַרײַנגעריסן אין ברייטן מאַרק איבער די בריקן און די קרומע געסלעך צו די אַריסטאָקראַטישע, אויסגעפֿלאַסטערטע גאַסן און פּלעצער פֿון דעם אויבערשטן טייל שטאָט, איז עס שוין נישט געווען מער קיין צוג פֿון בלינדע, לאָמע קאַליקעס, אַ צוג פֿון פּראָסטע אָרעמעלײַט פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט, אַ צוג פֿון תּלמידים, וואָס פֿירן זייער רבין אין בית־מקדש אַרײַן. עס איז געווען אַ פּראָ־צעסיע פֿון נאָך ישועה אויסגעהונגערטע, נאָך אויסלייז דאָרשטיקע, פֿון אַ גע־פּײַניקט און געמאַטערט פֿאָלק, וואָס אין זײַן פֿאַרצווייפֿלונג קלאַמערט זיך עס אין דעם גלויבן אין זײַן גאָט און גייט נאָך אַ נבֿיא און אַ דערלייזער צום הייליקסטן פּלאַץ, אויף וועלכן דער אויסגעבענקטער וואונדער פֿון זײַן דערלייזונג זאָל ווערן וואָר...

און אַזוי האָט דער רבי פֿון נצרת אויסגעזען, ווען, אײַנגעהילט אין זײַן טלית, מיט די אויגן געווענדט צום הימל, מיט זײַן תּפֿילהדיקן פּנים, מיט זײַנע צום בענטשן אויסגעשפּרייטע הענט, איז ער אין שפּיץ פֿון אַן עקסטאַז־פֿאַרכאַפּטער, רוישנדיקער מאַסע אַרײַנגעריטן ווי אַן אָרעמאַן אויף זײַן אונטערטעניק אייזעלע אין די אַריסטאָקראַטישע, אויסגעפֿלאַסטערטע פּלעצער פֿון דעם אויבערשטן טייל שטאָט. אויך דאָ האָט דער יום־טובֿ אַרויסגעלויכטן פֿון אַלע ווינקעלעך. נישט אָבער מיט רוישנדיקע מאַסן, וואָס פֿילן איבער די גאַסן, ווי אין די אָרעמע טיילן שטאָט. דאָ האָט מען דעם אָנקומענדיקן יום־טובֿ אַרויסגעזען אין די פֿאַרבנרײַכע,

זײַדענע דיוואַנען, אין די ווײַס־געוועבטע אײדעלע טיכער, מיט װעלכע די באַלקאָ־נען, די טויערן, די אַרײַנגענג אין די פּאַלאַצן זײַנען געווען באַהאַנגען, וואָס עס האָט עדות געזאָגט, אַז עס זײַנען געקומען אַהין געסט און מען פּראַוועט פֿאַר זיי סעודות. פֿרומע, טונקעלע ציפּרעסן האָבן זיך געוויגט אַריבער די צוימען, פֿײַן־געפֿלעגטע פּאַלמען האָבן באַצירט די אַרײַנגענג. פֿאַר די טויערן פֿון די פּאַלאַצן האָבן זיך געוויזן גרופּעס באַדינער, וועלכע זײַנען געקומען אַרויסצו־לויפֿן אין דרויסן אַרויס אויף דעם רויש פֿון דער מענגע, וואָס איז מיט ליאַ־רעמדיקע אויסרופֿן אַרויפֿגעקומען, מיט דעם רבין אין דער שפּיץ, פֿון די געסלעך אין דער נידער. אויף די טעראַסן־דעכער האָט זיך דאָ און דאָרט באַוויזן אַ פֿײַן־פֿריזירטע באָרד פֿון אַ מאַנספּערשוין, אָדער דער האָר־שלייער פֿון אַ פֿרוי. מיט שרעק און דערשטוינונג האָבן זיי אַרונטערגעקוקט צו דער גאַס אַראָפּ, זיך געוואונדערט, וואָס עס איז דאָס פֿאַר אַ מאַניפֿעסטאַציע. דערזען אָבער דעם מאַן רײַטנדיק פֿאָרויס אויפֿן אייזעלע, האָבן זיי זיך באַרואיקט און גענומען לאַכן איבער דער מאָדנער דערשײַנונג. פֿון איין טעראַסע האָט אַ פֿריילעכע געזעלשאַפֿט יונגעלײַט זיך געמאַכט לוסטיק בײַם דורכמאַרש פֿון צוג, טײַטנדיק מיט די פֿינגער אויף דעם ענטוזיאַסטישן עולם. בײַ אַנדערע אַרײַנגענג האָט מען פֿון זיכערקייט וועגן אַרויסגעשטעלט וואַכן פֿון דינער און קנעכט — צוריקצוהאַלטן דעם געדרענג פֿון דעם גלילישן און עם־הארצישן פּעבל פֿון די פּאַלמען, וואָס איז אַזוי שווער אויפֿצוציען אין דעם קאַלטן ירושלימער קלימאַט, אַז דער פּעבל זאָל נישט אָפּברעכן קיין צווײַגן צו טראָגן זיי פֿון דעם רבינס כּבֿוד וועגן, ווי זיי האָבן שוין דאָס געהאַט געטאָן מיט די פּאַלמען פֿון אַנדערע רײַכע הײַזער.

דער אויפֿמאַרש פֿון גלילישן רבין צום בית־המקדש האָט, קאָנטיק, קיין גרויסן אײַנדרוק אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט נישט געמאַכט. מען האָט דאָרט העכסטנס זיך אַמוזירט מיט דער פֿאַרבנרײַכער פּראָצעסיע. דורכגייער אין די גאַסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, האָבן אַרויסגעמורמלט זייער אַנטוישונג, וואָס מען לאָזט גאָר אַזעלכעס צו אין ירושלים, און זיך געגאַנגען ווײַטער זייער וועג. קיינער אָבער האָט דער פּראָצעסיע נישט געשטערט. אַפֿילו די וואַך פֿון כּהנישע קנעכט און פֿון רוימישע לעגיאָנערן, וועלכע זײַנען איבער די יום־טובֿ־טעג געווען אויס־געשטעלט פֿאַר דעם גרויסן פּאַלאַץ פֿון כּהן גדול כּיפֿא, האָבן דעם צוג אַדורכ־געלאָזט אומגעשטערט. זיי האָבן נאָר אָפּגעהיט, אַז דער פּעבל זאָל זיך נישט אַרײַנרײַסן אין טויער אַרײַן און נישט צעטרעטן די בייטן גרינס און די בלומען־רייען, אויך נישט אָנרירן די פּאַלמען־צווײַגן. וואָס דעם רבינס באַגלייטער האָבן געהאַט דערצו גרויס חשק. דאָ, פֿאַר דעם פּאַלאַץ פֿון כּיפֿא, האָט די מאַסע באַ־גלייטער נאָך העכער געהויבן זייערע שטימען. אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט דראָען דעם פֿאַרהאַסטן הויז פֿון חנן, האָבן זיי אויסגעשריגן:

„געבענטשט זאָל זײַן דער, וואָס קומט אין נאָמען פֿון האַר גאָט! הושע־נא אין דער הויך!"

איך האָב נאָר באַמערקט, ווי דער אָנפֿירער פֿון דער כּהנישער וואַך, מיט דעם שווערן בלײַ־שטעקן אין זײַן האַנט, האָט אַרײַנגעברומט אין זײַן געדיכטער שוואַר־צער באָרד אַרײַן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ פֿאַר אויפֿרעגונג, וואָס מען לאָזט הײַנט צו אַזאַ אומאָרדענונג. ער האָט געמוזט קריגן אַ שטרענגן באַפֿעל נישט צו שטערן

די מאַניפֿעסטאַציע מיט מאַכט, וואָרעם ער האָט מיט קיין פֿינגער נישט אַ ריר געטון זי צו פֿאַרווערן אָדער פֿונאַנדערצוטרײַבן, וואָס עס האָט אונדז אַלעמען שטאַרק פֿאַרוואונדערט. דאָס זעלבע איז אויך געווען, ווען די פּראָצעסיע איז אָנגעקומען פֿאַר די ערנסטע הויכע מויערן פֿון דעם חשמונאים פּאַלאַץ. מען האָט געוואוסט, אַז דער „אַלטער פֿוקס״, ווי מען האָט גערופֿן הורדוס אַנטיפּאַ, געפֿינט זיך שוין אין פּאַלאַץ, אַז ער איז, באַגלייט פֿון אַ גרויסער סוויטע, שוין אָנגעקומען קיין ירושלים אין צײַט. די פּראָקוראַטאָרן האָבן פֿאַרוואַנדלט דעם הורדוס־פּאַלאַץ אין דער פּראָקוראַטאָריע, האָבן די הורדוסשע פּרינצן, ווען זיי זײַנען געקומען קיין ירושלים, באַוואוינט דעם אַלטן חשמונאים־פּאַלאַץ. דער אַרײַנגאַנג אין פּאַלאַץ איז געווען שווער באַוואַכט מיט רוימישע לעגיאָנערן, אָנגעפֿירט פֿון אַ רוימישן אָפֿיציר, וואָס דער טעטראַרך האָט מיטגעבראַכט אין זײַן סוויטע פֿון טבֿריה. אָבער אויך דאָ האָט די וואַך אומגעשטערט אַדורכגעלאָזט די מאַניפֿעסטאַציע, האַלטנדיק נאָר די מאַסע אַ טפֿח אָדער צוויי אָפּגערוקט פֿון די מויערן. דאָ און דאָרט האָט אַן אַשקלונער אָדער סירישער לעגיאָנער אָפּגעלאַכט און חוזק געמאַכט פֿון דעם רבין, וואָס מען האָט באַגלייט מיט אַזאַ פּאַראַד, געטײַט אויף אים מיט די פֿינגער און נאָכגעשריגן מיט שפּאָט: „דאָס פֿירן זיי דעם ייִדישן קעניג אין בית־מקדש אַרויף״, און אַזוי ווי צו באַשטעטיקן זייערע רייד, האָט די מאַסע באַגלייטער איצט נאָך העכער ווי פֿריִער געזונגען, טאַנצנדיק פֿאַר דעם רבינס אייזעלע, שאָקלענדיק מיט די איילבירט־צווײַגן: „געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין נאָמען פֿון דעם האַר גאָט!״.

דאָס וואָרט, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין די שווערע מויערן, האָט אַוודאי נישט דערגרייכט צו די אינעווייניקסטע חדרים; מען האָט דאָרט, אינעווייניק, אַוודאי גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען. נאָר איבער דעם הויכן טעראַסע־טורעם פֿון דעם חשמונאים־פּאַלאַץ, פֿון וועלכן מען האָט געקאָנט אַראָפּקוקן אין דעם בית־מקדש־הויף, האָבן אָנגעהויבן ציטערן און באַוועגן זיך, ווי זילבער אין דער זון, גלאַנצנדיקע טראָפּיען און פֿענער פֿון הורדוסשן הויז, — זיי האָבן באַצירט דעם פּאַלאַץ יעדעס מאָל, ווען דער טעטראַרך איז דאָרט געווען. צווישן די פּלאַטערדיקע פֿענער האָט זיך באַוויזן אַ קאָפּ, וואָס האָט מיט נײַגיר און דערשטוינונג אַרונטער־געקוקט אויף דער רוישנדיקער מאַסע באַגלייטער. איז עס געווען דער קאָפּ פֿון דעם טעטראַרך, וואָס דאָס אומהיימלעכע וואָרט „דודס הויז״, אויפֿרייצנדיק זײַן דינאַסטיש בלוט, האָט אַרויסגעבראַכט פֿון זײַן מנוחהדיקן זון־לאַגער, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן מיט זײַנע לײַט אויף דער טעראַסע פֿון פּאַלאַץ־דאַך, צוצוזען מיט צערודערטן שרעק די פּראָצעסיע צום בית־מקדש־הויף? אָבער דער קאָפּ האָט זיך באַוויזן נישט מער ווי אויף איין מינוט: קאָנטיק, אַז דער אָנבליק פֿון דעם מאַן, וואָס די מאַסע האָט באַגלייט, האָט אים פֿאַרזיכערט, אַז פֿאַר דעם־אַ האָט ער נישט געהאַט וואָס צו שרעקן זיך.

די מאַסע איז דערווײַל וואָס אַמאָל מער געוואַקסן. דאָס קול וועגן דעם, אַז מען פֿירט דעם נבֿיא פֿון נצרת, וואָס איז אין גליל, אָנצוהויבן זײַן לאַנג־צוגעזאָגטע מלכות־שמים, האָט דערגרייכט אַרונטער אין דעם טאָל פֿון די קעז־מאַכער, וואָס איז געווען אין מערבֿ־זײַט פֿון ירושלים. איבער די גאַסן־קאַנאַלן האָבן אָנגעהויבן אַרויפֿשטראָמען פֿון דאָרטן מאַסן מענטשן, וועלכע זײַנען געווען פֿאַרנומען בײַ

זייערע מלאָכות אָדער בײַם האַנדל. אויך פֿון דעם שעפּסן־מאַרק, אין צפֿון־זײַט, וואָס איז געווען, איצט, פֿאַר יום־טובֿ, אַוודאי פֿול מיט קונים און שעפּסן־הענדלער, זײַנען געקומען אַנצולויפֿן פֿיל פֿרעמדע שעפּסן־טרײַבער און שעפּסן־סוחרים. דאָס רובֿ אַנגעלאָפֿענע האָבן גאָרנישט געוואוסט, ווער עס איז דאָס געווען דער „נבֿיא פֿון נצרת", וואָס מען פֿירט אים אַזוי מיט פּאַראַד אין בית־מקדש אַרײַן. זיי האָבן צום ערשטן מאָל געהערט זײַן נאָמען. זיי זײַנען אָבער אָנגעשטעקט געוואָרן פֿון די ענטוזיאַסטישע אָנהענגער זײַנע, וועלכע זײַנען געווען געקומען פֿון די שטעט, וואָס דער נצרתער האָט דאָרט באַוויזן זײַנע נסים און געדרשנט אין די שולן. זיי האָבן מיטגעריסן די פֿרעמדע לײַט מיט זייערע האָפֿענונגען, וואָס זיי האָבן געלייגט אויף זייער לאַנדסמאַן, וואָס זיי פֿירן אים איצט אין בית־מקדש אַרײַן זיי צו רעאַליזירן. די מערסטע צושטראָמער זײַנען אָבער נישט געווען קיין ענטוזיאַסטישע מיטמאַכער, נאָר נײַגעריקע באָאָבאַכטער, וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט אַן אומגעווייַנלעכע דערשײַנונג. זיי האָבן, דעריבער, געפֿאָדערט בײַ זייערע ענטוזיאַסטישע צוריידער דעם נבֿיאס נסים. „נו, ווען וועט ער שוין די הימלען שפּאַלטן ?" — האָבן זיי געפֿרעגט איינס בײַם אַנדערן. און די באַגלייטער האָבן זיי פֿאַרזיכערט, אַז דאָס וועט געשען, ווען דער רבי וועט דערגרייכן דעם בית־מקדש־הויף. זײַנע אָנהענגער האָבן אַזוי אַרום דעם אויסערגעוויינלעכן אויפֿטו פֿון זייער רבין ווי אַ משכּון אײַנגעלייגט בײַם גרויסן ערבֿ־רבֿ, וואָס איז אָנגעלאָפֿן בײַצוזײַן די פֿאָרשטעלונג, וואָס דער נבֿיא וועט באַווײַזן.

דערווײַל אָבער האָט דער מאַן אויפֿן אייזעלע, וואָס האָט אויפֿגעוועקט אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע האָפֿענונגען, זיך אויפֿגעפֿירט גאָרנישט ווי אַ מלאך, וואָס איז אַראָפּגעקומען פֿון הימל און האָט אין זײַן מאַכט אַלע קרעפֿטן פֿון דער ערד און פֿון הימל, — נאָר ווי אַ געוויינלעכער בשׂר־ודם, ווי אַן אָרעמער רבי פֿון דער אומבאַוואוסטער, פֿאַרלאַכטער פּראָווינץ־שטאָט נצרת, וואָס זײַנע אָרעמע, גראָב־יונגישע אָנהענגער באַגלייטן דאָס אים אין בית־מקדש אַרײַן. דער רבי, זיצנדיק אויפֿן אייזעלע, אײַנגעהילט אין טלית, וואָס זײַנע לאַנגע ציצות זײַנען אַראָפּגעהאַנגען ביז צו די פֿיס פֿון דעם אייזעלע, איז, וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צום בית־המקדש, אַלץ מער אַרײַן אין דבֿקות. זײַנע אויגן האָט ער געהאַלטן פֿאַרמאַכט, ווי ער וואָלט מיט זיי אין זיך אַרײַנגעקוקט. זײַן פּנים איז וואָס אַמאָל בלייכער געוואָרן, און זײַנע ליפּן האָבן אַלץ נישט אויפֿגעהערט צו באַוועגן זיך אין אַ תּפֿילה. ווי ער וואָלט אין גאַנצן געווען אַוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער, אין אַ הימלישער וועלט, האָט ער גאָרנישט געזען, וואָס עס איז געווען אַרום אים. דעם רבינס האַלטן זיך האָט אָנגעשטעקט די נאָענטסטע באַגלייטער, זײַנע תּלמידים. זיי האָבן זיך פֿרום געשטעלט אַרום דעם אייזעלע, ווי בײַ אַ תּפֿילה, פֿאַרמאַכט די אויגן בדחילא ורחימא, מכוון געווען זייערע כּוונות מיט דעם רבינס, שאָקלענדיק מיט זייערע אָפּגעפֿאַלענע איילבירט־צווײַגן פֿאַר אים, ווי סוכּות מיט די הושענהס, און גערופֿן אין גרויס ציטערדיקייט: „הושענא אין דער הויך !" — ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיט זייער רופֿן שטאַרקן דעם רבינס הענט אין דער גרויסער, פֿורכטבאַרער זאַך, וואָס ער וועט באַלד באַווײַזן. נישט נאָר זײַנע תּלמידים, נאָר אַלע, וואָס האָבן געגלויבט אין אים באמונה־שלמה, אַז ער איז געשיקט פֿון הימל צו ברענגען די ישועה, זײַנען איצט, בײַ דעם גרויסן מאָמענט, אָנגעשטעקט גע־

וואָרן מיט דעם ערנסט און מיט דער הייליקייט. זיי האָבן פֿאַרגעסן אַלץ, וואָס עס איז אַרום זיי, און זיך מכין געווען צו זײַן מיט זייער רבין אין איין דעה, די זכיה צו האָבן צו זײַן עדות פֿון די גרויסע הימלישע געשעענישן. פֿיל פֿון זיי זײַנען אַזוי בלייך געווען, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אין זייער לעצטן גאַנג מיט זייער רבין אין דעם הימלישן לעבן אַרײַן. איך האָב פּלוצלינג באַמערקט צווישן די נאָענטסטע באַגלייטער דעם גר, דעם גריך, אַברהם בן אַברהם. זײַן קאָפּ איז, ווי תמיד, געווען אײַנגעבויגן טיף צו דער ערד, נאָר די ענטוזיאַסטישע פֿרייד האָט אַראָפּגעשײַנט פֿון זײַנע אײַנגעהויקערטע אַקסלען. ער איז געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט הלל דעם וואַסערטרעגער. און ווי הלל דער וואַסערטרעגער, האָט ער זיך אין הייליקן ציטער געשאָקלט. אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ ייד פֿון זײַן מוטערס טראָגן און פֿון זײַן מוטערס געבערן, איז ער פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם הייליקן מאָמענט און האָט מיטגעפּאַכעט מיט זײַן הושענא, רופֿנדיק אין זײַן פֿרעמדן אַקצענט די העברעאישע ווערטער: „הושענא במרום!‟ — און זײַן גאַנצער, צו דער ערד געבויגענער קערפּער איז דערבײַ פֿול געווען מיט הייליקער באַוועגונג. זיי ביידע, דער גר און הלל, האָבן אַנגעכאַפּט בײַם גאַרטל יהודהן, וועלכער איז אויך געווען פֿאַרכאַפּט אין עקסטאַז, און אַלע דרײַ האָבן זיך גענומען בײַ די הענט און געטאַנצט מיט התפּעלות אַרום זייער רבין. און אַזוי אויך זײַנען געווען די אַנדערע תּלמידים, — יוחנן, יעקב, בר־תּלמי, וועלכער איז מיט זע־עוודיקע אויגן געגאַנגען אַזוי ווי אַ בלינדער. שמעון דער קנאי האָט געבײַלט די פֿויסטן, געביסן די ליפּן, ווי ער וואָלט אַ דונער געהאַט אין זיך. ער איז געווען פֿול מיט דינאַמישער קראַפֿט, וואָס האָט געשלאָגן פֿון אים. און אַזוי איז אויך געווען יוחנן פֿון די זבֿדים. נאָר שמעון, שמעון בר־יונה אַליין, וועלכער האָט געפֿירט דאָס אייזעלע, האָט נישט געטאַנצט, נישט געפּאַטשט מיט די הענט און נישט געזונגען: ער איז געגאַנגען ווי אַן עבֿד פֿאַר זײַן האַר, ווי אַ תּלמיד פֿאַר זײַן רבין. די זכיה און די פֿרייד פֿון דעם הייליקן גרויסן מאָמענט האָבן פֿאַרשנירט זײַנע ליפּן און אויפֿגעעפֿנט די קוואַלן פֿון זײַנע אויגן. ווי די מענער, אַזוי זײַנען אויך געווען די ווײַבער. זיי האָבן אויפֿגעבלאָזן די באַקן און געקלאַפּט אין זיי, און די אויפֿגייענדיקע, שאַלנדיקע רופֿן, וועלכע האָבן זיך געהערט פֿון צײַט־צו־צײַט, האָבן, ווי אייל אויף פֿלאַקערדיקן פֿײַער, געוועקט די פֿרייד, געהויבן די באַגייסטערונג.

אָבער נישט געקוקט אויף דער פֿרייד, דעם שטאָלץ, דעם בטחון און דער אמונה, נישט געקוקט אויף דער ליבע און איבערגעגעבנקייט, וואָס זײַנען געפּלאָסן פֿון די באַגלייטער צו דעם, וואָס קומט ווי אַ האַר אַרײַן אין דעם נאָמען פֿון גאָט אין זײַן הייליקער שטאָט, איז די עניוות פֿון רבין דאָך געווען גאָר אין לשער, נישט צו פֿאַרשטיין. ער האָט זיך אויפֿגעפֿירט טאַקע ווי אַן עני רוכב על חמור. צוויי מאָל האָט אָפּגענייגט זײַן אייזעלע, אָפּגעהאַלטן דעם גאַנג און געלאָזט אַנ־דערע פֿאַרבײַגיין, זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג. איין מאָל איז דאָס געווען אין ברייטן מאַרק. פֿון אַ זײַטן־געסל איז אַ חופּה־צוג אים אַנטקעגנגעקומען. די מחותּנים און די באַגלייטער האָבן געטאַנצט פֿאַר דער כּלה, צום טאַקט פֿון די פֿלייטן־שפּילער, און געזונגען: „כּלה נאה, כּלה יפֿה!‟. ווען דאָס פּאַטשן פֿון די טאַצן און דאָס שפּילן פֿון די פֿײַפֿלעך איז דערגאַנגען צו אונדז פֿון דעם געסל אַרויס,

האָט דער רבי אָפּגעשטעלט דאָס אייזעלע און די גאַנצע מאַסע הינטער אים,
און אַדורכגעלאָזט דעם חופּה־צוג: די כּלה, די טאַנצנדיקע מחותּנים, די כּלי־
זמרים, די באַגלייטער, מיט די אָנגעצונדענע לאָמפּן אין העלן טאָג. די תּלמידי־
חכמים, וועלכע זײַנען מיטגעגאַנגען מיטן רבין, האָבן אים דערפֿאַר געריכטן
און געזאָגט, אַז דער רבי פֿון נצרת פֿירט זיך לויטן דין, מחמת אַפֿילו אַ קעניג
שטעלט אָפּ זײַן גאַנג פֿאַר אַ כּלה. דאָס צווייטע מאָל איז עס אָבער נישט גע־
ווען קיין פֿריילעכער אָפּשטעל. אַדומס רשעותדיקע האַנט האָט מיט געוואַלט,
מיטן כּוח פֿון שווערד אַדורכגעשניטן זיך אַ וועג דורך דעם האַרץ פֿון דעם רבינס
משיח־וועג. ווען די פּראָצעסיע האָט זיך שוין באַלד געהאַט דערנענטערט צום
בריקל, וואָס פֿירט צו די דרויסנדיקע טויערן פֿון בית־המקדש־פּאַלאַץ פֿון מערבֿ־
זײַט, און אונדזערע אויגן זײַנען מיט בענקעניש און האָפֿענונג געהאַנגען אויף
זיי, און אונדזערע הערצער האָבן אויסגעוואַרט, — איז אומגעריכט געקומען די
שטערונג. פֿון דער זײַט גאַס, וואו עס האָבן זיך געפֿונען די הורדוסישע טורעם־
שלעסער, וועלכע זײַנען איצט, פֿאַר יום־טובֿ, געווען איבערגעפֿילט מיט פּראָ־
קוראַטאָרישע באַאַמטע, מיט רוימס פֿויסט־ און שווערד־יחוס, האָט איצט זיך
באַוואויגן אַ קעגן־צוג פֿון באַוואַכטע טראָג־שטולן, וועלכע האָבן זיך געאײַלט
צום הורדוסשן טעאַטער, וואו עס זײַנען געגעבן געוואָרן טעגלעכע שפּילן פֿאַר
רוימס באַאַמטע, פֿאַר די כּהנישע און ירושלימער אַריסטאָקראַטן. אין די טראָג־
שטולן האָבן זיך געמוזט געפֿינען גרויסע לײַט, אפֿשר דער אבֿי־אבֿות־הטומאה
אַליין, דער פּראָקוראַטאָר, וואָרעם אַ שווערע וואַך האָט זיי באַגלייט. אַ הגמון
אויף אַ פֿערד האָט פֿאָראויסגעריטן פֿאַר זיי, און הינטער אים זײַנען געגאַנגען
רוימישע לעגיאָנערן מיט אויסגעשטרעקטע שווערדן און געמאַכט אַ וואָרע פֿאַר
זייער עלצט־געזעצטן. די טראָג־שטולן אַליין, געטראָגן פֿון האַלב־נאַקעטע, שוואַר־
צע קנעכט, זײַנען באַגלייט געוואָרן פֿון רויע, גערמאַנישע רײַטער. אָבער פֿריער
נאָך פֿאַר דעם מיליטערישן צוג איז געגאַנגען די הויזלעכע סוויטע. צוויי טרומ־
פּייטן־בלאָזער זײַנען געגאַנגען פֿאַר אַ באַנדע הויזקנעכט, אָנגעפֿירט פֿון אַ הויז־
מאַרשאַל. באַוואָפֿנט מיט באַמבוס־שטעקנס מיט שאַרפֿע מעטאַלענע שפּיצן,
האָבן די הויזקנעכט אָפּגעראַמט אַ וועג דורך דעם מענטשן־געדראַנג פֿאַר די
טראָג־שטולן. ווען עס האָט זיך דערהערט דער טראָמפּייטן־שאַל פֿון די אויסרופֿער,
וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פֿון צוג, זײַנען אונדזערע הערצער שטיין
געבליבן. מיר זײַנען אויסגעגאַנגען אין דערוואַרטונג פֿון דעם גרויסן, פֿורכט־
באַרן מאָמענט, וואָס דערנענטערט זיך. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז איצט קומט
עס אָן, די אַזוי לאַנג, אין אַזויפֿיל טרערן און האָפֿענונג אויסגעווייקטע מינוט פֿון
דער גאולה. אָ, וויפֿל דורות זײַנען עס אַוועק אין אייביקן שלאָף און מיטגענומען
אין זייער אומבאַוואוסטן וועג אַרײַן די איינציקע האָפֿענונג אויף דעם מאָמענט
פֿון דער ישועה, ווען זיי וועלן ווערן אויפֿגעוועקט פֿון זייער שלאָף דורך דעם
קול־שופֿר פֿון דער גאולה. איצט קומט זי אָן, די מינוט. גאָט וועט אָפּשטעלן
דער גאַנג פֿון דער צײַט אין דער מינוט, ווען די צוויי צוגן וועלן זיך באַגעגענען,
און אָט נעענטערן זיי זיך שוין. מען זעט שוין די ערשטע שפּיצן פֿון רוימס גאַווה־
דיקער מאַכט. עס טרעטן אַרויס די טרעגער פֿון די תּרפֿים און סימבאָלן. אמת
טאָקע, די סימבאָלן און די תּרפֿים זײַנען באַהאַלטן אין זייערע הילצערנע שיידן

פאר דעם אנבליק פון ירושלים, אבער דאך זיינען זיי דא, זיי קאנען יעדן אויגנבליק אויפגעפלאטערט ווערן. און אט באלד, ווען זיי וועלן דערגרייכן דעם רבינס אייזעלע, וועט ער זיין האנט אויפהויבן, — ניין, נישט מער ווי מיט דעם הויך פון זיין מויל אליין וועט ער זיי אין אש און אין שטויב פארוואנדלען. און די ישועה וועט זיך אנהויבן, — און אט שוין וועלן מיר זיין די עדות פון דעם גרויסן מאמענט, וואס פון אים וועט זיך אנהויבן די אייביקע, קיינמאל נישט מער אויסלעשלעכע פרייד, די אייביקע גערעכטיקייט. אבער וואס איז דאס? וואס זעען עס אונדזערע אויגן? ניין, עס קען נישט זיין! דער רבי אויף זיין אייזעלע, געפירט פון שמעון בר־יונה, גייט אפ אין א זייט, קירעוועט זיך אוועק אין א זייטיקער גאס. אט שוין ווערט ער, ז'ער שפיץ פון גאנג, פארשוואונדן! אפגעראמט איז דער וועג! פנו דרך, — אבער נישט פאר דעם אויסדערוויילטן פון גאט, נישט פאר דעם ברענגער פון דער ישועה, וועלכן מען פירט איצט צום בית־מקדש ארויף, מיט דעם כוח און דעם רשות פון גאט אין זיין האנט, נאר פאר רוימס פרעכן פוס, וואס טרעט דעם שטאלץ פון יעקב, פאר רוימס פויסט און שווערד, וואס פייניקן ישראל. איין אויגנבליק זיינען די באגלייטער געבליבן שטיין, ווי זיי וואלטן זייערע אויגן נישט געגלויבט, ווי זיי וואלטן מיט מער האפן געוואלט נאך פארלענגערן, איינהאלטן די אזוי געשווינד אויסגייענדיקע האפענונג. אבער דעם רבינס אפנייג פאר אדומס מאכט אנטוישט די מיטלויפנדיקע, לייכטגלויביקע מאסע. נאך האלט נאך אן ביי זיי דער אימפעט פון באגייסטערונג, נאך פאלגן זיי נאך דעם רבין, נאר דער גלויבן און די דערווארטונג, וואס האבן זיי ווי מיט א שנור געהאלטן אנגעקניפט אין נביא פון נצרת, זיינען איצט געווען פארשניטן.

און דאס איז נאך נישט געווען אלץ. צוליב דעם גרויסן געדרענג פון די מאסן און דער שמאלקייט פון דער זייטיקער גאס, האט דעם רבינס צוג נישט געקאנט געבוג פלינק אפרייניקן דעם ברייטן דורכגאנג פאר דעם רוימישן חיל, און די פאדערשטע רייען פון דעם רוימישן צוג, די וועג־אויספעכטער, האבן זיך באריירט מיט דעם רבינס אפציענדיקע באגלייטער. אן יעדער גויט, נאר אויס ריינער לוסט צו בלוטפארגיסונג, וואס רוימער האבן שטענדיק נאך דעם אויסגעקוקט, זיינען זיי ארײַן מיט זייערע שפיזן אין דער צוזאמענגעפרעסטער יידישער מאסע, וועלכע האט אפגעצויגן מיט איילנקע טריט אין דעם זייטיקן געסל ארײַן. צו הילף די קנעכט, וואס זיי האבן זיך אין איר גארנישט געבויטיקט, זיינען אנגעקומען די גערמאנישע רייטער. באלד האבן אונטער די פיס פון זייערע פערד זיך געוואלגערט מענער און ווייבער, נאך אלץ מיט ענטוזיאסטישע רופן אויף זייערע ליפן און מיט די איילבירט־צווייגן אין זייערע הענט. א פאניק האט אויסגעבראכן אין די הינטערשטע רייען פון דעם רבינס באגלייטער, ווען אפילו אין פראנט האט שמעון געפירט דעם רבין אויף זיין אייזעלע מיט דער זעלבער ענטוזיאסטישער פרייד, און ארום דעם רבין האט אלץ געהערשט דער הייליקער עקסטאז פון זיינע נאענטע אנהענגער, גלייך ווי עס וואלט גארנישט געווען געשען. עס איז געווען ווי עס וואלט באדארפט צו זיין, אז דער צדיק זאל טרעטן אויס דעם וועג פון רשע, — האט אבער די סצענע ארויסגערופן גרויס אנטוישונג צווישן דער צעלאפענער מאסע באגלייטער. א טייל פון עולם, וואס איז געקומען ביי צוזיין וואונדער, זיינען מיט חוזק און שפאט ארויסגעטראטן פון צוג און אוועק.

אַנדערע האָבן געראָפן צו די ענטוזיאַסטישע באַגלייטער און געפֿאָדערט פֿון זיי דעם משכון פֿון דעם רבינס נסים:

— איז דאָס דער, וואָס איר זאָגט אויף אים: „געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין נאָמען פֿון דעם האַר גאָט"?

— ער האָט געזען, ווי אדומס פֿוס טרעט אויף אונדזער האַלדז, פֿאַרוואָס שווײַגט ער?

— פֿאַרוואָס צעברעכט ער נישט אדומס מאַכט, ווי אַן אָפּגעשרפֿהטן שטעקן, ווי איר האָט אונדז צוגעזאָגט?

אַזוי האָבן זיי געפֿאָדערט דעם רבינס משכון בײַ זײַנע תּלמידים, אָבער די תּלמידים און די אַנדערע נאָכפֿאָלגער האָבן נישט געקוקט אויף זייערע רייד און זײַנען ווײַטער מיט באַגייסטערונג געגאַנגען און זיי האָבן ווײַטער געטאַנצט אַרום דעם רבין, ווי זיי וואָלטן מיט זייער ענטוזיאַזם געוואָלט אַנצינדן אויפֿסנײַ דעם פֿײַער פֿון באַגײַסטערונג אין דעם עולם, וואָס רוימס קנאָפּל האָט צעטראָטן:

— געלויבט איז דאָס קעניגרײַך פֿון אונדזער פֿאָטער דוד, וואָס קומט אין נאָמען פֿון דעם האַר פֿון גאָט!

— הושע־נאָ, אין דער הויך!

— געלויבט איז דער קעניג, וואָס קומט אין נאָמען פֿון דעם האַר גאָט!

אָבער אייניקע פֿון די לײַט, וואָס האָבן צוגעזען די סצענע, זײַנען פֿאַרלאָפֿן דעם רבין דעם וועג און געראָפֿן צו אים:

— רבי, שרײַ אָן אויף דײַנע תּלמידים! זאָלן זיי אויפֿהערןריידן די רייד!

דער רבי האָט זיי געענטפֿערט און געזאָגט:

— איך זאָג אײַך, אַז ווען די וועלן שווײַגן, אַזוי וועלן די שטיינער אויסשרײַען!

ווען די תּלמידים האָבן דערהערט דעם רבינס ענטפֿער, זײַנען זיי אַרײַנגעפֿאַלן אין נאָך גרעסערער באַגייסטערונג און זיי האָבן נאָך העכער געראָפֿן די רייד, ווי זיי וואָלטן געוואָלט דערמיט מאַכן, אַז די שטיינער פֿון די גאַסן און די ווענט פֿון די הײַזער זאָלן אויסשרײַען נאָך זיי דאָס געשריי פֿון דער גאולה. און אויך די אַנדערע האָבן געזאָגט: „לאָמיר וואַרטן און זען, וואָס דער רבי וועט טאָן, ווען ער וועט אין בית־מקדש אַרײַנקומען".

אָבער ווי דערשטוינט און אַנטוישט זײַנען זיי געוואָרן, ווען דער צוג האָט דאָס בית־מקדש־בריקל דערגרייכט, און דער רבי, ווי יעדער אַנדער ייִד, איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון זײַן אייזעלע, איז אַרײַן אין בית־מקדש־געסל, האָט זיך אויס־געמישט מיט דער גרויסער מאַסע פֿרעמדע, וואָס האָבן אָנגעפֿילט דעם בית־מקדש־הויף, — און ער האָט קיין וואונדער נישט באַוויזן! — דער הימל האָט זיך נישט געשפּאָלטן, קיין חיילות האָבן פֿון דאָרט נישט אַראָפּגענידערט, אַלץ איז געווען ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן.

דער מאַן פֿון דעם אייזעלע האָט אָוועקגעפֿירט צוריק דאָס אייזעלע, וואָס מען האָט געהאַט צוגענומען פֿון אים, אינאיינעם מיט די קליידער און די טיכער, וואָס די לײַט האָבן דערויף געלייגט. און די, וואָס האָבן צוגעזען דעם מאַן מיט דעם אייזעלע, האָבן געזאָגט:

— די כּלי־זמרים האָבן געשפּילט און די מחותּנים זײַנען געקומען, נאָר קיין חתונה איז נישט געווען!

# 15

איך בין אים נאָכגעגאַנגען די גאַנצע צײַט אין ירושלים. איך האָב אים נאָכגעפֿאָלגט אַלע זײַנע טריט. איך האָב געוואָלט אַלץ וויסן וועגן אים, אַלץ דערגיין. איך האָב זיך אויפֿגעהאַלטן צווישן זײַנע תּלמידים, און וואוהין זיי זײַנען געגאַנגען, בין איך מיטגעגאַנגען.

נאָכדעם ווי דער גרויסער המון, וואָס האָט אים באַגלייט אין בית־מקדש־הויף, מיינענדיק, אַז ער וועט דאָרט באַווײַזן נסים ונפֿלאות, איז אָפּגעפֿאַלן פֿון אים און צוריק אַרײַן אין שטאָט, — האָבן אים באַגלייט נישט מער ווי זײַנע תּלמידים, אַ צאָל אַנדערע אָנהענגער און די ווײַבער, וועלכע זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין עזרת־נשים. דאָס געדרענג אין דעם הויף פֿון די גויים איז דענסטמאָל געווען אײַנלשער — פֿון די פֿיל עולי־רגלניקעס פֿון אַלע לענדער. קיינער פֿון זיי האָט נישט געוואוסט וועגן דעם רבין פֿון גליל. ער האָט זיך אַדורכגעשלײַכט מיט זײַנע תּלמידים אין דעם געדראַנג, און קיינער פֿון דער מאַסע האָט נישט געוואוסט, אַז דאָ געפֿינט זיך צווישן זיי דער, וואָס ערשט מיט אַ פּאָר מינוט פֿריער האָט ער געטראָגן די האָפֿענונג פֿון ישׂראל. טייל זײַנען אַפֿילו אויפֿמערקזאַם געוואָרן אויף זײַן ווײַס קלייד און אויף דעם געדרענג פֿון זײַן סוויטע נאָכפֿאָלגער. זיי האָבן אָבער געמיינט, אַז דאָס איז איינער פֿון די פֿיל רביים, וואָס איז געקומען מיט זײַן חברותא קיין ירושלים עולה־רגל זײַן, און זיי האָבן באַלד פֿאַרלוירן דעם אינטערעס מחמת די פֿיל אַנדערע טעטיקייטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין בית־מקדש־הויף און בײַ דער שיינער באַזיליקע פֿון הורדוס. די באַזיליקע, אין דרום־זײַט פֿון דעם בית־מקדש־הויף, וואָס אונטער אירע געוועלבטע צעדער־באַלקנס האָבן ווינטער און אין רעגנדיקע טעג זיך אויפֿגעהאַלטן די חכמים מיט זייערע תּלמידים, איז איצט געווען איבערגעפֿילט מיט קונים, וואָס האָבן זיך געדרענגט אַרום די טויבן־בענק. די בני־חנן האָבן איבערגעפֿירט אויף די טעג פֿון פֿאַר יום־טובֿ זייערע קראָמען פֿון קליינע קרבנות, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפֿן הר־הזיתים, און זיי פֿאַרלייגט אין דער באַזיליקע פֿון הורדוס. גרויסע שטײַגן מיט טויבן זײַנען דאָרט געווען אויסגעשטעלט. און דער פֿרעמדער עולם, מענער און פֿרויען, וואָס האָבן געוואָלט זיך רייניקן אויף יום־טובֿ, כּדי צו קאָנען ברענגען דעם קרבן־פּסח אין רייניקייט, אין דערהויבנקייט, האָבן זיך געשטופּט אַרום די שטײַגן און געקויפֿט רייניקונג־קרבנות, וואָס די געזעצטע פֿון די כּהנים־גדולים האָבן, לויט דער נאָכפֿראַגע, געהעכערט זייערע פּרײַזן. די תּלמידי־חכמים האָבן אַפֿילו פֿאַראיבל געהאַט אויף דעם חלול־השם וואָס מען פֿאַרוואַנדלט דעם בית־מקדש־הויף אין אַ מאַרק. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט אויסריכטן, מחמת די גאַנצע אײַנריכטונג פֿון די בית־מקדש־קרבנות איז געווען אויסשליסלעך אין די הענט פֿון דעם כּהן גדולס באַאַמטע. לעבן די טויבן־בענק זײַנען געווען אויסגעשטעלט די חלפֿנים־טישלעך. דער רבי פֿון גליל האָט צוגעקוקט צום האַנדל, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין בית־מקדש־הויף, און עס איז געווען צו זען אויף זײַן פּנים, אַז די קנאה פֿון גאָט האָט געברענט אין זײַן האַרץ איבער דעם, וואָס די כּהנים גדולים

האָבן פֿאַרלייגט זייערע קראָמען אין דעם בית־מקדש־הויף. ער האָט אָבער דעם טאָג גאָרנישט געזאָגט און גאָרנישט געטון.

ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן אָפּנייגן, איז ער אַרויס פֿון בית־מקדש־הויף; די תּלמידי־חכמים זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך אים. ער האָט זיך דורכגעדרענגט דורך די איבערגעפּילטע גאַסן, און קיינער האָט אים שוין מער נישט דערקענט. ער איז אַרויסגעקומען צום נחל־קדרון. ער איז אַרויף אויפֿן הר־הזיתים. איך און מײַן פֿרײַנד רופֿוס זײַנען מיטגעגאַנגען מיט די תּלמידים.

אין מיטן וועג האָבן די תּלמידים זיך אָפּגעשטעלט, גלײַך ווי דער שלאָג פֿון הימל וואָלט אויף זיי געפֿאַלן. זיי האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, און זייערע ליפּן זײַנען געווען פֿאַרשנירט. איך האָב געקוקט אויף יהודהן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער איז קלענער געוואָרן, אײַנגעקאָרטשעט, ווי די קני וואָלטן זיך געווען געבראָכן אונטער אים, — נאָך אַ ווײַל, און ער פֿאַלט איבגאַנצן אײַן. זײַן געל פּנים, וואָס איז דורך די לעצטע חדשים אין ירושלים שטאַרק פֿאַרעלטערט געוואָרן, איז געווען לויז און שלאַבעריק, געקאָרבט אין קנייטשן, אַ שטורעמדיקער ים מיט אויפֿגעברויזטע כוואַליעס. ווײַנע אויגן, וועלכע האָבן זיך טיף באַהאַלטן אין דעם געוועב פֿון די פֿאַלדן, האָבן זיך אינגאַנצן צוגעשלאָסן הינטער די געדיכטע ברעמען, אַזוי אויך די ליפּן. און אַליין האָט ער אינגאַנצן געציטערט, ווי אַ שטורעם־ווינט וואָלט דורך אים אַדורכגעגאַנגען.

איבער דעם גאַנצן וועג האָבן די תּלמידים געשוויגן.

דער רבי איז געגאַנגען פֿאָראויס מיט ענערגישע טריט. זײַן קלייד האָט זיך געווײַסט אין דער פֿלינק צופֿאַלנדיקער נאַכט. ער האָט אויסגעמיטן דאָס אײַנלאַדנדיקע גת־שמן, וואָס האָט איצט אַרויסגעקוקט אין דעם לעצטן שימער פֿון טאָג מיט זײַנע טונקעלע ציפּרעסן־וועלדלעך און זילבער־שימערדיקע בלעטער פֿון די איילבירט־ביימער. ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין דעם קלעם פֿון די שטיינערנע ווענט, וועלכע פֿירן צום שפּיץ פֿון הר־הזיתים, צו דער סומנער און טרויעריקער בית־גפֿנא. אַז דער רבי מיט די תּלמידים זײַנען אָנגעקומען אין דעם הויף פֿון שמעון דעם צנוע, אין בית־עינה, אין דער אומגעבונג פֿון בית־גפֿנא, איז שוין געווען נאַכט. די שטערן האָבן ברייט געשײַנט אין דער קילער פֿרילינג־נאַכט, און אַ האַלב־פֿולע לבנה האָט גרויס און רויט זיך געשניטן אין הימל און איז געווען אַזוי נאָענט צו דער ערד, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי הענגט איבער איר ווי אַ לאַמטערן. פֿון דעם מדבר־יהודה איז געקומען אַרויסצובלאָזן אַ וואַרעם־שטיקנדיקער ווינט, וואָס האָט צוגלײַך אי געקילט, אי באַשלאָגן מיט אַנגסטן פֿון שטיקעניש. פֿון דער ווײַטנס האָט מען אין דעם לבנה־שימער געקאָנט אַפֿילו זען די שפּיגלען פֿון ים־המלח, וואָרעם די לופֿט אין דער נאַכט, אונטער די פֿינקלדיקע שטערן, איז געווען אַזוי קלאָר און לײַכט און דורכזיכטיק, אַז מען האָט געזען אויף מײַלן ווײַט.

אין הויף פֿון שמעון דעם צנוע איז געווען טונקל, אַפּנים, אַז מען האָט זיך דאָרט נישט געריכט אויפֿן רבין. אַ טונקל, קאַרג, ערדן אייל־לעמפּל האָט זיך געלויכטן אין דער טיר פֿון געצעלט. די תּלמידים האָבן געזוכט אייל אין די כּלים. קוים מיט צרות געפֿונען אַ פּאָר טראָפּן און אָנגעצונדן אַ פּאָר אַנדערע לאָמפּן. דער רבי איז געווען מיד. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ בעטל אין

אַן אײַנגעװײניקסטן חדר אױסצורוען זיך, און די תּלמידים האָבן געזוכט שפּײַז — אַ סעודה פֿאַר דעם רבין פֿאַרצובערײטן. שמעון דער צנוע איז געװען אַן אָרעמאַן, און זײַן קאַמער איז געװען לײדיק. זײ האָבן דאָרט נאָר געפֿונען אַ זעקל מיט אַרבעס. אַ פּאָר פֿון די תּלמידים זײַנען אַרױסגעגאַנגען אין דעם אױבסט־גאָרטן און האָבן אין דער טונקל פֿון דער נאַכט אױסגעריסן דאָרט אַ פּאָר סאַלאַט־בלעטער און אַ פּאָר יונגע, קלײנע מערן, װעלכע זײַנען נאָר װאָס רײף געװאָרן. מיט בלעטער־װיסטע שטעכערס און געטריקנטן מיסט האָבן זײ מיט שװעריקײט אַ פֿײַער אָנגעצונדן אין דעם שטײנערנעם אױװן אין הױף און האָבן אין אַן ערדענער כּלי אָפּגעקאָכט אַ געריכט פֿאַרן רבין.

די תּלמידים האָבן געגרײט צום טיש. זײ האָבן געבראַכט פֿון אַ ציסטערנע װאַסער אין אַ כּלי. דער רבי האָט געװאַשן זײַנע הענט און געזעצט זיך מיט זײַנע תּלמידים צום אָרעמען מאָלצײַט. זײ האָבן דערלאַנגט די ערדענע כּלי מיטן געקעכץ פֿון אַרבעס אױפֿן טיש. און דער רבי האָט אָפּגעריכט זײַן געבעט און אײַנגעטונקען זײַן האַנט אין דער כּלי און אַרױסגענומען מיט זײַן האַנט אַ פּאָר פֿון די געזאָטענע אַרבעס־באָבעס און האָט געגעסן. און נאָך אים האָבן די תּלמידים אײַנגעטונקען זײערע געװאַשענע הענט אין דעם ערדענעם געפֿעס און אַרױסגענומען הױפֿנס אַרבעס־באָבעס און געגעסן.

און דער רבי איז געװען שטיל בײַם טיש. קײן תּורה האָט ער נישט געזאָגט, נאָר ער איז געװען פֿאַרטראַכט אין זיך די גאַנצע צײַט. און װי זײ זײַנען געזעסן אַזױ בײַם טיש, האָט די טיר זיך אױפֿגעעפֿנט און עס איז אַרײַנגעקומען מרים. איר פּנים איז געװען אױפֿגעדעקט און עס איז געװען יונג װי אַמאָל, נאָר אירע האָר זײַנען שױן געװען שנײ־װײַס, װי אַ טױב, און זי האָט געשײַנט אין דעם גלאַנץ פֿון חסד. זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ קלײן קריגל פֿון אַלעבאַסטער און זי האָט אױסגעגאָסן דעם אײל, װאָס איז געװען אין דעם קריגל, אױפֿן רבינס קאָפּ. װי דער אײל איז אַרױסגעקומען פֿון דעם קריגל, אַזױ האָט ער פֿאַרכאַפּט דאָס גאַנצע הױז מיט זײַן טיפֿן, שװערן ריח, װאָס איז געװען װי דער ריח פֿון גן־עדן. און אַ באַװעגונג איז געװאָרן צװישן די תּלמידים און זײ האָבן אױסגערופֿן אײנער צום אַנדערן: „נישט אַנדערש נאָר דאָס איז דער טײַערער נאַרד!״ און נאַרד איז געװען דער אײל, װאָס מען האָט געזאַלבט מיט אים די מלכים בײַ זײער מלוכה, אױך די פֿירשטן צו זײער קבורה, און זײַן פּרײַז איז געװען דרײַ הונדערט דינאַרן דאָס געװיכט. און זײ האָבן גאָרנישט געװאוסט, אַז מרים האָט אין איר באַהעלטעניש אַזאַ טײַערן אוצר, און זי האָט עס נישט אַרױסגעגעבן אױף אַרײַנצולײגן אין דער קופּה אױף צו שפּײַזן די אָרעמעלײַט.

און װי די תּלמידים האָבן דערזען די אײלונג און דערשפּירט דעם ריח, האָבן זײ גערעדט אײנער צום אַנדערן און האָבן געזאָגט: „צו װאָס זאָל אַזאַ שאָדן געמאַכט װערן? דער אײל האָט געקאָנט פֿאַרקױפֿט װערן פֿאַר פֿיל געלט און צו די אָרעמעלײַט געגעבן װערן״. און מרים איז געשטאַנען, פֿאַרשעמט פֿאַר די רײד, װאָס זי האָט געהערט פֿון די תּלמידים. און דער רבי האָט געזאָגט:

— פֿאַרװאָס זענט איר די פֿרױ מצער? זי האָט אַ גוט װערק פֿאַר מיר געטון. די אָרעמעלײַט האָט איר שטענדיק מיט אײַך, אָבער מיך האָט איר נישט שטענדיק.

ווארעם ווען זי האט דעם אייל אויף מיר אויסגעגאסן, האט זי דאס געטון פאר מײַן קבורה.

און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין זיך און ער האט געזאָגט ווי צו זיך אַליין: „אַצינד איז מײַן זעל באַטריבט. און וואָס זאָל איך זאָגן? פאָטער, העלף מיר פון אָט דער שעה אַרויס! אָבער איך בין פונדעסטוועגן צו אָט דער שעה געקומען".

און צו די לײַט, וועלכע זײַנען געווען אַרום אים, האָט ער געזאָגט:

— און איך, ווען איך וועל אויפגעהויבן ווערן פון דער ערד, אַזוי וועל איך אַלע מענטשן צו זיך ציִען.

ווען עס איז שפּעט אין אָוונט געווען, האָבן זיי פאַר זייער רבין אויסגעבעט אַ געלעגער אונטער דעם באַלקן פון שמעונס שטוב, ווארעם ער איז מיד געווען. און די תּלמידים זײַנען אַרויסגעגאַנגען און זיי האָבן זיך געלייגט אין הויף וואו נאָר זיי האָבן געפונען אַן אָרט, יעדערער אונטער אַ צודעק פאַר דער קעלט פון דער נאַכט, וואָס האָט געוויית פון מדבר אַהער. און יהודה איש־קריות און שמעון הקנאי און נאָך אַנדערע פון די תּלמידים זײַנען אַרויפגעגאַנגען אויף אַ בוידעם פון אַ שײַער איבערצונעכטיקן די נאַכט. איך בין מיטגעגאַנגען מיט זיי. עס איז געווען שפּעט צו מײַן רבין אַהיימצוגיין, ווארעם בית־עינה איז געלעגן אַ שעה און אַ האַלב גאַנג פון דער שטאָט.

אין דער נאַכט איז פאַרוואָגלט געוואָרן דער שלאָף פון מײַנע אויגן. און איך האָב נאָכגעטראַכט וועגן די מעשׂים, וואָס איך האָב געזען פון דעם רבין פון נצרת דורך דעם טאָג, און איך האָב געלאָזט דורכגיין דורך מײַן קאָפּ אַלע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט: וועגן דעם בית־המקדש, וואָס וועט צעפּירט ווערן, און וועגן די זאַלבן פאַר זײַן קבורה. איך האָב די ווערטער נישט פאַרשטאַנען, און עס איז מיר געווען טרויעריק אין מײַן געמיט. און איך האָב מיר געטראַכט: האָבן מיר נישט געהערט פון דער תּורה, אַז משיח וועט אייביק לעבן? און ער זאָגט: אַז דער בן־אָדם מוז אויפגעהויבן ווערן. ווער איז דער בן־אָדם?

און ווי איך האָב געטראַכט, אַזוי האָבן געמוזט אויך די אַנדערע טראַכטן. און איך האָב געהערט, ווי יהודה, דער מאַן פון קריות, ליגט אויף זײַן געלעגער צוגעדעקט מיט זײַן זאַק־הילע, און קרעכצט. און לעבן אים איז געלעגן שמעון דער קנאי און ער איז אויך נישט געשלאָפן. און ער האָט זיך אָנגערופן צו יהודהן:

— יהודה, יהודה, פאַרוואָס קרעכצסטו? און פאַרוואָס איז אַזוי טרויעריק דײַן געמיט?

האָט יהודה אים געענטפערט:

— האָסטו נישט געהערט דעם האַרס רייד וועגן דעם זאַלבן פאַר זײַן קבורה און וועגן זײַן אויפהויבן זיך פון דער ערד?

און שמעון האָט אים אָפּגעענטפערט:

— איך האָב זיי געהערט אַזוי ווי דו. זיי זײַנען די זעלבע רייד, וואָס ער האָט געזאָגט דענסטמאָל אין פיליפי, ווען ער האָט זיך געגעבן צו דערקענען צו אונדז ווי משיח. און ווי דענסטמאָל קען איך זיי אויך איצט נישט פאַרשטיין. מיר האָבן געמיינט, אַז עס קומט אָן דער טאָג פון אייביקער פרייד, דער טאָג פון אייביקן לעבן, דער טאָג פון דער גאולה, וואָס אונדזערע עלטערן און מיר האָבן אַזוי אויס־געקוקט אויף דעם. און איצט, ווען דער טאָג דערנענטערט זיך און קומט אָן, זאָל

ער װערן פֿאַר אונדז פֿאַרװאַנדלט אין אַ טאָג פֿון טויט און טרויער ? דערקלער מיר דעם רבינס רייד !

און יהודה האָט זיך אָפּגערופֿן :

— שמעון, געדענקסטו נישט, װאָס די תּלמידים האָבן געלערנט פֿון דעם רבינס רייד אין צעזאַריע פּיליפּי װעגן די חבֿלי־משיח, װעגן דעם אײַזערנעם שטאַנג, װאָס דער געזאַלבטער פֿון גאָט מוז אויף זיך טראַגן, װעגן דער װאָך פֿון יסורים, װאָס משיח מוז אַדורכגיין ? זאָלסטו װיסן זײַן, אַז די װאָך פֿון יסורים טרעט אַרײַן, און משיח מוז דורכגיין אַלע קװאַלן פֿון פּײַן און צער, כּדי ער זאָל אָנקומען צו דער ישועה, װאָרעם די העכסטע פֿרייד באַרירט זיך מיטן העכסטן צער, די גאולה מיט עבֿדות, װאָרעם צער איז די מוטער פֿון פֿרייד. ער איז אָנגעקומען צום ציל. פֿאַרן ציל ליגט דער ים. בײַ דער ערשטער גאולה פֿון יציאת־מצרים האָבן די ייִדן געמוזט דורכגיין דעם ים־סוף. בײַ דער איצטיקער גאולה מוז משיח אַדורכגיין דעם ים אײנער אַליין, פֿאַר אונדז אַלעמען.

— אָבער יהודה, װאָס איז דער זין פֿון די יסורים ?

— ער איז משיח. ער טראָגט די ישועה פֿאַר יעדן יחיד באַזונדער. ער ברענגט די גאולה פֿאַר אונדז אַלעמען. אײדער ער קאָן אויסלייזן יעדן באַזונדער, מוז ער פֿילן די יסורים פֿון יעדן יחיד. ער מוז דורכגרונטעװען דעם צער ביז צו דער קבֿורה, און נאָך װײַטער. כּדי צו ברענגען די ישועה, מוז ער אָנקומען צו דער שאול־תּחתּיה.

— יהודה, װאָס רעדסטו ? — האָט שמעון אויסגערופֿן אין דער פֿינצטער און צעװײנט זיך.

— װײן נישט, שמעון, פֿריי זיך. ער נעמט אויף זיך די יסורים מיט זײַן אײ־גענעם װילן. עס איז אין זײַן האַנט אויסצומײַדן די יסורים. ער האָט די רשותים אין זײַן האַנט. דאָך באַנוצט ער זיי נישט, נאָר ער בייגט אײַן דעם רוקן אונטער דעם יאָך, װי דער נבֿיא האָט נבֿיאות געזאָגט אויף אים: „מײַן לײַב האָב איך איבערגעגעבן צום שלאָגן און מײַן פּנים האָב איך נישט פֿאַרהוילן פֿון פֿאַרשעמונג און שפּײַעכץ״. האָסטו נישט געזען, װי ער האָט אָפּגענייגט דעם װעג פֿאַר רוימס פּוסטן שטאָלץ ? מיט אײן הויך פֿון זײַן מויל האָט ער געקאָנט פֿאַרװאַנדלען אדומס פּראַכט אין שטויב. דאָך האָט ער דאָס נישט געטאָן. נאָר װי אַן עני און אַן אבֿיון אויף זײַן אײזל, איז ער אָפּגעריטן אין אַ זײַט, ער, דער מלך־משיח, דער גע־זאַלבטער פֿון ישׂראל, פֿאַר אדומס קנעכט. דאָס איז די גרויסקייט פֿון משיח !

— אָבער ביז װאַנען ? ביז װאַנען ?

— ביז ער װעט האָבן אויסגעטרונקען דעם כּוס פֿון טרערן ביז צו זײַן גרונט, ביז איבער זײַן לײַב װעלן אַדורכגיין אַלע פּײַנען, ביז ער װעט האָבן טועם געװען אַלע פּײַנען און אַלע לײדן, װאָס דער מענטש האָט װען עס איז אויף דער ערד געליטן, און גאָט װעט צו אים זאָגן: „גענוג, מײַן זון ! האָסט אָפּגענומען דײַן לוין כּפֿל־כּפֿלים״. — און דענסטמאָל װעט גאָט אויסשטרעקן זײַן רעכטע האַנט און װעט צו אים זאָגן: „זיץ צו מײַן רעכטער האַנט, ביז איך װעל מאַכן די װעלט אַ פֿוס־בענקל צו דײַנע פֿיס״.

און שמעון האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ שטאַמלדיקער שטימע, װאָס עס האָט זיך געהערט אין איר דאָס קלאַפּן פֿון זײַן האַרץ :

— וועט ער אויך טועם זיין דעם טעם פון טויט?

— חלילה! — האָט יהודה אויסגערופן מיט שרעק — וואָס רעדסטו, משיח און דער טויט? קיין מאָל וועט משיח נישט טועם זיין דעם טעם פון טויט. ער איז אייביק. עס וועט זיין ווי אין פסוק שטייט: „הן אדוני ה׳ יעזר לי. על כן לא נכלמתי, על כן שמתי פני כחלמיש ואדע כי לא אבוש״. ער ווייסט, משיח, אַז גאָט וועט אים נישט פאַרלאָזן, אַז גאָט וועט אים נישט פאַרשעמען.

— אָבער פאַרוואָס רוקט ער אָפּ די צײַט? פאַרוואָס, ווידער, איז ער אַזוי טרויעריק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוווען געווערט, חלילה, קעגן זײַן מזל, וואָס איז אים באַשערט? האָסט געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דער שעה, וואָס קומט?

— כּדי משיח זאָל פילן דעם גאַנצן צער פון מענטש, האָט אים גאָט באַשאַפן אַ בשר־ודם. ער איז ווי איינער פון אונדז, און נאָך מער. ער דערפילט דעם צער פיל טיפער און פיל פײַנלעכער ווי יעדער איינער פון אונדז. און דו זאָלסט וויסן זײַן, אַז גאָט האָט גענומען די גאַנצע נאַטור פון מענטשן און האָט זי אַרײַנגעגעבן אין מלך־משיח. כּדי דער בן־אדם זאָל בכּוח זײַן אויפצוהויבן דעם בן־אדם, מוז ער מיט אים אַרונטערלאָזן זיך אין די טיפסטע נידערן, אַז ער זאָל אים קאָנען דערנאָך אויפהויבן צו די העכסטע הויכן. ער איז כולל אונדז אַלעמען. אַלע מענטשלעכע ברואים, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין צלם־אלהים פון אַלע דורות און דורות, זײַנען אײַנגעזאַפּט אין אים, — זיי מיט אַלע זייערע יצרים. וואָרעם דו זאָלסט וויסן זײַן, אַז די חכמים האָבן געלערנט, אַז דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַנקען דעם מלך־משיח מיט דער נאַטור פון יעדן בשר־ודם, אַפילו מיט אַ יצר־טוב און אַ יצר־הרע, נאָר זײַנע יצרים זײַנען פיל שטאַרקער ווי בײַם געוויינטלעכן בשר־ודם. דורך אים און אין אים פאַראייניקט זיך דאָס הימלישע און דאָס ערדישע, וואָס איז אין דעם מענטשן. און כאָטש וואָס עס איז נוגע די הימלישע ענינים, איז ער גרעסער פון אַלע מלאכים, איז ער אָבער בנוגע די ערדישע ענינים ווי אַ געוויינטלעכער בשר־ודם, ווי יעדערער פון אונדז. און כאָטש ער גלוסט נאָך דער ישועה, און זיין גאַנצע משיחשע נאַטור איז גאולה און רייסט זיך צו איר מיט זײַן משיחשן ווילן, דאָך שרעקט ער זיך פאַר איר, דאָך וויל ער זי דערווײַטערן פון זיך, מחמת דעם ים יסורים, וואָס ער באַדאַרף אַדורכטרעטן אויפן וועג צו דער ישועה. וואָרעם די יסורים, וואָס שטייען אים פאַר זײַנען אין לשער. גאָט האָט געוואָלט, אַז פּונקט ווי ער וועט דורכגיין צו דער העכסטער און לעצטער פרייד דורך דער גאולה, אַזוי זאָל ער אויך ער דערגרונטעוועןן ביז צו דעם טיפסטן און העכסטן אָפּגרונט פון צער. ער זעט שוין דעם פלאַמענ־דיקן אײַזערנעם שטאַנג, וואָס ווערט אויסגעקאָוועט פאַר אים. ער שטייט און וואַרט אויף אים, אַז ער זאָל אים טראָגן אויף זײַנע פּלייצעס. און ער וויל עס, נעבעך, אָפּרוקן פון זיך אויף אַ טאָג אָדער צוויי, וואָרעם זײַן נשמה אַנגסט זיך. אָבער קיין אַנדער וועג צו דער ישועה איז נישטאָ, נאָר דורך די חבלי־משיח. דערום מוזן מיר אים צוהעלפן צו דערגרייכן צו זיי.

— יהודה, וואָס מיינסטו? — האָב איך געהערט שמעונס קול, און עס האָט זיך געהערט אין דעם קול דאָס ציטערן פון זײַן האַרץ, און זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט אין דער פינצטערניש פון שײַער מיט אַ מאָדנעם בליאַסק, ווי אַ שאַרפער שווערד.

— איך מײן, מען באַדאַרף אים העלפֿן מקרב צו זײַן דעם קץ.

אַ טאָפּלט־געדיכטער שאָטן פֿון אַ מענטשן איז געבליבן שטיין אין חלל פֿון דער נאַכט. איך האָב דערקענט אין דעם שאָטן — יהודה איש־קריות.

— יהודה!

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, און אַזוי ווי איך בין געווען, בין איך אַרויס פֿון שײַער. איך בין געלאָפֿן מיט אַלע כּוחות אַראָפּ פֿון באַרג, אין דעם ליכט פֿון די שטערן, צו דער שטאָט צו. דעם גאַנצן וועג האָט מיך נאָכגעיאָגט יהודהס טאָפּלטער שאָטן.

# 16

און איך בין געגאַנגען איבער דעם וועג צו מײַן רבין אַהיים, צו דעם איינציקן מענטשן, בײַ וועמען איך האָב געקענט געפֿינען באַשייד און אויפֿקלערונג, צו דעם איינציקן ווינקל, וואָס האָט מיר געקאָנט צוריקגעבן מײַן מנוחה. וואָרעם מײַן האַרץ איז געווען טיף באַטריבט, מײַן נשמה האָט געוויינט אין מיר איבער די רייד, וואָס איך האָב הײַנט געהערט אַרויסגיין פֿון יהודהס מויל, און איך האָב מיר געזאָגט: פֿאָטער אין הימל, דו, אונדזער באַשיצער און באַהיטער, האָסט געטון דעם חסד מיט דעם אויסוואַל פֿון דײַן יציר, דעם מענטשן, און דו שיקסט צו אים אַ באַפֿרײַער און אַ דערלייזער. און פֿאַרוואָס זאָל עס ווידער אַזוי זײַן? פֿאַרוואָס האָסט דו ווידער אַרומגערינגלט אונדזער גאולה מיט צוימען פֿון שטעכערס און דערנער? פֿאַרוואָס מוז מען אויסטרעטן דעם וועג צו איר דורך בלוט און פּײַן? דו, וואָס דו ביסט דער קוואַל פֿון לויטערסטער פֿרייד; דו, וואָס דו ביסט דער מקור פֿון ליבע און אייביקן גליק, פֿאַרוואָס האָסטו אַזוי באַשווערט דעם וועג צו דער גאולה? פֿאָטער אין הימל, פֿאַרוואָס זאָל אויך דער, וואָס ברענגט דײַן שליחות צו אונדז, פֿאַרוואָס זאָל אויך ער, מיט דײַן ליכט אין זײַן האַנט, מוזן אַדורכטרעטן דעם וועג צו דער ישועה, דורך זײַן אייגן בלוט? פֿאַרוואָס קאָנסטו אונדז נישט געבן קיין פֿרייד מיט דײַן פֿרײַער, אָפֿענער האַנט? פֿאַרוואָס שטעלסטו אונדז פֿאַר אַ צווייטן קריעת־ים־סוף? זאָל איך, חלילה, זאָגן, אַז עס זײַנען פֿאַראַן צוויי רשותים, — אַ רשות פֿון גוטס און אַ רשות פֿון שלעכטס? און דער שלעכטער רשות מישט זיך, חלילה, אַרײַן אין דײַנע ווערק? דער שׂר פֿון אדום האַלט מלחמה מיט דיר אויבן, ווי אדום מיט אונדז, דײַנע באַשעפֿענישן, אונטן? ניין, ניין, ניין! גאָט, וואָס קלער איך? דו ביסט דער איין־און איינציקער הערשער און געביטער איבער אַלע הימלען און איבער אַלע וועלטן. דו ביסט דער, וואָס דו ביסט, דער וואָס האָט כּורת־ברית געווען מיט אונדזער פֿאָטער אַבֿרהם, און דו ביסט באַקליידט אין דײַנע הבֿטחות. אָבער פֿאַרוואָס שטעלסטו אונדז אַזוי האַרט אויף דער פּריוואונג? ווער זײַנען מיר, אַז דו זאָלסט אונדז שטעלן אויף אַזאַ מדרגה, אַז מיר זאָלן אַליין דורך אונדזערע נשמות צו דיר דערגיין? העלף אונדז, פֿאָטער, העלף אונדז, לאָז אונדז נישט פֿון דרויסן שטיין!

אַזוי האָב איך געטראַכט, און אַזעלכע ווערטער האָב איך צו מיר גערעדט, ווען איך בין צוריקגעגאַנגען אויף דעם וועג פֿון בית־גפֿנא קיין ירושלים אין דעם

פֿרימאָרגן פֿון יום־שלישי, וואָס איז געווען דער עלפֿטער טאָג פֿון דעם חודש פֿון אויסלייז, דעם חודש ניסן. אין דרײַ טעג אַרום וועט אָנקומען דער הייליקער יום־טובֿ פֿון יציאת־מצרים. און יעדן יום־טובֿ פֿון פּסח באַנײַט זיך איבער אונדז דער יציאת־מצרים. נישט נאָר אונדזערע גופֿים זײַנען אין דעם טאָג אַרויסגעגאַנגען מעבֿדות לחרות, נאָר פֿיל מער אונדזערע נשמות. אין דעם יום־טובֿ, וואָס שטייט אונדז פֿאָר, וואָס קומט אָן, וועט אונדז גאָט נאָכאַמאָל באַפֿרײַען, — און דאָסמאָל וועט די באַפֿרײַאונג זײַן אַן אמתע און שלמותדיקע, די לעצטע און ענדגילטיקע.

אַזוי טרייסט איך זיך אַליין. און איך זע, ווי דער מאָרגנשטערן, וואָס קומט מיר אַנטקעגן, שפּאַלט די נאַכט ווי מיט אַ פֿײַערדיקער שווערד, גיסט אַרויס פֿון זיך צעבערס בלוט־ליכט, — און זיי צינדן אָן די הימלען. עס הויבן אָן אַרויסטיילן זיך פֿון די וואָלקנס פֿון דער נאַכט די גערטענער און די הײַזער. און פּלוצלינג איז פֿאַר מײַנע אויגן ירושלים אויפֿגעוואַכט געוואָרן, באַגאָסן מיט דעם ליכט פֿון די ערשטע זון־שטראַלן. אײַנציקווײַז הויבן אָן זיך אויסלעשן די שטורקאַצן אַרום די מויערן פֿון בית־המקדש. דער דרײַ־עק פֿון דעם גרויסן היכל זעט אויס ווי אַ פֿלאַקערדיקער באַרג, נאָר איבער אים שטייט דער פֿויסט פֿון רוים און האַלט אים אין שאָטן, ווי אַ רשע איבער אַ געבונדענעם צדיק, — די פֿעסטונג אַנטאָניאַ.

איך האָב געאײַלט איבער די אויפֿוואַכנדיקע געסלעך פֿון ירושלים צו דעם בית־מדרש פֿון מײַן רבין, וואָרעם עס איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל מײַן רבין משמש זײַן.

איך האָב געפֿונען מײַן רבין אין טלית און תּפֿילין. ער האָט געהאַלטן אין זאָגן דעם מאָרגן־שמע. איך האָב אָפּגעוואָרט ביז ער האָט געענדיקט, און בין, ווי אַ פֿאַרלוירענע שאָף, אַרײַנגעפֿאַלן אין די אָרעמס פֿון מײַן שעפֿער. איך האָב מײַן קאָפּ צוגעטוליעט צו זײַן ברוסט און געוויינט פֿאַר אים און אויסגעגאָסן פֿאַר אים מײַן האַרץ. איך האָב אים פֿאַרציילט פֿון אַלעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט דעם טאָג, און וואָס איך האָב געהערט פֿון גלילער רבינס מויל, און פֿון די רייד פֿון יהודה אויפֿן בוידעם פֿון שנײַער, וואָס ער האָט אַרײַנגערעדט אין דעם אויער פֿון שמעון דעם קנאי. און ווי מײַן רבי האָט געהערט וועגן די רייד פֿון יהודה איש קריות, אַזוי איז ער געוואָרן פֿול מיט כּעס, און זײַן פּנים האָט געברענט ווי פֿײַער, און ער האָט אויסגעשריען:

— די אמתע, גרויסע ישועה וועט קומען נישט דורך יגון, נאָר דורך שׂמחה, וואָרעם דער, וואָס וועט קומען, וועט קומען מיט דער קראַפֿט פֿון גאָט. מלאכים און שׂרפֿים וועלן זײַן זײַנע אונטערפֿירער, און די חיילות פֿון הימל וועלן פֿאָראויס־גיין פֿאַר אים, אַזוי ווי די נבֿיאים האָבן אונדז נבֿיאות געזאָגט: „זײַנע קריגן וועל איך פֿירן און זײַנע קינדער וועל איך העלפֿן". וואָרעם נאָר אויף איין אויגנבליק האָט ער געצערנט אויף אונדז, און אייביק איז זײַן רחמים איבער אונדז.

און דעמאָלט האָט דער רבי ווידער אַ ווײַלע געשוויגן, ווי ער וואָלט אַרײַנ־געגאַנגען אין זײַנע מחשבות אַרײַן. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיר:

— אונדזער וועג איז פֿול מיט שטרויכלונגען, ווי דער נבֿיא האָט געזאָגט: „דײַנע בויער און דײַנע צעשטערער וועלן פֿון דיר אַליין אַרויסקומען". גרויסע זאַכן געשעען אין אונדזערע טעג. דאָס ווייסן מיר נישט, וואָס עס טוט זיך אַרום

אונדז. אָן דעם חסד פֿון גאָט זײַנען מיר בלינדע. קום, מײַן זון, לאָמיר בעטן צוזאַמען, אַז מיר זאָלן נישט געשטרויכלט ווערן, וואָרעם גאָרנישט באַלײַכט אַזוי דאָס האַרץ פֿון דעם מענטשן ווי תּפֿילה. זינט די נבֿואה איז אָפּגענומען געוואָרן פֿון די ייִדן, קאָן מען דערגיין צו איר דורך תּפֿילה. וואָרעם תּפֿילה לײַטערט אונדז און מיר ווערן דורך איר דערנעענטערט צום פֿאָטער אין הימל.

און ער האָט זיך געוואָרפֿן אויף דער ערד, מיטן פּנים צום בית־המקדש, און איך — הינטער אים. און ער האָט געזאָגט אַ תּפֿילה אין דער שטיל, און איך האָב אים נאָכגעזאָגט וואָרט נאָך וואָרט:

— פֿאָטער אין הימל, באַשאַפֿער פֿון אַלע קרײַטיכער, זע, אַלע הענט שטרעקן זיך צו דיר אין געבעט און אַלע הערצער ציִען צו דיר. פֿאַרלאָז אונדז נישט אין שעה פֿון נויט. אין דער צײַט פֿון פֿינצטערניש עפֿן אויף אונדזערע אויגן. דערבאַרעם זיך איבער אונדז, פֿאַרוואַרף אונדז נישט פֿון זיך, וואָרעם אָן דיר זײַנען מיר ווי פּלעוועס, וואָס ווערן געטראָגן פֿון ווינט, אָן ציל און אָן ענד. זאָל אונדז אַרום דיר, דערנעענטער אונדזערע הערצער צו דיר, כּדי מיר זאָלן פֿאַראייניקן אונדזער ווילן מיט דײַנעם און דינען דיר מיט אונדזער גאַנץ האַרץ און מיט אונדזער גאַנצער נשמה. פֿורעם אונדז נאָך דײַן פֿורעם, פֿיל אונדז אָן מיט דײַנע מידות. שפּרייט אויס דײַן סוכּה פֿון שלום איבער אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט און עפֿן אויף די אויגן פֿון אַלע גויים, אַז זיי זאָלן דערקענען, אַז דו נאָר אַליין ביסט דער אָנהויב און די ענד פֿון אַלע האַפֿענונגען און אַלע פֿאַרלאַנגען פֿון אַלע דײַנע באַשעפֿענישן. אָמן!

און עס איז געווען ווי די תּפֿילה פֿון מײַן רבין וואָלט געבראַכט היילונג צו מײַן פֿאַרוואונדעטער נשמה. איך בין געטרייסט געוואָרן פֿון איר. אַ לויטערקייט איז געקומען איבער מיר, און פֿון מײַנע אויגן און מײַן האַרץ איז אָפּגעטון געוואָרן דאָס הײַטל פֿון ספֿק, וואָס איז איבער זיי פֿאַרוועבט געוואָרן אין דער נאַכט אין בית־עינה. איך האָב זיך געפֿילט ווי אַ קינד, וואָס איז נאָך אַ קאַלטער נאַכט אין דרויסן אַרײַנגענומען געוואָרן אונטער דעם באַלקן פֿון זײַן פֿאָטערס שטוב און צוגעדעקט געוואָרן מיט דעם פֿאָטערס בגד.

נאָכדעם ווי מײַן רבי האָט מיט די תּלמידים אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט ברויט און אייל־בירטן, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אונדז:

— קומט, לאָמיר אויפֿגיין צום הר־הבית, וואָרעם צווישן די האַליעס חזרט הײַנט איבער רבי יוחנן בן זכּאי פֿאַר זײַנע תּלמידים די תּקנות, וואָס הלל הזקן האָט מתקן געווען וועגן קרבן פּסח, ווען פּסח פֿאַלט אויס אום שבת. און ווײַל עס איז מענינא דיומא, זאָלן מיר זיי נאָכאַמאָל הערן. מחמת דער פֿערצנטער טאָג אין ניסן פֿאַלט הײַ־יאָר אויס אום שבת, איז כּדי אויסצומײַדן דאָס געדרענג ערבֿ־שבת בײַ די קרבנות, וואָס קאָן, חלילה, ברענגען צו חילול־שבת, זאָלן די רבנים מתּיר זײַן צו ברענגען דעם קרבן־פּסח דאָס יאָר אין יום ה׳ נאָך זון־פֿאַרגאַנג, וואָרעם די נאַכט געהערט דאָך צום טאָג צו. לאָמיר אויפֿגיין און הערן, וואָס די רבנים האָבן דעריבער צו זאָגן.

מיר האָבן געטראָגן נאָך אונדזער רבין די כּלים און מיר זײַנען אויפֿגעגאַנגען אין דעם בית־מקדש־הויף דורך די איבערגעפֿילטע גאַסן פֿון דעם אונטערשטן און דעם אויבערשטן טייל שטאָט, וואָס זײַנען שוין געווען אויפֿגעוואַכט און באַ־

לעבט פֿון די פֿיל פֿרעמדע, וועלכע זײַנען געקומען עולה־רגל זײַן. אַז מיר זײַנען אָנגעקומען פֿאַר דעם בריקל, וואָס פֿירט דורכן טויער צו הורדוסעס באַזיליקע, האָט אונדז דער רבי געהייסן ארויסנעמען אונדזערע זעקלעך מיט געלט, וואָס מיר האָבן געטראָגן אין די גאַרטלען פֿון אונדזערע מאַנטלען, און זיי איבערגעבן איינעם פֿון אונדזערע חברים תּלמידים, וועלכער איז דעם טאָג געווען דער גזבר. און דער רבי האָט געהייסן דעם גזבר, אַז ער זאָל בלײַבן אין דרויסן, וואָרעם מען טאָר נישט באַטרעטן דעם הויף פֿון בית־מקדש, ווען מען טראָגט אַ בײַטל מיט געלט מיט זיך, — און די מהדרין מן המהדרין טוען אויך אויס די פּאַנטאָפֿל און לאָזן זיי איבער אין דער לשכה, וואָס איז פֿאַרן טויער, איידער זיי באַטרעטן אַפֿילו דעם דרויסנדיקן הויף, נאָר אַזוי ווי אין ווינטער איז דאָ אַ סכּנה צו פֿאַרקילן זיך, טרעטנדיק מיט הוילע פֿיס אויף דער פֿײַכטער רצפּה, האָבן די חכמים מתקן געווען, אַז מען מעג, מחמת סכּנה, באַטרעטן דעם דרויסנדיקן הויף אין די סאַנדאַלן, נישט אָבער מיט די בײַטלען און שטעקנס.

אָבער ווי איבעראַשט זײַנען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן נאָר באַטרעטן הורדוסעס באַזיליקע. עס איז אונדז אַנטקעגנגעקומען דער רעש און דער גערודער פֿון דער דינגעניש און דעם האַנדל, וואָס איז דאָרט אָנגעגאַנגען מיט די קליינע קרבנות. קערב מיט געפֿאַנגענע טויבן זײַנען געשטאַנען איינע אויף די אַנדערע אָנגעשטעלט. אַ געפּאַקטע מאַסע מענער און טיף פֿאַרשלייערטע פֿרויען האָבן זיך געשטופּט און געדריקט אַרום און געדונגען די טויבן פֿון די הענט פֿון די כּהנים. לויים אין ווײַסע מיצן האָבן יעדע טויב באַקוקט, איידער מען האָט זי איבערגעגעבן דעם קויפֿער, צי זי איז אָן אַ מום און איז ראוי צו זײַן אַ קרבן. ווינטער־צײַט, דערהויפּט אין חודש אדר, וואָס איז געווען די צײַט פֿון אײַנצאָלן דעם שקל פֿאַר דעם בית־מקדש־אָפּצאָל, האָט דער גזבר פֿון בית־מקדש־אוצר אַרײַנגעשטעלט אין דער באַזיליקע טישלעך פֿאַר די חלפֿנים אויף צו טוישן אויסלענדישע געלטן. אויך טויבן פֿלעג מען פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרקויפֿן, — דערהויפּט פֿאַר די יום־טובֿים, ווען דער געדראַנג פֿון די עולי־רגלניקעס איז געווען גרויס, — בײַם אַרײַנגאַנג אין דער עזרת־נשים, בײַם ווײַבער־טויער. דאָ אָבער, אין דער באַזיליקע, וואו עס האָבן דורכן ווינטער זיך אויפֿגעהאַלטן די רבנים מיט זייערע תּלמידים, האָט מען קיינמאָל פֿריִער נישט געזען קיין טויבן־האַנדל. מיר האָבן, דעריבער, זיך געווענדט צו אונדזער רבין און אים געפֿרעגט:

— לערן אונדז, רבי. ערשט־וואָס האָסטו אונדז געהייסן איבערגעבן די זעקלעך מיט געלט איינעם פֿון די תּלמידים, וואָרעם מען טאָר נישט באַטרעטן אַפֿילו דעם דרויסנדיקן הויף פֿון בית־מקדש מיט געלט אין זעקל, און דאָ זעען מיר לײַט מיט געלט שטייען בײַ די טויבן־קערב און קויפֿן אײַן קליינע קרבנות. ווי שטימט עס מיט דער תּקנה פֿון די רבנים?

— דאָס, וואָס איר זעט דאָ, האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די רבנים. דאָס, וואָס איר זעט דאָ, האָט צו טאָן מיט תּקנות פֿון כּהן גדול און מיט די סגנים פֿון בית־המקדש. פֿאַר די יום־טובֿים, כּדי לײַכטער צו מאַכן די לײַט, וואָס קומען עולה־רגל זײַן צו ברענגען זייערע רייניקונג־קרבנות, האָבן זיי די חניות פֿון די בני־חנן, וואָס זיי האָבן אויפֿן הר־הזתים, פֿאַרלייגט אין בית־מקדש־הויף. די רבנים האָבן נישט די מאַכט זיי צו שטערן. די תּקנות פֿון דער בית־מקדש־פֿאַרוואַלטונג

איז אין די הענט פֿון כּהן־גדול און זײַנע סגנ־ם. די אָבער, וואָס הערן זיך צו צו דער רייד פֿון די תּלמידי־חכמים, — זיי קויפֿן אײַן זייערע טויבן אויף די מערק און ברענגען זייערע קרבּנות אין בית־מקדש אַרײַן. זיי פֿילן נישט אָן דאָס הויז פֿון גאָט מיט געשרייען פֿון האַנדל, ווי איר זעט עס אָט דאָ, נאָר שוין אַפֿילו אין דעם דרויסנדיקן הויף פֿון בית־מקדש, וואו עס איז נישט חל די קדושה, פֿילן זיי אָן די הערצער מיט דער אימה פֿון גאָט, ווי דוד המלך האָט געזונגען: „שׂמחתּי באומרים לי: בית ה׳ נלך”, — „איך האָב זיך געפֿרייט, ווען מען האָט מיר געזאָגט: אין גאָטס הויז גייען מיר אויף”. שׂמחה איז קדושה. און די, וואָס רייניקן זייערע הערצער שוין אין פּרוזדור, כּדי אַרײַנצוקומען בחדרי־חדרים בקדושה, — אויף די זאָל קומען די ברכה. אַנדערש אָבער איז עס מיט די, וואָס ברענגען זייער געלט אין בית־מקדש אַרײַן צו באַצאָלן זייערע שקלים, אָדער מיט די, וואָס טראָגן זייערע נדבות און זייערע משכּנות אין בית־מקדש־אוצר אַרײַן. דענסטמאָל איז עס מער נישט קיין געלט, מיט וועלכן מען קאָן קויפֿן זאַכן, נאָר עס איז אַ קרבן, געווידמעט צו גאָט. און ווי אַזוינס, איז עס קודש.

נאָר קוים האָט דער רבי פֿאַרענדיקט זײַנע רייד פֿאַר אונדז אויפֿן וועג צו די זײַלן־גענג, וואו עס זײַנען פֿאַרזאַמלט די תּלמידים, קוים זײַנען מיר נאָר אַ פּאָר טריט אָפּגעגאַנגען אין געדרענג פֿון מענטשן, האָבן מיר דערהערט אַ גערודער הינטער אונדז, אַ געשריי, אַ רופֿן. מיט דערשטוינונג און שרעק האָבן מיר זיך אומגעקוקט. און מיר האָבן דערזען, אַז אין דער באַזיליקע, וועלכע מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט פֿאַרלאָזט, איז אָן אָנגעלאָף פֿון מענטשן. דער רבי האָט אַפֿילו געוואָלט אין אָנהויב זיך מאַכן נישט־וויסנדיק איבער דעם גערודער און גיין ווײַטער זײַן וועג, ווי זײַן געוואוינהייט איז געווען. דאָס מאָל אָבער האָט געמוזט געשען עפּעס ערנסטעס, וואָרעם מיר האָבן באַמערקט, אַז אַפֿילו פֿון די אינעווייניקסטע עזרות זײַנען מענטשן געקומען אַרויסצולויפֿן. מיר האָבן צוגעאײַלט צו דער באַזיליקע. און וואָס האָבן אונדזערע אויגן געזען? דער נבֿיא פֿון נצרת, אײַנגעהילט אין זײַן טלית, נאָך וועלכן די ציצית שלעפּן זיך נאָך, האַלט אַ געדרייטע שטריק אין דער האַנט, — יאָ, אַ שטריק, וואָס מען ציט מיט איר אַרויף תּבֿואות אין די אויבערשטע שפּײַכלער, אָדער מען שפּאַנט מיט איר אַ בהמה אין וואָגן אײַן, — און שלאָגט איבער די קעפּ פֿון די קונים און סוחרים פֿון טויבן, צעטרײַבט אַלעמען אַרום זיך, לאָזט זיך צו מיט אימפּעט צו די טויבן־קערב, עפֿנט זיי אויף און לאָזט די טויבן פֿרײַ. די טויבן צעפֿליִען זיך, הייבן אויף אַ ווינטיקן גערודער מיט זייערע פֿליגל און שוין קרײַזלען זיי אין דער הויך פֿון דער געוועלבטער באַזיליקע, איבער די קעפּ פֿון די מענטשן, אָנוואַרפֿנדיק שאָטנס מיט זייערע פֿונאַנדערגעלאָזענע פֿליגל, און פֿלאַטערן, איין קאָרב טויבן נאָכן אַנדערן, אַרויס אין דער פֿרײַ. אָבער וואָס דער גרויסער וואונדער איז, — מען לאָזט דעם נבֿיא פֿון נצרת טאָן וואָס ער וויל. מיט שרעק און אַנגסט רוקן זיך אָפּ פֿון אים סוחר און קונה, טרעטן אים אָפּ דעם וועג און לאָזן זייערע געשעפֿטן און טישן אויף הפֿקר, אַז ער זאָל טון מיט זיי, וואָס ער וויל. אַזוי ווי די שרעק פֿון גאָט וואָלט זיי געווען באַפֿאַלן, טרעטן אים אַלע אָפּ דעם וועג. און ער, ווי אַ ברענענדיקער שטראַל, וואָס איז פֿון הימל געפֿאַלן, ווי אַ שווערד פֿון גאָט, שנײַדט איבער די קעפּ מיט זײַנע שטריק,

פֿאַרטריבט די לײַט פֿון דער באַזיליקע אַרויס. זיי לויפֿן פֿאַר אים מיט אימפּעט, געיאָגט פֿון שרעק.

עס שטייען די אויפֿזעער לויים אין זייערע ווײַסע, קורצע הויזן, אין זייערע טוניקעס, די, וואָס זײַנען געזעצט פֿון די כּהנים צו אונטערזוכן די טויבן, צי זיי האָבן קיין מום נישט. זיי שטייען, פֿאַרכאַפּט אין שרעק, אַפּגערוקט, אײַנגעקאַר־טשעט, בײַ די ווענט פֿון דער באַזיליקע. עס שטייען די שוטרים, די אָרדענונג־היטער פֿון בית־המקדש, מיט זייערע בלײַערנע שטעקנס, און ציטערן, בלייך פֿאַר אימה, און עס ציטערן אויף זיי זייערע בערד און זייערע טראַלדן־האָר, ווי אַ שטורעמווינט וואָלט דורך זיי אַדורכגעגאַנגען. אַ פּאָר מינוט — און די גאַנצע גרויסע באַזיליקע איז שוין אויסגעראַמט און אויסגעליידיקט פֿון מענטשן, פֿון סוחרים און קונים. עס וואַלגערן זיך אַרום איבער דער באַזיליקע די אויסגע־ליידיקטע קערב, די איבערגעקערטע טישן און געשטעלן. אַלץ איז געלאָפֿן און אַנטרונען פֿון אים, ווי פֿון דער שרעק פֿון גאָט, — און ער איז דער בעל־הבית פֿון דער באַזיליקע, ער אַליין.

אָבער באַלד טרעט ער אַרויס פֿון דער באַזיליקע. אַ מינוט שטייט ער אויף דער שוועל און קוקט אַראָפּ אויף דער צוזאַמענגעפּלאָכטענער, אײַנגעקנאָטענער מאַסע מענטשן, וואָס קוקן אויף אים, ווי אויף אַ דערשײַנונג פֿון הימל. און ער זעט טאַקע אַזוי אויס. קיינמאָל נאָך האָב איך דעם רבין פֿון גליל נישט געזען אין דעם ליכט: אײַנגעהילט אין זײַן ווײַסן, פֿינקלדיקן מאַנטל, וואָס פֿון אונטער זײַן ברעג האָט מען אַרויסגעזען זײַנע באָרוועסע פֿיס, מיטן טלית פֿאַרוואָרפֿן איבער זיך, — האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז העכער פֿון אַלעמען. זײַן פּנים איז בלייך געווען, ווי זײַן קלייד. אויך זײַן באָרד, האָט זיך געדאַכט, איז געווען ווײַס, אַלץ אויף אים איז געווען ווײַס. עס איז אָבער נישט געווען: נישט זיין קלייד, נישט זײַן טלית, נישט זײַן פּנים, אַזוי אויך נישט זײַנע גרויסע אויגן, וועלכע האָבן איצט געשאָטן מיט אייפֿערדיקער פֿרייד פֿון גאָט, וואָס האָט אין די הערצער פֿון די מענטשן אַזאַ שרעק אַנגעוואָרפֿן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דורך דער נאַכט, וואָס איך האָב אים נישט געזען, איז עפּעס וואָס געשען מיט דעם רבין פֿון נצרת, וואָס איז געהיימניספֿול, אומפֿאַרשטענדלעך, ווי די שטריק אין זײַן האַנט וואָלט געווען די פֿײַערדיקע שווערד, וואָס דער האַר פֿון אַלע וועלטן האָט געגעבן אין זײַן האַנט אַרײַן דאָס רשעות פֿון דער ערד אָפּצואווישן, ווי מיט אַ בעזעם, די רשעים אונטערטעניק צו מאַכן און זייער גאַניק צו ברענגען אונטער די פֿיס פֿון זײַנע טריט. און אָט הויבט ער אָן זײַן מלכות־שמים. ער האָט עס אָנגעהויבן מיטן אָפּרייניקן דעם בית־מקדש פֿון טויבן־סוחרים, און ער וועט ווײַטער גיין. אַלע קוקן אים אָן מיט שרעק: וואָס וועט ער איצט טון? די נײַ־אָנגעקומענע, וואָס קענען אים נישט, וואָס זעען אים צום ערשטן מאָל, פֿרעגן מיט נידעריקע שטימעס די אַנדערע:

— ווער איז ער דאָס? ווער איז ער?

— דו זעסט נישט? אַ נבֿיא פֿון גאָט. איז צו אונדז געשיקט געוואָרן.

— דאָס איז דער נבֿיא פֿון נצרת, וואָס אין גליל.

— דאָס איז אליהו הנבֿיא, וואָס גאָט שיקט צו אונדז די בשורה מבֿשר צו זײַן.

— דאָס איז יוחנן, וואָס איז פֿון קבֿר אויפֿגעשטאַנען.

— דאָס איז דער רבי פֿון נצרת, דער, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו אונדז אין אונדזערע טעג.
— האָסטו נישט געזען, ווי ער איז נעכטן אויף זײַן װײַס אייזעלע קיין ירושלים אַרײַנגעריטן?
— דאָס איז ער אַליין, וואָס איז געשיקט געוואָרן די גאולה צו ברענגען. דו זעסט די שטריק אין זײַן האַנט? דאָס איז די פֿײַערדיקע שווערד פֿון גאָט, מיט וועלכער ער וועט אַלע רשעים אין כּף־הקלע יאָגן. און ער וועט אָנהויבן זײַן מלכות־השמים. וואָס וועט ער איצט טון? וועט ער מיט זײַן שווערד פֿאַריאָגן די פֿרעכע לעגיאָנערן־וואַכן, וועלכע שטייען אויפֿגעשטעלט בײַ די טויערן פֿון היכל?
און אָט טרעט ער שוין, דער נביא, מיט דער שווערד פֿון גאָט אין זײַן האַנט, אַריבער די שוועל פֿון דער באַזיליקע. זײַנע דינע, בלייכע ליפּן ציטערן, עפֿענען זיך. און פֿון זײַן מויל קומט אַרויס צוגלײַך אַ געשריי און אַ געזאַנג, אַ קול, ווי געבלאָזן מיט דעם שופֿר פֿון דער גאולה.
—מײַן הויז, מײַן הויז! אַ הויז פֿון תּפֿילה פֿאַר אַלע פֿעלקער זאָל עס גערופֿן ווערן. און איר האָט געמאַכט דערפֿון אַ הייל פֿון רויבער.
און ער לאָזט זיך מיט דער שטריק אין זײַן האַנט, אָבער נישט אויף די שטאַרקע וואַכן פֿון די לעגיאָנען, וואָס שטייען בײַ די טויערן פֿון די אינעווייניקסטע עזרות, צו נעמען די שווערדן אויס זייערע הענט, זיי אין דער ערד פֿאַרזינקען, און פֿרײַ, פֿרײַ מאַכן דעם וועג צו גאָטס הויז אַרײַן פֿון דעם רשעס הענט.
און אָט טרעט ער מיט דעם אימפּעט פֿון גאָט, און זײַן שווערד איז אין זײַן האַנט. די מאַסע טיילט זיך, מאַכט אַ וואַרע פֿאַר אים. ער גייט צו צו די טישן פֿון די וועקסלער, וועלכע שטייען אויסגעשטעלט פֿאַר דער טיר פֿון בית־מקדש־אוצר,
— און שוין זײַנען די טישן איבערגעדרייט! עס הערט זיך אַ קלימפּערן פֿון געלט, געלט קײַקלט זיך אין אַלע זײַטן, נאָר קיינער וואָגט נישט אָנצובויגן זיך עס אויפֿצוהייבן. אַלע זײַנען פֿאַרכאַפּט פֿון דעם בילד. און פֿון דער שרעק פֿון גאָט באַפֿאַלן, אַנטלויפֿן פֿאַר אים די וועקסלער און לאָזן איבער זייערע אוצרות אויף הפקר.
איך האָב דערנאָך זייער פֿיל נאָכגעקלערט פֿון דער סצענע אין בית־מקדש־הויף, וואָס איך האָב צוגעזען מיט מײַנע אויגן, און נישט געקאָנט ריכטיק פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זיי האָבן אים געלאָזט דאָס אַלץ טון, און קיינער, קיינער האָט זיך נישט דערוועגט נישט נאָר אים צו שטערן, נאָר זיי זײַנען אַנטלאָפֿן פֿאַר זײַן אַנגעזיכט, ווי ער וואָלט מיט זײַן דערשײַנונג אַרײַנגעיאָגט אין זיי די שרעקן פֿון דער וועלט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער געוואָרן דער איינציקער בעל־הבית, דער איינציקער האַר פֿון גאַנצן בית־מקדש־הויף. די בית־מקדש־אויפֿזעער, וועלכע זײַנען אַזוי איבערזיכטיק אויף זייער פּקידות און פֿירן אויס זייערע פֿליכטן אַזוי שטרענג און אייפֿערדיק, גלײַך ווי דאָס האַלטן אָרדענונג אין בית־המקדש וואָלט זיי דירעקט פֿון גאָט איבערגעגעבן געוואָרן, זיי, וואָס זיי האָבן קיין אײַנזען נישט מיט יונג און אַלט, זײַנען פּשוט אָפּהענטיק געוואָרן, זיך צעלאָפֿן אין די ווינקלען און איבערגעלאָזט דעם בית־מקדש פֿאַר אים. אַפֿילו די רוימישע לעגיאָנערן, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויף דער וואַך און האָבן מיט בייזער נײַגעריקייט זיך צוגעקוקט צו דער סומאַטאָכע, וואָס איז געוואָרן אין בית־מקדש־הויף, זיי, וואָס

זײַנען תּמיד גרייט געווען צו אַרבעטן מיט זייערע קורצע שווערדן אויף מענטשלעכע לײַבער, ווי נאָר עס איז זיי געגעבן געוואָרן די מינדסטע געלעגנהייט, האָבן מיט פֿאַרוואונדערונג געקוקט אויף זייערע אָנפֿירער, וועלכע זײַנען געשטאַנען פּאַסיוו און געשעמט זיך אַרויסצוווײַזן די שרעק, וואָס איז זיי באַפֿאַלן. עס האָט אויסגעזען, אַז נאָך אַ מינוט, ווען ער וועט נאָר זײַנע טריט ריכטן צו זיי, וועלן זיי פֿאַרלאָזן זייערע פּאָסטנס און אַנטלויפֿן פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַ דונער. ווי אונדזער הערצער זײַנען עס אָנגעפֿילט געוואָרן מיט פֿריידיקע האָפֿענונגען, ווען מיר האָבן אָנגעקוקט און דערזען זייערע דערשראָקענע פּנימער, זייערע אימה־פֿאַרלאָפֿענע אויגן!

עס האָט זיך געמוזט דערטראָגן דאָס קול פֿון דעם רבינס מעשׂים אין די אינעווייניקסטע הייפֿן פֿון בית־מקדש ביז צום מזבח, וואָרעם פֿון דאָרט האָבן איצט אָנגעהויבן אַרויסקומען די באַאַמטע פֿון בית־המקדש. מען האָט געזען די גזברים און די גבאים, די חזנים און די פֿיל אויפֿזעער איבער די אַלע פֿאַרצווײַגטע אָפּטיילונגען פֿון בית־המקדש, וואָס זײַנען אין די טעג פֿון זייער פֿיל אַרבעט געווען פֿאַרנומען בײַ זייערע פֿאַרשיידענע אַמטן אין די אינעווייניקסטע לשכות. צווישן זיי האָט מען אויך געזען די בני־חנן, — דעם עלצטן זון, אליעזר, וועלכער האָט, ווי אַ צייכן פֿון זײַן אַמאָליקן הויכן אַמט פֿון כהן־גדול, געטראָגן אַ פּורפּעלנעם מאַנטל, אַזוי אויך חננס צווייטער זון, יוחנן, וועלכער האָט אין זײַן אַמט פֿון סגן, — דער צווייטער העכסטער אַמט נאָכן כהן־גדול כיפֿא, — אויך געטראָגן אַ הויך־געטורעמטע ווײַסע מיץ און אַ פּורפּעלנעם מאַנטל, איבער וועלכן זײַן סיריש־געקאַרבטע באָרד איז אַראָפּגעהאָנגען ווי אַ גלאָק, פֿון זײַן פּנים איבער זײַן ברוסט; זײַן ברודער טעאָפֿילוס, דער גזבר פֿון בית־מקדש־אוצר, זײַן ברודער, מתתיהו, דער אויפֿזעער איבער די קאַמערן פֿון קליידער, כּלים, געהילץ, טײַערע איילן און אַנדערע מטלטלין; אַזוי אויך דער ייִנגערער ברודער חנן בן־חנן, דעם פֿאַרוואַלטער איבער די קליינע קרבנות, וואָס מען האָט פֿאַרקויפֿט אין דעם בית־מקדש־הויף, און איבער אַנדערע כהן־גדולשע אונטערנעמונגען. אַלע זײַנען זיי געווען אין זייערע אַמטלעכע קליידער. אַרום זיי — די פֿיל קלענערע באַאַמטע און געהילפֿן, באַגלייט פֿון אַ גרויסער צאָל כּהנים און פּרחי־כּהונה, וועלכע האָבן נאָך געהאַלטן אין זייערע הענט די כּלים, די פֿײַער־פֿאַנען, די אַש־קאַנען, די רויכער־לאָמפּן, די אַלע כּלים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין רייניקן און שײַערן פֿאַר דעם גרויסן יום־טובֿ. זיי זײַנען אַלע געשטאַנען איבער די הויכע, צוועלף־שטופֿנדיקע טרעפּ, וואָס פֿירן אַרויף צום היכל. ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט זיך אומריין מאַכן דורך אויסמישן זיך מיטן פֿאָלק אין בית־מקדש־הויף, האָבן זיי נאָר מיט דערשטוינונג און שרעק אָנגעקוקט, וואָס עס טוט זיך אונטן אין הויף. זיי האָבן געזען דעם חורבן, וואָס דער נבֿיא פֿון נצרת האָט אָנגעמאַכט צווישן די טויבן־הענדלער און געלט־ווערקסלער, די צעוואָרפֿענע טישן, דאָס צעשאָטענע געלט, און ווי דער שאַפֿער פֿון די אַלע מעשׂים שטייט, ווי אַ שליח פֿון גאָט, אין זײַן טלית, מיט אַ שטריק אין זײַנע הענט, און די באַגײַסטערטע, אויפֿגעיובלטע מאַסע קוקט אַרויף צו אים מיט באַוואונדערונג, אין הונגעריקער דערוואַרטונג, ווי אויף אַ נבֿיא, ווי אויף אַ מלאך פֿון הימל. די באַגייסטערונג פֿון דער מאַסע האָט זיי אויך אָנגעשטעקט. אויף זייערע פּנימער האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָס קלאַפּן פֿון זייערע הערצער, די שרעק פֿון גאָט, וואָס

איז זיי באַפאַלן, ווי זיי וואָלטן געזען פאַר זיך עפּעס אומנאַטירלעכס און זייערע אייגענע אויגן נישט געגלויבט, אַז אַזוינס זאָל גאָר קאָנען געשען. אויך צווישן זיי איז דורכגעגאַנגען אַ באַגײַסטערטער געמורמל איבער דער גרוואַגטקייט פון דעם מאַן, איבער זײַן זיכערקייט אין זיך. מען האָט אַנגעזען אין זייערע בלייכע, צע־שראָקענע פּנימער, אין זייערע טרייסלענדיקע בערד, אַז זייערע הערצער ווערן צעגאַנגען פאַר אומזיכערקייט. נאָר איינער פון זיי, דער יינגסטער ברודער, חנן בן־חנן, האָט געביסן די ליפּן פאַר כּעס און געריסן זיך פאָראויס. מען האָט געזען, ווי זײַן פּנים, וואָס קוקט אַרויס פון דער געדיכטער, שוואַרצער ראָם פון זײַן גע־איילטער, פּינקלדיקער באָרד אין טראָלדן, איז אָנגעגאָסן מיט בלוט, ווי ער בײַלט די פויסטן, וואָרעם עס איז געוועזן זײַן געביט, זײַן ממשלה, וואָס דער פרעמדער פּראָווינצער אויסלענדער האָט זיך אַהין אַרײַנגעריסן. אַלע שטייען מיט שטיל־שווײַגנדיקע הערצער, מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס: די ביידע כּוחות קוקן זיך אָן.

— דער רבי פון נצרת, מיט גאַרנישט ווי נאָר די שטריק אין די הענט, קוקט אַרויף צו זיי; און זיי, די העכסטע באַאַמטע פון בית־המקדש, באַקליידט מיט דער העכסטער רעליגיעזער און ציווילער מאַכט, אַרומגערינגלט מיט די פיל אַפּהיטער פון בית־מקדש־אָרדענונג, קוקן אַרויף צו אים. אַ רגע געדויערט נאָר דאָס איבערקוקן זיך, עס איז אָבער אַ לאַנג־אויסגעצויגענע רגע, אַן אייביקייט. דער רבי פון נצרת ווײַזט אָן מיט דער שטריק אין זײַן האַנט אויף זיי, אויף די כּהנים, און רופט אויס מיט אַ דונערדיקער שטימע, ווי אַ קול פון הונדערט שופרות וואָלט אַרויסגעקומען פון זײַן מויל:

— שטייט דען נישט געשריבן: „מײַן הויז זאָל גערופן ווערן אַ הויז פון געבעט צו אַלע פעלקער"? און איר האָט עס געמאַכט צו אַ הייל פון רויבער!

שוין רייסט זיך דער יינגסטער חנן בן־חנן צום פראָנט צו, ווינקט צו די אָרדענונג־האַלטער מיט די בלײַערנע שטעקנס אין זייערע הענט, זיי זאָלן אים נאָכפאָלגן. אַ שטרענגער בליק פון זײַן עלטסטן ברודער, דעם סגן יוחנן, האַלט אים צוריק.

פון דעם האַרץ פון די מאַסן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם רבין, האָט זיך אויפגעהויבן אַ יובל־געשרײַ, ווי דער רבי וואָלט זייערע הערצער אויסגעלייזט פון אַ שווער געוויכט, וואָס האָט זיי געדריקט. דאָס, וואָס אַלע, סײַ די רבנים, סײַ דאָס פאָלק האָבן געדריקט אין זיך די ביטערקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין יעדן ייִדישן האַרץ אויפן הויז פון די בני־חנן, האָט דער רבי איצט גענומען, עס פאַרוואַנדלט אין אַ שטיין און געוואָרפן זיי, ווי אַ קללה, אין פּנים אַרײַן:

— דאָס הויז פון תּפילה פאַר אַלע פעלקער האָט איר פאַרוואַנדלט אין אַ הייל פון רויבער!

— אין אַ שעכטהויז האָבן זיי פאַרוואַנדלט דעם בית־מקדש, און דעם מזבח — אין אַ קאָכעדיקן קעסל מיט פלייש, אין אַן אָפן מויל, וואָס שרײַט: הב! הב! (גיב! גיב) — גאָרנישט איז אים גענוג.

— די בני־עלי, וואָס כאַפּן די שטיקער פלייש אַוועק פון מזבח אויף זייערע גאָפּלען!

— די בני־עלי! זייערע זין האָבן זיי געמאַכט פאַר גזברים, זייערע איידעמס פאַר גבאים און אויפזעער, און זייערע קנעכט שלאָגן אונדז מיט שטעקנס. ווי צו אײַך, בני־חנן!

— דאָס הויז פון גאָט, וואָס פאַר אַ בית־תּפילה זאָל עס אָנגערופן ווערן צו אַלע פעלקער פון דער וועלט, האָבן זיי אין אַ קראָם פאַרוואַנדלט. אויף דעם שטיין, וואָס אַברהם האָט אויף אים יצחקן צו דער עקדה געבראַכט, האָבן זיי זייערע געוועלבער אויפגעעפנט.

— אַ קללה אויף אײַך, בני־עלי!

איינציקווײַז זײַנען זיי פאַרשוואונדן, די סגנים, די גזברים, אין זייערע זילבערנע מאַנטלען, מיט זייערע געפלאָכטענע אייל־גלאָנציקע בערד, הינטער די פאַר־האַנגען פון דעם היכל־הויף. דער רבי פון נצרת איז איבערגעבליבן דער איינ־ציקער בעל־הבית פון בית־מקדש־הויף.

מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז איצט, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרטריבן די בני־עלי מיט דעם כּוח פון גבֿורה און קדושה, וואָס שטראַלט אַרויס פון אים, נאָכדעם ווי ער האָט זיי געבונדן, די בני־חנן, די באַהערשער פון דעם בית־המקדש, מיט דעם הויך פון זײַן מויל, אַזוי וועט ער איצט דעם גרעסטן פײַנט, דעם מקור פון שלעכטס, דאָס רשעות פון דער וועלט, דעם פויסט, וואָס האַלט גאָטס פאָלק אין זײַן קלעם, — דעם שׂר פון אדום וועט ער איצט פאַרטיליקן מיט דעם כּוח און מיט דעם רשות, וואָס זײַנען אים איבערגעגעבן, מיט דער שטריק אין זײַן האַנט. אָבער דער טאָג האָט עס נישט געבראַכט. ער האָט געזאַמלט זײַנע תּלמידים און פאַרלאָזט דעם בית־מקדש־הויף. ער איז צוריקגעגאַנגען אויפן הר־הזתים. אָבער דאָס פאָלק האָט אים באַגלייט, ווי אַ מלך, און יעדער פּנים האָט געשײַנט, און אונדזערע אויגן האָבן געלויכטן, און אונדזערע הערצער האָבן אָרײַנגעצויגן די פרייד. איצט האָבן מיר אַלע באַשײמפערלעך געזען, אַז די גאולה קלאַפּט אָן אין אונדזער טיר, אַז אויך צו אונדז איז אויפגעשטאַנען אַ שיצער. און אַלע האָבן מיר אויסגעוואַרט זײַנע ווײַטערדיקע מעשׂים.

# 17

אין דעם טאָג האָבן אַלע הערצער געקערט צו אים. אין גאַנץ ירושלים האָט מען גערעדט פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען הײַנט אין דעם בית־מקדש־הויף. אויף אַלע גאַסן, אויף דעם מאַרק־פּלאַץ האָט מען דיסקוטירט איבער דעם. די געמיינע לײַט, דער עיקר די גלילער, זײַנען געווען שטאָלץ מיט זייער לאַנדסמאַן. זיי, די פאַרשעמטע, די, וואָס צוליב זייער אומקלאָרקייט אין אויסשפּראַך און נישט־געניואיקייט אין אויסדרוק אַליין האָט מען זיי פאַרלאַכט, האָבן מיטאַמאָל באַ־קומען אַן אָנזען בײַ אַנדערע, און וואָס וויכטיקער, אַ זיכערקייט אין זיך און אַ שטאָלצקייט. הע, אויך פון גליל קאָן אויפשטיין אַ נבֿיא, אַ צווייטער יהודה גלי־לער, — מער, אַ צווייטער עמוס, וואָס וואָגט צו קומען פאַר די בני־חנן און זאָגן זיי אין פּנים אַרײַן, אַז זיי האָבן פאַרוואַנדלט גאָטס הויז אין אַ הייל פון רויבער;

אַ צווייטער ירמיהו, — און מיט דער שטריק אין זײַן האַנט פֿאַרטרײַבט ער די הענדלער פֿון די בני־חנן, רייניקט גאָטס הויז, און קיינער וואַגט נישט אים צו שטערן אין זײַן הייליקן אייפֿער, וואָרעם דער פּחד פֿון גאָט פֿאַלט אויף זיי פֿאַר זײַן אַנבליק. און ווער ווייס, וואָס די שטריק, וואָס ער האַלט אין זײַן האַנט, וועט נאָך אויפֿטון? זי איז דאָס שווערד, וואָס איז אים פֿון גאָט איבערגעגעבן. און נישט נאָר דאָס געמיינע פֿאָלק אַליין, נישט נאָר אויף די מערק, צווישן פֿרעמדע לײַט אין בית־מקדש־הויף, — אויך אין די בתי־מדרשים פֿון די רבנים רעדט מען וועגן דעם פּראָווינצער רבילע, וואָס מען האָט געקוקט אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ, גאָר מיט אַן אַנדער דרך־ארץ.

איך געדענק, איך בין נאָך דער געשעעניש אין בית־מקדש־הויף געקומען מיט מײַן רבין נקדימון אין דעם בית־המדרש פֿון יוחנן בן זכאי. די תּלמידים פֿון יוחנן בן זכאי האָבן מײַן רבין אַרומגערינגלט. זיי האָבן געוואוסט, אַז מײַן רבי קאָן זיי פֿאַרציילן וועגן דעם מיסטישן מאַן פֿון נצרת מער פֿון אַנדערע. עס איז געווען באַקאַנט, אַז מײַן רבי האָט זיך מיט אים געטראָפֿן און געהאַט מיט אים וויכּוחים סײַ אין גליל, סײַ אין ירושלים. מען האָט זיך געסודעט אויפֿן אויער, אַז ער איז איינער פֿון זײַנע שטילע אָנהענגער אַפֿילו.

— קאָנסטו אונדז עפּעס פֿאַרציילן וועגן דעם אומבאַוואוסטן מאַן פֿון נצרת, וואָס האָט זיך דערוועגט אַרײַנצוגיין אין פּרדס אַרײַן און פֿאַרטרײַבן פֿון דאָרט די שוואַרצע ראָבן, וועלכע עסן אויף די ווײַנטרויבן? — האָבן זיי אים געפֿרעגט בדרך רמז.

— פֿיל קאָן איך אײַך נישט פֿאַרציילן. זײַנע וועגן זײַנען אין פֿאַרבאָרגעניש. נאָר זײַנע רייד און זײַנע מעשׂים אַליין זײַנען אַנטפּלעקט. אָבער אויך פֿון זיי קאָן מען גאָרנישט דערגיין, וואָרעם ער עפֿנט אויף אַ טפֿח און פֿאַרהוילט נײַן.

— ווער ווייס, ווער ווייס, וואָס אַזאַ איינער איז בכּוח, וואָס פֿאַר אַ רשותים עס זײַנען אים איבערגעגעבן געוואָרן? — האָט אַ תּלמיד געפֿרעגט און פֿאַרשטעלט זיך מיט דער האַנט די אויגן.

— וואָס פֿאַר אַ רשותים? וואָס רעדט איר פֿאַר אַ רייד? אַ רבילע. ער האָט אַביסל עליית־נשמה, מיינט ער, אַז ער איז באַלד משיח. מיר האָבן שוין געזען אַזעלעכע זאַכן בײַ אַנדערע תּלמידי־חכמים. זיי האָבן אויך געהאַט עליית־נשמה, זיי האָבן נישט גערעדט אַזעלכע חוצפּהדיקע רייד כּלפּי תּלמידי־חכמים, און אַוודאי נישט כּלפּי שמים. ווען ער וואָלט געווען דאָס, וואָס איר מיינט, אַז ער איז, וואָלט ער נישט געווען גערעדט, נאָר געטון, ווי עס שטייט געשריבן אויף אים: „ולא ישמע בחוץ קולו".

— ניין, דער איז עפּעס אַנדערש. אַז ער רעדט אַזוי, מן־הסתּם האָט ער אַ רשות דערויף. איר האָט דאָך געזען ווי ער האָט רשות...

— וואָס מיינסטו? ווער איז ער? — האָבן די תּלמידי־חכמים אַרומגערינגלט מײַן רבין — דו קענסט דאָך אים. דו האָסט דאָך גערעדט מיט אים. פֿון וועמען שעפּט ער די כּוחות?

— איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, — האָט מײַן רבי געטענהט נאָכאַנאַנד,

— טיילמאָל דאַכט זיך מיר אויס... נאָר איך וויל נישט. איך האָב מורא, אַז מען זאָל נישט געשטרויכלט ווערן אין מײַנע רייד.

— פאַרוואָס זאָלן די תּלמידי־חכמים נישט גיין אים פרעגן, מיט וואָס פאַר אַ כּוח ער טוט די זאַכן? ממה־נפשך, אויב ער איז דאָס, וואָס מען מיינט, אַז ער איז, מוז מען דאָך עס וויסן.

— מען מוז וויסן אויף אַלע אופנים, — האָבן אַנדערע צוגעשטימט.

— וואו וואוינט ער? אין וועלכן בית־מדרש דרשנט ער? וואו האַלט ער זיך אויף?

ערשט איצט האָבן די תּלמידי־חכמים זיך אַרומגעזען, אַז זיי וויסן נישט, וואו דער תּלמיד־חכם פון נצרת האַלט זיך אויף. ער פלעג אַריינפאַלן אין בית־מקדש־הויף, ווי אַ ליכט פון הימל, — פלוצלינג, און פאַרשווינדן.

— מען מוז שיקן שליחים צו אים. מען מוז אויספרעגן. מיר מוזן וויסן, מיט וועמען מיר האָבן צו טון.

— אָבער וואוהין? וואו וואוינט דער חכם?

— ער וועט קומען אין בית־מקדש־הויף.

— נאָך דעם, וואָס עס איז געשען, וועט ער קומען צוריק אין בית־מקדש־הויף?

— אויב ער איז דאָס, וואָס מיר מיינען, אַז ער איז, וועט ער קומען צוריק און פאַרענדיקן דאָס ווערק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן. ער וועט פאַר קיינעם זיך נישט באַהאַלטן, — האָט מײַן רבי מיט זיכערקייט ערבֿ געוועזן פאַרן רבין פון נצרת.

— ווען ער וועט קומען צוריק, וועלן מיר וויסן, אַז ער האַלט אַ רשות אין זײַן האַנט. דאָס וועט זײַן דער סימן. ביז דענסטמאָל לאָמיר וואַרטן מיט דער שליחות צו אים, האָבן זיי באַשטימט.

דעם נאָכמיטאָג בין איך נישט אַרויסגעגאַנגען קיין בית־פּגה, נאָך די טריט פון דעם רבין פון נצרת, ווי איך האָב געוואָלט. איך בין געגאַנגען צום הויז פון שמעון קוריני, אין דעם טאָל פון קדרון, אָפּצוגעבן כּבוד מײַנע עלטערן און מקיים צו זײַן די מצווה פון כּיבוד אָבֿ ואם, וואָרעם מײַנע עלטערן זײַנען געקומען עולה־רגל זײַן אויף פּסח קיין ירושלים. זיי זײַנען שוין נישט געוועזן אַ פאַר יאָר אין ירושלים, וואָרעם מײַן מוטער איז קראַנק געווען און מײַן פאָטער האָט אַ נדר געטון נישט אויפצוגיין קיין ירושלים אַליין, אָן זײַן הויזגעזינד. זיי זײַנען איצט געקומען מקיים צו זײַן די מצווה פון עולה־רגל און צו ברענגען רייניקונג־קרבנות, אינאיינעם, פאַרשטייט זיך, מיט דעם קרבן־פּסח. מײַן פאָטער האָט מיטגעבראַכט מתּנות, ווי תּמיד, פאַרן הויזגעזינד פון שמעון־קוריני. און פאַר מײַן רבין האָט ער געבראַכט אַ קריגל מיט גוטן שרונער ווײַן, וואָס איז געווען בחזקת כּשרות, און אַ שעפּעלע פאַרן קרבן־פּסח. און מײַן מוטער האָט געבראַכט צען געוויכט אויסדערוויילטע בשׂמים, — מור, געמישט מיט אהלים, וואָס מען שטויסט דער־פון אויס טײַערן שמיר־אייל, וואָס מײַן רבי האָט עס זייער גערן געהאַט. מײַנע עלטערן האָבן זיך זייער געפרייט מיט מיר, וואָס איך וואַקס אין דער תּורה, און געבעטן צו גאָט, אַז זיי זאָלן נאָך די זכיה האָבן צו זען מיך זיצן אויף אַ שטול פון רבנות אין ישׂראל. דאָס איז געווען זייער גרעסטער און הייליקסטער וואונש. מײַן מוטער האָט מיר איבערגעגעבן דעם רײַכן ברייטן וואָלענעם מעיל, וואָס זי אַליין האָט אים אויסגעוועבט פאַר מיר דורך דער צײַט פון איר קראַנק־זײַן. און דעם אָוונט, צו דער קריאת־שמע פאַרנאַכט, האָב איך צום ערשטן מאָל געטראָגן דעם מיט ציצות באַקליידטן מעיל, דעם סימן פון אַ דערוואַקסענעם געלערנטן מאַן.

נאָך קריאת־שמע האָבן די ווײַבער אָנגעצונדן די אייל־לאָמפּן, די מענער האָבן געוואַשן די הענט, און זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער רצפּה, בײַם נידעריקן טיש, צו ברעכן צוזאַמען ברויט. האָט די טיר מיטאַמאָל זיך אויפגעעפֿנט, און עס איז אַרײַנגעקומען מיט גרויס אימפּעט מײַן חבר רופֿוס, דער יינגסטער זון פֿון שמעון קוריני. ער האָט אָפּגעגעבן כּבֿוד זײַנע עלטערן, בוקנדיק זיך פֿאַר זיי טיף צו דער ערד און קושנדיק זיי אויף דער רעכטער באַק, דערנאָך האָט ער זיך באַ־גריסט מיט די אורחים. דער פֿאָטער האָט זיך געוואונדערט, וואָס דער זון איז גאַר פּלוצלינג, נישט אָנזאָגנדיק, אַהיים געקומען. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער האָט עפּעס מיט אים געטראָפֿן. אָבער דער זון האָט אים באַלד באַרואיקט און גע־ענטפֿערט, אַז נאָר די בענקשאַפֿט צו זען דאָס פּנים פֿון זײַנע עלטערן, וואָס האָבן אים געבוירן, און צו פֿאַרבר־ענגען מיט זיי בײַ איין סעודה, כּדי מקיים צו זײַן די מצווה פֿון כּיבוד אָבֿ ואם, איז געווען דער ציל פֿון זײַן קומען. און זײַנע עלטערן האָבן , באַרואיקטע, אים געבעטן צום טיש. און ער האָט געוואַשן זײַנע הענט און זיך געזעצט צו אונדז.

בײַם טיש בײַ שמעון קוריני איז געווען אַ גערייד וועגן די געשעענישן, וועלכע זײַנען הײַנט פֿאָרגעקומען אין בית־מקדש־הויף, און וועגן די האָפֿענונגען, וואָס מען האָט אָנגעקניפּט אין זיי, ווײַל וואָרעם עס איז געווען דער געשפּרעך פֿון טאָג אין גאַנץ ירושלים. און שמעון קוריני האָט זיך אָנגערופֿן:

— גרויסע זאַכן טוט מיט אונדז גאָט אין די טעג. מיר הערן קולות און עס באַווײַזן זיך סימנים, וועלכע זאָגן עדות, אַז די ישועה איז שוין נישט ווײַט און גאָטס האַנט איז הינטער אונדז. וואָרעם אַנדערש קאָן מען נישט אויסטײַטשן, וואָס עס איז הײַנט פֿאָרגעקומען אין בית־מקדש־הויף. דאָס שעפֿעלע איז געווען אין דעם מויל פֿון לייב, און דער לייב האָט נישט געוואָגט עס אַראָפּצושלינגען, נאָר דערשראָקן זיך דערפֿאַר. — און דערמיט האָט ער געמיינט, וואָס דער רבי פֿון נצרת האָט אַרויסגעטריבן די הענדלער פֿון בית־מקדש־הויף און געשלײַדערט צו די בני־חנן זײַנע דונערדיקע ווערטער אין פּנים אַרײַן, און זיי האָבן נישט גע־וואָגט אים אָנצורירן, נאָר דערשראָקן זיך און זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון זײַן אָנגעזיכט.

— נישט אַנדערש, נאָר עס איז אָן אָנהויב פֿון דער גאולה, — האָט מײַן פֿאָטער מסכּים געווען.

און די גאַנצע צײַט, בשעת זיי האָבן גערעדט וועגן דעם רבין פֿון נצרת, האָב איך געזען, ווי דאָס פּנים פֿון מײַן חבֿר רופֿוס פֿלאַמט אין איין פֿרייד און זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן זײַנען גרעסער געוואָרן און פֿיל שוואַרצער, שײַנענדיקער. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן פּנים איז נאָר אַ ראַם צו זײַנע אויגן. און ער קוקט אויף מיר און פֿיבערט מיר עפּעס וואָס צו זאָגן. און מיר ביידע וואַרטן נאָר אָפּ די שעה, אַז מיר זאָלן קאָנען נעמען אָפּשייד פֿון אונדזערע עלטערן און זײַן צוזאַמען. וואָרעם איך דערפֿיל, אַז דאָס, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן, איז עס נאָר פֿאַר מיר אַליין, און ער וויל דאָס נישט מגלה זײַן פֿאַר קיינעם.

קוים האָבן מיר געענדיקט דאָס בענטשן און דאָס דאַנקען גאָט פֿאַר דעם ברויט, וואָס מיר האָבן געגעסן צו דער זאַט און נאָך איבערגעלאָזט, זײַנען מיר שוין געווען אין דרויסן.

די נאַכט איז געווען ליכטיק. די לבנה איז וואָס אַמאָל פולער געוואָרן אין די טעג און זי האָט געשײַנט אין איר שלמותדיקן ליכט.

איך האָב זיך אָנגערופן צו מײַן חבר:

— אין דײַן פּנים האָב איך דערקענט, אַז דו האָסט מיר עפּעס וואָס צו זאָגן, וואָס דו האָסט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון אונדזערע עלטערנס אויערן, וואָס איז עס אַזוינס?

— נאָך דעם נביא פון נצרת האָב איך געאײַלט, ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם בית־מקדש־הויף, נאָך דעם ווי ער האָט גערייניקט גאָטס הויז, אין די טריט פון זײַנע תלמידים בין איך נאָכגעגאַנגען צו דעם אָרט, וואו ער האָלט זיך אויף, אין דעם הויז פון שמעון דעם צנוע, אין בית־עינה, וואָס איז אין בית־פּגה. וואונדערלעכע זאַכן זײַנען הײַנט געשען, — און מײַן פרײַנדס אויגן זײַנען נאָך גרעסער געוואָרן און זיי האָבן איצט געלויכטן ווי די ליכטער אין הימל, — ווען איך בין נאָר אַרויפגעקומען אויפן באַרג אַרויף און איך האָב זיך דערנענטערט צום הויז פון שמעון דעם צנוע, האָב איך דערהערט אַ גרויס יובל־געשרײַ, וואָס איך האָב נישט געוואוסט דעם באַדײַט דערפון. אַז איך בין אָבער צוגעקומען צום הויז פון שמעון, האָב איך געזען ווי זײַנע תלמידים שטייען אַרום אַן אויסגעדאַרטן, פאַרטריקנטן פײַגנבוים, וואָס שטייט דאָרט אויפן וועג פאַרן הויז, און זיי רופן איינער צום אַנדערן: „זעט דעם וואונדער, זעט, זעט!" — און אַז איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, וואָס עס איז געשען, האָט מען מיר געגעבן צו וויסן, אַז הײַנט נאָך אין פרימאָרגן איז דער פײַגנבוים געווען באַקליידט מיט גרינע בלעטער. דער רבי פון נצרת האָט הײַנט אין פרימאָרגן געזוכט אויף אים יונגע פײַגן. דער רבי האָט פאַרלאַנגט פון בוים, אַז ער זאָל אים שפּײַזן מיט פײַגן, וואָרעם ער איז הונגעריק געווען. און ווען דער בוים האָט עס נישט געקאָנט באַווײַזן, וואָרעם די צײַט איז נאָך נישט געקומען, ווען די פײַגן ווערן רייף, און די ביימער האַלטן ערשט אין אַרויסברענגען די בלעטער, האָט דער רבי פאַרשאָלטן דעם בוים, ער זאָל פאַרדאַרט ווערן. ווען זיי זײַנען אַהיימגעקומען היינט נאָך מיטאָג פון ירושלים, האָבן זיי געפונען, אַז דער בוים, וועלכן דער רבי האָט פאַרשאָלטן, האָט פאַרלוירן אַלע בלעטער און ער שטייט אַן אויסגעטריקנטער, אַ פאַרדאַרטער.

— אָבער ווייסטו דען נישט, רופוס, אַז די פײַגנביימער אין בית־פּגה פאַרלירן פרי די בלעטער און ווערן פאַרטריקנט פריצײַטיק, מחמת דאָס אָרט ליגט בײַ דער גרענעץ פון מדבר יהודה: די הייסע ווינטן פאַרשיטן מיט זאַמד די ערד און פאַרשטיקן די לופט־צוגן פון דער ערד, — ווערן, דעריבער, די וואָרצלען פרי פאַרדאַרט. מחמת דעם הייסט דאָס אָרט בית־פּגה, דאָס אָרט פון די אומרייפע פײַגן, ווייל קיין מאָל דערגרייכט נישט די פרוכט דאָרט צו איר רייפקייט.

— יאָ, אַוודאי ווייסן מיר וועגן דעם. אויך די אַנדערע ביימער, וועלכע זײַנען געשטאַנען לעבן יענעם בוים, האָבן דורך דעם הײַנטיקן ערשטן הייסן טאָג, אָנגעהויבן פאַרלירן די בלעטער. אָבער דער בוים, וועלכן דער רבי האָט פאַרשאָלטן, איז גאָר גאַנץ אַנדערש געווען ווי די אַנדערע: ער האָט דורך דער צײַט פון דעם האַלבן טאָג נישט נאָר פאַרלוירן זײַנע בלעטער, נאָר זײַנע צווײַגן זײַנען אויסגעדרייט און הענגען אויפן בוים, ווי צעבראָכענע גלידער פון אַ מענטשן, וואָס

מען נעמט פֿון אַ צלם אַרונטער. און דער בוים אַליין האָט אויסגעקוקט ווי אַ „שתי־וערב״.

— ווי האָט ער אויסגעקוקט? — פֿרעג איך מײַן חבֿר דערשראָקן.

— ווי אַ שתי־וערב, ווי איינער פֿון די צלמים, וואָס דער בלוטיקער אדום פֿלאַנצט אויף די וועגן פֿון יהודה, ווי זיי שטייען אויף דער גלגלתא, און ער נאָגלט צו צו זיי לעבעדיקע מענטשן.

איך האָב שוין פֿריִער געהאַט באַמערקט אין דעם געמיט־צושטאַנד פֿון מײַן חבֿר רופֿוס אַ גרויסע ענדערונג, זינט מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויפֿצוגיין אויפֿן הר־הזתים, אין דער בית־עינה. מײַן פֿריינד איז שטענדיק געווען אַ בעל־חלומות. בשעת אונדזער רבי האָט פֿאַר אונדז געדרשנט וועגן די ימי־משיח, אָדער פֿאַר־ציילט אונדז אגדות, וואָס די אַלטע האָבן אים איבערגעגעבן, איז מײַן חבֿר רופֿוס געזעסן מיט פֿאַרחלומטע אויגן און ער האָט געקוקט אין אַנדערע וועלטן. נאָך פֿון דענסטמאָל אָן, זינט מיר האָבן אָנגעהויבן נאָכגיין די טריט פֿון רבין פֿון גליל און געהאַט איבער אים אונדזערע שטילע באַהאַלטענע האָפֿענונגען, האָט ער גענומען זען אין אַלע מעשׂים פֿון רבין נסים און נפֿלאות, אויסטײַטשן יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זײַן מויל מיט רמזים און אָנדײַטונגען. ער האָט גע־חלומט זייער אָפֿט וועגן רבין. בײַנאַכט פֿלעגט ער רעדן אַרויס פֿון שלאָף אומ־פֿאַרשטענדלעכע ווערטער, וואָס האָבן צו טאָן מיט די ימי־משיח. אָדער ער פֿלעגט זיך אויפֿרײַסן אין מיטן נאַכט און פֿאַרציילן פֿון זײַנע חזיונות און די געשטאַלטן, וואָס ער זעט. איך האָב געלייענט אויף אים דעם פּסוק: „בשוב ה׳ את שיבת ציון היינו כחולמים״. איך האָב נישט ערנסט גענומען זיינע חזיונות. אָבער דאָס מאָל האָט ער מיך געשראָקן, און איך האָב זיך אָנגערופֿן צו אים:

— רופֿוס, האָסטו נאָר אַליין געזען די געשטאַלט פֿון בוים, ווי ער האָט זיך אויסגעפֿאָרעמט אין אַ שתי־וערב נאָך דעם רבינס קללה, אָדער עס האָבן דאָס אויך אַנדערע באַמערקט?

— איך גלויב, אַז אַ טייל פֿון די אַנדערע. אין יעדן פֿאַל קאָן איך עדות זאָגן, אַז איינער פֿון זײַנע תּלמידים, יהודה איש־קריות, האָט געמוזט באַמערקן די גע־שטאַלט פֿון בוים, וואָרעם ווען ער האָט אים דערזען, בשעת די אַנדערע האָבן געיובֿלט און געטאַנצט אַרום זייער רבין מיט האַנט־קלאַטשערײַ און הושענא־רופֿן, איז יהודה געשטאַנען דערשראָקן און פֿאַרציטערט, און זײַן פּנים איז געווען בלייך. און אַזוי איז אויך שמעון בר־יונה געשטאַנען פֿון דער צווייטער זײַט בוים און ער האָט זיך געטרייסלט פֿאַר שרעק ווי אַ בלאַט.

— און די אַנדערע?

— די אַנדערע האָבן עס ניט באַמערקט.

— און וואָס האָט דער רבי געזאָגט?

— דער רבי האָט וועגן דעם נישט גערעדט. נאָר בשעת די תּלמידים האָבן אים אָנגעוויזן: „רבי, זע, דער פֿײַגנבוים, וואָס דו האָסט פֿאַרשאָלטן איז פֿאַר־דאַרט געוואָרן״, — האָט ער צו זיי געזאָגט: „האָט גלויבן אין גאָט. וואָרעם פֿאַרוואָר איך זאָג אײַך: ווער עס וועט זאָגן צו אָט דעם באַרג: — הויב זיך אויף און ווער אין ים אַרײַנגעוואָרפֿן! — און ער וועט נישט צווייפֿלען אין זײַן האַרץ, נײַערט ער וועט גלויבן, אַז דאָס, וואָס ער זאָגט, וועט געשען, אַזוי וועט ער האָבן,

וואָס ער וועט זאָגן. דאַרום זאָג איך אײַך: אַלץ, וואָס איר וועט פֿאַרלאַנגען אין געבעט, גלויבט, אַז עס וועט אײַך געענטפֿערט ווערן, — און אַזוי וועט עס אײַך געשען". און איינער פֿון די תּלמידים האָט אים געפֿרעגט: „רבי, קאָן מען אַלץ דערגרייכן דורך תּפֿילה?" — האָט ער אים אָפּגעענטפֿערט: „יאָ, ווען אײַער תּפֿילה איז נאָר פֿון דעם הימל וועגן, ווען איר וועט אײַערע הערצער ריין מאַכן פֿון יעדער פּניה, וואָס איר האָט קעגן וועמען. ווען איר שטייט און בעט, זײַט מוחל, ווען איר האָט וואָס קעגן איינעם, כּדי אײַער פֿאָטער, וואָס איז אין הימל, זאָל אויך פֿאַרגעסן אײַערע פֿעלער".

— און וואָס איז ווײַטער געשען? פֿאַרצייל מיר פֿון אַלעם, וואָרעם מײַן נשמה דורשט צו וויסן.

— עס איז אָנגעקומען פֿיליפּוס פֿון גדרה מיט אַ גרופּע גריכישע ייִדן אויפֿן הר־הזתים.

— ווער זאָגסטו? פֿיליפּוס?

— יאָ, דער גריך פֿון יוסף רמתי, וועלכער האָט זיך מגייר געווען. איך האָב אים געזען אַרויפֿקומען אויפֿן באַרג, באַגלייט פֿון אַ פּאָר גריכישע ייִדן, זײַן קאָפּ געבויגן טיף צו דער ערד, ווי תּמיד. ער איז געגאַנגען אין אַ זײַט, ווי אַ צעבראָכענע, שטורעם־געטראָפֿענע שיף קומט אָן פֿון אַ כוואַליעדיקן ים אין איר פּאָרט אַרײַן, און ער האָט, ווי תּמיד, גערעדט באַלעבט צו די לײַט, וועלכע האָבן אים באַגלייט. איך האָב זיך געוואונדערט, פֿון וואַנען וייס דער גר, וואו דער רבי האַלט זיך אויף. די זאַך ווערט דאָך געהאַלטן אין גרויס סוד. נאָר איך האָב באַמערקט, אַז זיי האָבן בײַ זייער אָנקומען זיך געסודעט מיט איינעם פֿון די תּל־מידים, מיט פֿיליפּוס פֿון בית־צדה, וועלכער האָט געקענט זייער לשון. ער, ווי־דער, האָט צוגערופֿן דעם ברודער פֿון שמעון, אַנדרעי.

— „און אַנדרעי איז אַרײַנגעגאַנגען אין הויז פֿון שמעון, וואו דער רבי האָט זיך אויפֿגעהאַלטן צו באַשיצן זיך פֿון קאַלטן ווינט, וואָס האָט אָנגעהויבן בלאָזן אויפֿן באַרג, וואָרעם די הימלען האָבן געגנומען זיך פֿאַרוואָלקענען און טונקל ווערן און עס איז קיל געוואָרן. און דער רבי איז מיד געווען פֿון דער עבודה בײַטאָג. נאָך אַ ווײַל איז דער רבי אַרויסגעקומען און האָט זיך געשטעלט אויף דער שוועל פֿון הויז. און פֿיליפּוס פֿון בית־צדה האָט צוגעפֿירט צו אים די גריכן. און דער גר אַבֿרהם בן־אַבֿרהם האָט זײַן קאָפּ, וואָס איז געווען געקייטלט צו דער ערד, נאָך טיפֿער און טיפֿער געבויגן פֿאַר אים, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען בײַם רבינס פֿיס ווי אַ קלייִנער, אונטערטעניקער וואָרעם. און הינטער אים — די גריכן, זייערע קעפּ אויך אָנגעבויגן פֿאַרן רבין. און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט צו זיי די ווערטער בדרך רמז: „די שעה איז געקומען, דער בן־אדם זאָל פֿאַרהער־לעכט ווערן. פֿאַרוואָר, פֿאַרוואָר זאָג איך אײַך: ווען דער זאָמען פֿון ווייץ פֿאַלט נישט אין דער ערד און שטאַרבט, אַזוי בלײַבט ער אַליין. אָבער ווען ער שטאַרבט, אַזוי טראָגט ער פֿיל פֿרוכט. דער, וואָס ליבט זײַן לעבן, וועט עס פֿאַרלירן. אָבער ווער עס האָסט זײַן לעבן אין דער וועלט, דער וועט עס דערהאַלטן צום אייביקן לעבן. ווען איינער וויל מיר דינען, זאָל ער מיר נאָכפֿאָלגן. און וואו איך בין, דאָרטן וועט מײַן באַדינער אויך זײַן. און ווער עס וועט מיר דינען, דעם וועט מײַן פֿאָטער אין הימל ערן".

„און ער האָט געשוויגן אַ ווײַל, דערנאָך האָט ער געזאָגט: — אַצינד איז מײַן זעל באַטריבט. און וואָס זאָל איך זאָגן? פֿאָטער, העלף מיר פֿון אָט דער שעה אַרויס, אָבער איך בין פֿונדעסטוועגן צו דער שעה געקומען. פֿאָטער, פֿאַרהערלעך דײַן נאָמען! — און ווי ער האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָט זיך דערהערט אַ דורנערן און אַ בליצן, און דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן. אָבער עס איז נישט געווען קיין דונערן און קיין בליצן. פֿון דעם שפּאַלט, וואָס דער בליק האָט געריסן אין הימל, האָט אַ פֿײַערדיקער מלאך אַראָפּגענידערט און איז געפֿלויגן צו אים".

— דו ביסט אַ בעל־חלום, רופֿוס, — האָב איך אויסגערופֿן. אויך מיר האָבן אין ירושלים געהערט דונערן און געזען בליצן. גאַנץ ירושלים האָט געהאַפּט, אַז דער מלקוש וועט אַראָפּנידערן און אָנפֿילן די האַלב־ליידיקע וואַסער־זאַמלונגען אין די הײַפֿן און אויף די דעכער. מיר האָבן זיך שוין געפֿרייט, נאָר עס האָט געדונערט און געבליצט, און קיין רעגן איז נישט געקומען.

אָבער מײַן חבֿר רופֿוס האָט זיך געהאַלטן בײַ ס'זײַניקע: דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן און אַ מלאך האָט אַראָפּגענידערט. איך האָב זיך מיט אים נישט פֿיל געשפּאַרט. מיר אַלע זײַנען געווען אין די טעג ווי לײַט, וואָס גייען אַרום אין אַ דרימלדיקער וועלט. מיר אַלע האָבן געזען וויזיעס. אונדזערע הערצער זײַנען אָנגעפֿילט געוואָרן מיט זאַפּט פֿון האָפֿענונג און דערוואַרטונג, זיי האָבן געשלאָגן הויך. מיר אַלע האָבן געטראָגן פֿליגלען אונטער אונדזערע קליידער אין די טעג.

אין יענע נעכט פֿון פֿאַר־פּסח און פֿרילינג האָבן מיר, מײַן חבֿר און איך, אַרומגעשפּרײַזט איבער די געסלעך פֿון נחל קדרון. די לבֿנה האָט געשײַנט שיין אין איר פֿולן ליכט. און פֿון אומעטום, פֿון אַלע הײַזער און הײַפֿן זײַנען אויפֿגעגאַנגען פֿריילעכע שטימעס, געזאַנג פֿון בחורים און מיידלעך, געלעכטער פֿון קינדער. די הערצער זײַנען אַלע געווען איבערגעפֿילט מיט פֿרייד. קיינער האָט זיך קיין חשבון נישט געקאָנט אָפּגעבן, פֿאַרוואָס אַלע האָבן דערוואַרט, אַז אָט־אָט וועט עפּעס גרויס און וויכטיקס געשען.

און ווי מיר גייען אַזוי, מײַן חבֿר רופֿוס און איך, האַנט־אין־האַנט איבער די באַלעבטע, שפּילעוודיקע, אָנגעפֿילטע, איבערגעגאָסענע געסלעך פֿון נחל קדרון, פֿאַלן מיר אַרײַן אין דעם געסל פֿון די קופּער־שמידן און אײַזנגיסער. זיי האָבן אַלע זייערע שמיד־אַמבעסן אין הייף־געוועלבטע קעלערן, און מיר האָבן געזען ווי פֿײַערן פֿלאַמען אויף פֿון דער קוילן־פּאַן און ווערן פֿאַרלאָשן, און מיר האָבן געהערט אַ געקלאַפּערײַ און אַ געקלימפּערײַ פֿון האַמער איבער אײַזן. און מיר האָבן זיך געוואונדערט. אדום האָט געהאַלטן אַ וואַכעדיק אויג אויף די אײַזן־שמידן אין ירושלים. אויך די באַדינער פֿון כּהן־גדול זײַנען אָפֿט אַרײַנגעפֿאַלן צו זיי, האָבן נאָכגעקוקט, וואָס זיי טוען, אויב זיי שמידן אויס בעקנס און בראָטפּאַנען און אַנדערע שטוב־כּלים, וואָס זייער מלאָכה האָט געזאָלט זײַן, צי נישט עפּעס אַנדערש. די שטאָט־אויפֿזעער האָבן, צוליב דער ריינקייט פֿון שטאָט, זיי געהאַלטן דאָ, אין דעם נחל קדרון, וואו די וואַלקערס, די פֿאַרבער, די וועבער און אַנדערע אומריינע מלאכות האָבן זיך געפֿונען. נאָך קיין מאָל פֿריִער האָבן מיר נישט געהערט און נישט געזען אַזאַ גרויסע באַוועגונג, אַזאַ באַלעבטע טעטיקייט צווישן די אײַזן־שמידן. מיר האָבן אַרײַנגעקוקט צו איינעם און צו אַ צווייטן אייזן־שמיד און מיר האָבן דערזען גאָר גאַנץ אַנדערע פּנימער, גאָר גאַנץ אַנדערע לײַט, באַשעפֿטיקט

אין די אײַזן־שמידערײַען. קרעפּטיקע הענט האָבן באַוועגט מיט גבורה די שטריק פֿון די בלאָז־זעק, און די אויפֿגעפּלאָמטע פֿײַערן האָבן באַליכטן אויפֿגעפּראַלטע, באַהאָרטע בריסטן, שוואַרץ־שטאַרנדיקע, באַבאָרדעטע פּנימער, פֿײַערדיקע אויגן. מעכטיקע הענט האָבן מיט האַמערס אויסגעקלאַפּט אין די פֿײַערן שווערדן. אַ קלאַפּ פֿון האַמערס, — יעדער קלאַפּ אַ געשריי פֿון נקמה און נצחון, יעדער קלאַפּ אַ געשריי נאָך גאולה און ישועה. עס קלימפּערט דער שטאָל, עס פּאַרען די אָפּגעקילטע פֿײַער־וואַסערן. מבֿינימדיקע, גענײטע פֿינגער בויגן און פּרוּוון די קלינגען. איין שווערד פֿאַלט צו דער אַנדערער. לײַט קומען, שווערדן ווערן אויסגעטיילט. לײַט פֿאַרשווינדן. וואָס קאָן דאָס זײַן?

אָבער וואָס זעען אונדזערע אויגן? צוויי לײַט שלײַכן זיך צום אײַזן־שמיד אַרײַן, אײַנגעהילט אין זייערע זאַק־מאַנטלען. איינער — אַן עלטערער, אַ נידעריקער, אָבער קרעמפּלדיק־האַרט געקנאָטן, אין וואָרצל־פֿאַרקניפּטע לײַב און גלידער, מיט אויגן, וואָס קוקן פֿון געדיכטע ברעמען אַפֿיר; דער צווייטער — אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט מעכטיקע, שטאָלענע גלידער. אויך זיי גרייפֿן צו די שווערדן, פּרוּוון די קלינגען, וואַרפֿן זייער געלט, פֿאַרשטעקן די שווערדן הינטער די קליידער און פֿאַרשווינדן.

— האָסטו נישט געזען, ווער זיי זענען? דערקענסט זיי נישט? צוויי פֿון זײַנע תּלמידים!

— יאָ, שמעון און יוחנן. זע, דאָרט גייען זיי און פֿאַרשווינדן אין שאָטן פֿון נאַכט.

— אויך זיי? — זאָגט רופֿוס, מײַן חבֿר.

איך האָב אָנגעקוקט מײַן חבֿר, און מײַן חבֿר האָט מיך אָנגעקוקט. און מיר האָבן זיך געפֿרעגט איינס בײַם אַנדערן מיט אונדזערע הערצער, אָבער נישט מיט אונדזערע ליפּן: „וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדײַטן?" — און מיט באַאומרואיקטע געמיטער זײַנען מיר צוריקגעקומען צו אונדזערע עלטערן און האָבן פֿאַרבראַכט די נאַכט מיט זיי.

צומאָרגנס באַגינען האָבן מיר זיך אָפּגעשיידט פֿון אונדזערע עלטערן. גענומען די מתּנות פֿאַר אונדזער רבין, — דאָס לעמעלע פֿאַרן קרבן פּסח, דאָס קריגל אייל און דאָס געווירכט געווירצן, וואָס מײַנע עלטערן האָבן געבראַכט, — און מײַן חבֿר רופֿוס און איך זײַנען צוריקגעגאַנגען צו אונדזער רבין. ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין די געסלעך פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט, זײַנען מיר פֿאַרוואונדערט געוואָרן אָנצוטרעפֿן דאָרט אַ שטילקייט און אַן ערנסטקייט, וואָס האָבן פֿון אומעטום געבלאָזן ווי אַ קאַלטער ווינט. עס איז פֿאַרשוואונדן די פֿרייד פֿון דעם אָנקומענדיקן יום־טובֿ, וואָס מיר האָבן ערשט דעם אָוונט פֿריִער געהערט אַזוי ליכטיק אָפּהילכן פֿון די גאַסן. אַנשטאָט דעם, האָבן מיר אין אַלע ווינקלען אָנגעטראָפֿן אויף טרויער און ביטערניש. די מענער זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט פֿאַרשנירטע ליפּן, מיט געבײַלטע פֿויסטן. אין די ווינקלען און אויף די שוועלן פֿון די הײַזער האָבן מיר געהערט קלאָג־ווײַבער וויינען. מיר האָבן אויך אָנגעטראָפֿן שפּילער אויף פֿײַפֿלעך, וואָס באַגלייטן די לוויות. מיר האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט, וואָס איז די סיבה. און מיר זײַנען געוואָר געוואָרן, אַז אין דער נאַכט איז עפּעס שרעקלעכס געשען. איצט האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, ווער עס זײַנען געווען די

לײט, װעלכע מיר האָבן נעכטן אין אָװנט געטראָפֿן בײַ די אײַזן־שמידער שאָרפֿן זײערע שװערדן. בר־אבא, דער אָנפֿירער פֿון די פֿאַרביטערטע שאַרן, װעלכער פֿלעגט באַרױבן די רײַכע און צעטײלן זײער גוטס צו די אָרעמע פֿון דעם אונטער־שטן טײל שטאָט, איז געװען די האָפֿענונג פֿון יענע עלעמענטן, װעלכע זײַנען מיד געװאָרן צו טראָגן זײער גורל און צו װאַרטן געדולדיק אויף משיח דעם אויסלײזער, װי די רבנים האָבן געלערנט. ער האָט צװישן די נידעריקע שיכטן פֿון די בעל־מלאכהס אין ירושלים געהאַט פֿיל אָנהענגער. עס זעט זיך אויס, אַז ער האָט זיך מתקנא געװען אין דעם רבין פֿון נצרת. געזען, אַז די לײַט פֿון כּהן־גדול האָבן נישט געװאָגט דעם רבין פֿעסטצונעמען אין דעם הויף פֿון בית־המקדש, האָט ער גערעכנט, אַז אויך זײַן צײַט איז געקומען. ער האָט באַװאָפֿנט זײַנע שאַרן און זײ געזאַמלט אין דעם הויף פֿון דער פונדקא פֿון די אײזל־ און קעמל־טרײַבער. נאָר בײַנאַכט, בשעת זײ זײַנען געװען פֿאַרזאַמלט אין דער פונדקא, זײַנען זײ אַרומגערינגלט געװאָרן פֿון די רוימישע חיילות. פֿיל פֿון זײ זײַנען געפֿאַלן. די גאַסן אַרום דער פונדקא זײַנען דערקלערט געװאָרן פֿאַר אומרײן, װײַל פֿיל חללים װאַלגערן זיך דאָרט אַרום. פֿיל פֿאַרװאונדעטע, װאָס זײַנען איבערגעלאָזט געװאָרן אין די גאַסן, זײַנען אין די הײַזן געזאַמלט געװאָרן. בר־אבא אַלײן איז פֿון מלכות גענומען געװאָרן געפֿאַנגען, אַ לעבעדיקער.

די פֿאַרביטערטקײט פֿון די לײַט פֿון דער אַלטער שטאָט האָט דערגרײכט צו דער העכסטער מדרגה. אויף אַלע גאַסן, װאו מיר זײַנען אַדורכגעגאַנגען, אויפֿן װעג צום בית־מדרש פֿון אונדזער רבין, האָבן מיר געזען װי לײַט זאַמלען זיך און רײדן װעגן בר־אבאן. בר־אבא איז דורך דער נאַכט אויסגעװאַקסן אין אַ פֿאָלקס־העלד. פֿיל מעשׂים װעגן זײַנע גבֿורות, װעגן זײַן גוטסקײט, װעגן זײַן ברײטער האַנט זײַנען פֿאַרצײלט געװאָרן צװישן פֿאָלק: װי ער פֿלעגט מיט מוטי־קײט זיך אַנטקעגנשטעלן די פֿאַרהאַסטע שוטרים פֿון כּהן־גדול; װי ער פֿלעגט באַפֿאַלן די הײַזער פֿון די רײַכע, צונעמען די אָנגעגרײטע סעודה, די כּלים, די אוצרות, און אָװעקטראָגן, װי אַן אליהו הנבֿיא, צו די אָרעמע אַלמנות, אָדער ברענגען טײַערע אײלן צו הײלן פֿאַרלאָזטע קראַנקע. װי תּמיד אין אַזעלכע פֿאַלן, איז זײַן גבֿורה, זײַן מוט און זײַן ליבע פֿאַר די אָרעמע־לײַט געװאָרן שטאַרק איבער־געטריבן. דער נעכטיקער רויבער איז אויסגעװאַקסן אין אַ פֿאָלקס־העלד, און װען ער װאָלט נישט פֿאַרראַטן געװאָרן פֿון אַן אײגענער האַנט, װאָס האָט אים אַרויס־געגעבן צום מלכות, אָנגעװיזן, װאו זײַנע שאַרן זײַנען געזאַמלט, װאָלט מען אים קײנמאָל נישט געקאָנט באַקומען. מען האָט זיך דערמאָנט זײַן געװאָגטקײט, װי ער פֿלעגט פּלוצלינג, פֿון דער העלער הויט, זיך באַװײַזן אויף די גאַסן, אַפֿילו אין בית־מקדש־הויף, און רײדן קעגן די בני־עלי, דעם הויז פֿון חנן. מען האָט אָנ־געהויבן, װי תּמיד אין אַזעלכע פֿאַלן, איבערטרײַבן אין פֿאַנטאַסטישע גוזמאות די שטאַרקײט פֿון זײַנע שאַרן, די פּלענער, װאָס ער האָט געהאַט, אַרײַנצוררײַסן זיך אין בית־מקדש־הויף בשעת דאָס פֿאָלק איז פֿאַרזאַמלט און איבערצופֿאַלן די װאַכן.

— נײן, נישט אין בית־מקדש־הויף האָט ער געװאָלט אַרויסרופֿן דעם אויפֿ־שטאַנד. בר־אבא איז אַ פֿרומער ייִד געװען. צוליב דעם האָט ער נישט געװאָלט אַרויסרופֿן דעם אויפֿשטאַנד אין הויף, כּדי נישט אומרײן צו מאַכן דעם בית־

מקדש־הויף מיט הללים פֿאַרן קרבן־פּסח. ער האָט זיך געקליבן דאָס פּראָקוראַ־טאָריום צו באַפֿאַלן און פּילאַטוסן אַליין געפֿאַנגען צו נעמען, — האָבן אייניקע פֿרומע לײַט פֿאַרציילט וועגן אים.

— ניין, נישט דאָס פּראָקוראַטאָריום, נאָר דאָס טעאַטער, בשעת זיי זײַנען דאָרט פֿאַרזאַמלט בײַ זייערע שפּילן, האָט ער געוואָלט אַרומרינגלען מיט זײַנע שאַרן און פֿאַרשפּרייטן זײַן נעץ איבער אַ גרויס געפֿאַנג, און מיט איין פֿאַרוואַרפֿן זײַן נעץ אַרויספֿישן אי אדום, דעם רוימער, אי הורדוסן, אי די בני־חנן, זיי פֿאַר־שליסן אין היילן פֿון דעם מדבר־יהודה און האַלטן זיי דאָרט פֿאַר משכּנות, — האָבן אַנדערע פֿאַנטאַזיאָרן פֿאַנטאַזירט.

— ווען נישט די פֿאַררעטערישע האַנט, וואָס האָט אים אַרויסגעגעבן, ווער ווייס, אפֿשר וואָלטן מיר דעם פּסח געוואָרן בני־חורין?

— ווער קאָן עס זײַן דער מסור?

אַזעלכע און ענלעכע געשפּרעכן זײַנען געפֿירט געוואָרן אויף די גאַסן, פֿאַר די שטענדערס, פֿאַר די געווערקשטעטלן פֿון די בעל־מלאכהס איבער דער אַלטער שטאָט. דער פּראָקוראַטאָר און דער כּהן־גדול האָבן אָנגענומען עקסטרעמע מיטלען אויסצוהיטן פֿון אַן אויפֿשטאַנד. אומעטום, אין אַלע ווינקלען, האָט מען איצט געזען פֿאַרשטאַרקטע וואַכן פֿון לעגיאָנערן. נישט נאָר אין בית־מקדש־הויף, נאָר אויך אויף די גאַסן, אויף אַלע פּלעצער, בײַ אַלע דורכגענג פֿון די שמאָלע געסלעך, בײַ די טויערן און בײַ די בריקן זײַנען געשטאַנען אַשקלונער, סיריער, באַוואָפֿנט מיט פּאַנצערס, מיט די קורצע שווערדן אין זייערע הענט. אויך די גערמאַנישע רײַטער זײַנען אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿון זייערע שטעלן אויף דער אַנטאָניא און געבראַכט געוואָרן אין שטאָט אַרײַן. און איבער די גאַסן, אויף די מערק האָבן זיך געדרייט טאָפּלט־געשטאַרקטע אויפֿזעער פֿון כּהן־גדול מיט זייערע אָנפֿירער, די אָרדענונג־היטער, געשטאַרקט מיט לעגיאָנערישע חיילות. און ווי זיי האָבן געזען אַ געזעמל, אַ רעדל מענטשן, זײַנען זיי באַפֿאַלן מיט זייערע קאַנטשיק־ריטער און האָבן געשמיסן איבער די קעפּ. דער עולם איז זיך צעלאָפֿן איבער די הייפֿן, אין די ווינקלען, אויף אַלע פֿיר זײַטן. אויך מיר, רופֿוס און איך, מיט די מתּנות אין אונדזערע הענט, האָבן, אויפֿן וועג צו אונדזער רבין, געמוזט נישט איין מאָל אַנטרינען פֿאַר די שמיץ פֿון די אויפֿזעער, וועלכע האָבן קיינעם נישט געשאָנעוועט. מיר זײַנען מיט די אַנדערע אַרײַנגעלאָפֿן אין הייפֿן, האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די טישן פֿון די קראָמען און די בעל־מלאכהס, ביז דער שטורעם פֿון די אויפֿזעער איז פֿאַרבײַ, און אַן אָטעם זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם בית־מדרש פֿון אונ־דזער רבין.

מיר האָבן געטראָפֿן אונדזער רבין אין טלית און תּפֿילין. ער האָט אָפּגעריכט זײַן שמע און ער האָט געקרעכצט בשעת תּפֿילה, אַז יעדער קרעכץ זײַנער האָט צעבראָכן אונדזער גוף און אַדורכגעווייטיקט אונדזערע נשמות. אַז ער האָט גע־ענדיקט די תּפֿילה, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אונדז:

— הלוואי, הלוואי זאָל דער, וואָס די וועלט געהערט צו אים, געבן, אַז מיר זאָלן האָבן אַ רואיקן יום־טוב, אַ יום־טוב של גאולה, נישט פֿון אונדזערע לײַבער אַ פּדות, נאָר אַן אויסלייז פֿון אונדזערע נשמות!

וואָרעם אויך דער רבי האָט שוין געהאַט געהערט, וואָס עס איז געשען די נאַכט.

# 18

און דער טאָג איז געווען דער פֿערטער טאָג אין דער וואָך. מיר האָבן נאָך געהאַט צוויי טעג צום יום־טובֿ. און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען געזעסן צופֿוסנס פֿון אונדזער רבין און דער רבי — זיך זײַן שטול פֿון רבנות און האָט געלערנט מיט אונדז מעניני דיומא, איז אַרײַנגעקומען אַ שליח פֿון בית־דין, וואָס איז געווען געזעסן אין בית־מקדש־הויף פֿון די סופֿרים און רביים, און האָט אויפֿגעפֿאָדערט, אַז מײַן רבי זאָל קומען פֿאַרן בית־דין, וואָרעם זיי באַדאַרפֿן אים האָבן פֿאַר זייער אַ נויטיקער זאַך. מײַן רבי האָט נישט געצעגערט. ער האָט אָנגעטון זײַן מלבוש פֿון כּבֿוד און, באַגלייט פֿון צוויי תּלמידים זײַנע, האָט ער געאײַלט און איז אויפֿגעגאַנגען אין בית־מקדש־הויף.

ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין בית־דין, זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז דער נבֿיא פֿון נצרת איז צוריקגעקומען אין בית־מקדש־הויף. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז בײַנאַכט פֿאָרגעקומען מיט בר־אבאן; נישט געקוקט וואָס די רוימישע וואַכן אין בית־מקדש־הויף זײַנען פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרטאָפּלט געוואָרן און וואָס אין די אויגן פֿון זייערע אָנפֿירער זעט מען אָן, אַז זיי זײַנען גרייט זיך צו וואַרפֿן יעדן אויגנבליק אויף די ייִדן און וואַרטן נאָר אויס אַ געלעגנהייט; נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז נעכטן געשען און וואָס די אויפֿזעער פֿון כּהן־גדול גייען אַרום מיט זייערע בלײַערנע קאַנטשיקעס און וואַרטן נאָר אויס, אַז עס זאָל ווער זיך אַרויסרופֿן, — איז דער נבֿיא פֿון נצרת אַרײַנגעקומען אין בית־מקדש־הויף מיט זײַנע תּלמידים, און ער זיצט פֿאַרן אוצר פֿון בית־המקדש און דאָס פֿאָלק איז אַרום אים און ער לערנט מיט זיי. האָבן די סופֿרים און די עלטסטע באַשטימט צו שיקן צו אים שליחים אויסצוגעפֿינען פֿון אים אַליין, מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט ער טוט די אַלע זאַכן, וואָרעם עס מוז דאָך עפּעס זײַן אין זײַן טועכץ, ווען ער נעמט זיך דעם רשות דאָס צו טון. ווער איז ער? אין וועמענס נאָמען טוט ער דאָס אַלץ? וואָרעם מיר מוזן דאָך די זאַך וויסן. אפֿשר, ווער ווייס, אפֿשר האָט זיך גאָט אויף זײַן פֿאָלק מרחם געווען?

און איצט, נאָך דעם וואָס עס איז געשען דורך דער נאַכט, איז די האָפֿענונג נאָך גרעסער געוואָרן אויפֿן רבין פֿון נצרת נישט נאָר בײַם פֿאָלק, נאָר אויך בײַ די רבנים, און אַפֿילו בײַ די כּהנים־גדולים. זיי אַליין זײַנען אויך אומזיכערער געוואָרן, און זיי האָבן געשיקט שליחים צום בית־דין אויסצופֿאָרשן די זאַך.

און דאָס בית־דין האָט אויסגעקליבן שליחים, אייניקע פֿון די סופֿרים און אייניקע פֿון די זקנים, און אַפֿילו אויך שליחים פֿון כּהן־גדול, וואָס מען האָט זיי נישט דערקענט, כּדי אדום, וואָס זיצט אין הויף פֿון בית־מקדש זאָל נישט געוואָרן דערפֿון. און זיי האָבן אויך מײַן רבין אויסגעקליבן, אַז ער זאָל זײַן איינע־ פֿון די שליחים, וואָרעם מען האָט געוואוסט, אַז ער איז וואויל גענייגט צום רבין פֿון נצרת און איז באַקאַנט מיט אים פֿון פֿריִער, — זײַנען די חכמים באַשטאַנען דורכאויס, אַז מײַן רבי זאָל מיטקומען מיט די שליחים פֿאַרן נבֿיא פֿון נצרת.

און זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען, די שליחי־בית־דין, און זיי האָבן געפֿונען דעם נבֿיא פֿון נצרת זיצן פֿאַר די טויערן פֿון דעם בית־מקדש־אוצר, און פֿיל פֿאָלק איז געווען אַרום אים, און ער האָט מיט זיי געלערנט דורך משלים און רמזים.

און די שליחים פֿון די חכמים זײַנען געקומען און האָבן זיך געבויגן פֿאַר אים. זיי האָבן זיך אָנגערופֿן צו אים:

— לערן אונדז רבי: מיט וואָס פֿאַר אַ מאַכט טוסטו די אַלע זאַכן, וואָס דו טוסט, און דו רעדסט די ווערטער, וואָס דו רעדסט? און ווער האָט דיר געגעבן רשות דערויף? זאָג אונדז, ווער דו ביסט, וואָרעם מיר זײַנען מיד איבערצובלײַבן אין דער פֿינצטערניש און צו פֿלאַטערן אין ספֿק, וואָרעם די טעג זײַנען פֿורכט־באַרע און גרויסע.

האָט דער רבי פֿון נצרת זיך אָנגערופֿן צו זיי און האָט צו זיי געזאָגט:

— איך וויל אײַך אויך איין זאַך פֿרעגן, און ענטפֿערט מיר. אַזוי וועל איך אײַך זאָגן, מיט וועלכן כּוח איך טו די זאַך.

האָבן זיי צו אים געזאָגט:

— פֿרעג, רבי.

האָט דער רבי פֿון נצרת זיי געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, איז די טבֿילה פֿון יוחנן געווען מן השמים, אָדער פֿון בני־אדם? ענטפֿערט מיר!

האָבן די חכמים אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און זיי זײַנען פֿאַרוואונדערט געוואָרן איבער דער פֿראַגע פֿון רבין פֿון נצרת, וואָרעם די חכמים, די סופֿרים און די עלטסטע האָבן נישט געהאַט פֿעסטגעזעצט די זאַך, אויב די טבֿילה פֿון יוחנן איז געווען מן־השמים אָדער פֿון בני־אָדם? און זיי האָבן אים אָפּגע־ענטפֿערט:

— מיר ווייסן נישט, רבי. געוויס איז יוחנן געווען אַ צדיק און אַ נבֿיא און אַ קדוש, וואָרעם ער איז געטויט געוואָרן אויף קידוש־השם. אָבער מיר קאָנען נישט זאָגן, אויב זײַן טבֿילה איז מן־השמים אָדער נישט, וואָרעם אין אַזאַ וויכטיקן ענין מוזן די חכמים און סופֿרים אָננעמען דעם באַשלוס אין דעם ראַט פֿון די עלטסטע. מיר אַליין האָבן נישט קיין רשות וועגן דער זאַך עפּעס צו זאָגן אָן דעם באַשלוס פֿון די עלטסטע.

האָט ישוע זיי געענטפֿערט און געזאָגט:

— איך זאָג אײַך אויך נישט, מיט וועלכן כּוח איך טו די זאַכן.

און ווען די שליחים זײַנען געבליבן נבֿהל ונשתומם איבער דעם רבינס ווער־טער, האָט ישוע זיך געווענדט צום פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען אַרום, און האָט זיי פֿאַרציילט דעם משל פֿון ישעיה הנבֿיאס ווײַנגאָרטן:

אַ מאַן האָט געבויט זײַן ווײַנגאָרטן. און ער האָט אַ צאַם אַרום געמאַכט, געגראָבן אַ קעלטער, און ער האָט געבויט אַ טורעם. און ער האָט אים פֿאַרדונגען צו ווײַנגערטנער און איז אַוועקגעפֿאָרן. און מיט דער צײַט האָט ער געשיקט זײַן קנעכט צו די ווײַנגערטנער, אַז ער זאָל פֿון זיי נעמען די פֿרוכט פֿון דעם ווײַנגאָרטן. אָבער די לײַט האָבן גענומען דעם קנעכט און האָבן אים געשלאָגן, און האָבן אים ליידיק אַוועקגעשיקט. און אַזוי האָבן זיי געטון צום אַנדערן קנעכט: זיי האָבן אויף אים שטיינער געוואָרפֿן, האָבן אים דעם קאָפּ צעשפּאָלטן און אים פֿאַרשעמט

אָוועקגעשיקט. דעם דריטן קנעכט האָבן זיי אומגעבראַכט. און דער מאַן האָט נאָך געהאַט אַן איין־איינציקן זון, זײַן געליבטן, אַזוי האָט ער אויך אים צולעצט געשיקט. און די ווײַנגערטנער האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: — „דאָס איז דער יורש. לאָמיר אים אומברענגען, און די ירושה וועט אונדזערע זײַן". זיי האָבן אים גענומען און האָבן אים אומגעבראַכט און האָבן אים אויס דעם ווײַנגאָרטן אַרויסגעוואָרפֿן. דערום, וואָס וועט דער האַר פֿון דעם ווײַנגאָרטן טון? ער וועט קומען און וועט די ווײַנגערטנער אומברענגען און וועט דעם ווײַנגאָרטן צו אַנדערע איבערגעבן. וואָרעם איר האָט נישט געגלויבט די שריפֿט, וואו עס שטייט געשריבן: „אבן מאסו הבונים היתה לראש פנה", — דער שטיין, וואָס די בויער האָבן פֿאַרוואָרפֿן, דער איז געוואָרן צום עקשטיין. דאָס איז געשען פֿון דעם האַר גאָט, און עס איז וואונדערלעך אין אונדזערע אויגן.

און די סופֿרים און די זקנים און די כּהנים, די שליחי־בית־דין, האָבן געהערט די רייד, זײַנען זיי גלײַך געוואָרן צעשראָקן. די אויגן זייערע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער זייערע ברעמען, זייערע פּנימער זײַנען פֿאַרשאָטנט געוואָרן און זייערע הערצער האָבן געציטערט פֿאַר אומפֿאַרשטענדלעכקייט.

און דער עלצטער פֿון די שליחים, וואָס איז דאָרט געווען, האָט זיך אָנגערופֿן צום רבין פֿון נצרת:

— חלילה איז עס פֿון אונדזערע הענט צו פֿאַרוואָרפֿן דעם שטיין. קיינער וויל דיר קיין שלעכטס נישט טון. זאָג אונדז, ווער דו ביסט, ווער האָט דיך געשיקט, און מיר וועלן נעמען דעם שטיין און מיר וועלן בויען אויף אים די סוכּה פֿון שלום, וואָס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן. זאָג אונדז, רבי, ווער פֿון אונדז האָט דיר געוואָלט אַמאָל שלעכטס טון, ווער פֿון אונדז האָט געוואָלט פֿאַרוואָרפֿן דעם שטיין? דו ווילסט, אַז מיר זאָלן דיך אָנערקענען פֿאַר דעם העכסטן, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין פּרדס אַרײַן, מער פֿון משהן, און דו גיסט אונדז נישט קיין צייכן, אַז דו ביסט געשיקט. דו ווייסט וואויל ווי מיר, אַז מיר זײַנען געבונדן מיט חוקים און משפּטים און מיר האָבן אַ קלאָרן אָנווײַז דערויף אין דער תּורה, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך פֿירן, ווען עס באַווײַזט זיך צו אונדז אַ נבֿיא אָדער אַ חוזה. און ווי אַ רבי אין ישׂראל, ווייסטו, אַז מיר קאָנען נישט פֿאַרוואָרפֿן איין חוק אין דער תּורה נישט אומצוּוואָרפֿן צוגלײַך די גאַנצע תּורה.

אַ טייל סופֿרים, וואָס זײַנען דאָרט געשטאַנען, האָבן געזאָגט:

— מיר האָבן נישט מער, וואָס צו טון מיט דעם מאַן. איר האָט דאָך געהערט זײַן משל. ער האָט מחרף ומגדף געווען דעם לעבעדיקן גאָט.

אָבער רבי נקדימון האָט זיך אָנגערופֿן:

— מען גייט נישט אויף קיין משל.

און אַזוי האָבן אויך צוגעשטימט די אַנדערע סופֿרים און פּרושים. נאָר אַ טייל האָבן פֿאַרלאָזט דעם רבין פֿון נצרת אין כּעס איבער די ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט אויף זיך, און האָט קיין באַווײַז נישט געבראַכט.

בשעת די חכמים זײַנען נאָך געווען בײַ אים און דאָס פֿאָלק אַרום איז גע־שטאַנען און האָט נישט געוואוסט, מיט וועמענס צד צו האַלטן, — זיי האָבן גע־הערט רייד און זיי נישט פֿאַרשטאַנען, — האָבן זיך אַרויסגערוקט איניקע פֿון בר־אבאס־לײַט, וואָס מען האָט זיי געקאָנט דערקענען נאָך די שניטן אויף זייערע

פנימער פון דער נעכטיקער שלאכט. און עס האבן זיך געפונען צווישן זיי אייניקע פון די פרושים און אפילו לײַט, וואס האבן געהערט צום קרײַז פון הורדוס אנטיפא, וועלכע זײַנען מיטגעגאנגען מיט בר־אבאן קיין ירושלים, ווארעם די ביטערקייט קעגן רוים האט אלעמען פאראייניקט. און עס איז געווען באוואוסט צווישן די, וואס קאנען האלטן א סוד, אז הורדוס זאמלט אײַן געווער אין זײַן פאלאץ אין טבריה און קלײַבט זיך ארויסצוטרעטן קעגן רוים. און דער נביא פון נצרת האט בײַ אלעמען די האפענונג ארויסגערופן מיט זײַנע מעשים און רייד, האבן זיי זיך געזאמלט און זײַנען געקומען פאר אים. און איינער פון זיי איז געווען דער ראש־המדברים און ער האט זיך אנגערופן צו די חכמים און סופרים:

— צי איז דען איצט א צײַט אויף משלים? דער שונא שלאגט אן אין אונדזערע טויערן פון דרויסן און דאס פאלק טאפט אין דער פינסטער פון אינעווייניק. איז איצט א צײַט פון פירן וויכוחים? עס איז א צײַט פון טון! — און ער האט זיך געווענדט צום רבין און ער האט זיך אנגערופן צו אים: רבי, מיר ווייסן, אז דו ביסט א ווארהאפטיקער מאן און דו פרעגסט נאך קיינעם נישט. דו ביסט קיין מענטשן נישט נושא־פנים, נײַערט דו לערנסט דעם וועג פון גאט און ווארהייט. זאג אונדז פרײַ און אפן, אן משלים: איז עס רעכט, אז מיר, דאס פאלק פון גאט, זאלן געבן מס דעם קיסר, אדער נישט? זאלן מיר צאלן מס אדומען, אדער נישט?

דאס פאלק ארום אים איז געשטאנען מיט פארכאפטן אטעם. ווען זיי האבן נישט געקאנט זיך פונאנדערקלײַבן אין די רייד פון די חכמים, אין דעם משל פון רבין מיטן ווײַנגארטן, און זיי האבן נישט געוואוסט, מיט וועמענס צד צו האלטן, — האבן זיי אבער דאס מאל געהערט קלארע און אפענע דבורים און זיי האבן אלע דערווארט א קלארן און אפענעם ענטפער. דער רבי פון נצרת האט לאנג געקוקט אויף די לײַט, וואס האבן אים געשטעלט די אפענע פראגע. ער האט זיי געפארשט מיט זײַן בליק און נישט געהאט קיין צוטרוי צו זיי. ענדלעך, האט ער זיך אנגערופן:

— פארוואס פרואווט איר מיך? ברענגט מיר א דינר, אז איך זאל אים אנקוקן.

און איינער פון זיי האט שוין פאר זײַנע אויגן ארויסגעשטעלט די מטבע אויף דער פלאך פון זײַן האנט, מיט דער אומווירדיקער געשטאלט פון קיסר טיבעריוס, וואס איז געווען אויף איר אויסגעקריצט, אסור אין בית־מקדש־הויף צו ברענגען.

און דער רבי האט גענומען דעם דינר, באקוקט אים, דאס בילד פון קיסר, די אויפשריפט, און ער האט זיי געפרעגט:

— וועמענס בילד און וועמענס אויפשריפט איז דאס?

און זיי האבן געענטפערט:

— דעם קיסרס.

— גיט צום קיסר, וואס איז דעם קיסרס, און צו גאט, וואס איז גאטס!

א געמורמל איז אדורכגעגאנגען צווישן עולם. הענט האבן זיך אויסגעשטרעקט אין פארוואונדערונג, בערד האבן זיך באוועגט אין פארניינונג, ליפן האבן זיך פארביסן אין ביטערקייט. מען האט זיך פארשטעלט די אויערן פאר די רייד.

— וואָס הייסט דעם קיסרס? איז דער דינר דעם קיסרס? שענקט ער אונדז זײַן דינר? פֿאַרצעוועון מיר דען נישט אויף אים? באַצאָלן מיר נישט פֿאַר דעם פֿרעמדן געלט, וואָס מען צווינגט אויף אונדז אַרויף, מיט דעם שווייס פֿון אונדזערע לײַבער, מיט אונדזערע כּוחות און בלוט? נעמט מען נישט פֿון אונדז צו אונדזער האַרעוואַניע, אונדזער אייל, אונדזער ווײַן, אונדזער ווייץ, אונדזערע שאָף און רינדער פֿאַר דעם אומווירדיקן בילד פֿון קיסר? וואָס הייסט, מיר זאָלן אָפּגעבן דעם קיסר, וואָס איז דעם קיסרס? עס איז אונדזער האַרעוואַניע.

— קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט! גענוג מסים געצאָלט צו פֿרעמדע! מיר זײַנען די קינדער פֿון גאָט. מיר אָנערקענען נאָר איין קיסר!

— עס איז נישטאָ קיין מלך, אַחוץ דעם רבונו־של־עולם! — האָט זיך דער־הערט דער אַלטער קריג־געשריי פֿון יהודה הגלילי.

אָבער די חכמים פֿון די פּרושים, וועלכע זײַנען געשטאַנען דאָרט, האָבן דאָס פֿאָלק באַרואיקט:

— דער רבי פֿון נצרת האָט געלערנט אין גייסט פֿון אונדזער קבלה, וואָס איז אין אונדזערע הענט. נישט קיין קלענערער ווי ירמיהו הנביא האָט אונדז געהייסן צו פֿאָרשן און צו בעטן אין שלום פֿון מלכות. און אונדזערע חכמים האָבן גע־לערנט: דער דין פֿון מלכות איז אַ דין.

אָבער פֿיל פֿון פֿאָלק האָבן נישט געוואָלט מער צוהערן זיך צו די רייד פֿון די חכמים און זיי האָבן געזאָגט:

— פֿון דעם נביא פֿון נצרת איז שוין גאָר נישטאָ וואָס מער צו דערוואַרטן. ווי צו אונדז, נאָך אַ האָפֿענונג איז פֿאַרלוירן געגאַנגען! — און זיי האָבן פֿאַרלאָזט דעם רבין.

דענסטמאָל האָט זיך דערהערט צום ערשטן מאָל דאָס געשריי: „בר־אבא! גיט אונדז צוריק בר־אבאן!" — און פֿיל עולם איז אָפּגעפֿאַלן פֿון רבין, נאָר די פּרושים און אַ טייל עולם זײַנען געבליבן. אויך מײַן רבי און מיר אַלע זײַנען איבערגעבליבן. מיר האָבן געוואָלט אָפּוואַרטן די זאַך און זען, וואָס עס וועט דער־פֿון ווערן, וואָרעם די בית־מקדש־אויפֿזעער האָבן שוין מיט זייערע שטעקנס אָנ־געהויבן פֿאַרטרײַבן די, וואָס האָבן געשריגן נאָך בר־אבאן.

דענסטמאָל האָבן זיך דערנענטערט אַ טייל פֿון די צדוקים, וועלכע האָבן זיך געהאַט געפֿונען אין בית־מקדש־הויף און זיך צוגעהערט פֿון דער ווײַטנס צו די וויכּוחים צווישן די געלערנטע און דעם רבין פֿון נצרת. מען האָט זיי באַלד דער־קענט אין זייערע פֿאַרשיידנאַרטיק־געפֿלאָכטענע בערד, וואָרעם די צדוקים האָבן געפֿראַוועט אַ קולט מיט זייערע בערד, ווי די פֿעניציער, אויך אין זייערע רײַך־קאָלירטע מאַנטלען און די רינגען, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די הענט. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפֿונען אייניקע פֿון זייערע סופֿרים און חכמים. אויך די צדוקים האָבן געהאַט זייערע סופֿרים און זייערע שריפֿט־אויסטײַטשער. מען האָט זיי דערקענט אין זייערע געטורעמטע, פּיראַמידן־אַרטיקע מיצן־העלמען, אין די פֿעדערס הינטערן אויער. בשעת דער רבי האָט געפֿירט דעם וויכּוח מיט די פּרושים, האָבן זיי זיך געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס און מיט ביטול זיך צוגעהערט צו די רייד פֿון די חכמים, וועלכע ווילן געפֿינען אַ רעטונג און זען אַ דערלייזער אין איינעם פֿון זייערע רבנים.

זיי האָבן געפֿרעגט דעם רבין פֿון נצרת זייער אייביק־לעכערלעכע פֿראַגע, װעלכע שפּאָט אויס דעם גלויבן אין תּחית־המתים, װאָס סײַ דער רבי פֿון נצרת, סײַ די פּרושים זײַנען געװען אין דעם אײַנפֿערשטאַנען. זיי האָבן אים געפֿרעגט: װי װעט זײַן, װען זיבן ברידער, װעלכע זײַנען געשטאָרבן קינדערלאָז, האָבן איינער נאָכן אַנדערן חתונה געהאַט, נאָך תּורת משה, מיט דער אַלמנה, — צו װעמען פֿון די זיבן ברידער װעט זי געהערן, װען זיי װעלן צו תּחית־המתים אויפֿשטיין? זיי האָבן מיט דער פֿראַגע געװאָלט אויך די פּרושים פֿאַרלאַכן, װײַל אויך די פּרושים האָבן געגלויבט אין תּחית־המתים. דער רבי האָט זיי אָפּגעענטפֿערט און געזאָגט:

— איר קענט נישט די שריפֿט. װען זיי װעלן תּחית־המתים אויפֿשטיין, װעלן זיי נישט הייראַטן און נישט פֿאַרהייראַט װערן, נײַערט זײַן װי די מלאכים, װאָס זײַנען אין הימל. האָט איר נישט געלייענט אין ספֿר משה, אַז גאָט האָט צו אים גערעדט פֿון דאָרנבוש: „איך בין דער גאָט פֿון אַבֿרהם, פֿון יצחק און יעקבֿ". ער איז נישט דער גאָט פֿון די טויטע, נײַערט דער גאָט פֿון די לעבעדיקע. דערום טוט איר גרײַזן.

װי די פּרושים, װאָס זײַנען דערבײַ געשטאַנען, האָבן דערהערט דעם רבינס ענטפֿער צו די צדוקים, זײַנען זיי צו אים צוגעפֿאַלן. זיי האָבן באַלד פֿאַרגעסן, װאָס ער האָט גערעדט אויף זיי, און האָבן אים צוגערופֿן:

— רבי, רבי, יפֿה דרשת, האָסט שיין געדרשנט, רבי. זאָלן דײַנע הענט געשטאַרקט זײַן.

און איינער פֿון די פּרושים האָט זיך אָנגערופֿן:

— אויך די חכמים האָבן אַזוי געלערנט. פֿון װאַנען װייס איך, אַז תּחית־המתים איז פֿון דער תּורה? עס שטייט געשריבן: „און איך װעל באַשטעטיקן מײַן ברית מיט זיי צו געבן זיי דאָס לאַנד כנען". עס שטייט נישט „צו אײַך", דאָס הייסט, צו די הײַנטיקע ייִדן, נאָר „צו זיי". מיינט מען דאָס, צו אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ. איז פֿון דאַנען געדרונגען, אַז תּחית־המתים איז פֿון דער תּורה.

און אַן אַנדער רבי האָט זיך אָנגערופֿן:

— װאָס באַדאַרפֿסטו גיין אַזוי װײַט? אונדזערע חכמים האָבן געלערנט: „כּל ישׂראל יש להם חלק לעולם הבא". און נישט נאָר ישׂראל, נאָר אויך חסידי אומות העולם האָבן חלק לעולם הבא. און װאָס איז חלק לעולם הבא? די צװייטע װעלט האָט נישט קיין עסן, קיין טרינקען, נישט קיין חתונה־האָבן און נישט קיין קינדער־געבערן. נאָר די צדיקים װעלן זיצן מיט די קרוינען אויף זייערע קעפּ און הנאה האָבן פֿון די שטראַלן פֿון דער שכינה.

און װי עס איז באַװאוסט געװאָרן צװישן די תּלמידי־חכמים, װאָס פֿאַר אַן ענטפֿער דער רבי פֿון נצרת האָט געגעבן צו די צדוקים איבער דער פֿראַגע פֿון תּחית־המתים, אַזוי איז אַ גרויסע פֿרייד געװאָרן צװישן זיי, און זיי האָבן װידער אָנגעהויבן זיך זאַמלען אַרום דעם רבין, און זיי האָבן געהאַלטן אין איין אויסרופֿן:

— רבי, רבי, יפֿה דרשת, זאָלן דײַנע הענט געשטאַרקט װערן. דו האָסט די צדוקים שטיל געמאַכט.

— זאַמד האָט ער געשאָטן אין זייער מויל, — האָט אַ פּרושי זיך געפֿרייט.

און אויך דאָס פּראָסטע פֿאָלק, ווען זיי האָבן דערזען ווי די תּלמידי־חכמים פֿרייען זיך מיט דעם רבינס ענטפֿער, זײַנען זייערע געמיטער לײַכטער געוואָרן, זייערע פּנימער געטרייסט, און די האָפֿענונג האָט זיך באַנײַט אין זייערע הערצער.

און איינער פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן בן זכאי, אַ פּרוש, איז צוגעקומען צו אים און האָט אים געפֿרעגט:

— לערן אונדז, רבי: וועלכע איז די ערשטע מצווה פֿון אַלע מצוות אין דער תּורה?

און דער רבי האָט אים געענטפֿערט:

— די ערשטע פֿון אַלע מצוות איז: שמע ישׂראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד. און דו זאָלסט דעם האַר דײַן גאָט ליב האָבן מיט דײַן גאַנצן האַרצן, מיט דײַן גאַנצער זעל, מיט דײַן גאַנצן פֿאַרשטאַנד און מיט דײַן גאַנצער קראַפֿט. דאָס איז די ערשטע מצווה. און די צווייטע איז גלײַך דערצו: ואהבת לרעך כמוך. עס איז קיין אַנדערע מצווה נישט פֿאַראַן וואָס איז גרעסער פֿון די.

ווי די חכמים האָבן דאָס געהערט, איז אַ גרויסע פֿרייד געוואָרן צווישן זיי. און דער סופֿר, וואָס האָט געשטעלט אים די פֿראַגע, האָט אים צוגערופֿן:

— יפֿה דרשת, רבי. דו האָסט די וואָרהייט געזאָגט. וואָרעם עס איז נאָר איין האַר גאָט און קיין אַנדערער איז נישטאָ אַחוץ אים. און אים צו ליבן מיט דײַן גאַנצן האַרצן, מיט דײַן גאַנצער זעל, מיט דײַן גאַנצן פֿאַרשטאַנד און מיט דײַן גאַנצער קראַפֿט, און דײַן געזעל צו ליבן ווי זיך אַליין — איז מער פֿון עולות און זבחים.

און מײַן רבי האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— פֿון וואַנען ווייס איך, אַז ווען איינער פֿון די אומות־העולם איז מקיים דאָס געזעץ, איז ער אַזוי גוט ווי אַ כּהן־גדול? עס שטייט: „דאָס זײַנען די געזעצן, וואָס דער מענטש זאָל אויספֿירן און ער זאָל לעבן אין זיי". עס שטייט נישט: דאָס זײַנען די געזעצן, וואָס אַ כּהן, לוי אָדער אַ ישׂראל זאָל אויספֿירן, נאָר עס שטייט „דער מענטש".

און אַ רבי וואָס איז דאָרט געווען, האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— אונדזערע חכמים האָבן געלערנט: עס שטייט געשריבן „פּתחו שערים ויבוא גוי צדק, שומר אמונים"; עס שטייט נישט געשריבן: „עפֿנט די טויערן און זאָל אַרײַנקומען אַ כּהן, אַ לוי אָדער אַ ישׂראל", נאָר עס שטייט געשריבן „גוי צדק". איז פֿון דאַנען געדרונגען, אַז ווען אַ גוי איז „שומר אמונים", היט די אמונה, איז ער כּישׂראל דמי.

און דער רבי פֿון נצרת האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט:

— דו האָסט די וואָרהייט געזאָגט. דו ביסט נישט ווײַט פֿון מלכות־אלהים. און צום פֿאָלק האָט ער זיך געווענדט און געזאָגט: — אין די צוויי מצוות הענגט אָפּ די גאַנצע תּורה און די נביאים.

און די חכמים האָבן צוגעשטימט צו אים און געזאָגט צו אים:

— יפֿה דרשת, רבי. אויך הלל הזקן האָט געזאָגט: „וואָס דיר איז נישט ליב, דאָס טו נישט דײַן חבר. דאָס איז די גאַנצע תּורה. דאָס איבעריקע איז נאָר אַ פּירוש. גיי און לערן".

— ער איז פֿון די תּלמידים פֿון הלל. וואָרום ער האָט טראַכט, וואָס האָט אים געבוירן, — האָט אַ רבי פֿון די תּלמידים פֿון יוחנן בן זכּאי זיך אָנגערופֿן.

— דעם קערן נעם איך צו, די פּלעווע וואַרף איך אַוועק. איך נעם צו דאָס גוטע פֿון זײַנע רייד, די אַנדערע הער איך נישט.

— אַז אַ תּלמיד־חכם האָט געזאָגט אַ דבֿר־תּורה, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט די חכמים און מיט דער קבלה, איז ער באַגלויבט אויף אַלץ, האָבן די אַנדערע געזאָגט.

און די תּלמידי־חכמים האָבן זיך געפֿרייט מיט אים, און זיי האָבן מער קיין פֿראַגעס נישט געוואָלט שטעלן, נאָר זיי האָבן צוגענומען זײַנע רייד אַזוי ווי ער האָט זיי געזאָגט. און דער שעת־הכּושר איז געווען גרויס, אַז אַלע מחיצות זאָלן פֿאַלן צווישן אים, וואָס איז געוואָרן דער טרעגער פֿון אונדזערע האָפֿענונגען, און די רבנים מיט די סופֿרים. און דער שעת־הכּושר איז געווען גרויס, אַז אַלע זכיות זאָלן זיך פֿאַראייניקן צו איין גרויסן כּוח, וואָס זאָל קומען מיט דעם גייסט פֿון גאָט: דער כּוח פֿון אָנהויב, דער כּוח פֿון ברית, וואָס גאָט האָט פֿאַרשניטן מיט אַבֿרהמען און די אָבֿות: דער כּוח פֿון משהן און די נבֿיאים, — און זאָל אויסלייזן די וועלט פֿון אירע שטריק און זי אַוועקשטעלן אויף די צוויי זײַלן, אויף די צוויי יסודות פֿון ליבע צו גאָט און ליבע צום מענטש. ווי האָבן אונדזערע הערצער געקלאַפּט פֿאַר פֿרייד! איך האָב געקוקט אויף מײַן רבינס פּנים. עס האָט אַראָפּגעשײַנט פֿון אים דער גלאַנץ פֿון דער שכינה, אַזוי אויך — פֿון די פּנימער פֿון אַלע חכמים און סופֿרים. און די פּנימער פֿון זײַנע תּלמידים האָבן געשטראַלט פֿאַר לויטער נחת. איך האָב געזען, ווי יהודה האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געטרייסלט זיך פֿאַר לויטער פֿרייד. און ער האָט געוועקט שמעונען, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, און גערופֿן צו אים אין אויער אַרײַן: „אַז די חכמים זײַנען מסכּים אויף דער ערד, איז מען אויך מסכּים אין הימל". און מיר האָבן געמיינט, אַז אָט וועט געשען דער גרויסער וואונדער, אויף וועלכן מיר האָבן אַלע אויסגעקוקט. נאָר פּלוצלינג האָט דער רבי פֿון נצרת זיך אָנגערופֿן צו די לײַט, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים, און ער האָט געזאָגט:

— ווי אַזוי זאָגן די סופֿרים, אַז דער משיח איז דער זון פֿון דוד? דוד אַליין האָט דאָך געזאָגט: „דער האַר גאָט זאָגט צו מײַן האַר: — זיץ צו מײַן רעכטער האַנט און איך וועל מאַכן דײַנע פֿײַנט צום פֿוס־בענקל פֿאַר דײַנע פֿיס". ווען דוד אַליין רופֿט אים „האַר", ווי אַזוי איז ער זײַן זון?

ווי די חכמים האָבן געהערט די רייד פֿון דעם רבין פֿון נצרת, זײַנען זיי נשתּומם געוואָרן און האָבן ווידער נישט געוווּסט, וואוהין ער צילט. און איינער פֿון זיי האָט זיך אָנגערופֿן:

— ווייניק זײַנען זײַנען אויפֿגעשטאַנען צו דודן? און דאָך איז קיינער פֿון זיי נישט דערקלערט געוואָרן פֿאַר דעם מלך משיח. צו זײַן דער מלך משיח איז נאָך ווייניק צו זײַן דודס זון. ער מוז זײַן דער אויסדערוויילטער פֿון גאָט און פֿון הימל מיט רשותים צו אונדז געשיקט.

און די חכמים האָבן זיך אָנגערופֿן צום פֿאָלק און זיי האָבן געזאָגט:

— עס איז באַוווּסט און באַקאַנט פֿאַר דעם, וואָס האָט געזאָגט און עס איז געוואָרן, אַז נישט פֿון אונדזער כּבֿוד וועגן און נישט פֿון וועגן דעם כּבֿוד פֿון

אונדזער פֿאָטערס הײַזער, זײַנען מיר אַרויסגעקומען דיך פֿרעגן, רבי, אַז דו זאָלסט אונדז זאָגן: מיט וואָס פֿאַר אַ כּוח טוסטו די זאַכן? און וואָס פֿאַר אַ רשות האָסטו דערויף? — נאָר כּדי מיר זאָלן וויסן, ווי מיר האָבן זיך צו פֿירן. און נישט דיך פּרוּוון — פֿאַרלאַנגען מיר פֿון דיר אַ צייכן, נאָר כּדי מקיים צו זײַן, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תּורה דורך משהן: ווי אַזוי זיך אויפֿצופֿירן, ווען דער נבֿיא אָדער אַ חוזה וועט זיך באַווײַזן צו אונדז. אַנשטאָט דעם, האָסטו אונדז געגעבן רמזים און וואונקען. אָבער מיר קאָנען נישט אָננעמען קיין רמזים, נאָר אַזוי ווי משה האָט אונדז געהייסן. און מיר טאַפּן איצט אין דער זעלבער פֿינסטער־ניש, ווי ווען מיר זײַנען אַרויסגעקומען צו דיר. מיר לאָזן איבער די זאַך צו גאָט און זײַן האַנט. זאָל ער טון, וואָס עס איז רעכטפֿאַרטיק אין זײַנע אויגן. מיר האָבן דערמיט גאַרנישט מער וואָס צו טון.

אָבער דער רבי פֿון נצרת האָט זיך אָנגערופֿן צום פֿאָלק און ער האָט געזאָגט:

— היט זיך פֿאַר די סופֿרים, וואָס האָבן גערן צו גיין אין לאַנגע קליידער און געגריסט צו ווערן אין די גאַסן, שטיין גאַר אויבנאָן אין די שולן און זיצן אויבנאָן אויף סעודות, וואָס עסן אויף די הײַזער פֿון אַלמנות. פֿאַר אויסרייד זײַנען זיי לאַנג מתפּלל. די וועלן מיט אַ גרעסערן משפּט געמשפּט ווערן.

די סופֿרים האָבן אָבער אים גאַרנישט געענטפֿערט. נאָר איינער פֿון זיי האָט געזאָגט:

— אונדזערע חכמים האָבן געלערנט: די, וואָס ווערן פֿאַרשעמט און פֿאַרשעמען נישט צוריק די, וואָס הערן זייער שאַנד און ענטפֿערן נישט צוריק אָפּ; די, וואָס טוען גאָטס ווילן מיט ליבע און פֿרייען זיך מיט יסורים, — אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן: „זײַנע ליבהאָבער זײַנען ווי דער אַרויסגאַנג פֿון דער זון אין איר שטאַרקייט".

און די סופֿרים האָבן געזאָגט:

— מיר האָבן דאָס אונדזעריקע געטאָן. מיר האָבן מער מיט דער זאַך נישט צו שאַפֿן.

און זיי האָבן זיך דערווײַטערט פֿון דעם רבין פֿון נצרת. און מיט זיי איז אויך מיטגעגאַנגען מײַן רבי מיט זײַנע תּלמידים. און פֿיל פֿאָלק איז נאָכגעגאַנגען נאָך די חכמים. נאָר אַ טייל פֿון פֿאָלק איז געבליבן בײַ דעם רבין פֿון נצרת — און זיי האָבן זיך צוגעהערט צו זײַן לערע.

# 19

שפּעטער אין אָוונט זײַנען מיר, די תּלמידים פֿון אונדזער רבין, פֿאַרנומען געווען מיט פֿאַרברייטן פֿאַרן רבין די שפּײַז פֿאַר יום־טובֿ. מײַן פֿאָטער האָט געבראַכט מעל, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן אין כּשרות פֿון אַנריר מיט חמץ. מיר האָבן זיך געקליבן צו באַקן מצות. ערשט פּלוצלינג איז יהודה אַרײַנגעפֿאַלן, ווי געטראָפֿן פֿון אַ פֿײַנדס אַ שפּיז, אין אונדזער בית־מדרש אַרײַן. פֿון זײַן מויל האָבן זיך געריסן די ווערטער:

— איך קאָן עס נישט! איך קאָן עס נישט לענגער אויסהאַלטן! מיט דער פֿוריע פֿון אַ שטורעם כאַפּט ער מיך און וואַרפֿט מיך אין כּף־הקלע אַרײַן, פֿון די העכסטע האָפֿענונגען אין די נידעריקסטע אָפּגרונטן. איך קאָן מער נישט אַרײַבערטראָגן די לייד פֿון ספֿק. ווער איז ער? איז ער געקומען אונדז צו טרייסטן, צו ברענגען די רפֿואה, די העכסטע הילף, צי איז ער געקומען אונדז נאָך מער צו פּײַניקן, צו מערן אונדזערע צרות, אונדז ווי קעלבער צו בינדן און לייגן צו די פֿיס פֿון אדום אויף אַלע אייביקייטן? איז ער געקומען די גאַנצע וועלט צו באַפֿרײַען, נאָר אונדז אַליין אין דער פֿינצטער צו לאָזן? פֿאַרוואָס? צי זײַנען מיר נישט בלוט פֿון זײַן בלוט? צי האָבן מיר אים נישט אויסגעוויייטיקט מיט אונדזערע ליידן? פֿאַרוואָס וויל ער נאָר די אַנדערע באַפֿרײַען? האָבן מיר נישט דערטראָגן אויף אונדזערע פּלייצעס די בכורה פֿון יעקבֿ? איר לאַסט האָט אונדזערע רוקנס געבויגן טיף צו דער ערד, ווען מיר האָבן געדרעפּטשעט אין אונדזער אייגן בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסן פֿון אונדזערע וואונדן, ביז וואַנען מיר האָבן זי דערטראָגן ביז צום אויסלייז. זאָלן איצט אונדזערע ברכות צוגענומען ווערן פֿון אונדז און אָפּגעגעבן ווערן צו פֿרעמדע? פֿאַרוואָס? ווער איז ער? איז ער אונדזער באַפֿרײַער אָדער אונדזער פֿאַרשקלאַפֿער? זאָל ער קומען און דערפֿילן זײַנע צוזאָגן. זאָל ער די חיילות פֿון הימל אַראָפּכּישופֿן, זאָל ער אדומען מיטן פֿײַער פֿון זײַן מויל פֿאַרניכטן. איך בין מיד צו טראָגן דעם ספֿק אין מיר. ער צעדריקט מיך! איך קאָן נישט מער!

און יהודה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, אַן אויסגעשעפּטער, אויף זײַנע קני.

נאָך קיין מאָל האָב איך אים נישט געזען אַזעלכן, נאָך קיין מאָל נישט. זײַנע אויגן זײַנען אַרויסגעזעצט געוואָרן פֿון זײַן פּנים, ווי בעלמעס, מען האָט געמיינט, אַז יעדן אויגנבליק רײַסט די שווערקייט פֿון די רויט־פֿאַרלאָפֿענע בעלמע־אויגן די רויטע אָדער־שנירן, מיט וועלכע זיי זײַנען אָנגעבונדן צום אויג־אויסשניט, און פֿאַלן צו דער ערד אַרונטער. אַ שום האָט געזעצט פֿון זײַן מויל. זײַן גאַנצער קערפּער איז פֿאַרקניפּט געווען אין איין שטײַפֿן, פֿאַרלאָפֿענעם קנאַכן־ און אָדער־קנויל. זײַן פּנים איז אָנגעבלאָזן געווען, אַדורכגענומען מיט בלויע, שטרענג־אָנגעצויגענע אָדערן, וועלכע האָבן, ווי קנופּן בלוט־פּיאַוקעס, געזאַמלט זיך, גרייט, דאַכט זיך, אַט באַלד אַדורכצורײַסן די דינע הויט פֿון זײַן געהירן, מיטשלעפּן און אויסגיסן זייער בלויע ביטערקייט איבער זײַן פּנים אַראָפּ, אין זײַן קויטיקער, גרויער, דראָטן־שטײַפֿער באָרד אַרײַן.

דער רבי האָט צוגעאײַלט צו אים. מיר האָבן אים געהאָלפֿן אויפֿהויבן יהודהן פֿון דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, אויף וועלכער ער איז געפֿאַלן. דער רבי האָט אים אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, באַפֿוילן אונדז אים ברענגען אַ כּוס ווײַן, געמישט מיט האָניק, און ער האָט אים צוריקגעבראַכט צום לעבן. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע ווײַל, ביז ער איז צוריקגעקומען צו זיך, און דער רבי האָט געקאָנט שטילן זײַן נײַגעריקייט אויסצוגעפֿינען, וואָס עס איז געשען:

— וואָס איז געשען, יהודה? וואָס איז געשען?

— דער בית־המקדש וועט צעשטערט ווערן, אַ שטיין נאָך אַ שטיין וועט צעפֿירט ווערן. ירושלים וועט צו דער ערד דערנידעריקט ווערן. ירושלים וועט פֿון די גויים צעטראָטן ווערן.

— ווער האָט עס געזאָגט די שרעקלעכע ווערטער?

— מײַן רבי, מײַן רבי! ער, וואָס איך האָב געגלויבט אין אים, אַז ער וועט ברענגען די ישועה צו ישׂראל.

— האָסט עס אַליין געהערט?

— יאָ, נקדימון.

און יהודה האָט גענומען זײַן קאָפּ אין די הענט אַרײַן, האָט אָנגעהויבן זיך וואַקלען מיט זײַן קערפּער אַהין און צוריק און גערעדט ווי אַ באַזעסענער:

— אָ, ווי איך האָב אויסגעוואַרט אויף דער מינוט! ווי איך האָב אויסגעוואַרט אויף דער מינוט, ווען מײַן רבי וועט זיך אַדורכרעדן מיט די חכמים און זיי וועלן אויסגעפֿינען, אַז ער איז דער טרעגער פֿון אונדזערע האָפֿענונגען, אַז ער איז דער, וואָס איז געקומען ממלא צו זײַן די תּורה, אָנצופֿילן די מצוות, זיי צו געבן אַ טעם, זיי צו דערפֿילן און אויפֿצוהויבן פֿאַר דער רעטונג פֿון דער וועלט. אין מיר האָט מײַן נשמה זיך געבאָדן אין דעם ליכט פֿון פֿרייד, ווען איך האָב געזען ווי די חכמים און סופֿרים זײַנען מסכּים מיט אים. איך האָב זיך אין מײַן זעל געזאָגט: „נישט אַנדערש, נאָר דאָס האָט גאָט געטאָן, כּדי מיר זאָלן זיך פֿרייען דערמיט". און איך האָב געמיינט, אַז איצט וועט ער אָנהויבן זײַן ממשלה, איצט וועט ער אויפֿהויבן זײַן האַנט, איצט וועט ער באַווײַזן, אַז אונדזער וואַרטן און אונדזערע האָפֿענונגען זײַנען נישט געווען אומזיסט. איך האָב אַלץ מוחל געווען. איך האָב אַראָפּגעשלונגען אַפֿילו זײַן וואָרט, וואָס ער האָט אונדז געהייסן געבן דעם קייסער, וואָס עס געהערט צום קייסער. איך האָב מיר געזאָגט: „איך פֿאַרשטיי נישט, נאָר קוים זײַנען די חכמים מיט אים מסכּים, איז דאָ אַ טעם אין דער זאַך. מאָרגן וועל איך דאָס זען". איך האָב מיר געזאָגט, אַז די, וואָס גלויבן אין אים בלינדערהייט, וועלן דערזען זײַן ווערק. אַלע האָפֿענונגען האָב איך אויף אים געלייגט.

— אָבער וואָס איז געשען, יהודה? דו מיינסט די ווערטער, וואָס דײַן רבי האָט געזאָגט קעגן די סופֿרים? דער כּבֿוד פֿון די סופֿרים און חכמים רוט אויף זייערע ערטער. קיינער קאָן פֿון זיי דאָס נישט אָפּנעמען. איז דאָס אַלץ, וואָס דײַן רבי האָט גערעדט?

— ניין, נישט אַלץ. ניין. נאָך דעם ווי די רבנים און סופֿרים האָבן אים פֿאַרלאָזט, האָט ער אונדז צוגעפֿירט צום אוצר פֿון בית־מקדש און האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אַן אַלמנה, וואָס האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין קאַסטן פֿון אוצר אירע לעצטע צוויי פּרוטות. ער האָט דאָס פֿאָלק געלערנט און געזאָגט: „זי האָט מער אַרײַנגעוואָרפֿן פֿון אַלע, ווײַל די אַנדערע האָבן אָפּגעגעבן, וואָס זיי האָבן איבעריק, און זי — אַלץ וואָס זי האָט". מיר האָבן זיך געפֿריִיט מיט די ווערטער און מיר האָבן זיך געקליבן צו פֿאַרלאָזן דעם בית־מקדש־הויף. אַ טייל פֿון פֿאָלק זײַנען נאָך אונדז נאָכגעגאַנגען. און עס איז געווען נאָך האַלבן טאָג, און די זון האָט באַלויכטן די גאָלדענע טויערן, און דער בית־מקדש האָט אויסגעקוקט ווי אַ פֿײַערדיקער בנין, וואָס איז פֿון הימל אַראָפּגעקומען, און מיר האָבן זיך זייער געפֿריִיט מיטן אָנבליק פֿון די שפּיצן פֿון היכל, וואָס פֿלאַקערן אין ליכט. האָבן די תּלמידים אָנגעוויזן דעם רבין, און איינער פֿון זיי האָט געזאָגט: „רבי, זע, וואָס פֿאַר אַ שטיינער און וואָס פֿאַר אַ געביידע דאָס איז!" האָט ישוע אָפּגעענטפֿערט: „זעסט די גרויסע

געבײדע? דאָ װעט נישט בלײַבן אײן שטײן אױפֿן אַנדערן, װאָס װעט נישט צעװאָרפֿן װערן״.

דאָס פּנים פֿון מײַן רבין האָט אַ צוק געגעבן, װי זײַן לײַב װאָלט באַרירט אַ פֿײַערדיקע נאָדל. זײַנע אױגן־הײַטלעך האָבן זיך פֿאַרמאַכט און זײַן גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געגעבן. ער האָט געשװיגן אַ װײַל, דערנאָך האָט ער געפֿרעגט יהודהן:

— האָבן עס פֿיל לײַט געהערט?

— יאָ, די לײַט, װאָס זײַנען נאָך אונדז נאָכגעגאַנגען.

— װאָס האָבן די לײַט געזאָגט?

— זײ האָבן זיך די האָר פֿון די קעפּ געריסן, װי בײַ אַן אומגליק. אײנער האָט דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט שרעק. פֿיל זײַנען אַװעק פֿון אים. אַנדערע זײַנען אַנטלאָפֿן. מיר זײַנען נאָר איבערגעבליבן מיט אונדזער רבין אַלײן. ער האָט אונדז אַרױפֿגעפֿירט אױפֿן הר־הזתים. און ער האָט זיך אַװעקגעזעצט אױף אַ שטײן אױפֿן װעג, און דאָס אָרט איז געװען קעגנאיבער דעם בית־המקדש. און מיר האָבן געזען דעם דרײַשפּיץ פֿון היכל אַרױספּלאַקערן אין די לעצטע שטראַלן פֿון דער זון, און דאָס הױז פֿון גאָט האָט זיך געטוליעט אין די בריסט פֿון דער נאַכט. און דער רבי איז געזעסן מיט זײַנע דרײַ באַליבטע תּלמידים, שמעון, יוחנן און יעקבֿ, און האָט זיך מיט זײ געסודעט. דערנאָך האָט ער צו אונדז גערעדט. און ער האָט אונדז אַנטפּלעקט, װאָס עס װעט זײַן באחרית־הימים. ער האָט אָנגעזאָגט אױף די חבלי־משיח, װאָס קומען אָן, און ער האָט גערעדט צו אונדז, װי אײנער, װאָס גײט אַװעק אין אַ װײַטן װעג און געזעגנט זיך מיט אונדז — און מיר װײסן נישט װאוהין ער גײט. און ער, ער, װאָס זאָל אונדז ברענגען טרײסט און פֿרײד, האָט אונדז אָנגעזאָגט אױף טרױער און צײנקריצעניש און מלחמות און שרעק: „און אײן פֿאָלק װעט אױפֿשטײן אױפֿן אַנדערן, און אײן ברודער װעט איבערליפֿערן דעם אַנדערן צום טױט“. און אױך אונדז, זײַנע תּלמידים, האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מיר װעלן װערן אַרױסגעגעבן צו די סנהדרין: „ערשט דערנאָך, דערנאָך, װען די זון װעט פֿינצטער װערן און די לבֿנה װעט נישט געבן איר ליכט מער, װעלן זײ זען דעם בן־אדם קומען אין די װאָלקנס מיט זײַן גרױסער מאַכט און גרױסער הערלעכקײט“. און ער האָט אונדז אָנגעזאָגט אַלעמען צו װאַרטן און אים אױסצװאַרטן, „טאָמער װעט ער קומען פּלוצלינג און װעט אונדז געפֿינען שלאָפֿן דורך דער נאַכט“.

„װי איך האָב געהערט מײַן רבינס רײד, האָב איך זײ נישט פֿאַרשטאַנען. און פּלוצלינג איז מיר אַ גרױס שרעק באַפֿאַלן, װײַל דער ספֿק האָט אָנגעהױבן אַרײַנרײַסן זיך אין מיר און האָט מיך אַרומגענומען מיט זײַנע קאַלטע פֿינגער, װי דער טױט, און אױסגעלאָשן יעדעס ליכט אין מיר. אַ געדיכטע פֿינצטערניש איז געפֿאַלן אױף מיר. איך האָב געזוכט אַ רעטונג. איך בין אַנטלאָפֿן און בין געקומען צו דיר, מײַן װעגװײַזער. באַלײַכט מיר די װעגן פֿון מײַן רבין. איך בין װי אײנער, װאָס הענגט אין דער לופֿט. פֿון דער ערד האָט ער מיך אַװעקגעריסן, אין הימל האָט ער מיך נישט אַרײַנגעבראַכט. איך קאָן נישט לעבן לענגער!“

מײַן רבי האָט זיך פֿאַרקלערט און געענטפֿערט:

— איך פֿאַרשטיי נישט דײַן רבין. און ווער קאָן אים פֿאַרשטיין? האָסט פֿאַר־לוירן די אמונה אין דײַן רבין?

— חלילה! אָבער וואו זײַנען די גרענעצן פֿון דער אמונה?

— ווילסטו אויסשעפּן דעם ים מיט אַ פֿינגערהוט? ווילסטו דערגרונטעווען דעם קוואַל פֿון אמונה? אמונה איז נישט קיין מסחר, — הײַנט האָסטו געקויפֿט, הײַנט פֿאַרקויפֿסטו. די מעשׂים פֿון גאָט זײַנען נישט פֿאַר דיר און נישט פֿאַר מיר. זיי זײַנען פֿאַרהוילן פֿאַר אונדז בײַם ראַנד פֿון אונדזערע טעג און שײַנען אויף אַ טאָג נאָך אונדזער טויט. פֿאַרוואָס ביסטו אַזוי אײַליק, יהודה? וואַרט און זע!

— אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואַרטן? עד מתי, עד מתי? — האָט יהודה אויסגעשריגן — פֿאַרוואָס וויל ער נישט ברענגען די ישועה? די רשותים זײַנען אים איבערגעגעבן. ער האָט דעם כּוח און די מאַכט דערצו. פֿאַרוואָס האַלט ער אָפּ די ישועה? ער זעט ווי אדום טרעט מיט די פֿיס די פּראַכט פֿון ישׂראל, ער הערט זײַן שענדן און שפּאָטן אויס גאָטס נאָמען. ער הערט ווי אדום פֿירט זײַן פּרעכן זיג און גרויסט זיך קעגן גאָט. ער זעט ווי אדום שטרעקט אויס זײַן האַנט צום הייליקן פֿון ישׂראל, — און ער שווײַגט. פֿאַרוואָס גיסט ער אויס זײַן צאָרן אויף די געלערנטע און אויף די סופֿרים, און אדומען הייסט ער אונדז צאָלן מס? זאָל ער אַראָפּרופֿן זײַנע חיילות אין הימל, זאָל ער אויסשטרעקן זײַן פֿײַערדיקע שווערד אויף אדום, — און די רבנים און סופֿרים און די כּהנים־גדולים און אַלע גרויסע אין ישׂראל וועלן קומען און זיך בוקן פֿאַר אים און וועלן אויסרופֿן צו אים: „דו ביסט דער מלך־משיח!” מיט ווערטער וויל ער די מאַכט פֿון די רבנים ברעכן. זאָל ער זײַנע מעשׂים באַווײַזן קעגן אדומען, און ער וועט האָבן גאַנץ ישׂראל צו זײַנע פֿיס. ניין, דער ספֿק גריזשעט די וואָרצלען פֿון מײַן אמונה.

— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז געקומען פֿאַר אונדז צו ברענגען די גאולה? אפֿשר איז ער גאָר געקומען פֿאַר אַנדערע?

— פֿאַר אַנדערע? — האָט יהודה אויסגעשריגן ווי אַ פֿאַרוואונדעטע חיה.

— יאָ, פֿאַר אַנדערע!

— וואָס הייסט, פֿאַר אַנדערע?

— יהודה, אויך איך האָב אַ לאַנגע צײַט נישט פֿאַרשטאַנען דײַן רבין. אַ לאַנגע צײַט איז ער געווען אַ חידה אין מײַנע אויגן. ווען דו האָסט געשיקט נאָך מיר און איך בין געקומען קיין כּפֿר־נחום, געקומען פֿאַר אים און געבעטן זיך בײַ אים: „שענק אונדז אַ צייכן! באַווײַז אונדז, אַז דו ביסט דער, וואָס מיר וואַרטן אויף אים!” — און ער האָט אַזוי האַרטנעקיק פֿון אונדז דעם צייכן באַהאַלטן, האָב איך זיך פֿון אים אָפּגעזאָגט. איך האָב מיר אָבער נישט געקאָנט צורעכט אויסלייגן אין מײַן מחשבֿה, ווער דײַן רבי איז. איך קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז ער איז אַן אָפּטריניקער און אַן אָפּריידער פֿון ייִדישן גאָט. איך האָב דאָך געזען, אַז אַלע זײַנע מעשׂים זײַנען פֿון דעם הימלס וועגן. דאָ האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט איז ער מיט אונדז, און אין אַ מינוט אַרום איז ער קעגן אונדז. איין מאָל הייסט ער מקיים זײַן כּל התורה כּולה, — און ער איז נישט געקומען צו מינערן, נאָר ממלא צו זײַן, — און ער פֿירט זיך אויף ווי אַ פֿרומער ייִד, לויט דער מסורה פֿון די

זקנים און סופֿרים; און אַן אַנדערש מאָל זאָגט ער, אַז מען גיסט נישט קיין נײַעם ווײַן אין אַן אַלטער כּלי, — הייסט עס אַז דער ווײַן איז נײַ און די כּלי איז נײַ? איך בין געשטאַנען פֿאַר אַ חידה. איך האָב געפֿאָרשט, געזוכט אים צו פֿאַרשטיין, אים צו דערגרונטעווען. איך האָב נישט געקאָנט. איין טפּח האָט ער אַנטדעקט פֿאַר מיר, צען האָט ער פֿאַרהוילן. און איך האָב געטראַכט פֿון אים דאָס זעלבע, וואָס דו, און זיך געפֿרעגט: „אַז די רשותים זײַנען אים איבערגעגעבן, פֿאַרוואָס ברענגט ער נישט די ישועה און וואָס וואַרט ער?" און ווען איך האָב מיר קיין תּירוץ נישט געקאָנט געבן אויף דער פֿראַגע, האָט דער ספֿק אין מײַן האַרץ זיך אַרײַנגעריסן און צעשטערט דעם בנין, וואָס איך האָב געהאַט אויפֿגעבויט פֿאַר דײַן רבין. ביז אײן מאָל, איין מאָל איז מיר אַ ליכט אין מײַנע אויגן אויפֿגעגאַנגען און איך האָב אים דערזען גאַנץ אַנדערש, גאַנץ אַנדערש.

— וואָס איז געשען?

— דו ווייסט, אַז נישט לאַנג צוריק האָט הלל דער וואַסערטרעגער מיך געפֿירט צו אים בײַנאַכט. עס איז געווען אין גרויס סוד, איך האָב בײַ אים געוואָלט דערגיין און נאָך אַמאָל פֿרעגן, וואָס גאָט מיינט מיט אונדז. איך בין געקומען צו אים אין דער אויבערשטער עליה, וואו ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן בײַ הלל, און איך האָב געזאָגט צו אים: „רבי, מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ לערער, וואָס איז געשיקט פֿון גאָט, וואָרעם קיינער קאָן נישט טאָן די וואונדער, וואָס דו טוסט, סײַדן גאָט איז מיט אים". ווייסטו, וואָס דײַן רבי האָט מיר געזאָגט?

— ניין, דו האָסט עס מיר קיין מאָל נישט פֿאַרטרויט.

— דײַן רבי האָט צו מיר געזאָגט: „באמת, באמת זאָג איך: דער, וואָס וועט נישט ווידער געבוירן ווערן, דער קאָן נישט זען דאָס קעניגרײַך פֿון גאָט".

— וואָס הייסט, ווידער געבוירן ווערן? — האָט יהודה אויסגעשריגן מיט שרעק.

— דאָס האָב איך טאַקע געפֿרעגט בײַ דײַן רבין: ווי אַזוי קאָן אַ מאַן געבוירן ווערן, ווען ער איז אַלט? קאָן ער דען ווידער אַרײַנקומען אין זײַן מוטערס לײַב און ווידער געבוירן ווערן? דער רבי האָט מיר דערויף געענטפֿערט: „דער, וואָס איז געבוירן פֿון פֿלייש, איז פֿלייש. דער, וואָס איז געבוירן פֿון גײַסט, איז גײַסט". אוודאי אַזוי. אָבער — זײַנען מיר דען געבוירן פֿון פֿלייש אַליין? איז די תּורה נישט אונדזער מוטער? זײַנען אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ נישט אונדזערע פֿאָטערס? און איך האָב מיר דעמאָלט געזאָגט: דײַן רבינס לערע איז גוט און גרויס פֿאַר אַזעלכע, וועלכע ווילן פֿאַרלייקענען זייער גײַסט. אָבער מיר, וואָס מיר זײַנען געבוירן געוואָרן אין גײַסט פֿון דעם ברית, וואָס גאָט האָט געשניטן מיט אַבֿרהמען, אין דעם גײַסט פֿון דער תּורה און די נבֿיאים, — ווי אַזוי קאָנען מיר נאָך אַמאָל געבוירן ווערן נישט צו פֿאַרלייקענען דעם גײַסט? פֿון דענסטמאָל אָן האַלט איך זיך דערווײַטערט פֿון אים.

— הייסט עס, אַז צווישן אים און אונדז ליגט דער טויט? — שרײַט יהודה אויס.

— חלילה, — זאָגט מײַן רבי. — נישט דער טויט נאָר דאָס לעבן. די ווידערגעבורט פֿון די אַלע, וואָס זײַנען געבוירן אין גײַסט. און עס איז מיר אויפֿגעגאַנגען אַ ליכט. איצט האָב איך אים אָנגעהויבן פֿאַרשטיין. יהודה, זאָלסט וויסן זײַן,

אַז דײַן רבי איז גאַרנישט געקומען פֿאַר אונדז און צו אונדז. אונדזער משיח וועט ערשט קומען, ווען מיר וועלן די זכיה האָבן. דײַן רבי איז געקומען פֿאַר די גויים!

— פֿאַר די גויים? — האָט יהודה אויסגעשריגן פֿאַרצווייפֿלט.

— פֿאַר די פֿעלקער פֿון דער וועלט, פֿאַר די אַלע, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן נאָר אין פֿלייש, נישט אין גײַסט, איז ער געשיקט געוואָרן זיי צו דערנענטערן צום פֿאָטער פֿון הימל. איצט האָב איך פֿאַרשטאַנען זײַנע ווערטער, וואָס ער האָט מיר אַנומלט געזאָגט: „איך בין אַ שעפֿער פֿון פֿיל סטאַדעס". און האָט נישט דײַן רבי אויך געזאָגט: „אין מײַן פֿאָטערס הויז זײַנען פֿאַראַן פֿיל פּלאַנצן"? פֿון דענסטמאָל אָן, זינט עס איז מיר אויפֿגעגאַנגען דאָס ליכט, וואַרעם איך אין מײַן האַרץ אַ נעסט פֿון האָפֿענונג. מיט פֿאַרבענקטע אויגן קוק איך אים נאָך. מײַנע געפֿילן און מײַנע חושים זײַנען אָפֿן צו פֿאַרשן מיט גוטן ווילן זײַנע מעשׂים. וואָרעם איך זאָג מיר: ער איז באַשטימט געוואָרן צו ווערן דער נבֿיא פֿאַר די פֿעלקער, וועלכן די נבֿיאים האָבן אונדז פֿאַרויסגעזאָגט, כּדי זיי צו עפֿענען די אויגן, אַז זיי זאָלן דערזען דאָס גרויסע ליכט פֿון איין־איינציקן גאָט; אַז אַלע פֿעלקער זאָלן מאַכן איין בונד צו דינען גאָט מיטן גאַנצן האַרצן און צו דינען דעם חבֿר ווי זיך אַליין; אויף אָט די צוויי זײַלן צו באַגרינדן די וועלט, וואָס די חכמים האָבן מיט אים מסכּים געווען הײַנט אין בית־המקדש. איך בויג מײַן קאָפּ מיט יראת־הכּבֿוד טיף פֿאַר אים און איך וואַרט אויס מיט אַ ציטערדיק האַרץ אויף זײַן שליחות. אָבער נישט פֿאַר אונדז איז ער געשיקט, נאָר פֿאַר זיי! לאָז אים אָפּ!

יהודה האָט געהערט און געקײַט זײַנע הענט. ער האָט זיך אײַנגעקנייטשט און אײַנגעקאַרטשעט. ווי אַ טשערעפּאַכע, וואָס גייט אַרײַן אין איר הײַזל, אַזוי איז זײַן קערפּער פֿאַרשוואונדן אונטער דעם גרויסן קאָפּ זײַנען, וואָס האָט אים אין גאַנצן צוגעדעקט. און ווען מײַן רבי האָט געענדיקט, האָט ער אים געפֿרעגט:

— איך — מײַן רבין — אַפֿלאָזן? אים, וואָס איז דער ווייטאָג פֿון אונדזער ווייטאָג, די האָפֿענונג פֿון אונדזער האָפֿענונג, אונדזער פּנים און אונדזער אינ־האַלט? אים אָפּלאָזן? די מוטער און קינד צוזאַמען אַרויסוואַרפֿן? אונטערצושנײַדן די צווײַג, אויף וועלכער איך זיץ? אין מויל פֿון משחית אַרײַנצופּאַלן, וואָס שטרעקט זיך אונטער מיר? אים אָפּצולאָזן, די איינציקע פּרוכט, וואָס צוליב איר איז דער בוים פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן? אים אָפּצולאָזן? ער איז די לעצטע האָפֿע־נונג, די לעצטע טיר, וועלכע איז אָפֿן!

— די לעצטע האָפֿענונג, די לעצטע טיר, — דאָס איז אונדזער פֿאָטער אין הימל, יהודה.

יהודה האָט זיך אויפֿגעשטעלט. ער איז גרעסער געוואָרן, ווי דער בטחון וואָלט נאָך אַמאָל צו אים געקומען. ער איז אויסגעלייזט געוואָרן און ער האָט אויסגערופֿן:

— ער איז דער מלך משיח!

— יהודה, אַ גרויס אַחריות נעמסטו אויף זיך פֿאַר דײַן רבין.

— איך נעם עס, איך נעם די גאַנצע אַחריות. ער איז געקומען צו ברענגען אויסלייז צו אונדזערע נשמות אין הימל און אָן אויסלייז צו אונדזערע לײַבער דאָ אויף דער ערד, כּדי מיר זאָלן זײַן בני־חורין צו גאָט, נישט קיין קנעכט צו אדום, ווי די נבֿיאים האָבן אונדז פֿאַרזיכערט אַזוי פֿיל מאָל; און ער וועט נישט

פֿאַרלייקענען די הייליקייטן אין ישׂראל, און ער וועט האַלטן זײַן הבטחה צו זײַן פֿאָלק ישׂראל.

און יהודה האָט זיך אויפֿגעהויבן אין זײַן פֿולער הויך און ער האָט גערעדט ווײַטער ווי אין חלום:

— איך גלויב באמונה שלמה, אַז ער איז געקומען צו ברענגען די גאולה. ווי אַבֿרהם, וועט ער צעשמעטערן די טעמפּלען פֿון די אָפּגעטער. ווי פּגרים, וועלן ליגן די מעכטיקע צו זײַנע פֿיס. ער וועט צעטרעטן די פּראַכט פֿון אדום, און ווי אַ פֿײַערדיקער שטורעם, וועט ער אַדורכגיין דורך זײַנע רייען. ער וועט זאַמלען די פֿעלקער פֿון דער וועלט, ווי דער שניטער די זאַנגען, און ער וועט זיי ברענגען צו דעם הויז פֿון גאָט.

— אויב אַזוי, יהודה, פֿאַרוואָס, ווידער, די אומגעדולד? פֿאַרוואָס די אומרו? פֿאַרוואָס די וואַקלעניש?

— איך קאָן נישט וואַרטן לענגער, איך קאָן נישט! דאָס וואַסער דערגייט שוין ביז צום האַלדז, דער כּוס איז פֿול, די צרות האָבן אים רייף געמאַכט, — ישׂראל וואַרט אין אַנגסטן. פֿאַרוואָס רופֿט ער נישט זײַנע חיילות צוזאַמען? פֿאַרוואָס גיט ער נישט דעם צייכן? פֿאַרוואָס האַלט ער אויף די גאולה? עס מוז דאָך אַ טעם זײַן אין דעם!

יהודה האָט מער קיינעם נישט געהערט און קיינעם נישט געזען. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און גענומען בלאָנדזשען איבער דער שטוב, ווי אַ פֿאַרווירטער. זײַנע אויגן זײַנען נאָך גרעסער געוואָרן און נאָך מער אַרויסגעזעצט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט עפּעס, וואָס קיינער זעט נישט. זײַן קערפּער האָט זיך אויפֿגעלייזט פֿון די קנופּן. ער איז העכער געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט אַ מינוט וועט זײַן קאָפּ דערגרייכן ביז צום באַלקן. ער האָט גערעדט צו זיך, ווי אַ מענטש, וואָס איז באַזעסן פֿון אַ גײַסט, ווי עס וואָלט וואָר פֿון אים די ווערטער אַרויסגעשריגן:

— די פּרוכת איז רייף, ישׂראל וואַרט. די גאַנצע פּמליא איז פֿאַרזאַמלט. די אָבֿות זײַנען אַרום אים. אַלע וואַרט. עס איז שטיל אין הימל. עס הערט זיך אַ דין קול, אַ קול פֿון אַ פֿרוי, רחל וויינט אויף אירע קינדער. משה איז דאָ און ירמיהו איז דאָ, און אַלע וואַרטן. און וואָס וואַרטן זיי? די רשותים זײַנען נישט געגעבן. דער שטן איז מקטרג. דער שר של אדום האָט זכיות. ישׂראל איז זינדיק. די כּוחות ראַנגלען זיך. די וואָגשאָלן וואַקלען זיך. דער שר של אדום שטאַרקט זיך. דער מלך־משיח גאַרטלט נישט זײַן שווערד פֿון נקמה. חלילה, חלילה! דער שר של אדום שטאַרקט זיך. חבלי משיח. בלוט, בלוט. חלילה! דער שר של אדום שטעלט זיך פּנים אל פּנים מיטן מלך־משיח. די וועלט ווערט פֿינצטער. חלילה, חלילה! אָ, די ישועה! מלאך גבריאל, מיכאל פֿון ביידע זײַטן. די רשותים ווערן אים געגעבן. פֿײַער שפּריצט אויס פֿון זײַן מויל. די חיילות פֿון הימל קומען אָנצואײַלן. מיט דעם אָטעם פֿון זײַנע נאָזלעכער פֿאַרלענדט ער דעם שר של אדום. ווי אַ וואָרעם צעטרעטט ער די מעכטיקע מיט די טריט פֿון זײַנע פֿיס. די ערד שפּאַלט זיך. עס זינקט דאָס רשעות. די הימלען דערנענטערן זיך צו דער ערד, די ערד — צו די הימלען. איין ליכט. די גאולה — די גאולה.

און יהודה איז געפֿאַלן אין מײַן רבינס אָרעמס.

ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט מײַן רבי אים געזעצט לעבן זיך און געזאָגט צו אים:

— יהודה, אַ זון פֿון אַן אײַלנדיק פֿאָלק ביסטו! וויפֿל מאָל האָב איך דיר שוין געזאָגט: „אל תעירו ואל תעוררו את האהבה עד שתחפץ"?

— מײַן נשמה לעכצט נאָך דער גאולה.

— יהודה, די גאולה איז פֿײַער. די, וואָס גייען אום מיט דעם, קאָנען דאָס הויז באַלײַכטן אָדער אונטערצינדן.

— אַלץ קאָן געשען, נאָר גאָטס נאָמען זאָל פֿאַרהערלעכט ווערן. איך בין מיד צו טראָגן דעם יאָך פֿון אדום!

— יהודה, יהודה, פֿאַרוואָס קאָנסטו נישט וואַרטן און האַרן אויף דער גאולה, ווי די אַנדערע, ווי מיר אַלע, און וואַרעמען זיך דערווײַל פֿון דער קעלט פֿון דער נאַכט בײַם פֿײַער פֿון דער אמונה?

— איך וויל, אַז גאָטס נאָמען זאָל פֿאַרהערלעכט ווערן שוין איצט, הײַנט! איך בין אַזוי מיד פֿון וואַרטן.

און יהודה איז ווידער געפֿאַלן אין מײַן רבינס אָרעמס.

— גיי, רו דיך אויס. גיב שלאָף צו דײַנע לעפֿלען, און דײַן האַרץ וועט געפֿינען רו. האָסטו פֿאַרגעסן, וואָס די תלמידי־חכמים האָבן געזאָגט: „נישט פֿאַר דיר איז די זאַך צו פֿאַרענדיקן".

און מײַן רבי האָט גענומען יהודהן און אים אָפּגעפֿירט אין חדר, וואו די תלמידים האָבן גענעכטיקט אין בית־מדרש. ער האָט אים אַנידערגעלייגט אויף דער באַנק און צוגעדעקט אים מיט זײַן קלייד פֿאַר דער קאַלטקייט פֿון דער נאַכט.

אין דער נאַכט האָט מיך געוועקט פֿון שלאָף אַ קול פֿון יללה, נאָר עס איז נישט געווען קיין געוויין, וואָס קומט פֿון טרערן פֿון אויגן, נאָר אַ געוויין, וואָס קומט מיט די טרערן פֿון האַרץ. און דאָס קול האָט געברומט, ווי דאָס קול פֿון אַ פֿאַרלאָזענעם שאַקאַל אין מדבר. איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט און געזען ווי יהודה זיצט אויף זײַן געלעגער. נישט מער ווי זײַנע אויגן אַליין האָט מען געזען אַרויסשײַנען פֿון דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט. זײַן גאַנצער קערפּער איז געווען פֿאַרוועבט און אויסגעמישט מיט די שאָטנס פֿון חלל. ער האָט געוויינט און גערעדט צו זיך אַזוי:

— פֿאָטער אין הימל, פֿאַרוואָס האָסטו מיך אַליין אויסגעווילט פֿון אַלע אַנדערע תלמידים, אַז איך זאָל נעמען אויף זיך די קללה פֿון פֿאַרשאָלטענעם? אַז מײַן לײַב זאָל באַקליידט ווערן מיט מכות פֿון שאַנד אויף אַלע דורות? פֿאַרוואָס מיך אַליין צייכנסטו מיט דעם צייכן פֿון קין, אַז איך זאָל ווערן אַ צונאָמען פֿאַר אַלע אָפּפֿאַלנדיקע? לאָז אָפּ פֿון מיר, נעם צו די אומרואיקייט, וואָס דו האָסט געוואָרפֿן אין מײַנע גלידער. פֿאַרוואָס צינדסטו אונטער מײַן בלוט מיט דעם דאָרשט נאָך אויסלייז? פֿאַרוואָס שמײַסטו מיך מיט ריטער פֿון פֿאַרלאַנג און פֿון ברען נאָך הילף און דו טרײַבסט מיך, אַ באַזעסענעם אין דער נאַקעטער נאַכט אַרויס? שטיל אײַן מײַן האַרץ, באַזאַנפֿט מײַן געמיט. שיק מנוחה אויף מײַן געפּײַניקטער נשמה און לאָז מיך, ווי די אַנדערע, אין געצעלט פֿון אמונה אויסגיין און וואַרטן מיט געזאַנג פֿון דײַן הבטחה. איז דען די הבטחה אַליין נישט

גענוג צו געבן פֿעסטקייט און רואיקייט? פֿאַרוואָס מוז איך זי זען דערפֿילט? טרעט אָפּ פֿון מיר, גאָט, — אָדער שטן! איך וויל מנוחה, שווײַגן, אויסגיין ווי אַ שאָטן אין די נאַכט־וועלן אַרײַן. אָבער ווער צערײַסט מײַן האַרץ אויף שטיקער? עס קאָן דאָך נישט זײַן קיין דאַרשט אָן דיר, פֿאָטער אין הימל, דו האָסט אים אָנגעצונדן אין מיר. מיך האָסטו געצייכנט, אַז איך זאָל זײַן דער שטיין, וואָס זאָל אַרויסגעבן דעם פֿונק און דאָס ליכט פֿון דער וועלט אָנצוצינדן. דו שיקסט מיך — און איך וועל גיין. איך וועל, ווי דער שעיר לעזאזל, צעשמעטערן מײַנע גלידער אין דער פֿעלדזן־שטיינערדיקער וואָנט פֿון דורות, אַבי די ישועה זאָל קומען. איך בין אַ טייל פֿון דער ישועה. זי קאָן נישט קומען אָן מיר. אויב אַזוי, איז עס אויך מײַן פּײַן און צער. מער ווי אַנדערע וועל איך אויסבלוטיקן מיט אים יעדן ווייטאָג, מער ווי די אַנדערע וועל איך אויסבלוטיקן מיט אים יעדע בלוטיקע שאַנד. איך וועל אויסטרינקען אין מיר יעדן טראָפּן שוויס, וואָס וועט רינען פֿון זײַן לײַב, און עס וועט קומען צו מײַנע געדערים אַרײַן, ווי גליענדיק בלײַ, און עס וועט פֿאַרשרפֿהן מײַן אינגעווייד. איך וועל אונטערשטעלן מײַן לײַב אונטער די שמיץ פֿון רשע, וואָס וועלן פֿאַלן אויף זײַנע פּלייצעס. איך וועל אויסקרעכצן מיט אים יעדן קרעכץ און אויסשרײַען מיט אים דאָס לעצטע געשריי פֿון דער גאולה. די ישועה איז אויך מײַנע! רבי, רבי, זע, איך גיי אין דער טיפֿסטער כף־הקלע אַרײַן, כּדי דו זאָלסט קאָנען שטײַגן אויף דער העכסטער הויך צו גאָט.

און יהודה האָט פֿאַרדעקט זײַן פּנים מיטן קלייד און איז אײַנגעשטילט געוואָרן.

# 20

צומאָרגנס איז געווען יום ה׳ בשבוע, צוויי טעג פֿאַר פּסח. מיטן גרויען פֿון פֿרימאָרגן האָט אונדז יהודה פֿאַרלאָזט און איז צוריקגעגאַנגען צו זײַן רבין. וואָרעם עס האָט זיך דערהערט, אַז מען מוז אָנהויבן שעכטן דעם קרבן־פּסח נאָך הײַנט אין אָוונט, דעם אָנהויב פֿון פֿערצנטן טאָג אין חודש. די כּהנים־גדולים האָבן נישט מסכּים געווען מיט די פּרושים, וועלכע האָבן געוואָלט אײַנפֿירן דאָס הלכישע געזעץ, אַז דער קרבן־פּסח איז דוחה שבת, און דערפֿאַר מעג מען מקריבֿ זײַן ביז שפּעט פֿרײַטאָג אָוונט. נאָר זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַ זייער טראַדיציע, אַז דער קרבן־פּסח איז אַ קרבן פֿאַר יעדן יחיד, און מען טאָר נישט צעשטערן דעם שבת. די פּרושים זײַנען זייער פֿאַרביטערט געווען אויף די כּהנים־גדולים, וואָס יענע האָבן געוואָגט דאָס הלכישע געזעץ אומצוואַרפֿן, זיי האָבן אָבער זיך גאָרנישט געקאָנט העלפֿן: אין אַלע ענינים, וואָס זײַנען אָנגעגאַנגען אין בית־המקדש, האָבן די בני־חנן געהאַט די אויטאָריטעט און זיי האָבן זיך מיט קיינעם נישט גערעכנט.

בײַ אונדז, בײַ מײַן רבין, האָבן מיר זיך געקליבן פֿון גאַנץ אין דער פֿרי פֿאַרצובערייטן דעם פּסח. די מצות האָבן מיר שוין געהאַט געבאַקן מיט אַ טאָג פֿריִער. מיר האָבן זיך געקליבן צו ברענגען דאָס ציגעלע פֿון מײַן פֿאָטער, פֿאַרצובערייטן

דעם ווײַן, דעם מרור, ווען אַפֿילו דער רבי האָט נישט בדעה געהאַט צו שעכטן הײַנט, נאָר ערשט מאָרגן, ווײַל ער האָט געוואָלט האַלטן די סעודת־פּסח ערשט מאָרגן אין אָוונט, לויט דעם דין. אָבער דער רבי פֿון נצרת האָט זיך יאָ געקליבן צו שעכטן הײַנט. די גליליער זײַנען בכלל געווען זייער אָפּגעהיט מיטן פּסח. בײַ זיי אין דער היים, אין גליל, האָט מען שוין ערב־פּסח אַ גאַנצן טאָג נישט גע־אַרבעט. דער ערב־פּסח איז גערעכנט געווען ווי אַ יום־טובֿ. און דער רבי פֿון נצרת האָט געשיקט זײַן תּלמיד יוחנן אויפֿצוזוכן יהודהן, וואָרעם יהודה האָט געהאַלטן דעם בײַטל פֿון זײַן רבינס חבֿרותא. יוחנן האָט נאָך געפֿונען יהודהן אין אונדזער בית־מדרש, און זיי זײַנען ביידע געגאַנגען צום שעפּסן־מאַרק צו קויפֿן אַ ציגעלע פֿאַרן קרבן־פּסח.

שפּעט אין טאָג איז אַרײַנגעקומען צו מײַן רבין אין בית־מדרש הלל דער וואַסערטרעגער, און ער האָט זיך עפּעס געסודעט מיט מײַן רבין. מיר זײַנען אָבער באַלד געוואָר געוואָרן, אין וואָס עס האַנדלט זיך, כאָטש דער רבי האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן האַלטן די זאַך אין גרויס סוד: דער רבי פֿון נצרת וויל, לויטן דין נאָך, פֿאַרצערן זײַן קרבן־פּסח מיט זײַנע תּלמידים אין די טויערן פֿון שטאָט, ווי עס שטייט געשריבן: בשעריך, ירושלים. וואָרעם דער רבי פֿון נצרת איז געווען זייער אָפּגעהיט אין אַלע דינים, וועלכע זײַנען מדאוריתא, און ער האָט זיי אָפּגעהיט ווי די פּרושים. אַזוי ווי ער האָט נישט קיין הויז אין ירושלים, וואוהין אַרײַנצוגיין, ווײַל ער אָפּריכטן דעם סדר מיט זײַנע תּלמידים בײַ הללן, אין דעם אויבערשטן חדר, וואָס הלל האָט אין דער אַלטער מויער פֿון דודס און שלמהס צײַטן. דער נצרתער האָט זיך אָפּט מאָל געפֿונען אויבן בײַ הללן. און הלל איז געקומען בעטן דעם רבין נקדימון, אַז ער זאָל אים העלפֿן אײַנאָרדענען זײַן אויבערשטן חדר פֿאַר דעם רבין פֿון נצרת מיט זײַנע תּלמידים.

מײַן רבי נקדימון האָט זיך זייער געפֿרייט מיט דער מצווה, וואָס גאָט האָט אים געשיקט אין זײַן האַנט אַרײַן, צו העלפֿן דעם רבין פֿון נצרת אין זײַן סעודת־פּסח. ער האָט גענומען דאָס קריגל שרונער ווײַן, וואָס איז געווען בחזקת כּשרות, מײַן פֿאָטערס מתּנה, און האָט עס איבערגעגעבן הללן פֿאַר קידוש פֿאַרן רבין פֿון נצרת. אויך האָט ער אים געגעבן מצות און מרור. און אונדז, מײַן חבֿר רופֿוס און מיך, האָט דער רבי געשיקט צום נגיד יוסף רמתי, אַז מיר זאָלן ברענגען פֿון אים איידל־געוועבטע טיכער און רײַך־געוועבטע זײַדנס, כּדי צו באַפּוצן דעם חדר און דעם טיש מיט שיינע כּלים און שיינע באַדעקנס, וואָרעם דער רבי פֿון נצרת האָט אָפּט מאָל געהאַט גערן געהאַט זײַנע יום־טובֿדיקע מאָלצײַטן אָפּצוריכטן ברחבֿות. און דערפֿאַר, וואָס דער רבי פֿון נצרת איז געווען אַ גרויסער מפֿונק און האָט גערן געהאַט דעם געשמאַק פֿון גוטע איילן, האָט אים מײַן רבי לכּבֿוד יום־טובֿ געשיקט אַ בינטל בשמים, דעם טײַערן דרור, וואָס מײַן רבי האָט עס געהאַלטן אין זײַן אוצר (דער איינציקער אוצר פֿון מײַן רבין זײַנען נאָר געווען בשמים).

איך און רופֿוס זײַנען צוגעלאָזן געוואָרן פֿאַר דעם האר פֿון הויז, פֿאַר יוסף רמתי, און מיר האָבן אים איבערגעגעבן דעם בריוו פֿון רבין. ווען יוסף רמתי האָט דאָס געהערט, האָט ער באַפֿוילן דעם אויפֿזעער פֿון זײַן הויז, אַז ער זאָל נעמען צוויי דינער און זיי זאָלן אַריבערטראָגן צו הללן פֿון דער אַלטער מויער — לאָמפּן, קריגן, שיסלען צו וואַשן די הענט און שיסלען צום עסן, און אַ קרוג אויס־

געווײלטן ווײַן, און פּרוכטן און גרינסן, און אַ זיך־בעט פֿאַרן רבין און לײַלעכער
און זײַדענע הענגערס. און יוסף רמתי האָט אויך געשיקט פֿאַרן רבין פֿון נצרת
אַן אײדל־געוועבט, דין שוויס־טוך, אַ מתּנה לכּבֿוד יום־טובֿ. מיר האָבן געבראַכט
די אַלע זאַכן צו הלל וואַסערטרעגער אין זײַן אויבערשטן חדר אַרײַן. און מײַן חבֿר
רופֿוס און איך האָבן געהאָלפֿן פֿאַרברייטן און אײַנריכטן דעם חדר פֿאַרן סדר פֿון
דעם רבין פֿון נצרת.

דער חדר פֿון הלל וואַסערטרעגער אין דער אַלטער מויער פֿון ירושלים איז
באַשטאַנען אויס אַ לאַנגער אויסגעהאַקטער הייל אין דער מויער, וואָס מען האָט
דערגרייכט אַהין דורך אַ לייטערל. די הייל איז געווען אונטערגעלײגט מיט
שטאַרקע, גרויסע, פֿיר־עקיקע שטיינער. אַן אויסגעהאַקט פֿענצטער־לאָך האָט
געעפֿנט אַן אויסבליק צום וואַסער־טויער, צום נחל קדרון אַרויס. דאָרט, אין דער
הייל, איז געשטאַנען אַ בעט, אַ טיש און אַ דרײַפֿוס פֿאַר קאָכן. פֿון דער הייל
האָט געפֿירט אַ לייטערל דורך אַן עפֿענונג צו דער אויבערשטער טעראַסע אַרויף;
די טעראַסע איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געזימס און באַפֿעסטיקט מיט
טורעם־ציין, וואָס צוליב דעם האָט מען דאָרט געמעגט וואוינען. איבער אַ טייל
פֿון דער טעראַסע האָט הלל אויף אַ געפֿלעכט פֿון דינע באַמבוס־דרענגער פֿאַר־
שפּרייט ראַגעזשעס פֿון פֿאַרטריקנטע פּאַלמען־צווײַגן צו באַשיצן פֿון דער זון.
אויבן, אויף דער טעראַסע, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט צו אַלע פֿיר זײַטן פֿון
ירושלים, איז מען געווען אַ רואה ואינו נראה: מען האָט געזען פֿון דאָרט ירושלים,
מען האָט אָבער נישט געקאָנט זען, ווער עס זיצט אויף דער טעראַסע, וואָרעם דער
הויכער געזימס מיט די טורעם־ציין האָבן פֿאַרשטעלט די לײַט. דאָרט, אויף
דער טעראַסע, האָבן מיר געגרייט דעם טיש פֿאַר דעם רבין פֿון נצרת מיט
זײַנע תּלמידים. מיר האָבן די טײַערע זײַדענע הענגערס, וואָס יוסף רמתי האָט
אונדז געגעבן, אויסגעהאַנגען איבערן געזימס פֿון דער טעראַסע. איין הענגער
האָבן מיר אויסגעצויגן אין אַ געשנירטן דאַך, אונטערגעהאַלטן מיט באַמבוס־
שטעקעלעך, און געשפּרייט אַ חופּה פֿאַר דעם רבינס קאָפּ; און אונטער דער חופּה
האָבן מיר אַוועקגעשטעלט דאָס לען־בעטל. און מיר האָבן גענומען ראַגעזשעס,
געפֿלאָכטן אויס טאָל־ריטער, און אויסגעשפּרייט מיט זיי די רצפּה פֿון דער
טעראַסע פֿאַר אַ זיץ פֿאַר די תּלמידים. און מיר האָבן געבראַכט ברעטער און
אַרויפֿגעלייגט אויף קלעצלעך קליינע, און איבער זיי האָבן מיר אויסגעשפּרייט
די טישטיכער און אַרויפֿגעשטעלט די כּלים, די קריגלעך מיט ווײַן און כּוסות,
ערדענע פֿאַר די תּלמידים, און דעם כּוס פֿאַרן רבין, אויס אַלבאַסטער אויסגע־
הוילט, וואָס יוסף רמתי האָט געשיקט. און מיר האָבן אויסגעלייגט די מצות
און דעם מרור, און דאָס גרינוואַרג און די פּרוכט, און מיר האָבן אויסגעשטעלט
די קריגן מיט וואַסער און די שיסלען פֿאַר וואַשן די הענט. און מיר האָבן די
האַנטיכער, די טישטיכער, די שוויסטיכער און די הענגערס באַשפּרענקלט מיט
בשמים־געשמאַקן. און די בשמים, וואָס מײַן רבי האָט געשיקט פֿאַרן רבין פֿון
נצרת, האָבן מיר אין אַ פֿאַן אויסגעשפּרייט פֿאַר דעם זיץ פֿון רבין צו לאָזן
רויכערן, ווען ער וועט באַטרעטן די טעראַסע. מיר האָבן פֿאַרריכט די לאָמפּן מיט
אײדעלן אייל, געשניצט די קנויטן, און צעשטעלט אויף זייערע פּלעצער. און
מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען אין טאָל פֿון קדרון און אָפּגעשניטן בליִעכץ פֿון

אַלעאַנדערן, געפּליקט יונגן יאַסמין און אַנגעריסן פרישע אַליוון־בלעטער, און מיר האָבן מיט זיי באַפּוצט די טעראַסע. און מיר האָבן גענומען אַ האַנטוך און אַרויסגעהאָנגען איבער דעם געזימס פון דער טעראַסע, און מיר האָבן אָנגעזאָגט דורך דעם, אַז אַ סעודה קומט דאָ הײַנט פאָר. און מיר האָבן זיך געוואָלט שטעלן צו באַדינען דעם רבין מיט זײַנע תלמידים, אָבער הלל האָט געזאָגט, אַז דער אָנזאָג פון דעם רבין פון נצרת איז געווען צו אים, אַז ער וויל אַליין זײַן מיט זײַנע תלמידים הײַנט אין אָוונט און פּראַווען מיט זיי דעם סדר של פּסח ביחידות. און מיר האָבן געערט דעם ווילן פון דעם רבין פון נצרת און מיר זײַנען צוריק־געגאַנגען צו אונדזער רבין אין בית־מדרש און מיר האָבן אים געזאָגט:

— מיר האָבן דערפילט דײַן געבאָט און אײַנגעאָרדנט דעם סדר פאַרן רבין פון נצרת אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

און דער רבי האָט אונדז געזאָגט: „יישר כּוחכם!"

און דער רבי האָט זיך אָנגערופן צו אונדז און געפרעגט:

— איז ווער פון די תלמידים פון דעם רבין פון גליל געווען דערבײַ? האָט ווער פון זיי אײַך געהאָלפן אײַנריכטן די אויבערשטע שטוב? און ווייס ווער פון די שכנים, ווער עס וועט דעם סדר אָפּריכטן אין הללס הויז?

מיר האָבן אונדזער רבין אָפּגעענטפערט:

— קיינער פון די תלמידים פון ישוע איז נישט געווען דערבײַ און קיינער פון זיי האָט אונדז נישט געהאָלפן, נײַערט מיר און די דינער פון יוסף רמתי האָבן אײַנגעאָרדנט דאָס הויז; און קיינער פון די שכנים ווייס נישט, פאַר וועמען דער סדר איז פאַרגעברייט געוואָרן.

דער רבי האָט געזאָגט:

— עס איז פון גרויסן סוד.

און ווײַטער האָט דער רבי געזאָגט:

— מײַן האַרץ איז מיר שווער. איך האָב מורא פאַר דעם פּסח. גאָט זאָל געבן, אַז מיר זאָלן האָבן אַ יום־טובֿ אין שלום. האָט איר עפּעס אין יהודהן באַמערקט? איך האָב פאַרציילט, וואָס איך האָב געהערט פון יהודהס מויל הײַנט בײַנאַכט.

ווען מײַן רבי האָט דערהערט וועגן דעם, איז ער בלייך געוואָרן ווי די וואַנט, און די כּלי, וואָס ער האָט געהאַלטן, אין ווערלכער ער האָט פאַרגעברייט דעם מרור פאַרן סדר, איז אַרויסגעפאַלן פון זײַנע הענט, און ער האָט געזאָגט:

— איך האָב מורא פאַר יהודהן. ווער ווייס, מיט וואָס פאַר אַ מחשבֿות ער טראָגט זיך אַרום. גאָט זאָל זיך אויף אים מרחם זײַן.

און דערנאָך האָט געזאָגט צו אונדז דער רבי:

— גייט אַרויס, גייט נאָך די טריט פון דעם רבין פון גליל. האַלט וואַך פון דער ווײַטנס, גיט אַכטונג אויף אַלץ, וואָס עס וועט געשען מיט אים און מיט זײַנע תלמידים, און קומט און זאָגט מיר אָן. וואָרעם די זאַך איז פון גרויס וויכטיקייט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: — און אַז איר וועט זען יהודהן, זאָלט איר אים זאָגן: „דאָס האַרץ פון רבי נקדימון איז זייער באַשווערט וועגן דיר. דו באַדאַרפסט האָבן סיעתא דשמיא, הילף פון הימל".

און די שעה איז געווען דערנסטמאָל נאָך דער מיטאָג־שעה. און די זון האָט שוין געהאַלטן בײַם אָפּגיין צו די בערג פון יהודה.

און עס האָט זיך באַלד דערהערט דאָס בלאָזן אויס די זילבערנע טראָמפּייטן פֿון בית־המקדש אַרויס. און די ישׂראלים, וועלכע האָבן הײַנט געשאָכטן זייער קרבן־פּסח, האָבן געאײַלט מיט זייערע ציגעלעך צום הר־הבית. מיר האָבן אויך באַמערקט צווישן זיי אייניקע פֿון די תּלמידים פֿון דעם רבין פֿון גליל; עס איז געגאַנגען שמעון בר־יונה, און ער האָט געהאַלטן אַ ציגעלע אין זײַנע הענט, און מיט אים איז געווען יוחנן, און יעקבֿ. און די תּלמידים מיט יהודהן זײַנען געגאַנגען הינטער זיי, נאָר דעם רבין האָבן מיר נישט געזען. און מיר זײַנען אויפֿגעגאַנגען נאָך זיי אויפֿן הר־הבית.

אַז מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין הויף פֿון בית־המקדש, איז דער גאַנצער הויף שוין געווען פֿול מיט ישׂראלים און זייערע ציגעלעך. די מערסטע זײַנען געווען גלילער, וועלכע האָבן זיך צוגעאײַלט מיט דער מצווה. מיר זײַנען נאָך זיי נאָכגעגאַנגען אין דער עזרה פֿון די ווײַבער. פֿון דאָרט האָט אַ פֿופֿצן־שטופֿעדיקע טרעפּ אַרויסגעפֿירט צום ניקאַנאָר־טויער. און די בראָנזענע טירן, וועלכע האָבן אַרײַנגעפֿירט צו דער עזרה, וואו די ישׂראלים האָבן געשאָכטן, זײַנען געווען שוין אָפֿן. און איבער די טרעפּ זײַנען געשטאַנען כּהנים מיט זילבערנע שופֿרות אין די הענט, און זיי האָבן געבלאָזן און געשאַלט און צו וויסן געגעבן, אַז דער קרבן־פּסח ווערט געשאָכטן. און הינטער זיי זײַנען געשטאַנען שרענגעס לוויים. און זיי האָבן נאָר אַרויפֿגעלאָזט אויף די טרעפּ צוויי פֿון אַ משפּחה אָדער חבֿרותא, וועלכע האָבן געשאָכטן אונטן, אין דער עזרה פֿון די ווײַבער. נאָר פֿון דער עזרה פֿון די ווײַבער האָט מען געקאָנט זען, וואָס אויבן טוט זיך, וואָרעם דער טויער פֿון ניקאַנאָר איז געווען אָפֿן, און מיר האָבן געזען דעם גרויסן פֿײַער פֿלאַקערן אויפֿן מזבח, אין הויף פֿון די כּהנים, פֿאַרן היכל. און צוויי לאַנגע שורות כּהנים, אין ווײַסע קליידער אָנגעטאָן, מיט באָרוועסע פֿיס, ציען זיך פֿון פֿלאַקערדיקן מזבח אַרונטער ביז צו דער עזרה פֿון ישׂראל און צוריק, און זיי האַלטן אין זייערע הענט גאָלדענע בעכערס, ברייט אויבן, בײַם ראַנד, און שמאָל אונטן. און איינער דערלאַנגט דעם אַנדערן זײַן גאָלדענעם בעכער. דער בעכער דערגרייכט דעם כּהן, וואָס שטייט דערבײַ, ווי דער ישׂראל שעכט זײַן ציגעלע בײַם שעכט־קלאָץ, וואו עס געפֿינט זיך דאָס גרויסע לאָך, דורך וועלכן דאָס בלוט רינט אַרונטער אין די קאַלוזשעס פֿון בית־המקדש. דער כּהן האַלט זײַן בעכער אונטער דעם ציגעלעס האַלדז און כאַפּט אויף אַ בעכער בלוט, און ער גיט דעם בעכער דעם אַנדערן כּהן. אַזוי גייט דער בעכער פֿון האַנט צו האַנט, ביז וואַנען ער דערגרייכט דעם כּהן, וואָס שטייט בײַם גרויסן מזבח. דער כּהן בײַם מזבח שפּריצט דאָס בלוט אין פֿײַער אויפֿן מזבח, און דערלאַנגט דעם ליידיקן בעכער ווידער צום נאָענטסטן כּהן. און איבער די דרײַ טרעפּ, וועלכע פֿירן פֿון עזרת־ישׂראל צום הויף פֿון די כּהנים, שטייען די לוויים, און זיי האַלטן אין זייערע הענט האַרפֿן און צימבל־האַרפֿן און פֿײַפֿלעך און טאַצן, און ווען די כּהנים שפּריצן דאָס בלוט אויפֿן מזבח, שפּילן זיי אויף זייערע כּלי־זמר און זינגען צום טאַקט מיט הלל.

אויך פֿון רבינס תּלמידים זײַנען נאָר צוויי אויפֿגעגאַנגען אויף די טרעפּ צו דער עזרה, — שמעון בר־יונה, וועלכער האָט געפֿירט דאָס ציגעלע, און יוחנן פֿון זבֿדיס, וועלכער האָט געהאַלטן דעם חלף צו דער שחיטה. די איבעריקע זײַנען מיט די אַנדערע ישׂראלים געשטאַנען אין דעם גרויסן הויף פֿון די

װײַבער. נאָר בשעת עס האָט זיך דערהערט דאָס זינגען פֿון הלל אויס די מײַלער פֿון די לווים, האָבן די תּלמידים זיך געבויגן צו דער ערד מיט גאַנץ ישׂראל און זיי האָבן מיטגעזונגען: „הללויה הללו עבדי ה׳ הללו את שם ה׳״.

און די אַנדערע האָבן זיי אָפּגעענטפֿערט: „זאָל דער נאָמען פֿון גאָט זײַן געבענטשט פֿון הײַנט ביז צו אַלע אייביקייטן!״

באַלד זײַנען שמעון און יוחנן אַרונטערגעגאַנגען פֿון דער עזרה. און יוחנן האָט געטראָגן דאָס געשאָכטענע ציגעלע, אײַנגעהילט אין אַ לײַלעך, אויף זײַנע פּלייצעס, און שמעון איז אים נאָכגעגאַנגען. און זיי זײַנען געקומען צו די תּלמידים און זיי האָבן אַלע פֿאַרלאָזט דעם בית־מקדש־הויף. און שמעון און יוחנן מיט דעם ציגעלע זײַנען פֿאָרויסגעגאַנגען, און די תּלמידים — אַ שטיק וועג נאָך זיי, און איך און מײַן חבֿר רופֿוס — הינטער זיי. שמעון און יוחנן זײַנען געגאַנגען אַרונטער, צום ברייטן מאַרק, און אין זייער גאַנג האָט מען געקאָנט זען, אַז זיי בלאָנדזשען און ווייסן נישט זייער וועג אויף זיכער און זוכן דאָרט ווענען. אַזוי האָבן זיי געבלאָנדזשעט ביז זיי זײַנען אַרונטערגעקומען פֿון די שמאָלע טרעפּ, וועלכע פֿירן פֿון דעם ברייטן מאַרק צום אונטערשטן טייל שטאָט, און האָבן דאָרט אָנגעטראָפֿן שטיין בײַ דער וואַנט, בײַם אַרויסגאַנג פֿון די טרעפּ, הלל דעם וואַסערטרעגער — און ער האָט געהאַלטן אַ קרוג מיט וואַסער אויף זײַנע פּלייצעס פֿאַר אַ צייכן. עס זעט אויס, אַז האָבן זיי דאָס געזוכט, וואָרעם זיי זײַנען באַלד צוגעגאַנגען צו אים און ער האָט זיך באַלד געווענדט צו זיי, ווי ער האָט נאָר באַמערקט די תּלמידים אַרונטערקומען פֿון די טרעפּ, און זיי האָבן עפּעס גערעדט צווישן זיך, און הלל מיטן קרוג וואַסער איז געגאַנגען פֿאָרויס פֿאַר זיי, און נאָך אים זײַנען נאָכגעגאַנגען שמעון און יוחנן. און די תּלמידים זײַנען געווען צעשפּרייט, כּדי מען זאָל זיי נישט זען צוזאַמען. און הלל האָט זיי געבראַכט צו דער אַלטער מויער פֿון דוד און שלמה המלכּס צײַטן. און זיי זײַנען איינציקווײַז אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם לייטערל אין זײַן וואוינונג אַרײַן, וואָס איז געווען אין דער מויער. רופֿוס און איך און הלל זײַנען געבליבן אין דרויסן. און באַלד האָבן מיר געזען, פֿון דער טעראַסע, וואו מיר האָבן פֿאַרגעברייט דעם טיש פֿאַרן רבינס סדר, איז אויפֿגעגאַנגען אַ רויך, — און מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס בראָטן די תּלמידים דעם קרבן־פּסח אויפֿן דרײַפֿוס, וואָס מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אויף דער טעראַסע.

און די צײַט איז נאָך געווען טאָג, וואָרעם אַפֿילו ווען די זון איז שוין געווען פֿאַרשוואונדן הינטער די הרי־יהודה, האָט זי אָבער נאָך באַשטראַלט מיט אירע שטראַלן די זאַמדיקע בערג פֿון הינטער דעם ים־המלח, און דאָס גאַנצע לאַנד האָט געפֿלאַקערט אין אַ גליִענדיקן, שטראַלנדיקן פֿײַער.

אַז די שאָטנס זײַנען געדיכטער געוואָרן און עס האָט אָנגעהויבן הערשן דאָס צווישן־ליכט, ווען דער טאָג מיט דער נאַכט קעמפֿן מיט זיך, האָבן מיר דערזען דעם נבֿיא פֿון נצרת, ווי ער קומט אָנצוגיין, באַגלייט פֿון איינעם פֿון זײַנע תּלמידים, יעקבֿ דעם ברודער פֿון יוחנן. ער איז געווען, ווי תּמיד, אין ווײַסן געקליידט. נאָר דאָס מאָל איז זײַן ווײַסער מעיל נישט געווען בלויז ווײַס, נאָר ער האָט געפֿינקלט מיט ווײַסקייט, ווי ער וואָלט אַרויסגעשיקט פֿון זיך ווײַסע שטראַלן. ער איז געשטאַנען אײן מינוט און איך האָב אים געזען. און הינטער אים האָבן די הרי־מואָבֿ געפֿלאַקערט. אין די לעצטע זון־שטראַלן האָט ער אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען

באַקליידט מיט דעם זעלביקן ליכט, וואָס ברענט זיך דאָרט ווײַט, הינטער דעם ים־המלח. זײַן פּנים איז געווען בלייך, אָבער אויסגערוט. אַ מנוחהדיקע שלווה האָט געהערשט איבער דער בלייכקייט, ווי אַלע קשיות וואָלטן שוין פֿאַרענטפֿערט געוואָרן אין זײַן האַרץ. און ווי יעדע שלמות איז אויך דאָס שלמות, וואָס האָט געהערשט איבער אים, געווען פֿאַרהילט אין אַ צניעותדיקער טרויעריקייט אַ טרויעריקייט, וואָס פֿליסט אַרויס נישט מחמת אַן אומרואיקייט, נאָר פֿון דער שׂמחה, וואָס הערשט אין שלמות. וואָרעם דער רבי פֿון גליל האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געווען כּולו שלום, פֿאַרגעברייט צום יום־טובֿ, צו דער עבֿודה, וואָס ער גייט טאָן. די האָר פֿון זײַן קאָפּ זײַנען געווען צורעכט געמאַכט און געשייטלט פֿון ביידע זײַטן פֿון קאָפּ. און פֿון ביידע לאָקנס האָבן געטריפֿט טראָפּנס וואַסער, אַזוי ווי ער וואָלט ערשט איצט פֿון דער טבֿילה געקומען צו גיין. און די טראָפּנס זײַנען אַרײַנגערונען אין זײַנע לאָקנדיקע פּאות און צוזאַמענ־געקלעפּט די טראָלדן פֿון זײַנע האָר און זײַנע פּאות און זײַן קורצע, האַלב־פֿאַר־גרויטע באָרד אין איין צניעותדיקער ראַם צו זײַן ווײַס, טרויעריק, שלווהדיק פּנים. זײַן קלייד איז געווען, ווי די קליידער פֿון די חכמים און סופֿרים, לאַנג און האָט פֿאַרדעקט די טריט פֿון זײַנע פֿיס, — און מחמת דעם, אַז ער איז געגאַנגען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס גייט נישט קיין מענטש, נאָר אַ פֿײַערדיקער זײַל פֿון גאָט טרעט אַרויס פֿון דעם פֿלאַקערדיקן מערבֿ אין דעם האַלב־פֿאַרשלייערטן פֿאַר־נאַכט אַרײַן. און ווען איך און רופֿוס האָבן אים געזען אַזוי אָנקומען, מיט זײַן תּלמיד הינטער אים, האָט אַ הייליקער ציטער אונדז אַרומגענומען, ווי מיר וואָלטן באַרירט געוואָרן פֿון אַ הייליקן שטראַל, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון זײַן ווײַס קלייד. אַ פּחד איז אויף אונדז געפֿאַלן, און מיר האָבן ביידע זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט פֿון דער מויער. פֿאַר דער אימה פֿון גאָט, וואָס איז אונדז באַפֿאַלן פֿון דעם רבינס אָנבליק, האָבן מיר קיין וואָרט פֿון מויל נישט געקאָנט אַרויסברענגען, נאָר אונדזערע אויגן זײַנען געווען צוגעהאָפֿטן צו זײַן ווײַסער געשטאַלט, ווי מיר וואָלטן צוגעשמידט געווען. מיר האָבן געזען, ווי הלל דער וואַסערטרעגער איז געקומען פֿאַר אים און האָט זיך טיף פֿאַרבויגן און האָט צו אים געזאָגט:

— זײַ געבענטשט, וואָס דו קומסט אין נאָמען פֿון גאָט!

און דער רבי האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— זײַ געבענטשט אין נאָמען פֿון גאָט!

און הלל האָט אים געהאָלפֿן אויפֿשטײַגן אויפֿן לייטער אין זײַן חדר אַרײַן, נאָר אַליין איז ער נישט אַרײַנגעקומען אין זײַן שטוב, נאָר איז מיט אונדז אין דרויסן געבליבן שטיין אָפּצוואַרטן די זאַך, וואָרעם עס איז געווען אַזוי דער אָנזאָג פֿון רבין: ער וויל דעם סדר נאָר מיט זײַנע תּלמידים אַליין ביחידות אָפּריכטן. און קיינער האָט זיך נישט געפֿונען אין דער מעלה פֿון הלל, נאָר דער רבי מיט זײַנע תּלמידים.

און עס איז געווען, ווען דער רבי איז אויפֿגעגאַנגען אויף דעם לייטער אין דער מעלה פֿון הלל מסדר צו זײַן דעם סדר של פּסח, האָט זיך דערהערט דאָס בלאָזן פֿון די זילבערנע טראָמפּייטן פֿון די כּהנים פֿון בית־מקדש־מויער, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז די ערשטע אשמורה פֿון דער נאַכט הויבט זיך אָן.

ערשט דערנאָך, ווען דער רבי איז פֿאַרשוואונדן אין דער מעלה אַרײַן, האָבן מיר, רופֿוס און איך, צוריק באַקומען אונדזער לשון. און רופֿוס האָט זיך אָנגערופֿן צו מיר:

— נישט אַנדערש, נאָר אַ מלאך פֿון הימל איז אַראָפּגעקומען צו טאָן זײַן עבֿודה. אַזוי האָט דער רבי אויסגעזען, ווען ער איז צו דער מויער אָנגעקומען.

און איך האָב אים געענטפֿערט:

— האָסט רעכט, מײַן פֿרײַנד. מיר האָבן די זכיה געהאַט צו זען אַ מלאך מן השמים פּנים אל פּנים. לאָמיר שטיין אויף דער וואַך און אָפּהיטן די זאַך, ווי אונדזער רבי האָט אונדז באַפֿוילן. אפֿשר וועלן מיר די זכיה האָבן אויך עדות צו זײַן פֿון גרויסע זאַכן, וואָס גאָט וועט מיט אים טאָן די נאַכט.

און רופֿוס האָט מיך געפֿרעגט:

— וואָס מיינסטו, די גרויסע זאַכן?

— אפֿשר האָט דאָך יהודה רעכט? הײַנט נאָך וועלן מיר זײַן עדות, ווי דער נבֿיא וועט פֿאַרלענדן די פֿײַנד פֿון ישׂראל מיטן הויך פֿון זײַן מויל.

— און די הימלען וועלן זיך שפּאַלטן. און די חיילות פֿון הימל וועלן קומען צואײַלן אים צו הילף.

— און די גאַנצע פּמליא של מעלה וועט זיך צונויפֿקומען אין הימל; די אָבֿות מיט די אמהות, די נבֿיאים, און משה, און ירמיהו.

— די גאולה איז נאָענט!

— יוחנן, זע... זע, יוחנן! — רופֿט מײַן ברודער רופֿוס אויס פּלוצלינג.

און איך זע, ווי ער טרייסלט זיך אין גאַנצן פֿון שרעק.

— וואָס איז, רופֿוס, מײַן ברודער?

— דו זעסט דאָס ליכט פֿון הימל? עס איז דאָס ליכט פֿון בראשית, דאָס ליכט, וואָס איז מיט גאָט באַהאַלטן אין די הימלען. זע, דאָס ליכט האָט זיך אָנגעצונדן.

עס איז באמת געווען ווי אַ נײַ ליכט, וואָס קיינער קען נאָך נישט, איז געפֿאַלן פֿון הימל. די לבֿנה איז אַרויסגעשוואומען. זי איז שוין געווען אין גאַנצן מלא, און פֿאַר איר ברייטקייט און הערלעכקייט זײַנען די שטערן פֿאַרטונקלט געוואָרן. זי איז איינע אַליין געקומען אַרויסצושווימען פֿון אַ קנויל רויכערדיקע, בלויע, פֿאַרטונקענע, מיט ווײַסן אָפּגעזוימטע, שוימענדיקע וואָלקנס. דער הימל איז געווען בלוי־העל. הינטער אים האָבן געמוזט ברענען הימלישע זונען, וועלכע זײַנען פֿאַרהילט געוואָרן דורך דעם לעבעדיק־וויברירנדיקן, בלויען הימל־קערפּער. עס גייען אַדורך זײַנע שפּאַרן־ריסן דורכזיכטיקע שיטערע פֿעלדער און באַלײַכטן די וועלט מיט אַ נײַעם, אומבאַקאַנטן שײַן. דער הימל־שײַן איז געפֿאַלן אויף די אַלטע שטיינער פֿון דער דוד־שלמה־מויער. און עס איז געווען, ווי די מויער וואָלט באַקליידט געווען פּלוצלינג מיט זילבערנע מעילים, מיט הילעס און קליידער, ווי די בגדי־מלכות פֿון דוד און שלמה וואָלטן אַרויסגעהאַנגען געוואָרן איבער איר. און פֿון די בגדי־מלכות האָבן אָנגעהויבן פּנימער אַרויסצוקוקן, ווײַסע פּאַטריאַרכאַלישע בערד, הימל־אויגן צו גלאַנצן, און רופֿוס האָט אויסגערופֿן אין שרעק:

— איך זע פנימער. די אבות קומען אן אין זילבערנע הילעס געהילט אויף קעמלען צו רײַטן. טײַערע שטאפן גלאנצן אראפ פון די קעמלען. זייערע פנימער לײַכטן. איך זע בערד... איך זע... איך זע.

— וואו?

און איך האב געטומען זײַן האנט. און זײַן האנט האט געגליט פאר ווארעמקייט.

— דארט, איבער די ווענט פון דער מויער. זעסטו נישט, ווי די זילבערנע קליידער זייערע פלאטערן אין דעם לבנה־ליכט?

— דאס איז דער שײַן פון דער לבנה, וואס פאלט אויף די אלטע שטיינער. דאס פנים פון דער אלטער מויער באדט זיך אין לבנה־וואסערן.

— ניין, עס זײַנען די אבות, וואס קומען אן צו רײַטן אויף קעמלען פון דער מערת־המכפלה, וואס איז אין חברון, וואו זיי רוען אין זייער רו. דאס זײַנען די נביאים, די מלאכים, די פארגאנגענע דורות, וועלכע זײַנען אוועקגעגאנגען און האבן געווארט אויף תחית־המתים. איצט קומען זיך אלע צוזאמען.

— דו חלומסט, רופוס, הער אויף, הער אויף. עס איז נאכט און די לבנה שײַנט.

אין דעם מאמענט האבן מיר דערהערט א קול, וואס איז געקומען אראפצוני־דערן פון דער טעראסע, אויף וועלכער עס האבן זיך שוין געלויכטן די אייל־לאמפן. און דאס קול איז געווען דין און שטארק און האט בדחילא ורחימא, מיט גרויס כוונה מקדש געווען דעם יום־טוב.

— דער רבי מאכט קידוש איבער א כוס ווײַן, — איז צוגעקומען צו אונדז הלל, וועלכער איז געשטאנען אין אנדערן ווינקל פון דער וואנט, און האט אונדז אויפ־געוועקט פון אונדזער חלום.

— יא, דער רבי איז מקדש דעם יום־טוב.

און מיר האבן אפגעענטפערט אויף די ברכות: „אמן!"

איך ווייס נישט, וואס עס איז אויבן אויף דער טעראסע פארגעקומען צווישן דעם רבין און זײַנע תלמידים. קיינער, קיינער איז נישט אויבן געווען, קיינער נישט פון די פרויען, וואס האבן אים באגלייט. קיינער, אחוץ ער און די תלמידים. שפעטער, אין א צווײַט ארום, האט מען זיך פארשיידנס געזאגט. די תלמידים האבן פארציילט, אז ער האט זיי דארט אויבן בײַ דעם סדר איבערגעגעבן די העכסטע רשותים און האט מיט זיי כורת־ברית געווען אויף א נײַעם ברית. אז זיי האבן כורת געווען דורך זײַן בלוט און פלייש, — דאס האב איך שפעטער גע־הערט דורך מײַן פרײַנד רופוסעס מויל, ווען ער איז שפעטער אליין ארײַנגע־טראטן אין דעם נײַעם ברית: דער רבי זאל דארט אויבן, בײַ דעם סדר של פסח, זיי האבן מגלה געווען סוד־סודות און פארויסגעזאגט אלץ, וואס עס וועט זיך טרעפן מיט אים די טעג, וואס איך האב נישט קיין רשות און קיין רעכט דאס אנצורירן, ווײַל, איך געהער נישט צו זיי. נאר בשעת מיר זײַנען געשטאנען אויבן, בײַ דער מויער, און הלל איז אויך געווען מיט אונדז, האבן מיר נאר געהערט דעם קידוש. שפעטער האבן מיר אויך געהערט קאפיטלעך תהילים זינגען און הלל זאגן, ווי בײַ יעדן יידישן סדר. נאך שפעטער, נאך דעם ווי מיר זײַנען אפגעשטאנען א לאנגע ווײַל, האבן מיר דערזען פלוצלינג, ווי עס קריכט ווער אראפ דורך דעם לייי־טערל פון הללס וואוינונג. ווען מיר זײַנען צוגעקומען נענטער, האבן מיר געזען יהודהן, ווי ער קומט אראפ, א וואקלדיקער, אן אײַנגעהויקערטער, א פארקניפטער,

אָן אײַנגעקאָרטשעטער, און רעדט צו זיך אַליין ווערטער, ווי ער וואָלט באַזעסן געווען פֿון אַ שלעכטן גײַסט. אַז מיר זײַנען צוגעקומען נענטער צו אים, האָט ער אונדז אָנגעקוקט מיט זײַנע רויטע, אויסגעמאַטערטע, אָנגעצונדענע אויגן, אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אונדז נישט דערקענט:

— האָ, ווער זענט איר?

— מיר זײַנען תּלמידים פֿון אונדזער רבין נקדימון, און ער האָט אונדז געשיקט דיך אויפֿצוזוכן און צו לאָזן זאָגן, אַז ער האָט מורא פֿאַר דײַן נשמה און דו באַדאַרפֿסט האָבן סיעתא דשמיא, הילף פֿון הימל.

אָבער יהודה האָט אונדז אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אונדז נישט געווען פֿאַרשטאַנען, ווי ער וואָלט נישט געווען געהערט אונדזערע ווערטער, און ער האָט גערעדט ווײַטער צו זיך, איבערזאָגנדיק נאָכאַנאַנד:

— דאָס, וואָס דו זאָלסט טאָן, טו געשווינד... דאָס, וואָס דו זאָלסט טאָן, טו געשווינד...

און יהודה האָט גענומען דעם עק פֿון זײַן מאַנטל און פֿאַרדעקט מיט אים זײַן קאָפּ און זײַן שטערן ביז טיף אין די אויגן אַרײַן. און ער האָט אַוועקגעשפּרײַזט באַזונדער. און מיר האָבן געזען, ווי אַ געדיכטער שאָטן האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון דער מויער־וואַנט און באַגלייט יהודהן איבער די שטיינער פֿון גאַס. און ווי ער, אַזוי האָט אויך זײַן שאָטן געהאַט דעם עק פֿון זײַן מאַנטל אַריבערגעצויגן איבער זײַן קאָפּ, איבער זײַן שטערן, און דערגרייכט ביז איבער זײַנע אויגן. און דער שאָטן איז געגאַנגען אײַנגעבויגן און אײַנגעהויקערט נאָך יהודהן און אויך געהאַלטן אין איין מורמלען פֿאַר זיך ווי אַ באַזעסענער:

— דאָס, וואָס דו זאָלסט טאָן, טו געשווינד...

און יהודה און דער שאָטן זײַנען פֿאַרשוואונדן אין אַ שמאָלן גאַס־קאָרידאָר.

# 21

אין אַ ווײַל אַרום זײַנען אויך דער רבי און זײַנע תּלמידים אַרונטערגעקומען איבערן לייטערל פֿון הללס טעראַסע. און דער רבי האָט געטראָגן זײַן ווײַס קלייד, און דאָס שוויס־טוך, וואָס יוסף רמתי האָט אים געשיקט אַ מתּנה פֿאַר יום־טובֿ, איז געווען אין זײַן האַנט, און ער האָט זיך דערמיט דעם שוויס פֿון זײַן פּנים געווישט, וואָרעם דער רבי איז דורך די פּאָר שעה, וואָס ער איז געווען אויבן מיט זײַנע תּלמידים, געוועזן ווי איינער, וואָס האָט זײַנע כּוחות פֿון זיך אַרויסגעגעבן, און זײַן פּנים איז אין ליכט פֿון דער נאַכט טונקעלער געווען און מידער ווי פֿריִער. און ער איז געגאַנגען נישט אַזוי ווי מיר האָבן אים געזען פֿריִער, ווי אַ פֿײַערדיקער זײַל, נאָר זײַן קאָפּ איז געווען אַראָפּגעבויגן אויף זײַנע אַקסלען, און ער האָט זיך אָנגעלענט אויף זײַן תּלמיד יעקבֿ, וואָרעם עס האָט אויסגעזען, אַז דער רבי פֿון נצרת האָט אין דער עבֿודה בײַם סדר של פּסח פֿיל חיות פֿון זיך געגעבן.

די תּלמידים זײַנען געגאַנגען הינטער אים. און זיי זײַנען געווען שווערלעך פֿון ווײַן און פֿון פֿלייש. דער שלאָף איז געפֿאַלן אויף זיי און זיי האָבן זיך אונטער־

געמונטערט מיט זינגען אָפּגעריסענע פּסוקים פֿון תּהילים. און דער רבי איז געגאַנגען ווי אַן איינזאַמער, אַ פֿאַרלאָזענער, צווישן זײַנע תּלמידים, און זײַנע קרעכצן האָבן פֿאַרזיכט זײַן גאַנג. און מיר זײַנען געווען פֿאַרוואונדערט און נישט געוואוסט, וואָס דאָס אַלץ באַדײַט, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי טרויעריק און פֿאַרוואָס ער פֿילט זיך פֿאַראײנזאַמט, אַליין. און דער רבי האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ די הײַזלעך, וואָס ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען, וואָרעם פֿיל לײַט האָבן, ווי דער רבי, געהאַט געשאָכטן הײַנט אין אָוונט, זײַנען זיי איצט געזעסן בײַ די סדרים און האָבן געגעסן דעם קרבן־פּסח. דורך די פֿענצטער־לעכער און דורך די אָפֿענע טירן האָבן אַרויסגעשײַנט די אָנגעצונדענע לאָמפּן, און דער הלל־געזאַנג האָט אַרויס־געקלונגען אין די גאַסן אַרויס. האָט דער רבי זיך אָפּגעשטעלט בײַ די הײַזלעך, האָט אַרײַנגעקוקט דורך די לעכער און געזען ווי די משפּחות זיצן צוזאַמען בײַ די סדרים און זײַנען זיך משׂמח מיט זייער גאָט. איז זײַן געמיט אויפֿגעלייגט גע־וואָרן, און ער האָט דאָ און דאָרט אויפֿגעהויבן זײַן האַנט און געבענטשט די מסובין דורך די אָפֿענע טירן.

און דער גאַנצער נחל קדרון האָט געפֿינקלט מיט אָנגעצונדענע לעמפּלעך פֿון אַלע הײַזלעך און געצעלטן אַרויס. און עס האָט אויסגעזען ווי ישׂראל האָט ווידער צוריקגעקערט צו זײַן גאָט, און איז געקומען פֿון אַלע עקן וועלט און האָט אויפֿגעשלאָגן זײַנע געצעלטן אַרום דעם באַרג ציון. און דער רבי האָט אויפֿגע־הויבן זײַנע הענט און אויסגערופֿן:

— מה טובו אוהליך יעקב ומשכּנותיך ישׂראל!

און ער האָט געבענטשט די געצעלטן פֿון די אָרעמע.

און ער האָט אָנגעטראָפֿן אויף אַ גרופּע קינדער, וואָס זײַנען מיט געלעכטער אַרויסגעקומען פֿון אַ געצעלט אַרויס, וואָרעם די גאַסן אין עמק קדרון זײַנען געווען באַלעבעט צוליב דעם סדר, וואָס טייל פֿון די לײַט האָבן שוין געהאַט אָפּ־געריכט. און ווי דער רבי האָט די קינדער געזען, איז ער אַרײַנגעגאַנגען צווישן זיי. איינעם האָט ער געגלעט איבערן קעפּל, דעם צווייטן האָט ער אויפֿגעהויבן און צוגענומען צו זײַן האַרץ, און אויף אַ דריטן האָט ער די הענט אַרויפֿגעלייגט און געבענטשט. און אַזוי האָט ער געשפּרייט מיט ברכות איבער דעם גאַנצן וועג, וואָס ער איז געגאַנגען פֿאַרבײַ די געצעלטן פֿון די אָרעמעלײַט. און די תּלמידים האָבן נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ער טוט עס, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז דער רבי איז אין אַ שעת־הכּושר, און זיי האָבן זיך געפֿרייט.

און עס איז געווען, ווען זיי זײַנען געקומען צום הר־הזיתים, איז דער רבי נישט אַרויפֿגעגאַנגען אין דער הויך, אין דעם פֿעלזן־דורכגאַנג קיין בית־פּגה, ווי ער פֿלעגט עס אַלע מאָל טאָן אין אָוונט, נאָר ער האָט אָפּגענייגט זײַן וועג צו רעכטס, צו דעם פֿרוכטבאַרן טייל פֿון הר־הזיתים, און ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען די ציפּרעסן־וועלדלעך, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט פֿון די גערטענער פֿון די רײַכע לײַט. אין ליכט פֿון דער לבֿנה זײַנען די ציפּרעסן־ביימער נאָך טונקעלער און שטילער געווען, און זיי האָבן זיך געשאָקלט פֿרום אין ווינט און באַוועגט מיט צניעותדיקער זויבערקייט די גרינע קרוינען אויף זייערע קעפּ. און ווי פֿריִער בײַ די הײַזער, אַזוי האָט דער רבי זיך איצט אָפּגעשטעלט בײַ די גערטענער און אַרײַנגעקוקט

דורך די אָפֿענע שטאַכעטן, און ער האָט מיט זײַן האַנט באַרירט די ביימער, און זײַנע ליפּן האָבן געמורמלט, ווי ער וואָלט זיי געבענטשט.

און עס איז געווען, ווי שמעון בר־יונה וואָלט געווען געוואוסט זײַן געמיט, איז ער צוגעגאַנגען צו זײַן רבין, און ער האָט געוואָלט זײַן רבין שטאַרקן, און ער האָט מיט ליבע באַרירט זײַן קלייד.

און דער רבי האָט זיך אומגעקוקט און געזען שמעונען. און זיי זײַנען דענסט־מאָל געווען פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס הויז פֿון די בני־חנן, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפֿן הר־הזתים. און די אויפֿזעער פֿון כהן־גדול זײַנען געזעסן אין טויער פֿון הויז. און דער רבי האָט זיך אָנגערופֿן צו שמעונען און ער האָט צו אים געזאָגט:

— איר אַלע וועט געשטרויכלט ווערן אין מיר די דאָזיקע נאַכט, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „איך וועל שלאָגן דעם שעפֿער און וועל פֿאַרשפּרייטן די שאָף״.

און ווי שמעון האָט דאָס געהערט, אַזוי האָט ער אויסגעשריען, — און איך האָב געזען בשעת־מעשׂה ווי זײַן גרויסער קאָפּ האָט זיך געלויכטן אין דעם ליכט פֿון דער נאַכט:

— אַלע וועלן געשטרויכלט ווערן, אָבער נישט איך. איך בין באַרייט צו גיין מיט דיר אויך אין דער תּפֿיסה, אַפֿילו צום טויט.

און אויך די אַנדערע תּלמידים, ווען זיי האָבן דערהערט שמעונס רייד, זײַנען זיי, יעדערער פֿון זיי, צוגעלאָפֿן צו זייער רבין און זיי האָבן געזאָגט:

— אויך מיר!

אָבער דער רבי האָט צו אים געזאָגט, און אַ טרויעריקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זײַנע ליפּן:

— שמעון, אָמן זאָג איך דיר: הײַנט בײַנאַכט, איידער דער האָן וועט נאָך קרייען, וועסטו מיך פֿאַרלייקענען דרײַ מאָל!

אָבער שמעון האָט געהאַלטן אין איין קלאַפּן זיך אין האַרץ מיט זײַן פֿויסט און האָט פֿאַרזיכערט דעם רבין:

— איך זאָל אַפֿילו וויסן, אַז איך באַדאַרף געטויט ווערן, וועל איך דיך נישט פֿאַרלייקענען.

און אַזוי האָבן אויך די אַנדערע פֿאַרזיכערט.

מיט פֿאַמעלעכע טריט, ווי צום אויפֿגאַנג צו אַן עבֿודת־הקודש אין בית־המקדש, פֿאַרשלאָסן אין זיך אין טיפֿן ערנסט און טרויער, איז דער רבי אַרײַנגעטראָטן אין דער שמאָלער אַלייע, וואָס האָט געפֿירט צום גאָרטן פֿון די אייל־דריקער. אַ טאָפּלטע ריי שלאַנק־געוואַקסענע, מיט טונקעלע, רוישנדיקע בלעטער־קרוינען באַשווערטע ציפּרעסן־ביימער איז געשטאַנען פֿון ביידע זײַטן אַלייע. דער רבי האָט געטראָטן אויף געדיכטע, בלויע שאָטנס, וואָס די ציפּרעסן־ביימער אין דעם לבֿנה־שײַן האָבן פֿאַרשפּרייט איבער דעם שמאָלן שטעג. הינטער אים, אין אַ געדיכטער, טונקעלער גרופּע צוזאַמענגעדריקט, מיט שטילע טרימעס שעפּטשענדיקע, זײַנען נאָכגעגאַנגען זײַנע תּלמידים. די ציפּרעסן־אַלייע האָט געפֿירט צו אַ געדיכטן צאַם פֿון אַליוון־ביימער, וועלכע האָבן ווי מיט אַ גאַרטל אַרומגעהאַלטן דעם אייל־גאָרטן. אין דעם בלוילעכן לבֿנה־ליכט האָבן די אַליוון־ביימער אָנגענומען אַן אומבאַקאַנטן, פֿרעמדאַרטיקן זילבער־קאָליר, פֿאַרוועבט מיסטיש דעם אַרײַנגאַנג

אין גאָרטן, און זייער האַרצברעכנדיקער צוויַיגן־געוועב האָט געגעבן דעם איַינ־דרוק פֿון אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל אין געבעט.

און ווען דער רבי האָט באַטראַכטן דעם גאָרטן פֿון גת־שמן, האָט פֿון דער וויַיטנס זיך געהערט אַן אויסגייענדיקער עכאָ פֿון דעם טרומפּייטן־שאַל, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם בית־מקדש־הויף. דאָס האָבן די כּהנים צוואַויסן געגעבן, אַז די צווייטע נאַכט־אַשמורה הויבט זיך אָן און די וואַכן וועקסלען זיך אויף דער בית־מקדש־מויער.

דערפֿאַר אָבער, ווען מיר זיַינען אַריַינגעקומען אין גאָרטן פֿון גת־שמן, האָט דאָ געוווימלט מיט לעבן. עס איז געווען ווי דער רעגן פֿון לבֿנה־שטראַלן, וואָס האָט זיך געגאָסן מיט פֿולע צעבערס פֿון הימל אַרונטער, האָט אונטערגעשמיסן דאָס געבליִ, און מען איז געווען אַן עדות פֿון דעם סוד פֿון שאַפֿן אין דער נאַכט אין דעם גאָרטן פֿון גת־שמן. אַ דיקע דופּטיקייט האָט זיך געגאָסן, ווי שטאַרקער וויַין, דורך די פּאָרעס אין די קערפּערס אַריַין, — פֿאַרצערט דאָס בלוט און גע־דריקט מיט שווערע געוויכטן די דעקלעך איבער די אויגן. אַזוי ווי די תּלמידים האָבן נאָר דערפֿילט דאָס ווייכע גראָז אונטער זיך, אַזוי נאָר ווי פּערפֿום פֿון די אָפֿענע בלוטיקע געבליטן האָט, ווי וויַירעך, זייערע חושים פֿאַררויכערט, זיַינען זיי באַלד אַוועקגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף. נישט נאָר די תּלמידים, וואָס זיַינען געזעסן אין דרויסן, נאָר אַפֿילו שמעון, יעקבֿ און יוחנן, וועלכע זיַינען געווען מיטן רבין אינעווייניק, אין גאָרטן, און האָבן געוואַכט ביַים אַריַינגאַנג, האָבן שווער געקעמפֿט מיטן שלאָף, וואָרעם אַלץ, וואָס עס איז געווען דאָ, איז געווען דער היפּוך פֿון טויט, וועלכער האָט אַזוי לאַנג געדריקט דעם רבינס האַרץ, דער היפּוך פֿון שרעק און אומרו. ווען עס איז געווען אַן אומרו, איז עס געווען די אומרו פֿון שאַפֿן: באַוועגונג פֿון לעבן; אַ זשומען פֿון אינסעקטן, וועלכע האָבן, געוועקט פֿון דעם אייביקן ליכט, זיך אייפֿעריק געראַיעט ביַי די בלומען אין דעם שלומער־דיקן, ליכט פֿאַרשלייערטן גאָרטן. אַ שפּיל פֿון פֿאַרב און ליכט איז אָנגעפֿירט געוואָרן צווישן די לבֿנה־שטראַלן און דער טונקל־גרינער דיקקייט פֿון די גע־וויקסן און בלומען. אַ געוועב פֿון שאָטן, נאַכט און צוויַיגן־גרין האָט געגומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט אַן אויסגוס פֿון לבֿנה־שטראַלן און זיי נישט געלאָזט אַדורכגיין, און עס האָבן זיך שוין געוועבט ליכט און גרינס אין איין קנויל און אַרויסגעזונגען מיט פֿאַרכאַפּנדיקע וואוילגערוכן דאָס געזאַנג פֿון באַשאַף.

אין דעם געזאַנג פֿון לעבן האָט דער רבי זיך אָנגערופֿן צו שמעון, יעקבֿ און יוחנן מיט אַ קול, וואָס האָט פֿאַראַטן מורא און אַנגסט:

— מיַין געמיט איז טרויעריק ביז צום טויט. בליַיבט דאָ און וואַרט.

און ער האָט זיך דערוויַיטערט און איז אַריַינגעגאַנגען ביז צו די געדיכטע בליטן. אין דער מיט פֿון דעם סודותדיקן פּראָצעס פֿון שאַפֿן האָט געקניט דער רבי פֿון נצרת. מיר האָבן אים געזען, ווי ער האָט זיַין פּנים איַינגעגורעט צווישן די גרע־זער און די פֿלאַנצן. ער האָט זיי באַרירט מיט זיַינע ליפּן, מיט זיַין מויל. ער האָט אויסגעשטרעקט זיַינע אָרעמס אין די וויַיסע אַרבל, און עס איז געווען ווי ער וואָלט געוואָלט די גאַנצע וועלט אַרומנעמען, דעם גאַנצן באַשאַף צודריקן צו זיַין ברוסט; עס איז געווען ווי ער וואָלט געוואָלט זיך קלאַמערן אין לעבן. אַזוי האָט ער דאָרט געוויַילט אַ וויַיל.

מײַן חבר רופוס, וואָס האָט געוואָגט מיט שטילע טריט צו דערנענטערן זיך צו אים, האָט געהערט ווי ער האָט געבעטן: „פֿאָטער אין הימל, האָב רחמנות אויף דײַן באַשאַף, נעם אים אין דײַן רחמים אויף. ווי שיין איז דײַן וועלט, ווי גרויס זײַנען דײַנע מעשים, גאָט! זע, אַלץ בליט און גייט אין לעבן אויף. נאָר איך זאָל גיין אין שאָטן פֿון טויט? ווען עס איז מעגלעך, אַזוי זאָל די שעה פֿון מיר פֿאַרבײַגיין. אבא, אַלץ איז מעגלעך בײַ דיר".

און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז צוגעקומען צו שמעון און יעקבֿ, וואָס מיר זײַנען געשטאַנען לעבן זיי, און ער האָט זיי געפֿונען שלאָפֿן. האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— שמעון, שלאָפֿסטו? האָסטו נישט געקאָנט וואַכן אַ שעה? וואַכט און בעט, אַז איר זאָלט נישט קומען אין קיין שטרויכלונג. דער גײַסט איז וויליק, אָבער דאָס פֿלייש איז שוואַך.

און ער האָט זיך דערווײַטערט, און ער איז ווידער געפֿאַלן אויף דער ערד און ער האָט געבעטן:

„אבא, אבא! זיי זײַנען דאָס פֿעלד, אין וועלכן איך האָב פֿאַרזייט מײַן זאָמען. זיי זײַנען מײַן אַקער, וואָס זאָל טראָגן מײַנע תּבֿואות. ווען דאָס פֿעלד וועט פֿאַרניכטעט ווערן, וואָס וועט אויס מײַן אַקער ווערן? מײַן זאָמען וועט פֿאַרלוירן גיין. אבא, אבא, דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך האָב. אין זיי האָב איך אײַנגעפֿלאַנצט מײַן וואָרט. היט מײַן פֿלאַנץ. זע, פֿאָטער אין הימל, מײַן לעבן זאָל נישט האָבן געוועזן אומזיסט און מײַן מי זאָל נישט פֿאַרלוירן גיין".

און ער האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן און איז ווידער געקומען אָנצוגיין צו שמעון און יוחנן. און ער האָט געפֿונען: שמעון האָט געהאַט אָנגעלענט זײַן שווערן קאָפּ אויף יוחננס שטאַרקער ברוסט, און זײַן ברודער יעקבֿ האָט געהאַט זײַן קאָפּ אויף יוחננס שויס, און אַלע דרײַ זײַנען זיי געשלאָפֿן געשמאַק, אײַנגעשיכּורט פֿון דער שטאַרקער דופּטיקייט, וואָס די געבליטן האָבן אַרויסגעגעבן. ישוע האָט זיך אָנגערופֿן:

— שמעון, שמעון, איך האָב געבעטן פֿאַר דיר, אַז דײַן אמונה זאָל נישט פֿאַרלענדט ווערן. אַז דו וועסט תּשובֿה טאָן, שטאַרק דײַנע ברידער.

און שמעון האָט זיך אָנגערופֿן, — און זײַנע אויגן זײַנען געוועזן פֿאַרטריקנט פֿון שלאָף:

— רבי, רבי, אַז איך זאָל אַפֿילו וויסן צו גיין מיט דיר אין תּפֿיסה, אין טויט אַפֿילו... און ער איז ווידער געפֿאַלן אין שלאָף.

און דער רבי האָט זיך ווידער דערווײַטערט פֿון זיי. און ער האָט זיך ווידער געוואָרפֿן אויף דער ערד. אַ לאַנגע ווײַלע האָבן מיר געהערט ווי ער איז מתפּלל בלחש. דערנאָך האָט זיך געהערט זײַן קול, ווי ער זאָגט מיט גרויס צער די פּסוקים פֿון הלל:

„עס האָבן מיך אַרומגערינגלט די ווייטאָקן פֿון טויט. די ענגשאַפֿט פֿון דער גרובֿ האָט מיך דערגרייכט, צרות און טרויער. גאָטס נאָמען טו איך רופֿן. איך בעט דיך, גאָט: ראַטעווע מײַן נשמה. אבא, אבא, נעם אַוועק דעם כּוס פֿון מיר. דאָך — נישט ווי איך וויל, נײַערט ווי דו ווילסט". און נאָך אַ מינוט שווײַגן האָט

ער אויסגערופן מיט אַ שטאַרק קול: — „וגם כי אלך בגי צלמות לא אירא רע, כי אתה עמדי!"

און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעקומען אַ דריטן מאָל צו שמעון, יוחנן און יעקבֿ. און ער האָט זיי ווידער געפונען פאַרשלומערט. זייערע אויגן זײַנען שווער געווען. האָט ער צו זיי געזאָגט:

— שלאָפט ווײַטער, רוט אײַך אָפּ. עס איז גענוג. די שעה איז געקומען!

און מיר האָבן אים אָנגעקוקט. און מיר האָבן געזען, פאַר אונדז שטייט נישט קיין מלאך פון הימל, ווי מיר האָבן אים געזען, ווען ער איז אָנגעקומען צום סדר, נאָר אַ געוויינלעכער בשׂר־ודם. דער שרעק פון טויט האָט געקוקט פון זײַנע אויגן אַרויס. זײַן פּנים איז, אין דער באַלײַכטונג פון דער לבֿנה, בלוי־אַשיק געווען. ער האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, און גרויסע טראָפּנס שוויס האָבן גע־רונען פון זײַנע האָר, פון זײַן באָרד, פון זײַן לײַב, ווי טראָפּנס בלוט אויף דער ערד.

און ווי מיר האָבן אים געזען אַזוי שטיין, מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ, איז רופוס געפאַלן אויף מײַן האַלדז, און טרערן האָבן געפינקלט אין זײַנע אויגן, און ער האָט געשעפּטשעט:

— איז דאָס דער מלאך מן השמים, וואָס מיר האָבן געזען פריִער גיין צום סדר? איז דאָס דער נבֿיא פון נצרת, וואָס די ישועה און די גאולה זאָל קומען פון אים? זע, ער ציטערט און אַנגסטן גיסן זיך פון אים.

— איך האָב געהערט אָנומלט אין בית־עינה, ווי יהודה האָט מגלה געווען פאַר שמעון הקנאי דעם סוד פון בן־אדם: כּדי דער בן־אדם זאָל פילן, באַגרייפן און פאַרשטיין די אַלע, וואָס ער קומט אויסלייזן, האָט גאָט אַרײַנגעגעבן אין דעם בן־אדם די נאַטור פון יעדן בשׂר־ודם. ער גלוסט נאָכן לעבן, פילט די ווייטאָגן פון צער און ווערט באַפאַלן פון דעם פּחד פאַרן טויט אין אַ פיל גרעסערער מאָס, ווי יעדער אַנדער בשׂר־ודם.

— אָבער פאַרוואָס שרעקט ער זיך אַזוי? ער ווייסט דאָך, אַז גאָט איז מיט אים. ער האָט דאָך די רשותים און וועט זיי מנצח זײַן.

— אָבער בשעת די אַנגסטן פון שרעק באַפאַלן אים, פירט ער זיך אויף ווי יעדער בשׂר־ודם.

— פאַרוואָס שרעקט ער זיך?

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס. עפּעס זעט ער, וואָס מיר זעען נישט, עפּעס, וואָס עס וועט געשען.

— וואָס וועט געשען? זאָג מיר, זאָג מיר, וואָס וועט געשען?

— איך ווייס נישט, איך ווייס נישט. הער... הער... הער...

פון דער ווײַטנס האָט זיך געהערט אַן עכאָ פון פוסטריט, ווי דאָס רוישן פון אַ וואַסער, וואָס דערנענטערט זיך. צוערשט איז עס געווען ווי פון איבער בערג און טאָלן, נאָר וואָס אַמאָל מער האָבן די טריט זיך שטאַרקער געהערט. אַ קלינגען פון געווער, אַ באַוועגונג פון אַ מאַסע. עס דערנענטערט זיך, דערנענטערט זיך. מיר זײַנען אַן אָטעם שטיין געבליבן און האָבן אויסגעוואַרט.

— די שעה איז געקומען! דער בן־אדם ווערט אויסגעליפערט! שטייט אויף, לאמיר גיין. עס איז נאענט דער, וואס טוט מיך פאראטן! — האט דער רבי אויסגערופן.

אין א מינוט איז שמעון געווען אויף זיינע פיס. ער האט אפגעטרייסלט פון זיך דעם שלאף מיט א שטארקער באוועגונג פון קאפ. אויך יוחנן און יעקב האבן זיך אויפגעכאפט. זיי האבן ארומגערינגלט דעם רבין. אין שמעונס האנט האבן א בליץ געגעבן א חלף און א שווערד.

אויך פון דרויסן האבן אנגעהויבן די אנדערע תלמידים אריינצולויפן. נאך מיט פארשלאפענע אויגן, אויפגעריסן זיך מיט כוח. זיי האבן געמוזט איבעראשט ווערן פון די אנקומער, ווארעם באלד נאך זיי האט א שימער געגעבן מיט פייער פון שטורקאצן, פנימער זיינען באליכטן געווארן, פנימער מיט בערד און אן בערד. שטאל־באקליידטע פאנצערס האבן א בליץ געטאן, שווערדן האבן א קלונג געגעבן. און פארויס פון זיי גייט יהודה. ער הינקט אונטער אויף איין פוס, יהודה. גייט הינקענדיק, געשווינד, ווי ער וואלט זיך געאיילט, זוכט מיט זיינע רויט־פארלאפענע אויגן ווען צווישן די תלמידים, ווארפט מיטן קאפ. דער שווארצער מעיל שלעפט זיך אים נאך. ענדלעך דערזעט ער דעם רבין. ער גייט באלד צו צו אים מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס און רופט:

— רבי! רבי!

ער פאלט אויף ישוען און קושט אים.

אבער די גאנצע מאסע, באקליידט מיט שטעקנס און שווערדן, די פאנצערס פינקלענדיק אין אפשיין פון די פאקעלן און לאמפן, שטייט פון דער ווייטנס אפגערוקט, ווי עס וואלט זי באפאלן דער שרעק פון גאט, און וואגט נישט קיין שריט צו טאן צום רבין. בחינם קוקט זיך יהודה אום פון דעם רבין, וואס ער האט געקושט, צו די לייט, וואס זיינען געקומען הינטער אים. זיי שטייען אפגערוקט, מיט אפגעלאזענע הענט, ווי זיי וואלטן שלאבעריק געווארן. איך האב געזען דעם טריאומף־בליק אין יהודהס אויגן בשעת־מעשה. זיין פנים האט אויפגעפלאמט, און אזוי אויך די פנימער פון די אנדערע תלמידים. און די הערצער האבן אנגעהויבן הויך צו קלאפן אין דערווארטונג, זיך געווארפן צאפלדיק פון טויט־אנגסט צו דער העכסטער האפענונג: זיי וואגן נישט!

און דער רבי האט זיך אנגערופן מיט א שטארק קול, — ער האט שוין צוריק זיין גאנצע קראפט געוואונען:

— וועמען זוכט איר?

און שטימעס האבן אים אפגעענטפערט:

— ישוע פון נצרת!

— איך בין דאס! — האט דער רבי אוסגערופן.

אונדזערע הערצער זיינען שטיין געבליבן — אין דערווארטונג. וואס וועט איצט זיין? וועלן זיי וואגן א האנט צו לייגן אויף אים אדער נישט? ניין, זיי וואגן נישט, ווי א מעכטיקע האנט פון גאט וואלט זיך אויף זיי געלייגט, ווי יעדן איינעם פון זיי וואלט א מלאך מיט פייערדיקע שטריק געבונדן און געלייגט צו דעם רבינס פיס. ווי א שטורעם פון גאט וואלט זיי צוריקגעבלאזן, האט די גאנצע מאסע באוואפנטע זיך געגעבן א וואקל אויף צוריק פון די ערטער.

דער טריאומף־געשריי האָט געברענט אין אונדזערע קעלן, אָבער מיר האָבן פּאַר פּחד נישט געוואָגט דאָס מויל אויפצועפענען. נאָך אַ מינוט — און די הימלען וועלן זיך שפּאַלטן. שוין הערן מיר די רעדער פון די חיילות פון הימל דערנענטערן זיך.

— וועמען זוכט איר? האָט דער רבי נאָך אַמאָל געפרעגט.

— ישוע פון נצרת, — האָט זיך שוין געהערט אַ שוואַכערע שטימע פון דער זײַט פון די באַוואָפנטע.

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז איך בין דאָס!

און איינער פון די באַוואָפנטע האָט געוואָגט אַ טריט נענטער צו טרעטן. אָבער באַלד האָט אַ חלף פון אַ שווערד אַ בליץ געגעבן, — אַ געשריי פון ווייטאָק, — און ווידער אַ פאַל צוריק פון די לײַט.

— אַ קנעכט פון כהן־גדול איז פאַרוואונדעט געוואָרן.

— שמעון, שטעק דײַן שווערד אַרײַן אין דער שייד. די, וואָס נעמען אַ שווערד אין האַנט, וועלן אַליין פאַרלוירן גיין דורך דער שווערד.

און דער רבי איז צוגעגאַנגען צו דעם פאַרוואונדעטן מאַן, האָט גענומען דאָס שוויס־טוך, וואָס יוסף רמתי האָט אים געשיקט, האָט אָפּגעריסן אַ שטיק דערפון און פאַרבונדן דעם כהן־גדולס קנעכט זײַן אָפּגעהאַקטן אויער.

בשעת דער רבי איז געווען פאַרנומען מיט היילן דעם אויער פון דעם כהן־גדולס קנעכט, האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער באַוואָפנטער מאַסע דער עלצטער איבער טויזנט, אַ רוימישער הגמון, וועלכער האָט אָנגעפירט די באַוואָפנטע לײַט. ער האָט ביז איצט זיך געהאַלטן פון דער ווײַטנס, ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז די קנעכט פון כהן־גדול זאָלן דעם רבין פעסטנעמען. אַז ער האָט אָבער געזען, אַז די ייִדן שרעקן זיך פאַרן רבין און וואָגן נישט צוצוטרעטן צו אים, איז ער אַרויסגעטראָטן. אַ רעגן פון לבנה־שטראַלן האָט געגעבן אַ גאָס איבער זײַן פּאַנצער. איך האָב געזען זײַן פּנים, זײַן דינע, לאַנגע אָדלער־נאָז, זײַנע גרויע, גזלנישע, קאַלטע אויגן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן זײַן קורצע און ברייטע שווערד, בשעת ער האָט זײַן שטאַרקן, נאַקעטן אָרעם געלייגט אויף דעם רבינס אַקסל:

— וואָס שרעקט איר זיך פאַר אים? דו ביסט מײַן מאַן!

מיר האָבן געמיינט, אַז דעם הויפּטמאַנס אָרעם וועט פאַרברענט ווערן, ווי ער וועט זיך נאָר אָנרירן אין דעם רבינס קלייד. מיר האָבן געמיינט, אַז אין רגע — און דער הויפּטמאַן וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַש, אין שטויב. און אַזוי האָבן אויך געמיינט די לײַט, וואָס זײַנען געקומען מיט אים דעם רבין פעסטצונעמען. אויף אונדזערע ליפּן איז שוין גרייט געווען דער אויסגעשריי פון ישועה און פרייד. עס האָט אָבער געדויערט אַ ווײַל — און דער הויפּטמאַן איז נישט פאַרברענט געוואָרן. די ערד האָט זיך נישט געעפנט אונטער אים און ער איז נישט אײַנגעזונקען געוואָרן, נאָר אַנשטאָט דעם, האַלט ער דעם רבין שוין פעסט מיט זײַן אָרעם, און זײַנע לײַט מיט שווערדן און שטעקנס זײַנען שוין אַרום דעם רבין.

— אוי, וויי!

נאָר אָט עפנט דער רבי אויף זײַן מויל:

— וואָס זענט איר אַרויסגעקומען ווי אָנטקעגן אַ רויבער מיט שווערדן און שטעקנס מיך צו נעמען. איך בין טעגלעך געווען מיט אײַך אין בית־המקדש און

איך האָב געלערנט, און איר האָט מיך נישט גענומען. נישט אַנדערש נאָר סײַדן די שריפֿט מוז מקוים ווערן.

אָבער זיי האָבן אים שוין נישט געלאָזט לענגער רעדן.

— פֿאַרן כהן־גדול וועסטו זיך שוין אויסטענהן.

און שוין וואַרפֿט ווער אַ שטריק איבער דעם רבינס הענט.

— אוי, ווי איז צו אונדז!

און איין מינוט — און די לײַט, וועלכע זײַנען געווען מיטן רבין, אַלע זײַנע תּלמידים, אַלע, אַלע, וואָס זײַנען געווען מיט אים, זײַנען זיך צעלאָפֿן אויף אַלע פֿיר ווינטן, יעדער איינער צו ראַטעווען זײַן אייגן לעבן. אַלע האָבן אים פֿאַרלאָזן, אַלע: שמעון בר־יונה, און יוחנן, און יעקבֿ, און שמעון קנאי, און אַנדרעי, און פֿיליפּוס, — אַלע, אַלע זײַנען זיי אַנטלאָפֿן און האָבן געלאָזט דעם רבין אין שונאס הענט.

דער רבי איז געשטאַנען. ער האָט שוין געלאָזט טאָן מיט זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט טאָן מיט אים. זיי האָבן אַרונטערגעדרייט זײַנע הענט און פֿאַר־בונדן זיי מיט שטריק, — און ער האָט געשוויגן. אויף איין אויגנבליק האָט ער געגעבן אַ קרום אויס זײַן ליפּ אין צער, אָבער באַלד זי פֿאַרשנירט. ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף די לײַט, וואָס נעמען אים געבונדן, מיט אַ טיפֿן רחמנות. מען האָט נישט געוואוסט, צי דער רחמנות איז געווען אַ טרויערן אויף זיך, צי אויף די, וועלכע נעמען אים געבונדן.

באַלד האָבן מיר אים געזען, ווי זיי פֿירן אים. ער איז געגאַנגען צווישן זיי, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד. זײַן ווײַס קלייד האָט אַרויס־געשײַנט צווישן די רוימישע זעלנער, באַגאָסן אײַנגאַנצן מיט לבֿנה־ליכט, און דיזעלבע טרויעריקע מנוחה, וואָס איז געלעגן אויף זײַן פּנים, האָט אַראָפּגעשײַנט פֿון זײַן מעיל.

און דענסטמאָל האָב איך באַמערקט, ווי שמעון בר־יונה גייט זיך צוריק פֿון דעם פֿעלד, וואָס איז געווען אַרום דעם גאָרטן, און גייט נאָך פֿון דער ווײַטנס די וואָס האָבן געפֿירט זײַן רבין אין שטאָט אַרײַן צום כהן־גדול.

רופֿוס און איך זײַנען געשווינד אין שטאָט געלאָפֿן אָנצוזאָגן אונדזער רבין, וואָס עס איז געשען.

# 22

אַ שטימע האָט זיך אָנגערופֿן:

— יוחנן, דו דערקענסט נישט דעם הגמון?

איך האָב זיך אומגעקוקט און איך האָב געזען פֿאַר מיר דאָס פּנים, וואָס איך האָב דעמאָלט געזען, — די לאַנגע, דינע, איידל־געשניצטע אָדלער־נאָז, נאָר דאָס מויל האָט אַרויסגעקוקט פֿון אַ פּנים, וואָס איז געווען שוין אײַנגעפֿאַלן. באַצויגן מיט אַ געפֿל, האָבן די אויגן שוואַך געקוקט אויף מיר. און אָנשטאָט דעם שטאַרקן, מעכטיקן האַלדז, וואָס האָט דענסטמאָל, אַ נאַקעטער, זיך אַרויסגעצויגן פֿון דער

שטאָל־באַשלאָגענער שילד, האָט זיך איצט אַרויסגעריסן אַ הויכער אײַנגעשרום־פּענער האַלדז ווי די הויט פֿון אַ גאַנז, וואָס מען האָט אויסגעפּליקט פֿון איר די פֿעדערן. איך האָב זיך געפֿילט ווי איינער, וואָס איז פֿון די וואָלקנס אויף דער ערד אַרונטערגעפֿאַלן, ווארעם איך האָב מיט אַמאָל זיך צוריקגעפֿונען אין וואַרשע, אין דער טרויעריק פֿאַרטונקעלטער שטוב פֿון פאַן וויאַדאַמסקי.

איך האָב פֿאַרגעסן צו פֿאַרציילן, אַז נאָך דעם ווי דער פאַן האָט דורך זײַן כּישוף־זכרון אויך אויפֿגעוועקט אין מיר מײַן פֿאַרגאַנגען לעבן און פֿאַרטראָגן מיך אין דער אַנדערער וועלט, האָבן מיר, דער פאַן און איך, געהאַט אָפּגעמאַכט צווישן אונדז, אַז איך זאָל אויפֿוועקן אין מיר מײַנע זכרונות וועגן יענער וועלט־געשעעניש און זיי פֿאַרשרײַבן, כּדי מיר זאָלן איינער דעם אַנדערן ממלא־זײַן אונדזערע דערפֿאַרונגען און אונדזערע איבערלעבענישן פֿון יענער צײַט. מיר האָבן שוין דענסטמאָל געהאַט באַשטימט, אַז מיר זאָלן אונדזערע זכרונות גע־מיינזאַם אין איין ספֿר פֿאַרעפֿנטלעכן, כּדי צו געבן דער הײַנטיקער וועלט אַ בליק פֿון יענער צײַט. איך פֿלעג צוליב דעם בײַטאָג בײַ מיר אין דער היים זיצן און ברענגען אויפֿן פּאַפּיר אַלץ, וואָס פֿלעגט צוריקקומען אין מײַן זכרון פֿון יענער צײַט. און אין אָוונט, שפּעט אין אָוונט, ווען דער פאַן האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט זײַנע הײַנטוועלטיקע געשעפֿטן און מענטשן, פֿלעג איך קומען צו אים און פֿאַרלייענען פֿאַר אים. די גאַנצע צײַט האָט ער אויסגעהערט מײַנע אי־בערלעבענישן און מיך נישט איבערגעריסן, קיין באַמערקונג נישט געמאַכט, און ווען איך בין צוגעקומען צו דעם עפּיזאָד פֿון גת־שמן, האָט מיך דער פאַן אונ־טערגעבראָכן מיט דער אויבנגעשטעלטער פֿראַגע.

יאָ, איך האָב אים דערקענט. דאָס זעלבע פּנים, דער זעלבער מענטש. נאָר אין די כוואַליעדיקע וועלן פֿון דעם ים קנייטשן אויף זײַן פּנים האָבן זיך באַהאַלטן איבערלעבענישן, — ביטערקייט, פֿרייד, נקמה, לײַדנשאַפֿטן, — פֿון צענדליקער פֿאַרגאַנגענע דורות; און אויף דער פּערזאָן פֿון דעם פאַן, האָט זיך מיר געדאַכט, הענגט דאָס געוויכט פֿון טויזנטער יאָרן.

— יאָ, איך דערקען דיך איצט, עלצטער איבער טויזנט.

— נישט עלצטער איבער טויזנט, נאָר הגמון פֿון ירושלים.

— הגמון פֿון ירושלים איז געווען פּאָנטיוס פּילאַטוס.

— נישט פֿון ירושלים. פּאָנטיוס פּילאַטוס איז געווען הגמון איבער מדינת־יהודה. איך, דער עלצטער איבער טויזנט, בין געווען הגמון פֿון ירושלים.

— ביסטו דער זעלבער, וואָס האָט דענסטמאָל דער ערשטער פֿעסטגעלייגט זײַן אָרעם אויף דעם רבין פֿון נצרת, אין גאָרטן פֿון גת־שמן, אין יענער ליכטיקער לבֿנה־נאַכט?

— איך בין דער זעלבער. דער, וואָס האָט דער ערשטער געלייגט די האַנט אויף דעם רבין אײַערן נאָך דעם ווי די ייִדעלעך פֿון כּהן־גדול האָבן מורא גע־האָט זיך צוצורירן צו אים, אַז ער זאָל זיי נישט פֿאַרברענען.

— און דו ביסט געווען דער, וואָס האָט דעם רבין אָפּגעפֿירט אין הויף פֿון כּהן־גדול חנן נאָך דעם ווי מיר אַלע זײַנען אַנטלאָפֿן?

— יאָ, נאָך דעם ווי איר אַלע זענט אַנטלאָפֿן, האָב איך אים אָפּגעפֿירט צום כּהן־גדול.

— און דו ביסט געווען בײַם פֿאַרהער אין הויף פֿון כהן־גדול חנן?

— איך בין געווען.

— איך בין ערשט געווען שפּעטער בײַ דער זיצונג פֿון דעם סנהדרין, אין דעם הויז פֿון דעם כהן־גדול כיפֿא, אין ירושלים, באַגלייטנדיק מײַן רבין צו דער ישיבֿה. ווילסטו נישט פֿאַרציילן, וואָס עס איז דאָרט פֿאָרגעקומען בײַ דעם ערשטן פֿאַרהער אין הויף פֿון חנן? און נאָך צוויי פֿראַגעס וואָלט איך דיר געוואָלט שטעלן, און איך וואָלט דיך געבעטן, הגמון, אַז דו זאָלסט זיי מיר קלאָר מאַכן, אויב דו קאָנסט, וואָרעם די גאַנצע וועלט וואונדערט זיך איבער זיי. ערשטנס, די פֿראַגע, וואָס דער רבי פֿון נצרת האָט דיר געשטעלט, ווען דו האָסט אים פֿעסטגענומען: פֿאַרוואָס האָט איר געלאָזט דעם רבין דרשנען אין בית־מקדש־הויף, און איר האָט נישט געוואַגט אים אָנצורירן? פֿאַרוואָס האָט איר אַזוי לאַנג געוואַרט מיט זײַן פֿעסטנעמען? און ווי אַזוי איז צו אײַך געקומען דער תּלמיד פֿון דעם רבין, — יהודה?

„איך קאָן דיר זייער לײַכט ענטפֿערן אויף די פֿראַגעס. אײַערע ייִדעלעך האָבן פּשוט מורא געהאַט זיך אָנצורירן אין אים. נישט איר, נאָר איך האָב גענוג גרונט צו גלויבן, אַז דער כהן־גדול און אַפֿילו דער כיטרער אַלטער חנן זײַנען געווען איבערגעצײַגט, אַז ער איז אײַער מלך־משיח, אַ פֿײַערדיקער מלאך, פֿון הימל געשיקט. און נישט נאָר פֿריִער, איידער מיר האָבן אים נאָך פֿעסטגענומען, האָב איך געהאַט מיט זיי צו טאָן וועגן דעם, נאָר אַפֿילו שפּעטער שוין, אין הויף פֿון חנן, ווען מיר האָבן אים געבראַכט אַ געבונדענעם, האָבן זיי מורא געהאַט צו דערנענטערן זיך צו אים.

„איך האָב וועגן דעם ענין פֿעסטצונעמען אים געהאַט מיט זיי, מיט די כהנים־גדולים, צו טאָן באַלד דערנאָך ווי איר האָט אים פּראָקלאַמירט פֿאַרן ייִדישן מלך און איר האָט אים אַרײַנגעפֿירט קיין ירושלים. איר האָט אַזוי חוצפּהדיק זיך אויפֿגעפֿירט. איר האָט געמיינט, אַז דער מלך־משיח וועט אײַך באַלד מאַכן פֿאַר די הערשער פֿון דער וועלט. איר האָט פֿאַרכאַפּט די גאַנצע אויבערשטע שטאָט מיט אײַער צוג. איר געדענקט דעם צוזאַמענשטויס מיט אונדזערע מעכטיקע פֿירער? דער פּראָקוראַטאָר האָט דאָס אַטלעטישע געוועט, וואָס איז דענסטמאָל פֿאָרגעקומען אין ירושלים צווישן די קינדער פֿון חנן און פֿעניצישע געסט, גע־וואָלט באַערן מיט זײַן אָנוועזן. ער האָט געשיקט נאָך מיר און מיך געפֿרעגט, אויב די גאַסן פֿון ירושלים זײַנען זיכער און ער קאָן וואַגן צו ציִען אין זײַן טראָג־שטול אין טעאַטער אַרײַן. איך האָב געטראָגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער זיכערקייט פֿון די ירושלימער גאַסן. איך האָב גענומען פֿאַר אים דאָס אַחריות.

„איך האָב באַגלייט פּילאַטוסן אין טעאַטער אַרײַן. ווען מיר זײַנען אַרויס־געגאַנגען פֿון דער הורדוס־גאַס, וואו עס געפֿינען זיך די הורדוס־טורמעס, האָבן מיר דערזען פֿון דער ווײַטנס אָנקומען אײַער צוג. אײַער ליאַרעמען, אײַערע גע־שרייען, אײַער פּאַטשן אין די הענט און אײַער פֿאָכן מיט די ריטער האָבן אונדז באַאומרואיקט. פּילאַטוס איז בלייך געוואָרן. ער האָט געשיקט נאָך מיר, אַז איך זאָל זיך דערנענטערן צו זײַן טראָג־שטול, און געפֿרעגט מיך, וואָס איז דאָס? איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז עס איז גאָרנישט, אַז קיין געפֿאַר דראָט נישט, אַז דאָס פֿירן די ייִדן זייערן אַ רבין אין בית־מקדש אַרויף. און פֿון זיכערקייט וועגן האָב

איך געגעבן אַ באַפעל די פאַרויסגייענדיקע אויסרופער און אָרדענונג־היטער צו פאַרטרײַבן אײַער צוג אין דער ענגער סיקטוס־גאַס אַרײַן. ווען אײַער רבי וואָלט אײַך נישט פריִער געווען אָפּגעפירט דורך דעם זײַטן־וועג צו דער סיקטוס־בריק, וואָלט אײַער פריילעכער אויפצוג זיך געווען פאַרענדיקט אין אַ קלאָגעדיקער לוויה. אונדזערע לעגיאָנערן האָבן שוין געהאַט געצויגן די שווערדן פון די שיידן. דאָס, וואָס אײַער רבי האָט אָפּגערייניקט דעם ברייטן מאַרק פאַר אונדזערע טראָג־שטולן, האָט אײַך געראַטעוועט. און ווען פילאַטוס האָט פון זײַן טראָג־שטול דער־זען אײַער רבין, רײַטנדיק אויף דעם באַקליידטן אייזעלע, האָט ער זיך נישט גע־קאָנט אײַנהאַלטן פון לאַכן. דער גאַנצער הויף האָט מיטגעלאַכט מיט אים. די שיינע קלאַודיאַ, זײַן ווײַב, וואָס האָט דענסטמאָל זיך געפונען מיט אים אין ירושלים און איז געפירט געוואָרן אין צוג, האָט אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג פון איר טראָג־שטול, זיך אויפגעזעצט, אַריבערגעקוקט צו פילאַטוסן און אים צוגע־וואָרפן די רויטע נעלקע, וואָס זי האָט געטראָגן אין אירע האָר. פילאַטוס איז געווען אין גאַנצן אין ספּאַזמעס פון לאַכן: זײַן דיק פּנים איז אָנגעלאָפן געוואָרן מיט בלוט, אַזוי אויך זײַן האַלדז, און זײַן בויך האָט זיך געטרייסלט. דער הויף, כּדי אים צו געפעלן, איז אויך אַרויס אין ספּאַזמישן געלעכטער. דאָס האָט אײַך און אײַער רבין געראַטעוועט. דער גאַנצער צוג אײַערער איז אין אונדזערע אויגן דורך דעם אין אַ פאַרס פאַרוואַנדלט געוואָרן. שפּעטער אָבער, ווען איך האָב גע־צויגן אינפאָרמאַציע און בין געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז דער רבי, וועלכן איר האָט מיט אַזאַ ליאַרעם אויפגעפירט אין בית־מקדש אַרײַן, און וואָס פאַראַ לאָזונ־גען און ווערטער עס זײַנען דאָס געוואָרפן געוואָרן, — האָט עס בײַ מיר שוין גאָרנישט אויסגעזען ווי אַ פאַרס. דער רבי פון נצרת איז גאָרנישט אַזאַ אומשולדיק לעמעלע, אַז ער זאָל זיך לאָזן פירן אויף אַן אייזעלע. דאָס האָט עפּעס אַ באַדײַטונג. איך האָב דערווײַל די זאַך און דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דעם צוג פאַרשוויגן פאַר פילאַטוסן. דערפאַר האָב איך פרי דעם אָונט זיך אײַנגעשטעלט אין כּהן־גדולס הויז און האָב פון דעם אַלטן חנן, — אַן אים איז קיין זאַך נישט געטאָן געוואָרן אין ירושלים, — דורכאויס פאַרלאַנגט, ער זאָל לאָזן גלײַך אויפן שטעל פעסטנעמען דעם גלילער אויפרודערער.

„— דאָס שמעקט מיט רעוואָלט, מיט אויפשטאַנד. האָט איר געהערט די לאָ־זונגען, וועלכע זײַנען געוואָרפן געוואָרן אין דעם צוג? ער איז דער געזאַלבטער פון גאָט. זיי האָבן אים פּראָקלאַמירט פאַר דעם קעניג פון דודס הויז. זיי האָבן אים פּראָקלאַמירט פאַר מלך.

„אָבער דער כּהן־גדול, וועלכער איז געווען דערבײַ, האָט פלעגמאַטיש אָפּגע־ענטפערט:

„— אונדזערע ייִדן פּראָקלאַמירן אַן עין־הרע יעדעס יאָר אַ נײַעם מלך־משיח, און דערפון איז נאָך רוימס מלכות נישט געפאַלן און דעם קייסערס גדולה איז נישט קלענער געוואָרן. זאָלן זיי האָבן זייער שפּאַס.

„— אַזעלכע שפּאַסן אין די אומרואיקע צײַטן, ווען אַזוי פיל גלילער געפינען זיך אין שטאָט, זײַנען זייער געפערלעך. איך פאַרלאַנג, דער סגן זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל צו דער וואַך — אים גלײַך פעסטצונעמען, ווען ער וועט זיך נאָר באַ־

וויַזן אין בית־מקדש, אין יעדן פֿאַל, פֿון זיכערקייט וועגן אים פֿעסטצוהאַלטן איבער דעם יום־טוב.

„— טאַקע איבער זיכערקייט־מאָסן באַדאַרפֿן מיר אים לאָזן לויפֿן איבער יום־טוב. דער מאַן איז צופֿיל פּאָפּולער בײַ די אָרעמע מאַסן אין דעם אונטערשטן טייל פֿון שטאָט, און די גליִלער זײַנען שטאַלץ אויף זייער לאַנדסמאַן. זײַן פֿעסט־נעמען אין בית־מקדש־הויף קאָן אַרויסרופֿן אַן אויפֿרודערונג צווישן די מאַסן. נאָך יום־טוב, ווען די עולי־רגלניקעס וועלן אָפּציִען, וועלן מיר מיט אים זיך אָפּרעכענען, — האָט געזאָגט דעם כהן־גדולס שוואָגער, דער יינגסטער חנן בן־חנן, וועלכער איז געווען, ווי איר ווייסט, דער געשייטעסטער און דער פּראַקטישסטער פֿון זיי אַלע, און ווען אַפֿילו ער איז געווען דער יינגסטער, איז ער שטענדיק גע־ווען פֿון די ראשי־המדברים.

„— דער מאַן איז נישט געפֿערלעך, דער מאַן איז אונדז נוצלעך. — האָט זיך אָנגערופֿן דער עלטסטער זון אליעזר, — ער באַזאָגט דאָס פֿאָלק מיט זײַנע שיינע מעשׂיות און ער רעדט זיי נישט אָן צו קיין שלעכטס. פֿאַרקערט, ער הייסט זיי באַצאָלן מיט טובֿות פֿאַר רשעות, הייסט זיי טראָגן דעם עול פֿון לעבן באַהבֿה. די איינציקע זאַך, וואָס ער באַצאָלט זיי דערפֿאַר, איז מיט אַ שטר־חובֿ אויף יענער וועלט, מיט אַ חלק אין מלכות־שמים, מיט תּחית־המתים. מיר זאָגן נישט גוט דעם שטר־חובֿ. זיי וועלן אים פֿאָדערן פֿון זײַן האַנט, ווען ער וועט זיי נישט באַצאָלן. דערווײַל האַלט ער זיי רואיק אין שפּאַן. וועמ עס איז פֿאַר אונדז געפֿערלעך, דאָס איז בר־אבא, וועלכער פֿירט זײַן גרויס מויל קעגן די כהנים־גדולים, קעגן מלכות. אים באַדאַרף מען פֿעסטנעמען.

„— איך בין מסכּים מיט מײַן ברודער, — האָט זיך אָנגערופֿן דער סגן פֿון דעם יאָר און געפּוצט זיך בשעת מעשׂה די באָרד.

„דערויף איז אַרײַנגעקומען דער אַלטער אליין. אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿאַר אים. און ווען ער האָט געהערט, אין וואָס עס האַנדלט זיך און וואָס איך פֿאַרלאַנג, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמישן געלעכטער, ווי פּילאַטוס, איבער דעם אייזעלע.

„— אָ, הגמון, מיר האָבן יעדעס יאָר צו דער צײַט אַ משיח אויף אַן אייזעלע, — האָט דער אַלטער חנן געזאָגט, — אַז איר ווילט מאַכן אַ משיח, נעמט אים פֿעסט. אַזוי לאַנג ווי איר לאָזט די לײַט אויף דער פֿרײַ, קאָנען זיי קיין משיחים נישט ווערן, מעגן זיי זיך די העלדזער אויסשרײַען און די לײַט צוזאָגן די זון מיט די שטערן. ער איז פֿאַר אונדז נישט געפֿערלעך. פֿאַרקערט, ער דינט נאָר אונדזער זאַך. וועמ עס איז פֿאַר אונדז געפֿערלעך, איז דער בר־אבא! מיר באַ־דאַרפֿן פֿון אים פּטור ווערן, איידער ער האָט צײַט דעם ערשטן אויפֿרודער אַרויס־צורופֿן. מײַנע לײַט זײַנען הינטער אים.

„און ווידער האָבן זיי מיך אַזוי אײַנגעשטילט, ווי תּמיד, און געמאַכט צו קליינגעלט דעם רבין פֿון נצרת.

„אָבער צומאָרגנס, ווען זיי האָבן דערהערט, וואָס דער רבי האָט געמאַכט מיט זייערע קראָמען אין בית־מקדש, ווי ער האָט פֿאַרטריבן די טויבן־הענדלער, אומגעוואָרפֿן די טישן פֿון די געלט־וועקסלער, וועגן דעם שאָדן, וואָס ער האָט געבראַכט צו זייער פּרעסטיזש, — קוים נאָר האָט ער אָנגערירט זייער הויט,

האָבן זיי שוין גאַנץ אַנדערש גערעדט. זיי האָבן געברענט קעגן אים. עס האָט זיי באַזונדער געקרענקט דער שאָדן, וואָס ער האָט זיי געבראַכט, וואָס ער האָט אונטערגעגראָבן זייער פּרעסטיזש בײַם פֿאָלק, וואָס ער האָט אויף זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן געמאַכט אויס דעם בית־מקדש אַ הייל פֿון רויבער. און נאָך מער פֿון דעם האָט זיי געקרענקט, וואָס זײַנע ווערטער האָבן אַזוי אויסגענומען בײַם פֿאָלק, וואָס דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט אים צוגעיובלט, און וואָס די פּרושים, זייערע פֿײַנט, האָבן אָנגעקוואָלן פֿון זײַנע ווערטער, געהאַט זייער נקמה אין די כּהנים. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער מאַן וועט מיט זײַן טאַט די גאַנצע אינסטיטוציע פֿון בית־מקדש אונטערגראָבן. און זיי האָבן געזוכט עצות קעגן אים. אָבער מערקווירדיק, דער מאַן איז דורך זײַן טאַט צוגלײַך אויך געהויבן געוואָרן אין זייערע אויגן. זיי האָבן אים שוין נישט באַטראַכט פֿאַר אַן אומשולדיק לעמעלע, האָבן אויפֿגעהערט שפּאַס צו טרײַבן איבער אים. עס האָט זיך דערפֿילט אַ טיפֿע אַכטונג צום מאַן, אָדער פֿיל מער, אַ גרויסע מורא פֿאַר אים. יאָ, זיי האָבן זיך געשראָקן פֿאַר אים. איך קאָן מיר באין־אופֿן נישט דערקלערן, וואָס איז דאָס געווען אין דער פּערזענלעכקייט פֿון דעם מאַן, וואָס האָט אָנגעיאָגט אַזאַ מורא צו זיך. אַפֿילו צווישן די גרעסטע זייערע, די כּהנים־גדולים, אַז זיי האָבן גערעדט וועגן אים, האָבן זיי שוין גערעדט מיט נידעריקע שטימעס, באַזאָרגטע, ערנסטע, פֿאַרטראַכטע, ווי נישט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער, אומבאַדײַטיקער גלילער איז אויפֿגעשטאַנען קעגן זיי, נאָר עפּעס אַ גרויסע, אומגעהערטע מאַכט, אַ מיסטישע מאַכט. איך האָב אורזאַכן אָנצונעמען, אַז זיי האָבן זיך מער געשראָקן פֿאַר דעם מאַן ווי אַפֿילו פֿאַר אונדזער מלכות. אַלע, אַלע, אַפֿילו דער ייִנגערער חנן. איך קאָן זיך עס נאָר דערקלערן מיט זייער אַזיאַטישער נאַטור, וועלכע האָט אַפֿילו בײַ די רעאַליסטישע קעפּ זייערע געמאָלט פֿאַנטאַסטישע בילדער. אַפֿילו די שטאַרקסטע כאַראַקטערן זייערע זײַנען געפּלאָגט געוואָרן פֿון געוויסן, געשמיסן געוואָרן פֿון חרטה־געפֿילן, דערוואַרט, אַז עפּעס אומנאַטירלעכס זאָל געשען, וואָס מיר, רוימער, ווייסן און קענען דאָס נישט. זיי האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז דער מאַן איז פֿון גאָט געשיקט, אַז ער באַזיצט אומבאַגרענעצטע מאַכט צו טאָן זאַכן. ער פֿירט אויס וועמעס געבאָטן, — און דאָס, וואָס ער טוט און רעדט, טוט ער עס און רעדט אין דעם נאָמען פֿון אַ העכערער מאַכט, וואָס האָט אים געשיקט אין דער וועלט אַרײַן. און עס שטייען הינטער אים הימלישע קרעפֿטן, וואָס ער קאָן, קעגן אַלע נאַטורגעזעצן, אַראָפּכישופֿן פֿון אומבאַקאַנטע וועלטן. אַנישט, אָן דער פֿולמאַכט, וואָס ער האָט באַקומען פֿון זייער גאָט, וואָלט ער זיך קיין מאָל נישט געווען אײַנגעשטעלט צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן אין בית־המקדש. און די ווערטער, וואָס ער האָט געריכטעט קעגן זיי, די ווערטער, וואָס דער גלילער רבי האָט זיי געוואָרפֿן אין פּנים אַרײַן, האָבן זיי מער איבערגעשראָקן, ווי די אַלע לעגיאָנען פֿון רוימישן מלכות. וואָרעם ווי אַנדערש איז צו פֿאַרשטיין זייער מאָדנע אויפֿפֿירונג אין יענעם וואונדערלעכן טאָג, ווען מיר האָבן דערהערט אין דעם פּראָקוראַטאָריום, וואָס עס איז געשען אין בית־מקדש־הויף. (מיינט נישט, אַז די כּהנים־גדולים האָבן אונדז וועגן דעם צו וויסן געגעבן, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן. ניין, מיר האָבן צופֿעליק וועגן דעם זיך דערוואוסט. זיי, אַפּנים, האָבן געוואָלט פֿון אונדז די זאַך אויסבאַהאַלטן).

„איך בין דענסטמאָל געשיקט געוואָרן צום כהן גדול מיט פּילאַטוסעס באַפעל אויסצופֿירן ביידע אויפשטאַנד־העצער, בר־אבאן און דעם נביא פון גליל. מיר האָבן חושד געווען, אַז זיי זיינען ביידע צוזאַמען אין איין קאָמפּלאָט, און מיר האָבן אײַנגעזען, אַז עס וועט נויטיק זיין אַנצונעמען אַליין ענערגישע שריט דעם באַפעל אויסצופֿירן. וואָס איז שייך בר־אבאן, האָבן זיי מיר אים גלייך אַרויסגעגעבן. זיי האָבן מיטגעטיילט פון דער געהיימער אינפאָרמאַציע, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון זייערע קאָנפידענציעלע לויט וועגן דער בײַנאַכטיקער צוזאַמענקונפט פון בר־אבאן אין דער פונדקא פון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער אין דער אַלטער שטאָט. וועגן זיי ווילן נאָר, ווייסן זיי פון אַלץ. וואָס איז אָבער שייך דעם נביא פון נצרת, האָבן זיי געשוויגן. זיי זיינען ווײַס געווען ווי די וואַנט, אַפילו דער כהן־גדול אַליין, וואָס איז געווען אין הויז פון כיפא ביי דער אונטערזוכונג, האָט געפּרואווט אַרויסמאַכן זיך פון צו געבן אַ דירעקטן ענטפער, וואָס זאָל אונדז לאָזן וויסן זיין שטעלונג צום מאַן. ערשטנס, האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז זיי ווייסן באַין אופן נישט, וואו דער מאַן געפינט זיך, וואו ער האַלט זיך אויף, כאָטש עס איז דאָך געווען אַזוי לייכט דאָס אויסצוגעפינען. מען האָט אים דאָך יעדן טאָג אין בית־מקדש־הויף געזען; צווייטנס, האָבן זיי פאַרלאַנגט דורכאויס אויסצומײַדן יעדן צוזאַמענשטויס מיט דעם מאַן אין בית־מקדש־הויף. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר אויפשטאַנדן, פאַר אַן אויסברוך פון די פאַרביטערטע מאַסן, פאַר ראַיאָטן פון זײַנע אַנהענגער. ער איז פאַרהייליקט געוואָרן בײַם פאָלק, דאָס פאָלק האָט גע־גלויבט אין אים. דורך דעם זײַנען זיי דורכאויס באַשטאַנען, אַז מיר זאָלן אָפּלייגן זײַן פעסטנעמונג ביז נאָך יום־טוב, ווען די עולי־רגל־לײַט וועלן האָבן פאַרלאָזט ירושלים, וואָרעם דענסטמאָל וועט עס זײַן ווינציקער געפערלעך.

„— יאָ, און דערווײַל וועט דער פויגל אַרויספליען פון דער שטײַג אין פרײַען פעלד אַרײַן, און גיי זוך אים דערנאָך.

„— וואָס מיינט איר, הגמון, דער פויגל וועט אַרויספליען פון דער שטײַג?

„— ער וועט אַנטלויפן פון ירושלים, אײַער נביא, אײַער משיח.

„— משיחים אַנטלויפן נישט. משיחים פירן אויס זייער מיסיע, אַנישט שטאַרבן זיי, — האָט דער כהן־גדול זיך אָנגערופן און האָט דערבײַ מיר געקוקט אין די אויגן אַרײַן מיט אַ צווײדײַטיקן שמייכל אין זײַנע פינקלדיקע אויגן.

„— וואָס איז דאָס פאַר אַ מיסיע, וואָס איר דערוואַרט פון דעם משיח אײַערן?

— האָב איך געפרעגט דעם כהן־גדול און אים אַדורכגעשפּיזט מיט מײַן פאַרשנ־דיקן בליק.

„זיי האָבן מיר נישט געענטפערט אויף דער פראַגע. זיי האָבן איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט פאַרשטומטע, דערשראָקענע פּנימער. נאָר דער כהן־גדול האָט זיך אָנגערופן:

„— דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן בית־מקדש־הויף, איז אַן אינער־לעכע ייִדיש־רעליגיעזע אַנגעלעגנהייט. עס איז נוגע דער פאַרוואַלטונג פון בית־המקדש און האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן מלכות. אַז מיר וועלן געפינען פאַר נויטיק, וועלן מיר אים פעסטנעמען. און ווען מיר וועלן אים געפינען שולדיק, וועלן מיר אים צושטעלן צו דער רוימישער מאַכט. מיר האָבן דאָך סײַ־ווי־סײַ נישט קיין רעכט אויסצופירן עקזעקוציעס.

„— דאָס איינע, וואָס איז פאָרגעקומען אין בית־מקדש־הויף, איז נישט נאָר אַ פאַרברעכן קעגן דער אינערלעכער בית־מקדש־אָרדענונג, נאָר קעגן דער גאַנצער סיסטעם פון אָרדענונג און אויטאָריטעט אין יהודה. נאָך דעם שאָדן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אײַער פּרעסטיזש, וועט אונדז וואונדערן, וואָס איר נעמט אים אונ־טער אײַער שוץ. דאָס מוז אונדז ברענגען אויפן פאַרדאַכט, אַז איר האָט באַ־זונדערע אורזאַכן דערפאַר. מיר האָבן נישט קיין צײַט און אויך נישט קיין מעגלעכקייט פונאַנדערצוקלײַבן זיך אין אײַערע קאָמפּליצירטע, מיסטישע רע־ליגיעזע ענינים, וואָס ברענגען אײַך אַזוי נאָענט צו דעם מאַן. מיט אונדזער גע־ווינטלעכן, געזונטן רוימישן שׂכל, מוזן מיר זיך זאָגן, אַז ווען די העכסטע בית־מקדש־מאַכט נעמט אונטער איר שוץ אַ מאַן, וואָס האָט שאָדן געבראַכט איר פּרעסטיזש, איז עס נישט אַנדערש, נאָר אַז די העכסטע בית־מקדש־מאַכט האָט אינטערעסן, וואָס פאַרבינדן זי מיט אַן אויפרודערער, אַ צעשטערער פון אָרדע־נונג. די אינטערעסן קאָנען נאָר זײַן צום שאָדן פון רוים און פון דער הערשנדיקער אָרדענונג.

„— הגמון, איר וואָגט צו צווייפלען אין אונדזער לאָיאַליטעט צו רוים?

„— עס איז נישט קיין פראַגע פון צווייפלען אָדער נישט. נאָר עס וועט מוזן זייער פאַרדעכטיק אויסקוקן אַזאַ האַלטונג פון דער העכסטער בית־מקדש־מאַכט צו דעם מאַן — אין די אויגן פון לעגאַטוס און פּראָקוראַטאָר.

„דער כּהן־גדול האָט זיך איבערגעקוקט מיט זײַנע שוואָגערס, מיט זײַן שווער. יעדער טראָפּן בלוט איז אַנטלאָפן פון זײַן געל־געשפּרענקלטער הויט. אַ מינוט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַפילו זײַן שיין־געקרייזלטע באָרד, וואָס ער האָט, קאַנטיק, פריש פריזירט לכּבֿוד יום־טובֿ, איז גרוי און ווײַס געוואָרן. ער האָט זיך געווענדט צו מיר:

„— וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר, הגמון?

„— דער פּראָקוראָר פאַרלאַנגט פון אײַך, ווי פון דער העכסטער אויטאָריטעט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרדענונג אין בית־המקדש, פעסטצונעמען דעם מאַן, וואָס האָט געשטערט די אָרדענונג און אונטערגעגראָבן דעם פּרעסטיזש פון דער בית־מקדש־אויטאָריטעט.

„— איך פאַרזיכער אײַך, אַז מיר וויסן נישט, וואו דער מאַן געפינט זיך, און מיר וועלן אָננעמען שריט דאָס אויסצוגעפינען. און קוים וועלן מיר וויסן, וואו ער געפינט זיך, וועלן מיר עס אײַך צו וויסן לאָזן.

„דאָס מאָל האָט דעם כּהן־גדולס פאַרזיכערונג מיך צופרידנגעשטעלט.

„מיטוואָך האָבן מיר באַקומען די אָנווײַזונגען פון חנן, אַז די בני־אבא קומען זיך צונויף די נאַכט אין דער פונדקא.

„מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דער אינפאָרמאַציע, וואָס מיר האָבן באַקומען פון כּהן־גדול וועגן בר־אבאן. די נאַכט האָבן מיר אַרומגערינגלט די פונדקא פון די אייזל־ און קעמל־טרײַבער. גוט, וואָס מיר האָבן זיי איבערראַשט אין מיטן שלאָף. זיי האָבן אָנגעפירט מיט אונדז אַן ענערגישע שלאַכט. פיל חללים און פאַרוואונ־דעטע זײַנען אַפילו געפאַלן פון זייער זײַט, אַזוי אויך פון אונדזערער, עס איז אָבער געלונגען דעם אָנפירער פון דער באַנדע פעסטצונעמען אַ לעבעדיקן. דער

אַרסענאַל שווערדן, וואָס מיר האָבן געפֿונען אין דער אכסניא, האָט אונדז אי־בערצײַגט, ווי ערנסט עס איז די לאַגע אין ירושלים.

„איצט האָבן מיר געוואַרט צו באַקומען דעם צווייטן אויפֿשטאַנד־העצער, וואָס מיר האָבן אים באַטראַכט פֿאַר דעם מער געפֿערלעכן, וואָרעם מיר האָבן געגלויבט, אַז ער, דער נביא, איז די נשמה פֿון דעם גאַנצן אויפֿשטאַנד, און אַפֿילו דער כהן־גדול איז אַרונטערגעקומען אונטער זײַן כּישוף.

„ווי צעטומלט, ווי אויפֿגערודערט זײַנען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן דער־הערט דעם צווייטן טאָג, אַז דער נביא פֿון נצרת, דער, וואָס האָט אַרויסגערופֿן דעם גערודער אין בית־מקדש־הויף און מוז אַוודאי זײַן דער גײַסטיקער אָנפֿירער פֿון דעם אויפֿשטאַנד, וואָס האָט זיך געפּלאַנט אין ירושלים, האָט זיך דעם טאָג געפֿונען אין בית־מקדש־הויף, און נישט נאָר האָט אים דער כהן־גדול נישט גע־לאָזט פֿעסטנעמען, נאָר ער האָט, ווי מיר האָבן באַקומען געהיימע אינפֿאָרמאַציעס, נאָך געשיקט אייניקע פֿון זײַנע לײַט אויסצופֿרעגן אים, מיט וואָס פֿאַר אַ מאַכט ער טוט די זאַכן. דער נביא האָט געפֿירט לאַנגע דיסקוסיעס מיט זייערע געלערנטע. זיי האָבן עפּעס נישט געקאָנט זיך אויסגלײַכן און דורכקומען צווישן זיך וועגן זייערע מיסטישע שריפֿטן, וועגן די צייכנס, וואָס זיי האָבן פֿאַרלאַנגט פֿון אים צו באַווײַזן זיי, אַז ער איז טאַקע צו זיי פֿון גאָט געשיקט, — און דעמאָלט וואָלטן זיי אים אויפֿן אָרט געוועזן דערקלערט פֿאַר זייער מלך און פֿאַנאַנדערגעוויקלט דעם אויפֿשטאַנד קעגן רוים.

„ווען איך האָב אָפּגעגעבן מײַן ראַפּאָרט פֿאַר פּילאַטוסן וועגן דער צאָל שווערדן און באַוואָפֿנטע, וואָס מיר האָבן געפֿונען אין דער אַכסניא, און וועגן דעם פֿאַר־שווײַגן דעם צווייטן אויפֿשטאַנד־אָנפֿירער, איז דער פּראָקוראַטאָר אַרײַן אין אַ פֿור־ריע. איך זע נאָך פֿאַר זיך פּילאַטוסן בשעת איך האָב אים געהאַט מיטגעטיילט וועגן דעם, אַז דער כהן־גדול האָט נישט געהאַלטן זײַן וואָרט און האָט דעם אויפֿשטאַנד־העצער נישט געלאָזט פֿעסטנעמען, נאָר האָט גאָר געלאָזט פֿירן מיט אים דיסקוסיעס. פּילאַטוס איז געזעסן אין זײַן שטול. זײַן אונטערשטער האַלבער קערפּער איז פֿאַר־שטעלט געווען מיט דעם מאַסיוון בראָנדזענעם טיש, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אים. נאָר זײַן אויבערשטער טייל קערפּער האָט אויך געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי ער וואָלט נישט געווען אויס פֿלייש און בלוט, נאָר געגאָסן פֿון דעם זעלבן בראָנז, וואָס דער טיש פֿאַר אים. זײַן מעכטיקער, גרויסער, פֿירקאַנטיקער, קאָלער קאָפּ, זײַן ברייט פֿליישיק פּנים, זײַן שטאַרקע, פֿונאַנדערגעוויקלטע ברוסט, — אַלץ איז באַשטאַנען אויס איין שטיק, ווי אויסגעהאַמערט אויס איין שטיק אײַזן. קיין האָר נישט פֿון קאָפּ, נישט פֿון די וואָנצעס אָדער באָרד, קיין גליד נישט פֿון זײַן פּנים, נישט די לאַנגע ווענט פֿון זײַנע באַקן, נישט זײַן אַרויסשטאַרצנ־דיקע נאָז, נישט זײַנע דיקע, פֿליישיקע, אַראָפּהענגענדיקע ליפּן, נישט זײַן אַריבער־געפֿאַלענער, פֿעט־פֿאַלנדיקער האַלדז האָבן געשאַפֿן אַ מחיצה, געבילדעט אַ דעטאַל אין זײַן פֿיגור, — אַלץ איז געווען אויסגעהאַמערט אויס איין שטיק. דער מעכטי־קער, קאָלער שײַטל האָט זיך געגלאַנצט, ווי ער וואָלט מיט חלבֿ באַשמירט געווען. מיט אַמאָל איז די גאַנצע פֿיגור אָנגעגאָסן געוואָרן מיט קאָכעדיק, רויט בלוט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ מולך, וועלכן מען האָט אינעווייניק, אין זײַן אויוון־בויך, אונטערגעהייצט, און זײַן אײַזערנע פֿיגור ווערט אָנגעגליט. און אַזוי איז

פילאַטוס אָנגעגליט געוואָרן דורך זײַן בלוט: דער הויכער, וויבערירנדיקער קאַרק איז אָנגעלאָפֿן, ווי אַ מילץ, מיט בלוט און גאַל. די גרויסע אויערן האָבן זיך אויפֿגעשטעלט בײַ אים. די ברעמען, דער אייציקער סימן פֿון האָר, וועלכע זײַנען געהאָנגען אויף די שאַרפֿע קאַנטן פֿון זײַן שטערן־ביין, האָבן זיך אויפֿגעהויבן. זײַנע גרויע, קאַלטע אויגן זײַנען גרויס געוואָרן. זײַן פֿליישיקע אויבערשטע ליפּ האָט אַ ציטער געגעבן. זײַנע גרויסע נאָזדרעס האָבן זיך פֿונאַנדערגעצוקט. און ער האָט געזאָגט מיט אַ ברום פֿון אַ לייב, פֿאַרזשמורנדיק מיטן הייטל זײַן רעכט אויג:

„— פֿאַרלאַנגט פֿון דעם כהן־גדול, ער זאָל גלײַך אויסליפֿערן דעם אויפֿשטאַנד־העצער!

„דאָס מאָל האָב איך אין דעם הויז פֿון כיפֿאַ, אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט, געפֿונען נישט נאָר די כהנים־גדולים, כיפֿאַ, חנן, אליעזר, מיט אַלע זייערע זין, שוואָגערס און ברידער, נאָר אויך אייניקע פֿון זייערע אַלטע און געלערנטע. איך האָב זיי געמוזט איבערראַשן אין מיטן אַ זיצונג. זיי זײַנען אַלע געווען פֿאַרזאָרגט, ערנסט, דערשראָקן און באַאומרואיקט. איך האָב זיי נאָר געזאָגט איין וואָרט:

„— דער לייב האָט אַ ברום געטאָן!

„זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט.

„זייערע פּנימער זײַנען געוואָרן מיט דער וואַנט צוגלײַך. זייערע קערפּערס האָבן אַ צוק געגעבן.

„אַ לאַנגע ווײַלע האָבן זיי געשוויגן. איינער האָט דעם אַנדערן אָנגעקוקט און געשוויגן.

„— מיר ווייסן נישט, וואו ער געפֿינט זיך, — האָט דער כהן־גדול געזאָגט.

„— ער איז נישט געווען ווײַט צו זוכן: ער האָט געפֿירט וויכּוחים אין בית־מקדש־הויף, וואָס אַפֿילו די שליחים פֿון כהן־גדול האָבן זיך באַטייליקט אין זיי.

„— מיר קאָנען אים נישט פֿעסטנעמען אין בית־מקדש־הויף, עס איז צו געפֿערלעך.

„— מיר האָבן אַרײַנגעבראַכט קיין ירושלים גענוג לעגיאָנען צו קאָנען זיך אַן עצה געבן מיט יעדער סיטואַציע. אין צײַט פֿון געפֿאַר ווייס דער כהן־גדול צו ווענדן זיך.

„— דאָס איז טאַקע, וואָס איך וויל פֿאַרמײַדן, אַ צווייטע בלוט־באָד, ווי מיר האָבן געהאַט פֿאַראַיאָרן, ווען דאָס בלוט פֿון די גלילער ייִדן האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם בלוט פֿון זייערע קרבנות. מיר שטייען דאָס יאָר אויך פֿאַר דער געפֿאַר, ווען איך זאָל נאָר מאַכן אַן איבערגעאײַלטן שריט.

„— דאָס יאָר האָב איך מורא, איז די געפֿאַר פֿיל גרעסער. נישט נאָר דאָס בלוט פֿון די גלילער קאָן זיך אויסמישן מיט דעם בלוט פֿון זייערע קרבנות, נאָר אויך דאָס בלוט פֿון די אַנדערע ייִדן, פֿון די גרעסטע ביז צו די קלענסטע. מאָרגן פֿרי זיץ איך בײַם משפּט איבער אים, אָדער איבער זיי, — דאָס זײַנען די ווערטער, וואָס פּילאַטוס האָט מיר געזאָגט.

„זיי זײַנען זיצן געבליבן אָפּהענטיק, אַפֿילו דער מוטיקער כהן־גדול אויך. ער איז בלייך געווען ווי פֿריִער און ער האָט געשוויגן, פֿאַרקלערט.

„— איבער איין מענטשן זאָלן מיר אַלע ליידן, אונדזערע פֿעלדער צוגענומען ווערן! אונדזערע לעבנס פֿאַרלירן! — האָט יעדערער פֿון זיי געקרעכצט.

„נאָר דאָ האָט זיך אָנגערופֿן דער אַלטער חנן, וועלכער האָט געשוויגן די גאַנצע צייט און געלאָזט דעם אַמטלעכן כּהן־גדול פֿירן די אונטערהאַנדלונגען:

„— מיר דינגען זיך איבער דעם פּוקס, איידער מיר האָבן אים געפֿאַנגען. עס איז נישט קיין פֿראַגע פֿון פֿעסטנעמען. מיר וואָלטן אים שוין פֿעסטגענומען, ווען מיר וואָלטן דאָס געקאָנט טאָן דרויסן פֿון די בית־מקדש־טויערן, נישט אַרויס־צורופֿן קיין צו גרויס אויפֿזען. כּדי דאָס אויסצופֿירן, באַדאַרף מען, ערשטנס, אויסגעפֿינען דאָס אָרט, וואו ער האַלט זיך אויף; צווייטנס, — און דאָס איז זייער וויכטיק, — באַדאַרף מען זען פֿעסטצונעמען דעם ריכטיקן מאַן, וואָס מיר ווילן. איך פֿאַרזיכער דעם הגמון, אַז איך האָב אָנגעשטעלט מיינע געניטסטע פֿאַרטרויאונגס־לייט. נאָר זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן ביז היינטיקן טאָג מיר צוצושטעלן די נויטיקע אינפֿאָרמאַציע; נישט געקוקט אויף דעם הויכן פּרייז, וואָס איך האָב פֿאַר דער אינפֿאָרמאַציע באַשטימט. עס זעט אויס, אַז דאָס פֿאָלק גלויבט אין אים און באַהאַלט אים צווישן זיך. כּדי אים אין די הענט צו נעמען, איז ווינציק אויסצוגעפֿינען, וואו ער האַלט זיך אויף. מיר מוזן זיכער זיין, אַז מיר נעמען פֿעסט דעם ריכטיקן מאַן, ווארעם זיינע תּלמידים און זיינע אָנהענגער זיינען גרייט פֿאַר אים אין טויט צו גיין און זיי קאָנען אים פֿאַרוועקסלען מיט אַן אַנדערן, ווען אונדזערע לייט וועלן קומען אים פֿעסטנעמען. מחמת דעם זוך איך איינעם פֿון זיינע אייגענע לייט, וועלכער זאָל גרייט זיין פֿאַר אַ גרויסער סומע געלט, אָדער פֿאַר אַן אַנדער מין פֿאַרגיטיקונג, אונדז אָנצואווייזן אַן אָרט, וואו מען קאָן דעם מאַן פֿעסטנעמען אָן איבריקן אויפֿזען, און אַרויסגעבן אונדז דעם ריכטיקן מאַן. איך האָב ביז איצט דעם פּאַסיקן מענטש נישט געפֿונען, און איך פֿאַרזיכער דעם הגמון, אַז קוים וועל איך נאָר האָבן די ערשטע מעגלעכקייט, וועלן מיר דעם מאַן פֿעסטנעמען און צושטעלן צו דער רוימישער מאַכט צום משפּט.

„איך בין צוריקגעגאַנגען צו פּילאַטוסן און האָב אים אָפּגעגעבן דעם רעפּאָרט. איך האָב אים דערקלערט מיין מיינונג, אַז די ייִדן, און אַפֿילו דער כּהן־גדול אַליין, — האָבן עפּעס געהיימע אורזאַכן דעם אויפֿרודערער אויסצובאַהאַלטן פֿון אונדז.

„— וואָס קאָנען דאָס זיין פֿאַר אַן אורזאַכן? — האָט מיך פּילאַטוס געפֿרעגט.

„— זיי שרייבן אים צו אַ געטלעכע, מיסטישע מאַכט. זיי האַלטן אים פֿאַר דעם משיח, אויף וועלכן זיי וואַרטן אויס.

„— פֿאַר וועמען האַלטן זיי אים?

„— פֿאַר דעם מלך פֿון די ייִדן, וואָס זאָל זיי אויס אונדזערע הענט באַפֿרייען.

„— דער מלך פֿון די ייִדן! דאָס איז גוט! דאָס איז עס! דער מלך פֿון די ייִדן מוז צוגעשטעלט ווערן נאָך פֿאַר דעם יום־טובֿ זייערן, נאָך איידער די זון שיינט אויף אַ צווייט מאָל. דאָס איז דער לעצטער טערמין, וואָס דו זאָלסט זיי געבן. דער כּהן־גדול פּערזענלעך וועט מיר פֿאַראַנטוואָרטלעך זיין דערפֿאַר.

„פֿון דענסטמאָל אָן האָט פּילאַטוס דעם גלילער נישט אַנדערש גערופֿן, נאָר „דער מלך פֿון די ייִדן".

„דאָס מאָל האָב איך זיך געווענדט צום אַלטן חנן. ער איז אַליין מיר אַנטקעגנגעקומען מיט דער גוטער בשׂורה:

„— איך גלויב, — האָט ער געזאָגט, — אַז מיר האָבן באַקומען אַ וואונק, וואו דער נצרתער האַלט זיך אויף, און מיר וועלן אים קאָנען פעסטנעמען אַן יעדן אויגנבליק.

„— ווי אַזוי?

„— אַזאַ מאַן, וואָס איך האָב געזוכט, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן, האָט זיך אויסגעפונען. ער איז איינער פון זיינע תּלמידים.

„— ווי אַזוי האָט איר אים געקראָגן?

„— ער האָט זיך אַליין געמאָלדן. מיר ווייסן נאָך נישט די סיבות, וואָס האָבן אים באַוועגט זיין רבין צו פאַרראַטן, און די מאָטיוון וואָס שטעקן הינטער דעם. איך קאָן נישט אָננעמען, אַז דאָס זאָל ער טאָן פאַר געלט, פאַר דרייסיק זילבער־שטיק. דער מאַן איז איינער פון זיינע וויכטיקסטע תּלמידים, דער היטער פון זיין קופּה, פאַר וועלכער דעם רבינס אָנהענגער געבן זייער באַשטייערונג. ווען עס זאָל זיך נאָר האַנדלען אין געלט, קאָן ער דאָך דורך האַלטן זיך אין זיין רבין מער געלט אָנזאַמלען ווי דורך פאַרראַט. עס מוזן גאָר אַנדערע מאָטיוון זיין הינטער זיין האַנדלונג. מיר קאָנען זיי נאָך נישט אויסגעפינען. מיינע זין פאָרשן אים אויס אין דעם חדר פון דער וואַך. אפשר איז עס גאָר אַ פּאָסטקע, אין וועלכער זיי ווילן אונדז אַריינכאַפּן דורך דעם אָנשטעל? איך קאָן נישט ביי מיר קלאָר מאַכן דעם גאַנצן ענין. מען מוז פאָרזיכטיק זיין.

„איך בין אַריין אין דעם חדר פון דער וואַך, וואָס איז געווען אין טויער פון דעם אינעווייניקסטן הויף. און וועמען האָב איך דאָרט געזען? יהודהן! זיינע אויגן אָנגעצונדן מיט רויטע טרערן־פייערן, ווי ער וואָלט נישט געווען געשלאָפן אַ לאַנגע צייט; זיין פּנים — קרענקלעך, אַשיק־בלוי, אָנגעשוואָלן; שטיקער האָר־קנויטן פליִען אויס זיין פּנים; זיין גאַנצער קערפּער פאַרקניפּט, שלעפּט דעם מעיל איבער זיך. ער קוקט מיט פרעכער אַרויספאָדערונג, מיט אַ טויט־קאַלט אויג דעם זון פון כהן־גדול, דעם סגן, אין פּנים אַריין, בשעת די אַנדערע ברידער און די אויפזעער פון כהן־גדול זיינען אַרום אים.

„— יאָ, — שרייט מיט אַ היציק־הייזעריקער, פאַרכליפּעטער שטים יהודה — פאַר דרייסיק זילבער־שטיק! געפעלט אייך דאָס נישט? איך באַדאַרף האָבן דאָס געלט צו קויפן פאַר אַ זונה אַ זילבערנעם פּאַסעק, וואָס איך האָב איר צוגעזאָגט, ווען זי וועט מיין ווילן טאָן. זי האָט מיך פאַרכישופט מיט איר רייץ און די תּאווה ברענט אין מיר. איך קאָן קיין מנוחה נישט האָבן, ביז וואָנען זי וועט מיין ווילן טאָן. זענט איר גרייט דעם סכום צו געבן, וועל איך אייך אָנווייזן, וואו מיין רבי האַלט זיך אויף. אָנישט, לאָזט מיך גיין. ווייס איך איצט, אַז איר האָט מורא פאַר אים. איר וואָגט נישט צו קומען אין זיין נאָענטקייט. ער וועט אייך פאַרלענדן מיט דעם הויך פון זיין מויל. איר האָט מורא פאַר אים! — האָט יהודה זיי געלאַכט אין פּנים אַריין מיט אַ ציניש־פרעכן, קראַנקן לאַכן, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין טויט אויג און זיינע אָנציינערדיקע יאַסלעס. — איר שרעקט זיך פאַר אים. צוליב דעם ווילט איר עס האַנדלען מיט מיר.

„— דרײַסיק זילבער־שטיק! האָסט נישט געקאָנט פֿון דײַן רבינס קופּה דרײַסיק זילבער־שטיק אַרויסנעמען, און קיינער זאָל נישט וויסן? פֿאַר דרײַסיק זילבער־שטיק ווילסטו דײַן רבין איבערענטפֿערן? עס מוז דאָך עפּעס דערונטער שטעקן, — האָט אים דער סגן געפֿאָרשט.

„— דאָס איז מײַן זאַך. אײַער געלט איז מיר ליבער. איך האָב מײַנע טעמים דערבײַ. איך האָב זיך אָפּגעשטויסן פֿון מײַן רבין. איך וויל צו אַ זונה גיין. איז אײַך דאָס נישט גענוג? ווילט איר מיט מיר מאַכן דעם עסק, איז גוט, אַנישט לאָזט מיך גיין. ווייס איך איצט דעם טעם, — איר האָט מורא צו מײַן רבין זיך צוצורירן, — און יהודה האָט זיך שוין געקליבן צו גיין.

„אָבער דאָ האָב איך זיך אָנגערופֿן:

„— יהודה, בלײַב! אויב זיי וועלן דיר נישט באַצאָלן דײַן פּרײַז, וועלן מיר עס דיר אויסצאָלן. ווען דער כּהן־גדול האָט געהיימע אורזאַכן, וועלכע זײַנען פֿאַר אונדז נישט קלאָר, צו פֿאַרווישן דעם עסק און לאָזן דעם גלילער אַרויס־שלײַכן זיך פֿון די טויערן פֿון ירושלים, וועט ער באַדאַרפֿן אָפּגעבן דין־וחשבון פֿאַר דעם פּראָקוראַטאָר. דער גלילער איז באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכן נישט נאָר קעגן כּהן־גדול און דער בית־מקדש־אָרדענונג, נאָר אויך קעגן רוים. דער פּראָ־קוראַטאָר פֿאַרלאַנגט זײַן אויסליפֿערונג. איידער די נאַכט גייט אויס, מוז ער צוגעשטעלט ווערן פֿאַר דעם טריבונאַל פֿון פּילאַטוס. מאָרגן זיצט ער אויס צום משפּט. יהודה, איך וועל דיך דערמאָנען פֿאַר דעם פּראָקוראַטאָר. דו באַווײַזסט אַ גרויס פֿאַרדינסט פֿאַר רוים. דו ווילסט אונדז אַרויסגעבן איינעם פֿון די גע־פֿערלעכסטע פֿאַרברעכער, אַ צעשטערער פֿון אָרדענונג, אַן אויפֿרודערער פֿון די מאַסן, דו ווילסט דינען אונדזער זאַך, און זיי שטופּן דיך אַוועק. אין דעם מוז עפּעס זײַן.

„די זיך פֿון דעם כּהן־גדול זײַנען בלייך געוואָרן. אין דער טיר האָט זיך באַ־וויזן דער אַלטער חנן.

„— מיר מוזן זיכער זײַן צי יהודה וועט אונדז דעם ריכטיקן מאַן אַרויסגעבן.

„— איך וועל אײַך אים אָנווײַזן.

„— ווי אַזוי?

„— דער, וואָס איך וועל אים קושן בײַ מײַן אַרײַנקומען און רופֿן: רבי! רבי!

„— צאָלט אים אויס דעם פּרײַז, און זאָל ער אונדז אָנווײַזן דעם רבינס אָרט.

„— נישט ווײַט פֿון די חניות פֿון די בני־חנן. אויפֿן הר־הזתים. אין גת־שמן. קומט מיט מיר.

„— אין גת־שמן, אין דער נאָענט פֿון אונדזער הויז אויפֿן הר־הזתים? ברענגט אים צוערשט אין אונדזער הויף אַרײַן, איך וויל אַליין דעם מאַן זען. דערנאָך וועלן מיר וויסן, וואָס צו טאָן מיט אים.

„— נייך, מען באַדאַרף גלײַך פֿאַררופֿן דעם סנהדרין און אים פֿאַרמשפּטן, — רופֿ איך זיך אָן.

„— דאָס איז אוממעגלעך! — שאָקלט מיטן קאָפּ חנן אויף ניין.

„— פֿאַרוואָס?

„— דאָס סנהדרין קאָן נישט פֿאַררופֿן ווערן צו משפּטן אַ מאַן פֿאַר אַ פֿאַר־ברעך, וואָס עס קומט דערפֿאַר מיתה. מיר מוזן וואַרטן ביז מאָרגן פֿרי. און דאָס

וועט אויך זײַן אוממעגלעך, וואָרעם די מערסטע מיטגלידער פֿון דעם סנהדרין וועלן זײַן פֿאַרנומען מיט ברענגען דעם קרבן־פּסח. די פּראָצעדור פֿון דעם משפּט פֿאַרלאַנגט אַ סך פֿאָרמאַליטעטן. מען וועט באַדאַרפֿן אָפּלייגן דעם משפּט ערשט אויף נאָך יום־טובֿ.

„— איך האָב באַפֿעלן פֿון פּילאַטוסן צוזושטעלן דעם גלילער, איידער די נאַכט גייט אויס. מאָרגן פֿרי זיצט פּילאַטוס צום משפּט. מיר מוזן פֿאַר אים פֿאַר־פֿירן בײדע שאָפֿער פֿון אויפֿרוּדער, בר־אבאן און דעם נצרתער.

„— בר־אבא איז באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכן קעגן מלכות. דאָס פֿאַרברעכן פֿון נצרתער איז גאָר פֿון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. עס איז אַ ריין ייִדיש־רעלי־גיעזע אָנגעלעגנהייט. מיר מוזן צוזאַמענרופֿן די מיטגלידער פֿון סנהדרין, צום ווינציקסטן, פֿון קליינעם סנהדרין, — דרײַ און צוואַנציק. עס מוזן, פֿאַרשטייט זיך, אויך זײַן דערבײַ אַ טייל פּרושים. אָן זיי האָבן מיר גאָרנישט געגנוג סנה־דרין־מיטגלידער, וואָס קאָנען אויפֿנעמען אַ משפּט פֿון אַזאַ כאַראַקטער. די פּרושים וועלן זיך געוויס אָפּזאָגן. די גאַנצע פּראָצעדור פֿון אַזאַ משפּט איז זייער אַ קאָמפּליצירטע, פֿאָדערט זייער פֿיל פֿאָרמאַליטעטן. און עס איז, לויט אונ־דזערע געזעצן, אוממעגלעך, הגמון, דעם משפּט אָדורכצופֿירן אויף דער ווײַל, בײַנאַכט, — עס איז אומגעזעצלעך.

„— עס איז איצט נישט די צײַט צום ריידן פֿון פֿאָרמאַליטעטן. איר שפּילט זיך מיט פֿײַער. מאָרגן גאַנץ פֿרי מוז דער נצרתער צוגעשטעלט ווערן פֿאַרן טרי־בונאַל פֿון פּילאַטוס מיט אײַער ווערדיקט, — זײַן אויסדריקלעכער באַפֿעל! און איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט. איך מי זיך אויסצומײַדן אַ בלוט־באָד, און וואָס נאָך ערגער, אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן פֿאַרן כהן־גדול. איר געדענקט דעם גאַנג נאָך צעזאַריאַ, בײַ פּילאַטוסעס אַרײַנטרעטן אין דער מאַכט?

„— איר מיינט, ווען איר האָט אויסגעהאַנגען די טראָפֿייען איבער דער אַנ־טאָניאַ? איך געדענק. — האָט דער אַלטער געזאָגט, און זײַן לאַנגע ווײַסע באָרד האָט אַ ציטער געגעבן.

„— דאָס קאָן זיך איבערחזרן.

„די זין פֿון כהן־גדול, שוויַגנדיקע, זײַנען בלייך געוואָרן. זיי האָבן געקוקט דעם פֿאָטער אין פּנים אַרײַן. דער אַלטער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אײַנגעהאַלטן זײַן רואיקייט.

„— איך וועל איבעררעדן מיטן כהן־גדול, אויב די לאַגע איז אַזוי געפֿערלעך, ווי איר שטעלט זי פֿאָר, הגמון. אפֿשר וועלן אונדזערע געלערנטע געפֿינען אַן אויסוועג. איך ווייס נאָר איינס: די פּרושים וועלן קיין מאָל דערויף נישט אײַנגיין.

„— אויך מיר נישט! — האָט אויסגערופֿן דער עלטסטער זון פֿון כהן־גדול, אליעזר. — געזעץ איז געזעץ!

„— מײַן זון, באַרואיק זיך אין אָנבליק פֿון געפֿאַר, ווען דער חלף ליגט אויפֿן האַלדז, ווען אין קאָן שטייען אַזוי פֿיל לעבנס. איך וועל זיך אָדורכרעדן מיט כהן־גדול. דערווײַל באַדאַרף מען זיך פֿאַרזיכערן מיטן מאַן. סגן, הייס דער וואַך גיין נאָך יהודהן קיין גת־שמן דעם מאַן פֿעסטצונעמען.

„— דעם מאַן פֿעסטצונעמען וועל איך אַליין גיין, — האָב איך זיך אָנגערופֿן.
— דער נצרתער איז אַ געפֿאַנגענער פֿון רוים פּונקט אַזוי ווי פֿון כהן־גדול.

און איך פֿאַרלאָז זיך נישט מער אויף קיינעם. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו דער וואַך פֿון כּהן־גדול. ער קאָן פֿאַר זיי אויפֿשפּילן איינעם פֿון זײַנע כּישוף־וואונדער. זיי וועלן זיך דערשרעקן און אַנטלויפֿן פֿון אים, אָדער אים פֿאַרלאָזן. וואַרט דאָ, יהודה. איך גיי אַריבער אין גאַרניזאָן, אין פּראָקוראַטאָריום. איך וועל אַ גאַנצע קאָהאָרטע רוימישע לעגיאָנערן אַרויספֿירן קיין גת־שמן. מיר ווייסן נישט ,וויפֿל לײַט זיי האָבן דאָרט, באַוואָפֿנטע, צווישן די אויפֿרודערער.

„— זה אישי! זה אישי! דאָס איז מײַן מאַן! ברענגט אויך דעם פּראָקוראַטאָר מיט, און דעם דעלעגאַטוס, און אַלע גרויסע פֿון רוים, אַז זיי זאָלן מײַן רבין פֿעסטנעמען. אַלע שררים ושררות, נעמט זיי אַלע מיט! — האָט יהודה, ווי אַ באַזעסענער, געמאַטשעט צו זיך פֿון זײַן ווינקל אַרויס, שפּילנדיק זיך און קלימפּערנדיק מיט די דרײַסיק זילבער־שטיק, וואָס איינער פֿון דעם כּהן־גדולס באַדינער האָט אים אויסגעצאָלט.

„איך האָב איבערגעלאָזט די כּהנים־גדולים מיט זייערע זין אין גרויס אויפֿרודערונג און דיספּוט. טייל האָבן געזאָגט, אַז מען זאָל נישט נאָכגעבן פּילאַטוסעס ווילן וועגן פֿירן דעם משפּט בײַנאַכט, אַפֿילו נישט אונטער דער געפֿאַר פֿאַרן לעבן. אַנדערע זײַנען געווען אַ ביסל באַדענקלעכער. איך האָב געקאָנט זיך פֿאַרלאָזן אויפֿן אַלטן חנן און אויף זײַן ייִנגסטן זון חנן־בן־חנן. איך האָב געוואוסט, אַז זיי וועלן אַלצדינג אַדורכזעצן, און פּילאַטוסעס באַפֿעל וועט ווערן אויסגעפֿירט.

„איך בין געגאַנגען אין פּראָקוראַטאָריום, האָב גענומען פֿון גאַרניזאָן אַ קאָהאָרטע אַשקלונער און סיריער, אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון גערמאַנער. איך האָב אָנגעטאָן מײַן אוניפֿאָרם, האָב אויפֿגעהאָנגען אויף מײַן פּאַנצער דאָס טאָוועלע פֿון טריבונאַל, און בין אַוועק צום כּהן־גדול. דאָרט, אין הויף, האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז די קנעכט און די משרתים פֿון כּהן־גדול, מיט יהודהן אין דער שפּיץ, באַלאָדן מיט שפּיזן, שטעקנס און שמײַס־ריטער. ווען איך האָב אָבער אָנגעקוקט די כאַליאַסטרע, ווי עס ציטערט אויף זיי די הויט, זייערע דערשראָקענע פּנימער, זייערע געבויגענע קני, אַזוי ווי מען וואָלט זיי געפֿירט צו דער שחיטה, האָב איך ערשט אײַנגעזען, ווי איך האָב געהאַט רעכט נישט צו פֿאַרלאָזן זיך אויף די לײַט און אַרויסצובערענגען מיט מיר אַ גאַנצע קאָהאָרטע. די אויפֿפֿירונג פֿון די משרתים פֿון כּהן־גדול אין גת־שמן, בײַם פֿעסטנעמען דעם נצרתער, האָט מיך איבערצײַגט, ווי נויטיק עס איז געווען מײַן פֿאָרזיכטיקייט. דו ביסט געווען אַן עדות פֿון זייער אויפֿפֿירן זיך. ווען נישט אונדזער קאָהאָרטע, וואָלטן זיי זיך געוועזן צעלאָפֿן בײַם בלויזן אָנבליק פֿון דעם מאַן, אַזוי ווי זײַנע תּלמידים זײַנען זיך צעלאָפֿן פֿאַר אונדז.

„מיר האָבן אים געבונדן און גענומען אים אין אונדזער מיט. כּדי מיר זאָלן נישט האָבן קיין איבעראַשונג, ווען מיר וועלן אים דורכפֿירן איבער די געפֿערלעכע גאַסן פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט, האָבן מיר פֿאַרטאָפּלט די וואַכן אַרום אים. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מען זאָל נישט דערקענען, וועמען מען פֿירט, און מען זאָל אים נישט אָפּשלאָגן פֿון אונדז. עס איז אָבער געווען איבעריק. די גאַסן, וואָס מיר זײַנען אַדורכגעגאַנגען מיט אים, זײַנען געווען אויסגעליידיקט פֿון מענטשן. ירושלים איז געשלאָפֿן. זי האָט נישט געוואוסט, אַז מיר פֿירן דעם מלך פֿון די ייִדן, אַ געבונדענעם.

„מייַנסטו אָבער, אַז די כּהנים האָבן זיך נישט געשראָקן פֿאַר אים, ווען אַפֿילו מיר האָבן אים שוין צוגעשטעלט צו זיי, אַ געבונדענעם? וועגן דעם האָב איך אָבער נאָר געהערט פֿאַרציילן שפּעטער. אַליין בין איך נישט געווען דערבײַ. איך האָב אים איבערגעענטפֿערט אין די הענט פֿון די כּהנים. און אַליין האָב איך געוואַרט מיט מײַנע לײַט אויף דעם אויסגאַנג פֿון דער אויספֿאָרשונג פֿון דעם סנהדרין, וועלכן זיי האָבן אויף דערוויַל פֿאַררופֿן פֿון די לײַט זייערע, וואָס זיי האָבן געקאָנט דערגרייכן אַזוי שפּעט בײַנאַכט, וואָרעם איך האָב זיי געזאָגט, אַז אין דער פֿרי מוז איך דעם געפֿאַנגענעם צושטעלן צו פּילאַטוסן מיט זייער רעד־פֿאַרט. איך בין נישט געווען בײַם פֿאַרהער פֿון סנהדרין, אָבער איך ווייס, אַז פּילאַטוסעס שאָטן האָט זיך דאָרט געלייגט אויף זיי. דו ביסט געווען בײַם פֿאַר־הער, קאָנסטו פֿאַרציילן, וואָס עס איז דאָרט פֿאָרגעקומען.

— יאָ, האָב איך געענטפֿערט, און איך האָב ווײַטער געצויגן דעם פֿאָדעם פֿון מײַן דערציילונג.

# 23

מיט פֿלינקע טריט האָבן מיר געאײַלט צו אונדזער רבין אַהיים, אין בית־מדרש אַרײַן. ירושלים איז געשלאָפֿן. די גאַסן זײַנען געווען אויסגעליידיקט פֿון מענטשן. אַלץ איז געווען מיד פֿון דעם פֿאַרברייטן זיך צום יום־טובֿ. די לבֿנה האָט באַגאָסן די ווענט פֿון די הײַזער מיט אַ בלוילעך־בלאַסן שײַן. די שטיינער פֿון די גאַסן האָבן געדרימלט, אײַנגעשלאָפֿן דורך דעם שלאָף־ליד, וואָס האָט אַרויסגעזונגען פֿון דער לבֿנה. די שטילקייט אַליין האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער די אויסגעליידיקטע גאַסן. עס איז געווען אין מיטן דער צווייטער אשמורה אויפֿן בית־המקדש. עס האָבן זיך נאָך געהערט די איינזאַמע טריט פֿון די שומרים אויף די אָפּגעלייגטע גאַסן.

אויך אונדזער רבין האָבן מיר געפֿונען שלאָפֿנדיק. ער איז געווען אין זײַן חדר, וואָס ער האָט געהאַט לעבן דעם בית־מדרש. מיר האָבן זיך געשלאָגן אין דער דעה, צי זאָלן מיר אים אויפֿוועקן אָדער נישט. פֿון איין זײַט: פּיקוח־נפֿש, דאָס אָפּראַטעווען אַ ייִדן; און פֿון דער אַנדערער זײַט, ווי אַזוי האָבן מיר געקענט זיך דערוועגן אויפֿצוּוועקן אונדזער רבין, וואָס מיר זײַנען מחויבֿ געווען אים אָפּצוגעבן כּבֿוד און אים אָפּהיטן אַזוי ווי אונדזערע פֿאָטער־און־מוטער, וועלכע האָבן אונדז געבוירן? נאָר גאָט צו דאַנקען, דער רבי האָט געמוזט דערהערן אונדזערע טריט: ער האָט זיך אַליין אויפֿגעכאַפּט, און מיר האָבן מער נישט באַדאַרפֿט פֿאַרשוועכן זײַן כּבֿוד.

ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר דעם הײַנטיקן טאָג, אַז עס זאָל נישט וואָס פּאַ־סירן מיט דעם נצרתער. און ווען מיר זײַנען נישט אַהיימגעקומען, האָט ער זיך זייער באַאומרואיקט. און קוים האָט ער דערהערט אונדזערע טריט, אַזוי האָט ער אונדז אַרײַנגערופֿן אין זײַן חדר, וואו מיר האָבן אים געטראָפֿן ליגן אין זײַן בעט, אַ וואַכיקן.

ווען ער האָט פאַרנומען פון אונדז, וואָס עס איז געשען מיט דעם רבין פון נצרת אין גאָרטן פון גת־שמן, אויפן הר־הזתים, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן געלעגער ווי אַ לייב. דורך די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב די זכיה געהאַט צו זיצן בײַ די פיס פון מײַן רבין, האָב איך אים נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזאַ אויפגערעגטן, אויפגערודערטן, אַזוי מלא כעס וחמה. איך האָב בכלל אים קיין מאָל נישט געזען זיך בייזערן. נאָך דאָס מאָל איז ער פול געווען מיט דעם אייפער פון גאָט, קוים וואָס מיר האָבן געקאָנט אים משמש זײַן און אים העלפן די קליידער אָנטאָן. מיר האָבן אים געבראַכט וואַסער אין אַ כלי, און ער האָט געוואַשן זײַנע הענט און זײַן פנים פון דעם שלאָף פון דער נאַכט, און ער האָט אָנגעהויבן אַרומלויפן איבערן בית־מדרש און ער האָט געברומט צו זיך:

— מיט וואָס פאַר אַ כוח האָבן זיי דאָס געטאָן? עס איז דאָך אַזעלכעס נאָך נישט געהערט געוואָרן אין ישׂראל!

ער האָט געוואָלט שיקן און אויפוועקן אַלע מיטגלידער פון סנהדרין. ער האָט געהייסן, אַז אַלע זײַנע תּלמידים זאָלן זײַן אַרום אים. ער האָט געוואָלט שיקן אָנזאָגן רבן יוחנן בן־זכאי, רבן שמעון בן־גמליאל און אַנדערע מיטגלידער פון די פרושים, האָט געוואָלט צונויפרופן זײַן גאַנצע חבֿרותא. אָבער באַלד האָט ער זיך באַרואיקט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף זײַן שטול און זיך מיישבֿ געווען מיט זיך אַליין: „ערשטנס, קאָנען זיי אים נישט משפטן בײַנאַכט. צווייטנס, קאָנען זיי נישט אַרויסברענגען קיין גזר־דין בײַנאַכט. דריטנס, מוזן זיי צו די דיני־נפשות האָבן, צום ווינציקסטן, דעם גאַנצן בײַזיץ פון קליינעם סנהדרין, — און אָן אונדז האָבן זיי דאָך נישט קיין פולע צאָל. פערטנס, קאָנען זיי בכלל אים נישט משפטן ערבֿ־יום־טובֿ. זיי וועלן דאָך נישט נעמען אויף זיך אַזאַ זינד. אַזאַ משפט וואָלט דאָך געהייסן פאַרגיסן אומשולדיק בלוט. ניין, עס איז דאָ צײַט ביז מאָרגן. איך באַדאַרף נישט באַאומרואיקן די חכמים", — האָט ער גערעדט צו זיך.

אָבער אַליין האָט ער נישט געקאָנט געפינען קיין מנוחה צו זײַן נשמה. עס האָט אים געהויבן פון אָרט. און ער האָט ווידער אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן בית־מדרש, וואָס עס איז גאָרנישט געווען זײַן געוואוינהייט.

— ווער וויס, וואָס די בני־חנן און די בני־ביתוס קאָנען אָפּטאָן? זיי זײַנען אויף אַלצדינק פעאיק. אַז זיי שיקן אַרויס זייערע קנעכט און משרתים, ווי בלוטהינט, מיט שטעקנס און בלײַערנע בײַטשן אויפן גאַנצן פאָלק, וועלן זיי זיך אָפּשטעלן פאַר אַ יחיד? זיי האָבן זייערע קנעכט, וואָס וועלן זיי פאָלגן. און די חכמים און די סופרים וועלן אַלצדינג טאָן, וואָס די בני־חנן וועלן זיי הייסן. מיר האָבן דאָך געזען דעם ערבֿ־פסח, ווי זיי האָבן אָפּגעוואָרפן די הלכה פון קרבן־פסח, וואָס הלל לזקן האָט מתקן געווען. ניין, מײַן נשמה געפינט נישט קיין רו! קומט, לאָמיר אויפגיין צום הויז פון כיפא! — האָט ער זיך צו אונדז געווענדט.

און ער האָט זיך געהייסן געבן און מיר האָבן אים אָנגעטאָן זײַן מלבוש פון כבֿוד, דעם שוואַרצן לאַנגן מעיל, וואָס האָט פאַרדעקט ביז צו די קנאָפל פון זײַנע פיס, ווי די רבנים פון די פרושים האָבן געטראָגן, און אַ שוואַרץ באַדעקנס אויף זײַן קאָפּ, וואָרעם די נאַכט איז זייער קאַלט געווען. און רופוס און איך האָבן פאַרויסגעטראָגן פאַר אים אייל־לאָמפּן, מער פון זײַן כבֿוד וועגן, איידער

צו באַלײַכטן דעם וועג, וואָרעם די נאַכט איז אַזוי ליכטיק געווען ווי בײַטאָג. און מיט די אַנדערע תּלמידים הינטער אים, זײַנען מיר אויפֿגעגאַנגען אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט, צום הויז פֿון כּהן־גדול כּיפֿא.

דער טויער פֿון כּיפֿאס הויז איז געווען שווער פֿאַרהאַקט. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט. עס איז אַרויסגעקומען דער טויער־היטער און האָט געפֿרעגט, וואָס מיר ווילן.

— גיי און זאָג, אַז דער רבי נקדימון, אַ רבי פֿון די פּרושים, אַ בײַזיצער פֿון גרויסן סנהדרין, פֿאַרלאַנגט אַרײַנצוקומען מיט זײַנע תּלמידים אין דער ישיבֿה.

עס האָט גענומען אַ לאַנגע ווײַל, ביז וואַנען מען האָט פֿאַר אונדז געעפֿנט דעם טויער. עס ווײַזט אויס, אַז עס איז דערינען אָנגעגאַנגען איבער דעם, צי מען זאָל אונדז אַרײַנלאָזן אָדער נישט, אַ גאַנצע פֿאַרהאַנדלונג. ענדלעך, האָט מען פֿאַר אונדז געעפֿנט דעם טויער. מיטן טויער־היטער זײַנען אויך געווען צוויי שליחים פֿון דעם סנהדרין, וועלכע האָבן אײַנגעלאַדן מײַן רבין צו קומען צו דער זיצונג פֿון סנהדרין.

— די זיצונג פֿון סנהדרין איז אין דער לשכּת־הגזית, אין בית־המקדש, נישט אין כּהן־גדולס הויז. איך וויל אָבער וויסן, וואו איז דער מאַן, וועלכן איר האָט פֿעסטגענומען די נאַכט? — האָט מײַן רבי אָפּגעענטפֿערט אין אַ שאַרפֿן טאָן.

— ער איז אויבן אין דער ישיבֿה מיטן כּהן־גדול.

— פֿירט מיך צו זיי, — האָט מײַן רבי שטרענג באַפֿוילן.

מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין דעם דרויסנדיקן הויף פֿון כּהן־גדולס הויז. אויפֿן פּלאַץ פֿון דער וואַך, וואָס געפֿינט זיך אין דעם טויער פֿון דעם אינעווייניקסטן הויף, דערזעען מיר אַ פֿײַער פֿון האָלץ ברענען, — און דעם כּהן־גדולס לײַט, וועכטער, באַדינער, הויז־מיידן, וועשער און קאָכערס, און אַנדערע כּהן־גדולשע משרתים, שטייען אַרום דעם פֿײַער, וואָרעמען זיך פֿון דער קעלט פֿון דער נאַכט, רעדן וועגן דער געשעעניש און קריגן זיך איבער דעם מיט אַ מאַן. צוויי האַלטן דעם מאַן בײַ די הענט, און איינע פֿון די דינסטמיידן שרײַט צו אים עפּעס אין פּנים אַרײַן. דער מאַן, דערשראָקן, צערודערט, פֿאַרענטפֿערט זיך, וויל זיך אַרויסמאַכן פֿון זייערע הענט. אַז מיר זײַנען אָנגעקומען בענטער צום אָרט, האָבן מיר, אין דעם פֿלאַקערדיקן ליכט פֿון דעם ברענענדיקן האָלץ, דערקענט אין דעם מאַן, מיט וועלכן זיי האָבן זיך געקריגט, שמעון בר־יונהן. ער איז געווען בלייך ווי די וואַנט, דערשראָקן ביז צו אַנגסטן, און די מויד האָט געטײַט מיטן פֿינגער אויף אים און געטענהט נאָכאַנאַנד:

— דו ביסט אויך געווען מיט ישוע הנוצרי! ביסט אויך געווען מיט ישוע הנוצרי!

און שמעון האָט אין אומשולד געצויגן די אַקסל, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און זיך געמיט אַרויסצוברענגען אויס זײַן מויל דעם ריינסטן יהודהשן אַקצענט, וואָס איז אים טאָקע נישט געלונגען:

— איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט.

— אַלע האָבן זיי אים פֿאַרלאָזט, אַלע, אַפֿילו זײַנע געטרײַעסטע תּלמידים! — האָט מײַן רבי געקרעכצט און איז ווײַטער געגאַנגען נאָך די משרתים אין אינעווייניקסטן הויף אַרײַן.

מען האָט אונדז געפֿירט איבער קאָרידאָרן, צימערן, ביז וואַנען מען האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויסער לשכה, וואו דער כּהן־גדול פֿלעגט אָפּהאַלטן די זיצונגען מיט די סגנים פֿון בית־המקדש און אָפֿט מאָל אויך אַרויסברענגען קלײנע משפּטים. די לשכה איז געווען אײַנגעשטעלט, לויט דער לשכה פֿון גרויסן סנהדרין, וואָס איז בײַם אַרײַנגאַנג אין בית־המקדש און וואָס מען רופֿט זי „לשכה פֿון די געפֿלאַסטערטע שטײנער". נאָר דאָ איז אַלץ געווען אין קלײנעם פֿאָרמאַט. פֿון אײן זײַט איז די וואַנט פֿון דער לשכה געווען אויסגעבויגן אין אַ האַלבן לבֿנה־קרײַז. עס זײַנען דאָרט געווען אײַנגעמויערט דרײַ און צוואַנציק שטולן, צו בײדע זײַטן פֿון אַ הויך־אויפֿגעהויבענעם שטול־פּלאַץ, וואָס איז באַשטימט געווען פֿאַרן כּהן־גדול. די זיץ־ערטער זײַנען געווען האַלב־פֿאַרנומען. דער כּהן־גדול אין זײַן רויטן פּורפּור־מאַנטל, איז געזעסן אין מיטן, אויפֿן הויכן זיץ. צו זײַן רעכטער האַנט — זײַן שווער חנן מיט זײַן זון אליעזר, וועלכע האָבן ווי געוועזענע כּהנים־גדולים, אויך געטראָגן פּורפּורנע מאַנטלען, נישט אַזעלכע לאַנגע ווי דער אַקטועלער כּהן־גדול, נאָר אין דער פֿאָרעם פֿון קלײנע פּעלערינעס, פֿאַרוואָרפֿן איבער די אַקסל ביזן האַלבן לײַב, — זײ זײַנען געווען באַרעכטיקטע מיטגלידער פֿון סנהדרין. אויף דעם כּהן־גדולס לינקער זײַט איז געזעסן זײַן צווײטער שוואָגער, יוחנן, וועלכער האָט, ווי דער סגן פֿון בית־המקדש, אויך געהאַט אַ זיץ אין סנהדרין. ער האָט אָבער נישט געטראָגן קײן פּורפּור־קלײדער. עס זײַנען דאָ געווען נאָך פּורפּור־קלײדער, וועלכע עס האָבן געטראָגן די געוועזענע כּהנים־גדולים פֿון דעם הויז פֿון ביתוס. נאָך זײ זײַנען געזעסן די געזעץ־אויסטײַטשער פֿון די צדוקים. אײנער פֿון זײ, אַ זקן מיט אַ לאַנגער, ווײַסער באָרד און גרויסע, הויכע, ווײַסע ברעמען, וועלכע האָבן באַשירעמט זײַנע גרויסע, בלויע, וואַסערדיקע אויגן, איז געווען דער חכם און דער זקן פֿון די צדוקים. ער האָט געוואוסט אויסצוטײַטשן די געזעצן לויט דער קבלה פֿון די צדוקים. די שופֿטים זײַנען אַזוי אויסגעזעצט געווען, אַז אײנער האָט געקאָנט און געמוזט קוקן אין דעם אַנדערנס פּנים אַרײַן, נאָר ווײַל די רײען זײַנען איצט נישט געווען אויסגעפֿילט, זײַנען זײ געזעסן צוזאַמען. די לעצטע שטולן פֿון דער רײ זײַנען לײדיק געווען. פֿון בײדע זײַטן פֿון כּהן־גדול זײַנען אויך געווען צוגעזעצט צוויי שרײַבער מיט שטאָלענע קריץ־פֿעדערן און וועקסענע טאָוולעך, זײער שרײַב־געצײַג, אין זײערע הענט, — אײן שרײַבער אויף צו באַשרײַבן די באַשולדיקונג, דער אַנדערער — די פֿאַרטײדיקונג.

זײער פֿיל אײל־לאָמפּן זײַנען אַראָפּגעהאָנגען פֿון באַלקן. אויך האָבן ליכט־פֿײַערן געברענט אין בעקנס פֿון רויטן מירמלשטײן. פֿײַער־פֿאַקעלן זײַנען אויך געווען אַרײַנגעשטעלט אין אײַזערנע רינגען אַרום דער וואַנט. אַחוץ דעם, זײַנען צוויי משרתים מיט פֿאַקעלן אין די הענט געשטאַנען בײַ בײדע זײַטן פֿון כּהן־גדול.

קעגנאיבער די זיץ־פּלעצער פֿון סנהדרין זײַנען געווען אויסגעשטעלט רײען בענק פֿאַר די תּלמידים פֿון די רבּיים. ווי תּלמידים פֿון אונדזער רבּין, האָבן מיר נישט נאָר געהאַט אַ רעכט אַרײַנצוקומען מיט אונדזער רבּין אויף דער זיצונג פֿון דעם סנהדרין־משפּט, נאָר דאָס איז אַפֿילו געווען אונדזער פֿליכט. מיר האָבן געמוזט זיצן קעגנאיבער אונדזער רבּין און קוקן אים דורך דער גאַנצער צײַט פֿון משפּט אין זײַן פּנים אַרײַן. ווי תּלמידים, האָבן מיר אַפֿילו געהאַט אַ רעכט צו נעמען אַ וואָרט אין די דעבאַטן פֿון משפּט, אָבער נאָר פֿאַר דער פֿאַרטײדי־

קונג, נישט פֿאַר דער אָנקלאָגע. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק, וואָס זײַנען געווען רעזערווירט פֿאַר די תּלמידים. די פֿאָדערשטע רייען בענק זײַנען שוין געווען פֿאַרנומען פֿון די תּלמידים פֿון די צדוקישע רבנים, ס'רובֿ די זין פֿון די רײַכע כּהנישע משפּחות, מיט וועלכע מיר זײַנען געווען אין שטענדיקן קריג. אויף דער ערשטער באַנק פֿון די תּלמידים זײַנען געזעסן די איבריקע זין פֿון חנן, וועלכע זײַנען נאָך נישט באַרעכטיקט געווען צו אַ זיץ אין סנהדרין. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן שוואַרץ־האָריק, ענערגיש פּנים דער יינגסטער, חנן בן־חנן.

פֿאַרן כּהן־גדול האָט דאָס ערשטע אין דעם ברייטן ליכט פֿון די פֿאַקל־פֿײַערן און אייל־טאָצן זיך געוואָרפֿן אין די אויגן דאָס ווײַסע קלייד פֿון דעם נצרתער, אויפֿן הינטערגרונט פֿון שאַרלאַך, פּורפּור און שוואַרצע הילעס. זײַן קלייד איז אַזוי ווײַס געווען, ווי בשעת מיר האָבן אים געזען אָנקומען צו דער מעלה פֿון הלל וואַסערטרעגער אָפּריכטן דעם סדר. עס האָט געהאַט פֿאַרלוירן די שטײַפֿקייט, עס איז ווייכער געוואָרן און עס האָט געקלעפּט צו זײַן לײַב דורך די אַנגסטן און דעם שווייס, מיט וועלכע עס איז אַדורכגעזעצט געוואָרן. אָבער די אומבאַרירטע ריינקייט האָט עס נאָך דערהאַלטן. ער איז געשטאַנען אַזוי ווי איך האָב אים געהאַט פֿאַרלאָזט אין גאָרטן פֿון גת־שמן. די זעלבע ערנסטע און טרויעריקע שטילקייט האָט געררוט אויף אים. זײַן פּנים, האָט זיך געדאַכט, איז נאָך בלייכער געוואָרן. און דער דינער שניט פֿון זײַנע ליפּן, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון דעם שפּאַלט פֿון זײַנע וואָנצעס און באָרד, איז נאָך דינער געוואָרן, ציטערדיקער, ווייטאָגדיק־פֿאַרקרימט. זײַנע פּאות און זײַן קורץ בערדל זײַנען גרוי געוואָרן. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די עלטער איז אָנגעפֿאַלן אויף אים דורך דער קורצער צײַט, וואָס איך האָב אים נישט געזען. זײַנע הענט זײַנען לויז געווען, ער האָט זיי אָבער געהאַלטן פֿעסט צוגעשלאָסן צו זײַן קערפּער. עס איז שוין אין גאַנצן פֿאַרשוואונדן געוואָרן דער אויסדרוק פֿון אַנגסטלעכן שרעק אויס זײַן פּנים, וואָס מיר האָבן געזען אין גת־שמן. זײַן פּנים האָט צוריקגעפֿונען די שלווה און די מנוחה פֿון זײַן גאַנצן וועזן. ער האָט געקוקט מיט גרויסע, דער־שטוינטע אויגן אין פּנים אַרײַן פֿון זײַנע שופֿטים, פֿון דעם כּהן־גדול, אָן שום ביטערקייט, נאָר מיט אַ קינדערשער נײַגעריקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַן ענין, וואָס איז אַלעמען נוגע, אַחוץ אים.

ווען דער כּהן־גדול האָט דערזען מײַן רבין שטיין אין טיר פֿון דער לשכּה, האָט ער זיך אָנגערופֿן פֿון זײַן אָרט צו די אַנדערע מיטגלידער פֿון סנהדרין:

— אַ רבי פֿון די פּרושים, אַ מיטגליד פֿון דעם סנהדרין הגדול, רבי נקדימון האָט אונדז באַערט מיט זײַן קומען. מיר פֿאָדערן אויף דעם רבין נקדימון, ער זאָל קומען צו אונדז און זיך זעצן אין דער ישיבֿה פֿון סנהדרין.

— אישי כּהן־גדול, מײַן מאַן כּהן־גדול, — האָט מײַן רבי אָפּגעענטפֿערט פֿון דער שוועל בײַ טיר, — איידער איך גיי אַרײַן זיצן אין דער ישיבֿה, וויל איך וויסן, וואָס פֿאַר אַ ישיבֿה ווערט דאָ אָפּגעהאַלטן און וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר האָט עס געצוואונגען דעם כּהן־גדול צו רופֿן די ישיבֿה אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? אויך זע איך דאָ נישט קיינעם פֿון די חכמים און סופֿרים פֿון די פּרושים, נאָר אַלץ צדוקים. וואָס זאָל דאָס באַדײַטן?

— דער קטגור וועט פֿאַר דעם רבין פֿון די פּרושים אויפֿקלערן די זאַך! — האָט דער כּהן־גדול באַפֿוילן פֿון זײַן זיץ.

— די ישיבֿה איז פֿאַררופֿן געוואָרן צו משפּטן דעם מאַן, וואָס האָט געמאַכט ייִדן ווידערשפּעניק קעגן ייִדישן גאָט. און די ישיבֿה איז גערופֿן געוואָרן בײַנאַכט, ווײַל אײַליק איז די זאַך. מיר מוזן אונדזער פּסק אַרויסגעבן ביז אין דער פֿרי, וואָרעם דאָס מלכות פֿאַרלאַנגט עס פֿון אונדז, — האָט זיך אָנגערופֿן דער קטגור.

— אַ משפּט פֿון דיני־נפֿשות בײַנאַכט? ווער האָט דאָס געהערט דערפֿון? עס איז אָן אָנגענומענער געזעץ, אַז אַזעלכע משפּטים מוזן אָפּגעהאַלטן ווערן דווקא בײַטאָג, נישט בײַנאַכט. עס איז אָן אָנגענומענער געזעץ, אַז עס מוז פֿיל צײַט אָפּגעגעבן ווערן פֿאַרצובערייטן די פֿאַרטיידיקונג, נישט צו טאָן דאָס אין גאײַל. עס איז אויך אַן אָנגענומענער געזעץ, אַז דער פּסק־דין מוז אַרויסגעטראָגן ווערן אָן יעדן צוואַנג, פֿון וועמען ער זאָל נישט זײַן. בכן, ווי אַ רבֿ אין ישׂראל, דערקלער איך לכתחילה, אַז דער בית־דין האָט קיין רעכט נישט צו משפּטן דיני־נפֿשות, און יעדער פּסק־דין, וואָס וועט אַרויסגעגעבן ווערן פֿון דעם בית־דין, איז פֿון פֿריִער אָן אומגילטיק, ווײַל דער משפּט ווערט אויסגעפֿירט קעגן דעם געזעץ און קעגן דעם רעכט פֿון דער תּורה, ווי אַזעלעכע משפּטים ווי דער מוזן אָפּגעהאַלטן ווערן.

אַ גרויסע באַוועגונג צווישן די לײַט פֿון דעם סנהדרין. אַ שטילשווײַגן. דער כּהן־גדול איז בלייך געוואָרן ווי די וואַנט. ער האָט אַרויפֿגעצוואונגען אויף זיך אַ רואיקייט, שפּילנדיק זיך מיט די טראָלדן פֿון זײַן באָרד. אַ גרויסער וויכּוח צווישן די זקנים און די געלערנטע פֿון די צדוקים.

עס האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט דער עלטסטער זון פֿון חנן, אליעזר, און זיך אָנגערופֿן:

— אישי כּהן־גדול! ווען אַפֿילו מיר, צדוקים, זײַנען נישט אײַנפֿערשטאַנען מיט דער שווערער פּראָצעדור, וואָס די פּרושים האָבן אַרויפֿגעלייגט אויף משפּטים פֿון דיני־מות, בין איך אָבער דאָסמאָל אײַנפֿערשטאַנען מיטן רבין פֿון די פּרושים. צו וואָס זײַנען מיר הײַנט פֿאַררופֿן געוואָרן? און וואָס זאָל דער משפּט פֿאַרשטעלן מיט זיך? זאָל עס זײַן אַ משפּט פֿון מלכות? האָבן מיר גאָרנישט דערמיט וואָס צו טאָן: זאָל דאָס מלכות קומען און משפּטן דעם באַשולדיקטן. זאָל עס זײַן אַ משפּט פֿון בית־דין? מוזן מיר פֿאַררופֿן דעם משפּט לויט דער גאַנצער פּראָצעדור פֿון אונדזער בית־דין, און משפּטן אים לויט די חוקים פֿון אונדזער תּורה. און וועלן מיר אים געפֿינען שולדיק קעגן אונדזערע חוקים, וועלן מיר אים מקיים מקיים פּסק־זײַן, לויט דעם פּסק־דין פֿון אונדזער משפּט. אָבער פֿון ווען אָן נעמען מיר דאָס אויף זיך צו פֿירן משפּטים פֿאַרן מלכות?

דער כּהן־גדול האָט אַ צייכן געגעבן: ער האָט אופֿגעהויבן זײַן האַנט, — און אַלץ האָט זיך באַרואיקט:

— איך וועל בעטן רבי טודרוס, דעם אויסטײַטשער פֿון געזעץ, ער זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג וועגן די אויסזעצונגען פֿון רבי נקדימון און פֿון דעם געוועזענעם כּהן־גדול, רבי אליעזר.

עס האָט זיך אויפֿגעהויבן דער אַלטער מאַן מיט דער לאַנגער באָרד און האָט אָפּגעענטפֿערט:

— דער רבי פֿון די פּרושים און דער געוועזענער כּהן־גדול, אליעזר, האָבן רעכט מיט זייערע אויסזעצונגען אויך לויט די דינים פֿון די צדוקים.

דער כּהן־גדול האָט זיך אָנגערופֿן פֿון זײַן זיץ:

— מײַנע לײַט פֿון סנהדרין, מיר האָבן געהערט דעם פּסק־דין פֿון אונדזערע אויסטײַטשער פֿון געזעץ. איך דערקלער, דעריבער, אַז די ישיבֿה, וואָס איז דאָ הײַנט פֿאַררופֿן געוואָרן, איז נישט קיין ישיבֿה פֿון אַ משפּט, נאָר אַ ישיבֿה פֿון אַ חקירה־ודרישה. מיר קאָנען נישט, לויט אונדזערע דינים, אַרויסגעבן קיין פּסק־דין פֿאַר דעם פֿאַרברעך, אין וועלכן דער אָנגעקלאָגטער ווערט באַשולדיקט, ווײַל דער פּסק־דין קאָן נאָר אויסגעפֿירט ווערן דורך דעם מלכות. מיר פֿאַר־וואַנדלען, בכן, די ישיבֿה אין אַ זיצונג פֿון חקירה־ודרישה.

מײַן רבי איז צוגעקומען און האָט זיך אַוועקגעזעצט אין איינער פֿון די שטולן. מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן פֿאַרנומען די ערטער אויף די בענק פֿון די תּלמידים.

די פּראָצעדור פֿון דער חקירה־ודרישה האָט זיך אָנגעהויבן.

דער קטגור, וועלכער איז געזעסן לעבן דעם סופֿר, וואָס פֿאַרשרײַבט די באַ־שולדיקונג, האָט זיך אויפֿגעשטעלט בײַ זײַן שטענדער און געלייענט דעם באַ־שולדיקונגס־אַקט:

„מיר אַלע, האָט ער אָנגעהויבן, זײַנען געווען עדות, ווי דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר אונדז, וועלכן די לײַט רופֿן „רבי", „נבֿיא", אָדער מיט דעם נאָמען, וואָס איך וויל נישט ברענגען איבער מײַן מויל, האָט זיך אַרײַנגעריסן אין בית־מקדש־הויף און האָט..."

דאָ האָט זיך אויפֿגעשטעלט רבי נקדימון:

— אישי כּהן־גדול, — האָט ער געזאָגט, — אַני מוחה, איך פּראָטעסטיר קעגן די דערעפֿענונג־רייד פֿון קטגור! מיר זײַנען קיין עדות נישט געווען און ווייסן פֿון גאָרנישט, וואָס דער באַשולדיקטער האָט געטאָן. מיר האָבן גאָרנישט געזען און האָבן גאָרנישט געהערט. דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר אונדז, איז אומ־שולדיק אין אונדזערע אויגן, ווי אַ נײַ־געבוירן קינד, וואָרעם ביז עס ווערט באַוויזן זײַן שולד דורך באַגלויבטע עדות, מוזן מיר אים דן זײַן לכּף זכות.

דער כּהן־גדול האָט זיך געווענדט מיט אַ באַוועגונג פֿון דער האַנט צום געזעץ־אויסטײַטשער.

— דער רבי פֿון די פּרושים האָט רעכט, — האָט דער אויסטײַטשער געזאָגט.

— דער דין איז אַזוי אויך נאָך דער אויסטײַטשונג פֿון די צדוקים.

— אין הסכּם מיט דעם רבין פֿון די פּרושים, מעק איך אויס די ווערטער פֿון דער באַשולדיקונג, — האָט דער כּהן־גדול באַפֿוילן דעם קטגור.

„עס זײַנען געקומען פֿאַר אונדז, — האָט דער קטגור ווײַטער געלייענט, — באַגלויבטע עדות און האָבן עדות־געזאָגט, אַז דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר אונדז, וועלכן די לײַט רופֿן „רבי", „נבֿיא", אָדער מיט דעם נאָמען וואָס איך וויל נישט ברענגען איבער מײַנע ליפּן, האָט מחרף־ומגדף געווען דעם הייליקן אין ישׂראל".

— ווער זײַנען די עדות? — האָט מײַן רבי געפֿרעגט.

— רוף אַרײַן דעם עדות! — האָט דער כּהן־גדול באַפֿוילן.

— יהודה איש קריות, תּלמיד פֿון דײַן רבין, קום אַרײַן עדות זאָגן! — האָט דער אויסרופֿער בײַ דער טיר פֿון עדות־צימער אויסגערופֿן.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן יהודה איש־קריות. זײַן מאַנטל האָט אַפֿילו דאָ, פֿאַר דעם סנהדרין, זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים. זײַן פּנים איז געווען אָנגעשוואָלן מיט אַ קרענקלעך־בלוילעכן געשווילעכץ, אין וועלכן זײַנע אַרויסגעזעצטע אויגן זײַנען שוין איצט אײַנגעזונקען געווען. ער האָט געקוקט מיט זיכערקייט אויף די זיצנדיקע שופֿטים, אויסמײַדנדיק מײַן רבינס פּנים. אָבער זײַן רבינס פּנים האָט ער נישט אויסגעמיטן, נאָר געקוקט אויף אים מיט אַ פֿעסטקייט און אַן אײַנגעשפּאַרטקייט, ווי ער וואָלט געווען זיכער אין זײַן זאַך.

— יהודה אַן עדות! — האָט רבי נקדימון אויסגערופֿן מיט אַ קול פֿון אַ לייב — דער עוכר ישראל, וואָס האָט איבערגעענטפֿערט אַ ייִדיש נפֿש אין גויאישע הענט! ער — אַן עדות! אים מעג מען צערײַסן ווי אַ פֿיש אום יום־כּפּור, ווען אַפֿילו יום־כּפּור פֿאַלט אויס אום שבת. זײַן בלוט איז הפֿקר. יעדער איינער מעג אים הרגנען, ווער נאָר עס טרעפֿט אים. זײַן נאָמען איז אויסגעמעקט פֿון קהל פֿון ישראל! ער איז פֿאַרשאָלטן מיט די קללות פֿון דער תּוכחה אויף אַלע דורות. ער איז פּסול פֿאַר אַן עדות, ווײַל אַ מסור איז פּסול פֿאַר אַן עדות.

יהודה האָט דעם עק פֿון מעיל פֿאַרוואָרפֿן איבער זײַן פּנים.

דער כּהן־גדול האָט זיך געווענדט צום געזעץ־אויסטײַטשער:

— איז עס אין הסכּם מיט די געזעץ־אויסטײַטשונגען און דינים פֿון די צדוקים?

— מיר זײַנען מסכּים מיטן רבין פֿון די פּרושים: אַ מסור איז פּסול פֿאַר אַן עדות! — האָט דער געזעץ־אויסטײַטשער אָפּגעענטפֿערט.

— אַ מסור איז פּסול פֿאַר אַן עדות, — האָבן די אַנדערע סנהדרין־מיטגלידער צוגעשטימט.

די שמשים האָבן אָנגענומען יהודהן פֿאַר די אָרעמס און אים אַרויסגעפֿירט.

„עס זײַנען געקומען פֿאַר אונדז כּשרע עדות און האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי האָבן אַליין געהערט מיט זייערע אויערן, ווי דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר אונדז, וועלכן די לײַט רופֿן „רבי", „נבֿיא", אָדער מיט דעם נאָמען, וואָס איך וויל נישט ברענגען איבער מײַנע ליפּן, האָט מחרף־ומגדף געווען דעם בית־מקדש".

— עדות! — האָט דער כּהן־גדול באַפֿוילן.

— עדות! — האָט דער אויסרופֿער גערופֿן אין עדות־צימער אַרײַן.

עס איז אַרײַנגעקומען אַ קליין מענטשל מיט קליינע פֿיסלעך, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן אָנגעצויגן ווי אַ פּאַווע, בשעת זי באַווײַזט איר קאָלירטן עק, אַזוי האָט ער באַוויזן, אַז ער קען די שריפֿט: ער איז אַרײַנגעקומען מיט זײַן פֿעדער הינטערן אויער און מיט דעם וואַקס־טאָוועלע אָנגעהאָנגען אויפֿן האַלדז צו באַווײַזן, אַז ער איז פֿון די סופֿרים.

מען האָט אים געשטעלט פֿאַרן כּהן־גדול.

דער כּהן־גדול האָט אים געפֿרעגט:

— דו קענסט די שריפֿט?

— איך קאָן די שריפֿט, — האָט דער עדות אָפּגעענטפֿערט.

— ווייסטו, וואָס די תּורה זאָגט, מען זאָל טאָן מיט אַן עדות, וועלכער זאָגט פֿאַלש עדות?

— מען זאָל אים באַשטראָפֿן מיט דער זעלבער שטראָף, וואָס ער האָט גע־טראַכט צו ברענגען אויף זײַן מיטמענטש.

איצט האָט מען אים אויסגעדרייט און געשטעלט אים מיטן פּנים צום באַ־שולדיקטן. דאָס קליינע מענטשעלע האָט זיך געמיט צו שטעלן זיך אויף זײַנע שפּיץ פֿינגער, ווײַל ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן מיט זײַן בליק צום נצרתערס פּנים.

— איך האָב אַליין געהערט מיט מײַנע אויערן, ווי דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר מיר, האָט פֿון זײַן מויל אַרויסגעבראַכט די ווערטער: „איך וועל אײַנוואַרפֿן דעם בית־מקדש, וואָס איז געמאַכט מיט די הענט, און אין דרײַ טעג וועל איך אויפֿ־בויען אַן אַנדערן, וואָס איז נישט געמאַכט מיט די הענט".

— וואו איז ער געווען?

— אין הויף פֿון בית־מקדש.

— אין וועלכער צײַט?

— בײַם וואַסער־טויער.

— איז עס געווען בײַטאָג אָדער אין אָוונט?

— עס איז געווען פֿאַרנאַכט־צו, ווען די כּהנים ברענגען דעם קרבן פֿון מנחה, איידער מען שליסט די טויערן פֿון בית־מקדש.

— פֿיר אָפּ דעם מאַן אין אַ באַזונדערן חדר.

— על שני עדות יקום הדבר, — האָסטו נאָך אַן עדות? — האָט דער כּהן־גדול געפֿרעגט.

— עדות! — האָט דער אויסרופֿער אויסגערופֿן אין עדות־צימער אַרײַן.

עס איז אַרײַנגעקומען אַ צווייטער מענטש. ווי דער פֿריִערדיקער עדות איז געווען קליין, אַזוי איז ער געווען הויך, אַזוי הויך, אַז ווען מען האָט אים געשטעלט מיטן פּנים צום רבין פֿון נצרת, האָט ער באַדאַרפֿט זוכן זײַן בליק, — אַזוי קליין האָט דער רבי אויסגעקוקט קעגן דעם עדות.

— איך האָב אַליין געהערט מיט מײַנע אויערן, ווי דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר מיר, האָט געזאָגט, ווען די תּלמידים האָבן אים אָנגעוויזן אויף דעם בית־מקדש: „זעסטו דאָס גרויסע געבייד? דאָ וועט נישט בלײַבן אײן שטיין אויף דעם אַנדערן, וואָס וועט נישט צעוואָרפֿן ווערן".

— וואו איז עס געווען?

— אין בית־מקדש־הויף.

— בײַטאָג אָדער בײַנאַכט?

— אין דער מיטאָג־שעה.

— ווער איז געווען דערבײַ?

— זײַנע תּלמידים.

— אישי כּהן־גדול, — האָט מײַן רבי זיך אָנגערופֿן, — איך פּסל די עדות!

— אויף וואָס פֿאַר אַ גרונט, רבי פֿון די פּרושים? — האָט דער כּהן־גדול געפֿרעגט.

— די עדות רעדן נישט די זעלבע זאַך, זיי באַריכטן איבער צוויי פֿאַרשיידענע אויסדרוקן, וואָס דער באַשולדיקטער האָט געמאַכט, — האָט מײַן רבי געזאָגט.

— ער האָט געקאָנט ביידע זאַכן זאָגן, — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער חנן, — מיר האָבן עדות דערויף.

— אישי כהן־גדול, אין דער תורה שטייט געשריבן: „על שני עדות יקום הדבר", איז עס דער טײַטש, אַז די צוויי עדות מוזן איבערגעבן איין־און דעמזעלבן פאַקט, אָן שום ווידערשפרוך. און די עדות דאָ באַריכטן פון צוויי פאַרשיידענע אויסדרוקן, וואָס דער באַשולדיקטער האָט געזאָלט מאַכן. מחמת דעם דערקלער איך די עדות פאַר נישט־גילטיק.

דער כהן־גדול האָט זיך געווענדט צום גזעץ־אויסטײַטשער.

— איך בין מסכים מיט דעם רבין פון די פרושים: על שני עדות יקום הדבר!

— האָט דער אויסטײַטשער געזאָגט — די עדות זאָגן נישט דאָס זעלבע, זייער עדות־זאָגן איז פסול.

— דער דין בלײַבט מיט דעם רבין פון די פרושים! — האָט דער כהן־גדול געפסקנט. — האָסטו ווײַטערדיקע באַשולדיקונגען קעגן דעם מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז? האָט דער כהן־גדול געפרעגט דעם קטגור.

דער קטגור האָט ווײַטער געלייענט:

„עס זײַנען געקומען פאַר אונדז באַגלויבטע עדות און זיי האָבן עדות־געזאָגט, אַז דער מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז, איז געווען אַ מסית־ומדיח, ער האָט ווידער־שפעניק געמאַכט און אָפּגערעדט דאָס פאָלק פון צו דינען דעם ייִדישן גאָט, לויט די דינים..."

נאָר דאָ האָט מײַן רבי זיך אויפגעשטעלט און איבערגעהאַקט דעם קטגור אין מיטן די רייד:

— אישי כהן־גדול, אני מוחה, איך פּראָטעסטיר קעגן דעם קטגורס באַשול־דיקונג איידער מען הערט נאָך אויס די עדות!

— אויף וואָס פאַר אַ גרונט? — פרעגט דער כהן־גדול.

— אַ מסית ומדיח איז נאָר דער, וואָס קערט אָפּ דאָס פאָלק פון ייִדישן גאָט און רעדט עס אָן צו דינען צו די אָפּגעטער. האָט איר עדות, וואָס זאָלן באַשטעטיקן פאַרן בית־דין, אַז דער מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז, האָט געמאַכט דאָס פאָלק ווידערשפעניק קעגן דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט און עס צוגערעדט צו דינען צו אָפּגעטער?

דער קטגור:

— מיר האָבן עדות, וועלכע זײַנען געקומען פאַר אונדז און האָבן עדות געזאָגט, אַז דער מאַן האָט זיי ווידערשפעניק געמאַכט נישט צו דינען גאָט לויט די חוקים און די דינים, ווי די חכמים האָבן זיי אויסגעטײַטשט, נאָר לויט זײַן אייגענעם אײַנזען.

מײַן רבי האָט זיך אויפגעהויבן, זײַן פּנים האָט געפלאַמט מיט פײַער. און ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ הויך קול:

— איך פּראָטעסטיר קעגן דער באַשולדיקונג און פאַרלאַנג, אַז מען זאָל זי אויסמעקן איידער מיר הערן נאָך אויס די עדות!

— אויף וואָס פאַר אַ יסוד, רבי פון די פרושים? — פרעגט דער כהן־גדול.

— יעדער ייִד האָט אַ רעכט אויסצוטײַטשן דאָס געזעץ לויט זײַן אייגענעם אײַנזען, ווען ער פאַררופט זיך אויף דער תורה. דאָס איז אונדזער פּריווילעגיע.

מיר האָבן פאַרשיידענע חכמים: מיר האָבן חכמים פון די צדוקים, מיר האָבן חכמים ביי די פרושים. אויב איר וועט אָננעמען, אַז דאָס געזעץ קאָן אויסגע־טייטשט ווערן נישט מער ווי אין דעם גייסט פון איינערע חכמים אַליין, מוזט איר מאָרגן שלעפּן פאַרן בית־דין די אַלע, וואָס טייטשן אויס אַנדערש דאָס געזעץ ווי איר. לויט דער באַשולדיקונג פון קטגור, קאָנט איר ברענגען פאַרן בית־דין אַלע סופרים, אַלע חכמים פון די פרושים און זיי באַשולדיקן מיט דעם געפערלעכן פאַרברעך פון ווידערשפּעניקייט און צורעדעניש צו אָפּגעטער, וואָס עס קומט פאַר דעם מיתה. דאָס איז אַ געפערלעכער פּרעצעדענס, וואָס איר שאַפט. עס קאָן אויפּעפּענען אַלטע וואונדן. זינט הונדערטער יאָרן גייט אָן די מחלוקה צווישן איך און אונדז. ווילט איר זי איצט באַניַען? באַדענקט איך! ווער וויים, ווי וויַט דאָס קאָן פאַרפירן. איך פאַרלאַנג דעריבער, אַז די באַשולדיקונג פון מסית־ומדיח זאָל ווערן אויסגעמעקט און באַטראַכט ווי נישט פאַרגעבראַכט, איידער מען הערט אויס נאָך עדות.

אַ גרויסער רושם אויף די בענק פון סנהדרין. אַ סודען זיך אין די אויערן. אַלץ ווערט איינגעשטילט דורך דעם כהן־גדולס באַוועגונג מיט דער האַנט:

— איך וויל הערן די מיינונג פון אונדזער געזעץ־אויסטייַטשער וועגן דער אויסזעצונג פון דעם רבין פון די פרושים.

דער אַלטער טודרוס האָט אַריינגעשטעקט זיין וויַסן קאָפּ צווישן די קעפּ פון די אַנדערע געזעץ־אויסטייַטשער. אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער אַרויסגעגעבן זיין פּסק:

— עס איז אָן אַלטער וויטאַק אין ישׂראל. און כּדי צו פאַרמיַידן מחלוקות אין ישׂראל, האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו באַשולדיקן אַזאַ איינעם אין ווידער־שפּעניקייט און אָפּרעדעניש פון ייִדישן גאָט, אויב נאָר ער שטייט אויפן יסוד פון ייִדישן דת, טייַטשט אויס דאָס געזעץ אויף די יסודות פון דער תּורה, ווען אָפילו ער האַלט זיך נישט אין דער אָנגענומענער מיינונג פון די חכמים. נאָר דער, וואָס קערט אָפּ דאָס פאָלק פון דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט און רעדט זיי צו צו דינען דער עבודה־זרה, איז אַ ווידערשפּעניקער.

דער כהן־גדול האָט זיך אָנגערופן:

— קטגור, דו האָסט געהערט דעם באַשלוס פון די געזעץ־אויסטייַטשער. האָסטו עדות, אַז דער מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז, האָט געמאַכט זיינע צוהערער ווידערשפּעניק קעגן דעם ייִדישן גאָט און זיי צוגערעדט צו דינען אָפּגעטער?

— אישי כהן־גדול, איך האָב אויף דער באַשולדיקונג קעגן דעם מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז, נישט קיין עדות, — האָט דער קטגור אָפּגעענטפערט.

— האָסטו עדות אויף וואָסער־עס־איז אַנדער באַשולדיקונג קעגן דעם מאַן, וואָס שטייט פאַר אונדז? — האָט דער כהן־גדול געפרעגט.

— איך האָב נישט מער קיין באַשולדיקונג פאַרצופירן קעגן דעם מאַן, אישי כהן־גדול, — האָט דער קטגור אַרויסגעזאָגט.

מיין רבי האָט שוין געעפנט געהאַט זיין מויל אין טריאומפירנדיקן אויסרוף און ער האָט געזאָגט:

— עס איז גלוי וידוע פֿאַר אַלע, אַז דער מאַן, וואָס שטייט פֿאַר אונדז, האָט דערנענטערט די הערצער פֿון די לײַט צום פֿאָטער אין הימל. בכן לייג איך פֿאַר פֿאַרן הייליקן בית־דין...

אָבער דער כהן־גדול האָט פּלוצלינג זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן זיץ און ער האָט מיט אַ באַוועגונג פֿון דער האַנט איבערגעשלאָגן מײַן רבין, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט געבן אַנצוהערן, אַז דאָס רעכט אופֿצוהייבן די באַשולדיקונג האָט ער נאָר אַליין, אויף וואָס מײַן רבי האָט מיט הכנעה און מיט אַ בייג פֿאַרן כהן־גדול מסכים געווען, און ער האָט אָפּגעהאַלטן זײַנע רייד.

דער כהן־גדול האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ רואיקן טאָן:

— מײַנע לײַט פֿון דעם סנהדרין, הייליקער בית־דין! מיר אַלע האָבן געהערט דעם באַשלוס פֿון די געזעץ־אויסטײַטשער וועגן דער באַשולדיקונג פֿון מסית־ומדיח. מיר האָבן אויך געהערט פֿון מויל פֿון קטגור, אַז קיין אַנדער באַשולדיקונג פֿירט ער נישט פֿאַר קעגן דעם מאַן, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פֿאַר אונדז פֿאַרן משפּט. מיר שליסן, דעריבער, די באַשולדיקונג פֿון קטגור קעגן דעם אָנגעקלאָגטן. אָבער מײַנע לײַט פֿון סנהדרין, — האָט דער כהן־גדול אויפֿגעהויבן זײַן שטים (עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז פֿיל עלטער געוואָרן. ער האָט אויסגעקוקט עלטער פֿון אַלטן חנן. זײַן באָרד איז גרוי געווען, זײַן פּנים — טרויעריק און ערנסט). — מײַנע לײַט פֿון סנהדרין, צי גייט דען דאָ אין דעם אָדער אין יענעם וואָרט, וואָס דער מאַן, וועלכער שטייט פֿאַר אונדז, האָט געזאָגט? צי גייט דאָ בכלל אין ווערטער? עס גייט דאָ אין דעם העכסטן, וואָס איז נוגע אונדזער הייליקייט. ווער איז ער, דער, וואָס שטייט פֿאַר אונדז? מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט און רשות טוט ער און זאָגט די זאַכן? דאָס קאָן אונדז קיין עדות נישט אויפֿקלערן, דאָס קאָן נאָר ער אַליין טאָן. — און דער כהן־גדול האָט געמאַכט אַ טראָט נענטער צום נצרתער און געקוקט אים אין פּנים אַרײַן, נישט צו קענען קיין וואָרט פֿון מויל אַרויסברענגען. ער האָט הויך און לאַנג געאָטעמט, ביז ער האָט געפֿונען דאָס וואָרט, און ער האָט זיך אָנגערופֿן צו ישוע מיט אַ ציטערנדיקער שטימע:

— איך באַשווער דיך בײַם לעבעדיקן גאָט, דו זאָלסט אונדז זאָגן, אויב דו ביסט משיח!

די לשכה האָט געוואַרט. די אַלע, וואָס זײַנען געווען דערבײַ, האָבן געוואַרט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די צײַט האָט אָפּגעשטעלט איר גאַנג און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער פֿון מויל פֿון נצרתער אויף דער פֿראַגע פֿון כהן־גדול.

און דער נצרתער האָט אויפֿגעעפֿנט זײַנע ליפּן און האָט מיט אַ לויטערער שטימע אָפּגעענטפֿערט דעם כהן־גדול, אָבער ער האָט נישט געווענדט זײַן בליק אויפֿן כהן־גדול, נאָר געקוקט מיט זײַנע אויגן אין חלל אַרײַן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער בליק פֿון נצרתער שפּאַרט אַדורך די פֿאַרמאַכטע וואַנט, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אים:

— אַתּה אָמרתּ!

און ווי ער וואָלט אָטעם געשעפּט, האָט ער געמאַכט אַ קליינע הפסקה. באַלד אָבער האָט זיך ווידער געהערט זײַן לויטערע שטים:

— איך זאָג אײַך אָבער: פֿון איצט אָן וועט איר זען דעם בן־אָדם זיצן אין דער רעכטער האַנט פֿון דער גבֿורה און קומען אין די וואָלקנס פֿון הימל!

קײנער פֿון די לײַט פֿון סנהדרין האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פֿון מויל. אַלץ האָט איצט, נאָך די ווערטער, דערוואַרט, אַז דער באַלקן זאָל זיך שפּאַלטן, די הימלען זאָלן זיך עפֿענען, פֿון אויבן זאָל מען קומען באַ־שטעטיקן די רייד, וואָס זײַנען דאָ געזאָגט געוואָרן. גאָרנישט איז געשען. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ געוואַלט־ריס: אין זײַן שאַרלאַך־רויטער מאַנטילע האָט דער כּהן־גדול אײַנגעריסן קריעה. דאָס האָט געבראָכן די מוראדיקע שטילקייט. די אַנדערע האָבן אים נאָכגעטאָן.

— זע... וואָס באַדאַרפֿן מיר נאָך מער עדות? איר האָט אַלע געהערט זײַן לעסטערונג. וואָס דענקט איר? — האָט דער כּהן־גדול געפֿרעגט די אַרומזיצנדיקע סנהדרין.

— בן־מות! האָט זיך אָנגערופֿן דער יינגסטער פֿון סנהדרין אין לעצטן ווינקל. דער שרײַבער האָט אָנגעהויבן פֿאַרשרײַבן.

— בן־מות! — האָט זיך אָנגערופֿן דער צווייטער נאָכן ייִנגסטן.

אָבער דאָ איז אויפֿגעשטאַנען מײַן רבי. עס האָט אים גענומען אַ לאַנגע ווײַל ביז ער איז געקומען צו זיך. ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן האַנט און אויסגערופֿן:

— אישי כּהן־גדול, איך פּראָטעסטיר!

דער כּהן־גדול האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט אָפּצושטעלן די ציילונג.

— וואָס איז דײַן פּראָטעסט, רבי נקדימון? האָסטו נישט געהערט זײַן לעס־טערונג פֿון דער העכסטער הייליקייט?

— דאָס איז נישט קיין לעסטערונג. דער באַשולדיקטער האָט נישט אָנגע־רופֿן דעם שם־המפֿורש. און דאָס געזעץ זאָגט: דער, וואָס לעסטערט, איז נישט פֿריִער חייבֿ, ביז ער דערמאָנט נישט גאָטס נאָמען מיט אַלע זײַנע אויסדרוקן. דער מאַן האָט נאָר געזאָגט דאָס וואָרט „גבֿורה", נישט דעם שם־המפֿורש. לויט אונדזערע געזעצן, איז דאָס חוצפּה כּלפּי שמים און עס קומט אים דערפֿאַר מלקות.

— מיר ווילן הערן די מיינונג פֿון אונדזערע געזעץ־אויסטײַטשער וועגן דער אײַנווענדונג פֿון רבין נקדימון, — האָט דער כּהן־גדול גערופֿן.

טודרוס האָט זיך נישט באַדאַרפֿט וועגן דעם פֿאַרשטענדיקן מיט זײַנע העלפֿער. ער האָט אַליין באַשטימט:

— מיר רעכענען זיך נישט מיט די דינים פֿון די פּרושים בנוגע לעסטערונג. די אויספֿאָרשונג דאָ ווערט געפֿירט אין גײַסט און לויט דער געזעץ־אויסטײַטשונג פֿון די צדוקים. און מיר ווייסן נישט פֿון אַזאַ דין. מיר אַלע זײַנען געווען עדות ווי דער באַשולדיקטער האָט מיט זײַנע ווערטער מחרף־ומגדף געווען דעם הייליקן נאָמען. ער איז, דעריבער, אַ בן־מות!

— אישי כּהן־גדול, מיר זײַנען נישט אַרײַנגעקומען אַהער, אין דער ישיבֿה, צו משפּטן וועמען. מיר זײַנען נאָר אַ ישיבֿה פֿון חקירה ודרישה. און מיר האָבן קיין רעכט נישט אַרויסצוטראָגן פּסק־דינים, — האָט מײַן רבי זיך אָנגערופֿן.

— מיר טראָגן דאָ נישט אַרויס קיין פּסק־דין, רבי נקדימון. מיר האָבן נישט קיין רעכט אַרויסצוטראָגן קיין פּסק־דין, און מיר האָבן אויך נישט קיין רעכט

אים אויסצופירן. אַנדערע האָבן דאָס רעכט דערויף, — האָט דער כהן־גדול אָפּגע־ענטפערט.

— אויב אַזוי, לאָמיר אים פּריילאָזן.

— פּריילאָזן? מיר מוזן אים צושטעלן צום מלכות. דאָס מלכות האָט אים אין אונדזער האַנט איבערגעגעבן, אַז מיר זאָלן מאַכן די חקירה־ודרישה.

— אים צושטעלן צום מלכות. און וואָס דאָס מלכות וועט מאַכן מיט אים, דאָס איז זייער זאַך, נישט אונדזערע, — האָבן אַנדערע געוואָרפן.

— מיט וואָס פאַר אַ באַשולדיקונג, אישי כהן־גדול, וועט איר אים צושטעלן צום מלכות? — האָט מיין רבי געפרעגט.

— מיט דער באַשולדיקונג, וואָס די אויספאָרשונג האָט אויסגעפונען. דאָס, וואָס ער האָט אַליין דאָ געזאָגט, אַז ער איז דער בן־אדם, וואָס זיצט ביי דער רעכטער האַנט פון דער „גבורה", — דאָס הייסט, אַז דער מאַן רעדט איין דאָס פאָלק, אַז ער איז משיח. ווי דען אַנדערש זיינען זיינע ווערטער צו פאַרשטיין?

מיין רבי איז בלייך געוואָרן.

— צום מלכות מיט דער באַשולדיקונג, אַז ער איז משיח? דאָס הייסט דאָך, טויט! ווי אַזוי קאָנען מיר דאָס טאָן? איבערענטפערן אַ נפש אין ישׂראל אין די הענט פון רשע.

— רבי נקדימון, — האָט דער כהן־גדול זיך אַנגערופן, און אויך ער איז בלייך געוואָרן ווי די וואַנט. — ווען מיר זאָלן דעם באַשולדיקטן נישט איבער־געבן צום מלכות, נאָך די ווערטער, וואָס ער האָט אונדז געזאָגט אין אונדזערע אויערן פאַרן גאַנצן בית־דין, הייסט עס, אַז מיר גלויבן אין זיי. אויב אַזוי באַדאַרפן מיר זיך אַלע וואַרפן צו זיינע פיס און אים אויסרופן פאַרן מלך־משיח. קיינער, קיינער האָט ביי אונדז אַזעלכע ווערטער נישט געזאָגט, נישט אַברהם, נישט משה, נישט דוד המלך. הייסט דאָס, אַז ער איז מער פון זיי, מער פון יעדן בשׂר־ודם, העכער פון אַלעמען, אַ צווייטער רשות, חלילה? קאָנט איר גלויבן אין שתי רשויות?

— חלילה! חלילה! חלילה! — האָבן זיך געהערט אויסרופן פון אומעטום.

דער כהן־גדול האָט זיך געווענדט צום רבי נקדימון:

— ביסטו, רבי פון די פּרושים, גרייט צו וואַרפן זיך פאַר דעם מאַן און אים אַנערקענען פאַר דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער איז?

— חלילה! — האָט מיין רבי אויסגערופן — אָבער אישי כהן־גדול, איך באַדאַרף אים נישט אַנערקענען פאַר דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער איז. איך באַדאַרף אים אָבער אויך נישט איבערענטפערן אין די הענט פון אַ רשע, וואו ער איז אַ זיכערער בן־מות!

— רבי נקדימון, מיר, צדוקים, גלויבן נישט אין קיין משיחים. אָבער דו, פּרוש, וואָס דו גלויבסט יאָ אין משיח, זאָלסט אַזוינס זאָגן? משיח פירט אויס זיינע רייד, אַנישט שטאַרבט ער פאַר זיי. קיין דריטער וועג איז נישט פאַראַן פאַר אַ משיח. פרעג דעם באַשולדיקטן, וועט ער עס דיר זאָגן. אויב ער גלויבט באמת, אַז ער איז משיח, וועט ער עס באַווייזן מאָרגן פאַרן משפּט פון פּילאַטוס.

אָבער מיין רבי האָט נישט נאָכגעגעבן:

— אישי כהן־גדול, אונדזער תּורה האָט געזאָגט: „על תעמוד על דם רעך!״ דאָס, וואָס איר גייט דאָ טאָן, איז: איבערגעבן אַ נפש פֿון ישׂראל אין די הענט פֿון די גויים. האָט דער מאַן געשולדיקט קעגן אונדז, האָט ער געשולדיקט קעגן דעם ייִדישן דת, און מיר וועלן זײַן די שופֿטים. פֿון ווען אָן לאָזט ישׂראל פֿרעמדע אַרײַן אין זײַן גאָרטן, אַז זיי זאָלן פֿאַר אים דאָס ווילדקרויט אויסרײַסן? ישׂראל רייניקט זײַן גאָרטן אַליין אויס. „ובערת הרע מקרבך״, דו זאָלסט עס טאָן, נישט קיין פֿרעמדער. איך פֿאָדער, בכן, אויף די רבנים און די חכמים, וואָס זײַנען דאָ פֿאַרזאַמלט אין דער ישיבֿה, נישט איבערצוענטפֿערן אַ נפש אין ישׂראל אין די הענט פֿון אדום, נאָר אָפּצולייגן דעם גאַנצן ענין ביז נאָך יום־טובֿ. דעמאָלט וועלן מיר פֿאַררופֿן אַ משפּט־צדק פֿון די סנהדרין און מיר וועלן אַרויסגעבן אַ פּסק־דין, לויט דער תּורה־הקדושה.

די רייד פֿון מײַן רבין האָבן געמאַכט אַן אײַנדרוק. אויך ר׳ בי אליעזר, דער זון פֿון כהן־גדול חנן, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און זיך אָנגערופֿן:

— אישי כהן־גדול, מיטן רשות פֿון מײַן פֿאָטער דעם כהן־גדול, וועל איך דאָ זאָגן, אַז די רייד פֿון דעם רבין פֿון די פּרושים, רבי נקדימון, קלינגען גוט אין מײַנע אויערן. קעגן דעם ייִדישן דת איז דאָס פֿאַרברעכן באַגאַנגען: גאָט איז געלעסטערט געוואָרן, דער בית־המקדש פֿאַרשעמט, די כּהנים באַליידיקט, — דאָס איז אונדזער ענין. לאָמיר אויסבאַהאַלטן די גאַנצע זאַך פֿון מלכות. וואָס האָט דאָס מלכות דערמיט צו טאָן? פֿאַרן משפּט פֿון ישׂראל באַדאַרף מען שטעלן דעם באַשולדיקטן.

נאָר דאָ האָט זיך אויפֿגעהויבן דער אַלטער כהן־גדול חנן. אַלץ איז שטיל געוואָרן. ער האָט זיך גלײַך געמאַכט די באָרד און האָט אָנגעהויבן מיט נחת, אין אַ רואיקן טאָן, ווי זײַן געוואוינהייט איז געווען:

— אישי כהן־גדול, מיטן רשות פֿון די כּהנים און די חכמים וועל איך זאָגן: מיר קאָנען נישט אויסבאַהאַלטן לענגער די זאַך פֿון מלכות, און עס איז נישט אין אונדזער רשות די זאַך אויסצובאַהאַלטן לענגער. מיר האָבן זיך געמיט, עס איז אונדז נישט געלונגען. עס איז גלוי וידוע פֿאַר אַלעמען, אַז וואָכן און חדשים, דעם גאַנצן ווינטער, האָט דער באַשולדיקטער זיך אַרומגעדרייט אין בית־מקדש־הויף. ער האָט געלערנט אין די לשכות. מיר האָבן אים נישט געשטערט. עס זײַנען דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן ווערטער, וואָס ער האָט געוואָרפֿן, ר׳מזים, וואָס ער האָט געגעבן וועגן זײַן משיחות. מיר האָבן נישט געקוקט דערויף, מיר לייגן נישט קיין אַכט אויף רמזים. עס איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן פֿון די ביטערע רייד, וואָס ער האָט געפֿירט קעגן די תּלמידי־חכמים, קעגן די סופֿרים און די זקנים, סײַ אונדזערע, פֿון די צדוקים, סײַ זייערע, פֿון די פּרושים. מיר האָבן עס פֿאַרשוויגן. מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו זײַנע מעשׂים און צוגעהערט צו זײַן תּורה, וואָס ער האָט געלערנט. מיר האָבן געמיינט, אַז ער איז אַ רבי פֿון די פּרושים, פֿון הויז פֿון הלל, וועלכער פּרעדיקט וועגן תּחית־המתים און דרשנט וועגן דער צײַט פֿון משיח. און ווען אַפֿילו זיי זײַנען נישט געווען אין אונדזער גײַסט, האָבן מיר אים נישט פֿאַרווערט, ווײַל מיר האָבן געגלויבט, אַז ער דער־נענטערט דורך זײַנע שיינע דרשות און משלים די הערצער פֿון די פּשוטע לײַט צום פֿאָטער פֿון הימל, האַלט זיי אָפּ פֿון שלעכטע מעשׂים און לאָזט זיי נישט

אַרײַנפֿאַלן אין דער נעץ פֿון פֿאַראַט און סכּנה, וואָס בר־אבא האָט געצויגן איבער זיי. אַזוי איז עס געווען אַ גאַנצן ווינטער. פֿאַר פּסח, ווען די לײַט האָבן אָנגעהויבן קומען עולה־רגל־זײַן, זײַנען מיר געוואָר געוואָרן, אַז בר־אבא פּלאַנט אַרויסצורופֿן אַן אויפֿשטאַנד אין די פּסח־טעג און זאַמלט פֿאַר דעם צוועק אײַן פֿיל געווער און מענטשן. מיר האָבן געפֿונען פֿאַר נויטיק צו וויסן צו לאָזן וועגן דעם דאָס מלכות, כּדי נישט צו ברענגען די סכּנה פֿון דער שווערד איבערן גאַנצן פֿאָלק, דאָס מלכות זאָל נישט זאָגן, אַז מיר זײַנען אין איין בונד מיט בר־אבאן. אין דער צײַט, ווען די געמיטער זײַנען אַזוי אויפֿגערעגט, ווען דאָס מלכות קוקט מיט פֿאַר־דאַכט אויף אונדז און זוכט נאָר אַ קלייניקייט אַרויסצורופֿן אַ בלוטבאָד, האָט דער באַשולדיקטער געלאָזט זיך פֿירן איבער די גאַסן אין ירושלים און אויסרופֿן זיך פֿאַר דעם קעניג פֿון די ייִדן. נאָך ווינציק, — ער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין בית־מקדש אַרײַן און מיט אַ שטריק אין האַנט צעטריבן די טויבן־הענדלער און געלט־ווועקסלער, וואָס מיר האָבן אויפֿגעשטעלט פֿאַר דער באַקוועמלעכקייט פֿון די עולי־רגלניקעס, צעשטערט די אָרדענונג, וואָס איז בחזקה פֿון דורות. ער האָט אַרויסגערופֿן אומרוען, האָט אָנגערופֿן דאָס בית־מקדש אַ הייל פֿון מערדער, געזידלט די כּהנים, די חכמים, די סופֿרים. און ווען מיר האָבן געשיקט צו אים שליחים און געפֿרעגט אים: „זאָג אונדז, מיט וואָס פֿאַר אַ מאַכט טוסטו די זאַכן? גיב אונדז אַ צייכן דערויף, וועער דו ביסט!" — האָט ער איבערגעלאָזט אונדזער אָנגעסטלעכע פֿראַגע אָן אַן ענטפֿער. מיינט איר, רבנן ורבותי, אַז דאָס מלכות ווייסט נישט דערפֿון? דאָס מלכות ווייס דערפֿון, ווייס אַלצדינג, עס ווייס אַפֿילו, אַז מיר, אַנשטאָט אים פֿעסטצונעמען, האָבן געשיקט שליחים צו אים. דאָס מלכות ברענגט אונדז אַרײַן אין איין בונד מיט אים. עס האָט געפֿאָדערט פֿון אונדז מיט דראָאונג און אַ שטאַרקן אָרעם, אַז מיר זאָלן אים פֿעסטנעמען און אויסליפֿערן. דאָס מלכות האָט געשיקט דעם טריבון, דעם הגמון איבער ירו־שלים, מיט אַ גאַנצער קאָהאָרטע רוימישע לעגיאָנערן, צוזאַמען מיט אונדזערע לײַט, אים פֿעסטצונעמען. איצט ווילט איר אים אויסבאַהאַלטן פֿון מלכות? מײַנע לײַט, אויב ירושלים איז אײַך טײַער און איר ווילט אויסהיטן פֿון אַ בלוט־פֿאַרגיסונג אין בית־מקדש־הויף; אויב איר ווילט, אַז דער בית־מקדש זאָל איבער יום־טובֿ נישט פֿאַראומרייניקט ווערן מיט פּגרים פֿון געפֿאַלענע לײַט, גיט אַרויס דעם מאַן צום מלכות. איז ער דאָס, וואָס די לײַט זאָגן, אַז ער איז, איז ער דאָס, וואָס ער אַליין זאָגט, אַז ער איז, ווי מיר האָבן איצט געהערט, זאָל ער עס באַ־ווײַזן. — און ער האָט זיך געווענדט צו רבי נקדימון: — רבי נקדימון, דו ביסט אָפּטמאָל געגאַנגען צו דעם מאַן, אָפֿן און באַהאַלטענערהייט. מיר ווייסן דאָס. און דו האָסט געפֿאָדערט פֿון אים אַ צייכן. אין נאָמען פֿון די ייִדן האָסטו גע־פֿאָדערט פֿון אים אַ צייכן, אַז ער זאָל דיר באַווײַזן, ווער ער איז, אַזוי ווי משה האָט אונדז אָנגעזאָגט, אין פֿאַל אַ נבֿיא וועט זיך באַווײַזן. ער האָט דיר דעם צייכן אָפּגעזאָגט. איצט האָסטו אים. פּילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן.

און שטימעס האָבן זיך געהערט פֿון אַלע בענק פֿון סנהדרין:

— פּילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן!

און די תּלמידים אויף די בענק האָבן געשריען:

— פּילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן!

און אַפילו די משרתים פון כהן־גדול, די קנעכט, וואָס האָבן אים געהאַלטן, די שמשים פון סנהדרין, אַלע האָבן זיי געשריען:

— פילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן!

— אישי כהן־גדול! — האָט מײַן רבי איבערגעשריען — דאָס הייסט דאָך פּרוואון גאָט!

— ניין, נישט אין דעם פאַל. אין דעם פאַל הייסט דאָס — נישט גאָט פּרוואון, נאָר אים, — האָט דער כהן־גדול אָנגעוויזן אויף ישועַן. — די לײַט זאָגן, אַז ער איז אליהו הנביא, זאָל ער באַווײַזן, אַז ער איז דאָס, ווי אליהו האָט דאָס באַוויזן.

— אישי כהן־גדול, מען שטעלט נישט אײַן קיין לעבנס אויף נסים! — האָט מײַן רבי אויסגערופן.

— אויך אליהו הנביא האָט עס אײַנגעשטעלט! מיינסטו נישט, רבי נקדימון, אַז ווען דאָס וואַסער וואָלט געווען פאַרפעלט אַרונטערצוקומען פון הימל בײַ די נביאי־בעל, אויפן כרמל, וואָלט אליהו נישט געווען אַ בן־מות פון אַחאבס האַנט? און דאָך איז ער געגאַנגען. זאָל דער נײַער אליהו באַווײַזן זײַן נס קעגן די נביאי־בעל. אויב ער קאָן דאָס נישט באַווײַזן, דעמאָלט איז „בעסער, אַז איין מענטש זאָל אומגעבראַכט ווערן, איידער דאָס גאַנצע פאָלק".

און בײַ דעם איז עס געבליבן.

דער סגן האָט געגעבן אַ באַפעל, — און די משרתים פון כהן־גדול האָבן דעם רבין פון נצרת אָפּגעפירט פון סנהדרין.

אַז מיר זײַנען אַרויסגעקומען אויפן הויף פון כהן־גדול, האָט שוין אָנגעהויבן צו גרויען אויף טאָג. אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן און פאַריאָגט די נאַכט־וואָלקנס מיט אַ רויער און מעכטיקער האַנט. אַ נעפּל פון מילכיקער גרויקייט איז געהאַנגען אין דער לופטן. דאָס פײַער פון האָלץ פאַרן כהן־גדולס וואַך האָט געהאַלטן אין אויסגיין.

מיר האָבן געזען, ווי די זעלנער פון דער קאָהאָרטע, געפירט פון זייער הויפּט־מאַן, האָבן אַרויסגעבראַכט דעם נצרתער פון דעם כהן־גדולס הויף, שוין אַ גע־בונדענעם. צווישן זייערע העלמעטן און שילדן, צווישן שווערדן און פאַסעקס האָט אין דער מאַרגנדיקער בלייכקייט זיך געגרויט זײַן ווײַס קלייד. דאָס קלייד האָט אָנגענומען אַ געלביק־קרעמיש ליכט, נאָר עס איז נאָך געווען ריין און האָט אויסגעזען ווי אַ ווײַסע שוואַם, וואָס איז דאַרשטיק אײַנצוזאַפּן אין זיך געטראַנק, ווי אַ פריש־צעאַקערט פעלד, וואָס גלוסט אויפצוגיין אין בלומען.

די זעלנער און דער הויפּטמאַן זײַנען געווען מיט ישועַן פון נצרת אויפן וועג צו פילאַטוסן.

אין דרויסן, פאַר דער טיר פון כהן־גדול, האָבן מיר אויך אָנגעטראָפן אויף שמעונען. ער איז געשטאַנען, דאָס פנים אײַנגעגראָבן אין דעם צאָם פון כהן־גדולס הויז, און האָט געוויינט.

פון די טורעמס אויף די מויערן, וואָס רינגלען אַרום דעם בית־מקדש, האָבן מיר געהערט די זילבערנע טראָמפּייטן בלאָזן. די טויערן פון בית־מקדש האָבן זיך אויפגעעפנט.

— קאָנסטו פאַרציילן, הגמון, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיטן נצרתער בײַם משפט פאַר פילאַטוסן?

# 24

דער הגמון האָט אָנגעהויבן:

— מיר האָבן געפֿירט דעם באַשולדיקטן אין פּראָקוראַטאָריום. פּילאַטוס האָט זיך אויפֿגעהאַלטן איבער יום־טובֿ נישט אין דער אַנטאָניא, נאָר אין הורדוסעס פּאַלאַץ, וואו עס האָט זיך אויך געפֿונען אין הויף אַ גענוג גרויסער לאַגער צו קאָנען דאָרט האַלטן אין רעזערוו אונדזערע קאָהאָרטעס פֿאַר יעדן צופֿאַל. די שעה איז נאָך געווען פֿרי. עס איז נאָך געווען פֿאַר דער ערשטער שעה פֿון טאָג, און דער טאָג האָט נאָך שווער געקעמפֿט מיט דער נאַכט.

דער וועג פֿון כּיפֿאָס פּאַלאַץ צום פּראָקוראַטאָריום איז נישט געלעגן ווײַט. זיי האָבן בײדע זיך געפֿונען אין דעם אויבערשטן טייל שטאָט. דאָס פּראָקוראַטאָריום, דער פּאַלאַץ פֿון הורדוס, איז געווען דער לעצטער טורעם־פּאַלאַץ פֿון די דרײַ, און איז געלעגן אין צפֿון־זײַט, בײַם אָפּנייג פֿון באַרג. אין פּאַלאַץ איז נאָך אַלץ געשלאָפֿן. און מיר האָבן דעם אַרעסטירטן אַרײַנגעפֿירט אין די קעלער־תּפֿיסות, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין הויף, אין דעם לאַגער פֿון די סטאַציאָנירטע קאָהאָרטעס. דער צווייטער געפֿערלעכער פּאָליטישער געפֿאַנגענער, בר־אבא, איז שוין דעמאָלט געווען פֿאַרהאַלטן אין דעם זעלבן קערקער, וואו ער האָט אויסגעוואַרט אויף פּילאַטוסעס משפּט.

עס איז קיין צײַט נישט געווען צוצושמידן די הענט פֿון דעם באַשולדיקטן צו די רינגען און קייטן אין דער וואַנט פֿון קערקער, ווי עס האָט זיך געפֿאָדערט, ווײַל מיר האָבן זיך גערעכנט, אַז מיטן אויפֿבראָך פֿון טאָג, אין די ערשטע שעהן, זאָל דער משפּט זיך אָנהויבן. מיר האָבן אים געלאָזט אין קעלער־לאָך אַזוי ווי ער איז געווען, אַ געבונדענעם. אין דער תּפֿיסה איז געווען טונקל, ווײַל זי האָט זיך געפֿונען אין די געמויערטע, טיפֿע קעלערס, וואָס ליגן אונטער די געביידעס פֿון פּאַלאַץ. איידער מען האָט אים אַרײַנגעפֿירט, האָט די פֿרימאָרגן־זון געוואָרפֿן אַ שײַן אויף זײַן פּנים, און איך האָב עס געזען.

אין מײַן לאַנגער קאַריערע אין דינסט פֿאַרן קייסער, איז מיר אויסגעקומען נישט איינמאָל צו קוקן דעם טויט אין פּנים אַרײַן: איך האָב געזען לײַט, וועלכע מען האָט אַרויסגעפֿירט צו קרייציקן; לײַט, וואָס מען האָט פֿאַרשיקט אויף צוואַנג־אַרבעט אין אַ שקלאַפֿן־שיף; מענטשן, וואָס מען האָט אַרײַנגעפֿירט אין די אַרענעס צו די ווילדע חיות, — נאָר קיינמאָל נאָך אין מײַן גאַנצער קאַריערע פֿון שיקן מענטשן צום טויט האָב איך נישט געזען אַזאַ אויסדרוק פֿון צער און אומעט, פֿון האָפֿענונגלאָזיקייט און פֿון בענקשאַפֿט נאָכן לעבן, ווי איך האָב דאָס געזען אויפֿן בלייכן, דערשראָקענעם פּנים פֿון דעם יונגען מענטשן. דער געוואַלד פֿון שרעק האָט אין אויגנבליק פֿאַרשטיינערט די מוסקולן פֿון זײַן פּנים. זײַנע אויגן זײַנען גרויס געוואָרן און דערשראָקן, ווי זיי וואָלטן געווען געקוקט אין דער טיפֿעניש פֿון אָפּגרונט, אין וועלכן זײַן קערפּער האָט צו פֿאַלן. שווער זײַנען געווען זײַנע אַקסל און געדריקט צו דער ערד. און איך האָב געטראַכט פֿאַר זיך: דאָס זאָל עס זײַן זייער גואל? דאָס זאָל עס זײַן זייער באַפֿרײַער? אַ מאַן, וואָס שרעקט זיך פֿאַרן טויט? דאָס איז דאָך פּחדנות.

— ניין, דאָס איז נישט געווען קיין פּחדנות, נאָר רחמנות, — האָב איך אויס־געשריען.

— רחמנות? וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט מיך דער הגמון געפֿרעגט.

— ער האָט געטראָגן דעם פּײַן און די יסורים פֿון אַלע אַנדערע, וואָס ווערן געוואָרפֿן אין די פֿינצטערע קעלערס. אויף זײַנע פּלייצעס האָט ער געטראָגן די מזלות פֿון די אַלע, וואָס מען האָט באַרויבט פֿון האָפֿענונג. ער האָט מיטגעווייטיקט אין דער מינוט מיט די אַלע, וואָס ווערן געפֿירט אין דער אייביקער נאַכט אַרײַן. דאָס איז געווען די טרויעריקייט, וואָס דו האָסט געזען אויף זײַן פּנים, הגמון, בשעת דו האָסט אים אַראָפּגעפֿירט אין קעלער.

— זאָל זײַן אַזוי, — האָט מיר דער הגמון אָפּגעענטפֿערט נישט גלויבנדיק.

— אין יעדן פֿאַל, מיר האָבן אים דאָרט נישט לאַנג געהאַלטן. די טראָמפּייטן האָבן געבלאָזן, און מיר האָבן באַלד דערזען פּילאַטוסן אין זײַן ברייטער, דיקער, גע־שטאַלט, ווי זײַן גאַנצער גראַניט־מאַסיווער קערפּער וואָלט געווען אָנגעפּילט מיט שטאָלץ און אייגנליבע, אַרונטערקומען מיט זײַן סוויטע פֿון די ברייטע טרעפּ, פֿון די אינעווייניקסטע געמעכער, צום פּרעטאָריום. דאָס פּרעטאָריום האָט מען גערופֿן די פּלאַטפֿאָרמע, וועלכע איז געווען הויך־אויפֿגעשטעלט אונטער דעם פֿרײַען הימל, אין דעם אינעווייניקסטן הויף פֿון פּאַלאַץ. אין דעם פּרעטאָריום האָט פּילאַטוס אויפֿגענומען עפֿנטלעך גרויסע דעפּוטאַציעס, ווען ער האָט נישט געוואָלט זיי אַרײַנפֿירן אין די אינעווייניקסטע געמעכער, און אויך אָפּהאַלטן עפֿנטלעכע משפּטים. אַן אַנדערש מאָל, ווען פּילאַטוס פֿלעגט אָפּהאַלטן אַן עפֿנט־לעכן משפּט אין דעם אינעווייניקסטן פּרעטאָריום, פֿלעגן די לײַט אַרײַנקומען אין הויף אַרײַן. הײַנט אָבער האָט אין דעם אינעווייניקסטן הויף קיינער פֿון די ייִדן זיך נישט געפֿונען, אַוודאי צוליב דעם יום־טובֿ. פֿיל פֿון זיי האָבן נאָך נישט געהאַט געבראַכט זייער קרבן־פּסח, האָבן זיי נישט געוואָלט אַרײַנקומען אין דעם אינעווייניקסטן הויף פֿון פּראָקוראַטאָריום, מחמת מורא, אַז זיי זאָלן זיך נישט צורירן צו עפּעס אומריינס און דורך דעם אויך אומריין ווערן און נישט קאָנען אויפֿגיין אין בית־מקדש אַרײַן. אַפֿילו די שליחים און די משרתים פֿון כהן־גדול, וועלכע זײַנען מיטגעקומען מיט אונדז אונטערשטיצן די אָנקלאַגע קעגן דעם מאַן פֿאַר פּילאַטוסן, זײַנען אויך געבליבן הינטער דעם טויער וואַרטן. דערפֿאַר אָבער האָבן מיר שוין געהערט אַ המון־געמורמל און אַ רוישן, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען צו אונדז דורך די שווערע, דיקע מויערן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם הויף פֿון פּראָקוראַטאָריום. עס זעט אויס, אַז אין שטאָט איז מען שוין געוואָר געוואָרן, וואָס עס איז דורך דער נאַכט פֿאָרגעפֿאַלן. האָבן זיי אָנגעהויבן זיך זאַמלען פֿאַר די טויערן פֿון פּראָקוראַטאָריום אָפּצוּוואַרטן דעם אויסגאַנג פֿון משפּט און אויך פֿאָדערן פֿון פּילאַטוסן די באַפֿרײַאונג פֿון איינעם פֿון די פֿאַראורטיילטע, ווי עס איז געווען דער מנהג פֿון פּראָקוראַטאָר פֿרײַצולאָזן אַ פֿאַרמשפּטן פֿאַרברעכער לכּבֿוד יום־טובֿ. עס זעט אויס, אַז עס האָבן אין דרויסן גאַנץ פֿרי אָנגעהויבן זיך זאַמלען די אָנהענגער פֿון בר־אבא, וואָרעם איידער דער משפּט פֿאַר פּילאַטוסן האָט זיך אָנגעהויבן אין פּרעטאָריום, האָבן מיר שוין אין דרויסן געהערט רופֿן דעם נאָמען — בר־אבא.

אויף דעם פּרעטאָריום איז שוין געווען אַלץ אײַנגעאָרדנט צום משפּט, — די גרויסע שטול פֿאַר פּילאַטוסן, די קלענערע — פֿאַר די טריבונען און די שרײַבער. פֿיל פֿון אונדזערע לעגיאָנערן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין לאַגער, זײַנען צוגעצויגן געוואָרן פֿון נײַגעריקייט צו זען די ייִדישע אויפֿשטאַנד־אויפֿרודערער, וועלכע מען ברענגט פֿאַר פּילאַטוסן, און זײַנען אַרײַנגעקומען פֿון די מיליטער־הויפֿן צום פּרעטאָריום.

פּילאַטוס איז געווען שלעכט אויפֿגעלייגט דעם פֿרימאָרגן. איך האָב עס באַלד דערקענט אויף אים אין די שווערע, שוואַרצע ברעמען, וועלכע זײַנען ווי בעזעמער אַראָפּגעהאָנגען איבער זײַן באַקעטן פּנים, און אין זײַנע בייזע, אומטרוילעך קוקנדיקע אויגן. ער האָט געהאַט אַן אומרואיקע נאַכט. דעם אָוונט צופֿרי̇ער האָט זײַן נײַער עגיפּטישער קאָכער, וועלכער האָט געוואָלט באַווײַזן זײַן קאָך־קונסט, אָנגעפּילט די פֿאַזאַנען, — אַ מתּנה פֿון כּהן־גדול אויף יום־טובֿ, וואָס מען האָט געלאָזט ברענגען פֿון זייער ווײַט, — מיט אַ נײַער פֿעטער געפּילעכץ. פּילאַטוס און זײַנע געסט האָבן פֿאַרטרונקען די געשטאָפּטע פֿייגל מיט ציפּרעסן־ווײַן, און זיי האָבן אַלע זיך פֿאַרדאָרבן דעם מאָגן (יעדעס מאָל, ווען פּילאַטוס האָט זיך געפֿונען אין ירושלים, האָבן מיר אַלע אין הויף פֿון די עסנס זיך פֿאַרדאָרבן דעם מאָגן). אין יעדן פֿאַל, פּילאַטוס איז נישט געווען אין גוטן מוט און האָט געוואָלט זיך אָפּפּטרן מיטן משפּט וואָס צום שנעלסטן. עס האָט אים אויך איריטירט דער ליאַרעם, וואָס די ייִדעלעך מאַכן אין דרויסן, אויף דער גזיתא, אויף דער גע־פּלאַסטערטער פּלאַטפֿאָרמע, וואָס שטרעקט זיך אויס פֿאַר דעם פֿאַסאַד, בײַם אַרײַנגאַנג אין פּאַלאַץ.

ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ריכטער־שטול, איז זײַן גרויס לײַב געווען אינגאַנצן אָנגעשוואָלן מיט שלעכטס, מיט גאווה, מיט אייגנליבע. זײַן ברייט מויל אויפֿגעעפֿנט, גאָווערדיק, האָט ער אַ געלאַנגווײַלטן צייכן געגעבן מיט דער האַנט אָנצוהייבן די משפּטים.

די וואַך האָט פֿאַרגעפֿירט פֿאַר אים דעם באַנדע־רויבער, בר־אבאַן. בר־אבאַס גרויסער, מעכטיקער קאָפּ איז געווען אַראָפּגעבויגן צו דער ערד איבער דעם שווערן קאַרק־רינג, וואָס איז געהאָנגען אויף זײַן האַלדז, ענג פֿאַרצויגן צו זײַנע פֿיס. ער האָט געוואָרפֿן זײַן קאָפּ ווי אַן אָקס. זײַן ברייטער ברוסט־קאַסטן איז אויפֿגעפּראַלט געווען. די באָרד זײַנע האָט מען נישט געזען, אַזוי טיף האָט די האַלדז־קייט געהאַלטן זײַן קאָפּ אַראָפּגענידערט צו דער ערד. פּילאַטוס האָט אים נישט געשענקט קיין בליק.

ער האָט געפֿרעגט דעם טריבון, אין וואָס באַשטייט זײַן פֿאַרברעכן.

דער טריבון קעגן בר־אבאַן איז געווען דער אַלטער פּרעטאָניוס. ער האָט פֿאַרגעשטעלט דעם אָנגעקלאָגטן פֿאַר אַ רויבער, אַ מערדער און רעבעל:

— ער האָט געזאַמלט לײַט אַרום זיך און זיי זײַנען באַפֿאַלן דורכפֿאָרער אויף די וועגן, האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין הײַזער, צוגערויבט פֿאַרמעגנס, געזאַמלט געווער און, צולעצט, זיך פֿאַרמאָסטן צו מאַכן אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים אין די פּסח־טעג, וואָס עס איז אויפֿגעדעקט געוואָרן מיט אַ פּאָר טעג פֿרי̇ער. בײַם פֿעסטנעמען די רויבער זײַנען אַ צאָל לעגיאָנערן געפֿאַלן אין קאַמף מיט דער באַנדע.

— שמײַסן און קרייציקן! און זײַן טויטער קערפּער זאָל בלײַבן הענגען אויפֿן קרײַץ, ביז וואַנען די פֿייגל וועלן אים אויפֿעסן.

מען האָט בר־אבאן אָפּגעפֿירט.

אײדער מען האָט אָבער פֿאַרגעפֿירט פֿאַר פּילאַטוסן דעם צווייטן געפֿאַנגענעם, איז עפּעס וואָס געשען. אַ קנעכט איז צוגעקומען צו אים, האָט געקניט און באַוויזן אים פֿאַר די אויגן אַ טאָוועלע. פּילאַטוס האָט אַדורכגעלייענט דאָס אויפֿגעשריבענע. ער האָט געגעבן אַ וואונק צו מיר און באַוויזן מיר דאָס טאָוועלע.

עס איז געווען אַ שליחות פֿון זײַן פֿרוי, קלאַודיאַ, און עס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„דײַן האַנט זאָל נישט זײַן אויף דעם גערעכטן. איבער אים האָב איך הײַנטיקע נאַכט זייער פֿיל געליטן".

איך מוז דיר דערקלערן, וואָס עס איז געשען אין דער נאַכט.

איך האָב דיר אָנומלטן פֿאַרציילט פֿון אַ ייִדישער פֿרוי, וועלכע מיר האָבן אָנגעטראָפֿן אין רוים אין דער העכסטער געזעלשאַפֿט. מען האָט זי גערופֿן „די שוואַרצע חנה". זי האָט זיך געדרייט אין די אײַנפֿלוסרײַכע הײַזער פֿון סענאַטאָרן, אַריסטאָקראַטן, וואו זי האָט פֿאַרקויפֿט צו די רײַכע מאַטראָנעס ליבע־וואַסערלעך, כּשוף־רייצן, זאַלבן, פּערפֿומען און אַנדערע אָריענטאַלישע קאָסמעטיק, און דערבײַ אויך אַרײַנגעשלײַכט די אמונה צו איר ייִדישן גאָט. זי האָט געהאַט גרויס אײַנפֿלוס אין רוים צוליב דעם צוטרוי פֿון די רײַכע פֿרויען. אויך פּילאַטוס האָט אַמאָל זיך באַנוצט מיט איר אײַנפֿלוס אויף דער קליינער קלאַודיאַ, ווען ער האָט זיך געשדכנט צו איר.

אָט די שוואַרצע חנה האָט אין דער צײַט זיך געפֿונען אין ירושלים. זי איז געווען איינע פֿון די ערשטע אָנהענגערינס פֿון דעם ישוע הנוצרי, וואָס ער האָט אַזויפֿיל געהאַט צווישן פֿרויען. אין די פּאָר טעג, וואָס פּילאַטוס און קלאַודיאַ האָבן זיך געפֿונען אין ירושלים, האָב איך זי זייער אָפֿט אָנגעטראָפֿן אין דעם פּראָקוראַטאָריום, וואו זי האָט באַנײַט איר אַלטע באַקאַנטשאַפֿט מיט קלאַודיאַ און געטראָגן צו איר כּשוף־געטראַנקען. אָט די שוואַרצע חנה האָט דאָס גערעדט מיט קלאַודיאַן וועגן די וואונדערלעכע מעשׂים, וואָס איר רבי טוט, וועגן זײַן קראַפֿט, וואָס ער האָט איבער גײַסטער און מענטשן, וועגן זײַן כּוח אויפֿצואוועקן מענטשן פֿון די גריבער, היילן קראַנקע און פֿאַרשילטן ביימער.

שוין עטלעכע מאָל האָט מיר קלאַודיאַ געהאַט געפֿרעגט וועגן מײַן רבין. זינט זי האָט אָנגעטראָפֿן אויף זײַן פּראָצעסיע איבער די גאַסן, בשעת מען האָט אים געפֿירט אויפֿן אייזעלע אין בית־מקדש אַרײַן, האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן אים. די ייִדישע פֿרוי האָט אַזוי געווירקט מיט אירע מעשׂיות אויף קלאַודיאַס פֿאַנטאַזיע, אַז אַפֿילו נאָך נעכטן, ווען זי האָט געהערט, אַז פּילאַטוס פֿאַרלאַנגט פֿון די כּהנים־גדולים די אויסליפֿערונג פֿון דעם מאַן, האָט זי געפּרוּווט צו אינטערווענירן. די אַנגסט־שרעק פֿאַרן רבין, וואָס די ייִדישע פֿרוי האָט אַרײַנגעיאָגט אין איר, האָט אוודאי אַרויסגערופֿן איר בײַנאַכטיקע פֿײַניקונג. הײַנט גאַנץ פֿרי האָט מען באַמערקט די שוואַרצע חנה אַדורכשלײַכן זיך דורך דעם טויער פֿון פּראָקוראַטאָריום. זי איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם אַרעסט פֿון איר רבין, איז זי געקומען צו אינטערווענירן בײַ איר פּאַטראָנעסע. און דאָס בריוול,

וואָס קלאַודיאַ האָט צוגעשיקט צו פּילאַטוסן, איז עס געווען דער שוואַרצער חנהס אַרבעט.

האָב איך זיך אָנגערופֿן צו פּילאַטוסן:

— נאָך הײַנט אין דער פֿרי האָב איך די שוואַרצע חנה געזען אַדורשלײַכן זיך דורך דעם הויף פֿון פּראָקוראַטאָריום.

— יאָ, די פֿרוי האָט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף קלאַודיאַן. מען באַדאַרף זי לאָזן אַדורכשמײַסן פֿון די לעגיאָנערן, ווען זי וועט זיך נאָך אַמאָל באַווײַזן אין פּראָקוראַטאָריום, — האָט פּילאַטוס געזאָגט און אָפּגעוואָרפֿן דעם קנעכט מיטן טאַוועלע פֿון זיך.

— פֿאַרפֿירן דעם פֿאַרברעכער! — האָט ער באַפֿוילן.

מען האָט פֿאַר פּילאַטוסן פֿאַרגעפֿירט ישוע הנוצרי, וועלכן איך האָב געלאָזט אַרויסברענגען פֿון דער תּפֿיסה. ער האָט שוין נישט געהאַט דעם מוראדיק־טרויעריקן אָנבליק אין זײַנע אויגן. מערקווירדיק, איך האָב איצט באַמערקט אין זײַן פּנים אַ רואיקייט און אַ שטילקייט. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער איז דורך דער קלײנער שעה, וואָס מיר האָבן אים געהאַלטן אין דער קעלער־תּפֿיסה, נאָך דינער געוואָרן. ער האָט אויסגעקוקט, ווען ער איז געשטאַנען אין זײַן ווײַסן כאַלאַט פֿאַר פּילאַטוסן, ווי אַ קינד, וואָס מען האָט אָנגעטאָן אין צו גרויסע קליידער. ער האָט אויף אַלעמען געקוקט, אַחוץ אויף דעם מאַן, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער זײַן טויט און לעבן. דער אָנגעקלאָגטער האָט זײַן שופֿט גאָרנישט באַמערקט, ווי ער וואָלט נישט געווען פֿאַר אים.

פּילאַטוס האָט אַ ווײַל זיך אַמוזירט, באַטראַכטנדיק דעם באַשולדיקטן.

— אַ גלילער? — האָט ער מיך געפֿרעגט.

— יאָ.

— איך האָב עס מיר אַזוי געטראַכט.

קעגן דעם גלילער בין איך געווען דער טריבון.

איך האָב פֿאַרגעשטעלט דעם עסק פֿאַר פּילאַטוסן.

— ווען דער מערדער בר־אבא איז געווען דער אָרגאַניזירער פֿון דעם אויפֿשטאַנד, — האָב איך געזאָגט, — איז אָט דער פֿאַרברעכער געווען זײַן גײַסטיקער אָנפֿירער. ער איז פֿיל געפֿערלעכער ווי בר־אבא, ווײַל בר־אבא קאָנען מיר בײַקומען. דער רײַסט זיך אַרײַן אין דעם האַרץ און אין דער נשמה פֿון זײַנע גלויביקע, פֿלאַמט אויף זייער פֿאַנאַטיזם, רעדט זיי אָפּ צו זײַן אונטערטעניק דעם קייסער און הייסט זיי פֿאַרבאַרייטן זיך פֿאַר אַן אַנדער לעבן, צו אַן אַנדער הערשאַפֿט, פֿון וועלכער ער וועט זײַן דער משיח.

— משיח? וואָס איז דאָס? משיח! משיח! איך האָב אַמאָל שוין געהערט פֿון אַזאַ וואָרט, — האָט פּילאַטוס מיך אונטערבראָכן.

— דאָס איז זייער אײַנרעדעניש, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט זיך באַווײַזן צו זיי אַ דערלייזער, וואָס וועט זײַן געשיקט צו זיי פֿון גאָט. ער וועט דורך מאַגיע אַראָפּכשופֿן חיילות פֿון הימל און מיט זיי באַקעמפֿן און אונטערטעניק מאַכן אַלע זײַנע פֿײַנט: ער וועט צעשמעטערן רוים, וואָס זיי רופֿן אדום, פֿאַרטיליקן דעם קייסער מיט אַלע אונדזערע לעגיאָנען און באַפֿרײַען זיי פֿון אונדזערע הענט, — און ער, אָט דער משיח, וועט קיניגן איבער זיי, איבער דער וועלט.

— און זיי גלויבן אין דעם און נעמען דאָס ערנסט?

— אַוודאי גלויבן זיי אין דעם. זיי וואַרטן אויס יעדן טאָג אויף דעם דער־לייזער, אַז ער זאָל קומען צו זיי.

— באַדאַרף מען זיי אַלעמען שיקן אויפן קרײַץ, מיט אים צוזאַמען! — האָט פּילאַטוס אויסגערופן — און ער זאָל דאָס זײַן דער ייִדישער מלך?

און ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ קאָנוואולסיוון געלעכטער, וואָס ער האָט גאַרנישט געקאָנט אָפּשטעלן.

— ער האָט זיך פאַר אַזעלכן געלאָזט אויסרופן. ער האָט זיך געלאָזט אַרײַנפירן אויף אַן אייזעלע קיין ארץ־ישׂראל און זיך אויסרופן פון זײַנע גלויביקע פאַר דעם משיח.

— אַ, דאָס איז דער מאַן אויפן אייזעלע, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן, באַגלייט מיט אַ גרויסן צוג, ווען מיר זײַנען געווען אויפן וועג צום טעאַטער?

— דאָס איז ער! ער האָט זיך דערנאָך אַרײַנגעריסן אין בית־מקדש־הויף און מיט אַ שטריק אַרויסגעיאָגט די טויבן־פאַרקויפער און די געלט־ווערקסלער. אַנשטאָט אים פעסטצונעמען פאַר דעם שאַדן, וואָס ער האָט אָנגעטאָן, און פאַר דער באַליידיקונג, האָבן אים די כּהנים פרײַגעלאָזן. און זיי האָבן אַפילו געשיקט צו אים שליחים. מיר האָבן אַ גרונד צו גלויבן, אַז זייערע געלערנטע און אַפילו די כּהנים אַליין האָבן אים געוואָלט אויסהיטן פון אונדזערע הענט. און נאָר דורך דײַן שטרענגן באַפעל איז עס אונדז, ענדלעך, געלונגען אים פעסטצונעמען. זיי אַלע דערוואַרטן פון אים אויסערגעוויינלעכע וואונדער, וואָס ער האָט זיי אײַנגערעדט, אַז ער קאָן באַווײַזן. ווען ער וועט זיי באַפרײַען פון אונדזערע הענט, וועלן זיי אים קרוינען פאַר דעם ייִדישן מלך. דאָס שטייען זיי איצט אין דרויסן און וואַרטן דערויף, אַז ער זאָל אונדז אַלעמען פאַרטיליקן מיטן הויך פון זײַן מויל.

איך האָב געקוקט אויף פּילאַטוסעס פּנים. עס איז בלוי געוואָרן ווי אַ מילץ. דאָס איז געקומען פון זײַן כּעס און אויך פון אַ ביסל מורא. מיר דאַכט זיך, אַז אין דער טיפעניש פון זײַן האַרץ האָט ער אָנגעהויבן אימה צו באַקומען פאַר דעם פרעמדן, אומפאַרשטענדלעכן, מיסטישן מאַן, וואָס שטייט פאַר אים אין זײַן ווײַס קלייד, הערט זיך צו צו די רייד, שווײַגט. און אַן ערנסט ליגט איבער אים, ווי אָט באַלד טאַקע קאָן ער די הענט אויפהויבן און וואָס אויסרעדן, און חיילות פון הימל אַראָפּפאָדערן.

— יאָ, איך האָב שוין געהערט וועגן אים, — און פּילאַטוס האָט זיך געווענדט צום אָנגעקלאָגטן: — ביסטו דער קעניג פון די ייִדן?

דער אָנגעקלאָגטער האָט נישט געקוקט אויף פּילאַטוסן. ער איז געשטאַנען ווי ער וואָלט אין זיך אַליין אַרײַנגעגאַנגען, און האָט אָפּגעענטפערט:

— אַתּה אָמרתּ!

— וואָס הייסט דאָס אין אונדזער לשון?

— דו האָסט עס געזאָגט.

— עס הייסט, דו באַשטעטיקסט עס?

ישוע האָט אים געלאָזט אָן ענטפער.

— ווייסטו דען נישט, אַז ער קאָן דיר שיקן אויפן קרײַץ אָדער באַפרײַען? ווייסטו נישט, פאַר וועמען דו שטייסט? — האָבן די לײַט צוגערופן צו ישוען.

ישוע האָט זיי אויך נישט געענטפֿערט.

— האָט דער סנהדרין אים אויסגעהערט? האָט פּילאַטוס מיך געפֿרעגט.

— יאָ. בײַנאַכט.

— וואָס האָבן זיי געפֿונען פֿאַר אַ שולד אין אים?

— גאָט־לעסטערונג. זיי שטייען אין דרויסן. זיי ווילן נישט אַרײַנקומען, ווײַל זיי האָבן מורא זיך אומריין צו מאַכן מיט איבערטרעטן דאָס פּראָקוראַטאָריום.

איבער פּילאַטוסעס פֿליישיק, אויסגעהאַמערט פּנים איז אַן איראָנישער שמייכל אַדורכגעגאַנגען. מען האָט שוין אָנגעזען, אַז דער ענין מיטן ייִדישן קעניג אַמוזירט אים מער ווי עס אינטערעסירט אים.

— אויב אַזוי, וועל איך אַרויסגיין צו זיי, האָט פּילאַטוס געזאָגט.

אויפֿן פּלאַץ פֿון פּראָקוראַטאָריום, פֿאַר דעם ברייטן פּאַסאַד, געפּלאַסטערט מיט מאָזאַיק, וואָס מען האָט גערופֿן „גזיתא", איז געווען די הויכע פּלאַטפֿאָרמע, וואו מען פֿלעגט פֿאַרלייענען פֿאַרן פֿאָלק דעם קייסערס מאַניפֿעסטן. אַ ברייטע, פֿינף־שטופֿיקע טרעפּ האָט געפֿירט אַרויף צו דער פּלאַטפֿאָרמע. איבער די טרעפּ זײַנען געשטאַנען די שליחים פֿון כּהן־גדול מיטן קטגור אין דער שפּיץ, אויך האָט מען באַמערקט צווישן זיי חנן, דעם ייִנגסטן זון פֿון כּהן־גדול, וועלכער איז מיטגעקומען מיט די שליחים צו באַריכטן פֿאַרן פּראָקוראַטאָר. דעם פּלאַץ אָבער פֿאַר דעם פּאַסאַד האָט אָנגעפֿילט אַן עולם, וואָס איז דאָרט געשטאַנען פֿון גאַנץ פֿרי אָן. ווייניק פֿרויען, פֿיל מענער. אין די פֿלאַמיקע אויגן זייערע, אין זייערע ברייטע ברוסטן און קנאָכיקע, אויסגעשטרעקטע הענט האָט מען דערקענט, אַז זיי זײַנען די פֿאַרבליבענע רעשטן פֿון בר־אבאס שאַרן. זײַנע לײַט זײַנען זיך צו־נויפֿגעקומען אַרויספֿאָדערן בר־אבאן אויף יום־טובֿ, וואָרעם איידער פּילאַטוס האָט נאָך געהאַט צײַט דאָס מויל אויפֿצוּעפֿענען, האָט זיך געהערט אַ געשריי און אַ מורמל פֿון פֿאָדערונג און פֿון געבעט:

— באַפֿרײַ אויף יום־טובֿ בר־אבאן!

— גיב אונדז אַרויס בר־אבאן!

— בר־אבא!

— און מיט דעם מלך פֿון די ייִדן וואָס זאָל איך מאַכן? — האָט פּילאַטוס זיי געפֿרעגט מיט איראָניע.

די מאַסע האָט נישט געוואוסט, וועמען ער מיינט. פֿיל פֿון זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט, אַז דורך דער נאַכט איז ישוע פֿעסטגענומען געוואָרן.

— וועלכן מלך פֿון די ייִדן?

— אײַער משיח!

— דער וואָס האָט אונדזערע קראַנקע געהיילט?

— דער נבֿיא פֿון נצרת?

— ווען האָט מען אים פֿעסטגענומען?

— דו זעסט דאָך, אַז די בני־חנן שטייען דאָ.

— שווייגט שטיל, לאָזט דעם הגמון רעדן!

פּילאַטוס האָט זיך געווענדט צום קטגור, וועלכער איז געשטאַנען מיט די שליחים פֿון די כּהנים.

— וואָס פֿאַר אַ בייז האָט איר געפֿונען אין אים, אין דעם, וואָס איר רופֿט דער מלך פֿון די ייִדן?

— ער האָט דערקלערט עפֿנטלעך פֿאַרן כּהן־גדול, אַז ער וועט זיצן בײַ דער גבֿורה פֿון דער רעכטער האַנט און קומען מיט די וואָלקנס, — האָט דער קטגור פֿאַרגעלייענט פֿון דעם באַריכט.

— פֿאָטער אין הימל! דאָס איז דאָך גאָט־לעסטערונג! מיתה קומט אים דער־פֿאַר! — האָבן זיך געהערט שטימעס — האָט ער דאָס געזאָגט?

— אַז ער באַווײַזט דאָס נישט, איז עס גאָטלעסטערונג. קיינער האָט עס בײַ אונדז נישט געזאָגט, — נישט אַבֿרהם, נישט משה, נישט דוד.

— וואָס נאָך האָט ער פֿאַרשולדיקט?

— ער האָט זיך דערקלערט פֿאַרן מלך משיח.

— וואָס קומט אים דערפֿאַר?

— ווען ער באַווײַזט עס אונדז נישט דורך אַ צייכן, אָדער ער רעדט צו צו דינען אַנדערע אָפּגעטער, ווען אַפֿילו ער באַווײַזט צייכנס, קומט אים דערפֿאַר דער טויט.

— ער האָט נישט צוגערעדט צו דינען אַנדערע אָפּגעטער, נאָר דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט! — האָבן שטימעס געררופֿן פֿון עולם.

— ער קאָן נאָך דעם צייכן באַווײַזן!

— ער וועט אים באַווײַזן איצט, פֿאַר פּילאַטוסן!

— ווילט איר, אַז איך זאָל אײַך פֿרײַלאָזן אײַער קעניג פֿון די ייִדן? — האָט פּילאַטוס געפֿרעגט דעם עולם.

— וואָס זאָגט ער? וואָס זאָגט ער? — האָבן שטימעס זיך געהערט פֿון עולם.

— דער פּראָקוראַטאָר פֿרעגט, וועמען ער זאָל פֿרײַלאָזן אויף יום־טובֿ, — בר־אבאן אָדער דעם קעניג פֿון די ייִדן?

דער עולם האָט געוואַרט אַ ווײַל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דעבאַטע צווישן די לײַט. איינער האָט זיך מיטן אַנדערן געשפּאַרט. העגט האָבן זיך גערוקט אין צווייטנס באַרד אַרײַן. פּילאַטוס און זײַנע לײַט האָבן זיך אַמוזירט.

— קוק, קוק ווי די ייִדעלעך שפּאַרן זיך! זיי ווילן באַלד איינס דעם אַנדערן די אויגן אויסשטעכן, — האָט פּילאַטוס געזאָגט צו מיר, לאַכנדיק און טײַטנדיק מיטן פֿינגער.

— ער איז נישט קיין קעניג פֿון די ייִדן, ער איז אַ גאָטלעסטערער!

— ניין, ער איז אַ הייליקער מענטש. מען ווייסט נישט, ווער ער איז. ער וועט אַ נס באַווײַזן, — איר וועט זען.

— ער האָט אונדז געהייסן מס דעם קייסער באַצאָלן!

— ער האָט אונדזערע קראַנקע געהיילט. נסים האָט ער באַוויזן יעדן טאָג. די בני־חנן האָט ער פֿון בית־מקדש פֿאַרטריבן. דערפֿאַר קלאָגן זיי אים אָן פֿאַרן מלכות.

— דער מלך משיח! ווער זאָגט עס, ער איז מלך משיח?

— דער פּראָקוראַטאָר אַליין האָט אים אָנגערופֿן מלך משיח.

דאָ האָט זיך אויפֿגעשטעלט מײַן פֿרײַנט, חנן בן־חנן, און האָט געררופֿן פֿון די שטופֿן פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע אַראָפּ צום פֿאָלק:

— אָפּטמאָל זענט איר געקומען צו אים און איר האָט פֿאַרלאַנגט אַ צייכן פֿון אים, אַז ער זאָל אײַך באַווײַזן, אַז ער איז דער מלך משיח. ער האָט אײַך אָפּגעזאָגט דעם צייכן. איצט זאָל ער אים באַווײַזן, ווי אליהו הנביא האָט עס באַוויזן אויפֿן הר־הכּרמל; זאָל ער די נבֿיאי־בעל פֿאַרניכטן!

— די נבֿיאי־בעל זאָל ער מיטן הויך פֿון זײַן מויל פֿאַרניכטן!

— זאָל ער קומען אויף די וואָלקנס צו רײַטן בײַ דער גבורה!

— פּילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן!

— פּילאַטוס זאָל זײַן דער צייכן!

— וואָס הייסט עס? וואָס רופֿן זיי מײַן נאָמען? — האָט פּילאַטוס געפֿרעגט בײַ מיר.

— דאָס רופֿן זיי צו זייער משיח, אַז ער זאָל זיי באַווײַזן אַ נס דורך דיר.

פּילאַטוסעס פּנים איז אָנגעלאָפֿן מיט בייזקייט. דאָס בלוט האָט אים געגעבן אַ שלאָג אין דיקן, קורצן האַלדז, אַז איך האָב געמיינט, ער קריגט די אַפּאָפּ־לעקציע. דאָך האָט ער זיך געמיט צו שמייכלען און נאָך אַמאָל געפֿרעגט דאָס פֿאָלק:

— ווילט איר, אַז איך זאָל אײַך באַפֿרײַען דעם קעניג פֿון די ייִדן?

— בר־אבאן! דער משיח וועט זיך אַליין באַפֿרײַען!

פּילאַטוס האָט זיי גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט. אין זײַן פּנים איז געווען צו דער־קענען, אַז ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן, וואָס צו טאָן. ער איז צוריק אַרײַן אין פּרעטאָריום. ער האָט געקוקט אויף דעם אָנגעקלאָגטן. איבער דעם פּנים פֿון אָנגעקלאָגטן זײַנען אַדורכגעגאַנגען ווייטאָקדיקע גרימאַסן. מען האָט אָנגעזען אין דער באַוועגונג פֿון זײַנע ליפּן, אַז ער וויל עפּעס זאָגן צו די, וואָס שטייען אין דרויסן, נאָר אויף זײַנע ליפּן איז געלעגן אַ חתימה און אויף זײַן פּנים — דער טרויער פֿון דער וועלט.

— דו הערסט, וואָס זיי זאָגן? — האָט פּילאַטוס געפֿרעגט.

ישוע האָט אים קיין בליק נישט געשאָנקען.

— גייט לאָזט פֿרײַ בר־אבאן! האָט פּילאַטוס באַפֿוילן צום טריבון.

בר־אבאס טריבון, דער אַלטער פּעטראָניוס, וועלכער האָט גוט געקענט די צושטאַנדן אין יהודה, וואָרעם ער האָט געדינט שוין אונטער די פֿרײַערדיקע פּראָקוראַטאָרן, האָט זיך דערוועגט זיך שטעלן פֿאַר פּילאַטוסן:

— פּראָקוראַטאָר, — האָט ער געזאָגט, — בר־אבא איז אַ געפֿערלעכער פֿאַרברעכער. ער האָט אַרויסגערופֿן אַן אויפֿשטאַנד. ווען מען וואָלט נישט באַ־צײַטנס באַקומען קיין אינפֿאָרמאַציע וועגן אים, וואָלט דער אויפֿשטאַנד געקאָסט פֿיל לעבנס. ער האָט אויף זיך עטלעכע מאָרדן. אויך איז אַ צאָל לעגיאָנערן גע־פֿאַלן אין קאַמף בײַ זײַן פֿעסטנעמען. אַקעגן אָבער, דער מאַן דאָ, וואָס זיי רופֿן אים „דער קעניג פֿון די ייִדן", — מיר ווייסן פֿון נישט פֿון קיין פֿאַרברעכן, וואָס ער זאָל האָבן באַגאַנגען. קיין בלוט איז דורך זײַן האַנט נישט פֿאַרגאָסן געוואָרן. פֿאַרקערט, מיר האָבן די אינפֿאָרמאַציע, אַז ער האָט געראָטן דאָס פֿאָלק אין בית־מקדש־הויף צו באַצאָלן דעם קייסער דעם מס, וואָס עס קומט. בר־אבא האָט שטענדיק אָגיטירט צו אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים. פֿון ווען אָן, פּילאַטוס, גיסטו נאָך דעם המון?

פילאַטוס איז בייז געוואָרן. און ווי תּמיד, ווען ער איז בייז געווען, האָט זײַן גרויסער, מעכטיקער קאַלער קאָפּ זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט, און זײַן גרויסע, ברייטע ברוסט — מיט שטאָלצקייט און גאווה, אַז מען האָט געמיינט, אָט אָ מינוט, וועט די שטאָלענע הילזע, וואָס האַלט דעם ים מיט גאווה, צעשפּאָלטן ווערן, פּלאַצן, — און עס וועט אַרויסשפּריצן פֿון אים. ער האָט זײַנע פֿליישיקע ליפּן אַראָפּגעלאָזט, אַ ברום געגעבן מיט זײַן נאָזדרע און אַ פֿרעכן בליק געוואָרפֿן אויפֿן אַלטן פּעטראָניוס.

— דער העברעיִשער גײַסט איז פֿאַר אונדז מער געפֿערלעך, ווי דער העברעיִשער פֿויסט. גיי, גיב אים איבער אין די הענט פֿון די זעלנער! קאַטעווען און קרײַציקן! קרוינט אים פֿאַרן ייִדישן קעניג!

אין געריכט־הויף, בשעת דער אונטערהאַנדלונג, האָבן זיך געפֿונען פֿיל לעגיאָנערן פֿון דער קאָהאָרטע.

מיר האָבן געהאַט אין פּראָקוראַטאָריום גערמאַנישע רײַטערס, אַ הילף־פֿאַרשטאַרקונג, וועלכע מיר האָבן שטענדיק געצויגן קיין ירושלים אויף די יום־טובֿים. פֿאַר די גערמאַנישע רײַטערס האָבן די ייִדעלעך זיך געשראָקן אימת מות. אַ פֿײַנטשאַפֿט האָט געהערשט צווישן די ייִדן און די גערמאַנישע רײַטערס נאָך פֿון הורדוסעס צײַטן אָן. הורדוס האָט זיך באַנוצט מיט די גערמאַנישע רײַטערס אונטערצודריקן דעם ייִדישן פּעבל, צו האַלטן די ייִדישע מאַסן בײַ זײַנע פֿיס. יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן געוואָלט די ייִדן אָנלערנען אַדער אָנשרעקן, האָבן מיר אויך זיך באַנוצט מיט די גערמאַנישע רײַטערס. אַ סך פֿון די גערמאַנען, ווען זיי זײַנען אַלט געוואָרן און האָבן זיך מער נישט געטויגט פֿאַר לעגיאָנערן, זײַנען אַפֿילו איבערגעגאַנגען צו דינען בײַם כּהן־גדול. דער כּהן־גדול האָט זיי געלאָזט מלה־זײַן, אַז ער זאָל זיי קאָנען האַלטן אין ירושלים, ווי קנעכט, און זיי אָנגעשטעלט אָפּצוהיטן די אָרדענונג אויף די ירושלימער גאַסן, וועגן און טויערן. די אויסגעדינטע גערמאַנישע לעגיאָנערן האָבן זיך זייער געטויגט פֿאַר דער פּאָליצײ־אַרבעט, באַקומענדיק פֿון כּהן־גדול גוטן געהאַלט און גוטע קעסט. זיי זײַנען געווען באַוואָפֿנט מיט קורצע שטעקעלעך, דובינקעס, וואָס די ייִדן האָבן גערופֿן „אלהם״. אין זייערע שפּאָט־לידער אויפֿן כּהן־גדול האָבן די ייִדן דערמאָנט די שטעקנס פֿון דעם כּהן־גדולס קנעכט.

דער אָנפֿירער פֿון די גערמאַנישע רײַטערס איז געווען איינער מיט אַ הילצערן, שלעכט פּנים און קאַלטע, גזלנישע אויגן, וואָס איז געווען דער שרעק פֿון די ייִדן. מען האָט אים גערופֿן הערמאַנוס. און אָט צו דעם הערמאַנוסן מיט זײַנע רײַטערס האָט עס פּילאַטוס איבערגעגעבן דעם פֿאַראורטיילטן.

די גערמאַנישע רײַטערס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין הויף פֿון פּראָקוראַטאָריום און אויסגעוואַרט, ווי עס וואַרטן בלוט־הינט, אַז מען זאָל זיי צוואַרפֿן דעם ביסן. אַז זיי האָבן דערהערט, אַז וואָס דער בלייכער ייִד מיטן דינעם קערפּער ווערט באַשולדיקט, אַז ער האָט זיך געמאַכט פֿאַרן ייִדישן קעניג, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ ווילד געלעכטער. און איצט, אַז זיי האָבן אים באַקומען אין די הענט אַרײַן, האָבן זיי זיך געפֿרייט מיט דעם ביסן, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלן צו זיי, ווי וועלף, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט אַ שעפּעלע.

הערמאַנוס האָט דעם פֿאַראורטײלטן אָנגענומען בײַ דער האַנט. אַ פּאָר שוואַרצע האָר פֿון זײַן גריװע האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון אונטער זײַן שווערן העלמעט מיט די פֿעדערן, וואָס איז געזעסן קרום אויף זײַן שמאָלן קאָפּ, און זיך צוגעקלעפּט צו זײַן קורצן שטערן, וואָס האָט געשלאָגן מיט שווייס. אַ גרימאַסע האָט זיך געשניטן איבער זײַן פּנים, ווי ער וואָלט געוואָלט לאַכן, אָבער דער שמייכל איז דאָרט פֿאַרשטיינערט געוואָרן צוליב די שווער־באַוועגלעכע, ווי אויס האָלץ געשניטענע מוסקולן פֿון זײַן פּנים. אַנשטאָט אַ שמייכל, איז אַרויסגעקומען בײַ אים אַן ערנסטע, טרויעריקע גרימאַסע. ווי אַ חיה, האָט הערמאַנוס נישט געקאָנט לאַכן. עס איז געווען, ווי די שוואַרצע, אומזיניקע וועלדער, פֿון וועלכע ער איז אַרויסגעקומען, האָבן שווער געלייגט דעם שטעמפּל פֿון זייערע מיסטישע זומפּן אויף אים. ער האָט געשלעפּט דעם פֿאַראורטײלטן בײַ דער האַנט, ווי אַ חיה איר קרבן, אין דעם אינעווייניקסטן הויף אַרײַן, וואו דער לאַגער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן, און גערופֿן צו די לאַכנדיקע זעלנער:

— קומט, מיר וועלן דעם ייִדישן קעניג קרוינען!

אינעווייניק, אין הויף פֿון לאַגער, וואו די סאָלדאַטן האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן, האָט זיך געפֿונען די שלאָג־זײַל. דאָס איז געווען אַ זײַל מיט רינגען, צו וועלכער מען האָט יעדן פֿאַראורטײלטן צום קרײַציקן געפֿירט פֿריִער צו שלאָגן אים. וואָס זיי האָבן דאָרט געטאָן מיט ישוען, ווייס איך נישט. מיר זײַנען נישט מיטגעגאַנגען מיט די סאָלדאַטן. זיי האָבן אים דערינען, אין הויף פֿון לאַגער, אַ לאַנגע ווײַלע געהאַלטן. מיר האָבן נאָר געהערט דאָס ווילדע געלעכטער, וואָס האָט אויסגעבראָכן פֿון צײַט־צו־צײַט אין הויף פֿון די סאָלדאַטן. מיר האָבן אָבער נישט פֿאַרנומען קיין איין קרעכץ, קיין איין געשריי פֿון דעם געשלאָגענעם. דערפֿאַר אָבער האָט פֿון דרויסן, פֿון דער גאַס, דורך די דיקע, הויכע, הורדוסשע מויערן, דורך דעם שווערן טויער זיך דערטראָגן צו אונדז דאָס געברום און דאָס געשריי פֿון המון, וואָס האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער זיך געזאַמלט פֿאַר דעם פּראָקוראַטאָריום. די באַוועגונג איז געווען ווי דאָס שלאָגן פֿון כוואַליעס אויף אַ וואַנט פֿון אַ דאַמבע. עס האָבן געמוזט איצט אין דרויסן אַלץ גרעסערע שטראָמען פֿון מאַסן קומען אָנצולויפֿן, וואָרעם דער רויש און דער געברום איז וואָס אַמאָל העכער געוואָרן.

ענדלעך, האָט הערמאַנוס אַרויסגעבראַכט צו שלעפּן בײַ דער האַנט דעם פֿאַרמשפּטן און אים צוגעפֿירט צו פּילאַטוסן, וועלכער איז געשטאַנען מיט זײַנע אָפֿיצירן. ער האָט זיך פֿאַרבויגן פֿאַר דעם געפּײַניקטן ווי פֿאַרן קייסער, און האָט מיט זײַן פֿאַרפֿינצטערטער, פֿאַרכמורעטער, גרימאַסע אויפֿן פּנים אויסגערופֿן:

— דער קעניג פֿון די ייִדן?!

מיר האָבן געזען דעם פֿאַרמשפּטן. אויף זײַנע שוואַרצע, האַלב־פֿאַרגרויטע לאָקן איז איצט געזעסן אַ קראַנץ, געפֿלאָכטן אויס דערנער. די דערנער האָבן מיט זייערע שפּיצן אַדורכגעשטאָכן דורך זײַנע האָר אין דער הויט און אין דעם ביין פֿון זײַן קאָפּ. קליינע שטרעמלעך בלוט, רינענדיק פֿון זײַנע וואונדן, האָבן צוזאַמענגעקלעפּט די האָר פֿון זײַנע פּאות מיט זײַנע באַקן־בערד, זײַנען אַרײַנגעפֿלאָסן אין זײַן באָרד אַרײַן, און פֿון דאָרט האָבן זיי געטריפֿט, טראָפּנווײַז, איבער זײַן לאַנגן האַלדז און זיך געלייגט אויף זײַן נאַקעט לײַב. יאָ, דער מלך פֿון די ייִדן איז געשטאַנען אַ נאַקעטער פֿאַר אונדז, אַ נאַקעטער, געקרוינט מיט אַ קרוין

פֿון דערנער, און זײַן גאַנצער, װײַסער קערפּער איז באַדעקט געװען מיט שפּורן פֿון די ריטער, װעלכע די זעלנער האָבן געלאָזט רעגענען איבער אים, מיט בלויע, אָנגעלאָפֿענע שמיץ־שטרייפֿן. טייל פֿון זיי האָבן געפּלאַצט און בלוט האָט גע־שפּריצט פֿון זיי. אָבער מערקווירדיק: מיט זײַן גאַנצער באַקעטקייט, װי ער איז אַזוי געשטאַנען פֿאַר אונדז, האָט עס דאָך אויסגעזען, װי די בלויע, רויט־פֿאַר־לאָפֿענע שטרײַפֿן, די שפּורן, װאָס די שמיץ האָבן איבערגעלאָזט אויף זײַן לײַב, באַקליידן אים מיט אַ שײַנענדיק מלכות־קלייד. ער האָט זיך נישט געשעמט מיט זײַן נאַקעטקייט. זײַנע אויגן, װאָס זײַנען געװען געריכטעט צו אונדז, האָבן מער געהאָט דעם בליק פֿון רחמנות איבער אונדז, איידער פֿאַרשעמטקייט אָדער ביטער־קייט. און אפֿשר האָט זיך עס מיר נאָר אַזוי אויסגעװיזן, װאָרעם איך מוז זיך מודה זײַן, אַז איך האָב אָנגעהויבן אַנטדעקן אין זיך עפּעס אַ שװאַכקייט צום רבין זייערן. שוין פֿריִער נאָך, װען איך האָב אים געלאָזט אַרײַנפֿירן אין קערקער און געזען זײַן טרויעריק, װייטאָקדיק פּנים; און שפּעטער, װען איך האָב געזען זײַן האַלטן־זיך בײַם משפּט פֿאַר פּילאַטוסן, װי ער האָט פֿאַרשװיגן יעדע באַשולדיקונג און אַפֿילו נישט געפּרואװט זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר פּילאַטוסן, האָב איך געפֿילט, װי אַ סימפּאַטיע הויבט זיך אָן װעקן אין מיר צו דעם מאַן, אַ סימפּאַטיע, װעלכע האָט גענומען אונטערגראָבן מײַן שטעלונג פֿון אַ טריבון, און איך האָב דערפֿילט, אַז איך קאָן נישט פֿירן די אָנקלאָגע קעגן אים מיט יענער איבערצײַגונג אין דער גערעכטיקייט פֿון אונדזער זאַך, װי איך װאָלט עס באַדאַרפֿט טאָן, און איך האָב מיר געזאָגט: — קאָרנעליוס, זײַ פֿאָרזיכטיק! דער מאַן הויבט אָן דיך אויך אַרײַנ־צוװעבן אין זײַן פֿאַרכּישופֿטן קרײַז. — װאָרעם עס איז נישט געװען בלויז זײַן שטעלונג, זײַן האַלטן־זיך, װאָס האָט אויף מיר געװירקט, נאָר עס איז עפּעס געלעגן אין זײַן װעזן, אין זײַן שװײַגנדיקן, טרויעריקן, און דאָך באַרואיקטן בליק, װאָס האָט זיך טיף אַרײַנגעריסן אין דיר און געװעקט אין דיר העברעיִשע געפֿילן, סעמיטישע סענטימענטן. איך האָב געקעמפּט קעגן דעם. איצט אָבער, װען איך האָב דערזען זײַנע אויגן, װי זיי קוקן אַרויס פֿון די שטראָמלעך בלוט, האָבן די בליקן זײַנע, אָדורכגעװייקט מיט רחמנות און צער, אָנגעהויבן צעשמעלצן מײַן האַרץ. איך האָב געפֿילט, אַז זײַנע בליקן בינדן מיך, װי אַ קאַלב, און װעלן מיך באַלד אָװעקלייגן צו זײַנע פֿיס, און איך װעל װערן אײנער פֿון זײַנע גלויביקע, אַ צעקראָכענער, סענטימענטאַלער העברעער. איך האָב געפּרואװט זיך ראַטעװען פֿון אים. איך האָב צונויפֿגענומען מײַן גאַנצע רוימישע מענלעכקייט און בין געגאַנגען אין קאַמף מיט אים. איך האָב צוהילף גערופֿן מײַן פֿאַראַכטונג צו די ייִדן און זייער גאָט. יאָ, פּילאַטוס האָט רעכט, — האָב איך מיר געטראַכט, — דער העברעיִשער גײַסט איז פֿאַר אונדז מער געפֿערלעך, װי דער העברעיִשער פֿויסט. און איך בין אויך אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם כאַר פֿון געלעכטער.

— עס װאָלט געװען אַ גלײַכע זאַך אַריבערצושיקן דעם „מלך פֿון די יהודים“ צום אַלטן פֿוקס, — האָב איך אײַנגערוימט פּילאַטוסן אויפֿן אויער. — עס װעט זײַן אַ גוט אָנצוהערעניש פֿאַר אים: זאָל ער זען, װי דער מלך פֿון די יהודים זעט אויס.

— האָסט רעכט. נעם אים און פֿיר אים אַריבער צו הורדוס אַנטיפּאַ. אַגבֿ, איז דער באַשולדיקטער נישט קיין גלילער? ער איז הורדוסעס אַ לאַנדסמאַן. פֿיר פֿאַר דעם ייִדישן קעניג פֿאַר אים!

מיר האָבן גענומען ישוען, מיטן דערנער־קראַנץ אויפֿן קאָפּ, מיט די הענט אַרונטערגעבונדן אופֿן רוקן, און מיר האָבן אים אָנגעהאָנגען אויפֿן האַלדז אַ טאָוול מיט דער אויפֿשריפֿט: „דער מלך פֿון די יהודים״. און אַזוי, באַגלייט פֿון אונדזערע זעלנער, האָבן מיר אים אַרויסגעפֿירט צום השמונאָים־פּלאַץ. ווען דער פּעבל, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט אין דרויסן, פֿאַרן פּראָקוראַטאָריום, האָט דער־זען ישוען מיט דעם דערנער־קראַנץ אויפֿן קאָפּ און מיטן טאָוול „דער מלך פֿון די יהודים״, איז געוואָרן אַ גרויס אויפֿרודערונג צווישן זיי. עס האָבן זיך געהערט געשרייען:

— פֿאַרוואָס שרײַבט ער: „דער מלך פֿון די יהודים״? זאָל ער שרײַבן: „ער רעדט זיך אײַן, אַז ער איז דער מלך פֿון די יהודים״.

— פּילאַטוס וויל אונדז באַליידיקן דורך דעם מלך פֿון די יהודים!

— זעט, ווי פּילאַטוס לאַכט אונדז אויס!

אַ טייל עולם האָט ישוען באַגלייט צום השמונאָים־פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער נאָענט פֿון פּראָקוראַטאָריום. איך האָב אים אַרײַנגעפֿירט אין די שווערע, סוד־האַלטנדיקע מויערן, געפֿירט אים דורך די טונקעלע, הויכע קאָרידאָרן, וואָרעם דאָס הויז פֿון די השמונאָים איז געווען אַן אַלטער, פֿרעמד־אַרטיקער בנין אין אַזיאַטישן, באַבילאָנישן סטיל. עס איז געווען טונקל אין דער גרויער, אומהיימלעכער, הויכער האַלע, אין וועלכער מען האָט אונדז געבראַכט — פֿאַר הורדוס אַנטיפּאַ. ער אַליין איז געזעסן אין אַ טראָן־אַרטיקער, מאַסיווער שטול, אין דעם סאַמע פֿינצטערסטן ווינקל פֿון זאַל, באַלויכטן אין מיטן העלן טאָג מיט אַ דעמפּיק אייל־ליכט, וואָס האָט זיך געברענט אין אַ וואַזע. אין דערווירקלעכקייט האָב איך געקאָנט באַמערקן די אויסערגעוויינטלעכע בלייכקייט פֿון טעטראַרכס פּנים. עס איז נישט געווען ווײַס, נאָר געלבלעך, ווי ער וואָלט געליטן אויף דער גאַל. ער האָט געמוזט אַ היפּש ביסל זיך שרעקן פֿאַר דעם אומהיימלעכן מאַן, וואָס איך האָב, אַ געבונדענעם, מיט טריפֿנדיקע טראָפּנס בלוט אויף זײַן פּנים, געשטעלט פֿאַר אים, וואָרעם איך האָב באַמערקט ווי דעם טעטראַרכס ברוסט האָט זיך געהויבן און איז געפֿאַלן פֿון הינטער זײַן לויזער טאָגע. ער האָט אַזש פֿאַר אויפֿרעגונג זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זײַן זיץ, נאָר אין צײַט דערמאָנט זיך אין זײַן ווירדע, איז ער געבליבן זיצן. אויך ער, אַזוי ווי די כּהנים און זייערע געלערנטע, האָט דערוואַרט, אַז ישוע זאָל עפּעס באַווײַזן אַ נס. וואָרעם די גאַנצע צײַט, וואָס ישוע האָט זיך געפֿונען פֿאַר אים, האָט מען אָנגעזען די שרעק, וואָס ליגט אויף זײַן פּנים, ווען אַפֿילו ער האָט זיך געמיט די שרעק צו פֿאַרשטעלן מיט געמאַכטער פֿרייד און מיט נײַגעריקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו זען דעם וואונדערלעכן מאַן:

— אַזוי! איז דאָס דער וואונדערלעכער מאַן, וואָס וועקט אויף טויטע פֿון די קבֿרים? איז דאָס דער מאַן, וואָס דאָס פֿאָלק זאָגט אויף אים, אַז ער איז אליהו־הנבֿיא?

נאָר פּלוצלינג איז הורדוסעס אויג געפֿאַלן אויפֿן טאָוול, וואָס ישוע האָט געטראָגן אויף זײַן ברוסט. ער האָט אײַנגעבויערט זײַן בליק אין די ווערטער. און ווי נאָר ער האָט איבערגעלייענט „דער מלך פֿון די יהודים״, האָט זײַן פּנים אָנגענומען אַ קאָליר, שוואַרץ ווי די ערד. זײַנע אויגן האָבן זיך איבערגעדרייט מיט די ווײַסל־בעלמעס אַרויס צו די הײַטלעך. ער האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט פֿון

זײַן מויל אַרויסברענגען. עס האָט מיר אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן פֿאַרשאַפֿט צו זען דעם אײַנדרוק, װאָס די װערטער האָבן געמאַכט אויף דעם פּרעטענדירער פֿון דער ייִדישער קרוין. איך האָב זיך גענחתט צו שטודירן די שרעק, די ביטערקייט און דעם מאַכטלאָזן כּעס, װאָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם טעטראַרכס פּנים. איך האָב עס מיר גוט געמערקט, כּדי איך זאָל קאָנען שפּעטער פֿאַרציילן פּילאַטוסן װעגן דעם עפֿעקט, װאָס די װערטער האָבן געמאַכט אויפֿן פּרעטענדירער פֿון דער ייִדישער קרוין.

באַלד האָט דער טעטראַרך זיך באַרואיקט. ער האָט זיך קאָנטראָלירט. כאָטש מען האָט אָנגעזען דאָס פֿײַער, װאָס ברענט אין אים, איז זײַן פּנים רואיק געװען. נאָר זײַנע אויגן האָבן אָנגענומען אַ מאָדנע טיפֿע טרויעריקייט. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם פּנים פֿון דעם מאַן, װאָס איז געשטאַנען פֿאַר אים.

אַן אויגנבליק האָבן די בײדע מענער זיך באַגעגנט מיט די בליקן. הורדוסעס בליק איז געװען טיף געזונקען אין טרויעריקייט. ער האָט פֿאַראַטן אַן אומרואיקע נישט־זיכערקייט, אַ פֿאַרצװייפֿלט טאַפּן אין דער פֿינצטער, אַן אומבאַשרײַבלעכע מורא, װי ער װאָלט געזען דעם מויל פֿון דעם גרוב פֿאַר זיך. דער בליק פֿון דעם געבונדענעם, כאָטש אַדורכגעװייקט מיט צער און װייטאָק, איז אָבער אויך געװען פֿול מיט זיכערקייט, ערנסט, מחילה־בעטנדיק און רחמנות־פֿאַרטײַלנדיק. אַ טיפֿע, לאַנגע מינוט האָב איך געזען, װי די צװיי מענער האָבן זיך געקוקט אין די אויגן אַרײַן. און פּלוצלינג איז עפּעס װאָס געשען. דער טעטראַרך, דער האַר, דער מעכטיקער, האָט זײַן בליק טיף אײַנגעגראָבן אין דער ערד, מיט פֿאַרשעמטקייט און שװאַכקייט פֿאַר דעם בליק פֿון דעם געבונדענעם אונטערטאַן, װאָס איז געשטאַנען פֿאַר אים, מיט אַ דערנער־קראַנץ אויפֿן קאָפּ, מיט שטרעמלעך בלוט, װאָס האָבן פֿון אונטער די שטעכערס גערונען אַראָפּ אין זײַנע פּאות און אין זײַן באָרד אַרײַן.

— װאָס איז די שולד פֿון דעם מאַן, װאָס איר האָט געבראַכט פֿאַר מיר? — האָט הורדוס געפֿרעגט.

— זײַן שולד שטייט אָנגעשריבן אויף זײַן האַרץ, — זאָג איך צום טעטראַרך און באַװײַז אים דעם טאָװל, װאָס ישוע האָט געטראָגן.

הורדוס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, װי ער װאָלט ערשט איצט צום ערשטן מאָל באַמערקט דעם טאָװל מיט דער אויפֿשריפֿט, און ער האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ היסטעריש געלעכטער. איך װייס נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג נישט, צי האָט ער געשפּילט פֿאַר מיר קאָמעדיע, כּדי אָפּצוװערן פֿון זיך די שטעכיקע אָנצוהערעניש, װאָס פּילאַטוס האָט אים געגעבן מיט דער אויפֿשריפֿט אויפֿן טאָװל, אָדער ער האָט געװאָלט זיך ראַטעװען פֿון שרעק, װאָס איז אים באַפֿאַלן, — קומענדיק פּנים־צו־פּנים מיט דעם מאַן, האָט ער זײַן אַנגסט אויפֿגעלייזט אין אַ קאָנװואולסיװ געלעכטער, — װאָרעם אַלע, אַלע האָבן זיי זיך געשראָקן פֿאַר דעם רבין פֿון נצרת. איך האָב הורדוסן קיין מאָל פֿריִער נישט געזען אַזעלכן: ער האָט זיך געװאַלגערט אויף זײַן שטול פֿאַר געלעכטער, האָט זיך געהאַלטן בײַם בויך; די טרערן האָבן אים אַזש אַרויסגעשפּריצט פֿון די אויגן און גערונען איבער זײַנע גרויסע באַקן־פֿעלדער.

— דער מלך פֿון די יהודים, — דאָס איז גוט! דער מלך פֿון די יהודים! אַהאַ, דאָס איז גוט! דאָס איז אַ שפּאַס!

און ער האָט גענומען דעם פורפל־מאַנטל, וואָס ער האָט געטראָגן און אים אַ וואָרף געגעבן איבער דעם געבונדענעם.

— אויב אַ מלך, מוז מען דאָך אים קליידן אין פורפור! נישט אמת, הגמון? און גיט איבער מײַן שלום צום פּראָקוראַטאָר, און זאָגט אים, אַז פֿאַר דעם שפּאַס, וואָס ער האָט מיר פֿאַרשאַפֿט, האָב איך אים פֿאַרגעבן אַלע עוולות, וואָס איך האָב קעגן אים. פּילאַטוס האָט מיר געוואָלט פּרייד אָנטאָן, פּילאַטוס איז מײַן פֿרײַנד, — האָט דער טעטראַרך געלאַכט און געפּרייט זיך.

איך האָב נישט געוואוסט, צי ער מיינט דאָס ערנסט, אָדער ער מאַכט נאַר אַן אָנשטעל, — אַזוי גוט האָט ער זײַן קאָמעדיע געשפּילט, דער כיטרער פֿוקס.

— מײַן גרוס צו פּילאַטוסן! — האָט ער אונדז צוגעוואונקען און אַ מאַך געטאָן קעניגלעך־גרויסמוטיק מיט דער האַנט צו לאָזן אונדז וויסן, אַז די אוידיענץ איז געענדיקט.

איך האָב גענומען דעם געבונדענעם און אים צוריקגעבראַכט אין פּראָקוראַ־טאָריום.

ווי די ייִדן האָבן דערזען צוריקפֿירן דעם ישוע אין אַ פורפורנעם מאַנטל, — די ריטשקעלעך בלוט, וואָס האָבן איצט גערונען שוין שטאַרקער פֿון אונטער זײַן דערנער־קראַנץ, האָבן באַהאָפֿטן זײַן פּנים מיט זײַן מאַנטל אין איין קאָליר, — אַזוי איז אַ גרויס געוויין געוואָרן צווישן זיי. זיי האָבן זיך געשאָקלט, ווי אַ שטורעמווינט וואָלט זיי געטרייסלט, און געקלאָגט:

— זע, גאָט, אונדזער שאַנד! דאָס מויל פֿון רשע איז פֿול מיט געלעכטער איבער אונדזער בראָך!

דערפֿאַר אָבער, ווען פּילאַטוס מיט זײַנע אָפֿיצירן האָבן דערזען דעם מלך פֿון די ייִדן אין זײַן גאַנצער פּראַכט, אַרומגעהילט אין אַ פורפור־קלייד, האָט דאָס נאָך מער זיי געררייצט צו געלעכטער און שפּאָט:

— גיב אים אַ גילדענע רוט אין האַנט אַרײַן, ווי אַ מלך! — האָט פּילאַטוס באַפֿוילן!

די זעלנער האָבן גענומען אַ צוקער־ראָר און געשטעקט אים אין האַנט אַרײַן.

— שלום לך, מלך היהודים! — זײַנען די סאָלדאַטן געקומען איינער נאָכן אַנדערן, האָבן זיך געבוקט פֿאַר אים און געשפּיגן אים אין פּנים אַרײַן.

דערווײַל האָבן די סאָלדאַטן אַרויסגעבראַכט פֿון לאַגער אַ קרײַץ, — צוויי העלצער, צוזאַמענגעקלאַפּט אין אַ שתי־וערבֿ. פּילאַטוס האָט אָנגעקוקט דעם קרײַץ און געהייסן אים צוברענגען צו זיך.

— שרײַב אָן אויף אים „ישוע, מלך פֿון די ייִדן" אין אַלע דרײַ לשונות פֿון לאַנד, אין לאַטײַן, גריכיש און העברעיִש! — האָט ער באַפֿוילן.

מען האָט דאָס אויפֿגעשריבן אויפֿן קרײַץ.

— גייט, באַווײַזט זיי זייער קעניג אין זײַן גאַנצער גלאָריע! — האָט ער ווײַטער באַפֿוילן צו די סאָלדאַטן.

אָבער קוים האָבן זיי געעפֿנט דעם טויער און אַרויסגעפֿירט פֿאַר די אויפֿ־געבראַכטע מאַסן דעם פֿאַרמשפּטן, אַזוי האָט קעגן אונדז זיך אויפֿגעהויבן אַ שטור־רעם, — אַ ים מיט קעפּ און הענט! אַ שטילקייט און אַ פֿאַרכאַפּטע שרעק האָט געגעבן אַ גשעריי צו אונדז פֿון די מאַסן. דענסטמאָל האָבן מיר שיר געהאַט אַן

אויפֿשטאַנד. מיר האָבן פֿון זייערע הענט דעם כּהן־גדולס זון, מײַן פֿרײַנד חנן, קוים אָפּגעראַטעוועט אַ לעבעדיקן. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז דאָס פֿאָרגעפֿאַלן צווישן דעם פּעבל פֿון אונדזער ערשטן ביז צום צווייטן פֿאַרפֿירן זייער מלך פֿאַר זיי. וואָס זײַנען זיי אַזוי אויפֿגערעגט געוואָרן? קאָנסטו מיר דאָס נישט דערקלערן?

— דערבײַ בין איך שוין געווען, — האָב איך געזאָגט. — נאָר כּדי דו זאָלסט פֿאַרשטיין די ענדערונג, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער אָפּוואַרטנדיקער מאָסע פֿאַרן פּראָקוראַטאָריום, בשעת איר האָט געפּײַניקט דערינען דעם רבין פֿון נצרת און חוזק געטריבן אויס אים, מוז איך פֿאַרציילן, וואָס מײַן רבי האָט געטאָן נאָך דעם ווי ער איז אַרויסגעקומען פֿון משפּט פֿון כּהן־גדול.

# 25

— ניין, מײַן רבי נקדימון האָט זיך נישט באַרואיקט און נישט צופֿרידנגעשטעלט זיך מיטן פּסק־דין פֿון די כּהנים קעגן דעם רבין פֿון נצרת. ניין, ער איז געווען שווײַגנדיק דעם גאַנצן וועג, נאָר עס איז געווען צו זען אין אים, אַז אינעווייניק אין זיך קאָכט עס אין אים.

ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין בית־מדרש נישט מער ווי אַ קליינע ווײַלע. ער איז אַרײַנגעגאַנגען צו זיך אין חדר, און מיר, די תּלמידים, האָבן געבראַכט וואַסער פֿון דער ציסטערנע אין אַ כּלי. ער האָט געוואַשן זײַנע הענט און זײַן פּנים. ער האָט געזאָגט „שמע", און מיר האָבן פֿאַר אים געגרייט דעם טיש. מיר האָבן דערלאַנגט אָליוון, גרינוואָרג, נישט קיין ברויט, וואָרעם עס איז געווען ערבֿ־פּסח. ער האָט אָבער נישט געוואָלט טועם זײַן, וואָרעם ער האָט אײַליק די זאַך, האָט ער געזאָגט. ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אונדז, אַז מיר זאָלן איבערבלײַבן אין דער היים און זיך צולייגן, וואָרעם פֿיר־און צוואַנציק שעה זײַנען מיר, מײַן חבֿר רופֿוס און איך, געווען אויף די פֿיס, און עס זײַנען נאָך געווען פֿאַר אונדז אַזויפֿיל זאַכן אָפּצוריכטן. מיר האָבן זיך געקליבן דעם קרבן־פּסח צו ברענגען. דאָך האָבן מיר געבעטן אונדזער רבין, ער זאָל אונדז מיטנעמען אין בית־מקדש אַרײַן, וואָס ער איז געגאַנגען אַהין באַגעגענען די תּלמידי־חכמים. מיר זײַנען געווען יונג, — און קוים האָבן מיר נאָר געוואַשן אונדזערע פּנימער און הענט און געוועקסלט אונדזערע העמדער לכּבֿוד יום־טובֿ, האָבן מיר זיך געפֿילט פֿריש.

דער רבי האָט באַוויליקט אונדז מיטצונעמען. מײַן פֿרײַנד רופֿוס האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט באַדאַרפֿט העלפֿן זײַן פֿאָטער, שמעון קוריני. יעדן ערבֿ יום־טובֿ, האָט רופֿוס דערקלערט, ווען זײַן פֿאָטער האָט אַ פֿרײַען טאָג, גייט ער אַרויס אין זײַן פֿעלד און יעטעט דאָרט אויס דאָס ווילד־גראָז צווישן די אייל־בירט־ביימער און קאָפּיעט אויף די ערד אַרום זייערע וואָרצלען. און רופֿוס פֿלעגט אים העלפֿן אין דער אַרבעט. איצט אָבער, צוליב דער וויכטיקייט פֿון דער זאַך, האָט רופֿוס גענומען רשות פֿון רבין צו בלײַבן מיט אים.

מיר בײדע האָבן באַגלייט דעם רבין אין בית־מקדש אַרײַן. ווען מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם ברייטן מאַרק, האָט די שטאָט שוין געהאַלטן אין אויפֿ־

וועקן זיך. די קרעמער האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע קריגן מיט אייל פֿאַר די טירן פֿון זייערע קראָמען און געריייניקט די מאָסן. קעמלען זײַנען געקומען אָנגעלאָדן מיט קריגן ווײַן פֿאַר די ווײַן־קראָמען, און די לײַט, ס׳רובֿ אָרעמעלײַט, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט זיך אָנגעגרייט פֿאַרן יום־טובֿ, האָבן זיך געאײַלט. עס האָט זיך געשטעלט אַ הערלעכער ערבֿ־יום־טובֿ־טאָג. די זון האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין מיט איר גאַנצער שטאַרקייט. די מענער האָבן זיך געאײַלט צום שעפּסן־מאַרק אַרויס אײַנצוקויפֿן זייערע קרבן־פּסחס, און די ווײַבער האָבן זיך געראַיעט בײַ שטענדערס פֿון גרינצײַג.

מען האָט געהערט רעדן אויפֿן מאַרק צווישן די מענער, אַז די לײַט פֿון בר־אבא זײַנען אַרויסגעגאַנגען צו דער גזיתא, וואָס איז פֿאַרן טורעם־פּלאַץ פֿון פּילאַטוס, אין פּראָקוראַטאָריום אַרײַן, צו פֿאַרלאַנגען פֿון אים, אַז ער זאָל אַרויסגעבן בר־אבאן אויף יום־טובֿ, אַזוי ווי עס איז געווען דער מנהג פֿון דעם פּראָקוראַטאָר פֿרײַצולאָזן אויף יעדן יום־טובֿ אַ פֿאַרמשפּטן פֿאַרברעכער. טייל פֿון זיי האָבן אַגיטירט צווישן די סוחרים און קונים אויפֿן מאַרק, זיי זאָלן מיטגיין צום פּאַלאַץ פֿאָדערן בר־אבאס באַפֿרײַאונג. אָבער די מערסטע לײַט האָבן זיי נישט געהערט. יעדער איינער איז געווען פֿאַרנומען מיט פֿאַרבאַרייטן זײַן יום־טובֿ, מיט אײַנקויפֿן דאָס נויטיקע אויף יום־טובֿ, און בר־אבא איז נישט געווען זייער באַליבט בײַם פֿאָלק. פֿון דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער נאַכט, האָבן די לײַט נאָך נישט געוואוסט.

ווי אויפֿן מאַרק, אַזוי איז אויך געווען אין בית־מקדש־הויף. דער הויף איז שוין געווען באַלייגט מיט עולי־רגלניקעס, וועלכע האָבן זיך געפֿעדערט גאַנץ פֿרי צו זאָגן זייער „שמע״, בשעת די כּהנים ברענגען דעם קרבן־שחרית. אַלע זײַנען געווען פֿאַרנומען מיט זייערע אייגענע זאַכן: האָבן געבראַכט קליינע קרבנות, באַצאָלט זייערע חובֿות אין בית־מקדש, געקניט אין די עזרות און מתפּלל געווען, בשעת די כּהנים ברענגען דעם קרבן פֿאַר דעם שלום פֿון דער וועלט, דעם קרבן פֿאַר די זיבעציק אומות, אָדער די קרבנות פֿאַר דער פֿאַרגעבונג פֿון זייערע אייגענע זינד. אַלע זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרנומען אין בית־מקדש־הויף, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער נאַכט. אויך נישט די תּלמידי־חכמים.

די רבנים פֿון די פּרושים האָבן זיך פֿרי צונויפֿגעקליבן אין בית־מקדש־הויף, בײַ זייערע שטענדערס, צו באַראַטן זיך, וואָס צו טאָן קעגן די כּהנים־גדולים, וועלכע האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט דווקא דאָס יאָר אַדורכצופֿירן דאָס געזעץ וועגן קרבן־פּסח, לויט דער צדוקישער אָנגענומענער טראַדיציע, נישט צו צעברעכן דעם שבת. די פּרושים האָבן אָבער געוואָלט ברענגען זייער קרבן־פּסח לויט דעם געזעץ פֿון דער תּורה, דעם פֿערצנטן טאָג אין חודש, אַקעגן זון־פֿאַרגאַנג, דאָס הייסט, אין שבת אַרײַן.

ווען מײַן רבי איז אָנגעקומען אין דער לשכּה, וואו עס האַלטן זיך אויף די רבנים פֿון די פּרושים, האָט ער דאָרט געטראָפֿן יוחנן בן־זכּאי און די אַנדערע רבנים מיט זייערע תּלמידים אַרומרעדן דעם ענין פֿון דעם קרבן־פּסח, וואָס די כּהנים־גדולים האָבן געשאַכטן נעכטן, דעם דרײַצנטן טאָג אין חודש, און וואָס זיי, די רבנים, האָבן דאָס געוואָלט דערקלערן פֿאַר אומגילטיק.

— זיי וועלן באַנײַען אויף אונדז אַלכּסנדר ינאיס צײַטן און אונדז פֿאַרפֿאָלגן, ווי זיי האָבן פֿאַרפֿאָלגט שמעון בן שטח, — האָט איינער פֿון די פּרושים געזאָגט.

— הײַנט זײַנען נישט מער ינאי המלכּס צײַטן. דאָס פֿאָלק איז מיט אונדז. מען באַדאַרף דאָס פֿאָלק אויפֿרעגן, אַז עס זאָל שטורעמען די עזרות פֿון בית־המקדש הײַנט אָוונט, האָט אַ היציקער זיך אָנגערופֿן.

— מיט גוטן וועלן מיר מער אויפֿטאָן. מען באַדאַרף נאָך אַמאָל מיט די כּהנים איבעררעדן, אַנישט וועלן, חלילה, האַלב ייִדן אָן דעם קרבן־פּסח בלײַבן.

מײַן רבי האָט אָוועקגערופֿן רבן גמליאל און רבי יוחנן בן זכּאַי אין אַ זײַט און זיי איבערגעגעבן, וואָס עס איז געשען אין דער נאַכט.

ווי די געלערנטע זײַנען געוואָר געוואָרן, אונטער וועלכע אומשטענדן די חקירה־ודרישה איז פֿאָרגעקומען, און וואָס עס איז געווען איר אויסגאַנג, איז איבער זיי דורכגעגאַנגען אַ ציטער. רבי יוחנן בן זכּאַי האָט די הײַטלעך פֿון זײַנע אויגן פֿאַרמאַכט, האָט געקנייטשט דעם גרויסן, גלאַנציקן שטערן. זײַן לאַנגע, גרוי־באַצויגענע באָרד האָט זיך באַוועגט דורך דעם שלאָגן פֿון האַרץ, און זײַן פּנים איז בלייך געוואָרן. ער, דער געלײַטערטער, דער, וואָס וועגט תּמיד אָפּ זײַן וואָרט און לאָזט עס נישט אַרויס פֿון זײַן מויל, איידער עס גייט נישט אַדורך דעם ענגן פֿילטער פֿון זײַן מאַרך, — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אימפּעט:

— אָבער דאָס איז דאָך רציחה! ווי קומט דאָס מלקות דערצו? עס איז דאָך אונדזער זאַך! ער איז דאָך חייבֿ פֿאַרן בית־דין, נישט פֿאַרן מלכות.

— זיי זאָגן, אַז דאָס מלכות האָט זיי גענויט דערצו.

— איבער דרײַ זאַכן זאָל דער מענטש זיך לאָזן הרגענען און נישט עובֿר זײַן אויף זיי, האָבן אונדזערע חכמים געלערנט. און איינע פֿון די דרײַ זאַכן איז: שפּיכת דמים, ווען מען בייט דיך בלוט צו פֿאַרגיסן, באַדאַרפֿסטו זיך אַליין לאָזן אומברענגען און נישט די עבֿרה טאָן! — האָט רבי יוחנן בן זכּאַי אויסגערופֿן — זיי האָבן באַדאַרפֿט זיך לאָזן אומברענגען און נישט אַרויסגעבן דעם רבין פֿון נצרת צום מלכות, דאָס הייסט, איבערענטפֿערן אַ צדיק אין די הענט פֿון רשע. רבי נקדימון, — האָט ער זיך געווענדט צו מײַן רבין: — אַזוי ווי דו פֿאַרציילסט, איז די גאַנצע חקירה־ודרישה פֿאָרגעקומען נישט לויטן דין. זי איז פֿאַררופֿן געוואָרן בײַנאַכט און ערבֿ־יום־טובֿ. און עס איז נאָר געווען איין צד פֿון בית־דין, וועלכער פּסקנט און משפּט לויט דינים, וואָס די תּלמידי־חכמים זײַנען קעגן זיי. בכן, וואָס דער רבי פֿון נצרת האָט נישט געזאָגט און געטאָן, און וואָס פֿאַר אַ פּסק־דין עס קומט אים נישט דערפֿאַר, ווען אַפֿילו מיתה, חלילה, — כּל־זמן ער איז נישט געמשפּט געוואָרן פֿון אַ ייִדישן בית־דין, לויט די חוקים פֿון דער תּורה און לויט די כּללים, וואָס די חכמים און די רבנים פֿון אַלטע דורות האָבן פֿעסטגעזעצט, וואָס זייער קבלה איז אין אונדזערע הענט, שטייט ער אין אונדזערע אויגן ריין און אומשולדיק, ווי אַ נײַ־געבוירן קינד. מיר באַדאַרפֿן, דעריבער, אַדורכזעצן הימל און ערד, אַרויסרופֿן אַלע זכיות, אויפֿוועקן אַלע כּוחות, און נישט געקוקט אויף דעם יום־טובֿ, וואָס קומט אָן, נישט געקוקט אויף דעם קרבן־פּסח, וואָס מיר באַדאַרפֿן ברענגען, מוזן מיר אַלץ לאָזן שטיין און גיין אַרויסראַטעווען אַ נפֿש פֿון ישׂראל פֿון טויט. וואָרעם אונדזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז פּקוח־נפֿש איז דוחה שבת, און אַז עס איז דוחה שבת, איז עס דאָך אַוודאי דוחה יום־

טובֿ. און זאָלסט וויסן זײַן, אַז דערהאַלטן איין נפֿש איז גלײַך ווי דערהאַלטן די גאַנצע וועלט, האָבן אונדזערע חכמים געלערנט. דערפֿאַר לאָמיר אַלץ איבערלאָזן און גיין צו די כּהנים־גדולים און פֿאָדערן דאָס נפֿש פֿון זייערע הענט.

די לשכּה, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין דער האַלע פֿון בית־מקדש־הויף, וואו דער סגן האָט אַמטירט, איז געווען פֿול מיט לײַט, וואָס זײַנען געקומען צום העכסטן באַאַמטן אין בית־המקדש מיט פֿאַרשיידענע ענינים. זיי האָבן אָפּגעפּאַרטיקט די פֿיל גזברים, שמשים און אמרכּלים, וועלכע זײַנען געווען אָנגעשטעלט ווי געהילף־באַאַמטע צום סגן. אַלע זײַנען זיי געווען קינדער אָדער אייניקלעך... דעמס פֿון כּהן־גדולשע הײַזער. דער סגן אַליין, אין זײַן הויכן אַמט, האָט קיינעם נישט אויפֿגענומען. ער איז געווען בחדרי־חדרים, און מען האָט קיינעם נישט אַרײַנגעלאָזט צו אים. ווען אָבער די חכמים האָבן אָנגעטראָפֿן שטיין בײַ דער טיר פֿון סגנס חדר אין דער לשכּה, איז געווען יהודה איש קריות.

זײַן פּנים איז איצט שוין נישט געווען אַשיק־גרוי, נאָר ערד־שוואַרץ, ווי דאָס פֿלייש הינטער זײַן הויט וואָלט פֿאַרשׂרפֿהט געווען פֿון אַ סם. זײַנע אויגן זײַנען אַזוי אײַנגעזונקען געווען אין די אָנגעשוואָלענע קנייטשן פֿון זײַן פּנים, אַז מען האָט זיי קוים אַרויסגעזען. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ זעקעלע מיט געלט און האָט זיך געבעטן בײַ די פֿיל שמשים, וועלכע האָבן געהיט די טיר פֿון סגנס חדר, אַז מען זאָל אים אַרײַנלאָזן אין חדרי־חדרים צום סגן:

— איך האָב אים וואָס צו זאָגן...

— דער סגן וויל דיך נישט זען.

— איך מוז אים זען, איך מוז אים זען.

ער האָט נישט באַמערקט דאָס אַרײַנקומען פֿון די רביים פֿון די פּרושים, וואָס אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿאַר זיי פֿון דער ערד, אַחוץ די כּהנישע גזברים, וואָס האָבן גאָרנישט געקוקט אויף זיי. פֿאַר די רבנים האָבן די שמשים דרך־ארץ געהאַט, און זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען איבעווייניק צום סגן אים אָנזאָגן, ווער עס איז אים געקומען צו זען.

דער סגן איז גלײַך אַרויסגעקומען צו זיי. עס איז געווען יוחנן, דער צווייטער זון פֿון חנן. ער איז געווען באַשטימט צו פֿאַרנעמען אין גיכן דעם אַמט פֿון כּהן־גדול, האָט מען אים דערפֿאַר אָנגעטרויט מיט דער וויכטיקער שטעלע פֿון סגן, וואָס אַ קאַנדידאַט אויף כּהן־גדול האָט געמוזט פֿריִער פֿאַרנעמען. ער איז נאָך געווען אָנגעטאָן אין דער רויט־פּורפּורנער הילע, וואָס ער האָט געטראָגן אין דעם זיץ פֿון סנהדרין.

אָבער אײדער נאָך ער האָט זיך דערנעענטערט צו די תּלמידי־חכמים, איז אים יהודה פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, האָט אויסגעשטרעקט צו אים דאָס זעקעלע מיט געלט און זיך געבעטן בײַ אים:

— נאַ, נעם עס צו, דאָס טמא־געלט, די בלוט־גראָשנס! — האָט יהודה געשריִען אין סגנס פּנים אַרײַן.

— איך האָב דערמיט גאָרנישט צו טאָן. האָסט עס כּשר פֿאַרדינט, — האָט דער סגן אים אָפּגעענטפֿערט.

די שמשים זײַנען באַלד צוגעלאָפֿן און האָבן אָנגעכאַפּט יהודהן בײַ די אָרעמס. זיי האָבן אים מכבד געווען מיט די קורצע שטעקנס, וואָס ער האָט זיך דערוועגט

דעם סגן אין וועג צו טרעטן, און אים אַרויסגעטראָגן פֿון דער לשכה. יהודה האָט זיך געריסן פֿון זייערע הענט און געשריִען נאָכאַנאַנד צום סגן:

— נעם צו פֿון מיר דאָס טמא־געלט! נעם צו פֿון מיר דעם בלוט־גראָשן!

בשעת די שמשים האָבן אים אַזוי געטראָגן, האָט ער געמוזט באַמערקן די פּנימער פֿון יוחנן בן זכּאי און פֿון מײַן רבין, וואָרעם ער האָט געגידערט זײַן בליק צו דער ערד און אָנגעהויבן קלאָגן:

— ווי איז נאָך מײַן נשמה!

אָבער קיינער האָט זיך נישט מער אומגעקוקט אויף אים. די חכמים און די פּרושים זײַנען איצט געשטאַנען פּנים־צו־פּנים מיטן סגן.

— די חכמים און די פּרושים זײַנען געקומען צום סגן אים פֿרעגן, מיט וואָס פֿאַר אַ רשות און מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט האָבן די כּהנים־גדולים איבערגעענטפֿערט אַ נפֿש אין ישׂראל אין די הענט פֿון אדום? — האָט יוחנן בן זכּאי געפֿרעגט.

— דאָס נפֿש אין ישׂראל האָט מחרף־ומגדף געווען דעם לעבעדיקן גאָט אין ישׂראל, וואָס מיר אַלע זײַנען דערויף עדות געווען. דאָס נפֿש אין ישׂראל איז אַ מסית־ומדיח, ער האָט אײַנגערעדט דאָס פֿאָלק, אַז ער איז משיח. דאָס נפֿש אין ישׂראל מוז אויסגעמעקט ווערן אין ישׂראל!

— דאָס איז נישט אין דײַן האַנט צו משפּטן, נישט אין די הענט פֿון דײַן פֿאָטערס הויז צו משפּטן. דאָס איז אין די הענט פֿון די חכמים און סופֿרים. עס איז אין די הענט פֿון בית־דין, פֿון בית־דין פֿון סנהדרין, אַרויסצוטראָגן גזר־דינים איבער אַזעלכע משפּטים, נישט פֿון די כּהנים!

— וואָגסטו, רבי אין ישׂראל, צו צווייפֿלען אין דער ערלעכקייט פֿון דעם פּסק־דין פֿון סנהדרין, פֿון די כּהנים?

— ווי אַ רבי אין ישׂראל, איז נישט נאָר טו איך צווייפֿלען, נאָר איך פּסל דעם פּסק־דין פֿון די סנהדרין, פֿון די כּהנים. דער משפּט איז פֿאָרגעקומען קעגן די חוקים פֿון דער תּורה און קעגן די געזעצן, וואָס די חכמים האָבן פֿעסטגעזעצט ווי אַזוי ערלעכע משפּטים זאָלן פֿאָרקומען. דער פּסק־דין איז דורך דעם בטול־ומבוטל, און איך פֿאָדער פֿון אײַערע הענט דעם נפֿש, וואָס איר האָט איבערגעגעבן צום מלכות!

— דאָס נפֿש איז איבערגעגעבן געוואָרן צום מלכות לויט די חוקים און די כּללים, וואָס זײַנען אָנגענומען בײַ אונדז, צדוקים, און מיר טראָגן די פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט דערפֿאַר.

— ווי אַ רבי אין ישׂראל דערקלער איך אַזאַ איבערגעבן אַ יידיש נפֿש אין רשעס הענט — פֿאַר רציחה!

דער סגן איז בלייך געוואָרן. זײַן שיין־געפֿלאַכטענע, אין טראָלדן אָראָפּהענגנ־דיקע, שוואַרץ־פּעכיקע, חנבשע באָרד האָט אַ קלימפּער געטאָן ווי אַ גלאָק.

דער עולם וואָס האָט אָנגעפֿילט די לשכה, האָט אָנגעהויבן זיך זאַמלען. די אויפֿרעגונג איז געוואָרן גרויס צווישן די לײַט, ווען זיי זײַנען געוואָר געוואָרן, אין וואָס עס האַנדלט זיך. צווישן עולם זײַנען געווען פֿיל, וואָס האָבן נאָכגעפֿאָלגט די פּרושים בלינדערהייט, און דער פֿאַרשטייער זייערער, רבי יוחנן בן זכּאי, איז געווען זייער באַליבט און געאַכט. ווען זיי האָבן דערזען, ווי דער בכּבֿודיקער רבי שטעלט זיך אַנטקעגן דעם סגן מיט אַזאַ אייפֿער, האָט דער אייפֿער אויך אין זיי

זיך אַנגעצונדן. דער סגן האָט עס, קאַנטיק, באַמערקט, און כּדי צו פֿאַרמײַדן אַן אויפֿרודער אין בית־מקדש, וואָס די רייד פֿון יוחנן בן זכּאי האָבן זייער גרינג געקאָנט צעפֿלאַקערן בײַ דער אָנגעצויגענער שטימונג, האָט ער אײַנגעהאַלטן זײַן כּעס, וואָס האָט געברענט אין אים און האָט זיך שוין געמאָלדן אויף זײַן אויסגעצויגענער, שפּיציקער, חנבישער נאָז, און ער האָט זיך אָנגערופֿן:

— רבי יוחנן בן זכּאי, דאָס נפֿש איז נישט אין אונדזערע הענט. דאָס נפֿש איז געמאָנט געוואָרן פֿון אונדז דורך דעם מלכות, און דאָס מלכות האָט אים איבערגעגעבן אין אונדזערע הענט, מיר זאָלן אויספֿאָרשן זײַן פֿאַרברעך. מיר האָבן דאָס געטאָן לויט אונדזער בעסטן וויסן און לויט די חוקים און די כּללים, ווי מיר פֿאַרשטייען זיי. מיר האָבן אים צוגעשטעלט צום מלכות, אין אײנעם מיטן רעזולטאַט פֿון אונדזער אויספֿאָרשונג. ער איז אין די הענט פֿון מלכות צו משפּטן אים, לויט זייער אײַנזען. מיר האָבן דערמיט מער נישט וואָס צו טאָן. ווען איר ווילט אײַער צדיק פֿאָדערן, וואָס האָט עפֿענטלעך מחרף־ומגדף געווען דעם הייליקן אין ישׂראל, מוזט איר אים פֿאָדערן פֿון מלכות, נישט פֿון אונדז. און פֿאַר דעם וואָרט, וואָס איר האָט געלאָזט פֿאַלן, וועלן מיר אײַך מוזן צוציִען צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר מאַכן אַ שלעכטן נאָמען דעם סנהדרין און די כּהנים.

— פֿון אײַערע הענט וועלן מיר אים פֿאָדערן! האָט אים דער רבי נאָכגערופֿן.

— אײַער נאָמען וועט אויסגעמעקט ווערן אין ישׂראל, און אײַער אָנדענק וועט דערמאָנט ווערן מיט אַ קללה אויף די ליפּן.

דער יונגערמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, אומגעקערט זיך און אָנגעקוקט דעם רבין, וועלכער וואָגט אַזאַ קללה אויסצורופֿן אויף דעם מעכטיקן הויז פֿון די בני־חנן. זײַן פּנים איז בלייך געוואָרן פֿאַר כּעס. זײַנע ליפּן האָבן געציטערט. זײַנע הענט האָבן זיך צוזאַמענגעבײַלט אין פֿויסטן. די בליקן פֿון די צוויי מענער האָבן זיך באַגעגנט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט גיט ער אַ באַפֿעל, דער הערשער איבער דעם בית־מקדש, צו זײַנע פֿיל משרתים פֿעסטצונעמען דעם רבין, אָבער דער אָפּפֿוילנדיקער שטאַם פֿון אַלטן צדוקישן הויז האָט, קאַנטיק, זיך אײַנגעבויגן און צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער לאַסט פֿון דער נײַער גײַסטיקער אויטאָריטעט, וואָס האָט מיט אַזאַ קראַפֿט אָנגעהויבן אויסשפּראָצן אין ישׂראל. דער יונגערמאַן האָט נאָר אַ ציטער געגעבן מיט די אַקסל, איבערגעלאָזט די חכמים און איז אַרײַן צו זיך אין זײַן לשכּה.

קיינער האָט זיך נישט געריכט דערויף, אַז פּילאַטוס וועט אַזוי שנעל און אַזוי פֿרי זיך אײַלן צו משפּטן דעם באַשולדיקטן, וואָס מען האָט אים צוגעשטעלט בײַנאַכט. נאָך קיין מאָל פֿריִער האָט דער פּראָקוראַטאָר נישט אַרויסגעגעבן קיין אורטייל אין אַזאַ געאײַל. אַפֿילו בר־אבאַן, וועלכן מען האָט געכאַפּט בײַ דער האַנט, מיט דער שווערד אויסגעשטרעקט אַנטקעגן רוים, האָט פּילאַטוס נישט גלײַך פֿאַרמשפּט, נאָר געהאַלטן אים אין קערקער אַ פּאָר טעג.

קיינער האָט זיך נישט געריכט דערויף, אַז פּילאַטוס וועט וועלן פּראָוואָצירן אַן אויסברוך פֿון די ייִדישע מאַסן ערבֿ יום־טובֿ, ווען די שטימונג איז שוין אַזוי אויך געווען אָנגעצויגן צוליב דער גרויסער שחיטה, וואָס איז פֿאָרגעקומען בײַם

אַרעסט פֿון בר־אבאס לײַט. מיר אַלע זײַנען געווען איבערגעצײַגט, אַז פּילאַטוס וועט אָפּלייגן דעם משפּט איבער דעם רבין פֿון נצרת אויף נאָך יום־טובֿ.

די לײַט, וועלכע זײַנען פֿרי אַרויסגעגאַנגען צום הויז פֿון פּראָקוראַטאָר, זײַנען אַלע געווען לײַט פֿון בר־אבאס חבֿרותא, אָדער זײַנע אָנהענגער, וועלכע זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿאָדערן זײַן באַפֿרײַאונג. קיינער האָט נישט געוואוסט פֿון ישועס פֿעסטנעמונג, זיכער נישט די לײַט פֿון דעם אונטערשטן טייל שטאָט, פֿון דער אָרעמקייט, בײַ וועלכער ער איז געווען באַליבט און געאַכטעט. אויך די חכמים, וועלכע זײַנען געגאַנגען פֿאָדערן ישועס באַפֿרײַאונג פֿון די הענט פֿון סגן, האָבן גערעכנט, אַז דער משפּט פֿאַר פּילאַטוסן וועט ערשט פֿאָרקומען נאָך יום־טובֿ. אַזוי אַרום האָט אַפֿילו דער אייפֿריקער רבי יוחנן בן זכאי, ווי מײַן רבי, געמיינט, אַז עס וועט נאָך זײַן צײַט אים אָפּצוראַטעווען. ווען זיי זײַנען אַרויסגעקומען פֿון סגנס לשכה, האָבן זיי געוואָלט אָפּהאַלטן אַ ישיבֿה צו באַטראַכטן, וועמען מען קאָן שיקן צום מלכות אויפֿצוקלערן דעם טעות און בעטן ישועס באַפֿרײַאונג. מײַן רבי האָט שוין אויפֿן וועג צו דער ישיבֿה געוואָרפֿן דעם נאָמען פֿון יוסף רמתי. און אַ שליח איז שוין געווען אויפֿן וועג צו אײַלן יוסף רמתי אין בית־מקדש אַרײַן צו באַראַטן זיך מיט אים וועגן דער דעלעגאַציע, וואָס מען זאָל שיקן צו פּילאַטוסן. אָבער ווי איבעראַשט זײַנען די חכמים געוואָרן, ווען זיי זײַנען אַרויסגעקומען פֿון סגנס לשכה און געוואָר געוואָרן, אַז פּילאַטוס האָט זייער פֿרי, קוים נאָך די זון איז אַרויס, אין דער ערשטער פֿרימאָרגן־שעה, זיך אַוועקגעזעצט צום משפּט, — און ער האָט שוין אָפּגעמשפּט ישוען און פֿרײַגעלאָזט בר־אבאן, אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון בר־אבאס לײַט, וועלכע האָבן אַזוי באַצײַטנס זיך אויסגעשטעלט פֿאַר דער גזיתא. ווי די חכמים האָבן דערהערט, אַז צווישן די אויפֿמונטערער צו פֿאָדערן פֿון פּילאַטוסן בר־אבאס באַפֿרײַאונג איז אויך געווען דעם כהן־גדולס זון חנן און זײַנע משרתים, אַזוי איז זייער האַרץ שטיין געבליבן פֿאַר שרעק, זייערע פּנימער זײַנען בלייך געוואָרן, און זייערע אויגן זײַנען געזונקען צו דער ערד, און זיי האָבן זיך געפֿילט זייער נידערגעשלאָגן. און יוחנן בן זכאי האָט זיך אָנגערופֿן:

— עס איז גלוי וידוע פֿאַר דיר, האַר פֿון דער וועלט, אַז אונדזערע הענט האָבן נישט פֿאַרגאָסן דאָס בלוט. מיר און אונדזערע קינדער זײַנען ריין דערפֿון.

מײַן רבי נקדימון האָט זיך אָנגערופֿן:

— נאָר אַ נס מן השמים קאָן ישוען ראַטעווען. איך וועל גיין און מתפּלל זײַן פֿאַר זײַן נשמה. און דו, מײַן תּלמיד, גיי און זע, ווי די זאַך איז, און קום און באַריכט מיר.

דער וועג פֿון הר־הבית צו הורדוסעס טורעם־פּאַלאַץ, וואו דאָס פּראָקוראַ־טאָריום האָט זיך געפֿונען, איז געווען אַ פֿערטל שעה גאַנג. ער איז געלעגן באַרג אַראָפּ פֿון הר־הבית, פֿון דעם סאַמע עק פֿון דער ערשטער מויער, צום טאָל אַראָפּ, וואָס פֿירט צום וועג קיין בית־לחם. ווען אַפֿילו איך בין געפֿלויגן מיט דער גע־שווינדקייט פֿון אַן אָדלער, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דער וועג געדויערט שעהן. איך האָב אָנגעטראָפֿן איינצלנע לײַט, מענער און פֿרויען, וועלכע זײַנען געקומען אָנצולויפֿן אָן אָטעם פֿון דעם נידעריקן טייל שטאָט, לײַט, וואָס זיצן בײַם אַרײַנגאַנג פֿון מיסט־טויער און פֿון וואַסער־טויער פֿון נחל־קדרון. זיי זײַנען גע־לאָפֿן איבער די שטעגלעך, וואָס פֿירן אַראָפּ צום פּאַלאַץ. די ווײַבער האָבן גע־

כליפּעט אין זייערע פֿאַרשמוצטע, צעריסענע האָר־שלייערן אַרײַן, און אין די אויגן פֿון די מענער האָבן געלויכטן פֿײַערלעך פֿון כּעס. די לײַט זײַנען ערשט איצט געוואָר געוואָרן, וואָס עס איז געשען מיט זייער באַליבטן רבין די נאַכט, און זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער אַרבעט, — די טרעגער האָבן אַוועקגעוואָרפֿן זייערע פּעק, די אייזל־ און קעמל־טרײַבער — זייערע בהמות, — און זיי זײַנען געקומען אָנגעלויפֿן, באַקליידט אין זייערע צעריסענע זעק־קליידער, פֿון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעריסן שטיקער נאַקעט לײַב. דאָס איז אָנגעקומען די אָרעמקייט, צווישן וועלכער דער רבי איז אַזוי באַקאַנט געווען. פֿיל פֿון זיי האָבן געפֿירט בלינדע, וועלכע האָבן געשטערט דעם גאַנג פֿון די אײַלנדיקע לײַט; לאָמע, וועלכע האָבן אויסגעשעפּט די געדולד פֿון זייערע באַגלייטער, וואָרעם אַלץ האָט געאײַלט צום פּאַלאַץ פֿון פּראָקוראַטאָר. ווען מיר זײַנען אַהין אָנגעקומען, איז שוין פֿאַר דער אויסגעפֿלאַסטערטער פּלאַטפֿאָרמע געשטאַנען אַ גרויסער עולם, דער עיקר לײַט פֿון בר־אבאן. אויף די שטיגן פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע האָבן מיר אָנגעטראָפֿן חנן בן־חנן, אין שפּיץ פֿון כּהן־גדולס שליחים, וועלכע האָבן דאָרט אויסגעוואַרט אויף עפּעס. דער טויער, וואָס האָט געפֿירט אין אינעווייניקסטן הויף אַרײַן, איז געווען פֿאַרמאַכט. אויף דער פּלאַטפֿאָרמע איז נישט געווען קיינער. פֿאַר אונדז איז נאָר געשטאַנען די מעכטיקע, הויכע, שטיינערנע טורעם־וואַנט, וואָס האָט, ווי אַ מעכטיקער אָרעם, אָפּגעצאַמט און פֿאַרשטעלט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק.

דעם עולם האָבן מיר אָנגעטראָפֿן שטיין אין גרויס דערוואַרטונג. אַפֿילו די לײַט פֿון בר־אבא, אַפֿילו די שליחים פֿון כּהן־גדול האָבן אויסגעוואַרט און געקוקט מיט אַנגסטלעכער נײַגעריקייט אויפֿן שווערן בראָנזענעם טויער. אַן אָטעם־אײַנהאַלטנדיקע שטילקייט איז געהאָנגען איבערן עולם. אַלע האָבן אויסגעוואַרט אויף עפּעס. מיר זײַנען געוואָר געוואָרן, אַז פּילאַטוס האָט געשיקט ישוען צום טעטראַרך הורדוס אַנטיפּאַ מיט אַן אויפֿשריפֿט „מלך פֿון די יהודים", כּדי זיך צו רייצן מיט די ייִדן און מיט דעם טעטראַרך; אַז דער טעטראַרך האָט נישט געפֿונען קיין שולד אין אים און אים צוריקגעשיקט צו פּילאַטוסן, אײַנגעהילט אין אַ פּורפּורנעם מאַנטל. מיר זײַנען אויך געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט שוין בר־אבא פֿרײַגעלאָזט, — און דאָס הייסט, אַז ער האָט ישוען פֿאַרמשפּט. דעם רבין קאָן שוין קיינער נישט העלפֿן, סײַדן אַ נס מן השמים. ער איז צוגעקומען צו זײַן לעצטער טיר, און די לעצטע טיר פֿירט אין הימל אַרײַן און קאָן נאָר געעפֿנט ווערן מיט דעם שליסל פֿון אַ נס. און אַלע האָבן אויסגעוואַרט אויפֿן נס, אַפֿילו בר־אבאס לײַט, אַפֿילו די לײַט פֿון כּהן־גדול, וועלכע האָבן, אין איינעם מיט די מאַסן, אויסגעוואַרט אויף דער גזיתא אויפֿן אויסגאַנג פֿון משפּט. זיי האָבן געהאַלטן זייערע העלדזער אויסגעשטרעקט צום הויכן טויער, צו דער הויכער מויער־וואַנט. כאָטש זיי האָבן נישט געקאָנט אַריבערקוקן און זען, וואָס דרינען טוט זיך, איז אָבער דער גלויבן אין רבין געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך די לײַט, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דרויסן פֿון פּאַלאַץ, אויסגעוויזן, אַז זיי זעען צייכנס אין הימל, אַז דער הימל ווערט פֿאַרפֿינצטערט, כאָטש די זון האָט איצט ברייט געשײַנט און באַגאָסן די טורעם־וואַנט מיט ברייטע שטראַלן. זיי האָבן געהערט אַ באַוועגונג פֿון אײַלנדיקע, ראַשיקע חיילות, קולות רופֿן, און געקוקט, — אָט באַלד וועט דער הימל זיך שפּאַלטן, אַ פֿלאַם וועט אַראָפּנידערן, וועט דעם גאַנצן מעכטיקן פּאַלאַץ אין דער ערד אײַנ־

זינקען, ווי קורח בשעתו, פֿאַרצערן אין פֿײַער, — און פֿון דעם פֿײַער וועט דער רבי פֿון נצרת זיך אויפֿהויבן און ער וועט שווימען אויף די וואָלקנס פֿון הימל.

זיי האָבן פֿאַרגעסן, אַז דרינען, הינטער די שווערע מויערן, געפֿינט זיך אַ מענטש, אַ בשר־ודם, וואָס לײַדט און האָט יסורים, ווי יעדער בשר־ודם. דער רבי איז געווען פֿאַר זיי ווי אַ גײַסט, גאַרנישט פֿון דער וועלט. אַפֿילו די לײַט, וועלכע זײַנען געקומען מיט געבײַלטע פֿויסטן, מיט כּעס־פֿײַערן אין זייערע אויגן, צו באַ־פֿרײַען זייער רבין, האָבן פֿאַרגעסן אין זייער כּעס. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז עס באַדאַרף אַזוי זײַן, אַז דער רבי באַדאַרף געשטעלט ווערן אויף דער פּריוואונג. — און אָט באַלד וועט זיך טאָקע דער נס באַווײַזן. און אַפֿילו בײַ די, וואָס האָבן גע־כליפּעט אויפֿן וועג אויפֿן רבינס מזל, זײַנען די טרערן אויסגעטריקנט געוואָרן אויף זייערע פּנימער און די קרעכצן זייערע זײַנען שטעקן געבליבן אין זייערע העלדזער, מחמת דער אויסוואַרטונג אויפֿן נס און זייער גלויבן, אַז עפּעס וואָס מוז געשען. אַזוי געשפּאַנט איז געוואָרן די דערוואַרטונג, אַז ווען די שליחים פֿון כּהן־גדול האָבן נאָך אַמאָל אויסגערופֿן: „— ווען ער איז דער משיח, זאָל ער עס באַווײַזן!” — האָט שוין די גאַנצע מאַסע, זײַנע פֿרײַנד און זײַנע פֿײַנד, סײַ די, וואָס האָבן געגלויבט אין אים, סײַ די, וואָס האָבן נישט געגלויבט אין אים, מיט־גערופֿן:

— יאָ, איז ער דער משיח, זאָל ער עס באַווײַזן!

— מיר ווילן אַ נס!

— פּילאַטוס זאָל זײַן דער נס!

— ווי אליהו הנבֿיא, זאָל ער דעם בעל צעשטערן!

— ווי דניאל, זאָל ער אין קאַלך־אויוון גיין!

נאָר פּלוצלינג איז אַלץ שטיל געוואָרן. אַלע הערצער זײַנען שטיין געבליבן. די שווערע טויערן אין הורדוסעס פּאַלאַץ, פֿאַר דער פּלאַטפֿאָרמע, האָבן זיך פֿאַ־מעלעך געעפֿנט. אין אָנהויב איז געגאַנגען פּילאַטוס אַליין. אַ טריאומפֿירנדיק שמײַ־כלע האָט געלויכטן אויף זײַן פֿליישיק פּנים. ער האָט מיט אַ פֿאַראַכטלעכן בליק אַרומגענומען דאָס פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין דערוואַרטונג. נאָך אים זײַנען נאָכגעגאַנגען די סאָלדאַטן אין זייערע גלאַנציקע פּאַנצערס און שווערדן. און צוויי גערמאַנישע רײַטערס אין העלמעטן האָבן אים געפֿירט, דעם רבין פֿון נצרת. זיי האָבן אים אַוועקגעשטעלט בײַ דער וואַנט. און מיר האָבן דערזען . . .

מיר האָבן אים דערזען, דעם, וואָס איר האָט געקרוינט פֿאַר דעם מלך פֿון די ייִדן. מיר האָבן אים דערזען, איר האָט אים געשטעלט פֿאַר אונדז. אין זײַן הינטער־גרונט איז געווען די שווערע, מעכטיקע, פֿירעקיגע וואַנט פֿון הורדוסעס מגדל־שלאָס. אַ שטומע, הויכע, מעכטיקע שטיינער־וואַנט האָט זיך אויפֿגעהויבן הינטער אים, — און ער איז געשטאַנען אין זײַן גאַנצער גלאָריע! מיר האָבן געזען, ווי די שטרעמלעך בלוט רינען אים אַרונטער פֿון דערנער־קראַנץ איבערן פּנים און אין זײַן רונדיקן בערדל אַרײַן, און פֿון דאָרט טריפֿן זיי טראָפּנווײַז אויף זײַן נאַקעט לײַב אַראָפּ. מיר האָבן אים געזען. ער, ער, וואָס שטענדיק איז זײַן קלייד געווען ווײַס און קיין מאָל האָט קיין אייל נישט געפֿעלט אויף זײַן קאָפּ, — ער איז איצט געשטאַנען, אַ נאַקעטער, פֿאַר אונדז, באַצירט און באַדעקט נישט מער ווי מיט די שפּורן פֿון אײַערע שמיץ, מיט רינעלעך בלוט, באַקראַנצט מיט אַ קרוין פֿון

דערנער, מיט אַ רויטער, פּורפּור־שטיק טוך געוואָרפֿן אויף זײַן אַקסל. דער שתי־וערבֿ, מיט דער אויפֿשריפֿט „ישוע, מלך היהודים“, האָט זיך אויפֿגעפֿלאַנצט הינטער אים. און לעבן אים האָט זיך געשטעלט פּילאַטוס. מיר האָבן אים דערזען. און ער האָט געקוקט אויף דער פֿאַרשטיינערטער, שווײַגנדיקער מאַסע מיט אַ צינישן שמייכל אויף זײַן פֿליישיק, דיק פּנים. זײַן דיקער, קורצער האַלדז האָט געלאַכט און זײַן גאַנצער אָנגעבלאָזענער קערפּער האָט זיך געטרייסלט פֿון אינעווייניקסטן געלעכטער, ווען ער האָט מיט אַ זשעסט פֿון זײַן האַנט אונדז געפֿרעגט:

— וואָס ווילט איר דען, זאָל איך טאָן מיט דעם, וואָס איר רופֿט דער „קעניג פֿון די ייִדן“?

מיר האָבן שוין אַלע געזען, וואָס ער האָט געטאָן מיט דעם, וואָס ער רופֿט „דער קעניג פֿון די ייִדן“. און אַלע האָבן מיר דערפֿילט די ביטערע איראָניע, דעם טיפֿן שטאָך, וואָס ער האָט אונדז געוואָלט געבן מיט דער פֿראַגע. אַלע האָבן מיר דערפֿילט די באַליידיקונג, די דערנידערונג, די שאַנד, וואָס ער וויל אונדז אָנטאָן. אַלע אויגן זײַנען געווען געווענדט צום מאַן פֿון נצרת. מען האָט געזען, ווי זײַנע געדערעם ברומען אין אים. זיי האָבן אים געמוזט פּײַניקן, ער האָט קוים לופֿט געשעפּט. זײַנע ליפּן זײַנען בלייך געווען און האָבן זיך שטיל באַוועגט, זײַנע נאָזלעכער האָבן געציטערט, ציִענדיק שווער די לופֿט. ער האָט געקוקט אויף אונדז, און מיר — אויף אים. מיר זײַנען געוואָרפֿן פֿון דער העכסטער האָפֿענונג אין דעם נידעריקסטן אָפּגרונט אַרײַן. אויף אים, אויף אים האָבן מיר אַזוי פֿיל געלייגט האָפֿענונג. מיר האָבן געמיינט, אָט־אָט ווערט פֿול זײַן מאָס לייד, אָט קומט אָן די ישועה, אָט־אָט הייבט ער אויף זײַן קאָפּ, — און אַלע שׂונאים פֿון ישׂראל ווערן פֿאַרניכטעט אויפֿן אָרט: אַ פֿײַער וועט אַרויסזעצן פֿון דער גרויסער מויער, אַ פֿײַער וועט אַראָפּקומען פֿון הימל, ווי אין די צײַטן פֿון אליהו־הנבֿיא, און גאָטס נאָמען וועט גרויס ווערן. איין־איינציקער וואונטש האָט אויסגעפֿילט אַלעמענס הערצער: זאָל געשען, וואָס עס זאָל געשען, נאָר גאָטס נאָמען זאָל פֿאַרהייליקט ווערן. מיר אַלע האָבן אין גרויסע אַנגסטן געוואַרט מיט אים אין איינעם; גאָטס נאָמען מוז פֿאַרהייליקט ווערן, עס מוז! נאָר עס איז אַדורכגעגאַנגען אַ ווײַל — און קיין נס האָט זיך נישט באַוויזן. פֿאַר אונדז איז געשטאַנען אַ געפּײַניקטער, געשלאָגענער ייִד, און לעבן אים — זײַן הענקער, פּילאַטוס.

אַ געשטיקט געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון העלדזער. לעבן מיר איז געשטאַנען אַ מאַן און האָט געביסן די פֿינגער אין זײַן מויל און ער האָט געיאָמערט. אויך אַנדערע האָבן געוויינט. און פּילאַטוס האָט געזען אונדזער פֿאַרלעגנהייט, ער האָט געזען אונדזער שאַנד, ער האָט געזען אונדזער שוואַכקייט, אונדזער אָפּגענאַרטע האָפֿענונג, און ווי נאָר צו רייצן זיך מיט אונדז, האָט ער נאָך אַמאָל זיך געווענדט צום עולם:

— וואָס ווילט איר דען, זאָל איך טאָן מיט דעם מאַן, וואָס איר רופֿט אים „דער קעניג פֿון די ייִדן“?

— קרײַציק אים! — האָט דעם כּהן־גדולס זון, חנן, וועלכער איז געשטאַנען אַ בלייכער, אויף די טרעפּ פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע, אויסגערופֿן.

און די שליחים פֿון כּהן־גדול האָבן נאָך אים נאָכגעשריען:

— קרײַציק אים!

און פֿיל פֿון פֿאָלק, וועלכע האָבן זיך געפֿילט אָפּגענאַרט אין זייער האָפֿע־נונג, האָבן מיטגעשריען, ווי „תּמות נפֿשי עם פּלשתּים":

— קריַיציק אים!

אָבער באַלד האָט זיך געהערט אַ געשריי. וויַיבער האָבן אָנגעהויבן הויך צו כליפּן, מענער האָבן אויסגעשטרעקט די הענט:

— אונדזער ברודער איז ער!

— אָן אָפּנאַרער איז ער! ער האָט געזאָגט, ער איז גאָטס זון! — האָבן די קנעכט פֿון כּהן־גדול געשריען.

— יעדער ייִד האָט אַ רעכט זיך אָנצורופֿן גאָטס זון. בנים אַתּם לה׳ אלהיכם, שטייט אין דער תּורה. מיר בעטן צו אונדזער פֿאָטער אין הימל! — האָבן אַנדערע אָפּגעענטפֿערט.

— ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט צעפּירן דעם בית־מקדש אין דריַי טעג, — האָבן די קנעכט פֿון כּהן־גדול געשריען. — וויַיל עס איז אַ נעסט פֿון רויבער.

— די בני־חנן הערשן דערינען, די בני־חנן, וואָס זיַינען געגליכן צו די בני־עלי, — האָט מען פֿון פֿאָלק אָפּגעענטפֿערט.

— דאָס האָבן די בני־חנן אים איבערגעגעבן אין די הענט פֿון אדום! — האָבן אַנדערע צוגערופֿן צו די קנעכט פֿון כּהן־גדול.

— ווער וועט אונדז טרייסטן? ווער וועט אונדז ברענגען פֿרייד אין אונדזער אָרעמקייט אַריַין? — האָט אַ פֿרוי געקלאָגט און זיך געבראָכן די הענט.

— עס איז נאָך נישט אַלץ פֿאַרפֿאַלן. אפֿשר באַדאַרף ער די אַלע יסורים אַדורכ־גיין, איידער די ישועה קומט אָן? — האָט אַ געלערנטער געזאָגט.

און דער געפּיַיניקטער איז געשטאַנען לעבן דער וואַנט. הינטער אים האָט זיך אויפֿגעהויבן דער הויכער שתי־וערבֿ מיט דער אויפֿשריפֿט. ער האָט אויס־געקוקט, ווי ער וואָלט צוזאַמענגעשנירט געווען מיט דעם שתי־וערבֿ דורך די שטרעמלעך בלוט, וואָס האָבן זיך געגאָסן פֿון זיַין קאָפּ, פֿון זיַינע וואונדן און ליַיב און איַינגעזאַפּט און פֿאַרטריקנט געוואָרן אין האָלץ. זיַין פּנים איז געווען מענטש־לעך־שוואַך, מיט מחילה־בעטנדיקע אויגן. ער האָט געקוקט מיט רחמנותדיקע, האַרצברעכערישע בליקן די ליַיט אין פּנים אַריַין. עס האָבן זיך געוועבט צווישן אים און דעם פֿאָלק אויף דער גאַס, ווי זון־שטראַלן, ווי אומגעזעענע, נישט־איבער־געריסענע, באַהעפֿטנדיקע שנירן און באַנדן. זיי האָבן שוין פֿאַרגעסן, די מענטשן פֿון פֿאָלק, וואָס זיי האָבן דערוואַרט פֿון אים. זיי האָבן נאָר געזען פֿאַר זיך אַ גע־פּיַיניקטן ברודער זייערן, וואָס איז אָן זינד איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ רשע אין די הענט אַריַין צו שלאָגן און צו פּיַיניקן אים. דאָס רחמנות אין זייערע הערצער האָט זיך דערוועקט עד אין לשער. זייערע הענט האָבן אָנגעהויבן זיך פֿויסטן פֿון אָנמאַכטיקן כּעס, און דאָ און דאָרט האָבן זיך דערהערט שטימעס:

— דאָס האָבן די בני־חנן אים איבערגעענטפֿערט אין די הענט פֿון דעם רשע פּילאַטוס!

— אונדזער ברודער איז ער געווען אין אונדזער נויט, דער היילער פֿון אונ־דזערע קראַנקהייטן! — האָט אַ פֿרוי געקרעכצט.

— ווײַל ער האָט זייער האַנדל געשטערט אין בית־מקדש, האָבן זיי זיך נוקם געווען אין אים, די בני־חנן! — האָט אַן אַלטער מאַן געגרופֿן צום פֿאָלק און אָנ־געוויזן אויף חננען און אויף די שליחים — זעט, זעט...

— ער האָט מחרף־ומגדף געווען גאָטס נאָמען. דערפֿאַר האָבן מיר אים איבער־געגעבן צום מלכות, — האָבן די שליחים פֿון כהן־גדול געפּרוווט זיך פֿאַרענט־פֿערן. — עס איז אַ משפּט געווען.

— עס איז נישט געווען קיין משפּט! די רבנים פֿון די פּרושים האָבן נישט געוווּסט דערפֿון. זיי האָבן הײַנט פּראָטעסטירט. קיינעם פֿון די פּרושים האָבן זיי נישט גערופֿן צום משפּט, — האָט אַ צווייטער תּלמיד־חכם אויסגערופֿן, — קיינעם נישט פֿון די פּרושים!

— אַליין, אַליין האָבן זיי זיך געמאַכט אַ משפּט! — האָט אַ פֿײַערדיקער יונ־גערמאַן, מיט ציטערנדיקע, פֿליענדיקע פּאות, געשריען און אָנגעוויזן אויף די שליחים.

דאָס פֿאָלק האָט אָנגעהויבן ענגער זיך דריקן צו חננען. זיי האָבן אים געוואָלט אַרײַננעמען אין מיטן. הענט האָבן זיך שוין געהויבן צו אים. אויגן האָבן געשפּריצט מיט פֿײַער קעגן אים.

— ניין, עס איז נישט געווען קיין משפּט! עס איז נאָר געווען אַ חקירה־ודרישה, — האָבן די שליחים פֿון כהן־גדול ווידער געפּרוווט זיך פֿאַרענטפֿערן — ער האָט זיך דערקלערט פֿאַר משיחן! ווען ער איז משיח, זאָל ער זיך אַליין העלפֿן!

— ער האָט זיך נישט דערקלערט פֿאַר משיח. ער איז אַ רבי אין ישׂראל, און ער מעג אויסטײַטשן דאָס געזעץ ווי ער וויל.

— די בני־עלי האָבן אים פֿאַרמסרט פֿאַרן מלכות, אַז ער וויל ווערן דער מלך פֿון די ייִדן.

— מיר האָבן שוין גענוג געליטן פֿון זייערע בייזע צינגער. מוסרים זײַנען זיי.

— נאָט, זעט ווי זיי שטייען אויף זײַן בלוט. זיי זײַנען אַליין אַרויסגעקומען צום מלכות עדות זאָגן אויף אים. און אונדזער תּורה האָט געזאָגט: „אל תּעמוד על דם רעך!״ — האָט דער געלערנטער מיט די ציטערדיקע, שוואַרצע באָרד־און־פּאות גערופֿן נאָכאַנאַנד און באַוויזן מיט זײַנע שפּיציקע פֿינגער אויף דעם כהן־גדול־יונג חנן, וואָס איז געשטאַנען אין דער גזיתא.

און באַלד האָבן זיך פֿויסטן געהויבן, און אַ געמורמל האָט אויסגעבראָכן, און בייזע בליקן האָבן געקוקט אויף דעם יונגעמאַן, וואָס איז ווי אין אַ ראַם אײַנ־געשלאָסן געוואָרן אין אַ ראָד פֿון אויפֿגערעגטע ייִדן, און קולות האָבן געשריען צו אים:

— ווייַ איז אונדז איבער דעם הויז פֿון ביתוס, וויי איז אונדז איבער זייערע שטעקנס!

— וויי איז אונדז איבער דעם הויז פֿון די בני־חנן! וויי איז אונדז פֿאַר זייער סודען־זיך צווישן זיך! זיי זײַנען כּהנים־גדולים, זייערע זין — קאַסירער, זייערע אײדעמס מנהיגים, און זייערע קנעכט שלאָגן דאָס פֿאָלק מיט שטעקנס!

חנן איז בלייך געוואָרן. ער האָט זיך געפֿונען וואָס אַמאָל ענגער אײַנגעשלאָסן אין דער ראָם פֿון אויסגעשטרעקטע פֿויסטן: הענט האָבן זיך שוין אויסגעשטרעקט אים אָנצוכאַפּן, אָבער זײַן פֿרײַנד פּילאַטוס איז אים באַלד געקומען צו הילף. ווי

די ווילדע בעסטיעס, האָבן די סאָלדאַטן זיך אַרײַנגעריסן מיט זייערע קורצע שווערדן, צעטריבן דאָס פֿאָלק, אָפּגעראַמט דעם פּלאַץ פֿאַר דער פּלאַטפֿאָרמע. דאָס פֿאָלק איז זיך צעלאָפֿן מיט אַ יאָמער און אַ קלאָג.

ישוען האָבן זיי צוריק אַרײַנגעשלעפּט אין דעם אינעווייניקסטן הויף אַרײַן. חננען — נאָך אים. איינעם צום פֿײַניקן, דעם צווייטן צו באַשיצן.

# 26

די לײַט זײַנען זיך צעגאַנגען. דער קרבן־פּסח איז געשטאַנען הינטער דער טיר. באַלד איז געקומען די מיטאָג־שעה. און די פֿון עולם, באַזונדערס די ירושלימער, וועלכע האָבן נישט געבראַכט נעכטן דעם קרבן־פּסח, האָבן זיך געאײַלט פֿאַר־צוברייטן דעם קרבן־פּסח, וואָרעם מען האָט געוואוסט, אַז צוליב דעם שבת וועט מען אָנהויבן שעכטן פֿרי, נאָכדעם ווי די זון וועט איבערשטײַגן די מיטאָג־שעה. דער פּלאַץ פֿאַר דעם פּראָקוראַטאָריום איז איצט געווען ליידיק. נאָכדעם ווי אַלע האָפֿענונגען אויף דעם אַנטפּלעקן זיך פֿון אַ נס זײַנען פֿאַרשוואונדן, זײַנען די לײַט אָפּגעגאַנגען אַנטוישטע, פֿאַרביטערטע אויף זיך און אויף אַנדערע. איבערגעבליבן זײַנען נאָר קוים געציילטע, וועלכע האָבן געזאָגט: „עס קאָן דאָך נישט זײַן, אַז אונדזערע האָפֿענונגען זאָלן ווידער אָפּגענאַרט ווערן. לאָמיר אָפּוואַרטן. אפֿשר וועט דער נס קומען אין דער לעצטער מינוט". און זיי זײַנען איבערגעבליבן אין די ווינקלען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ — וואַרטן, ווען מען וועט ישוען אַרויספֿירן. דאָס רובֿ זײַנען דאָס געווען ווײַבער פֿאַרדעקט מיט האָר־שלייערן די קעפּ; אַנדערע — האָבן געהאַט אויפֿגעדעקטע פּנימער, אַוודאי קיין צײַט נישט געהאַט זיך אײַנ־צוהילן אין די שלייערן, וואָרעם די ידיעה וועגן דעם משפּט איבער ישוען האָט זיי געכאַפּט אין מיטן פֿון זייער הויז־אַרבעט.

צווישן די ווײַבער האָב איך באַמערקט שטיין די צוויי מרימס. די פֿרעמדע, די הויכע, איבער וועלכער די לײַט האָבן זיך געסודעט, אַז זי איז זײַן מוטער, איז געשטאַנען בײַ אַ וואַנט פֿון אַ הויז, קעגנאיבער דעם אַרײַנגאַנג־טויער פֿון פּראָ־קוראַטאָריום. איר קאָפּ איז געלעגן אָנגעלענט אויף דער וואַנט, דאָס פּנים באַ־האַלטן אין די קאַלטע שטיינער. לעבן איר איז געווען די אַנדערע פֿרוי, מרים פֿון מגדל, אָן שלייער, די האַלב־גראָע לאָקן צעלאָזן, — און זיי האָבן נישט נאָר איר פּנים, נאָר אַ האַלבן קערפּער אירן פֿאַרשטעלט. פֿון צווישן די פּאָסן האָר האָט זיך אַרויסגעריסן דער בלייכער און בלוטיקער אָנבליק פֿון איר פּנים, אירע רויטע, קרענקלעך־אָנגעצונדענע אויגן. זי האָט נישט געוויינט, זי האָט נישט געקלאָגט, נאָר די שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן איצט, אין דער מינוט פֿון צער, צוריק באַ־קומען זייער יוגנטלעכן שײַן, האָבן געשימערט מיט אַן אויסטערליש ברענענדיק ליכט. איינע, וועלכע האָט זיך נישט פֿאַרלוירן און זיך געהאַלטן מוטיק, איז געווען — שושנה. איר פּנים איז אויך געווען אויפֿגעדעקט, אויך אירע ליפּן זײַנען געווען פֿאַרשנירט, אָבער אירע אויגן האָבן אַזוי לעבעדיק געפֿינקלט, ווי בײַ אַ חיה, וועלכע זאַמלט זיך אויף וועמען אָנצופֿאַלן. זי האָט מיט איר שטאַרקער פֿיגור אונ־טערגעהאַלטן די הויכע, זיך־וואַקלענדיקע מרים.

ווײַטער האָב איך באַמערקט אַן אַנדערע גרופּע ווײַבער. זיי זײַנען געשטאַנען פֿאַרשטומט, פֿאַרשוויגן, ווישנדיק זיך די טרערן פֿון די פּנימער. אויך מענער האָט מען געזען, ס׳רובֿ אָרעמע, פֿון די לײַט, וואָס מען האָט אָנגעטראָפֿן בײַ שמעון דעם מצורע. צווישן זיי האָב איך באַמערקט דעם עבֿד יוסף, וועלכן דער רבי האָט אַנומלט געטרייסט אין דער אַכסניא. די שטריק פֿון זײַן עבֿדות האָט ער נישט געהאַט אָפּגעטאָן פֿון זיך. ער האָט מיט זײַן תמעוואַטן בליק געקוקט דערשטוינט, נישט צו פֿאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך דאָ, ווי עס וואָלט אים ווער מיט אַ דראַנג איבער דעם קאָפּ געגעבן. אין אַן אַנדער ווינקל האָב איך באַמערקט יוסף רמתי, מיט זײַן מאַסיוון קערפּער אָנגעלענט אָן אַ לען־שטעקן. לעבן אים האָט זיך געפֿונען, ווי תּמיד, דער גר אַבֿרהם בן אַבֿרהם. אַן אײַנגעהויקערטער, מיט זײַן בליק אײַנגעגראָבן אין דער ערד, האָט ער געזוכט דעם באַשייד פֿון דער חידה. וואָרעם עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער מאַרך פֿון זײַן קאָפּ האָט זיך פֿאַרקליבן אין זײַן הויקערדיקן רוקן: דער הויקער־רוקן האָט איצט געקלערט, געדענקט. אָפּגערוקט פֿון זיי, איינעם אַליין, האָב איך געזען שטיין הלל דעם וואַסער־טרעגער. ווי תּמיד, אײַנגעקאָרטשעט אין זיך, ווי אַ שילדקרויט אין זײַן הײַזל, און שווײַגנדיק. קיין וואונדער, קיין איבעראַשונג האָט מען נישט באַמערקט איבער זײַן מהילה־בעטנדיק פּנים, ווי אַלץ וואָלט ריכטיק געווען און עס געשעט, וואָס עס באַדאַרף צו זײַן. דאָס זײַנען געווען די גרופּע לײַט, וועלכע זײַנען געשטאַנען פֿאַרן טויער פֿון פּראָקוראַטאָריום און האָבן אָפּגעוואַרט די זאַך, וואָס עס וועט געשען מיט ישוען. יאָ, פֿון הינטער אַ וואַנט פֿון אַ מעכטיקער מויער, בײַ וועלכער עס זײַנען געשטאַנען די ווײַבער פֿון גליל, האָב איך געזען, ווי שמעון בר־יונה, זײַן ערשטער תּלמיד, שטעקט אַרויס פֿון צײַט־צו־צײַט זײַן האָריק־באַוואָקסענעם קאָפּ. פֿון דעם ים האָר האָבן אַרויסגעפֿינקלט מיט אומרואיקייט און שרעק זײַנע אויגן. אים אַליין אָבער האָט מען נישט געזען, וואָרעם ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער מויער.

באַלד האָט דער גרויסער טויער פֿאַרן פּראָקוראַטאָריום זיך געעפֿנט, און די זעלנער האָבן אַרויסגעפֿירט דעם נצרתער. איצט איז ער געווען באַקליידט צוריק אין זײַן ווײַסן מעיל, נאָר דער מעיל האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים איבער דער רצפּה און די ציצות פֿון מעיל זײַנען רויט געווען, אײַנגעטונקען אין בלוט, און זיי האָבן געפֿאַרבט נאָך זיך די שטיינער מיט רויטע פֿלעקן. אויף זײַן קאָפּ האָט ער נאָך געטראָגן דעם דערנער־קראַנץ. זײַן פּנים האָט מען נישט געזען. זײַן פּנים איז געווען טיף געבויגן צו דער ערד דורך דעם געוויכט פֿון דעם שתי־וערבֿ, וועלכער איז געלעגן אָנגעבונדן איבער זײַן רוקן, זײַנע הענט אויסגעדרייט, פֿאַרפֿעסטיקט מיט שטריק צום שתי־וערבֿ. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער רבי פֿון נצרת טראָגט נישט נאָר דאָס געוויכט פֿון דעם שתי־וערבֿ אויף זײַן רוקן, — אַז אויף זײַן רוקן זײַנען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן נישט־אָנגעזעענע משׂאות, געוויכטער, וועלכע דריקן מיט דער מאַכט פֿון זייער שווערקייט זײַן קערפּער צו דער ערד, אַז אָט באַלד וועלן זיי אים צעברעכן. ער פּרוּווט צו שלעפּן אויף זיך און צו ציִען דעם שתי־וערבֿ, נאָר ער קאָן נישט. יעדער טראָט קומט אים אָן ווי קריעת־ים־סוף. און הינטער אים גייט נאָך הערמאַנוס, דער שרעק פֿון די ייִדן. דאָס פּנים פֿון הערמאַנוס איז רויט פֿון רציחה, צעשוויצט פֿון כּעס. די גזשיוועס פֿון זײַנע האָר קלעפּן זיך צו זײַן שטערן. און ער שמײַסט מיט זײַן בלײַערנעם ריטער־קאַנטשיק אויפֿן נצרתערס רוקן. אַ

שוים זעצט זיך פֿון הערמאַנוסעס מויל פֿאַר רציחה און כּעס, ווען ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כּוחות צו רעגענען מיט זײַן קאַנטשיק איבער דעם קערפּער פֿון דעם געפּײַניקטן. און דער געפּײַניקטער, אונטער דעם שתי־וערבֿ, שוויצט און ווערט אויסגעווייקט אין אַנגסטן, און טראָפּנס פֿון זײַנע אַנגסטן מישן זיך צונויף מיט די טראָפּנס בלוט, וועלכע רינען אַרויס פֿון זײַנע מכּות און וואונדן, וואָס דער דערנער־קראַנץ און די מעטאַלענע ריטער שלאָגן אַרויס אויף זײַן קערפּער. קליינע שטרעמ־לעך בלוט רינען אים פֿון די האָר איבערן האַלדז און זיי זאַפּן זיך אײַן אין זײַן ווײַס, פֿאַרשוויצט העמד, אין זײַן קרעם־ווײַסן מעיל. און דער מעיל ווערט ווי אַ שוואָם, וועלכער טרינקט אין זיך דאָס בלוט און פֿאַרבט זיך וואָס אַמאָל מער אין רויטע פּורפּור־פֿלעקן. איצט שמירט שוין זײַן מעיל, נישט נאָר זײַנע ציצות, די שטיינער מיט בלוט. ישוע טרעט מיט זײַנע פֿיס אויף די רויט־באַפֿלעקטע שטיינער, און זיי לאָזן איבער נאָך זיך די אָפּדרוקן פֿון זייערע פֿאָרמען.

די הויכע מרים האָט אָנגעהויבן שלאָגן איר קאָפּ אין די שטיינער פֿון דעם מויער. די אַנדערע צוויי פֿרויען, מרים און שושנה, האָבן זי אָפּגעפֿירט. שושנה האָט זי געטראָגן כּמעט ווי אויף זיך, אַרומגעהאַלטן זי מיט איין האַנט, מרים בײַ דער צווייטער, און זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם געפּײַניקטן ישוע אונטער דעם שתי־וערבֿ. איצט האָט שוין אַ כאָרכלען פֿון גאַרגל־טענער, וועלכע זײַנען אַרויס־געקומען ווי אַ געיאָמער פֿון ווינט, אויפֿגעשטורעמט די לופֿט. דאָס האָבן די ווײַ־בער, וואָס האָבן באַגלייט דעם בלוטיקן גאַנג, אָנגעהויבן זייער יאָמער־געוויין. די גרופּע מענער האָבן זיך צוזאַמענגעקופּיעט. פֿויסטן האָבן זיך געבײַלט, קללות זײַנען געלעגן אויף די ליפּן, אויגן האָבן געפֿינקלט. נאָר דאָס געוויכט, וואָס איז געלעגן אויף די הערצער, האָט פֿאַרשטיינערט און פֿאַרשלאָסן זייערע קעלן און נישט געלאָזט אַרויסברעכנגען אַ ברום פֿון מויל. מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען דעם בלוטיקן גאַנג.

איך האָב געזען ווי הלל וואַסערטרעגער האָט זיך געשאָקלט און געמורמלט מיט זײַנע ליפּן. איך האָב געהערט פּסוקים תּהלים, וואָס רײַסן זיך אַרויס פֿון זײַן מויל אין זײַן גאַנג: „תּפֿילה לעני כּי יעטוף..." און אַזוי אויך האָבן די אַנדערע מענער תּהלים געזאָגט. יוסף רמתי, האָב איך געזען, איז אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַטנ־וועג. ער איז נישט מיטגעגאַנגען. נאָר אַבֿרהם־בן־אַבֿרהם, דער גר, האָט זיך צו־געשאַרט צו הלל דעם וואַסערטרעגער, און זיי זײַנען צוזאַמען נאָכגעגאַנגען די קלאָגעדיקע ווײַבער.

דער געיאָמער פֿון די ווײַבער, וועלכע האָבן באַגלייט דעם טרויעריקן גאַנג, דאָס געשריי און דאָס לאַכן פֿון די זעלנער, וועלכע האָבן אים אָנגעטריבן, האָבן אַרויסגערופֿן די אײַנוואוינער פֿון די אָרעמע הײַזלעך, וואו מען האָט אים פֿאַרבײַ־געטריבן. די געגנט דורך וועלכער זיי האָבן געטריבן דעם געפּײַניקטן איז געווען אַן אָפּגעלאָזענע, פֿאַרלאָזענע, וואָרעם די געסלעך האָבן געפֿירט צו דעם שרעקן־אָרט, צו דער גלגלתּא, דעם „שאַרבן־באַרג", וואָס איז געלעגן באַלד מחוץ דער מויער, צו מערבֿ־צפֿון־זײַט פֿון שטאָט. די ווײַבער זײַנען געשטאַנען פֿאַר זייערע אָרע־מע שטיבלעך, האָבן געבראָכן די הענט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף דעם געמאַטערטן. איינע פֿון זיי האָט זיך געווישט מיט איר האָר־שלייער די טרערן פֿון

פּנים און צוגעשריגן צו די מאַנספערשוינען, וועלכע זײַנען אַרויסגעקומען פֿון די הײַזער אָדער צופֿעליק פֿאַרבײַגעגאַנגען:

— מאַנסלײַט זענט איר? ווײַבער זענט איר! איר זעט ווי אדום פּײַניקט אַ ייִדיש נפֿש, און איר שווײַגט. אָפּראַטעווען באַדאַרף מען אים פֿון די זעלנערישע הענט!

— אוי, ווי איז מיר! עס איז דאָך דער רבי פֿון נצרת, וועלכן זיי שלעפּן, נעבעך, אַזוי! — האָט אַ צווייטע ייִדענע געבראָכן די הענט און געקלאָגט: — וויפֿל לײַט האָט ער אַליין געהאָלפֿן, און זיך אַליין, נעבעך, קאָן ער נישט העלפֿן.

דאָ איז עפּעס וואָס געשען, וואָס האָט אַלעמען געהאַלטן אין שפּאַן מיט אָפּגע־נע מײַלער אָן אָטעם. דער געמאַטערטער איז געפֿאַלן אונטער דעם שתי־וערבֿ. שלעפּנדיק דאָס שווערע, אומגעזעענע געוויכט, וואָס איז, דאַכט זיך, געווען אָנגע־לאָדן אויף דעם שתי־וערבֿ, איז ער געפֿאַלן אונטער אים. ער האָט אים נישט גע־קאָנט מער דערטראָגן. ווי אַ שוואַרצער רויב־פֿויגל, האָט הערמאַנוס זיך געשטעלט אויפֿן רוקן פֿון רבין. מיט זײַן גאַנצער קראַפֿט, מיט פֿאַרביסענע ציין פֿון כּעס, האָט ער אָנגעהויבן שלאָגן אויפֿן לײַב פֿון ישוען מיט שמיץ פֿון זײַן בלײַערנעם שטעקן. די אַנדערע זעלנער האָבן אים אונטערגעהאָלפֿן. אַ געוויין און אַ געשריי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון די ווײַבער, וועלכע האָבן אים באַגלייט. די מענער, וועל־כע האָבן ביז איצט זיך צוגעקוקט צו דעם בלוטיקן ספּעקטאַקל, האָבן אָנגעהויבן זיך צורוקן נענטער. אַ געמורמל איז אַדורכגעגאַנגען צווישן די לײַט. מען האָט די סאָלדאַטן אַרומגערינגלט. דאָ און דאָרטן האָבן זיך שוין פֿויסטן אויפֿגעהויבן אַנט־קעגן די רשעים. נאָר דער עלצטער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך די סאָלדאַטן, האָט עס פֿרי באַמערקט. ער האָט געגעבן אַ וואונק צו די סאָלדאַטן. זיי האָבן פֿאַר־לאָזט ישוען און זײַנען מיט די שווערדן צוגעלאָפֿן צו די צודרינגלעכע מענער און גענומען רעגענען אויף זיי מיט די קורצע שווערדן. אַ טייל פֿון די לײַט האָבן זיי געכאַפּט און צוגעשלעפּט צום עלצטן. אויך איך בין געכאַפּט געוואָרן פֿון די סאָל־דאַטן און צוגעשלעפּט געוואָרן צום עלטסטן:

— שטעלן זיי פֿאַרן משפּט — פֿאַר וועלן אָפּשלאָגן אַ פֿאַרברעכער, וואָס ווערט געפֿירט צום טויט! — האָט דער עלצטער באַפֿוילן.

נאָר איידער ער האָט נאָך פֿאַרענדיקט די ווערטער, האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פֿון דעם קלעם פֿון סאָלדאַטס האַנט, און מיט אַ קלאַפּ פֿון אַ באַטעק, וואָס האָט געשפּאָלטן מײַן אויער, בין איך אַנטרונען פֿון זיי.

דערווײַל אָבער האָט ישוע זיך געשטאַרקט. ער האָט אַליין זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד, אַליין, מיט אייגענעם ווילן, גענומען אויף זיך דעם שתי־וערבֿ און נאָכגעשלעפּט אים מיט זיך. מיר, די באַגלייטער, זײַנען געבליבן אַ שטיק וועג הינטער אים. די סאָלדאַטן האָבן מיט זייערע מעסערס אונדז געהאַלטן אין שרעק פֿון דער ווײַטנס, און אויפֿגעשטעלט שוין אַ וואַנט פֿון מעסערס צווישן אים און אונדז.

און ווי מיר גייען אַזוי מיט אײַנגעבויגענע קעפּ נאָך דעם געפּײַניקטן אין זײַן בלוט־און־טרערן־וועג, דערהערט זיך אַ ווילד אויסגעשריי, וואָס איז אָנגעקומען צו לויפֿן איבער דעם געסל נאָך דעם געפּײַניקטן. דאָס געשריי איז נישט געווען פֿון קיין מענטשן. עס איז געווען פֿון אַ פֿאַרוואונדעטער חיה אין פֿעלד. אַלע רוחות

רעות האָבן אַרויסגעשריען פֿון דעם געשריי. עס איז געווען ווי קעץ וואָלטן געדושעט קליינע קינדער, און דאָס מיאַוקען פֿון די קעץ און די גסיסה פֿון די קליינע קינדער וואָלטן זיך צוזאַמענגעמישט אין דעם איינעם געשריי. מיר האָבן זיך אומגעקוקט, — און וועמען האָבן אונדזערע אויגן געזען? יהודהן! יהודה איש־קריות איז געקומען אַנצולויפֿן פֿון דער זײַט פֿון בית־מקדש. זײַן מעיל האָט ער געהאַט פֿאַרלוירן איבערן וועג. ער איז געווען האַלב־נאַקעט, נאָר באַקליידט און פֿאַרדעקט מיט אַ קורצער הויז, וועלכע איז געווען צוגעבונדן צו זײַן לײַב מיט אַ שטריק. זײַן העמד איז געווען צעריסן אויף אים אין טויזנט שטיקלעך. זײַן פּנים — פֿאַרבלוטיקט, די האָר פֿון קאָפּ און פֿון דער באָרד זײַנען ווי אַ קראַנץ שטעכערס געשטאַנען אויף אים. די וואונדן אויף זײַן לײַב זײַנען געקומען פֿון זײַנע אייגענע נעגל, וועלכע ער האָט טיף אַרײַנגעשטעקט אין זײַן הויט. ער האָט מיט די פּויסטן זיך מיט מאַכט געשלאָגן אין דער האָריקער ברוסט, אין זײַן פּנים אַרײַן, איבערן קאָפּ, און אַזוי שלאָגנדיק זיך און רײַסנדיק פֿון זיך פּאַסן, איז ער געקומען אָנצולויפֿן מיט דעם יאָמער־געוואַלד.

— פֿון אונדזער טובֿה וועגן נעמט ער אויף זיך די יסורים. פֿאַר אונדז, פֿאַר אונדז! משיח מוז אַדורכגיין אַלע שבֿעה מדורי גיהנום, ער מוז, ער מוז... דורך דעם ענגן טויער פֿון די יסורים קומט די ישועה. זעט, אָט באַלד זעצט זיך די זון, באַלד ענדיקט זיך דער גאַנג. באַלד, באַלד קומט די ישועה אָן!

צו זיך אַליין האָט ער גערעדט. קיינער האָט אים נישט געהערט, קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. צו וועמען ער איז צוגעלאָפֿן, האָט מען זיך אָפּגעשאָקלט פֿון אים ווי פֿון אַ נדה, ווי פֿון עפּעס אומריינס. אָבער יהודה האָט זיך נישט געמאַכט דערויס. ער איז געגאַנגען הינטער דעם גאַנג און האָט געשריען יאָכצנדיק, וויינענדיק, זינגענדיק אַ שאַקאַל־קלאָגעדיק ליד:

— באַלד, באַלד ווערט דער כּוס פֿול. באַלד, ענדיקט זיך דער גאַנג. זעט, די חיילות זאַמלען זיך שוין אין הימל. ביז ער וועט צו דער גלגלתא אָנקומען, וועט ער זײַן צייכן געבן. די הימלען וועלן זיך שפּאַלטן, אַ פֿײַערדיקע שווערד וועט אים אַ מלאך פֿון הימל אַראָפּדערלאַנגען. מיט איר וועט ער אדום פֿאַרטיליקן. עזריאל וועט דער מלאך זײַן! — האָט ער אָנגעהויבן זינגען פֿאַר זיך — עזריאל וועט דער מלאך זײַן!

פּלוצלינג האָט ער זיך געלאָזט לויפֿן ווי אַ באַזעסענער, הענדום־פּענדום, אַדורכגעריסן זיך דורך דער קייט פֿון זעלנער און איז צוגעקומען צום עלצטן, וועלכער האָט אָנגעפֿירט דעם גאַנג. ער האָט אויסגעשטרעקט צו אים זײַנע בלוט־פֿאַרלאָפֿענע נעגל, מיט וועלכע ער האָט זײַן לײַב צעפּליישט און געשריען אין זײַן אַראַמיש לשון:

— לאָזט מיך, לאָזט מיך, איך וועל פֿאַר אים טראָגן דעם שתי־וערבֿ! איך בין זײַן תּלמיד. איך בין געווען מיט אים די גאַנצע צײַט. איך בין אַזוי שולדיק ווי ער. שלאָגט מיך אויך, קאַטעוועט מיך!

די זעלנער פֿון דער באַגלייטונג זײַנען צוגעלאָפֿן צו דעם עלצטן און מיט די מעסער אָפּגעשלאָגן יהודהן.

— קאַטעוועט מיך! שלאָגט מיך! איך און ער זײַנען איינס! — האָט יהודה געשריען, גלאָצנדיק מיט זײַנע רויטע אויגן אויף די זעלנער.

באַלד איז אויס אים געוואָרן אַ בלוטיקע שטיק שמאַטע. די זעלנער האָבן אים פּשוט צעטראָטן מיט די פֿיס און, ווי אַ פֿאַרבלוטיקטע שמאַטע, אים איבערגעלאָזט אויפֿן ברוק פֿון דער גאַס. מיט די לעצטע כּוחות האָט יהודה די הענט אויפֿגעהויבן און גענומען רופֿן נאָך דעם קרײַץ־שלעפּנדיקן ישוען:

— רבי! רבי! רבי!

דער רבי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זײַן קרײַץ־גאַנג, האָט אויסגעבויגן זײַן שווער־באַלאָדענעם רוקן, געמיט זיך אויפֿצוהויבן זײַן פּנים אונטערן קרײַץ און אָנגעקוקט דעם, וואָס רופֿט אים נאָך.

דעם רבינס אויגן, אַרויסגעקוקט פֿון זײַן בלוט־און שווייס־באַגאָסענעם פּנים, האָבן זיך באַהאָפּטן מיט יהודהס אויגן. אין רבינס אויג האָט אַ טרער אויפֿגעשײַנט, אַזוי אויך אין יהודהס אויג. נאָר איין סעקונדע האָט געדויערט דער בליק. באַלד האָבן די שמיץ פֿון די ריטער אָנגעהויבן רעגענען איבערן רבינס קערפּער און אים ווײַטער געטריבן. פֿון יהודהס ברוסט האָט דער לעצטער געשריי זיך אַרויסגעריסן. דער רבי איז ווײַטער געגאַנגען, שלעפּנדיק דעם שתי־וערבֿ אויף זיך, און יהודה איז געבליבן אויפֿן וועג. עס איז געווען ווי דעם רבינס בליק וואָלט אין אים כּוחות אַרײַנגעגעבן. ער האָט זיך געגעבן אַ ריס פֿון זײַן אָרט און האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן גאַנג פֿון דער ווײַטנס.

אָבער קוים האָט ישוע געוואָלט טון אַ שריט ווײַטער, האָט ער נישט געקאָנט. ער האָט זיך געמיט צו טרעטן. מען האָט אָנגעזען, ווי ער שטרענגט אָן אַלע זײַנע כּוחות ווײַטער צו גיין. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ווי אָטעם אָנצושעפּן. ער האָט געלאָזט רעגענען אויף זיך די שמיץ פֿון די ריטער. דערנאָך האָט ער אַ קני אײַנגעבויגן, און דער שתי־וערבֿ איז געפֿאַלן אויף אים מיט דער גאַנצער שווערקייט פֿון דער נישט־אָנגעזעענער משׂא, וואָס איז געלעגן אויף אים. און ישוע איז שוין געלעגן אונטער זײַן שווערן געוויכט. די שמיץ האָבן איצט גערעגנט אויף דעם רבינס פּנים און קערפּער. און ער האָט זיך געלאָזט שמײַסן. ווי יעדער בשׂר־ודם איז ער געקומען צום סוף פֿון זײַנע כּוחות. די ווײַבער, וועלכע זײַנען געגאַנגען אַ שטיק וועג הינטער אים, האָבן איצט אָנגעהויבן הויך צו שרײַען: „האַלט אײַן די רשעים!". די מענער האָבן אויסגעקוקט אין די הימלען, צי עס באַווײַזט זיך נישט קיין צייכן, צי שיקט נישט גאָט אַראָפּ זײַנע דונערן און בליצן אויף די רשעים? אויך פֿון די מענער האָבן זיך געהערט געשרייען. אייניקע פֿון זיי האָבן געפּרואווט זיך אַדורכרײַסן דורך דער שטרענגער וואַך, וואָס דער עלצטער האָט אויסגעשטעלט צוריקצוהאַלטן די באַגלייטער נאָך דעם ערשטן פּרואוו ישוען אָפּצוראַטעווען. שטימען רופֿן: „מיר וועלן טראָגן פֿאַר אים דעם שתי־וערבֿ, מיר וועלן טראָגן!". די זעלנער שמײַסן דעם קרבן. דאָ זעען מיר, עס קומט אָן פֿון אַ זײַטן־גאַס שמעון קוריני. נישט צו וויסן, וואָס עס געשעט, טראָגט ער זײַנע כּלים פֿון פֿעלד, דער שפּאַדל און די גראַבליע. און איידער מיר האָבן צײַט געהאַט זיך אַדורכצורעדן מיט די בליקן, און איידער דאָס וואָרט „אבי! אבי!" איז אויסגעלאָשן געוואָרן פֿון מײַן חבֿר רופֿוסעס מויל, ווען ער האָט דערזען אומגעריכט זײַן פֿאָטער אויף יענער זײַט פֿון די סאָלדאַטן, איז עפּעס געשען. שמעון קוריני, וועלכער איז בשתּומם געוואָרן פֿון דעם אָנבליק, וואָס זײַנע אויגן האָבן פּלוצלינג דערזען, דעם רבין פֿון נצרת ליגן אונטער דעם שתי־וערבֿ, — איז צוגעפֿאַלן אים אונטער־

צוהעלפֿן. — אין אַ סעקונדע האָבן אים שוין די סאָלדאַטן געכאַפּט, אויפֿגעבונדן דעם שתּי־וערבֿ פֿון ישועס רוקן און אַרויפֿגעלייגט אים אויפֿן רוקן פֿון דעם לאַנגן שמעון קוריני.

— פֿאָטער, פֿאָטער! האָט רופֿוס געדופֿן דורך דער וואָך פֿון די סאָלדאַטן.

— איין ייִד איז שטענדיק גרייט צו טראָגן דעם שתּי־וערבֿ פֿאַרן צווייטן! — האָט דער פֿאָטער אים אָפּגעענטפֿערט דורך דער וואָך פֿון די סאָלדאַטן. — און שמעון קוריניס הויכער קערפּער האָט זיך איצט געבויגן אונטער דער שווערער לאַסט פֿון דעם שתּי־וערבֿ.

די סאָלדאַטן האָבן געפֿונען אַ נײַעם קרבן. האָבן זיי זיך געוואָרפֿן אויף אים מיט זייערע באַטיקעס און אָנגעהויבן אונטערצוטרײַבן שמעון קוריני אונטער דעם רעגן פֿון זייערע שמיץ. דעם רבין פֿון נצרת האָבן זיי שוין איצט געשלעפּט היג־טער אים. ער האָט נישט מער געקאָנט זײַן רוקן אויפֿהייבן פֿון דער ערד, וואָרעם ווען אַפֿילו באַפֿרײַט פֿון דעם געזעענעם שתּי־וערבֿ, האָט אַ משׂא פֿון אַ נישט געזעענעם שתּי־וערבֿ נאָך אַלץ, דאַכט זיך, געדריקט אויף דעם רבינס רוקן. און אַזוי האָבן די זעלנער אים ווײַטער געשלעפּט, הינטער שמעון קוריני, צו דער גלגלתא, וועלכע האָט זיך געפֿונען הינטער דער שטאָט־מויער. און נאָך די זעלנער האָבן די קלאָג־ווײַבער זיך נאָכגעשלעפּט, און די לײַט, וואָס האָבן אים באַגלייט, און יהודה איז געווען דער לעצטער פֿון זיי.

גלגלתא, דער „שאַרבן־באַרג", האָט מען גערופֿן דעם באַרג, אויף וועלכן מען האָט אומגעבראַכט דורך קרײַציקן די הרוגי־מלכות. און פֿאַרוואָס האָט מען דעם באַרג גערופֿן „גלגלתא"? ווײַל דאָס מלכות האָט נישט געלאָזט די הרוגים אַראָפּ־נעמען פֿון קרײַץ נאָך דעם ווי זיי זײַנען געשטאָרבן, אַזוי ווי דער דין איז בײַ ייִדן, נישט צו לאָזן אַפֿילו דעם בר־מנן פֿון אַ געהאָנגענעם דורך דיני־ישׂראל אי־בערנעכטיקן איבער נאַכט. די הרוגי־מלכות האָבן געמוזט אַזוי לאַנג הענגען אויפֿן קרײַץ, ביז די פֿעלד־פֿייגל האָבן אויפֿגעגעסן זייער פֿלייש און די ביינער זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דעם האָלץ. וויפֿיל די תּלמידי־חכמים האָבן זיך נישט געמיט די אַכזריותדיקע גזרה, וואָס איז קעגן דעם ייִדישן דין, אָפּצושאַפֿן, איז דאָס זיי נישט געלונגען. „גלגלתא" איז געווען אַ שרעקן־וואָרט בײַ ייִדן, אַזוי ווי דער גערמאַנער הערמאָנוס, אַן אומווירדיק און אומריין אָרט. ווען אַפֿילו דער באַרג האָט זיך געפֿונען גאָר אין דער נאָענט פֿון שטאָט, באַלד אויף דער צווייטער זײַט פֿון דער ערשטער מויער, צו מערבֿ־צפֿון־זײַט, האָבן ייִדן אויסגעמיטן דאָס אָרט ווי אַן אָנשטעקנדיקע צרעת. דער באַרג איז פֿול געווען מיט מענטשלעכע עצמות. פּילאַטוס און זײַנע משרתים האָבן שוין געזאָרגט פֿאַר דער חיה „גלגלתא" צו שפּײַזן זי מיט מענטשלעכע קרבנות. און צו אָט דער גלגלתא האָבן זיי עס געפֿירט דעם רבין פֿון נצרת.

אייניקע פֿון די לײַט, וועלכע האָבן באַגלייט דעם געפּײַניקטן רבין, האָבן זיך אָפּגעשטעלט צופֿוסנס פֿון באַרג, ווײַל זיי האָבן נישט געוואָלט זיך מטמא זײַן דורך באַרירן די עצמות, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט איבער דער גאַנצער גלגלתא, פֿון פֿייגל אויפֿגעפֿרעסענע פּגרים. אַנדערע אָבער זײַנען ווײַטער מיטגע־גאַנגען דעם טרויעריקן גאַנג, וואו מ'האָט געשלעפּט דעם רבין מיטן שתּי־וערבֿ, וואָס שמעון קוריני האָט פֿאַראויסגעטראָגן פֿאַר אים. פֿון דער ווײַטנס האָט מען

נאָר געזען דעם רבינס פֿאַרבלוטיקט קלייד אַרויסשײַנען צווישן די שפּיזן פֿון די סאָלדאַטן. מיר האָבן נישט געקאָנט צוקומען נאָענט צו אים, ווײַל די סאָלדאַטן האָבן אונדז געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס. מיר האָבן געזען ווי זיי האָבן דעם נצרתער אַרויפֿגעפֿירט אויפֿן שפּיץ בערגל. דאָרטן האָבן שוין געשטעקט אין דער ערד עטלעכע שתי־וערבֿס מיט פֿאַרפֿײַניקטע גופֿים אויף זיי. אייניקע פֿון זיי האָבן שוין געמוטשעט אַלט זײַן אַ פּאָר טעג. איבער די שתי־וערבֿס זײַנען פֿאַרטריקנט געווען די שטראָמלעך בלוט, וועלכע האָבן געראָנען אויס די לעכער פֿון זייערע הענט און פֿיס. די גופֿים פֿון די געפּײַניקטע לײַט זײַנען געווען אײַנגעקאָרטשעט אין קראַמפּיקע ספּאַזמען, אײַנגעדרייט אויף די שתי־וערבֿס. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, צי זיי זײַנען שוין טויט, אָדער זיי אָטעמען נאָך, וואָרעם פֿון זייערע פֿאַרקרימטע מײַלער האָבן זייערע צונגען אַרויסגעשטאַרצט, און זייערע אויגן, גרויסע, פֿאַרגלייזטע, זײַנען אַרויסגעקראָכן פֿון זייערע אויגן־לעכער. אַנדערע, ווידער, האָבן געגעבן קלאָרע סימנים פֿון לעבן, האָבן אַפֿילו געשאָלטן אַראָפּ פֿון די צלמים. אַנדערע האָבן גאָטס נאָמען אָנגערופֿן. אויך זײַנען פֿיל צלמים מיט האַלב־פֿאַרפֿוילטע קערפּערס געלעגן אומגעוואָרפֿן אויף דער ערד, וואָרעם דאָס מלכות האָט זיי נישט געלאָזט ברענגען צו קבֿר ישׂראל, ביז וואַנען די פֿייגל פֿון הימל וועלן נישט זייער פֿלייש אויפֿעסן פֿון זייער געביין. דער גלגלתא־באַרג איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט מענטשלעך בלוט, אַדורכגעאַקערט מיט מענטשלעכע געשרייען, פֿאַרזייט מיט מענטשלעכע עצמות. אויסגייענדיקע קרעכצן האָבן זיך געריסן, שטילע רופֿן פֿון געפּײַניקטע האָבן זיך געהערט פֿון די אויסגייענדיקע אויף די צלמים. דורך אָט דעם וועג פֿון צער און בלוט האָבן זיי דעם רבין אַדורכגעשלעפּט.

און איך האָב געזען, און יעדער אייגער האָט געזען, ווי דער רבי האָט אויף זײַן גאַנג צו דער תּליה מיט זײַן בליק אויפֿגענומען דעם גאַנצן יאָמער און קלאָג, וואָס זײַנע אויגן האָבן זיך מיט זיי אָנגעשעפּט אויף זײַן וועג צום צלם. אַזוי האָבן זיי אים אַרויפֿגעפֿירט אויפֿן שפּיץ בערגל. און אויפֿן שפּיץ בערגל האָבן שוין צוויי נשמות זיך געפּײַניקט אויף צלמים. און דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. און זיי האָבן אַראָפּגענומען דעם שתי־וערבֿ פֿון שמעון קוריניס אַקסל און אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. דערנאָך האָבן זיי גענומען דעם רבין און אים צוגעפֿירט צום שתי־וערבֿ.

און די ווײַבער, און די באַגלייטער זײַנען געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס. און מיר האָבן מיט שרעקעדיקע, געפּײַניקטע הערצער אָפּגעוואַרט, וואָס דאָ וועט זײַן. אַ שטילקייט איז געקומען איבער דער וועלט. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט ווי דער ווינט בלאָזט צווישן די גופֿים, באַוועגט די פּגרים אויף די צלמים. מיר אַלע האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. איצט זײַנען מיר אַלע געווען זיכער, אַז איצט מוז עס געשען. איצט האָט דער רבי דערגרייכט דעם טיפֿסטן אָפּגרונט פֿון צער און פּײַן. איצט איז ער צוגעקומען צו דער גרענעץ, וואו עס שיידט זיך אָפּ דאָס לעבן פֿון טויט, צו דער לעצטער טיר. זײַנע אויגן האָבן שוין אַלץ געזען, זײַנע אויערן האָבן שוין אַלץ געהערט. זײַן לײַב איז אַדורכגעווייקט געוואָרן מיט אַלע אַנגסטן פֿון אַלע יסורים. זײַן לײַב איז פֿול געוואָרן מיטן ווײן פֿון פֿאַרביטערטקייט. ער האָט דעם כּוס פֿון טרערן אויסגעטרונקען ביז צום לעצטן טראָפּן. און איצט האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט אַרויפֿברענגען אַהער, אויף דעם שפּיץ פֿון דער גלגלתא: פֿון דעם אָרט פֿון טיפֿסטן

מענטשלעכן פּײַן און מענטשלעכער רשעות אָנצוהויבן די גרעסטע ישועה, פֿון דער טיפֿסטער נידעריקייט אויפֿצוהויבן זיך צו דער העכסטער הייך! און אויף אונדזערע ליפּן איז געלעגן אַ געזאַנג:

„מיט דיר, מיט דיר אין דער הייך!"

און מיר אַלע זײַנען געווען זיכער, אַז איצט, ווען זיי פֿירן אים צום שתי־וערבֿ, איצט וועט ער אויפֿהויבן זײַנע הענט, וועט וועגדן זײַנע אויגן צום הימל, און די גאולה וועט אָנקומען. עס איז אונדז געווען ווי מיר וואָלטן שוין דערהערט דאָס רוישן פֿון די מלאָכים־פֿליגלען אַרום אונדז.

ווײ איז צו אונדז, גאָרנישט איז געשען. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, ווי אַ געבונדן קאַלב, איז דער רבי צוגעגאַנגען צום שתי־וערבֿ. זײַן פּנים איז רואיק געווען. און פֿון זײַן אויג, וואָס איז געווען האַלב פֿאַרמאַכט מיט דעם איבערשטן היטל, האָט זיך אַרויסגעריסן דער גאַנצער שרעק פֿון טויט.

— די רשותים זײַנען דיר איבערגעגעבן! הויב אָן דײַן ממשלה, — האָט זיך געהערט אַ געשריי פֿון צופֿוסנס פֿון באַרג.

— רוף אליהו הנבֿיא! רוף די מלאָכים!

— דערלייז דיך און אונדז! דערלייז, דערלייז!

— קום, באַווײַז דײַנע גבֿורות, ווען דו ביסט דאָס, וואָס דו זאָגסט.

— שווײַגט, שווײַגט, שווײַגט!

אָבער דער רבי האָט זיך געלאָזט אויסטאָן די קליידער. זיי האָבן פֿון אים אַראָפּגעצויגן דעם מעיל, וועלכער איז שוין געווען אַדורכגעווייקט אין גאַנצן אין בלוט און שווייס. דערנאָך האָבן זיי אים אַראָפּגעצויגן דאָס העמד, וואָס איז, ווי יוספֿס העמדל, געווען צעריסן פֿון די בלוטיקע נעגל פֿון מענטשן־חיות. און ער איז געבליבן שטיין נאַקעט און בלויז, ווי די מוטער האָט אים געבוירן. אָן אויס־געמאַטערט לײַב, לויטער בייך, זשעברעס, איבערגעצויגן מיט אַ ווײַסער, דורכ־געקאָטעוועטער, געשפּאָלטענער הויט פֿון שמיץ און שלעק, געציטערט, געאָנגסט פֿאַר שרעק, ווי יעדער לײַב פֿון יעדן בשר־ודם, ווען מען שטעלט אים פּנים צו פּנים מיטן טויט. באַלד האָט ער זיך געשטאַרקט. ער איז געשטאַנען אַן אויגנבליק פֿאַרן שתי־וערבֿ, און ער האָט פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן אין גרויס דבֿקות, און זײַנע ליפּן האָבן זיך באַוועגט ווי ער וואָלט אַ ברכה געמאַכט. דערנאָך האָט ער זיך אויפֿגעריכט און איז געשטאַנען, גרייט צו נעמען אויף זיך דעם טויט.

און זיי האָבן אים גענומען און האָבן אים אויסגעצויגן איבער דעם שתי־וערבֿ. איצט איז געקומען דער מאָמענט, איצט, איצט! עד מתי רשעים יעלזו?!

אָבער די אַנגסט פֿון ישראל, הערמאַנוס הרשע, האָט גענומען אַ נאָגל מיט אַ האַמער אין זײַן האַנט און אָנגעהויבן אַרײַנצוקלאַפּן אין לעבעדיקן פֿלייש, דורך דעם רבינס דלאָניע, אין דעם שתי־וערבֿ אַרײַן.

אַ געשריי האָט זיך געהערט פֿון די ווײַבער, אַ געשריי ווי פֿון אַ געמוטשעטע קינד. אַ געשריי האָט זיך געהערט פֿון די מענער.

דער רשע, צעשוויצט, צעוואָרעמט, די האָר פֿון זײַן קאָפּ צוגעקלעפּט צום פֿאַר־שוויצטן, שמאָלן שטערן זײַנעם, האָט מיט התמדה געקלאַפּט דעם נאָגל אין דעם רבינס פֿלייש אַרײַן, געקלאַפּט פּאַמעלעך, לאַנגזאַם, קלאַפּ נאָך קלאַפּ, ווי ער וואָלט זיך געבאָדן אין נחת, ווי עס וואָלט אים אַ שאָד געווען דאָס פֿאַרגעניגן געשווינד

פֿאַרבײַצולאָזן דעם געפּײַניקטן די גרעסערע יסורים אָנצוטון. און דער גע־מאַטערטער אויפֿן שתי־וערבֿ, ווי יעדער בשׂר־ודם, וואָס מען טוט אים אָן יסורים, האָט זײַנע ליפּן פֿאַרביסן מיט די ציין. זײַנע אויגן זײַנען גרויס אויסגעזעצט גע־וואָרן און פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט. און זײַנע פּאות האָבן געציטערט. און דער עלצטער פֿון די סאָלדאַטן איז געשטאַנען דערבײַ.

— באַווײַז, באַווײַז, באַווײַז, אַז דו ביסט משיח פֿון גאָט! צעשטער אדום! — האָבן קולות גערופֿן צו אים.

אָבער דער רבי איז געווען פֿאַרקריפּלט אין זײַנע יסורים. ווי בײַ יעדן בשׂר־ודם, האָט זײַן פּײַן אָנגעפֿילט אַלע זײַנע חושים.

יהודה איש־קריות, וועלכער האָט ווי אַ שמאָטע זיך געהאָט נאָכגעשלעפּט נאָכן גאַנג, האָט די גאַנצע צײַט זיך באַהאַלטן הינטער אַ האַלב־אײַנגעפֿאַלענעם צלם. איצט האָט ער פּלוצלינג זיך אַרויסגערוקט, און אַ גרויס געשריי האָט זיך געהערט פֿון זײַן ברוסט אַרויסרײַסן.

— איצט פֿאַרשטיי איך דיך, רבי! אָ, איצט זע איך דיך!

און ער איז געפֿאַלן אויף דער ערד, און ער האָט זײַן פּנים אײַנגעגראָבן אין דער ערד. דער געפּײַניקטער אויפֿן שתי־וערבֿ האָט זיך געמיט אויפֿצוהייבן דעם קאָפּ און ער האָט געקוקט, ווער עס רופֿט אים אין לעצטן אויגנבליק „רבי". ער האָט דערזען דעם קניענדיקן, פֿאַלנדיקן יהודה. פֿון דעם געמאַטערטנס פּנים איז אויף אַ ווײַל פֿאַרשוואונדן דער אויסדרוק פֿון צער. זײַנע אויגן זײַנען צוריק גרויס און פֿריידיק געוואָרן. און מען האָט קלאָר געזען, ווי אין דעם גלילערס אויגן שײַנט די לעצטע טרער. זײַנע ליפּן האָבן זיך באַוועגט אין אַ געבעט, נאָר מען האָט נישט געהערט די ווערטער, וואָרעם הערמאַנוס הרשע האָט אים גע־שלאָגן איבערן קאָפּ.

— איצט זע איך אים, איצט ווייס איך, ווער ער איז. ווײ איז מײַן נשמה! — האָט יהודה געקלאָגט און געיאָמערט, און ער איז אַפּגעלאָפֿן אין דער שטאָט אַרײַן.

אויך די אַנדערע באַגלייטער האָבן זיך אויסגעדרייט און זײַנען אַוועק פֿון אָרט, און זיי האָבן געזאָגט:

— איצט איז שוין אַלץ אויס!

אויך איך האָב זיך אויסגעדרייט און בין געגאַנגען אין שטאָט אַרײַן מיט אַ פֿאַרווייטאָקט האַרץ אָנצוזאָגן מײַן רבין די טרויעריקע בשׂורה.

נאָר מײַן חבֿר און פֿרײַנד רופֿוס האָט געזאָגט:

— עס קאָן נישט זײַן, אַז אַלץ איז שוין אויס.

און ער איז איבערגעבליבן דאָרט בײַ די ווײַבער אָפּצוואָרטן, וואָס עס וועט אַרויסקומען פֿון דער זאַך.

# 27

ווען איך בין אַהיימגעקומען צו מײַן רבין נקדימון, האָב איך אים געפֿונען רוען אין גרויס צער, וואָרעם ער האָט שוין געהאַט געהערט פֿון די ענוים־קשים, וואָס אדום האָט אָנגעטון דעם נצרתער, און פֿון דעם חוזק און שפּאָט, וואָס זיי האָבן געטריבן מיט אים, — און זיי האָבן אין אים און דורך אים געוואָלט מבֿזה זײַן גאַנץ ישׂראל. ער האָט, ווי מיר אַלע, אַלץ געוואַרט, אַז עס וועט געשען אַ נס אין דער לעצטער מינוט, און גאָט וועט דעם רבי פֿון נצרת אָפּראַטעווען פֿון די הענט פֿון זײַנע פּײַניקער. און עס איז געווען, ווען ער האָט דערהערט פֿון מיר, אַז אַלע קצים האָבן זיך שוין אויסגעלאָזט און אדומס סאָלדאַטן האָבן שוין דעם רבין אָנגעשלאָגן אויפֿן קרײַץ, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— כּל־זמן די נשמה איז נאָך אין קערפּער, טאָר מען זיך נישט מיאש זײַן.

און דערנאָך האָט ער געזאָגט צו מיר:

— קום און זע די גרויסקייט פֿון צדיק: וואָס גרעסער עס זײַנען זײַנע יסורים פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון רבונו של עולם, אַלץ געזונטער און שטאַרקער קלאַמערט ער זיך אין זײַן פֿאָטער אין הימל. די יסורים זײַנען דער קוואַל, וואָס די צדיקים שעפּן פֿון אים זייער אמונה. און פֿון דעם קוואַל לאָזט גאָט אָנטרינקען נאָר זײַנע אויסדערוויילטע.

און אין נאָך אַ ווײַל אַרום האָט ער געזאָגט:

— ווער ווייס, ווי ווײַט די זאַכן דערגרייכן!

און מײַן רבי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פֿון בית־מדרש און האָט לאַנג מתפּלל געווען ביחידות, אין דער שטיל. נאָר זײַנע קרעכצן האָבן געשפּאָלטן דעם באַלקן פֿון בית־מדרש, און זײַן קלייד איז אַדורכגעווייקט געוואָרן אויף אים פֿון אָנגסטן. נישט נאָר די נשמה פֿון מײַן רבין נקדימון, נאָר זײַן גאַנצער קערפּער האָט געשריען צו גאָט, מען האָט ממש אָנגעזען אויף אים, אַז ער לעבט אַדורך אַלע ענוים, וואָס זיי טוען אָן דעם רבין פֿון גליל, וואָרעם ווער עס וויל בעטן פֿאַרן צווייטן, מוז זיך אָוועקשטעלן אין דעם מעמד פֿון דעם, וואָס ער איז פֿאַר אים מתפּלל.

מײַן רבי איז אויסגעגאַנגען פֿון זײַן תּפֿילה און ער האָט זיך אָנגערופֿן צו מיר:

— עס קומט די צײַט צו ברענגען דעם קרבן־פּסח. און איך וויל נישט לענגער רוען אין צער, נאָר נעמען אויף זיך די פֿרייד פֿון יום־טובֿ, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „איך האָב זיך געפֿרייט, מען האָט מיר געזאָגט, אין גאָטס הויז וועל איך אויפֿגיין". אפֿשר וועט גאָט באַווײַזן זײַן נס לכּבֿוד דעם יום־טובֿ און וועט דעם רבין פֿון נצרת ראַטעווען אין דער לעצטער מינוט. בײַ גאָט איז אַלץ מעגלעך.

און ער האָט זיך געוואַשן און האָט איבערגעטאָן זײַן קלייד און האָט זיך מכין געווען אויפֿצוגיין אין בית־מקדש פֿאַרצוברייטן דעם קרבן, לויט זײַן סדר, וואָרעם די זון האָט דערגרייכט די מיטאָג־שעה און עס האָט זיך דערנענטערט די צײַט פֿון קרבן פּסח. איידער אָבער ער איז גרייט געווען צו גיין, האָט די טיר זיך אויפֿגעעפֿנט, און מײַן חבֿר רופֿוס איז אַרײַנגעקומען מיט גרויס געוויין. ער איז געפֿאַלן אין מײַן רבינס אָרעמס.

און ער איז געוועזן לויטער שרעק און ציטערניש. און מײַן רבי האָט אים צוגענומען צו זײַן ברוסט, ווי אַ פֿאָטער נעמט צו זײַן זון, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— אין דײַן פּנים דערקען איך די שלעכטע בשׂורה, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט.

אָבער רופֿוס איז געלעגן אויף מײַן רבינס ברוסט און ער האָט געוויינט און געקלאָגט און האָט נישט געוואָלט זיך באַרויקן. און מײַן רבי האָט אים ווײַטער געזאָגט:

— שטאַרק זיך, מײַן זון, און פֿאַרצייל מיר פֿון אַלץ, וואָס עס איז געוועזן מיטן רבין פֿון נצרת, וואָרעם פֿון צדיק דאַרף מען זיך אָפּלערנען, ווי אַזוי שטאַרק צו זײַן אין דער אמונה און ווי אַזוי מקדש־השם צו זײַן.

און רופֿוס האָט געזאָגט:

— ווי צו מײַנע אויגן, וואָס זיי האָבן דאָס געזען. עס איז נישטאָ קײַן פּײַן, וואָס זיי האָבן אים נישט אָנגעטאָן.

און רופֿוס האָט זיך צעוויינט.

אָבער מײַן רבי האָט געזאָגט צו אים:

— שטאַרק זיך, מײַן זון, און פֿאַרצייל מיר אַלץ בפּרטיות, וואָס דו האָסט געזען, ווי אַזוי ער איז אויסגעגאַנגען אין דער לעצטער מינוט.

און רופֿוס האָט זיך געשטאַרקט און ער האָט אָנגעהויבן:

„— נאָך דעם ווי זיי האָבן דעם רבין פֿון נצרת אָנגעשלאָגן אויפֿן שתי־וערבֿ מיט גרויסע יסורים און פּײַן, האָבן זיי גענומען די שריפֿט, וואָס פּילאַטוס האָט אָנגעשריבן, — „ישוע, מלך היהודים", — און זיי האָבן זי אָנגעקלאַפּט אויפֿן שתי וערבֿ איבער זײַן קאָפּ. און זיי האָבן חוזק געטריבן פֿון אים, און זיי האָבן גערופֿן צו אים: „נו, קעניג פֿון די ייִדן, העלף זיך אַליין!". דער רבי אָבער האָט געקוקט אויף זיי מיט גרויס רחמנות, בשעת זײַנע ליפּן האָבן זיך געקראַמפּט פֿאַר צער. זײַנע הענט און זײַנע פֿיס זײַנען צו שוואַך געוועזן צו האַלטן זײַן קערפּער אויפֿן שתי־וערבֿ. זײַן רוקן האָט זיך אויסגעבויגן, און איין מינוט האָט זיך אויס־געדאַכט, אַז דער שוואַכער קערפּער פֿון רבין פֿאַלט, חלילה, אַרונטער פֿון שתי־וערבֿ, וואָרעם עס איז פּלוצלינג אָנגעקומען אַ ווינט, און דער ווינט איז געוועזן שוואַרץ און געדיכט, און דער ווינט האָט געקלאַפּט אויפֿן שתי־וערבֿ. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער ווינט האָט אָרעמס און פֿליגל, און ער נעמט אָן מיט זײַנע אָרעמס דעם רבינס דינעם קערפּער און וויל אים אַרונטערנעמען פֿון שתי־וערבֿ און מיטטראָגן מיט זיך. און מיר אַלע, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום, זײַנען דערשראָקן געוואָרן. מיר האָבן געמיינט, אַז אָט באַלד וועלן די פֿאַלדן פֿון ווינט זיך אויפֿוויקלען, און פֿון זײַן טיפֿער, טונקעלער געדיכטקייט וועלן מלאָכים אַרויס־קומען, און זיי וועלן דעם רבין פֿון שתי־וערבֿ אַוועקטראָגן. אָבער דער ווינט האָט זיך נאָר געוויקלט אַרום דעם רבין, ווי ער וואָלט דעם רבינס לײַב געהאַלדזט, און ער איז באַלד פֿאַרשוואונדן.

„און ווען דער ווינט האָט זיך אײַנגעשטילט, האָב איך געקוקט און געזען ווי דער רבי הענגט אויפֿן שתי־וערבֿ. זײַן פּנים האָט זיך משנה געווען, זײַנע אויגן זײַנען גרויס געווען און זיי זײַנען געווענדט געווען צום הימל. און זײַן מויל איז

פֿאַרשלאָסן געווען, און אַ דינער שוים איז געלעגן אויף זײַנע ליפּן, ווי עס וואָלט ווער זײַנע ליפּן פֿײַכט געמאַכט מיט דער פֿליסיקייט פֿון אַ געטראַנק. און איצט איז שוין נישט נאָר זײַן פּנים אַליין געווען לויטער צער, נאָר דער גאַנצער קער־פּער זײַנער איז געווען כּולו צער. מען האָט אָנגעזען אויף אים, ווי ער לײַדט מיט די שרעקלעכע ענויים, וואָרעם זײַן קינדיש לײַב האָט אויפֿן שתי־וערבֿ אָנגעהויבן זיך קאָרטשען אין קאָנוואולסיעס, זײַנע הענט זײַנען שלאַבריק געוואָרן, זײַן ברוסט איז אײַנגעפֿאַלן און זײַן בויך איז אויפֿגעבלאָזן געוואָרן. און ער האָט זיך געמיט מיט די אַרײַנגעשלאָגענע נעגל אײַנצוהאַלטן זײַן לײַב אויף דעם האָלץ פֿון שתי־ערבֿ, וואָרעם דער רוקן הינטער אים האָט זיך געבראָכן און זײַן קאָפּ איז געפֿאַלן אויף זײַן ברוסט. נאָר איין אויגנבליק האָט ער מיט די פֿינגער פֿון זײַנע פֿיס גע־פּרואווט אונטערצושטיצן דאָס גרינגע געוויכט פֿון זײַן קערפּער. זײַן לײַב איז דענסטמאָל וואַקסיק־געל געוואָרן, אויסגעצערט, אויסגעצערטלט ווי איידעלער עלפֿנביין, און זײַן בלייך, מיט פֿאַרטריקנטע בלוט־שטרעמלעך פֿאַרגאָסן פּנים, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע בלוט־צוזאַמענגעקלעפּטע באָרד און פּאות, איז געוואָרן איין געשריי צו גאָט. דאָך האָט ער זיך געשטאַרקט, און עס איז אים גע־לונגען אויפֿצוהויבן דעם קאָפּ פֿון זײַן ברוסט, און ער האָט געווענדט די אויגן צום הימל, ווי ער וואָלט דערוואַרט הילף פֿון דער הייך, און די הילף איז נישט געקומען.

„די ווײַבער זײַנען געשטאַנען קעגנאיבער דעם שתי־וערבֿ. און זיי האָבן צוגע־זען זײַנע יסורים. און איינע פֿון די פֿרויען, די הויכע מרים, איז געווען אָנגעלענט מיט איר קאָפּ אויף דער צווייטער מרימס ברוסט, און די אַנדערע האָט זי אונטער־געהאַלטן, וואָרעם אירע פֿיס האָבן זיך געבראָכן אונטער איר. און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, נאָר אונטערגעשטיצט פֿון די אַנדערע ווײַבער. אָבער מיט אַ מאָל האָט די עלטסטע פֿרוי זיך אויפֿגעריכט און זי האָט זיך געשטעלט אויף אירע פֿיס. זי האָט באַפֿרײַט איר קאָפּ פֿון דער אַנדערערס ברוסט, און איר פּנים איז געווען אויפֿגעדעקט, און זי האָט מיט אירע אויגן זיך אײַנגעקוקט אין דעם פּנים פֿון דעם געפּײַניקטן אויפֿן שתי־וערבֿ. קיין טרער האָט זיך נישט באַ־וויזן אין אירע אויגן, נאָר אָפֿן זײַנען זיי געווען און גרויס. איר פּנים פֿאַרשטיינערט, אירע ליפּן פֿאַרשנירט, קיין איין מוסקול האָט זיך אין איר פּנים נישט באַוועגט, נאָר געווענדט צום פּנים פֿון געפּײַניקטן. אירע אויגן אין זײַנע, איר פּנים אין זײַנס — און עס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי די יסורים און ענויים טראָגן זיך איבער דורך זייערע באַהאָפֿטענע בליקן פֿון דעם געפּײַניקטן צו איר. וואָס אַמאָל טיפֿער האָבן אירע אויגן זיך אײַנגעזויגן אין דעם פּנים פֿון דעם געפּײַניקטן. מען האָט אָנגעזען, ווי זי טרינקט אין זיך אַרײַן די יסורים דורך איר האַלדז. איר האַלדז איז אָנגעשוואָלן געוואָרן, אַזוי ווי ער וואָלט אַ קראַק באַקומען. און איר האַלדז איז בלוי געווען, און די אָדערן אין איר האַלדז זײַנען אָנגעשטרענגט געוואָרן און אָנגעהויבן זיך אַדורכזעצן מיט זייערע בלויע שטריק דורך דער דינער הויט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַט וועלן זיי זיך שפּאַלטן. און דער האַלדז איז וואָס אַמאָל מער אָנגעצויגן און געשוואָלן געוואָרן, אַז ער האָט אָנגעהויבן אויסזען ווי אַ ברוסט, וואָס פֿילט זיך אָן מיט ענויים און יסורים, וואָס אירע אויגן זויגן אין זיך אַרײַן דורך דעם בליק פֿון געפּײַניקטן, און זיי ווערן דורך דעם באַהאָפֿטן

צוזאַמען. און זי וואַקסט און ווערט שטאַרק און גרויס דורך דער קראַפֿט, וואָס זי זאַפּט אין זיך אַרײַן. ווארעם די פֿרוי איז מיט אַמאָל העכער אויסגעוואַקסן און איר קאָפּ האָט אַרויסגעשטאַרט פֿון די אַנדערע צוויי פֿרויען, און אירע פֿיס אונטער איר זײַנען שטאַרק געוואָרן, און זי האָט זיך שוין קיין איין וואַקל נישט געגעבן. נישט קיין טרער האָט מען געזען אויף איר פּנים, נישט קיין קרעכץ האָט זיך געהערט פֿון אירע ליפּן, נאָר זי וואַקסט און וואַקסט און ווערט אָנגעפּילט אין גאַנצן מיט דעם צער, וואָס גיסט זיך אין איר אַרײַן דורך די בליקן, די צוזאַמענגעהאַפּטענע בליקן, — און אַזוי איז עס שוין געווען ביז צום סוף.

„אָבער דער געפּײַניקטער אויפֿן שתי־וערבֿ האָט וואָס אַמאָל זיך אַלץ מער געקאַרטשעט אין זײַנע קראַמפּן. אַ שוים האָט זיך געזעצט אויף זײַנע ליפּן, זײַן פּנים איז מיד געוואָרן פֿון הענגען אויסגעשטרעקט, אָן אָן אָנהאַלט, אויפֿן שתי־וערבֿ, און עס איז ווידער געפֿאַלן אויף זײַן ברוסט. און זײַנע ליפּן האָבן עפּעס אָנגעהויבן מורמלען. און דער עלצטער, וואָס איז געשטאַנען דאָרט, האָט גענומען פֿון די זעלנער אַ שמאַטע, וועלכע זיי האָבן אײַנגעטונקען אין אַ פֿליסיקייט, און ער האָט די שמאַטע אַרויפֿגעלייגט אויף אַ שטעקן און זי דערלאַנגט צו די ליפּן פֿון דעם געפּײַניקטן, צום געלעכטער און שפּאָט פֿון די זעלנער.

„דענסטמאָל האָט דער געפּײַניקטער געקוקט אויפֿן עלצטן, און אין זײַן בליק איז געווען אי צער, אי קראַפֿט, אי רחמנות, און מען האָט אים געהערט זאָגן אין דער הייך:

„— זײַ זיי מוחל, פֿאָטער אין הימל, וואָרעם זיי וויסן נישט, וואָס זיי טוען".

„ווען דער עלצטער האָט דערהערט די ווערטער, איז ער צוגעגאַנגען אַ טראָט נעענטער צום שתי־וערבֿ און ער האָט עפּעס אַרויפֿגערעדט צום געפּײַניקטן, וואָס מיר האָבן נישט געהערט.

„מיט אַמאָל האָט דער רבי אויפֿן שתי־וערבֿ אויפֿגעהויבן זײַן קאָפּ צום הימל און געווענדט זײַנע אויגן אין דער הייך, און ער האָט אַ ביטערן קרעכץ געגעבן, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען דורך זײַן גאַנצן לײַב, און מיר האָבן געהערט אייך־איינציק וואָרט אַרויסגיין פֿון זײַנע ליפּן:

„— אלי, אלי, למה שבקתני?

"ווען די פֿרוי האָט דערהערט דאָס וואָרט אַרויסגיין פֿון דעם געפּײַניקטנס מויל, האָט זי דאָס איינע מאָל אויסגעשטרעקט צו אים די הענט און אויסגערופֿן:

„— תנוקי, תנוקי!

„אָבער די פֿאַרצווייפֿלונג און דער טויט־שרעק אויפֿן רבינס פּנים האָבן נאָר געדויערט אַ קליינע מינוט. באַלד האָט ער זיך געשטאַרקט. אַ באַרואיקונג איז געקומען איבער אים. די ספּאַזמען האָבן זיך אײַנגעשטילט, ווי אַ שלאָף וואָלט אים באַפֿאַלן. זײַן קערפּער איז אויסערגעוויינלעך קליין געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך אײַנגעקאַרטשעט אין זיך. זײַנע פֿיס האָט ער אויסגעבויגן. ער האָט זיך געמיט מיט די לעצטע כּוחות אויפֿצוהייבן דעם קאָפּ פֿון זײַן ברוסט און אים אויסצוציען צום הימל. און צום לעצטן מאָל האָט ער אַ הויכן אויסרוף געגעבן:

„— שמע ישׂראל ה' אלהינו ה' אחד!".

„און ווי ער האָט דאָס וואָרט אויסגערופֿן, האָט ער זײַן קאָפּ געלאָזט פֿאַלן אויף זײַן ברוסט און פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן. איבער זײַן פּנים האָט אָנגעהויבן

שוועבן אַ מחילהדיקער שמייכל. אַ רואיקייט איז געקומען איבער אים. זיינע ליפּן האָבן אַ מורמל געגעבן ווי אַ געזאַנג צום שלאָף:

„— בידך אפקיד רוחי!".

„און ער איז אויסגעגאַנגען מיט דעם שלוהדיקן שמייכל אויף זיינע ליפּן בקדושה וטהרה".

*

און ווי רופוס האָט געענדיקט זיינע רייד, האָט מיין רבי זיך אָנגערופן:

—עס שטייט אין דער תורה: „דו זאָלסט ליב האָבן דיין גאָט מיט דיין גאַנץ האַרץ, מיט דיין גאַנצער נשמה און מיט אַלע דיינע מעגלעכקייטן". אין אַלע מעג־לעכקייטן, אין אַלע מעמדים זאָלסטו ליב האָבן דיין גאָט. האָבן אונדזערע חכמים געלערנט דערפון, אַז מען מוז דאַנקען גאָט פאַרן שלעכטן פּונקט אַזוי ווי פאַרן גוטן. קומט, מיינע תלמידים, לאָמיר דאַנקען גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געלאָזט דעם צדיק זיך פּייניקן לאַנג אויפן שתי־וערב. — און דער רבי מיינער האָט אויסגעשטרעקט זיינע הענט צום הימל און אויסגערופן: — ברוך דיין אמת!

— און צו אונדז האָט ער געזאָגט: זייט געטרייסט, מיינע תלמידים, דער אָנדענק פון צדיק ווערט דערמאָנט מיט ברכה. — און ער האָט אויסגעדרייט זיין פּנים צו דער וואַנט און האָט אויסגערופן אין זיין געבעט אין גרויס דבקות: — פאָטער פון אַלע באַשעפענישן, האָב רחמנות אויף דיין קנעכט, ישוע בן יוסף, וועלכער האָט דיר געוואָלט דינען מיט זיין גאַנץ האַרץ און מיט זיין גאַנצער נשמה, האָט מקריב געווען זיין נפש פון דיינעט וועגן. קום און זע, וואָס אדום האָט געטאָן מיט אים. ער האָט פאַרגאָסן זיין בלוט ווי וואַסער, און זיין לייב, ווי אַ זיפּ, האָט ער באַשאָטן מיט וואונדן. אָבער ער האָט נישט ווידערגעשפּעניקט קעגן דיר, נאָר ער האָט זיינע יסורים אויף זיך מיט ליבע מקבל געווען, כדי דיין נאָמען זאָל מקודש ווערן. האָב רחמנות אויף אים און נעם צו דאָס נפש פון דעם צדיק, ווי אַן עולה־תמימה, און גיב מנוחה צו זיין נשמה, און ברענג אים אַרונטער אונטער די פליגל פון דיין שכינה. אמן!

און ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען וואַסער אין אַ כלי, און ער איז אַרויס־געגאַנגען צו דער טיר פון בית־מדרש, און ער האָט געוואַשן זיינע הענט, און ער האָט געזאָגט:

— עס איז גלוי וידוע פאַר דעם, וואָס האָט געזאָגט און עס איז געוואָרן די וועלט, אַז אונדזערע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט. מיר און אונדזערע קינדער זיינען ריין דערפון.

און צו אונדז האָט ער זיך אָנגערופן און געזאָגט:

— אַ מת־מצווה וועגט איבער אַלע מצוות פון דער תורה, אַפילו די מצווה פון קרבן־פסח. און די וואָס גייען אויף קידוש השם זיינען ביי אונדז פאַררעכנט פאַר טהורים און קדושים. דער רבי פון נצרת, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן פון אדום אויף קדוש־השם, איז אַ קדוש אין ישראל. מתעסק זיין זיך מיט זיין קבורה איז די גרעסטע מצווה. בכן, גייט און איילט צו יוסף רמתי, ער זאָל זיך באַלד פעדערן און גיין צום מלכות, — ער איז דאָרט באַקאַנט, — און זען, אַז דער רשע זאָל אַרויסגעבן דעם גוף פון דעם צדיק, — וואָס פאַר אַ פאַרמעגן אין

דער װעלט ער זאָל נישט פֿאָדערן פֿון אים, — כּדי מיר זאָלן דעם צדיק ברענגען צו קבֿר־ישׂראל, אײדער די זון גײט אונטער, אײדער דער הײליקער שבת קומט אָן. און איך װעל גײן צו דער גלגלתא און װעל דאָרט װאַרטן אויף אים, ביז װאַנען דער רשות װעט געגעבן װערן דעם צדיק פֿון שתי־וערבֿ אַרונטערצונעמען.

און מײַן רבי האָט געהאַט באַהאַלטן אין אַ שטײנערנעם אָרון זײַן אוצר בשׂמים. פֿאַר יעדער תּאװה פֿון דער װעלט איז מײַן רבינס האַרץ געװען פֿאַרשלאָסן. קײן עשירות, קײן כּבֿוד פֿון מלכות, קײן ליבע צו פּרוּװען האָט אים נישט געקאָנט רײצן. נאָר די תּאװה נאָך בשׂמים האָט ער נישט געקאָנט װידערשטײן, צו זײ האָט מײַן רבי געגלוסט. װי עס האָט זיך נאָר געמאַכט צו באַקומען אַ זעלטענע בשׂמים־צװײַג, אַן אויסטערליש געװיקס, האָט ער זיך דאָס אײַנגעשאַפֿט. זײַנע פֿרײַנד און זײַנע פֿאַרערער האָבן געװאוסט פֿון מײַן רבינס שװאַכקײט צו בשׂמים און זײ האָבן אים געמאַכט מתּנות אויף אַלע ימים־טובֿים, — װאָרצלען פֿון די אויסטערלישסטע בשׂמים־בלימן, מור־און־דרור־בלעטלעך, װעלכע מען האָט אויפֿגעקליבן אין מדבר. אויך יוסף רמתי פֿלעג דעם רבין אָפּט מכבד זײַן מיט אויסטערלישע בשׂמים־צװײַגלעך. מײַן רבי האָט זײ געזאַמלט און אויפֿגעהיט פֿאַר זײַן קבֿורה.

און דער רבי האָט גענומען דעם אוצר בשׂמים מיט זיך און געהײסן זײַנע תּלמידים, אַז זײ זאָלן מיט אים גײן צו דער גלגלתא און העלפֿן אים ברענגען דעם צדיק צו קבֿר־ישׂראל.

# 28

און יוסף רמתי האָט געהאַט אין זײַן באַזיץ אַ טײַערן פּערל, װאָס ער האָט באַקומען בירושה פֿון זײַנע אָבֿות. און דער פּערל האָט געהאַט די אײגנשאַפֿט, אַז װען אַ זינדיקער מענטש האָט געקוקט אויף אים, איז ער געשלאָגן געװאָרן פֿון זײַן געװיסן װי מיט ריטער, און ער האָט חרטה געהאַט אויף זײַנע זינד און תּשובֿה געטאָן. דעם פּערל האָט יוסף רמתי אָפּגעגעבן פּילאַטוסן פֿאַר דעם לײַב פֿון ישוע. און עס איז געװען אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט פּילאַטוס צוריקגעשיקט דעם פּערל צו יוסף רמתי, װאָרעם ער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן זײַן אָנבליק.

און יוסף רמתי האָט גענומען דעם טאָװל, אויף װעלכן פּילאַטוס האָט אָנגעשריבן צום הויפּטמאַן, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן דאָס לײַב פֿון ישוע, און ער איז אַװעקגעגאַנגען מיטן טאָװל צו דער גלגלתא. און ער האָט דאָרט שוין אָנגעטראָפֿן בײַם טויער פֿון שטאָט װאַרטן אויף אים די גאַנצע חבֿרותא פֿון מײַן רבין. און עס איז געװען מיט זײ הלל דער װאַסערטרעגער, און שמעון קוריני, און יוסף רמתי, און מײַן רבי מיט זײַנע תּלמידים, און צו זײ האָט זיך אויך באַהאַפֿטן דער גר אַבֿרהם בן אַבֿרהם.

און עס איז געװען, װען מיר זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם שפּיץ פֿון דער גלגלתא, האָט אַ װינט געבלאָזן און װאָלקנס האָבן אָנגעהויבן זיך קלײַבן איבערן הימל, װי עס װאָלט זיך געװען געקליבן אַ שטורעם, און עס איז טונקל געװאָרן אויף דער ערד. און דער װינט האָט געבלאָזן מיט גרויס קראַפֿט אויף די פּגרים, װאָס זײַנען געהאָנגען אויף די שתי־וערבֿס, און געטראַכט זײ אַרונטערצורײַסן.

פֿיל שתי־וערבֿס זײַנען שוין געלעגן אויף דער ערד, און זיי האָבן נאָך געהאַט אויף זיך שטיקער פּגרים. אַנדערע זײַנען געשטאַנען און אויף זיי זײַנען געבליבן הענגען די לײַט פֿון בר־אבאס אויפֿשטאַנד, וואָס פּילאַטוס האָט געלאָזט אויפֿנאָגלען; פֿיל פֿון זיי זײַנען שוין געווען טויט, און אייניקע האָבן זיך נאָך געמורטשעט. און דער געפּײַניקטער פֿון נצרת איז אויך געווען אויפֿגעשלאָגן אין דער מיט פֿון צוויי לײַט פֿון בר־אבאן; און די אַלע דרײַ צלמים זײַנען געשטאַנען אויפֿן העכסטן שפּיץ פֿון בערגל, און דער רבי איז געווען אינמיטן, און זײַן צלם איז געווען העכער פֿון די אַנדערע.

ווי מיר זײַנען אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן שפּיץ פֿון דער גלגלתא, אַזוי האָבן מיר שוין פֿון דער ווײַטנס געזען דעם רבין אויפֿן שתי־וערבֿ. זײַן לײַב האָט פֿון דער ווײַטנס זיך אויסגענומען מיט זײַן אויסערגעוויינטלעכער שטראַליקער בלייכקייט, וואָרעם די זון־שטראַלן, אַדורכגעריסן דורך דעם שפּאַלט פֿון די וואָלקנס, מיט וועלכע דער הימל איז געווען באַלאָדן, זײַנען אויף זײַן אויסגעמוטשעטן קערפּער געפֿאַלן. פֿאַרן שתי־וערבֿ איז אין איר גאַנצער לענג געלעגן אויסגעצויגן דאָס ווײַב מרים פֿון מגדל. זי האָט איר פּנים געהאַט אײַנגעגראָבן אין דער ערד פֿאַרן שתי־וערבֿ. און אַזוי איז זי געלעגן, אומבאַוועגלעך, פֿאַרשטיינערט, מיט די הענט אויסגעשטרעקט צו דעם געהאַנגענעם. מיר האָבן נישט געוואוסט, צי זי לעבט אָדער זי איז טויט. זי האָט קיין שפּור פֿון לעבן נישט אַרויסגעוויזן. לעבן דעם שתי־וערבֿ איז געזעסן די מוטער פֿון די זבֿדים, שושנה. זי האָט מיט אירע רונדיקע, נאַיִווע אויגן, רויט פֿון וויינען, אַרויפֿגעקוקט צום געפּײַניקטן. אין איר בליק איז געלעגן מוטערלעכער ווייטאָג און פּראָסטער גלויבן, אַזוי ווי וואָלט דערוואַרט, אַז יעדן אויגנבליק זאָל עפּעס וואָס געשען מיט דעם געפּײַניקטן. קעגנאיבער דעם שתי־וערבֿ איז געשטאַנען די הויכע מרים. די הויט אויף איר פּנים האָט אָנגענומען די זעלבע טויטלעכע פֿאַרשטאַרטע בלייכקייט, ווי דאָס לײַב פֿון רבין. זי האָט געקוקט דעם געפּײַניקטן אין זײַן טויט פּנים אַרײַן. אירע ליפּן זײַנען געווען דין, צוזאַמענגעשנירט, די מוסקולן פֿאַרשטיינערט, קיין באַוועגונג, קיין ציטער, נאָר אירע אויגן, ווי צוויי לעבעדיקע שוואָמען, האָבן אײַנגעזויגן אין זיך דעם אָנבליק פֿון דעם געפּײַניקטן קערפּער. אַביסל אָפּגערוקט פֿון זיי איז געשטאַנען דער גר אַבֿרהם בן אַבֿרהם. זײַן קאָפּ איז נאָך טיפֿער געווען צוגעשרויפֿט צו דער ערד ווי אַן אַנדערס מאָל, נאָר דאָס, וואָס עס טוט זיך אין זײַן האַרץ, האָט מען אָנגעזען אויף זײַן אויסגעהויקערטן רוקן, וועלכער האָט אָנגענומען דעם אויסדרוק פֿון אַ מענטשלעך פּנים: ער איז געווען וויבּרירנדיק, פֿול מיט באַוועגונג. אַ טיפֿער טרויער האָט אַראָפּגעשײַנט פֿון זײַן הויקער. דערבײַ אָבער האָט אַ נחתדיקער שמייכל, אַ שמייכל פֿון אויסגעלײַטערטער, פֿרומער דערהויבנקייט, באַלויכטן און דערהויבן דעם טרויער צו אַ רעליגיעזן עקסטאַז. ווײַטער אָפּגערוקט פֿון זיי אַלעמען איז געשטאַנען דער עלצטער לעבן זײַנע מידע זעלנער.

אויך די צוויי לײַט, וועלכע זײַנען געהאָנגען אויף ביידע זײַטן פֿון דעם רבין פֿון נצרת, זײַנען איצט שטיל געווען. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי זיי וואָלטן פֿאַרגעסן אין זייער אייגענער פּײַן, און זיי האָבן מיט די לעצטע כּוחות דורך זייערע אײַנגעדרייטע הענט זיך אָנגעהאַלטן, אין אַ געקאָרטשעטן קראַמף, אויף זייערע

שתי־ערבֿס צו קאָנען זיך אײַנקוקן אין דעם רבין. די צונגען אַרויסגעשטאַרצט פֿון זייערע מײַלער, די אָדערן אויף זייערע לײַבער אָנגעצויגן, ווי אַ בינטל קנופּן, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אָט־אָט איבעררײַסן זיי זיך און שפּריצן אַדורך דורך זייער הויט, — האָבן זיי מיט ווײַטע, אַרויסגעזעצטע אויגן־בעלעמס זיך אײַנגע־קוקט אין דעם אייסגעמוטשעטן, ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט אויסגעטריפּטן, ביינערדיקן לײַב פֿון דעם געפּײַניקטן רבין אויפֿן שתי־וערבֿ. עס האָט עפּעס וואָס געמוזט פּריִער, איידער מיר זײַנען אָנגעקומען, געשען, וואָרעם אַלע אַרום, נישט נאָר די ווײַבער און די געמוטשעטע אויף די שתי־וערבֿס זײַנען פֿאַרכאַפּט געווען אין דער עקסטאַטישער שטילקייט, נאָר אַפֿילו דער הויפּטמאַן, וועלכער איז איצט געשטאַנען אָפּגערוקט אין אַ זײַט, איז פֿאַרציטערט געווען. און אויך די סאָלדאַטן לעבן אים, מיד פֿון זייער רציחה, זײַנען עפּעס וואָס באַאומרואיקט געווען, וואָרעם אויף זייערע פּנימער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט שרעק.

יוסף רמתי האָט באַוויזן דעם הויפּטמאַן דעם טאַוול, אויף וועלכן פּילאַטוס האָט אויסגעקריצט זײַן באַפֿעל אַרויסצוגעבן דאָס לײַב פֿון רבין. דער הויפּטמאַן האָט מײַן רבין מיט דער חבֿרותא באַלד אַדורכגעלאָזט צום געקרײַציקטן.

ערשט איצט האָבן מיר דערזען פֿאַר אונדזערע אויגן דעם רבינס געפּײַניקטן קערפּער אויפֿן שתי־וערבֿ. דאָס לײַב איז געווען אויסגעבלוטיקט ביז צום לעצטן טראָפּן, ביינערדיק, געלזיכטיק און טויט. דאָך האָט אַ נײַ־געבוירענע, פֿרעמדע אומבאַרירטקייט מיט קינדישער פֿרישקייט אַראָפּגעציטערט פֿון דער טויטער, ווײַסער שײַן פֿון דער הויט. אײַנגעקאָרטשעט אין זיך, האָט ער געהאַלטן זײַן קאָפּ געפֿאַלן אויף זײַן ברוסט און איז וואַכעדיק געשלאָפֿן אין געשריי פֿון זײַנע אָפֿענע וואונדן.

מײַן רבי איז צוגעקומען צום געפּײַניקטן און האָט אָנגעהויבן אַליין זיך מתעסק זײַן מיט אים. ער האָט נישט צוגעלאָזט, אַז עס זאָל זיך ווער צורירן צום לײַב פֿון דעם געפּײַניקטן, ווי נאָר די וואָס ער האָט זיי געפֿונען פֿאַר ריין אוןווירדיק. ער האָט די ווײַבער מיט שטומע בליקן באַפֿוילן, אַז זיי זאָלן זיך דערווײַטערן און צו־לאָזן די מאַנספּאַרשוינען. נאָר מײַן רבי און יוסף רמתי און שמעון קוריני און הלל דער וואַסערטרעגער האָבן זיך מתעסק געווען מיט אים. מיר אַלע זײַנען געשטאַנען פֿון דער ווײַטנס. נישט מער, וואָס מיר, די תּלמידים, האָבן אונדזער רבין אויפֿ־געהויבן אויף אונדזער אַקסל, און דער רבי, שטייענדיק אויף אונדז, האָט דעם געפּײַניקטנס הענט באַפֿרײַט פֿון די נעגל, מיט וועלכע ער איז געווען צוגעשלאָגן צום שתי־וערבֿ.

ער האָט זיך לאַנג מתעסק געווען און ער איז אויסגעהיט געווען, אַז קיין שטיקל פֿלייש זאָל, חלילה, נישט איבערבלײַבן אויפֿן נאָגל. נאָך דעם ווי ער האָט די הענט פֿון דעם געפּײַניקטן געהאָט באַפֿרײַט פֿון די נעגל, האָט ער גענומען דעם באַפֿרײַטן קערפּער פֿון קרײַץ און געלייגט אויף זײַנע פּלייצעס. אַ מאַמע האַלט נישט מיט מער ליבע און צאַרטקייט איר אויסגעוויינטן בן־יחיד אין אירע הענט, ווי מײַן רבי האָט געהאַלטן אויף זײַנע פּלייצעס דעם געפּאַלענעם, מער־נישט־לעבעדיקן, אויס־געבלוטיקטן לײַב פֿון דעם געפּײַניקטן. און בשעת מײַן רבי האָט אים געהאַלטן אויף די פּלייצעס, האָבן פֿון אונטן דערווײַל יוסף רמתי און שמעון קוריני באַפֿרײַט דעם רבינס פֿיס פֿון דעם שתי־וערבֿ, מחמת מײַן רבי האָט זיי געוואָלט מזכּה־זײַן

מיט דער מצווה פֿון מתעסק־זײַן־זיך מיטן לײַב פֿון געפּײַניקטן. נאָך דעם ווי זיי האָבן געהאַט באַפֿרײַט דעם רבין פֿון שתי־וערבֿ, האָט מײַן רבי נקדימון געטראָגן דאָס לײַב מיט גרויס ציטערקייט און פֿרומקייט. און הלל דער וואַסערטרעגער און שמעון קוריני און יוסף רמתי האָבן אים דערבײַ געהאָלפֿן.

און זיי האָבן גענומען דאָס אײַנגעשרומפּענע לײַב פֿון צדיק און זיי האָבן עס אָנגעקגעלייגט אויף אַ נײַ־געוואַשן לײַלעך, וואָס יוסף רמתי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. און עס איז געווען ווי דאָס געפּײַניקטע לײַב פֿון דעם רבין פֿון נצרת איז געלעגן אויפֿן לײַלעך, האָט עס זיך געבליכט מיט זײַן ווײַסקייט. אָן אומבאַ־רירטע ריינקייט האָט דערויף געשוועבט. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס לײַב פֿון אַ געפּײַניקט קינד, וואָס רוט אין די טרייסטנדיקע אָרעמס פֿון זײַן מוטער נאָך אַלע סופֿן, ווען קיינער קאָן עס שוין מער קיין שלעכטס נישט טאָן. ווי מײַן רבי נקדי־מון וואָלט געוואָלט אויסהיטן דאָס געפּײַניקטע לײַב פֿון רבין פֿון דעם אָנריר פֿון מענטשלעכע אויגן, כּדי אים, אָן אומבאַפֿלעקטן, מיט זײַנע שרײַענדיקע וואונדן איבערענטפֿערן צום אָנגעזיכט פֿון דעם הימלישן פֿאָטער, האָט ער דאָס לײַב פֿלינק אײַנגעוויקלט אין לײַלעך, פֿאַרהוילן פֿון אַלעמענס אָנבליק, און מיט גרויס צאַרטקייט און פֿרומקייט גענומען עס אויף די פּלייצעס, — ער און די חבֿרותא מיט אים אינאיינעם.

און מײַן רבי און יוסף רמתי האָבן גענומען דעם גוף און אים פֿלינק אַרויסגעע־טראָגן פֿון דער גלגלתא. דער רבי און יוסף רמתי האָבן געטראָגן דעם גוף. און שמעון קוריני און הלל וואַסערטרעגער און אַבֿרהם בן אַבֿרהם זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה. און מיר, די תּלמידים פֿון רבין, הינטער זיי, און די ווײַבער — נאָך אונדז.

די געפּײַניקטע אויף די שתי־וערבֿס, אויפֿגעהאָקט אויף בײדע זײַטן פֿון דעם רבין פֿון נצרת, האָבן זיך אָנגעשטרענגט, און מיט זייערע געקרעמפּטע פֿיס האָבן זיי אונטערגעלענט זייערע גופֿים, און מיט זייערע גאָמבעס אָנגעשפּאַרט אויפֿן האַלץ האָבן זיי זיך אונטערגעשטיצט, און זיי האָבן מיט גרויסע, אַרויסגעזעצטע אויגן נאָכגעקוקט נאָך דער לוויה פֿון רבין פֿון נצרת. און זיי זײַנען פֿאַרשטומט געוואָרן, פֿאַרגעסן אין זייערע אייגענע יסורים, וואָרעם זיי זײַנען פֿאַרנומען געווען מיט דער הייליקייט פֿון דעם מאָמענט.

און אַפֿילו דער הויפּטמאַן מיט די סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט. און אויפֿן פּנים פֿון הויפּטמאַן האָט מען באַשײַמפּערלעך אָנגעזען, אַז זײַן האַרץ צעגייט אין אים ווי וואַסער.

און מיר האָבן זיך זייער געאײַלט, וואָרעם דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט, און עס האָט אויסגעזען ווי די נאַכט פֿון שבת שטייט הינטער דער גלגלתא און וואַרט מיט איר אָנקומען ביז צו דער קבֿורה פֿון צדיק.

און יוסף רמתי האָט דאָרט געהאַט אַ גאָרטן אין דער נאָענט. אין גאָרטן האָט ער געהאַט אָנגעגרייט פֿאַר זיך אַ קבֿר אין אַ הייל. און ער האָט געזאָגט: „איך וועל דעם צדיק אָפּגעבן מײַן קבֿר, זאָל ער רוען דערין אין מנוחה".

האָט די חבֿרותא אַרײַנגעטראָגן דאָס לײַב פֿון דעם געפּײַניקטן אין גאָרטן פֿון יוסף רמתי. און זיי האָבן אים צוגעטראָגן צו דער הייל, און די מענער האָבן אָפּ־געקוילערט דעם שטיין פֿון איבער דעם ליידיקן קבֿר. און זיי האָבן גענומען און

זיי האָבן אין דעם קבֿר פֿון יוסף רמתי אַרײַנגעלייגט דעם ריינעם גוף פֿון געפּײַ־ניקטן צדיק, רבי ישוע פֿון נצרת, און זיי האָבן אויך דאָרט אין קבֿר מיט אים מיטגעגעבן דאָס האָלץ פֿון שתי־וערבֿ, אויף וועלכע די שונאים האָבן אים אויפֿגע־שלאָגן, און זײַן בלוט איז געווען אָנגעגליווערט אויפֿן האָלץ. און אויך האָבן זיי דאָרט אַרײַנגעלייגט די ערד, אין וועלכער זײַן בלוט איז אָנגעזאַפּט געווען, די ערד פֿון אַרום דעם שתי־וערבֿ, כּדי דאָס בלוט פֿון צדיק זאָל קומען מיט אים צו קבֿורת־ישׂראל.

און מײַן רבי האָט געגומען זײַן אוצר גוטע בשׂמים, וואָס ער האָט זיך געהאַט אָנגעגרייט פֿאַר זײַן אייגענער קבֿורה, און ער האָט די בשׂמים אַרײַנגעגעבן אין קבֿר אַרײַן, וואו זיי האָבן איבערגעענטפֿערט דאָס לײַב און דאָס בלוט פֿון צדיק.

און מײַן רבי האָט אַרײַנגעשריען אין קבֿר אַרײַן:

— טהור הוא! טהור הוא!

און זיי האָבן גענומען די שטייגערנע דעק און האָבן חותם געווען דעם קבֿר איבער איר. און מײַן רבי האָט זיך אָוועקגעשטעלט פֿאַרן קבֿר און האָט מקדש השם געווען. קיין הספד האָט ער נישט געזאָגט, ווײַל עס איז געווען ערבֿ־שבת, און דער שבת האָט געוואַרט מיט זײַן אָנקומען אויף דעם אויסגאַנג פֿון דער קבֿורה. און מיר האָבן דעריבער געאײַלט.

און ווען מיר זײַנען אַרויסגעקומען פֿון דער הייל, איז דער הימל שוין געווען באַפֿרײַט פֿון די געדיכטע, אָנגעלאָדענע וואָלקנס. זיי זײַנען פֿאַרשלונגען געווען אין דער געדיכטער, בלויער טיפֿעניש פֿון הימל, נישט מער זייערע זוימען האָבן זיך געזילבערט אַרויס פֿון די מײַלער פֿון די בערג. און פֿון די שפּיצן פֿון די בערג אַראָפּ האָט דער שבת־קודש אָנגעהויבן אַרײַנשפּרײַזן קיין ירושלים, אין דער באַ־גלייטונג פֿון די לעצטע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון.

אַ שבת־מנוחה איז געקומען איבער דער וועלט.

און עס איז געווען, ווען מיר זײַנען אין גרויס אײַלעניש געגאַנגען איבער דעם שטילן, אויסגעלערטן געסל, פּאַזע דער מויער־וואַנט, זײַנען מיר פֿאַרבײַגעקומען אַ פֿײַגנבוים. אין שאָטן פֿון דער פֿאַרנאַכטלעכער פֿינצטערניש האָט דער פֿײַגנבוים אויסגעקוקט ווי אַ שתי־וערבֿ, און אַ מענטש איז געווען אויף אים צוגעשלאָגן. און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. און מיר זײַנען צוגעקומען נענטער אויסצוגעפֿינען די זאַך. און מיר האָבן געזען, אַז אויף דעם אויסגעדרייטן צווײַג פֿון פֿײַגנבוים הענגט, אַן אויסגעצויגענער, אויף אַ שטריק — יהודה איש־קריות!

און מײַן רבי האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף איין אויגנבליק לעבן געהאָנ־גענעם, און ער האָט געזאָגט:

— יהודה, יהודה, דײַן אומגעדולד האָט דיך אומגעבראַכט. — און ער האָט געלייענט אויף אים דעם פּסוק: — „הולך תמים יושע, ונעקש דרכים יפול באחד". (דער וואָס גייט אין רעכטן וועג, ווערט געהאָלפֿן; און דער, וואָס פֿאַרקרימט די וועגן, פֿאַלט אין איינע פֿון די גריבער אַרײַן). — גאָט זאָל רחמנות האָבן אויף דײַן נשמה!

# 29

דאָס איז געוואָרן פֿאַרציילט פֿון מיר פֿאַר פֿאַן וויאַדאָמסקי, אין זײַן צימער, אויף דער באַנאַפּאַרטע־גאַס, וואַרשע, אין פֿרילינג פֿון יאָר . . . עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, ווען איך האָב פֿאַרענדיקט פֿאַרציילן מײַן טייל פֿון דער טראַגישער געשיכטע, וועלכע האָט אין יענע פּסח־טעג זיך אָפּגעשפּילט אין ירושלים.

פֿאַן וויאַדאָמסקי איז אין דער לעצטער צײַט קראַנק געווען. ער איז געלעגן אין בעט. און איך, זיצנדיק לעבן אים, בײַם בעט, האָב אים אַרויסגעלייענט פֿון מײַן פּאַפּיר, וואָס איך האָב מיט אַ נאַכט צופֿריִער פֿאַרצייכנט פֿון דעם, וואָס איך האָב געקאָנט געדענקען פֿון מײַנע איבערלעבענישן אין מײַן אַמאָליקן לעבן.

פֿאַן וויאַדאָמסקי האָט זיך אײַנגעהערט אין מײַן דערציילונג מיט פֿאַרשלאָסענע אויגן. ער איז אין דער לעצטער צײַט געווען זייער שוואַך, אויסגעדאַרט; אין בעט, קאָן מען זאָגן, איז געלעגן אַ סקעלעט. די אָפּלען פֿון זײַנע אויגן האָבן זיך בולט אַרויסגעהויבן פֿון די דינע, קרענקלעכע, מיט אָדערן אָדורכגעצויגענע, רויט אָנגעצונדענע אויגן־הײַטלעך. זײַנע באַקן אײַנגעפֿאַלן, זײַן האַלדז דין, און דער גאָרגל־קנאָפּ איז אַרומגעלאָפֿן צווישן די צוויי דאַרע וועגטלעך אין זײַן בלויזן האַלדז, ווי אַ בעלמע. זײַן נאָז, וואָס האָט די איינציקע דערהאַלטן איר פֿאָרעם, איז אויסערגעוויינלעך בלייך געווען, אַ קאַנטיקע, שאַרפֿע, גראַדליניקע. זי איז באַצויגן געווען מיט אַ קרענקלעך געלער הויט און האָט געקוקט מיט שטאָלצקייט און איזאָלירטער אומבאַרירלעכקייט פֿון זײַן חרובֿ־געוואָרענעם פּנים אַרויס, אַ שטאָלצער זײַל פֿון אַנטיקער פֿאָרעם, וואָס הויבט זיך אויף פֿון אַ חורבֿה אַרויס. ווען נישט זײַן שוואַכער אָטעם, וועלכן ער האָט געשעפּט מיט דער הילף פֿון זײַן האַלב־אָפֿענעם מויל, וואָס די צונג האָט אַרויסגעקוקט פֿון דאָרט, פֿון צווישן די אָנציינערדיקע יאַסלעס, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ער לעבט נישט מער, אָדער לכל־הפּחות, אַז ער שלאָפֿט. ער האָט אָבער פֿון צײַט צו צײַט געעפֿנט די הײַטלעך פֿון זײַנע אויגן און מיך אָנגעקוקט פֿרעמד, מיט אַ דורכדרינגלעכן, פֿאָרשנדיקן, אומטרוילעכן בליק: צי פֿאַרצייל איך אים דעם גאַנצן אמת? און איצט, ווען איך האָב פֿאַרענדיקט מײַן דערציילונג וועגן דער טראַגעדיע פֿון דעם רבין פֿון נצרת און אָנגעהאַלטן אַ לענגערע הפּסקה, האָט ער זײַנע אויגן־הײַטלעך געעפֿנט, מיך אָדורכגעשטאָכן מיט זײַן קרענקלעכן בליק, געוואַרט אַ ווײַל, דערנאָך אַ ברום געטאָן:

— נו?

— וואָס נו? — פֿרעג איך אים.

— וואָס איז ווײַטער געשען? — פֿרעגט ער מיך און לאָדט זײַן בליק אָן אויף מיר מיט דער לעצטער ענערגיע, וועלכע איז נאָך געווען איבערגעבליבן אין זײַנע אַלטעביינער.

— האָסטו גאָרנישט געהערט, וואָס עס איז ווײַטער געשען מיט דעם, וואָס דו רופֿסט אים „דער רבי פֿון נצרת” אין ירושלים נאָך זײַן טויט? — פֿרעגט ער און, צו מײַן איבערראַשונג, זעצט ער זיך אויף אין זײַן בעט.

— דאָס וואָס עס איז ווײַטער געשען מיט דעם רבין פֿון נצרת אין ירושלים, האָט צו מיר קיין שייכות נישט, — ענטפֿער איך אים אָפּ שאַרף, — און עס גייט מיך גאָרנישט אָן.

— אָבער... האסטו גאָרנישט געהערט, וואָס עס איז פֿאָרגעפֿאַלן מיט דעם רבין פֿון נצרת אין ירושלים נאָך דעם ווי יוסף רמתי און דײַן רבי נקדימון האָבן אים פֿון קרײַץ אַראָפּגענומען און צו קבֿורה געבראַכט? ווייסטו פֿון גאָרנישט?

— איך האָב עס דיר שוין געזאָגט און זאָג דיר נאָך אַמאָל: דאָס, וואָס עס איז פֿאָרגעפֿאַלן מיטן רבין פֿון נצרת נאָך זײַן טויט, האָט צו מיר קיין שייכות נישט.

— אָבער וואָס האָט מען געזאָגט אין דײַנע קרײַזן וועגן דעם? האָט מען גאָרנישט דערפֿון געהערט?

— געוויס האָט מען געהערט, — ענטפֿער איך אים אָפּ.

— אַהאַ? גיט פּאַן וויאַדאָמסקי אַ קרעכץ אָפּ, אָנשעפּנדיק לופֿט אין זײַנע לונגען.

— וואָס אַהאַ? — פֿרעג איך אים איבער.

— ווילסטו מיר נישט פֿאַרציילן, וואָס מען האָט געהערט, וואָס מען האָט גע־רעדט אין דײַנע קרײַזן? אָבער דעם אמת! — קוקט ער מיך אָן שטרענג — גאָרנישט צו באַהאַלטן!

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטן.

— אויף דער שבֿועה פֿון חרם?

— אויף דער שבֿועה פֿון חרם! — ענטפֿער איך אים אָפּ.

— וואָס האָט מען געזאָגט?

— עס זײַנען אַרומגעגאַנגען אין ירושלים, אין געוויסע קרײַזן, שטילע קלאַנ־גען, אַז דער רבי פֿון נצרת איז פֿאַרשוואונדן פֿון קבֿר, און ער האָט זיך באַוויזן צו זײַנע תּלמידים, אַ לעבעדיקער, און ער האָט זיי געזאָגט, וואָס זיי זאָלן ווײַטער טון. צוערשט זײַנען אָט־די קלאַנגען אַרומגעגאַנגען פֿון אויער צו אויער אין גרויס סוד צווישן זײַנע אָנהענגער, אָבער ביסלעכווײַז האָבן די קולות וואָס אַמאָל זיך מער פֿאַרברייטערט, — און די, וואָס האָבן געגלויבט אין זייער רבין בײַ זײַן לעבן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען, און זיי האָבן געגרינדעט חבֿרותאָס און פֿאַרשפּרייט די קלאַנגען וואָס אַמאָל העכער, אַז דער רבי פֿון נצרת איז טאַקע געווען דער משיח, וועלכער געפֿינט זיך מיט גאָט אין הימל, אָבער ער וועט באַלד אַראָפּקומען אויף דער ערד, כּדי צו משפּטן די לעבעדיקע און אָנצוהויבן די ממ־שלת־של־שמים. די, וועלכע האָבן געגלויבט אין דעם, האָט מען גערופֿן די „משיחיים".

— זײַנען זיי געווען פֿיל?

— איך קען נישט וויסן, איך האָב זיך נישט אינטערעסירט דערמיט. אייניקע פֿון זיי האָב איך געקענט. אייניקע פֿון מײַן אייגענעם קרײַז האָבן אויך אָנגע־הערט צו דער נײַער קהילה, אָדער סעקטע, פֿון די משיחים: מײַן פֿרײַנד רופֿוס מיט זײַן ברודער אלכסנדר, דער גר אבֿרהם בן־אבֿרהם און, דוכט זיך, אויך יוסף רמתי, — אויף געוויס קאָן איך נישט זאָגן. איך ווייס אָבער אויף זיכער, אַז מײַן רבי נקדימון האָט נישט געהערט צו זיי, אויך נישט הלל דער וואַסער־טרעגער. וועגן שמעון קוריני ווייס איך נישט.

— האָט איר זיי גערודפֿט? — פֿרעגט מיך דער פּאַן.

— גערודפט? פרעג איך איבער, פאַרוואונדערט — פאַרוואָס? וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ חילוק צווישן זיי און אונדז, אַז מיר זאָלן זיי רודפן? מײַן פרײַנד רופוס איז געבליבן מײַן רבינס תלמיד אויך שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ משיחי. ווי פריִער, איז ער געגאַנגען מיט אונדז אין בית־מקדש אַרײַן זײַנע קרבנות ברענגען, אַזוי אויך די אַנדערע. מיר האָבן געזאָגט דיזעלבע תפילות, און יעדן טאָג האָבן מיר דערמאָנט דאָס קומען פון משיח. מיר האָבן דערוואַרט פון טאָג־צו־טאָג, ער זאָל קומען. וואָרעם זיי, ווי מיר, האָבן נישט געוואוסט, ווען משיח וועט קומען, און זיי, ווי מיר, האָבן אים אויסגעוואַרט יעדן טאָג און יעדע שעה און יעדע מינוט פון טאָג, אַז ער זאָל קומען; און זיי, ווי מיר, האָבן געזאָגט, אַז גאָט קאָן שיקן זײַן אויסדערוויילטן משיח יעדן אויגנבליק אונדז אויסצולייזן, — דורך דעם מוזן מיר שטענדיק זײַן אָנגעברייט משיחן צו באַגעגענען; וואָרעם דאָס וואַרטן, די האָפענונג און דאָס בענקעניש זײַנען די קוואַלן, וועלכע טרײַבן אָן די אמונה. דער איינציקער חילוק צווישן זיי און אונדז איז נאָר געווען, וואָס זיי האָבן געגלויבט, אַז משיח איז שוין איינמאָל געווען אויף דער ערד און וועט ווידער צוריקקומען, און מיר האָבן געזאָגט: ווי אַזוי קען עס זײַן, אַז משיח איז שוין געקומען און די וועלט איז נאָך נישט אויסגעלייזט, און די מענטשן זײַנען נאָך פול מיט רשעות, און דאָס מלכות־זדון הערשט נאָך איבער דער ערד? מיר האָבן געגלויבט, אַז משיח וועט ע ר ש ט קומען, און זיי האָבן געזאָגט: משיח וועט צוריקקומען!

— זײַנען גאָרנישט געווען קיין מחלוקות צווישן אײַך וועגן אַזאַ וויכטיקן ענין?

— אַוודאי זײַנען געווען מחלוקות וועגן דעם ענין אין אונדזערע בתי־מדרשים און אין אונדזערע בתי־כנסיות, טיילמאָל אויך אויפן בית־מקדש־הויף. אָבער דאָס זײַנען געווען מחלוקות צווישן אונדז, ווי עס זײַנען געווען חילוקי־דעות צווישן אונדז אין אַנדערע רעליגיעזע ענינים, אָבער מיר אַלע האָבן געהערט צו איין הייליקער קהילה פון גאָט.

— און קיין שפּאַלטונג איז נישט געווען צוליב דעם ענין צווישן אײַך און די משיחיים?

— נישט אין מײַן צײַט און נישט אַזוי ווײַט ווי איך געדענק און קאָן זיך דערמאָנען פון דער צײַט, אין וועלכער איך האָב געלעבט.

— און וואָס איז געוואָרן מיט די בני־חנן?

— עס איז מקויים געוואָרן אויף זיי די קללה, מיט וועלכער רבן יוחנן בן זכאי האָט זיי פאַרשאָלטן: זיי, ווי די גאַנצע פּאַרטיי זייערע, די צדוקים, זײַנען אויסגעמעקט געוואָרן אין ישׂראל. קיין זכר איז נישט געבליבן פון זיי. און דאָס הויז פון חנן ווערט דערמאָנט מיט אַ קללה אויף די ליפּן. דאָס וואָרט, וואָס איז אַרומגעגאַנגען בײַ דעם פאָלק אין ירושלים, — „די בני־חנן זײַנען ווי די בני־עלי״, — האָט זיך צוגעקלעפּט צו זיי ביז צום הײַנטיקן טאָג.

— און קאָנסטו מיר נישט זאָגן, וואָס איז געוואָרן מיט מײַן פרײַנד חנן־בן־חנן?

— אָ, דער? דאָס איז אויסגעוואָקסן צו אַ חיה־רעה. נאָכדעם ווי ער, דער לעצטער, האָט דערגרייכט זײַן אַמביציע צו ווערן כהן־גדול, האָט ער גערודפט די תלמידי־חכמים. נאָכדעם אָבער ווי ער האָט אומגעבראַכט דעם צדיק יעקב בן־יוסף, דעם ברודער פון דעם געפּײַניקטן רבין ישוע בן־יוסף, וואָס איז געווען

פֿון די משיחיים, זײַנען די חכמים און די סופֿרים אַזוי אויפֿגעבראַכט געוואָרן, אַז זיי האָבן געשיקט שליחים צום קעניג, — זיי זײַנען אַפֿילו געגאַנגען אַנטקעגן דעם נײַעם, אָנקומענדיקן פּראָקוראַטאָר אַלבינוס, — און זיי האָבן נישט גערוט, ביז וואַנען קעניג אַגריפּאַ האָט אים נישט אַרונטערגעזעצט פֿון זײַן אַמט צוליב דעם מאָרד. מיט אים זײַנען די בני־חנן אויסגעמעקט געוואָרן און פֿאַרשוואונדן פֿון ישׂראל. און אַזוי זאָלן פֿאַרלוירן גיין אַלע רשעים און דער צדיק זאָל בלי̈ען ווי אַ טייטלבוים! — האָב איך פֿאַרענדיקט מײַנע רייד.

פּאַן ווידאַמסקי איז שטיל געוואָרן. ער האָט פֿאַרמאַכט צוריק זײַנע אויגן, זיצנדיק אויף זײַן בעט, און זיך פֿאַרטראַכט.

— איצט דערלויב מיר צו פֿרעגן דיך, — האָב איך געזאָגט, — וואָס איז געוואָרן מיט פּאַן ווידאַמסקין?

— וואָס פֿאַר אַ פּאַן ווידאַמסקי? — פֿרעגט ער מיך מיט שטוינונג.

— איך מיין, דעם הגמון קאָרנעליוס, — פֿאַרריכט איך זיך גלײַך.

אַן אײַז־קאַלטער פּויסט האָט, ווי אַ צוואַנג, זיך אײַנגעקניפּט אין מײַן אָרעם, מיך געהאַלטן פֿעסט מיט דעם קלעם פֿון ביינערדיקע פֿינגער. ער האָט מיר געקוקט אין פּנים אַרײַן מיט אַ דורכדרינגלעכן, ווילדן בליק:

— וואָס איז געשען מיט מיר? איך בין דאָ הײַנט, ווי איך בין געווען נעכטן, ווי איך בין געווען שטענדיק.

איך האָב אים נישט פֿאַרשטאַנען. איך האָב געמיינט, אַז דער פּאַן רעדט פֿון וועג. אין מײַן בליק האָט געמוזט שטיין אַ פֿראַגע, פֿאַרוואונדערונג. און דער פּאַן האָט מיר געענטפֿערט מיט אַ רעזיגנירטער שטים, צוריקפֿאַלנדיק מיט זײַן קאָפּ אויף זײַן קישן:

— ער האָט מיך פֿאַרשאָלטן צו זײַן.

— ווער? — האָב איך געפֿרעגט שטיל.

— ער! דער אויפֿן קרײַץ!

— דער רבי פֿון נצרת?

— דער משיח פֿון נצרת! — האָט ער אויסגעשריען.

— דו גלויבסט עס?

— איך האָב עס שטענדיק געגלויבט. איך האָב עס נאָר נישט געוואָלט צוגעבן.

— און דאָך?

— און דאָך גיב איך עס צו, איך מוז עס צוגעבן. דו פֿאַרשטייסט, איך מוז עס קעגן מײַן ווילן, קעגן מײַן נאַטור, קעגן אַלץ וואָס איך בין. איך מוז עס! — האָט ער כּמעט געשריען מיט אַ כאָרכלדיקער, בייזער שטימע.

— ווער נייט דיך דערצו?

— ע ר! — האָט ער געענטפֿערט שוואַך פֿון אויפֿרעגונג, און פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן־לעדלעך.

איך האָב איבערגעלאָזט דעם פּאַן אין זײַנע מחשבֿות. איך האָב אים נישט געוועקט. אין זײַן פּנים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די מלחמה, וואָס ער האָט געפֿירט מיט זיך די מינוט. צום סוף האָט ער זיך באַזיגט: ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און מיך אָנגעקוקט שוואַך, הכנעהדיק. און וואונדער איבער וואונדער: ער האָט

זיך גאָרנישט געשעמט פֿאַר מיר מיט זײַן שוואַכקייט. איך האָב זיך געמאַכט נישט־זעענדיק. איך האָב אים געוואָלט פֿאַרלאָזן און געזאָגט:

— עס איז צײַט פֿאַר מיר. עס איז שפּעט.

— וואוהין ווילסטו גיין? וואו ווילסטו מיך פֿאַרלאָזן?

און דער פּאַן האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זײַנע הענט, און אויף זײַן פּנים האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אַ בעטנדיקע מינע פֿון אַ שוואַכן מענטשן.

— פּאַן וויאַדאָמסקי, וואָס איז מיט אײַך?

(איך האָב זיך געוואונדערט: ער האָט זיך געלאָזט רופֿן „פּאַן וויאַדאָמסקי").

ער האָט מיר אָנגעוויזן מיט דער האַנט, איך זאָל בלײַבן זיצן אויף דער שטול לעבן אים. איך האָב שווײַגנדיק זיך אַוועקגעזעצט.

„— איך האָב געקעמפֿט קעגן אים. ער האָט מיך באַזיגט! — האָט ער גערעדט אַזוי ווי צו זיך — ער האָט מיך אָנגענומען, ווי מען נעמט אַן אַ טאָפּ און מען צעברעכט אים. ער האָט מיך צעבראָכן. איך האָב זיך געוועהרט קעגן אים ביז צו דער לעצטער מינוט. איך האָב געפֿילט, אַז איך ווער שוואַך. איך האָב זיך געמיט אויסצומײַדן זײַן בליק. איך האָב געוואוסט, ער וועט מיך באַזיגן. זײַן יעדער בליק האָט מיך אַדורכגעשטאָכן, האָט זיך אַרײַנגעריסן אין מיר, און פֿאַרניכטעט דעם גאַנצן געבײַ פֿון מײַן כאַראַקטער, פֿון מײַן ירושה, צעשמאָלצן מײַן נאַטור, אויסגעריסן די וואָרצלען פֿון מײַן עסענץ. איך האָב געפֿילט, ווי ער צעשמעלצט מיך, גיסט מיך איבער, פֿורעמט מיך. כּדי צו פֿאַרניכטן זײַן ווירקונג אויף מיר, האָב איך געוואָלט שלעכטער זײַן ווי איך בין. און ווען ער האָט געבעטן וואַסער אויפֿן קרײַץ, האָב איך גענומען אַ שוואָם, אײַנגעווייקט אין עסיג, און דערלאַנגט אים צו זײַן מויל. דענסטמאָל האָט ער מיך געפּאַקט, געפּאַקט מיך, ווי אַ לייב זײַן קרבן. ער האָט געקוקט אויף מיר, און זײַנע אויגן האָבן געליימט יעדן ווידערשטאַנד און געבונדן מײַנע גלידער און מיך אַוועקגעלייגט צו זײַנע פֿיס. אָבער איך האָב זיך נאָך געצאַפּלט. איך האָב געזאַמלט אין מיר מײַנע כּוחות, האָב גערופֿן צו הילף די ירושות פֿון מײַן בלוט, געפּרוואווט זיך אויפֿהייבן, קוקן אים גלײַך אין פּנים אַרײַן. אָבער דענסטמאָל איז עפּעס וואָס געשען. זײַנע בלוטרויטע, אויסגעבויגענע אויגן־הײַטלעך האָבן מײַן בליק גענומען געפֿאַנגען. די אַפּלען פֿון די אויגן וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון אונטער די הײַטלעך, זײַנען געווען ווײַס, ווײַס, נאָר אַדורכגעצויגן מיט אַ געוועב פֿון בלוט־אָדערלעך, און זיי האָבן ווי צוויי כּישוף־שטיינער מיך פֿעסטגעהאַלטן לעבן אים. ער האָט באַוועגט זײַנע ליפּן און איך האָב געהערט די ווערטער אַרויסגיין פֿון זײַן מויל: „פֿון הײַנט אָן זאָל עסיג זײַן דײַן געטראַנק!" — איך האָב נאָך געפּרוואווט חוזק־מאַכן אויס די רייד. מיט געלעכטער און שפּאָט האָב איך געפּרוואווט זיך ראַטעווען פֿון זײַנע שטריק. איך האָב געוואוסט, אַז איצט, טאָמער גיב איך נאָך, ווער איך פֿאַרשאָלטן אויף אייביק. און איך האָב אים געפֿרעגט מיט אַ לאַכנדיקער שטים, ווען די שטים אין מײַן האַרץ האָט שוין געוויינט: „ווען וועט מײַן געטראַנק וואַסער ווערן?" — „ווען מײַן טרער וועט אין דײַן בעכער אַרײַנפֿאַלן", — האָט ער מיר געענטפֿערט און אָפּגעטון זײַן בליק פֿון מיר.

„איך האָב ווײַטער געפּרוואווט זיך ראַטעווען דורך מײַן שפּאָט און האָב געזאָגט צו אים: „ווען דו ביסט דער מלך פֿון די ייִדן, העלף זיך אַליין". עס האָט

אָבער שוין גאָרנישט געהאָלפֿן: די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט צו מיר, זײַנען צו אַ פֿײַערדיקן געטראַנק געוואָרן, און פֿון דענסטמאָל אָן פֿאַרשׂרפֿהן זיי מײַן האַרץ און איך האָב קיין מנוחה נישט.

„איך ווער זיך קעגן אים, אָבער איך בין ווי אַ פֿיש, וואָס איז אויף דער ווענ־טקע געכאַפּט: ער וואַרפֿט זיך און צאַפּלט זיך, אָבער ער איז אָנגעהעקלט צו דער שטריק. און אַזוי בין איך אָנגעהעקלט צו אים.

„מײַן מויל לאַכט און שיט מיט קללות. אָבער מײַן האַרץ ציטערט פֿאַר אים. זײַן לעצטער בליק, וואָס ער האָט אײַנגעגעבערט אין מיר, פֿאַרפֿאָלגט מיך, גייט מיר שטענדיק נאָך. איך מוז ווידערשפּעניקן קעגן אים, צו באַפֿרײַען זיך פֿון אים, טו איך אַלץ אים צו להכעיס. איך ראַטעווע זיך, ראַטעווע זיך אין מײַן קאַמף קעגן אים און קאָן זיך נישט באַפֿרײַען פֿון אים.

„און אַזוי טראָג איך פֿון גלגול צו גלגול, און אין אַלע גלגולים האָב איך זיך געראַנגלט מיט אים. איך רײַס זיך און רײַס זיך פֿון אים און קאָן זיך נישט אָפּרײַסן. מיט אים קאָן איך נישט זײַן און אָן אים קאָן איך אויך נישט זײַן.

„מײַן געטראַנק איז עסיג. עסיג — אַלץ, וואָס איך נעם אַרײַן אין מיר. עסיג — אַלץ, וואָס איך גיב אַרויס פֿון מיר. און איך בענק דאָך אַזוי נאָך דעם קלאָרן וואַסער פֿון טײַך, אָ, ווען וועט מײַן געטראַנק צוריק ווערן וואַסער! איך בין אַזוי מיד, אָ, גאָט, האָב רחמנות אויף מיר".

און דענסטמאָל איז עפּעס וואָס געשען, אין פּאַן וויאַדאָמסקיס אויגן, — ביין, עס איז נישט צו גלויבן, אָבער עס איז דאָך אַזוי געווען, — אין פּאַן וויאַדאָמסקיס אויגן האָבן טרערן געשפּריצט, פֿולע טראָפּנס, ווי שטאַרק אָנטוויקלטע קנאָספּן פֿון נעלקן־בלימעלעך, פֿולע טרערן. אין ערשטן אויגנבליק האָט ער זיך געמיט זיי צו פֿאַרשטעלן פֿון מיר. ער האָט געפּרואווט זיי אָפּווישן מיטן אַרבל. אויך איך האָב זיך פֿאַרקוקט כּלומרשט אין אַ זײַט, אויפֿן לאָמפּ, וואָס האָט געברענט אויף זײַן טיש, ער זאָל נישט מיינען, אַז איך האָב עפּעס וואָס געזען. צוערשט איז נאָך פֿון זײַן שוואַך, אָנצייכנערדיק מויל אַרויסגעקומען אַ ברום, ווי דער ברום בײַם אָנהויב פֿון אַ קללה. באַלד אָבער האָט ער זיך אונטערגעגעבן אין זײַן קאַמף, געלאָזט רעזיגנירט די טרערן אויס זײַנע אויגן פֿאַלן אין די קנייטשן פֿון דער וואַקס־געלער הויט אויף זײַנע באַקן, אָפֿן פֿאַר מיר. גאָרנישט צו שעמען זיך פֿאַר מיר.

— גאָטס כּבֿוד אין הימל און זײַן ווילן זאָלן געשען אויף דער ערד, — האָבן זײַנע ליפּן געמורמלט.

— פּאַן וויאַדאָמסקי, פּאַן וויאַדאָמסקי, זײַן טרער איז געקומען אין אײַער כּוס אַרײַן, — האָב איך אויסגערופֿן מיט פֿרייד.

ער האָט זיך נאָך געמיט אַרויסצוברענגען אַ שטרענגן בליק אויס זײַן האַלב־געפֿאַלן, אויסגעלאָשן אויג, אָבער עס איז אים שוין נישט געלונגען. נאָר זײַנע ליפּן האָבן נאָך געמורמלט אַ תּרעומה אויף מיר אין דער שטיל:

— וואָס פֿאַר אַ פּאַן וויאַדאָמסקי?

— הגמון פֿון ירושלים, — האָב איך פֿאַרבעסערט.

— הגמון פֿון ירושלים, — האָבן זײַנע ליפּן געמורמלט.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיר אויס דעם שלאָף אַרויס:

— וואָס איז דאָס דענסטמאָל געשען דאָרט, אין בית־מקדש־הויף, צווישן אים און אײַערע רבנים אין דעם לעצטן טאָג? מען האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעגליכן צווישן זיך און זײַנען געקומען צו אַן אײנפאַרשטייעניש מכּוח דער ערשטער און וויכטיקסטער מצווה אײַערער.

— יאָ, די פּרושים און דער רבי פֿון נצרת זײַנען געווען אײנפֿאַרשטאַנען, אַז די ערשטע מצווה איז די ליבע צו גאָט און באַלד נאָך איר, אָבער אַלץ די־זעלבע, איז די מצווה פֿון ליבע צו דײַן חבֿר. אויף די צוויי יסודות האַלטן זיך די וויכטיקסטע זײַלן פֿון מענטשלעכן גלויבן.

— נו, און וואָס איז געשען?

— זיי זײַנען זיך צעגאַנגען צוליב אַן אַנדער ענין.

— שטענדיק איז עס מיט אײַך אַזוי. קיין מאָל קאָנט איר זיך נישט אויסגלײַכן. זענט איר שוין אַפֿילו אַמאָל אײַנפאַרשטאַנען, זענט איר דענסטמאָל ערשט נישט אײַנפֿאַרשטאַנען. ווער קאָן אײַך פֿאַרשטיין, יידעלעך.

און דאָס איז געווען זײַן לעצטער פֿאַרוואורף קעגן אונדז. באַלד איז ער שטיל געוואָרן.

איך בין געבליבן זיצן בײַ זײַן בעט. זײַן האַנט האָט ער געהאַלטן אין מײַנער. זי איז שוין געווען אײַז־קאַלט. אָבער זײַנע אויגן זײַנען נאָך געווען אָפֿן.

דורך דעם פֿענצטער האָבן אָנגעהויבן זיך אַרײַנרײַסן די יונגע שטאַרקע שטראַלן פֿון דער זון פֿון אַ בליִענדיקן זומער־טאָג. די פֿריִע מאָרגן־שטראַלן, וועלכע האָבן געמוזט אַדורכשפּרײַזן די הויכע וואַנט פֿון דער אַפּיצינע, דעם ריג־שטאָק, פֿאַרן הויז און די שטויב־פֿאַרדעקטע, ווי מיט שפּינוועבס פֿאַרוועבטע, פֿענצטער, האָבן דאָך דערגרייכט צו זײַן בעט צו. מיד פֿון דער לאַנגער רײַזע, פֿון די פֿיל מניעות, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין, האָבן די שטראַלן דאָך גע־טראָגן מיט זיך די וואַרעמקייט און די ברכה פֿון דער זון.

ער האָט נאָך געלעבט. זײַנע אויגן זײַנען אָפֿן געווען. זײַנע ליפּן האָבן אָנגע־הויבן זיך באַוועגן, ווי זיי וואָלטן געווען פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון דער זון. איבער זײַן פּנים האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ באַרויקטע, זיכערדיקע גליקזעליקייט, ווי איבער דעם פּנים פֿון אַ קאַפּיטאַן, ווען ער דערנענטערט זיך צום היימישן ברעג נאָך אַ שטורעמדיקער ים־רײַזע.

איך האָב צוגענייגט מײַן אויער צו זײַנע ליפּן, וועלכע האָבן זיך שוואַך באַ־וועגט, און איך האָב קלאָר געהערט זײַנע לעצטע ווערטער:

„— גאָט, האָב רחמנות אויף מײַן זינדיקער נשמה!“.

אויסגעשטרעקט זיך — און זײַן פּנים איז פֿאַרשטיינערט געוואָרן, ווי עס וואָלט געשניצט געווען אויס אײדעלן, געלן, אַלטן עלפֿנביין.

שפּעטער, ווען די זון האָט זיך צוואַרעמט, איז אַרײַנגעקומען בלימעלע, דעם יידישן שנײַדערס טעכטערל, וואָס האָט געוואוינט אין דער אַפּיצינע, קעגנ־איבער דעם פֿאַנס פֿענצטער. אירע שוואַרצע, לאַנגע לאָקן זײַנען צעלאָזט, גע־וואַשן, און צעפֿאַלן זיך פֿון איר שרונט איבער איר פּנימל, איר יונגן, דינעם העלדזל און דינע, ציטערדיק־קינדערשע אַקסל. אירע אויגן — קליין, פֿריש, קוים זיי געעפֿנט, ווי זיי וואָלטן נאָך פֿאַרקלעפּט געווען פֿון שלאָף, וואָס זי האָט זיך נאָר־וואָס פֿון אים אויפֿגעכאַפּט. איר קליידל איז נישט געווען אין גאַנצן

זויבער און איר שירצל האָט נאָך געטראָגן שפּורן פֿון נעכטיקן עסן. אירע דינע, קינדערשע, נאַקעטע פֿיסלעך האָבן געשטעקט אין צו גרויסע, אויסגעקרימטע שיך פֿון אַ דערוואַקסענעם. אין איר האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שטרויסל געלע, האַלב־פֿאַרוועלקטע, אַ טאָג־אַלטע פֿעלד־בלימלעך. און זי האָט געזאָגט מיט אַ פֿאַרלייגט נעזל, וואָס קומט פֿון אַ כראָנישן קאַטאַר, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די קינדער פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט אין וואַרשע:

— מיר זײַנען געווען אויפֿן ייִדישן בית־הקבֿרות, האָב איך געפּליקט בלימ־לעך. האָט מיר די מאַמעשי געהייסן, איך זאָל זיי אַרײַנטראָגן צום קראַנקן פּאַן.

איך האָב גענומען דאָס אָרעמע, האַלב־פֿאַרוועלקטע בינטל ייִדישע פֿעלד־בלימלעך און אַרויפֿגעלייגט אויף דעם באַרואיקטן, אײַנגעשטילטן האַרץ פֿון פּאַן וויאַדאָמסקי.